די יודישע

# פאלקס געשיכטע

נאך דער

## פאלקסטהומליכער געשיכטע דער יודען

פון פראפעסאר **ה. גרעטץ.**

פריי בעארבייטעט פון **י. י. לערנער.**

---

## ערסטער טהייל.

---


נויארק:

(איבערגעדרוקט פון דיא סטערעאטיפ פלאטען פון דער ווארשאוו'ער אויסגאבע.)

תרס"א:

NEW YORK.

SARASOHN & SON, PUBLISHERS,

185 East Broadway.

1901

# אינהאלטס־פערצייכנים פון 1־טען טהייל:

## גאָר דיא אַלטע צייט. — (פון זייטע 7 ביז זייטע 86)

פון יציאת מצרים ביז יאהר 656 פארן חורבן בית שני (586 פאר קריסטליכע צייטרעכנונג)

1) דאס בעזעצען זיך און ווערען א פאָלק. — 2) אנהויב פון מלכים, שמואל און שאול. — 3) דוד המלך. — 4) שלמה המלך. — 5) דאס צופאלעניש פון דער אידישער מלוכה. — 6) דיא לעצטע מלכי ישראל און דיא מפלה פון שמרון. — 7) דיא לעצטע מלכי יהודה.

## דער גלות בבל און דער בית שני. — (פון זייטע 86 ביז זייטע 140)

פון 656 ביז 230 פארן חורבן (586 ביז 160 פאר קריסטליכע צייט־רעכנונג).

1) דער גלות בבל. — 2) דאס אהיים קומען און דאס נייע ירושלים. — 3) דיא סופרים (אנשי כנסת הגדולה). — 4) דיא אידען אונטער דיא מלכות מוקדון. — 5) דאס העלעניזירען מיט געוואלד אין דער צייט פון אנטיאכוס הרשע. — 6) דיא מכבים (מאקאבעער).

## דיא צייט פון חשמונאים. — (פון זייטע 140 ביז זייטע 184)

פון 230 ביז 107 פארן חורבן (160 ביז 37 פאר קריסטליכע צייט־רעכנונג).

1) יונתן און שמעון, די ערשטע כהנים פון דיא חשמונאים. — 2) דיא נשיאים, שמעון און יוחנן הורקנוס. — 3) אריסתובול דער ערשטער, ינאי אלכסנדר און סלמה אלכסנדרא. — 4) דיא לעצטע מלכים פון דיא חשמונאים.

## דיא צייט פון הורדום משפחה. — (פון זייטע 184 ביז זייטע 256)

פון 107 ביז צום חורבן בית שני (פון 37 פאר ביז 70 נאך קריסטליכע צייט־רעכנונג).

1) הורדוס דער ערשטער. — 2) אַרכעליוס און דיא ערשטע רוימישע מנהיגים (פראָקוראטאָרען). — 3) אגריפא דער ערשטער. — 4) דאס פער־שפרייט ווערען פון דיא אידען אויף דער וועלט. — 5) אגריפא דער צווייטער. — 6) דיא מלחמה אין גליל געגען דיא רוימער. — 7) חורבן ירושלים.

שוין אמת'ע יודען מיינען אז ארגער קאן שוין גאר ניט זיין, אז דאס זענען מאקע נאר משיח'ס צייטען, — ווער עס האט זיך אבער גענומען צו דער אלטער געשיכטע, דער האט באלד אבגעזוכט א טראסט: פון די פארבלוטיגטע בלאטלעך האט ארויסגעקוקט א זיסע האפנונג, די שווארצע אותיות זענען געווארען ווי ליכטיגע שטערן, דאס פינסטערניש — קלענער, דאס הארץ — גרינגער, און דער פארזארגטער קאפ האט געפונען א תירוץ אויף אלע קשיות....

ניט אומזיסט האט דער יוד צוגעבונדען זיין געשיכטע צום הייליגען תורה'לע און פיהרט עס מיט זיך ארום טויזענדער יאהרען!.. די צייטען אנדערן זיך, אלדינג בעקומט איין אנדער פנים, נאר די שאלות פונ'ם לעבען בלייבען אלץ די איינענע און פאדערן דיזעלבע תירוצים.... דעם בעסטען תירוץ קאן אבער נאר ענפערן איין ביבעל — דאס איז די רייכע געשיכטע פונ'ם ארימען פאלק, די אלטע לעבענסבעשרייבונג פונ'ם יונגען עביגען יודען....

אזוי קוקען מיר אויפ'ן תכלית פון געשיכטע און דאס בעוועגט אונז ארויס צוגעבען „די יודישע פאלקס געשיכטע פאר עמ־לעכע מיללאנען פון אונזערע ברידער וואס לייענען „יודיש". און אויב נאר איין פערפינסטערט אויג וועט זיך אברוהען מיט ליעבע אויף די היילגע בילדער פון דער פערגאנגענהייט, אויב נאר איין שווער הארץ וועט א ביסעל טהון פאר פרייד בא די זיסע זכרונות פון אמאל, אויב נאר איין דערשראקענער קאפ וועט זיך בעפרייען פון דער שרעקליכער מרה שחורה וואס נעהמט צו דעם בטחון און לאזט דעם מענשען זיך ניט פערטיעפען אין דער גרויסער חכמה וואס ליגט בעהאלטען אין לעבענסגאנג פון יעדער אומה. — קענען מיר זיך פיהלען גליקליך און נאהענט צו אונזער ציעל.

י. י. לערנער.

# נָאר דִי אַלְטֶע צַייט.

---

## עֶרְשְׁטֶעס קַאפִּיטֶעל.

### דָאס בַּאוָועצֶן זִיךְ אוּנ וָוערֶען אַ פָאלְק.

אַ לַאנְד, וָואס לִיגְט בַּאם בְּרֶעג פוּנ'ם רוֹיטֶען יַם, וָואס הָאט אִין זִיךְ אִי הוֹיכֶע בֶּערְג, אִי טִיפֶע טְהָאלֶען מוּז שַׁאפֶען בַּיי דִי מֶענְשֶׁען, וָואס וָואהְנֶען דָארְט נָאר אַיין אַנְדֶער מִין לֶעבֶּען. אוּנ וֶוען דָאס לַאנְד הָאט נָאךְ אַ פְרִישֶׁע, רֵיינֶע, וַוארְמֶע לוּפְט, רֶעגֶען וֶוען מֶען דַארְף, קֶעלְט אוּנ הִיטְץ צוּ דֶער צַייט, כִּמְעַט נָאר נִיט קַיין טוּמַאנֶען אוּנ אַ גֶערָאטֶענִישׁ אִין פֵּירוֹת אוּנ תְּבוּאָה, מוּז שׁוֹין דָאס לֶעבֶּען זַיין עֶפִּיס פוּן אַ הָאכֶערֶער מַדְרֵגָה. וֶוער שְׁמִיעֶסְט נָאךְ וֶוען דָאס פָאלְק אִיז נָאךְ פוּן דִיא קִינְדֶערְשֶׁע יָאהְרֶען אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען מִיט אַ גֶעפִיהל אַז עֶס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען צוּ עֶפִּיס גְרוֹיס אוּנ דֶער מִיט אִיז עֶס אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער. אוּנ זַיינֶע פִיהְרֶער זוּכֶען מִיט אַלֶע כֹּחוֹת נָאךְ מֶעהְר אַיינְצוּוָוארְצֶעלְן בַּיי אִיהם דָאס גֶעפִיהל אוּנ מַאכֶען דֶערְפוּן אַ פֶעסְטֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְג, מוּז אַזַא פָאלְק בֶּעקוּמֶען זַיין אַיינֶענֶעם כַּארַאקְטֶער, וָואס וָוערְט קַיין מָאל נִיט פֶערָאנְדֶערְט

אַזַא לַאנְד אִיז גֶעוֶועהן כְּנַעַן, וָואס מֶען רוּפְט עֶס אִיצְט פַּאלֶעסְטִינַא אַ שְׁכֵינָה פוּן דָרוֹם זַייט נֶעבֶּען פֶעניקִיֶען. דָאס מִיטֶעלְלֶאנְדִישֶׁען יַם. אוּנ דָאס פָאלְק וָואס הָאט זִיךְ דָארְט בַּאזֶעצְט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל. עֶהְדֶער זַיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַהִין הָאבֶּען זַיי אַ סַךְ נִסִּים אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט. דִיבְּצִיג נְפָשׁוֹת זֶענֶען זַיי אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועזֶען וֶוען אַ הוּנְגֶער הָאט זַיי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן כְּנַעַן. גוּט נִייעֶרֶע

[ע]לטערן האבען געוואהנט, קיין מצרים, וואו זיי האבען זיך בעזעצט אין גשן, [ג]עהאט זעהר א פריינדליכע אויפנאהמע און זיך שטארק פארמעהרט. פון זיבציג [נ]פשות איז ניך אויסגעוואקסען זיבציג משפחות, וואס האבען זיך איינגעטהיילט אין [צ]וועלף שבטים. די בני ישראל וואלטען שוין אויף תמיד געבליבען אין מצרים, ווען עס שטעהט ניט אויף א נייער מלך, וואס האט אנגעהויבען פאר זיי מורא האבען, [...] מיר פארמעהרען זיי זיך צו פיעל און ווערען צו שטארק, און האט זיי געמאכט פאר [קנ]עכט, וואס האבען געמוזט ארבייטען מיטן ביטערן שוויים, טראגען לעהם און [צ]יעגעל און בויען פיראמידען און גאנצע שטאדט. די שווערע ארבייט וואלט זיי מיט דער צייט געוועהן אזוי פארגראבט, אז זיי וואלטען געווארען גלייך צו ווילדע חיות, [ווע]ן ביי די עלטסטע פון זיי לעבט ניט דער זכר פון די הייליגע אבות, פון דעם פרומען [א]ונ פון גאט אויסגעפריוועטען אברהם, פון זיין געליעבטען בן יחיד יצחק, פון זיין [א]ייניקעל יעקב, וואס האט זיך גענוג אנגעליטען און בעקומען אויך דעם נאמען [י]שראל, און ענדליך פון יוסף, וואס האט געטהון אזוי פיעל גוטס דעם לאנד [מ]צרים. נאר וואס מעהר פרישער דעם זכר פון דעם אלעמען איז ביי זיי געוועהן אין הארצען, מעהר האבען זיי געקרעכצט אונטער דעם יאך פון שקלאווערייי און פון דעם וועטהיג וואס מען האט זיי בעצאהלט מיט אזא אונדאנקבארקייט.

אינאיינעם מיט דעם זכר האט אויך געטליעט ביי זיי א פונק פון אמונה אין א גאט וואס האט בעשאפען הימעל און ערד און אלדינג וואס איז דארט דא, וואס איז אליין גערעכט און בעשיצט די גערעכטיגקייט און איז ניט אזוי. ווי די אבגאטטער „אזיריס“ און „איזיס“ אדער אנדערע רינדער, באק און קען, וואס די מצרים האבען צו זיי געדיענט. און ווען דער פונק האט אנגעהויבען א ביסעל זיך אויסצו-לעשען בא פיעלע, וואס צו ליעב דער שקלאווערייי האבען זיי פארגעסען ווער זיי זענין און פון וואנען זייא קומען ארוס, איז דאך געוועהן א קליינער טהייל, און בעזאנדערס דער שבט לוי, וואס האט זיך פעסט געהאלטען אין דער אלטער ירושה פון די אבות. פון דעם שבט זענין אויך ארויסגעקומען די צוויי ברידער, קינדער פון עמרם און יוכבד, וואס האבען גיט דערלאזט די בני ישראל זאלען זיך אין גאנצען אבבייסען פון זייער גאט און האבען מיט זיין ליכטיגער שיין בעלייכטעט דאס פינסטערניש. דער יונגערער איז געוועהן משה, דער ערשטער נביא און דער גרעסטער פאלקסלעהרער. וואס ביי אלע זיינע מעלות האט זיך קיינער מיט איהם ניט געקאנט פערגלייכען אין ענייות. דער עלטערער ברודער אהרן האט געקאנט שאנער רעדען. נאר אומזיסט האבען זיי ביידע געארבייט ביי פרעהן

ער זאל ארויסלאזען זייערע ברידער פון מצרים. ערשט אז די מצרים האבען געהאפט גוטע עטליכע קלאפ אונ עס זענען אויף זיי געקומען די צעהן מכות, האט מען זיי ערלויבט צו פערלאזען דאס לאנד. דער ארויסגאנג פון מצרים האט מיט א מאל געמאכט פון קנעכט א פאלק אונ דאס נייע לעבען פון דעם פאלק איז געוועהן פול מיט וואונדער: דאס שפאלטען פון דעם ים סוף, דאס ארומדרעהען זיך פירציג יאהר אין דער מדבר, וואו מען האט מורא געהאט איבער די פיינד צו געהען מיט א גלייכען וועג, דיא היילינע תורה וואס איז געגעבען געווארען אויפ'ן בארג סיני, דער יונגער דור, וואס איז אין דער צייט אונטערגעוואקסען אונ איז אין גאנצען אבגעוואהנט געווארען פון אלע פעהלער פון דעם אלטען דור, — דאס אלדינג האט אויסגעארבייט פון די געוועזענע קנעכט א פריי פאלק, וואס האט זיך מיט זיין איינענעם כח צוגעשלאגען צו דער אלטער היים, צום לאנד כנען.

נאך דעם טויט פון משה, וואס זיין קבר איז געבליעבען ניט בעקענט, כדי דאס פאלק זאל איהם ניט מאכען פאר א גאט אדער איין אבגאט, האט זיין תלמיד יהושע בן נון, אריבערגעפיהרט די בני ישראל איבער דעם ירדן אונ מען האט אנגעהויבען נאהנטער זיך צוצוריקען אונ ארבייטען מע זאל קאנען אבנעהמען דאס לאנד כנען. דער נצחון איבער די צוויי מלכים, סיחון אונ עוג, פון דער זייט ירדן, האט געשטארקט דאס פאלק, עס זאל זיך מיט מעהר השק נעהמען ארויסטרייבען די פאלקער וואס האבען געוואהנט פון יענער זייט. דאס באזעצען זיך אין לאנד איז אבער אנגעקומען א סך שווערער ווי דאס איינגעהמען, וואס איז דווקא גרינגער געוועהן, ווייל די בני ישראל זענען געוועהן גראסער אין די צאהל פון די קליינע פעלקערליך, וואס מען האט בעדארפט מיט זיי האבען צו טהון. דאס לאנד כנען איז דאמאלט געוועהן צושטיקעלט אין די הענד פון איין אונ דרייסיג מלכים, וואס יעדער האט געהאט צו שאפען איבער א שטאדט מיט א פלאץ ארום אונ איינער מיט'ן אנדערן האבען שטאנדיג געקריעגט. בא אזא לאגע, אז עס האט זיך נאך אנגעהויבען הארען פון ווייטענס וואס פאר א גרויס פאלק עס געהט פון מצרים, וואס פאר א פסק עס האבען געהאט די מלכי אמורי פון יענער זייט ירדן אונ מיט וואס פאר א בטחון עפיס אויף א נאס איז דאס פאלק מנצח אונ קומט אלע מאל נאהנטער, איז גאר קיין וואונדער ניט וואס אויף אלע איז געפאלען א שטארקער פחד אונ דיא איינוואוינער פון פיער שטאדט, וואס מען האט זיי גערופען אנשי גבעון, האבען זיך אליין אונטערגעגעבען אונ געווארען שקלאפען. אזוי האבען די בני ישראל איינגענומען פיעל קליינע

פְּאֶלְקֶער אוּנ מְלָכִים אִין כְּנַעַן אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערְשֶׁען אִין דֶער מִיט פוּנ'ם לַאנְד אוּנ אוֹיךְ אִין דָרוֹם זַייט. רִיקֶען זִיךְ וַוייטֶער קַיין צָפוֹן זַייט – אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אַ בִּיסֶעל שְׁוֶוערֶער. וַוייל דָארְט זֶענִין דִיא אַיינְוָואהְנֶער גֶעוֶועהן זֶעהר שְׁטַארְק אוּנ הָאבֶּען גֶעהַאט גֶעווּג כְּלֵי זַיין, וָואס אִיז נָאר גֶעוֶועהן אִין יֶענֶער צַייט. עֶס וָואלְט אֲפִילוּ דָאס אוֹיךְ גֶעקֶאנְט גֶערָאטְהֶען, וֶוען דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הַאלְטֶען זִיךְ אֵיינְס; עֶטְלִיכֶע שְׁבָטִים הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער אָבְּגֶעזָאגְט פוּן וַוייטֶער מִלְחָמָה פִיהְרֶען אוּנ הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט דִי שְׁוֶוערְד פוּן דֶער הַאנְד, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זִיךְ שׁוֹין אָבְּרוּהְען אוֹיף דֶעם שְׁטִיקֶעל עֶרְד, וָואס זֵיי הָאבֶּען דֶערְוַוייל פֶערְהַאפְּט.

דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען דֶער שֵׁבֶט יוֹסֵף, וָואס הָאט זִיךְ בַּאלְד צוּ־טְהֵיילְט אוֹיף צְוֵויי שְׁבָטִים: אֶפְרַיִם אוּנ מְנַשֶּׁה. זֵייא זֶענִין בֵּיי זִיךְ גָאר גֶעהוֹיבֶּען גֶעוֶועהן אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר מֶעהר מְיוּחָסִים, וַוייל יוֹסֵף אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִצְרַיִם אוֹיף גָאר אַ הוֹיכֶער מַדְרֵגָה אוּנ פוּן זֵיי אִיז טַאקִי אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען יְהוֹשֻׁעַ, דֶער אִיצְטִיגֶער פִיהְרֶער פוּנ'ם פָאלְק. דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ צוּגֶענוּמֶען דָאס בֶּעסְטֶע שְׁטִיק לַאנְד, צְוִוישֶׁען דִי מִיטֶעלְסְטֶע בֶּערְג. בַּא דֶער שְׁטָאדְט שְׁכֶם, וָואס לִיעגְט אִין אַ טְהָאל, צְוִוישֶׁען צְוֵויי בֶּערְג גְרִזִים אוּנ עֵיבָל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן דִי גֶעבֶּענְטְשְׁטֶע גֶעגֶענְד אִין גַאנְצֶען לַאנְד אוּנ הָאט גֶעדַארְפְט וֶוערֶען דִיא הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט פוּן כְּנַעַן; עֶס אִיז זֵיי אָבֶּער נָאךְ קַארְג גֶעוֶועהן אוּנ אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּקְסְט אַז זֵיי הָאבֶּען אַזַא צַד וִוי יְהוֹשֻׁעַ אִין דֶער מִשְׁפָּחָה, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר אִיהם צוּ קְלָאגֶען אַז דִי צָאהל זֵייעֶרֶע אִיז צוּ גְרוֹיס, אַז עֶס אִיז זֵיי עֶנְג אוּנ אַז זֵיי וָואלְטֶען בֶּעדַארְפְט נֶאטְהִיג הָאבֶּען נָאךְ דָאס פֶעטֶע שְׁטִיקֶעלֶע עֶרְד וָואס צִיהט זִיךְ פוּן הַר אֶפְרַיִם בִּיז צוּם בַּארג תָּבוֹר. יְהוֹשֻׁעַ הָאט אָבֶּער נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם וָואס דָאס זֶענִין זַיינֶע קְרוֹבִים, עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט וִויסֶענְדִיג אוּנ הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: אַז אִיהר זֶענְט יוֹא אַזוֹי פִיעל, קָאנְט אִיהר אַייךְ אָבְּנֶעהמֶען דִי בֶּערְג אוּנ דֶעם וַואלְד, וָואס אִיז דָארְט. אַז יְהוֹשֻׁעַ אִיז זֵיי אַזוֹי אָבְּגֶעפָאהְרֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ שׁוֹין גֶעמוּזְט בֶּעגְנִיגֶען מִיט דֶעם וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט אוּנ זֵיי זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם אָרְט

קוּקֶענְדִיג אוֹיף דֶעם שֵׁבֶט יוֹסֵף, הָאבֶּען אַנְדֶערֶע שְׁבָטִים אוֹיךְ דָאס אֵייגֶענֶע גֶעטְהוּן, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט אֶרְטֶער וואוּ זֵיי זָאלֶען קָאנֶען בְּלַייבֶּען. פִיער שְׁבָטִים הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין דָרוֹם אוּנ אִין מַעֲרָב זַייט, אוּנ פִיער הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט וַוייטֶער קַיין צָפוֹן זַייט. דִי שְׁבָטִים יִשָּׂשׁכָר, זְבוּלוּן, אָשֵׁר אוּנ נַפְתָּלִי זֶענִין נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען וִוי אַנְדֶערֶע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַ שְׁטַארְקֶע רוּק גֶעטְהוּן בִּיז

צום טהאל יזרעאל, אַ טהייל זענין דאָרט געבליעבען אונ די איבריגע האָבען דערגרייכט רמה, וואָס איז בּיי דער דרום זייט פון דעם הויכען בּארג לבנון. דאָ איז מען אָבער געבליבען שטעהן, ווייל האַלטען מלחמה מיט דיא כנענים, וואָס האָבען געהאַט אייזערנע רייטוואָגען אונ אַנדערע בעסטע קריעגסמיטעל, האָט מען זיך ניט געפיהלט אין כח. דער שבט יששכר איז צופריעדען געוועהן וואָס ער האָט געפונען אַ וואהל פּלאַץ מיט פּאַשע פאַר די בהמות, האָט ער זיך אונטערגעגעבען די כנענים אונ האָט געדאַנקט גאָט וואָס מען לאָזט איהם צו רוה. דעם שבט זבולון גאַנגען איז געראָטהען זיך צוצושלאָגען ביז רמה אונ ניט ווייט פונ'ם בּארג תּבור אויסבּייסען בּיי די כנענים אַ גוט שטיקעל ערד. דיא איבּריגע צוויא שבטים, אשר אונ נפתלי, איז עס שוין שווערער אָנגעקומען זיך צו געפינען אַ מקום מנוחה. ווייל זיי האָבען געראָד אָנגעטראָפען אויף אַ זעלכע כנענים וואָס האָבען פאַרשטאַנען וויא אַזוי זיך צו וועהרען אונ בּעזאָנדערס האָט זיך אַ קענגענגעשטעלט יבין דער מלך פון חצור, וואָס עטליכע קליינע קאָניגע זענין איהם געקומען צו הילף, אַז זייא האָבען דאָס דערזעהן. האָבען זיי בּאַלד געשיקט בּעטען יהושע'ן אונ צווישען דיא איבּריגע שבטים האָט זיך נאָך אַזוי פיעל געפונען אַחדות, אַז זיי זענין בּאַלד געלאָפען העלפען זייערע בּריעדער מיט גרויס גבורה אַז יהושע מיט זיין היל איבּערגעפאַלען די כנענים אונ בּאַ'ם וואַסער מרום האָבען זיי געהאַט אַ גוטע מפּלה. דערמאָלט האָבען זיך דיא שבטים אשר אונ נפתלי בּעפעסטיגט אויף דער ערד אונ זענין געבליבען זיצען בּאַ דער גרעניץ, וואָס האָט זיי פון צפון זייט אָבּגעטהיילט פון אַנדערע לאַנדער.

אין דער איינעגער צייט האָבען זיך אַנדערע פיער שבטים אָבגעזוכט, דורך זייער איינענער קראַפט, ערטער אין דרום-זייט, דעם קליינעם שבט בּנימין האָבען זיינע נאָהענטע קרובים פונ'ם שבט יוסף אָבּגעגעבען אַ שמאָל אונ ניט געראָטהען שטיק ערד, וואָס האָט פריהער געהערט צו די גבעונים, אונ אַליין ווייטער געהען איז איהם זעהר שווער געוועהן, אַט פונקט אין דער מיט פונ'ם לאַנד האָבען זיך געפונען די יבוסים, וואָס מען האָט צו זיי ניט געקאָנט צוטרעטען איבּער דער פעסטונג ציון, וואָס האָט זיי געשיצט, אונ די פעלקער צום ים צו, זענין אויך געוועהן גוט בּעוואָפענט אונ מען האָט ניט געטאָרט מיט זיי זאַמטשעפּען. דעריבּער האָבען זיך די איבּריגע שבטים געמוזט בּאַזעצען נאָר אין דרום אונ אין מערב-זייט אונ דער גראָבּטער חלק איז אָנגעקומען דעם שבט יהודה, וואָס האָט זיך געדרעבּענט אי צאָהל אונ אין כח פאַרן אַלטסטען אונ געהאַלטען דעם שבט שמעון אונטער זיינע פליגעל

דער ערגסטער גורל איז געפאלען אויפן שבט דן, וואס איז געוועהן גאנץ קליין אונ האט זיך, ווי עס שיינט, אפילו ניט געקאנט צושלאגען צו איין עלטערן שבט וואס זאל איהם שיטצען. ער האט זיך געהאלטען געבען שבט אפרים, נאר אזוי ווי זיי זענען ניט געוועהן קיין מילדע מחותנים האבען זיי איהם קוים אפגעשפארט בא זיך א קליין פלאץ, וואו ער האט זיך נאר ניט געקאנט ריהרען. די בני דן האבען חשק געהאט זיך צו באזעצען אין טהאל שרון ביז צום ים, נאר פון איין זייט האבען זיי ניט דערלאזט די שטארקע אמורים. אונ פון דער אנדערער זייט האבען זייא געטריעבען טאקי איינענע. די שבטים אפרים אונ בנימין, ביז זייא האבען זיך געמוזט אין גאנצען אוועקלאזען אונ אבזוכען איין ארט נאר ווייט אין צפון-זייט. די שבטים ראובן אונ גד האבען זיך נאך גאר פריהר באזעצט פון יענער זייט ירדן.

פון דעסטוועגען האבען זיך אזוי ביסלעך-ווייס די בני ישראל איינגענומען דעם גרעסטען טהייל פונ'ם לאנד, אונ ניט נאר א סך דורות שפעטער, נאר אפילו אין יענער צייט, האט עס געמוזט אויסזעהן נאר וויא א נס. עס איז נאך קיין פונפציג יאהר ניט אוועקגעגאנגען זייט די מרגלים, וואס מען האט געשיקט אויסזעהן דאס לאנד, זענען צוריק געקומען מיט א געוואלד אז זיי האבען געזעהן פאר זיך ריזען, מרה נפש'ניקעס, אונ פליצים איז נאר אויף די גבורים אנגעפאלען אזא שרעק, אז פיעל פון זיי האבען אליין אנגעבויטען די קאפ אונ די איבריגע עקשנים האבען געמוזט מיט חרפה אונ בושה אנטלויפען. דאס האט באם פאלק אליין אויסגעארבייטעט איין איבערצייגונג אז טאקי נאר גאט האלט פאר איהם מלחמה אונ פארדרעהט די מחות פון די שונאים, אונ מיט שאנע קלינגענדיגע ליעדער האבען די בני ישראל פערהיטעט ביי זיך אין הארץ דעם זכרון פון זייער ארויס-גאנג פון מצרים, פונ'ם שלעפען-זיך אין דער מדבר אונ פונ'ם אריינקומען קיין כנען.

נאר ווען אפילו נאר די ערגסטע שבטים, שמעון אונ דן, האבען פארט געהאט יעדער וואס ניט איז פאר א פלאץ, איז דער שבט לוי געבליבען אין גאנצען אין דרויסען. ווייל משה: וואס האט געוואלט אז די לוים זאלען דיענען גאט באמת אונ זאלען ניט זיין וויא די כהנים פון מצרים וואס פלעגען אנקלויבען גרידעס געלד, האט אנגעזאגט זיי זאלען זיך ניט אבגעבען מיט קיין וועלט זאכען אונ לעבען נאר פון מעשר. צום אנהייב איז זייער בעשטימט ארט געוועהן אין גלגל, [illegible] אונ [illegible], דארט איז געשטאנען א [illegible] מיט דיא לוחות,

אונ דארט פלעגט מען מקריב זיין קרבנות. ניט לאנג האט אבער גלגל, וואס איז געלעגען א ביסעל אין א זייט, געקאנט בלייבען דער מיטעלפונקט: אז דאס פאלק האט בעקומען מעהר הזקות אונ דיא שבטים ראובן אונ גד האבען זיך אויך איבער־געצויגען א היים פון יענער זייט ירדן, האט מען געמוזט אויסקלויבען איין אנדער ארט פאר דעם גאטעסדיענסט, אונ אזוי ווי דער שבט אפרים האט שטאנדיג זיך געהאלטען פאר'ן גראסערן מיוחס, איז דער גורל מן הסתם געפאלען אויף דער שטאדט שילה. וואס האט געהערט צו דעם שבט אהין האט מען איבערגעפיהרט דיא לוחות אונ דארט האט מען געשטעלט א מזבח, וואו עס פלעגען ברענגען קרבנות גראסטענטהיילס דיא נאהינטע שבטים אפרים, מנשה אונ בנימין. דארט האט אויך שפעטער געוואהנט דער כהן פנחס בן אלעזר אונ דארט פלעגען זיך אויפהאלטען פיעל כהנים אונ לוים, האטש ניט וועניג פון זיי האבען זיך צו־שפרייט צווישען אלע אנדערע שבטים אין גאנצען לאנד.

דורך דיא בני ישראל האט כנען בעקומען ניט נאר איין אנדער נאמען, נאר אויך איין אנדער כאראקטער. עס האט אנגעהויבען הייסען „ארץ ישראל", דיא היילינגע ערד, דיא ירושה פון גאט. דער אייבערשטער האט געוואלט אז דאס לאנד אליין זאל שוין איינפליסען זיינע קינדער א ליעבשאפט צו יושר אונ מוסר, זיי זאלען געדענקען אז נאר מיט מעשים טובים קאנען זיי דערהאלטען דעם כבוד אונ דעם גלאנץ פון דער ערד, וואס גאט מיט זיין חסד האט זיא זייא געגעבען א מתנה. דיא ערד האט אויסגעשפיגען די פריהריגע איינוואוינער, ווייל זיי האבען זיך שטארק פארזינדיגט מיט דריי זאכען: מיט רציחה, זנות אונ עבודה זרה. דערפאר איז די ערד געווארען היילינג אונ דער הימלישער פאטער האט דיא בני ישראל געמאכט פאר שלוחים זיי זאלען אפהיטען דאס היילינגקייט עבינ.

אבער ניט דאס גאנצע לאנד איז צוטהיילט געווארען צווישען דיא שבטים. פיעל ערטער זענין נאך געבליעבען אונטער דער מאכט פון דיא פריהריגע איינוואהנער: א ביסעל איז אין דעם שולדיג געוועהן דאס אלטקייט פון יהושע'ן. וואס איז ביי די לעצטע יאהרען ניט געוועהן אזוי פריש ווי משה אונ האט געמוזט דיא שווערד ארויסלאזען פון דער האנד, נאר נאך מעהר האבען עס געבראכט דערצו דיא שבטים אפרים אונ מנשה, וואס זענין זעהר צופריעדען געוועהן וואס זיי איז אנגעקומען די בעסטע ערד אונ האבען ניט געלאזט מעהר מלחמה האלטען. אזוי איז זיך יעדער שבט געווארען א בעל הבית פאר זיך אונ מיט איינענע כחות האט שוין קיינער ניט געקאנט רעכנען עס זאל געראטהען אנצוהייבען א קריעג.

דָערפַאר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען נִיט בַּייא דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל דִי גַאנְצֶע שְׁטְרֶעקֶע בַּאם יַם פוּן עַזָה, אָדֶער נַחַל מִצְרַיִם, בִּיז עַכּוֹ. דָאס שְׁטִיק לַאנְד פוּן עַכּוֹ בִּיז צוֹר אוּנ צִידוֹן אִיז שְׁפֶּעטֶער אוֹיךְ נִיט אַרוּנְטֶער אוּנְטֶער זַייעֶר מֶמְשָׁלָה: דִיא צָפוֹן־זַייט הָאט גֶעהֶערְט צוּ דִיא פְּ הֶ ע נִ י קְ יֶ ע ר. אוּנ דִיא דָרוֹם־זַייט – צוּ דִיא פְּ לִ שְׁ תִּ י ם. אַזוֹי הָאבֶּען פִּיעל שְׁבָטִים גֶעמוּזְט זַיין נָאר נָאהֶענְטֶע שְׁכֵנִים מִיט דִי גֶעצֶענְדִיעֶנֶער. אָדֶער טַאקִי נָאהֶעגֶע צְווִישֶׁען זֵיי אוּנ דִיא יְ בוּ סִ י ם זֶענִין גֶעוֶועהן וִוי אַ וַואנְד, וָואס הָאט אָבְּגֶעשֵׁיידְט דִיא שְׁבָטִים פוּן יְ ה וּ דָ ה אוּנ שִׁ מְ ע וֹ ן, וָועלְכֶע הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אִינְאֵיינֶעם מִיט אַזֶעלְכֶע ווִילְדֶע פֶאלְקֶער. וָואס פְלֶעגֶען אִיבֶּערלִינֶען אוֹיף דִיא וֶועגֶע בַּאבֶּעוֶוע מֶענְשֶׁען.

יְהוֹשֻׁעַ׳ס שִׂמְחָה, וָואס עֶר הָאט דֶערְלֶעבְּט צוּ זֶעהֶען חִיא עֶס אִיז מְקוּיָם גֶעוָואֹרֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן גָאט, אַז עֶר וֶועט זַיינֶע קִינְדֶער אַרַיינְפִירֶען קַיין כְּנַעַן אִיז אִיהְם פַארְן טוֹיט פַארְשְׁטָארְט גֶעוָוארֶען, וַוייל נָאר אֵיין הֶעלְפְט פוּנ׳ם לַאנְד אִיז אַרַיין צוּ זֵיי אִין דִי הָאנְד אַרַיין אוּנ עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט טָאמִיר מַאכֶען דִי שׂוֹנְאִים יַד אַחַת אוּנ מֶען צוּשְׁטֶארְט מִיט אַ מָאל זַיין גַאנְצֶע אַרְבֵּייט. עֶס הָאט אִיהְם נָאךְ גֶעמוּזְט מֶעהְר וֶועה טְהוּן, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט, אַז עֶר הָאט נִיט קֵיינֶעם וֶועמֶען אִיבֶּערצוּגֶעבֶּען דִיא קָאמַאנְדֶע, אַז עֶס אִיז נִיטָא אַזַא פִירֶער, וָואס אַלֶע שְׁבָטִים זָאלֶען פַאר אִיהְם דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס דֶער שְׁטָאלְצֶער שֵׁבֶט אֶפְרַיִם. אַזוֹי אִיז יְהוֹשֻׁעַ גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין פָאלְק אֵיין אֵיינְצִיגֶע יְרוּשָׁה – דָאס אִיז דִיא הָאפְנוּנְג, אַז מִיט דֶער צַייט וֶועט דָאס לַאנְד אִין גַאנְצֶען בְּלַייבֶּען זַיינְס. דִיא שְׁבָטִים זֶענִין דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אִין אַזַא צוּדְרֶעהְטֶען מַצָּב, אַז זֵיי הָאבֶּען אֲפִילוּ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וֶועמֶען זַייא הָאבֶּען פֶערְלָארֶען זֵיי הָאבֶּען אִיהְם נִיט בֶּעוֵויינְט אוּנ נִיט אַזוֹי גִיךְ זִיךְ גֶעהַאפְּט צוּ עֶרְפִילֶען דִי הָאפְנוּנְג מִיט וֶועלְכֶער יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּגֶעמַאכְט דִיא אוֹיגֶען.

מֶען טָארְף נִיט פֶערְגֶעסֶען, אַז וִוי פִיעל פֶעלְקֶער עֶס הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט צְווִישֶׁען דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אָדֶער אַרוּם זֵיי, זֶענִין זֵיי אַלֶע גֶעוֶועהן זֵייעֶר דַם־שׂוֹנְאִים. זֵיי הָאבֶּען אֲפִילוּ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס פַאר אַ חִלּוּק אִיז צְווִישֶׁען זֵיי אוּנ דֶעם נַייעֶם פָאלְק. זֵיי הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעוְואוּסְט אַז בַּייא דֶעם פָאלְק אִיז דָא עֶפִּיס נָאר אַ נַייעֶ תּוֹרָה וָואס הֵייסְט צוּשְׁטֶעטֶערן זֵייעֶרֶע אָבְּגָעטֶער, צוּבְּרֶעכֶען זֵייעֶרֶע מִזְבְּחוֹת אוּנ מַאכֶען אַ תֵּל פוּן זֵייעֶר גַאנְצֶער עֲבוֹדָה זָרָה; נָאר אוֹיף אַזוֹי פִיעל הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶען, אַז מֶען טָארְף פַיינְד הָאבֶּען מֶענְשֶׁען וָואס פַאלֶען אָן אוּנ נֶעהְמֶען צוּ אַ שְׁטִיק לַאנְד. וָואס־זָשֶׁע הָאבֶּען גֶעקֶאנְט טְהוּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל גֶעגֶען אַזַא אַפֶענֶער אָדֶער

געהאַלטענער שִׂנְאָה ; אָדער שְׁלאָגען זיך אַז דאָס בְּלוּט זאָל רינען, אָדער פֶּער־
בּייסען מִיט דִי ליפּען אוּנ מאַכען אַ שְׁוַויינ. אויף מִלְחָמָה האָבען זֵיי זיך נִיט געקאָנְט
ענְטְשְׁלִיסען, ווייל מיט יוּ״ט׳ס טויט איז אויך אָבְּגעשְׁטאָרבען זייער אַחְדוּת אוּנ
גְבוּרָה; אַוַדַאי האָבען זייא געמוּזְט זוּכען אַלֶע וועגען אויף שָׁלוֹם. דִי כְּנַעֲנִים אוּנ
דִי פְּהֶעניקִיער, וואָס האָבען נאָר געוואָלְט פְרֵיי אוּנ רוּהִיג פִיהְרען זייער האַנְדעל,
זֶענֶען דערפוּן דַוְקָא צוּפְרִידען געווען; נאָר די שְׁכֵנִים בֵּיי דער גְרעניץ, ווי דִי פְּלִשְׁתִּים,
אֱדוֹמִים, עַמּוֹנִים אוּנ מוֹאָבִים, האָבען אָנְגענוּמען דעם שָׁלוֹם נִיט מִיט׳ן גאַנְצען
האַרְץ אוּנ האָבען זיך שְׁטענְדִיג נאָר געזוּכְט אוּנ געטְשֶׁעפֶּעט.

דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל האָבען אָבער ערְנְסְט געמֵיינְט דעם שָׁלוֹם, ווייל דאָס שְׁטִיקעלע
מְנוּחָה, נאָך לאַנְג בִּידעווען אוּנ נַע וָנַד זַיין, אִיז בֵּיי זֵיי זעהר טְהֵייער געוועזען.
צְווִישען פִיעל שְׁבָטִים אוּנ אַנְדערע פֶעלְקער אִיז געוואָרען אַזאַ גְרוֹיס פְרַיינְדְשאַפְט
אַז זֵיי האָבען זיך אָנְגעהוֹיבען מְשַׁדֵךְ זַיין אֵיינער מִיט דעם אַנְדערן. דאָס פֶערְשְׁטעהְט
זיך, אַז מען ווערְד אַ זַיינע נאָהְנְטע מְחוּתָּנִים, הֵייבְּט מען זיך אָן צוּצוּקוּקען ווי
אַזוֹי יענער לעבְּט, ווי ער פִיהְרט זיך, אוּנ אַזוֹי ווִי דִי תּוֹרָה אִיז נאָך נִיט געוועזען
שְׁטאַרְק בּעפֶעסְטִיגְט צְווִישען זֵיי, דִי לְוִיִם האָבען זיך אָרעם אוּנ עלענְד אַרוּמְ־
געשְׁלעפְּט, הַיינְט דאָ אוּנ מאָרגען דאָרְט אוּנ הָרֶךְ אֶרֶץ פַאר זֵיי האָט מען קַאוּם געהאַט
האָבען דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל גִיךְ זיך אָבְּגעלערְנְט אַלע מִדוֹת פוּן דִי געצענְדִיענער אוּנ
בִּיסְלעכְוַויס האָבען זֵיי אָנְגעהוֹיבען אֱמוּנָה צוּ קְרִיגען אִין זייערע אָבְּגאָטער, אוּנ מִיט
דער צַייט האָט מען שוֹין אויף אַלע הוֹיכע בערְג, אָדער צְווִישען דִי געדִיכְטֶע
בֵּיימער, געקאָנְט געפִינען זֵילען, מַצֵבוֹת, צוּם זֵכֶר פוּן דִי פְּהֶעניקִישע גאָטער בַּעַל
(אַדאָנִים), דעם גאָט פוּן דער זוּנְן, אָדער עַשְׁתָּרוֹת (אַסְטַרְטֶע), דעם גאָט פוּן דער לְבָנָה
אוּנ אַ חוּץ דעם פְלעגְט מען אִין יעדער אָרענְטְלִיכער שְׁטוּב האַלְטען תְּרָפִים: געצענְ־
בִּילְדער אִין געשְׁטאַלְט פוּן מענְשען, כְּדֵי זייער זְכוּת זאָל בַּייִשְׁטעהן דעם בַּעַל
הַבַּיִת אוּנ דעם גאַנְצען הוֹיזְגעזִינְד.

מען קאָן אֲפִילוּ נִיט זאָגען אַז דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל האָבען אִין גאַנְצען פֶערְגעסען ווער
זֵיי זענען: בַּייא פִיעל פוּן זֵיי אִין הַאָרֶץ האָט נאָך געלעבְּט דער זֵכֶר פוּן דִי נִסִים
וואָס גאָט האָט מִיט זייערע עלְטערן געטְהוּן אוּנ אֵיין דוֹר פְלעגְט אִיבּערְגעבען דעם
אַנְדערן דִיא וואוּנְדער פוּן יְצִיאַת מִצְרַיִם; אַ חוּץ דעם פְלעגען זיך אָפְט דִי לְוִיִם
אַרוֹיסְשְׁטעלען מִיט שַׁארְפֶע ווערְטער אוּנ שְׁטְראָפען דעם עוֹלָם ער זאָל געדענְקען
זַיין שֹׁרֶשׁ אוּנ זאָל זיך נִיט לאָזען אַראָבְּפִיהְרען פוּנ׳ם גְלַייכען וועג. עס האָט אָבער
ווענִיג געהאָלְפען. ווייל, ערְשְׁטענְס, אִיז שוֹין טאַקִי געווען שְׁווער זֵיי אָבְּצוּבּייסען

פון די שכנים. וואס צווישען זיי איז געוואָרען איין לעבען אונ איין נשמה. אונ
צווייטענס, האט זיך יעדער שבט געמוזט היטען דיא ביינער. פון קיין אחדות
צווישען אלע שבטים – האט מען גאר ניט געקאנט רעדען, האפען אז אין א נויטה
וועלין אלע קומען העלפען – איז גאר אוממעגליך געוועזען. אונ דעריבער האט יעדער
געוואָרנט נאר פאר זיך אונ געזוכט אלע מיטעל צו ווערען א גוטער ברודער מיט די
שכנים, אונ אז מען שלאגט זיך אן צו יענעם מיט גוט פריינדשאפט מוז מען איהם
שוין צו ליעב טהון אונ נאכטאנצען זאי אין מנהגים, זאי אין גלויבען. דערפאר,
וואס ווענינער פערבונדען די בני ישראל זענין געוועזען צווישען זיך, מעהר האבען
זיי געמוזט ווערין מיט די געטצעדינער אונ זיך אויך אבגעגעבען מיט
עבודה זרה.

ניט שטענדיג האבען זיי אבער געפינען ליעבשאפט ביי די שכנים, וואס
האבען ניט אויפגעהערט צו געדענקען אז די בני ישראל האבען זיי מיט געוואלד
פונ'ם לאנד ארויסגעשטופט אונ האבען אלין געהאלטען אין איין טראכטען ווי אזוי זיי
פטור צו ווערען. נאך יהושע'ס טויט האבען זיך איבערהויפט פאר זיי אנגעהויבען
ברויערינע צייטען. ניט איין שבט פלעגט האבען א כסק פון א שונא אונ פלעגט מוזען
אנבויגען דעם קאפ. עס זענין אפילו באלד אויפגעשטאנען די שופטים, וואס
פלעגען דעם פאלק ביישטעהן אין אלע נויטהען. נאר זייער הילף איז נאר געוועהן
אויף א צייט, ווייל צוזאמענבינדען איינאינעם די צעוואָרפענע שבטים זענין זיי ניט
געוועהן אים שטאנד אונ זיך ארויסשטעלען געגען דעם געצענדינענסט האבען זיי ניט
געקאנט. ווארום אליין האבען זיי אויך נאר קנאפ זיך אבגעגעבען מיט תורת משה
אונ זענען געוועהן שטומפיג אויף דער עברי. די צוועלף אדער דרייצעהן שופטים,
וואס זענין געוועהן, האבען ביי זייער גאנץ בריה'שאפט קוים אבגעהיט די בני ישראל
מען זאל אויף זיי ניט אנפאלען, אבער ברענגען זיי אויף א פעסטען מעמד, זיי
זאלען ניט בעדארפען מורא האבען פאר קיינעם, דאס איז געוועהן איבער זייער כח.
אונ אפילו אזעלכע גרויסע לייט ווי ברק, גדעון, יפתח אונ די נביאה
דבורה, האבען דאס ניט געקאנט בעווייזען. איינעם פון די שופטים, יאיר
הגלעדי איז יוא געראטהען צו פערגרעסערן דעם חלק פון שבט מנשה אונ
אהין צושטיקעווען א טהייל פון בשן. וואס ער האט איינגענומען פון יענער זייט
ירדן, נאר דאס האט זיך אויך ניט אנגעהאלטען. אונ קיינער פון די שופטים האט זיך
ניט געקאנט רעכנען פאר א פארשטעהער פונ'ם פאלק וואס זאל פאר איהם דרך ארץ
האבען אונ האלטען זיין ווארט פאר הייליג. אזוי האט זיך געפיהרט א היבש

שְׁטִיקֶעלֶע צַייט אוּנ נִיט שִׁמְשׁוֹן הַגִבּוֹרס שְׁפִּיצְלֶעךְ הָאבֶּען גֶעקָאנְט אִיבֶּערְשְׁרֶעקֶען דִי פְּלִשְׁתִּים זַיי זָאלֶען לָאזֶען צוּ רוּהֶ דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, נִיט יִפְתַּח׳ס נִצָּחוֹן הָאט גֶעקָאנְט מִיעד מַאכֶען דִי עַמּוֹנִים זַיי זָאלֶען זִיךְ אוֹיפְהָערֶען טְשֶׁעפֶּען צוּ דִי עֶרְטֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען פַארְנוּמֶען דִי שְׁבָטִים רְאוּבֵן, גָד, אוּנ אַ הַאלְבֶּער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה.

דָאס אוּמְגְלִיק טָאהר אָבֶּער אוֹיךְ נִיט אִיבֶּערְצִיהֶען דֶעם בּוֹיגֶען, וָוארוּם עֶס מוּז וֶוערִין אִיבֶּערְגֶערִיסֶען. אַזוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן מִיט דֶעם בִּיטֶערְן מַעֲמָד פוּנ׳ם פָאלְק יִשְׂרָאֵל. אַז פִיעל פוּן דִי שְׁבָטִים הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בַּארֶעכֶענֶען דָאס וָואס זַיי זֶענִין אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעפַאלֶען, הָאבֶּען זַיי גֶעמוּזְט אַיינְזֶעהן אַז דָאס גֶעהְמְט זִיךְ נָאר דֶערְפוּן וָואס זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְדְרֶעהֶען דִי קָאפּ פוּנ׳ם גָאצֶענְדִיענְסְט אוּנ הָאבֶּען פֶארְגֶעסֶען זַייעֶר לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט. דֶעם פוּנְק פוּן חֲרָטָה הָאבֶּען בַּאלְד בֶּעמֶערְקְט דִי פְרוּמֶע לְוִיִם, וָואס הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער גוּטֶער שָׁעָה וֶוען דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וֶועלֶן זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוֹיפ׳ן רֶעכְטֶען וֶועג, אוּנ זַיי הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶעהַאפְּט צוּ צוּבְּלָאזֶען דָאס פַייעֶר. אוּנ שִׁילֹה אִיז וַוייטֶער גֶעוָוארֶען דֶער מִיטֶעלְפּוּנְקְט פַאר אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט גָאט דִיעֶנֶען אוּנ אִיז נָאךְ גֶעוֶועהְן, אִין דִי לֶעצְטֶע צַייטֶען פוּן דִי שׁוֹפְטִים, אַסַךְ בֶּעלִיעבְּטֶער פוּן פְרִיהֶר, וַוייל דִי לְוִיִם הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאפְּט נָאךְ מִיט מֶעהְר חֵשֶׁק זַיי צוּ שְׁטְרָאפֶּען אוּנ הָאבֶּען טַאקִי גֶעהַאט מִיט וָואס זַיי צוּ שְׁטֶאכֶען דִי אוֹיגֶען.

אִין יֶענֶער צַייט הָאט אִין שִׁילֹה גֶעוָואהְנְט עֵלִי הַכֹּהֵן, דָאס בֶּערִיהְמְטֶע אֵייְנִיקֶעל פוּן אַהֲרֹן אִינ פִּנְחָס. אוּנ עֶר אִיז שְׁטַארְק בֶּעלִיעבְּט גֶעוֶועהְן בַּיים פָאלְק. דָאס אִיז גֶעוֶועהְן אַ שֶׁעהְנֶער אַלְטֶער מַאן, וָואס זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען נָאר אוֹיסְגֶעדְרִיקְט פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ אוֹיף זַיינֶע לִיפֶּען זֶענִין תָּמִיד גֶעוֶועהְן זִיסֶע וֶוערְטֶער פוּן לִיעבְּשַׁאפְט. עֶר פְלֶעגְט אוֹיף קֵיינֶעם זִיךְ נִיט בֶּעבֶּזֶערְן אוּנ הָאט זִיךְ תָּמִיד בֶּעמִיהְט צוּ גֶעהן מִיט נוּטֶען, הֶעלְפֶען מִיט אַ רֶעכְטֶער עֵצָה, טְהוּן וִוי וַוייט מֶען קָאן אַ טוֹבָה. פוּן קְרִיעג פִיהְרֶען הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעהַאלְטֶען, אוּנ אַז אַ טְהֵייל פוּן דִי שְׁבָטִים פְלֶעגֶען זִיךְ קוּמֶען קְלָאגֶען אוֹיף דִי פֶעלְקֶער וָואס טְהוּעֶן זַיי אָן צָרוֹת, הָאט עֶר זַיי גֶעטְרַייסְט אוּנ גֶעגֶעבֶּען הָאפְנוּנְג אַז גָאט וֶועט זַיי נִיט פֶערְלָאזֶען. נָאר וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אַ סַכָּנָה אוּנ דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעמוּזְט וֶוערֶען גֶעגֶען שׂוֹנֵא, פְלֶעגְט עֵלִי אַרוֹיסְוַוייזֶען אַז עֶר פַארְשְׁטֶעהְט אוֹיךְ אִין עִנְיְנֵי מִלְחָמָה אוּנ אַלֶע פְלֶעגֶען אִיהם פָאלְגֶען אוּנ בְּלֵייבֶּען בַּא זַיין דֵעָה. אַזוֹי אִיז עֵלִי גֶעוָוארֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער פִיהְרֶער פוּנ׳ם פָאלְק אוּנ עֶס קָאן זַיין אַז פוּן אִיהם אָן וָואלְט דִי גַאנְצֶע מַאכְט שׁוֹין

אויף ווייטער איבערגעגאנגען צו די כהנים. ווען איינער פון זיינע קינדער וואלט געקאנט בלייבען אויף זיין שטעלע. ער האט אבער געהאט צוויי זיהן, חפני אונ פנחס, וואס זענען ניט געוועהן געראטהען אין זייער פרומען טאטען אונ האבען זיך גענומען נאר אויף א מאוס'ן וועג. זיי האבען אנגעמאכט א שטארקען חלול השם וואס צו ליעב דעם איז אויסגעגאסען געווארען גאט'ס צארן אויף דעם גאנצען פאלק אונ עלי'ס כבוד האט דורך דעם אויך געליטען.

די פלשתים פלעגען אפט אנפאלען אויף די בני ישראל אונ חאטשי די שבטים האבען אויך ניט געשוויגען אונ צו מאל זיך גוט מיט זיי אפגעגעבענט. פון דעסט-וועגען פלעגט זיי שווער זיין בייצוקומען דעם שונא, וואס איז געוועהן אי שטארק, אי רייך אין כלי זיין. איין מאל איז אבער אויסגעקומען נאר שמאל, אונ די זקנים האבען געהייסען מיטנעהמען אין דער מלחמה אריין דיא לוחות פון שילה פאר א שמירה צום געפאהר אונ אויף צו שטארקען די קריעגער מיט א פעסטער האפנונג. צום אומגליק האט אבער דאס אויך ניט געהאלפ"ן: די פלשתים האבען געמאכט א תל פון דער מחנה ישראל, די לוחות האבען זיי צוגענומען אונ עלי'ס ביידע זיהן זענען דערהרג'ט געווארען. פון דערווייטענס האט מען געהערט ניט קיין פראהליכס. פול מיט צרות האט עלי שוין ארויסגעקוקט מען זאל איהם זאגען וואס עס איז געשעהען אונ אז דער שליח איז געקומען אונ האט איהם דערצעהלט אז די בני ישראל האבען פערלארען די מלחמה אונ ער – זיינע קינדער, האט די פינסטערע בשורה מן הסתם גוט דערשלאגען דעם קאפ פונ'ם אלטען כהן, נאר אז ער האט איהם ארויסגערעדט אז די הייליגע לוחות שפארען שוין אויך אן בא'ם שונא אין די האנד, האט ער ניט אויסגעהאלטען אונ איז אומגעפאלען טו"ט.

נאך אזא נצחון האבען זיך ערשט די פלשתים רעכט צופיהרט די האנד אונ זענען אריין אין לאנד. פון שילה האבען זיי געמאכט א חורבה, אונ די שבטים פון צפון-זייט האבען אנגעווארען אין גאנצען זייער קראפט אונ זענען געבליעבען אזוי אבגעריסען פון זייערע ברידער אין דרום-זייט. די פלשתים פון זייער זייט האבען אבער אויך א טעות געהאט: זיי האבען געמיינט אז דער מיט וואס זיי וועלין האלטען ביי זיך די לוחות וועלין די בני ישראל קיין מאל קיין תקומה מעהר ניט האבען; צום סוף האט דוקא די פלשתים אליין אנגעהויבען געהן שלים-שלימזל אונ קוים האבען זיי די לוחות געבראכט קיין אשדוד זענען זיי שוין אין קיין צרות ניט זשעדנע געוועהן. די פארשטעהער פון די פלשתים האבען געזעהען אז עס איז קיין תכלית ניט, האבען זיי בעשלאסען אבצושיקען די לוחות אהיים אונ זיי נאך

איבערבעטען מיט א מתנה. נאך זיבען חדשים, האבען די פלשתים אבגעשיקט די לוחות אונ זיי זענין געבליעבען אין קרית יערים אויף א בארג. ביי די לוים. חאטשי דאס פאלק האט זיי ניט אזוי געשעצט, ווייל עס איז געוועהן זעהר פאר־גראבט אונ עס האט גענוצט אוועקגעהן א יאהר צעהן ביז מען האט זיך ווייטער אנגעהויבען דערמאנען אין משה'ס ירושה אונ ראשיזעהן איהר גרויסען ווערטה.



# צווייטעס קאפיטעל.

.......

## אויפהייב פון מלכים, שמואל אונ שאול.

די אלע אומגליקען, וואס די בני ישראל האבען אויסגעשטאנען, האבען גענוצט די עדלערע אונ לייטישערע פון זיי אפענען די אויגען, זיי זאלען פאר־שטעהן אז דער וועג צוריק צום אמת'ן גלויבען וועט אויך זיין דער וועג צו שטארקהייט אונ פרייהייט. דאס וואס די פלשתים האבען אומגעקעהרט די לוחות האט נאך מעהר דערמונטערט דעם עולם אונ מען האט זיך אנגעהויבען ארום־קוקען אונ זוכען דאס פארלאזטע שטעזשקעלע, וואס פלעגט פיהרען דאס פאלק ישראל צו זיין לעבעדיגען גאט. ביי אזא לאגע האט מען נאר ארויסגעקוקט עס זאל זיך געפינען איינער, וואס זאל ווערטה זיין צו ווערען א ראש אונ בעפעסטיגען די האפנונג, וואס האט אנגעהויבען אויפצולעבען ביי יעדען אין הארץ.

אזא מענש האט זיך טאקי אבגעזוכט צו דער רעכטער צייט אונ דאס איז געוועהן שמואל בן אלקנה, דער צווייטער נאך משה'ן, וואס האט זוכה געוועהן צו זיין אי א פיהרער פון זיין פאלק, אי א נביא. ער איז אויפגעצויגען געווארען אין גרויס פרומקייט אונ האט גוט געקענט דעם מעמד פון זיינע ברידער. אין אלעמען האט ער געהאט א ידיעה אונ זיין טיעפע חכמה פלעגט איהם העלפען ארויסצוזאגען זיין מיינונג איבער פערשידענע זאכען, אפילו איבער אזעלכע וואס

בארְפֶען עֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהן. אונ דֶערִיבֶּער הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפֶען „רוֹאֶה" – דֶער זֶעהֶער, אַ גְרוֹיסֶער מֶענְשׁ וָואס קוּקְט אוֹיף אַלְדִינְג מִיט אָפֶּענֶע אוֹיגֶען אוּנ פֶערְשְׁטֶעהְט פְּרִיהֶר וָואס שְׁפֶּעטֶער קָאן זַיין.

שְׁמוּאֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִי לְוִיִם אוּנ הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן אַ גְרוֹיסֶער מִשְׁפָּחָה, וָואס הָאט גֶעוָואהְנְט אִין רָמָה, בַּיי דֶער גְרֶענִיץ פוּן דִי שְׁבָטִים אֶפְרַיִם אוּנ בִּנְיָמִין. פוּן זַיין פְרוּמֶער מוּטֶער חַנָּה, וָואס הָאט אִיהם מִיט אִיהר רֵיינֶער תְּפִלָּה אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען בַּיי גָאט, הָאט עֶר גֶעיַרְשְׁ'ט אַ גוּט הַארְץ אוּנ אַ כָּשֶׁרֶע נְשָׁמָה. פוּן קִינְדְהַייט אָן הָאט עֶר גֶעדִיענְט בַּיי עֵלִי הַכֹּהֵן אוּנ פְלֶעגְט טְהוּן אַלֶע אַרְבֵּייטֶען פוּן דִי לְוִיִם, אֶפֶענֶען אוּנ פֶערְשְׁלִיעסֶען דִי טוֹיעֶרן, צוּגְרֵייטֶען אַלְדִינְג צוּ קָרְבָּנוֹת אוּנ אָפְּט וַואך זַיין גַאנְצֶע נֶאכְט אִין אֹהֶל. נָאךְ נָאר אִין דִי יוּנְגֶע יָאהְרֶען, הָאט עֶר אַלֵיין נִיט גֶעווּאוּסְט פוּן וַואנֶען עֶס הָאט זִיךְ צוּ אִיהם גֶענוּמֶען אַ רוּחַ נְבוּאָה. פְּלִיצְוּם אִין טִיעפֶען שְׁלָאף הָאט עֶר דֶערְהֶערְט אַ קוֹל וָואס רוּפְט אִיהם בַּא'ם נָאהְמֶען אוּנ עֶ־ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס הָאט עֶר בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעזוּנְדֶער מַתָּנָה פוּן גָאט. בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבֶּער אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מִלְחָמָה מִיט דִי פְּלִשְׁתִּים. דִי לוּחוֹת הָאט מֶען צוּגֶענוּמֶען, עֵלִי'ס בֵּיידֶע זִיהְן הָאט מֶען דֶערְהַרְגֶ'ט, דֶער אַלְטֶער כֹּהֵן אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, דָאס הֵיילִיגְטְהוּם אִיז אַוֶועק, דִי גֶעסְט אִיז פַארְוִוּיסְט גֶעוָוארֶען אוּנ שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט מִיט אַ גֶעבְּרָאכֶען הַארְץ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זַיינֶע עֶלְטֶערְן קַיין רָמָה.

צְווִישֶׁען דִי לְוִיִם, וואו שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען, הָאט גֶעהֶערְשְׁט דִי אִיבֶּערְצַייגוּנְג אַז אִינְאֵיינֶעם מִיט'ן מִשְׁכָּן אִיז אוֹיךְ פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דִי לִיעבֶּע פוּן גָאט צוּ זַיין פָאלְק. דֶער גֶעדַאנְק אִיז אוֹיךְ אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען בַּיי שְׁמוּאֵל'ן אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְבאכְטֶען: אֱמֶת, נִיטָא קַיין מִשְׁכָּן, נִיטָא קַיין קָרְבָּנוֹת, נָאר דַארְף דֶען דֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל הָאבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער גֶעצֶעלְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אָדֶער מוּז עֶר טַאקִי נֶאטְהִיג הָאבֶּען קֶאלְבֶּער אוּנ שֶׁאפְּסֶען פַאר קָרְבָּנוֹת אוּנ אָהָן דֶעם קָאן עֶר זִיךְ נִיט בֶּעגֶעהן? שְׁמוּאֵל אִיז קַיין מָאל נִיט גֶעזֶעסֶען לֶעדִיג אוּנ הָאט גוּט דוּרְכְגֶעקְנֵייטְשְׁט דָאס תּוֹרָה'לע נָאךְ אִין שִׁילֹה. וָוען עֶס הָאט נָאךְ גֶעהַאט נָאר וֶועניג בַּעֲלָנִים אוֹיף זִיךְ אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז נִיט דָאס מֵיינְט דֶער פָּסוּק אוּנ אַז גָאט ווִיל מֶען זָאל אִיהם דִיענֶען נָאר אוֹיף אַיין אַנְדֶער אוֹפֶן. דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּמֶעדוּם צוּ דַרְשֶׁנְ'ן אַז נִיט צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט גָאט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט דִי זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם זֵיי זָאלֶען אִיהם מַקְרִיב זַיין פֶעטֶע בְּהֵמוֹת אוּנ אַז דִיא תּוֹרָה ווִיל נָאר אַז דִי מֶענְשֶׁען זָאלֶען לֶעבֶּען מִיט יוֹשֶׁר אוּנ

בַחֲסָנוּת. זִיךְ לִיעבּ הָאבֶּען אוּנ טְהוּן אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט דַארְפֶען שֶׁאהמֶען מִיט זֵיי פַאר זֵייעֶר בַּאשֶׁעפֶער. אָט אַזַא תּוֹרָה הָאט שְׁמוּאֵל גֶעוָוייזֶען זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנ כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל אִיהם בֶּעסֶער פֶערְשְׁטֶעהן פְלֶעגְט עֶר זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אַיינְוִויקְלֶען אִין שֶׁאהנֶע וָוערְטֶער. בֶּעוַוייזֶען דֶעם אֱמֶת דוּרךְ קְלוּגֶע מְשָׁלִים. נָאךְ אַז עֶר הָאט גֶעוָואהנְט אִין שִׁילֹה. הָאט עֶר גֶע׳שֵׁם׳ט פוּן דֶערְוַוייטֶענְס אוּנ מֶען פְלֶעגְט דֶערְצֶעהלֶען אַז גָאט הָאט אֶלְקָנָה׳ן גֶעבֶּענְטְשְׁט מִיט אַ זוּהן. וָואס דֶער רוּחַ הַקֹּדֶשׁ רֶעדְט פוּן אִיהְם אַרוֹיס אוּנ אַז עֶר הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אִין רָמָה אִיז בַּיי קֵיינֶעם קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז עֶס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען דֶער צְווייטֶער מֹשֶׁה אוּנ אַז עֶס וֶועלֶען זִיךְ שׁוֹין אָנְהֵייבֶּען בֶּעסֶערֶע צַייטֶען. דֶערִיבֶּער אִיז אִיהְם טַאקִי גֶערָאטְהֶען דָאס פָאלְק בִּיסְלֶעכְוַויס אָבְצוּגֶעוָואהְנֶען פוּנ׳ם גָאטְצֶענְדִיענְסְט. שְׁמוּאֵל פְלֶעגְט נִיט וַוארְטֶען אוֹיף כָּבוֹד, מֶען זָאל צוּ אִיהְם קוּמֶען הֶערֶען וָואס עֶר וֶועט רֶעדֶען; עֶר פְלֶעגְט אַרוּמְפָאהְרֶען אִין אַלֶע אֶרְטֶער וואוּ עֶר הָאט נָאר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מֶען קָאן פֶערְבְּרֵייטֶען גָאטְ׳ס תּוֹרָה, עֶר אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועהן אַלֵיין; אִיהְם צוּ הִילְף זֶענֶען בַּאלְד גֶעקוּמֶען פִיעל פוּן דִי לְוִיִּם וָואס הָאבֶּען זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט אִין לַאנְד זַייט שִׁילֹה אִיז חָרוּב גֶעוָוארֶען אוּנ בַּאלְד הָאט עֶר אַרוּם זִיךְ גֶעהַאט אַ גַאנְצֶע חֶבְרָה פוּן יוּנְגֶע נְבִיאִים וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהָאלְפֶען אִין זַיין הֵיילִיגֶער אַרְבֵּייט.

נָאךְ אֵיין זַאךְ הָאט מִיטְגֶעהָאלְפֶען דֶערצוּ אַז שְׁמוּאֵל זָאל קָאנֶען זַיין שְׁלִיחוּת אוֹיספִיהְרֶען. אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט פוּן דִי שׁוֹפְטִים אִיז דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה גֶעוֶועהן נָאר אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים. עֶר הָאט נָאר גֶעהַאט צוּ טְהוּן מִיט שָׁאף-פַּאשֶׁען אוּנ הָאט זִיךְ מִיט קֵיינֶעם נִיט אָנְגֶעקֶעהְרְט. דִי יְבוּסִים זֶענְין גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען צְווִישֶׁען דִי בֶּארְג פוּן אֶפְרַיִם אוּנ יְהוּדָה אוּנ הָאבֶּען נִיט צוּגֶעלָאזְט אַז דֶער שֵׁבֶט זָאל זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען אִין דִיא עֲסָקִים פוּן זַיינֶע וַוייטֶע בְּרִידֶער; נָאר דִי קְלֶאפּ. וָואס עֶר הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעהַאפְּט פוּן דִי פְּלִשְׁתִּים. הָאבֶּען אִיהְם גֶעקָאנְט אַרוֹיסרַייסֶען פוּן זַיין נָארֶע. נָאר ווִי אַזוֹי דָאס אִיז שׁוֹין גֶעשֶׁעהן, אֵיינְס זֶעהֶען מִיר, אַז אִין שְׁמוּאֵלְ׳ס צַייט אִיז דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה, אִינְאֵיינֶעם מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, וָואס הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטֶען נֶעבֶּען אִיהְם, צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען מִיט׳ן כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אוּנ אַזוֹי זֶענְין צוּ-גֶעקוּמֶען אַסַךְ רֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס דִי אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעקָאנְט פוּן זֵיי זִיךְ אַ מוּסָר אַרָאבְּנֶעהְמֶען, וַוייל אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעקֶערְט צוּם שֵׁבֶט יְהוּדָה זֶענְין גֶעוֶועהן פְּרָאסְטֶע פַּאסְטוּכֶער. זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט פוּן קֵיין עֲבוֹדָה זָרָה, שְׁטֶאנְדִיג נָאר גֶעוֶועהן אִין פֶעלְד אוּנ אֲפִילוּ דִי וָואס הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט אִין דֶער

איינציגע שטאדט חברון האבען זיך ניט געלאזט אראבפיהרען פונ'ם וועג און זענען געבליבען ביי די אלטע מדות אונ מנהגים.

אבדאי האט מען ניט אומזיסט שמואל'ן גערעכענט פאר'ן גאנצען עיקר, וייל האטשי קיין גבור, וואס זאל זיך קאנען אויסצייכנען אין א מלחמה, איז ער ניט געוועהן, פון דעסטוועגען, אז ער האט זיך אונטערגענומען צו זיין דער פיהרער פונ'ם פאלק איז ער ניט בטל געוואורן דעמאלט ווען עס איז אויסגעקומען ענג אונ אז מען האט זיך בעדארפט שלאגען איז ער אויך קיין שלמזלניק ניט געוועהן. זיין נצחון איבער די פלשתים, פונקט ניט וייט פון דעם ארט, וואו די בני ישראל האבען אמאל פערלארען פיעל חיל אונ זענען געבליעבען אהן לוחות, האט נאר אין גאנצען געשטארקט אלע שבטים אונ געהייליגט ביי זיי דעם נאמען פונ'ם גרויסען נביא.

אזוי זענען אוועקגעגאנגען א יאהר צעהן אין פרייד אונ אין נחת. שמואל האט מיט אלע כחות געארבייט אז דער שלום זאל זיך ווייטער האלטען צווישען אלע שבטים אונ האט געוועהן אז עס זאל זיין אחדות ביי זיי אונ קיינער זאל מעהר ניט ווערען קיין גוטער ברודער מיט די גאטצענדיענער אונ ניט נאשען פון זייערע מנהגים אונ תורות. דער הויפטפונקט פון שמואל איז געוואורען די שטאדט מצפה, וואס האט געהערט צום שבט בנימין. שמואל, וואס איז אליין געוועהן א גרויסער משורר אונ פון זיין משפחה, פון די קרחים, זענען ארויסגעקומען אסף, ידותון אונ זיין בעריהמט ענקעל הימן, האט דער ערשטער איינגעפיהרט געזאנג בא'ם גאטעס דיענסט אונ דאס איז אויך געוועהן איינס פון די בעסטע מיטעל, וואס האבען בעפעסטיגט דעם גלויבען.

אזא שאהנער גאטעסדיענסט מיט זיסער מוזיק האט א ביסעל אוועקגע־רוקט אין א זייט די קרבנות אונ דערצו האבין זיך די כהנים אליין ניט געהאלטען אין דער מעלה ווי אין די פריהרינגע צייטען. א חוץ דעם האבען זיך די כהנים אבגעקליבען נאר א בעזונדער שטאדט נ"ב, ניט וייט פון ירושלים; אהין איז אוועק אחיטוב, איין ענקעל פון עלי הכהן, אונ האט מיט זיך מיטגענומען אלע כלי קדש, אונ דארט איז געווארען דער הויפטפלאץ, וואו די כהנים פלעגען האפען דעם בעסטען ביסען פון א פעטען קרבן. שמואל האט אבער ניט געוואלט וויסען פון דעם נייעם ארט אונ האט זיך מיט גרויס כבוד געפיהרט דאס ראדעל אין זיין ווינקעל ביז עס האט זיך ניט אנגעריקט אויף איהם די עלטער אונ ער האט שוין געמוזט מאכען פאר שופטים זיינע קינדער. שמואלס זיהן זענען אבער ניט געגאנגען אין וועג פון זייער אלטען טאטען. זיי האבען שוין מעהר געקוקט

אויף דער מטבע אונ ער עולם האט אויף זיי קיין כבוד נים געקאנט לעגען, קיין אנדערע לייטישע מענשען. וואס די מאכט זאל קאנען איבערזעהען צו זיי, האבען זיך ניט געפונען. אונ גראד דעמעלט האבען די פלשתים אויך אנגעהויבען קומען צו די כחות. זיי האבען זיך מישב געוועהן אז קריעגען זיך מיט איינענע איז אויך קיין תכלית ניט אונ אלע פינף מלכים פון פלשתים האבען געמאכט יד אחת אונ האבען זיך גענומען פארגראסערן זייער ממשלה. דאס ערשטע כפרה-הינדעל זענען געוועהן די פיניקיער. וואס מען האט ביי זיי צוגענומען די שטאט צידון אונ זיי אליין האבען זיך געמוזט אבזוכען א נייע פלאץ אויף א פעלזען ביים ים. וואס האט געהייסען דערנאך צור. אזוי זענען די פלשתים געווארען בעלי בתים פון גת ביז צידון אונ האבען שוין געווארפען איין אויג אויפ'ן לאנד פון ישראל. אונ נאך עטליכע יאהר פון מנוחה האט זיך אנגעהויבען א נייע מלחמה.

דערווייל האבען אויך די עמונים פארגעסען די קלעפ וואס זיי האבען געהאפט פון יפתח הגלעדי אונ זייער נייער קאניג נחש איז אנגעפאלען אויף די שבטים גד אונ האלב מנשה. וועלכע האבען זיך ארומגעקוקט אז זיי האלטען שמאל. האבען זייא אוועקגעשיקט שליחים צו שאולן ער זאל זיי העלפען. אונ דעמעלט האט דער נביא צום ערשטען מאל דער[...]רט אז דאס פאלק וויל א קאניג. דאס איז אפילו צום אנהייב שמואלן זעהר ניט געפאלען עפים איז דא איהם אויסגעקומען ניט גלאט אז פליצום זאל זיך א פאלק, וואס איז געוואהנט זיך פריי צו פירען. אונטערווארפען דעם ווילען פון א יחיד; נאר אז ער האט זיך איבערציינט אז אלע שבטים ווילען אויף זיך ארויפנעהמען דעם עול האט ער פערשטאנען אז דער רצון פונ'ם אייבערשטען איז דאביא אונ האט געזאגט אז מען זאל [...]ויסקלויבען שאולן, א פראסטען מענשען, וואס זיין פאטער קיש איז געוועהן א געוואהנליכער בעל הבית. ניט קיין גר[...]סער מיוחס, ווייל ער איז אר[...]עקומען פונ'ם קליינסטען שבט בנימין. אז דער גורל איז געפאלען אויף שאולן, האט מען איהם מיט גרוים מיה קוים אבגעזוכט, אונ אז שמואל האט איהם שוין געזאגט אונ ער איז דערנאך ארוים קיין גב[...]ה אונ האט זיך שוין גענומען אברעכנען מיט די שונאים, האבען זיך נאך געפו[...]ן פיעל אונצופריעדענע וואס האבען בשום אופן ניט געוואלט גלויבען אז ער [...] פירען גוט די מלוכה.

זעהר טרויעריג איז דעמעלט געוועהן די לאגע פון די בני ישראל, ווייל [...]ער צאך פון די פלשת[...] – [...] ב. כמעט דעם גרעסטען טהייל פון זיי [...]

אבגעשוואכט, אונ א סך האבען נאר ניט געוואלט וויסען פון קריעג אונ זענען בעסער געבליבען ביי די שונאים, אונ עס האט שאולן געקאסט גענוג מיה ביז ער האט זיך ענטשלאסען אנצוהייבען א מלחמה ווייל זיין זאהן יהונתן אונ זיין קרוב אבנר האבען זיך ארויסגעוויזען פאר גבורים. וואס פארשטעהען, ניט מיט קיין סך חיל נור זיין דעם גרויסען שונא. צום אנהייב איז יהונתן אנגעפאלען אין גבע אויף די פלשתים, אונ אז עס איז איהם געראטהען האבען זיך באלד אנגעהויבען שיטען פון אלע זייטען די שטארקע אונ בעהארצטע אונ האבען זיך פערזאמעלט אין גלגל, ווייל אהין האט בעשטעלט שמואל אז דער מלך שאול זאל אויך קומען אונ אויף איהם ווארטען זיבען טאג אונ דארט זאל ענטשלאסען ווערין וואס ווייטער צו טהון.

דערווייל האבען די פלשתים אויך ניט געדרימעלט אונ האבען זיך צוזעצויגען מיט נאר א גרויסע מחנה ביז מכמש. שאול, וואס איז מיט זיין חיל געשטאנען אין גלגל אונ האט מיט אונגעדולד ארויסגעקוקט שמואלן, איז דערווייל ביי זיך א ביסעל געפאלען געווארען אונ אז עס איז איהם נמאס געווארען צו ווארטען אויף דעם נביא האט ער זיך פערלאזט אויף גאט'ס בעראטהת, אונ זיך ענטשלאסען ווייטער פיהרען די מלחמה. ער האט געבראכט קרבנות, ווי דער מנהג איז געוועהן, עהדער ער האט זיך געזאלט לאזען אין וועג אריין. נאר דא איז אנגעקומען שמואל; ער איז שטארק ברוגז געווארען וואס מען האט אויף איהם ניט געווארט אונ האט זיך ניט געוואלט מעהר מישען. דאס איז געוועהן פאר שאולן גאר איין אומגערעכטער קלאפ אונ אז ער האט נאך דערזעהן, ווי די צאהל פון זיינע לייט ווערד פון טאג צו טאג ווייניגער, האט ער שוין גאר געוואלט אבלאזען האנד אונ פיס. נאר יהונתן האט נאך א מאל בעוויזען זיין בריה'שאפט. צווישען גבע, וואו שאול איז געשטאנען, אונ מכמש, וואו די פלשתים זענין געוועהן, איז א שעה לאנג; נאר צוקומען איינער צום אנדערן איז נאר שווער געוועהן ווייל הויכע שפיציגע בערג צוטהיילען די צוויי ערטער. איין מאל האט זיך גראד פארגלוסט יהונתן מיט זיין אדיוטאנט מאכען א פריוו אונ ארויפקלעטערן אויף די בערג. עס איז זיי געראטהען אונ ווי די פלשתים האבען זייא נאר דערזעהן איז אויף זייא אנגעפאלען א מורא אונ מיט איין קול: "די יודען קריכען פליצום ארויס פון די הוילע וואנד", האבען זיי זיך געלאזט לויפען. יהונתן אונ זיין חברה־מאן האבען דערווייל אנגעמאכט א רעש. מען זאל מיינען אז דאס גאנצע חיל איז שוין אויך דא מיט זיי. דערווייל האט מען דערזעהן אין גבע וואס

דָארְט גֶעהט פָאר תָאט זִיךְ שָׁאוּל מִיט דִי אֵיינְצִינֶע זֶעכְס הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהם נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען, בַּאלְד גֶעלָאזְט קֵיין מִכְמָשׁ אוּנ נָאךְ אַ גְרוֹיס גֶעשְׁלֶאג זֶענֶען דִי פְּלִשְׁתִּים גֶעפַאלֶען וִוי שְׁטְרוֹי, וַוייל דֶער פַּחַד הָאט זֵיי נָאר אִין גַאנְצֶען פַארְהֶערְדֶעהט דִי קָאפּ אוּנ אַ הוּיז דֶעם זֶענֶען בַּאלְד צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ שָׁאוּלֶ'ן דִי יוּדֶען וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער אַנְטְלָאפֶען צוּ דִי פְּלִשְׁתִּים.

אִין דֶער צַייט אִיז דֶער מֶלֶךְ פוּן דִי עַמּוֹנִים, נָחָשׁ, אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד אוּנ גֶעוָואלְט מַאכֶען פוּן זַייא אַ תֵּל. נָאר זֵיי זֶענֶען קֵיין נַארָאנִים נִיט גֶעוֶועהן: זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען שָׁלוֹם אוּנ דֶערְוַוייל גֶעשִׁיקְט מוֹדִיעַ זַיין אִין גֶבַע וָואס עֶס גֶעהט פָאר. שָׁאוּל הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָא מוּז מֶען זִיךְ גוּט אָבְּרֶעכְנֶען מִיט'ן שׂוֹנֵא אוּנ עֶר הָאט אַלֶע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל פֶערְזַאמֶעלְט אַרוּם זִיךְ אוּנ שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ צוּ לִיעב אַזַא גְרוֹיסֶער זַאךְ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְלָאגֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין אַחְדוּת וָואס הָאט גֶעמוּזְט פִירֶען צוּ נִצָּחוֹן. מִיט גְרוֹיס פְרֵייד הָאט זִיךְ דֶער עוֹלָם אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין גִלְגָל אוּנ דָארְט הָאט שְׁמוּאֵל צוּם צְוֵוייטֶען מָאהל גֶעזַאלְבְּט שָׁאוּלֶ'ן פַאר אַ מֶלֶךְ.

גֶבַע. וָואס אִיז בִּיז אַהֶער גֶעוֶועהן נָאר אַ קְלֵיין אָרְט, אִיז גֶעוָוארֶען דִי הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט, דָארְט הָאט זִיךְ שָׁאוּל אַיינְגֶעאָרְדֶענְט אוּנ גֶעלֶעבְּט וִוי עֶס שְׁטֶעהט אָן אַ קֶאנִיג אוּנ צְוִוישֶׁען אִיהם אוּנ שְׁמוּאֵלֶ'ן הָאט גֶעהֶערְשְׁט אַ פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ עֶר פְלֶעגְט נִיט אַרוֹיסְגֶעהן פוּנ'ם נָבִיא'ס רֶעד. - לוֹיט שְׁמוּאֵלס רַאטְה הָאט שָׁאוּל בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ נַייעֶ מִלְחָמָה מִיט דִי עֲמָלֵקִים אוּנ הָאט זֵיי אַיינְגֶענוּמֶען מִיט זַייעֶר אֶלְטְסְטֶען - אֲגַג. עֶר הָאט אָבֶּער נִיט אִין גַאנְצֶען גֶעפָאלְגְט דֶעם נָבִיא, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַז מֶען זָאל פֶערְנִיכְטֶען דִיא עֲמָלֵקִים אִינְאֵיינֶעם מִיט זַייעֶר פַארְמֶעגֶען, עֶס זָאל פוּן זַייא אֲפִילוּ קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְפִירֶען פוּן כָּבוֹד אוּנ פוּן רַייכְקֵייט אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען אֲגַג'ן פִירֶען אִין קֶעטֶען כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען זֶעהֶען וֶועמֶען עֶר אִיז בַּיינֶעקוּמֶען אוּנ דָאס פַארְמֶעגֶען הָאט עֶר גֶעלָאזְט פַארְטְהֵיילֶען צְוִוישֶׁען זַיינֶע קְרִיעגְסְלַייט. שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזֶעהֶן בִּנְבוּאָה אַלְדִינְג וָואס שָׁאוּל הָאט אָנְגֶעאַרְבֵּייט אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעפֶעהל פוּן גָאט עֶר זָאל אַרוּיס מִיט'ן הַארְבֶּען וָוארְט גֶעגֶען מֶלֶךְ אוּנ אִיהם אַבִּיסֶעל אוּנְטֶערְהַאקֶען דִי פְלִיגֶעל. אוּנ פוּנְקְט דֶעמֶעלְט וֶוען שָׁאוּל הָאט זִיךְ שׁוֹין אַזוֹיא הַייט פַארְגֶעסֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעלָאזְט שְׁטֶעלֶען אַ דֶענְקְמָאל, אִיז שְׁמוּאֵל פַאר'ן גַאנְצֶען עוֹלָם אַרוֹיס מִיט אַ פַייעֶרְנֶע

פונ'ם גלייכען וועג אונ האט ניט געטהון פונקטליך ווי גאט האט געבאטען.
ווייל דו האסט פערוואָרפען די ווערטער פון גאט – וועט דיך גאט פערוואַרפען
דו וועסט מעהר קיין קאָניג ניט זיין, אונ א בעסערן פון דיר וועט ער די
מלוכה איבערגעבען!"– אזוי האט שמואל געזאגט אונ די רעד האבען ווי פיילען
דורכגעלאכערט דאס הארץ פון שאול'ן. אומזיסט איז שוין געוועהן זיין בעטען.
אומזיסט האט ער באלד געהייסען טייטען אגג'ן, עס האט איהם גאר ניט
געהאָלפען: שמואל האט אפילו לפנים זיך ווי געלאזט איבערבעטען, נאר זיי
האבען זיך באלד צושיידט. שאול איז געבליבען אין גבע אונ שמואל איז
צוריק אוועק קיין גלגל, אונ מעהר האבען זיי זיך שוין ניט בעגעגענט.

פון דעמעלט אן האט זיך צו שאול'ן אריינגעהאפט דיא שרעקליכע מרה
שחורה. וואס ער האט פון איהר אזוי פיעל געליטען ביז דעם טויט, אונ ער
האט געזוכט זיך צו פערגעסען נאר אין דיא גרויסע מלחמות וואס ער האט
אנגעהויבען מיט אסך קליינע פעלקער ארום אונ ביי זיך אין לאנד אונ צו ליעב
דעם האט ער אפילו ניט געלאזט רוהען די גבעונים, וואס יהושע האט זיי
צוגעזאגט אז מען וועט זיי לאזען פריי זיצען. די מלחמות האט שאול געפיהרט
כדי פון איין זייט צו בעפעסטיגען דעם נאמען פון גאט אונ אויסניקערן דיא
נאטצענדיענער אונ פון דער אנדערער זייט צו בעווייזען זיינע גבורות. דאס
פאלק זאל זעהן אז ער איז ווערטה צו זיין א קאניג אונ פערדיענט די גאלדענע
קרוין, וואס ער האט אנגעטהון אויף זיין קאפ.

שמואל האט דערווייל געזעהן בנבואה אז ער דארף געהן קיין בית לחם
אונ אז דארט וועט ער געפינען דעם, וואס גאט האט איהם בעשאפען צו ווערען
א מלך. שטיל איז דער נביא אהין געקומען, זיין אויג איז געפאלען אויף א משפחה
פונ'ם שבט יהודה פונ'ם מיטלען גראד. ער האט באלד אויסגעקליבען איינעם
פון ישי'ס אכט זיהן. דעם אכטצעהניאהריגען פאסטוך דוד אונ בסוד איהם
געזאלבט ווי א קאניג.

שאול איז דערווייל געוועהן פארטראגען אין זיינע מלחמ"ת אונ מיט דיא
פלשתים איז איהם טאקי אזוי גרינג ניט אנגעקומען. איין מאל האט זיך געמאכט
וואס די פלשתים האבען ארויסגעשטעלט פון זייער זייט א ריז גלית אונ האבען
געפאָדערט אז שאול זאל פון זיין זייט אויך ארויסשיקען עפיס א העלד. זייא
ביידע זאלען זיך שלאגען אונ ווער עס וועט פאלען, דער וועט זיך מוזען אונטער-
געבען. זעהר ביטער איז געוועהן שאול'ן ווען ער האט דערזעהן אז פון זיין חיל
ריהרט זיך קיינער ניט אונ אז צווישען זיינע לייט געפינען זיך ניט א זיינע וואס

זָאלֶען זִיךְ בַּאדֶעוֶוען אוֹיף דִי בַּייכֶע מַתָּנוֹת וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אוּן אֲפִילוּ אוֹיף דֶער הַאנְד פוּן דֶער בַּת מַלְכָּה. פְּלִיצוּם הָאט שָׁאוּל דֶערְהֶערְט אַז עֶס הָאט זִיךְ נָאר גֶעמֶעלְדֶעט אַ קְלֵיינְשְׁטֶעדְטִילְדִיג פַאסְטוּכֶעל אוּן מִיט אַ שְׁטַארְקֶען סָפֵק אִין הַארְצֶען הָאט עֶר אִיהְם עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ אַקֶעגֶען־שְׁטֶעלֶען גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דָוִד, וָואס הָאט מִיט אֵיין קְלֵיין שְׁטֵיינְדֶעל גֶעעֶקְט מִיט׳ן רִיז. פֶערְטְרִיבֶּען דִי שׂוֹנְאִים, אוּן זִיךְ בַּאלְד אַ גְרוֹיסֶען נָאהְמֶען גֶעקוֹיפְט אִין פָאלְק אוּן בַּא׳ם מֶלֶךְ אַלֵיין, וָואס הָאט מִיט פֶערְגֶנִיגֶען גֶעקוּקְט מִיט וָואס פַאר אַ גְרוֹיס לִיבְשַׁאפְט אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען זַיין זוּהְן יְהוֹנָתָן אוּן מִיט וָואס פַאר אַ מַעֲלוֹת נָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם יוּנְגֶען הֶעלְד. דָוִד הָאט זִיךְ אָבֶער דֶערְוַוייטֶערְט פוּן כָּבוֹד אוּן אִיז זִיךְ צוּרִיק אַוֶועק אִין זַיין פָאטֶערְס הוֹיז.

נִיט לַאנְג אִיז עֶר אָבֶער דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען. שָׁאוּל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען יֶעדֶען טָאג אַרֵיינְצוּפַאלֶען אִין אַ גְרֶעסֶערֶער מָרָה שְׁחוֹרָה אוּן דָוִד הָאט ווִידֶער גֶעמוּזְט וֶוערֶען בַּיי אִיהְם אַ בֶּן בַּיִת אוּן מִיט זַיין שֶׁעהְן שְׁפִּיעלֶען אוּן זִינְגֶען פֶערְלַייכְטֶערְן דֶעם קֶענִיגְ׳ס שְׁמֶערְץ. שָׁאוּל אִיז שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען צוּ דָוִדְ׳ן; נָאר גִיךְ הָאט זִיךְ דִי קִנְאָה אַרֵיינְגֶעכַאפְּט אוּן צוּשְׁטֶערְט דִי גַאנְצֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט. דָוִד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ לָאזֶען אִין אַלֶע מִלְחָמוֹת אוּן אוּמֶעדוּם הָאט עֶר בֶּעוִויזֶען זַיין גְרוֹיס בְּרִיָה׳שַׁאפְט אוּן זִיךְ מִיט דֶעם שְׁטַארְק בֶּעלִיעבְּט גֶעמַאכְט בַּיי׳ם פָאלְק. אֵיין מָאל נָאךְ אַ גְרוֹיסֶען נִצָּחוֹן, זֶענִין אִיהְם אַקֶעגֶענְגֶעקוּמֶען דִי פְרוֹיעֶן מִיט גֶעזַאנְג אוּן טֶאנְץ אוּן הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען: „שָׁאוּל הָאט גֶעשְׁלָאגֶען טוֹיזֶענְדֶער אוּן דָוִד צֶעהְנֶער טוֹיזֶענְדֶער“ דָאס הָאט מֶען אָנְגֶעטְרָאגֶען אִין דִי אוֹיעֶרְן פוּן שָׁאוּל אוּן עֶר אִיז אִיהְם גֶעוָוארֶען אַ שׂוֹנֵא. פְרִיהֶער אִיז אֲפִילוּ דִי שִׂנְאָה גֶעוֶועהן אַ בִּיסֶעל פַאר־דֶעקְט אוּן דָוִד, וָואס שָׁאוּל הָאט גֶעמוּזְט בֶּעשְׁטֶעהְן עֶר זָאל חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט זַיין יוּנְגְסְטָער טָאכְטֶער מִיכַל. פְלֶעגְט הָאבֶּען אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף גְרוֹיס כָּבוֹד, נָאר בִּיסְלֶעכְוַויים אִיז דִי פַיינְדְשַׁאפְט אַרוֹיס אָפֶען אוּן עֶר אִיז גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהן צוּ אַנְטְלוֹיפֶען, ווַייל שָׁאוּל הָאט זִיךְ טַאקִי פָּשׁוּט גֶענוּמֶען אוֹיף זַיין לֶעבֶּען. בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם דָוִדְ׳ן צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע, וָואס זֶענִין אוּנְצוּפְרִיעדֶען גֶעוֶועהן פוּן שָׁאוּלְ׳ן אוּן בֶּעזָאנְדֶערְס דְרַיי הֶעלְדֶען, יוֹאָב, אֲבִישַׁי אוּן עֲשָׂהאֵל, אוּן אֵיינֶער פוּן שְׁמוּאֵלְ׳ס תַּלְמִידִים, גָד, אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְלֵיינֶע מַחֲנֶה, וָואס הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען זִיךְ אָבְּרֶעכֶענֶען מִיט שָׁאוּלְ׳ן. בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט דֶערְהַרְגֶעט אַלֶע כֹּהֲנִים אוּן צוּשְׁטֶערְט זֵייעֶר שְׁטָאדְט נֹב אוּן פוּן דֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה פוּנְ׳ם כֹּהֵן גָדוֹל עֵלִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיין אֶבְיָתָר, וָואס אִיז אוֹיךְ צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דָוִדְ׳ס לַייט.

דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוַוייל עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ בֶּענוּצֶען זִיךְ מִיט דָוִדְ'ן אוּנ אָכִישׁ דֶער מֶלֶךְ פוּן גַּת הָאט אִיהם אָבְּגֶענֶעבֶּען דִי שְׁטָאדְט צִקְלָג מִית רֶעם אוּפן אַז וֶוען דִי פְּלִשְׁתִּים וֶועלִ'ן אָנְפַאלֶען אוֹיף שָׁאוּלִ'ן זָאל עֶר זַיי גֶעהן צוּ הִילְף. דִי פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען טַאקִי בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה אוּנ דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ זֶעהר טְרוֹיעֶרִיגֶער לַאגֶע. וַוייל עֶס אִיז אִיהם אוֹיסְגֶעקוּמֶען גֶעהְן אַקֶעגֶען זַיינֶע אֵיינֶענֶע בְּרִידֶער; נָאר דָאס גְלִיק אִיז גֶעוֶועהן וָואס דִי פְּלִשְׁתִּים אַלֵיין הָאבֶּען צוּ דָוִדְ'ן אוּנ זַיין חֶבְרָה קַיין גְרוֹיס צוּטְרוֹיעֶן נִיט גֶעהַאט אוּנ דַארִיבֶּער הָאט מֶען זַיי נִיט מִיטְגֶענוּמֶען. דִי מִלְחָמָה אִיז אָבֶּער גֶערָאטְהֶען דִי פְּלִשְׁתִּים, וַוייל שָׁאוּל אִיז בַּיי זִיךְ אִין גַאנְצֶען אַרָאבְּגֶעפַאלֶען, קַיין רֶעכְטֶע עֵצָה הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין נִיט גֶעקָאנְט גֶעבֶּען, וֶועמֶען צוּ פְרֶעגֶען הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גֶעהַאט אוּנ זַיין פְרִיהֶרִיגֶער פֶּעסְטֶער ווִילֶען אִיז אַזוֹי שְׁוַואךְ גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט גֶעזוּכְט הַכְמוֹת בַּיי כִּשּׁוּף מַאכֶערִינְס אוּנ הָאט פֶערְלָארֶען זַיין לֶעצְט בִּיסֶעל מוּטְה. אוֹיף דִי בֶּערְג גִלְבּוֹעַ אִיז גֶעפַאלֶען יְהוֹנָתָן אוּנ זַיינֶע בְּרִידֶער אֲבִינָדָב אוּנ מַלְכֵּי שׁוּעַ אוּנ טַאקִי דָארְט אוֹיפְן אָרְט הָאט זִיךְ שָׁאוּל דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען. דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען שָׁאוּלְ'ס קָאפּ אַבְּגֶעשְׁטֶעלְט צוּ זִיךְ אִין טֶעמְפֶּעל אוּנ זַיין קָארְפֶּער מִיט דִי קִינְדֶער'ס אַרוֹיס גֶעהַאנְגֶען אוֹיף דִי מוֹיעֶרְן פוּן בֵּית שְׁאָן אוּנ מִיט גְרוֹיסֶער מִיה הָאבֶּען זַיי דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד גֶעבְּרַאכְט צוּ קְבוּרָה. אַז דִי ווִיסְטֶע בְּשׂוּרָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קַיין גֶבַע אִיז אוֹיף אַלֶע גֶעפַאלֶען אַ פַּחַד, מֶען הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען אוּנ אִין אַיילֶענִישׁ אִיז יְהוֹנָתָנְ'ס פִינְפְיֶאהְרִיג קִינְד מְפִיבֹשֶׁת אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַקְרוּמֶער. אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אִיז גֶעוֶועזֶן דֶער סוֹף פוּנְ'ם עֶרְשְׁטֶען קֶענִיג. וָואס דָאס פָאלְק הָאט אוֹיף אִיהם זַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט.



# דריטעס קאפיטעל.

## דוד המלך.

(1015—1055 ביז קריסטוס געבורט. 1087—1127 פארן חורבן בית שני)

ניט פרעהליכער איז אויך געוועהן דוד'ס לעבען. פון איין זייט האבען זיינע אייגענע ברידער געקוקט קרום דאראויף וואס ער האט געמאכט יד אחת מיט די פלשתים און פון דער אנדערער זייט האט זיך ארויסגעוויזען אז אויף די נייע גוטע פריינד האט ער זיך אויך ניט געקאנט פערלאזען. אין דער צייט וואס דוד מיט זיין חיל זענען געוועהן אין דער מחנה פון די פלשתים פערטיג צו געהן מיט זיי אינאיינעם אין מלחמה און ביז דער ישוב איז געבליבען מען זאל זיי היטען זיצען אין דער היים, האבען דערווייל די עמלקים פארברענט די שטאדט צקלג. דאס איז געוועהן פאר דוד'ן א גרויסער קלאפ, נאר ער האט זיך באלד גענומען אפרעכנען מיט די שונאים און האט זיי טאקי גוט צושלאגען. ווי ער האט געהאלטען אין כויען נאך אמאל די צושטערטע שטאדט צקלג איז אנגעקומען דיא ידיעה פון שאול'ס טויט און זיינע קינדער. דער טויט מאכט שלום צווישען די גרעסטע שונאים און אויך דוד האט פארגעסען אלע צרות וואס ער האט איבערגעליטען דורך שאול'ן און מיט הייסע טרערען און פייערינע טרויער־לידער האט ער בעוויינט דעם ביטערן סוף פונ'ם ערשטען יודישען קעניג. באלד נאך דעם איז ער אריבער קיין חברון און דארט האבען איהם די עלטסטע אנגענומען פארין מלך פון יהודה. אבישי'ן האט עס ניט געהארט, ווייל ער האט נאך אלץ גערעכענט דוד'ן פאר א גוטען פריינד, און עס איז טאקי דוד'ן שווער געוועהן אין גאנצען זיך אפצוזאגען פון די פלשתים און דאריבער פלעגט ער זיך בעגנוגען דערמיט וואס ער האט געקאנט אנפאלען אויף די קליינע פעלקער פון דער מדבר ארום און זיך בענוצען מיט זייער רויב און דערצו פלעגט איהם העלפען יואב, א גבור וואס וואלט אים שטאנד געוועהן צו מאכען איין עק מיט די פלשתים. ווען דוד'ס האנד וואלטען ניט געוועהן געבונדען.

נאר וואס עס איז שווער געוועהן דוד'ן אויסצופידערע איז געראטהען

אבנר'ן . וואס איז באלד נאך דער גרויסער מפלה אין גלבע אוועק מיט א טהייל איבערגעבליבענע פריינדע פון שאולן קיין מחנים און דארטען ערקלערט דעם איינציגען זוהן שאולס , איש־בשת , פאר קאניג . באלד האט ער צונויפגענומען א גרויסע מחנה און אנגעהויבען מיט די פלשתים א קריעג וואס האט געדויערט פינף יאהר און געפיהרט דערצו אז די עשרת השבטים זענען געבליבען אונטער דער הערשאפט פון שאולס יורש און יהודה איז געווארען א בעזונדער מלוכה . דאס איז אויך ניט גוט געוועהן , ווייל חאטשי אבנר האט געמאכט א תל פון די פלשתים , איז דערווייל געווארען א שנאה צווישען בית שאול און בית דוד און עס איז ארויס א אפענטליכע קריעג וואס האט זיך געצויגען צוויי יאהר . ווער ווייסט מיט וואס אזא מלחמה צווישען איינענע ברידער וואלט זיך געוועהן אויסגעלאזט ווען אבנר ענטשליסט זיך ניט איבערצוגעהן אויף דודס זייט . גענומען האט זיך עס דערפון וואס אבנר האט געווארפען איין אויג אויף שאולס קעפס־ווייב רצפה . איש־בשת איז דערפון געוואהר געווארען און האט ניט געוואלט ליידען , ווייל ער האט מורא געהאט אז אבנר זאל דורך דעם ניט וועלען אין גאנצען די מלוכה ארייןחאפען אין די האנד אריין . דאס האט אבנרן שטארק פערדראסען און ער האט בסוד געשיקט שליחים צו דודן און איהם געלאזט זאגען אז ער וויל איהם העלפען צו ווערען מלך איבער דעם גאנצען פאלק . דוד , פארשטעהט זיך , האט זיך באלד אנגעהאפט און קודם כל האט ער געפאדערט פון איהם אז ער זאל זעהען איהם אומקעהרען זיין געליעבט ווייב מיכל וואס האט ביי שאולס לעבען געמוזט פון איהם אפשיידען און חתונה האבען מיט איינעם פונ'ם שבט בנימין , פלטי בן ליש . אבנר האט אזוי געדרעהט אז איש בשת איז אליין בעשטאנען דארויף אז מען זאל מיכל'ן צוריק ברענגען צו דודן . דערווייל האט שוין אבנר געקאנט מעהר אפענטליך אונטערהאנדלען מיט דודן און ער איז שוין געשטאנען נאהענט צום ציעל , נאר יואב האט געזעהען אז עס איז פאר איהם קיין תכלית ניט , אבנר זאל זיך ארויפחאפען אויפן באנקעל . און האט אזוי געמאכט אז פליצום איז מען אנגעפאלען אויף אבנר'ן ביים טויער פון חברון און מען האט איהם דערהרג'ט .

אבנר'ס אומצייטיגער טויט האט פיעל שמערצען געבראכט דודן , וואס האט איהם בעקלאגט און איהם געלאזט בעגראבען מיט'ן גרעסטען כבוד , וואס עס קומט אבצוגעבען א העלד . נאר נאך מעהר שרעק האט ער געבראכט אויף איש־בשת . וואס איז געבליבען ווי אהן א האנד און האט ניט געוואוסט

וואס אָבער האט די לעצטע צייט אָבגעטהון אונ מיט וואס פאר אינגווייניגסטע שונאים ער איז שוין געוועהן ארומגערינגעלט. דערפאר האט זיך אויך איש־בשת ניט אָבגעהיט אונ באלד נאך דעם זענען אויף איהם אָנגעפאלען צוויי רוצחים אונ האבען איהם געטוידט. די מערדער האבען געמיינט אז דוד וועט זיי רייך בעלוינען ווען זיי וועלען איהם ברענגען די בשורה פון איש־בשת'ס טויט נאר זיי האבען א גרויסען טעות געהאט אונ האבען טאקע באלד מיט'ן לעבען בעצאהלט פאר דער רציחה. אזוי איז דוד געווארען מלך איבער אלע שבטים אונ דערצו האט ער נאך געהאט א שטארקע שטיצע פון די כהנים אונ נביאים, ווייל אויסער אביתר אונ גד איז ביי איהם אין הויף דערמעלט געוועהן נתן הנביא. אונ אלע האבען זיך בעמיהט צו בעפעסטיגען די ליעבע פונ'ם פאלק צום נייעם קאניג.

דוד'ס ערשטער געדאנק איז מן הסתם געוועהן זיך צו בעפרייען פון די פלשתים'ס אלטער פריינדשאפט, ער האט אָבער פארשטאנען אז דערצו מוז מען האבען אנדערע כחות אונ האט זיך דאריבער ענטשלאסען מעהר זיך בעפעסטיגען דערוויל אויפ'ן פלאץ. דאס ערשטע האט זיך איהם געווארפען אין אויג דער בארג ציון, וואס איז געוועהן אין די האנד פון די יבוסים. דוד האט לכתחלה געוואלט געהן מיט גוטען. נאר אז די יבוסים האבען זיך איינגעשפארט, האט יואב געמוזט בעווייזען זיין גבורה־שאפט אונ אז זיי האבען געזעהן אז ער רעכענט זיך מיט זיי גוט אב אונ זיי וועלען גאר ניט מאכען, האבען זיי זיך געמוזט אויסגלייכען. אבטרעטען ציון אונ אליין זיך בעזעצען אויפ'ן בארג מוריה.

אז דוד האט זיך בעפעסטיגט אין ציון איז ער באלד אהין אריבער פון חברון, אונ די שטאדט וואס מען האט צום אנהייב גערופען "עיר דוד", האט בעקומען א נייעם נאמען "ירושלים". פריהער האט זיך דארט בעזעצט דאס טייל פון דודן אונ דערפאר האט דאס ארט געהייסען אויך "בית הגבורים", אונ דערנאך האט זיך די שטאט אלע מאל פארגרעסערט אונ איז פון דערמעלט אן געבליבען די הייליגסטע פאר אלע ביז צום היינטיגען טאג. שכם וואלט אפילו געוועהן בעסער פאר דודן, ווייל די ערד איז דארט געוועהן פרוכטבארער, נאר דוד האט פערשטאנען אז עס איז גלייכער זיך האלטען פון דער ווייטענס פון די בני בנימין וואס האבען ניט אזוי אנגעקוועלט דערפון וואס די מלוכה איז איבערגעגאנגען פון זיי צו איינעם פונ'ם שבט יהודה. אויסער דעם האט ער אויסגעקליבען ירושלים דערפאר

ווייל דארט איז געוועהן א מיטעלפונקט און ער איז געוועהן גלייך נאהענט צו אלע שבטים.

די פלשתים האבען זיך געשטויסען אז ניט היינט־מארגען וועט דוד ארויסשפרינגען געגען זיי. האבען זיי פריהער דערהאפט און האבען אנגעהויבען געהן קיין ירושלים אז דוד האט דאס דערהערט איז ער אריבער מיט זיין חיל קיין עדולם. די פלשתים האבען גערעכענט אז דוד אנטלויפט, האבען זיי זיך נאך מיט מעהר השק צוגערוקט און האבען פארנומען בית לחם. דוד האט אבער געהאט איין אנדער מיין: ער האט געזוכט צו געווינען צייט און פון אלע שבטים זאלען צו איהם צושטעהן די וואס פארשטעהען מיט קריגען צו בעשיצען זייער לאנד. ער האט אויך קיין טעות ניט געהאט, ווייל באלד האט ער געזעהען ארום זיך פערזאמעלט די גרעסטע גבורים. דוד האט זיי געוואלט פרובען, האט ער געזאגט אויף איין הלצה אז ער וואלט מיט פערגעניגען געטרונקען וואסער פון בית לחם, וואו דער שונא איז געשטאנען, און טאקע באלד האבען זיך געפונען דריי העלדען, ישבעם אלעזר און שמה, וואס האבען זיך דורכגעשלאגען דורכ׳ן פיינד און געבראכט וואסער. דוד האט, פארשטעהט זיך, ניט געוואלט טרינקען דאס וואסער, וואס איז געבראכט געווארען מיט אזא מסירת נפש, און האט מיט פרייד ערקלערט וואס זיין כוונה איז געוועהן. דוד האט אויך שוין קיין לאנגע שיהות ניט געמאכט און האט ניט נאר פארטריבען די פלשתים פון זיין לאנד, נאר ער האט זיך נאך אריינגעהאפט צו זיי און צוגענומען ביי זיי זייער הויפטשטאדט גת.

דער נצחון איבער די פלשתים האט דוד׳ן און זיין פאלק געמאכט א גרויסען נאהמען אין אלע לענדער ארום, און חירם, דער מלך פון צור, האט באלד געשיקט צו איהם שליחים צו שליסען מיט איהם פריינדשאפט, כדי די סוחרים פון צור זאלען קאנען פריי דורכפאהרען דורכ׳ן לאנד פון די בני ישראל און דער מסחר זאל אין ביידע לענדער פערשטארקט ווערען. חירם האט איהם אויך געשיקט א מתנה — טהייער צעדער־האלץ, און געלאזט קומען די בעסטע בעלי מלאכות זיי זאלען דוד׳ן אויסבויען א פאלאץ. דוד האט זיך בענוצט דערמיט און ירושלים האט אנגעהויבען צו גלאנצען מיט די שאנסטע געביידען. נאר פאר אלע זאכען האט דוד געטראכט צו בעפעסטיגען די אמונה און האט א נדר געטהון אז ער וועט זיך ניט אריינציהען אין זיין נייע הויז ביז ער וועט ניט איבער פיהרען קיין ירושלים דעם ארון אלהים מיט די

לוחות וואס האט זיך געפונען. זייט שילה איז צושטערט געווארען אין קרית יערים. ער האט אויך ניט גערוהט ביז ער האט זיין היילינגען גערעדאנק אויסגעפיהרט: עס האט זיך אפילו געמאכט איין עכוב און שלימע הקדשים ווייל ווען מען האט שוין געפיהרט דעם ארון אויף א וואגען אונ צוויי לוים האבען איהם באלייט האט איינעם פון זיי איין אומגליק געטראפען. נאר שפעטער האט מען דעם ארון מיט גרויס פאראד אריינגעבראכט קיין ירושלים אונ דוד איז אזוי געוועהן בערוישט דערפון אז ער האט פארגעסען זיין שטאנד. ער האט אפענטליך געשפרונגען אונ געטאנצט אין נאס פאר שמחה אונ דאס איז שטארק ניט געפאלען זיין ווייב מיכל. וואס האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען אונ א ביסעל דערפון חוזק געמאכט. דוד האט אויך געזארגט אז ירושלים זאל האבען א כהן אונ האט אויסגעקליבען זיין פריינד אביתר. וואס איז איהם געשטאנען אין אלע נויטהען; נאר אזוי ווי אין גבעון איז געוועהן נאך פון פריהער א כהן צדוק וואס שאול האט איהם גע‌ך געשטעלט, האט דוד געמאכט עס זאלען זיין צוויי כהנים. צדוק אין גבעון אונ אביתר אין ירושלים. דערצו האט אויך דוד איינגעפיהרט א שאנעם גאטעס-דיענסט מיט געזאנג אונ שפיעל. ווי עס איז אנגעשטאנען דעם וואס מען האט גערופען .נעים זמירות ישראל.

דוד האט זיך אבער אויך געהאלטען אין דעם כלל: אז וואס צו גאט – איז צו גאט אונ וואס צו לייט – איז צו לייט. קוים האט ער פארזארגט די אמונה, האט ער זיך גענומען צו פארבעסערן דאס אינוועניגסטע לעבען פונ'ם פאלק. עס איז איהם געראטהען וואס ער האט צוגעקומען פאר א יועץ אחיתופל הגלוני וואס פלעגט כמעט קיין מאל קיין טעות ניט האבען אונ ביז ער איז שפעטער ניט געווארען דוד'ן א שונא האט ער איהם געגעבען די בעסטע עצות. צום ערשטען האט ער געמאכט אז אלע שבטים זאלען האבען א גלייכע ... אין בעשיצען פונ'ם לאנד אונ האט איינגעפיהרט אז פון צוואנציג יאהר אן זאלען א געוויסע צאהל פון די מענער דיענען אין חיל. דערנאך האט ער גוט אכטונג געגעבען אז יושר אונ ארדנונג זאלען הערשען אין לאנד. ער פלעגט זיך אליין אבגעבען מיט אויסגלייכען צדדים. מאכען שלום אונ מיט דעם איז ער נאך מעהר בעליעבט געווארען ביי אלע. פון זיינע פריהערדיגע לייט איז יואב געבליעבען דער עלטסטער איבער'ן גאנצען חיל אונ בניהו בן יהוידע איז געוועהן דער הויפטמאן פון די בערימטע

קריעגס-לייט, כרתי און פלתי, וואס דוד האט געהאלטען פאר בעזונדערע שומרים פונ'ם הויף.

דערווייל האט זיך געמאכט א שטארקער נסיון פאר דוד'ן. עס איז גראד דריי יאהר דורכאיינאנד געווארען א הונגער און דער כהן אביתר האט געזאגט אז דאס איז א שטראף דערפאר וואס שאול האט ניט געהאלטען די שבועה געגען די גבעונים. דוד האט געשיקט פרעגען די עטליכע גבעונים, וואס זענען נאך געבליבען, וואס זיי ווילען און זיי האבען זיך איינגעשפארט אז זיי וועלען ניט מוחל זיין ביז מען וועט ניט דערהרגענען שאולס קינדער. דוד'ן איז שטארק שלעכט געווארען, ווייל ער האט מורא געהאט מען זאל איהם ניט חושד זיין אז ער וויל אליין עס זאל פון שאולס משפחה קיין זכר ניט בלייבען. פון דעסטוועגען האט ער געמוזט צוליעב טהון די גבעונים, וואס האבען באלד אבגעזוכט און אויפגעהאנגען אין גבעת שאול צוויי זיהן רצפה'ס און פינף שאולס אייניקלעך, קינדער פון זיין טאכטער מרב. נאר יהונתן'ס זוהן, מפיבשת, האט ער קוים אבגעראטעוועט און גענומען צו זיך אין הויף אריין, ווייל ער האט געדענקט די שבועה וואס ער האט געשווארען זיין יוגענד-פריינד אז עביג וועט ער טריי זיין זיינע קינדער. און חאטשי ער האט בעהאנדעלט מפיבשת'ן ווי זיין אייגען קינד, איז פארט געבליבען ביי די בני בנימין א שנאה אין הארצען. זיי האבען זיך געטראכט אז דוד האט געלאזט מפיבשת'ן לעבען ווייל ער איז א קאליקע און טויג ניט צו דער מלוכה, און טאקע דערפאר, אז די הצלחה האט זיך שפעטער אבגעטהון פון דוד'ן, האט ער פון זיי בעקומען דעם ערשטען שטיין.

צוואנציג יאהר האט ער געקאנינט מיט גליק און נחת און אלע מלחמות וואס ער האט אין דער צייט געפיהרט האבען נאך מעהר פארגרעסערט זיין כבוד און געווארפען זיין פחד אויף אלע שכנים פון ווייט און פון נאהענט. ער האט זיך נוקם געוועהן אין די מואבים פאר איין אום-כבוד וואס זיי האבען בעוויזען זיינע שליחים און אויך א תל געמאכט פון די עמונים, וואס האבען זיך גענומען צו הילף די ארמים און האבען דאך געמוזט איינבייגען דעם קאפ. איבערלאזען דוד'ן די אלטע שטאדט דמשק און איהם נאך צאהלען מס. דאס לאנד, וואס האט צום אנהויב פון דוד'ס מלוכה זיך געכעלעבנט נאר צווישען דן און באר שבע, האט מיט א מאל צוריק די גרעניצען פון נחל מצרים און עזה ביז דעם טייך פרת. נאר די גאנצע גדולה האט דוד'ן ניט פארדרעהט דעם קאפ מיט גאוה, ער האט זיך

ניט געוואָלט שטעלען ווי שאול אַ דענקמאל בײ׳ם לעבען. ווייל צוויי גרויסע געדאנקען האָבען געהערשט בײ איהם און בײ אַלע זײנע העלדען: אַז ערשטענס. איז אַלדינג געווענדט אין דעם איבערערשטען · וואָס אין זיין האַנד איז פונקט דער נצחון ווי די מפלה , און אַז , צווייטענס . קאָן געראָטהען נאָר די מלחמה וואָס ווערד אָנגעהויבען פאַר זיין הייליגען נאָהמען און טאַקע דערפאַר האָט בײ זײ גאָט געהייסען .צבאות״. דאָס הייסט – דער האַר פון אַלע חילות.

ניט איבּיג דויערט אָבער דאָס מענשליכע גליק און נאָך גאָר ליכטיגע טאָג קומען אָפט זעהר פינסטערע נאַכט . דאָס איז אויך געשעהען מיט דוד׳ן. ווען יואב מיט׳ן חיל האָבען בעלאַגערט די הויפטשטאָדט פון די עמונים , האָט דוד איין מאהל אין ירושלים דערזעהען פון ווייטענס שפּאַצירען די שעהנע בת שבע , אַ ווייב פון אוריה החתי , איינעם פון זײנע געטרייעסטע העלדען , זי איז איהם שטאַרק געפעלען . האָט ער זי געלאָזט בעטען צו זיך און זי איז בײ איהם געוואָרען נאָר הײמיש אין אַ קורצער צייט האָט דוד בעמערקט אַז בײ בת-שבע׳ן הייבען זיך אָן ארוים צווייזען צייכענס פון זייער בעקענטשאַפט . האָט ער זיך ענטשלאָסען צו מאַכען איין אויסרעד און לאָזען קומען דעם מאַן פונ׳ם לאַגער , כּדי ער זאָל דערמיט פאַרדעקען די שאַנדע. אוריה האָט זיך אָבער געיאָגט צוריק אין לאַגער אַריין און אַז דוד האָט געזעהן אַז ער וועט מיט איהם גאָר ניט מאַכען , האָט ער געגעבען אַ ווינק יואב׳ן מען זאָל אוריה׳ן שטעלען אויפ׳ן ערשטען פייער. עס האָט נאָר ניט געדויערט – איז בת שבע געבליבען איין אַלמנה , נאָר זי האָט זיך באַלד געטרייסט און גאָר גיך איז זי אַריבער אין קאָניגליכען פּאַלאַץ און האָט געבאָרען אַ קינד . וואָס האָט ניט לאַנג געלעבט.

אַזאַ עולה פון דעם וואָס מען האָט איהם ביז אַהער מיט רעכט גערעכענט פאַרן בעשיצער פון יושר און אמת , האָט זיך געמוזט וואַרפען אין אויג די עפליכע געצעהלטע גרויסע מאַנער וואָס זעניגן קיינעם ניט נושא פּנים און זאָגען יעדען פריי אַרוים זייערע געדאַנקען. דערפאַר זעהען מיר ווי טאַקי באַלד איז אויסגעוואַקסען בײ דוד׳ן נתן הנביא און האָט איהם דערצעהלט אַ משל פון אַ רײכען , וואָס גאָט האָט איהם געבענשט מיט גרויסע רייכע טשערעדעס און וואָס האָט זיך ניט געשעהמט צו-צונעהמען בײ אַ אָרעמען פאַסטוך זיין איינציג קליין שעפעלע. מיט דעם האָט דוד דערויף געענטפערט אַז אַזאַ גזלן פאַרדיענט די גרעסטע שטראָף. „דאָס ביסט דו מיט אַליין!״ האָט איהם דער נביא געזאָגט קורץ און שאַרף און דוד האָט ערשט

פערשטאנען ווי טיעף ער איז געפאלען און מיט א שטארקער חרטה, וואס קאן נאר געבארען ווערין אינ'ם הארצען פון איין אמת'ן בעל תשובה, האט ער מודה געוועזען אז ער האט געזינדיגט.

נאט איז אבער גיכער א מוחל וסולח ווי מענשען און האטשי דוד האט זיך גענומען אויסבעסערן זיין פעהלער אקעגען בת־שבע דערמיט וואס ער האט זי געמאכט פאר דער ערשטער קעניגין און איהר צוגעזאגט אז זייער נייגעבארענער זוהן שלמה זאל בלייבען דער יורש פון דער מלוכה, האט איהם פארט די מעשה געמאכט פאר א שונא זיין בעסטען יועץ אחיתפל וואס איז געוועזען בת־שבע'ס זיידע און האט ניט געקאנט מוחל זיין דעם קעניג וואס ער האט זי אראבגעפיהרט פונ'ם גלייכען וועג. דערצו האט זיך נאך אין דער צייט געמאכט א נייע אומגליק. אמנון, דוד'ס עלטסטער זוהן, האט פארנארט צו זיך זיין שטיפשוועסטער תמר און זי געשאנדעט און דערנאך ארויסגעווארפען. מיט ביטערע טרערען איז זי געקומען זיך קלאגען צו איהר ברודער אבשלום און ער האט איהר געהייסען מאכען א שווייג און זי פערזיכערט אז ער וועט זיך שוין אברעכענען מיט אמנון. אבשלום, וואס האט, ווי עס שיינט, געמאכט יד אחת מיט אחיתפל, האט זיך נאר ניט וויסענדיג געמאכט און א צייט שפעטער האט ער געלאזט בעטען אמנון'ן מיט נאך געסט מען זאל ארויספאהרען זעהן ווי מען שערט די שאף און דארט האט מען איהם דערהרגעט. אבשלום איז באלד ענטלאפען צו זיין מוטער'ס פאטער תלמי דעם מלך פון גשור און דוד האט אפילו געוואלט שיקען אהין חיל און איהם פון דארט ברענגען, נאר יואב און אחיתפל האבען איהם אבגעהאלטען דערפון ווייל אין הויף איז שוין געוועהן אן אינטריגע און א סך האט געטויגט אז ניט שלמה, נאר אבשלום זאל ארויף אויפ'ן באנקעל. און כדי נאך מעהר בערוהיגען דוד'ן, האט יואב אנגעשטעלט א קלוגע פרויא פון תקוע זי זאל זיך קומען קלאגען פאר'ן קעניג אויף איהר משפחה, וואס וויל אומברענגען איהר יונגסטען זוהן דערפאר וואס ער האט געטייט זיין עלטערן ברודער און זי קאן אזוי פערליערען ביידע קינדער. דוד האט זיך באלד געשטויסען וועמעס ארבייט דאס איז און האט געזאגט יואב'ן אז אבשלום מאג צוריקקומען נאר איהם זאל ער זיך פאר די אויגען ניט ווייזען. ערשט זיבען יאהר נאך אמנון'ס טויט האט זיך דוד איבערגעבעטען מיט אבשלום'ן.

דאס איבערבעטען האט אבער ניט געקאנט פיהרען צו קיין אמת'ן שלום. די פונקען פון אינטריגע האבען שוין געגליהט פון פריהער אין דוד'ס אינוועניגסטע שונאים האבען פערשטאנען ווי אזוי צו דרעהען מיט אבשלום'ן ער זאל נאך

מֶעהְר אָנְגִיסֶען בּוֹימֶעל אוֹיפ'ן פַייֶער. דֶערוַוייל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט, וָואס דָוִד הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט מֵכִין זַיין צוּ אַ גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה. צוּ וֶועלְכֶער עֶס אִיז אִיהם אוֹיךְ גֶעקוּמֶען הֶעלְפֶען אִתַּי פוּן גַת מִיט זַיין חַיִל. דָוִד הָאט בֶּעדַארְפְט ווִיסֶען אוֹיף ווִי פִיעל מֶענְשֶׁען עֶר קָאן רֶעכְנֶען פוּן זַיין זַייט, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהְל מֶען זָאל אִיבֶּערצָאהְלֶען אַלֶע צְוַואנְצִיגְיֶאהְרִיגֶע. פְּלִיצוּם אִיז אַרוֹיס אַ מַגֵּפָה. מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶענוּמֶען אוֹיסְגֶעהוֹיבֶּען פַאלֶען ווִי שְׁטְרוֹי אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט עֶס אָנְגֶעהַאנְגֶען אִין דֶעם צָאהְלֶען. דֶער נָבִיא גָּד הָאט בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען אַיין עֵצָה מֶען זָאל שְׁטֶעלֶען אַ מִזְבֵּחַ אוֹיפ'ן בַּארְג מוֹרִיָה, וואוּ דִי מַגֵּפָה הָאט קֵיין שְׁלִיטָה נִיט גֶעהַאט, אוּנ דָארְט מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת. דָוִד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגְלַייכְט מִיט דִי יְבוּסִים אוּנ מֶ'הָאט אִיהם אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אַ פְּלַאץ, דָארְט הָאט מֶען גֶעטְהוּן אַלְדִינְג וָואס דֶער נָבִיא הָאט גֶעהֵייסֶען אוּנ דִי מַגֵּפָה הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט. אִין הַארְץ פוּנ'ם פָאלְק הָאט אָבֶּער נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זִידֶען אוֹיף דָוִד'ן, וַוייל דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ בֶּענוּצְט דֶערמִיט אוּנ אַיינְגֶערֶעדְט דֶעם גֶעמֵיינֶעם עוֹלָם אַז דָאס גַאנְצֶע אוּמְגְלִיק הָאט זִיךְ נָאר גֶענוּמֶען פוּנ'ם מֶלֶךְ'ס בֶּעפֶעהְל. אַזוֹי אִיז אַרוֹיס אַ שְׁטַארְקֶע אוּנצוּפְרִידֶענְהֵייט אוּנ אַבְשָׁלוֹם הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר מֶאג שׁוֹין אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען. בַּאלְד אִיז עֶר גַעריבֶּער קֵיין חֶבְרוֹן, וואוּ עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אָבְגֶערֶעט מִיט אַלֶע אוּנצוּפְרִיעדֶענֶע דָארְט הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעשְׁטִיצְט זַיין פֶעטֶער עֲמָשָׂא, וָואס הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיף אוֹיף יוֹאָבְ'ס שְׁטֶעלֶע, אוּנ אַהִין פְלֶעגְט אוֹיךְ בְּסֵתֶר קוּמֶען אֲחִיתֹפֶל. אוּנ פוּן דָארְט אִיז אַרוֹיס דֶער קְלַאנְג אַז אַבְשָׁלוֹם אִיז קֶאנִיג גֶעוָוארֶען. פוּן פִיעל שְׁטֶעדְט אִיז מֶען גֶעקוּמֶען בֶּעגְרִיסֶען דֶעם נַייֶעם קֶאנִיג אוּנ אֲפִילוּ דִי שְׁטָאלְצֶע בְּנֵי בִנְיָמִין הָאבֶּען אוֹיךְ צוּ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ, וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז פוּן אַבְשָׁלוֹם'ן וֶועלֶען זֵיי נִיכֶער פָּטוּר וֶוערֶען אוּנ דִי מְלוּכָה וֶועט ווִידֶער אִיבֶּערְגֶעהן צוּ זֵיי. אַז דָוִד אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַוֶועקצוּגֶעהן פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דֶערְמִיט אָבְּהִיטֶען דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט פוּן אַ סַכָּנָה. וָואס וָואלְט גֶעקָאנְט אַרוֹיס וֶוען עֶר זָאל מוּזֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט זַיין אֵייגֶענֶעם זוּהן אִין דֶער נוֹיט הָערְקֶענְט מֶען עֶרְשְׁט רֶעכְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד: אַז דָוִד הָאט בֶּעדַארְפְט אַנְטְלוֹיפֶען אִיז עֶר נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶער אַלֵיין, אִיהם זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען נִיט נָאר יוֹאָב אוּנ אֲבִישַׁי מִיט'ן גַאנְצֶען חַיִל נָאר אוֹיךְ בְּנָיָהוּ מִיט זַיינֶע לַייט פוּן כְּרֵתִי אוּנ פְּלֵתִי אוּנ אֲפִילוּ אִתַּי מִיט זַיינֶע זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן. בַּאלְד זֶענֶען אוֹיךְ צוּגֶעקוּמֶען דִי כֹּהֲנִים צָדוֹק אוּנ אֶבְיָתָר מִיט'ן אָרוֹן. נָאר דָוִד הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען בְּלַייבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאפְט נָאךְ צוּרִיקְצוּקוּמֶען אוּנ דָארְט טְבַיי נָאם דִיעֶנֶען. נָאךְ אֵיינֶעם הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען זִיךְ נִיט רִיהְרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער אַלְטֶער חוּשַׁי הָאַרְכִּי וָואס הָאט גֶעוָואלְט טְהֵיילֶען דָאס אוּמְגְלִיק פוּן זַיין קֶאנִיג. נָאר עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין וִוינְק אַז אִין יְרוּשָׁלַיִם קֶאן עֶר אִיהם מֶעהר צוּ נוּטְץ קוּמֶען. אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁטָאדְט בַּחֻרִים, וואוּהִין דָוִד אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט קֵיין גוּטֶען בָּרוּךְ הַבָּא, וַוייל דָארְט הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט שָׁאוּל׳ס קְרוֹבִים אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵיי שִׁמְעִי בֶּן גֵּרָא, הָאט אִיהם נָאכְגֶעוָוארְפֶען שְׁטֵיינֶער אוּנ גֶעשָׁאלְטֶען מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת. דָוִד הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט נֶעהמֶען דֶעם וֶועג צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן יְרִיחוֹ, דָארְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַיינֶע לַייט בֶּעזֶעצְט אִין צֶעלְטֶען אוּנ גֶעוַוארְט אוֹיף יְדִיעוֹת פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

אַבְשָׁלוֹם אִיז דֶערְוַוייל אַרַיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט אִיהְם אֲחִיתוֹפֶל אֵיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען צוּ שֶׁאנְדֶען דֶעם פָאטֶערְס וַוייבֶּער. דִי עֵצָה אִיז אִיהם שְׁטַארְק גֶעפֶאלֶען אוּנ מִיט אַ זַיינֶע זַאכֶען פְלֶעגְט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעבֶּען גַאנְצֶע טֶאג. אַוַדַאי הָאט עֶר קֵיין צַייט נִיט גֶעהַאט צוּ טְרַאכְטֶען פוּן עֶפִּיס נֶאטְהִיגֶערְס אוּנ אַז אֲחִיתֹפֶל הָאט אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען אַ פְּלַאן מֶען זָאל אַרוֹיסשִׁיקֶען גְרוֹיס חַיִל צוּ חַאפֶּען דָוִד׳ן הָאט זִיךְ אַבְשָׁלוֹם גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען פוּן חוּשַׁי. וָואס הָאט זִיךְ אִימִיסְטֶען אַיינ־גֶעשְׁמֵייכֶעלְט בַּיי׳ם יוּנְגֶען קֶאנִיג אוּנ אִיהם צוּגֶעזָאגְט פוּנְקְט אַזוֹי טְרַיי צוּ דִינֶען וִויא דָוִד׳ן. חוּשַׁי הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהן אַז דָאס טוֹיג נִיט אוּנ שְׁטִילֶערְהֵייט גֶעגֶעבֶּען צוּ וִויסֶען דָוִד׳ן וָואס עֶס גֶעהְט פָאר. וִויא אֲחִיתֹפֶל הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶר אִיז נָאר נִיט אִין גַאנְצֶען תַּקִיף בַּיי אַבְשָׁלוֹם׳ן, הָאט עֶר זִיךְ פַאר כַּעַס אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען. דֶער טוֹיט פוּן אֲחִיתֹפֶל הָאט דָוִד׳ן גֶעגֶעבֶּען מוּטְה עֶר זָאל זִיךְ לָאזֶען צוּרִיק אוּנ עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין מַחֲנַיִם וואוּ מֶען הָאט אִיהם זֶעהְר פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפ־גֶענוּמֶען אוּנ צְוֵויי בְּכָבוֹדֶע זְקֵנִים פוּן גִלְעָד הָאבֶּען אִיהם פֶערְזַארְגְט מִיט אַלֶעם נֶאטְהִיגֶען. אַהִין הָאט זִיךְ אוֹיךְ צוּגֶערוּקְט אַבְשָׁלוֹם מִיט זַיין חַיִל אוּנ דָארְט הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי בְּלוּטִיגֶע מִלְחָמָה, צוּ וֶועלְכֶער דָוִד׳ס הוֹיפְּטְלַייט הָאבֶּען נִיט צוּגֶעלָאזְט דֶעם גוּטֶען מֶלֶךְ, וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז עֶר וֶועט קֵיין הַארְץ נִיט הָאבֶּען זִיךְ צוּ שְׁלָאגֶען גֶעגֶען זַיין אֵייגֶען בְּלוּט אוּנ פְלֵיישׁ. דָוִד׳ס וֵוייךְ הַארְץ הָאט זִיךְ טַאקִי אַרוֹיסגֶעוִויזֶען וֶוען דָאס גְלִיק הָאט אִיהם גֶעשְׁפִּיעלְט. פוּן אַבְשָׁלוֹם׳ס זַייט זֶענִין גֶעפַאלֶען צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען אוּנ עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ פַארְטְשֶׁעפֶּעט אִין אַ בּוֹים אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען הֶענְגֶען בִּיז יוֹאָב הָאט אִיהְם נִיט אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען דֶעם קָאפּ. וֶוען אַלֶע זַיינֶע קְרִיגֶער הָאבֶּען מִיט פְרֵייד בֶּעגְרִיעסְט דֶעם גְרוֹיסֶען נִצָּחוֹן, הָאט דָוִד מִיט הֵייסֶע טְרֶערֶען בֶּעוֵויינְט זַיין זִינְדִיג קִינְד.

דָוִד וָואלְט נָאךְ דֶעם אֵיינֶעגְטְלִיךְ גֶעקֶאנְט פְרַיי גֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, נָאר עֶר הָאט גֶעוָואלְט וִויסֶען וִוי עֶר הַאלְט מִיט׳ן פָאלְק אוּנ הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען וַוארְטֶע

ביז אלע שבטים וועלין איהם ניט שיקען בעטען מיט כבוד ער זאל צוריקקומען. באלד האט איהם אבער געמוזט קשה ווערין וואס זיינע איינענע קרובים פונ'ם שבט יהודה שטעהען עפי"ס גאר פון ווייטענס. ער האט פארשטאנען אז דא שטעהט איהם עמשא אין וועג, האט ער איהם געלאזט זאגען אז ווי באלד ער וועט ארבייטען פון זיינעטוועגען וועט ער איהם בעלוינען ווי עס דארף צו זיין. אזא הבטחה האט געווירקט אונ אז דוד איז אריבער דעם ירדן אונ זיך אבגעשטעלט אין גלגל, האט ער שוין געפונען שלוחים פון די בני יהודה. דא איז אבער ארויס א נייע מחלוקת. ווייל די איבריגע שבטים האט פערדראסען אויף די בני יהודה וואס ווילען זיין ביי דוד'ן חשובער פון אלע, אונ איינער, שבע בן בכרי האט טאקי פשוט אהן בושה געאפענט א מויל געגען דוד'ן. דוד האט געזעהן אז דא שפרינגט ארויס א שפיגעל נייע קריעג צווישען אייגענע ברידער, האט ער באלד אנידערגעשטעלט עמשא'ן אויף יואב'ס ארט אונ האט איהם געגעבען א בעפעהל אין דריי טאג צונויפזאמלען אלע העלדען פון יהודה. עס האט אבער געדויערט עפי"ס מעהר אונ דוד האט זיך געשראקען אז שבע זאל זיך ניט לאזען אין אנדערע שטאדט אנמאכען א מרידה, האט ער זיך געמוזט נאך אמאל ווענדען צו זיינע פריהריגע דיענער אונ האט איבערגעגעבען דאס חיל אין די האנד פון אבישי אונ יואב איז ווידער געבליבען דער גאנצער פיהרער. אין גבעון האט יואב געפונען עמשא'ן אונ האט איהם געשטאכען. שבע האט זיך דערווייל פערשלאסען אין דער שטאדט אבל. נאר יואב איז צוגעטרעטען אונ האט געוואלט מאכען א תל פון דער פעסטונג האט מען איהם געמוזט אראבווארפען דעם קאפ פון שבע אונ דערמיט האט זיך געענדיגט די גאנצע מרידה.

נאך אזוי פיעל צרות אונ יסורים איז דוד צוריקגעקומען קיין ירושלים געלייטערט פון זיינע זינד אונ באלד האט ער אנגעהויבען טראכטען וועגען בויען א משכן אונ וואלט עס געוועהן אויסגעפיהרט, ווען נתן הנביא וואלט איהם ניט מגלה געוועהן אז דארויף איז ניט דער ווילען פון גאט אונ אז זיין זוהן וועט אויספיהרען דאס הייליגע שליחות. דערווייל האט ער אנגעהויבען מעהר עלטער אונ שלאפער צו ווערען אונ זיין פירטער זוהן אדניהו, וואס יואב האט געהאלטען מיט איהם, האט זיך ענטשלאסען מיט געוואלד צו ירש'נען די מלוכה נאך ביי'ם פאטערס לעבען. ער האט צונויפגערופען אלע פרינצען, אויסער שלמה, אונ באלד האט מען שוין געהערט פון אלע זייטען א געשריי: לעבען זאל דער מלך אדניהו! דוד האט דערפון ניט געוואוסט, ווייל ער איז געזעסען איינער אליין ביי זיך אין חדר אונ געווארעמט די פארפרוירענע גליעדער, אונ עס וואלט אפשר אדניהו'ן געוועהן אזוי

אָבְּגֶעלָאפֶּען, נָאר בַּת־שֶׁבַע איז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אִיז זִי בַּאלְד אַרַיין צוּם קֶאנִיג אוּנ הָאט אִיהם דֶערְמָאנְט זַיין שְׁבוּעָה וֶועגֶען אִיהר זוּהן שְׁלמה, בַּאלְד אִיז אוֹיךְ אָנְגֶעקוּמֶען נָתָן הַנָבִיא אוּנ הָאט אִיהם אוֹיךְ צוּגֶערֶעדְט עֶר זָאל הַאלְטֶען וָוארְט. דָוִד הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ עֶס איז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַז מֶען זָאל נָאךְ בַּיי זַיין לֶעבֶּען זַאלְבֶּען שְׁלמה'ן פַאר קֶאנִיג אִין טְהָאל גִיחוֹן. אוּנ אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ גֶעשֶׁעהְן, אֲדוֹנִיָהוּ אִיז נִיט גֶעוֶועהן קֵיין נַאר אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר וֶועט גָאר נִיט אוֹיסְפִירֶען, הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַנְבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ. אוּנ אַזוֹי אִיז גִיךְ גֶעוָוארֶען אַיין עֶנְדְ פוּן אַ קְרִיעג וָואס וָואלְט גֶעקֶאנְט פִיהרֶען צוּ זֶעהר שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען. אוּנ נָאךְ אַ מֶמְשָׁלָה פוּן פֶערְצִיג יָאהר אוּנ אַ הַאלְבְּ הָאט דָוִד רוּהִיג צוּגֶעשְׁלָאסֶען דִי אוֹיגֶען אוּנ מִיט אַ פֶעסְטֶען בִּטָחוֹן אַז עֶר הָאט זַיין בְּלִיהֶענְד לַאנְד אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין גוּטֶע הֶענְד הָאט עֶר גֶעפוּנֶען זַיין לֶעצְטֶע מְנוּחָה אִין דִי קְבָרִים פוּן מַלְכֵי בֵּית דָוִד, צְווִישֶׁען דִי שְׁטֵיינֶער פוּנ'ם בַּארְג צִיוֹן.

---

# פִּירְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

## שְׁלמה הַמֶלֶךְ.

(997—1017 בִּיז קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 1047—1087 פַאר'ן חֻרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

חָאטְשׁ, שְׁלמה אִיז גֶעוֶועהן צוּ יוּנְג אוּנ עֶרְשְׁט צְוַאנְצִיג יָאהְר אַלְט וָוען עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט דֶעם עוֹל פוּן דֶער מְלוּכָה, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז נִיט אוּמְזִיסְט הֵייסְט עֶר שְׁלמה, וַוייל עֶר מוּז זַיין אַ מֶלֶךְ פוּן שָׁלוֹם, אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר גֶעזֶעהן מִיט אַלֶע כחות זִיךְ דֶערְוַוייטֶערן פוּן מִלְחָמוֹת אוּנ אַיינְוֶוענְדֶען בֶּעסֶער אַלֶע קְרֶעפְטֶע צוּ פֶערְבֶּעסֶערן דֶעם אִינְוֶוענִיגְסְטֶען מַעֲמָד פוּן דֶער מְדִינָה. דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט אִיז אֲפִילוּ נִיט אָבְּגֶעלָאפֶען אַזוֹי רוּהִיג,

ווייל שלמה האט זיך ניט געקאנט פיהלען זיכער ביז עס זענען ניט פערשוואונדען געוואָרען עטליכע חברה־לייט וואס ער האט צו זיי קיין צוטרויען ניט געקאנט האבען. דער עלטערער ברודער אדניהו האט אפילו פאר איהם שטארק דרך ארץ געהאט, דאך איז שלמה ניט געוועהן בלינד אונ האט גוט בעמערקט אז אין לאנד איז דא א שטארקע כתה, אונ טאקי דער אלטער יואב אויך אין מיטען, וואס זענען ניט צופריעדען דערפון וואס דוד האט איהם איבערגעגעבען די מלוכה. איין ווינק פון דעם יונגען קאניג איז גענוג געוועהן אז בניהו בן יהוידע זאל הרגענען אדניהו׳ן אונ אין איין וועג עקען מיט יואב׳ן, וואס האט געזוכט זיין לעבען צו ראטעווען דורך דעם וואס ער האט זיך אנגעהאפט אין מזבח; נאר עס האט איהם ניט געהאלפען. דעמאלט האט מען אויך דערמאנט שמעי בן גרא זיין אלטע זינד געגען דוד׳ן אונ מען האט איהם געהרגעט אונ אביתר איז אראב פון זיין שטעלע אונ צדוק איז געבליבען דער איינציגער כהן. נאך ביי׳ם פאטער׳ס לעבען האט שלמה חתונה געהאט מיט א פרינצעסין פון עמון נעמה. נאר דעם גרעסטען יחוס־שדוך האט ער געמאכט מיט׳ן מלך פון מצרים פזוזינעס זיין טאכטער האט ער געמאכט פאר דער ערשטער קעניגין אונ צו ליעב איהר האט ער אנגעהויבען צו בויען טהייערע הייזער אונ פאלאצען, וואו עס דארף וואהנען א בת מלכה פון מצרים. אויסער דעם האט ער געמוזט טראכטען אז זיין הויפטשטאדט זאל ווערען פון טאג צו טאג שענער אונ ער זאל קאנען אויפ־נעהמען זיינע געסט מיט כבוד אונ רייכקייט, ווייל עס פלעגען אלע מאל קומען שליחים פון בעפריינדעטע קעניגע אונ פון אונטערגעווארפענע פעלקער, וואס האבען איהם געצאהלט מס. נאר פאר אלע בנינים האט זיך שלמה גענומען בויען אויפ׳ן בארג מוריה דעם משכן, וואס פיעל מאטעריאל דערצו האט נאך דוד אנגעגרייט. די שווערע ארבייט פון שטיינער־האקען האט ער איבערגעגעבען די אמורים, חתים, פרזים אונ יבוסים וואס האבען געוואהנט געגען ירושלים אונ האבען זיך גערעכענט כמעט ווי קנעכט. מעהר פון הונדערט פינפציג טויזענד מענשען האבען זיך בעשעפטיגט דערמיט, אונ דריי טויזענד יודען, אונ איבער זיי אלע אדנירם, האבען אבטונג געגעבען. חירם, דער מלך פון צור, האט צו־געשטעלט האלץ פון צעדערן, אונ אנדערע מינים אונ דערפאר האט מען איהם געצאהלט מיט ווייץ, ויין אונ אהל, אויסער דעם האט מען נאך געמוזט געהמען ביי חירם׳ן גאלד. אונ שלמה האט איהם דערפאר אבגעטרעטען צוואנציג שטאדט ביי דער גרעניץ, וואו עס האבען זיך בעזעצט פערשיעדענע פעלקער אונ דעריבער האט מען עס גערופען ארץ הגליל אדער גאליליע. דריי יאהר האט מען

גֶעבּוֹיעֶט דֶעם מִשְׁכָּן, וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען נָאר פוּן פִיערְעֶקִיגֶע שְׁטֵיינֶער אוּנ אִינְוֶועֶנִיג זֶענִין דִי וֶואנְד גֶעוֶועהן בֶּעדֶעקְט אִין גַאנְצֶען מִיט צֶעדֶער־הָאלְץ אוּנ פֶערְצִיערְט מִיט דִי טְהַייעֶרְסְטֶע פֶערְגָאלְדֶעטֶע פִיגוּרֶען. דֶער מִשְׁכָּן הָאט גֶעהַאלְטֶען זֶעכְצִיג עֶללֶען דִי לֶאנְג, צְוַואנְצִיג – דִי הוֹיךְ אוּנְד דְרַייסִיג – דִי בְּרֵייט אוּנ אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן צְוֵויי אַבְּטְהֵיילוּנְגֶען: דֶעם דְבִיר, אָבֶּער קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים, וָואס אִיז גֶעוֶועהן הֶעכֶער פוּן אַללֶע אַנְדֶערֶע בִּנְיָנִים פוּנ'ם מִשְׁכָּן אוּנ וָואס דָארְט אִיז נָאר גֶעשְׁטאנֶען דֶער אָרוֹן מִיט דִי לוּחוֹת, בֶּעשִׁיצְט פוּן צְוֵויי כְּרוּבִים מִיט פִינְף – עֶללֶען – לַאנְגֶע פְלִיעגֶעל, אוּנ דֶעם הֵיכָל, וואוּ עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דֶער מִזְבַּח הַקְּטֹרֶת פוּן רֵיין גָאלְד אוּנ פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען צוּ פִינְף גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת אוּנ אוֹיךְ אַ גָאלְדֶענֶער טִישׁ פַאר דִי צְוֶועלְף הֵיילִיגֶע בְּרוֹיט. לֶחֶם הַפָּנִים. אַ הוֹיף דֶעם אִיז גֶעוֶועהן אַ פָארְהוֹיז, אוּלָם הַגָּדוֹל, אוּנ בַּיי'ם אַיינְגַאנְג זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען צְוֵויי קוּפֶּערְנֶע זַיילֶען, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען יָכִין אוּנ בֹּעַז. אִין הוֹיף, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען עֶזְרָה גְדוֹלָה, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ קוּפֶּערְנֶער מִזְבֵּחַ אוּנ דָארְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ בַּאסֵיין וַואסֶער וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען יַם הַנְחֹשֶׁת אוּנ פוּן וַואנֶען מֶען פְלֶעגְט צַאפֶּען וַואסֶער צוּם וַואשֶׁען, אוֹיסֶער דֶעם זֶענִין דָארְט גֶעשְׁטַאנֶען צֶעהְן קְלֵיינֶערֶע כֵּלִים צוּם וַואסֶער אוֹיף רֶעדְלִיךְ אוּנ מֶען פְלֶעגְט זֵיי אִיבֶּערְפִיהְרֶען וואוּהִין מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט, מִיט אֵיינֶעם וָוארְט, גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער אוּנ אַנְדֶערֶע טְהַייעֶרֶע מֶעטַאלֶען זֶענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיפ'ן מִשְׁכָּן גָאר אָהן אַ צאהְל אוּנ פוּנְקְט אִין דֶעם חֹדֶשׁ, וֶוען עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דִי אַרְבֵּייט אִין פֶעלְד אוּנ אַלֶע תְּבוּאוֹת אוּנ פֵּירוֹת זֶענִין שׁוֹין צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוֶועהן, הָאבֶּען זִיךְ דִיא פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פֶערְזַאמֶעלְט אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ שְׁלֹמֹה הָאט גֶעמַאכְט אַ חֲנוּכַּת הַבַּיִת. גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ כֹּהֵן עֲזַרְיָה דֶער זוּהן פוּנ'ם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם צָדוֹק אוּנ בֶּענַייעֶט גָאטְ'ס הוֹיז, וָואס הָאט פוּן דֶעמָאלְט אָן אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיעֶנֶען וִוי אַ מִיטֶעלְפּוּנְקְט פַאר אַלֶע יוּדֶען.

אִינְאֵיינֶעם מִיט'ן מִשְׁכָּן הָאט אוֹיךְ שְׁלֹמֹה פֶערְבּוּנְדֶען זַיין בֶּעזוּנְדֶער מִיה אָבּ־צוּהִיטֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנ עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אַלֵיין אָבְּגֶעבֶּען מִיט לָאדִינִישֶׁען אוּנ זַיין אַ דַיָּן צְווִישֶׁען פֶערְשִׁיעדֶענֶע צְדָדִים. זַיין גְרוֹיסֶע חָכְמָה הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען דֶערְצוּ אַז אַלֶע פְלֶעגֶען צוּפְרִידֶען בְּלַייבֶּען פוּן זַיין פְּסַק אוּנ דִי מִשְׁפָּטִים פוּן שְׁלֹמֹה פְלֶעגֶען אַזוֹי שְׁטַארְק שֶׁמ'ען אוֹיף דֶער וֶועלְט אַז אֵיין מָאל אִיז גֶעקוּמֶען פוּן גַאנְץ וַוייט דִי מַלְכָּה שְׁבָא זִיךְ בֶּעקֶענֶען מִיט'ן קְלוּגֶען מֶלֶךְ, וָואס הָאט בַּאלְד גֶעטְרָאפֶען אַלֶע אִיהרֶע רֶעטֶענִישֶׁען, אוּנ בֶּעוואוּנְדֶערְן זַיין גְרוֹיסְקֵייט. שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט בֶּעגְנִיגְט נָאר מִיט דִי גְרוֹיסֶע גֶעבֵּיידֶע אוּנ דִי שֶׁאנֶע א[illegible]נוּנְגֶען, עֶר הָאט אוֹיךְ

גֶעזָארְגְט אַז אִין זַיין לַאנְד זָאל בְּלִיהֶען דֶער הַאנְדֶעל אוּנ עֶס זָאל הָאבֶּען שֶׁפַּע אוֹיךְ פוּן אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער. מִיט מִצְרַיִם הָאט עֶר אָבְּגֶעמַאכְט אַז פֶערְד זָאל מֶען נָאר אִיהם פֶערְקוֹיפֶען אוּנ אַלֶע פֶעלְקֶער הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען וֶוענֶען מִסְחָר פוּן פֶערְד צוּ דִי יוּדֶען. אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט פִּיעל שִׁיפֶען קַיין אִינְדְיֶען (אוֹפִיר) אוּנ מֶען הָאט פוּן דָארְט גֶעבְּרַאכְט דִיא בֶּעסְטֶע אוֹצָרוֹת, פֶערְשִׁיעדֶענֶע סְחוֹרוֹת אוּנ עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, וָואס הָאבֶּען רַייךְ גֶעמַאכְט דִיא מְדִינָה.

נָאר וֶוען שְׁלֹמֹה'ס גְלִיק הָאט גֶעגְלַאנְצְט פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען זֶעהר שְׁטַארְק בֶּעפֶעסְטִיגְט, הָאט דֶער וָוארם פוּן אוּנְצוּפְרִידֶענְהַייט שׁוֹין לַאנְג גֶעטָאטְשֶׁעט זַיין פָאלְק אוּנ גֶעזוּכְט אִיבֶּערְצוּרַייסֶען דָאס שְׁטְרִיקֶעל וָואס הָאט צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען אַלֶע שְׁבָטִים. גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפוּן וָואס פוּן אַלֶע שְׁבָטִים הָאבֶּען זִיךְ מֶעהר גֶעהַאלְטֶען אִינְאֵיינֶעם בִּנְיָמִין אוּנ יְהוּדָה, דִי אִיבְּרִיגֶע אָבֶּער הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען אִין הַארְץ דִיא אַלְטֶע שִׂנְאָה וָואס הָאט שׁוֹין גִיט אֵיין מָאל גֶעפִיהרְט צוּ מַחֲלוֹקֶת. דֶערְצוּ אִיז נָאךְ צוּגֶעקוּמֶען דָאס, וָואס דֶעם עוֹלָם אִיז שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען צוּ גֶעבֶּען אַזוֹי פִּיעל מַס, וִוי פִּיעל שְׁלֹמֹה הָאט גֶעפָאדֶערְט אוֹיף דִי מְהַייעֶרֶע בִּנְיָנִים אוּנ הוֹצָאוֹת פוּנ'ם הוֹיף, אוּנ זַיינֶע אֵיידֶעמְס, וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶעמַאכְט פַאר מְמוּנִים אוֹיף דֶעם גֶעלְד, הָאבֶּען שְׁטַארְק דָאקוּטְשֶׁעט אוּנ נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען אוֹיף כָּבוֹד. דָאס זֶענִין גֶעוֶועהן דִי עֶרְשְׁטֶע פוּנְקֶען, וָואס זֶענִין רֶערְנָאךְ צוּבְּלָאזֶען גֶעוָוארֶען אִין אַהֶעלִישׁ פַייעֶר, בֶּעזָאנְדֶערְס וֶוען מֶען הָאט אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט דָאס פָאלְק וָואס פַאר אַעֲוְלָה שְׁלֹמֹה טְהוּט דֶערְמִיט וָואס עֶר לָאזְט פְּרַייא דִיעגֶען עֲבוֹדָה זָרָה אוּנ הָאט עֶרְלוֹיבְּט צוּ שְׁטֶעלֶען אַגֶאטְצֶען-טֶעמְפֶּעל אוֹיפ'ן הַר הַזֵּתִים. בַּאלְד אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אֵיינֶער פוּן דִי בְּנֵי אֶפְרַיִם, יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, וָואס הָאט שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעקוּקְט עֶפֶּיס אוֹיפְטְהוּן אַשְׁטִיקֶעל אוּנ זִיךְ אָבְּזוּכֶען דֶערְמִיט כָּבוֹד; אִיהם הָאט נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהִיצְט דֶער נָבִיא אֲחִיָּה פוּן שִׁילֹה, אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַגַאנְצֶע מְרִידָה צְווִישֶׁען שֵׁבֶט בִּנְיָמִין. שְׁלֹמֹה הָאט עֶס אָבֶּער בַּאלְד פֶערְהַאפְּט אוּנ גֶעשְׁטִילְט דֶעם בּוּנְט אוּנ יָרָבְעָם הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען קַיין מִצְרַיִם. דָארְט הָאט דֶעמָאלְט גֶעהֶערְשְׁט אַנַייעֶר מֶלֶךְ שִׁישַׁק וָואס זַיין אֵיידֶעם אִיז גֶעוֶועהן הֲדַד, אַפְּרִינְץ פוּן אֱדוֹם, וָואס הָאט גֶעהַאט אַזַא שְׁטַארְקֶע מַפָּלָה פוּן דָוִד'ן. אַוַודַאי הָאט מֶען דָארְט יָרָבְעָם'ן גוּט אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז מֶען זָאל זִיךְ אַבִּיסֶעל אָבְּרֶעכֶענֶען מִיט שְׁלֹמֹה'ן. נָאךְ אֵיין וָואלְקֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּקְט גָאר פוּן אֵיין אַנְדֶער זַייט: רְזוֹן בֶּן אֶלְיָדָע, אֵיינֶער פוּן דִי קְנֶעכְט פוּן הֲדַדְעֶזֶר, דֶעם מֶלֶךְ פוּן צוֹבָה, וָואס דָוִד הָאט אַמָאל אַיינְגֶענוּמֶען, הָאט בִּיסֶלֶעךְ-וַויִים צוּנוֹיפְגֶעשְׁלֶעפְּט אַגַאנְצֶע מַחֲנֶה אוּנ עֶס אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען

אָבְצוּבַייסֶען די שְׁטָאדְט דַמֶשֶׂק. אַזוֹי הָאט זִיךְ פַארְחַמַארֶעט שְׁלמֹה'ס הִימֶעל, נָאר דֶער שְׁלַאגְסְרֶעגֶען הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט צוּגָאסֶען נָאךְ זַיין טוֹיט אוּנ עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט זַיין לֶעבֶּען אִין נַחַת אוּנ פְרֵיעדֶען אוּנ הָאט אוֹיף דוֹר דוֹרוֹת אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַיין עֶבִּיגֶען נָאהמֶען פוּן מֶלֶךְ הַשָּׁלוֹם.



# פִינְפְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

## דָאס צוּפַאלֶענִישׁ פוּן דֶער מְלוּכָה.

(977—887 בִּיז קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 1047—959 פַאר'ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

נָאךְ שְׁלמֹה'ס טוֹיט אִיז דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין זוּהן רְחַבְעָם; דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער עֶרְשְׁטֶער פְּרִינְץ אִין'ם קֶענִיגְרַייךְ יְהוּדָה וָואס הָאט אַזוֹי לַייכְט אוּנ רוּהִיג גֶעקֶאנְט אִיבֶּערְנֶעהמֶען דִי מֶמְשָׁלָה. וָואס עֶס קוּמְט אָבֶּער גְרִינְג אָן — לָאזְט זִיךְ שְׁוֶוער אוֹיס: רְחַבְעָם הָאט גֶעיַרְשְׁ'ט פוּנ'ם פָאטֶער אוּנ דֶעם זֵיידֶען אַ שְׁטוּל פוּן אַ קֶענִיג, נָאר נִיט זֵייעֶרֶע מַעֲלוֹת, עֶר הָאט מֶעהר נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען ווִי אָנְטְהוּן זִיךְ אַלֶע תַּעֲנוּגִים אוּנ אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט עֶפֶּיס אַ עֶרְנְסְטֶע זַאךְ, ווּאוּ מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט צוּלֶעגֶען קָאפּ אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועהן אִין דֶער הֵיים. דָאס הָאט זִיךְ שְׁטַארְק אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען וֶוען יָרָבְעָם בֶּן נְבָט אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען פוּן מִצְרַיִם אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין שְׁכֶם אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אַרְבֵּייטֶען צְווִישֶׁען דִי בְּנֵי בִּנְיָמִין. פְּלִיצוּם אִיז רְחַבְעָם גֶעקוּמֶען קַיין שְׁכֶם אוּנ מֶען הָאט גֶעקֶענְט מֵיינֶען אַז עֶר ווִיל זִיךְ אוֹיסְגְלַייכֶען אוּנ פַארְלֶעשֶׁען דָאס פַייֶער וָואס גֶעניטֶע הֶענְד הָאבֶּען אָנְגֶעצוּנְדֶען. עֶס זֶענֶען צוּ אִיהם אוֹיךְ גֶעקוּמֶען דִי אֶלְטְסְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאדְט. אוּנ יָרָבְעָם אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן מִיט זֵיי, אוּנ עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהֶערְט זֵייעֶרֶע טַעֲנוֹת, נָאר אַז עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט זֵיי גֶעבֶּען אִין דְרַיי טָאג אַרוּם אַ תְּשׁוּבָה, ווִי עֶר הָאט זֵיי צוּ־

געזאגט, האט ער זיך צושריגען אז ער פארשטעהט אין מינדסטען נאגעל׳ מעהר ווי דער פאטער אונ אז ער וועט זיך ערשט מיט זיי אפרעכענען. אוודאי נאך א זיינע רעד איז אין שכם ניט געווארען רוהיג; אדנירם האט זיך געפרובט ארויס־שטעלען. האט מען איהם באלד דערהרגעט מיט שטיינער, אונ רחבעם איז קוים אנטלאפען צוריק קיין ירושלים. ער איז אבער ניט שטיל געבליבען. קוים האט ער געזעהן אז דער שבט יהודה איז איהם געטריי אונ אז ער קאן אויך רעכענען אויף דעם שבט שמעון אונ אויף א גרויסען טהייל פונ׳ם שבט בנימין, וואס האט זיך געפונען אין ירושלים, האט ער זיך באלד ענטשלאסען צו צווינגען מיט כח שכם. עס זאל זיך איהם אונטערגעבען. ירבעם האט מעהר ניט בעדארפט, ער האט געגעבען צו פארשטעהן זיינע לייט אז ביי אזא צייט מוזען זיי האבען א פיהרער טאקע פון זייער מיט, עס האט גאר ניט געדויערט אונ ירבעם איז געווארען קעניג איבער די עשרת השבטים. אזוי איז צופאלען געווארען די יודישע מלוכה אויף צוויי טהייל: בית יהודה, וואס איז געפיהרט געווארען דורך די מלכי בית דוד, אונ בית ישראל, וואס האבען זיך אבגעזוכט א נייעם מלך. עס וואלט געוויס שוין אויף דער הייסער שעה געוועהן ארויסגעשפרונגען א מלחמה צווישען ביידע מלוכות, נאר דער נביא שמעיה האט זיי אבגעהאלטען דערפון אונ ביידע זייטען האבען אנגעהויבען זיך צו פערשטארקען דורך הילף פון דער פרעמד: רחבעם האט געמאכט יד אחת מיט׳ן נייעם מלך פון דמשק אונ ירבעם האט זיך פון פריהער נאך געהאט זיין גוטען פריינד, דעם מלך פון מצרים וואס איז טאקע אויפ׳ן פינפטען יאהר פון רחבעם׳ס מלוכה אנגעפאלען אויף איהם, צושטערט אלע פעסטונגען אונ פון ירושלים ארויסגעפיהרט אלע טהייערסטע זאכען, וואס האבען זיך געפונען אין מיכן. פון דעמעלט אן איז אויך געשלאגען געווארען דער האנדעל פון יהודה אונ פאר׳ן פאלק, וואס האט אזוי גליקליך געלעבט אין שלמה׳ס צייט, האבען זיך אנגעהויבען ביטערע טאג.

ביי ירבעם׳ן איז אויך ניט אלדינג צוגעגאנגען גלאט. קוים האט ער זיך ארומגעקוקט, האט ער גוט געזעהן אז עס איז שווער זיך צו פערלאזען אויף די איינוואהנער פון שכם, וואס זענען שוין לאנג געוועהן בעקענט פאר אונרוהיגע מענשען אונ וואס האבען נאך אין די שופטים׳ס צייט אויסגעקליבען אבימלך בן ירבעל פאר א ראש אונ איהם באלד ארא־געווארפען. ירבעם האט פערשטאנען אז די חברה קאנען מיט איהם אויך

טהון דאס אייגענע, האט ער זיך געזעהן דערוייטערט פון זיי אונ האט איבערגעטראגען זיין הויפטשטאדט פריהער קיין פנואל אונ דערנאך קיין תרצה. אויסער דעם האט ירבעם זיך בעטראכט אז איהם טויג ניט וואס פיעל פון זיינע לייט זענען אפט עולה רגל קיין ירושלים צו דאווענען דארט אין משכן אונ ער האט מורא געהאט טאמער נעהען זיי איבער צום מלך פון יהודה. דאריבער איז ביי איהם געבליבען איינצופיהרען א געטצענדיענסט אבגעוואהנען דעם עולם פון א עדלערער אמונה אונ וואס מעהר דאס פאלק וועט פארגרעבט ווערען, מעהר זיכער וועט ער זיין מיט זיי. ער האט ניט לאנג געטראכט אונ געהייסען שטעלען צוויי גאלדענע קאלבער, איינס אין בית אל אונ דאס אנדערע אין דן, עס זאל זיין נאהענט אלע שבטים. אונ דאס פאלק האט זיך געלאזט פערפיהרען. אויסער, אין שבט לוי, וואס האט ניט געקאנט איבערטראגען די עבודה זרה אונ איז אוועק קיין יהודה.

אזוי האט זיך בעפעסטיגט דער געטצענדיענסט פאר ירבעם'ס לעבען אונ פאר זיין זוהן נדב, אונ אזוי האט זיך עס שוין געפיהרט ווייטער ווען בעשא, איינער פון נדב'ס הויפטלייט, האט איהם דערהרג'ט אונ איז געווארען קעניג אויף זיין ארט אונ דערנאך איז די מלוכה איבערגעגאנגען צו זיין זוהן אלה. פירציג יאהר זענען אבגעלאפען זייט די יודישע מלוכה האט זיך צוטהיילט, אין דער צייט זענען אפילו געוועהן עטליכע קליינע מלחמות צווישען רחבעם'ס זוהן אבים אונ ירבעם אונ נדב אונ שפעטער צווישען אלה אונ אסא, נאר צו קיין גרויסען קריעג איז עס ניט געקומען. אלה האט אין גאנצען געקעניגט צוויי יאהר ביז זמרי האט איהם ניט דערהרג'ט אונ איז געווארען מלך, נאר ניך האט ער דעם איינעגעם פסק געהאכט פון עמרי'ן וואס האט אויך גערעכענט זיך ארויפצוהאפען אויפן בענקעל, נאר עס איז איהם שוין שווערער אנגעקומען. ווייל דערמעלט האט זיך שוין דאס פאלק צוטהיילט אונ פיעל האבען געהאלטען מיט תבני בן גינת, עס איז ארוים א אינווענינגסטער קריעג, וואס האט געדויערט פיער יאהר, פיעל בלוט איז פערגאסען געווארען ביז תבני איז נעהרג'ת געווארען אונ די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו עמרי'ן. אין תרצה האט עמרי ניט געהאט וואו צו וואהנען, ווייל זמרי האט פארברענט דעם קאניגליכען פאלאץ ווען ער האט זיך דאס לעבען גענומען. ריהרען זיך קיין שכם האט זיך איהם אויך ניט געגלוסט, האט ער זיך געקויפט א נייעם פלאץ, וואס האט געהייסען שומרון, אהין איז איבערגעגאנגען די הויפטשטאדט פון ישראל אונ אויך

די שִׂנְאָה צוּ יְהוּדָה וָואס הָאט זִיךְ דָארְט אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער מִיט הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען שְׁטַארְק גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶארֶען.

עָמְרִי הָאט זִיךְ בֶּערֶעכֶענְט אַז עֶס אִיז גְלַייכֶער פַאר בֵּיידֶע, עֶס זָאל זַיין שָׁלוֹם צְוִוישֶׁען יִשְׂרָאֵל אוּנ יְהוּדָה, אוּנ הָאט גֶעלֶעבְּט זֶעהר גוּט מִיט יְהוֹשָׁפָט׳ן, אָסָא׳ס זוּהן. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעשְׁלָאסֶען פְרַיינְדשַׁאפְט מִיט דִי מְלָכִים פוּן צוֹר אוּנ צִידוֹן אוּנ אַז עֶס הָאט דֶערְנָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קֶענִיגֶען אֵיינֶער פוּן דִי פְרִיהֶערְדִיגֶע כֹּהֲנִים אֶתְבַּעַל הָאט עָמְרִי זִיךְ מִיט אִיהם מְשַׁדֵּךְ גֶעוֶועהן אוּנ זַיין זוּהן אַחְאָב הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אֶתְבַּעַל׳ס טָאכְטֶער אִיזֶבֶל. אַז עָמְרִי הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט שְׁטַארְק אִיז עֶר אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי מוֹאָבִים אוּנ הָאט שׁוֹין גֶערֶעכֶענְט אַז זֵיי וֶועלֶען אִיהם צָאהלֶען מַס, נָאר דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרַם, בֶּן הֲדַד, הָאט זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר זֵיי אוּנ עָמְרִי הָאט נִיט נָאר גֶעמוּזְט אָבְּגֶעבֶּען אַלְדִינְג וָואס עֶר הָאט אָבְּגֶענוּמֶען. נָאר מֶען הָאט אִיהם נָאךְ גֶעצְוִוינְגֶען צוּ עֶפְנֶען זַיין לַאנְד פַאר׳ן שׂוֹנֵא עֶר זָאל קֶאנֶען דָארְטֶען אַרוּם דוּרְכְפִיהרֶען סְחוֹרָה. אַז עָמְרִי הָאט גֶעזֶעהן אַז דִי מִלְחָמָה אִיז אִיהם נִיט גֶערָאטְהֶען אוּנ צוּ גְבוּרָה אִיז עֶר נִיט קֵיין גְרוֹיסֶער בְּרִיָה, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ פֶערְבֶּעסֶערן דֶעם הַאנְדֶעל מִיט דֶער הִילְף פוּן זַיינֶע מְחוּתָּנִים אוּנ דֶערְבַּיי אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיעבֶּען עֶר זָאל זַיין פָאלְק אִין גַאנְצֶען אוֹיסְמִישֶׁען מִיט דִי פֶעלְקֶער פוּן צוֹר אוּנ צִידוֹן. דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט עֶר זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּ גָאטְצֶענְדִיעֶנְסְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אַ כַּךְ וַוייטֶער פוּן יָרָבְעָם׳ן דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעזוּכְט בַּיי דִיא שְׁבָטִים נָאר לַהֲלוּטִין אוֹיסצוּרַייסֶען פוּנ׳ם הַאֶרֶץ דֶעם זֵכֶר פוּן אַ אֵיינְצִיגֶען גָאט. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעקֶענִיגְט נָאר זֶעכְס יָאהר אוּנ דָאס וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פַאר אַ יְרוּשָׁה אַחְאָב׳ן עֶר זָאל עֶס אוֹיספִיהרֶען. אַחְאָב אִיז גֶעוֶועהן אַ מֶענְשֶׁעל פוּן שְׁוַואכֶער נַאטוּר, עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ פַּאלַאץ, בֶּעדֶעקְט מִיט עֶלְפֶענְבֵּיין אוּנ הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט רוּהִיג אָבְּלֶעבֶּען דִי יָאהרֶען. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט מֶען אִיהם גֶעקֶאנְט בֶּעוֶועגֶען עֶר זָאל אָנְהֵייבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט אֲרַם, וֶוען עֶר הָאט פוּנ׳ם שׂוֹנֵא דֶעם גְרֶעסְטֶען בִּזָיוֹן גֶעהַאט. עֶס אִיז נִיט קֵיין וואוּנְדֶער וָואס אִיזֶבֶל הָאט אִין גַאנְצֶען גֶעדְרֶעהט דָאס רֶעדֶעל אוּנ הָאט אַיינְגֶעפִיהרְט דִי אֵיינֶענֶע עֲבוֹדָה־זָרוֹת וָואס זִי הָאט גֶעזֶעהן בַּיי זִיךְ אִין דֶערְהֵיים. זִי הָאט גֶעמַאכְט אַ טֶעמְפֶּעל פַאר׳ן אָבּ־גָאט בַּעַל אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיבֶּען פוּן אִיהר פָאטֶערְלַאנְד בִּיז נַיין הוּנְדֶערְט פִינְפְצִיג כֹּהֲנִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער׳ן לַאנְד אוּנ גֶעוִויזֶען זֵייעֶרֶע גֵייעֶ תּוֹרוֹת. אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט

הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערְשֶׁען אִין פָּאלְק, פִיעל הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזט אִיבֶּערְרֶעדֶען. אוּנ נָאר זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען הָאבֶּען בַּיי זִיךְ נָאךְ אָפְּגֶעהִיט אַ שְׁוַואכֶען פוּנְק פוּן דֶער אַלְטֶער אֱמוּנָה.

אוֹיפְצוּבְּלָאזֶען דִי כִּמְעַט פֶערְלָאשֶׁענֶע פוּנְקֶען – הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט זַיינֶעם אַ בֶּעזוּנְדֶערְן שָׁלִיחַ אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶוען אֵלִיָהוּ הַתִּשְׁבִּי, אַיין מֶענְשׁ מִיט אַ פֶעסְטֶען ווִילֶען, מִיט אַ שְׁטַארְקֶער עֶנֶערְגִיע מִיט אַ גְרוֹיסֶען גֶעדַאנְקֶען וָואס פְּלֶעגֶען אִיהם טְרָאגֶען ווִי אַ שְׁטוּרְמְווִינְד אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַרוֹיס־צוּרַייסֶען זַיינֶע בְּרִידֶער פוּנ'ם פִינְסְטֶערְן גָאטְצֶענְדִיעֶנְסְט אוּנ מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי כֹּהֲנֵי־הַבַּעַל. עֶר הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ לַאנְגֶען מַאנְטֶעל, נִיט גֶעטְרוּנְקֶען קֵיין וַויין נִיט גֶעשׁוֹירֶען דִי הָאר זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אַלֶע תַּעֲנוּגִים פוּנ'ם לֶעבֶּען אוּנ אוֹיף זַיין סְטְרוֹיה הָאבֶּען זִיךְ שְׁפֶּעטֶער גֶענוּמֶען דִי נְזִירִים, דִי הֵיילִיגֶע לַייט וָואס פְלֶעגֶען אַלְדִינְג רֶעכְנֶען פַאר מוּתָּרוֹת אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידְט אֲפִילוּ פוּן אַלֶע נֶאטְהִיגֶע זַאכֶען אוֹיף דֶער ווֶעלְט. אֵלִיָהוּ הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ חֹק נִיט צוּ רוּהֶען, גֶעהֶען פוּן שְׁטָאדְט צוּ שְׁטָאדְט אוּנ אוּמֶעדוּם דֶערְמָאנֶען דָאס פָּאלְק אָן דֶעם אֵיינְצִיגֶען בֶּעשֶׁעפֶער אוּנ שְׁרַייעֶן „ה' הוּא הָאֱלֹהִים!” מִיט דִי דְרַיי ווֶארְטֶער פְלֶעגְט עֶר אָפְט שְׁטֶערֶען אַחְאָבּ'ס רוּה; מִיט דִי דְרַיי ווֶארְטֶער אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען אַרוּם זִיךְ צוּנוֹיפְנֶעהמֶען פִיעל נְבִיאִים, וָואס זֶענֶען אִיהם נָאךְ גֶענַאנְגֶען ווִי טְרַייעֶ תַּלְמִידִים; מִיט דִי דְרַיי ווֶארְטֶער הָאט עֶר אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ פַייעֶר אִין אַ סַךְ פֶערְפְרוֹירֶענֶע אוּנ פֶערְשְׁלָאסֶענֶע הֶערְצֶער. אֵיינֶער פוּן דִי, וָואס אֵלִיָהוּ הָאט אִין אִיהם דֶערְוֶועקְט דֶעם אַלְטֶען גְלוֹיבֶּען, אִיז גֶעוֶוען דֶער אוֹיפְזֶעהֶער פוּנ'ם קֶאנִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ עוֹבַדְיָה, עֶר הָאט בֶּעהַאלְטֶען אִין צְווֵיי הֵיילֶען פוּנ'ם בַּארְג כַּרְמֶל הוּנְדֶערְט יוּנְגֶע נְבִיאִים אוּנ זֵיי פֶערְזָארְגְט מִיט שְׁפַּייז אוּנ גֶעטְרַאנְק אוּנ דֶערִיבֶּער אִיז אִיזֶבֶל שְׁוֶוער גֶעוֶוען צוּ רוֹדֵף'ן אֵלִיָהוּ'ן מִיט דִי תַּלְמִידִים, וָואס הָאבֶּען שׁוֹין גֶעהַאט גֶענוּג פֶערְבָּארְגֶענֶע פְרַיינְדֶע.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ אַחְאָבּ אִין זִין גֶעהַאט זַיינְס אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בּוֹי'ען אִין טְהָאל יִזְרְעֶאל אַ נַייעֶ שְׁטָאדְט, אוּנ עֶר הָאט דָארְט פַאר זִיךְ גֶעמַאכְט אַ טְהַייעֶרְן ווִינְטֶער־פַּאלַאץ. עֶר הָאט אָבֶּער אוֹיךְ בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען פְּלַאטְץ פַאר אַ גָארְטֶען, אִיז זַיין אוֹיג גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ וַויינְגָארְטֶען וָואס הָאט גֶעקֶעהֶרְט צוּ נָבוֹת אֵיינֶעם פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים. נָבוֹת הָאט אָבֶּער פַאר קֵיין גֶעלְד נִיט גֶעווָאלְט אָבְּטְרֶעטֶען זַיין וַויינְגָארְטֶען הָאט דָאס אַחְאָבּ'ן שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען אוּנ אִיזֶבֶל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַיין עֵצָה מֶען זָאל נָבוֹת'ן

איינקלאגען אז ער האט געשפּאט איבערן קעניג און דיא אָבגעטער. מען האט ניט לאנג געטראכט, עס האבען זיך געפונען עדות, נבות מיט די קינדער איז פערמשפּט געוואָרען צום טויט און זיין פערמעגען איז איבערגעגאנגען צו דער מלוכה. ווי א וויכער איז באלד אויסגעוואקסען אליהו און מיט א קול פון א דונער האט ער געשריגען צו דעם מלך. „דו ביסט דער רוצח און דו ביסט אויך דער יורש! דאס אומשולדיג פארגאסען בלוט וועט פאלען אויף דיין קאפּ און די אייגענע הינד וואס לעקען אצינד דאס בלוט וועלען שפּעטער לעקען אויך ד־יין בלוט!" ווי א דונער זענען די ווערטער אויך אריין דעם מלך אין הארץ און א פינסטערע חרטה וואס פארדולט דעם מוח און פּיקט אהן א אויפהער אין קאפּ אריין, האט זיך אהין אריינגעגנבעט. נאך איין מאל האט זיך אליהו בעוויזען אחאבן און איהם געזאגט אז דריי יאהר וועט זיין א הונגער אין לאנד, און די נבואה איז באלד מקוים געווארען. שטארק פערזארגט פלעגט אחאב ארומגעהן מיט עובדיה'ן און ארויסקוקען טאמער וועט ער דערזעהן דעם נביא. פּליצום האט זיך אליהו בעוויזען און אז אחאב האט געוואלט אנהייבען טענה'ן, האט דער נביא מיט א פייעריג קול געגעבען א בעפעהל ער זאל הייסען פערזאמלען דאס גאנצע פאלק און אלע כהנים פון בעל, צום בארג כרמל און דארט וועט גאט אליין ווייזען דעם אמת און דעם שקר. די פערזאמלונג ביים כרמל האט טאקע געפיהרט דערצו אז אלע האבען מיט אייגענע אויגען געקאנט זעהן די נסים פון גאט: די כהנים פון בעל האבען געמאכט זייערע קונצען, געארבייט מעשים און די אָבגעטער האבען געשוויגען ווי אלעדעם כאז, און אז אליהו מיט זיינע תלמידים האבען תפלה געטהון, איז באלד אראפּ א פייער פונ'ם הימעל, וואס האט פארברענט די קרבנות און מיט א מאהל אויסגעטריקענט אפילו דאס וואסער. אחאב איז געבליעבען שטעהן ווי פארשטיינערט, מיט ציטערן האט ער דערהערט דאס גרויסע געשריי פון אלע „ה׳ הוא האלהים!" און מיט שרעק האט ער געזעהן ווי מען האט דערהרגעט דיא כהנים פון בעל און זיי געווארפען אין נאהענטען טייך קישון. אליהו האט אבער פערשטאנען אז איזבל וועט איהם אזא זאך ניט שענקען און ער איז אוועק קיין יהודה, אין דער שטאדט באר שבע. דארט איז ער אויך ניט זיכער געוועהן, ווייל יהושפט איז געוועהן אחאב'ס א גוטער פריינד, האט ער זיך געמוזט ווענדען צו דער מדבר ביז צום בארג חורב, וואו ער האט געזעהן בנבואה אז ער מוז אויפהערען

אונ אויף זַיין אָרְט דאַרְף עֶר זאַלְבֶּען פאַר אַ נָבִיא אֱלִישָׁע בֶּן שָׁפָט.

אין דֶער צַייט וָואס אֱלִיָּהוּ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט אין דֶער מִדְבָּר אִיז אַחְאָב גֶעוָוארֶען אַ בִּיסֶעל שְׁלַאבֶּערִינְגֶער אונ הָאט שׁוֹין נִיט אַזוֹי גֶערוּדֶפְט דִי יוּנְגֶע נְבִיאִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פַארְמֶעהְרְט אונ פוּן זֵיי אִיז אַרוֹיס מִיכָיְהוּ בֶּן יִמְלָא, אַ מֶענְשׁ מִיט אַיין אָפֶּען מוֹיל, וָואס הָאט נִיט גֶעלֶענְט קַיין כָּבוֹד אוֹיפ'ן קֶאנִיג אונ פְלֶעגְט אִיהם אָפְט פָארְאוֹיסְזָאגֶען אַז עֶר וֶועט הַאבֶּען אַ שְׁוַוארְצֶען סוֹף. עֶס הָאט אוֹיךְ נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט, אִיז בֶּן הֲדַד דֶער צְוַויִיטֶער דֶער נַייעֶר מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אַחְאָב'ן אונ עֶר אִיז בַּיי זִיךְ אַזוֹי אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אַז עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט בַּיישְׁטֶעהְן אוֹיף אַלֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע תְּנָאִים וָואס דֶער שׂוֹנֵא הָאט אִיהם פָארְגֶעלֶעגְט. דִי זְקֵנִים, וָואס אַחְאָב פְלֶעגְט זֵיי אָפְט קוּקֶען אִין מוֹיל אַרַיין, הָאבֶּען אִיהם נִיט דֶערְלָאזְט מַאכֶען אַזַא מִין שָׁלוֹם אונ גֶערָאטְהֶען וַוייטֶער צוּ פִיהרֶען דִי מִלְחָמָה. דָאס רֶעדֶעל הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעדְרֶעהט אונ אַחְאָב הָאט מְנַצֵחַ גֶעוֶועהן דֶעם שְׁטָאלְצֶען בֶּן־הֲדַד, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִין טְרוֹיעֶר־קְלֵיידֶער אונ בָּארְוֶועס אִיבֶּערְבֶּעטֶען אַחְאָב'ן אונ אִיהם צוּזָאגֶען גָאלְדֶענֶע בֶּארְג. בֶּעזָאנְדֶערְס וֶוען מֶען הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט אָבְצוּגֶעבֶּען דִיא וִוִיכְטִיגֶע שְׁטֶאדְט רָמוֹת גִלְעָד. אַחְאָב הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען אונ בֶּן־הֲדַד הָאט טַאקִי שׁוֹין נִיט גֶעהַאלְטֶען קַיין וָוארְט, וַויי'ל עֶר הָאט גוּט תּוֹפֵס גֶעוֶועהְן זַיין גֶעגְנֶער אונ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶס וֶועט אִיהם נִיט שָׁאדֶען וֶוען עֶר וֶועט בְּלַייבֶּען אַ לִיגְנֶער. דֶערְוַוייל אִיז צְווִישֶׁען דִי מְלָכִים פוּן יְהוּדָה אונ יִשְׂרָאֵל גֶעוָוארֶען אַזַא פְרַיינְדְשַׁאפְט אַז יְהוֹשָׁפָט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ גַאסְט צוּ אַחְאָב'ן אונ זַיין זוּהְן יְהוֹרָם הָאט אֲפִילוּ חַתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַחְאָבְ'ס טָאכְטֶער עֲתַלְיָה. בֵּיידֶע מְלָכִים הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ פִיהרֶען אַ מִלְחָמָה מִיט אֲרָם, נָאר דֶער נָבִיא מִיכָיְהוּ הָאט בֶּעסֶער גֶערָאטְהֶען: „מֶען זָאל בְּלַייבֶּען אִין דֶער הֵיים, וַוייל עֶר זֶעהְט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל צוּשְׁפְּרֵייט אוֹיף דִי בֶּערְג אָהן אַ פַּאסְטוּךְ". דִי מִלְחָמָה הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט אַיין עֶק אַחְאָבְ'ס לֶעבֶּען וַוייל אִיהם הָאט בַּאלְד גֶעטְרָאפֶען אַ פַייל אונ דָאס גַאנְצֶע חַיִל פוּן יְהוּדָה אונ יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען. אַז מֶען הָאט אַחְאָב'ן טוֹיטֶערְהֵייט צוּרִיק גֶעפִיהרְט קַיין שׁוֹמְרוֹן אִיז זַיין בְּלוּט אַרָאבְּגֶערוּנֶען פוּנ'ם וָואגֶען אונ דִי הִינְד הָאבֶּען עֶס גֶעלֶעקְט – אונ אַזוֹי אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארֶען דִי נְבוּאָה פוּן אֱלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי.

נָאךְ אַחְאָב'ן הָאט צְוֵויי יָאהר גֶעקֶאנִיגְט זַיין אֶלְטֶערֶער זוּהְן אֲחַזְיָה אונ אַזוֹי וִוי דָאס אֶפֶּעלֶע פַאלְט נִיט וַוייט פוּן בּוֹימֶעלֶע הָאט דֶער נַייעֶר קֶאנִיג זִיךְ אוֹיךְ שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען אִין גָאטְצֶענְדִיעֶנְסְט. אַז עֶר אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלֶען פוּן אַ פֶענְסְטֶער

האָט ער געשיקט קיין עקרון פרעגען ביים בעריהמטען אָבגאָט בעל זבוב צו קאָן ער האָבען אַ רפואה. אין דער צייט איז אליהו צוריקגעקומען פון חרב אויסצופילען זיין גרויס שליחות אונ אָבזוכען אלישען וואָס האָט בעדאַרפט בלייבען אויף זיין אָרט. ער האָט איהם אויך געפונען ביי אַ גראָבער אַרבייט, ביים איינ־שפּאַנען רינדער אין האַקער. אונ נאָר אָהן לשון האָט ער אויף איהם אַרויפ־געוואָרפען זיין מאַנטעל. אלישע האָט באַלד פערשטאַנען דעם ווינק אונ האָט זיך אפילו ניט געזעגענט מיט די עלטערן אונ פון דער רגע איז ער געוואָרען אליהו׳ס געטרייעסטער תלמיד. אַז אליהו האָט בעגעגענט די שלוחים וואָס אחזיה האָט געשיקט צום בעל זבוב, האָט ער זיי אומגעקעהרט אונ געהייסען פרעגען דעם קאָניג: „צו עס איז ניטאָ קיין גאָט אין ישראל וואָס ער שיקט איהם זוכען קיין עקרון?“ דער קראַנקער קאָניג האָט באַלד פערשטאַנען אַז דאָס זענען אליהו׳ס ווערטער אונ ער האָט איהם געשיקט אָבזוכען. אָהן מורא האָט זיך דער נביא געשטעלט פאַר׳ן קאָניג׳ס בעט אונ איהם שאַרף אַרויסגעזאָגט אַז אויפשטעהן וועט ער שוין ניט מעהר. באַלד איז טאַקי אחזיה געשטאָרבען אונ זיין יונגערער ברודער יהורם איז געוואָרען קאָניג. דעמאָלט איז אויך פערשווינדען געוואָרען אליהו אונ זיינע הייליגע מעשים האָבען געבראַכט דערצו אַז דאָס פאָלק זאָל איהם פאַרגאַטערן אונ אָננעהמען אַז זיין טויט איז געווען פונקט אַזוי וואונדער־באַר ווי זיין לעבען אונ אַז דער אייגענער גייסט, וואָס האָט איהם געגעבען כח אויסצופיהרען די גרויסע זאַכען, האָט איהם ווי אַ שטורמווינד לעבעדיגערהייט אַוועקגעטראָגען גלייך אין הימעל אַריין.... אלישע איז געוואָרען דער ראש פון די נביאים, פריהער האָט ער געוואוינט אָבגעזונדערט אויפ׳ן באַרג כרמל אונ דערנאָך האָט ער זיך אָנגעהויבען אַריינמישען אין וועלט־זאַכען ביז עס איז איהם געראָטהען צו געפינען אַ מענשען, וואָס האָט זיך אונטערגענומען מאַכען אַן עק פון עמרי׳ס משפחה אונ פון דעם געטצענדיענסט.

יהורם, דער פירטער מלך פון עמרי׳ס משפחה, האָט זיך באַלד בענוצט מיט יהושפט׳ס פריינדשאַפט אונ האָט מיט איהם איינאיינעם אונ אויך מיט דער הילף פונ׳ם קאָניג פון אדום, אָנגעהויבען אַ מלחמה געגען מישע, דעם קאָניג פון מואב, וואָס האָט פּלוצים אויפגעהערט איהם צו צאָהלען מס. אויפ׳ן וועג איז יהורם אויך אַריינגעפאָהרען קיין ירושלים, אונ מען האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. יהושפט האָט זיך אָבער פריהער געוואָלט אָנפרעגען ביים נביא אונ יהורם האָט דעמאָלט אַרויסגעזעהן ווי פיינד אלישע האָט איהם. דאָך, פון דער מלחמה צוליב האָט ער געזאָגט אַז זי וועט זיך ענדיגען מיט גליק. מישע

האָט טאַקי געחאַפּט גוטע קלעפּ און האָט זיך געמוזט בעהאַלטען אין דער פֿעסטונג קיר חֲרֶשֶׂת. פֿון דאָרטען האָט ער זיך געפּרובט אָבּרעדען דעם קאָניג פֿון אֱדוֹם און אַז דאָס איז איהם ניט געראָטהען האָט ער זיין עלטסטען זוהן געבּראַכט פֿאַר אַ קרבן דעם אָבגאָט כְּמוֹשׁ. דעמעלט איז גראַד אויסגעבּראָכען גאָנץ גרויסע קראַנקהייט צווישען חַיִל און די מלחמה האָט געמוזט אויפֿהערען. דערווייל, נאָך יְהוֹשָׁפָט׳ס טויט, האָט אֱדוֹם פֿון זיך אויך אַראָבגעוואָרפען דעם יאָך פֿון די יודישע מלוכות. וואָס זענען מיט דער צייט כּמעט געוואָרען איינס בּעזאָנדערס נאָך דעם וואָס יְהוֹרָם יְהוֹשָׁפָט׳ס זוהן, האָט זיך אויך געלאָזט אַראָבפֿיהרען פֿון זיין ווייב עֲתַלְיָה און האָט בּיי זיך אין לאַנד אויך איינגעפֿיהרט עבודה־זרות. אֱלִישָׁע איז ניט געשלאָפען און האָט געזוכט אַלע מיטעל צו פֿערטיליגען עמרי׳ס קינדער. מען רעכענט אַז ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען חלק אין דעם וואָס אין דמשק האָט חֲזָאֵל דערהרגעט דעם קאָניג בֶּן הֲדַד דעם צווייטען און אַז ער האָט איבּערגענומען די מלוכה איז ער בּאַלד אָנגעפֿאַלען אויף די עשרת השבטים און אין דער גרויסער מלחמה בּיי רָמוֹת גִּלְעָד האָט טאַקי די ערשטע פֿייל געטראָפֿען יְהוֹרָם׳ן. וועלכער האָט געמוזט בּלייבּען אין יִזְרְעֶאל און איבּערגעבּען די קאָמאַנדע יֵהוּא׳ן. דאָ איז בּאַלד געקומען צו יֵהוּא׳ן איינער פֿון אֱלִישָׁע׳ס תּלמידים און האָט איהם אַריינגעפֿיהרט אין אַ בּעזונדער חדר און אים נאָהמען פֿונ׳ם נביא איהם געזאַלבּט פֿאַר מלך פֿון ישׂראל. דאָס חַיִל איז בּאַלד געוואָהר געוואָרען פֿונ׳ם סוד און אַלע האָבּען מיט פֿרייד בּעגריסט יֵהוּא׳ן ווי אַ נייעם קאָניג. יֵהוּא האָט זיך בּאַלד געלאָזט קיין יִזְרְעֶאל און אַז יְהוֹרָם האָט דערזעהן פֿון ווייטענס דאָס חַיִל איז ער זעהר נייגיריג געוועזען צו וויסען וואָס עס טהוט זיך און האָטשי ער איז נאָך ניט געזונד געוועזען האָט ער געהייסען איינשפּאַנען אַ וואָגען און איז אינאיינעם מיט אֲחַזְיָה, דעם יונגען מלך פֿון יהודה וואָס איז געראַד דעמעלט געוועזען צו גאַסט בּיים קראַנקען פֿעטער אַרויסגעפֿאָהרען אַקעגען יֵהוּא׳ן. צוויי פֿיילען פֿון יֵהוּא׳ס האַנד האָבּען בּאַלד געמאַכט איין עק פֿון יְהוֹרָם וואָס איז געפֿאַלען אויפֿ׳ן אָרט, און פֿון אֲחַזְיָה, וואָס האָט זיך נאָך דערשלעפּט בּיז מְגִדּוֹ און איז דאָרט געשטאָרבּען.

אַז יֵהוּא איז אַריינגעפֿאָהרען קיין יִזְרְעֶאל איז די אַלטע קאָניגין אִיזֶבֶל געשטאַנען בּיי׳ם פֿענסטער און האָט איהם נאָכגעשריגען אַז ער איז אַ רוצח בּאַגלייך מיט זִמְרִי׳ן. יֵהוּא האָט זי געהייסען אַרויסשלעפּען אויף דער גאַס און איז מיט זיין וואָגען אַריבּערגעפֿאָהרען איבּער איהר גוף פֿון וועלכען מען האָט שפּעטער געקאָנט אָבּזוכען און בּעגראָבּען נאָר דעם קאָפּ און עטליכע בּיינער.

דערנאך האט ער געגעבען א ווינק אונ קיינער פון אחאב׳ס משפחה איז ניט געבליבען לעבען. באלד האט ער אויך אנגעהויבען אויסצוריינעגען דאס לאנד פונ׳ם געטצענדיענסט אונ געהייסען אויסהרגנען אלע כהנים פון בעל; אונ איינער פון אליהו׳ס תלמידים, יהונדב, האט איהם דערצו פיעל מיט געהאלפען.

אין יהודה, וואו מעכה, די מוטער פונ׳ם מלך אסא, האט די ערשטע איינגעפיהרט עבודה־זרה, האט זיך אבער אין דער צייט נאך פארשטארקט דער גלויבען אין די אבגאטער, ווייל דארט האט געהערשט עתליה וואס האט זיך נאך איהר זוהן אחזיה׳ס טויט, ערשט רעכט צופיהרט די האנד. זי האט געבויעט אין ירושלים א טעמפעל פון בעל אונ געמאכט פאר א כהן מתן. דערצו האט זי נאך געהייסען אויסהרגנען אלע קאניגליכע פרינצען וואס וואלטען איהר געקאנט שטערען צו איהר פיהרונג. זי וואלט שאקי געוועהן געמאכט איין עק פון גאנץ דוד׳ס הויזגעזינד, ווען ניט דער כהן יהוידע מיט זיין ווייב יהושבע, יהורם׳ס א שוועסטער פון איין צווייטער פרויא: זיי האבען אבגעראטעוועט אחזיה׳ס קליין קינד יואש אונ האבען איהם בסתר אזוי ערצויגען אז ער זאל מיט דער צייט קענען איבערנעהמען די מלוכה. די אלע זעקס יאהר וואס עתליה האט געקעניגט, האט יהוידע ניט געריהט אונ געזוכט גוטע פריינד צווישען חיל אונ די הויפטלייט, וואס זאלען האלטען מיט זיין מחשבה, אונ אז ער האט געזעהן אז ער איז זיכער פון אלע זייטען האט ער יואש׳ן ארויסגעפיהרט פון זיין בעהאלטעניש אונ איהם אפענטליך געזאלבט פאר מלך. צו שפעט איז דערפון עתליה געוואהר געווארען אונ זי האט געהאט פונקט אזא ביטערן סוף ווי איהר מוטער איזבל: טאקי איהרע אייגענע הויפטלייט, וואס זיא האט געמיינט אז זי קאן זיך אויף זיי פערלאזען, האבען זי ארויסגעשלעפט אויף דער גאס אונ זי דערהרגעט אונ מיט איהר איז אין גאנצען אויסגעמעקט געווארען דער זכר פון עמרי׳ס משפחה.

דאס יונגשאפט פונ׳ם קליינעם מלך יואש האט געפיהרט דערצו וואס דער גאנצער מנהיג איז געווארען דער כהן גדול יהוידע, בעזאנדערס נאך דעם וואס דער נביא אלישע האט זיך די גאנצע צייט געהאלטען פון ווייטענס אונ האט מעהר געארבייט מיט זיינע תלמידים אין שומרון. יהוידע האט גוט פערשטאנען אז ניט אזוי גיך וועט איהם געראטהען אויסצוריינעגען דאס לאנד פון עתליה׳ס געטצענדיענסט אונ האט געזעהן אז דאס בעסטע כלי זיין געגען דער עבודה זרה וועט זיין דאס תורה׳לע וואס איז געלעגען בעהאלטען אין משכן. דעריבער האט ער אנגעהויבען צאפט פאר׳ן עולם לייענען די תורה, וואס איז זיי גוט אריין אין מח, ווייל דער כהן האט זיי געוויזען ווי אלדינג וואס עם האט זיך געטראפען מיטן

פאלק איז פריהר נאך אנגעוויזען געווארען אין קליינעם חומש. עס איז קיין וואונדער ניט וואס די היילינע ווערטער האבען אזוי אונטערגעצונדען די יודען צו אין א קורצער צייט זענען געווארען שטארקליך פון אלע אבגאטער. אונ אז יהוידע האט געוואלט אויפפיהרען דעם בעפעהל פון יואש, מען זאל צורעכט-מאכען דעם אלטען משכן אונ ווידער בעפעסטיגען גאט'ס הויז, האט ער נאר בעדארפט הויך איבערלייענען די פרשיות וואס רעדען וועגען דעם משכן. אונ עס האבען זיך שוין געשיט נדבות פון אלע זייטען אונ גאלד אונ זילבער האט מען געבראכט נאך מעהר ווי פיעל מען האט בעדארפט. אזוי איז יהוידע בעליעבט געוועהן ביים פאלק אונ ביים קאניג. אונ אז ער איז געשטארבען האט איהם יואש געהייסען בעגראבען צווישען די קברים פון מלכי בית דוד. די פריינדשאפט איז אבער ניט איבערגעגאנגען צו יהוידע'ס זוהן, זכריהו, וואס מען האט איהם פאר-שטיינט אויפן בעפעהל פון יואש'ן אונ וואס האט פארן טויט געזאגט. אז גאט זעהט אונ וועט זיך אננעהמען.

אין דער צייט וואס ביידע, יודישע מלוכות האבען געהאט צו טהון מיט אינעווענינסטע זאכען, האבען די שונאים זייערע דערווייל געשארפט די ציין אונ געזוכט אויף זיי אנצופאלען. יהוא איז ניט געוועהן קיין גרויסער העלד אונ דעריבער האט זיך טאקי דער נייער קאניג פון ארם, חזאל, באלד מישב געוועהן אז ער קאן עפיס אנהייבען מיט שומרון, בעזאנדערס ווען מישע, דער מלך פון מואב, וואס האט נאך ניט פארגעסען די פריהריגע קלאפ, האט איהם צוגעזאגט געהן צו הילף. אזוי האט זיך אנגעהויבען א מלחמה, וואס האט געקאסט די עשרת השבטים פיעל בלוט, אונ דערצו האבען זיי נאך פערלארען די בעסטע בעפעסטיגטע שטאדט ביי די גרענץ בשן ביז צום טייך ארנון אונ פיעל פון זיי זענען געפאנגען געווארען. די מלחמה האט ניט אויפגעהערט אויך דעמאלט ווען אין ארם האט שוין געקעניגט חזאל'ס זוהן, בן הדד דער דריטער, אונ אין שומרון איז געווארען מלך יהוא'ס זוהן, יהואחז, וואס אין זיין צייט איז דאס יודישע חיל גאר אין גאנצען פארקליינערט געווארען. ערשט יהואחז'ס זוהן, יואש, האט אנגעהויבען אויפצוהייבען א קאפ אונ מיט דער הילף פון די מלכים פון מצרים אונ די חתים איז ער ארויסגעטרעטען נעגען ארם אונ האט זיך גוט אבגערעכענט מיט'ן שונא.

אין יהודה האט יואש ניט לאנג געקעניגט, ער איז אומגעבראכט געווארען דורך זיינע אייגענע דיענער אונ די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו זיין זוהן אמציה. אז אמציה האט געהערט ווי עס איז געראטהען יואש'ן ארויס

צוּוואַרפען פון זיך דעם עול פון אֲרָם, האט ער זיך ענטשלאָסען אויך ניט זיצען לעדיג אונ ווייזען אַביסעל דורך אֶרֶץ דעם קליינעם פאָלק פון אֱדוֹם, וואס פלעגט שטאַנדיג זיין אַין עַזוּת־פָּנִים געגען יְהוּדָה אונ איז ביי זיך נאך גראָסער געוואָרען זייט עס האט זיך אויסגעבויעט אויף דיא הויכע שפּיצינע בערג פון שֵׂעִיר אַ נייע הויפּטשטאַדט. עִיר הַסֶּלַע אונ האט געמיינט אַז קיינער קען אַהין ניט צוקומען. אֲמַצְיָה'ן איז געראָטהען די שטאָדט דַוְקָא איינצונעהמען, נאר דער נִצָּחוֹן האט איהם דער נאך טהייער געקאָסט אַזוי ווי די פריינד־שאַפט, וואס האט פריהר געהערשט צווישען שֹׁמְרוֹן אונ יְהוּדָה איז אין דער לעצטער צייט אַ ביסעל שוואַכער געוואָרען, אונ אֲמַצְיָה האט גערעכענט אַז אומעדום וועט ער האָבען דאס איינענע גליק וואס אין אֱדוֹם, האט ער זיך אַריינגעשלאָגען אין קאפ אַ געדאַנק אַז ער מוז אָבנעהמען דאס לאַנד פון די עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים. ער האט זיך אָנגעהויבען טשעפּען צו יוֹאָשׁ'ן אונ איהם קלאָ־מערשט פאַרלעגען אַז ער וויל זיך מְשַׁדֵּךְ זיין מיט איהם אונ אַז יוֹאָשׁ האט איהם מיט גַאֲוָה געענטפערט אַז דער קליינער דאָרן מיט'ן גרויסען בוים קען קיין מְחוּתָּן ניט זיין, האט ער שוין געהאט פאר וואס אויף איהם אין כַּעַס צו זיין אונ האט זיך באַלד צוגעריכט מיט גרויס חַיִל צו דער גרעניץ. ביי דער שטאָדט בֵּית שֶׁמֶשׁ איז געוועהן די ערשטע מִלְחָמָה, יוֹאָשׁ האט בעוויזען זיין גְבוּרָה אונ האט אֲמַצְיָה'ן געבראַכט געפאַנגען קיין יְרוּשָׁלַיִם; ער וואָלט געקאָנט מאַכען אַ תֵּל פון דער גאַנצער מְלוּכָה. נאר, ווי עס שיינט, האט איהם אֱלִישָׁע דערפון אָבגעהאַלטען אונ ער האט זיך נאר בעגנוגט מיט אַ געלדשטראָף אונ דערמיט וואס ער האט געהייסען צוּוואַרפען עטליכע פעסטונגען פון דער הויפּטשטאָדט. עס איז שוין אַזוי באַשערט געוועהן אַז פון די שרעקליכע קלאָפּ, וואס יְרוּשָׁלַיִם האט אָנגעהויבען האָבען, זאָלען די ערשטע קומען טאַקי פון יודישע האַנד....

יוֹאָשׁ האט דערנאך ניט לאַנג געלעבט אונ באַלד איז דיא מְלוּכָה פון שֹׁמְרוֹן איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן יָרָבְעָם דעם צווייטען, וועלכער האט גליקליך געקעניגט מעהר פון זעכציג יאָהר. אַלע מִלְחָמוֹת, וואס ער האט גע־פיהרט, מיט דעם ווילען פון גאָט אונ מיט דיא קלוגע עֵצוֹת פון דעם נָבִיא יוֹנָה בֶּן אֲמִתַּי, האָבען געבראַכט דערצו וואס ער האט איינגענומען פיעל קליינע פעלקער. שטאַרק פאַרגרעסערט דאס לאַנד אונ מוֹאָב האט אויך געמוזט אַרונטער אונטער זיין מֶמְשָׁלָה. אין יְהוּדָה האט אֲמַצְיָה נאך געקעניגט פינפ־צעהן יאָהר. נאר זיין מְלוּכָה איז געוואָרען גאר שְׁלַאפּ. יְרוּשָׁלַיִם איז געבליבען אָפען אונ ניט בעשיצט אונ אויף דער עלטער האט ער געמוזט אַנטלויפען קיין

לָכִישׁ, וואו די אונצופרידענע הויפּט־לייט האָבען איהם דערהרגעט. דעמעלט האָט זיך אָנגעהויבען די טרויעריגסטע צייט אין יְהוּדָה: קיין מלך איז ניט געוועהן. אמציהו'ס זוהן עזריהו איז ערשט אלט געוועהן פיער יאָהר, צוקומען קיין ירושלים. וואס האָט ניט געהאט מעהר קיין פעסטונגען איז געוועהן וועהר גרינג. דער קאניג פון שמרון האָט זיך ניט געוואָלט רידען מיט הילף, אויף די מלכים פון צור אונ צידון, וואס זענען אמאל געוועהן גוטע ברידער, האָט מען ניט געקאָנט רעכנען. אודאי זענין די אֲדוֹמִים באלד אָנגעפאלען אונ אינאיינעם מיט די מצרים האָבען זיי פארוויסט דאס לאנד אונ די בעסטע מענשען פון יהודה פארקויפט פאר קנעכט אונ פארשיקט גאנץ ווייט. אזוי האָט זיך אָנגעהויבען א גלות פאר די ערשטע אומגליקליכע קינדער פון יהודה. אונ דאס גאנצע גליק איז נאך געוועהן וואס זיי האָבען געהאט וואס מיטצונעמען אין שווערען וועג: דאס איז געוועהן זייער אמונה – דאס איינציגע שטיקעל ירושה פון דער היים.



## זעכסטעס קאפיטעל.

---

## די לעצטע מלכי ישראל אונ די מפלה פון שמרון.

(887–720 ביז קריסטוס געבורט. 957–790 פאר'ן חרבן בית שני)

צוועלף פינסטערע יאָהר האָבען זיך אזוי אוועקגעצויגען אין יְהוּדָה. מען האָט ניט געזעהן קיין שפאר פון א שיין אונ אפילו די נביאים, וואס האָבען געקענט קוקען ווייט, האָבען אָנגעהויבען רעכנען די מלוכה פון בית דוד פאר א איינגעפאלענע סֻכּה, גאר פליצום האָט זיך דאס פאלק ווי אויפגעכאפט פונ'ם שלאף אונ דער זעכצעהנייאָהריגער עזריהו, אָדער עזיהו, דער זוהן פון

אֲמַצְיָהוּ, אִיז גֶעוָוארֶען קֶאנִיג. אוּנ הָאט בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעפִּיהרְט דִי בֵּיינֶער פוּנ'ם פָאטֶער פוּן לָכִישׁ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען צְווִישֶׁען דִי קֶאנִיגֶע מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד. הָאטְשֶׁי עֻזִיָּהוּ אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר יוּנְג, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶע צוּ פַארְבֶּעסֶערן דֶעם צוּשְׁטַאנְד פוּנ'ם לַאנְד אוּנ הָאט גֶעקֶאנִיגְט כִּמְעַט פוּנפְצִיג יָאהר. נִיט אַזוֹי גְרִינְג אִיז אִיהם אָנְגֶעקוּמֶען דָאס הַיילֶען פוּן אַלְטֶע מַכּוֹת, ווַייל גְרָאד פוּנְקט בַּיים אָנְהֵייבּ הָאבֶּען בֵּיידֶע יוּדִישֶׁע מְלוּכוֹת שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען פוּן עֶרְדְצִיטֶערְנִישׁ. וָואס עָמוֹס הַנָּבִיא הָאט נָאךְ פְרִיהר מִיט צְווֵיי יָאהר פָארְאוֹיסְגֶעזָאגְט. דֶערְנָאךְ אִיז בַּאלְד גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער הוּנְגֶער אוּנ הֵיישְׁרֶעקֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעגֶעסֶען אַלֶע תְּבוּאוֹת. נָאר מִיט דֶעם פֶעסְטֶען בִּטָּחוֹן אוֹיף גָאט הָאט דָאס פָאלְק זִיךְ גֶעשְׁטַארְקט מִיט תַּעֲנִיתִים אוּנ תְּפִלּוֹת אוּנ רוּהִיג אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען אַלֶע אוּמְגְלִיקֶען אוּנ גֶעגְלוֹיבְּט אַז דִי טְרֶאסְט-וֶוארְטֶער פוּנ'ם נָבִיא יוֹאֵל בֶּן פְּתוּאֵל וֶועלֶען גֶעווִיס מְקוּיָם וֶוערֶען. עֶס הָאט אוֹיךְ נִיט לַאנְג גֶעדוֹיֶערְט אוּנ פוּן אַלֶע צָרוֹת אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין עֶק. יְהוּדָה הָאט ווַייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען, דֶער מִסְחָר אוּנ עֶרְדְאַרְבֵּייט הָאט רַייךְ גֶעמַאכְט דִי מְדִינָה, אוּנ אַז עֻזִיָּהוּ הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעפִיהְלְט אִין כֹּחַ אָבְצוּרֶעכֶענֶען זִיךְ מִיט דִי אַלְטֶע שׂוֹנְאִים הָאט עֶר זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעהַאפְּט צוּ דִי אֲדוֹמִים. עֶר הָאט זֵיי גוּט צוּשְׁלָאגֶען אוּנ צוּגֶענוּמֶען בַּיי זֵיי דִי שְׁטָאדְט אֵילַת בַּיים יַם סוּף אוּנ דָער הַאנְדֶעל מִיט אַרַאבְּיֶען אוּנ אִינְדְיֶען אִיז ווִידֶער בֶּעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דִי פְּלִשְׁתִּים אוּנ הָאט בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען אַ גְרוֹיס שְׁטִיק עֶרְד, אוּנ יְרוּשָׁלַיִם הָאט עֶר בֶּעפֶעסְטִיגְט נָאךְ שְׁטַארְקֶער ווִי עֶס אִיז גֶעוֶועהן מִיט דִי בֶּעסְטֶע כְּלֵי זַיִן וָואס מֶען הָאט נָאר אִין יֶענֶער צַייט בֶּענוּצְט אִין אַ מִלְחָמָה.

שֹׁמְרוֹן הָאט אִין דֶער צַייט אוֹיךְ גֶעבְּלִיהט אוּנְטֶער דֶער מְלוּכָה פוּן יָרָבְעָם דֶעם צְווֵייטֶען. וָואס הָאט צוּגֶענוּמֶען בַּיי אֲרָם דִי הוֹיפְּטשְׁטָאדְט דַמֶּשֶׂק אוּנ אוֹיךְ דִי שְׁטָאדְט חֲמָת. וָואס רַייכֶער אָבֶּער דָאס לַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען, מֶעהר אִיז עֶס פַארְזוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִין זִינְד, דִי עֲבוֹדָה-זָרוֹת הָאבֶּען דָארְט גֶעהַאט אַ פַייעֶרִיגֶען בֶּעשִׁיצֶער אִין אֲמַצְיָה, דֶעם כֹּהֵן פוּן בַּעַל. שְׁלֶעכְטֶע מִדּוֹת הָאבֶּען זִיךְ מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט, דִי עֲשִׁירִים הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט אַ וֶועלְט מִיט זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען, גֶערִיסֶען פְרָאצֶענְט. גֶעשׁוּנְדֶען דִי הוֹיט פוּן אָרִימֶע. גֶענוּמֶען פַאר מַשְׁכְּנוֹת קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנ דֶערְנָאךְ גֶעמַאכְט פַאר קְנֶעכְט, זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אַלֶע תַּעֲנוּגִים אוּנ נָאר עֶטְלִיכֶע גֶעצֶעהלְטֶע יוּנְגֶע לַייט פְלֶעגֶען זִיךְ הַאלְטֶען אִין דִי נְבִיאִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין בֵּית אֵל. גִּלְגָּל אוּנ יְרִיחוֹ. נָאר

קיינֶער פְלֶעגְט זִיךְ אוֹיף זֵיי נִיט אוּמְקוּקֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְפַאר גֶעקֶאנְט פְרֵיי אוּנ אָפֶען טְהוּן אוּנ רֶעדֶען וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט.

אַזַא פְרֵייהֵייט הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס צְווִישֶׁען אַזַא זִינְדִיג פָאלְק מִיט פַארְשְׁטֵיינֶערְטֶע הֶערְצֶער אוּנ פֶערְשְׁטָאפְּטֶע. אוֹיעֶרן צוּ אֱמֶת אוּנ יוֹשֶׁר הָאט גֶעקֶאנְט אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען עָמוֹס פוּן תְּקוֹעַ, אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ פְּרָאסְטֶען בַּעַל הַבַּיִת. נָאר דֶער גֵייסְט פוּן גָאט הָאט אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט אַיינְרוּהֶען אוּנ עֶר פְלֶעגְט מִיט פַייֶערִיגֶע וָוארְטֶער שְׁטְרָאפֶען דֶעם עוֹלָם אוּנ שְׁרֶעקֶען מִיט דֶעם בִּיטֶערן סוֹף וָואס קֶען אַרוֹיסְקוּמֶען. דֶעם כֹּהֵן אֲמַצְיָה זֶענִין אֲפִילוּ עָמוֹס'ס דְרָשׁוֹת נִיט גֶעפֶאלֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְּרִיוְט אִיהם אַיין עֵצָה גֶעבֶּען עֶר זָאל בֶּעסֶער אַרִיבֶּער קַיין יְהוּדָה, נָאר דָאס הָאט דֶעם נָבִיא גֶענֶעבֶּען נָאךְ מֶעהר מוּטְה אוּנ נִיט אַיינֶער פוּן שֹׁמְרוֹנ'ער מְיוּחָסִים פְלֶעגְט פוּן אִיהם חַאפֶען דֶעם פְּסַק. עֶר הָאט נִיט גֶעלֶעגְט קַיין כָּבוֹד אוֹיךְ אוֹיף דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן יְהוּדָה אוּנ אוֹיפְגֶעדֶעקְט זֵייעֶרֶע פֶעהלֶער, נָאר דָאךְ הָאט עֶר גֶעקוּקְט אוֹיף זֵיי מִיט מֶעהר לִיעבֶּע אוּנ רַחֲמָנוּת אוּנ זַיין לֶעצְטֶע נְבוּאָה אִיז גֶעוֶועהן אַז דָוִד'ס הוֹיז וֶועט דֶערְלֶעבֶּען דִי גְרֶעסְטֶע גְדוּלָה אוּנ וֶועט מִיט זַיינֶע פְלִיעגֶעל בֶּעשִׁיצֶען אַלֶע צוּזָאמֶע אוּנ צוּשְׁפְּרֵייטֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל.

אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט דֶעמָעלְט גֶעלֶעבְּט אַ נָבִיא, יוֹאֵל בֶּן פְּתוּאֵל, וָואס אִין דֶער צֵייט פוּן דִי אוּמְגְלִיקֶען, וָואס זֶענִין גֶעקוּמֶען אוֹיף יְהוּדָה, אִיז אוֹיף אִיהם גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל צוּ שְׁטַארְקֶען דִי גֶעפַאלֶענֶע אוּנ הֵיילֶען דִי צוּבְּרָאכֶענֶע גֶעמִיטְהֶער מִיט אַ זִיסֶער הָאפְנוּנְג. מֶען וֵייסְט אָבֶּער וֶועניג פוּן אִיהם. אַ סַךְ מֶעהר אִיז בֶּעקֶענְט דֶער נָבִיא הוֹשֵׁעַ בֶּן בְּאֵרִי, וָואס פְלֶעגְט פוּן אַיין זַייט מִיט זַיינֶע שַׁארְפֶע רֵייד אוּנ מִיט שְׁטֶעכֶענְדִיגֶע מְשָׁלִים שְׁטַארְק אַרְבֵּייטֶען גֶעגֶען דֶעם גֶאצֶענְדִיעֶנְסְט אִין שֹׁמְרוֹן אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט מָאהלֶען מִיט דִי שֶׁענְסְטֶע פַארְבֶּען דָאס לִיכְטִיגְקֵייט פוּנ'ם אֱמֶת'ן גְלוֹיבֶּען אִין אֵיין גָאט אוּנ דָאס שְׁטֶאנְדִיג גְלִיק פוּן אַלֶע וָואס גֶעהֶען אִין גְלַייכֶען וֶועג. ווִי וֶועניג, דַאכְט זִיךְ, עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין שֹׁמְרוֹן מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָואלְט צוּהֶערֶען צוּ דִי נְבִיאִים'ס רֵייד, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער אֱמֶת פָארְט אַרַיינְגֶעקְרָאכֶען אִין דִיזֶע אוֹיעֶרן אוּנ הָאט וֶועניגְסְטֶענְס גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס עֶס זֶענִין אַרוֹיס מַחֲלוֹקֶת אוּנ פִיעל זֶענִין גֶעוָוארֶען אוּנְצוּפְרִיעדֶען פוּן דֶער מְלוּכָה. יָרָבְעָם דֶער צְווֵייטֶער הָאט רוּהִיג אוֹיסְגֶעלֶעבְּט זַיינֶע אַלְטֶע יָאהרֶען, נָאר זַיין זוּהן זְכַרְיָהוּ הָאט נָאר נִיט גֶערֶעגִירְט אוּנ אִיז אִין עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים דֶערְהַרְגֶע'ט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ שַׁלּוּם בֶּן יָבֵשׁ וָואס אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג. עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אוֹיךְ מֶעהר נִיט גֶעהַאלְטֶען ווִי

אַ חֹדֶשׁ אונ הָאט גֶעהַאט דֶעם אֵיינֶעם סוֹף פוּן אֵיינֶעם פוּן דֶער שְׁטָאדְט תִּרְצָה, מְנַחֵם בֶּן גָדִי, וָואס הָאט צוּ זִיךְ גֶעחַאפְּט דִי מְלוּכָה. מְנַחֵם אִיז גֶעוֶועהן וֶעהר אַ שְׁלֶעכְטֶער, אוּנ אַז דִי שְׁטָאדְט תִּפְסַח הָאט נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען פוּן אִיהם, הָאט עֶר זִי אִין גַאנְצֶען חָרֵב גֶעמַאכְט אוּנ אוֹיסְגֶעקוֹילֶעט אַלֶע אַיינְוָואהנֶער, אֲפִילוּ קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנ מְעוּבֶּרֶתֶע וַוייבֶּער.

אַזַא הַנְהָגָה פוּן שׁוֹמְרוֹן'ס נַייעֶם מֶלֶךְ הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס פִיעל פוּן דָארְט זֶענֶען אַרִיבֶּער קֵיין יְהוּדָה, נָאר דָא הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ קֵיין נַחַת נִיט גֶעהַאט, וַוייל אַז עֻזִיָהוּ'ן אִיז גֶעגַאנְגֶען נָאר גוּט הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְמֶעסְטֶען דָאס שְׁטְרַייכֶעל פוּן דִי כֹּהֲנִים אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַרַיינְחַאפֶּען דֶעם גָאטֶעסְדִיעֶנְסְט אוֹיךְ צוּ זִיךְ אִין דִי הֶאנְד אַרַיין. דָאס אִיז נִיט גֶעפֶעלֶען דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל עֲזַרְיָה אוּנ אַז דֶער מֶלֶךְ אִיז מִיט גֶעוואַלְד אַרַיין אִין הֵיכַל אוּנ דָארְט גֶערֵייכֶערְט דִיא קְטוֹרֶת, הָאט אִיהם דֶער כֹּהֵן גְרָאבּ בֶּעטְרֶעטֶען אוּנ גֶערֶעדְט מִיט אִיהם גָאר שַׁארְפֶע וָוערְטֶער. וָואס דֶערְפוּן אִיז גֶעוָוארֶען – אִיז נִיט בֶּעקֶענְט: מֶען וַוייסְט נָאר אַזוֹי פִיעל אַז עֻזִיָהוּ הָאט בַּאלְד בֶּעקוּמֶען אַיין אוֹיסְשְׁלַאג אוֹיפ'ן גַאנְצֶען לַייבּ אוּנ הָאט גֶעמוּזְט זִיצֶען אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן אַלֶע אִין אַ חֶדֶר מְיוּחָד אוּנ דָאס פָאלְק הָאט דָאס גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ עוֹנֶשׁ. אִין דֶער צַייט פוּן עֻזִיָהוּ'ס קְרַאנְקְהֵייט הָאט דִיא מְלוּכָה גֶעמוּזְט פִיהרֶען זַיין זוּהן יוֹתָם.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ אוֹיף שׁוֹמְרוֹן אָנְגֶערוּקְט דִי חְמַארֶע. וָואס דֶער נָבִיא עָמוֹס הָאט זִי נָאךְ מִיט פִינְפְצִיג יָאהר צוּרִיק אַרוֹיסְגֶעזֶעהן. דִי מְלוּכָה פוּן אַשּׁוּר אִיז זֶעהר גְרוֹיס גֶעוָוארֶען אוּנ אַז דֶער מֶלֶךְ פּוּל הָאט אַיינְגֶענוּמֶען פִיעל לֶאנְדֶער פוּן צוֹר אוּנ מִצְרַיִם הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן קֵיין שׁוֹמְרוֹן אוּנ מְנַחֵם, וָואס הָאט מוֹרָא גֶעהַאט דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע שׂוֹנְאִים זַיינֶע זָאלֶען זִיךְ נִיט בֶּענוּצֶען מִיט דֶער מְרִידָה הָאט בַּאלְד גֶעמַאכְט אַ שָׁלוֹם, גֶעלָאזְט אַוֶועקְפִיהרֶען פִיעל גֶעפַאנְגֶענֶע אוּנ אַ חוּץ דֶעם גֶעגֶעבֶּען גֶעלְד וִוי פִיעל מֶען הָאט נָאר גֶעוָואלְט אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט עֶר עֶס מִיט פְּרָאצֶענְט גֶעריסֶען פוּן דִי עֲשִׁירִים. אַזוֹי טְהַייעֶר הָאט מְנַחֵם בֶּעצָאהלְט מִיט פְרֶעמְד בְּלוּט אוּנ פֶערְמֶעגֶען דֶערְפַאר עֶר זָאל קָאנֶען בְּלַייבֶּען אוֹיפ'ן פְּלַאץ. נָאךְ מְנַחֵם'ס טוֹיט אִיז דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין זוּהן פְּקַחְיָה, נָאר עֶר הָאט מֶעהר נִיט גֶעלֶ־ט צְוַויי יָאהר; אִיהם הָאט דֶערְהַרְגֶעט פֶּקַח בֶּן רְמַלְיָהוּ וָואס אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג אוּנ הָאט בַּאלְד גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט יוֹתָם'ן, וָואס הָאט שׁוֹין דֶעמֶעלְט גֶעקֶענִיגְט אִין יְהוּדָה, אוּנ מִיט דִי מְלָכִים פוּן אֲרָם, צוֹר אוּנ צִידוֹן. מֶען

זאל זיך אינאיינעם ארויסשטעלען געגען אשור און איהם ניט לאזען אוי ברענגען א וועלט.

די פריינדשאפט וואס האט די לעצטע צייט צוזאמענגעבונדען ביידע יודישע מלוכות האט אריבערגעטראגען קיין יהודה פיעל שלעכטע מדות פון שומרון. די רייכע האבען זיך אבגענומען דעם אויבען־אן און אינאיינעם מיט'ן אויפזעהער פונ'ם קאניגליכען הויף האבען זיי געמאכט עס זאל ביי זייא זיין די גאנצע דעה און זיי זאלען אויספירען וואס זיי ווילען. גאנצע טאג און נאכט פלעגען זיי שכור'ן, ניט טהון קיין האנד אין קאלט וואסער, אויפ'ן ארימאן איז געלעגען די שווערע משא פון ארבייט און אז מען האט איהם נעקריוודעט איז ער שטאנדיג געבליבען אומגערעכט. ביי אזעלכע פערדארבענע זיטען האבען זיך ווייטער געמוזט ארויסווייזען די נביאים, וואס האבען קיינעם ניט נושא פנים געוועזען, געשיצט דעם אמת, ערנידריגט דעם שקר און געשייט מיט די פינגער אויף די וואס פלעגען זיך איבערגעהמען מיט זייער פאלשקייט און צוליעב דעם זיך רעכנען אין דער גאלדענער פאהן.

דאס איז געוועהן נאך אליהו'ן און אלישע, עמוס און הושע. דער דריטער דור נביאים און דער בעסטער פון זיי איז געוועהן ישעיהו בן אמוץ, א מענש וואס האט נוט געקענט אלע פעהלער פון זיין פאלק און האט דערצו נאך געהאט א טהייער מויל און זיינע ווערטער פלעגען טיעף ארייננקריכען אין די הערצער אפילו פון אזעלכע וואס האבען איהם ניט געוואלט הערען. אין זיין צייט האבען אויך געלעבט די נביאים זכריהו בן יברכיהו, הושע דער צווייטער און מיכה המורשתי. נאר ישעיה איז געוועהן האבער פון אלע און האט פירציג יאהר טריי געדיענט גאט און נביאות געזאגט פון זיין נאהמען דעם הארטנאקיגען פאלק. זיין ווייב איז אויך געוועהן א נביאה און אז זי האט געבאהרען צוויי זיהן האט ער זיי א נאהמען געגעבען „שאר ישוב" און „למהר שלל חש בז" און דערמיט געגעבען אנצוהערען אז נאר א קליינער טהייל פונ'ם פאלק וועט זיך צוריק אומקעהרען צו גאט ווען אז שומרון און ארם וועלען ביידע אריינפאלען אין די האנד פון אשור. א היילינ פייער האט שטאנדיג געברענט אין הארץ פון דעם גרויסען נביא און ער פלעגט רעדען פון די צבועקעס, וואס מיינען מיט קרבנות אנצוטהון גאט א מענטליך, פון די דיינים, וואס די מטבע האט אפט ביי זיי איבערגעוואויגען די וואגשאהל פון גערעכטיגקייט, פון ציון'ס טאכטער וואס האבען נאכגעיאגט דער מאדע און גערעכענט אז מיט טהייערע קליידער קאן

מֶען אִין גַאנְצֶען פֶערְדֶעקֶען דִי זִינְד פוּנ'ם נוּף, הָאבֶּען זַיינֶע רֵייד גֶעמוּזְט מַאכֶען אַ גְרוֹיסֶען אַיינְדְרוּק, אוּנ אַז עֶר פְלֶעגְט פָארְאוֹיס זָאגֶען וָואס עֶס וֶועט זִיךְ טְהוּן מִיט בֵּיידֶע יוּדִישֶׁע מְלוּכוֹת אוּנ אֲפִילוּ מִיט אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, אִיז מֶען זִיכֶער גֶעוֶועהן אַז אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין. עֶס אִיז דֶערִיבֶּער קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם יְשַׁעְיָה'ן פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע עֶהְרְלִיכֶע לֵייט, וָואס הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהן אִין רֶעכְטֶען וֶועג אוּנ וָואס דֶער נָבִיא הָאט זֵיי גֶערוּפֶען עֲנָוִים, וַוייל זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן פְרוּם אוּנ שְׁטִיל אוּנ אֲפִילוּ גֶעגֶען אַכְזָרִיוֹת פְלֶעגֶען זֵיי נִיט אַרוֹיסְטְרֶעטֶען מִיט נְקָמָה, נָאר גֶעזוּכְט אַ טְרָאסְט אִין בֶּעטֶען אוּנ גָאט-לוֹיבֶּען.

דֶערְוַוייל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען יְשַׁעְיָה'ס נְבִיאוֹת מְקוּיָם צוּ וֶוערֶען. אִין מִצְרַיִם הָאט דָעמָאלְט גֶעהֶערְשְׁט זֶעהר אַ שְׁוַואכֶער קָאנִיג בַּאקְבַּארִים פוּן דֶער שְׁטָאדְט סַאִיס וָואס הָאט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וִוי אַזוֹי צוּ פִיהרֶען דִי מְלוּכָה. אַז עֶס פַאלֶען דִי רָאדֶער אִיז זִיךְ נִיט שְׁוֶועהר אַרוֹיפְצוּהַאפֶּען אוֹיפ'ן וָואגֶען. אוּנ דֶערְפַאר אִיז מִצְרַיִם בַּאלְד אַרוּנְטֶער אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן סַבָּקָה, דֶעם מֶלֶךְ פוּן כּוּשׁ, וָואס הָאט אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען דֶעם פְרִיהֶערִיגֶען קָאנִיג אוּנ שְׁטַארְק בֶּעפֶעסְטִיגְט דָאס לַאנְד. דֶעמֶעלְט הָאט יְהוּדָה אוֹיךְ בֶּעקוּמֶען אַיין קְלַאפּ אוּנ פֶערְלָארֶען פִיעל גֶעפַאנְגֶענֶע; יוֹתָם הָאט אֲפִילוּ בַּאלְד גֶעמַאכְט אַ שָׁלוֹם אוּנ גֶעלָאזְט דֶעם שׂוֹנֵא אוֹיסְלֵיידִיגֶען אַלֶע קֶעשְׁטֶענֶעס, נָאר דָאס לַאנְד אִיז נָאךְ נִיט אָבְּגֶעקוּמֶען מִיט גֶעלְד אַלֵיין אוּנ הָאט גֶעמוּזְט אוֹיף זִיךְ טְרָאגֶען דֶעם עוֹל פוּן מִצְרַיִם. פוּנְקְט וִוי שׁוֹמְרוֹן הָאט אִיבֶּער זִיךְ גֶעהַאט פַאר אַ הֶערְשֶׁער אַשּׁוּר. אַזוֹי הָאבֶּען בֵּיידֶע יוּדִישֶׁע מְלוּכוֹת פֶערְלָארֶען זֵייעֶר גְלַאנְץ, אוּנ אֲפִילוּ אִין יְהוּדָה הָאט מֶען זִיךְ אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט נִיט גֶעוֶוענְדֶעט צוּ גָאט נָאר גֶעזוּכְט עֵצוֹת אוּנ הִילְף בַּיי דִי אָבְּגֶאטֶער, חָאטְשֶׁע דֶער נָבִיא זְכַרְיָהוּ בֶּן יְבֶרֶכְיָהוּ הָאט גֶעאַרְבֵּייט מַעֲשִׂים אוּנ גֶעשְׁרִיגֶען אַז נָאר דִי רֵיינֶע אֱמוּנָה קָאן אוֹיפְהֵייבֶּען דִי גֶעפַאלֶענֶע.

נָאךְ יוֹתָם'ס טוֹיט אִיז זַיין זוּהן אָחָז גֶעוָוארֶען קָאנִיג אוּנ דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט, וָואס הָאט בִּיז אַהֶער גֶעהֶערְשְׁט צְווִישֶׁען שׁוֹמְרוֹן אוּנ יְהוּדָה, אִיז פַארְבִּיטֶען גֶעוָוארֶען אִין אַ שִׂנְאָה. אָחָז אִיז נִיט גֶעוֶועהן קֵיין גְרוֹיסֶער חָכָם אוּנ אַרַיינְלָאזֶען זִיךְ אִין ווייטֶע דְרָכִים — אִיז פַאר אִיהם גֶעוֶועהן שְׁוֶועהר. דֶערְפַאר אַז פֶּקַח בֶּן רְמַלְיָהוּ, דֶער קָאנִיג פוּן שׁוֹמְרוֹן, אוּנ רְצִין, דֶער קָאנִיג פוּן אֲרַם, הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהם עֶר זָאל זֵיי גֶעהן צוּ הִילְף וֶוען זֵיי וֶועלֶען זִיךְ אַקֶעגֶענְשְׁטֶעלֶען גֶעגֶען אַשּׁוּר, אִיז אִיהם דֶער פְּלַאן נִיט

געפאלען. דאס האט פערדראסען די מלכים פון שומרון אונ ארם, זיי האבען זיך ענטשלאסען אנצופאלען אויף אחזן אונ אויף זיין ארט מאכען פאר א קאניג איינעם פון זייערע לייט בן טבאל אונ האבען שוין אנגעהויבען אבי־בייסען גאנצע שטיקער פון יהודה, אונ דאס ערשטע האבען זיי אומגעקערט די אדומים די שטאדט אילת. אחז האט געגעבען א קוק אז עס איז א שלעכטער עסק אונ אז ביי זיך אין לאנד האט ער אויך א סך שונאים האט ער זיך מישב געוועהן אז עס איז א סך גלייכער זיך בוקען צום לייב ווי צום פוקס, אונ תאטשי ישעיה הנביא האט איהם געטראסט אונ געזאגט אז ער דארף ניט מורא האבען פאר די צוויי פארריכערטע האלאוועשקעס־ האט ער שטילערהייט געשיקט שליחים צום מלך פון אשור, תגלת פלאסר, אונ דאס איז געוועהן פאר איהם די גרעסטע רפואה. ווייל אשור'ס חיל האט באלד צוטרעטען, אונ פקח אונ רצין, האבען געמוזט מיט חרפה זיך צוריק ציהען פון ירושלים, רצין איז דערהרגעט געווארען. פון ארם איז געווארען א תל, דמשק איז איבערגעגאנגען צו אשור אונ די גאנצע געגענד האט אנגעהויבען הייסען סיריען. דאס איז אבער אחזן געראטהען נאר לפי שעה. באלד איז דאס לאנד יהודה ארונטער אונטער דער הערשאפט פון אשור אונ דאס פאלק האט געמוזט דערפיהלען ווי טהייער עס קאסט אחזס הילף. נאר אין אחז האט עס ניט געפיהלט: מיט דער גרעסטער הכנעה פלעגט ער אפט פיהרען מתנות דעם מלך פון אשור, אונ דארט זיך לערנען זייערע הנהגות אונ מדות. ער האט אפילו איינגעפיהרט אפט נוצליכע זאכען, ווי דער זונ־זייגער, א געמעסטע צייט־רעכנונג אויף חדשים אונ טאג, א נייע ארט פון הייזער בויען; נאר איינציינעם מיט די נוצליכע זאכען האט ער פון אשור אריינגעבראכט נאר א שפיגעל־נייעם נאטצענדיענסט אונ האט געהייסען אויף די דאכער מאכען מזבחות, וואו מען זאל מקריב זיין קרבנות צו שטערן אונ צו זיי זיך בוקען. אחז איז אזוי פארפיהרט געווארען אין עבודה זרה אז ער האט אין טהאל תנום געשטעלט א מזבח אונ דארט זיין איינען קינד פאר א קרבן פארברענט אין פייער. פון אחזס פיהרען קאן מען שוין פארשטעהן אין וואס פאר א מעמד דאס פאלק איז געביך געוועהן אין יהודה.

נאך ערגער איז אבער געוועהן אין שומרון, וואס האט שוין ניט גע־קאנט הייסען דאס לאנד פון די עשרת השבטים. ווייל תגלת פלאסר האט צוגענומען די גאנצע ערד וואס האט געקעהרט צו די שבטים נפתלי, זבולן אונ אשר. פקח בן רמליהו איז באלד אומגעבראכט געווארען דורך

הושע בן אלה, וואס איז געוועהן דער לעצטער קעניג פון ישראל און האט שוין ניט געקאנט אבהיטען זיין לאנד פון דער מפלה וואס דער נביא הושע דער צווייטער האט מיט ברענענדיגע ווערטער פאראויס געזאגט. ווי עס שיינט, האט ער זיך געזוכט הילף ביי מצרים. אין דער צייט איז דער מלך פון אשור, שלמנאסר, אנגעפאלען אויף אלולי, דעם מלך פון צור, און אז הושע האט געזעהן אז ער קאן דערווייל ווערען דאס כפרה־הינדעל, האט ער ניט געוואַרט ביז שלמנאסר מיט זיין חיל וועלען קומען צו איהם, און איז אליין איהם אַרויסגעגאנגען אַקעגען און איהם אַריינגעשטופט א גוטע מתנה. קוים האט אָבער שלמנאסר אָבגעטרעטען, האט אלולי געמאכט יד אחת מיט סואי (סוא) דעם מלך פון מצרים, און צוגעשלעפט אויך הושע׳ן. ער האט זיך געלאזט איבעררעדען און איז דער ערשטער אַרוים ווי איין עזות־פנים נעגען שלמנאסר׳ן דערמיט וואס ער האט אויפגעהערט צו צאהלען איהם מס. שלמנאסר האט ניט געמאכט קיין שיהות, מיט גרוים חיל איז ער אַריבער קיין צור, א תל געמאכט פון פיעל שטאדט און האט זיך באלד דורך געבויגען צוגעצויגען קיין שומרון. הושע האט אבער פערשטאנען ווי אזוי זיך צו שיצען געגען אזא שרעקליכען שונא און דריי יאהר האט געדויערט די מלחמה ביז די בעפעסטיגטע הויפטשטאדט פון שומרון איז געפאלען און אינאיינעם מיט טויזענדער געפאנגענע איז אויך הושע פארטריבען געווארען און האט געמוזט ענדיגען זיינע יאהרען אין א תפיסה אין נינוה.

אזא מפלה האט געהאט שומרון, וואס האט עקסעסטירט נאר צוויי הונדערט זעכציג יאהר און אזוי ביטער איז געוועהן דער סוף פון דער מלוכה פון ישראל, וואס איז געפידרט געווארען פון צוואנציג קעניגע. פערדארבענע מדות, שלעכטע תאוות, פארגעסען אין גאט, דיענען דער מטבע, אנטהון זיך אלע תענוגים, רודפן דעם קלענערען, פרעסען דעם ארים־מאן — אט די אלע זאכען האבען א תל געמאכט פון די עשרת השבטים און ניך איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען. נאר איין אונבעקאנטער נביא האט איבער־געלאזט עטליכע ווערטער פון קלאג און טרויער איבער די פערלאהרענע בני־ישראל: ער האט געזעהן ווי די מוטער רחל בעווינט איהרע קינדער און וויל זיך ניט טרייסטען און טריקענט אוים די הייסע טרעהרען מיט א זיסער האפנונג אז די פארטריבענע וועלען פארט א מאהל צוריקקומען אהיים....

אויפן רעשטיל יודען אין יהודה, וואס האבען מיט רעכט זיך אנגעהויבען רופען "שארית ישראל" און וואס זענען בעשטאנען פון די שבטים יהודה.

בִּנְיָמִין, שִׁמְעוֹן אונ לֵוִי, הָאט שׁמְרוֹן'ס מַפָּלָה גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע וְוירְקוּנְג, זֵיי הָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן וְוי דִי רֵייך פוּן דִי נְבִיאִים זֶענִין מְקוּיָם גֶעוָואֹרֶען אונ אַ סַךְ הֶערְצֶער זֶענִין גֶעוָואֹרֶען וֵוייכֶער, אַ סַךְ אוֹיעֶרן אָפֶּענֶער, אַ סַךְ קָאפּ רֵיינֶער אונ לִיכְטִיגֶער. יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט גֶעקָאנְט פְרַייֶער אוֹיס-פִיהְרֶען זַיין הֵיילִיג שְׁלִיחוּת אונ פוּן זַיינֶע פְרוּמֶע תַּלְמִידִים „דִי עֲנָוִים" הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער עוֹלָם אָנְגֶעהוֹיבֶּען לֶערְנֶען וְוי אַזוֹי צוּ גֶעהן אִין בֶעכְטֶען וֶועג, וָואס פִיהְרְט צוּם גְלִיק פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק.



# זִיבֶּעטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## דָאס רֶעשְׁטִיל יוּדֶען.

(719—600 בִּיז קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 673—789 פַאר'ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

צוּם גְלִיק פוּן דֶעם „רֶעשְׁטִיל יוּדֶען", וָואס זֵיי אִיז בַּאשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ גֶעוַויֶיען דֶעם גְלַאנְץ פוּן דֶער אוּמָה, אִיז אִין יְהוּדָה גֶעוָואֹרֶען קֶאנִיג חִזְקִיָּהוּ בֶּן אָחָז וָואס אִיז גֶעוֶועהן פוּנְקְט דֶער הֵיפֶּךְ פוּנם פָאטֶער אונ הָאט זִיךְ אוֹיס-גֶעצֵייכֶענְט מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת, וָואס זֶענִין טַאקִי דֶערְמֶעלְט שְׁטַארְק נֶאטְהִיג גֶעוֶועהן אַ יוּדִישֶׁען מֶלֶךְ. חִזְקִיָּהוּ הָאט אוֹיסגֶערָאמְט דֶעם גֶעצֶענְדִיעֶנְסְט, עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען צוּבְּרֶעכֶען אַלֶע מִזְבְּחוֹת אונ הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז דֶעם קָרְבָּן פֶּסַח זָאל מֶען מַקְרִיב זַיין נָאר אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין בֵּית הַמִּקְדָשׁ; עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימְט דִי צֵייטֶען פוּן דִי יָמִים טוֹבִים אונ אַיינְגֶעפִיהְרְט דִי רֶעכְנוּנְג פוּן עִבּוּר-יָאהְרֶען. זַיין צֵייט אִיז גֶעוֶועהן דִי לִיכְטִיגְסְטֶע פַאר'ן פָאלְק. דִי נְבִיאִים אונ זֵייעֶרֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען דִי גְרֶעסְטֶע רָאלֶע אונ חִזְקִיָּהוּ אַלֵיין הָאט אַרוֹיס-גֶעוִויזֶען אַזַא שִׂנְאָה גֶעגֶען דֶער פְרִיהֶערִיגֶער הַנְהָגָה פוּן אָחָז, אַז עֶר הָאט אִיהם

אֲפִילוּ נִיט גֶעלָאזְט בֶּעגְרָאבֶּען צְוִוישֶׁען דִי מַלְכֵי בֵּית דָוִד. אוּנ וִוי דִי גְמָרָא זָאגְט, הָאט עֶר אִיהם עֶרְגִיץ אִין דֶער שְׁטִיל גֶעהַאלְטֶען אוֹיף אַ שְׁטְרִיק־בֶּעטֶעל. עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְפִיהרֶען זַיינֶע אַלֶע גוּטֶע מַחְשָׁבוֹת, וַוייל וִוי וַוייט עֶר הָאט נִיט גֶעמַאכְט נַייֶע אָרְדְנוּנְגֶען אִיז אִיהם אַלְץ שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען זִיךְ אַרוֹיס־רַייסֶען פוּנ'ם גֶעזִינְדֶעל וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ פוּן אָחָז׳ן אוּנ וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע מֶמְשָׁלָה גֶעהַאלְטֶען בַּיי זִיךְ אִין דִי הֶאנְד. דִי „מְיוּחָסִים“ הָאבֶּען זִיךְ בֶּענוּצְט דֶערְמִיט וָואס דֶער קֶענִיג הָאט גֶעהַאט אַ וַוייךְ הַארְץ אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אִין אַלְדִינְג אַריינְמִישֶׁען אוּנ וָואס דֶער אוֹיפְזֶעהֶער פוּנ'ם הוֹיף שֶׁבְנָא, אִיז מִיט זַיי גֶעוֶועזֶען אֵיינְס, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט נִיט שְׁטֶענְדִיג דָאס גוּטְסְקֵייט פוּן חִזְקִיָהוּ גֶעקָאנְט הֶערְשֶׁען אִין לַאנְד אוּנ צוּ צַייטֶענְס פְלֶעגֶען נָאךְ גֶעשֶׁעהֶען מַעֲשׂוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעפַּאסְט פַאר אָחָז'ס לֶעבֶּען. דָאס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען דִי סִבָּה דֶערפוּן וָואס חִזְקִיָהוּ'ס דֵעָה, אַז יְהוּדָה זָאל בְּלַייבֶּען אוּנְטֶערְטֶהֶענִיג אַ שׁוּר, אִיז בָּטֵל גֶעוָוארֶען אוּנ הָאטְשִׁי דֶער קֶענִיג הָאט אָבְּגֶעזָאגְט דִי שְׁלִיחִים פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס הָאבֶּען אִיהם פָארְגֶעלֶעגְט צוּצוּשְׁטֶעהֶן צוּ מִצְרַיִם אוּנ אַרוֹיס־שְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען אַשּׁוּר, אוּנ אַ חוּץ דֶעם הָאט יְשַׁעְיָה הַנָבִיא גֶעשְׁרִיגֶען מֶען זָאל זִיךְ נִיט לָאזֶען אָרָאבְּפִיהרֶען פוּנ'ם גְלַייכֶען וֶועג, הָאבֶּען פָּארְט דִי „מְיוּחָסִים“ אוֹיס־גֶעפִיהרְט זֵייעֶרְס אוּנ דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט צְוִוישֶׁען יְהוּדָה אוּנ אַשּׁוּר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט. אוּמְזִיסְט הָאט דֶער נָבִיא גֶעוִויזֶען וָואס פַאר אַיין אוּמְגְלִיק דֶערְפוּן קָאן אַרוֹיס. בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס דִי פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען שׁוֹין גֶעהַאפְּט אַ סוֹף פוּן אַשּׁוּר אוּנ הָאבֶּען פֶערְלָארֶען זֵייעֶר שְׁטָאדְט אַשְׁדוֹד, אוּמְזִיסְט אִיז עֶר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען בָּארְוִוס אוּנ נַאקִיט אִין דִי גַאסֶען אוּנ דֶערְמִיט גֶעגֶעבֶּען אַ סִימָן אַז מִצְרַיִם וֶועט אוֹיךְ פַאלֶען, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען. יְהוּדָה הָאט גֶעדִיפֶּעט אוֹיפ'ן נַייעֶם מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם תִּרְהָקָה אוּנ הָאט פוּן זִיךְ אִין גַאנְצֶען אַרָאבְּ־גֶעוָוארְפֶען דֶעם עוֹל פוּן אַשּׁוּר. דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען סַנְחֵרִיב'ן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען קוֹדֶם כָּל אָבְּרֶעכְנֶען מִיט מִצְרַיִם. יְהוּדָה הָאט דֶערְוַוייל גֶעהַאט צַייט זִיךְ צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען אוּנ שֶׁבְנָא הָאט בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּעוָוארֶענְט יְרוּשָׁלַיִם מִיט וַואסֶער אוּנ שְׁפַּייז אוּנ מִיט הוֹיכֶע מוֹיעֶר'ן אַרוּם דֶער שְׁטָאדְט, כְּדֵי זִי זָאל זִיךְ קֶענֶען הַאלְטֶען אַ לַאנְגֶע צַייט וֶוען דֶער שׂוֹנֵא וֶועט זִי אַרוּמְרִינְגְלֶען. שֶׁבְנָא הָאט זִיךְ שׁוֹין גָאר אִין גַאנְצֶען גֶעוָואלְט בֶּעוָוארְנֶען אוּנ הָאט זִיךְ אֲפִילוּ בַּיים לֶעבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט אַ קֶבֶר צְוִוישֶׁען דִי מַלְכֵי בֵּית דָוִד. נָאר דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה אִיז אַרוֹיס גֶעגֶען אִיהם מִיט שַׁארְפֶע רֵייד. עֶר

האט איהם געפרעגט: "ווער איז ער און וואס טהוט ער, ער זאל זיך מאכען דא אויסהאקען א קבר". באלד איז דערפון געוואהר געווארען חזקיהו און שבנא איז אראב פון זיין גרויסער שטעלע. סנחריב האט זיך דערווייל צוגעריקט אלין נאהענטער צו ירושלים און האט אנגעהויבען א תל מאכען פון א סך שטאדט אין יהודה. פון דארט זענען די אנוואהנער באלד ענטלאפען קיין ירושלים און עס איז געווארען א זא אימה, אז אפילו די ווערטער פון ישעיה, אז מען דארף ניט מורא האבען פאר'ן שונא, האבען ניט געקענט בערוהיגען דאס פאלק. חזקיהו איז געצוואונגען געווען צו שיקען שליחים איבערבעטען סנחריב'ן און איהם ברענגען א גאנצען אוצר מיט גאלד, וואס ער איז עס גאר ניט אים שטאנד געווען צו געבען און וואס צו ליעב דעם האט ער געמוזט אראבנעהמען די טהייערע גאלדענע טהירען פונ'ם בית המקדש. סנחריב האט די מתנות צוגענומען, נאר עס איז איהם נאך אלין קארג געווען: ער האט ניט געקאנט רוהיג זיך דערמאנען אין דעם אז א זא קליינע מלוכה ווי יהודה זאל ארויסשפרינגען געגען איהם, וואס רעכענט זיך פאר'ן מלך איבער אלע מלכים, און דעריבער האט ער פארט געהייסען דעם חיל צוגעהען צו ירושלים און האט אימיסטען געשיקט דריי הויפטלייט, תרתן, רב־סרים און רבשקה זיי זאלען זיך א ביסעל שפיעלען מיט די יודען און זיי לערנען דרך ארץ. חזקיהו האט דוקא ארויסגעשיקט א קעגען זיין נייעם אויפזעהער פונ'ם הויף אליקים און נאך פיעל גרויסע מענשען מען זאל אויפנעהמען סנחריב'ס שליחים מיט כבוד. נאר דא האט זיך ארויסגעוויזען אז רבשקה, וואס האט פערשטאנען דאס לשון פון יהודה, האט זיך געשטעלט חוזק מאכען און אזוי הויך און פערשטענדליך רעדען אז דאס יודישע חיל זאל פערשטעהן און ביי זיך אראבפאלען. אומזיסט האבען איהם די הויפטלייט פון יהודה געוואלט אבהאלטען דערפון. רבשקה האט זיך געטהון זיינס און אז מען איז דערפון געוואהר געווארען אין ירושלים איז דער פחד נאך גרעסער געווארען און חזקיהו האט געפאסט, צוריסען דיא קליידער, אנגעטהון א זאק און גאט געבעטען ער זאל איהם בעפרייען פון דער צרה. דעמעלט איז ישעיה ווייטער ארויס צום עולם מיט א פייעריגער רעדע און האט פערזיכערט אז גאטס רצון איז ניט – סנחריב זאל חרוב מאכען ירושלים. און זיינע ווערטער האבען אלע געשטארקט, פונ'ם גרעסטען ביז צום קלענסטען. און חזקיהו האט געשיקט זאגען רבשקה'ן מיט'ן הארבען ווארט אז אריינלאזען קיין ירושלים וועט ער קיינעם ניט און אז ער האט בטחון אויף דעם וואס לעבט עביג. באלד האט טאקי רבשקה מיט'ן [illegible] אפגעטרעטען פון ירושלים, ווייל סנחריב האט איהם בעדארפט

הָאבֶּען צוּ אַ גְרויסֶער מִלְחָמָה מִיט מִצְרַיִם. אוּנ דָאס פָאלְק הָאט אַרויסְגֶעזֶעהן
אַז גָאט הָאט סַנְחֵרִיבְ'ן אִימִיסְטֶען פַארְדְרֶעהט דֶעם קָאפּ. עֶר זָאל אִין זַיי פַאר-
גֶעסֶען אוּנ דִי הָאפְנוּנְג אִיז בַּיי זַיי נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען. אַז רַבְשָׁקֵה הָאט
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען סַנְחֵרִיבְ'ן חִזְקִיָהוּ'ס תְּשׁוּבָה, הָאט עֶר נָאךְ אַ מָאל גֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים
מֶען זָאל אוֹיפְקְלֶעהרֶען אִין יְהוּדָה אַז זַיין מַאכְט אִיז גְרוֹיס אוּנ עֶס אִיז זִיךְ נִיטָא
אוֹיף וֶועמִין צוּ פֶערלָאזֶען, נָאר אֵיין וָוארְט יְשַׁעְיָה'ס אִיז גֶענוּג גֶעוֶועהן מְחַזֵק צוּ
זַיין דֶעם עוֹלָם אוּנ דֶער בִּטָחוֹן זָאל נָאךְ פֶעסְטֶער וֶוערִין. דֶערוַוייל הָאט זִיךְ
גֶעטְרָאפֶען, אַז חִזְקִיָהוּ אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ יְשַׁעְיָה הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר קָאן
נִיט הָאבֶּען קֵיין רְפוּאָה. דֶער קֶענִיג הָאט אָבֶּער מִיט זַיינֶע הֵייסֶע טְרֶערֶען אוּנ
שְׁטִילֶער תְּפִלָה אִיבֶּערְגֶעדְרֶעהט דִי גְזֵירָה אוּנ דֶער נָבִיא אַלֵיין הָאט אִיהם גֶעזָאגְט
דִי בְּשׂוֹרָה אַז אוֹיפ'ן דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר גֶעהֵיילְט וֶוערִין. חִזְקִיָהוּ'ס גֶעזוּנְד-
וֶוערִין הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ פְרֵייד אִין גַאנְצֶען לַאנְד אוּנ דִי שִׂמְחָה הָאט זִיךְ נָאךְ
פַארְגְרֶעסֶערְט אַז עֶס אִיז פְּלִיטִים אָנְגֶעקוּמֶען אַ יְדִיעָה אַז סַנְחֵרִיב הָאט גֶעהַאט
אַ מַפָּלָה אִין מִצְרַיִם אוּנ הָאט גֶעמוּזְט עֶנְטְלוֹיפֶען מִיט חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה. מֶען
הָאט דֶערפוּן דֶעמֶעלְט דֶערְצֶעהלְט גַאנְצֶע נִסִים: אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז אִין
אֵיין נַאכְט אִיז בַּיי סַנְחֵרִיבְ'ן אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנ אַכְצִיג טוֹיזֶענְד
מֶענְשֶׁען אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעדְרִינְגֶען אַז בַּיי סַנְחֵרִיבְ'ן אִין לַאגֶער הָאבֶּען זִיךְ
גֶעזְעהן פְּלִיטִים אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען פֶעלְד-מַייז אוּנ הָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע שַׁארְפֶע צֵיין אַ תֵּל
גֶעמַאכְט פוּן אַלֶע בּוֹיגֶענְס. שְׁפִּיזֶען אוּנ אַנְדֶערֶע כְּלֵי-זַיִן. נָאר וִוי אַזוֹי דִי מַעֲשֶׂה
זָאל זַיין דָארְט גֶעווֶעהן — אֵיינְס הָאט מֶען אִין יְהוּדָה פֶערְשְׁטַאנֶען אַז גָאט הָאט
זֵייא גֶעטְהוּן אַ וואוּנְדֶער אוּנ מִיט אַנֵס אָבְּגֶערַאטֶעוֶועט דִי וָואס הָאבֶּען נָאר
גֶעהָאפְט אוֹיף זַיין הִילְף.

אַזוֹי אִיז אַרָאבּ פוּן יְהוּדָה דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער יָאךְ פוּן אַשּׁוּר אוּנ דֶער נָבִיא
הָאט מִיט רֶעכְט גֶעקֶאנְט זָאגֶען אַז דָאס פָאלְק וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶער
פִינְסְטֶער, הָאט דֶערְזֶעהן אַ גְרוֹיס לִיכְטִיגְקֵייט. רוּהִיג זֶענִין אָבְּגֶעלָאפֶען דִי פִינְפ-
צֶען יָאהר וָואס חִזְקִיָהוּ הָאט נָאךְ גֶעקֶענִיגְט אוּנ אַז עֶר הָאט נָאךְ מִיט דֶער
צֵייט אָבְּגֶענוּמֶען בַּיי דִי פְּלִשְׁתִּים אַלֶע שְׁטֶעדְט, וָואס זַיין פָאטֶער אָחָז הָאט אַמָאל
פֶערְלָארֶען, אִיז זַיין נָאהמֶען נָאר גְרוֹיס גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנ נִיט
אוּמְזִיסְט הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, מְרוֹדַךְ בַּלְאֲדָן, גֶעשִׁיקְט אִיהם שְׁלִיחִים
מִיט מַתָּנוֹת אוּנ אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם הֶעלְפֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט
אַשּׁוּר. נָאר אֵיין יְשַׁעְיָה'ן הָאט נִיט גֶעבְרַאכְט קֵיין תַּעֲנוּג דֶער כָּבוֹד וָואס דֶער מֶלֶךְ
פוּן בָּבֶל הָאט אָנְגֶעטְהוּן חִזְקִיָהוּ'ן. מִיט זַיינֶע הֶעלֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעזֶעהן

וואס די יודען וועלען זיך שפעטער אנגלײדען פון בבל און דעריבער האט ער קרום געקוקט דארויף וואס חזקיהו האט אויסגעוויזען די שלוחים אלע זיינע אוצרות און זיך איבערגענומען מיט'ן רייכקייט. ווי עס שיינט, האט ישעיה אבגעהאלטען חזקיהו'ן פון קריעג און איהם ניט געראטהען זיך אריינלאזען אין א שטארק פריינדשאפט מיט בבל. און גיך איז אנגעקומען די בשורה אז סנחריב איז דערהרג'ט געווארען דורך זיינע צוויי זיהן אדרמלך און שראצר. דאס איז שוין נאר אין גאנצען אראב דער שטיין וואס פלעגט נאך צו מאל פרעסען דאס הארץ פון די בני־יהודה: חזקיהו האט שוין ניט געהאט פאר וועמען זיך צו שרעקען און האט איינגעווענדעט אלע זיינע כחות אז אמת און יושר זאלען הערשען אין לאנד, אז די מיוחסים זאלען וועניגער שליטה האבען און אז די ריינע אמונה זאל איינגעווארצעלט ווערין אין פאלק. זיין טויט איז מיט איין אמת'ער ליעבשאפט בעוויינט געווארען פון אלע און ער איז געווען דער לעצטער קאניג פון יהודה וואס האט געפונען זיין קבר צווישען די מלכי בית דוד.

מיט חזקיהו'ס טויט האט זיך אויף יהודה ווידער אנגעריקט א חשכות און נאר גיך האט מען שוין אפילו ניט געקאנט דערקענען אז עס איז א מאל ליכטיג געוועזען. נאך ביי זיין לעבען האט ער געהאט גענוג מתנגדים טאקי פון זיין אייגענער משפחה: דאס זענען געווען די פרינצען וואס האבען נאך געלעבט אין אחז'ס צייט און וואס זיי האט בשום אופן ניט געקאנט געפאלען די הנהגה פון דעם גוטען פרומען קאניג. אוודאי אז ער האט נאר צוגעמאכט איין אויג און די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו זיין צוועלפיאהריגען זוהן מנשה, האבען זיי באלד איינאייניגט מיט אנדערע אונצופריעדענע „מיוחסים", אריינגעהאפט די גאנצע ממשלה אין זייערע הענד און אין א קורצער צייט האט דאס לאנד בעקומען איין אנדער פנים. די צושטערטע מזבחות פון אבגעטער זענען אויס־געבויעט געווארען, אין יעדער יודישער שטוב האט מען נאר געזעהן געצענ־בילדער. אין בית המקדש האט מען אריינגעבראכט א מין עבודה זרה פון אשור וואס האט געהייסען „מיליטא" און דער טהאל הנום איז ווידער פול געווארען מיט מענשען־בלוט פון די קרבנות וואס מען פלעגט דארט ברענגען דעם אבגאט מלך, וואס האט נאר אפעטיט געהאט צו יונגע קליינע קינדער. ביי א זעלבע פערדארבענע מדות זענען אויפגעשטאנען פאלשע נביאים מיט נייע תורות, וואס האבען געדרשנט אין אלע גאסען ווי הייליג דער געצענדיענסט איז. זיי האבען געמוזט נאכטאנצען אויך עטליכע כהנים פון אביתר'ס משפחה וואס האבען ניט געהאט פון וואנען צו לעבען און עס איז ביי ווער געווען

זיך אָבְּצוּרייסֶען פוּנ'ם מַעֲשֵׂר, אוּנ נָאר דֶעם כֹּהֵן צָדוֹק'ס קִינְדֶער זֶענֶען טְרֵיי גֶעבְּלִיבֶּען דֶעם אֱמֶת'ן גְלוֹיבֶּען. אַוַדַאי הָאבֶּען זֵיי אוּנ דִי עֶטְלִיכֶע גֶע־צֶאהלְטֶע פְרוּמֶע לַייט, וָואס זֶענֶען נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען נָאךְ יְשַׁעְיָה'ס טוֹיט, נִיט גוּט אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען, וַוייל מְנַשֶּׁה מִיט זַיין חֶבְרָה, וָואס פְלֶעגֶען אִיהם פִיהרֶען בַּיי דֶער נָאז, הָאט זֵיי פָּשׁוּט גֶעהַייסֶען קוֹילֶען אוּנ אוּמְשׁוּלְדִיג יוּדִישׁ בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶענוּג גֶעגָאסֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם. עֶס אִיז נאךְ צוּ בֶּעוואוּנְדֶערן ווִי אַיין נָבִיא מִיכָה הַמּוֹרַשְׁתִּי הָאט זִיךְ נָאךְ אִין אַזַא פִינְכְטֶערֶער צַייט גֶעקָאנְט אַ מָאהל אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען זָאגֶען עֶפֶּעס אַ עֶרְנְסְט וָוארְט, אוּנ דֶערְמַאנֶען דֶעם עוֹלָם אַז עֶס אִיז נָאךְ דָא אַ גָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט.

נִיךְ אִיז אָבֶּער אוֹיף מְנַשֶּׁה'ן גֶעקוּמֶען אַ צָרָה. אֵיינֶער פוּן סַנְחֵרִיב'ס זוּהן, אֵסַר־חַדּוֹן, וָואס הָאט דֶערְהַרְגֶעט זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה פוּן אַשּׁוּר הָאט בֶּעגַייעט דֶעם פָּאטֶער'ס מִלְחָמָה מִיט מִצְרַיִם. בַּיי דֶער גֶעלֶעגֶענְהֵייט הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע הוֹיפְּטְלַייט צוּגֶערִיקְט צוּ יְהוּדָה אוּנ אַז מְנַשֶּׁה אִיז אַלֵיין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען שָׁלוֹם, הָאט מֶען אִיהם גֶעפַאנְגֶען אוּנ אִין קֵייטֶען אַוֶועק־גֶעפִיהרְט קַיין בָּבֶל. אֵסַר־חַדּוֹן וָואס הָאט אַיינְגֶענוּמֶען מִצְרַיִם, הָאט דֶערְוַוייל בֶּעזֶעצְט דִיא שְׁטָאדְט פוּן שֹׁמְרוֹן מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע פֶעלְקֶער וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען כּוּתִים. הָאטְשֶׁע זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן גֶאטְצֶענְדִינֶער, הָאבֶּען זֵיי פוּן דֶערְכְטְוֶועגֶען אָנְגֶענוּמֶען פִיעל יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים, וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִי עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים. זֵיי זֶענֶען אַזוֹי צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה אַז וֶוען עֶס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַיין אוּמְגְלִיק אוּנ לֵייבֶּען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרִינְגֶען פוּן דִי פַארְווִיסְטֶע עֶרְטֶער, אוּנ אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיי הָאבֶּען זֵיי גֶעזוּכְט הִילְף דֶעם יוּדִישֶׁען גָאט, אוּנ הָאבֶּען גֶעלָאזְט בֶּעטֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר אַז עֶר זָאל זֵיי שִׁיקֶען אַ יוּדִישֶׁען כֹּהֵן קַיין בֵּית אֵל אוּנ עֶר הָאט עֶס זֵיי צוּלִיעב גֶעטְהוּן. מְנַשֶּׁה אִיז בַּאלְד בֶּעפְרַייעט גֶעוָוארֶען אוּנ אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, נָאר עֶר הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט מֶען אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען שׁוֹין נִיט צְווִישֶׁען דִי מַלְכֵי בֵּית דָוִד נָאר בַּיי זִיךְ אִין גָארְטֶען עֻזָה גֶערוּפֶען קָאנִינְלִיכֶען הוֹיף.

מְנַשֶּׁה'ס זוּהן, אָמוֹן, וָואס הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה שׁוֹין בַּיי צְווֵיי אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, הָאט זִיךְ פוּנְקְט גֶעלָאזְט אַזוֹי פִירֶען, פוּן פְרֶעמְדֶע הָאנד ווִי זַיין פָאטֶער בַּיי צְוֶועלְף יָאהר אוּנ הָאט זִיךְ קוֹים גֶעקָאנְט הַאלְטֶען אַ פָּאר יָאהר. אַז מֶען הָאט אִיהם דֶערְהַרְגֶעט, אִיז דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען

צו זיין אַכטיאַהריגען זוהן יאשיהו און די מַנהיגים וואס האבען געפיהרט די מדינה אים נאהמען פונ'ם יונגען מֶלֶךְ, האבען געטהון וואס זייא האבען געוואלט... דעמעלט איז דער גאטצענדיענסט נאך פאַרגרעסערט געוואָרען אין יהודה, און וואו עס איז נאר געוועהן אַ אַבגאָט האבען צו איהם די יודען געדיענט. אַז דער מַעֲמָד פון מִצְרַיִם האט זיך פערבעסערט פאַר'ן נייעם קאניג פְּסַמְטִיךְ, זענען די יודען געלאָפען אַהין עֶפּעס נאָשען נייע תּוֹרוֹת און האבען פון דאָרט געבראַכט שפּינעל-נייע עֲבוֹדָה-זָרוֹת און בוקען זיך צו אַיין קאלבעל אָדער אַיין אַנדערע בְּהֵמָה — איז געוואָרען די בעסטע סְחוֹרָה. נאָר צווישען דעם פינסטערניש האט גאט איבערגעלאָזט נאך עטליכע פונקען, דאס פייער זאל ניט אין גאַנצען פערלאָשען ווערען: דאס זענען געוועהן די נביאה חוּלְדָה, אַ פרויא פונ'ם קאניגס הויפטמאַן שַׁלּוּם בֶּן תִּקְוָה, און דער נביא צְפַנְיָה וואס זענען אַרויסגעקומען פון די שענסטע מִשְׁפָּחוֹת אין ירושלים. זייא האבען קיין מורא ניט געהאט הויך אויפצוהייבען די פאָהן פון דער אֱמֶת'ער אֱמוּנָה און האבען פאָראויס געזאָגט אַז גאט'ס שטראף וועט זיך גיך אויסגיסען ניט נאר אויף יהודה, נאר אויך אויף אַלע פעלקער אַרום.

באלד האט אַשׁוּר אָנגעהויבען פאַלען. פְּרָאָרְטֶס, דער מֶלֶךְ פון מָדַי איז געוועהן דער ערשטער וואס איז אָנגעפאַלען אויף נִינְוֵה, נאר עס איז איהם ניט געראָטהען און ער איז דערהַרְגֶעט געוואָרען אין דער מִלְחָמָה. מעהר גליק האט געהאט זיין זוהן, קְיַאקְסָרִיס, וואס האט מיט זיין גרוים חַיִל געמאַכט אַ תֵּל פון אַ סַךְ שטעדט אין אַשׁוּר. די הויפטשטאָדט נִינְוֵה איז שוין אויך געשטאַנען שְׁמָאהל. נאר דא איז אָנגעקומען אַ יְדִיעָה אַז ערגעץ פון גאַנץ ווייט, פון צָפוֹן-זייט, פון די סטעפּעס וואס ציעהען זיך ביי די טייכען דאָן און וואָלגא, דורכ'ן קאַווקאַז און דעם קאַספּישען יָם, האט זיך אַ לאָז געטהון אַ מין ווילד פאָלק וואס מען רופט זיי סְקִיפֶען און וואס ראַבעווען אומעדום נאר אָהן רַחֲמָנוּת. קיאַקסאַרים איז געצווינגען געוועהן אַוועקצוואַרפען נִינְוֵה און לויפען צוריק קיין מָדַי צו בעשיצען זיין לאַנד; ער האט אָבער געמוזט איינבייגען דעם קאָפּ און זיך אויסקויפען מיט געלד. דאס איינענע האט געטהון אַשׁוּר און אויך מִצְרַיִם, און אַזוי ווי די סְקִיפֶען האבען זיך אַרומגעדרעהט נעבען יהודה, האט פון זיי ניט איין שטאָדט געליטען, און יאשיהו האט אויך געמוזט שיקען זיי מַתָּנוֹת און מיט גוטען בעטען זיי זאָלען ניט טשעפּען ירושלים.

יאשיהו האט געהאט אַ עֶדעל הַאַרְץ, ער האט ניט פערשטאַנען די

שָׁאדְלִיךְ דֶער גָאטֶעסְדִיענְסְט אִיז פַאר'ן פָאלְק נָאר עֶס אִיז אִיהם פָארְט שְׁוֶועהר גֶעוֶועהן מַאכֶען אַיין עֶק פוּן אַ זֶעלְבֶע נַארִישְׁקַייטֶען וָואס דְרַייא דוֹרוֹת זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועהן אַיינְגֶעגְלוֹיבְּט אִין זַיי. דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען נִיט מִיט אַ מָאל אַרוֹיסצוּשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען דֶעם וָואס אַלֶע הַאלְטֶען פַאר הֵיילִיג, נָאר בִּיסְלֶעכְוַויים דֶערְפְרִישֶׁען אִין דִיא מוֹחוֹת דֶעם פַארְגֶעסֶענֶעם זֵכֶר פוּנ'ם אַלְטֶען גְלוֹיבֶּען, אוֹיפְהֵייבֶּען פוּן דֶער עֶרְד דִי אַיינְגֶעפַאלֶענֶע חוּרְבָּה. דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַאפְּט צוּם מִשְׁכָּן אוּנ גֶעמַאכְט חִלְקִיָהוּ בֶּן מְשׁוּלָם פַאר אַ כֹּהֵן גָדוֹל אוּנ אִיהם גֶעהֵייסֶען צוּ שִׁיקֶען שְׁלִיחִים אִיבֶּער דֶעם לַאנְד אוּנ צוּנוֹיפְנֶעהְמֶען נְדָבוֹת, מֶען זָאל קֶאנֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ בֶּענַייעֶן מִיט דֶעם אַייגֶענֶעם גְלַאנְץ פוּן אַ מָאל. וָואס מֶעהר יֹאשִׁיָהוּ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבֵּייטֶען אִין דֶער הֵיילִיגֶער זַאךְ, אִיז זַיין ווילֶען גֶעוָוארֶען פֶעסְטֶער זַיין גֵייסְט שְׁטַארְקֶער; עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט שְׁרֶעקֶען פַאר דִי מְיוּחָסִים וָואס זַיי הָאט גָאר נִיט גֶעשְׁמֶעקְט זַיינֶע אוֹיפְטְהוּעֶכְצֶען, אוּנ אִיז צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער נְשָׁמָה צוּ דִי הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אִין מִשְׁנֶה תּוֹרָה, אוּנ צוּ דִי זִיסֶע רֵייד, וָואס הָאבֶּען אִיהם דֶערְקְוִויקְט אוּנ וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶענָאסֶען פוּן אַ רֵיינֶעם קְוַואל, פוּן אַ לוֹיטֶער הַארְץ וָואס אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען צוּ אַרְבֵּייטֶען פַאר'ן אֶמֶת פוּן אַ נָבִיא וָואס הָאט זִיךְ פוּן קִינְדְוַוייס אָן מַקְרִיב גֶעוֶועהן פַאר זַיין גָאט אוּנ זַיין פָאלְק.

דֶער נָבִיא אִיז גֶעוֶועהן יִרְמְיָהוּ בֶּן חִלְקִיָהוּ הַכֹּהֵן, וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל עֲנָתוֹת נִיט וַוייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם. אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל אַז זַיין נְבִיאוֹת זָאל נָאךְ אִין זַיין צַייט מְקוּיָם וֶוערֶען אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר נִיט גֶעקוּקְט דַארוֹיף וָואס דִי כֹּהֲנִים פְלֶעגֶען אִיהם אָנְטְהוּן צָרוֹת אוּנ הָאט פְרֵיי אוּנ אָפֶען דֶעם אֶמֶת אַרוֹיסְגֶעזָאגְט אוּנ גֶעוָוארֶענְט דָאס פָאלְק עֶס זָאל אוֹיפְהֶערֶען טְהוּן שְׁלֶעכְטְס. פִיעל עֶדְלֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּצוּהֶערֶען צוּ יִרְמְיָהוּ'ס רֵייד אוּנ עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען גוּטֶע פְרַיינְד צְוִוישֶׁען דִי שֶׁאנְסְטֶע מִשְׁפָּחוֹת אוּנ בְּעָזוּנְדֶערְס אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אֵיינֶער פוּן דֶעם קֶאנִיגְס הוֹיפְטְלַייט שָׁפָן הַסוֹפֵר, וָואס אִיז שׁוֹין דֶעמֶעלְט גֶעוֶועהן אַ מְמוּנֶה אִיבֶּער אַלֶע נְדָבוֹת וָואס פְלֶעגֶען אַיינְפְלִיעסֶען אוֹיפ'ן מִשְׁכָּן. אִיהם הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל חִלְקִיָהוּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַ סֵפֶר וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען עֶרְגֶעץ אִין אַ ווינְקֶעל פוּנ'ם מִשְׁכָּן וַואלְגֶערְן זִיךְ אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועהן דָאס פִינְפְטֶע בּוּךְ פוּן תּוֹרַת מֹשֶׁה אָדֶער מִשְׁנֶה תּוֹרָה. דָאס בּוּךְ הָאט גֶעאֶפֶענְס שָׁפָן'ס אוֹיגֶען אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד דֶערְפוּן

גָאסְען גֶעוָוארֶען. יִרְמְיָהוּ הָאט אִיהם בֶּעקְלָאגְט, אוּנ דִי קִינָה הָאט מֶען אָנ־
גֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען אַלֶע יָאהר זַיִן דֶעם פִינְסְטֶערן טָאג פוּן דֶעם טוֹיט. וָואס
הָאט צרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אַ שְׁוַוארְצֶען דֶעק־טוּך אוֹיפְן הִימֶעל פוּן יְהוּדָה.



# אַכְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

## דִי לֶעצְטֶע מַלְכֵי יְהוּדָה.

(608—586 בִּיז קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 678—656 פַאר'ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

יֹאשִׁיָהוּ הָאט גֶעמֵיינְט אַז דֶערְמִיט וָואס עֶר וֶועט נִיט אַרַיינְלָאזֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם וֶועט עֶר טְהוּן אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה זַיין לַאנְד. צוּם סוֹף אִיז דֶערפוּן אַרוֹיס אַ גְרוֹיסֶע צָרָה: פַּרְעֹה נְכֹה הָאט זִיךְ גוּט אָבְּגֶערֶעכֶענְט מִיט יְהוּדָה אוּנ אַז עֶר הָאט דִי מְלוּכָה זִיךְ אוּנְטֶערְוָוארְפֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט קֵיין אֲרָם אוּנ סִירְיֶען אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אִין דֶער שְׁטָאדְט רִבְלָה, נָאךְ יֹאשִׁיָהוּ'ס טוֹיט זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען פוּן צְוַויי וַוייבֶּער דְרַיי זִיהן אֶלְיָקִים, שַׁלֻם אוּנ מַתַּנְיָהוּ אוּנ אַזוֹי וִוי מֶען הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶר הָאט שַׁלֻם'ן מֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט וִוי דִי אַנְדֶערֶע קִינְדֶער הָאט מֶען אִיהם גֶעמַאכְט פאר קֶענִיג אוּנ עֶר אִיז גֶעזַאלְבְּט גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דֶעם נָאהמֶען יְהוֹאָחָז. נָאר אַזוֹי וִוי דֶער עוֹל פוּן מִצְרַיִם אִיז שׁוֹין דֶעמֶעלְט גֶעלִיגֶען אוֹיף יְהוּדָה, אִיז דֶער נַייֶער יוּדִישֶׁער מֶלֶךְ גֶעפָאהרֶען קֵיין רִבְלָה צוּ בֶּעגְרִיסֶען דֶעם קֶענִיג נְכֹה, נָאר דָארְט הָאט מֶען אִיהם גֶעפַאנְגֶען אוּנ אַוֶועקְגֶעפִיהרְט קֵיין מִצְרַיִם, וואוּ עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ זַיין גַאנְצֶע מְלוּכָה הָאט גֶעדוֹיעֶרְט נָאר דְרַיי חֳדָשִׁים. אוֹיפְ'ן בֶּעפֶעהל פוּן נְכֹה, אִיז דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם אֶלְטֶערן בְּרוּדֶער אֶלְיָקִים, אָדֶער יְהוֹיָקִים, אוּנ אַזוֹי וִוי נְכֹה הָאט אַרוֹיפְגֶעלֶיגְט אוֹיפְ'ן לַאנְד אַ גֶעלְד־שְׁטְרָאף פַאר יֹאשִׁיָהוּ'ס

עקשנות, האט יהויקים געמוזט מיט געוואלד רייסען גרויסע סומען פונ'ם פאלק, וואס איז געווארען זעהר ארים. נאר אזא ארימקייט פון דער קעשינע איז נאך אגאר ניט געגען דעם ארימקייט פונ'ם הארצען, וואס האט באלד אויסגעמעקט אין גאנצען יאשיהו'ס מעשים טובים. די צרות וואס האבען זיך פליצום אויס-געגאסען אויף יהודה, די נויט וואס מען האט צו איהר דערווייל קיין שום הילף ניט געזעהן, דאס האט באלד שלאף געמאכט די ריינע אמונה און דער געצענדיענסט האט ווידער אויפגעהויבען דעם קאפּ. פון מצרים האבען די יודען באלד געגאשט א נייע געטין נ.ע.י.ט (די קעניגין פון הימעל) און נאך איהר האבען זיך אנגעהויבען שיטען די אלטע אבגעטער און בעזונדערס דער הונגעריגער מ ל ך מיט זיינע קליינע קרבנוילעך פון יונגע אונשולדיגע נפשילעך. די עטליכע נביאים וואס האבען זיך דעמעלט ארומגעדרעהט אין לאנד, ירמיהו, אוריהו, חבקוק און יחזקאל, זענען ניט אים שטאנד געוועהן מיט זייער מוסר עפּים העלפען, די פאלשע כהנים האבען פערשטאנען די קונץ ווי אזוי צו פארדרעהען די קאפּ פונ'ם פראסטען עולם. און אז אוריהו בן שמעיהו פון דער שטאדט קרית יערים האט זיך ניט געקאנט איינהאלטען און איז ארויס מיט שארפע רייד געגען דער הנהגה פון יהודה, האט ער באלד געמוזט אוועק קיין מצרים, נאר מען איז איהם נאכגעלאפען און צוריק געבראכט און ער האט מיט'ן לעבען בעצאהלט פאר די עטליכע אמת'ע ווערטער, וואס ער האט געוואלט מיט זיי עפענען די אויגען פון זיינע ברידער. ירמיהו האט אבער ניט געקוקט אויפ'ן ביטערן סוף פון דעם נביא און האט זיך פעסט ענטשלאסען מלחמת צו האלטען פאר'ן אלטען גלויבען; ער האט צו ליעב דעם ניט חתונה געהאט, כדי ער זאל ניט זיין צוגעבונדען צו קיינעם און זאל קאנען דאס לעבען מפקיר זיין און אויספיהרען זיין הייליג שליחות. אוודאי זענען איהם די פאלשע כהנים געווארען דם-שונאים און אז ער האט איין מאל אפענטליך גערעדט געגען עבודה-זרה, האט מען איהם געוואלט פארמשפטן צום טויט, נאר אחיקם, דער זוהן פון שפן הסופר, האט זיך פאר איהם אנגענומען און ער איז ניצול געווארען.

דערווייל איז אשור געפאלען אינטער די קלאפּ פון קיאקסרי'ס און נבופולאסר און עס איז מקוים געווארען אלדינג וואס די נביאים נחום און צפניה האבען פאראויסגעזאגט: די מלכים פון מדי און בבל האבען צוגענומען די גרויסע הויפטשטאדט נינוה און די איבריגע לאנדער האבען זיי איינ-געטהיילט צווישען זיך. נכה'ן דעם מלך פון מצרים איז אבער די וועלט קארג געוועהן און עס האט איהם ניט געשמעקט וואס בבל איז אזוי גרויס געווארען.

דאריבער אַז נְבוּכַדְנֶאצַר איז געשלאגען האט נְכֹה געמיינט אז איצט וועט ער קאנען איינשלינגען בָּבֶל אונ איז באלד אנגעפאלען אויף דעם לאנד מיט גרויס חַיִל. אין כַּרְכְּמִישׁ איז געוועהן די גרויסע מִלְחָמָה, דער יונגער מֶלֶךְ פון בָּבֶל נְבוּכַדְנֶצַר האט בעוויזען זיין גְבוּרָה אונ נְכֹה האט געחאפט אזא מַפָּלָה, וואס ער האט זיך דארויף גאר ניט גערעכנט: ער האט גערעכענט אז עס וועט איהם געראטהען ביי יענעם צונעהמען, צום סוף האט ער געמוזט נאך זיינע אָבגעבען. פאר די יודען איז דאס אבער געוועהן א גאנצע יְשׁוּעָה, נְכֹה האט אויפגעהערט צו פיהרען וועלטען אונ האט זיי שוין ווייניגער דערקוטשעט, אונ יְהוֹיָקִים האט זיך געקאנט אָבגעבען מיט הייזער-בויען אונ מאכען פאר זיך די שענסטע פאלאצען: ער האט זיך איינגערעדט אז ער איז דער צווייטער שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ, נאר ניט זיין חָכְמָה, ניט זיינע מַעֲלוֹת האט ער געהאט אין זיך. דער שְׂוִויִם פון זיינע ברידער איז ביי איהם צו וואלוועל געוועהן: ער האט געהייסען בענוצען צו דער שווערער ארבייט טאקי זיין אייגען פאלק אונ ניט אויסצאהלען, זאגט דער נָבִיא חֲבַקּוּק דארויף אַז יעדעס שטיינדעל, יעדעס שפאנדעל שרייעט פון בלוט אונ פון עַוְלָה".

יִרְמְיָהוּ האט דערוויל ניט געשוויגען אונ וואו ער האט נאר געקאנט האט ער געזאגט אז דאס אומגליק פון יְהוּדָה איז שוין נאהענט אונ אז גיך וועט דאס פאלק בעשטראפט ווערין פאר זיינע שווערע זינד. די פאלשע כֹּהֲנִים פלעגען אבער בערוהיגען דעם עולם אונ איהם האבען זיי גערודפט. אז אפילו זיין תַּלְמִיד בָּרוּךְ בֶּן נֵרִיָּה איז ניט זיכער געוועהן מיט'ן לעבען. באלד האט מען פארט אין יְהוּדָה פערשטאנען אז ירמיהו'ס ווערטער זענען ניט פונ'ם ווינד. בָּבֶל האט זיך זעהר פערגרעסערט, אֲרָם אונ סיריען האבען זיך אליין אונטערגעגעבען נבוכדנצר'ן אונ דער מֶלֶךְ פון צוֹר אונ צִידוֹן, אֶתְבַּעַל דער צווייטער, האט אויך געמוזט אנבויגען דעם קאפ. נבוכדנצר האט אבער געהאט א קוק נאר אויף מִצְרַיִם אונ האט זיך אנגעהויבען אהין צוצוריקען מיט גרויס חַיִל. די סַכָּנָה איז אין יְהוּדָה געווארען גרויס. ווייל פון איין זייט האט בָּבֶל געפאדערט מען זאל זיך אונטערגעבען אונ פון דער אנדערער זייט האט מִצְרַיִם צוגעזאגט גאלדענע בערג ווען מען וועט ניט צו ליעב טהון אונ זיך האלטען. ביי אזא טרויעריגער לאגע האט יְהוֹיָקִים גוזר תַּעֲנִית געוועהן אונ אלע האבען זיך פערזאמעלט קיין יְרוּשָׁלַיִם נאט בעטען ער זאל זיי ווייזען עפּיס א וועג. יִרְמְיָהוּ האט זיך בענוצט דערמיט וואס כמעט דאס גאנצע פאלק איז געוועהן אינאיינעם אונ ער האט געהייסען זיין תַּלְמִיד בָּרוּךְ ער זאל אויפשרייבען אויף פאפּיער זיין רעדע פון

צוּריק מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר; וואוּ עֶר הָאט נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט פוּן אַשוּרס מַפָּלָה. אוּנ זָאל זִי פָאַרְלֵייעֶנֶען דֶעם עוֹלָם, כְּדֵי מֶען זָאל זֶעהן אַז אַלְדִינְג אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהן. בָּרוּךְ הָאט אֲפִילוּ לְכַתְּחִלָּה מוֹרָא גֶעהַאט נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר עֶס גֶעטְהוּן אוּנ דִי זַאךְ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ. אֵיינֶער פוּן שָׁפָנִ׳ם מִשְׁפָּחָה מִכָיָהוּ בֶּן גְמַרְיָהוּ הָאט דֶערפ׳ן גֶעגֶעבֶּען צוּ וִויסֶען אִין הוֹיף אַרַיין אוּנ דִי הוֹיפְּטְלַייט הָאבֶּען בַּאלְד גֶעשִׁיקְט רוּפֶען בָּרוּךְ׳ן עֶר זָאל זֵיי אוֹיךְ בֶּעקֶענְט מַאכֶען מִיט דֶער רֶעדֶע פוּנ׳ם נָבִיא. דֶערְנָאךְ הָאט מֶען דִי רֶעדֶע גֶעבְּרַאכְט צוּם קֶאנִיג. יְהוֹיָקִים אִיז דֶעמֶעלְט גְרָאד גֶעזֶעסֶען בַּיי אַפַייֶער אוּנ הָאט זִיךְ גֶעוַוארֶעמְט. אֵיינֶער פוּן דִי הוֹיפְּטְלַייט הָאט גֶעלֵייעֶנְט דִי רֶעדֶע אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַ בְּלֶאטֶעל הָאט עֶס דֶער קֶאנִיג בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען אוּנ פַארְבְּרֶענְט. בַּיי אַזַא הַארְטְנֶאקִיגְקֵייט אִיז גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס יִרְמְיָהוּ׳ס רֶעדֶע הָאט נִיט גֶעהַאט דִי שְׁטַארְקֶע פְּעוּלָה וָואס עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אוּנ עֶר הָאט נָאךְ גֶעמוּזְט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, וַוייל יְהוֹיָקִים הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען הַרְגֶע׳ן. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זֶענֶען יִרְמְיָהוּ׳ס וֶוערְטֶער גוּט אַרַיין אִין דִי קֶאפּ פוּן עֶטְלִיכֶע הוֹיפְּטְלַייט, זֵיי הָאבֶען צוּגֶערֶעדְט יְהוֹיָקִים׳ן עֶר זָאל זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעבֶּען נְבוּכַדְנֶצַר׳ן, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ שָׁלוֹם, אוּנ וַוייל יְהוֹיָקִים אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען אָבְּהֶענְגִיג פוּן בָּבֶל הָאט זִיךְ שׁוֹין יִרְמְיָהוּ נִיט בֶּעדַארְפְט שְׁרֶעקֶען אוּנ פְלֶעגְט זִיךְ רֶעכְנֶען אוּנְטֶער׳ן שׁוּץ פוּן נְבוּכַדְנֶצַר, וָואס הָאט נָאר אָנְגֶעקְוֶועלְט פוּן זַיין נְבִיאוֹת.

יְהוֹיָקִים הָאט אָבֶער בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען גֶעהַאלְטֶען אַ שְׁטַארְקֶע שִׂנְאָה צוּ בָּבֶל אוּנ אַז עֶר הָאט נָאךְ בֶּעקוּמֶען אַ וִוינְק פוּן מִצְרַיִם אַז מֶען אִיז דָארְט פֶערְטִיג אַרוֹיסְצוּשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען נְבוּכַדְנֶצַר׳ן הָאט עֶר בַּאלְד אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ צָאהלֶען מַס אוּנ הָאט טַאקִי גֶעמֵיינְט אַז עֶס וֶועט אִיהם אַזוֹי גְרִינְג אָבְּלוֹיפֶען וַוייל נְבוּכַדְנֶצַר אִיז גֶעוֶועהן פַארְדְרֶעהט דוּרְךְ אַ גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה מִיט צוֹר, וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט דְרַייצֶעהן יָאהר. נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אָבֶער נִיט גֶעוָואלְט שְׁוַוייגֶען אוּנ הָאט דֶערְוַוייל חָרוּב גֶעמַאכְט אַ כַּךְ שְׁטֶעדְט אִין יְהוּדָה אוּנ פּוּנְקְט דֶעמֶעלְט אִיז יְהוֹיָקִים גֶעשְׁטָארְבֶּען. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער לֶעצְטֶער יוּדִישֶׁער קֶאנִיג וָואס אִיז נָאךְ בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען אִין זַיין לַאנְד.

דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין אַכְטְצֶעהנְיֶאהרִיגֶען זוּהן יְהוֹיָכִין אָדֶער יְכָנְיָהוּ־כָּנְיָהוּ נָאר דִי גַאנְצֶע דֵעָה אִיז גֶעוֶועהן בַּיי זַיין מוּטֶער נְחוּשְׁתָּא אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען נְבוּכַדְנֶצַר׳ן. דֶערְוַוייל הָאט נְבוּכַדְנֶצַר שׁוֹין גֶעקֶאנְט אָבְּטְהֵיילֶען אַגְרוֹיסֶע צָאהל פוּן זַיין חַיִל אוּנ זֵיי שִׁיקֶען קֵיין מִצְבִים. בַּיי׳ם וֶועג הָאט מֶען פֶערְוִויסְט פִיעל אָרְטֶער אִין

דאריבּער אַז נְבוּפוֹלָאסַר איז געשׁטָארבּען האָט נכה געמיינט אַז איצט וועט ער קאָנען איינשלינגען בָּבֶל אוּן איז בּאלד אָנגעפאלען אויף דעם לאַנד מיט גרויס חַיִל. אין כַּרְכְּמִישׁ איז געוועהן די גרויסע מִלְחָמָה, דער יוּנגער מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל נְבוּכַדְנֶצַּר האָט בּעוויזען זיין גְבוּרָה אוּן נכה האָט געחאַפּט אַזאַ מַפָּלָה, וואָס ער האָט זיך דארויף גאָר ניט געריכט: ער האָט געריכענט אַז עס וועט איהם געראָטהען בּיי יענעם צוּנעהמען, צוּם סוֹף האָט ער געמוּזט גאָך זיינע אָבּגעבּען. פאַר די יודען איז דאָס אָבּער געוועהן אַ גאַנצע יְשׁוּעָה, נכה האָט אויפגעהערט צוּ פיהרען וועלטען אוּן האָט זיי שוין ווייניגער דערקוטשעט, אוּן יְהוֹיָקִים האָט זיך געקאָנט אָבּגעבּען מיט הייזער-בּויען אוּן מאַכען פאַר זיך די שאַנסטע פּאַלאַצען: ער האָט זיך איינגערעדט אַז ער איז דער צווייטער שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ, גאָר ניט זיין חָכְמָה, ניט זיינע מַעֲלוֹת האָט ער געהאַט אין זיך. דער שְׁוִוים פוּן זיינע בּרידער איז בּיי איהם צוּ וואָלוועל געוועהן: ער האָט געהייסען בּענוּצען צוּ דער שׁווערער אַרבּייט מאַקי זיין אייגען פאָלק אוּן ניט אוּמזיסט זאָגט דער נָבִיא חֲבַקּוּק דארויף אַז יעדעם שׁטיינדעל, יעדעם שׁפּאָנדעל שׁרייעט פוּן בּלוּט אוּן פוּן עַוְלָה׳.

יִרְמְיָהוּ האָט דערוויייל ניט געשׁוויגען אוּן וואו ער האָט נאָר געקאָנט האָט ער געזאָגט אַז דאָס אוּמגְלִיק פוּן יְהוּדָה איז שוין נאָהענט אוּן אַז גיך וועט דאָס פאָלק בּעשׁטראָפט ווערין פאַר זיינע שׁווערע זינד. די פאַלשע כֹּהֲנִים פּלעגען אָבּער בּערוּהיגען דעם עוֹלָם אוּן איהם האָבּען זיי געראָדפט. אַז אפילוּ זיין תַּלְמִיד בָּרוּךְ בֶּן נֵרִיָּה איז ניט זיכער געוועהן מיט'ן לעבּען. בּאַלד האָט מען פאָרט אין יְהוּדָה פערשׁטאַנען אַז ירמיהו'ס ווערטער זענין ניט פוּנ'ם ווינד. בָּבֶל האָט זיך זעהר פערגרעסערט, אֲרָם אוּן סיריען האָבּען זיך אַליין אוּנטערגעגעבּען נְבוּכַדְנֶצַּר'ן אוּן דער מֶלֶךְ פוּן צוֹר אוּן צִידוֹן, אֶתְבַּעַל דער צווייטער, האָט אויך געמוּזט אָנבּויגען דעם קאָפּ. נבוכדנצר האָט אָבּער געהאַט אַ קוּק גאָר אויף מִצְרַיִם אוּן האָט זיך אָנגעהויבּען אַהין צוּצוּריקען מיט גרויס חַיִל. די סַכָּנָה איז אין יְהוּדָה געוואָרען גרויס. ווייל פוּן איין זאַט האָט בָּבֶל געפאָדערט מען זאָל זיך אוּנטערגעבּען אוּן פוּן דער אַנדערע זייט האָט מִצְרַיִם צוּגעזאָגט גאָלדענע בּערג ווען מען וועט ניט צוּ ליעב טהוּן אוּן זיך האַלטען. בּיי אַזאַ טרויעריגער לאַגע האָט יְהוֹיָקִים גוֹזֵר תַּעֲנִית געוועהן אוּן אַלע האָבּען זיך פערזאַמעלט קיין ירוּשָׁלַיִם גאָט בּעטען ער זאָל זיי וויזען עפּיס אַ וועג. ירמיהו האָט זיך בּענוּצט דערמיט וואָס כּמעט דאָס גאַנצע פאָלק איז געוועהן אינאיינעם אוּן ער האָט געהייסען זיין תַּלְמִיד בָּרוּךְ ער זאָל אויפשׁרייבּען אויף פּאַפּיער זיין רעדע פוּן

צוריק מיט עטליכע יאהר, וואו ער האט נביאות געזאגט פון אשור'ס מפלה. אונ זאל זי פארלייענען דעם עולם, כדי מען זאל זעהן אז אלדינג איז טאקי געשעהן. ברוך האט אפילו לכתחלה מורא געהאט נאר פון דעסטוועגען האט ער עס געטהון אונ די זאך האט אנגעמאכט א שטארקען רעש. איינער פון שפנ'ס משפחה מכיהו בן גמריהו האט דערפ'ן געגעבען צו וויסען אין הויף אריין אונ די הויפטלייט האבען באלד געשיקט רופען ברוך'ן ער זאל זיי אויך בעקענט מאכען מיט דער רעדע פונ'ם נביא. דערנאך האט מען די רעדע געבראכט צום קאניג. יהויקים איז דעמעלט גראד געזעסען ביי א פייער אונ האט זיך געווארעמט. איינער פון די הויפטלייט האט געלייענט די רעדע אונ אז ער האט געענדיגט א בלאטעל האט עס דער קאניג ביי איהם צוגענומען אונ פארברענט. ביי אזא הארטנאקיגקייט איז גאר קיין וואונדער ניט וואס ירמיהו'ס רעדע האט ניט געהאט די שטארקע פעולה וואס ער האט גערעכענט אונ ער האט נאך געמוזט זיך בעהאלטען, ווייל יהויקים האט איהם געהייסען הרגנ'ען. פון דעסטוועגען זענען ירמיהו'ס ווערטער גוט אריין אין די קאפ פון עטליכע הויפטלייט, זיי האבען צוגערעדט יהויקים'ן ער זאל זיך אונטערגעבען נבוכדנצר'ן, עס איז געווארען א שלום, אונ ווייל יהויקים איז שוין געווארען אבהענגיג פון בבל האט זיך שוין ירמיהו ניט בעדארפט שרעקען אונ פלעגט זיך רעכנען אונטער'ן שוץ פון נבוכדנצר, וואס האט גאר אנגעקוועלט פון זיין נביאות.

יהויקים האט אבער ביי זיך אין הארצען געהאלטען א שטארקע שנאה צו בבל אונ אז ער האט נאך בעקומען א ווינק פון מצרים אז מען איז דארט פערטיג ארויסצושפרינגען געגען נבוכדנצר'ן האט ער באלד אויפגעהערט צו צאהלען מס אונ האט טאקי געמיינט אז עס וועט איהם אזוי גרינג אבלויפען ווייל נבוכדנצר איז געוועהן פארדרעהט דורך א גרויסע מלחמה מיט צור, וואס האט געדויערט דרייצעהן יאהר. נבוכדנצר האט אבער ניט געוואלט שווייגען אונ האט דערווייל חרוב געמאכט א סך שטאדט אין יהודה אונ פונקט דעמעלט איז יהויקים געשטארבען. דאס איז געוועהן דער לעצטער יודישער קאניג וואס איז נאך בעגראבען געווארען אין זיין לאנד.

די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו זיין אכטצעהן־יאהריגען זוהן יהויכין אדער יכניהו־כניהו נאר די גאנצע דעה איז געוועהן ביי זיין מוטער נחושתא אונ עס איז געבליבען אז מען זאל זיך ניט אונטערגעבען נבוכדנצר'ן. דערווייל האט נבוכדנצר שוין געקאנט אבטהיילען א גרויסע צאהל פון זיין חיל אונ זיי שיקען קיין ירושלים. ביי'ם וועג האט מען פערוויסט פיעל ערטער אין

יְהוּדָה, נָאר יְהוֹיָכִין הָאט זִיךְ בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ גֶעהָאפְּט אוֹיף הִילְף פוּן מִצְרַיִם, דֶערְפַאר הָאט נְבוּכַדְנֶצַר גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל מֶען זָאל בֶּעלַאגֶערן דִי הוֹיפְּט-שְׁטָאדְט פוּן יְהוּדָה. אוּמְזִיסְט הָאט יִרְמְיָהוּ נָאךְ אַ מָאל גֶעפְּרִיוְוט פַארְשְׁטֶעהן צוּ גֶעבֶּען אַז אַזוֹי אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט אוּנ אַז דָאס עַקְשָׁנוּת וֶועט גָאר נִיט הֶעלְפֶען, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעהֶערְט, נָאר אַז דֶער הוּנְגֶער הָאט שְׁטַארְק צוּגֶעפְּרֶעסְט דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, הָאט זִיךְ יְהוֹיָכִין מִיט דֶער מוּטֶער עֶנְטְשְׁלָאסֶען זִיךְ אוּנְטֶערְצוּגֶעבֶּען נְבוּכַדְנֶצַר'ן אוּנ זֶענִן בֵּיידֶע גֶעקוּמֶען אִיהם בֶּעגְרִיסֶען אוּנ מַאכֶען אַ שָׁלוֹם. נְבוּכַדְנֶצַר אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהן אִין כַּעַס אוּנ נָאר אָהן רַחֲמָנוּת הָאט עֶר בַּאלְד גֶעהֵייסֶען אַוֶועקְטְרַייבֶּען קֵיין בָּבֶל דֶעם קֶענִיג מִיט זַיין מוּטֶער, דִי גְרֶעסְטֶע לַייט בִּיז צֶעהן טוֹיזֶענְד מַאן. אוֹיף דֶער שְׁטַאדְט אַלֵיין הָאט עֶר נָאךְ גֶעלֶעגְט כָּבוֹד, עֶר הָאט גָאר צוּגֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף אוּנ אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. דִי מְלוּכָה אָבֶּער הָאט עֶר נִיט אָנְגֶערִירְט אוּנ הָאט גֶעמַאכְט פַאר קֶענִיג יֹאשִׁיָּהוּ'ס יוּנְגְסְטֶען זוּהן מַתַּנְיָה. נְבוּכַדְנֶצַר'ס רֶעכְנוּנְג אִיז טַאקִי גָאר נִיט גֶעוֶועהן עֶר זָאל אִין גַאנְצֶען צוּשְׁטֶערֶען דָאס לַאנְד יְהוּדָה: עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז צְווִישֶׁען פִיעל יוּדִישֶׁע גְרוֹיסֶע לַייט, בֶּעזָאנְדֶערְס צְווִישֶׁען דִי קִינְדֶער פוּן **שָׁפָן הַסּוֹפֵר**, ווִי זַיין זוּהן **אֲחִיקָם** אוּנ זַיין אֶענִיקֶעל **גְּדַלְיָהוּ**, הָאט עֶר אַ סַךְ גוּטֶע פְרַיינְד; עֶס אִיז אִיהם אוֹיךְ בֶּעקֶענְט גֶעוֶועהן אַז יִרְמְיָהוּ'ס נְבִיאוֹת גֶעהֶען אַלְץ אוֹיף זַיין גְרוֹיסְקֵייט אוּנ אַז סוֹף כָּל סוֹף מוּזֶען דִי ווֶערְטֶער פוּנ'ם נָבִיא אָנְגֶענוּמֶען ווֶערִין בַּיי'ם פָאלְק; עֶר הָאט אוֹיךְ פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אַזַא ווֵייךְ מֶענְשֶׁעל ווִי מַתַּנְיָה וֶועט זִיךְ פִּיהרֶען רוּהִיג אוּנ וֶועט אִיהם נִיט שְׁטֶערֶען ווֶען עֶר וֶועט ווֶעלֶען אָנְלֶערְנֶען מִצְרַיִם. אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ נָאר בֶּעגְנִיגְט דֶער מִיט וָואס דֶער נַייֶער קֶענִיג הָאט אִיהם צוּגֶעשְׁוָואוֹרֶען אַז עֶר וֶועט זַיין טְרַיי. אַזוֹי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן דִי מְלוּכָה פוּן יְהוּדָה אוּנ מַתַּנְיָה, וָואס הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם נָאהמֶען **צִדְקִיָּהוּ**, הָאט אָבְּגֶעהִיט זַיין ווָארְט אוּנ בָּבֶל אִיז מִיט אִיהם גֶעוֶועהן צוּפְרִידֶען. דָאס ווֵייכְקֵייט פוּן צִדְקִיָּהוּ הָאט אָבֶּער גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ אַז דִי „מְיוּחָסִים" הָאבֶּען ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען אַיין הוֹיפְּט-רָאלֶע, אוּנ דִי חֶבְרָה הָאט ס'עהר גֶעצוֹיגֶען קֵיין מִצְרַיִם. בִּיסְלֶעכְווַייס הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערֶען קוֹלוֹת אַז עֶס אִיז נִיט שֵׁיין פַאר יְהוּדָה צוּ זַיין אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן בָּבֶל אוּנ אַז מֶען קָאן זִיךְ זֶעהר לַייכְט בֶּעפְרַייעֶען מִיט דֶער הִילְף פוּן נְכֹה'ס זוּהן, **פְּסַמְטִיךְ** דֶעם צְווֵייטֶען, וָואס זָאגְט צוּ צוּשִׁיקֶען זֶעהר פִיעל חַיִל אוּנ כְּלֵי זַיין. דֶערְנָאךְ זֶענֶען אוֹיךְ אָנְגֶעקוּמֶען שְׁלִיחִים פוּן **צוֹר** אוּנ **צִידוֹן**,

אֱדוֹם, עַמּוֹן אוּנ מוֹאָב אוּנ מֶען הָאט פָארגֶעלֶעגְט צִדְקִיָהוּ'ן, עֶר זָאל צוּ־
שְׁטֶעהן צוּ זֵיי אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען דִי פֶערְטְרִיבֶּענֶע יוּדֶען פוּן בָּבֶל גֶעשִׁיקְט
בְּרִיעף אַהֵיים אוּנ אוּנְטֶערְגֶעהֵיצְט זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער זֵיי זָאלֶען זִיךְ בֶּענוּצֶען מִיט
דֶער פְרַייהֵייט אוּנ אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען בָּבֶל. אַז יִרְמְיָהוּ אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר
גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר בַּאלְד אַוֶועקְגֶעשְׁרִיבֶּען קַיין בָּבֶל אוּנ גֶערָאטְהֶען צוּ זִיצֶען
שְׁטִיל, פְלַייסִיג אַרְבֵּייטֶען, גֶעטְרֵייא זַיין דֶעם לַאנְד אוּנ זִיךְ נִיט פַארְלָאזֶען אוֹיף
פַאלְשֶׁע הָאפְנוּנְגֶען; נָאר בַּאלְד הָאט אֵיינֶער שְׁמַעְיָה הַנֶחֱלָמִי פוּן בָּבֶל
מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן דֶעם כֹּהֵן צְפַנְיָה בֶּן מַעֲשֵׂיָה אַז יִרְמְיָהוּ אִיז פַאלְשׁ דֶעם
פָאטֶערְלַאנְד אוּנ אַז עֶר פַארְדִיענְט דֶערְפַאר דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטְרָאף. דָא הָאבֶּען זִיךְ
נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהָאפְט דִי צְבוּעַק'עס, דִי פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּנ זֵיי אִיז לַייכְטֶער
גֶעוֶועהן צוּ פוֹעֶלן בַּיים עוֹלָם, ווייל זֵיי הָאבֶּען יֶעדֶר'ן אַיינְגֶערֶעדְט אַז מֶען
נֶעהמְט זִיךְ דָא אָן נָאטִ'ס קְרִיוְודֶע. אַזוֹי הָאט מֶען גֶעאַרְבֵּייט פוּן אַלֶע זַייטֶען
בִּיז צִדְקִיָהוּ הָאט גֶעמוּזְט אוֹיפ'ן פִירְטֶען יָאהר אוֹיפְהֶערֶען שִׁיקֶען מַס קַיין בָּבֶל
אוּנ אָפֶענְטְלִיךְ אַרוֹיסְטְרֶעטֶען גֶעגֶען נְבוּכַדְנֶצַר'ן. אֵיין יִרְמְיָהוּ מִיט זַיינֶע גֶעצֶעהלְטֶע
גוּטֶע פְרַיינְד הָאט בֶּעוֵויינְט דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען שְׁרִיט וָואס דֶער וֵוייכְהֶערְצִיגֶער
קֶענִיג הָאט גֶעמַאכְט; אַלֶע אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען אָבֶּער גֶעוֶועהן דֶערְפוּן שְׁטַארְק צוּ־
פְרִידֶען, וֶוער שְׁמִיסְט אַז עֶס זֶענֶען אַוֶועק כִּמְעַט צְוֵויי יָאהר אוּנ נְבוּכַדְנֶצַר הָאט
זִיךְ נִיט גֶערִיהְרְט—אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶועהן שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן.

דִי אֵייגֶענֶע פְרֵייד, נָאר אַ בִּיסֶעלֶע בֶּעהַאלְטֶען, הָאט אוֹיךְ גֶעהֶערְשְׁט
צְווִישֶׁען דִי פֶערְטְרִיבֶּענֶע יוּדֶען אִין בָּבֶל; דָארְט הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען צְוֵויי
פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אַחְאָב אוּנ צִדְקִיָהוּ, וָואס הָאבֶּען אַיינְגֶערֶעדְט דֶעם עוֹלָם
אַז אָט־אָט וֶוערְד אַ תֵּל פוּן בָּבֶל אוּנ זֵיי וֶועלֶען צוּרִיקְגֶעהן קַיין יְהוּדָה. וֶוער
וֵוייסְט צוּ וָואס אַזֶעלְכֶע הָאפְנוּנְגֶען וָואלְטֶען גֶעוֶועהן גֶעפִיהְרְט דִי פֶערְטְרִיבֶּענֶע,
וָואס הָאבֶּען דַוְקָא נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען אִין גָלוּת אוּנ וָואס וָואלְטֶען עֶרְבְט
מִיט זֵייעֶר אוּנְדַאנְקְבַּארְקֵייט עֶרְשְׁט רֶעכְט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין כַּעַס דִי וָואס
הָאבֶּען זֵיי בֶּעשִׁיצְט, נָאר, צוּם גְלִיק, אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען טַאקִי צְווִישֶׁען זֵיי
אַ נָבִיא, יְחֶזְקֵאל בֶּן בּוּזִי הַכֹּהֵן, וָואס אִיז אוֹיךְ אִינְאֵיינֶעם מִיט יְהוֹיָקִים'ן
פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט זִיךְ מִיט זַיין מִשְׁפָּחָה בֶּעזֶעצְט אִין דֶער שְׁטָאדְט
תֵּל אָבִיב. וואו אַלֶע יוּדֶען הָאבֶּען גֶעלֶעבְט גַאנְץ פְרֵיי אוּנ כִּמְעַט נִיט גֶע־
פִיהְרְט אוֹיף זִיךְ קַיין עוֹל. אַז דֶער הֵיילִיגֶער גֵייסְט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אִיהם
גַיים צוּ רֶעדֶען, הָאט עֶר בַּאלְד זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁטְרָאפֶען דֶעם עוֹלָם וָואס לָאזְט
זִיךְ פַארְנַארֶען פוּן דִי פַאלְשֶׁע נְבִיאִים; עֶר הָאט גֶעמוּזְט גֶענוּג צָרוֹת אוֹיסְשְׁטֶעהֶען

ביז זיינע בייד זענען אנגענומען געווארען און מען האט איהם אנגעהויבען גלייבען.

נבוכדנצר האט דערווייל ניט פארגעסען אז מען דארף זיך אבּרעכענען מיט צדקיהו'ן דערפאר וואס ער האט עובר שבועה געווען. מיט א גרויס חיל האט ער זיך צורעריקט קיין ירושלים און אלע קליינע פעלקער, ווי עמון און אדום, וואס האבען פריהר צוגערעדט די יודען צום אומגליק, האבען זיך באלד אונטערגעגעבען. דער מלך פון צור האט ניט געקאנט העלפען יהודה, ווייל ער האט אליין געמוזט מלחמה האלטען מיט בבל און זיך איין זין האבען, און אזוי איז פונקט אים עשרה בטבת בעלעגערט געווארען ירושלים. ווי עס שיינט, האט ירמיהו געגעבען איין עצה מען זאל בעפרייען אלע יודישע קנעכט און דערווייל זענען צוגעקומען פיעל מענשען וואס האבען בעשיצט די שטאדט וואס איז געווען פערזארגט מיט גענוג עסענווארג און געטראנק. האטשי די צאהל פון די איינוואהנער האט זיך שטארק פארגרעסערט, ווייל פון אלע קלענערע שטאדט איז מען אהין ענטלאפען. א קאלעכיג יאהר איז אזוי אוועק און נבוכדנצר האט גאר ניט געקאנט מאכען. פליצום האט דער מלך פון מצרים חפרע צוגעשיקט חיל און דער שונא האט געמוזט אבטרעטען. דא איז ערשט געווארען א נייע שמחה אויף אלע, מען האט שוין פארגעסען אז מען איז נאך ניט בעווארענט, די פערבארגענע מדות האבען זיך ווייטער ארויסגעוויזען און די בעפרייעטע קנעכט האט מען ווידער איינגעשפאנט אין דער שווערער ארבייט. ירמיהו האט דארויף שטארק געשריגען און נאך א מאל דערמאנט אין גאט'ס שטראף און אז צדקיהו האט איהם געלאזט בעטען דורך דעם כהן צפניה בן מעשיה ער זאל מתפלל זיין אז יהודה זאל גובר זיין אין דער מלחמה מיט בבל, האט ער מיט כעס געענטפערט אז אפילו ווען דאס גאנצע חיל פונ'ם שונא זאל אויסגעהרגעט ווערין און עס זאלען נאר בלייבען עטליכע געשטאכענע פון זיי וועלין זיי נאך האבען גענוג כח צו פארברענען די שטאדט. אזא תשובה האט דעם נביא געמאכט נאך מעהר שונאים און מען האט זיך אנגעהויבען זוכען צו איהם. איין מאל האט זיך ירמיהו געלאזט געהן קיין ענתות, וואו ער איז געבארען ווארען, איז מען אויף איהם אנגעפאלען. מען האט אויסגעטראכט אז ער איז ט־אן פון נבוכדנצר'ס זייט און מען האט איהם איבערגעגעבען אין די הענד יהונתן הסופר, וואס איז געווען בעקענט פאר זעהר א שלעכטען מענש. הרגנען איהם האט מען מורא געהאט און דאריבער האט מען איהם אריינגעווארפען אין א פינסטערן שטינקענדיגען גרוב וואו מען האט געערעכענט אז ער

וֶועט אַלֵיין דֶערְגֶעהְן. דֶער הֵיילִיגֶער גֵייסְט הָאט אָבֶּער גֶעשְׁטַארְקְט דֶעם נָבִיא; מִיט אַ כֹּחַ פוּן אַ רִיז הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת אוּנ זַיינֶע קְרֶעכְצֶען אוּנ וֵוייטִיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אִין זַיין בֶּערִיהְמְט קְלָאגְ־לִיעד „אֲנִי הַגֶּבֶר“, וָואס וֶועט עֶבִּיג דִינֶען פַאר אַ טְרֶאסְט אַלֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע אוּנ גֶעפַאלֶענֶע.

בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ וִוידֶער דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם גֶעקֶאנְט אִיבֶּערְצֵייגֶען אַז יִרְמְיָהוּ'ס רֵייד זֶענִין אֱמֶת אוּנ אַז זֵייעֶר שִׂמְחָה אִיז צוּ אַ קוּרְצֶע גֶעוֶועהְן. נְבוּכַדְנֶצַר הָאט גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן חַיִל פוּן מִצְרַיִם אוּנ הָאט וִוידֶער בֶּעלַאגֶערְט יְרוּשָׁלַיִם. דֶעמָעלְט הָאט צִדְקִיָהוּ גֶעהֵייסֶען אִיבֶּערְפִיהְרֶען יִרְמְיָהוּ'ן צוּ זִיךְ אִין הוֹיף אַרַיין אוּנ הָאט אִיהם דָארְט גֶעהַאלְטֶען. חָאטְשֶׁע פְרַיי אִיז עֶר נָאךְ נִיט גֶעוֶועהְן פְּלֶעגֶען צוּ אִיהם פָּארְט קוּמֶען מֶענְשֶׁען אוּנ עֶר פְלֶעגְט וִוי פְרִיהֶר זָאגֶען אַז דֶער סוֹף פוּן יְהוּדָה אִיז שׁוֹין גָאר נָאהֶענְט. דֶערְוַויל הָאט זִיךְ אִין שְׁטָאדְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק פִיהְלֶען דֶער הוּנְגֶער. מֶענְשֶׁען זֶענִין גֶעפַאלֶען אִין דִי גַאסֶען. קִינְדֶער זֶענִין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר דָארְשְׁט. בְּרוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען טְהַייֶערֶער פוּן גָאלְד אוּנ גֶעפָאהְרְלִיכֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען הָאבֶּען נָאךְ צוּם אִיבֶּרִיגֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם קָאפּ. יִרְמְיָהוּ הָאט נִיט גֶעקֶאנְט צוּזֶעהְן דָאס רַחֲמָנוּת אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן אַז וֶוער עֶס וִויל זִיךְ רַאטֶעוֶוען זָאל זִיךְ בֶּעסֶער אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶעם שׂוֹנֵא אִין דִי הֶאנְד אַרַיין. דָאס הָאט פֶערְדְרָאסֶען דִי הוֹיפְּטְלַייט וָואס הָאבֶּען בֶּעסֶער גֶעוָואלְט דִי מִלְחָמָה זָאל מֶעהְר גֶעדוֹיעֶרְן אוּנ זֵיי הָאבֶּען יִרְמְיָהוּ'ן אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין אַ גְרוּבּ וָואס אִיז גֶעוֶועהְן פוּל מִיט בְּלָאטֶע. אֵיינֶער פוּן צִדְקִיָהוּ'ס דִינֶער עֶבֶד מֶלֶךְ הָאט אִיהם קוּים אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט, נָאר עֶר הָאט נִיט גֶעקוּקְט דַארוֹיף אוּנ הָאט וַוייטֶער גֶעשְׁרִיגֶען אַז נְבוּכַדְנֶצַר מוּז אַיינְנֶעהְמֶען יְהוּדָה אוּנ דֶעם קֶאנִיג אַלֵיין הָאט עֶר גֶערָאטְהֶען עֶר זָאל בֶּעסֶער מִיט'ן פְרַייעֶן ווִילֶען אַרוֹיסְגֶעהְן צוּם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, וֶועט אִיהם קֵיין הָאר נִיט גֶעקְרוּמְט וֶוערְן. צִדְקִיָהוּ אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהְן צוּ שְׁוַואךְ אוּנ הָאט נִיט גֶעקֶאנְט זִיךְ עֶנְטְשְׁלִיעסֶען צוּ פָאלְגֶען דֶעם נָבִיא.

אַזוֹי אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אַנְדֶערְהַאלְבֶּען יָאהְר זַייט דָאס חַיִל פוּן בָּבֶל הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט יְרוּשָׁלַיִם. דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען וִוי וַוייט עֶס הָאט נָאר גֶעקֶאנְט; דֶעם נַיינְטֶען תַּמוּז הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶער הוּנְגֶער אַזוֹי גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען אַז מֶענְשֶׁען זֶענִין גֶעפַאלֶען וִוי שְׁטְרוֹי אוּנ דֶעמָעלְט אִיז דֶעם שׂוֹנֵא גֶערָאטְהֶען זִיךְ אַרַיינְצוּכַאפֶּען אִין דֶער בֶּעפֶעסְטִיגְטֶער שְׁטָאדְט. נְבוּכַדְנֶצַר אַלֵיין אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין רִבְלָה, אִין אֲרָם, וַוייל פוּן דָארְט הָאט עֶר גֶעקֶאנְט

אבטונג געבען אויף צור אונ אויף יהודה, נאר זיינע שליחים אונ בעזאנדערס די קליינע פעלקער וואס זענין צו איהם צוגעשטאנען, ווי אדום, עמון אונ מואב, האבען געמאכט אתל פון די יודען, געהרג׳ט, געראבעוועט אונ פערוואונדעיינגט זייערע אלע היילינקייטען. צדקיהו אונ א טהייל פון זיינע הויפטלייט זענין ענטלאפען דורך א בעהאלטענעם-גאנג אונטער דער ערד אונ האבען געוועכענט אריבער דעם ירדן, נאר מען האט זיי געחאפט אונ אוועק-געפיהרט קיין רבלה. אזוי האט מען אויך אוועקגעפיהרט קיין רמה, וואו מען האט צונויפגענומען אלע יודען, דעם כהן גדול שריה, דעם כהן צפניה אונ אויך ירמיהו, נאר דעם נביא האט מען בעסער בעהאנדעלט, ווייל מען האט געוואוסט אז ער איז ניט קיין געגנער. נבוכדנצר האט זיך נוקם געווען אין צדקיהו: ער האט געמוזט שטעהן דערביי ווען מען האט געטייט זיינע קינדער אונ דער נאך האט מען איהם אויסגעשטאכען די אויגען אונ בלינדערהייט אוועק-געפיהרט קיין בבל, וואו ער איז באלד געשטארבען. נבוכדנצר׳ס צארן איז אויך אויסגעגאסען געווארען אויף דער הויפטשטאדט פון יהודה, עס איז ביי איהם געבליבען ער זאל זי אין גאנצען אבמעקען אונ ער האט געשיקט זיין הויפטמאן נבוזראדן, וואס איז געוועהן א בריה אויף א זעלכע זאכען. ער האט לאנג ניט געטראכט, דערצו האבען נאך די אלטע שונאים, די אדומים, אויך אונטער-געלענט א קנייטעל אונ דעם צעהנטען אב האט ירושלים געברענט פון אלע זייטען אונ עס איז געווארען דער חרבן, וואס ירמיהו אונ זיינע תלמידים האבען איהם מיט פייערינע ווערטער בעוויינט אין די "קינות". אין די בעריהמטע קלאג-לידער, וואס מיט זיי בעוויינען מיר אונזערע אלטע מכות אונ פרישע וואונדען .... דאס זענין די "איכה׳ס" וואס נאך ביז איצט געפינען מיר אין זיי הייסע טרערען פון אויגען, וואס האבען זיך ניט געקאנט זאט אנקוקען אין די לעצטע חרבות פון דער היילינגער שטאדט, פריש בלוט פון הערצער וואס זענין זיך צוגאנגען פאר ליעבע צום אומגליקליך פאלק ....

פון די מענשען, וואס, זענין אנטלאפען מיט צדקיהון אונ מען האט זיי ניט געהאפט, איז אזוי געווארען תל. דער גרעסטער טהייל פון זיי וואס האט זיך געלאזט קיין צור אדער מצרים, האט געמוזט דורכגעהן דורך אדום אונ די אדומים האבען זיי פשוט דערהרג׳ט אדער איבערגעגעבען קיין בבל. נאר עטליכע אונ מיט זיי אויך צדקיהו׳ס א קרוב, ישמעאל בן נתניה, איז געראטהען זיך אריבערצוהאפען קיין עמון אונ דער קאניג בעלים האט זיי געשיצט. דער-פאר האבען די איבריגע, אונ מיט זיי יוחנן בן קרח זיך ענטשלאסען צו

בְּלַייבֶּען אִין יְהוּדָה אוּנ וִוי אַזוֹי גָאט וֶועט פִירֶען אַזוֹי זָאל זַיין. שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז גֶעוֶועהן זַייעֶר לַאגֶע: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט בֶּעהַאלְטֶען אִין הֵיילֶען, צְוִוישֶׁען שְׁטֵיינֶער, זֵיי הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דֶער לִיכְטִיגֶער שַׁיין אוּנ קְרַאנְק פַאר הוּנְגֶער אוּנ דָארְשְׁט הָאבֶּען זֵיי גֶעוַוארְט אוֹיף עֶפִּיס אַ יְשׁוּעָה.

בַּאלְד הָאט אוֹיךְ אַ שַׁיין גֶעטְהוּן אַ קְלֵיינֶע הָאפְנוּנְג. נְבוּכַדְנֶצַר אִיז גָאר בֶּאז גֶעוֶועהן אוֹיפ'ן קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וָואס הָאט גֶעבְּרָאכֶען זַיין וָוארְט, דָאס לַאנְד אָבֶּער הָאט עֶר גֶעוָואלְט זָאל בְּלַייבֶּען אוּנ זַיין בַּיי אִיהם אַ שְׁמִירָה פַאר מִצְרַיִם. דֶערְפַאר הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַז דִי מְלוּכָה זָאל זִיךְ פִירֶען נִיט דוּרְךְ אַ קֶענִיג, נָאר דוּרְךְ אַ הוֹיפְּטְמַאן, אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען דֶערְצוּ גְדַלְיָה בֶּן אֲחִיקָם פוּן שָׁפָן הַסוֹפֵר'ס מִשְׁפָּחָה, וָואס אִין זֵייעֶר גֶעטְרַייִשַׁאפְט הָאט עֶר גֶעגְלֵייבְּט. דִי אַלֶע יוּדֶען, וָואס מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט קַיין רָמָה, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען סָארְטִירֶען, אוּנ דִי רוּהִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס וִוילֶען בְּלַייבֶּען אוֹיף זֵייעֶר עֶרְד אוּנ מֶען דַארְף פַאר זֵיי נִיט קַיין מוֹרָא הָאבֶּען, הָאט עֶר גֶעשֶׁענְקְט פְּרַייהֵייט. יִרְמְיָהוּ'ן הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר אַ יוֹעֵץ בַּיי גְדַלְיָה אוּנ פַאר דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען מִצְפָּה. דֶעם נָבִיא אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ אָבְּצוּרַייסֶען פוּן דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, וָואס אוֹיף זֵיי אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל פֶּערְטְרִיבֶּען צוּ וֶוערֶען; עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז זַיין אָרְט אִיז צְוִוישֶׁען דִי גֶעיָאגְטֶע אוּנ גֶעשְׁלָאגֶענֶע, אַז אִין גָלוּת וֶועט עֶר קֶאנֶען שְׁטַארְקֶען דִי גֶעפַאלֶענֶע, אַז דָארְט וֶועלֶען זַיינֶע רֶעד נֶאטְהִיגֶער זַיין, נָאר עֶר הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען וַוייל אַזוֹי אִיז גֶעוֶועהן דֶער וִוילֶען פוּן גָאט. קַיים אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארֶען אִין לַאנְד, הָאט יֶעדֶער גֶעקֶאנְט אַרוֹיסְזֶעהן וִוי שֶׁאן אוּנ פַיין גְדַלְיָה פִירְט דִי מְלוּכָה. פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי יוּדֶען צוּרִיקְצוּקוּמֶען. יוֹחָנָן בֶּן קָרֵחַ מִיט זַיינֶע לַייט אִיז בַּאלְד אַרוֹיס פוּן זַיין בֶּעהֶאלְטֶענִישׁ, אוּנ אֲפִילוּ יִשְׁמָעֵאל בֶּן נְתַנְיָה אִיז אוֹיךְ צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, וַוייל גְדַלְיָה הָאט אוּמֶעדוּם גֶעגֶעבֶּען צוּ וִויסֶען אַז וֶוער עֶס וִויל רוּהִיג לֶעבֶּען אִין יְהוּדָה דַארְף קַיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַאר דִי פְרִיהֶערִיגֶע חֲטָאִים. אַזוֹי זֶענֶען זִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען הִיבְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע יָאהר, אוּנ גְדַלְיָה הָאט אוֹיךְ גֶעזָארְגְט פַאר דֶער אֱמוּנָה, אוּנ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ קְלֵיינֶעם מִשְׁכָּן אִין מִצְפָּה, אוּנ בַּיי יָמִים טוֹבִים פְלֶעגְט דֶער גָאטֶעסְדִיעֶנְסְט וַוייטֶער צוּנוֹיפְנֶעהְמֶען אִין אֵיין פוּנְקְט אַלֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן יְהוּדָה. גְדַלְיָה הָאט אָבֶּער נִיט גֶעווּאוּסְט אַז צְוִוישֶׁען זַיינֶע אֵיינֶענֶע לַייט הָאט עֶר אַ שׂוֹנֵא אוֹיפ'ן לֶעבֶּען. דָאס אִיז גֶעוֶועהן יִשְׁמָעאֵל בֶּן נְתַנְיָה, וָואס הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען מִיט זַיין יִחוּס, וַוייל עֶר

קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶער קָאנִיגְלִיכֶער מִשְׁפָּחָה, אַוַדַאי הָאט אִיהם פֶּערְדְרָאסֶען פַארְוָואס דָאס לַאנְד גֶעפִינְט זִיךְ אִין דִי הֶאנְד פוּן גְדַלְיָה. עֶר הָאט אָבְּגֶעוַוארְט אַ צַייט אוּנ אַז גְדַלְיָה הָאט אִיהם אַ מָאהל פַארְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ אוֹיף מִיטָאג, אִיז עֶר מִיט זַיינֶע לַייט אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהם אוּנ הָאט אִיהם, ווִי אוֹיךְ אַלֶע יוּדֶען פוּן מִצְפָּה, דֶערְהַרְגֶ'ת. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט עֶר גֶעטְהוּן אוֹיפְ'ן אַנְדֶערֶען טָאג מִיט אַכְצִיג מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן שְׁכֶם שִׁילֹה אוּנ שֹׁמְרוֹן אוֹיף יוֹם טוֹב אִין מִשְׁכָּן אַרַיין, אוּנ נָאר צֶעהן פוּן זֵיי, וָואס הָאבֶּען אִיהם צוּגֶעזָאגְט אָנְצוּווַייזֶען וואוּ זֵייעֶרֶע אוֹצְרוֹת זֶענֶען אִין פֶעלְד בֶּעגְרָאבֶּען, זֶענֶען נִיצוֹל גֶעוָוארֶען. עֶר אִיז בַאלְד אַוֶועק מִיטְ'ן בִּיסֶעל יוּדֶען, וָואס אִיז אִיבֶּערגֶעבְּלִיעבֶּען, קֵיין עַמוֹן, אוּנ הָאט מִיט זִיךְ מִיטְגֶעשְׁלֶעפְּט יִרְמְיָהוּ'ן מִיט זַיין תַּלְמִיד בָּרוּךְ בֶּן נֵרִיָה. אַז יוֹחָנָן בֶּן קָרֵחַ אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע הוֹיפְּטְלַייט זֶענֶען דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זֵיי נָאכְגֶעלָאפֶען דֶעם רוֹצֵחַ אוּנ בַּיי אַ טַייךְ גֶעבֶּען גִבְעוֹן אִיז אַרוֹיס צְווִישֶׁען זֵייא אַ מִלְחָמָה. אַלֶע וָואס יִשְׁמָעֵאל הָאט זֵיי מִיט גֶעוַואלְד אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט, זֶענֶען בַּאלְד אִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען אוֹיף יוֹחָנָן'ס זַייט אוּנ יִשְׁמָעֵאל אִיז מִיט אַכְט מֶענְטְשֶׁען אַרִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן. זַיין סוֹף אִיז נִיט בֶּעקֶענְט, נָאר דֶער זֵכֶר פוּן גְדַלְיָה לֶעבְּט נָאךְ עַד הַיּוֹם, אוּנ אוֹיף עֶבִּיג אִיז „צוֹם גְדַלְיָה" בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען פַאר אַ פַאסְט־טָאג בַּיי יוּדֶען.

דָא הָאט זִיךְ ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ בִּיטֶערֶע צַייט, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעשְׁרָאקֶען פַאר נְבוּכַדְנֶצַּר'ס נְקָמָה וֶוען עֶר וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען פוּן גְדַלְיָה'ס טוֹיט, אוּנ וֶוען עֶר וֶועט נָאר נִיט קָאנֶען מַאכֶען קֵיין חִלוּק צְווִישֶׁען גֶערֶעכְטֶע אוּנ אוּמְגֶערֶעכְטֶע. עֶס אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען כִּמְעַט בַּיי אַלֶע מֶען זָאל בֶּעסֶער בֶּעצַייטֶענְס אַנְטְלוֹיפֶען קֵיין מִצְרַיִם, נָאר אַ קְלֵיינֶער טְהֵייל הָאט גֶעהַאלְטֶען מִיט בָּרוּךְ בֶּן נֵרִיָה, וָואס הָאט גֶעדְרִינְגֶען אַז עֶס אִיז גְלַייכֶער צוּ בְּלַייבֶּען אִין דֶערְהֵיים. אוֹיסְגְלַייכֶען זִיךְ אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן, אוּנ דַארִיבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע גֶעוֶוענְדֶעט צוּ יִרְמְיָהוּ עֶר זָאל זָאגֶען זַיין מֵיינוּנְג אוּנ הָאבֶּען גֶעשְׁווָארֶען אַז זֵיי וֶועלֶען אִיהם פָאלְגֶען. צֶעהן טֶעג הָאט דֶער נָבִיא פֶּערְבְּרַאכְט אִין תְּפִלּוֹת אוּנ נָאכְדֶענְקֶען וָואס פַאר אַיין עֵצָה צוּ גֶעבֶּען זַיין פָאלְק. נָאר אִין דֶער צַייט הָאבֶּען דִי וָואס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען מִיט מִצְרַיִם אִיבֶּערגֶעשְׁפַּארְט דִי אִיבְּרִיגֶע אוּנ אַז יִרְמְיָהוּ אִיז אַרוֹיס מִיט זַיין תְּשׁוּבָה, מֶען זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוֶואגֶען צוּ רִיהְרֶען פוּנְ'ם לַאנְד, הָאט מֶען אִיהם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ מֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעלָאזְט אִין וֶועג אַרַיין. יִרְמְיָהוּ אוּנ בָּרוּךְ

הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעמוּזְט מִיטגֶעהן. װייל עֶס אִיז כִּמְעַט קֵיינֶער נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען, זַיי הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי צוּגֶעזָאגְט קֵיין תַּחְפַּנְחֵס; דָארְט אוּנ אוֹיךְ אִין דִי שְׁטֶעדְט נוֹף אוּנ פַּתְרוֹס הָאבֶּען זַיי גֶעפוּנֶען פִיעל יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת װָאס זֶענֶען אַהִין פְרִיהֶער אַרוֹיס. דֶער קֶאנִיג חָפְרַע הָאט זַיי פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ נָאךְ טוֹיזֶענְד יָאהר הָאט מֶען גֶעזֶעהן אַ שֶׁאנֶע פֶערְאֶנְדֶערוּנְג. מִצְרַיִם אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעװֶעהן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אוּמְבַּעַרְחֲמָנוּתְדִיגֶע לַאנְד פַאר דִי יוּדֶען. דִי יוּדֶען זֶענֶען שׁוֹין אָבֶּער אוֹיךְ מֶעהר נִיט גֶעװֶעהן דִי אֵיינֶעגֶע װִי אַ מָאהל, דֶעמֶעלְט זֶענֶען זַיי אַרוֹיס יוּנְג אוּנ שְׁטַארְק, פוּל מִיט מוּטְה אוּנ הָאפְנוּנְג, אוּנ אַצוּנְד זֶענֶען זַיי צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פֶערְוָואגֶעלְט פַארְוִויסְט קְרַאנְק, צוּבְּרָאכֶען, אָהן אַ שׁוּם צִיעל פַאר דִי אוֹיגֶען.

נִיט בֶּעסֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען דִי עֶטְלִיכֶע װָאס זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען אִין יְהוּדָה. נִיךְ אִיז גֶעקוּמֶען נָאךְ אַ מָאהל נְבוּזַרְאֲדָן אוּנ הָאט אַװֶעקְגֶעפִיהְרְט קֵיין בָּבֶל דִי לֶעצְטֶע זִיבֶּען הוּנְדֶערְט פִינְף אוּנ פִירְצִיג יוּדֶען אוּנ דִי אוּמְשׁוּלְדִיגֶע הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָפְּקוּמֶען פַאר פְרֶעמְדֶע זִינְד. אִין מִצְרַיִם הָאט יִרְמְיָהוּ װַייטֶער גֶעהַאט צוּ טְהוּן מִיט זַיינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער דֶערְפַאר װָאס זַיי הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד גֶעחַאפְּט צוּ דִי עֲבוֹדָה-זָרוֹת אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט נַארֶען מִיט פַאלְשֶׁע הָאפְנוּנְגֶען. זַיי הָאבֶּען זִיךְ אַלֵּין אַיינְגֶערֶעדְט אַז דֶער קֶאנִיג חָפְרַע װֶעט גוֹבֵר זַיין נְבוּכַדְנֶצַּר'ן אוּנ װֶעט פוּן זַייעֶרְטְװֶעגֶען אָבְּגֶעהמֶען צוּרִיק יְהוּדָה. דִי צַייט הָאט אָבֶּער בֶּעװִיזֶען אַז יִרְמְיָהוּ הָאט רֶעכְט גֶעהַאט װֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז חָפְרַע װֶעט חַאפֶּען דֶעם אֵיינֶעגֶעם פְּסַק װָאס צִדְקִיָּהוּ: אַז נְבוּכַדְנֶצַּר הָאט גֶעװִינֶען דִי מִלְחָמָה בַּיי קִירֶענִי אוּנ דָאס תַּיִל פוּן מִצְרַיִם הָאט שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען. אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אֵיינֶער פוּנ'ם פְּרָאסְטֶען פָאלְק אֲמָסִיס אוּנ הָאט דֶערְהַרְגֶת חָפְרַע אוּנ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה. דֶער נַייעֶר קֶאנִיג הָאט אָבֶּער גָאר נִיט גֶעװָאלְט קֶענֶען דִי יוּדֶען אוּנ זַיי זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען גָאר בַּיי פּוּסְטֶע חֲלוֹמוֹת.

מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען װֵייטָאג אִין הַארְצֶען הָאט דֶער אַלְטֶער יִרְמְיָהוּ גֶעמוּזְט צוּקוּקֶען װִי זַיין פָאלְק אִיז בְּלִינְד אוּנ הַארְטְנֶעקִיג, נָאר פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען אִיז זַיין מִיה נִיט אִין גַאנְצֶען פֶערְפַאלֶען גֶעװָארֶען: דָאס, װָאס עֶר הָאט פַארְזַייעֶט מִיט פְרֶעהֶרֶען אִין יְהוּדָה אוּנ מִצְרַיִם. אִיז אוֹיפְגֶעװַאקְסֶען גַאנְץ װַייט אִין בָּבֶל אוּנ שְׁפֶּעטֶער זֶענֶען אוֹיךְ פַארְטִיג גֶעװָארֶען זִיסֶע פֵּירוֹת.



# דֶער גָלוּת בָּבֶל אוּנ דֶער בַּיִת שֵׁנִי •

## עֶרְשְׁטֶעס קַאפִּיטֶעל •

---

### דֶער גָלוּת בָּבֶל •

(533—586 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט • 603—656 פַארְן חֻרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

„פוּן צָרוֹת שְׁטַארְבְּט מֶען נִיט" – זָאגְט דִי וֶועלְט • אוּנ דָאס וָוארְטֶעל קוּמְט אוּיס אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען נִיט אַזוֹי גְלַייךְ וִוי אֱמֶת • מֶען דַארְף • דַאבְּט זִיךְ • נִיט קֵיין אָרְגֶערֶען סוֹף • וָואס עֶס אִיז גֶעוָוארֶען פוּן דִי יוּדֶען וָואס זֵייעֶר צָאהל אִיז אִין דָוִד הַמֶּלֶךְ'ס צַייט גֶעוֶועהן מֶעהר פוּן פִיער מִילְיָאן אוּנ אַצוּנְד אִיז פוּן זֵיי אִין בָּבֶל אִין גַאנְצֶען גֶעבְּלִיעבֶּען קוּים הוּנְדֶערְט טוֹי־וֶענְד • פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען זֶענֶען זֵיי נִיט פֶערְלָאהרֶען גֶעגַאנְגֶען • אוּנ זֵייעֶר מַזָּל הָאט נָאךְ נִיט אֵיין מָאל גֶעשַׁיינְט•

נְבוּכַדְנֶצַּר אִיז גֶעוֶועהן פוּן דִי אַכְזָרִים וָואס הָאבֶּען לִיעבּ צוּ פֶערְנִיכְטֶען דֶעם שׂוֹנֵא • וֶוען עֶר פַאלְט אַרַיין צוּ אִיהם אִין דִי הֶאנְד • עֶר הָאט בֶּעהַאנְ־דֶעלְט דִי יוּדֶען מִיט חֶסֶד • אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעוָואלְט פַארְגְרֶעסֶערְן דִי שְׁטָאדְט בָּבֶל • הָאט עֶר זֵיי גֶעשֶׁענְקְט פְרַייהַייט • דִי הַאלְדֶעאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע (לָשׁוֹן אֲרַמִּי) הָאבֶּען זֵיי גֶעקֶענְט פוּן פְרִיהֶער • אוּנ אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעלֶעבְּט רוּהִיג • גֶעפִיהְרְט זִיךְ פוּנְקְט וִוי אִין דֶערְהֵיים ; עֶר הָאט זֵיי אֲפִילוּ עֶרְלוֹיבְּט צוּ הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע קְנֶעכְט פוּן דִי כְּנַעֲנִים ; וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר הַאלְבֶּע שְׁקְלַאוֶוען נָאךְ פוּן שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אָן • אוּנ בַּיי דִי כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶע־דִיענְט דִי גִבְעוֹנִים אָדֶער וִוי מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען „נְתִינִים" • פַאר הָאלְץ־הֶאקֶער אוּנ וַואסֶער־טְרֶאגֶער מִיט אֵיינֶעם וָוארְט דִי פַארְטְרִיבֶּענֶע הָאבֶּען מִיט זִיךְ מִיטְגֶעבְּרַאכְט קֵיין בָּבֶל דִי גַאנְצֶע הַנְהָגָה פוּן יְהוּדָה • דִי קִינְדֶער פוּן צָדוֹק הַכֹּהֵן אוּנ מִיט זֵיי דִי לְוִיִּם אוּנ דִי עֲנָוִים הָאבֶּען אָנְגֶעהִיט דִי תּוֹרָה אוּנ

האָבען מיט אַלע כּוחות זיך געמיהט איינצופּלאַנצען אין די הערצער פון זייערע ברידער דעם בעסטען גלויבען אַז ווען אויף זיי איז געקומען דער עונש וואָס די נביאים האָבען פאָראויסגעזאָגט , מאָגען זיי אויך האָפען אויף אַ ישועה פון דעם איינעם גאָט וואָס מיט איין האַנד שטראָפט ער אונ מיט דער אַנדערער העלפט ער. בעזאָנדערס האָט געאַרבייט צו בעפעסטיגען דעם גלויבען דער נביא יחזקאל , וואָס האָט געמוזט זיינע ווערטער ווענדען צו צוויי פערשיעדענע כּתות. די רייכע, וואָס זענען בּיי זיך אין דערהיים נאָך געוועהן מיוחסים' האָבען זיך געפיהרט ווי עס דאַרפען זיך פיהרען גבירים מיט גרייטע קעשענעס , זיי האָבען שטאַרק אונטערדריקט זייערע קנעכט , אויף געמיינע לייט זיך ניט געוואָלט אומקוקען , אונ אַז מען האָט זיי נאָכגעלאָזט דאָס שטריקעל האָבען זיי שוין ניט געוואוסט וואו זיי האַלטען אין דער וועלט. נעגען דער חברה האָט דער נביא געמוזט אַרויס מיטן האַרבען וואָרט , זיי דערמאָנען וואו זיי געפינען זיך אונ דערוואַרמען אין די פערפרוירענע הערצער געפיהלע פון ליעבע צום פערוויסטען פאַטערלאַנד. נאָך ביטערער איז איהם אָבער געוועהן צו טרייסטען די אָרימע וואָס די נויט האָט זיי געבראַכט דערצו זיי זאָלען בּיי זיך אין גאַנצען אַראָבפאַלען: זיי האָבען זיך פון אַלדינג מיאש געוועהן אונ האָבען גערעכענט אַז די יודען וועלען שוין קיין מאָהל נאָר קיין תּקומה ניט האָבען ; זיי צו ליעב האָט יחזקאל געמוזט שאַפען וויסע בּילדער פון צוואָרפענע פאַרטריקענטע ביינער וואָס נעהמען זיך צונויף אונ ווערען לעבעדיג אונ כּדי זיי צו שטאַרקען האָט ער אפילו אויסגעמאָהלט ווי אַזוי עס וועט אויסזעהען דער נייער משכּן אונ ווי אַזוי דער גאָטעסדיענסט וועט דאָרט זיין. האָטשי בּיי זיך האָט ער געוואוסט אַז ניט אַזוי גיך וועט עס געשעהן.

דערוויל איז דער מעמד פון די יודען אין בבל נאָך בעסער געוואָרען נבוכדנצר איז געשטאָרבען די מלוכה איז איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן אויל-מרודך אונ דער נייער קעניג איז געוועהן זעהר אַ פריינדליכער אונ אַ רוהיגער מענש. ווי עס שיינט האָבען זיך בּיי איהם אין הויף געפונען פיעל יודישע עדעל-לייט פון דעם געוועזענעם יודישען קעניג'ס משפחה, אונ זיי האָבען אַרויפגעבראַכט אויל-מרודך'ן ער זאָל בעפרייען דעם קעניג יהויכין וואָס איז שוין זיבען אונ דרייסיג יאָהר געזעסען אין תּפיסה. אויל-מרודך האָט דאָס צו ליעב געטהאָן. אונ יהויכין איז געוואָרען איינער פון זיינע געליעבטע גאַסט אונ בּיי וואָס נאָר אַ שמחה פלעגט ער איהם זעצען אויבען-

אָן. אויף די יודען אַליין האָט ער אויך געקוקט בעסער, אונ ניט אומזיסט האָבען זיך פיעל געדעכענט אַז נאר באלד וועט ער זיי צוריק אָבשיקען קיין יהודה אונ ווייטער מאַכען יהויכין פאר מלך. צום אומגליק אָבער, האָט אויל־מרודך'ס מלוכה געדויערט נאר צוויי יאהר. זיין שוועסטערס מאַן נרגל אצר האָט איהם דערהרגעט אונ פון די יודענס האָפנונג איז געוואָרען א קורצער שאַנער חלום.

דער נייער מלך האָט ניט אַרויסגעוויזען געגען די יודען ניט קיין בעזאָנ־דערע שנאה, אָבער ניט אויך קיין ליעבשאַפט: ער האָט זיי, ווי מען זאָגט, געלאָזט לויפען אונ דא האָט מען ערשט געקאָנט אַרויסזעהן וואָס פאר א צוויי פערשיעדענע קלאַסען צווישען זיי זענען געוואָרען. די „רייכע" האָבען זיך אין גאַנצען אויסגעמישט מיט די פעלקער פון בבל, אָבגעלערנט זייערע מנהגים, געדיענט דיזעלבע עבודה־זרות אונ כמעט לחלוטין פארגעסען דעם שרש פון וואַנען זיי שטאַמען אַרויס. די „געמיינע" אָבער האָבען זיך געהאַלטען אין זייער אַלטען גלויבען אונ האָבען אפילו ניט איין רגע פאַר־געסען זייער אייגען לאַנד. ווי עס שיינט, האָט נאָך ירמיהו'ס טויט, זיין תלמיד ברוך בן נריה געבראַכט פון מצרים קיין בבל אַלע רעדען פונ'ם נביא אויפגעשריעבען אונ די היילינע ווערטער האָבען א שטאַרקע פעולה געהאַט אויפ'ן פאָלק. אויסער דעם האָט ברוך בן נריה צום ערשטען אָנגעשריבען די געשיכטע פון די יודען זייט זיי זענען געוואָרען א פאָלק ביז צו דער צייט פונ'ם פאַר־טריבענעם קאָניג יהויכין אונ האָט צו דער תורה צוגעגעבען די ספרים יהושע, שופטים, שמואל אונ מלכים. ער האָט אָבער די ספרים געשריבען אויף אַזאַ אַרט אַז ווער עס לייענט זעהט אַרויס די קלאָרע סבה פון אַלע אומגליקען, וואָס זענען געקומען אויף יודען אונ וואָס נעהמען זיך דערפון ווייל זיי האַלטען זיך ניט פעסט אין זייער אמונה. דאָס האָט געמוזט פיהרען דערצו אַז אפילו די וואָס זענען פריהר ניט אַזוי שטאַרק צוגעבונדען געוועהן צום יודישקייט האָבען בעקומען ליעבע צום פאָלק אונ צום גלויבען, מען האָט זיך גענומען נאר מיט היטע צום דאַוונען אין שול. אַז מען האָט ניט געקאָנט אויספיהרען קיין קרבנות אין דער פרעמד פלעגען הייסע תפלות זיך אַרויסגיסען פונ'ם האַרצען, מען האָט אָנגעהויבען האַלטען די פיער תעניתים, עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב אונ צום גדליהו אונ ניט אומזיסט האָט מען זיי גערופען „אבלי ציון", ווייל מיט זייערע אַלע מעשים האָבען זיי בעוויזען אַז א טיעפער טרויער דערמאַנט זיי שטאַנדיג ירושלים. אַז אפילו אין די גרעסטע

שמחות פארגעסען זיי ניט זייער ארים חרוב פאטערלאנד. עס איז נאר צו בעוואונדערן אז אין דער צייט וואס צווישען די יודען זענען געווען א זיינע צוויי פערשיעדענע כתות, וואס איינע האט שוין אין גאנצען פארגעסען אין גאט, האט די רייניע אמונה מיט איהר אמת'ן גלאנץ צוגעשלעפט זיך פיעל פון די גאטצענדיענער, וואס האבען ביסלעכווייז אנגענומען יודישע מנהגים אנגעהויבען אכהיטען שבת און זיך האלטען אין תורת משה.

זעכס יאהר האט געקאניגט נ ב ו כ ד נ א צ ר ביז איינער פון זיינע הויפטלייט נ ב ו נ ד האט איהם געמאכט דעם עק און איבערגענומען די מלוכה. דערווייל האט אין פערסיען כורש אראבגעווארפען דעם מלך פון מדי אסטיאגעס פונ'ם באנקיל און האט פון ביידע לאנדער, פרס און מדי, געמאכט פאר זיך איין מלוכה. אין דעם האבען די פרומע יודען געזעהן א צייכען אז די נביאות פון ירמיהו און יחזקאל הייבען אן מקוים צו ווערן און האבען פערשטאנען אז זייער גאולה איז אויך נאהענט. דאריבער האבען זיי אנגעהויבען בעטען ביי נבונד'ן ער זאל זיי אבלאזען קיין יהודה, בעזאנדערס נאך דעם וואס זיי האבען געזעהן אז ער האט בעפרייעט איינעם פון דער קאניגליכער משפחה מרבעל פון צור, וואס איז אויך געווען ביי איהם אין גלות, ער זאל צוריק פאהרען אין זיין לאנד און איבערנעהמען דארט די מלוכה און אז יענער האט ניט מאריך ימים געווען האט ער ווייטער געשיקט דעם געשטארבענעם קאניג'ס ברודער חירם און איהם געמאכט פאר מלך. די יודען האבען גערעכענט אז זיי זענען ניט ערגער פון אנדערע און יהויכין'ס זוהן שאלתיאל האט זייער בקשה פארגעלייגט נבונד'ן, נאר ער האט ניט געהאט קיין חשק זיי אבצולאזען.

דעמעלט האט זיך אנגעהויבען זעהר א ביטערע צייט פאר די יודען, וואס האבען געגלייבט אין די נביאים'ס רייד און האבען געווארט אויף א ישועה פון פרס און מדי, ווייל כורש האט אנגעהויבען פיהרען גרויסע מלחמות מיט לידיען. און אז ער האט דערהערט אז מצרים און בבל געהען צו הילף, האט ער זיך ענטשלאסען אויסצוזיכען דעם גאנצען צארן אויף בבל. די יודען פלעגען אפענטליך ארויסזאגען זייער האפנונג אז בבל וועט פאלען און דערפאר האט מען זיי אנגעהויבען רודף'ן און די שנאה צו זיי איז געווארען אזוי גרויס אז פיעל האבען מיט'ן לעבען בעצאהלט און יהושע בן יהוצדק האט געזאלט פאר־ברענט ווערין נאר עס איז איהם געשעהן א נס און ער איז ניצול געווארען. דאס פארשטעהט זיך אז ביי אזעלכע רדיפות געגען די געמיינע יודען האבען זיך די רייכע פון זיי גאר אין גאנצען אבגעטיילט. עס איז זיי נאר ניט

אָנגֶעשְׁטַאנֶען מֶען זָאל זַיי רֶעכְנֶען פַאר אַיין פָּאלְק. דַארִיבֶּער הָאבֶּען זַיי נָאךְ גֶעהָאלְפֶען שְׁלָאגֶען דִי נַארִישֶׁע בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען אִין זִין אַ זַיינֶע פּוּסְטֶע זַאכֶען וִוי אַ לַאנְד אוּנ אַ אֱמוּנָה אוּנ הָאבֶּען גֶעזוּכְט נָאר צוּ פַארגְרֶעסֶערְן זַייעֶר רַייכְקַייט.

בַּיי אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶער לַאגֶע, וֶוען גוּטֶע אוּנ פְרוּמֶע זֶענִין פֶערשְׁטְוַארְצְט גֶעוָוארֶען אוּנ שְׁלֶעכְטֶע הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אִין עֹשֶׁר אוּנ אִין כָּבוֹד, הָ... גֶעמוּזְט אִין קְלַיינֶע מֹחֲלִיךְ גֶעבָּארֶען וֶוערִין אַ שְׁאֵלָה: פַאר וָואס פִיהרְט זִיךְ אַזוֹי דִי וֶועלְט אוּנ צוּ עֶס אִיז גָאר אִיבֶּערהוֹיפְּט דָא אַ פִיהרֶער וָואס זָאל טְהוּן אַ זַיינֶע קְרוּמֶע זַאכֶען אוּנ זָאל אַוֶועקְנֶעמֶען דָאס גַאנְצֶע גוּטְס דֶעם וָואס מֶען דַארְף נִיט. אַזַא שְׁאֵלָה הָאט גֶעמוּזְט בַּיי דִי וָואס זֶענִין נִיט אִים שְׁטַאנְד צוּ קוּקֶען אַ בִּיסֶעלֶע וַוייטֶער אוּנ טִיעפֶער אוּנ זָאגֶען בַּאלְד אַרוֹיס זַייעֶר מִשְׁפָּט אִיבֶּער דֶעם וָואס זַיי זֶעהֶען, שְׁטַארְק שְׁלַאבֶּערִיג מַאכֶען דִי אֱמוּנָה אִין דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּנ דִי גְרוֹיסֶע לַייט פוּן יֶענֶער צַייט הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מֶען מוּז עֶפִּיס עֶנְפֶערֶען אַ תֵּירוּץ. דֶער תֵּירוּץ אִיז טַאקִי בַּאלְד גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועהן „אִיוֹב“ — אַ סֵפֶר מִיט הוֹיכֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ עֶדְלֶע גֶעפִיהלֶע. אִין דֶעם סֵפֶר וֶוערְד בֶּעשְׁרִיבֶּען אַ מֶענְשׁ, וָואס אִיז דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען כִּמְעַט גֶעגַאנְגֶען אִין רֶעכְטֶע וֶועג, גֶעטְהוּן צְדָקָה, רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף אַלְמָנוֹת אוּנ יְתוֹמִים, זִיךְ גֶעטְהֵיילְט מִיט'ן בִּיסֶען, צוּם סוֹף אִיז עֶר אוֹיף דֶער עֶלְטֶער גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען, גֶעבְּלִיבֶּען נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז, קְרַאנְק אוּנ צוּבְּרָאכֶען, אָהְן אַ גַאנְץ אֵבֶר. מִיט מַכּוֹת אוֹיפ'ן לַייבּ. אִין אַזַא מַעֲמָד קוּמֶען נָאךְ גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ שְׁיטֶען אִיהם זַאלְץ אוֹיף דִי וואוּנְדֶען, זַיי דְרִינְגֶען אַז עֶר אַלֵיין אִיז אִין גַאנְצֶען שׁוּלְדִיג, אַז זַיינֶע עֲבֵירוֹת הָאבֶּען אִיהם גֶעבְּרַאכְט דֶערצוּ. אִיוֹב וַוייסְט בַּיי זִיךְ גַאנְץ גוּט אַז עֶר אִיז אוּמְשׁוּלְדִיג. עֶר גֶעהט אוֹיס אוּנְטֶער דֶער מַשָּׂא פוּן דִי צָרוֹת, פוּן זַיינֶע פֶערטְרִיקֶענְטֶע לִיפֶּען רַייסֶען זִיךְ אַרוֹיס וֶועה־גֶעשְׁרַייעֶן נָאר דָאךְ בְּלַייבְּט עֶר פֶעסְט בַּיי'ם גְלוֹיבֶּען עֶר לֶעסְטֶערְט נִיט זַיין בַּאשֶׁעפֶער מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער הַכְנָעָה אוּנ לִיעבֶּע נֶעהמְט עֶר אָן דִי הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם לָאזְט זִיהם הֶערֶען דוּרְךְ אַ שְׁטוּרְמְוִוינְד אוּנ זָאגְט אַז גָאט אִיז גֶערֶעכְט אוּנ זַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט. דֶערְפַאר אִיז אִיוֹב זוֹכֶה צוּ דֶערְלֶעבֶּען נָאךְ אִין זַיינֶע לֶעצְטֶע יָאהר דִי גְרֶעסְטֶע גְדוּלָה פַאר זַיינֶע אַלֶע לַייד בֶּעצָאהלְט אִיהם גָאט כֵּפֶל כִּפְלַיִם. אוּנ דִי לֶעבֶּענְסְבֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן דֶעם „גֶעפְּרִיוְוטֶען צַדִּיק“ בֶּעוַוייזְט יֶעדֶען אַז עֶס אִיז דָא אַ גְרוֹיסֶער מַנְהִיג וָואס פִיהרְט דִי וֶועלְט נָאךְ בֶּעשְׁטִימְטֶע כְּלָלִים אוּנ וֶוען דֶעם מֶענְשֶׁענְס אוֹיג אִיז אָפְּט צוּ קְלַיין זַיי צוּ ...הען. ווייל דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער שֵׂכֶל קָאן זַיי אַזוֹי גִיךְ נִיט פַארְשְׁטֶעהן, מָאג מֶען זִיךְ ... דֶען אוֹיפ'ן „בִּטָּחוֹן“ אוּנ

אויף דער „אמונה“ אויף די צוויי שטארקע זיילען וואס וועלען, עביג שטעהן או׳ גיט לאזען דעם זינדיגען מענשען פאלען.

אזא ספר ווי „איוב“ האט דערקוויקט די קראנקע הערצער, ארויסגעטריבען פון דארט די מרה שחורה אונ אנגעפילט מיט א זיסער האפנונג. וואס איז נאה שטארקער געווארען דורך די טרעסט-ווארטער פון א אונבעקאנטען נביא, וואס מען האט איהם גערופען „דער צווייטער ישעיה פון בבל“. ער האט נביאות געזאגט אז גאר אין גיכען וועט כרש איינגעהמען בבל אונ די יודע׳ וועלען אויפגערעכט ווערען; מיט די שאנסטע פארבען האט ער אויסגעמאהלט דאס גרויסע שליחות פונ׳ם יודישען פאלק, וואס דארף פארברייטען ליכטיגקייט אונ אמת צווישען אלע אומות אונ געלייטערט ווערען דורך די יסורים וואס זייער הימלישער פאטער שיקט אויף זיי אן.

מען קאן פארשטעהן אז די יודען האבען מיט אונגעדולד געווארט אויפ׳ן סוף פון דער מלחמה צווישען נבונד אונ כרש. זיי האבען אבער ניט לאנג געדארפט ווארטען: אין בבל האט מען זיך נאר ווענ׳ג געשראקען פאר׳ן פערסישען הי׳ וואס האט זיך דערנווייל מעהר צוגעריקט צו דער הויפטשטאדט אונ פליצום אין א נאכט, ווען אלע הויפטלייט פון בבל האבען געהוליעט אונ געשכורט. איז כרש אריין קיין בבל אונ האט אבגענומען דאס לאנד. כרש איז ניט געוועהן קיין אכזר: דאס פאלק אונ דער קאניג פון בבל האבען גאר ניט געליטען, נאר דער נאטצענדינכט האט געמוזט אויפהערען אונ דערפון אליין האבען שוין די יודען געהאט די גרעסטע טובה

ווי עס שיינט, האבען די יודען בעקומען חן ביי כרש׳ן אין די אויגען בעזאנדערס נאך דעם וואס ער איז געוואהר געווארען אז די נביאים האבען מיט א סך יאהרען צוריק פאראויסגעזאגט אז ער וועט מנצח זיין. עס איז ביי איהם געבליבען ער זאל פאר דאנקבארקייט אויסבויען נאט א טעמפעל אין ירושלים אונ דעריבער איז ער באלד מרוצה געווארען די יודען זאלען געהן צוריק קיין יהודה אונ האט נאך א בעפעהל געגעבען מען זאל זיי אומקעהרען אלע טהייערע כלי׳ פונ׳ם בית המקדש, וואס נבוכדנצר האט אמאל ארויסגעפיהרט. דעם קאניג יהויכין׳ס ענקעל זרבבל בן שאלתיאל אונ דעם כהן גדול שריה׳ס ענקע׳ יהושע בן יהוצדק האט ער געשטעלט זיי זאלען צוריקפיהרען זייער׳ ברידער פונ׳ גלות אונ צו זיי זענען צוגעקומען נאך צעהן גרויסע לייט, או׳ דאס ביסעלע יודען האט בעקומען צוועלף מנהיגים א קעגען דער צאהל פון די שבטים. אין גאנצען זענען ארויס פון בבל 42,360 יודען. גרעסטענטהיילס פונ׳ם

שֵׁבֶט יְהוּדָה אוּנ בִּנְיָמִין. נָאר מִיט זֵיי זֶענִין אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען פִיעל פוּן דִי פְּרִיהֶרִיגֶע גֶאטְצֶענְדִיעֶנֶער וָואס זֶענִין נָאךְ אִין בָּבֶל צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ זֵיי.

מִיט שִׂמְחָה הָאבֶען דִי „אֲבֵלֵי צִיוֹן" אָבְּגֶעווִישְׁט דִי טְרֶערֶען פוּן דִי אוֹיגֶען אוּנ אַזוֹי וִוי דִי אָדְלֶערְס זֶענִין זֵיי גֶעפְלוֹיגֶען צוּ דֶער אַלְטֶער הֵיים. דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע צַייט, וָואס זֵיי הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט אִין בָּבֶל, הָאט זֵיי גֶעווִיזֶען אַז אִיבְּאֵיינֶעם מִיט'ן בֶּעפֶעסְטִיגֶען פוּן דֶער מְלוּכָה מוּז מֶען זֶעהְן צוּ שְׁטַארְקֶען דֶעם אִינְוֶוענִיגְ־כְסְטֶען גֵייסְט פוּנ'ם פָאלְק אוּנ אַז אוֹיף גָאטְס בַּארְג אוּנ אוֹיף זַיין הֵיילִיג אָרְט זָאלֶען זַיין נָאר מֶענְשֶׁען מִיט רֵיינֶע האנד אוּנ לוֹיטֶערֶע הֶערְץ···

---

# צְווֵייטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

## דָאס אַהֵיים־קוּמֶען אוּנ דָאס נַייעֶ יְרוּשָׁלַיִם.

(420—537 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 490—607 פַּאר'ן חָרְבַּן בַּית שֵׁנִי)

מִיט גֶעזַאנְגֶע אוּנ טַאנְץ זֶענִין דִי יוּדֶען אַרוֹיס פוּן בָּבֶל, בֶּעשִׁיצְט פוּן טוֹיזֶענְד רַייטֶער וָואס כּוֹרֶשׁ הָאט מִיט זֵיי גֶעשִׁיקְט מֶען זָאל זֵיי אָבְּהִיטֶען אִין לַאנְגֶען וֶועג, אוּנ נָאךְ פִינְף חֳדָשִׁים זֶענִין זֵיי גֶעקוּמֶען קַיין יְהוּדָה. דִי פֶעלְקֶער וָואס הָאבֶען דֶערְוַוייל זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם פֶּערְווִיסְטֶען לַאנְד. וִוי דִי שֹׁמְרוֹנִים, אָדֶער דִי כּוּתִים, אוּנ דִי אֲדוֹמִים. הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען זֵייעֶרֶע אָרְטֶער דִי צוּרִיקְגֶעקוּמֶענֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים. דֶער שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, וָואס הָאט זִיךְ מֶעהר אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט פֶעלְד־אַרְבֵּייט, הָאט בַּאלְד גֶעפוּנֶען גֶענוּג דָארְפֶער וואו זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען. נָאר דֶער שֵׁבֶט יְהוּדָה, וָואס אִיז גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס גֶעזֶעסֶען אִין גְרוֹיסֶע שֶׁטֶעט שְׁטֶעדְט הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט גֶעהַאט וואוּ אַהִין צוּ טְהוּן, וַוייל יְרוּשָׁלַיִם אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן אִין גַאנְצֶען חָרוּב אוּנ דִי קְלֵיינֶע צָאהל פוּן דִי צוּרִיקְגֶעקֶערְטֶע יוּדֶען,

וואס האט זיך אפילו באלד פארגרעסערט, ווייל פון אלע זייטען, פון מצרים און צור, האבען אנגעהויבען צוקומען פיעל פרעמדע וואס זענען איבערגעגאנגען צום יודישען גלויבען, איז ניט געוועהן אים שטאנד באלד אויפצובויען די הויפטשטאדט.

אז עס איז געקימען דער חודש תשרי און עס האבען זיך אנגעהויבען די ימים טובים, האט דער ערשטער נאטעסדיענסט געמוזט געשעהן ביי א שטיינערנעם מזבח, וואס יהושע בן יהוצדק און זרבבל בן שאלתיאל האבען אויפגעשטעלט, און דאס איז געוועהן נאר איין אנהייב. באלד האט מען זיך גענומען בויען א משכן, געלד און מאטעריאל האבען געגעבען אפילו די וואס האבען ניט אזוי שטארק געבענקט א היים, און זענען געבליבען אין בבל און מען האט געלעגט דעם ערשטען שטיין פונ'ם נייען בית המקדש. גרויס איז געוועהן די שמחה און די האפנונג אז גאר גיך וועלן די כהנים און די לוים קאנען נאט דיענען ווי פריהר, און דער עולם איז גאר א ביסעל ביי זיך אראבגעפאלען ווען מען האט געזעהן אז דער בנין אליין וועט אויסקומען א סך קלענער פונ'ם ערשטען און ניט אזוי רייך ווי פאר שלמה'ס צייטען. די ארבעט האט זיך נאך באלד פארגרעסערט דורך א מחלוקת וואס האט זיך אנגעהויבען צווישען די יודען און די שמרונים, וואס האבען אויך געוואלט האבען א חלק אין משכן. זרבבל האט געוואלט אז חאטשי די שמרונים רעכענען זיך פאר יודען פון רעסטוועגען געבען זיי זיך אב מיט גאטצענדיענסט און דאריבער האט ער מורא געהאט זיי זאלען אנדערע ניט פארפיהרען און האט זיי ניט געוואלט צולאזען צום בויען פונ'ם משכן. אז עס איז ארויס א קריעג און דערצו האט זיך אנגעהויבען וועהר א שלעכטע צייט, תבואות זענען ניט געראטהען, גרויסע האגלען און שריפות האבען געמאכט פון אלעמען א תל האט די ארבייט אויך אנגעהויבען געהן שלאבעריגער און באלד איז זי אין גאנצען איבערגעריסען געווארען, און עס זענען אזוי אוועקגעגאנגען פינפצעהן יאהר. דערווייל האט כורש צוגעמאכט איין אויג, זיין יורש כמביזס האט אויך וועניג געדויערט, און ערשט אז דריוש, דער דריטער מלך פון פרס האט איבערגענומען די מלוכה און זרובבל איז געקומען צו איהם און איז געוועהן ביי איהם א גרויסער חשוב, איז ארויס א בעפעהל מען זאל אויפ'ן חשבון פון פערסיען ענדיגען דעם משכן. דא איז נאך אויך געוועהן א קליינער עכוב פון אזוינע וואס זיי האט מעהר געשמעקט אז אין לאנד זאל ניט וועהרען רוהיג און דאריבער האבען זיי געדרונגען אז עס איז נאך ניט געמא-

מען די צייט אויסצובויען דאס בית המקדש, נאר דיא נביאים חגי און זכריה האבען אונטערגעוואַרמט דעם עולם. און מען האט זיך ווידער גע־שמאק גענומען צו דער מלאכה, וואס האט געדויערט פיער יאהר ביז דער משכן איז פערטיג געוואָרען פונקט צום זיבצינסטען יאהר נאכ׳ן חורבן. מיט גרויס שמחה האט מען געמאכט דעם חנוכת הבית און אין דריי וואכען ארום האט מען דארט מקריב געוועהן דעם ערשטען קרבן פסח.

אז דער בית המקדש איז שוין ווייטער געשטאנען אויף זיין פלאץ, האט מען זיך באלד אבגעזוכט א נייע מחלוקה. א טהייל האבען געוואָלט אז דער גאנצער ראש זאל זיין זרובבל, וואס קומט ארויס פון דוד המלך׳ס משפחה און וואס דער נביא חגי האט איהם גערופען „גאט׳ס געליעבטער״; אנדערע אבער, און מיט זיי אויך דער נביא זכריה, האבען געזאגט אז פאר זיי איז גלייכער יהושע וואס איז א כהן און האבען איבערהויפט מעהר געצויגען די גאנצע מאכט זאל איבערגעהן צו די כהנים אין די האנד אריין. די לעצטע האבען אויסגעפיהרט. זרובבל האט געמוזט אוועק, יהושע איז גע־בליבען דער גאנצער בעל הבית, און נאך זיין טויט איז די ירושה אי־בערגעגאנגען צו זיין זוהן יהויקים, נאר ווי עס שיינט האט מען אין פערסיען צו זיי קיין צוטרויען ניט געהאט. און די פערסישע מלוכה האט נעזעצט איהרע הויפטלייט וואס פלעגען השגחה האבען אויף יהודה און אפט צריינקומען קיין ירושלים, וואו זיי פלעגען פון די יודענס שונאים אויסהערען פיעל מסירות אז דאס יודישע פאלק וויל ארויסשפרינגען געגען פרס און מא־כען פאר א קאניג איינעם וואס שטאמט ארויס פון די מלכי בית דוד. אזוינע מסירות האבען ניט געפיהרט צו גוטען און אז נאך דריוש׳ס טויט איז געוואָרען מלך אחשורוש, איז דערפון שיער דאס גרעסטע אומגליק ארויס. איבערהויפט איז וואס מעהר א יאהר די לאגע פון די יודען געוואָרען ניט פרעהליך און דאס האט געפיהרט דערצו וואס זיי האבען זיך ענט־שלאסען צו טהון א זאך וואס האט זיי דערנאך טהייער געקאסט.

די יודען האבען געמיינט אז ווען זיי וועלען ווערען נאהענטע מחותנים מיט אנדערע פעלקער וועלען זיי זיך ווייטער קאָנען לעבען רוהיג און בארי־בער האבען זיי זיך אנגעהויבען משדך זיין מיט פרעמדע אומות. און דער כהן גדול אלישב איז דארויף בעשטאנען. די שאנסטע יודישע משפחות האבען שדוכים געטהון ניט נאר מיט די שמרונים, וואס האבען האטשי גע־קענטשט פון זיך שטיקלעך יודען; נאר אפילו מיט די פעלקער פון עמון

און מואב, וואס האבען א מאהל דעם יודישען פאלק געגונג צרות אנגע-
טהון, און די תורה האט בפירוש פארווערט מיט זיי צו ווערען קרובים.
נאר די אדומים, וואס זענען אין דער צייט פונ'ם גלות בבל ארויסגעג-
טריעבען געווארען פון זייער הויפטשטאדט סלע, און האבען פארכאפט די
ערטער פון די שבטים שמעון און יהודה און אויך די שטאדט חברון, זענען
געבליעבען פרעמד די יודען; און האבען זייער אלטע שנאה איבערגעטראגען
נאך אויף לאנגע צייטען. די שמרונים, בעזאנדערס זייער ראש סנבלט
האבען מאקע געזוכט מיט אלע כוחות זיך צו פערמישען מיט די יודען און
דאס איינענע האט איהם נאכגעטהון איינער פון עמון'ס גראבטע לייט,
טוביה, וואס האט זיך אין גאנצען איינגעקויפט אין יודישען יחוס. גענומען
א ווייב פון דער משפחה ארח. און חתונה געמאכט א טאכטער מיט
משולם בן ברכיה, איינעם פון די שאנסטע בעלי בתים אין יהודה.
אזעלכע געמישטע חתונות האבען ניט געקאנט געפעלען די פרומע.
נאר ווען מען האט זייא ווענינגוואס געהארט אין יהודה, האבען זייערע גע-
שרייען געמאכט א גרויסען רושם אין בבל. דארט זענען געבליעבען פיעל
יודען, וואס האבען ניט געקאנט זיך איבערקעהרען צו זיך אין לאנד אריין
איבער פערשיעדענע סבות. מאקע דאס וואס זיי האבען געוואוינט אין דער
פרעמד, גערעדט נאר כאלדעיש האט געבראכט דערצו זיי זאלען זיך שטארק-
קער האלטען אין דער תורה, אפטער זי לייענען כדי זיי זאלען ניט פארג-
געסען דאס היילינע לשון וואס זי איז אין דעם צוגעשריעבען, אבהיטען די
קליינסטע מנהגים און זיין אבגעזאנדערט פון אנדערע, ווי מענשען וואס ווילען
זיך ניט אבברייסען פון זייער פאלק. אז די יודען פון בבל זענען געוואהר
געווארען וואס זייערע ברידער האבען אויפגעטהון אין דערהיים, האבען זיי
פערשטאנען אז דא קאן חלילה די גאנצע יודישע נאציאן פערלאהרען ווערען
און אז דא טאר מען ניט שווייגען, און באלד איז מאקע פון זיי ארויס
א מאן, וואס איהם איז בא'שערט געווען צו מאכען א גאנצע פעראנדערונג
אינ'ם מעמד פונ'ם יודישען פאלק און בעפעסטיגען די אמונה פונקט אין דער
רעכטער צייט ווען זי האט שטארק צוגעהויבען פאלען.

דאס איז געווען עזרא הסופר. וואס די יודען אין בבל האבען
אויף איהם געקוקט ווי אויף א נביא. ער איז ארויסגעקומען פון דעם כהן
גדול חלקיהו'ס משפחה, וואס האט פארצייטענס בעקאנט געמאכט דעם קעניג
יאשיהו מיט דער משנה תורה. און איז געווען איינער פון שריה הכהן'ס

קינדס־קינדער וואס נבוכדנצר האט איהם פארברענט, אונ זיינע זיהן האבען אריינגעבראכט די תורה קיין בבל. אויף איהם איז געפאלען דער גורל בעלייכטען דעם וועג פון זיינע ווייטע ברידער אונ צו ליעב דעם האט ער זיך אוועקגעלאזט קיין ירושלים אינאיינעם מיט 1600 יודען, אונ צווישען זיי איז אויך געוועהן זרובבל'ס א אור־ענִיקעל, פון דוד המלך'ס משפחה. ער האט מיט זיך געפיהרט זעהר פיעל מתנות פאר'ן בית המקדש פון די איבערגעבליעבענע יודען, אונ אפילו דער מלך ארטקסרקס אונ אלע גראסטע פערסישע עדעל־לייט האבען איהם מיטגעגעבען טהייערע געשאנקע, ווייל דער נאהמען פונ'ם יודישען נאט איז שוין געוועהן בעקאנט אין פרס, אונ דערפאר האט ארטקסרקס געשיקט דורך עזרא'ן בריעף צו די פארשטעהר פון אלע לאנדער, וואו זיי וועלען דארפען דורכגעהן, מען זאל זיי שיצען.

אין ירושלים האט מען שוין, אט א פנים, געוואוסט פון עזרא'ן. אונ אז מען האט נאך דערזעהן אז ער איז געקומען ניט מיט קיין לעדיגע האנד אונ איז טאקע א קרוב למלכות אויך, האט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד, אונ די פרומע האבען זיך באלד ארום איהם געזאמעלט אונ געהאלטען איהם פאר א מנהיג. מיט אלע כוחות האט זיך עזרא צום ערשטען ארויסגעשטעלט געגען דעם וואס די יודען זענען זיך מתחתן מיט פרעמדע פעלקער, ער האט בעוויזען אז יודען זענען א „זרע קודש" א הייליגער זאמען, אז יעדע בערידרונג מיט אנדערע אומות פיהרט זיי אראב פונ'ם גלייכען וועג, אז זיך משדך זיין טאר מען ניט אפילו מיט די וואס געהמען אן די יודישע אמונה, אזוי ווי מען האט אויך געטהון מיט די גבעונים, אדער נתינים, וואס רעכענען זיך שוין טויזענד יאהר פאר יודען, אונ פון דעסטוועגען בלייבען זיי שקלאווען ביי'ם בית המקדש אונ קיין יוד נעהמט זיי ניט אריין צו זיך אין משפחה. עזרא האט אבער פערשטאנען אז מיט פשוטע רעד וועט ער ניט אזוי פיעל פועל'ן, האט ער אנגעמאכט א גראסערן רעש: מיט צוריסענע קליידער, מיט א בלייך פנים פון פאסטען, מיט כמעט אין גאנצען אויסגעפליקטע האר פאר וועהטהיג, איז ער אריין אין דעם פאר־הויז פונ'ם בית המקדש. אונ אויף די קניעס האט ער ודוי געזאגט פאר נאט, אז זיין פאלק האט זיך שטארק פערזינדיגט. ביסלעכווייס זענען זיך אהין צונויפגעלאפען פיעל מענשען, ווייבער אונ קינדער, אונ עס איז געווארען א געוויין, א קלאג. מיט דעם אונגליק האט זיך בענוצט איינער פון עזרא'ס לייט, שכניה, אונ האט פארגעלעגט אז אלע זאלען אויף זיך נעה־

מען אַרויסצוטרייבען די פרעמדע ווייבער אונ אויך די קינדער וואס זיי האָבען געהאַט מיט זיי. דער עולם האָט ניט לאַנג געטראַכט אונ טאַקע דאָרט געגעבען אַ שבועה אַזוי צו טהון. די ערשטע פון אַללע זענען געוועהן די שמרונים, ווייל מיט זיי האָבען זיך גרעסטענטהיילס די שענסטע יודישע משפחות מיחס געוועהן. טרויעריגע זאַכען זענען פאַרגעקומען אין דעם פאַמיליענלעבען: מאַנער האָבען זיך געמוזט אָבּרייסען פון געטרייע פרויען, פאָטער האָבען זיך געמוזט אָבזאָגען פון אייגענע קינדער. נאָך טרויעריגער איז עס געוועהן אין דער הנהגה פונ'ם לאַנד, וואָס האָט בעקומען אַזויגע שטאַרקע איינוועניגסטע שונאים. ווי סנבלט אונ טוביה. וואָס האָבען געאַרבייט מעשים געגען עזרא'ס גזירה. אין דער צייט, איז דאַ אַ דעה — איז אַרויס די מגלה "רות", וואָס מאַהלט אָב אין זעהר שאָנע פאַרבען די מעלות פון אַ פרוי פון מואב, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יוד, זי האָט זיך פּינקט געהאַלטען אין דעם יודישען גאָט, אונ אַז דער מאַן איז געשטאָרבען האָט זי ניט געוואָלט פערלאָזען איהר שוויגער, אונ האָט געשוואוירען אַז נאָר דער טויט וועט זיי צושיידען; דערפאַר האָט זי פערדיענט די ליעבע פונ'ם פאָלק, וואָס האָט זי געבענשט. אַז פון איהר זאָל געבוירעט ווערען דאָס הויז פון ישראל' אונ זי האָט טאַקע זוכה געוועהן צו האָבען פון איהר צווייטען מאַן בועז אַ קינד, אונ פון איהר איז אין אַ סך דורות שפּעטער אַרויסגעקומען דוד המלך. דער תכלית פון דער מגלה איז געוועהן צו בעווייזען דעם פאָלק וואָס פאַר אַ גוטע אונ פרומע פרויען יודען האָבען געקאָנט געפינען צווישען אַנדערע פעלקער אונ אַז ווען יודישע פאָטער דאַרפען זיך אָבזאָגען פון קינדער וואָס האָבען געבאָהרען ניט־יודישע מאַמעס, מוז זיך דאָס גאַנצע יודישע פאָלק אָבזאָגען פון די מלכי בית דוד, וואָס שטאַמען אַרויס פון מואב. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען. עזרא האָט זיך געמטהון זיינס אונ סנבלט האָט זיך ענטשלאָסען ניט נאָר מיט ווערטער נאָר טאַקע מיט כח אָנצוגרייפען יהודה. סנבלט האָט אפילו געוואוסט אַז ביי דער פערמישטער מלוכה איז עזרא תקיף אונ ער קאָן צו יעדער צייט האָבען הילף. נאָר אַזוי ווי מגביזוס. דער הויפּטמאַן פון סיריען, האָט דעמעלט געפיהרט אַ מלחמה מיט ארטקסערקס, אונ דאָס פערסישע חיל האָט אַ פּאָר מאָהל געהאַט אַ מפּלה. האָט סנבלט דערווייל צונויף געקליבען אַ מחנה אונ איז אַריין קיין ירושלים, פאַרברענט די הילצערנע טויערען.

צוּבְּרָאכֶען דִי שְׁטֵיינֶערְנֶע פֶעסְטוּנְגֶען אוּנ כִּמְעַט אַ תֵּל גֶעמַאכְט פוּן דֶער גַאנְ-צֶער שְׁטָאדְט. נָאר דֶער בֵּית הַמִקְדָּשׁ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ. עֶס אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶועהן קֵיינֶער וֶוער עֶס זָאל גָאט דִינֶען, וַוייל אַלֶע אַיינְוָואהנֶער זֶענֶען זִיךְ צוּלָאפֶען אוּנ אָהן הַכְּנָסָה הָאבֶּען דִי לְוִיִם אוֹיךְ נִיט גֶעקֶאנְט דָארְט בְּלֵייבֶּען. אַזוֹי אִיז יְרוּשָׁלַיִם פֶּערְווִיסְט גֶעוָוארֶען, אוּנ דִי וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען הָאבֶּען גֶעמוּזְט מַאכֶען שָׁלוֹם מִיט דִי צוּטְרִיבֶּענֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, אוּנ עֶזְרָא'ס גַאנְצֶע אַרְבֵּייט אִיז כִּמְעַט פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען.

בַּאלְד אִיז מֶען אָבֶּער דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אִין בָּבֶל, אוּנ דִי פְרוּמֶע יוּדֶען הָאבֶּען וַוייטֶער נִיט גֶעקֶאנְט אַיינְרוּהֶען. דֶעמֶעלְט אִיז בַּיים פֶּערְסִישֶׁען מֶלֶךְ גֶעוֶועהן שַׂר הַמַשְׁקִים נְחֶמְיָה אוּנ זַיין קְרוֹב חֲנַנְיָה הָאט אִיהם בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען צוּ ווִיסֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין יְהוּדָה. נְחֶמְיָה אִיז גֶעוֶועהן אַ מֶענְשׁ מִיט אַ פֶעסְטֶען ווִילֶען אוּנ זַיין לֶעבֶּען אִין קֶאנִיגְלִיכֶען הוֹיף הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעלֶערְנְט ווִי אַזוֹי צוּ פִיהרֶען אַלַאנְד אוּנ זִיךְ אַרוֹיס-שְׁטֶעלֶען פַאר אַ רֹאשׁ פוּן אַ פָאלְק. עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ פָאהרֶען קֵיין יְהוּדָה, אוּנ וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַיין גְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי אַרְטַחְשַׁסְתָּא'ן הָאט מֶען אִיהם אָפְּגֶעלָאזְט נָאר אוֹיף אַ צַייט אוּנ מִיט דֶעם אוֹפֶן אַז עֶר מוּז צוּרִיקקוּמֶען צוּ זַיין דִינֶסְט.

מִיט גְרוֹיס רַייכְקֵייט אוּנ פִיעל דִינֶער אִיז נְחֶמְיָה אַרוֹיס פוּן שׁוּשַׁן אוּנ אוּמֶעטוּם וואוּ עֶר אִיז דוּרְכְגֶעפָאהרֶען אוּנ גֶעווִיזֶען דִי בְּרִיעף פוּנ'ם פֶּערְסִישֶׁען מֶלֶךְ הָאט מֶען אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען. בַּאלְד אִיז נְחֶמְיָה'ס נְסִיעָה אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועהן קֵיין סוֹד פַאר דִי שֹׁמְרוֹנִים, אוּנ עֶס הָאט זֵיי נִיט גֶע-שְׁמֶעקְט. נָאר אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט מֶען נִיט גֶעוואוּסְט דֶערְפוּן אוּנ אֲפִילוּ אַז עֶר אִיז שׁוֹין דָארְט גֶעוֶועהן הָאט עֶר נָאךְ אוֹיךְ בַּאלְד נִיט מְגַלֶה גֶעוֶועהן צוּ לִיעב וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען. עֶרְשְׁט אִין עֶטְלִיכֶע טָאג שְׁפֶּעטֶער, אַז עֶר הָאט גוּט בֶּעטְרַאכְט דִי שְׁטָאדְט אוּנ גֶעמַאכְט דֶעם פְּלַאן ווִי אַזוֹי זִי צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען, הָאט עֶר גֶעלָאזְט צוּנוֹיפְרוּפֶען דִי גְרֶאסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים אוּנ זֵיי פָארְגֶעלֶעגְט וָואס עֶר דֶענְקְט צוּ טְהוּן. מִיט שִׂמְחָה הָאבֶּען אַלֶע מַסְכִּים גֶעוֶועהן דֶערְצוּ אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיא אַרְבֵּייט. נִיט אַזוֹי גְרִינְג אִיז עֶס אָבֶּער גֶעגַאנְגֶען: דִי שֹׁמְרוֹנִים הָאבֶּען גֶעשְׁטֶערְט ווִי ווַייט זֵיי הָאבֶּען נָאר גֶעקֶאנְט. מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בֶּעזֶען. פְרִיהֶער הָאבֶּען זֵיי גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זֵיי אוֹיךְ לָאזֶען אַרְבֵּייטֶען אוּנ אַז מֶען אִיז דַארוֹיף נִיט מְרוּצֶה גֶעוֶועהן הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּטְרַאכְטֶען בִּלְבּוּלִים אוֹיף נְחֶמְיָה'ן אַז עֶר ווִיל וֶוערֶען אַלֵיין אַ קֶאנִיג אוּנ אָבְּרֵייסֶען יְהוּדָה פוּן פֶּערְסִיָע. אוּנ אַז דָאס אִיז אוֹיךְ

ניט געראַטהען האבען זיי גלאט אַזוי חוזק געמאכט פון די אַרבייטער, כדי זיי זאָלען ביי זיך אַראָבפאַלען. מען קאָן ניט זאָגען אַז סַנבַלַט'ס אויפטהועלעך האָבען גאָר אין גאַנצען ניט געהאַט קיין פעולה. עס האָבען זיך געפונען אַ ייניגע, וואָס פאַר געלד האָבען זיי זיך פערקויפט די שונאים. נאָר נחמיה האָט אויף אַלעמען גוט אַכטונג געגעבען און מען האָט געאַרבייט ווי עס דאַרף צו זיין.

נחמיה האָט אויך אין דער אייגענער צייט ניט פערגעסען זיך אומצוקוקען אויף אינווענינגסטע זאַכען. ער האָט געזעהן ווי די רייכע פרעסען זעהר די אָרימע, ווי זיי שינדען ביי זיי אָב די הויט, ווי פאַר דער קלענסטער הלוואה נעהמט מען צו ביי'ם אביון דאס לעצטע און ווייבער און קינדער מאכט מען פאַר שקלאַווען. ער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגען אַזאַ עולה, ער האָט באַלד געמאכט איין אסיפה, מיט פייערינע רייד געשטראָפט דעם עולם. ער האָט זיי דערצעהלט מיט וואָס פאַר אַליעבע די יודען פון בבל בעהאַנדלען זייערע ברידער, אַז זיי מאַכען זיי ניט פאַר קנעכט און קויפען זיי נאָך אויס פון פרעמדע הענד. ער האָט זיי דערמאָנט די געזעצע פון דער תורה און האָט ביי זיי געפועלט מען זאָל איהם צוזאָגען מוחל זיין די חובות, אָבגעבען צוריק ערד און הייזער וואָס מען האָט מיט געוואַלד צוגענומען און שענקען פרייהייט די שקלאַווען. מען האָט טאַקי וואָרט געהאַלטען, בעזאָנדערס נאָך דעם וואָס מען האָט זיך איבערצייגט אַז ער אַליין און אַלע זיינע מקורבים בעשיצען טאַקי אָרימע לייט און העלפען זיי אין דער נויט.

דערווייל איז ירושלים שוין אין גאַנצען געוועהן בעפעסטיגט און נחמיה האָט געמוזט זעהן אַז די צולאָפענע איינוואָהנער זאָלען צוריקקומען. ער האָט געלאָזט אויסרופען אין לאַנד אַז אַ צעהנטעל פונ'ם פאָלק קאָן זיך בעזעצען אין דער הויפטשטאָדט. ער האָט אָבער שטרענג אַכטונג געגעבען אַז קיין ירושלים זאָלען אַריין נאָר אמת'ע יודען און די וואָס האָבען זיך שוין אָנגעקערט מיט פרעמדע פאָלקער האָט ער ניט אַריינגעלאָזט. דריי משפחות, פון 642 מענשען, וואָס האָבען ניט געקאָנט דערווייזען אַז זיי שטאַמען אַרויס פון ריינע יודישע עלטערן, האָבען זיך געמוזט אומקעהרען און דאָס אייגענע האָט ער אויך געטהון מיט כהנים, וואָס זענין אַרויסגעקומען פון פערמישטע חתונות. אַ ודאי האָט ער פערשטאַנען אַז די אַלע וועלען קיין גוטע פריינד ניט זיין און ער האָט געמאכט אַרום משכן אַ בעזונדער פעסטונג, וואָס האָט געהייסען בירה, און דאָרט האָט זיך געפונען פערמישט חיל, וואָס האָט אָבגעהיט דיא הויפטשטאָדט פאַר אינווענינגסטע און אויסענווענינגסטע שונאים.

אִין דֶער צַייט וָואס נְחֶמְיָה הָאט אַזוֹי גֶעאַרְבֵּייט צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען יְרוּשָׁלַיִם· אִיז עֶזְרָא אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעסֶען לֶעדִיג אוּנ הָאט גֶעזֶעהן מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקֵייטֶען צוּ פֶערְבְּרֵייטֶען דִי תּוֹרָה צְוִוישֶׁען פָאלְק. בַּיי׳ם עֶרְשְׁטֶען יוֹם טוֹב וָואס אִיז גֶעפַאלֶען אִים תִּשְׁרִי אוּנ אַסַךְ יוּדֶען פוּן קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְט אוּנ דֶערְפֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט עֶזְרָא גֶעלָאזְט שְׁטֶעלֶען אַ הוֹיכֶע בִּימָה אוֹיף אַ גְרוֹיסֶען פְּלַאץ אוּנ הָאט דָארְט פָארְגֶעלֵייעֶנְט פַאר׳ן גַאנְצֶען עוֹלָם דִי אֶרְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה. וואוּ עֶס וֶוערְד גֶערֶעדְט וֶועגֶען דֶעם עוֹנֶשׁ וָואס מוּז קוּמֶען אוֹיף דֶעם זִינְדִיגֶען פָאלְק וָואס טְרֶעט אָבּ פוּן גָאט׳ס בֶּעפֶעהל. מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען אַלֶע אוֹיסְגֶעהֶערְט דִי הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער אוּנ הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען אוֹיסְצוּפָאלְגֶען וָואס אִין דֶער תּוֹרָה שְׁטֶעהט; פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען גְרִינְס אוּנ צְוַויינֶען פוּן דִי טְהַייעֶרְסְטֶע בֵּיימֶער צוּ מַאכֶען דֶער פוּן סֻכּוֹת אוּנ אַלֶע אַכְט טֶאג פוּנ׳ם יוֹם טוֹב הָאט מֶען זֵיי גֶעמוּזְט פָארְלֵייעֶנֶען אֵיין אַנְדֶער פַּרְשָׁה, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען וִויסֶען וָואס דִי תּוֹרָה פָארְדֶערְט אוּנ דִי וָואס הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען קֵיין לָשׁוֹן קֹדֶשׁ הָאבֶּען זִיךְ אַלְדִינְג גֶעלָאזְט עֶרְקְלֶערֶען פוּן דִי לְוִיִּם. אַז עֶזְרָא הָאט גֶעזֶעהן וִוי דָאס יוּדֶעשְׁקֵייט וֶוערְד מִיט יֶעדֶען טָאג שְׁטַארְקֶער, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען מַאכֶען אֵיין עֶק פוּן דִי גֶעמִישְׁטֶע חֲתוּנוֹת, וָואס זֶענֶען נָאךְ פָארְט פָארְגֶעקוּמֶען אִין יְהוּדָה, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר גוֹזֵר תַּעֲנִית גֶעוֶועהן. אַלֶע זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין טְרוֹיעֶר־קְלֵיידֶער, מִיט אַשׁ אוֹיפ׳ן קָאפּ, אוּנ עֶר הָאט פָארְגֶעלֵייעֶנְט דִי פַּרְשָׁה, וואוּ עֶס שְׁטֶעהט אַז מֶען טָאר זִיךְ נִיט מְשַׁדֵּךְ זַיין מִיט דִי פֶעלְקֶער עַמּוֹן אוּנ מוֹאָב. בַּאלְד הָאבֶּען אַלֶע, וָואס הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער, זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן זֵיי אוּנ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁבוּעָה: מֶעהר קֵיין שִׁדּוּכִים נִיט צוּ טְהוּן מִיט פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער, אָבְּהִיטֶען שַׁבָּתִים אוּנ יָמִים טוֹבִים, נִיט צוּ אַרְבֵּייטֶען אוּנ הַאנְדְלֶען אִין דִי הֵיילִיגֶע טֶאג, אוֹיפ׳ן זִיבֶּעטֶען יָאהר לָאזֶען פֶערְפַאלֶען דִי חוֹבוֹת אוּנ נִיט בֶּעאַרְבֵּייטֶען דִי עֶרְד אוּנ אוֹיפ׳ן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאל יֶעדֶער, אַ חוּץ מַעֲשֵׂר, גֶעבֶּען אַלֶע יָאהר הָאלְץ, דִי עֶרְשְׁטֶע פֵּירוֹת אוּנ תְּבוּאוֹת וָואס וֶועלֶען פֶערְטִיג וֶוערֶען אוּנ אַ פִירְטֶעל שֶׁקֶל מְזוּמָן. אָט דָאס אַלְדִינְג, וָואס מֶען הָאט דֶעמָאלְט בֶּעשְׁלָאסֶען, הָאט מֶען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אַ בֶּעזוּנְדֶער מְגִלָּה אוּנ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג פָארְשְׁטֶעהֶער פוּנ׳ם פָאלְק הָאבֶּען זִיךְ דַארוֹיף גֶעחַתְמֶעט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דִי גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג׳ וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען „כְּנֶסֶת הַגְּדוֹלָה״.

נְחֶמְיָה הָאט נָאךְ גֶעהַאט פִיעל צוּ טְהוּן אוּנ מַאכֶען נַייעֶ אָרְדְנוּנְגֶען אִין גַאנְצֶען לֶעבֶּען פוּנ׳ם פָאלְק עֶס זָאל קֶענֶען הַאלְטֶען דִי שְׁבוּעָה. אַסַךְ הַייזֶער פַאר

אָרימע לײט האָט ער געמוזט אויסבויען אויף זײן רעכנונג. פֿאַר די כּהנים, װאָס האָבען בעדאַרפֿט לעבען פֿון מעשׂר און פֿון אַנדערע נתינות, האָט ער אײנגעפֿיהרט גרויסע הײזער. װײל מען האָט צונויפֿגעזאַמעלט אַלע תּבֿואות און פּירות און געשטעלט בעזונדער מענשען מען זאָל אַכטונג געבען אַז קײנער זאָל ניט פֿאַרטהײלט װערען. אַז די שטאָדט איז שוין געװעהן אין גאַנצען פֿערטיג מיט אַלע מויערן און פֿעסטונגען, האָט ער געמאַכט אַ גרויסען פּאַראַד מיט מוזיק און געזאַנג און דער זכר פֿון דעם טאָג איז לאַנג געבליבען בײ די אײנװאָהנער פֿון ירושלים. לאַנגער בלײבען האָט אָבער נחמיה ניט געקאָנט, װײל ער האָט געגעבען אַרטאַקסערקסען זײן װאָרט אַז ער װעט צוריקקומען, און נאָך צװעלף יאָהר, װאָס ער האָט פֿערבראַכט אין יהודה, האָט ער געמוזט אַװעקפֿאָהרען קײן פּערסיען.

קוים האָט אָבער נחמיה געשטעלט אַ פֿוס איבער דער גרעניץ פֿון יהודה, האָבען באַלד די עטליכע אונצופֿרידענע, װאָס האָבען פֿריהער ניט געהאַט די העזה זיך אַרויסצושטעלען, אויפֿגעהויבען אַ קאָפּ און אין אַ קורצער צײט איז געװאָרען אײן איבערקערעניש. אײנער פֿונ'ם כּהן גדול יהוידע'ס קרובים, מנשה האָט שוין חתונה געהאַט מיט סנבלט'ס טאָכטער נכסת, איהם האָבען נאָכגעטהון אַנדערע און די געמישטע חתונות האָבען זיך װײטער אָנגעהויבען צװישען יודען. טוביה פֿון מואָב איז באַלד אַרײן קײן ירושלים און האָט זיך אָבגענומען אַ גרויסע װאָהנונג אין הויף פֿונ'ם בית המקדש. דאָס פֿאָלק האָט אָנגעהויבען קוקען קרום אויף די כּהנים און האָט אויפֿגעהערט צו געבען מעשׂר. מיט אײן װאָרט, עס איז װײטער געװאָרען פֿינסטער אין יהודה און די פֿרומע האָבען זײערע פֿאַרװײנטע אויגען געװענדעט קײן פּערסיען װאָס טאָמער װעט זיך נחמיה נאָך אַ מאָל דערבאַרמען איבער זײנע ברידער און זײ קומען העלפֿען.

גאָט האָט אָבער באַלד געשיקט די רפֿואה צו דער מכּה — דאָס איז געװעהן מלאכי, דער לעצטער פֿון די נביאים װאָס האָבען פֿיער הונדערט יאָהר כּסדר דערהאַלטען דאָס יודעשקײט. מלאכי האָט ניט דערלאָזט אַז די מיה פֿון עזרא און נחמיה זאָל אין גאַנצען פֿערלאָרען װערען. ער האָט געזאָגט מוסר און שרעקליך אויסגעמאָלט די שטראָף װאָס װעט קומען אויף די זינדיגע יודען און דערבײ האָט ער אויך פֿאָראויסגעזאָגט אַז גאָר גיך װעט דער אייבערשטער שיקען זײן שליח, װאָס װעט װײטער אויסרײניגען און אויסלײטערן זײן פֿאָלק. דער שליח האָט טאַקי לאַנג ניט געלאָזט אויף זיך װאַרטען. קוים איז נחמיה געװאָהר געװאָרען װאָס אין יהודה געהט פֿאָר, האָט ער זיך

נָאךְ אַ מָאל אויסְגֶעבֶּעטֶען בַּיי אַרְטַחְשַׁסְתְּא אוּנ אִיז בַּאלְד גֶעפְלוֹיגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. זַיין עֶרְשְׁטֶע אַרְבֵּייט אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט בַּאלְד טוֹבִיָה'ן אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ; מְנַשֶּׁה'ן, וָואס הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט צוּ שֵׁיידֶען מִיט זַיין וַוייבּ נִכְסָה, סַנְבַּלַט'ס טָאכְטֶער, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּנ'ם לַאנְד אוּנ דָאס אֵייגֶענֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן נִיט נָאךְ כֹּהֲנִים אוּנ לְוִיִּם, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט פִיהרֶען נָאךְ זַיין דֶרֶךְ. אִין דֶער גַאנְצֶער גֶעגֶענְד הָאט עֶר מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן מֶען זָאל וַוייטֶער אָנְהֵייבֶּען גֶעבֶּען מַעֲשֵׂר אוּנ אֵיין וָוארְט זַיינְס אִיז גֶענוּג גֶעוֶועהן דָאס פָאלְק זָאל פַארְגֶעסֶען דִי אַלְטֶע רִנָּה אוּנ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען דִי דִיעֶנֶער פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען אִיבֶּער דֶער מְדִינָה אוּנ הָאט אַכְטוּנג גֶעגֶעבֶּען אַז פְרֶעמְדֶע פֶאלְקֶער זָאלֶען צוּ דִי יוּדֶען קֵיין שְׁלִיטָה נִיט הָאבֶּען אוּנ אַז אוּמֶעדוּם זָאלֶען זֵיי זִיךְ בֶּענוּצֶען מִיט זֵייעֶר אֵייגֶען לָשׁוֹן, וָואס אִיז שׁוֹין אִין פִיעל אֶרְטֶער פַארְגֶעסֶען גֶעוָוארֶען. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן וֶועגֶען אָפְּהִיטֶען דֶעם שַׁבָּת אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶס אִיז שְׁוֶוער אוֹיסְצוּפִיהרֶען דָאס פָאלְק זָאל נִיט הַאנְדְלֶען אִין דֶעם טָאג, וַוייל עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אַיינְגֶעפִירְט פוּן פְרִיהֶר אַז סוֹחֲרִים פוּן צוֹר פְלֶעגֶען אַרַיינְבְּרֶענְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם זֵייעֶרֶע סְחוֹרוֹת אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס פִישׁ, אוּנ דֶער עוֹלָם פְלֶעגְט זִיךְ וַוארְפֶען צוּ קוֹיפֶען מְצִיאוֹת, הָאט עֶר גֶעמַאכְט אֵיין מָאל פַאר אַלֶע מָאל אַז פְרַייטָאג פַאר נַאכְט זָאל מֶען צוּשְׁלִיסֶען דִי טוֹיעֶרן פוּן דֶער שְׁטָאדְט אוּנ קֵיין סוֹחֲרִים נִיט אַרַיינְלָאזֶען.

אַזוֹי הָאט נְחֶמְיָה נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף קֵיין מִיטֶעל אַבִּי צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען. אַוַדַאי הָאבֶּען נִיט אַלֶע גֶעקֶאנְט בַּאשְׁטֶעהן דַארוֹיף אוּנ עֶס הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען בְּסֵתֶר כִּתּוֹת, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַנְדֶערְשׁ גֶעפִיהרְט. וִוי עֶס שַׁיינְט, הָאט נְחֶמְיָה גֶעפִיהלְט אַז צוּ לִיעבּ אִיהם טְהֵיילֶען זִיךְ אָבּ פִיעל אוּנְצוּפְרִידֶענֶע, עֶס הָאבֶּען אִיהם אַוַדַאי גֶעהַארְט דִי כְּלָאטֶער וָואס פַאלֶען אַרָאבּ פוּנ'ם כּוּים. אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער בּוּךְ, אִין וֶועלְכֶען עֶר נִיט זִיךְ אַלֵיין אָבּ דִין וְחֶשְׁבּוֹן פוּן זַיינֶע בֵּיידֶע נְסִיעוֹת קֵיין יְהוּדָה אוּנ זָאגְט מִיט אַ פֶעסְטֶען בִּטָּחוֹן אַז גָאט מֶעג אִיהם פַארְרֶעכֶענֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן פַאר זַיין פָאלְק אוּנ זַיין הֵיילִיגֶען נָאהמֶען. דֶער בִּטָּחוֹן הָאט אִיהם אוֹיךְ נִיט אָבְּגֶענַארְט אוּנ דֶער זֵכֶר פוּן נְחֶמְיָה אוּנ עֶזְרָא אִיז אוֹיף עֶבִּיג גֶעבְּלִיבֶּען צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען.



# דְרִיטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## דִי סוֹפְרִים.

(420—832 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹירְט. 490—402 פַאר'ן חָרְבַּן בֵּית שֵׁנִי)

דִי וֶועלְט זָאגְט אַ וֶוארְטֶעל אַז דָאס עֶרְגְסְטֶע אִיז אַ גֶעמַאכְטֶע מְכַשֵּׁפָה: דָאס הָאט זִיךְ אוֹיךְ בֶּעוִויזֶען מִיט דִי שֹׁמְרוֹנִים זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶערֶעדְט אַז זֵיי זֶענִין גָאר דִי אֶמֶת'ע יוּדֶען, אַז זֵיי קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דִי עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים אוּנ חָאטְשׁ אִין לָשׁוֹן הָאט מֶען זֵיי זֶעהְר לַייכְט גֶעקֶאנְט דֶערְקֶענֶען אַז דָאס אִיז אַ פֶערְמִישְׁטֶעס פָאלְק, וָואס אִיז זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעלָאפֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּנ ווייסְט אַלֵיין נִיט רֶעכְט פוּן וַואנֶען עֶס שְׁטַאמְט אַרוֹיס, פוּן דֶעסְט־וֶועגֶען אִיז בַּייא זֵייא גָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט גֶעבְּלִיבֶּען נָאר אַז זֵייא זֶענֶען אֶנִיקְלֶעךְ פוּן יוֹסֵף אוּנ אֶפְרַיִם. אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען אַ קוּק גֶעטְהוּן אַז דִיא יוּדֶען ווִילֶען פוּן זֵיי נִיט וִויסֶען, זֶענֶען זֵיי גֶעוָוארֶען דַם־שׂוֹנְאִים דִי אֵייגֶענֶע, וָואס זֵיי הָאבֶּען בִּיז אַהֶער צוּ זֵיי אַזוֹי גֶעצוֹיגֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָא־סֶען אַיינְפִירֶען בַּיי זִיךְ דָאס אֵייגֶענֶע וָואס בַּיי דִי יוּדֶען אוּנ נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ קֵיינֶעם. אִין דֶער צַייט אִיז דֶער פֶּערְסִישֶׁער קֶענִיג אַרְטַקְסֶרְקְס גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּנ סַנְבַּלַט הָאט זִיךְ גֶעקֶאנְט אַ בִּיסֶעל מֶעהר צוּפִירֶען דִי הֶאנְד, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעטְרַאכְט אַז עֶס אִיז דָא גֶענוּג לְוַיִם. וָואס נְחֶמְיָה הָאט זֵיי גֶעלָאזְט זִיךְ אַזוֹי אַרוּמְדְרֶעהֶען, אַז פוּן זֵיי קָאן עֶר הָאבֶּען וואוֹילֶע דִיענֶער אִין אַ אֵייגֶענֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וֶוער שְׁמוּעֶסְט נָאךְ אַז דֶערְצוּ הָאט עֶר שׁוֹין גֶעהַאט אַ פַארְטִיגֶען כֹּהֵן גָדוֹל — זַיין אֵיידֶעם מְנַשֶּׁה, אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַז עֶר זָאל בּוֹיעֶן אַ נַייעֶם מִשְׁכָּן פַאר'ן פָאלְק פוּן שֹׁמְרוֹן. מֶען הָאט דָאךְ אָבֶּער בֶּעדַארְפְט נָאכְטַאנְצֶען דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אַ הֵיילִיגֶען בַּארְג מוֹרִיָה, אוּנ סַנְבַּלַט הָאט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען אַ בַּארְג, דֶעם הַר גְרִזִים. וַייל דָארְט הָאט גָאט גֶעבֶּענְשְׁט זַיינֶע קִינְדֶער

וָאס וֶועלֶען אָבְּהִיטֶען זַיין גֶעזֶעטְץ, אונ נָאר זִיךְ אִיז טַאקֶע בַּיי קֵיינֶעם פון די שׁוֹמְרוֹנִים קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז דִי אֱמֶת׳ע תּוֹרָה שְׁטֶעהט נָאר אַיין בַּיי זֵיי. אונ אַז צוּם הֵיטֶעל קָאנֶען נָאר דוּרכְגֶערַייכֶען זֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת. זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִיךְ בִּיסְלֶעכְוַויים צוּשְׁלֶעפֶּען פִּיעל יוּדֶען. וָאס מֶען הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט קָרְח׳ס עֲשִׁירוֹת, אונ אַ חוּץ דֶעם פְּלֶעגֶען צוּ זֵיי צוּשְׁטֶעהְן די דָאזִיגֶע וָואס הָאבֶּען אִין דֶערְהֵיים עֶפֶּעס אָבְּגֶעאַרְבֵּייט נִיט קֵיין שֶׁאנֶע זַאכֶען אונ הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען פון יְהוּדָה. אַזוֹי אִיז גֶעוָוארֶען אַ הַאלְבּ־יוּדִישֶׁע סֶעקְטֶע שׁוֹמְרוֹנִים אונ זֵייעֶר הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט אִיז גֶעוֶועהן שְׁכֶם. עֶס הָאט זִיךְ אָבֶּער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְוַוישֶׁען די יוּדֶען אונ די שׁוֹמְרוֹנִים נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶע שִׂנְאָה וִוי אַ מָאהל אִין די צַייטֶען פון די בֵּיידֶע יוּדִישֶׁע מְלוּכוֹת: דִי יוּדֶען הָאבֶּען חוֹזֶק גֶעמַאכְט פון די שׁוֹמְרוֹנִים אונ הָאבֶּען זֵיי גֶערוּפֶען דָאס פַאר־וָוארְפֶענֶע פָאלְק פון שְׁכֶם, אונ די שׁוֹמְרוֹנִים ווִידֶער הָאבֶּען זֵייעֶר שְׁמַד־שְׁטִיק אַרַיינְגֶעלֶענְט אִין יִרְאָה אונ גֶעשְׁרִיגֶען אַז די יוּדֶען הָאבֶּען נָאר אַ פַאלְשֶׁע תּוֹרָה אונ לֶעבֶּען נִיט נָאךְ די רֵיינֶע יוּדִישֶׁע גֶעזֶעצֶע.

די יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוַוייל גֶעפִיהְרְט נָאךְ דֶעם אֱמֶת׳ן זִין פון דֶער תּוֹרָה אונ זִי אָבְּגֶעהִיט וִוי עֶזְרָא אונ נְחֶמְיָה הָאבֶּען אָנְגֶעזָאגְט. רַחֲמָנוֹת אונ יוֹשֶׁר הָאבֶּען גֶעהֶערְשְׁט אונ זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר די שֶׁאנְסְטֶע מַעֲלוֹת, אָרִימֶע לַייט הָאט מֶען נִיט נָאר נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקְט, נָאר גֶעגֶעבֶען הִילְף. אונ אַלֶע יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהְן גְלַייךְ פְּרֵיי, וַוייל קֵיין יוּדִישֶׁע שְׁקְלַאוֶוען הָאט מֶען שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעזֶעהן. דָאס יָאהר פון שְׁמִיטָּה הָאט מֶען אוֹיךְ שְׁטַארְק אָבְּגֶעהִיט. אַ בֵּית דִין כְּדִין זִיבְּצִיג גֶעלֶערְנְטֶע אונ גְרוֹיסֶע לַייט וָואס אִיז גֶעוֶועהן גֶעגְרִינְדֶעט אוֹיף דֶעם אַרְט וִוי בַּיי משֶׁה רַבֵּינוּ די זִיבְּצִיג זְקֵנִים אונ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָּחָה פון אֵיין אֶלְטְסְטֶען וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען אַב בֵּית דִין׳ הָאט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אַלֶע מִשְׁפָּטִים וָואס פְּלֶע־גֶען פָארְקוּמֶען. אונ יֶעדֶען מַארְקְטָאג וָואס פְּלֶעגְט זַיין מָאנְטַאג אונ דָאנֶערְשְׁ־טָאג, הָאבֶּען די דַיָּנִים זִיךְ צוּנֶעגֶעבֶּען מִיט לָאדִינִישֶׁען אונ שָׁלוֹם־מַאכֶען צְווִישֶׁען די צְדָדִים. די סוֹפְרִים ווִידֶער הָאבֶּען אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז די תּוֹרָה זָאל מֶעהר בֶּעקֶענְט וֶוערֶען צְווִישֶׁען אַלֶע קְלַאסֶען פון׳ם פָאלְק, אַז־בַּארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי אַיינְגֶעפִיהְרְט אַז מֶען זָאל נִיט נָאר אַלֶע שַׁבָּת אונ יוֹם טוֹב אֶפֶּענְטְלִיךְ פָארְלֵייעֶנֶען אַ סֶדְרָה, נָאר אֲפִילוּ אִין די מַארְקְטָאג, וֶוען עֶס פְלֶעגֶען זִיךְ צוּנוֹיפְקוּמֶען יוּדֶען פון דָארְפֶער, זָאל מֶען אוֹיךְ לֵייעֶנֶען אַ פָּרָשָׁה. דָאס הָאט גֶעטוּזְט פִיהְרֶען דֶערְצוּ אַז מֶען זָאל אָנֶערְן די הֶעבְּרָאִישֶׁע שְׁרִיפְט

אויף אַזאַ אַרט דער עולם זאָל קאָנען פאַרשטעהן. וואָס זיי האָרען וויילַ ביז דעמאָלט איז די תּורה געוועהן אָנגעשריעבען מיט אותיות פון אַ מין אַלט לשון וואָס נאָר געצאָהלטע מענשען האָבען עס פערשטאַנען. נאָך מעהר האָט מען עס געמוזט טהון צו ליעב די יודען, וואָס האָבען גע־וואוינט אין פּערסיען: זיי איז דאָס אַלטע לשון הקודש נאָר לחלוטין פרעמד געוועהן. מען האָט די תּורה און אַלע אַנדערע הייליגע ביכער איבערגעשרי־בען מיט אַ נייא כּתב, וואָס מען האָט עס גערופען „כּתב אשורי“. דיא שומרונים, וואָס האָבען אַלדינג געטהון פאַרקעהרט, האָבען געהאַט אַ ניי געלעגענהייט צו שרייען אַז די יודען מאַכען זיך אַ פאַלשע תּורה און זענען געבליעבען ביי דער אַלטער פאַרדרעהטער שריפט. וואָס איינער פון טויזענד האָט קוים געקאָנט עטליכע ווערטער רעכט בייקומען.

אַז די תּורה איז בעקאַנט געוואָרען דעם פאָלק דורכן בעשטאַנדליכען לשון, האָבען טאַקע די יודען אָנגעהויבען געשמאַק אַריינקוקען אין די קליינע אותיות׳לעך און באַלד זענען געגרינדעט געוואָרען ישיבות, וואו די סופרים אָדער חכמים, האָבען געלערנט מיט פעהיגע יונגע לייט וואָס מען האָט זיי גערופען תּלמידי חכמים. זיי האָבען זיך אָבגעגעבען דערמיט, וואָס זיי האָבען געזוכט פּירושים אויף דער תּורה. כּדי זיי זאָלען קאָנען אויסגליי־כען די געזעצע פונ׳ם גלויבען מיט די פערענדערונגען פונם לעבען און פון דעם איז אַרויס דער „מדרש“. דערמיט זענען אַרויס תּקנות פון דיא סופרים, וואָס האָבען געאַרבייט מיט אַלע כּוחות אַז דער עיקר פון דער תּורה. וואָס האַלט אויף דאָס יודישקייט, זאָל בלייבען פעסט. און האָבען מיט זייערע תּקנות „אַרומגעצוימט די הויפּט־געזעצע אַז קיין שום היתר זאָל זיך אַהין ניט קאָנען אַריין האַקן. זיי האָבען פערשטאַרקט דאָס הייליגקייט פון שבת און אַנדערע ימים טובים מיט שאָנע מנהגים, וואָס זענען זיך גע־וואָרען אַ הרגל ביים פאָלק און זענען שוין טאַקע אַזוי געבליעבען אויף דור דורות. זיי האָבען געמאַכט אַז פון אַ גלאָזעל וויין, וואָס דער מענש דאַרף זיך אַ מאָהל שטאַרקען דערמיט ווען ער בעפרייעט זיך פון דער אַרבייט, זאָל ווערען אַ עונג שבת און „קדוש“ און „הבדלה“ זאָלען ווערען די גרענעץ וואָס טהיילט אָב דעם זיבענטען טאָג פון רוה פון אַלע איבריגע וואָכענטאָג. זיי האָבען אויך איינגעפיהרט דעם „סדר“ פון פּסח און געזעהן אַז ניט די אַרבע כּוסות מיט פעטע קניידלעך זאָלען זיין דער עיקר. נאָר מען זאָל טאַקע אין זין האָבען די „הגדה“. צוזאַמענעהמען דיא בני בית, צונויפרופען גאַסט,

און דערצאהלען אין פרייד'ען די צרות פון א מאהל. זיי האט מען אויך פערדאנקען וואס אויסער קרבנות האט זיך דאס פאלק געוואונט צו דאווענען דריי מאהל אין טאג . און האט איבערגענומען די תפלות וואס די יודען האבען לכתחילה איינגעפיהרט אין בבל. דאס הויפט-געבעט איז בעשטאנען אין זעכס זאכען: א דאנק דעם רבונו של עולם וואס ער האט די יודען אויסגעקלויבען זיי זאלען איהם דיענען; א לויב דעם באשאפער פאר דעם וואס ער בעלעבט די נאטור מיט טוי און רעגען, און ווערט א מאהל די טויטע נאך א מאהל שענקען דאס לעבען; א שבח דער גרויסקייט פון גאט; א בקשה עס זאלען אנגענומען ווערען די קרבנות און די תפלות פון יעדען; א דאנק פאר דעם וואס גאט שיקט צו יעדען זיין בעדארפעניש און צולעצט א געבעט עס זאל שטענדיג זיין שלום. אויסער דעם האבען די סופרים געמאכט אז אלע שבת און יום טוב, זאל מען א חוץ דער פרשה ענדיגען דאס לייענען מיט א קאפיטעל פון די נביאים און דערפאר האט עס געהייסען "הפטורה". דאס האבען זיי געטהון אויף צו להכעים די שומרונים, וואס האבען נאר ניט געוואלט וויסען פון די נביאים דערפאר וואס זיי רעדען נאר פון ירושלים. יעדע הפטורה האט געמוזט פאסען צו דעם טאג וואס מען האט זי געלייענט, און דאריבער האט מען געמוזט אויסקלויבען דערצו נאר די נביאים ראשונים, דאס הייסט יהושע, שופטים, שמואל און מלכים. און די נביאים אחרונים, דאס הייסט ישעיה, ירמיה, יחזקאל און די צוועלף נביאים, וואס מען רופט זיי אלע אינאיינעם תרי עשר, און הייסען מיט די נאהמען: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה און מלאכי. פון דעמעלט אן האבען זיך די שריפטען פון די נביאים אנגעהויבען רעכנען פאר הייליגע און האבען באלד נאך דער תורה פארנומען דעם ערשטען פלאץ אינ'ם גייסטיגען לעבען פונ'ם פאלק.

אזוי האט זיך אויסגעארבייט דער יודישער גאטעסדיענסט (עבודה) אין דער צייט פון די סופרים. שטיל, אהן קונצען, און יעדער האט זיך געקאנט אין די קורצע תפלות אויסגיסען זיין הארץ פאר גאט. נאר אין בית המקדש האבען די קרבנות געשפיעלט איין הויפט-ראלע. אין די קלייגערע מקומות אבער איז דאס דאווענען געווארען דער עיקר. דאס נאהענטקייט פון די יודען מיט די פערסיער האט געמוזט פיהרען דערצו, וואס פיעל זאכען פונ'ם פערסישען גלויבען האבען זיך אנגעקלעבט אויך אין דער יודישער אמונה און נייע זיי

האָבּען ניט געקאָנט אָבּרייסען די יודען אין גאַנצען פון זייער איינציגען נאָך איז עס נאָר דערפאַר וואס זייער צוגעבונדענקייט צום הימלישען פאָטער איז געוועזען צו שטאַרק אונ זיי האָבּען שוין בּעצאָהלט צו פיעל רבּי-געלד פאַר יעדען שריט וואס זיי האָבּען זיך געפּריוואָט אָוועקקעהרען פון איהם.

וואס אין דער תּורה ווערד ער נאָר ניט דערמאָנט; דער גלויבּען איז בּיי זיי אַזוי שטאַרק געוואָרען אַז די סופרים האָבּען איהם געמוזט אַריינשטעלען אין די תּפלות. דעמעלט זענען אויך אַרויס אַ סך דינים וועגען די טמאים אונ ווי אַזוי זיי קאָנען וויטער ריין ווערען — אונ דאס האָט מען אויך גענומען בּיי די פּערסער, ווייל אין דער תּורה ווערד נאָר עפּעס גערעדט דערפון, אָבּער מיר געפינען דאָרט ניט אַזוי פיעל געזעצע דאַריבּער.

זענען אויך די יודען געוואָהר געוואָרען אַז דער רבונו של עולם האָט אַ סך שליחים, גוטע אונ שלעכטע, אונ בּיסלעכוויים האָבּען די שליחים בּעקומען יודישע נאָהמען אונ דער יוד האָט זיך שוין געקאָנט פאַר'ן שלאָף אַרומרינגלען מיט אַ גאַנצער וואַך פון טהייערע מלאכים: גבריאל, מיכאל, אוריאל אונ ציבּען זיבּען ...ות ... פאַר'ן אשמדאי, סמאל אונ די

דאס בּעסטע, וואס די פּערסער האָבּען געשאָנקען די יודען, ווייל איבּער-שלעפּען זיך דעם לאַנגען לעבּענסוועג איז שטאַנדיג שווער געוועהן אָהן אַ פעסטען בּטחון אַז עס איז דאָ עפּעס פון „יענער זייט", אונ אַז מיט'ן לעצטען הויך פון דער נשמה לאָזט זיך נאָך ניט אַלדינג אויס. ניט אַזאַ וואוילע מתּנה האָבּען אָבּער די פּערסער געוואָלט אָנהענגען די יודען מיט זייער גלויבּען אַז עס זענען דאָ צוויי גאָטער וואס האַלטען שטאַנדיג מלחמה דער גאָט פון ליכטיגקייט (אַרמוזד), אונ דער גאָט פון פינסטער־ניש (אַהרימאַן); אַזאַ מין גלויבּען וואָלט זיי לייכט געקאָנט אַראָבּפּיה־רען פון דער ריינער אמונה אין אחדות הבורא, אונ דאַריבּער האָבּען די סופרים געמוזט אין די תּפלות אַריינזעצען אַ שבח צו גאָט, וואס מאַכט דאָס ליכט אונ שאַפט דאָס פינסטערניש.

צוויי הונדערט יאָהר זענען אַזוי אָבּגעלאָפען אונ די יודען זענען זיך געזעסען רוהיג אויף זייערע ערטער אין פּערסיען אונ אין יהודה אונ האָבּען

געאַרבייט פאַר זייער אינווענינ לעבען. נאָר אַז אין דער צייט פון די פּער־
סישע קאָניגע אַרטאַקסערקסעס דעם צווייטען אָדער מנעמאָן, אונ
אַרטאַקסערקסעס דעם דריטען, אָדער אָחוּס, איז געוואָרען אונרוהיג אין
לאַנד, ווייל די מצרים זענען אַרויסגעשפּרונגען אונ האָבען געוואָלט ווייטער
צוריק־שטעלען זייער מלוכה. איז דיא לאַגע פון דיא יודען אויך
טרויעריגער געוואָרען. געצווּנגען האָט עס זיך דערפון וואָס די פּערסער זענען
פּליצום אָנגעטרעטען פון זייער ריינעם גלויבען אונ האָבען זיך געלאָזט פּער־
פיהרען פונ'ם גאָטצענדיענסט; צו־זאַקסערקס דער דריטער האָט אומעדום גע־
הייסען שטעלען עבודה־זרות אונ דאָס אייגענע געהייסען טהון אויך אין יהודה,
די יודען זענען דאַרויף ניט געטראַכטען אונ קיין נוטס. פערשטעהט זיך, איז
דערפון ניט אַרויס.

אין ירושלים האָבען דעמאָלט די יודען געמוזט אויסשטעהן גרויס צרות
פון איינעם פון די אָרנסטע פּערסישע הויפּטלייט בגוֹעס, וואָס האָט דער־
נאָך צוגענומען די מלוכה ביי אַרטאַקסערקסעס אונ זיין משפּחה. בגועס איז ניט
געוועהן קיין שטאַרקער־נקי כפּים, אונ פאַר געלד האָט ער דעם איינעם
פּאַטער געקאָנט פאַרקויפען; אַז דער כהן גדול יהוֹיָדע איז געשטאָרבען
אונ דער עלטערער זוהן יוֹחָנָן איז אַרויף אויף זיין אָרט, האָט זיך פער־
גלוסט זיין יונגערן ברודער יהוֹשֻעַ צו זיין אַ בעל אויף דער שטעלע, ער
האָט זיך געווענדעט צו בגועס מיט אַ שאָנער מתּנה, אונ ער האָט איהם
באַלד צוגעזאָגט אַז ער וועט ווערען כהן גדול. אַז יוחנן איז דערפון
געוואָהר געוואָרען האָט ער מיט יהושע'ן ניט געמאַכט קיין לאַנגע טענות א.: האָט
איהם דערהרגעט אין בית המקדש. דאָס האָט בגועס'ן שטאַרק פערדראָסען, נאָר
ער האָט זיך ניט אָנגענומען יהושע'ס קריוודע, ער האָט זיך נוֹקם געוועהן פאַר
זיין קעשינע אונ די יודען האָבען איהם געמוזט געבען גרידעס געלד. ווייל ער
האָט זיך געהייסען צאָהלען שטראָף פון יעדען קרבן וואָס מען האָט געבראַכט
בקריב זיין אין בית המקדש אונ דערפון איז געוואָרען אַ היבשע מטבע.

ווייטער ניט פרעהליך איז געוואָרען די יודען אין דער לעצטער צייט, ווען
די פּערסער האָבען פערלאָרען זייער מאַכט. עס איז אָבער גאָר ווייניג זכרונות
איבערגעבליבען פון יענע יאָהרען אונ מיר געפינען כמעט נאָר ניט אין דער
געשיכטע וואָס איינער פון די לוים האָט דעמאָלט אָנגעשריבען אונטער דעם
נאָמען חנוך. נאָר ניך האָט זיך אַלדינג פערענדערט: עס איז אַרויס־
געשפּרונגען אַ נייע קראַפט וואָס האָט אַלדינג איינגעשלינגען מיט איהר פּראַכט

אונ מאראלישע שטארקייט. די גריכען האבען בעקומען א ממשלה כמעט איבער דער גאנצער וועלט. זייער גייסט האט געמאכט איין איבערקערעניש אין אלעמען אונ אויך די יודען האבען זיך געמוזט לאזען אוועקטראגען פון די חוואליעס פון דעם רוישענדען ים, וואס איז אין דער געשיכטע בעקענט מיט דעם נאהמען מלכות מוקדון.



# פירטעס קאפיטעל.

---

## די יודען אונטער דער מלוכה פון מוקדון.

(175—332 פאר קריסטוס געבורט. 245—402 פאר'ן חרבן בית שני)

אז אלכסנדר דער גרויסער, דער מלך פון מוקדון האט זיך צופירט די האנד אין אזיען אונ פערסיען האט אויך פון איהם געחאפט א מפלה, איז ער צוגעקומען קיין יהודה. אונ דא איז געשעהן א גרוים וואונדער: מען האט געהערט אז ער וועט מאכען א תל פון דעם קליינעם לאנד. צום סוף האט ער בעוויזען פיעל חסד די איינוואהנער פון ירושלים אונ האט זיך ביי די יודען אזוי בעליעבט געמאכט, אז אלע זכרים, וואס זענען ביי זיי אין דעם יאהר געבארען געווארען, האבען זיי א נאהמען געגעבען "אלכסנדר". פאר וואס דאס איז אזוי געשעהן — דארויף זענען דא צוויי סברות: א טהייל זאגען אז אלכסנדר'ן איז דווקא געפאלען דאס וואס די יודען האבען געוואלט טריי בלייבען דער שבועה וואס זיי האבען געגעבען דער מלוכה פון פערסיען אונ האבען זיך דער־פאר צום אנהייב ניט געוואלט אונטערגעבען. אנדערע דריגען אז דער כהן גדול ידוע, וואס איז איהם אקעגענגעגאנגען צו בעגריסען, האט געהאט א שטארקע אהנליכקייט מיט דער געשטאלט וואס ער האט א מאל געזעהן אין חלום אונ

וואס האט איהם פּאראויסגעזאגט אַז ער וועט איינגעהמען די גאנצע וועלט. נאר ווי אַזוי די זאך איז שוין דאָרטען געוועהן — איינס ווייסען מיר געוויס אַז אַלעכּסאַנדער האָט איבערגעלאָזט זעהר אַ גוטען איינדרוק אין יְהוּדָה, אונ אַזוי ווי ער האָט געוואָלט זיין מאַכט פארשפּרייטען איבער גאנץ סירִיען, האָט ער געשטעלט זיין הויפּטמאַן אַנדראַמאַכוּס איבער דעם לאַנד אונ האָט איהם בעזעצט אין שֹׁמְרוֹן, פּונקט אין מיטעלפּונקט פון דער מְדִינָה. די שֹׁמְרוֹנִים זענען אָבער גיך אַרויסגעשפּרונגען געגען אַנדראַמאַכוּס אונ האָבען איהם פאַרבּרענט אין פייער. אַלעכּסאַנדער האָט זיך מיט זיי דערפאַר גוט אָבגערעכענט. ער האָט זיי אָנגעטהון ענוּיִם קָשִׁים אונ כְּדֵי צו ווייזען ווי ליעב ער האָט די יודען האָט ער זיי אָבגעגעבען עטליכע שטאָדט פון שֹׁמְרוֹן, וואס האָבען אַמאָל געהערט צו יְהוּדָה, אונ האָט זיי אַלע בעפרייעט פון מַס אין דעם יאָהר פון שְׁמִיטָה.

קיין גליק געדויערט אָבער ניט עֶבִּיג אונ דעם יודענס — נאך וועניגער; אַלעכּסאַנדער איז יונגערהייט געשטאָרבען, זיינע יוֹרְשִׁים האָבען זיך ניט געקאָנט איינטהיילען מיט די לענדער אונ עס זענען אַרויס גרויסע מִלְחָמוֹת. אין מִצְרַיִם האָט דעמאָלט געהערשט פּטאלאמעאוּס מאַטער דער ערשטער, וואס מען האָט איהם אויך גערופען לאַגִי, אונ אויף זיין חֵלֶק איז אָנגעקומען יְהוּדָה. די איינוואוינער פון יְרוּשָׁלַיִם האָבען איהם מיט גוטען ניט געוואָלט אַריינלאָזען, איז ער מיט געוואַלד אַהין אַריין אים שַׁבָּת, ווען די יודען האָבען ניט געטאָרט נעהמען קיין כְּלֵי זיין אין די הענד אונ האָט פיעל געפאַנגענע פון זיי אונ פון די שֹׁמְרוֹנִים אַוועקגעפיהרט קיין מִצְרַיִם. ווען די יודען וואָלטען געקאָנט שוין אַזוי בלייבען אונטער דער מאַכט פון פּטאלאמעאוּס, וואס איז געוועזען זעהר אַ גוטער מענש. וואָלט זיי גאָר ניט שלעכט געוועהן, נאר, צום אומגליק, האָבען איהם זיינע שׂוֹנְאִים ניט פאַרגינען אַז ער זאָל הערשען איבער יְהוּדָה אונ בעזאָנדערס האָט עס ניט געוואָלט דערלאָזען אַנְטִיגוֹנוּס; איינער פון די שטאַרקסטע העלדען, וואס עס האָט זיך איהם געגלוסט צו ווערען פּונקט ווי אַלעכּסאַנדער מוּקְדוֹן אַ מוֹשֵׁל איבער אַלע לענדער. עס איז אַרויס אַ גרויסע מִלְחָמָה בּיי גַזָּה צווישען פּטאלאמעאוּס אונ דְמִיטְרִיוּס, דעם זוהן פון אַנטיגונוס. צום אָנהייב האָט דמיטריוּס פערלאָרען אונ האָט געמוזט מיט בּוּשָׁה אָבטרעטען, נאר אַז דער פאָטער איז איהם געקומען צו הילף, האָט שוין פּטאלאמעאוּס געמוזט אָנבּויגען דעם קאָפּ אונ אַזוי ווי ער האָט ניט געוואָלט איבערלאָזען דעם שׂוֹנֵא בעפעסטיגטע שטאָדט האָט ער געהייסען צעראַבּוואַרפען אַלע פעסטונגען פון עַכּוֹ, יָפוֹ, עַזָּה, שֹׁמְרוֹן אונ יְרוּשָׁלַיִם. אַוודאי האָט דורך דעם יְהוּדָה געליטען

אונ אַזוֹי זֶענֶען פֿאָרגֶעקֶעמֶען עֶטְלִיכֶע יָאהר בִּיז אַנְטִיגוֹנוּס אִיז נִיט גֶעפַֿאלֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה מִיט פְּטאלאמֶעאוּס, לִיזַאמַאכוּס, קַסַנְדֶר אונ סֶעלֶיקוּס. וָואס הָאבֶּען אַלֶע פִֿיער גֶעמַאכְט יַד אַחַת. אונ הָאבֶּען דֶערְנָאךְ צְווִישֶׁען זִיךְ צוּטְהֵיילְט דִי גַאנְצֶע מְלוּכָה פֿוּן מוּקְדוֹן. פְּטאלאמֶעאוּס הָאט בֶּעקוּמֶען מִצְרַיִם אונ אַלֶע נֶעבֶּענְלֶאנְדֶער אונ יְהוּדָה אִיז אַרוּנְטֶער אוּנְטֶער זַיין מַאכְט; סֶעלֶעיקוּס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען גַאנְץ אַזְיֶען אונ פֶּערְסְיֶען אונ דִי יוּדֶען פֿוּן פָּרַס אונ בָּבֶל זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְטֶער זַיין מֶמְשָׁלָה. פֿוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכְנֶען אוֹיף וַוייטֶערֶע דוֹרוֹת צְווֵיי קֶאנִיגְלִיכֶע מִשְׁפָּחוֹת: דִיא פְּטאלאמֶעיר אונ דִי סֶעלֶעיקֶעהֶען.

קוֹים הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דִי בִּיטֶערֶע מִלְחָמוֹת אִיז דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען בֶּעסֶער. פְּטאלאמֶעאוּס הָאט זֵיי זֶעהר גוּט בֶּעהַאנְדֶעלְט. עֶר הָאט דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל חָנִיָּה דֶעם עֶרְשְׁטֶען גֶעשְׁטֶעלְט פַֿאר אַ רֹאשׁ אִיבֶּער דֶעם פָֿאלְק, וָואס הָאט נָאר בֶּעדַארְפְֿט צָאהלֶען מַס אונ הָאט גֶעהַאט אַלֶע רֶעכְטֶע. פִֿיעל יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיָּען, וָואס אִיז גֶעגְרִינְדֶעט גֶעוָוארֶען פֿוּן אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן, אונ פְּטאלאמֶעאוּס הָאט עֶס גֶעמַאכְט פַֿאר אַ הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט. אונ אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער, אונ אַזוֹי אִיז מִיט דֶער צֵייט גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אִין מִצְרַיִם. דָאס אֵיינֶענֶע הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּן סֶעלֶעיקוּס אונ אַז עֶר הָאט אוֹיסְגֶעבּוֹיעט אִין סִירְיֶען אַ נֵייעֶ הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט אַנְטִיָאכִיָּען, הָאט עֶר אַהִין אִיבֶּערְגֶעפִֿירְט פִֿיעל יוּדֶען פֿוּן פָּרַס אונ בָּבֶל.

אִין דֶער צֵייט וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט צְווִישֶׁען דִי גְרֶעקֶען אִין פִֿיעל אֶרְטֶער פֿוּן מוּקְדוֹן, הָאבֶּען זִיךְ בִּיסְלֶעכְוַויִיס גְרֶעקֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעזֶעצֶען אוֹיךְ אִין יְהוּדָה אונ דִי גְרִיכִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע, ווִי אוֹיךְ גְרִיכִישֶׁע מִנְהָגִים, הָאבֶּען דָארְט בֶּעקוּמֶען אַ שְׁטַארְקֶע שְׁלִיטָה. אַוַודַאי אִיז דָאס יוּדֶעשְׁקֵייט דֶערְמִיט גֶעשְׁטַארְקְט נִיט אוֹיף קֵיין הוֹיכֶע מַדְרֵגָה. ווייל דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן צוּוָוארְפֶֿען אִין נִיט קֵיין נָאהֶנְטֶע לֶאנְדֶער אונ צוּנוֹיפְֿקוּמֶען זִיךְ אָפְּט אִיבֶּערְצוּרֶעדֶען ווִי אַזוֹי מֶען זָאל פֶֿערְשְׁטַארְקֶען דֶעם שְׁוַואכֶען בִּנְיָן פֿוּן דֶער אֱמוּנָה – אִיז קֵיין מֶעגְלִיכְקֵייט נִיט גֶעוֶועהן. ווֶער ווייסְט צוּ וָואס פַֿאר אַגִידְרִינְגֶען מַצָּב דִי יוּדֶען וָואלְטֶען גֶעקוּמֶען, ווֶען אִין דֶער צֵייט וָואלְט דִי כְּהוּנָה נִיט אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ שִׁמְעוֹן, דֶעם זוּהן פֿוּן חָנִיָּה. וָואס מֶען הָאט אִיהם פַֿאר זַיינֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים גֶערוּפֶֿען שִׁמְעוֹן הַצַּדִּיק. עֶר הָאט נָאךְ אַ מָאל בֶּעפֶֿעסְטִיגְט יְרוּשָׁלַיִם, פַֿארְבֶּעסֶערְט דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אונ פֶֿערְזָארְגְט דִי שְׁטָאדְט מִיט וַואסֶער וָואס עֶר הָאט אַרַיינ-

געפיהרט דורך אַ קאנאל אונטער דער ערד. ער האט אויך געזוכט צו פער-בּרייטען אמת פרומקייט צווישען פאלק און פון איהם זענען געבּליבּען די הייליגע ווארטער, וואס זיין תלמיד אנטיגנוס האט איבּערגעגעבּען אין "פּרקי אבות" אַז "דער מענש דארף אהן אַ שום נוץ פאר זיך געטריי זיין גאט און איהם ניט דיענען ווי אַ קנעכט פאר געצאָלטס".

נאך שמעון הצדיק'ס טויט זענען געבּליבּען צוויי קינדער: אַ זוהן אָניאַס, וואס האט אין זיך גאר ניט געהאט די מעלות פון'ם פאטער, און אַ טאכטער, וואס האט חתונה געהאט מיט איינעם וואס האט, ארויסגעשטאמט פון די כּהנים טוביה. מיט דער צייט איז ארויס אַ קריעג צווישען די קינדער פון פּטאלאמעאוס אונ סעלעיקוס אונ סעלעיקוס קאליניקוס. דער צווייטער האט געזוכט אלע מיטעל צוצונעהמען מצרים און די סירישע געגענדען. ער האט איבּערגערעדט דעם נייעם כּהן גדול אָניאַס ער זאל אויפ-הערען צאהלען מס אונ דער מלך פון מצרים פּטאלאמעאוס אייערגעטעס דער דריטער האט געמוזט שיקען קיין ירושלים איינעם פון זיינע הויפּטלייט אַתּניאָן אונ ווארנען די יודען אַז ווי באלד זיי וועלען ניט אַריינטראָגען זייערע נתינות וועט ער דאס לאנד צוטהיילען אנדערע פעלקער. דער עולם האט זיך ניט געוואלט עקשנ'ן אונ האט געבּעטען אָניאַס'ן ער זאל אַריינטראָגען דעם מס, ער האט זיך אָבּער איינגעשפּארט אונ האט קיינעם ניט געוואָלט הערען. דא איז ארויסגעשפּרונגען יוסף, אַ זוהן פון אָניאַס'ס שוואגער טוביה, אונ עס איז איהם געראטהען איינצורעדען דעם פעטער, ער זאל איהם שיקען קיין אלכּסנדריען איבּערעדען מיט דער מלוכה וועגען דעם מס אונ ניט דער-לאזען דאס לאנד זאל ווערען אומגליקליך. אבי דער כּהן האט גאר געשאָקעלט מיט'ן קאפ, האט יוסף שוין פערזאמעלט ארום זיך דאס גאנצע פאלק אונ אלע האבען איהם מיט פרייד בּעגריסט אונ אויפגענומען פאר אַ מנהיג. יוסף האט פערשטאנען ווי אַזוי צו דרעהען דאס רעדעל, ער האט געמאכט זעהר וואהלע סעודות פאר אַתּניאָן וואס איז מיט איהם געוואָרען גאר אַ גוטער בּרודער אונ איז אַוועקגעפאהרען מיט דעם תּנאי אַז יוסף זאל בּאלד אָנקומען. יוסף האט אָבּער אליין קיין מיטעל ניט געהאט אויף אַזאַ נסיעה, וואס האט בּעדארפט ניט וועניג קאסטען, ווייל אין קעניגליכען הויף האט ער ניט געטארט קומען ווי אַ קבּצן; דאס פאלק – וואס האט זיך נאר בּעשעפטיגט מיט פעלדארבּייט, איז אויך געוועהן אָרים אונ האט קיין איבּריגס ניט געהאט, דאריבּער האט ער

געמוזט אָנקומען צו די שמרונים, וואָס זענען געוועהן סוחרים און האָבען שוין געהאַט געלד אויף צו לייען.

דאָס פאַרשטעהט מען אַז מיט געבאָרגט געלד קאָן מען זיך ניט מאַכען קיין ברייטען בייטעל און מען מוז, ווי מען זאָגט, שטרעקען נאָך די דעקען. אַוודאי איז יוסף געצוואונגען געוועהן צו לעבען אין הויף אַ ביסעל איינגע־האַלטען. נאָר פון דעסטוועגען האָט מען איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, ווייל אַחניאָן, וואָס איז געקומען פריהר פון איהם, האָט איהם גאָר שאָן פאָר־געשטעלט און אַחוץ דעם האָט ער פערשטאַנען ווי אַזוי זיך צו פיהרען און האָט טאַקי ביי איערגעטעס שטאַרק נושא חן געוועהן. אין דער צייט האָט מען אין אַלעקסאַנדריען פאַרדונגען דעם מס. דאָס הייסט: מען האָט אָבגעגעבען דעם גאַנצען מס פונ'ם לאַנד אין איין האַנד פאַר אַ געוויסער סומע און יענער האָט זיך שוין געמאָגט פאַרדיענען ווי פיעל ער האָט נאָר געקאָנט איינמאָנען. ביי אַזאַ מסחר איז יעדער מן הסתם אינטערעסירט צו געבען וועניגער און יוסף האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו ווייזען אַז ער איז געטריי דער מלוכה און האָט פאָרגעלעגט פונקט צוויי מאָל מעהר פון אַנדערע. איער־געטעס איז ערשטוינט געוואָרען אַז ער האָט דערהערט פון אַזאַ מקח און האָט געפרעגט ביי יוסף'ן וואָס פאַר איין ערוב ער קאָן צושטעלען פאַר זיך נאָר יוסף האָט איהם קורץ און שאַרף געענטפערט אַז פאַר איהם קאָנען ערוב זיין די גרעסטע צוויי מענשען פונ'ם לאַנד: דער קעניג און די קעניגין. די קלוגע רייד זענען איערגעטעס'ן זעהר געפעלען און ער האָט געהייסען יוסף'ן פער־דינגען דעם מס און איהם מיטגעגעבען צוויי טויזענד סאָלדאַטען, וואָס זאָלען איהם העלפען איינמאָנען דאָרט וואו מען קאָן ניט געהן מיט גוטען. פון דעמאָלט אָן איז יוסף געוואָרען כמעט אַ מושל איבער פאַלעסטינא, ער האָט גוט אַכטונג געגעבען אַז אַלע זאָלען פונקטליך אַריינטראָגען די נתינות, וואו מען האָט גע־דאַרפט האָט ער געוויזען זיין מאַכט. און אַז אין אַ פּאָאר שטאָדט האָבען די גרינגע איהם ניט געוואָלט הערען האָט ער גאָר פיעל ניט געטענה'ט און האָט געהייסען קעפּען די גרעסטע בעלי בתים און זייער פערמעגען אָוועקגעבען דער מלוכה.

צוויי און צוואַנציג יאָהר איז יוסף געוועהן דער ממונה איבער אַלע נתינות פון סיריען און פעניקיען און האָט געהאַט אי כבוד, אי געלד. אַז איערגעטעס איז געשטאָרבען האָט דער נייער קעניג פּטאַלאָמעאוס

פִּילָאפָּאטָאר דֶער פִירְטֶער גֶעהַאט דָאס וָועלְבֶע צוּטְרוֹיעֶן צוּ יוֹסֵף׳ן אוּנ עֶר הָאט וַוייטֶער אַיינְגֶעמָאנְט דֶעם מַס אוֹיף זַיין שְׁטֵייגֶער; נִיט אוּמְזִיסְט אִיז דֶעמֶעלְט אַרוֹיס אַ וָוארְטֶעל אִין סִירְיֶען אַז יוֹסֵף הָאט פוּן אַלֶע אָבְּגֶעשׁוּנ־רֶען דִי הוֹיט אוּנ נָאר דִי בֵּיינֶער אִיבֶּערְגֶעלָאזְט״. עֶס הָאט זִיךְ אֲפִילוּ גֶע־מַאכְט אוֹיף אַ קוּרְצֶע צַייט אַיין אִיבֶּערְשְׁלָאג: דֶעם קֶענִיג אַנְטִיאָכוּס פוּן דֶער סֶעלֶעוּקִידִי׳עֶר מִשְׁפָּחָה הָאט זִיךְ פֶערְגְלוּסְט צוּצוּנֶעהמֶען סִירְיֶען. עֶס אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען אִיבֶּערְצוּקוּיפֶען עֶטְלִיכֶע הוֹיפְּטְלַייט פוּן מִצְרַיִם אוּנ עֶר אִיז נָאר אָהְן מִיה אַרַיין אִין לַאנְד. עֶר הָאט שׁוֹין אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִין שׁוֹמְרוֹן נָאר אַיין יְהוּדָה אוּנ יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען. וַוייל דָארְט הָאט מֶען גֶעטְהוּן אַלֶץ וָואס יוֹסֵף הָאט גֶעהֵייסֶען. דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ פִּילַאפָּאטַאר אַרוּמְגֶעקוּקְט אוּנ אִיז צוּגֶעקוּמֶען מִיט זַייעֶר פִיעל חַיִל בִּיז רַפְיָא. דָארְט הָאט עֶר שְׁטַארְק גֶע־שְׁלָאגֶען אַנְטִיאָכוּס׳ן וָואס הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט פַארְגֶעסֶען אִין סִירְיֶען. פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז יוֹסֵף גֶעוָוארֶען נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער חָשׁוּב בַּיי פִּילָאפַּאטָאר׳ן.

דָאס גְרוֹיסֶע עֲשִׁירוּת וָואס יוֹסֵף הָאט אִין דֶער צַייט עֶרְוָוארְבֶּען, דָאס פָּאהרֶען אַלֶע מָאל קַיין אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף, דָאס בְּרֵייטֶע לֶעבֶּען אוֹיף׳ן גְרִיכִישֶׁען אַרְט, הָאט גֶעמוּזְט הָאבֶּען אַ ווירְקוּנְג אוֹיף דֶעם לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען אִין יְהוּדָה אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס אִין יְרוּשָׁלַיִם. דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעהַאפְּט צוּם טְרִינְקֶען, אוּנ דֶער וַויין שְׁלֶעפְּט צוּ זִיךְ צוּ אוֹיךְ אַנְדֶערֶע תַּאֲוֹת, אוּנ אַזוֹי הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען ווִי מַאלְכֶעס נָאכְמַאנְצֶען דִי מִצְרִים: אָנְשְׁטָאפֶּען דֶעם מָאגֶען מִיט דִי בֶּעסְטֶע מַאֲכָלִים, אַרוּמְרִינְגְלֶען זִיךְ מִיט דִיא שֶׁאנְסְטֶע פְרֶעמְדֶע פְרוֹיעֶן, וָואס פַארְשְׁטֶעהֶען ווִי זִיִם צוּ מַאכֶען דָאס לֶעבֶּען לְפִי שָׁעָה אוּנ פַארְדְרֶעהֶען זִיךְ דִי קָאפּ מִיט מַשְׁקֶה אַז מֶען זָאל נִיט וִויסֶען וואוּ מֶען אִיז אִין דֶער וָועלְט. גְרִיכִישֶׁע מִנְהָגִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערְשֶׁען אִין יְהוּדָה, וָוער שְׁמִיעֶסְט נָאךְ אַז יוֹסֵף הָאט פַארְגֶעלֶעגְט מֶען זָאל אַיינְפִיהרֶען דֶעם מִנְהָג אַז וָוען דֶער וַויין הֵייבְּט אָן שְׁפִּיעלֶען אִין דִי פֶּאסֶער זָאל מֶען צְוַויי טֶאג הוּלְיֶען אוּנ טְרִינְקֶען. הָאט מֶען דֶעם מִנְהָג אוֹיפְגֶעחַאפְּט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ מֶען הָאט אֲפִילוּ גֶעשְׁבוּר׳ט אַ אִיבְּרִיגֶען טָאג. יוֹסֵף הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט בֶּעגְנִיגְט נָאר מִיט טְרִינְקֶען אַלֵיין; הָאט׳שׁי עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶעזֶען אַ טַאטֶע פוּן זִיבֶּען קִינְדֶער הָאט עֶר נִיט פַיינְד גֶעהַאט פְרֶעמְדֶע נִיט־יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן. אוּנ אַז עֶס אִיז אִיהם אַ מָאל אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען גֶעפֶעלֶען אַ טֶאנְצֶערִין הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעשֶׁאמְט צוּ בֶּעטֶען זַיין אַיינֶענֶעם בְּרוּדֶער סָלִימִיוּס עֶר זָאל אִיהם בְּסֵתֶר בְּרֶענְגֶען דִיא גֶעלִיעבְּטֶע.

פון אַ זַיינֶע זַאכֶען, פַארשְׁטֶעהט זִיךְ, קָאן קֵיין נוּטְס נִיט אַרוֹיסקוּמֶען. אֵיינֶע פון יוֹסֵפְ'ס גֶעלִיעבְּטֶע הָאט גֶעבָּארֶען אַ זוּהן הוּרְקוּנֶס, וָואס אִיז בַּיים פָּאטֶער גֶעוֶועהן חָשׁוּב פון אַלֶע פְרִיהֶרִיגֶע זִיבֶּען זִיהְן. דֶערפוּן אִיז אַרוֹיס אַ פַיינְדְשַׁאפְט צְוִוישֶׁען דִי בְּרִידֶער אוּנ וָוער שְׁמִיעסְט נָאךְ אַז בַּיי פִּילָאפַּאטֶאר'ן אִיז אוֹיף דֶער אֶלְטֶער גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אַ זוּהְן, פְּטָאלַאמֶעאוּס-עֶפִּיפַאנֶעס דֶער פִינְפְטֶער אוּנ יוֹסֵף הָאט אוֹיסגֶעקְלוֹיבֶּען זַיין יוּנְגסְטֶען אוּנ גֶעלִיעבְּטֶען זוּהְן הוּרְקוּנֶס אוּנ הָאט אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קֵיין אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶן צוּ בֶּעגְרִיעסֶען דֶעם קֶענִיג, אִיז דִי שִׂנְאָה גֶעוָוארֶען נָאךְ גְרֶעסֶער. אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף הָאט מֶען הוּרְקָנֶס'ן אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד: עֶר הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט זֶעהר אַ שֶׁענֶע מַתָּנָה, הוּנְדֶערְט שְׁקְלַאוֶוען פַאר'ן קֶענִיג אוּנ הוּנְדֶערְט שְׁקְלַאוִוינֶען פַאר דֶער קֶענִיגִין, אוּנ אַ חוּץ דֶעם אוֹיךְ אַ הִיבְּשֶׁע מַטְבֵּעַ. אַ וַודַאי אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ וָואהלֶער גַאסְט אוּנ אִיז גִיךְ גֶעוָוארֶען אַ קָרוֹב לְמַלְכוּת. שְׁטָאלְץ אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַ הֵיים נָאר אַז עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ קוּק אַז דִי בְּרִידֶער ווִילֶען אִיהם פָּשׁוּט [illegible] לֶעבֶּען נֶעהמֶען אוּנ דֶער פָאטֶער אִיז אוֹיךְ נִיט צוּפְרִידֶען, וַוייל עֶר הָאט [illegible] פִיעל גֶעלְד אוֹיסגֶעבְּרַאכְט, אִיז עֶר צוּרִיק אַוֶועק קֵיין אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶן.

אַזוֹי אִיז דֶערמֶעלְט צוּגֶענַאנְגֶען אִין יְהוּדָה. בִּיסְלֶעכְוַויס הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק גֶעווֹאוּנְט מִיט'ן פְרֶעהלִיכֶען גְרִיכִישֶׁען לֶעבֶּען, אַריינְגֶעלָאזְט זִיךְ אִין נַארִישֶׁע תַּאֲווֹת, אוּנ אַזוֹי וִוי אִין לַאנְד הָאבֶּען אַלֶע גֶעלֶעבְּט רוּהִיג אוּנ צוּפְרִידֶען, הָאט מֶען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט וָואס דֶערפוּן קָאן אַרוֹיס. אִין יֶעדֶער צַייט פְלֶעגֶען זִיךְ אָבֶּער גֶעפִינֶען צְוִוישֶׁען יוּדֶען מֶענְשֶׁען מִיט אַ הֵיילִיגֶען גֵייסְט אוּנ מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען צוּ זֶעהֶען וָואס וַוייטֶער וֶועט זִיךְ טְהוּן, זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט קַאלְט בְּלוּטִיג בְּלַייבֶּען אוּנ הָאבֶּען גֶעמוּזְט גֶעבֶּען ווִינְקֶען אַז אַזוֹי דַארְף נִיט זַיין. מִיר זֶעהֶען אַז וֶוען דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָנְגֶעוָוארֶען דֶעם בִּטָּחוֹן אִין גָאט, הָאט זִיךְ אַבְּגֶעזוּכְט דֶער סֵפֶר „אִיּוֹב" וָואס וַוייזְט אַז דֶעם זִינְדִיגֶען מֶענְשֶׁען אִיז שְׁוֶוער דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס דְרָכִים צוּ פַארְשְׁטֶעהן; וֶוען עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְקֶע רְדִיפוֹת וֶועגֶען דִי גֶעמִישְׁטֶע חֲתוּנוֹת פון יוּדֶען מִיט אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, אִיז אַרוֹיס דִי מְגִלָּה „רוּת" וָואס דֶערְצֶעהלְט וִוי גוּט אוּנ פְרוּם עֶס אִיז גֶעוֶועהן דַוְקָא נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע פְרוֹי; אוּנ אַזוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן אִין דֶער צַייט פון יוֹסֵף'ן: פּוּנְקְט וֶוען דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְפִיהְרֶען דוּרְךְ זִינְדִיגֶע תַּאֲווֹת אוּנ הָאבֶּען לִיעבּ גֶעהַאט נָאר דִי פְרוֹיעֶן וָואס הָאבֶּען גֶעקָאנְט בֶּעפְרִיעדִיגֶען זֵייעֶר לֵיידֶענְשַׁאפְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דֶער „שִׁיר הַשִּׁירִים" וָואס מָאהְלְט אָב מִיט דִי שֶׁענְסְטֶע פַארְבֶּען דִי רֵיינֶע הֵיילִיגֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע לִיעבֶּע, וָואס בְּרֶענְט אִין דֶעם גֶעטְרַייעֶן הַארְץ פון

שולמית, אונ וואס שטעלט די פראסטע שאפערין מיט איהר ליעבע אויף דער העכסטער מדרגה.

נאך יוסף'ס טויט, האט דער קאניג איבערגעגעבען זיין שטעלע הורקנס'ן, נאר אז ער איז צוריקגעקומען קיין ירושלים האט ער דארט לאנג ניט געקאנט בלייבען איבער די ברידער, וואס זענין איהם געוועהן שונאים אונ דער כהן גדול שמעון דער צווייטער האט מיט זיי געהאלטען. ער איז באלד צוריק־געלאפען קיין אלכסנדריען אונ האט זיך דארט געוואלט קלאגען פאר'ן קאניג, נאר אויף זיין אומגליק איז וראד דעמעלט פילאפאטער געשטארבען אונ אויף מצרים אליין איז געקומען אזא צרה אז מען האט איהם וועניג וואס געקאנט אין זין האבען. אנטיוכוס, דער מלך פון דעם איבערשטען טהייל סיריען, אונ פיליפ, דער מלך פון מוקדון, האבען געוואלט צונעהמען מצרים אונ אלע נעבען־לאנדער אונ עס האט זיך אנגעהויבען א מלחמה. יוסף'ס קינדער, וואס האבען גערעכענט אז ביי איין אנדער מלוכה וועלען זיי זיך קאנען ארויפ־האפען אויפ'ן באנקעל, זענין צוגעשטאנען צו אנטיוכוס אונ האבען איהם גע־עפענט די טהויערן פון ירושלים, אונ אזוי איז נאך הונדערט יאהר וואס יהודה איז געשטאנען אונטער דער מאכט פון דיא פטאלאמעאיר, די ממשלה איבער דעם לאנד איבערגעגאנגען צו די סעלעוקידען.

רוהיג אבלויפען האט דאס אבער ניט געקאנט. מצרים האט ניט געשוויגען אונ האט ארויסגעשיקט איינעם פון די הויפטלייט פון אטאליען, סקאפאס, מיט געדונגענע חיל אונ עס האט איהם אנגעהויבען גליקען. דאס ערשטע האט ער אבגענומען ירושלים אונ שטארק חרוב געמאכט די שטאדט מיט'ן בית המקדש. פיעל פון די איינוואהנער זענין זיך צולאפען אונ סקאפאס האט געמוזט איבערלאזען א גאנצע מחנה אין דער פעסטונג אקרא, כדי ער זאל האלטען אין דער מורא די וואס זענין געבליבען אין ירושלים. עס האט זיך שוין אויס־געוויזען אז אין יהודה וועט ווייטער הערשען דער יונגער קאניג עפיפאנעס. נאר אנטיאכוס האט זיך אנגעטהון אכח אונ האט גיך צושלאגען סקאפאס'ן מיט זיין גאנץ חיל. ער איז נאך אמאל אריין קיין ירושלים אונ מיט דער הילף פון די איינוואהנער האט ער באלד פערטריבען דאס חיל וואס איז געשטאנען אין אקרא, אונ דערפאר האט ער געהייסען שענקען די יודען די גרעסטע פרייהייט, וואס זיי האבען נאר געוואלט, פארבעסערן דעם בית המקדש, פארעכטען די צובראכענע מויערן, אונ אויסער דעם האט ער געגעבען א בעפעהל אז ביינער

פון דִי פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער זָאל נִיט הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ אַ זַיינֶע חַיוֹת וָואס זֶענֶען בַּיי דִי יוּדֶען טָמֵא :

אַז אַנְטִיאָכוּס אִיז גֶעוָוארֶען בַּעַל הַבַּיִת אִיבֶּער סִירְיֶען אוּנ יְהוּדָה, הָאט עֶר גֶעהַאט וַוייטֶע אוֹיגֶען אוּנ אַז עֶר הָאט דֶערְשְׁמֶעקְט אַז פֶערְהַאפֶּען מִצְרַיִם וֶועט אִיהם נִיט גֶערָאטְהֶען, וַוייל דָער רֶאמִישֶׁער הֶעלְד הַאנִיבַּאל, וָואס הָאט דֶעמֶעלְט אַיינְגֶענוּמֶען קַרְתַּגָא שְׁטֶעלְט זִיךְ אִיהם אִין וֶועג, אִיז בַּייא אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַז עֶר זָאל טַאקִי פוּן דִי רֶאמֶער אַלֵיין אוֹיךְ מַאכֶען תֵּל אוּנ זָאל אָבְּגֶעהמֶען גַאנְץ קְלֵיין־אַזְיֶען אוּנ גְרִיכֶענְלַאנְד, צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר בֶּעזֶעצְט אִין עֶטְלִיכֶע קְלֵיין־אַזְיַאטִישֶׁע שְׁטֶעדְט, וִוי עֶפֶּעזוּס, סַארְדֶעס אוּנ פֶּערְגַאמוּס, צְוֵויי טוֹיזֶענְד יוּדִישֶׁע פַאמִילְיֶען פוּן בָּבֶל. לִידְיָען אוּנ פְרִיגְיֶען וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז זֵיי זֶענֶען אִיהם גֶעטְרֵיי אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף וֶועסֶען צוּ פֶערְלָאזֶען. דִי יוּדִישֶׁע קָאלָאנְיֶען וָואלְטֶען אִיהם גֶעוִוים גֶעקֶאנְט נִיטְצֶען וֶוען עֶר קְרִיכְט נִיט צוּ וַוייט אוּנ ווִיל נִיט פַארְנֶעהמֶען אַ הַאלְבֶּע וֶועלְט; עֶר הָאט אָבֶּער זַאטְשֶׁעפֶּעט מִיט דִי רֶאמֶער, אַוַדַאי הָאט עֶר גֶעהַאט אַ מַפָּלָה אוּנ הָאט גֶעמוּזְט נָאךְ אָבְּגֶעבֶּען אַ סַךְ עֶרְטֶער, וָואס הָאבֶּען אִיהם שׁוֹין גֶעקֶעהֶרְט אִין גְרִיכֶענְלַאנְד, זֶעהר פִיעל שִׁיפֶען אוּנ אַ חוֹץ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט מִתְחַיֵּב זַיין צוּ צָאהלֶען זֶעהר אַ גְרוֹיסֶען שְׁטְרָאף אוּנ פַאר אַ מַשְׁכּוֹן הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַוֶועק שִׁיקֶען קַיין רוֹם זַיין צְוֵוייטֶען זוּהן אַנְטִיאָכוּס־עֶפִּיפַאנֶעס. קַיין סְזוּמָן גֶעלְד הָאט אָבֶּער אַנְטִיאָכוּס נִיט גֶעהַאט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּטְרָאגֶען דִי אוֹצְרוֹת וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין דִי טֶעמְפֶּעל; דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען דָאס פָאלְק אוּנ מֶען הָאט גִיךְ גֶעמַאכְט פוּן אִיהם אֵיין עֶק. נָאךְ זַיין טוֹיט הָאט דָער נַייֶער קֶאנִיג סֶעלֶעוּקוּס דֶער פִירְטֶער אוֹיךְ דָאס אֵיינֶענֶע גֶעטְהוּן אוּנ אַזוֹי זֶענֶען דִי סֶעלֶעוּקִידֶען אִין גַאנְצֶען נִמְאַס גֶעוָוארֶען אִין לַאנְד.

דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין דָער צַייט אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ, וַוייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר וֶועניג אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט דֶעם אִינְוֶוענִינְסְטֶען לֶעבֶּען אוּנ הָאבֶּען נָאר גֶעזוּכְט צוּ זַיין גוּטֶע בְּרִידֶער מִיט פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער. שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט גֶענוּג פוּן אַלֶע זַייטֶען : דִי פְּלִשְׁתִּים, אֲדוֹמִים אוּנ דִי שֹׁמְרוֹנִים הָאבֶּען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט זֵיי אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען דִי אַלְטֶע פַיינְדְשַׁאפְט. אַ וַדַאי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעמוּזְט וַוארְפֶען צוּ דִי גְרִיכֶען אוּנ וֶוערִין מִיט זֵיי נָאהֶנְט, הָאטְשֶׁי זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעקוּקְט קְרוּם אוֹיף דִי יוּדֶען, וַוייל זֵיי זֶענֶען גְ׳ייז גֶעוֶועזֶען. דֶערְפַאר וָואס יוֹסֵף הָאט בַּיי זֵיי גֶעריסֶען דֶעם סַם מִיט גֶעוָאלְד.

אַזוי האָט זיך דערמעלט אויסגעאַרבּייט אַ גאַנץ גרויסע יודישע כּתּה וואָס מען האָט זי גערופען העלעניסטען, ווייל זיי האָבען איבּערגענומען די גאַנצע הנהגה פון די גריכען, די איינענע מנהגים, די איינענע שפּראַכע. און אין דער כּתּה זענען געוועהן די גרעסטע און רייכסטע יודען. יוסף'ס אַלע קינדער און עניקליך, אַ סך לוים און אויך דער כּהן גדול יהושע וואָס האָט זיך אַ גרי־כישען נאָמען געגעבען יאַזאָן. די העלעניסטען, פאַרשטעהט זיך, האָבען שוין ניט געקאָנט אַזוי שטאַרק אַכטונג געבען אויפ'ן יודעשקייט און האָבען אָפט געמוזט טהון אָפענטליך אַזיינע זאַכען וואָס מען טאָר ניט. די פרומע יודען האָבען דאַרויף געקוקט מיט האַרץ־וועהטיג און האָבען אויף זיך גענומען שטרענג אָפּהיטען אַלע פאָרדערונגען פון דער אמונה, ניט אָפּטרעטען אפילו איין שריט פון דעם געזעץ, און אַזוי איז פון זיי אויך געוואָרען אַ בּעזונדער כּתּה "חסידים" וואָס זענען געוועהן פּונקט דער היפּך פון די העלעניסטען. די הויפּטראָלע צווישען די חסידים האָבען געשפּיעלט צוויי גרויסע לייט וואָס ווערען דערמאָנט אין "פּרקי אבות": ר' יוסי בּן יועזר פון צרדה, וואָס האָט שטענדיג גע־באָטהען נאָר לערנען "זיך וואַלגערן בּיי די פיס פון חכמים און מיט דאָרשט טרינקען זייערע ווערטער" און ר' יוסי בּן יוחנן פון ירושלים, וואָס האָט געהייסען זיך מעהר אָפּגעבען מיט פרומקייט, אָפענען טהיר און טויער פאַר אָרימע און ניט פיעל האָבען צו טהון מיט ווייבּער". צווישען די צוויי כּתּות איז געשטאַנען דאָס פאָלק וואָס האָט קיין איינענע פעסטע איבּערצייגונגען ניט געהאַט און האָט געצויגען אַהין וואו דער ווינד האָט געבּלאָזען.

דער פרומער כּהן גדול אָניאַס דער דריטער איז געוועהן אַ גרויסער געגנער פון די העלעניסטען און דערפאַר האָט ער געהאַט אַ סך שונאים צווישען זיי. אָפענטליך האָבען אַרויסגעוויזען זייער שנאה מעהר פון אַלע יוסף'ס קינדער און דריי בּרידער פון דער פאָרנעהמסטער משפּחה פונ'ם שבט בּנימין: שמעון, מענעלאוס און ליזימאַכוס. יוסף'ס קינדער זענען אין כּעס געוועהן אויף דעם כּהן גדול דערפאַר וואָס ער האָט געהאַלטען מיט זייער יונגסטען בּרודער הורקנס, וואָס דער יונגער קעניג פּטאָלאָמעאוס־עפּיפאַנעס האָט איהם איבּער־געגעבען איינצומאַנען מס אין דער געגענד פון חשבון און מדבא פון יענער זייט ירדן, און ער האָט דורך דעם אָנגעקליבען אַ גרויס עשירות. הורקנוס איז אַזוי רייך געוואָרען אַז אַחוץ דעם וואָס ער האָט זיך אויסגעבּויעט אַ טהייערע פעסטונג האָט ער אויך גרויסע סומען געלד אַלע מאָל אַוועקגעשיקט אָניאַסן ער זאָל עס בּעהאַלטען אין בּית המקדש. אַז איינער פון די דריי בּרידער

שִׁמְעוֹן וָואס הָאט אויךְ גֶעדִיענְט צְווִישֶׁען דִי לָוִים. אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶער עַזוּת־פָּנִים, אוּנ דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אִיהם אוּנ נָאךְ עֶטְלִיכֶע חֶבְרָה־לַייט גֶעמוּזְט אַרוֹיסְטְרַייבֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, הָאט שִׁמְעוֹן גֶעמַסֶרְת אָנְיאַסֶ'ן פַאר דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אַפָּאלָאנְיוּס אַז אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶעפִינְט זִיךְ פְרֶעמְד גֶעלְד, וָואס מֶען מֶעג עֶס צוּנֶעהמֶען פַאר דֶער מְלוּכָה. אַפָּאלָאנְיוּס הָאט בַּאלְד דֶערְפוּן צוּ ווִיסֶען גֶעגֶעבֶען דֶעם קֶענִיג אוּנ אַזוֹי ווִי עֶר אִיז טַאקִי גֶעוֶוען אַ שְׁטַארְקֶער נִצְרַךְ, ווַייל עֶר הָאט נָאךְ גֶעמוּזְט צָאהלֶען דִי רָאמֶער דֶעם שְׁטְרָאף פַארְן פָאטֶער, הָאט עֶר שׁוֹין גֶעהֵייסֶען אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע לַייט הֶעלִיאָדָאר' פָאהרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ חַאפֶּען דֶעם אוֹצָר מִיט בֵּיידֶע הָאנְד. אָנְיַאס הָאט זִיךְ אֲפִילוּ אַקֶעגֶענְגֶעשְׁטֶעלְט, דָאס פָאלְק אִיז אויךְ גֶעוָוארֶען שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט וָואס אַ גֶאטְצֶענְדִיענֶער ווִיל אַרַיינְגֶעהן אִין יוּדִישֶׁען הַיילִיגְטְהוּם; הֶעלִיאָדָאר הָאט אָבֶער נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ הָאט טַאקִי אוֹיפֶן פְּלַאץ בֶּע־קוּמֶען זַיין עֹנֶשׁ: קוֹים, דֶערְצֶעהלְט מֶען, הָאט עֶר נָאר אַיין פוּס גֶעשְׁטֶעלְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. אִיז אִיהם בַּאלְד אַקֶעגֶענְגֶעקוּמֶען אַ מַלְאָךְ אוֹיף אַ ווַייסֶען פֶערְד אוּנ הָאט אִיהם גֶעטֵייטְט.

שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אָבֶער דֶער מִיט נִיט בֶּערוּהִיגְט אוּנ הָאט פָּשׁוּט גֶעדוּנְגֶען מֶערְדֶער מֶען זָאל הַרְגֶ'ענֶען דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אַז אָנְיַאס הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶר אִיז מִיטֶ'ן לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַוֶועק צוּ פָאהרֶען קֵיין אַנְטִיאָכְיֶען צוּם קֶענִיג אוּנ אִיהם בֶּעקֶענְט מַאכֶען וָואס עֶס גֶעהט פָאר צְווִישֶׁען דִי צְווַיי יוּדִישֶׁע כִּתּוֹת. דִי כְּהוּנָה הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיין בְּרוּדֶער יַאזָאן, אוּנ דָא הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ וֶועלְט פַאר דִי הֶעלֶענִיסְטֶען, ווַייל קוֹים הָאבֶּען זַיי שׁוֹין גֶעהַאט אַ כֹּהֵן גָדוֹל אויךְ פוּן זֵייעֶרֶע לַייט הָאבֶּען זַיי זִיךְ שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט שֶׁאמֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ צוּפִיהרְט דִי הֶענְד נָאר אוֹיף אֵיין אַנְדֶער אוֹפֶן. אִין דֶער צַייט הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְקֶער הֶערֶען דִי ווָארְטֶער פוּן יְהוֹשֻׁעַ סִירָה, וָואס הָאט זִיךְ מִיט גֶעגֶעבֶּען דוּרךְ מְשָׁלִים אוֹיסְצוּבֶּעסֶערְן דֶעם מַעֲמָד פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער; דִי אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט צְווִישֶׁען דִי כִּתּוֹת אִיז אָבֶער אויךְ גֶעוָוארֶען שְׁטַארְקֶער. קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט קֵיין מוּסַר גֶעהמֶען. פוּן אֱמֶת'ן שָׁלוֹם הָאט מֶען נָאר נִיט גֶעקֶאנְט רֶעדֶען אוּנ אַזוֹי ווִי עֶמִיצֶער יָאגְט אִין הַאלְז אוּנ אַקֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעיָאגְט צוּם אוּמְגְלִיק.



# פִינְפְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## דָאס הֶעלֶלֶעניזירֶען מִיט גֶעוואַלְד אִין דֶער צַייט פוּן אַנְטִיאָכוּס עֶפִּיפַאנֶעס.

(175—163 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹירְט. 245—238 פַאר'ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

צְווִישֶׁען אַלֶע שְׁלֶעק, וָואס יוּדֶען הָאבֶּען שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעהַאט אוֹיף זִיךְ, קָאן מֶען מִיט רֶעכְט אָבְּגֶעבֶּען אֵיינְס פוּן דִי עֶרְשְׁטֶע אָרְטֶער אַנְטִיוֹכוּס עֶפִּיפַאנֶעס, דֶעם בֶּן מֶלֶךְ וָואס דֶער פָאטֶער הָאט אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קַיין רוֹם, עֶר זָאל דָארְט בְּלַייבֶּען פַאר אַמַשְׁכּוֹן בִּיז עֶר וֶועט בֶּעצָאהלֶען דֶעם שְׁטְרָאף פוּן דֶער פֶערְלָארֶענֶער מִלְחָמָה מִיט דִי רָאמֶער. אַנְטִיוֹכוּס אִיז גֶעוֶועהן אַמֶענְשׁ גָאר אָהן אַכַאַראַקְטֶער. קֵיין גָאט אִין הַארְצֶען הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט, נֶעצוֹינֶען הָאט אִיהם מֶעהר צוּם שְׁלֶעכְטֶען אוּנ אִין דִי צְוֶועלְף יָאהר וָואס עֶר הָאט פֶערְבְּרַאכְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט-שְׁטָאדְט הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט צוּקוּקֶען צוּ דִי מַעֲלוֹת פוּן מֶענְשֶׁען אוּנ הָאט זִיךְ נָאר אָבְּגֶעלֶערְנְט דִי חֶסְרוֹנוֹת. נִיט אוּמְזִיסְט הָאט מֶען פֶערְבִּיטֶען זַיין נָאהמֶען פוּן עֶפִּיפַאנֶעס (דֶער לִיכְטִיגֶער) אוֹיף עֶפִּימַאנֶעס דֶער מְשׁוּגֶעֶנֶער). עֶר אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן מְשׁוּגָע נָאר פַאר אַנְדֶערֶע אוּנ נִיט פַאר זִיךְ: נָאךְ אִין רוֹם הָאט עֶר אַזוֹי גֶעדְרֶעהט אַז זַיין בְּרוּדֶער, דֶער נַייעֶר קָאנִיג סֶעלֶעוְקוּס פִילָאפַאטֶער אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען צוּ שִׁיקֶען זַיין זוּהן דְמִיטְרִיוּס אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנ אַז אַנְטִיוֹכוּס הָאט נָאר אֵיין פְרַייעֶן פוּס גֶעשְׁטֶעלְט אִיז שׁוֹין אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען אַהוֹיפְּטְמַאן הֶעלִיאָדָאר, וָואס הָאט אוֹיף זַיין הַיינְק גֶעהַרְגֶעט דֶעם קָאנִיג. הָאטְשִׁי דִי מְלוּכָה וָואלְט בֶּעדַארְפְט אֵייגֶענְטְלִיךְ אִיבֶּערְגֶעהן צוּ דְמִיטְרִיוּס'ן, נָאר אַנְטִיוֹכוּס הָאט בַּאלְד בֶּעקוּמֶען צְדָדִים, אֵיימֶענֶס דֶעם קָאנִיג פוּן פֶּערְגַאמוּס אוּנ זַיין בְּרוּדֶער אַטַאלוּס, אוּנ מֶען הָאט אִיהם פֶערְהַאלְטֶען צוּ וֶוערֶען מֶלֶךְ. דִי רָאמֶער הָאבֶּען אוֹיךְ צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיטְ'ן קָאפּ, וַוייל זֵיי הָאבֶּען טַאקִי גֶעוָואלְט דָאס לַאנְד זָאל וֶוערֶען שְׁוַואכֶער

אונ גֶעוואוּסְט הָאבֶּען זֵיי גוּט אַז אַנְטִיוּכוֹס'ס מְלוּכָה וֶועט צוּ קֵיין גוּטְס נִיט פִּיהרֶען.

פאר די הֶעלֶענִיסְטֶען אִיז אַנְטִיוּכוֹס גֶעוֶועהן וִוי גֶעוואוּנְשֶׁען: זֵיי הָאבֶּען בַּאלְד גֶעזֶעהן אַז דוּרְךְ אִיהם וֶועלֶען זֵיי קָאנֶען אַלֶע זֵייעֶרֶע בֶּאזֶע מַחֲשָׁבוֹת אוֹיס־פִּיהרֶען. דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט מֶען תֵּיכֶף גֶעגֶעבֶּען אַנְטִיוּכוֹס'ן צוּ פַארְשְׁטֶעהן אַז אִיהם טוֹיג נָאר נִיט וָואס נָאהִינְט פוּן הֶזְבּוֹן זִיצְט הוּרְקָנוּס אוּנ נֶעהמְט צוּנוֹיף מַס פַארְ'ן קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם: אַנְטִיוּכוֹס הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר הָאט צוּ טְהוּן אוּנ נָאר אִין אַ קוּרְצֶער צֵייט הָאט זִיךְ הוּרְקָנֻס גֶעטוֹיטְט דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען אוּנ זַיין גַאנְץ רַייכְקֵייט אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ אַנְטִיוּכוֹס'ן. אַז עֶס אִיז אַזוֹי דִי הֶעלֶענִיסְטֶען גֶערָאטְהֶען צוּ מַאכֶען אַיין עֶק מִיט אֵיינֶעם פוּן זֵייעֶרֶע גְרֶעסְטֶע שׂוֹנְאִים, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען וִוי אַזוֹי צוּ פְּטֶר'ן דֶעם אַנְדֶערֶען שׂוֹנֵא, דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל אָנִיאַס, וָואס אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען צוּם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף זוּכֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט. זַיין בְּרוּדֶער יַאזָאן, וָואס עֶר הָאט אִיהם דֶערְוַויל אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אוֹיף זַיין אָרְט, הָאט גֶעשִׁיקְט בְּסֵתֶר צוּ אַנְטִיוּכוֹס'ן מֶען זָאל אָנְרֶעדֶען אוֹיף אָנִיאַס'ן אַז עֶר הַאלְט מֶעהר מִיט דִי פְּטַאלֶעמֶעיר אוּנ מֶען זָאל אִיהם צוּזָאגֶען אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד דֶערְפַאר וָואס עֶר וֶועט דִי כְּהוּנָה אִיבֶּערְגֶעבֶּען יַאזָאן. אוֹיף גֶעלְד אִיז אַנְטִיוּכוֹס גֶעוֶועהן דֶער עֶרְשְׁטֶער בַּעַלְן... מֶען הָאט מִיט אִיהם פִּיעל נִיט בֶּעדַארְפְט אַרְבֵּייטֶען אוּנ יַאזָאן אִיז גֶעוָוארֶען כֹּהֵן גָדוֹל. דֶערְנָאךְ הָאבֶּען דִי הֶעלֶענִיסְטֶען אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען אַ חֶסֶד בַּיי אַנְטִיוּכוֹס'ן אַז דִי יוּדֶען, וָואס וֶועלֶען קָאנֶען אַרוֹיסְטְרֶעטֶען אִין דִי אֶפֶענְטְלִיכֶע שְׁפִּיעלֶען וָואס דִי גְרִיכֶען פְּלֶעגֶען זִיךְ מִיט זֵיי אָבְּגֶעבֶּען אוּנ זֶענֶען בֶּעשְׁטַאנֶען אִין שְׁפְּרִינְגֶען, לוֹיפֶען, בְּארֶען זִיךְ, שְׁלָאגֶען זִיךְ מִיט קוּלַאקֶעס, זָאלֶען זִיךְ רֶעכְנֶען צְוִוישֶׁען דִיא עֶדֶעל־לַייט פוּן דֶער מְדִינָה. דֶער נֵייעֶר כֹּהֵן הָאט טַאקֶע דִי גַאנְצֶע קְדֻשָּׁה אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין דִי שְׁפִּיעלֶען, עֶר הָאט גֶעמַאכְט בֶּעזוּנְדֶערֶע שׁוּלֶען מֶען זָאל לֶערְנֶען דֶעם עוֹלָם דִיא גְרוֹיסֶע חָכְמוֹת, אוּנ אַזוֹי וִוי מִיט אַ רֶעכְטֶען קְלַאפּ הָאט מֶען זִיךְ גֶעקֶאנְט בַּאלְד אַיינְקוֹיפֶען אִין יִחוּס, הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדִישֶׁע קִינְדֶער גֶעכַאפְּט צוּ דִי קוּנְצֶען נָאר מִיט אֵיין אַנְדֶער חֵשֶׁק. בּוּשָׁה הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַוֶועקְגֶעלֶעגְט אִין אַ זַייט. נַאקֶעט פְּלֶעגֶען זֵיי אַרוֹיס־גֶעהן אוֹיפְ'ן פְּלַאץ וואו דִי שְׁפִּיעלֶען פְּלֶעגֶען פָארְקוּמֶען, וַוייל אַזוֹי אִיז דֶער מִנְהָג גֶעוֶועהן, אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ אַז פִּיעל יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט מֶען זָאל זֵיי דֶערְקֶענֶען, הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעלָאזְט מַאכֶען גֶע־

פָאדערְלִיכֶע אַפֶּערַאצְיָעס . אַבִּי מֶען זָאל מֵיינֶען אַז זַייא זָענֶען גֶעבָּארֶענֶע גְרִיכֶען .

מִיט שְׁרֶעק הָאבֶּען דִי פְרוּמֶע גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם וָואס דָא גֶעהט פָאר אוּנ הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעקֶאנְט טְהוּן ; זַיי הָאבֶּען זִיךְ אִין וֶועניגְסְטֶענְס גֶעטְרָאסְט דֶערְמִיט וָואס נִיט אַלֶע יוּדֶען הָאבֶּען נָאךְ פֶערְגֶעסֶען אִין זַייעֶר גָאט , אוּנ דָאס הָאבֶּען זַיי גֶעקֶאנְט אַרוֹיסְזֶעהן דֶערְפוּן . וָואס אֲפִילוּ צְוִוישֶׁען דִי הֶעלֶענִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ סַךְ אוּנְצוּפְרִידֶענֶע וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אַז יַאזָאן זָאל שִׁיקֶען מַתָּנוֹת פַאר דֶעם גְרִיכִישֶׁען גָאט הֶערַאקְלֶעס . אוּנ דִי שְׁלִיחִים וָואס עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ לִיעב דֶעם גְרוֹיסֶען גְרִיכִישֶׁען יוֹם טוֹב הָאבֶּען בְּפֵירוּשׁ אוֹיסְגֶענוּמֶען אַ תְּנַאי אַז דָאס גֶעלְד פוּן דִי מַתָּנוֹת מֶעגֶען זַיי בֶּענוּצֶען אוֹיף אַיין אַנְדֶער צְדָקָה . צוּם אוּנְגְלִיק אִיז אָבֶּער דִי צָאהל פוּן דִי פַייעֶרִיגֶע הֶעלֶענִיסְטֶען מִיט יֶעדֶען טָאג גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ גָאר גִיךְ זָענֶען שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַזוֹינֶע , וָואס יַאזָאנ׳ס יוּדִישְׁקֵייט הָאט זַיי שׁוֹין אוֹיךְ נִיט גֶעטוֹיגְט , אוּנ זַיי הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען אוֹיסְצוּקְלוֹיבֶּען נָאךְ אַ בֶּעסֶערן כֹּהֵן . יַאזָאן פְלֶעגְט שִׁיקֶען אַלֶע נְתִינוֹת דוּרְךְ מֶענֶעלוֹים , דֶעם צְוֵוייטֶען בְּרוּדֶער פוּן שִׁמְעוֹן וָואס הָאט גֶעמַסֶרְ׳ט אַנְיָאס׳ן , אוּנ אַז מֶענֶעלוֹים הָאט גֶעזֶעהֶען וִוי טְהַייעֶר דִיא מַטְבֵּעַ אִיז בַּיי אַנְטִיוֹכוּס׳ן , אוּנ דֶערְצוּ הָאט עֶר נָאךְ אָבְּגֶערֶעט מִיט זַיין חֶבְרָה מֶען זָאל שְׁרַייעֶן אִין אֵיין קוֹל אַז מֶען וִויל נָאר אִיהם , הָאט עֶר אִיהם צוּגֶעזָאגְט אַיין מָנָה יָפָה אַבִּי עֶר זָאל אִיהם מַאכֶען פַאר כֹּהֵן גָדוֹל . עֶר הָאט עֶס בַּייא אַנְטִיוֹכוּס׳ן בַּאלְד גֶעפוֹעֶלְט אוּנ עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט אֵיין הוֹיפְּטְמַאן קַאסְטְרַאטֶעס אוּנ אַ סַךְ חַיִל , וָואס זָאלֶען אִיהם הֶעלְפֶען אַיינְמָאנֶען דָאס גֶעלְד וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אַנְטִיוֹכוּס׳ן . יַאזָאן הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען .

פַאר דֶעם נַייעֶם כֹּהֵן הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי רֶעכְטֶע אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט . אַ טְהֵייל הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאלְטֶען מִיט יַאזָאן , אַ טְהֵייל זֶענֶען גֶעוֶועהן בְּרוֹגֶז דַארוּיף וָואס אֵיינֶער פוּנ׳ם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין הָאט מִיט גֶעוַאלְד אַריינְגֶעחַאפְּט דִי כְּהוּנָּה אוּנ כִּמְעַט אַלֶע זָענֶען אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען וָואס עֶר בַּייסְט אַזוֹי פוּן טוֹידְט אוּנ פוּן לֶעבֶּעדִיג אוּנ בֶּענוּצְט זִיךְ נָאךְ מִיט דֶער הִילְף פוּן חַיִל . דֶערְצוּ הָאט עֶר נָאךְ נִיט גֶעקֶאנְט הַאלְטֶען וָוארְט אוּנ הָאט אִין קָאנְטְלִיכֶען הוֹיף נִיט צוּגֶעשְׁטֶעלְט דִי סוּמֶע וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אִיז אוֹיף אִיהם אַנְטִיוֹכוּס אוֹיךְ בֵּאז גֶעוָוארֶען . אַז מֶענֶעלוֹים הָאט בֶּעדַארְפְט

פָאהרָען זִיךְ פַארְעֶנְפֶערן אונ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אויף זַיין בְּרוּדֶער לִיזִימַאכוס. הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דֶער בֶּעסְטֶער תִּירוּץ וֶועט זַיין אַ מְזוּמָן שְׁטִיקֶעל אוּנ הָאט אויסְגֶעלֶערִינְט דִיא קַאסֶע פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. דֶערְפוּן אִיז אָבֶּער בַּאלְד גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען דֶער גֶעוֶועזֶענֶער כֹּהֵן גָּדוֹל אָנִיַאס, וָואס אִיז נָאךְ אַלֵיין גֶעזֶעסֶען אִין אַנְטִיוֹכְיֶען, אוּנ הָאט גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל מֶענֶעלאוּיס'ן בֶּעשְׁטְרָאפֶען פַאר אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶער עֲבֵירָה וִויא אָנְרִיהרֶען הֵיילִיג גֶעלְד. נָאר מֶענֶעלוֹיס הָאט אָבְּגֶעשְׁמוּעסְט מִיט דֶעם שֵׁנִי לְמַלְכוּת אַנְדְרָאנִיקוּס עֶר זָאל זֶעהן אַיין עֶק מַאכֶען מִיט דֶעם אַלְטֶען כֹּהֵן, אוּנ עֶר הָאט אִיהם טַאקֶע אַרויסְגֶענַארְט פוּן דֶעם אָרְט, וואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועהן בֶּעהַאלְטֶען, אוּנ הָאט אִיהם דֶערְהַרְגֶעט. דֶער טוֹיט פוּן דֶעם פְרוּמֶען אָנִיַאס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַזַא רַעַשׁ אֲפִילוּ בַּיי דִי גְרִיכֶען אוּנ סִירְיֶער אַז אַנְטִיוֹכוּס הָאט גֶעמוּזְט בֶּעשְׁטְרָאפֶען דֶעם רוֹצֵחַ אַנְדְרָאנִיקוּס.

מֶענֶעלוֹיס הָאט אָבֶּער גוּט גֶעקֶענְט אַנְטִיוֹכוּס'ן אוּנ הָאט גֶעוואוּסְט אַז זַיין גַאנְצֶען רוֹגֶז קֶען מֶען פַארְעֶנְטְפֶערְן מִיט גֶעלְד, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר בֶּעפוֹילֶען זַיין בְּרוּדֶער לִיזִימַאכוּס עֶר זָאל אִיהם טַאקֶע וַוייטֶער שִׁיקֶען דִי גַאנְצֶע הַכְנָסָה פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. דָאס הָאט שׁוֹין אָבֶּער קֵיין סוֹד נִיט גֶעקָאנְט בְּלַייבֶּען, אוּנ אַז דָאס פָאלְק הָאט דֶערְפוּן דֶערְהֶערְט אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע מְרִידָה אוּנ מֶען הָאט גֶעוָואלְט פְּשׁוּט צוּרַייסֶען דִי בֵּיידֶע בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען גֶערוֹיבְּט אַזַא הֵיילִיג צְדָקָה-גֶעלְד. לִיזִימַאכוּס הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעשִׁיצְט דוּרְךְ זַיין חֶבְרָה וָואס הָאט גֶעהַאט כְּלֵי זַיין אוּנ זֵייעֶר פִירֶער אִיז גֶעוֶועהן אַבְּדַן, אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ אוּנ אַ פֶערְבְּרֶענְטֶער הֶעלֶענִיסְט. מֶען הָאט אָבֶּער מִיט'ן צוּרֵייצְטֶען פָאלְק גָאר נִיט גֶעקֶענְט מַאכֶען אוּנ לִיזִימַאכוּס אִיז דֶערְהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען. מֶענֶעלוֹיס הָאט פַארְקְלָאגְט דִי יוּדֶען פַאר'ן קֶעניג אַז זֵיי זֶענֶען מוֹרֵד בְּמַלְכוּת אוּנ אַנְטִיוֹכוּס הָאט גֶעזֶעצְט שׁוֹפְטִים מֶען זָאל אויסְהָארֶען בֵּיידֶע זַייטֶען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען פוּן זִיךְ גֶעשִׁיקְט דְרַיי שְׁלִיחִים זֵיי זָאלֶען דֶערְצַיילֶען וָואס פַאר אַיין עַוְלָה דִי צְוֵויי כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעטְהוּן; מֶענֶעלוֹיס אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן תַּקִּיף אוּנ אִיהם צוּ לִיעבּ אִיז אַרוֹיס אַ גֶערֶעכְטֶער מִשְׁפָּט אַז מֶען זָאל דִי יוּדִישֶׁע שְׁלִיחִים טֵייטֶען. אַזוֹי אִיז מֶענֶעלוֹיס גֶעוָוארֶען נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער חָשׁוּב בַּיי אַנְטִיוֹכוּס'ן אוּנ וֶוער שְׁמִיעֶסְט אַז עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּרֶעדֶען כָּל הָרָעוֹת אוֹיף יוּדֶען; אוֹיף זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, אוֹיף זֵייעֶר תּוֹרָה, אוּנ שְׁרֵייעֶן אַז מֶען מוּז דָאס פָאלְק עוֹקֵר מִן הַשֹּׁרֶשׁ זַיין. הָאט עֶר אַנְטִיוֹכוֹס'ן פְּשׁוּט אַ נֵייעֶ נְשָׁמָה אַרַיינְגֶעזֶעצְט. דֶער גִיפְט פוּן מֶענֶעלוֹיס

רְכִילוֹת איז מַאקֶע מִיעף אַריין אִין הַארְץ פון אַנְטִיוכוֹס׳ן, אונ אַזוי וויא עֶר הָאט אַלֶץ גֶעדֶענְקְט אָנְצוּפַאלֶען אויף מִצְרַיִם, הָאט עֶר אָנְגֶעהויבֶּען שְׁטַארְק מְרַאכְטֶען ווי אַזוי עֶר זָאל זִיךְ בֶּעוָוארְנֶען פַאר דִי שָׁאַדְלִיכֶע יוּדֶען, וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר אִינְוֶוענִינְסְטֶע שׂוֹנְאִים.

אויף אַ מִלְחָמָה הָאט אַנְטִיוכוֹס נִיט בֶּעדַארְפְט לַאנְג וַוארְטֶען. זַיין שְׁוֶועסְטֶער קְלֶעאָפַּאטְרַא, דִי פְרוֹי פון פְּטַאלָאמֶעאוּס דֶעם פִינְפְטֶען, אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אונ עֶס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צְווֵיי קְלֵיינֶע זִיהן, פִילָאמֶעטָר אוּנ פְתִיסְקָאן. דֶער עֶלְטֶערֶער אִיז עֶרְקְלֶערְט גֶעוָוארֶען פַאר קֶענִיג, נָאר אַזוי ווי עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן יוּנְג, הָאבֶּען זַיינֶע צְווֵיי אַפַּטְרוֹפְּסִים, קוֹלֵייס אוּנ לֶעגֶיים, גֶעפִיהְרְט דִי מְדִינָה. אַנְטִיוכוֹס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אֵיין אוֹיסְרֶעד אַז עֶר מוּז שִׁיצֶען זַיין שְׁוֶועסְטֶערְ׳ס קִינְד אונ אַזוי וויא דִיא רֶאמֶער, וָואס נָאר פַאר זֵיי הָאט עֶר בֶּעדַארְפְט מוֹרָא הָאבֶּען, זֶענֶען דָעמֶעלְט גֶעוֶועהן פֶערְנוּמֶען אִין דֶער מִלְחָמָה מִיט פֶּערְזֶעאוּס, דֶעם מֶלֶךְ פון מוֹקְדוֹן, אִיז עֶר מִיט גְרוֹיס חַיִל צוּבֶּערְגֶעטְרֶעטֶען דִי גְרֶענִיץ פון מִצְרַיִם. פִילָאמֶעטֶר מִיט זַיינֶע אַפַּטְרוֹפְּסִים הָאבֶּען גֶעמוּזְט עֶנְטְלוֹיפֶען אונ דָאס פָאלְק הָאט דֶערְווייל אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען דֶעם יוּנְגֶערְן בְּרוּדֶער פְתִיסְקָאן פַאר קֶענִיג אוּנ הָאט זִיךְ מִיט גְרוֹיס גְבוּרָה גֶעוֶועהְרְט אַקֶעגֶען דֶעם נַייֶעם בַּעַל טוֹבָה. אַז אַנְטִיוכוֹס הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ קוּק אַז עֶר שְׁטֶעהט שְׁמָאל הָאט עֶר זִיךְ וַוייטֶער פַארְשְׁטֶעלְט פַאר אַ גֶעטְרֵייֶען פֶעטֶער וָואס מֵיינְט נָאר דִי טוֹבָה פון יְתוֹמִים אוּנ הָאט גֶעשִׁיקְט זָאגֶען פִילָאמֶעטר׳ן אַז עֶר הָאט זִיךְ נָאר אוּמְזִיסְט דֶערְשְׁרָאקֶען, וַוייל עֶר גֶעהמְט זִיךְ אָן מַאקִי נָאר זַיין קְרִיוְודֶע. מִיט אַזַא אוֹיפְטְהוּ הָאט זִיךְ אַנְטִיוכוֹס וַוייטֶער גֶעקָאנְט צוּפִּירֶען דִי הֶאנְד אונ אִיז אַלֶץ מִיט זַיין חַיִל אַריין טִיעפֶער אִין לַאנְד.

אִין יְהוּדָה הָאט מֶען שְׁטַארְק אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אַנְטִיוכוֹס זָאל הָאבֶּען אַיין מַפָּלָה וַוייל אִין הַארְצֶען הָאט יֶעדֶער גֶעהַאלְטֶען מִיט מִצְרַיִם ווּאוּ דִי לַאנֶע פון דִי יוּדֶען אִיז גֶעוֶועהן נָאר נִיט שְׁלֶעכְט אוּנ ווּאוּ פִיעל פון דִי אוּנְצוּפְרִידֶענֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעמוּזְט פֶערְלָאזֶען זֵייעֶר הַיים, הָאבֶּען גֶעפוּנֶען שׁוּץ אוּנ פְרַיינְדְלִיכְקֵייט. פְּלִיצוּם אִיז אַרוֹיס אַ קוֹל אַז אַנְטִיוכוֹס אִיז גֶעפַאלֶען אוּנ בַּאלְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרִיעג מַאקֶע פון דִי הֵיימִישֶׁע אֵיינְוָואהנֶער. דֶער פְרִיהֶרִינֶער כֹּהֵן יַאזָאן אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶער מַחֲנֶה אוּנ מֶענֶעלוֹיס הָאט זִיךְ גֶעפְּרוּבְט פֶערְשְׁלִיעסֶען דִי טוֹיעֶרֶען אוּנ זֵיי נִיט אַריינְלָאזֶען, נָאר אַזוי ווי עֶר הָאט גֶעהַאט אִין שְׁטָאדְט גֶענוּג

שׂוֹנְאִים אִיז יַאוָאנֶען גֶערָאטְהֶען אַריין קיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ מֶענֶעלוֹים הָאט גֶע-
מוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען. קיין עַקְרָא אוּנ דָארְט בְּלַייבֶּען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג. דֶערְוַוייל
אִיז אַנְטִיוֹכוֹס צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט גֶעלְד אוּנ עֶס הָאט
זִיךְ אִיהם פֶערְוִילוּסְט זִיךְ אַ בִּיסֶעל אַ שְׁפִּיעל מְהוּן מִיט דִי יוּדֶען, וַוייל עֶס
הָאט אִיהם פֶערְדְרָאסֶען פַאר וָואס מֶען הָאט אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעמַאכְט אַזאָ מְרִידָה.
עֶר הָאט דָארְך. אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁאֶנֶע חֲתוּנָה, בְּלוּט אִיז גֶערִינֶען אִין דִי גַאסֶען
אוּנ אַ חוּץ דֶעם הָאט עֶר אָבְּגֶעראָבְּעוֶועט אַלֶע טְהַייעֶרְסְטֶע זַאכֶען פוּנ'ם בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, דֶעם מִזְבֵּחַ, דֶעם שׁוּלְחָן, דִי מְנוֹרוֹת אוּנ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע גָאלְדֶענֶע
כֵּלִים. מֶענֶעלוֹים הָאט אִיהם גֶעוִויזֶען וואו יֶעדֶע זַאךְ לִיגְט, אוּנ עֶר הָאט
אַלְדִינְג צוּגֶעהַאפְּט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד. עֶר הָאט זִיךְ-אָבֶּער נִיט בֶּעגְנוּגְט נָאר
מִיט רַאבֶּעוֶוען גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער, עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּצוּנֶעה-
מֶען בַּיי דִי יוּדֶען דָאס בֶּעסְטֶע פוּן אַלֶע אוֹצְרוֹת — דָאס רֵיינִיגְקֵייט פוּן זַייעֶר
אֱמוּנָה. עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ שֵׁם אַז עֶר הָאט אִין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים גֶעפוּ-
נֶען פוּן שְׁטֵיין אוֹיסְגֶעהַאקְט אַ מֶענְשֶׁען רַייטֶענְדִיג אוֹיף אַיין אֵייזֶעל מִיט אַיין
בּוּךְ אִין דִי הֶענְד, אוּנ בַּאלְד הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים אוֹיפְגֶעהַאפְּט דָאס נַייעֶס,
אוּנ גֶעדְרִינְגֶען אַז דָאס אִיז דָאס גֶעשְׁטַאלְט פוּן משֶׁה רַבֵּינוּ אוּנ אַז דִי יוּדֶען
דִיעֶנֶען צוּ אַיין אֵייזֶעל. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז אִין בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ הָאט עֶר גֶעטְרָאפֶען לִיגֶען אִין אַ בֶּעט אַ פַּארְמוּטְשֶׁעטֶען גְרִיכֶע
וָואס הָאט אִיהם דֶערְצֶעהלְט אַז יֶעדֶעס יָאהר הַרְגֶענֶען דִי יוּדֶען אַיין אַנְדֶערֶע
גְרִיכֶע אוּנ עֶסֶען אוֹיף זַיינֶע גֶעדֶערִים. זַאזאָ לִיגֶען מִיט אַ וָוארְטְצַייכֶען אִיז
דַוְקָא בַּאלְד אַריין אִין דִי אוֹיעֶרֶען פוּן דִי גְרִיכֶען אוּנ דֶערְפוּן אַלֵיין קָאן מֶען
אַרוֹיסְזֶעהן וִוי אֱמֶת דִי פְרֵיינְדְשַׁאפְט אִיז גֶעוֶועהן וָואס דִי גְרִיכֶען פְלֶעגֶען
קְלָאמֶערְשְׁט בֶּעוַויזֶען דִי יוּדֶען אוּנ וִוי וֶוענִיג דִי בֵּיידֶע פֶעלְקֶער הָאבֶּען זִיךְ
אֵיינְס דָאס אַנְדֶערֶע גֶעקֶענְט.

אַ שְׁוַוארְצֶע הַמָארֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּקְט אוֹיף יְהוּדָה, נָאר דֶערְמִיט
הָאט זִיךְ עֶס נָאךְ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט. אַנְטִיוֹכוֹס הָאט נָאךְ אַ מָאהל אָנְגֶעהוֹיבֶּען
אַ מִלְחָמָה מִיט מִצְרַיִם, אוּנ דִי יוּדֶען אִיז בַּאשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ הַאפֶּען דִי
שִׁירַיִם. אִין מִצְרַיִם הָאבֶּען בֵּיידֶע יוֹרְשִׁים פוּן דֶער מְלוּכָה שָׁלוֹם גֶעמַאכְט,
אוּנ דִיא שְׁטָאדְט אַלֶכְּסַנְדְרִיָען הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען פִּילָאמֶעטָארֶן פַאר קֶענִיג.
אַנְטִיוֹכוֹס הָאט שׁוֹין גֶעהַאט צוּ וָואס זִיךְ צוּ מְשֶׁעפֶּען, אוּנ אַזוֹי וִויא עֶר
הָאט נָאךְ אַלְץ גֶערֶעכֶענְט אַז דִי רָאמֶער הָאבֶּען צוּ מְהוּן מִיט מוּקְדוֹן אוּנ
קָאנֶען זִיךְ נִיט מִישֶׁען אִין פְרֶעמְדֶע עֲסָקִים, הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַיין חֵיל צוּ-

גערוקט ביז צו דער הויפטשטאדט. די מלכים פון מצרים האבען אבער באלד צו וויסען געגעבען די רוימער און געבעטען הילף. דאס איז געווען פונקט ווען די רוימער האבען גוט צושלאגען דאס חיל פון מוקדון און דער מלך פערסעאוס איז אנטלאפען. דיא רוימער האבען תיכף געשיקט שליחים צו אנטיוכוס ער זאל זיך שוין געהן זיין וועג. נאר ער האט געבעטען מען זאל איהם געבען צייט ער זאל זיך בעטראכטען. איינער פון די שליחים האט געמאכט מיט'ן שטעקען אין זאמד א ראד און האט איהם גאנץ קלאר געזאגט, אז נאר אזוי פיעל צייט האט ער אויף צו געבען תשובה ווי פיעל עס וועט געדויערן ביי איהם ארויס צוטרעטען פון דער ראד. אנטיוכוס האט פערשטאנען אז מיט די רוימער טאר מען זיך ניט שפיעלען, האט ער געמוזט אנבויגען דעם קאפ און האט זיך נאך געמוזט געבען א קניפ אין דער באק כדי די פארב זאל שטעהן. דערפאר האט ער זיין שווער הארץ נאך א מאל אויסגעלאזט צו די יודען.

אויפ'ן בעפעהל פון אנטיוכוס איז איינער פון זיינע הויפטלייט אפאלאניוס געקומען קיין ירושלים און לכתחלה האט מען דערפון קיין שום שלעכטס ניט ערווארטעט. באלד האט זיך אבער ארויסגעוויזען צו וואס אפאללאניוס איז געשיקט געווארען. דעם ערשטען שבת, ווען די יודען האבען גערוהט און קיינער האט זיך אויף גאר ניט געריכט, איז ער ווי א צוריינצטער וואלף אנגעפאלען אויף די איינוואהנער אויסגעהרג'עט דיא בעסטע בעלי בתים, ווייבער און קינדער אוועקגעפיהרט ווי שקלאווען. ווער עס האט נאר געקאנט איז אנטלאפען. פון דער הויפטשטאדט איז געווא־רען א תל, די שאנסטע הייזער האט מען צושטערט, די פעסטונגען צובראכען, קיין לעבעדיגען מענשען האט מען ניט געזעהן אויף דער גאס ווייל אלע העלעניסטען מיט'ן חיל האבען זיך געפונען אין עקרא. נאר דעם בית המקדש האט אפאלאניוס ניט אנגערירט: מענעלויס האט געגעבען צו פאר־שטעהן אנטיוכוס'ן אז עס איז געקומען די בעסטע צייט גייטהען די יודען מיט געוואלד זיי זאלען איבערגעהן צום גריכישען גאטטעסדיענסט פונ'ם משכן זאל ווערען א טעמפעל פון עבודה זרה און ער זאל בלייבען דארט א כהן. אנטיוכוס האט מען ניט בעדארפט לאנג בעטען און ער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אז אומעדום אין אלע יודישע בתי תפלה זאל מען אריינשטעלען געטצענבילדער און וואס פאר א יודען מען וועט טאפען אז ער

האט מל געוועהן זיין קינד, היט אָב דעם שַׁבָּת אונ עָסְט כָּשֵׁר'ס, זָאל מָען איהם בֶּעשְׁטְרָאפֶען מִיט'ן טויט.

אַנְטִיוכוּס האט גֶערֶעכֶענְט אַז צוּבְּרֶעכֶען דֶעם גייסְט פון אַ פָאלְק אִיז אַזוי גְרִינְג ווִי צוּנֶעהמֶען דָאס לֶעבֶּען בַּיי אַ מֶענְשֶׁען – אונ האט אַ גְרויסֶען טָעוּת געהאט. אַז עֶר האט גֶעהֵייסֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַריינְשְׁטֶעלֶען אַיין אָבְגָאטט, אַז מֶען האט דָארְט גֶעבְּרָאכְט פַאר אַ קָרְבָּן אַ חֲזִיר, מִיט'ן בְּלוּט בֶּעשְׁפְּרִיצְט אַלֶע הֵיילִיגֶע זַאכֶען אונ מֶענֶעלוֹיִם מִיט זַיין חֶבְרָה האבֶען זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶסֶען דָאס חֲזִיר-פְלֵייש בַּיים פַייעֶר, אִין ווֶעלְכֶען מֶען האט פַארְבְּרֶענְט די תּוֹרָה, האט עֶר גֶעמֵיינְט אַז עֶר האט שׁוֹין גֶעעֶקְט מִיט'ן גַאנְצֶען יוּדִישְׁקֵייט. דָאס האט זִיךְ אִיהם נָאר אָבֶּער אַזוי אויסְגֶעווִיזֶען. אִין דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער פִּינְכְטֶערֶער צַייט האט מֶ'ען עֶרְשְׁט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְזֶעהן ווִי פִיעל אֱמֶת'ע יוּדֶען זֶענִין דָא, וָואס קֵיין כֹּחַ אִין דֶער ווֶעלְט ווֶעט זֵייא נִיט אָבְּרֵייסֶען פון זֵייעֶר אֱמוּנָה. חָאטְשִׁי מֶען האט זֶעהר שְׁטְרֶענְג אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען די יוּדֶען זָאלֶען טְרַיי בְּלַייבֶּען דֶעם גְרִיכִישֶׁען גָאטְצֶענְדִיעִנְסְט, פִיעל פון זֵיי אָנְגֶעטְהוּן עֲנוּיִים קָשִׁים, פון דֶעסְטְווֶעגֶען האבֶּען זֵייא מִיט די לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען פַאר זֵייעֶר אַלְטֶען גְלוֹיבֶּען. די וָואס האבֶּען גֶע-ווָאהנְט צְווִישֶׁען גְרִיכֶען אִין דֶערְפֶער אונ קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְט אונ האבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אַוֶועקְוַוארְפֶען זֵייעֶרֶע אֶרְטֶער, האבֶּען קְלָאמֶערְשְׁט לְפָנִים זִיךְ גֶעפִירְט ווִי גְרִיכֶען אונ בְּסֵתֶר האבֶּען זֵיי גֶעדִינְט דֶעם יוּדִישֶׁען גָאטט; פִיעל וָואס האבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ נִיט גֶעווָאלְט פַארְשְׁטֶעלֶען זֶענֶען זִיךְ צוּלָאפֶען אונ האבֶּען זִיךְ דֶערְהַאלְטֶען אִין די טִיעפְסְטֶע הֵיילֶען; עֶס האבֶּען זִיךְ אָבֶּער אוֹיךְ גֶע-פִינֶען אַזֶעלְכֶע וָואס האבֶּען גֶעווָאלְט פְרַיי ווַייזֶען דֶעם שׂוֹנֵא אַז אַ יוּד קָאן פַאר זַיין אֱמוּנָה דָאס לֶעבֶּען אַוֶועקְגֶעבֶּען, זֵיי האבֶּען אָפֶענְטְלִיךְ מְקַדֵּשׁ הַשֵּׁם גֶעווֶעהן, אונ מִיט בֶּעהַארְצְקֵייט אַקֶעגֶענְגֶעגַאנְגֶען דֶעם טוֹיט. אַזוֹי הָאט אִין גַאנְטִיוֹכְיֶען אֵיינֶער פון די בְּכָבוֹדְסְטֶע יוּדִישֶׁע זְקֵנִים ר' אֶלְיְעָזֶר, מִיט שִׂמְחָה אָנְגֶענוּמֶען דֶעם טוֹיט אונ האט נִיט גֶעווָאלְט עֶסֶען קֵיין טְרֵיפָה'ס; אַזוֹי האט אַ מַאמֶע מִיט זִיבֶּען זִיהן זִיךְ אָבְגֶעזָאגְט פוּנ'ם לֶעבֶּען אַבִּי זֵיי זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען יוּדִישֶׁע קִינְדֶער; אַזוֹי האבֶּען טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען גֶעעֶנְדִיגְט ווִיא קְדוֹשִׁים אונ אַז דֶער הוֹיפְטְמַאנְן פִילִיפּוּס אִיז אִין אַ שַׁבָּת אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אַ סַךְ יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת, וָואס זֶענִין גֶעלֶעגֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ הֵייל, אונ האט בַּיי זֵיי גֶעפָאדֶערְט זֵיי זָאלֶען מְחַלֵּל שַׁבָּת זַיין, הָאט זֵיי אֲפִילוּ די סַכָּנָה נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ אִים שַׁבָּת חַאפֶּען

צו קָלַי זיין. זיי הָאבֶּען זיך ניט גֶעוָועהרט אונ מִיט אַ שְׁטִילֶע זִיפְץ אויסְ־גֶעהוֹיכְט די נְשָׁמָה.

אזוינֶע הֶעלְדֶען הָאבֶּען זיך אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען צְווִישֶׁען די יוּדֶען אוּנ זַייעֶר טויט הָאט גֶעשְׁטַארְקְט די וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען. חָאטְשֶׁי דָאס לֶעבֶּען איז גֶעוֶועהן זֶעהר אַ בִּיטֶערְס. חַייל מֶען הָאט ניט גֶעזֶעהן קיין שַׁיין פון הָאפְנוּנְג: קיין אֵיינְצִיג טְרֶאסְט־וָוארְט פון אַ נָביא הָאט זיך ניט גֶע־לָאזְט הֶערֶען ווי פַארְצַייטֶענְס. קיין אֵיינְצִיג שְׁטֶערְנְדִיל הָאט ניט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְקוּקֶען פון די שְׁוַוארְצֶע וָואלְקֶענְס אונ עֶס הָאט זיך שוין גֶעקֶאנְט אויסְ־באַכְטֶען אַז אֵיין עֶבִּיגֶע נַאכְט הָאט זיך אַנְגֶעגְרִיקְט אויף יְהוּדָה.



# צֶעקְסְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## די מַכַּבִּים (מַאקַאבֶּעֶער).

(160—167 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹרְט. 230—237 פַארִ'ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

די יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע הָאט ניט אֵיין מָאל גֶעוִויזֶען אַז וֶוען דָאס וַואסֶער דֶערְגֶרֵייכְט מַאקִי בִּיזִ'ן הַאלְז, איז די הִילְף שוין גָאר נָאהֶענְט. אוּנ דָאס איז אויך גֶעשֶׁעהן אַצִינְד. ווען אַנְטִיוֹכוֹס הָאט שְׁטַארְק אִיבֶּערְגֶעצוֹי־גֶען דֶעם בּוֹיגֶען. ווען זַיינֶע הוֹיפְּטְלַייט זֶענִין אוּמֶעדוּם אַרוּמְגֶעלָאפֶען ווִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת אוּנ קיין אֶמֶתְ'ער יוּד, מִיט יוּדִישֶׁע מִדּוֹת, מִיט אַ יוּדִישֶׁער הַנְהָגָה, הָאט זיך זיי ניט גֶעטָארְט ווַייזֶען פַאר די אוֹיגֶען, הָאט זיך אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל מָדִין, ניט ווַייט פון יְרוּשָׁלַיִם, גֶעפוּנֶען אֵיין אֵיינְצִיגֶע מִשְׁפָּחָה, וָואס דֶער פוּנְק פון יוּדִישְׁקֵייט הָאט דָארְט ניט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גְלִיהֶען, אוּנ וָואס די רְדִיפוֹת זֶענֶען גֶעוָוארֶען גְרֶעסֶער הָאט זיך דֶער פוּנְק

אויך מֶעהר צוּבְּרֶענְט א. גָם אִיז אַרוּים אַ הֶעלִישׁ פַּייֶער. דָאס אִיז גֶעֶ-
וֶועהן דֶער אַלְטֶער כֹּהֵן פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים, אֵיינֶע פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע
מִשְׁפָּחוֹת אִין יְהוּדָה, מַתִּתְיָהוּ בֶּן יוֹחָנָן, מִיט זַיינֶע פִּינְף זִיהן: יוֹחָנָן
שִׁמְעוֹן, יְהוּדָה, אֶלְעָזָר אוּנ יוֹנָתָן. אַז אֵיינֶער פוּן דִי סִירִישֶׁע
הויפּטְלַייט, אַפֶּעלֶעס, אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין מָדִין אוּנ הָאט גֶעוָואלְט דִיא
אֵיינְוואהנֶער גֵייטְהֶען זֵיי זָאלֶען דִיענֶען דִי עֲבוֹדָה זָרָה, וָואס עֶר הָאט
דָארְט גֶעהֵייסֶען שְׁטֶעלֶען, הָאט זִיךְ מַתִּתְיָהוּ אַקֶעגֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט מִיט
זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶאנְד דֶערְהַרְגֶעט דֶעם עֶרְשְׁטֶען יוּדֶען וָואס הָאט גֶעוָואלְט צוּ
לִיעבּ מִתוּן אוּנ מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן בַּיים מִזְבֵּחַ פוּנ'ם אָבְגָאט. דָאס אִיז
גֶעוֶועהן דֶער עֶרְשְׁטֶער צֵייכֶען אוּנ בַּאלְד זֶענֶען אַרוּים מַתִּתְיָהוּ'ס אַלֶע זִיהן
מִיט מֶעסֶערְס אוּנ עֶס אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קֵיין שָׂרִיד וּפָלִיט פוּן דֶער גַאנ-
צֶער סִירִישֶׁער חֶבְרָה. פוּן דֶעמֶעלְט אָן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַאמְלֶען אַרוּם
מַתִּתְיָהוּ'ן אוּנ זַיין מִשְׁפָּחָה אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה, צוּ זֵיי זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען אַ סַךְ
פוּן דִי יוּדֶען וָואס פְלֶעגֶען לִיגֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין דִי הֵיילֶען, אוּנ אַזוֹי אִיז
גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶע מַאכְט וָואס אַנְטִיוּכוּס הָאט זִי גֶעמוּזְט דֶערְפִיהלֶען. קֵיין
אָפֶּענֶעם קְרִיעג הָאט מַתִּתְיָהוּ נָאךְ נִיט גֶעקָאנְט אָנְהֵייבֶּען, וַוייל דִי צָאהל
פוּן זַיינֶע לַייט אִיז נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס; נָאר וַוייל עֶר הָאט מַתִּיר גֶעוֶועהן
אַז צוּ לִיעבּ אַ סַכָּנָה זָאל מֶען מֶעגֶען זִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט'ן שׂוֹנֵא אִים שַׁבָּת,
אוּנ אַ חוּץ דֶעם הָאבֶּען דִי יוּדֶען בֶּעסֶער גֶעקֶענְט דִי גֶעגֶענְד אוּנ הָאבֶּען
גֶעוואוּסְט וואוּ זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען צְווִישֶׁען דִי בֶּערְג, פְלֶעגֶען שׁוֹין דִי סִי-
רִיֶער נִיט אֵיין מָאל חַאפֶּען דֶעם פְּסַק פוּן דֶעם אַלְטֶען כֹּהֵן מִיט זַיין
כְּנוּפְיָא.

אַזוֹי הָאט מַתִּתְיָהוּ בִּיסְלֶעכְוַויים גֶעשְׁטֶערְט אַנְטִיוּכוּס'ן אוּנ גֶעשְׁטַארְקְט
דָאס יוּדִישְׁקֵייט; עֶר אִיז אַרוּיסְגֶעפָאהרֶען אִין אַלֶע נָאהֶענְטֶע אָרְטֶער אוּנ
אַבְּטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז יוּדֶען זָאלֶען מַל זַיין דִי קִינְדֶער אוּנ אָבְּהִיטֶ'ן דִי דִינִים
פוּן דֶער תּוֹרָה. פַאר'ן טוֹיט הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט אַז זַיינֶע לַייט זָאלֶ'ן
בְּלַייבֶּען אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן שִׁמְעוֹן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר קְלוּג
אוּנ גֶעקָאנְט גֶעבֶּען דִי בֶּעסְטֶע עֵצוֹת. אוּנ יְהוּדָה וָואס אִיז גֶעוֶועהן אֵיי-
נֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע גִבּוֹרִים, גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת. שְׁטַארְק ווִיא
אַ לֶעבּ אוּנ גוּט וִוי אַ טוֹיבּ. יְהוּדָה הָאט שׁוֹין אַיינְגֶעפִיהרְט אִין זַיין מַחֲנֶה
מֶעהר אָרְדְנוּנְג. וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין בַּיי חַיִל. אוּנ אַז אֵיינֶער פוּן

אַנטִיאָכוּס'ס הויפּטְלַייט אַפָּאלָאנִיוּס. איז אָנְגֶעפַאלֶען אויף אִיהם, הָאט ער פון אִיהם אונ פון זַיינֶע לַייט גֶעמַאכְט אַ תֵּל. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דִיא עֶרְשְׁטֶע מִלְחָמָה וָואס יְהוּדָה הָאט גֶעפִֿיהרְט מִיט דִי סִירְיֶער אונ זַיין נִצְחוֹן הָאט דִיא יוּדֶען אַיינְגֶעגֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל הֶעְזק, אַז וֶוען בַּאלְד דֶערְנָאךְ הָאט אַנְטִיאָכוּס גֶעגֶען זֵיי אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זַיין הוֹיפְּטְמַאן חָרָן מִיט זֶעהר פִיעל חַיִל אונ דֶערְצוּ הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען בַּעֲלָנִים פוּן דִי הֶעלְלֶענִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען דִי סִירְיֶער גֶעוויזֶען דֶעם וֶועג צְווִישֶׁען דִי בֶּערְג הָאט זִיךְ יְהוּדָה גָאר נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען אונ הָאטְשִׁי דֶער שׂוֹנֵא אִיז גֶעוֶועהן פִיעל מָאל גְרֶעסֶער, הָאט עֶר מִיט אַיין קְלַאפּ אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט אַכְט הוּנְדֶערְט סִירְיֶער אונ דִי אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען זִיךְ צוּלָאפֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אַנְטִיוֹכוּס'ן דִי וויסְטֶע בְּשׂוּרָה, מִיט וָואס עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶע לָאזְט דִי מִלְחָמָה בַּיי בֵּית־חָרָן.

אויף אַזאַ זַאךְ הָאט זִיךְ אַנְטִיוֹכוּס נִיט גֶערֶעכְט אונ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען, עֶר זָאל זִיךְ גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶעהֶמֶען צוּ דִי יוּדֶען. עֶס אִיז אָבֶּער גְרָאד אוֹיסְגֶעקוּמֶען כּוֹנְקְט אִין דֶער צַייט וֶוען עֶר אִיז גֶעוָוארֶען גֶעעֶנְגְט פוּן אַלֶע זַייטֶען, אַרְזַאצֶעס דֶער מוֹשֵׁל פוּן פַּארְטִיֶען, אונ אַרְטַאקְסִיאַס, דֶער מֶלֶךְ פוּן אַרְמֶנִיֶען הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען עֶר זָאל אִיבֶּער זֵיי הֶערְשֶׁען; דִי אֵיינְוואוֹהנֶער פוּן אַרַאדוּס אונ אַנְדֶערֶע פֶּהעֶנִיקִישֶׁע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ צָאהלֶען מַס, אונ פוּן דִי יוּדֶען הָאט עֶר גַעוַויס נִיט גֶעזֶעהן קֵיין הַכְנָסָה. אִין אַזאַ לַאגֶע אִיז אִיהם שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען צוּצוּהֵייבֶּען אַ רֶעכְטֶע מִלְחָמָה אונ אָבְּרֶעכְנֶען זִיךְ מִיט דִי שׂוֹנְאִים, ווייל עֶס הָאט אִיהם גֶעפֶעהלְט גֶעלְד. עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד זַיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען אונ גֶעדוּנְגֶען גְרוֹיס חַיִל; עֶר הָאט עֶס צוּטְהֵיילְט אויף צְווֵיי מַחֲנוֹת אֵיינֶע זָאל פִיהרֶען קְרִיעג מִיט דִי פֶּאלְקֶער וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעפְרַייעֶט פוּן זַיין מַאכְט, אונ דִי אַנְדֶערֶע וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן זַיין קָרוֹב לִיזִיאַס, זָאל גָאר אִין גַאנְצֶען אָבְּמֶעקֶען דֶעם זֵכֶר פוּן יְהוּדָה, ווייל אַנְטִיוֹכוּס הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיס הַרְגֶע'ן אַלֶע יוּדֶען, אונ אֲפִילוּ דִיא הֶעלֶענִיסְטֶען אוֹיךְ.

אַ גְרוֹיסֶער פַּחַד אִיז דַאמָאלְס גֶעפַאלֶען אויף דִי יוּדֶען. אֲפִילוּ דִיא וָואס זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועהן ווייט פוּן יוּדִישְׁקֵייט זֶענֶען אוֹיךְ נִיט זִיכֶער גֶעוֶועהן מִיט'ן לֶעבֶּען. פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאט מֶען גֶעקוּקְט אויף יְהוּדָה'ן ווי אויף אַבֶּעשִׁיצֶער, נָאר דָאס הַאָרֶץ הָאט פָּארְט גֶעצִיטֶערְט, טָאמֶער וֶועט עֶר נִיט קֶאנֶען בֶּעשְׁטֶעהן גֶעגֶען אַנְטִיוֹכוּס'ן. אִין דֶער צַייט אַז דֶער חֵלֶק אִיז שׁוֹין אויף דֶעם הַאַרְ

געלעגען האט מען זיך גענומען בעקאנט מאכען דעם עולם די צוויי ספרים „דניאל" אונ „מגלת אסתר. „דניאל" בעשרייבט מיט וועלכע וואונדערס זענען ניצול געווארען פונ'ם טויט דניאל, חנניה, מישאל אונ עזריה אונ וואס פאר א גאטליכער כח האט זיי צוגעבונדען צו זייער הייליגער אמונה, האטשי זיי זענען אויפגעוואקסען אין הויף פון דיא כאלדעאישע אונ פערסישע קעניגע. אונ דערפאר איז דאס בוך מעהר אנגענומען געווארען ביי דיא פרומע וואס האבען געגלויבט אין נסים אונ האבען געהאפט אז גאט וועט אויך יעצט זיין פאלק אבראטעווען דורך א וואונדער. דערצו איז נאך אין „דניאל" בפירוש געשטאנען א ריינער ווינק אז אין פירטהאלבען יאהר וועט זיך אנהייבען די ישועה. די מגלה פון „אסתר" דערצעהלט אהער וויא אזוי דער איבערשטער האט געשיקט זיין רפואה צו דער מכה אויף איין גאנץ נאטירליכען אופן אונ דיא ליעבע פון אחשורוש צו א פראסט יודיש מיידעל האט מבטל געווען דיא ביטערע גזרה וואס אלע המן'ס פון אלע דורות וואלטען זי געוואלט זעהן, אונ דערפאר האבען די מגלה אויפ־געהאפט אלע וואס האבען ארויסגעקוקט אויף א הילף מיט א דרך הטבע.

דערווייל איז די געפאהר געווארען אלע מאל גרעסער. איינער פון דיא סירישע הויפטלייט, גארגיאס, האט זיך צוגערוקט צו יהודה מיט פירציג טוי־זענד מאן, אונ די אלטע יודישע גוטע פריינד. ווי די פלשתים אונ שומרונים, האבען אויך צוגעהאלפען. גארגיאס איז געווען בייא זיך אזויא זיכער אז דיא מלחמה וועט איהם געראטהען, אז ער האט שוין מיט זיך מיטגעפיהרט שקלאווען־הענדלער מען זאל ביי איהם קויפען געפאנגענע יודען. יהודה האט אבער אויך ניט געדרימעלט, ער האט שוין געהאט זעקס טויזענד מענשען. אונ איידער ער האט זיך געלאזט אין דער מלחמה אריין האט ער ארום זיך פערזאמעלט דאס פאלק אין מצפה. פונקט וויא ניין הונדערט יאהר צוריק האט דאס אייגענע געטהון שמואל אין א עת צרה.

נאך א שטרענגען תענית אונ א היים געבעט צוא גאט, האבען זיך אלע געפיהלט בעהערצט אונ די פריהויגע אימה איז איבערגעביטען געווארען אויף א פעסטען בטחון. יהודה האט אויסגעפילט דאס געזעץ פון דער תורה אונ האט ארויס געגעבען א בעפעהל אז אללע־וואס האבען ניט לאנג חתונה געהאט, אויסגעבויעט א הויז, געפלאנצט א וויינגארטען, אדער פיה־לען זיך גלאט אזוי ניט אין כח, זאלען בלייבען אין דערהיים. זעהר וועניג

יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער בֶּענוּצְט דֶערְמִיט אוּנ יְהוּדָה אִיז מִיט זַיין מַחֲנֶה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דֶעם שׂוֹנֵא אַקֶעגֶען בִּיז אֶמוֹס. גָארְגִיאַס הָאט גֶעדֶעכְט אִיבֶּערְצוּפַאלֶען דִי יוּדֶען בַּיי נַאכְט, נָאר יְהוּדָה הָאט עֶס פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ קוֹי"ם אִיז גֶעוָוארֶען פִינְסְטֶער הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַיין גַאנְצֶער מַחֲנֶה אַוֶועקְגֶערוּקְט אִין אַזַייט. בַּיי נַאכְט אִיז טַאקֶע גָארְגִיאַס אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיפ'ן יוּדִישֶׁען לַאגֶער אוּנ אַז עֶר הָאט דָארְט קֵיינֶעם נִיט גֶעפוּנֶען הָאט עֶר גֶעמֵיינְט אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיי נָאכְיָאגֶען. אִין דֶער צֵייט אָבֶּער וָואס גָארְגִיאַס הָאט נָאכְגֶעיָאגְט דִי יוּדֶען, זֶענֶען זֵיי דֶערְוַויל אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיפ'ן סִירִישֶׁען לַאגֶער אוּנ אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי גֶעוְוינֶען דִי מִלְחָמָה אוּנ הָאבֶּען צוּגֶענוּמֶען בַּיים שׂוֹנֵא אַ סַךְ כְּלֵי זַיין אוּנ גֶעלְד וָואס דִי שְׁקְלַאוֶוען־הֶאנְדְלֶער הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט צוּ קוֹיפֶען זֵייעֶר פְּרֵייהֵייט.

נִיט לַאנְג הָאט זִיךְ יְהוּדָה אָבֶּער גֶעקָאנְט אָבְּרוּהֶען: עֶס אִיז נָאךְ קֵיין יָאהר נִיט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זַייט דִי סִירִיֶיער הָאבֶּען גֶעהַאפְּט אַ פְּסַק בַּיי אֶמוֹס, הָאט לִיזִיאַס אַלֵיין נָאךְ אַ מָאהל אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט דִי יוּדֶען אוּנ עֶס אִיז גָאר בַּיי אִיהם מֶעהר קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועזֶען אַז דָאס מָאל מַאכְט עֶר פוּן זֵיי אֵיין עֶק. בַּיי בֵּית־צוּר, פִינְף שָׁעָה פוּן יְרוּשָׁלַיִם, הָאט זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט דָאס סִירִישֶׁע חַיִל מִיט יְהוּדָה'ס צֶעהְן־טוֹיזֶענְד מַאנְן אוּנ גָאטט הָאט וַוייטֶער גֶעשֶׁענְקְט דֶעם נִצָּחוֹן דֶעם יוּדִישֶׁען גִבּוֹר. מִיט חֶרְפָּה הָאט לִיזִיאַס גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען אוּנ הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעטְרֶאסְט מִיט דֶעם גֶעדַאנְק, אַז עֶר וֶועט זַיינְס נִיט שֶׁענְקֶען אוּנ שְׁפֶּעטֶער אוֹיסְפִיהרֶען דָאס שְׁלִיחוּת וָואס אַנְטִיוֹכוּס הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען. דֶערְוַויל הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ הָאבֶּען אַזַא שְׁלִיטָה אִין יְהוּדָה, אוּנ נָאר אִין אַקְרָא הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע אַלְטֶע עַקְשָׁנִים פוּן דִי הֶעלֶענִיסְטֶען מִיט זֵייעֶר פַארְשְׁטֶעהֶער מֶענֶעלוֹס.

נָאךְ דֶעם וָואס דָאס גְלִיק הָאט אַזוֹי גֶעשְׁפִּיעלְט יְהוּדָה'ן אִין בֵּיידֶע מִלְחָמוֹת, אוּנ עֶס אִיז דֶערְוַויל אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דְרַיי מִיט אַ הַאלְבֶּען יָאהר זַייט דִי גְזֵירוֹת פוּן אַנְטִיוֹכוּס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען, הָאבֶּען פוּן אֵיין זַייט דִי פְרוּמֶע גֶעזֶעהֶען אַז גָאטט פֶערְלָאזְט נִיט זַיין פָאלְק אוּנ אַז דָאס וָואס שְׁטֶעהְט אִין „דָנִיאֵל" הֵייבְּט אָן מְקוּיָם צוּ וֶוערֶען, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט אִיז דָאס פָאלְק גֶעוָוארֶען בַּיי זִיךְ שְׁטַארְק אוּנ הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַז זֵיי קֶענֶען שׁוֹין זֵייעֶר תּוֹרָה בֶּעשִׁיצֶען. יְהוּדָה הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַרַיינְגֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ אוֹיפְרֶעכְטֶען דִי יוּדִישֶׁע הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט.

וָואס איז די גאַנְצֶע צייט געוועהן פֶערְווִיסְט, כִּמְעַט נָאַר אָהן איינְוָואהְנֶער. זַיין עֶרְשְׁטֶע אַרְבֵּייט - איז געוועהן אויסְצוּרֵיינִיגֶען די שְׁטאָדט פון די גֶאטְצֶענְבִּילְדֶער אונ צוּרִיקְגֶעבֶּען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ דֶעם הֵיילִיגֶען גְלַאנְץ. וָואס עֶר האָט פְרִיהֶער געהאַט. דְרַיי וָואכֶען האָט גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז מֶען האָט געמַאכְט נַייעֶ טוֹיעֶרן, איבֶּערְגֶעבִּיטֶען דעם פֶּערְאוּמְרֵיינִיגְטֶען מִזְבֵּחַ אונ אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט שְׁפָּאגֶעל נַייעֶ כֵּלִים אונ דֶעם פִּינְף אונ צְוַואנְצִיגְסְטֶען כִּסְלֵו אִיז געוועהן דֶער עֶרְשְׁטֶער גָאטֶעסְדִינְסְט. פוּנ'ם גַאנְצֶען לַאנְד האָבֶּען זִיךְ די יוּדֶען גֶעיָאגְט צו זַיין בַּיי דֶער שִׂמְחָה פוּנ'ם נַייעֶם "חֲנֻכַּת הַבַּיִת", וָואס האָט גֶעדוֹיעֶרְט גַאנְצֶע אַכְט טָאג. אַלֶע הַייזֶער זֶענֶען געוועהן בֶּעלַייכְטֶעט מִיט לִיכְטֶלֶעךְ אונ עֶס איז גֶעבְּלִיבֶּען אַז "חֲנֻכָּה" זָאל אוֹיף עֶבִּיג גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען פַאר אַ יוֹם טוֹב אונ מֶען זָאל אָנְצִינְדֶען לִיכְטְלֶעךְ צוּם זֵכֶר פון דעם גְרוֹיסֶען לִיכְט פון תּוֹרָה אונ אֶמוּנָה וָואס יְהוּדָה הַמַכַּבִּי האָט אָנְגֶעצִינְדֶען פַאר זַיין פָאלְק, וֶוען עֶס האָט שׁוֹין גֶעוָאלְט אִין גַאנְצֶען פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען.

אַזוֹי זֶענֶען די כֹּהֲנִים ווִידֶער גֶעקוּמֶען אויף זֵייעֶר פְּלַאץ, אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ האָט מֶען וַוייטֶער גֶעהֶערְט דאָס גֶעזַאנְג פון די לְוִיִם, נָאר יְהוּדָה האָט זִיךְ נִיט בֶּעגְנִיגְט דֶער מִיט וָואס עֶס איז געוָוארֶען לְפִי שָׁעָה. עֶר האָט טַאקִי גֶעזָארְגְט מֶען זָאל זִיךְ בֶּעוָוארְנֶען פַאר אִינְוֶוענִיגְסְטֶע אונ אויסֶענְוֶוענִיגְסְטֶע שׂוֹנְאִים: עֶר האָט גֶעלָאזְט מַאכֶען אַ הוֹיכֶע מוֹיעֶר אַרוּם בֵּית הַמִקְדָשׁ, כְּדֵי די הֶעלֶלענִיסְטֶען זָאלֶען נִיט שְׁטֶערֶען, אונ אַ הוֹיז דֶעם האָט עֶר גֶעהֵייסֶען בֶּעפֶעסְטִיגֶען די שְׁטָאדְט בֵּית-צוּר, די אֲדוֹמִים זָאלֶען זִיךְ נִיט קֶאנֶען אַהִין אַרַיינְרַאפֶּען. עֶס איז אָבֶּער נָאךְ אַלְץ וֶוענִיג געוועהן. אַז יְהוּדָה האָט זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט האָט עֶר בַּאלְד גֶעקֶאנְט בֶּעמֶערְקֶען אַז דָאס יוּדִישְׁע לַאנְד אִיז אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט שׂוֹנְאִים, ווִי די פְּלִשְׁתִּים, עַמוֹנִים אונ פֶּהֶענִיקִיעֶר, אונ אַזוֹי ווִי זֵיי האָבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְשֶׁעפֶּען צוּ די יוּדֶען אִיז בַּיי יְהוּדָה'ן גֶעבְּלִיבֶּען אַז עֶר מוּז זֵיי לֶערְנֶען דֶרֶךְ אֶרֶץ. צוּם עֶרְשְׁטֶען האָט עֶר זִיךְ גוּט אָבְּגֶערֶעכֶענְט מִיט די אַיינְוָואהְנֶער פון אַקְרַבַּאטִינֶע וָואס האָבֶּען געמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען אונ פֶערְלָאזֶען זֵייעֶרֶע עֶרְטֶער, דֶערְנָאךְ האָט עֶר אַיינְגֶענוּמֶען די עַמוֹנִים, הָאטְשֶׁי זֵייעֶר פִּירֶער אִיז געוועהן טִימַאטֶעאוּס, אַ גְרוֹיסֶער גִבּוֹר, אונ צוּ לִיעבּ דֶעם האָט דֶער נָאמֶען פון יְהוּדָה אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלִינְגֶען גַאנְץ ווַייט. דֶערְוַוייל זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען נִיט קֵיין פְרֶעהלִיכֶע בְּשׂוֹרוֹת פון די יוּדֶען, וָואס האָבֶּען געוואהְנְט אִין גִלְעָד אונ בָּשָׁן. אַז

דִי גֶאטצֶענְדִיענֶער זְענִין אוֹיף זֵיי אָנגֶעפַאלֶען, אוֹיסְגֶעהַרְגֶעט טוֹיזֶענְדֶער, אָבְּגֶעראַבּעוועט דָאס פַארמֶעגֶען אוּנ ווַייבֶּער אוּנ קִינְדֶער אַוועקְגֶעפִירְט גֶעפַאנְגֶען. נִיט קֵיין בֶּעסֶערֶע יְדִיעוֹת הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעהַאט וֶועגֶען דִי יוּדֶען אִין גַאלִילֶעאַ (גָלִיל). יְהוּדָה הָאט נִיט לַאנג גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט בַּאלְד צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען זַיין חַיִל: אַ טְהֵייל הָאט עֶר אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט בַּיי דֶער גרֶענִיץ אָבְּצוּהִיטֶען דָאס לַאנְד פַאר דִי פְּלִשְׁתִּים, דִי הֶעלְפְט הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט מִיט זַיין בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן קֵיין גַאלִילֶעאַ אוּנ מִיט דֶער אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַיין יוּנְגְסְטֶען בְּרוּדֶער יוֹנָתָן אַוֶועקְגֶעלָאזְט פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן. שִׁמְעוֹן'ס גַאנְג אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר גְלִיקְלִיךְ: אוּמֶעדוּם הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים גֶעמוּזְט אַנְבּוֹיגֶען דִי קָאפּ אוּנ גָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט הָאט עֶר גֶעקֶאנְט בֶּעפְרַייֶען דִי יוּדֶען פוּן גַאלִילֶעאַ אוּנ זֵיי אַרִיבֶּערְפִירֶען קֵיין יְהוּדָה. נִיט אַזוֹי גְרִינְג אִיז דָאס אָבֶּער אָנְגֶעקוּמֶען יְהוּדָה'ן, ווַייל זַיין וֶועג אִיז גֶעוֶועהן אִיבֶּער בֶּארְג אוּנ אוּיסֶער דֶעם אִיז עֶר זִיךְ נָאךְ אַ מָאל צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען מִיט דֶעם שְׁטַארְקֶען הֶעלְד טִימַאטֶעאוּס אוּנ הָאט גֶעמוּזְט הָאבֶּען צוּ טְהוּן מִיט שְׁטַארְק בֶּעפֶעסְטִיגְטֶע אָרְטֶער. אַז דִי הַצְלָחָה דִיעֶנְט אָבֶּער— זֶענִין גָאר קֵיין שְׁוֶוערֶע זַאכֶען נִיטָא: דֶער שׂוֹנֵא אִיז גֶעפַאלֶען פַאר אִיהם ווִי שְׁטְרוֹי, גַאנְצֶע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען, פֶעסְטוּנְגֶען זֶענִין חָרוּב גֶעוָוארֶען אוּנ יְהוּדָה אִיז אוֹיף שְׁבוּעוֹת צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם ווִי אַ בֶּעפְרַייעֶר פוּן אַלֶע יוּדֶען, ווָאס הָאבֶּען אִיהם בֶּעגְרִיסְט מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אוּנ לִיעבֶּע.

אִין דֶער צַייט ווָאס יְהוּדָה אִיז גֶעוֶועהן ווַייט פוּנ'ם לַאנְד, הָאבֶּען דֶערְווַייל זַיינֶע הוֹיפְּטְלַייט, ווָאס זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶער גְרֶענִיץ, גֶעמוּזְט עֶטְלִיכֶע מָאל זִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט גָארְגִיאַס'ס חַיִל אוּנ הָאבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֶעלִיטֶען. יְהוּדָה הָאט דָאס נִיט גֶעקָאנְט פֶערְשְׁווַייגֶען אוּנ הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט גָארְגִיאַס'ן ווָאס הָאט נָאךְ לַאנְג גֶעמוּזְט גֶעדֶענְקֶען דִי קְלֶאפּ ווָאס עֶר הָאט גֶעהַאפְּט.

אַנְטִיוֹכוּס'ן אִיז גֶעוֶועהן פַארְדְרֶעהט דֶער קָאפּ מִיט אַנְדֶערֶע זַאכֶען אוּנ אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט אוֹיפְהֶערֶען דִי יוּדֶען אִין זִין צוּ הָאבֶּען, בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ ווֶען אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע לַייט בַּיים סִירִישֶׁען הוֹיף, פְּטָאלָאמַאיָאס מַאקְרָאן הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁרַייעֶן אַז מֶען פֶערְפָאלְגְט אוּמְזִיסְט דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק. אִין אַרְמֶענִיֶען הָאט אַנְטִיוֹכוּס נוּט גֶעמַאכְט נָאר אִין פַּארְטִיָען הָאט זִיךְ דָאס גְלִיק פוּן אִיהם אָבְּגֶעטְרֶעטֶען. אַז עֶס זֶענֶען גִיהם

אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דִי מִיטֶעל אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט צוּנֶעהמֶען דָאס צְדָקָה־
גֶעלְד אוּנ דָאס פָאלְק הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט. אִיז עֶר פַאר כַּעַס אַרָאפּ
פוּן דֶעם שְׁטִיקֶעל שֵׂכֶל וָואס עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט אוּנ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
מְשׁוּגַע. זַיין מְשׁוּגַעַת הָאט מֶען בַּאלְד גֶעקֶענְט אַרוֹיסְזֶעהן דֶערְפוּן וָואס
עֶר הָאט גָאר אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען דִי רֶעכְטֶע, וָואס עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען
לִיזִיאַסְ'ן. אוּנ הָאט גֶעמַאכְט זַיינֶעם אַלְייבּ־מֶענְשׁ, פִילִיפּוּס, פַאר אַיין
אַפּוֹטְרוֹפּוֹס פוּן זַיין זוּהן אַנְטִיוֹכוּס־אֵייפַּאטָאר דֶעם פִינְפְטֶען.
דֶערְפוּן אִיז אַרוֹיס אַ מַחֲלוֹקֶת אוּנ יֶעדֶער פוּן. דִי בֵּיידֶע מוֹשְׁלִים הָאט גָאר
נִיט גֶעטְהוּן צוּ פַארְבֶּעסֶערן דִי לַאגֶע פוּן סִירְיֶען.

אַזוֹי הָאבֶּען דִי סִירְיֶער אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעלָאזְט דִי יוּדֶען צוּ רוּה אוּנ
נָאר דִי הֶעלֶלֶענִיסְטֶען פְלֶעגֶען זֵיי אָפְט דֶערְקוּטְשֶׁען בִּיז עֶס אִיז יְהוּדָה'ן
נִמְאַס גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אַקְרָא. דִי הֶעלֶלֶענִיסְטֶען הָאָ־
בֶּען טַאקֶי נָאר דָאס גֶעמֵיינְט, זֵיי זָאלֶען קֶאנֶען אָנְמַאכֶען אַ קָאכֶעבֶענִישׁ, אוּנ
בַּאלְד זֶענֶען זֵייעֶרֶע שְׁלִיחִים אַרִיבֶּער צוּם יוּנְגֶען קֶענִיג אֵייפַּאטָאר בַּיי
אִיהם בֶּעטֶען הִילְף. זֵיי הָאבֶּען דָארְט פַארְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען אַז בַּא דִי יוּדֶען
אִיז גְרָאד דָאס יָאהר שְׁמִיטָה, אַז זֵייעֶרֶע כּוֹחוֹת זֶענֶען דֶערִיבֶּער נִיט אַזוֹי
גְרוֹיס אוּנ אַז אַצִינְד אִיז דִי בֶּעסְטֶע צַייט אוֹיף זֵיי אָנְצוּפַאלֶען. לִיזִיאַס
הָאט בַּאלְד צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען זֶעהר פִיעל חַיִל, פוּסְגֶענְגֶער אוּנ רַייטֶער אוּנ
אוֹיךְ עֶלֶעפַאנְטֶען אוּנ הָאט זִיךְ אִינְאֵיינְעם מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם אֵייפַּאטָאר צוּ־
גֶערִיקְט צוּ יְהוּדָה אוּנ בֶּעלַאגֶערְט דִי פֶעסְטוּנג בֵּית־צוּר. יְהוּדָה הָאט גֶע־
קֶאנְט אַרוֹיס צוּ דֶער מִלְחָמָה נָאר מִיט אַ טְהֵייל פוּן זַיין חַיִל. וַוייל
עֶר הָאט גֶעמוּזְט אִיבֶּערְלָאזֶען אַ הִיבְּשֶׁע מַחֲנֶה אִין דֶער הֵיים מֶע זָאל
אָבְּהִיטֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנ אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶעסְטוּנְגֶען. דִי אַיינְוָואהְנֶער
פוּן בֵּית־צוּר הָאבֶּען זִיךְ אַ צַייט בְּרִיָה'שׁ גֶעהַאלְטֶען, נָאר אַזוֹי וְוי עֶס אִיז
זֵיי אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אוּנ צוּפִיהְרֶען זֵיי מִיט אַ פֶערְבָארְגֶענֶעם
וֶועג הָאט מֶען מֶעהר נִיט גֶעקֶענְט, וַוייל טַאקֶי אֵיינֶער פוּן זֵיי, רַאדָאקָאס,
הָאט דֶעם וֶועג אָנְגֶעוִויזֶען דֶעם שׂוֹנֵא. הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט אָפְּגֶעבֶּען דִי שְׁטָאדְט
אוּנ לִיזִיאַס הָאט בֶּעקוּמֶען דִי מֶעגְלִיכְקֵייט אַ בִּיסֶעל נֶעהֶנְטֶער צוּצוּגֶעהן קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם. בַּיי בֵּית־זְכַרְיָה אִיז גֶעוֶועזֶען דִי עֶרְשְׁטֶע מִלְחָמָה צְוִוישֶׁען לִיזִיאַס אוּנ
יְהוּדָה אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען פָּשׁוּט בֶּעוִויזֶען וואוּנְדֶער. מִיט מְסִירַת נֶפֶשׁ הָאָ־
בֶּען זֵיי זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ יְהוּדָה'ס בְּרוּדֶער אֶלִיעֶזֶר אִיז דֶערְהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען,
וַוייל עֶר אִיז אַרוּנְטֶער־גֶעקְרָאכֶען אוּנְטֶער אַ הֶעלֶעפַאנְט, וָואס אוֹיף אִיהם אִיז

געזעסען דער יונגער קאניג, אונ האט איהם מיט א מעסער צושניטען דעם בויך. דער עלעפאנט איז אויף איהם אומגעפאלען אונ האט איהם דער־שטיקט. די סיריער זענען אבער געוועהן מעהר אונ שטארקער אונ יהודה האט געמוזט אבברעכען אונ זיך פערשליעסען אין ירושלים. א גאנץ לאנגע צייט האבען דיא יודען געשיצט זייער הויפטשטאדט אונ הייליגטהום, נאר דער הונגער האט געפיהרט דערצו וואס פיעל פון זיי האבען געמוזט אנטלוי־פען פון ירושלים אונ עס זענען דארט געבליעבען נאר יהודה מיט זיינע דריי ברידער אונ נאך א קליינע צאהל פון גבורים וואס האבען ניט גע־וואלט צוועקגווארפען זייער פלאטץ ביז אין דער לעצטער מינוט. ווער בי־טער איז געוועהן די לאגע פון די יודישע העלדען, נאר די ישועה איז גיך גע־קומען גאר פון איין אנדער זייט. פיליפוס, וואס דער משוגענער אנטיוכוס האט איהם פאר'ן טויט געמאכט פאר'ן גאנצען מושל, האט אין מדי אונ פרס געדונגען היל אונ האט זיך געלאזט געהן קיין אנטיוכיען, כדי ער זאל זיך ארויפהאפען אויפ'ן בענקיל. אז ליזיאס איז דערפון געוואהר געווארען האט ער באלד פערשטאנען אז מען מוז דאס היל, וואס איז געשטאנען ביי ירושלים צוריקפיהרען אהיים אונ האט געראטהען דעם יונגען קאניג ער זאל מאכען שלום מיט די יודען. אזוי האט די מלחמה פליצום אויפגעהערט אונ דער שלום איז בעשטאנען אין דעם, וואס מען האט די יודען אלדינג צוליעב געטהון, צוגעזאגט זיי רעליגיאנס־פרייהייט אונ פערזיכערט אז זייערע פעסטונ־גען וועט מען ניט בעריהרען. קוים האט מען אבער די סיריער ארייננגע־לאזט אין שטאדט האבען זיי שוין קיין ווארט ניט געהאלטען אונ האבען זיך גענאפט ברעכען די מויערען, נאר דער שלום איז פארט געבליעבען אונ די יודען האבען זיך געפיהלט פריי, בעזאנדערס נאך דעם וואס די סיריער האבען זיך אין גאנצען אבגעזאגט פון די העלעניסטען אונ זייער כהן מע־נעלוים וואס פון איהם האט זיך גענומען די גאנצע צרה, האבען זיי גע־טיידט. אזוי איז געווארען אויף א צייט שטיל. אונ דאס פאלק וואס האט פארגאטערט יהודה'ן, האט איהם אויסגעקליבען פאר כהן גדול.

רוהיג האט אנגעהויבען געהן דאס לעבען פונ'ם יודישען פאלק. אבער עס האט גאר ניט לאנג געדויערט. אין גאנצען פטר'ן די העלעניסטען איז שווער געווען אונ צווישען די יודען האבען זיך געפונען גענוג מענשען וואס האבען מיט זיי אפענטליך אדער שטילערהייד געהאלטען. אט די גוטע פריינד פון די העלעניסטען האבען זיך בענוצט מיט דער ערשטער געלעגענהייט אונ אז

דער פרינץ דמיטריוס, וואס איז געוועהן אין רוים פאר א משכון, איז געקומען צוריק קיין אנטיוכיען אונ האט אבגענומען די מלוכה, האבען זיי באלד צו איהם אוועקגעשיקט שליחים אונ האבען זיך געקלאגט אז מתתיהו'ס קינדער האבען אריינגעהאפט אין זייערע האנד די גאנצע ממשלה איבער יהודה. איינער פון די שליחים איז געוועהן אלקימז, ער איז באז געוועהן וואס מען האט איהם ניט צוגעלאזט צו דער כהונה אונ דערפאר האט ער ניט געזשאלעוועט קיין שווארצע פארב אויף צו מאהלען דעם טרויעריגען מעמד פונ'ם יודישען לאנד. דמיטריוס האט באלד געשיקט זיין הויפטמאן בקכידעס קיין ירושלים ער זאל דארט אנידערשטעלען א כהן וואס די סירישע מלוכה זאל צו איהם צוטרויען האבען. מיט זיסע רעד איז בקכי־דעס אריינגעקומען קיין ירושלים אונ האט פערזיכערט דעם עולם אז ער מיינט גאר ניט, נאר יהודה מיט זיין חברה האט באלד פערשטאנען מיט וואס דאס שמעקט אונ איז אוועק פון דער הויפטשטאדט. די איינוואהנער האבען זיך געלאזט איינרעדען אונ עס איז ביי זיי ניט קשה געוועהן וואס אלקימז איז געווארען כהן, ווייל ער איז טאקע געוועהן פון די געבארענע כהנים אונ א חוץ דעם איז זיין פעטער געוועהן איינער פון די גראסטע לייט, רבי יוסי בן יועזר. באלד האט זיך אבער ארויסגעוויזען ווער אלקימז איז: קוים איז די מאכט איבערגעגאנגען צו איהם, האט ער באלד געהייסען טויי־טען זעכציג שאנסטע בעלי בתים אונ צווישען זיי זיין אייגענעם פעטער. בקכידעס איז מן הסתם אויך ניט געוועהן קיין גראסערער בעל רחמנות פונ'ם כהן אליין אונ אז אלקימז האט אנגעהויבען בעקומען שונאים אפילו צווישען די וואס האבען פריהער געהאלטען מיט איהם, האט ער מיט זיי גאר קיין שיהות ניט געמאכט אונ האט זיי דערהרגעט. אין אזא שרעקליכער לאגע האבען די פרומע יודען וואס האבען ניט געקאנט גלייכגילטיג זעהן די עוולות, ווייטער געמוזט ווענדען זייערע אויגען צו די בארג ארום מדין, וואו יהודה האט זיך אויפגעהאלטען. אונ עס איז ארוים א אינוועניגסטע מלחמה צווישען צוויי כתות. אלקימז האט זיך אפילו געלאזט פאהרען אין די קליי־נערע ערטער אונ דארט ווייזען וואס פאר א כח די סירישע מלוכה האט איהם געגעבען. נאר עס האט איהם ניט געהאלפען. ער האט געזעהן אז יהודה איז מעהר תקיף פון איהם אונ האט געמוזט נאך אמאהל לויפען קיין אנטיוכיען בעטען הילף ביים קעניג.

דמיטריוס האט דאס מאהל געשיקט קיין יהודה איינעם פון זיינע

קְלוּנְסְטֶע אוּנ שְׁטַארְקְסְטֶע הוֹיפְּט־לַייט, נִיקַאנָאר (נִיקְנוֹר), אוּנ הָאט אִיהם אַ בֶּעפֶעהל גֶעגֶעבֶּען עֶר זָאל אַיין עֶק מַאכֶען מִיט דִי מַאקַאבֶּעֶער אוּנ מִיט אַלֶע וָואס הַאלְטֶען מִיט זֵיי. נִיקַאנָאר אִיז קֵיין נַאר נִיט גֶעוֶועהן אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז צוּם אָנְהֵייבּ מוּז מֶען גָאר גֶעהְן מִיט גוּטֶען. דֶערְצוּ הָאט מֶען אִיהם נָאךְ אַזוֹי פִיעל אָנְדֶערְצֶעהְלְט פוּן יְהוּדָה'ס גְבוּרוֹת. אַז עֶר הָאט טַאקֶע בֶּאֱמֶת אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען זִיךְ מִיט אִיהם אוֹיסְצוּגְלַייכֶען אוּנ הָאט צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט דְרַיי בֶּעגְלַייבְּטֶע מֶענְשֶׁען, פָּאסִידָאנְיוּס, תְּהֶעדַאטוּס אוּנ מַתִּתְיָהוּ, מֶען זָאל מִיט אִיהם אִיבֶּערְרֶעדֶען וֶועגֶען שָׁלוֹם. דָאס אִיז אַלְקִימוֹס'ן נִיט גֶעפֶעלֶען אוּנ עֶר הָאט בַּאלְד צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן דֶעם קֶענִיג אַז נִיקַאנָאר מַאנְצְט עֶפֶּעס אוֹיף צְוֵויי חֲתוּנוֹת. אוּנ אַז עֶר וִויל גָאר יְהוּדָה'ן מַאכֶען פַאר כֹּהֵן. נָאךְ אַזַא מְסִירָה, הָאט נִיקַאנָאר בֶּעקוּמֶען אַ שְׁטְרֶענְגֶען בֶּעפֶעהל עֶר זָאל מֶעהר מִיט יְהוּדָה'ן קֵיין שׁוּם מַשָּׂא וּמַתָּן נִיט הָאבֶּען אוּנ זָאל אִיהם בְּרֶענְגֶען אִין קֵייטֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיֶען.

יְהוּדָה הָאט שֵׂכֶל גֶעהַאט אוּנ נִיט צוּ פִיעל גֶעטְרוֹיעֶט דֶעם שׂוֹנֵא, אֲפִילוּ וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מִיט פְרַיינְדְלִיכֶע וֶוערְטֶער אוֹיף דִי לִיפֶען אוּנ דֶערְפַאר אַז נִיקַאנָאר אִיז אַרוֹיס גֶעגֶען אִיהם מִיט זֶעהר פִיעל חַיִל הָאט אִיהם יְהוּדָה בַּאלְד גֶעוִויזֶען אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט מֶען אִיהם אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלוֹיבְּט זַיין גְבוּרָה. נִיקַאנָאר אִיז אַרַיין אִין דֶער רְצִיחָה אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָארְדֶערְן בַּיי דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען אִיהם אַלֵיין אַרוֹיסְגֶעבֶּען יְהוּדָה'ן אוּנ פַאר אַ מִשְׁכּוֹן הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען נֶעהמֶען דֶעם פְרוּמְען רַגֶשׁ, וָואס גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם הָאט אִיהם לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ גֶערוּפֶען "דֶער טַאטֶע פוּן דִי יוּדֶען". רַגֶשׁ הָאט זִיךְ אָבֶּער אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען אוּנ נִיקַאנָאר אִיז וַוייטֶער גֶעצְוְוינְגֶען גֶעוֶועהן צוּ וַוארְטֶען אוֹיף אַ נַייעֶר מִלְחָמָה אוּנ הָאפֶען אוֹיף גְלִיק. בַּאלְד אִיז אִין אַדַרְסַא זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען יְהוּדָה'ס אוּנ נִיקַאנָאר'ס חַיִל אוּנ חָאטְשֶׁי דִי צָאהל פוּן דִי יוּדֶען אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר קְלֵיין, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵיי אַ חַיִל גֶעמַאכְט פוּן דִי סִירְיֶער אוּנ נִיקַאנָאר אִיז בַּאלְד גֶעפַאלֶען טוֹיט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶעם דְרַייצֶעהנְטֶען אֲדָר. נִיקַאנָאר'ס קָאפּ הָאט מֶען אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ אַ לַאנְגֶע צַייט אִיז דֶער נִיקַאנָאר־טָאג גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען פַאר אַ יוֹם טוֹב (יוֹם נִקָנ"ר).

אַלְקִימוֹס אִיז אַנְטְלָאפֶען אוּנ יְהוּדָה אִיז וַוייטֶער אַרַיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט מֶעהר אִין גַאנְצֶען פֶערְלָאזֶען

זַיין אֵייגֶענֶעם כּהַ אונ הָאט גֶעשִׁיקְט קֵיין רום צְוַויי שְׁלִיחִים. אֵייפַּאלֶעמוּס
בֶּן יוֹחָנָן אונ יַאזָאן בֶּן אֱלִיעֶזֶר, צוּ זוּכֶען פְרַיינְדְשַׁאפְט בַּיי דִי רָאמֶער.
דִערְוַוייל הָאט דְמִיטְרִיוּס בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער יְדִיעָה פוּן נִיקַאנָאר׳ס טוֹיט, גִיךְ
גְרוֹיסְגֶעשִׁיקְט בַּקְכִידֶעס׳ן מִיט אַ גְרוֹיסֶער מַחֲנֶה, עֶר זָאל אֵיין מָאהל פַאַ־
אַלֶע מָאהל זִיךְ אָפְּרֶעכְנֶען מִיט דִי יוּדֶען, אונ בַּאלְד נָאךְ פֶּסַח וֶוענֶען שׁוֹין
דִי סִירְיֶער צוּגֶעקוּמֶען צוּ דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט. יְהוּדָה הָאט גֶעזֶעהֶן
אַז אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוֶועהן בֶּעפֶעסְטִיגְט, אִיז עֶר נִיט זִי־
כֶער, אונ דַארִיבֶּער אִיז עֶר מִיט דְרַיי טוֹיזֶענְד מַאן אַרִיבֶּער קֵיין אֶלֶעַשָׁא.
וואוּהִין בַּקְכִידֶעס הָאט אִיהם אוֹיךְ נָאכְגֶעיָאגְט. דָאס גְרוֹיסֶע סִירִישֶׁע חַיִל הָאט
אָבֶּער גֶעוָוארְפֶען אַ מוֹרָא אוֹיף יְהוּדָה׳ס לַייט, פִיעל פוּן זֵיי זֶענֶען זִיךְ צוּ־
לָאפֶען אונ עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אַכְט הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען.
נָאר אֲפִילוּ מִיט דֶעם בִּיסֶעל הָאט יְהוּדָה. צוּם אָנְהֵייבּ שְׁטַארְק צוּשְׁלָאגֶען
דֶעם שׂוֹנֵא, אַ גַאנְצֶען טָאג הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַאלְטֶען בִּיז דָאס גְלִיק הָאט
זִיךְ פוּן אִיהם נִיט אָפְּגֶעטְהוּן אונ עֶר אִיז גֶעפַאלֶען ווִי אַ אֱמֶת׳ער הֶעלְד
מִיט דֶער שְׁוֶוערְד אִין דֶער הַאנְד. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאבֶּען יְהוּדָה׳ס בְּרִידֶער
זַיין טוֹיטֶען קֶערְפֶּער אָפְּגֶערַאטֶעוֶועט אונ גֶעבְּרַאכְט צוּ קֵבֶר יִשְׂרָאֵל.

אַזוֹי אִיז אַלְקִימוּז וַוייטֶער גֶעוָוארֶען כֹּהֵן. נָאר דֶער זֵכֶר פוּן דִי מַאַ־
קַאבֶּעער אִיז אוֹיף עֶבִּיג פַארְבְּלִיבֶּען צְווִישֶׁען יוּדֶען אונ הָאט נָאךְ אוֹיף
לַאנְגֶע דוֹרוֹת גֶעוֶועקְט בַּיי זֵיי דִי גֶעפִיהְלֶע פוּן לִיעבֶּע צוּם פָאלְק אונ צוּ
דֶער אֱמוּנָה.

# דִי צַייט פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים.

## עֶרְשְׁטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

### יוֹנָתָן אוּנ שִׁמְעוֹן, דִי עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים.

(143—160 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹרְט. 213—230 פַאר'ן חָרְבַּן בַּית שֵׁנִי)

אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע בְּרָאךְ אִיז גֶעוֶועהן דֶער טוֹיט פוּן יְהוּדָה הַמַּכַּבִּי פַאר'ן יוּדִישֶׁען פָאלְק. דִי גְרוֹיסֶע קְרַאפְט, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אִים שְׁטַאנְד צוּצִיהֶען צוּ זִיךְ טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען פוּן פֶערְשִׁיעדֶענֶע קְלַאסֶען, אִיז פֶערְשְׁווּנְדֶען גֶעוָוארֶען אוּנ יְהוּדָה'ס בְּרוּדֶער יוֹנָתָן הָאט שׁוֹין נִיט גֶעהַאט דִי גְבוּרָה וָואס זָאל קָאנֶען בֶּעווַייזֶען ווּאוּנְדֶער אוֹיפ'ן פֶעלְד פוּן מִלְחָמָה. נָאר דִיא פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען זֶענִין אָבְּגֶעקִיהְלְט גֶעוָוארֶען אוּנ אַז מֶען הָאט זֵיי גֶעלָאזְט פְרַיי אַטהמֶען אוּנ גָאטט דִיעֶנֶען, דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפ'ן אָרְט, קָרְבָּנוֹת אִיז גֶעוֶועהן ווּאוּהִין צוּ בְּרֶענְגֶען הָאט אַלְקִימַז אוֹיךְ גֶעטוֹיגְט פַאר אַ כֹּהֵן. נָאר דִי פְרוּמֶע זֶענִין אוֹיךְ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן פוּן וַוייטֶען, ווַייל זֵיי הָאבֶּען פְרִיהר אוֹיךְ נִיט גֶעהַאלְטֶען פוּן נֶעהמֶען זִיךְ עֶפִּיס מִיט גֶעוַואלְד אוּנ הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אַז וֶוען גָאטט ווִיל הֶעלְפֶען דַארְף מֶען נִיט דֶערְצוּ קֵיין בְּרִיָה'שַׁאפְט פוּן אַ מֶענְשֶׁען. אַזוֹי זֶענִין ווַייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען צְווַיי כִּתּוֹת, דִי חַשְׁמוֹנָאִים אוּנ דִי הֶעלְלֶענִיסְטֶען, וָואס זֶענִין זִיךְ גֶעוֶועהן דַם־שׂוֹנְאִים אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אוּנ מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן צָרוֹת ווִי ווַייט מֶען הָאט נָאר גֶעקֶאנְט. אַוַדַאי אִיז דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד דוּרְךְ דֶעם שְׁטַארְק גֶעפַאלֶען אוּנ דֶערְצוּ הָאט זִיךְ נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהַאפְּט אַ הוּנְגֶער וָואס הָאט צוּם אִיבְּרִיגֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דִי אַיינְוואהנֶער.

בְּקִיצוּר, וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְהוּדָה מִיט זַיין חַיִל, הָאט גֶעוֶועהן

אַז די חַשְׁמוֹנָאִים האָבען שוין ניט אַזאַ פיהרער ווי יְהוּדָה הַמַּכַּבִּי. האָט ער זיך מְיַשֵּׁב געוועהן אַז אַצינד קאָן ער פון זיי אין גאַנצען מאַכען אַיין עק אונ האָט זיך גענומען זיי פערפאָלגען. די חַשְׁמוֹנָאִים האָבען זיך אָבּ־געריקט אין די וועלדער ביים יַרְדֵן אונ זייערע ווייבער אונ קינדער האָבען זיי אַוועקגעשיקט פון יענער זייט יַרְדֵן צו אַ פריינדליכען שֵׁבֶט נְבָט. אין וועג זענען אָבער אויף זיי אונ אויף זייער פאָרשטעהער יוֹחָנָן אָנגעפאַלען שׂוֹנְאִים, וואָס מען האָט זייא גערופען בְּנֵי עָמְרִי פון דער שטאָדט מֶדְבַּה אונ האָבען זיי אַלע אויסגעהַרגעט. שפּעטער האָט זיך מיט זיי יוֹנָתָן דערפאַר גוט אָבּגערעכענט. בַּקְכִידֶעס האָט דערווייל אָבּגעזוכט די חַשְׁמוֹנָאִים אין זייערע בעהאַלטענישען אונ זיי זענען געצוואונגען געוועהן אַרי־בערצושווימען דעם יַרְדֵן. קוים האָט בַּקְכִידֶעס געפיהלט אַז די חַשְׁמוֹנָאִים זענען שוין ווייט, האָט ער נאָר געזאָרגט מען זאָל זיי פאַרשטעלען דעם וועג ער זאָל זיי שווערער זיין זיך אומקעהרען אַהיים, אונ דאַריבער האָט ער געהייסען צוריק פאַרעכטען אַלע פעסטונגען אונ דאָרט אָנגעגרייטען אַ סך לע־בענסמיטעל אונ כְּלֵי זַיין. אויסער דעם האָט ער זיך נאָך בעוואָרענט דער־מיט, וואָס ער האָט צוגענומען קינדער בייא די גרעסטע לייט אונ זיי גע־האַלטען פאַר אַ מַשְׁכּוֹן אין אַקְרָא. אַזוי איז געוואָרען רוּהִיג, דעם מַס האָט מען געצאָהלט צו דער צייט אונ מעהר האָט די סִירִישע מְלוּכָה ניט בע־דאַרפט. אַלְקִימוּס, וואָס איז, ווי עס שיינט, ניט געוועהן אַזאַ פאַרברענטער העללעניסט, האָט זיין רעליגיאָנסבּאַבען וועניג וואָס אויפגענומען אונ דערפאַר האָט ער געוועגען זיך קיינעם ניט אויפגעבּרייצט. איין נאָך האָט ער יאָ גע־וואָלט איינפיהרען, אַז אויך גאָטצענדיענער זאָלען מעגען אַריינקומען אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ; דאַרויף איז דער עוֹלָם שטאַרק ברוגז געוועהן אונ אַז ער איז געליימט געוואָרען אונ באַלד געשטאָרבען האָט מען געדרינגען אַז דאָס האָט ער געהאַט אַ עוֹנֶשׁ פאַר דעם. נאָך זיין טויט האָט דְמֵיטְרִיוּס מעהר קיין כֹּהֵן ניט געשטעלט, בַּקְכִידֶעס מיט'ן חַיִל איז אַוועקגעגאַנגען פון יְהוּדָה אונ צוויי יאָהר זענען זיך אַזוי אָבּגעלאָפען שטיל.

אין דער צייט האָבען דערווייל די פאָרשטעהער פון די חַשְׁמוֹנָאִים יוֹנָתָן אונ שִׁמְעוֹן, איינגעזאַמעלט נייע כחות, בּימעלעבווייס זיך צוגעריקט קיין יְהוּדָה, אונ האָבען אָנגעהויבען שטאַרק דערקוויקען די העללעניסטען. וואָס האָבען זיך ווייטער געקלאָגט פאַר דְמֵיטְרִיוּס. דער סִירִישער מְלוּכָה איז נִמְאַס געוואָרען אַלע מאָל שיקען חַיִל קיין יְהוּדָה אונ דאַריבער איז נאָר

בקכידעס אַהין אַװעקגעפֿאָהרען מיט נאָר אַ קלײנער מחנה נײל די העללע-ניסטען האָבען איהם פערזיכערט אַז אָהן אַ שום מיה װעט ער קאָנען חאַ-פּען די צװײ פאָרשטעהער פון די חשמונאים. אַז בקכידעס איז אָבער געקומען אױף׳ן פּלאַץ, האָט ער געזעהן אַז ניט אַזױ גרינג טהוט זיך װי עס רעדט זיך: די העללעניסטען האָבען טאַקי געזוכט אַלע מיטעל אונ גע-װאָלט מיט חכמה׳לעך אַרױסנאַרען יונתן אונ שמעון פון דער פעסטונג בית-אגלא, װאו זײ האָבען זיך אױפגעהאַלטען. זײ זענען אָבער געװעהן קלי-גער אונ האָבען שױן געהאַט אַזױ פיעל מענשען אַז זײ האָבען זיך געקאָנט צוטהײלען אױף צװײ מחנות. אונ פון בײדע זײטען זענען זײ אָנגעפאַלען אױף די שונאים אונ זײ גוט צושלאָגען. בקכידעס איז דער פאַר זעהר שטאַרק אין כעס געװאָרען אױף די העללעניסטען אונ האָט פיעל פון זײ געהײסען אומברענגען. די מפלה פון די העללעניסטען האָט יונתן פער-שטאַנען צו בענוצען, ער האָט דערװײל געמאַכט אַ שלום מיט דמיטריוס׳ן אונ האָט בעקומען אײן ערלױבעניש אַז דיא חשמונאים זאָלען זיך פרײא בעזעצען אין גאַנץ יהודה, אױסער ירושלים, נאָר זײ זאָלען איבערלאָזען עטליכע פון זײ פאַר אַ משכון אַז מעהר װעלען זײ קײן קריעג ניט פיהרען מיט קײנעם. אַלײן איז יונתן געבליבען זיצען אין מכמש אונ האָטשי ער האָט נאָך אָפענטליך קײן שום ממשלה ניט געהאַט, פון דעסטװעגען האָט מען איהם אָנגעהױבען בעטראַכטען פאַר אַ ראש. אַזױ זענען איבער-געפלױגען פינף יאָהר ביז אין סיריען איז ניט געװאָרען אַ איבערקערעניש, װאָס האָט פאַרגרעסערט די מאַכט פון יונתן אונ דאָס יודישע לאַנד צוריק-געשטעלט אױף די פיס.

אַטאַלוס, דער קאָניג פון פּערגאַמוס, איז געװעהן דמיטריוס׳ן אַ גרױ-סער שונא; ער האָט אָבגעזוכט אין סמירנא אַ יונגען מאַנן אלכסנדר באלאס, װאָס איז זעהר ענליך געװעהן אַנטיוכוס-אײפּאַטאָר אונ האָט איהם אָנגעהױבען העלפען ער זאָל צונעהמען די סירישע מלוכה. מיט דער הילף פון אַטאַלוס׳ס חיל איז באַלאַס צוגעקומען צו דער שטאָדט פּטא-לאַמאיס אונ האָט דאָרט אָנגעהױבען הערשען. דמיטריוס האָט פערשטאַנען אַז ער שטעהט שמאָל אונ עס איז בײ איהם געבליבען אַז ער מוז האָטשי בײ זיך אין לאַנד האָבען װעניגער שונאים. צום ערשטען האָט ער זיך גע-װאָרפען צו יונתן. בעפרײעט די מענשען װאָס זענען פריהר געבליבען פאַר אַ משכון אונ האָט איהם ערלױבט צו האָבען אײגען חיל אונ האַלטען כלי

זין. זונתן האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטען, ער איז באלד אריין קיין ירושלים, גוט בעפעסטיגט די שטאדט, און די העללעניסטען האבען גע־מוזט אבטרעטען קיין בית־סור. אלכסנדר באלאס האט אבער אויך פער־שטאנען אז ער מוז האבען יונתן פאר א גוטען פריינד און האט איהם גע־שטעלט אזיינע וואהלע תנאים, אז ער האט געמוזט דארויף בעשטעהן. באלאס האט געמאכט יונתן פאר'ן כהן גדול און פאר'ן מושל פון יהודה און האט איהם געשיקט פאר א מתנה א מאנטעל פון פורפור און א גאל־דענע קרוין. דמיטריוס פון זיין זייט האט ניט געשוויגען און האט אלע מאל געשיקט בריעף „צום פאלק פון יהודה" אז ער וועט זיי בעפרייען פון מס, אבגעבען פיעל שטעדט וואס די שומרונים האבען א מאל צוגענומען, אויסהאלטען אויף זיין רעכנונג דעם בית המקדש, צאהלען פון זיין קאססע דעם יודישען חיל, מיט איין ווארט, ער האט זיי צוגעזאגט דאס טעלערעל פונ'ם הימעל, אבי מען זאל האלטען מיט איהם. דאס פאלק האט אבער געקוקט יונתן אין מויל אריין און איז געבליבען טריי באלאס'ן, וואס האט געקאנינגט זעכס יאהר. באלאס האט שטאנדיג זיין דאנקבארקייט בעוויזען יונתן און אז זיין שווער, פטאלאמעאוס־פילאמעטאר דער זעכסטער פון מצרים, איז צו איהם געקומען קיין פטאלעמאיס, האט באלאס אויך פארבעטען יונתן צו זיך פאר א גאסט און האט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד ווי זיינעם א גלייכען. אין זיין צייט האבען זיך אין יודישען לאנד אנגע־הויבען פארהיילען די מכות פון פריהער און דאס יודישע חיל איז שוין בע־שטאנען פון צעהן טויזענד מאנן.

יונתן האט פיעל מאל געהאט די געלעגענהייט צו בעווייזען ווי אי־בערגעבען ער איז געוועהן אלכסנדר באלאס. אז דמיטריוס'ס זוהן, דמיטריוס ניקאטאר דער צווייטער האט געוואלט מיט געוואלד ארויסרייסען די סירישע מלוכה פון זיינע הענד, — די מצרים און די ראמער זענין געשטאנען פון ווייטענס און די פלשתים האבען געהאלפען דעם שונא, — האט עס יונתן ניט דערלאזט און האט מיט זיין חיל צושטערט די שטאדט אשדוד און דערפאר האט באלאס אוועקגעשענקט די יודען עקרון. דערווייל איז אין סיריען געווארען צוויי פארטייען: איינע האבען געהאלטען מיט באלאס'ן און די אנדערע זענין געשטאנען פאר'ן יונגען קאניג דמיטריוס. אז יונתן איז אנגעפאלען אויף אקרא און האט געוואלט ארויסטרייבען פון דארט דאס ביסעל העללעניסטען, וואס איז נאך געבליבען, האבען זיי באלד געבעטען

הִילְף בַּיי דְמִיטְרִיוּס׳ן. יוֹנָתָן הָאט אָבֶּער דְמִיטְרִיוּס׳ן אַװעקְגֶעשִׁיקְט שֶׁאנֶע מַתָּנוֹת אוּנ עֶר הָאט אִיהם פוּן זַיין זַייט אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימְט פַאר אַ כֹּהֵן. דֶעמָאלְט הָאט אוֹיךְ יוֹנָתָן פַאר גֶעלְד אַיינְגֶעאַרְבֵּייט מֶען זָאל אָבְּגֶעבֶּען יְהוּדָה׳ס עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעדְט אוּנ בֶּעפְרַייעֶן דִי יוּדֶען פוּן אַ סַךְ נְתִינוֹת. דֶער קְלֵיינֶער דְמִיטְרִיוּס אִיז אָבֶּער גֶעװֶעזֶען גֶערָאטְהֶען אִין טַאטֶען: קוֹים הָאט עֶר צוּגֶע־נוּמֶען דָאס גֶעלְד, הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעװָאלְט קֵיין װָארְט הַאלְטֶען. נִיךְ הָאט עֶר אָבֶּער גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ יוֹנָתָן׳ס לַאסְקֶע. אִין אַנְטִיוֹכוּס׳עֶן װֶעגִין דִי אַיינְװָאוֹהנֶער פוּן אִיהם נִיט צוּ פְרִיעדֶען גֶעװֶעזֶען אוּנ הָאבֶּען בֶּעלֶאגֶערְט דֶעם קֶאנִיגְלִיכֶען הוֹיף, עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען אִין אַ גְרוֹיסֶער סַכָּנָה; נָאר עֶר הָאט צוּ װִיסֶען גֶעטְהוּן יוֹנָתָן אוּנ עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דְרַיי טוֹיזֶענְד מַאנְן װָאס הָאבֶּען גֶע־שְׁטִילְט דִי מוֹרְדִים. פַאר אַזַא טוֹבָה הָאט דְמִיטְרִיוּס װַייטֶער גֶעװָאלְט בֶּעצָאהלֶען מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנ פַאר דֶער אוּנְדַאנְקְבַּארְקֵייט אִיז יוֹנָתָן אִין גַאנְצֶען אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען צוּ בַּאלַאס׳ס יוֹרֵשׁ, אַנְטִיוֹכוּס דֶעם פִינְפְטֶען; זַיין בְּרוּדֶער שִׁמְעוֹן הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי קָאמַאנְדֶע אִיבֶּער דֶעם סִירִישֶׁען חַיִל. אוּנ בֵּיידֶע חַשְׁמוֹנָאִים הָאבֶּען גֶעהָאלְפֶען דֶעם אַפַּטְרוֹפּוֹס פוּנ׳ם יוּנְגֶען קֶאנִיג דִיאַדַאט טְרִיפוֹן, צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען זַיין הֶערְשַׁאפְט אִין סִירְיֶען. דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל, װָאס הָאט זִיךְ אִין דֶער צַייט פַארְגְרֶעסֶערְט בִּיז פִירְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן, הָאט בֶּעװִיזֶען גְרוֹיס גְבוּרָה׳שַׁאפְט אוּנ הָאט פֶערְנוּמֶען דַמֶשֶׂק. פוּן בֵּית־צוּר הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִי הֶעלֶענִיסְטֶען אוּנ דֶערְנָאךְ זִיךְ בַּאלְד גֶענוּמֶען שְׁטַארְקֶער מַאכֶען דִי פֶעסְטוּנְגֶען אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם אוּנ מֶעהר בֶּעװָארֶענֶען דִי יוּדִישֶׁע הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט.

װִי דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל אִיז דִי יוּדֶען צוּ נוּטְץ גֶעקוּמֶען — הָאבֶּען זֵיי בַּאלְד גֶעקֶאנְט זִיךְ אִיבֶּערְצַייגֶען. דִיאַדַאט טְרִיפוֹן הָאט זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעװֶעזֶען אַז אִיהם טוֹיג נִיט אַרְבֵּייטֶען פוּן דֶעם יוּנְגֶען קֶאנִיג׳ס װֶעגֶען אוּנ עֶס אִיז פַאר אִיהם גְלַייכֶער אַלֵיין צוּ װֶערֶען מֶלֶךְ. עֶר הָאט אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִי יוּדֶען װֶעלֶען עֶס נִיט דֶערְלָאזֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען װִי אַזוֹי פָּטוּר צוּ װֶערֶען פוּן יוֹנָתָן. עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען, עֶר זָאל מִיט אַ שְׁװִינְדֶעל פֶערְנַארֶען צוּ זִיךְ יוֹנָתָן אוּנ אִיהם מַאכֶען אֵיין עֶק. טְרִיפוֹן אִיז אִימִיסְטֶען אַרֵיין קֵיין בֵּית־שְׁאָן אוּנ יוֹנָתָן אִיז אִיהם אַקֶעגֶענְגֶעקוּמֶען מִיט טוֹיזֶענְדֶער קְרִיעגְס־לַייט. אַז טְרִיפוֹן הָאט אִיהם אָבְּגֶעגֶעבֶּען גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ אָבְּגֶעשִׁיט מִיט מַתָּנוֹת, הָאט זִיךְ דֶער קְלוּגֶער יוֹנָתָן גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען, אַװעקְגֶעשִׁיקְט דֶעם גְרֶעסְטֶען טְהֵייל פוּן זַיין חַיִל קֵיין גָלִילָעא, אוּנ נָאר מִיט טוֹיזֶענְד מַאנְן אִיז עֶר אַיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט טְרִיפוֹן

אַריינגֶעפָאהרֶען קיין עכּו. דָארְט אִיז יוֹנָתָן גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, זַיין קְלֵיינֶע מַחֲנֶה הָאט טְרִיפוֹן אויסְגֶעהַרְגֶ'ט אוּנ אַ הוּץ דֶעם הָאט עֶר נָאךְ אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זַיינֶע לַייט מֶען זָאל נָאכְיָאגֶען דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל וָואס אִיז אַוֶועקְגֶענַאנְגֶען קיין גַאלִילֶעא. דָאס אִיז אִיהם דַוְקָא נִיט גֶערָאטְהֶען, וַוייל זַיין חֶבְרָה הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט בַּייקוּמֶען דִי יוּדֶען; נאר דֶערְוַוייל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי בִּיטֶערֶע בְּשׂוֹרָה קיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ עֶס אִיז דָארְט גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְקֶער רַעַשׁ. עֶרְשְׁטֶענְס הָאט בַּאנְג גֶעטְהוּן אוֹיף יְהוֹנָתָן וָואס מֶען הָאט אִיהם שׁוין מֶעהר נִיט גֶערֶעכֶענְט צְווִישֶׁען דִי לֶעבֶּעדִיגֶע, אוּנ צְוֵויטֶענְס הָאט מֶען אִין דֶעם אַכְזָרִיוּת פוּן טְרִיפוֹן גֶעזֶעהְן אַ וִוינְק פוּן דִי הֶעלֶענִיסְטֶען אוּנ מֶען הָאט מוֹרָא גֶעהַאט טָאמִיר צוּפִיהרֶען זֵיי זִיךְ וַוייטֶער דִי הֶאנְד. אִין דֶער טְרוֹיעֶרִיגֶער לַאגֶע הָאט דָאס פָאלְק זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם לֶעצְטֶען בְּרוּדֶער פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים שִׁמְעוֹן, אוּנ הָאטְשִׁי עֶר אִיז שׁוין גֶעוֶועהן זֶעהר אַלְט, הָאט עֶר פָּארְט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט טְרִיפוֹן אוּנ אִיהם נִיט אַרַיינְלָאזֶען קיין יְהוּדָה.

קיין אַדִידַה הָאט שִׁמְעוֹן צוּנוֹיפְגֶעצוֹיגֶען דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע חַיִל אוּנ טְרִיפוֹן הָאט גֶעזֶעהְן אַז נִיט אַזוֹי גְרִינְג וֶועט אִיהם זַיין זִיךְ אַרַיינְחַאפֶּען קיין יְהוּדָה. יוֹנָתָן הָאט עֶר מִיט זִיךְ מִיטְגֶעפִיהרְט, וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז זַיין לֶעבֶּען וֶועט אִיהם מֶעהר אַיינְבְּרֶענְגֶען וִוי זַיין טוֹיט. עֶר הָאט טַאקִי בֶּעפוֹילֶען דִי יוּדֶען, אַז עֶר מֵיינְט גָאר נִיט יוֹנָתָן עֶפִּיס שְׁלֶעכְטֶס צוּ טְהוּן, נָאר עֶר וִויל מֶען זָאל אִיהם אַרַיינְטְרָאגֶען אַ אַלְטֶען חוֹב פוּן מַס. וָואס עֶס קוּמְט קְלָאמֶערְשְׁט סִירַיְען, אוּנ אַז מֶען וֶועט אִיהם שִׁיקֶען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן יוֹנָתָן'ס צְוֵויי זִיהן, וֶועט עֶר דֶעם פָאטֶער בֶּעפְרַייֶען. שִׁמְעוֹן הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מֶען קָאן נִיט שְׁטֶעלֶען אוֹיף טְרִיפוֹן'ס רֶעד, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְּרִיוּוְט אוּנ גֶעטְהוּן אַלְדִינְג וָואס טְרִיפוֹן הָאט גֶעפָאדֶערְט. אַוַודַאי הָאט זִיךְ בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז טְרִיפוֹן הָאט גֶענַארְט דִי יוּדֶען אוּנ דִי מִלְחָמָה אִיז וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען. אַז טְרִיפוֹן אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן בַּייצוּקוּמֶען דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהן קיין יְהוּדָה מִיט אֵיין אַנְדֶער וֶועג דוּרְךְ דִי בֶּערְג; נָאר דָארְט הָאבֶּען אִיהם דִי גְרוֹיסֶע שְׁנֶעעֶן אָנְגֶעטְהוּן צָרוֹת. פוּן זַיין גַאנְצֶער מַחֲנֶה אִיז גֶעוָוארֶען אַ תֵּל אוּנ פַאר רְצִיחָה הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען טֵייטֶען יוֹנָתָן. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט שִׁמְעוֹן דֶערְנָאךְ אָפְּגֶעזוּכְט דִי בֵּיינֶער פוּנ'ם בְּרוּדֶער אוּנ הָאט זֵיי בֶּעגְרָאבֶּען צְווִישֶׁען דִי קְבָרִים פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים אִין מָדִין.

אזוי האבען די יודישע גבורים אבגעהיט זייער פאטערלאנד אונ געוויזען אלע פעלקער אז מען מוז פאר זיי האבען דרך ארץ. עס איז אבער שווער אז אויף איין ארט זאל זיין אי גדולה, אי תורה: ווען אין יהודה האבען זיך געפונען מענשען מיט קראפט, וואס האבען געארבייט אונ דאס גאנצע לעבען געשטרעקט פאר'ן גרויסקייט פונ'ם לאנד, האט די וויסענשאפט געמוזט וואקסען גאר אין איין אנדער ווינקעל – אין מצרים.

אין דער גאנצער צייט וואס יהודה איז געשטאנען אונטער דער מאכט פון סיריען אונ האט געמוזט אויסשטעהן קאלטס אונ ווארעמס פון די פערשיעדענע סירישע קעניגע, וואס האבען זיך אלע מאל געביטען, פלעגען זעהר פיעל יודען ארויספאהרען קיין מצרים, ווייל דארט האבען זיי געקאנט גאר רוהיג לעבען אונ האבען געהאט אלע רעכטע באגלייך מיט די איבריגע איינוואהנער. אזוי האט זיך ביסלעכווייס אין מצרים בעזעצט מעהר פון א מיליאן יודען. געוואוינט האבען זיי גרעסטענטהיילס אין אלכסנדריען, נאר זיי זענען אויך געווען צוווארפען אין א סך אנדערע ערטער. אונ בעשעפטיגען פלעגען זיי זיך מיט האנדלען אין לאנד: ברענגען סחורות אויף שיפען פון דער פרעמד, אונ דערצו האבען זיי זיך אויסגעלערנט פון די גריכען פערשיעדענע קונציגע מלאכות. יעדע קהלה האט געהאט א שול, וואו מען פלעגט דאווענען אונ אלע שבת אונ יום טוב פלעגט א למדן זאגען א דרשה איבער דער סדרה אונ פארטייטשען געבען דעם עולם וואס די תורה פארדערט פונם יודען. אזוי האט זיך די תורה שטארק געהאלטען צווישען די יודען אין מצרים אונ ווער שמיעסט נאך אז אין דער טרויעריגער צייט פון אנטיוכוס-עפיפאנעס זענען די פיינסטע יודישע משפחות, איינאיינעם מיט'ן זוהן פון דעם כהן גדול אניאס דעם דריטען, געצווינגען געווען אוועק קיין מצרים, האבען די יודישע קהלות דארט בעקומען נאר איין אנדער גלאנץ. דער קעניג פילאמעטאר האט דעם יונגען כהן שטארק מקרב געווען אונ מען האט צום אנהייב גערעכענט – ווען די סיריער האבען דערהרג'עט מענעלויס'ן – אז ער וועט קאנען צוריקקעהרען קיין יהודה אונ דארט איבערנעהמען די כהונה; נאר אז עס איז אנגעקומען די ידיעה אז אלקימוס איז געווארען כהן, האט ער זיך ענטשלאסען אין גאנצען צו בלייבען אין מצרים

צווישען די אנטלאפענע פון יהודה איז, אויסער דעם יונגען אניאס, געווען נאך א יוד דאזיטהעאוס, אונ זיי ביידע איז בעשערט געווען צו שפיעלען א גרויסע ראלע אין מצרים. אז עס איז ארויס א קריג צווי-

שֶׁען בֵּיידֶע מְלָכִים פוּן מִצְרַיִם , דִי בְּרִידֶער פְּ י לָ א מֶ ט אָ ר אוּנ אֵ י י עֶ ר-
גֶ ע טֶ ע ס דֶ ע ם צְ וֵ ו י י טֶ ע ן , הָאט פִּילָאמֶעטָאר זַיין גַאנְץ הַיל גֶעשְׁטֶעלְט
אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן אָנִיַאס אוּנ דאזִיטֶהֶעאוּס אוּנ מִיט זֵייעֶר הִילְף הָאט
עֶר גוֹבֵר גֶעוֶועהן דֶעם שׂוֹנֵא . פוּן דֶעמעלְט אָן זֶענֶען בֵּיי אִיהם דִי צְוֵויי
יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער גֶעהוֹיכְט אוּנ גֶעקְרֶאנְט גֶעוָוארֶען אוּנ אָנִיַאס הָאט זִיךְ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכְנֶען פַאר אַ ראש פוּן אַלֶע יוּדֶען אִין מִצְרַיִם.

חָאטְשִׁי אָנִיַאס הָאט דֶערְגְרֵייכְט צַ-א גְרוֹיסֶע מַדְרֵגָה , פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען
הָאט אִיהם בַּאנְג גֶעטְהוּן זִיךְ אִין גַאנְצֶען גֶעזֶעגְנֶען מִיט'ן נָאהמֶען כֹּהֵן אוּנ
אַז פוּן יְהוּדָה פְּלֶעגֶען אָנְקוּמֶען נִיט קֵיין פְרֶעהלִיכֶע בְּשׂוֹרוֹת אוּנ מֶען הָאט
גֶעקֶאנְט מוֹרָא הָאבֶּען , אַז אָט אָט וֶועלֶען דָארְט דִי יוּדֶען פֶערְלִיעְרֶען זֵייעֶר
זֶעלְבְּסְטשְׁטֶאנְדִיגְקֵייט אוּנ דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ , וָואס הָאט נָאר אַלֵיין גֶעקֶאנְט
צוּנוֹיפְבִּינְדֶען אַלֶע יוּדֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט וֶועט חָרוּב וֶוערֶען , הָאט
עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְטְרָאגֶען מִיט דֶער מַחֲשָׁבָה , אַז עֶר מוּז אִין מִצְרַיִם
אוֹיסְבּוֹיעֶן אַ בֶּעזוּנְדֶער מִשְׁכָּן . אָנִיַאס הָאט זַיין גֶעדַאנְק אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם
קֶענִיג אוּנ עֶר הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט צוּ גֶעבֶּען אַלֶע מִיטֶעל דֶערְצוּ . עֶס
הָאט נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ אָנִיַאס הָאט אִין הֶ ע לִ י פָּ א לִ י ס אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט
אַ מִשְׁכָּן , וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען אוֹיף זַיין נָאהמֶען: ,אָ נִ י אַ ס–טֶ ע מְ-
פֶּ ע ל" אוּנ דִי גַאנְצֶע גֶעגֶענְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֵייסֶען ,אָ נִ י אַ ן" . אִין דֶעם
נַייעֶם בֵּית הַמִקְדָשׁ הָאבֶּען דִי יוּדֶען גָאט גֶעדִיעְנְט וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין ;
נָאר זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעטְהוּן וִוי דִי שֹׁמְרוֹנִים מִיט זֵייעֶר טֶעמְפֶּעל אוֹיף דֶעם
הַר גְּרִזִים , זֵיי הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אִין יְהוּדָה
אוּנ יְרוּשָׁלַיִם מִיט'ן בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן דָאס הֵיילִיגְסְטֶע . עֶס
קָאן אוֹיךְ זַיין , אַז וֶוען אִין יְהוּדָה זָאל דֶערְמֶעלְט גֶעוֶועהן זַיין אַ בִּיסֶעל רוּהִי-
גֶער , וָואלְט מֶען נִיט דֶערְלָאזְט אַז אִין מִצְרַיִם זָאל אוֹיסְוַואקְסֶען פְּלִיצוּם אַיין
נַייעֶר מִשְׁכָּן . נָאר אַזוֹי וִוי דִי קֶאפּ זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועהן פַארְדְרֶעהט , הָאט
זִיךְ קֵיינֶער דַארוֹיף נִיט אוּמְגֶעקוּקְט . דֶער ,אָנִיאַס-טֶעמְפֶּעל" הָאט זִיךְ בֶּע-
פֶעסְטִיגְט , הֶעלִיפָּאלִים הָאט מֶען גֶערוּפֶען ,עִיר הַצֶּדֶק" , דִי שְׁטָאדְט פוּן גֶע-
רֶעכְטִיגְקֵייט אוּנ אַז דִי חַשְׁמוֹנָאִים הָאבֶּען דֶערְנָאךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ רֶעכְטֶען פוּס , הָאט מֶען גֶעזֶעהן אַז פוּן אָנִיַאסס
אוֹיפְטְהוּ הָאט חָלִילָה דָאס יוּדִישְׁקֵייט נָאר נִיט גֶעלִיטֶען , מֶען הָאט זִיךְ
גֶעוואוֹינְט מִיט דֶעם אַז אִין מִצְרַיִם זָאלֶען דִי יוּדֶען אוֹיךְ הָאבֶּען אַ הֵיילִיג
אָרְט , וואו אוֹיסְצוּשִׁיטֶען זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער פַאר גָאט אוּנ נָאר דִי

„פרומע' האבען נאך לאנג דארויף קרום געקוקט. אניאס איז דערווייל גרויס געווארען ניט נאר ביי די יודען אין די אויגען, נאר ער האט נאך מעהרן בעקומען ביי'ם קאניג; ער האט געשטעלט אונטער זיין מאכט א בעזונדער יודיש חיל אבצוהיטען דעם טעמפעל און אז ער האט בעדארפט האבען א בעגלייבטען מענשען וואס ער זאל אין זיינע הענד קאנען איבערגעבען די גאנצע הכנסה פונ'ם מס פאר די סחורות, וואס מען האט אריינגעפיהרט קיין מצרים מיט'ן וואסער, האט ער ניט געפונען קיין אנדערן אויסער אניאס'ן, ווייל נאר צו איהם האט ער געהאט דאס גרעסטע צוטרויען.

דער קאניג פהילאמעטאר האט אזוי ווייט ליעב געקריגען דאס יודישע פאלק און זייער פיהרער אז ער האט זיך זעהר געוואלט בעקענען מיט דעם יודישען געזעץ און צו ליעב דעם האט מען געלאזט די תורה איבערזעצען אויף גריכיש און פינף איבערזעצער האבען זיך בעשעפטיגט דערמיט. דער טאג, ווען מען האט די איבערזעצונג געענדיגט און איבערגעגעבען דעם קאניג, איז געווארען ביי די יודען פון אלכסנדריען א יום טוב און אלע יאהר פלעגען זיי ארויספאהרען אויף א אינזעל פהאראס און זיך דארט אנטהון אלע תענוגים. שפעטער מיט הונדערט יאהר האט מען אויסגעטראכט א גאנצע מעשה, אז די איבערזעצונג איז געארבייט געווארען דורך צוויי און זיבציג געלעהרטע מענשען, וואס יעדער איז געזעסען פערשפארט אין א בעזונדער חדר און האט זיך געטהון זיינס, און אז אלע האבען געענדיגט האט מען פארגלייכט די איבערזעצונג און זי האט דערפאר בעקומען א נאהמען „סעפטואגינטא". אין מצרים האט די איבערזעצונג געמאכט איין שטארקען רושם. ביי די יודען איז געוועהן זעהר אנגעלעגט וואס די געבילדעטע גריכען, וואס האבען זיך איינגערעדט אז קיין קלוגערס פון זיי איז ניטא, האבען בעקומען א מעגליכקייט צו לייענען די תורה, וואס איז דורך דעם געווארען דער ערשטער שליח צווישען די גאטצענדיענער און האט זיי געגעבען א בעגריף פון א איינציגען בורא עולם. אין יהודה אבער זענען די „פרומע' גאר ניט צופריעדען געוועהן דערפון, ווייל זיי האבען געדרינגען אז די תורה ווערט און איהר גאנצע קדושה אין איין אנדער לשון און האבען מורא געהאט טאמער האפען זיך אהין אריין דורך דער איבערזעצונג אזוינע זאכען וואס שטעהען גאר דארט ניט, און בעזאנדערס האבען זיי ניט געוואלט לידען וואס די איבערזעצונג איז מעהר אנגענומען געווארען ווי די תורה אליין און מען האט זי אנגעהויבען לייענען אין אלע שולען.

פוּן דֶער אִיבֶּערְזֶעצוּנְג אָן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין מִצְרַיִם בְּלִיהֶען אַ גַאנְצֶע יוּדִישׁ־גְרִיכִישֶׁע לִיטֶערַאטוּר. פוּן אֵיין זַייט הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶענַאשְׁט בַּיי דִי גְרִיכֶען דָאס אֶפֶּענְטְלִיכֶע דַרְשֶׁנֶען, שְׁטֶעלֶען זִיךְ אוֹיף אַ פְּסוּק פוּנ׳ם חוּמָשׁ אוּנ פֶערְבִּינְדֶען דֶערְמִיט גֶעוִויסֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין גְרִינְג גֶעוָוארֶען צוּ טְהוּן, וַוייל דִי תּוֹרָה אִיז גֶעוֶועהן אוֹיף גְרִיכִישׁ אוּנ יֶעדֶער הָאט זִי פֶערְשְׁטַאנֶען. פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַלֵיין גֶעוָואלְט מֶעהר מִיט זִיךְ בֶּעקֶענְט מַאכֶען דִי גְרִיכֶען אוּנ אַזוֹי וִוי דֶעמֶעלְט אִיז גֶעוֶועהן דִי מָאדֶע צוּ שְׁרַייבֶּען נָאר שִׁירִים, גֶעפִינְט מֶען נָאךְ אַצִינְד גַאנְצֶע שְׁטִיקֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע בֶּעשְׁרִיעבֶּען אִין שֶׁאנֶע קְלִינְגֶענְדִיגֶע גְרִיכִישֶׁע גְרַאמֶען. דֶערצוּ הָאט זִיךְ גְרָאד גֶעמַאכְט נָאךְ אַ זַאךְ, וָואס צוּ לִיעבּ דֶעם הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט דֶעם תַּמְצִית פוּן אַ סַךְ הֵיילִיגֶע סְפָרִים אוֹיפְשְׁרַייבֶּען אוֹיף גְרִיכִישׁ. אִין מִצְרַיִם הָאבֶּען פוּן לַאנְג אָן גֶעוָואהְנְט פִיעל שׁוֹמְרוֹנִים, וָואס זֶענֶען אַהִין אוֹיךְ עֶנְטְלָאפֶען אִין דִי פְרִיהֶרִיגֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע צַייטֶען; זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶערֶעדְט גְרִיכִישׁ אוּנ גַאנְץ רוּהִיג גֶעלֶעבְּט אִין לַאנְד, נָאר מִיט דִי יוּדֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען אוּנ עֶס הָאט זֵיי גֶעשְׁטָאכֶען פַאר וָואס דִי מְלוּכָה גִיט זֵיי אַזוֹי פִיעל פְרַייהֵייט. אַז עֶס אִיז אַרוֹיס דִי גְרִיכִישֶׁע אִיבֶּערְזֶעצוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן וִוי גְרוֹיס דִי לִיעבְּשַׁאפְט פוּנ׳ם קֶענִיג אִיז צוּ דִי יוּדֶען, אִיז זֵייעֶר כַּעַס נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעהֶען מִיט רְכִילוּת אוּנ אוֹיסְטְרַאכְטֶען בִּלְבּוּלִים בִּיז דֶער גוּטֶער מֶלֶךְ פְּתָלָאמֶעטָאר, וָואס הָאט לִיעבּ גֶעהַאט אַלְדִינְג צוּ וִויסֶען, הָאט גֶעמַאכְט אַז דִי יוּדֶען מִיט דִי שׁוֹמְרוֹנִים זָאלֶען הָאבֶּען אַ אֶפֶּענְטְלִיכֶען וִכּוּחַ. פוּן דִי יוּדֶענְס זַייט אִיז אַרוֹיסְגֶעטְרֶעטֶען אַנְדְרָאנִיקוּס בֶּן מְשֻׁלָּם אוּנ דִי שׁוֹמְרוֹנִים הָאבֶּען גֶעהַאט צְוֵוייא פָארְשְׁטֶעהֶער סַבִּי אוּנ טְהֶעאָדָאזִיוּס. דֶער וִכּוּחַ הָאט זִיךְ מִן הַסְתָּם אוֹיסְגֶעלָאזְט וִוי אַלֶע אַזֵיינֶע וִכּוּחִים לָאזֶען זִיךְ אוֹיס: יֶעדֶער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי זַיין מֵיינוּנְג, אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן הָאט נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְשְׁפַּארֶען, נָאר דִי יוּדִישׁ־גְרִיכִישֶׁע לִיטֶערַאטוּר אִיז בֶּערַייכְט גֶעוָוארֶען מִיט פִיל בִּיכֶער אִיבֶּער דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ אֱמוּנָה.

דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָבֶּער אוּמֶעדוּם אֵיין מַזָל. לַאנְג לִיכְטִיג קָאן בַּיי זֵיי נִיט זַיין, אוּנ פוּנְקְט אִין דֶער צַייט וָואס אִין יְהוּדָה הָאט זִיךְ דָאס רֶאדֶעל אִיבֶּערגֶעדְרֶעהט נָאךְ יוֹנָתָן׳ס טוֹיט, אִיז אִין מִצְרַיִם אוֹיךְ גֶעוָוארֶען אַ אִיבֶּערְקֶערֶענִישׁ. דֶער גוּטֶער מֶלֶךְ פְּתָלָאמֶעטָאר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ אוֹיף זַיין אָרְט אִיז אַרוֹיף דֶער שְׁלֶעכְטֶער אֵייעֶרְגֶעטֶעס, וָואס הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט זַיין אֵייגֶענֶער

שְׁוָועסְטֶער אונ בֶּעפְלֶעקְט די מְלוּכָה. מִיט זַיינֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע מַעֲשִׂים. עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזוֹי פִּיעל אַכְזָרִיוּת אַז אַלֶע אֵיינְוָואהנֶער פוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען זֶענִין זִיךְ צוּלָאפֶען אוּנ די יוּדֶען זֶענִין נָאר אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועהן דָאס כַּפָּרָה-הִינְדֶעל. אֵייעֶרְגֶעטֶעס, אָדֶער ווִי מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען פְּטַאלָאמֶעאוּס-פִּיסְקָאן דֶער זִיבֶּענְטֶער, מִיט׳ן גְרָאבֶּען בּוּיךְ׳ הָאט פֶערְדְרָאסֶען וָואס אָנִיאַס הָאט גֶעהַאלְטֶען מִיט פִהִילָאמֶעטָאר׳ס אַלְמָנָה, קְלֶעאָפַּאטְרַא. וָואס הָאט גֶעוָואלְט אַז די מְלוּכָה זָאל אִיבֶּערְגֶעהְן צוּ אִיהר קְלֵיינֶעם זוּהן אוּנ אַז עֶר הָאט דֶערְהָאְרט אַז אָנִיאַס קְלוֹיבְּט צוּנוֹיף חַיִל אוּנ ווִיל גֶעהְן אַקֶעגֶען אִיהם, הָאט עֶר בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַמִשְׁפָּט צֶדֶק, מֶען זָאל אַלֶע יוּדֶען מִיט ווַייבֶּער אוּנ קִינְדֶער פֶענְטֶען אִין קֵייטֶען אוּנ זֵיי אַרוֹיסְפִיהְרֶען נַאקֶעט אוֹיף אַ פְּלַאץ, די עֶלֶעפַאנְטֶען זָאלֶען זֵיי צוּטְרֶעטֶען. דָא אִיז אָבֶּער גֶעשֶׁעהן אַ נֵס: דֶער קֶענִיג הָאט גֶעהֵייסֶען אָנְטְרִינְקֶען די עֶלֶעפַאנְטֶען מִיט וויין, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען מִיט מֶעהר רְצִיחָה אָנְפַאלֶען אוֹיף די גֶעבּוּנְדֶענֶע יוּדֶען, נָאר די עֶלֶעפַאנְטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען לוֹיפֶען נָאר אִין אֵיין אַנְדֶער זַייט, וואוּ דֶעם קֶענִיגְס לַייט זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אוּנ די שׂוֹנְאִים הָאבֶּען גֶעחַאפְּט דֶעם פְּסַק וָואס הָאט גֶעזָאלְט גֶעשֶׁעהן די יוּדֶען. דֶער זֵכֶר פוּן דֶעם וואוּנדֶער הָאט זִיךְ לַאנְג גֶעהַאלְטֶען צְווִישֶׁען די יוּדֶען פוּן מִצְרַיִם אוּנ זֵיי הָאבֶּען דֶעם טָאג גֶעמַאכְט פַאר אַיוֹם טוֹב.



# צְווֵייטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## די נְשִׂיאִים שִׁמְעוֹן אוּנ יוֹחָנָן הוּרְקָנוּס.

(143—106 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 176—213 פַאר׳ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

די אַרְבֵּייט פוּן יְהוּדָה הַמַכַּבִּי אוּנ זַיין בְּרוּדֶער יוֹנָתָן אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען לְאִיבּוּד אוּנ אַז דֶער לֶעצְטֶער בְּרוּדֶער פוּן די חַשְׁמוֹנָאִים, שִׁמְעוֹן,

הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ פִירֶען דָאס לַאנְד , אִיז עֶר שׁוֹין אִים שְׁטַאנְד
גֶעוֶועהן אוֹיפְצוּטְרֶעטֶען מִיט מֶעהר שְׁטַארְקֵייט. ווייל פִּיעל שְׁטֶעדְט זֶענֶען שׁוֹין
גֶעוֶועהן בֶּעפֶעסְטִיגְט אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל הָאט שׁוֹין נִיט אֵיין מָאהל בֶּעוִויזֶ־
זֶען זַיין כֹּחַ אוּנ גְבוּרָה . מִיט דֶער הִילְף פוּן זַיינֶע פִּיער זִיהן , ווָאס דְרַיי
פוּן זַיי זֶענֶען בֶּעקֶענְט מִיט דִי נֶאהמֶען: יוֹחָנָן , יְהוּדָה אוּנ מַתִּתְיָהוּ
הָאט שִׁמְעוֹן גֶעמַאכְט דִי בֶּעסְטֶע אָרְדְנוּנְג אִין לַאנְד אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
דֶערְפוּן, ווָאס עֶר הָאט בַּאלְד אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם עוֹל פוּן דֶער סִי־
רִישֶׁער מְלוּכָה .... הָאט זִיךְ בַּיי קֵיינֶעם נִיט אָנְגֶעפְרֶעגְט ווֶעגֶען דֶער כְּהוּנָה,
ווָאס עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען . עֶר הָאט אָבֶער אִין זִין גֶעהַאט, אַז טָאמֶער ווֶעט
זַיין זֶעלְבְּסְטשְׁטֶענְדִיגְקֵייט פֶערְדְרִיסֶען אַ שׂוֹנֵא זָאל עֶר זַיין גְרֵייט צוּ מִלְחָמָה
אוּנ עֶר הָאט זִיךְ פֶערְזָארְגְט מִיט גֶענוּג חַיִל אוּנ כְּלֵי זַיִן. אוּנ כְּדֵי עֶר זָאל
בַּיי זִיךְ נָאךְ זִיכֶערֶער זַיין, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט אַ גָאלְדֶענֶע קְרוֹין דְמִיטְרִיוּס־
נִיקַאטָאר דֶעם צְוֵייטֶען אוּנ הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט בֶּעהִילְפִיג צוּ זַיין
ווֶען טְרִיפוֹן ווֶעט אוֹיף אִיהם אָנְפַאלֶען. דְמִיטְרִיוּס הָאט דֶערְמֶעלְט קֵיין אַנְדֶער
בְּרֵירָה נִיט גֶעהַאט אוּנ הָאט גֶעמוּזְט אָנְנֶעהמֶען דֶעם שָׁלוֹם : עֶר הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט מִיט זֶעהר אַ פְרֵיינְדְלִיכֶען בְּרִיעף אַז עֶר אִיז מוֹחֵל דֶעם מַס ווָאס
עֶס קוּמְט אִיהם אוּנ בֶּעט צוּ פֶערְגֶעסֶען אַלְדִינְג, ווָאס אִיז גֶעוֶועהן . מִיט
גְרוֹיס שִׂמְחָה הָאט דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק בֶּעגְרִיסְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁרִיט צוּ אַזַא
ווִיכְטִיגֶער פְרַייהֵייט ווָאס הָאט גֶעקֶאנְט פִירֶען צוּם בֶּעלֶעבֶּען פוּן דֶער פְרִיה־
רִיגֶער מְלוּכָה ; עֶס אִיז בַּיי זַיי אַזוֹי טְהַייעֶר גֶעוֶועהן , אַז אֲפִילוּ דִי יָאהרֶען־
רֶעכְנוּנְג הָאבֶּען זַיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאר אוֹיפְ'ס נַייֶע פוּן דֶער צַייט, ווָאס זַיי
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ גֶעבֶּען נְתִינוֹת דֶער סִירִישֶׁער מְלוּכָה אוּנ זַיי הָאבֶּע־
גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ חוֹב דֶערְפוּן מוֹדִיעַ צוּ זַיין דִי יוּדֶען פוּן מִצְרַיִם . בַּאלְ־
נָאךְ דֶעם הָאט זִיךְ שִׁמְעוֹן גֶענוּמֶען צוּ דִי הֶעלֶענִיסְטֶען ווָאס הָאבֶּען זִיךְ
נָאךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין אַקְרָא גַּזָרָה אוּנ בֵּית־סוּר . גַּזָרָה הָאט זִיךְ
הֵיכֶף אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען . דָאס אֵייגֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן מִיט בֵּית־סוּר . אוּנ
נָאר מִיט אַקְרָא אִיז אַ בִּיסֶעל שְׁוֶוער צוּגֶעגַאנְגֶען. חָאטְשֶׁי סוֹף כָּל סוֹף הָא־
בֶּען דִי הֶעלֶענִיסְטֶען פָארְט גֶעמוּזְט פֶערְלָאזֶען זֵייעֶר אַלְטֶע גֶעסְט אוּנ נָאךְ
פִירְצִיג יָאהר ווָאס זַיי הָאבֶּען עֶקְסֶעסְטִירְט , אִיז פוּן זַיי אִין גַאנְצֶען גֶעוָוא־
רֶען אַ תֵּל.

דִי אַלְטֶע אֶרְטֶער , וואו דִי הֶעלֶענִיסְטֶען זֶענֶען פְרִיהֶר גֶעוֶועהן הָאט
שִׁמְעוֹן בֶּענוּצְט פַאר דֶער טוֹבָה פוּן דֶער מְדִינָה אוּנ הָאט זַיי שְׁטַארְק בֶּע־

פֶּעסְטִיגְט. דִי שְׁטָאדְט יָפוֹ, וָואס לִיגְט בַּיים יַם, הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעבֶּען אַ גְרוֹיסֶע הַכְנָסָה, וָואס בִּיז אַהֶער פְלֶעגֶען זִי דִי סִירִיעֶר צוּנֶעהמֶען דִי פֶּעסְטוּנְג אַקְרָא הָאט דֶער עוֹלָם גְערֶעכֶענט אִין גַאנְצֶען צוּוַוארְפֶען, ווייל מֶען הָאט גֶעפוּנֶען, אַז עֶס פַּאסְט נִיט דִי מוֹיעֶרֶען פוּן אַקְרָא זָאלֶען זַיין הֶעכֶער פוּנ׳ם בֵּית הַמִקְדָשׁ; נָאר אַז שִׁמְעוֹן הָאט גֶעזֶעהן, אַז אִין אַקְרָא אִיז דָאס בֶּעסְטֶע אָרְט צוּ הַאלְטֶען חַיִל אוּנ אַז דִי פֶּעסְטוּנְג קָאן שְׁטֶאנְדִיג דִיעֶנֶען פַאר אַיין שׁוּטְץ דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּט-שְׁטָאדְט. הָאט עֶר נָאר גֶעהֵייסֶען דִי מוֹיעֶרֶען אַ בִּיסֶעל נִידֶערִיגֶער מַאכֶען אוּנ אֶנְדֶערְן דֶעם נָאמֶען פוּן אַקְרָא אוֹיף בִּירָה, אַזוֹי ווִי מֶען הָאט זִי גֶערוּפֶען אִין דֶער צֵייט פוּן נְחֶמְיָה. עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין דָארְט בֶּעזֶעצְט אוּנ דֶעם זוּהן יוֹחָנָן הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר מוֹשֵׁל אִין גַזְרָה.

אַז דְמִיטְרִיוּס-נִיקַאטָאר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה מִיט פֶּערְ-סִיָען אוּנ הָאט גֶעמוּזְט אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי מְלוּכָה זַיין בְּרוּדֶער אַנְטִיוּכוֹס סִידֶעטֶעס אוּנ אַזוֹי ווִי דֶער נַייעֶר מֶלֶךְ הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט צוּ טְהוּן מִיט טְרִיפוֹן אוּנ הָאט גֶעוואוּסְט וָואס פַאר אַ שׂוֹנְאִים דִי יוּדֶען זֶענֶען אִיהם פַאר׳ן טוֹיט פוּן יוֹנָתָן, הָאט עֶר אוֹיךְ בַּאלְד גֶעשְׁלָאסֶען פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט שִׁמְעוֹן אוּנ הָאט אִיהם נָאךְ גֶעשֶׁאנְקְט דָאס רֶעכְט אַלֵיין צוּ מַאכֶען מַטְבְּעוֹת פַאר זַיין לַאנְד. נָאר שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט בֶּעגְנִיגְט מִיט דֶעם. עֶר הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ פִיהלֶען נָאךְ זִיכֶערֶער אוּנ הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צְווֵיי שְׁלִיחִים נוּמֶענְיוּס בֶּן אַנְטִיוּכוֹס אוּנ אַנְטִיפַּטֶער בֶּן יַאזָאן, קַיין רוֹם בֶּעטֶען בַּיי דִי רָאמֶער זֵיי זָאלֶען אִיהם צוּזָאגֶען זַייעֶר שׁוּטְץ. דִי רָאמֶער הָאבֶען אַלְדִינְג צוּ-גֶעזָאגְט; נָאר שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ פָאר הוּנְדֶערְט יָאהר הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען ווִי טְהַייעֶר דִי יוּדֶען הָאבֶען גֶעמוּזְט בֶּעצָאהלֶען פַאר זַייעֶר פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ ווִיי נִיט-בֶּערֶעכֶענְט שִׁמְעוֹן אִיז גֶעוֶועהן, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּ דִי רָאמֶער אוּנ מִיט אֵיין הַאנְד צוּשְׁטֶערְט דָאס, וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיעט מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הַאנְד.

דֶערְוַוייל הָאבֶען דִי יוּדֶען גֶעפִיהלְט אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה לְפִי שָׁעָה אוּנ אַז דִי הָאבֶען זִיךְ גֶעזֶעהן אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט נָאר מִיט גוּטֶע פְרַיינְד הָאט יְהוּדָה, צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאהל נָאךְ צִדְקִיָהוּ׳ס טוֹיט, גֶעקֶאנְט בֶּעטְרַאכְטֶען שִׁמְעוֹן פַאר אַ פְרַייעֶן מוֹשֵׁל. מִיט גְרוֹיס פַארְאַד הָאבֶען זִיךְ אַלֶע כֹּהֲנִים, לְוִיִּים אוּנ זְקֵנִים פֶערְזַאמֶעלְט אוֹיפ׳ן הַר הַבַּיִת אוּנ שִׁמְעוֹן אִיז אוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען פַאר אַ נָשִׂיא. בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאזְט זַיינֶע אֵייגֶענֶע

מַטְבֵּעוֹת: פוּן אֵיין זַייט אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעקְרִיצְט „שֶׁקֶל כֶּסֶף“ אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט — „דָאס הֵיילִיגֶע יְרוּשָׁלַיִם“; נָאר זַיין נָאמֶען אִיז נִיט גֶעוֶוען דֶערְמָאנְט. וַוייל עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט דֶערְמִיט אִיבֶּערְנֶעהְמֶען.

קוֹים הָאט זִיךְ אָבֶּער אַנְטִיוֹכוּס סִידֶעטֶעס גֶעזֶעהן נָאהֶענְט צוּם צִיעל אוּנ טְרִיפוֹן הָאט אִיהם שוֹין נִיט גֶעקָאנְט שָׁאדֶען, אִיז זַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען אַ סַךְ קְלֵיינֶער אוּנ אַז שִׁמְעוֹן הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט — וְוִיעֶ עֶר הָאט בֶּעלֶענֶערְט דִי שְׁטָאדְט דָארַא — צְוֵויי טוֹיזֶענְד מַאן אוּנ גֶעלְד, הָאט עֶר זִיךְ פוּן דֶער הִילְף אָבְּגֶעזָאגְט. דָאס הָאט עֶר גֶעטְהוּן בְּכִוָּון, כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ קֶאנֶען שְׁפֶּעטֶער מִטַּעפֶּען אוּנ דִי הֶאנְד זָאלֶען אִיהם נִיט זַיין גֶעבּוּנְדֶען. טַאקֶע גָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט זַיין הוֹיפְּטְמַאן, קֶענְדֶעבַּאיַאס. פוּן הוּרְקַאנְיָען צוּ שִׁמְעוֹן מִיט אַ טַעֲנָה: פַאר וָואס מֶען בֶּעלוֹינְט אִיהם נִיט פַאר יָפוֹ, גַזָרָה אוּנ אַקְרָא אוּנ הָאט גֶעפָאדֶערְט, אַז מֶען זָאל אִיהם גֶעבֶּען אַ שַׁלַל מִיט גֶעלְד אָדֶער אָבְּטְרֶעטֶען צוּרִיק דִי אֶרְטֶער. אוֹיסְגַלַייכֶען זִיךְ אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶוען אוּנ עֶס הָאט גֶעמוּזְט קוּמֶען צוּ קְרִיעג. קֶענְדֶעבַּאיַאס הָאט נִיט גֶעמַאכְט קֵיין שִׁיהוּת אוּנ הָאט שוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְצוּקְרִיעכֶען טִיעף אִין יוּדִישֶׁען לַאנְד. שִׁמְעוֹן הָאט בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע חַיִל זַיינֶע בֵּיידֶע זִיהן, יוֹחָנָן אוּנ יְהוּדָה אוּנ עֶס אִיז זֵיי גֶערָאטְהֶען זִיךְ גוּט אָבְּצוּרֶעכְנֶען מִיטְ'ן שׂוֹנֵא. דֶער יוּנְגֶערֶער בְּרוּדֶער, יְהוּדָה אִיז פֶערְוואוּנְדֶעט גֶעוָוארֶען אוּנ דֶער עֶלְטֶערֶער יוֹחָנָן הָאט בֶּעקוּמֶען דֶעמֶעלְט דֶעם צוּנָאהְמֶען „הוּרְקָנוֹס“, וַוייל עֶר הָאט אַיינְגֶענוּמֶען דֶעם הוֹיפְּטְמַאן פוּן הוּרְקַנְיָען

נָאךְ אַזַא מַפָּלָה הָאט אַנְטִיוֹכוּס סִידֶעטֶעס גֶעזֶעהן, אַז מִיט כֹּחַ וֶועט עֶר גָאר נִיט אוֹיספִיהְרֶען. הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהן מִיט פַאלְשְׁקֵייט אוּנ הָאט טַאקֶע אָבְּגֶעזוּכְט צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען אַזוֹינֶעם, וָואס הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען אוֹיספִיהְרֶען זַיין שֶׁענְדְלִיכֶען פְּלַאן. דָאס אִיז גֶעוֶוען שִׁמְעוֹנ'ס אַיין אֵיידֶעם — פְּטַאלָאמֶעאוּס בֶּן חַבּוּב. הָאטְשִׁי צוּ דֶער חֲתוּנָה הָאט אִיהם שִׁמְעוֹן גֶעגֶעבֶּען אַ סַךְ גֶעלְד אוּנ הָאט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר מוֹשֵׁל אִין יְרִיחוֹ, אִיז אִיהם אָבֶּער אַלְדִינְג קַארְג גֶעוֶוען אוּנ עֶר הָאט גֶעוָואלְט מִיט אַ מָאל יַרְשֶׁנֶען דֶעם שְׁוֶוערְ'ס כָּבוֹד אוּנ רַייכְקֵייט. אַזַא מֶענְשֶׁעל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען אוּנ אַז שִׁמְעוֹן מִיטְ'ן וַוייבּ אוּנ צְוֵויי זִיהן, יְהוּדָה אוּנ מַתִּתְיָהוּ אִיז צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען צוּ גַאסְט קֵיין דָּגוֹן, הָאט עֶר זֵיי אַלֶע אוֹיסֶער שִׁמְעוֹנ'ס פְרוֹי, דֶערְהַרְגֶעט. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעוָואלְט עֶקֶען אוֹיךְ מִיט יוֹחָנָן

וָואס איז דֶעמֶעלְט גֶעוֶועהן אִין גְזֵרָה, נָאר מֶען הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ וִויסֶען אוּנ דִי שְׁלִיחִים פוּן זַיין שְׁוָואגֶער הָאבּען בַּיי אִיהם גֶעפוּנֶען דֶעם טוֹיט. אַזוֹי אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן אַלֶע מַתִּתְיָהוּ׳ס קִינְדֶער צוּ שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶער צַייט אוּנ אַוֶועקגֶעבֶּען דָאס לֶעבֶּען פַאר׳ן גְלִיק פוּן פַאטֶערְלַאנְד.

דֶער צְוֵוייטֶער נָשִׂיא, יוֹחָנָן הוֹרְקְנוֹס, הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט נָאךְ מֶעהר אִין כֹּחַ אוֹיסצוּפִיהרֶען אַלֶע זַאכֶען וָואס זַיין פָאטֶער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען. פַאר אִיהם הָאט דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד גֶעבְּליהט, פַאר דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַלֶע פֶּאלְקֶער פוּן וַוייט אוּנ פוּן נָאהֶענְט דֶרֶךְ אֶרֶץ גֶעהַאט אוּנ נִיט אוּמְזִיסְט פֶּערְגְלַייכְט מֶען זַיין צַייט מִיט דֶער גְלִיקְלִיכֶער צַייט פוּן שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ. עֶר הָאט אָבֶער אוֹיךְ פּוּנְקְט וִוי שְׁלֹמֹה, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גֶעגְנֶער, אֲדוֹנִיָהוּ, גֶעמוּזְט דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט גֶעגנוּג זִיךְ אָנְמוּטְשֶׁען בִּיז עֶר הָאט גֶעפְּטֶר׳ט זַיין שְׁוָואגֶער, דֶעם רוֹצֵחַ פוּנ׳ם פָאטֶער אוּנ דִי בְּרִידֶער. פְּטָאלָאמֶעאוּס הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט וֶוערֶען נָשִׂיא אוּנ הָאט שְׁטַארְק גֶעדִיפֶּעט אוֹיף דֶער הִילְף פוּן סִירְיֶען; דַארִיבֶּער אִיז יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס גֶעצְווּינְגֶען גֶעוֶועהן אִיהם צוּ פֶערְטְרַאכְטֶען. אַז יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער פֶעסְטוּנְג דָגוֹן, הָאט דָער אַכְזָר פְּטָאלָאמֶעאוּס גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְפִיהרֶען דִי שְׁווִיגֶער אוֹיף דֶער מוֹיעֶר אוּנ וַוייזֶען דֶעם זוּהן וָואס פַאר עִנוּיִים קָשִׁים מֶען טְהוּט אָן זַיין מוּטֶער. חָאטְשִׁי דִי אַלְטֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועהן גַזוֹי בֶּעהַארְצט, אַז זִי הָאט פוּן אוֹיבֶען אַרָאבּגֶעשְׁרִיגֶען דֶעם זוּהן, עֶס זָאל אִיהם נִיט הַארֶען אוּנ עֶר זָאל טְהוּן זַיינְס, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען אִיהם דִי צָרוֹת פוּן דֶער מוּטֶער שְׁלַאבֶּערִיג גֶעמַאכְט אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג. פְּטָאלָאמֶעאוּס הָאט דֶערְנָאךְ גֶעטֵייט דִי שְׁווִיגֶער, אַלֵיין אִיז עֶר אַוֶועק אִין דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן דִי עָמוֹנִים "רַבַּת עַמוֹן" אוּנ עֶס אִיז פוּן אִיהם קַיין זֵכֶר נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען.

קוֹים אִיז יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס פְּרַיי גֶעוָוארֶען פוּן אֵיין צָרָה – אִיז שׁוֹין אַ גְרֶאסֶערֶע גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶער טִיהר. אַנְטִיוֹכוֹס־סִידֶעטֶעס, וָואס הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט נוֹקֵם זַיין פַאר דֶעם פְּסַק, וָואס עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעחַאפְּט, הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען פִיעל חַיִל אוּנ הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּ דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט. וִוי עֶס שַׁיינְט, הָאט זִיךְ יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס דֶעמֶעלְט נִיט גֶעפִיהלְט אִין כֹּחַ גְלַייךְ אָנְהֵייבֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט׳ן שׂוֹנֵא אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס אִיז גֶעוֶועהן גוּט בֶּעפֶעסְטִיגְט. אַנְטִיוֹכוֹס הָאט גֶעמוּזְט בֶּעלֶאגֶערן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ וַוייל דָאס הָאט פִיעל גֶעדוֹיעֶרְט הָאבֶּען דִי סִירְיֶער שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען וֶועגֶען וַואסֶער־מַאנְגֶעל אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען נִיט וֶועניגֶער גֶעהַאט

אויסְצושְׁטֶעהן דֶערְפוּן, וָואס יֶיי הָאט גֶעפֶּעהְלְט בְּרוידְט. בַּיי אַזַא לַאנְגֶע הָאַ־
בֶּען בֵּיידֶע צְדָדִים אָנְגֶעהויבֶּען טְרַאכְטֶען פוּן שָׁלוֹם אוּנ יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט
דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעשִׁיקְט פָּארְלֶעגֶען: מְען זָאל צוּ לִיעבּ דֶעם יוֹם טוֹב סְכּוֹת
אִיבֶּערְרַייסֶען דִי קְרִיעג אויף אַכְט טָאג. אַנְטְיוּכוֹס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט אִין
דֶעם מִיט בֵּיידֶע הֶענְד, אוּנ הָאט נָאךְ אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אַ סַךְ בְּהֵמוֹת אויף
קָרְבָּנוֹת אוּנ גָאלְדֶענֶע כֵּלִים פַאר אַ מַתָּנָה. דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ ווִינְק, מֶען
זָאל טַאקֶע אָנְהֵייבֶּען רֶעדֶען פוּן אַ עֶרְנְסְטֶען שָׁלוֹם. אוּנ הָאטְשֶׁע צְווִישֶׁען
אַנְטְיוּכוֹס'ס הויפטלַייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג שׂוֹנְאִים, וָואס הָאבֶּען אִיהם
גֶערָאטְהֶען עֶר זָאל זִיךְ נוֹהֵג זַיין מִיט דִי יוּדֶען ווִי אַנְטְיוּכוֹס־עֶפִּיפַאנֶעס, הָאט
עֶר זִיךְ בֶּעגְנִיגְט דֶערְמִיט, וָואס עֶר הָאט גֶעפָאדֶערְט, אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען נִיט
הָאבֶּען קֵיין כְּלֵי זַיין, צָאהלֶען מַס פַאר עֶטְלִיכֶע שְׁטֶאדְט, ווִי גַזָרָה, יָפוֹ אוּנ
אַנְדֶערֶע, אוּנ אַרַיינְלָאזֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אַ טְהֵייל פוּנ'ם סִירִישֶׁען חַיִל. אויף
דִי עֶרְשְׁטֶע צְווֵיי זַאכֶען אִיז יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס בֶּעשְׁטַאנֶען, נָאר אויף דֶער דְרִי־
טֶער הָאט עֶר נִיט גֶעקֶאנְט מַסְכִּים זַיין; ווייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט נָאךְ
אַ מָאהל צוּזוּפמִישֶׁען דִי יוּדֶען מִיט דִי סִירְיֶער. אַנְטְיוּכוֹס הָאט קֵיין אַנְדֶער
בְּרֵירָה נִיט גֶעהַאט, אוּנ אַז יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט טַאקֶע שׁוֹין בִּמְזוּמָנִים אִיהם
אָבְּגֶעצָאהלְט דָאס גֶעלְד, וָואס עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט, הָאט עֶר גֶעמוּזְט צוּ
לִיעבּ טְהוּן אוּנ אִיז אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם. אַזוֹי הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט
מִיט גְלִיק אַ מִלְחָמָה, וָואס דֶער סוֹף הָאט זִיךְ גֶעקֶאנְט נִיט גוּט אויסְלָאזֶען,
אוּנ יְרוּשָׁלַיִם אִיז נָאר אָפְּגֶעקוּמֶען דֶערְמִיט, וָואס דֶער שׂוֹנֵא הָאט צוּשְׁטֶערְט
עֶטְלִיכֶע מוֹיעֶרֶען; דִי יוּדִישֶׁע מְלוּכָה אָבֶּער אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען פֶּעסְט, אוּנ דֶער
מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען אִיז גֶעוועהן אַזוֹי גוּט אַז דָאס בִּיסֶעל גֶעלְד וָואס
אַנְטְיוּכוֹס הָאט אַוֶועקְגֶעפִירְט, הָאט זִיךְ גָאר נִיט אָנְגֶעזֶעהן.

יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט זִיךְ אָבֶּער שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעוָואלְט פֶערְלָאזֶען אויף
אֵייגֶענֶע כּוֹחוֹת אוּנ הָאט גֶעזוּכְט זִיךְ צוּ בֶּעוָוארְנֶען מִיט אַ הִילְף פוּן דֶער
פְרֶעמְד. דֶערְפַאר הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים צוּ דִי רָאמֶער, מֶען זָאל
זִיךְ אָנ־נֶעהמֶען פַאר אִיהם אוּנ עֶר הָאט טַאקֶע גֶעפּוֹעֶלְט. אוּנ גָאר גִיךְ הָאט
אַנְטְיוּכוֹס־סִידֶעטֶעס גֶעמוּזְט זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן דִי תְּנָאִים, וָואס עֶר הָאט אוֹיס־
גֶענוּמֶען מִיט דִי יוּדֶען. עֶס הָאט אִיהם אֲפִילוּ גֶעשְׁטָאכֶען, נָאר בֶּעסֶער מַא־
כֶען הָאט עֶר נִיט גֶעקֶאנְט; ווייל פּוּנְקְט אִין דֶער צַייט הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹי־
בֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט פַּארְטְהֶען. וואוּ זַיין בְּרוּדֶער דֶמִיטְרִיוּס־נִיקַאטָאר אִיז
שׁוֹין צֶעהן יָאהר גֶעוֶועהן גֶעפַאנְגֶען, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַז דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל

זָאל איהם נָעהן צו הילְף. אַז מֶען דַארְף אָנְקוּמֶען צוּ יֶענֶעם – וֶוערְט מֶען נָאר איין אַנְדֶער מֶענְש: אַנְטִיוֹכוֹס איז אַזוֹי פְּריינְדְלִיך גֶעוָוארֶען גֶעגֶען די יודֶען, אַז אין וֶועג, וֶוען עֶס איז גְרָאד גֶעפַאלֶען אַ יוֹם טוֹב בַּאלְד נָאךְ אַ שַׁבָּת, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען רוּהֶען בֵּיידֶע טָאג. דָאס גְלִיק הָאט זִיךְ אָבֶּער אָבְּגֶעטְהוּן פוּן אַנְטִיוֹכוֹס'ן אוּנ עֶר איז בַּאלְד גֶעפַאלֶען אין דֶער מִלְחָמָה. דֶער קֶענִיג פוּן פַּארְטְהִיֶען הָאט אֲפִילוּ בֶּעפְרַייעֶט דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶעם דְמִיטְרִיוֹס-נִי-קַאטָאר אוּנ הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען אִיבֶּערְנֶעהמֶען די מְלוּכָה פוּן סִירְיֶען. עֶר הָאט אָבֶּער גֶעהֶערְשְׁט נִיט מֶעהר וִוי אַ פָּאר יָאהר; ווייל בַּאלְד איז גֶעוָוא-רֶען מֶלֶךְ מִיט דֶער הילְף פוּן אֵייגֶענְטֶעם, אַלֶכְּסַנְדֶר זֶעבִּינַא. אין סִירְיֶען איז דֶעמֶעלְט גֶעוָוארֶען חֹשֶׁךְ: דְמִיטְרִיוֹס-נִיקַאטָאר הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹי-פֶען, זַיין ווייב קְלֶעאָפַּאטְרַא הָאט גֶעוָואלְט סַמֶען די קִינְדֶער אוּנ צְווִישֶׁען די יוֹרְשִׁים, גְרִיפּוּס דֶעם אַכְטֶען אוּנ קִיזִיקֶענוּס דֶעם נֵיינְטֶען, איז אַרוֹיס אַ שְׁטַארְק מַחֲלוֹקֶת וֶועגֶען דֶער קְרוֹין פוּן דֶער מְלוּכָה.

דֶער יוּדִישֶׁער נָשִׂיא הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּ בֶּענוּצֶען מִיט די אוּנְרוּהֶען, וָואס זֶענֶען פָארְגֶעקוּמֶען אין סִירְיֶען, אוּנ הָאט זִיךְ בַּאלְד אין גַאנְצֶען בֶּע-פְרַייעֶט פוּן דֶעם לַאנְד. עֶר הָאט די זַאךְ גֶעהַאלְטֶען אַזוֹי ווִיכְטִיג, אַז עֶר הָאט תֵּיכֶף דֶערְפוּן צוּ ווִיסֶען גֶעגֶעבֶּען די יוּדֶען פוּן מִצְרַיִם אוּנ זַייעֶר פָאר-שְׁטֶעהֶער יְהוּדָה אַרִיסְתּוֹבּוּל, זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ גָאט דַאנְקֶען פַאר דֶער יְשׁוּעָה. וָואס עֶר הָאט צוּגֶעשִׁיקְט דֶעם גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק. עֶס איז אִיהם אָבֶּער נָאךְ אַלְץ קַארְג גֶעוֶועהן: פִיעל שׂוֹנְאִים הָאבֶּען נָאךְ אַרוּמְגֶע-רִינְגֶעלְט יְהוּדָה, פּוּנְקְט אין דֶער מִיט זֶענֶען גֶעזֶעסֶען די שֹׁמְרוֹנִים, פוּן דָרוֹם-זַייט זֶענֶען גֶעוֶועהן די אֲדוֹמִים אוּנ פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵּן הָאבֶּען די גְרִיכֶען אַלֶע מָאהל גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען זַייעֶר פַיינְדְשַׁאפְט; דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ אֶנְטְשְׁלָאסֶען אַ בִּיסֶעל דֶערְווַייטֶערן די גְרֶענִיצֶען פוּנ'ם יוּדִישֶׁען לַאנְד אוּנ די פַיינְדְלִיכֶע פֶעלְקֶער פֶערְטְרַייבֶּען. יוֹחָנָן-הוֹרְקָנוֹס הָאט גֶעמוּזְט צוּדִינְגֶען חַיִל אוּנ עֶס איז אַ סְבָרָא, אַז עֶר הָאט דַארוֹיף בֶּענוּצְט די אוֹצָרוֹת, וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען בֶּעגְרָאבֶּען אין די קְבָרִים פוּן מַלְכֵי בֵּית דָוִד. צוּעֶרְשְׁט הָאט עֶר אַיינְגֶענוּמֶען די שְׁטָאדְט מֶדְבָה, פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵּן, אוּנ סַמֶגַא, בַּיי'ם יַם פוּן טְבֶרְיָא, אוּנ דֶערְנָאךְ איז עֶר בַּאלְד אַרַיין אין דֶער הוֹיפְּט-שְׁטָאדְט פוּן שֹׁמְרוֹן, שְׁכֶם, אוּנ גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער שְׁטָאדְט אוּנ פוּנ'ם מִשְׁכָּן אוֹיפְ'ן בַּארְג גְרִיזִים. אוּנ אַזוֹי איז פֶערְשְׁווִינְדֶען גֶעוָוארֶען דֶער גַאנ-צֶער גְלַאנְץ פוּן די שׁוֹמְרוֹנִים. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן מִיט

דִי אֲדוֹמִים : זַייעֶרע צְוֵויי פֶעסְטוּנְגֶען אַדוֹרַא אוּן מָרֵישָׁא , הָאט עֶר צוּ־שְׁטֶערְט אוּן זֵיי אַלֵיין הָאט עֶר גֶעהַייסֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען :—אָדֶער װֶערֶען יוּדֶען, אָדֶער זִיךְ גֶעהן זוּכֶען עֶרְגֶעץ אִין דֶער פְרֶעמְד אַ נַייעֶ הַיים . דִי אֲדוֹמִים הָאבֶּען גֶעמוּזְט לְפָנִים אָנְגֶענֶעהמֶען יוּדִישְׁקַייט, אוּן צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאהל הָאט זִיךְ דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אָנְגֶעוָוארְפֶען אוֹיף יֶענֶעם מִיט גֶעוַואלְד. נָאר װָאס פַאר אַ מַמָשׁוּת דֶער שָׁלוֹם צְווִישֶׁען יַעֲקֹב אוּן עֵשָׂו הָאט גֶעהַאט—קָאן מֶען אַרוֹיס־זֶעהן דֶערְפוּן, װָאס דִי אֲדוֹמִים הָאבֶּען שְׁפֶּעטֶער גֶעהָאלְפֶען דִי רָאמֶער אַרָאבּ־װַארְפֶען דִי חַשְׁמוֹנָאִים אוּן צוּשְׁטֶערֶען דִי יוּדִישֶׁע מְלוּכָה.

דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אָבֶּער אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁװִיגֶען, אוּן דִי סִירִישֶׁע אַיינ־װוֹיהנֶער פוּן שֹׁמְרוֹן הָאבֶּען זַייעֶר אוּנְצוּפְרִידֶענְהַייט שְׁטַארְק אַרוֹיסְגֶעװִיזֶען. בֶּע־זָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם, װָאס פִיעל פוּן דִי גֶעװֶעזֶענֶע אֲדוֹמִים הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט צְווִישֶׁען זֵיי ; דֶערְצוּ הָאבֶּען זֵיי נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהֶיצְט דִי סִירִישֶׁע קֶענִיגֶע, גְרִיפּוּס אוּן קִיזִיקֶענוּס, אוּן דָאס סִירִישׁ חַיִל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען װַייטֶער פֶער־חַאפֶּען עֶטְלִיכֶע עֶרְטֶער פוּן יְהוּדָה . דִי סִירְיֶער הָאבֶּען אֲפִילוּ בַּאלְד גֶעמוּזְט צַאלְדִינְג אָבְּגֶעבֶּען ; װַייל יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוּס הָאט זִיךְ גֶעקְלָאגְט פַאר דִי רָאמֶער, אוּן אַקֶעגֶען רוּם הָאט אַזַא בָּחוּר װִי קִיזִיקֶענוּס, װָאס הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען גֶענוּמֶען אוֹיף אַנְטִיוֹכוּס־עֶפִּיפַאנֶעס סְטְרוֹי, אוֹיךְ נִיט גֶעקָאנְט זַיין קַיין עַזוּת פָּנִים. נָאר אַז יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוּס הָאט בֶּעלַאגֶערְט שֹׁמְרוֹן אִיז קִיזִיקֶענוּס שׁוֹין דָארְט אוֹיסְגֶעװַאקְסֶען מִיט זַיין חַיִל . עֶר הָאט אָבֶּער גֶעחַאפְּט דֶעם פְּסַק פוּן יוֹחָנָן'ס צְוֵויי זִיהן, אֲרִיסְטוֹבּוּל מִיט אַנְטִיגְנוֹס, װָאס הָאבֶּען גֶעפִיהרְט דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל, אוּן הָאט גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען קַיין בֵּית־שְׁאָן. קִיזִיקֶענוּס הָאט אָבֶּער װַייטֶער נִיט גֶעװָאלְט שְׁװַייגֶען אוּן הָאט גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט אֵיינֶעם פוּן דִי מְלָכִים פוּן מִצְרַיִם, פְּטָאלָאמֶעאוּס־לַאטוּרַאס דֶעם אַכְטֶען. דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעקוּקְט קְרוּם אוֹיף דִי יוּדֶען דֶערְפַאר, װָאס זֵיי הָאבֶּען מֶעהר גֶע־הַאלְטֶען מִיט זַיין מוּטֶער קְלֶעאָפַּאטְרַא, אוּן װָאס אוֹיף אִיהר זַייט זֶענֶען אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען דִי הֶערְשֶׁער פוּן דֶער גֶעגֶענְד זְנִיַאן, דֶעם כֹּהֵן אָנִיאַס'ס צְוֵויי זִיהן חִלְקִיָּהוּ אוּן חֲנַנְיָה ; עֶר הָאט דַארִיבֶּער אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֶעכְּס־טוֹיזֶענְד מַן זֵיי זָאלֶען הֶעלְפֶען קִיזִיקֶענוּס'ן. גָאט הָאט אָבֶּער גֶעשֶׁאנְקְט דֶעם נִצָּחוֹן דִי יוּ־דֶען, אוּן אוּמְזִיסְט אִיז גֶעװֶעהן דִי מִיה פוּן זַייעֶרֶע שׂוֹנְאִים : נָאךְ פוּן דֶער־װַייטֶענְס הָאט יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוּס גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן'ם קָדְשֵׁי קָדָשִׁים אַרוֹיס, װָאס הָאט אִיהם אָנְגֶעזָאגְט אַ פְרֶעהלִיכֶע בְּשׂוֹרָה, אַז דִי יוּדִישֶׁע פְּרִינְצֶען הָאבֶּען גוֹבֵר גֶעװֶעהן. אוּן עֶס אִיז בֶּאֱמֶת אַזוֹי גֶעשֶׁעהן. פוּן דִי צְוֵויי סִירִישֶׁע הוֹיפְּט־

ליט. קאַלִימַאנְדְרוּס און עֶפִּיקְרַאטֶעס. איז דער עֶרְשְׁטֶער גֶעפַאלֶען טויט אין דער מִלְחָמָה. און דער אַנְדֶערֶער האט זיך גֶעלָאזְט אִיבֶּערקויפֶען און האט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען די יודען בֵּית־שְׁאָן און נאך אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט, וואס האבֶּען פְרִיהֶער גֶעהֶערט צו די גְרִיכֶען. אַזוֹי איז שֹׁמְרוֹן גֶעפַאלֶען. קיין שְׁטֵיין איז פון דער שְׁטָאדְט נִיט גֶעבְּלִיבֶּען. די גְבוּרוֹת פון די יוּדֶען הָאבֶּען גֶע־וָוארְפֶען אַ מוֹרָא אויף אַלֶע פֶעלְקֶער. און זיי האבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט די גְרֶעסְטֶע רָאלֶע אין יְהוּדָה און אין מִצְרַיִם. אַז פְּטָאלָאמֶעאוּס־לַאטַארוּס איז אַנְטְלָאפֶען אויף דער אִינְזֶעל צִיפֶּערן, און די קֶענִיגֶען קְלֶעאָפַּאטְרַא האט איהם גֶעוָואלְט פון דָארְט אויך אַרויסְפַּטֶר'ן, האט זי גֶעמוּזְט דֶערְצוּ בֶּענוּצֶען דָאס יוּדִישֶׁע חַיִל פון אָנַיאן, און נָאר מִיט זֵייעֶר הִילְף האט מֶען אִיהם פֶערְיָאגְט.

יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס האט אויך אַרויסְגֶעלָאזְט זַיינֶע מַטְבְּעוֹת; נָאר עֶר אִיז שׁוֹין מֶעהר שְׁטָאלְץ גֶעוֶועהן אויף זַיין מְלוּכָה וִוי דֶער פָאטֶער. און הָאט גֶעהַייסֶען אויסְקְרִיצֶען זַיין נָאהמֶען וִוי אַ כֹּהֵן גָדוֹל און אַ נָשִׂיא פון דֶער גַאנְצֶער יוּ־דִישֶׁער עֵדָה". אין זַיין צַייט אִיז אויך די הֶעבְּרֶעאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע מֶעהר בֶּע־פֶעסְטִיגְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען די יוּדֶען, און מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען „בַּיי הֶעבְּרֶעאִישׁ", ווייל פִיעל אַרַאמֶעאִישֶׁע און גְרִיכִישֶׁע וָוארְטֶער פְלֶעגֶען אַהִין אַרַיינְקוּמֶען, כְּדֵי מֶען זָאל קָאנֶען גְרִינְגֶער אויסְדְרִיקֶען די גֶעדַאנְקֶען. עֶר הָאט אויסְגֶעבּוֹיעֶט פִיעל שֶׁאנֶע בִּנְיָנִים פַאר זיך און פַאר די בֶּעדַארְפְנִישֶׁען פון דֶער מְלוּכָה אויפְן גְרִיכִישֶׁען אוֹפֶן, און אֲפִילוּ די מַצֵבוֹת אויף די קְבָרִים פון די חַשְׁמוֹנָאִים הָאט עֶר אויך גֶעלָאזְט מַאכֶען, אִין מָדִין אויף דֶער אַרְט פון די גְרִיכֶען, און נָאך פוּנ'ם יָם פְלֶעגְט מֶען קָאנֶען זֶעהן דֶעם קְלֵיינֶעם בֵּית עוֹלָם מִיט די מְהַייעֶרֶע מַארְמָארְנֶע שְׁפִּיצֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעדִיעֶנְט פַאר אַיין זֵכֶר פון די עֶדְלֶע יוּדִישֶׁע גִבּוֹרִים.

אִין דֶער צַייט פון יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען צְווִישֶׁען יוּדֶען דְרַיי פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע כִּתּוֹת: די פְּרוּשִׁים (פְהַארִיסֶעעֶר). די צְדוּקִים (סַא־דוּקֶעעֶר) און די אִסִיִים (אַסֶעעֶר).

די פְּרוּשִׁים זֶענֶען גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס בֶּעשְׁטַאנֶען פון מֶענְשֶׁען וָואס הָא־בֶּען זיך אָפְּגֶעגֶעבֶּען נָאר מִיט לֶערְנֶען, פָּארְשֶׁען און זוּכֶען פֵּירוּשִׁים אויף דֶער תּוֹרָה, און דֶערְפוּן הָאט זיך אויך גֶענוּמֶען זֵייעֶר נָאהמֶען. זַיי הָאבֶּען וֶועניג וָואס גֶעקוּקְט אויף דֶער מַאכְט פוּנ'ם מֶענְשֶׁען; ווייל זַיי הָאבֶּען גֶע־גְלויבְּט, אַז אָהן גָאטְס ווילֶען קָאן קֵיין אֵיינְצִיגֶע זַאךְ נִיט גֶעשֶׁעהן, און אַז אַ בָּשָׂר וָדָם טָאר דֶעם בַּאשֶׁעפֶער קֵיין דֵעָה נִיט זָאגֶען. עֶר הָאט זַיי נִיט

געהאַרט, ווען זיי האָבען געזעהן, אַז דער צדיק ווערדט פערשוואַרצט און דעם רשע געהט עס דווקא גוט אויף דער וועלט; ווייל זיי האָבען געגלייבט, אַז די אמת׳ע רעכנונג ווערדט געמאַכט נאָך דעם טויט. און יעדער בעקומט זיך זיינס און שלאָפט ווי אַזוי ער בעט זיך אויס. יעדעס אות פון דער תורה, יעדער דין, יעדער מנהג, איז ביי זיי געווען טהייער און היילינ, און אַז דאס לעבען פלעגט אָפט ווייזען, אַז מען קאן ניט אויספירען צו ווהון, וואס דער פשוט׳ער זין פון דער תורה פאָדערט, האָבען זיי נאָך אויך ניט געוואָלט שטעלען אויף זיך און האָבען געזוכט דעם היתר צווישען די רעד פון פריהריגע לומדים, וואס מען האט גערופען „דברי סופרים״. זיי זענען געווען אמת פרום און גרויסע לומדים, און ערשט אַסך יאָהרען שפּעטער האָבען זיך אַנגעהויבען פון זיי אַרויסגעוויזען געפאַרבטע מענשען, צבועק׳עס, און דער נאָהמען „פהאַריסעער״ (פרושים) איז געוואָרען צו שאַנד און שפּאָט. וואס פאַר אַוואהלע מדות זיי האָבען געהאַט, קאָן מען פאַרשטעהן פון די געצאָהלטע ווארטער פון זייער פאָרשטעהער יהושע בן פרחיה, וואס מיר געפינען אין פרקי אבות: „מאַך דיר אַ רבי׳ן, קויף דיר אַ חבר, און זוך אין יעדען מענשען די בעסערע זייט״.

די צדוקים, וואס צו זיי האט געהערט די רייכע און געבילדעטע קלאַסע, האָבען זיך אַזוי גערופען נאָך דעם נאָהמען פון זייער ערשטען פאָרשטעהער צדוק, וואס האט איינאיינעם מיט זיין חבר ביתוס געלערנט ביי אנטיגנוס און האט זיך פעסט געהאַלטען אין די ווערטער פון זיין רבי׳ן „אַז דער מענש דאַרף ניט דיענען דעם אייבערשטען ווי אַ קנעכט פאַר געצאהלטס״. זייערע דרכים זענען געווען פונקט פאַרקעהרט פון די פרושים: זיי האָבען נאר שטרענג אָבגעהיט די תורה, און אַלע איבריגע חומרות, וואס מען פלעגט איבערגעבען פון איין דור צום אַנדערען האָבען זיי ניט געהאַל־טען פאַר היילינ. פון שכר ועונש האָבען זיי ניט געוואָלט וויסען. זיי האָ־בען געדרונגען, אַז די הנאה, וואס דער מענש האט, ווען ער טהוט עפּעס אַ גוטע זאַך, איז טאַקע שוין זיין לוין אויף דער וועלט, און ער טאָר גאָר ניט וועלען פיהרען קאַנטעס אויפן הימעל, און זיך בעוואָרענען מיט עולם הבא. זיי האָבען אויך געגלויבט, אַז גאָט מישט זיך ניט אַריין אין לעבען פונ׳ם מענשען, און אַז יעדער איז אַליין מחויב אויסצואַרבייטען זיין רצון אַזוי, אַז עס זאָל איהם נאָר ציהען צו מעשים טובים. דערפאַר זענען זיי אויך געווען שטרענג געגען זינדיגע און פלעגען בעשטראָפען אַפילו מיט׳ן טויט.

די אִסִּיִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעהר װֶעניג אִין דֶער צָאהל, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַזױ גֶערוּפֶען דֶערפַאר, װָאס זֵייא פְּלֶעגֶען זִיךְ אַלֶע אִין דֶערפְרִיה בָּאדֶען אוּנ רֵיינִיגֶען דָאס לֵייבּ דוּרךְ װַאסֶער. אוּנ אִים חַאלְדֶעאִישֶׁען אוּנ גְרִיכִישֶׁען הֵייסְט „אַסַיי" — בָּאדֶען. זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דִי „פְרוּמֶע". װָאס פְלֶעגֶען זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ זַיין פַאר דֶער אֱמוּנָה, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַזױ גֶעוואהנְט צוּ לֶעבֶּען אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט, אָרֶעם, װַייט פוּן תַּעֲנוּגִים, אָהן מוֹתָרוֹת, אַבִּי נָאר דֶערהַאלְטֶען דֶעם נֶפֶשׁ. זֵייא פְּלֶעגֶען זִיךְ אָבְּהִיטֶען פוּן רֶעדֶען אִיבְּרִיגֶע װֶערְטֶער, מֶעהר שְׁװַיינֶען, נִיט שְׁװֶערֶען אֲפִילוּ אוֹיף אַיין אֱמֶת; אוּנ אַרֵיינְגֶענֶעמֶען אִין זֵייעֶר כִּתָּה פְלֶעגֶען זֵייא נָאר דֶערמֶעלְט, װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶן, אַז זֵייעֶר נֵייעֶר חָבֵר הָאט אַלֶע מִדּוֹת פוּן אַ עֶסֶער, אוּנ אִיז אִים שְׁטַאנְד צוּ פִיהרֶען אַזַא לֶעבֶּען װִי זֵייא. חַתוּנָה הָאבֶּען הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעטָארְט פוּן זֵייא, אוּנ דָאס גַאנְצֶע אָנְטְהוּן זֵייעֶרְס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין אַ װַייסֶען מַאנְטֶעל, אוּנ דֶערְצוּ פְלֶעגֶען זֵייא שְׁטֶאנְדִיג טְרָאגֶען מִיט זִיךְ אַ הַאנְדְטוּךְ אוֹיף אָבְּצוּװִישֶׁען זִיךְ נָאכ'ן בָּאדֶען אוּנ אַ הַאק — אוֹיף אוֹיסְצוּגְרָאבֶּען עֶרְד אוּנ צוּדֶעקֶען אוּמְרֵיינֶע זַאכֶען. זֵייא פְלֶעגֶען זִיךְ גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס אוֹיפְהַאלְטֶען אִין טְבֶרְיָה, וואו זֵייעֶר הוֹיפְּטְשׁוּהלֶע אִיז גֶעוֶועזֶען. זֵייעֶר לִמּוּד אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אַ סַךְ טִיעפֶער װִי דָאס גֶעוֶועהנְלִיכֶע לֶערְנֶען פוּן תּוֹרָה: זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין גֶעוָואלְט דֶערְגְרֵייכֶען צוּ דֶער הוֹיכֶער מַדְרֵגָה פוּן נְבוּאָה, אוּנ דַארִיבֶּער פְּלֶעגֶען זֵייעֶרֶע קֶעפּ אַרוּמְפְלִיהֶען אִין אַנְדֶערֶע עוֹלָמוֹת, אוּנ דִי װֶעלְט־מֶענְשֶׁען פְלֶעגֶען בֶּעטְרַאכְטֶען זֵייעֶר פַארְשֶׁען װִי עֶפֶּעס אַ הֶעכֶערֶע זַאךְ, אַ פֶערְבָּארְגֶענֶע װִיסֶענְשַׁאפְט. דָאס פִיהרוּנְג פוּנ'ם לַאנְד הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גָאר נִיט אָנְגֶעקֶעהרְט אוּנ צוּ מְלוּכָה־זַאכֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ נִיט גֶעמִישְׁט.

אַזױ זֶענֶען גֶעוֶועהן אוּנ אַזױ הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִיהרְט דִי דְרַיי יוּדִישֶׁע כִּתּוֹת, אוּנ אִין יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוֹס צַייט אִיז נָאךְ צְװִישֶׁען זֵייא קֵיין גְרוֹיס מַחֲלוֹקֶת נִיט פָארְגֶעקוּמֶען; װַייל אִין דִי אוֹיגֶען פוּן דֶער מְלוּכָה זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועהן גְלַייךְ. װִי אַ כֹּהֵן גָּדוֹל, הָאט יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוֹס גֶעמוּזְט שְׁטֶעהן נָאהֶענְט צוּ דִי פְּרוּשִׁים, װָאס בַּיי זֵייא אִין דִי הֶענְד אִיז אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען דִי תּוֹרָה אוּנ דִי אֱמוּנָה; װִי אַ נָשִׂיא אָבֶּער הָאט עֶר גֶעדַארְפְט זַיין פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיךְ מִיט דִי צְדוּקִים, װָאס צְװִישֶׁען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי בְּכָבוֹד'סְטֶע אוּנ רַייכְסְטֶע לַייט. עֶר הָאט אַזױ גֶעפִיהרְט, אַז בֵּיידֶע כִּתּוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֶעבְּט רוּהִיג אוּנ צוּפְרִידֶען, אוּנ הָאטְשִׁי זֵייעֶרֶע דֵעוֹת זֶענֶען גֶעוֶועהן פֶערְשִׁיעדֶען, הָאט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען גֶעהֶערְשְׁט צְװִישֶׁען זֵייא שָׁלוֹם אוּנ אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהֵייט צוּ דֶעם רֹאשׁ

פונ'ם לאַנד. אַיין מָאל הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמַאכְט אַ מַעֲשֶׂה. וָואס צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס פַיינְד גֶעקְרִיגֶען דִי פְּרוּשִׁים. עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה אוּנ הָאט פַארְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן בֵּיידֶע כִּתּוֹת. אַז דֶער עוֹלָם אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן שְׁטַארְק פְרֶעהלִיךְ, אִיז פְּלִיצוּם אַיינְגֶעפַאלֶען יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס פָארְצוּלֶעגֶען דִי פְּרוּשִׁים, זֵיי זָאלֶען אִיהם פְרַיי אַרוֹיסְזָאגֶען זַיינֶע פֶעהלֶער, אוֹיבּ זֵיי גֶעפִינֶען. אַז עֶר אִיז עוֹבֵר עֶפִּיס אוֹיף אַ דִין אָדֶער אַ מִנְהָג. דָא הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן זַיין פְּלַאץ אֵיינֶער פוּן דִי פְּרוּשִׁים, אֱלִיעֶזֶר בֶּן פְּאוֹרָה, אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט קִירְץ אוּנ שַׁארְף, אַז עֶס אִיז גֶענוּג פַאר אִיהם וָואס עֶר אִיז אַ נָשִׂיא אוּנ פוּן דֶער כְּהוּנָה וָואלט עֶר זִיךְ גֶעקֶענְט אָפְּזָאגֶען, ווייל זַיין מוּטֶער אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, וֶוען דִי סִירִיעֶר זֶענֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף מָדִין, אוּנ אַ זוּהן פוּן אַ גֶעפַאנְגֶענֶע טָאר נִיט זַיין קֵיין כֹּהֵן גָדוֹל. יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט עֶס שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען, נָאר עֶר הָאט גָאר נִיט גֶעזָאגְט. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען מַאכֶען אַ חֲקִירָה וּדְרִישָׁה צוּ אִיז בֶּאֱמֶת זַיין מוּטֶער גֶעוֶועהן גֶעפַאנְגֶען בַּיי דִי סִירִיעֶר. עֶס הָאט זִיךְ מִן הַסְּתָם אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז עֶס אִיז נִיט אַזוֹי, אוּנ יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט גֶעפָאדֶערְט בַּיי דִי פְּרוּשִׁים זֵיי זָאלֶען בֶּעשְׁטְרָאפֶען דֶעם. וָואס הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַזַא זַאךְ אוֹיפ'ן נָשִׂיא'ס מִשְׁפָּחָה. דִי פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען דֶעם שׁוּלְדִיגֶען נַיין אוּנ דְרַייסִיג מַלְקוֹת. נָאר יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס הָאט גֶעפוּנֶען, אַז דֶער עוֹנֶשׁ אִיז צוּ קְלֵיין; דֶערְצוּ הָאט אִיהם נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהֶיצְט דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי צְדוּקִים יוֹנָתָן, וָואס אִיז בַּיי אִיהם שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב. אוּנ עֶר הָאט אַיין בַּאנְצֶען גֶעוָוארְפֶען אַ אוּם־חֵן אוֹיף דִי פְּרוּשִׁים. דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דִי שִׂנְאָה, וָואס הָאט זִיךְ אַרֵיינְגֶעהַאפְּט צְווִישֶׁען דִי פְּרוּשִׁים אוּנ צְדוּקִים, אוּנ טַאקִי בַּאלְד אִיז דֶער זֶעכְצִיגְיָאהְרִיגֶער יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס, אוֹיפ'ן אַיין אוּנ דְרַייסִיגְסְטֶען יָאהר פוּן זַיין מְלוּכָה גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פִינְף זִיהן, וָואס נָאר פִיער פוּן זֵיי זֶענֶען בֶּעקַאנְט מִיט דִי נָאהמֶען: אַרִיסְתוֹבּוּל, אַנְטִיגוֹנוּס, אַלֶכְּסַנְדֶר אוּנ אַבְשָׁלוֹם. פּוּנְקְט ווִי דָאס לֶעבֶּען, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער טוֹיט פוּן יוֹחָנָן־הוֹרְקְנוֹס—עֶהנְלִיךְ גֶעוֶועהן אוֹיף שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ: וֶוען בֵּיידֶע הָאט צוּגֶעדֶעקְט דֶער גְרוּבּ—הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוּנְרוּהִיגְקֵייטֶען אִין לַאנְד.



# דְרִיטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## אַרִיסְטוֹבּוּל דֶער עֶרְשְׁטֶער, יַנַאי אַלֶכְּסַנְדֶר אוּנ סַלְמָה אַלֶכְּסַנְדְרַא.

(106—69 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 139—176 פַארְ'ן חֻרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

פַארְ'ן טוֹיט הָאט יוֹחָנָן־הוֹרְקָנוֹס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיין פְרוֹי דִי גַאנְצֶע מַאכְט, אוּנ דֶעם עֶלְטֶערן זוֹהן יְהוּדָה, אָדֶער ווִי עֶר הָאט אוֹיף גְרִיכִישׁ גֶערוּפֶען אֲרִיסְתוֹבּוּל, הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר כֹּהֵן גָדוֹל. אֲרִיסְתוֹבּוּלוּס אִיז אָבֶּער נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען דִי מוּטֶער זָאל פִירֶען דִי מְלוּכָה. עֶר הָאט זִי בַּאלְד מִיט דִי יוּנְגֶערֶע דְרַיי זִיהן אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה, אוּנ נָאר אֵיין בְּרוּדֶער אַנְטִיגְנוּס, וֶועלְכֶען עֶר הָאט זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט, הָאט עֶר גֶעלָאזְט בַּיי זִיךְ. עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעוָואלְט בֶּעגְנִיגֶען מִיטְ'ן נָאהמֶען „נָשִׂיא", אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען „קֶאנִיג" הָאטְשִׁי אוֹיף דִי מַטְבֵּעוֹת הָאט עֶר מֶעהר נִיט גֶעלָאזְט אוֹיסְקְרִיצֶען ווִי „יְהוּדָה הַכֹּהֵן". עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען גֶעקֶענִיגְט אֵיין יָאהר; נָאר אִין דֶער קְלֵיינֶער צַייט אִיז עֶר נִיט גֶעזֶעסֶען לֵיידִיג: עֶר הָאט נָאכְגֶעטְהוּן דֶעם פָאטֶער אוּנ הָאט אִינְאֵיינֶעם מִיטְ'ן בְּרוּדֶער אַנְטִיגְנוּס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה גֶעגֶען עֶטְלִיכֶע קְלֵיינֶע פֶעלְקֶער פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן. דָאס גְלִיק הָאט אִיהם צוּגֶעשְׁפִּיעלְט, עֶר הָאט גוֹבֵר גֶעוֶועהן דִי ...אִים, וָואס הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָנְנֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה; נָאר פְּלוּצוּם אִיז עֶר גֶעפֶאהרְלִיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט גֶעמוּזְט צוּרִיק פָאהרֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם. אַזוֹי ווִי נִיךְ הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶערוּקְט דִי יָמִים טוֹבִים, הָאט אַנְטִיגְנוּס אוֹיךְ זִיךְ גֶעמוּזְט אוּמְקֶעהרֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ דָארְט הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע שׂוֹנְאִים דֶערְהַרְגֶעט, אוּנ אֲרִיסְתוֹבּוּל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. קַיין גוּטֶען נָאהמֶען הָאט עֶר אָבֶּער נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, דֶער עוֹלָם הָאט פוּן אִיהם נִיט גֶעהַאלְטֶען דֶערְפַאר וָואס עֶר אִיז מֶעהר גֶעוֶועהן גֶענֵייגְט צוּ גְרִיכִישֶׁע מִנְהָגִים, אוּנ בַּארִיבֶּער

הָאט מֶען אוֹיף אִיהם אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, וָואס עֶר אִיז אִין זַיי נָאר נִיט שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן: אַז דִי מוּטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט מֶען אוֹיס־גֶעטְרַאכְט, אַז עֶר הָאט זִי פַארְמוּטְשֶׁעט מִיט הוּנְגֶער, אוּנ אַז מֶען הָאט דֶער־הַרְגֶעט אַנְטִיגְנוֹס'ן הָאט מֶען גֶעזָאגְט, אַז דָאס אִיז אַרִיסְתּוּבּוּלוּס'ס אַ שְׁפִּיצֶעל.

דִי יְרוּשָׁה אִיז אִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען צוּם יוּנְגֶערן בְּרוּדֶער יוֹנָתָן, אָדֶער יַנְאַי, וָואס הָאט אוֹיךְ אָנְגֶענוּמֶען אַ גְרִיכִישֶׁען נָאמֶען אַלֶכְּסַנְדֶר. זַיין וַוייבּ סַלְמָה, וָואס הָאט שְׁפֶּעטֶער אוֹיף גְרִיכִישׁ גֶעהֵייסֶען אַלֶכְּסַנְדְרַא, אִיז גֶעוֶועהן אַ שְׁוֶועסְטֶער פוּן שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח דֶעם פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי פְּרוּשִׁים, וָואס הָאבֶּען צוּ לִיעבּ דֶעם גֶעקֶאנְט וַוייטֶער אוֹיפְהֵייבֶּען אַ קָאפּ.

זִיבֶּען אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר הָאט גֶעקֶענִיגְט אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנְאַי, אוּנ חָאטְשִׁי קֵיין גְרוֹיסֶע גְבוּרוֹת הָאט עֶר נִיט גֶעקֶאנְט בֶּעוַוייזֶען, הָאט אִיהם פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען דָאס חַשְׁמוֹנָאִישׁע בְּלוּט נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען: מִיט דֶער הִילְף פוּן פְרֶעמְד חַיִל, וָואס עֶר הָאט גֶעדוּנְגֶען אִין פִּיזִידֶען אוּנ צִילִיצְיֶען, אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען מִיט דֶער צַייט שְׁטַארְק צוּ פַארגְרֶעסֶערן דָאס לַאנְד, וָואס הָאט אָפְט גֶעמוּזְט גֶע־נוּג אוֹיסְשְׁטֶעהן פוּן זַיינֶע מִלְחָמוֹת.

אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנְאַי הָאט גֶעוָוארְפֶען אַיין אוֹיג אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעדְט בַּיי'ם יַם, וָואס הָאבֶּען זִיךְ, — צוּ לִיעבּ דֶער קְרִיעג פוּן בֵּיידֶע סִירִישֶׁע מְלָכִים: גְרִיפוּס אוּנ קִיזִיקֶנוּס, צְוִוישֶׁען זִיךְ — דֶערְוַוייל בֶּעפְרַייעט פוּן סִירְיֶען: אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר גֶעוָואלְט אָבְּנֶעהמֶען עַכּוֹ, וואו יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואהנְט. דִי אַיינְ־וָואהנֶער פוּן עַכּוֹ הָאבֶּען גֶעזוּכְט הִילְף בַּיי פְּטָאלָאמֶעאוּס־לַאטוּרַאס, דֶעם פְּרִינְץ פוּן מִצְרַיִם, וָואס אִיז פַאר זַיין מוּטֶער קְלֶעאָפַּאטְרַא אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען קֵיין צִיפֶּערן אוּנ הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט זַיין בִּיטֶער הַאֶרְץ אוֹיסְלָאזֶען צוּ דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אַ נְגִיעָה אִין זַיינֶע פְרִיהֶרִיגֶע אוּמְגְלִיקֶען. לַאטוּרַאס אִיז בַּאלְד צוּגֶעקוּמֶען מִיט דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנ פִיעל טוֹיזֶענְדֶער פוּנ'ם יוּ־דִישֶׁען חַיִל זֶענֶען גֶעפַאלֶען, אוּנ הָאבֶּען דֶעם שׂוֹנֵא גֶעאֶפֶענְט אַ פְרַייֶען וֶועג קֵיין יְהוּדָה. אַז לַאטוּרַאס הָאט אָבֶּער אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צַו בַּיינְקְרִיכֶען אִין לַאנְד, אוּנ זַיין מוּטֶער קְלֶעאָפַּאטְרַא הָאט מוֹרָא גֶעהַאט זַיין קְרַאפְט זָאל נִיט פֶערגְרֶעסֶערְט וֶוערֶען, אִיז זִי שׁוֹין גֶעצְוִוינְגֶען גֶעוֶועהן אִיהם אַ בִּיסֶעל אִיבֶּער־שְׁלָאגֶען דִי פְלִיעגֶעל, אוּנ הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט גֶעגֶען אִיהם פִיעל חַיִל מִיט דִי יוּדִישֶׁע הוֹיפְּט־לַייט, חִלְקִיָּהוּ אוּנ חֲנַנְיָה, דֶעם כֹּהֵן אָנִיאַס בֵּיידֶע זִיהן. חִלְקִיָּהוּ אִיז אָבֶּער בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ דִי גַאנְצֶע מַשָׂא פוּן דֶער מִלְחָמָה אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיף אַיין חֲנַנְיָה, וָואס הָאט נָאךְ גֶעהַאט גֶענוּג צוּ בְּרָהוּן

בִּיז עֶר הָאט צוּשְׁטֶערְט דִי שְׁלֶעכְטֶע עֵצוֹת, וָואס מֶען הָאט גֶעגֶעבֶּען קְלֶעאָפַּאטְרָאָ'ן, אַז זִי זָאל מַאכֶען דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד צוּגֶעהֶעמֶען פַאר זִיךְ. עֶר הָאט אִיהר פַארְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען, אַז זִי וֶועט גָאר נִיט אוֹיסְפִּיהרֶען, אוּנ זִי הָאט גֶעמוּזְט שְׁלִיסֶען פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט·דֶעם יוּדִישֶׁען קֶענִיג.

אַזוֹי זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דִי עֶרְשְׁטֶע נַיין יָאהר פוּן אַלֶכְּסַנְדֶר יַנַּאִי'ס מְלוּכָה. דֶער קֶענִיג הָאט בֶּעהַאנְדֶעלְט גְלַייךְ אַלֶע קִינְדֶער פוּנ'ם לַאנְד, אוּנ בֵּיידֶע כִּתּוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֶעבְּט רוּהִיג. נָאר מִיט דֶער צַייט אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶער תַּקִּיף אֵיינֶער פוּן דִי צְדוּקִים דְיוֹגְנַס, אוּנ הָאט אָנְגֶערֶעדְט אוֹיף דִי פְּרוּשִׁים אַלְדֶעם בֵּייז. דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט וָואס דֶער קֶענִיג אִיז אִים סְכּוֹת, וִוי אַ כֹּהֵן גָדוֹל, גֶעוֶועהן בַּיי'ם·נָאטֶעס־דִינְסְט אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנ הָאט בֶּעדַארְפְט, וִוי דֶער מִנְהָג אִיז גֶעוֶועהן, פוּן אַ זִילְבֶּערְנֶער כְּלִי אוֹיסְגִיעסֶען וַואסֶער אוֹיפ'ן מִזְבֵּחַ, בַּיי דֶער תְּפִלָּה וֶועגֶען אַ גֶערֶעגֶענִישׁ– דֶעם מִנְהָג הָאבֶּען, וִוי עֶס שַׁיינְט, אַיינְגֶעפִיהרְט דִי פְּרוּשִׁים – אוּנ אַזוֹי וִוי דֶער קֶענִיג הָאט זַיי גֶעוָואלְט טְרֶעפֶען, הָאט עֶר דָאס וַואסֶער [illegible] גֶענָאסֶען נֶעבֶּען זִיךְ. דָאס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען רַעשׁ, דִי פְּרוּשִׁים הָאבֶּען אוּנְטֶערְגֶעהִיצְט דָאס פָאלְק, אוּנ אַלֶע אֶתְרוֹגִים. וָואס יֶעדֶער הָאט גֶע־הַאט מִיט זִיךְ, זֶענֶען גֶעפְלוֹיגֶען דֶעם קֶענִיג אִין קָאפ אַרַיין. אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנַּאִי וָואלְט דֶערְמֶעלְט גֶעוִויס מִיט'ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט, נָאר בַּאלְד אִיז צוּגֶעקוּמֶען דָאס גַאנְצֶע חַיִל; עֶס אִיז אַרוֹיס אַ שְׁטַארְקֶע הֲרֵיגָה, אוּנ זֶעכְּס טוֹיזֶענְד יוּדֶען זֶענֶען גֶעפַאלֶען. נָאךְ דֶעם הָאט אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנַּאִי גֶעמַאכְט אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַ וַואנְד, וָואס הָאט דֶעם כֹּהֵן אָפְּגֶעטְהֵיילְט פוּנ'ם פָאלְק; עֶר הָאט אָבֶּער מִיט זַיין אֶפֶענְטְלִיכֶער שִׂנְאָה צוּ דִי פְּרוּשִׁים גֶעמַאכְט אַ סַךְ אַ אֶרְגֶערֶע וַואנְד, וָואס הָאט אִין גַאנְצֶען צוּטְהֵיילְט בֵּיידֶע כִּתּוֹת, אוּנ בְּרִידֶער פוּן אֵיין אֱמוּנָה זֶענֶען זִיךְ גֶעוָוארֶען שׂוֹנְאִים אוֹיפ'ן לֶעבֶּען.

אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנַּאִי הָאט נִיט גֶעקוּקְט וָואס בַּיי אִיהם אִין לַאנְד גֶעהט פָאר, אוּנ נָאר נִיךְ אִיז דָאס אִיהם פַאר. דִי אוֹיגֶען גֶעקוּמֶען. עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען מִיט דֶער מַחֲשָׁבָה צוּ פַארְגְרֶעסֶערְן דָאס לַאנְד, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעיָאגְט צְווִישֶׁען דִי קְלֵיינֶע פֶעלְקֶער בַּיים יַרְדֵּן; נָאר אִין אֵיינֶער פוּן דִי מִלְחָמוֹת הָאט עֶר פֶערְלָאהרֶען זַיין גַאנְץ חַיִל אוּנ אִיז קוֹים מִיט'ן לֶעבֶּען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם. דָארְט הָאבֶּען אִיהם דִי פְּרוּשִׁים שְׁטַארְק דֶערְקוּטְשֶׁעט, זֶעכְּס יָאהר כְּסֵדֶר הָאט עֶר פוּן זַיי גֶעהַאט אִי קַאלְטֶ'ס אִי וַוארְמֶ'ס. נִיט אֵיין מָאהל הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט נֶעגֶען זַיי

שיצען מיט געדונגענע חיל, ביז זיי האבען איהם מיד געמאכט. און ער האט געשיקט בעטען ביי די פרושים מען זאל מאכען שלום. עס איז שוין אבער שווער געוועזען צו רעדען פון שלום. די פרושים האבען געענטפערט קורץ און שארף, אז שלום קאן נאר ווערען דערמעלט, ווען דער קאניג וועט שטארבען. און דערווייל האבען זיי טאקע געשיקט בסתר שליחים צום סירישען קאניג דמיטריוס איקערוס, און איהם געבעטען ער זאל מיט זיין חיל אריינקומען קיין יהודה. אז אלכסנדר-ינאי איז דערפון געוואהר געווארען האט ער שוין געמוזט צונויפזאמלען זיינע לעצטע קרעפטע, און איז דעם מלך פון סיריען ארויסגעגאנגען אקעגען ביז שכם. דארט איז געוועהן די ערשטע בלוטיגע מלחמה. פיעל מענשען זענען געפאלען פון ביידע זייטען, נאר איקערוס האט גובר געוועהן, און אלכסנדר-ינאי האט געמוזט אנטלויפען און זיך בעהאלטען אין די בערג. אזא מפלה האט אבער געמוזט דערוועקען ביי פיעל יודען א געפיהל פון רחמנות צום געפאלענעם קאניג, און באלד זענען זעקס טויזענד מאן פונ'ם סירישען יודישען חיל איבערגעגאנגען אויף זיין זייט, און ער איז אים שטאנד געוועהן זיך אבצושלאגען מיט די פרושים. נאכ'ן ערשטען נצחון, אז ער האט די פרושים פעריאגט פון דער פעסטונג בית-הומה, וואו זיי האבען זיך אלע אויפגעהאלטען, האט ער ווייטער געפאלגט זיין יועץ דיאגענעס, און האט געהייסען אויפהענגען אכט הונדערט פרושים, און זייערע ווייבער און קינדער קוילען פאר זיי אין די אויגען א לאנגע צייט האט דאס פאלק ניט געקאנט פארגעסען דאס אכזריות פון אזא שרעקליכער נקמה; גאר אזוי ווי עס האט איהם ווייטער אנגעהויבען גליקען, האט מען פארט אויף איהם בעסער געקוקט ווי פריהער. עס איז איהם טאקע געראטהען צוצונעהמען א סך שטעדט פון יענער זייט ירדן, און אויסבויען צוויי שטארקע פעסטונגען אלכסנדריען און מאכערוס און אזוי ווי אונטער זיין מאכט זענען געוועהן פיעל גריכען, האט ער אויף זיינע מטבעות אויסגעקריצט אויפשריפטען אין צוויי לשונות — העברעאיש און גריכיש.

אין די לעצטע יאהרען האט ער אלע פיער טאג געליטען פון א פיעבער, נאר פון דעסטוועגען האט עס איהם נאך אלץ געטראגען צו די שטעדט, וואס ער האט שוין לאנג אויף זיי איין אויג געהאט, און קראנקערהייט האט ער בעלאגערט די פעסטונג רגבה. דארט איז ער שוין אבער אזוי קראנק געווארען, אז ער האט געפיהלט, אז באלד שטארבט ער.

פאר'ן טויט האט ער חֲרָטָה געהאט אויף אַלע עֲוֹלוֹת וואס ער האט גע־טהון. ער האט איבּערגעגעבּען די מְלוּכָה דער קאניגין. און האט נאר גע־בּעטען מען זאל זיין טויט האלטען בְּסוֹד, בּיז מען וועט ניט איינגענומען די פעסטונג און דערנאך זאל מען זיין קערפּער איבּערגעבּען די פְּרוּשִׁים זיי זאלען מיט איהם טהון וואס זיי ווילען. ער האט איהר אויך צַוָאָה געלאזט: זי זאל ווערען שָׁלוֹם מיט די פְּרוּשִׁים, און מען רעכענט, אז טאקע אין דער לעצטער מינוט פון זיין לעבּען האט ער די קאניגין געטרעסט מיט די ווערטער. וואס מיר געפינען פון זיין נאהמען אין דער גְמָרָא: „זאלסט זיך ניט שרעקען ניט פאר די פְּרוּשִׁים און ניט פאר זייערע געגנער נאר פאר די נעפּארבּטע, וואס טהוען שלעכטס ווי זִמְרִי און ווילען נאך דערפאר גע־צאהלט ווי פִּנְחָס".

דעם טאג פון אַלֶכְּסַנְדֶר־יַנְאַי'ס טויט האבּען די פְּרוּשִׁים געמאכט פאר א יוֹם טוֹב; נאר דאס האבּען זיי ניט אזוי געטהון פאר נְקָמָה, ווי פאר שִׂמְחָה, וואס די מְלוּכָה איז איבּערגעגאנגען צו זיין אַלְמָנָה צו דער שוועס־טער פון זייער פארשטעהער שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח. די קאניגין אַלֶכְּסַנְדְרַא איז טאקע געווען קלוג, גוט און פְרוּם, און א הויך דעם, געבּענשט מיט א סך מַעֲלוֹת וואס צו ליעב זיי האט זי אומעדום נוֹשֵׂא חֵן געווען. איהר עלְ־טערן זוהן הוּרְקָנוֹס, וואס איז געווען קראנקליך און האט זיך ניט גע־קאנט מישען צו דער מְלוּכָה. האט זי געמאכט פאר כֹּהֵן גָדוֹל. זי האט באלד בּעפרייעט אַלע פְּרוּשִׁים, וואס זענען געזעסען אין תְּפִיסָה, און ערלויבּט די אנדערע, וואס זענען זיך צולאפען, זיי זאלען צוריקקומען. צווישען די צוריקגעקומענע איז אויך געווען דער בּעריהמטער לַמְדָן יְהוּדָה בֶּן טַבַּאי וואס די יודען פון אַלֶכְּסַנְדְרִיען האבּען איהם ניט געוואלט אָבְּלאזען, און וואס איז דערנאך געווארען נָשִׂיא אין יְרוּשָׁלַיִם. די ניין יאהר, וואס זי האט געקעניגט, האט זיך דאס לאנד געפיהלט גליקליך. און א שטארקען חֵלֶק אין דעם האט אויך געהאט איהר פרומער בּרודער, און דערפאר האט מען גערופען די צייט אויף בּיידע נאהמען, פון שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח און דער קאָ־ניגין סַאלָאמעאַ. דערצו איז נאך דעמעלט גראד אריין א בְּרָכָה אין די תְּבוּאוֹת און די פֵּירוֹת, און גאנץ לאנג פלעגט מען נאך ווייזען די זאנגען און זיך בּעריהמען מיט דעם גערעטעניש וואס איז געווען.

צווישען אלע נייע אָרְדנונגען, וואס די קאניגין אַלֶכְּסַנְדְרַא האט איינ־געפיהרט, האט די הויפטראלע געשפּיעלט דאס מִשְׁפָּט. די צְדוּקִים זענען

איבערהויפט געוועהן שטרענג אונ פלעגען פיעל ניט נאכקלעהרען: קוים האָ־
בען עדות געזאגט אויף יענעם, איז שוין געוועהן גענוג. אונ זיי האָבען
שוין ארויסגעגעבען דעם ערגסטען פסק. זי האט אבער געהייסען: פריהר גוט
זיך בעטראכטען אונ איבערקלערען. די דיינים זאלען טאקע באמת האלטען
אין די האנד א וואגשאל אונ שטארק אכטונג געבען צו האבען זיי קיין
טעות ניט אונ צו וועט חלילה דורך א שלעכטען משפט ניט דארפען ליי־
דען א אומשולדיגער. דעמעלט איז אויך ארויס אויף לשון קודש א ערצעהה־
לונג „שושנה", וואס ווייזט ווי ווייט פאלשע עדות קאנען פארפיהרען די
שופטים. דארט ווערדט דערצעהלט, ווי צוויי שלעכטע מענשען האבען גע־
וואלט אראבפיהרען פונ'ם גלייכען וועג איינע פון די פרומסטע פרויען שושנה.
דאס ווייב פון יהויקים, א שאהנעם בעל הבית, אונ אז זי האט זיי אָבּ־
געזאגט זענען זיי געלאפען עדות זאגען, אז זיי האבען זי געטראפען מיט
א יונגען מאנ ביי זיך אין גארטען אונטער א בוים. די דיינים האבען, מן
תכתם, געגלויבט די עדות. דער אומגליקליכער שושנה האט ניט געהאָלפען
איהר שווערען זיך אונ וויינען, אונ שיר וואלט שוין געוועהן ארויס דער
שווערער משפט. צום גליק איז אבער אנגעקומען דניאל אונ איז געפאלען
אויף א שכל מען זאל פרעגען יעדען פון די עדות בעזונדער: אונטער וואס
פאר א בוים די מעשה איז געשעהן. דאס פארשטעהט זיך, אז יעדער האט
אנגעוויזען אויף איין אנדער בוים. מען האט באלד דערקענט דעם ליגען, אונ
די פאלשע עדות האבען בעקומען דעם עונש, וואס האט געזאלט טרעפען
שושנה. אזא ערצעהלונג האט געמוזט פיהרען דערצו, וואס די שופטים האָ־
בען גוט נאכגעפארשט אין א משפט יעדעס ברעקעלע אונ פיעל אונשולדיגע
האבען געבענטשט דעם נאמען פון זייער רעטער, דער גוטער קעניגין.

אלכסנדרא האט אויך געזעהן, אז דאס לערנען אין די שולען זאל זיין
נאר אויפ'ן בעסטען אופן. אונ א חוץ דעם האט זי אכטונג געגעבען, אז
עס זאלען ניט פארקומען אזוי פיעל גט'ן ווי פריהר, ווייל די צדוקים האָ־
בען דארויף גאר ניט מקפיד געוועהן אונ וואס פאר א פאר פאלק עס
האט זיך נאר געוואלט צוגעהן. האבען זיי שוין ניט געזשאלעוועט די צוועלף
שורות.

אז די פרושים האבען זיך נאך א מאהל געקאנט צופיהרען די האנד,
האבען זיי זיך באלד געהאפט צו בעפעסטיגען זייערע מנהגים אונ זיך פיה־
רען איבערהויפט אויף זייער שטייגער. אים סכות האבען זיי געמאכט פונ'ם

טאפּער־גיסען אויפ'ן מזבח, וואס אלכּסנדר־ינאי האט זיך ערלויבט דערפון חוזק מאכען א גאנצע צערעמאניע, און מיט דער צייט איז דאס געווארען ...נא יום טוב, וואס פלעגט דויערען זעכס נאכט כּסדר. פונ'ם גאנצען לאנד ...לעגט מען זיך צונויפפאהרען קיין ירושלים נאר אנקוקען ווי שאן בעלייכטעט ...ם פלעגט זיין דער בּית המקדש און דער גאנצער הר הבּית, און הערען ... טהייערע געזאנג פון די לוים, און ניט אומזיסט איז דערמעלט ארויס ...ווארטעל: אז ווער עס האט ניט בּייגעוואוינט די שמחה, דער האט קיין ...מחה ניט געזעהן אין זיין לעבען.

דערסטגלייכען האבען די פּרושים איינגעפיהרט נאך א יום טוב, דעם ...נפצעהנטען אב, ווען דער עולם פלעגט ברענגען האלץ אין בּית המקדש ...ריין: דאס פאלק פלעגט זיך משמח זיין, און יונגע מאדלעך פלעגען ארויס־...עהן ווייס געקליידט אין די ווייגגערטנער מיט שענע טאנץ. דארט פלעגען ...י זיך בעקענען מיט פיינע יונגע לייט פון זייער גראד. און ניט איין ...דוך פלעגט אזוי געשלאסען ווערען דורכ'ן בעטען שדכן, דורך דער ליעבע.

אלכּסנדרא האט אויך געזארגט, אז דער בּית המקדש זאל האבען איין שטאנדיגע הכנסה און האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז יעדער יוד פון צוואנציג יאהר אן מוז געבען דארויף ניט ווייניגער פון א האלבען שקל א יאהר. דאס פאלק האט דארויף ניט געקוקט ווי אויף א גזירה, און יע־דער האט מיט גרויס שמחה געגעבען וואס ער האט נאר געקאנט; און אפילו די יודען פון אנדערע מדינות האבען זיך אויך ניט אבגעזאגט. דריי מאהל אין יאהר פלעגט מען צונויפנעהמען די נדבות: אים חודש אדר פלעגען די היימישע יודען אבּיינטראגען דאס געלד; בּיז שבועות פלעגט אנקומען געלד פון נאהנטע לאנדער, ווי מצרים און סוריא, און ניט שפעטער פון סוכּות פלעגען שוין צוקומען די נדבות אפילו פון גאנץ ווייט, ווי פון בּבל מדי און קליין־אזיען; און פון דארט פלעגט מען ניט שיקען קיין קליינגקייטען, נאר גאלד און זילבער. די גראסטע לייט האבען געהאלטען פאר א כּבוד צו זיין "היילינע שליחים", און זאמלען דאס געלד לשם מצוה. אין עטליכע שטאדט אין מעסאפאטאמ־יען און פהריגיען, ווי נציבין, נהרדעא, פערגאמוס און נאך אנדערע הא־בען זיך די יודען געמאכט בעזונדערע קאמערן וואו זיי פלעגען צונויפנעה־מען די נדבות און זיי דערנאך פערזארגען קיין ירושלים. פון די ערטער פלעגט דער בּית המקדש יעדעס יאהר בעקומען בּיז צוויי הונדערט פונט

גָאלְד, אוּנ בַּיי אַזַא הַכְנָסָה הָאט מֶען נִיט אוּמְזִיסְט גֶערֶעכְנְט רֶעכְנֶען, אַז אִין מִשְׁכָּן גֶעפִינֶען זִיךְ גַאנְצֶע אוֹצְרוֹת.

וָועלְטֶען קֶאן אָבֶּער אַ מֶענְשׁ הַאלְטֶען אַ וָואנְצָאהל אִין דִי הֶאנְד אַיי אָבְּהִיטֶען זִיךְ עֶר זָאל נִיט אִיבֶּערְצִיהֶען דֶעם בּויגֶען. אַז דִי פְּרוּשִׁים הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען דֶעם אוֹיבֶּען-אָן, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְשֶׁעפֶּען צוּ דִי צְדוּקִים אוּנ הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת. קוֹדֶם כָּל הָאט מֶען דֶערְהַרְגֶ'ט דִי אַיי גֶענֶעס'ן, דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶערָאטְהֶען אַלֶכְּסַנְדֶר-יַנַאי עֶר זָאל אוֹיפְהֶענְגֶען אַכְט הוּנְדֶערְט פְּרוּשִׁים. הָאטְשֶׁע פוּן אֵיין זַייט הָאט נִיט דֶערְלָאזְט קֵיין גְרוֹיסֶע עַוְלוֹת יְהוּדָה בֶּן טַבַּאי, וָואס הָאט לִיעבּ גֶעהַאט אוֹיף יֶעדֶען מְלַמֵד זְכוּת זַיין אוּנ פְּלֶעגְט זָאגֶען אַז קוֹים גֶעהט דֶער חוֹטֵא אַוֶועק פוּנ'ם בֵּית דִין, מוּז מֶען אוֹיף אִיהם שׁוֹין קוּקֶען ווִי אוֹיף יֶעדֶען אַנְדֶערֶען מֶענְשֶׁען; נָאר פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט פְּלֶעגְט אָבֶּער בֶּן שָׁטַח בֶּעהַאנְדְלֶען דִי צְדוּקִים גָאר אָהְן רַחֲמָנוּת. עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי שְׁטְרֶענְג אוּנ הָאט אַזוֹי אָבְּגֶעהִיט דָאס גֶעזֶעץ, אַז אֲפִילוּ זַיין אֵייגֶען קִינְד הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט קֵיין טוֹבָה טְהוּן אַבִי נִיט אָבְּמְרֶעטֶען פוּנ'ם דִין. עֶר הָאט גֶעהַאט אַ סַךְ שׂוֹנְאִים, וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט אִין אִיהם דֶערְלֶעבֶּען אַ נְקָמָה, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַ בִּלְבּוּל אוֹיף זַיינֶעם אַ זוּהן, אַז עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַיין גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה, עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען צְוֵויי פַאלְשֶׁע עֵדוּת, אוּנ מֶען הָאט אִיהם פַארְמִשְׁפָּט צוּם טוֹיט. דָאס רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען, וָואס הָאט זֶעהר גֶעוויינְט, הָאט אַזוֹי גֶערִיהְרְט דִי עֵדוּת, אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד מוֹדֶה גֶעוֶועהן, אוּנ דִי דַיָנִים הָאבְּען שׁוֹין גֶעוָואלְט מְבַטֵל זַיין דֶעם פְרִיהֶערִיגֶען מִשְׁפָּט. בֶּן שָׁטַח הָאט אָבֶּער גֶעוִויזֶען, אַז וֶועדְלִיג דֶעם דִין, טָאר מֶען אַזֵיינֶע עֵדוּת נִיט גְלֵייבֶּען, ווַייל מֶען ווַייסְט נִיט וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַ לִיגֶען, צוּ פְרִיהֶר, צוּ שְׁפֶּעטֶער, אוּנ הָאט צוּ לִיעבּ דֶעם מַפְקִיר גֶעוֶועהן דֶעם זוּהנ'ס לֶעבֶּען. פוּן אַזַא מֶענְשֶׁען, קֶאן מֶען שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהן, הָאבֶּען דִי צְדוּקִים קֵיין הָאנִיג נִיט גֶעלֶעקְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט זוּכֶען שׁוּץ בַּיי אַלֶכְּסַנְדְרַאס צְווייטֶען זוּהן אַרִיסְתּוֹבּוּל. דֶער פְּרִינְץ הָאט פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען גֶעזָאגְט אַ גוּט וָוארְט דֶער קֶאנִיגִין, אוּנ זִי הָאט זֵיי עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען, ווִי זֵיי הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אִין עֶטְלִיכֶע פֶעסְטוּנְגֶען אִין לַאנְד. נָאר, ווִי עֶס ווַייזְט אוֹיס, הָאט מֶען צוּ זֵיי קֵיין גְרוֹיס צוּטְרוֹיֶען נִיט גֶעהַאט, אוּנ דִי שְׁטַארְקֶע פֶעסְטוּנְגֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעשִׁיצְט דִי יוּדִישֶׁע מְלוּכָה,

ווי מַאכֶערוס. הורְקאנְיָאן, אונ אַלֶכְּסַנְדְרִיַאן, זָענֶען פַאר זַיי גֶעבְּלִיבֶּען פֶעִר־שְׁלָאסֶען.

קיין שום בֶּעזונְדֶער מִכְשׁוֹל איז אִינ'ם לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען, אִין דֶער צַייט פוּן אַלֶכְּסַנְדְרַא נִיט פָארְגֶעקוּמֶען. פַאר אַיין טִיגְרַאנֶעס, דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַרְמֶענְיֶען וואס הָאט שְׁטַארְק הֵשֶׂג גֶעהַאט צוּצוּנֶעהמֶען יְהוּדָה, הָאט זִי זִיךְ יָא אַבִּיסֶעל גֶעשְׁרָאקֶען, אונ הָאט צוּ אִיהם גֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים מִיט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת אִיהם צוּ פֶערְשְׁטָאפֶּען דָאס מויל. עֶר וָואלְט אֶפְשֶׁר נִיט גֶעוָועהן גֶעקוּקְט דַארויף, וָוען עֶר וָואלְט נִיט אַלֵיין בֶּעדַארְפְט היטֶען דִי בֵּיינֶער פַאר דִי רָאמֶער, וָואס הָאבֶּען אִיהם דֶערְוַוייל אָנְגֶעהויבֶּען דוּלֶען אַקָאפּ. אַזוֹי זָענֶען רוּהִיג אָבְּגֶעלָאפֶען דִי יָאהרֶען פוּן אַלֶכְּסַנְדְרַא'ס מְלוּכָה, בִּיז זִי אִיז נִיט מְסוּכָּן קְרַאנְק גֶעוָוארֶען. דָא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען טְרוֹיעֶרִיגֶע טֶאג פַאר דֶער יוּדִישֶׁער מְלוּכָה: דֶער פְּרִינְץ אַרִיסְתּוֹבוּל הָאט גֶעוָואלְט צוּנֶעהמֶען דִי בְּכוֹרָה בַּיי זַיין קְרַאנְקֶען בְּרוּדֶער הוּרְקָנוֹס, אונ אִיז אַוֶועק אִין דֶער פֶעסְטוּנְג גַבַּתַּה, דָארְט הָאט עֶר גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט דִי צְדוּקִים, אונ בֶּעזָאנְדֶערְס מִיט זַייעֶר פָארְשְׁטֶעהֶער גַאלַאִיסְטֶעס, אונ נָאר אִין אַקוּרְצֶער צַייט הָאט עֶר צוּנויפְגֶענוּמֶען צְוִוישֶׁען דִי קְלֵיינֶע פֶאלְקֶער אַרוּם יַרְדֵן זֶעהר פִיל חַיִל. הוּרְקָנוֹס הָאט אֲפִילוּ צוּגֶערֶעדְט דִי מוּטֶער זִי זָאל נִיט דֶערְלָאזֶען צוּ קיין מְרִידָה אִין לַאנְד נָאר אַלֶכְּסַנְדְרַא הָאט שׁוֹין נִיט גֶעהַאט קיין כֹּחַ זִיךְ צוּ מִישֶׁען, אונ הָאט צוּגֶעמַאכְט דִי אויגֶען אֵיידֶער אִין יְהוּדָה הָאט זִיךְ צוּפְלַאקֶערְט דָאס פַייעֶר פוּן אַמִלְחָמָה צְוִוישֶׁען אֵיינֶענֶע בְּרִידֶער.



# פִּירְטֶעס ־קאַפִּיטֶעל.

## דִי לֶעצְטֶע מְלָכִים פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים.

(37—69 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹירְט. 107—139 פַאר'ן חָרְבַּן בַּית שֵׁנִי)

אַז עֶס אִיז בֶּעשֶׁערְט, עֶס זָאל וֶוערן אַתֵּל פוּן אַשְׁטוּב־דַארְפֶען זִיךְ נָאר צְווַיי בַּעֲלֵי בַּתִּים אָנְהֵייבֶּען קְרִיגֶען אִיבֶּער אִיהר: דָאס קָאן מֶען אַרוֹיסְזֶעהן פוּן דֶעם, וָואס עֶס אִיז גֶעוָוארֶען פוּן יְהוּדָה פוּן דֶעם וִויסְטֶען מַחֲלוֹקֶת, וָואס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען אַלֶכְּסַנְדְרַא'ס בֵּיידֶע זִיהן. בַּאלְ'ד נָאךְ אִיהר טוֹיט הָאט דֶער עֶלְטֶערֶער זוּהְן הוּרְקָנֶס אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה. אַרִיסְתּוֹבוּל הָאט אָבֶער נִיט גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ אִיז מִיט זַיין חַיִל צוּגֶעקוּמֶען בִּיז יְרִיחוֹ, דָארְט הָאבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט בֵּיידֶע בְּרִידֶער, נָאר הוּרְקָנוּס הָאט פֶער־לָארֶען דִי מִלְחָמָה אוּנ הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג בִּירָה נֶעבֶּען יְרוּשָׁלַיִם, וואו עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַמַשְׁכּוֹן אַרִיסְתּוֹבוּל'ס פְרוֹי מִיט דִי קִינְדֶער. אַרִיסְתּוֹבוּל אִיז דֶערְוַוייל אַרַיין קַיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמֶעכְטִיגְט אִיבֶּער'ן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ; נָאר קוֹים אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶועהן אִינְוֶוענִיג הָאט גֶעמוּזְט וֶוערֶען אַשָׁלוֹם צְווִישֶׁען דִי בְּרִידֶער: הוּרְקָנֶס אִיז גֶע־בְּלִיבֶּען כֹּהֵן אוּנ אַרִיסְתּוֹבוּל אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג. בֵּיידֶע הָאבֶּען זֵיי גֶעגֶעבֶּען אַשְׁבוּעָה נִיט צוּ שְׁטֶערֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערן, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נָאךְ מְשַׁדֵּךְ גֶעוֶועהן צְווִישֶׁען זִיךְ, אוּנ אַרִיסְתּוֹבוּל'ס זוּהן אַלֶכְּסַנְדֶר הָאט חַתוּנָה גֶעהַאט מִיט הוּרְקָנוּס'ס טָאכְטֶער אַלֶכְּסַנְדְרַא.

מֵילָא ווִי אַזוֹי דִי בְּרִידֶער הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין דָארְט אַיינְגֶעטְהֵיילְט, וָואלְט שׁוֹין גֶעוֶועהן גֶעבְּלִיבֶּען אַזוֹי, וֶוען עֶס מִישְׁט זִיךְ נִיט אַרַיין אֵיינֶער פוּן הוּרְקָנוּס'ס גוּטֶע פְרַיינְד, אַנְטִיפַּטֶר, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִי אֲדוֹמִים, וָואס יוֹחָנָן־הוּרְקָנוּס הָאט אַמָאל גֶעצְוואוּנְגֶען זֵיי זָאלֶען וֶוערֶען יוּדֶען. אַנְטִיפַּטֶר אִיז נָאךְ פַאר אַלֶכְּסַנְדֶר יַנַּאי גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען פַאר אַמוֹשֵׁל אִין אֱדוֹם, אוּנ אִיז

גֶעוֶועהן אַ גוּטֶער בְּרוּדֶער מִיט אַלֶע שְׁכֵנִים פוּן אַרוּם. עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְטֶערְצוּהִיצֶען הוּרְקָנוּס'ן, אַז עֶר הָאט זִיךְ אוּמְזִיסְט אָבְּגֶעזָאגְט פוּן דֶער מְלוּכָה, אוּנ הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ פַאַרְשְׁטֶעהן, אַז מִיט גֶעלְד וֶועט עֶר זִיךְ אָבְּזוּכֶען אַ בֶּעשִׁיצֶער, וָואס וֶועט זִיךְ אָנְנֶעהמֶען זַיין קְרִיוְודֶע. אַנְטִיפַּטֶר הָאט טַאקִי אָבְּגֶעמַאכְט מִיט אַרֶעטַאס. דֶעם מֶלֶךְ פוּן נְבָט אוּנ עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט פַאר אַ מַתָּנָה יָפָה צוּ הֶעלְפֶען הוּרְקָנוּס'ן. אַז אַלְדִינְג אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן אָבְּגֶערֶעדְט, אִיז הוּרְקָנוּס שְׁטִילֶערְהֵייט בַּיי נַאכְט פֶערְשְׁווִינְדֶען גֶעוָוארֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ אִיז אִינְאֵיינֶעם מִיט אַנְטִיפַּטְר'ן אַוֶועק קֵיין סֶלַע, אִין דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט פוּן נְבָט. בַּאלְד אִיז מֶען אִין יְהוּדָה גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז אַרֶעטַאס גֶעהט אַהֵין מִיט פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנ אַרִיסְטוֹבוּל אִיז אִיהם אַרוֹיס אַקֶעגֶען מִיט זַיין חַיִל. עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעגְלִיקְט, אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט זִיךְ פֶערְשְׁלִיסֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס דֶער שׂוֹנֵא הָאט עֶס עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים כְּסֵדֶר בֶּעלֶאגֶערְט. זֶעהר טְרוֹיעריג אִיז גֶעוָוארֶען דִי לַאגֶע פוּן דִי אַיינְוָואהנֶער, וֶוען עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל; נָאר נָאךְ אֶרְגֶער אִיז גֶעוֶועהן דִי פְרוּמֶע, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין בְּהֵמוֹת אוֹיף קָרְבָּנוֹת. דָא הָאט זִיךְ נָאךְ אָנְגֶערִיקְט דֶער חֹדֶשׁ נִיסָן, אוּנ קֵיין לֶאמֶעלֶעךְ אוֹיף קָרְבַּן־פֶּסַח אִיז נִיט גֶעוֶועהן, הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם מְיַשֵּׁב גֶעוֶועהן, אוּנ אַזוֹי וִוי זַיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז אִין לַאגֶער פוּנ'ם שׂוֹנֵא גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיךְ יוּדֶען, הָאבֶּען זַיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט זַיי אִיבֶּערְצוּרֶעדֶען, זַיי זָאלֶען זַיי פַאר גֶעלְד פַארְקוֹיפֶען שָׁאף אוּנ רִינְדֶער. אִין לַאגֶער אִיז מֶען דַארוֹיף מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען. אוּנ אַלֶע טָאג פְלֶעגְט מֶען פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג אַרָאבְּלָאזֶען מִיט אַ שְׁטְרִיק אַ קָארְבּ מִיט גֶעלְד, אוּנ דֶערְנָאךְ אַרוֹיפְצִיהֶען אַ שֶׁעפֶּעלֶע אָדֶער אַ קֶעלְבֶּעלֶע. נִיט לַאנְג הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער דִי שׂוֹנְאִים אַזוֹי רוּהִיג גֶעהַאלְטֶען: אֵיין מָאל, אַז דִי יוּדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַ כָּשֵׁר'ן קָרְבָּן, הָאבֶּען זַיי אִין קָארְבּ גֶעפוּנֶען אַ חֲזִיר .... מֶען הָאט אָבֶּער אִין לַאגֶער גֶעטְהוּן נָאךְ אַ סַךְ אֶרְגֶערֶע זַאכֶען. אִין יְהוּדָה הָאט גֶעלֶעבְּט זֶעהר אַ פְרוּמֶער יוּד, אָנִיאַס, וָואס מֶען הָאט אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט, אַז מִיט זַיינֶע תְּפִלּוֹת הָאט עֶר נִיט אֵיין מָאל אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען רֶעגֶען, וֶוען מֶען הָאט אִיהם נֶאטְהִיג בֶּעדַארְפְט. אַז יְרוּשָׁלַיִם אִיז בֶּעלֶאגֶערְט גֶעוָוארֶען אוּנ פִיעל יוּדֶען זֶענֶען פוּן דָארְט אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען קֵיין מִצְרַיִם, הָאט אָנִיאַס אוֹיךְ פֶערְלָאזְט דִי הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען נִיט וַוייט. דָאס חַיִל פוּן אַרֶעטַאס הָאט אִיהם גֶעפוּנֶען אוּנ אַזוֹי וִוי פִיעל יוּדֶען פוּן הוּרְקָנוּס'ס לַייט הָאבֶּען אִיהם גֶעקֶענְט, הָאבֶּען זַיי

איהם געבעטען ער זאָל שעלטען אַריסתּובול'ן, ווייל זיי זענען געוועהן זיכער אַז די קללה וועט געווים אָנגעהן. אָניאַס האָט אָבער געזאָגט איין אַנדער מין תּפלה: ער האָט געבעטען דעם רבונו של עולם, אַזוי ווי ביידע צדדים זענען יודען, זאָל ניט אָנגעהן דאָס וואָס זיי ווינשען זיך איינער דעם אַנדערן. פאַר דעם געבעט האָט דער פרומער אָניאַס בעצאָהלט מיט'ן לעבען.

נאָר אין דער צייט וואָס אַרעטאַס איז געשטאַנען פאַר די טויערען פון ירושלים האָט זיך אין דער לופט פון גאַנץ ווייט געטראָגען אַ רויב־פויגעל, וואָס האָט באַלד פערטומעלט די קאָפּ פון ביידע ברידער, און האָט עפּעטער זיינע שאַרפע נאָגעל אַריינגעשטעקט אין דעם יודישען לאַנד. סקווירוס, דער שליח פון פּאָמפּעיוס האָט זיך געלאָזט קיין אַזיען דאָרט צו בעפעסטיגען די מאַכט פון רום, און אַז ער איז געקומען נאָהענט צו יהודה, האָבען ביידע ברידער זיך געוואָלט בענוצען מיט זיין הילף, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אַז די רוימער האָבען ניט פיינד די מטבע. שליחים זענען געפלויגען פון אַלע זייטען, און קיינער פון זיי איז ניט געקומען מיט ליידיגע קעשענעס; נאָר ־ יי עס ווייזט אויס. האָט אַנטיפּטר נאָר געהאַלטען אין איין צוזאָגען און אַריסתּובול איז אַרויס מיט אַ מזומן שטיקעל. איין ווינק פון סקווירוס איז גענוג געוועהן אַרעטאַס זאָל באַלד אָבטרעטען פון ירושלים און אַריסתּובול איז ווייטער אַריין אין זיין הויפּט־שטאָדט.

צוויי יאָהר האָט אַריסתּובול געפיהרט די מלוכה, און ער האָט שוין גערעכענט, אַז ער זיצט שוין פעסט אויפ'ן בענקעל. ער האָט אויך אַרויס־געלאָזט זיינע מטבעות, און פערנט אַפילו אָפּט בעוויזען זיין בריה־שאַפט דערמיט, וואָס ער האָט זיך ליעב געהאַט אַריינצוהאַפּען צו די שכנים און אָבצופּען עפּעס אַ דאָרפעל אָדער אַ שטעדטעל. נאָר געקויפט גליק קאָן קיין לאַנגען קיום ניט האָבען: אויף האַנדלען איז אַנטיפּטר געוועהן מעהר מעניש פון אַריסתּובול'ן ער האָט זיך געפועלט ביי סקווירוס ער זאָל רעדען פאַר הורקנוס עפּעס אַ גוט וואָרט ביי פּאָמפּעיוס, און אַז ער האָט נאָך געבראַכט דעם העררשער פון רום אַ טהייערע מתּנה, אַ ווייַנשטאָק מיט בלעטער און טרויבען פון ריין גאָלד, איז ער שוין געוואָרען דער גרעסטער חשוב. פּאָמפּעיוס האָט בעפוילען, אַז ביידע ברידער זאָלען אַרויסקומען צו איהם קיין דמשק, און דאָרט וועט ער אויסהערען זייערע טענות. עס איז זיי אַפילו געוועהן ניט אָנגענעהם זיך צו לאָדען אין דער פרעמד ביי אַ שונא. נאָר

עֶס הָאט זֵיי שׁוֹין נִיט גֶעהָאלְפֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט דִי בּוּשָׁה אַוֶּעקלֶעגֶען אוֹיף אַ זַייט, אוּנ יֶעדֶער הָאט פַאר פָּאמְפֶּעיוּס'ן אוֹיסְגֶערֶעדְט זַיין הַאר֗ץ: הוֹרְקָנוֹס הָאט זִיךְ פֶערוּפֶען אוֹיף זַיין בְּכוֹרָה, אוּנ אַרִיסְתּוֹבּוּל הָאט גֶעשְׁרִיעֶגֶען. אַז עֶר אִיז פֶעהִיגֶער פוּן אִיהם צוּ דֶער מְלוּכָה. פָּאמְפֶּעיוּס הָאט נָאךְ אָבֶּער גֶעמוּזְט אוֹיסְהֶערֶען אַ דְרִיטֶען צַד, — דָאס זֶענֶען גֶעוֶעזֶען אַ סַךְ אַיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט זִיךְ אִין גַאנְצֶען בֶּעפְרַייעֶן פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים, אוּנ הָאבֶּען גֶעדְרִינְגֶען, אַז זֵיי וֶועט זַיין בֶּעסֶער וֶוען דָאס לַאנְד וֶועט זִיךְ פִיהרֶען רוּהִיג שְׁטִיל, נָאכ'ן גֶעזֶעץ אוּנ נָאר אָהן אַ מֶלֶךְ.

פָּאמְפֶּעיוּס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ וואוֹילֶער דַיָּן, אוּנ עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז דֶער בֶּעסְטֶער תַּכְלִית וֶועט זַיין פַאר אַלֶע, וֶוען עֶר אַלֵיין טַאקֶע וֶועט צוּנֶעהמֶען דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד פַאר פְּסַק גֶעלְד, אוּנ עֶס וֶועט נִיט זַיין אִיבֶּער וָואס זִיךְ צוּ קְרִיגֶען. מִיט גְרוֹיס חַיִל אִיז עֶר צוּגֶעקוּמֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם. הוֹרְקָנוֹס אוּנ אַרִיסְתּוֹבְּלוּס הָאבֶּען אִיהם אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין שְׁטָאדְט; נָאר דִי אֶמֶת'ע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם מֵיין פוּן דִי רֶאמֶער, הָאבֶּען אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען דִי בְּרִיק, וָואס הָאט גֶעפִיהְרְט צוּם בֵּית הַמִקְדָּשׁ אוּנ זֶענֶען אַלֶע גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיפ'ן הַר הַבַּיִת. פָּאמְפֶּעיוּס הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהן אַ לַאנְגֶע צַייט אוּנ בֶּעלַאגֶערן דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ, אוּנ עֶס וָואלְט אִיהם אַזוֹי גִיךְ נִיט גֶערָאטְהֶען, וֶוען דִי רֶאמֶער וָואלְטֶען זִיךְ נִיט בֶּענוּצְט מִיט דִי שַׁבָּתִים, וֶוען דִי יוּדֶען פְלֶעגֶען רוּהֶען. אִין אַ שַׁבָּת אִים חוֹדֶשׁ סִיוָן הָאט מֶען אַיינְגֶעבְּרָאכֶען אַ וַואנְד פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג, אוּנ מֶען אִיז אַרַיין אִין בֵּית הַמִקְדָּשׁ פּוּנְקְט וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גָאטֶעסְדִיענְסְט. קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעוֶועהְרְט אוּנ פִיעלֶע הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען, אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען זִיךְ פוּן דֶער הוֹיךְ אָדֶער אָנְגֶעצוּנְדֶען אוֹיף זִיךְ דִי קְלֵיידֶער. אִין דֶעם טָאג זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען בִּיז צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד יוּדֶען. דֶעמֶעלְט הָאט זִיךְ פָּאמְפֶּעיוּס אִיבֶּערְצַייגְט וָואס פַאר אַ לִיגֶען אַנְטִיוֹכוּס־עֶפִּיפַאנוּס הָאט אַ מָאהל אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, אַז אִין מִשְׁכָּן גֶעפִינֶען זִיךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע בִּילְדֶער פוּן עֶזֶעל, אוּנ הָאט גֶעלָאזְט גַאנְץ דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ אוּנ דִי גֶעלְדְקַאסֶע, וָואס הָאט זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען.

פָּאמְפֶּעיוּס הָאט זִיךְ טַאקֶע בֶּערֶעכֶענְט, אַז אִין גַאנְצֶען צוּנֶעהמֶען דָאס לַאנְד וֶועט עֶר קֵיין מָאהל נִיט פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַ בִּיסֶעל יוֹצֵא זַיין פַאר הוֹרְקָנוֹס'ן. דַארִיבֶּער הָאט עֶר הוֹרְקָנוֹס'ן בֶּעשְׁטִימְט פַאר'ן נָשִׂיא פוּן יְהוּדָה, אוּנ הָאט גֶעמַאכְט מֶען זָאל אִיהם צָאהלֶען מַס. פִיעל שְׁטָאדְט

וָואס הָאט גֶעקָאסְט די פְרִיהֶרִיגֶע יוּדִישֶׁע קֶאנִיגֶע גֶענוּג בְּלוּט בִּיז מֶ'עֶן הָאט זֵיי אַיינְגֶענוּמֶען, וִוי שֹׁמְרוֹן, בֵּית-שְׁאָן, גַדָרָה, הִיפָּאס, פֶּעלְלַא, דִיאָן אוּנ אַנְדֶערֶע, הָאט עֶר אָפְּגֶעְרִיסֶען פוּנ'ם לַאנְד; אַ סַךְ גֶעפַאנְגֶענֶע הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען טֵייטֶען, אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע, אוּנ צְווִישֶׁען זֵיי אוֹיךְ אַרִיסְ־טוֹבּוּל, זַיין זוּהן אַנְטִיגוֹנוּס, זַיינֶע בֵּיידֶע טֶאכְטֶער אוּנ זַיין פֶּעטֶער אַבְשָׁלוֹם, הָאט מֶען אַוֶעקְגֶעפִיהרְט קַיין רוֹם. אוּנ אַז פָּאמְפֶּעיוּס אִיז מִיט גְרוֹיס פַּארַאד אַהִין אַרַיינְגֶעפָאהרֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט גֶעהְן אַרוּם זַיין וָואגֶען, אוּנ זַיין לֶעבֶּעדִיגֶע עֵדוּת פוּן דֶעם שׂוֹנֵא'ס גְרוֹיסְקַייט.

אִין רוֹם, וִוי אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט פוּן אִיטַאלְיֶען, הָאבֶּען נָאךְ פוּן פְרִיהֶר גֶעוָואהנְט יוּדֶען, וָואס דֶער מִסְחָר הָאט זֵיי אַהִין גֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם אוּנ קְלֵיין-אַזְיֶען. זֵיי הָאבֶּען בַּאלְד אוֹיסְגֶעקוֹיפְט זֵייעֶרֶע גֶעפַאנְגֶענֶע בְּרִידֶער. אוּנ בִּיסְלֶעכְוַויים אִיז אִין רוֹם גֶעוָוארֶען אַ לַייטִישֶׁע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה וָואס הָאט גֶעוָואהנְט אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּנ'ם טַייךְ טִיבֶּער. אֵיינֶער פוּן דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער קְהִלָּה, תּוֹדוֹס, הָאט גֶעוָואלְט אַיינְפִיהרֶען, אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען אִין דֶער פְרֶעמְד אוֹיךְ מַאכֶען אַ קָרְבָּן פֶּסַח; נָאר אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז מֶען דֶערְפַאר שְׁטַארְק בֶּעז גֶעוָוארֶען. אוּנ מֶען הָאט אִיהם בֶּעפוֹילֶען, אַז וֶוען מֶען זָאל נִיט וִויסֶען וָואס פַאר אַ יְרֵא שָׁמַיִם עֶר אִיז, וָואלְט מֶען אִיהם אִין חֵרֶם אַרַיינְגֶעלֶעגְט. מִיט דֶער צַייט הָאבֶּען דִי יוּדֶען אִין רוֹם גֶעשְׁפִּיעלְט נִיט קַיין קְלֵיינֶע רָאלֶע. בַּיי אֲסִיפוֹת פוּנ'ם פָאלְק הָאט מֶען זֵיי אוֹיךְ גֶע־פְרֶעגְט אַ דֵעָה, אוּנ אַז אֵיינֶער פוּן דִי בֶּערִיהמְטֶע רָאמִישֶׁע רֶעדְנֶער צִיצֶערָא, וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועהן קַיין שְׁטַארְקֶער אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל, הָאט זִיךְ אַ מָאהל עֶרְלוֹיבְּט אֶפֶענְטְלִיךְ צוּ רֶעדֶען שְׁלֶעכְטְס אוֹיפ'ן יוּדִישֶׁען פָאלְק, הָאבֶּען דִי יוּ־דֶען אַזוֹי גֶעדְרֶעהט, אַז אִין אַ יָאהר אַרוּם הָאט מֶען בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען. אוּנ עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ נִיט גֶעטָארְט נֵייזֶען אַכְטְצִיג מַייל אַרוּם רוֹם.

דָאס לַאנְד יְהוּדָה אִיז דֶערְוַוייל גֶעבְּלִיבֶּען נִיט אַהִין אוּנ נִיט אַהֶער, הַאלְבּ פְרַיי אוּנ הַאלְבּ אוּנְטֶערְוָוארְפֶען דִי רָאמֶער. דִי יוּדֶען זֶענֶען אָבֶּער שְׁטַארְק אוּנְצוּפְרִיעדֶען גֶעוֶועהן, וַוייל הוֹרְקָנוֹס מִיט זַיין מִינִיסְטֶער הָאבֶּען גֶע־צוֹיגֶען פוּן זֵיי דִי קְלֶעע, אוּנ הָאבֶּען אַלֶע מָאהל מִיט נַייעֶ מַתָּנוֹת אוּנְטֶער־גֶעהַאלְטֶען דִי גֶעקוֹיפְטֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן רוֹם. אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט אַנְטִיפַּטֶר גֶעשְׁטִיצְט סְקָוִירוּס וָואס הָאט דֶעמֶעלְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ קְרִיעג מִיט אַרֶעטַאס, דֶעם מֶלֶךְ פוּן נְבָט. דֶערְפַאר אַז אַרִיסְטוֹבּוּל'ס אֶלְטֶערֶער זוּהן אַלֶכְּסַנְדֶר

אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן רוֹם הָאט עֶר בַּאלְד גֶעפוּנֶען צֶעהן טוֹיזֶענְד סָאלְדַאטֶען אוּנ פוּפְצֶעהן הוּנְדֶערְט רַייטֶער, אוּנ אִיז מִיט זֵיי צוּגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. הוּרְקָנוּס הָאט גֶעמוּזְט אָפְּטְרֶעטֶען אוּנ אַלֶכְּסַנְדֶר הָאט בַּאלְד בֶּעפֶעסְטִיגְט דִי הוֹיפְּטשְׁטָאדְט אוּנ הָאט אוֹיךְ צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט דִי פֶעסְטוּנְגֶען אַלֶכְּסַנְדְרְיָא'ן. הוּרְקַנְיַאן אוּנ מַאכֶערוּס. אַלֶכְּסַנְדֶר אִיז קֵיין נַאר נִיט גֶעוֶועהן אוּנ הָאט פוּן זַיין זַייט אוֹיךְ גֶעשִׁיקְט גֶעלְד קֵיין רוֹם, אוּנ בַּיי דִי רֶאמֶער אִיז אַלְץ אֵיינְס גֶעוֶועהן. דֶער יוּד אָדֶער אַ'ן אַנְדֶערֶער: וֶוער עֶס הָאט בֶּעצָאהלְט – הָאט גֶעמֶעגְט זַיין קֶענִיג. דֶערְפַאר אִיז אַלֶכְּסַנְדֶר בַּיי זִיךְ אַזוֹי פֶעסְט גֶעוֶועזֶען, אַז עֶר הָאט אֲפִילוּ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט זַיינֶע אֵייגֶענֶע מַטְבְּעוֹת מִיט אַיין אוֹיפְשְׁרִיפְט אוֹיף גְרֶיכִיש: „קֶענִיג אַלֶכְּסַנְדֶר” אוּנ אוֹיף הֶעבְּרֶעאִיש „יוֹנָתָן הַכֹּהֵן”.

אַנְטִיפַּטֶר הָאט אָבֶּער נִיט גֶעשְׁוִויגֶען, אוּנ הָאט אָנְגֶערֵייצְט דֶעם הֶערְשֶׁער פוּן סִירְיֶען אוֹילוּס גַאבִּינְיוּס עֶר זָאל זִיךְ אָבְּרֶעכְנֶען מִיט אַלֶכְּסַנְדֶר'ן. גַאבִּינְיוּס, וָואס אִיז פוּן דֶער נַאטוּר אַ גְרוֹיסֶער אַכְזָר גֶעוֶועהן, הָאט מִיט אִיהם קֵיין לַאנְגֶע שִׂיחוֹת נִיט גֶעמַאכְט אוּנ הָאט אִיהם נָאךְ אַ מָאהל אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעפַאנְגֶען קֵיין רוֹם. עֶר הָאט אִיהם גֶעוָואלְט טֵייטֶען, נָאר אַלֶכְּסַנְדֶר'ס מוּטֶער אִיז אִיהם גֶעפַאלֶען צוּ דִי פִּיס אוּנ הָאט אִיהם קוֹים אָבְּגֶערָאטֶעוֶועט דָאס לֶעבֶּען. גַאבִּינְיוּס הָאט אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז דִי מְלוּכָה פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים זָאל אִין גַאנְצֶען אוֹיפְהֶערֶען, אוּנ דָאס לַאנְד זָאל אַיינְגֶעטְהֵיילְט וֶוערֶען אִין פִינְף טְהֵייל מִיט פִינְף הוֹיפְּטשְׁטֶעדְט: יְרוּשָׁלַיִם, גַדַרָה עָמוּס, יְרִיחוֹ אוּנ צִפּוֹרִים. אוּנ אִין יֶעדֶער שְׁטָאדְט זָאל זַיין אַ סַנְהֶדְרִין. מִיט דֶעם הָאט גַאבִּינְיוּס גֶעמֵיינְט, אַז עֶס וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען צוּצוּשְׁטֶערֶען דָאס אַחְדוּת פוּן דֶער „כְּנִיסְיָה גְדוֹלָה”, וָואס הָאט פָארְט אִין אַלֶע צֵייטֶען צוּנוֹיפְגֶעבוּנְדֶען דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אוּנ פוּן זֵיי גֶעמַאכְט אֵיין גוּף אוּנ אֵיין נֶפֶשׁ; עֶר הָאט אָבֶּער אַ טָעוּת גֶעהַאט. דִי „כְּנִיסְיָה גְדוֹלָה”, הָאט נָאר אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען דֶעם נָאהמֶען, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע סַנְהֶדְרִין, אוּנ וַוייל דִי רֶאמֶער הָאבֶּען בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען דָאס רֶעכְט זִיךְ אַרַיינְצוּמִישֶׁען אִין מְלוּכָה־זַאכֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוָוארְפֶען נַאר צוּ דֶער תּוֹרָה אוּנ צוּ דֶער אֱמוּנָה, אוּנ בַּאלְד זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען צְווֵיי „גְדוֹלִים”, וִוי שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן, וָואס הָאבֶּען אָנְגֶעצוּנְדֶען דָאס לִיכְט פוּן לֶערְנֶען אוֹמֶעדוּם וואו דֶער שׂוֹנֵא הָאט גֶעוָואלְט עֶס זָאל זַיין פִינְצְטֶער אוּנ וָואס מֶען הָאט זֵייא מִיט רֶעכְט גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען פַאר אַ צִירוּנְג פוּנ'ם דוֹר.

דֶער יָאךְ פוּן דִי רָאמֶער הָאט זִיךְ אַלֶע מָאהל גֶעגֶעבֶען מֶעהר אָנְצוּ־הֶערֶען, אוּנ דַארִיבֶּער אַז אַרִיסְתּוֹבוּלֹן אִיז גֶערָאטְהֶען אִינְאַיינֶעם מִיט זַיין זוּהְן אַנְטִיגוֹנוּס צוּ בֶּעפְרַייעֶן זִיךְ פוּנ'ם גֶעפַאנגֶענְשַׁאפְט אִין רוֹם אוּנ קוּמֶען צוּרִיק קַיין יְהוּדָה הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען אִין אִיהם אָנגֶעחַאפְּט, הָאטְשִׁי עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועהן זֶעהר בֶּעלִיעבְּט בַּיי'ם פָאלְק. דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטמַאנְן פִּיטְהָאלָאאָס, וָואס אִיז אִיהם פְרִידֶער גֶעוֶועהן אַ שׂוֹנְא, אִיז אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זַיין זַייט, אוּנ נָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט הָאט עֶר גֶעקֶאנְט מִיט אַכְט טוֹיזֶענְד מַאן זִיךְ שְׁטֶעלֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶן. פוּן דָארְט הָאט עֶר זִיךְ אָבֶּער וַוייטֶער גֶערִיקְט אוּנ בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער מִלְחָמָה הָאט עֶר פֶערלָארֶען כִּמְעַט דָאס גַאנְצֶע חַיִל. עֶס אִיז אִיהם נָאךְ אִיבֶּער־גֶעבְּלִיבֶּען אַ הָאפְנוּנְג, אַז עֶר וֶועט זִיךְ קָאנֶען הַאלְטֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג מַאכֶערוּס, נָאר נָאךְ צְווַיי טָאג הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען אוּנ מֶען הָאט אִיהם מִיט'ן זוּהְן צוּם צְווייטֶען מָאל אַוֶועקְגֶעפִיהרְט קַיין רוֹם. פוּנְקְט אַזַא מַפָּלָה הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט זַיין אַנְדֶערֶער זוּהְן אַלֶכְּסַנְדֶר, וָואס אִיז אַרוֹיס־גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעגֶען גַאבִּינִיוּס אוּנ הָאט שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען אִין דֶער מִלְחָמָה בַּיי'ם בַּארְג תָּבוֹר.

דֶערְוַוייל אִיז דִי רָאמִישֶׁע מַאכְט אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דִי הֶענְד פוּן דְרַיי גְרוֹיסֶע מֶענֶער, יוּלִיוּס צֶעזַאר, פָּאמְפֶּעיוּס אוּנ קְרַאסוּס. זַיי הָא־בֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ אַיינְגֶעטְהֵיילְט אַלֶע לֶאנְדֶער, וָואס רוֹם הָאט גֶעהַאט אִיבֶּער זַיי צוּ שַׁאפֶען, אוּנ סִירִיעֶן מִיט יְהוּדָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קְרַאסוּס'ן, וָואס הָאט גָאר נִיט פַיינְד גֶעהַאט קַיין גֶעלְד. עֶר הָאט שׁוֹין לַאנְג גֶעהֶערְט, אַז אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ גֶעפִינֶען זִיךְ גַאנְצֶע אוֹצְרוֹת. אוּנ עֶר הָאט נִיט גֶעקֶאנְט מוֹחֵל זַיין פָּאמְפֶּעיוּס'ן וָואס עֶר הָאט זַיי נִיט צוּגֶענוּמֶען. אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט קַיין פַּארְטְהִיעֶן אִין אַ מִלְחָמָה, אוּנ אִיז מִיט'ן וֶועג גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט מֶען דָארְט גוּט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר מֵיינְט, אוּנ דֶער פְרוּמֶער אֱלִיעֶזֶר וָואס הָאט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶער קַאסֶע פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אִיהם צוּ פֶערְשְׁטָאפֶּען דָאס מוֹיל. אוּנ הָאט אִיהם צוּגֶעטְרָאגֶען אַ בַּאלְקֶען פוּן גָאלְד. בַּיי קְרַאסוּס'ן אִיז אֲפִילוּ דִי מַדָּה זֶעהר אָנְגֶעלֶעגְט גֶעוֶועהן. עֶר הָאט בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען זַיין וָוארְט, אַז מֶעהר וֶועט עֶר נִיט פַאר־ד[illegible]: נָאר אֵיידֶער עֶפֶּעס הָאט עֶר שׁוֹין מְשַׁנֶה גֶעוֶועהן אוּנ הָאט צוּגֶענוּמֶען נִיט נָאר דָאס גַאנְצֶע גָאלְד פוּנ'ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, נָאר אֲפִילוּ דִי גָאלְדֶענֶע

כֵּלִים. מִיט דֶעם רוֹיב אִיז קְרַאססוּס אַוֶועק קֵיין פַּארְטְהִיֶען, נָאר דָארְט הָאט עֶר גֶעהַאפְּט דֶעם פְּסַק. אוּנ זַיין שְׁלִיחַ, קַאסְיוּס לַאנְגִינוּס אִיז פוּן דָארְט צוּרִיקגֶעקוּמֶען, קוּים מִיט אַ צֶעהנְט־חֵלֶק פוּן דִי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאן וָואס עֶר הָאט אַהִין מִיטגֶענוּמֶען. דִי סִירְיֶער אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען דֶערְפוּן זֶעהר הֲנָאָה גֶעהַאט אוּנ שְׁטִילֶערְהֵייד הָאט טַאקֶע פִּיטְהָאלַאאָס צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה אוּנ הָאט גֶעוָואלְט קַאסְיוּס'ן צוּם אִיבְּרִינְגֶען דֶערְקְוֶועטְשֶׁען. צוּ דִי רָאמֶער הָאבֶּען אָבֶּער דִי יוּדֶען קֵיין מָאהל קֵיין גְלִיק נִיט גֶעהַאט: אוֹיךְ דֶעם מָאהל הָאבֶּען זֵיי פֶערְלָאהרֶען, אַנְטִיפַּטֶר הָאט דֶעם שׂוֹנֵא גֶעגֶעבֶּען אַלֶע עֵצוֹת, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דֶערְמִיט וָואס דִי פִּיטְהָאלַאאָס'ן הָאט מֶען גֶעטֵייטְ, אוּנ דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד יוּדֶען זֶענֶען פַארקוֹיפְט גֶעוָוארֶען פַאר קְנֶעכְט.

נָאךְ אֵיין מָאל אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן אַרִיסְתּוֹבּוּל'ן עֶס זָאל אִיהם אַגְלַאנְץ טְהוּן דִי הָאפְנוּנְג, אַז עֶר וֶועט צוּרִיק בֶּעקוּמֶען דִי מְלוּכָה פוּן יְהוּדָה. יוּלְיוּס צֶעזַאר הָאט זִיךְ צוּקְרִיגְט מִיט פָּאמְפֶּעיוּס'ן. אוּנ וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אוּמֶעדוּם בֶּעוָוארְנֶען מִיט גוּטֶע פְרַיינְד, הָאט עֶר בֶּעפְרַייֶעט אַרִיסְתּוֹבּוּל'ן, אוּנ הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זֶעהר פִיעל חַיִל, כְּדֵי עֶר זָאל קָאנֶען פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען אַרְבֵּייטֶען אִין סִירְיֶען. פָּאמְפֶּעיוּס הָאט עֶס אָבֶּער בַּאלְד אָנְגֶעשְׁמֶעקְט אוּנ עֶהדֶער אַרִיסְתּוֹבּוּל הָאט זִיךְ נָאךְ גֶערִירְט, הָאט מֶען אִיהם שׁוֹין גֶעסַמְט. זַיין אֶלְטֶערְן זוּהן אַלֶכְּסַנְדֶר הָאט מֶען אוֹיךְ, אוֹיף פָּאמְפֶּעיוּס'ס בֶּעפֶעהל, אַרָאבְּגֶענוּמֶען דֶעם קָאפּ. זַיין פְרוֹיא אַלֶכְּסַנְדְרַא אוּנ זַיין זוּהן אַנְטִיגוֹנוּס הָאבֶּען גֶעפוּנֶען שׁוּץ בַּיי'ם מוֹשֵׁל פוּן הַאלְקִיס, פְּטַאלָא־מֶעאוּס; וַוייל זַיין זוּהן פִילִיפִּיאָן הָאט זִיךְ פֶערְלִיעבְּט אִין אַרִיסְתּוֹבּוּל'ס טָאכְטֶער, אַלֶכְּסַנְדְרַא אוּנ הָאט מִיט אִיהר חֲתוּנָה גֶעהַאט. אַרִיסְתּוֹבּוּל'ס קֶערְפֶּער הָאבֶּען זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד גֶעהַאלְטֶען אַצֵייט אִין הָאנִיג בִּיז זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְנָאךְ אִיבֶּערְגֶעפִיהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ בֶּעגְרָאבֶּען צְוִוישֶׁען דִי קְבָרִים פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים.

דָאס וָואס דִי בֵּיידֶע הֶערְשֶׁער פוּן רוֹם הָאבֶּען זִיךְ צוּ בָּאנְקֶעט – אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי יוּדֶענְס קָאפּ. וָוא זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִין קְלֵיין־אַזְיֶען, הָאבֶּען גֶעוָואהנְט זֶעהר פִיל יוּדֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס אִין עֶפֶעזוּס, סַארְדֶעס אוּנ פֶּערְגַאמוּס. אַז יוּלְיוּס צֶעזַאר הָאט גֶעוָואלְט וֶוערֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער מוֹשֵׁל פוּן רוֹם, הָאט דֶער רָאמִישֶׁער קָאנְסוּל פוּן דִי אָרְטֶער לֶענְטוּלוּס בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעפֶעהל עֶר זָאל זַאמְלֶען חַיִל פַאר פָּאמְפֶּעיוּס'ן אוּנ

האט געוואלט נעהמען אויך יודישע סאלדאטען. די יודען זענען אבער דארויף ניט בעשטאנען, ווייל פון איין זייט האבען זיי ניט געוואלט זיך אננעהמען פאר זייער אַאַלטען שונא, און פון דער אנדערער זייט האבען זיי טאקי מורא געהאט טאמיר וועלען זיי דארפען עובר זיין אויף דינים פון דער תורה. דעמעלט איז איינער פון די יודישע רעדנער, דאזיטהעאס געפאלען אויף א שכל און האט ערקלעהרט, אז די יודען רעכנען זיך פאר א ממלכת כהנים און כהנים מוזען בעפרייעט ווערען פון מיליטאר-דיענסט. אזא פשט האט אויך, מן הסתם ניט אומזיסט, געלערנט דער רוימישער הויפטמאנן טיטוס אמפיוס באלבוס, און אזוי זענען די יודען פון גאנץ קליין-אזיען פטור געווארען פונ'ם חוב צו שטופען זיך מיט'ן קאפ אין א פרעמדער היטץ, און די יודען פון סארדעס האבען זיך דערווייל בענוצט מיט דער גוטער שעה און האבען זיך אויסגעבעטען ביי'ם פראקאנסול לוציוס אנטאניוס פיעל רעכטע און פרייהייט.

אנטיפטר האט דאך ניט געלאזט פאמפעיוס'ן פאלען, און האט איהם צוגעשטעלט געגנוג יודיש חיל. נאר קוים האט פאמפעיוס פערלארען די מלחמה ביי פארזאלוס און איז אין מצרים געשטארבען, איז שוין זיין געטרייער אנטיפטר איבערגעגאנגען צו יוליוס צעזאר, און האט איהם מיט דריי טויזענד מאן שטארק געהאלפען איינצונעהמען פעלוזיום (סין) און אחוץ דעם האט ער אזוי געדרעהט, אז די יודען פון מצרים און בעזאנדערס פון דער געגענד אניאן זענען פאלש געווארען זייער קאניג, און האבען זיך איבערגעגעבען יוליוס צעזאר. דערפאר איז אנטיפאטר ביי איהם געווארען דער גרעסטער חשוב, און חאטשי אריסתובולס זוהן אנטיגונוס האט געזוכט אלע מיטעל איהם צו ערנידריגען, און האט דערמאנט צעזאר'ן דאס געטריי-שאפט פון זיין פאטער, פון דעסטוועגען האט עס ניט געהאלפען. אנטיפאטר איז געבליבען תקיף און איהם צו ליעב האט צעזאר בעשטימט הורקנס'ן פאר כהן און נשיא. אסך שטאדט פון דעם טהאל יזרעאל האט ער צוריק אומגעקעהרט, און בעזאנדערס די גרויסע שטאדט לידה (לוד); פון פיעל נתינות האט ער די יודען בעפרייעט און האט נאר געמאכט אז, אויסער דעם מעשר וואס עס קומט הורקנס'ן ווי א כהן, זאל מען אלע צוויי יאהר א פירט-חלק פון די תבואות אוועקשיקען קיין צידון און דערפון זאל מען דארט אויסהאלטען דאס חיל.

פון דערווייטענס האט מען געקאנט מיינען, אז אויף די יודען איז שוין

גֶעקוּמֶען אַ יְשׁוּעָה אוּנ זַיי וֶועלֶען שׁוֹין אַצִינְד גְלִיקְלִיךְ אוּנ רוּהִיג לֶעבֶּען. הוֹרְקְנָס אוּנ אַנְטִיפַּטֶר הָאבֶּען אַלֶע מָאל מִיט גֶעשִׁיקְט גֶעלְד קֵיין רוֹם אוּנ דֶער רֶאמִישֶׁער סֶענַאט הָאט אוֹיךְ מַסְכִּים גֶעוֶועהן אוֹיף אַלֶע רֶעכְטֶע וָואס יוּלְיוּס צֶעזַאר הָאט גֶעשֶׁענְקְט דִי יוּדֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ פוּן אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. אוּמֶעדוּם הָאבֶּען יוּדֶען גֶעבּוֹיעֶט שׁוּלֶען, פְרַיי גֶעשִׁיקְט נְדָבוֹת אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין; קֵיינֶער הָאט זַיי נִיט גֶעשְׁטֶערְט אָבְּצוּהִיטֶען שַׁבָּת, אוּנ אַז עֶס גְלֶעגֶען עֶרְגִיץ אַרוֹיסשְׁפְּרִינְגֶען גְרִיכֶען, וָואס דִי יוּדִישֶׁע פְרַייהֵייט אִיז זַיי נִיט אַזוֹי גֶעפֶעלֶען, הָאבֶּען דִי יוּדֶען בַּאלְד גֶעפוּנֶען הִילְף בַּיי דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה. אַוַודַאי הָאבֶּען דִי יוּדֶען פוּן אַלֶע אֶרְטֶער, אוֹיסֶער יְהוּדָה, גֶעמוּזְט צוּפְרִידֶען זַיין; נָאר אִין אֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וואוּ דֶער זֵכֶר פוּן דֶער אֶמֶת'ער פְרַייהֵייט אוּנ זֶעלְבְּסְטשְׁטֶענְדִיגְקֵייט הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט, הָאט דָאס פָאלְק נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען דִי חֲסָדִים פוּן דִי רֶאמֶער אוּנ הָאט גוּט גֶעדֶענְקְט, אַז זַיי הָאבֶּען צוּ טְהוּן מִיט שׂוֹנְאִים. וָואס פַארְקוֹיפֶען זֵייעֶר גוּטְסְקֵייט יֶעדֶען וָואס גִיט טְהַייעֶרֶער. אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט אַנְטִיפַּטֶר פוּן קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶן קֵיין פְרֶעהלִיכֶע מִינֶע, קֵיינֶער הָאט נִיט בֶּעגְרִיסְט דִי פְרַייהֵייטֶען וָואס עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט אִין רוֹם פַאר יוּדִישׁ בְּלוּט אוּנ שְׁוַויים, אוּנ פִיעלֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען וִוי אַזוֹי פָּטוּר צוּ וֶוערֶען פוּן אַזַא בַּעַל טוֹבָה. בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט אַ יוּדִישֶׁער הוֹיפְטְמַאן חִזְקִיָה. עֶר הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען פִיעל חַיִל אוֹיף דִי גַאלִילֶעאִישֶׁע בֶּערְג אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק דֶערְקוּטְשֶׁען דִי סִירְיֶער אוּנ דִי רֶאמֶער. דִי רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף חִזְקִיָה מִיט זַיינֶע לַייט וִוי אוֹיף אַ בַּאנְדֶע פוּן רוֹצְחִים. נָאר דִי יוּדֶען הָאבֶּען זַיי גֶערֶעכֶענְט פַאר בֶּעפְרַייעֶר אוּנ וָואס מֶעהר אַנְטִיפַּטֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעפֶעסְטִיגֶען — גְרֶעסֶער אִיז גֶעוָוארֶען דֶער הַאס גֶעגֶען אִיהם.

אַז אַנְטִיפַּטֶר הָאט גֶעמַאכְט זַיין עֶלְטֶערן זוּהְן פַּזָאֵל פַאר מוֹשֵׁל אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דֶעם צְווייטֶען, פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג=יֶעהְרִיגֶען הוֹרְדוֹס, פַאר מוֹשֵׁל אִין גַאלִילֶעאַ, אִיז דָאס פָאלְק צוּם אִיבְּרִיגֶען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארְן אוֹיף אִיהם, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶס אַזוֹי וִוי פָארַאוֹיס גֶעטְרָאפֶען, אַז הוֹרְדוֹס וֶועט טְהוּן זֶעהר פִיעל שְׁלֶעכְטֶס. בַּאלְד הָאט זִיךְ עֶס טַאקִי אַרוֹיסגֶעוִויזֶען: דֶער זוּהְן אִיז גֶעוֶועהן אַ סַךְ עֶרְגֶער פוּנ'ם טַאטֶען. צוּם עֶרְשְׁטֶען אִיז עֶר אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף חִזְקִיָה אוּנ הָאט אִיהם אוּנ נָאךְ עֶטְלִיכֶע פוּן זַיינֶע לַייט גֶעהֵייסֶען טֵיידְטֶען. דֶערְפַאר אִיז עֶר גֶעוָוארֶען נָאךְ מֶעהר חָשׁוּב בַּיי'ם מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען סֶעקְסְטוּס צֶעזַאר. נָאר צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען הָאט עֶס אָנְגֶע=

מאכט א גרויסען רעש און מען האט אנגעהויבען אויפצוקלערען הורקנוס'ן, אז ער מוז זיך ארומקוקען וואו ער האלט און מיט וואס פאר א חברה ער האט זיך ארומגערינגעלט. דער שלאבערינגער הורקנוס, וואס האט שטענדיג געקוקט אנטיפטר'ן אין מויל אריין, האט זיך די ערשטע צייט ניט וויסענדיג געמאכט, נאר אז די אלמנות און עלטערן פון די געהרגטע האבען איהם אנגעהויבען נאכגעהן פוס-טריט און וויינען און קלאגען, האט ער עס שוין ניט געקאנט איבערטראגען און האט געמוזט בעפעהלען הורדוס'ן ער זאל זיך שטעלען צום דין און זיך פארענטפערן פאר חזקיה'ס טוידט. אנטיפטר האט פער־שטאנען, אז הורדוס קאן דא מאוס אבשניידען, האט ער איהם געגעבען א ווינק, אז ער זאל האבען זיין שכל ביי זיך. הורדוס'ן האט מען ניט בע־דארפט פיקען די צונג, און אז ער איז געקומען קיין ירושלים האט ער מיט זיך מיטגעבראכט גענוג חיל. וואס זאל איהם קאנען דינען אין א נויט. בעוואפענט פון קאפ ביז פיס, פול מיט גדלות, איז געקומען הורדוס צום בית דין, און דער ערשטער שטעל זיינער איז געוועהן אזוי, אז ביי קיינעם פון די דיינים האט זיך דאס מויל ניט געאפענט. נאר איין שמעיה האט אויפגעמונטערט די דינים און האט זיי געגעבען צו פארשטעהן, אז דא מוז מען מאכען איין עק, ווייל מען האט צו טהון מיט א שלאנג וואס וועט פערגיפטען דאס גאנצע לאנד. שמעיה'ס ווערטער האבען געמאכט א שטארקען איינדרוק און מען האט שוין געוואלט ארויסגעבען א פסק; נאר הורקנוס'ן האט עס ניט געפאסט און ער האט אזוי גערעדט, אז מען זאל דעם משפט אבלעגען. הורדוס האט נאר בעדארפט האבען צייט; ער איז אוועק קיין דמשק צו סעקסטוס צעזאר, וואס האט איהם נאך מעהר כבוד אבגע־געבען און אונטערגעהיצט די שנאה צו די יודען זאל נאך ביי איהם אין הארצען גרעסער ווערען.

דערווייל איז יוליוס צעזאר געשטארבען און די רעמישע מלוכה איז איבערגעגאנגען צום פאלק אליין. איינער פון די פאלקס־פארשטעהער, קאסיוס לאנגינוס איז געקומען קיין סיריען צונויפנעהמען געלד; ער האט ביי די יודען אויך געפאדערט א גרויסע סומע, און אז מען האט איהם ניט געקאנט געבען האט ער די איינוואהנער פון פיער יודישע שטאדט, חפנה, אמוס, לידה און תמנה, פארקויפט פאר קנעכט. דעמעלט האט שוין הורקנוס געזעהן צו וואס זיין פריינדשאפט מיט אנטיפטר האט געפיהרט און ווי אבגעשוואכט דאס יודישע לאנד איז געווארען; ער האט

נאך ניט געוואוסט, אז הורדוס ארבייטעט שוין אין רום מען זאל איהם אראבצווארפען אונ דערפאר האט ער זיך צוגענומען פאר א יועץ איינעם פון די פארנעהמסטע בעלי בתים, מליך, אונ זיין ערשטע ארבייט איז געווען צו סמ'ן אנטיפטר'ן. הורדוס האט אבער גיך אונטערגעשיקט זיינע לייט מען זאל פארגיפטען מליך'ן, אונ חאטשי אריסטובולס זוהן, אנטיגונוס, האט איהם מיט דער הילף פון זיין קרוב, פטאלאמעאוס דעם מושל פון חאלקיס, געוואלט פארשטעלען דעם וועג, איז ער גאר אין א קורצער צייט אריין קיין ירושלים אונ הורקנוס איז נאך געצווינגען געוועהן איהם צו בעגריסען ווי א גבור; ער האט זיך נאך געמוזט מאכען הארץ אונ פאר איהם פערקנס'ן זיין ענינקעל מרים, די אומגליקליכע קאניגין, וואס האט דערנאך געמוזט אזוי פיעל ליידען.

אין רום האט זיך ווייטער דאס ראדעל איבערגעדרעהט, די מלוכה האבען איבערגענומען אנדערע דריי גרויסע לייט. אקטאוויאן. אנטאניוס אונ לעפידוס; נאר די יודען איז דערפון קיין טובה ניט ארויסגעקומען. זיי האבען זיך אפילו געפרואוט שיקען שליחים צו אנטאניוס'ן אונ זיך בעקלאגען אויף זייער לאגע, נאר הורדוס האט מיט דער מטבע אלדינג פארענפערט, אונ עס האט זיך געענדיגט דער מיט וואס די שליחים האט מען איינגעזעצט אין תפיסה אונ די גאנצע ממשלה איבער יהודה איז איבערגעגאנגען צו אנטיפטר'ס ביידע זיהן.

חאטשי אנטיגונוס'ן איז ניט געראטהען גובר צו זיין הורדוס'ן, האט ער פון דעסטוועגען קיין האפנונג ניט פערלארען, אונ אז פארטהיען האט זיך אונטערגענומען איהם איבערצוגעבען די יודישע מלוכה, האט ער זיך גאר מיט איין אנדער חשק געלאזט לויפען צום ציעל. אלע יודען פונ'ם גאנצען לאנד זענען צו איהם צוגעשטאנען, עס האט ניט לאנג געדויערט אונ זיי זענען אריין קיין ירושלים. הורקנוס, פהזאל אונ הורדס האבען זיך בעפעסטיגט אין פאלאץ פון די השמונאים, נאר איינער פון די פארטהישע הויפטלייט, פאקארוס האט זיי פון דארט ארויסגענארט אונ האט זיי פארגעלעגט זיי זאלען געהן צו בארזאפהארקעס, דעם הויפט־פיהרער פונ'ם פארטהישען חיל איבערעדען וועגען שלום. אז זיי זענען געקומען קיין כזיב, האט מען זיי באלד געמאכט פאר געפאנגענע: פהזאעל האט זיך אליין דאס לעבען גענומען אונ הורקנס'ן האט מען אבגעשניטען די אויערן. כדי ער זאל מיט א מום סעדר ניט טארען זיין קיין כהן גדול. הורדוס איז פריהר אנטלאפען

מִיט זַיין כַּלָּה מִרְיָם. אַזוֹי אִיז אַנְטִיגוֹנוּס גֶעוָוארֶען קֶאנִיג: דָאס בִּיסֶעל רֶאמִישׁ חַיִל. וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין דִי יוּדִישֶׁע פֶּעסְטוּנְגֶען, הָאט גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען; עֶר הָאט אַרוֹיסגֶעלָאזְט מַטְבֵּעוֹת מִיט זַיין יוּדִישֶׁען נָאהמֶען „מַתִּתְיָהוּ כֹּהֵן גָּדוֹל“; אִין לַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען רוּהִיג, אוּנ מֶען הָאט גֶעקֶאנְט מֵיינֶען, אַז דָאס יוּדִישׁ מַזָל וֶועט וַוייטֶער שַׁיינֶען אוֹיף לַאנְגֶע יָאהרֶען.

צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער אַנְטִיגוֹנוּס גָאר וֶוענִיג פֶּעהִיג גֶעוֶועהן צוּ פִיהרֶען אַ מְלוּכָה: עֶר הָאט נִיט פֶּערְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּ מַאכֶען גוּטֶע פְרַיינְד אִין דֶער פְרֶעמְד, אוּנ אֲפִילוּ בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט קֵיין גֶעטְרַייֶע, אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּענֶע מֶענְשֶׁען. וִוי וַוייט שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן הָאבֶּען פַיינְד גֶעהַאט הוֹרְדוֹס׳ן, זֶענֶען זֵיי פָארְט גֶעוֶועהן גֶעגְנֶער פוּן אַנְטִיגוֹנוּס׳ן. הוֹרְדוֹס הָאט דֶערְוַוייל נִיט גֶעדְרִימֶעלְט. אַז עֶר הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעבְלָאנְקֶעט אִין יְהוּדָה אוּנ הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט בֶּעהַאלְטֶען, אִיז אִיהם גֶעוֶועהן זֶעהר שְׁלֶעכְט. נָאר גִיךְ הָאט עֶר זִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעהַאפְּט קֵיין מִצְרַיִם. דָארְט הָאט אִיהם דִי קֶאנִיגִין קְלֶעאָפַּאטְרַא גֶעוָואלְט מַאכֶען פַאר׳ן אֶלְטְסְטֶען אִיבֶּער אִיהר גַאנְץ חַיִל, נָאר עֶר הָאט זִיךְ דֶערפוּן אָבְּגֶעזָאגְט. אִיהם הָאט דֶער קָאפּ גֶעטְרָאגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאט אַלְץ גֶעפִינְקֶעלְט דֶער גְלַאנְץ פוּן דֶער קֶאנִיגְלִיכֶער קְרוֹין. עֶר הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט קֵיין רוֹם אוּנ אִיז גְרָאד אָנְגֶעקוּמֶען אַהִין אִין דֶער צַייט, וֶוען צְוִוישֶׁען אַקְטַאוְויַאן אוּנ אַנְטָאנִיוּס אִיז גֶעוָוארֶען אַ שָׁלוֹם. עֶר הָאט זִיךְ צוּ זֵיי אַיינְגֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּנ הָאט עֶס אַזוֹי וַוייט גֶעבְּרַאכְט, אַז אִין זִיבֶּען טָאג הָאט אִיהם דֶער סֶענַאט בֶּעשְׁטִימְט פַאר קֶאנִיג פוּן יְהוּדָה. מִיט שִׂמְחָה אִיז הוֹרְדוֹס בַּאלְד גֶעפָאהרֶען קֵיין עַכּוֹ, דָארְט הָאט אִיהם אֵיינֶער פוּן דִי רַייכְסְטֶע יוּדֶען, סַרְמַלָּה גֶעגֶעבֶּען גֶעלְד עֶר זָאל דִינְגֶען חַיִל. גַאלִילֶעאַ אִיז שׁוֹין צוּ אִיהם צוּגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶערִיקְט בִּיז מַסַּדָה. אַנְטִיגוֹנוּס׳ס חַיִל הָאט זִיךְ אָבֶּער אַקֶעגֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ דִי מִלְחָמָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיהֶען אַ לֶענְגֶערֶע צַייט. דָאס הָאט גֶעצְוִוינְגֶען אַנְטָאנִיוּס׳ן עֶר זָאל אַרוֹיסשִׁיקֶען זַיין הוֹיפְּטמַאן סַאזִיוּס מִיט אַ גְרוֹיסֶער מַחֲנֶה צוּ הֶעלְפֶען הוֹרְדוֹס׳ן.

דָא הָאט עֶרְשְׁט הוֹרְדוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְוַוייזֶען זַיין גַאנְץ אַכְזָרִיוּת גֶעגֶען דֶעם פָאלְק, וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט בְּלַייבֶּען זַיין קֶאנִיג. פִינְף שְׁטֶעדְט מִיט צְוֵוייא טוֹיזֶענְד אַיינְוָואהנֶער הָאט עֶר פַארְבְּרֶענְט. אִין שֹׁמְרוֹן הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט זַיין כַּלָּה מִרְיָם, אוּנ בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט עֶר אַיינְאַיי־גֶענוּמֶען מִיט סַאזִיוּס בֶּעלַאגֶערְט יְרוּשָׁלַיִם. מִיט הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאן אִיז עֶר גֶע־

שְׁטַאנֶען בַּיי דִי טוֹיעֶרֶען פוּן דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט, אוּנ אַ גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ כְּסֵדֶר הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעקֶאנְט מַאכֶען, וַוייל דִי יוּדֶען הָאבֶען זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען וִוי דִי גְרֶעסְטֶע גִבּוֹרִים. נִיט אוֹיף לַאנְג הָאט אָבֶּער גֶעקֶאנְט קְלֶעקֶען זֵייעֶר כֹּחַ, אוּנ דֶערְצוּ הָאבֶּען נָאךְ שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייֶען מֶען זָאל אַרֵיינְלָאזֶען הוֹרְדוֹס'ן. נָאךְ אַ בֶּעלַאגֶערוּנְג פוּן פִירְצִיג טֶאג אִיז הוֹרְדוֹס אַרֵיין אִין שְׁטָאדְט. אוּנ אַנְטִיגְנוּס מִיט'ן פָאלְק זֶענֶען גֶעוֶועהן אוֹיפ'ן הַר הַבַּיִת, אוּנ עֶס אִיז שְׁוֶועהר גֶעוֶועהן זֵיי בַּייצוּקוּמֶען בִּיז אִין אַ שַׁבָּת אִים חוֹדֶשׁ סִיוָן, פּוּנְקְט וִוי זִיבֶּען אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר צוּרִיק פַאר פָּאמְפֶּעיוּס'ן אִיז גֶערָאטְהֶען דִי רָאמֶער צוּצוּטְרֶעטֶען. צוּם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט הוֹרְדוֹס אָבְּגֶעהַאלְטֶען דִי רָאמֶער זֵיי זָאלֶען נִיט בֶּערַאבֶּעוֶוען דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט. אַנְטִיגְנוּס'ן, וָואס הָאט אִין גַאנְצֶען גֶעקֶאנִינְט פִיעֶרְטְהַאלְבֶּען יָאהר, הָאט מֶען אַוֶועק גֶעפִיהְרְט צוּ אַנְטָאנְיוּס'ן וָואס הָאט צוּ לִיעב גֶעטְהוּן הוֹרְדוֹס'ן, אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶעם יוּדִישֶׁען קֶאנִיג פְרִיהר שְׁלָאגֶען אוּנ דֶערְנָאךְ טֶאדְטֶען. אַזַא בִּיטֶערֶען סוֹף הָאט גֶעהַאט דֶער לֶעצְטֶער פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים, וָואס הָאבֶּען אִיבֶּער הוּנְדֶערְט יָאהר גֶעהֶערְשְׁט אִין יְהוּדָה.



# דִי צַייט פוּן הוֹרְדוֹסֶעס מִשְׁפָּחָה.

## עֶרְשְׁטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

### הוֹרְדוֹס דֶער עֶרְשְׁטֶער.

(37—4 פָאר קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 74—107 פַאר'ן חֻרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

שׁוֹין אִיז הוֹרְדוֹס'ן אָנְגֶעקוּמֶען דִי יוּדִישֶׁע מְלוּכָה, אָבֶּער נָאךְ שְׁוֶוערֶער

איז גֶעוֶועהן דִי יוּדֶען אִיבֶּערצוּטְרָאגֶען פוּן אִיהם : שִׂנְאָה אוּנ נְקָמָה – דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי צְוֵויי זַיילֶען אוֹיף וֶועלְכֶע דֶער גְרוֹיסַאמֶער קֶאנִיג הָאט בֶּעפֶעסְטִיגְט זַיין שְׁטוּהל. טוֹיזֶענְדֶער פָארְנֶעהמְסְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען מִיט'ן לֶע־בֶּען בֶּעצָאהלְט נָאר פַאר אַ חְשַׁד, נָאר וֶוען הוֹרְדוֹס'ן הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז מֶען אִיז אִיהם פַאלְשׁ. דִי אַלֶע פִינְף אוּנ פִירְצִיג סַנְהֶדְרִין, וָואס הָאבֶּען אִיהם צוּרִיק מִיט צְוֶועלְף יָאהר גֶעזָאלְט פַארמִשְׁפְּטֶ'ן, הָאט עֶר גֶעהַרְגֶ'ט, אוּנ נָאר שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן וָואס זֶענֶען דִי לֶעצְטֶע צַייט מֶעהר גֶענֵייגְט גֶע־וֶועהן אוֹיף זַיין זַייט, הָאט עֶר גֶעשֶׁאנְקְט דָאס לֶעבֶּען. דָאס פַארמֶעגֶען פוּן דִי גֶעהַרְגֶ'טֶע הָאט הוֹרְדוֹס זִיךְ צוּגֶענוּמֶען, אוּנ מִיט דֶעם רוֹיב הָאט עֶר גֶעהָאדֶעוֶועט אַנְטָאנְיוּס'ן. אִין לַאנְד הָאבֶּען דִי אַיינְוָואהנֶער שְׁטַארְק גֶעקְרֶעכְצְט אוּנְטֶער דֶעם יָאךְ פוּן הוֹרְדוֹס'ן, נָאר זֵיי הָאבֶּען בֶּעסֶער נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ, וִוי מֶען זָאגְט, גֶעקְווִיקְט מִיט חֲלָשׁוֹת: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶע־טְרֶאסְט הָאטְשֶׁע דֶערְמִיט, וָואס דִי אַלֶע צָרוֹת טְרָאגֶען זֵיי אִיבֶּער פוּן אַ אֵיי־גֶענֶעם, אוּנ נִיט פוּן קַיין פְרֶעמְדֶען. דֶערְפַאר פְלֶעגְט הוֹרְדוֹס זִיךְ גָאר וֶועניג מַאכֶען פוּן אֵיינֶענֶע, אוּנ אוֹיף אַלֶע בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט יוּדֶען פוּן אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. פַאר כֹּהֵן גָדוֹל הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ יוּדֶען פוּן מִצְרַיִם חֲנַנְאֵל; נָאר דֶעם עוֹלָם הָאט עֶר פִירְגֶעזָאגְט, אַז דֶער נַייעֶר כֹּהֵן אִיז פוּן בָּבֶל פוּן אַ גְרוֹיסֶע מִשְׁפָּחָה, וַוייל דִי יוּדֶען פוּן בָּבֶל זֶענֶען זֶעהר בֶּעלִיעבְּט גֶעוֶועהן אִין פָאלְק פַאר זֵייעֶר פְרוּמְקַייט, אוּנ דֶערְפַאר וָואס זֵיי הָאבֶּען זִיךְ קַיין מָאהל נִיט מְשַׁדֵּךְ גֶעוֶועהן מִיט פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער. זַיין אֵיי־גֶענֶעם יִחוּס הָאט עֶר פַארְדְרֶעהט, אוּנ הָאטְשֶׁע אַלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז עֶר שְׁטַאמְט אַרוֹיס פוּן דִי אֲדוֹמִים, הָאט עֶר גֶעדְרִינְגֶען, אַז זַיין מִשְׁפָּחָה אִיז אֵיינֶע פוּן דִי אֶלְטְסְטֶע אִין יְהוּדָה. אַז שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן זֶענֶען גֶע־שְׁטָארְבֶּען, הָאט עֶר אוֹיף זֵייעֶר פְּלַאץ בֶּעצוֹיגֶען צְוֵויי לוֹמְדִים פוּן בָּבֶל פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה „בְּנֵי בְּתֵירָא".

פַאר צְוֵויי מֶענְשֶׁען הָאט זִיךְ אָבֶּער הוֹרְדוֹס אַ בִּיסֶעל גֶעשְׁרָאקֶען: דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דֶער אַלְטֶער הוֹרְקָנוֹס אוּנ זַיין אֵנִיקֶעל אַרִיסְטוֹבּוּל. עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז אֵיינֶער הָאט נָאךְ נִיט פַארְגֶעסֶען וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועהן, אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער ווִייל עֶרְשְׁט וֶוערֶען דָאס וָואס יֶענֶער. הוֹרְקָנוֹס אִיז אֲפִילוּ גֶעוֶועהן גֶעפַאנְגֶען אִין פַּארְטְהִיֶען, אוּנ דֶערְצוּ הָאט שׁוֹין בַּיי אִיהם דֶער מוּם צוּגֶענוּמֶען דָאס רֶעכְט צוּ וֶוערֶען כֹּהֵן גָדוֹל; נָאר דִי לֶעצְטֶע צַייט הָאט מֶען אִיהם בֶּעפְרַייעט, אוּנ דִי יוּדֶען פוּן בָּבֶל הָאבֶּען אִיהם בַּיי זִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען

מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד. אַוַדַאי הָאט עֶר זִיךְ שְׁטַארְק בֶּעאוּנְרוּהִיגְט טָאמֶער וֶועלֶען די יוּדֶען פוּן בָּבֶל אִיבֶּערקוּיפֶען פַארְטְהַיֶען אוּנ מֶען וֶועט הוּרְקָנוּסֶ'ן וַוייטֶער גַאבֶּען פַאר מֶלֶךְ. דַארִיבֶּער הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען נֶעהמֶען הוּרְקָנוּס'ן צוּ זִיךְ וַוייל עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז פוּן דֶערְוַוייטֶענְס אִיז עֶר פַאר אִיהם אַ סַךְ גֶעפֶאהְרְלִיכֶער וִוי פוּן דֶער נָאהֶענְט. דוּרְךְ זַיין גוּטֶען פְרַיינְד סַרְמַלַה הָאט עֶר גֶעלָאזְט הוּרְקָנוּס'ן צוּזָאגֶען גָאלְדֶענֶע בֶּערְג אוּנ הָאטְשֶׁע אִין אַנְטְ־יוּכְיֶען אִיז מֶען נִיט גֶעוֶועהן צוּפְרִידֶען דֶערְפוּן, הָאט זִיךְ הוּרְקָנוּס'ן פָּארְט גֶע־גְלוּסְט צוּרִיקצוּפָאהרֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, וואוּ הוֹרְדוּס הָאט אִיהם אוּמִיסְטֶען בֶּע־וִויזֶען גְרוֹיס פְרַיינְדְשַׁאפְט. אוּנ הָאט אַזוֹי דֶעם אַלְטֶען פוֹיגֶעל פֶערְנַארְט אִין אַ גָאלְדֶען שְׁטַיינֶעל. אַז עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוָוארֶענְט מִיט'ן זֵיידֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם עֶנִיקֶעל. דָא אִיז אִיהם שׁוֹין אַ בִּיסֶעל שְׁוֶוערֶער אָנְגֶעקוּמֶען. עֶר הָאט גֶעמֵיינְט, אַז וֶוען עֶר וֶועט בַּיי אַרִיסְתּוֹבּוּל'ן צוּנֶעהמֶען די כְּהוּנָה, וֶועט עֶר אִין גַאנְצֶען אַרָאבְּפַאלֶען בַּיי זִיךְ, נָאר עֶר הָאט אַ טָעוּת גֶעהַאט. אַרִיסְתּוֹבּוּלס מוּטֶער אַלֶכְּסַנְדְרַא, הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אֵיין עֵסֶק: זִי הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁמֵייכֶעלְט בַּיי אַנְטָאנִיוּס'ן, אוּנ הָאט אִיהם גֶעוִויזֶען די בִּילְדֶער פוּן אִיהרֶע שֶׁענֶע קִינְדֶער, אוּנ אַנְטָאנִיוּס הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וִויל זֶעהן דֶעם יוּנְגֶען מַאן. דָאס הָאט הוֹרְדוּס'ן נָאר נִיט גֶעשְׁמֶעקְט, עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז קַיין טוֹבָה וֶועט אִיהם גֶעוִויס נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען דֶערְפוּן, וָואס אַרִיסְתּוֹבּוּל וֶועט זִיךְ דְרֶעהֶען אִין רֶאמִישֶׁען הוֹיף. דַארִיבֶּער אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל עֶם נִיט דֶערְלָאזֶען, אוּנ פְּלִיצוּם הָאט עֶר אַרִיסְתּוֹבּוּל'ן בֶּעשְׁטִימְט פַאר כֹּהֵן גְדוֹל אוֹיף חֲנַנְאֵל'ס אָרְט. בַּאלְד הָאט אָבֶּער הוֹרְדוּס זִיךְ אִיבֶּערצֵיינְט, אַז דָאס אִיז אוֹיךְ קַיין גְרוֹיס בֶּעוָוארֶענִי'שׁ נִיט: אַלֶכְּסַנְדְרַא הָאט זִיךְ אַלְץ אַרוּמ־גֶעטְרָאגֶען מִיט'ן גֶעדַאנְק, אַז די מְלוּכָה מוּז אִיבֶּערגֶעהן צוּ אִיהר זוּהְן. אַרִיסְתּוֹבּוּל אַלֵיין אִיז מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר בֶּעלִיעבְּט גֶעוָוארֶען אִין פָּאלְק אוּנ דֶערְצוּ הָאט אִיהם נָאךְ צוּגֶעזָאגְט אִיהר שׁוּטְץ די שְׁטַארְקֶע קֶאנִיגִין פוּן מִצְרַיִם, קְלֶעאָפַּאטְרַא. הוֹרְדוּס הָאט גֶעגֶעבְּן אַ קוּק אַז דָאס אִיז קַיין תַּכְלִית נִיט, הָאט עֶר אַרִיסְתּוֹבּוּל'ן אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קַיין יְרִיחוֹ אוּנ דָארְט הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע דִיענֶער בַּיי'ם בָּאדֶען דֶערטְרֶענְקֶען. אַזוֹי הָאט הוֹרְדוּס גֶעעֶנְקְט מִיט'ן זִיבֶּעצֶענְיָאהְרִיגֶען אַרִיסְתּוֹבּוּל, מִיט'ן לֶעצְטֶען צְווַייגֶעלֶע פוּן דֶעם חַשְׁמוֹנָאִישֶׁען בּוֹים. חֲנַנְאֵל אִיז וַוייטֶער גֶעוָוארֶען כֹּהֵן גָדוֹל, הוֹרְדוּס הָאט קְלָאמֶערְשְׁט בֶּע־וויינְט דֶעם אוּמְצַייטִיגֶען טוֹיט פוּן זַיין יוּנְגֶען שְׁוָואגֶער, נָאר דָאס פָּאלְק הָאט גוּט גֶעוואוּסְט וֶוער דֶער רוֹצֵחַ אִיז.

מֶעהר פוּן אַלֶע הָאט אַלֶכְּסַנְדְרַא גֶעוואוּסְט, זִי אִיהר אֵיידַאם הָאט דֶער־הַרְגֶ'ט אִיהר זוּהְן; זִי הָאט זִיךְ פַאר אַזַא רְצִיחָה גֶעקְלָאגְט פַאר דֶער קָאנִיגִי'ן קְלֶעאָפַּאטְרַא, אוּנ יֶענֶע הָאט דָאס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַנְטָאנְיוּס'ן וָואס הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶערוּפֶען הוֹרְדוֹס'ן צוּ זִיךְ קַיין לַאאָדִיצֶעאַ עֶר זָאל זִיךְ פַאר־עֶנְטְפֶערן. מִיט צִיטֶערְנִישׁ אוּנ שְׁרֶעק אִיז הוֹרְדוֹס אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען. נָאר מִיט פַאלְשֶׁע רֶעד אוּנ אֶמֶת'ע מַתָּנוֹת הָאט עֶר אַנְטָאנְיוּס'ן פַארְרֶעדְט דִי צֵיין, נָאר דִי גַאנְצֶע שֶׁאנֶע גֶעגֶענְד פוּן יְרִיחוֹ הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַוֶועקְגֶעבֶּען קְלֶעאָ־פַּאטְרַאן, אוּנ אַ חוּץ דֶעם בַּיי אִיהְר נָאךְ דִינְגֶען דִי עֶרְד אוּנ אִיהר צָאהלֶען אַ מָנֶה יָפֶה. פַאר זַיין אַוֶועקְפָאהרֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז צוּרִיק־קוּמֶען וֶועט עֶר מֶעהר נִיט, הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם מַאן פוּן זַיין שְׁוֶועסְטֶער סַלָמֶה, אַז וִוי בַּאלְד עֶס וֶועט אָנְקוּמֶען דִי יְדִיעָה פוּן זַיין טוֹיט, זָאל עֶר טֵייטְטֶען מִרְיָם מִיט אִיהר מוּטֶער אַלֶכְּסַנְדְרַא, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אִין אִיהם קַיין נְקָמָה נִיט דֶערְלֶעבֶּען. אַז עֶס אִיז אִיהם אָבֶּער גֶערָאטְהֶען צוּ פַארְדְרֶעהֶען אַנְטָאנְיוּס'ן דֶעם קָאפּ אוּנ זִיךְ אוֹיסְקוֹיפֶען מִיט גֶעלְד, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אַלֶכְּסַנְדְרַא הַאלְטֶען אִין תְּפִיסָה אוּנ הָאט דָאס אֵייגֶענֶע גֶעוָואלְט טְהוּן מִיט מִרְיָם'ן, נָאר עֶר הָאט זִי צוּ פִיעל לִיעבּ גֶעהַאט.

מֶען קָאן זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען, אַז בַּיי אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂים הָאט עֶר קַיין רוּה נִיט גֶעקֶאנְט הָאבֶּען בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים; נָאר פוּן דְרוֹיסֶען הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעהַאט פּוּנְקְט דִי אֵייגֶענֶע רוּה וָואס אִין שְׁטוּב. קוּים אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זֶעקְס יָאהר זַייט עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה, הָאט פוּן אֵיין זַייט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְקוּטְשֶׁען אַ שְׁוֶועסְטֶער פוּן אַנְטִיגוֹנוּס וָואס הָאט צוּגֶענוּמֶען פִיעל חַיִל אוּנ אִיז אַרַיין אִין דֶער פֶעסְטוּנְג הוּרְקַנְיָאן. אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט אִיהם קְלֶעאָפַּאטְרַא גֶעצְווּנְגֶען עֶר זָאל הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט'ן מֶלֶךְ פוּן נְבָט דֶערְפַאר, וָואס עֶר הָאט אִיהר נִיט גֶעוָואלְט צָאהלֶען קַיין מַס. בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מְרִידָה אִין רוֹם אַלֵיין, עֶס אִיז אַרוֹיס אַ קְרִיג צְווִישֶׁען אָקְטַאוִויַאן אוּנ אַנְטָאנְיוּס אוּנ אִין דֶער מִלְחָמָה בַּיי אַקְצִיוּם אִיז אַנְטָאנְיוּס גֶעפַאלֶען. הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזֶעהְן, אַז דָאס גְלִיק הָאט זִיךְ פוּן אִיהם אָבְּגֶעקֶעהְרְט אַז בַּיי אָקְטַאוִויַאן וֶועט עֶר שׁוֹין דָאס נִיט קֶאנֶען אוֹיס־פִיהרֶען וָואס בַּיי אַנְטָאנְיוּס'ן, אוּנ מִיט אַ שְׁוֶוער הַארְץ הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט פָאהרֶען צוּם נַייעֶם הֶערְשֶׁער אִין רוֹם. נָאר פַאר'ן פָאהרֶען הָאט עֶר אוֹיס־גֶעטְרַאכְט, אַז דֶער אַכְצִיגְיֶאהרִיגֶער הוּרְקָנוּס הָאט בְּסֵתֶר גֶעהַאט גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט זַיין שׂוֹנֵא, דֶעם מֶלֶךְ פוּן נְבָט אוּנ הָאט אִיהם אוּמְגֶעבְּרַאכְט. אוּנ מִרְיָם'ן

מִיט דֶער מוּטֶער הָאט עֶר פֶערשְׁלָאפֶּען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג אַלֶכְּסַנְדְרִיַאן אונ הָאט אָנְגֶעזָאגְט מֶען זָאל זֵיי הַרְגְנֶ'ען, וֶוען מֶען וֶועט גֶעוָואהר וֶוערֶען פוּן זַיין טוֹיט, וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעמֶיינְט אוֹיף אִיהם רֶעכְטֶען בַּיי דֶער נְסִיעָה קַיין רוֹם. אוֹיסֶער דֶעם הָאט הוֹרְדוֹס גֶעוָואלְט מַאכֶען אַ עֶנְדֶערוּנְג צְוִוישֶׁען דִי פָּאר־טֵייעֶר פוּנ'ם פָאלְק אונ דַאריבֶּער אִיז אַזוֹי אוֹיפְגֶעקוּמֶען, אַז אֵיינֶער פוּן דִי יוּדֶען וָואס זֶענֶען מִיט הוֹרְקָנוֹס'ן גֶעקוּמֶען פוּן בָּבֶל, דֶער אוּנְבֶּעקַאנְטֶע הִלֵּל. אִיז גֶעוָוארֶען דֶער רֹאשׁ פוּן דִי סַנְהֶדְרִין.

הִלֵּל אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער שֶׁאנְסְטֶער יוּדִישֶׁער פַאמִילְיֶע אונ הָאט זַיין יִחוּס גֶערֶעכֶענְט, פוּן דֶער מוּטֶערְס זַייט, בִּיז דָוִד הַמֶּלֶךְ. פוּן זַיין יוּגֶענְד ווייסְט מֶען זֶעהר וֶועניג. עֶס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין פָאלְק אַ סַךְ מַעֲשׂוֹת, אונ מֶען דֶערְצֶעהלְט, אַז עֶר אִיז קַיין יְרוּשָׁלַיִם אַרָאבְּגֶעקוּמֶען אַיין אָרִים יוּנְגֶעל אונ הָאט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט הָאלְץ־הַאקֶען. וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט זַיין רַייכֶער בְּרוּדֶער שֶׁבְנָא זָאל אִיהם הֶעלְפֶען. זַיין חֵשֶׁק צוּם לֶערְנֶען אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס, אַז וֶוען עֶר פְלֶעגְט דֶעם גַאנְצֶען טָאג אַרְבֵּייטֶען מִיט'ן בִּיטֶערְן שְׁווייס, הָאט עֶר בַּיי נַאכְט נִיט גֶעוָואלְט רוּהֶען אונ פְלֶעגְט שְׁטֶעהן בַּיי דֶער יְשִׁיבָה פוּן שְׁמַעְיָה אונ אַבְטַלְיוֹן אונ זִיךְ צוּהֶערֶען צוּם לֶערְנֶען. נִיט אֵיין מָאל פְלֶעגְט עֶר אַוֶועקְגֶעבֶּען דִי לֶעצְטֶע פְּרוּטָה דִי מְשָׁרְתִים פוּן דֶער יְשִׁיבָה מֶען זָאל אִיהם צוּלָאזֶען אַ בִּיסֶעל נֶאהֶענְטֶער; נָאר אַ מָאל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אִין אַ ווינְטֶער־נַאכְט, וֶוען עֶר הָאט קַיין גֶעלְד נִיט גֶעהַאט, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַרוֹיפְצוּקְרִיכֶען אוֹיף דֶער וַואנְד אונ פוּן דָארְט חַאפֶּען תּוֹרָה. דִי שְׁטַארְקֶע קֶעלְט אונ דֶער גְרוֹיסֶער שְׁנֶעע הָאבֶּען אִיהם אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דִי לֶעצְטֶע כּחוֹת, אונ עֶר אִיז אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אִין חַלָּשׁוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד. אַזוֹי הָאט מֶען אִיהם גֶעפוּנֶען דֶעם אַנְדֶערֶען אִין דֶער פְרִיה. מֶען אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וֶוער עֶר אִיז. עֶר אִיז בַּאלְד אִין דֶער יְשִׁיבָה גֶעוָוארֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער, אונ נָאר גִיךְ הָאבֶּען דִי יוּדֶען בֶּעקוּ־מֶען דֶעם גְרוֹיסֶען הִלֵּל. נוֹיט אונ דַחְקוּת הָאבֶּען דַוְקָא נִיט הַארְט גֶעמַאכְט זַיין הַארְץ, אונ הָאבֶּען דַוְקָא גֶעלַייטֶערְט זַיין נְשָׁמָה אונ אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אִין אִיהם אַזוֹינֶע מַעֲלוֹת, וָואס מֶען קֶען זֶעהר זֶעלְטֶען זֶעהן בַּיי אַ בָּשָׂר וָדָם. לִיעבּ הָאבֶּען שָׁלוֹם, זִיךְ נִיט נָאכְיָאגֶען נָאךְ כָּבוֹד, שְׁטֶענְדִיג אוֹיף יֶעדֶעם מְלַמֵּד זְכוּת זַיין, זַיין בַּיי זִיךְ אַ עָנָיו.—דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי ווילִיגֶע מִדּוֹת, מִיט וֶועלְכֶע הִלֵּל הָאט זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אונ הָאט אוֹיךְ אַנְדֶערֶע גֶעלֶערְנְט. זַיין גַאנְצֶער לִמּוּד אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם, אַז אַ מֶענְשׁ טָאר נִיט מְחוּן

דעם אַנדערן דאס וואס ער וויל ניט מען זאל איהם טוהן. אז שמעיה און אבטליון זענען געשטארבען, און הורדוס האט צראָבגעבראכט אַנדערע פאר־שטעהער אויף זייער אָרט פון בבל פלעגט הלל איבערגעבען די תלמידים פון דער ישיבה אלדינג וואס ער האט איבערגענומען פון זיינע רביים, און אז מען האט בעדארפט וויסען א רעכטען דין האט מען זיך נאר צו איהם געווענדט. איין מאהל האט זיך געמאכט א גרויסע שאלה, וועגען דעם וואס פסח איז געפאלען א״ם שבת. און מען האט ניט געוואוסט ווי אַזוי מען זאל זיך נוהג זיין מיט׳ן קרבן פסח. מען האט געפרעגט הלל׳ן און ער האט בעוויזען, אז פסח איז דוחה שבת. זיין תשובה איז שטארק געפאלען און דאס פאלק האט איהם געמאכט פאר פארשטעהער. הורדוס איז דער־מיט געווען צופרידען, ווייל ער האט שוין געהערט פון הלל׳ס גוטען און רוהיגען כאראקטער, און דערצו איז איהם דער קאפ נאר געווען פאר־שלאגען מיט דער נסיעה צו אקטאוויאן.

הלל׳ס גאנג איז געווען צו זיין א מקיל. און אין דעם דרך האבען זיך געהאלטען שפעטער אלע זיינע תלמידים וואס זענען אין דער גמרא בעקענט מיט׳ן נאהמען „בית הלל״. ער האט זיך בעמיהט אויסצוגלייכען די דינים פון דער תורה מיט די פארדערונגען פון׳ם לעבען. כדי דעם פאלק זאל ניט שווער זיין אבצוהיטען די אמונה; ער האט געזוכט א מיטעל־וועג צווישען די צדוקים און פרושים און האט געוויזען, אז מען קאן פון איין זייט ניט אבטרעטען אפילו קיין האר ניט פונ׳ם געזעץ, און פון דער אנדערער זייט מאג מען פארשען און קלערן איבער דעם אמת׳ן זין, וואס ליגט בעהאלטען אין יעדען אות פון דער תורה. אז ער האט געזעהן אז פאר די יודען, וואס האבען זיך שוין לאנג אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט מסחר און קרעדיט, איז שווער זיי זאלען זיך אבזאגען פון די חובות אים יאהר פון שמיטה, ווייל דאס האט מען נאר געקאנט אויספיהרען דעמעלט, ווען דאס יודישע פאלק האט זיך נאר אבגעגעבען מיט ערדארבייט האט ער אויפגעטהון מען זאל מעגען איבערגעבען פריהר דעם בית דין אלע וועקסעל און דער בית דין אליין זאל שוין איינמאנען דאס געלד. און אזא איבערגעבען האט גע־הייסען אויף גריכיש „פרוזבול״. אזוי איז אויסגעקומען גלאט פון ביידע זייטען: אי דער האנדעל איז ניט געשטערט געווארען און מען האט געמעגט בארגען געלד, און ניט מורא האבען פאר שמיטה; אי דער דין איז געבליבען פעסט.

הִלֵל האָט צוּ זִיךְ גֶעהַאט נאָךְ אַיין פֶארְשְׁטֶעהֶער, מְנַחֵם פוּן דִי אִסִיִים. דאָס הוֹרְדוּס האָט פוּן אִיהם גֶעהַאלְטֶען, ווייל ווען ער אִיז נאָךְ אַ קְלֵיין קִינְד גֶעוועזען האָט אִיהם מְנַחֵם נְבִיאוּת גֶעזאָגְט, אַז ער וועט זַיין אַ מֶלֶךְ. מְנַחֵם האָט אָבֶּער נִיט גֶעטוֹיגְט צוּ זַיין אַ מַנְהִיג פוּן אַ פאָלְק: ער אִיז גֶעוואוּהנְט גֶעוועזען צוּ לֶעבֶּען אָפּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן מֶענְשֶׁען אוּנ שְׁטֶענְדִיג שְׁווייגֶען. אַז דֶער קֶענִיג האָט גֶעוואָלְט פוּן אִיהם גֶעוואוּהר ווערֶען צִי ער וועט האָבֶּען אֲרִיכוּת יָמִים אוּנ האָט אִיהם גֶעפְרֶעגְט צוּ וועט ער נאָךְ לֶעבֶּען צֶעהְן צוואַנְצִיג, אָדֶער דְרֵייסִיג יאָהר — האָט מְנַחֵם גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ נאָר גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קאָפּ אוּנ הוֹרְדוּס האָט דֶערְפוּן גֶעדְרִינְגֶען, אַז ער וועט לֶעבֶּען מֶעהר פוּן דְרֵייסִיג יאָהר. מְנַחֵם האָט נִיט לַאנְג גֶעדִינֶערְט אוּנ אוֹיף זַיין פְּלַאץ אִיז אַרוֹיף שַׁמַאי, וואָס אִיז שוֹין גֶעוועזען דֶער הֵיפֶךְ פוּן הִלֵל: ער האָט לִיעבּ גֶעהַאט מֶעהר מַחְמִיר צוּ זַיין, ער פְלֶעגְט שוֹין נִיט זַיין אַזוֹי צוּגֶעלָאזְט צוּ מֶענְשֶׁען אוּנ האָט אוֹיךְ גֶעהַאט זֶעהר פִיעל תַּלְמִידִים. וואָס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען נאָךְ זַיין סְטְרוֹיה, אוּנ דִי גְמָרָא רוּפְט זֵיי בֵּית שַׁמַאי.

אַז הוֹרְדוּס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אָקְטַאווִיאַן, דֶעם עֶרְשְׁטֶען קֵייזֶער פוּן רוֹם. האָט ער דאָס גַאנְצֶע גַדְלוּת אַוועקְגֶעלֶעגְט אִין אַ זַייט, זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרֵייעֶן, גֶעמַאכְט אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים, אוּנ גֶעבֶּעטֶען מֶען זאָל אִיהם מוֹחֵל זַיין וואָס ער אִיז פְרִיהֶער גֶעוועזען אַזאַ גוּטֶער פְרַיינְד אַנְטָאנְיוּס'ן. אָקְטַאווִיאַן האָט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטֶען, ווייל ער האָט אַרוֹיסְגֶעזֶעהן אַז צוּ הוֹרְדוּס'ן וועט ער נִיט דֶערְלֶעגֶען. בַּאלְד האָט טַאקִי הוֹרְדוּס גֶעהַאט דִי מֶעגְלִיכְקֵייט אִיהם צוּ בֶּעווייזֶען זַיין גֶעטְרֵיישַׁאפְט: אַז ער אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף מִצְרַיִם אִיז אִיהם הוֹרְדוּס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַקֶעגֶען בִּיז עַכּוֹ. אוּנ האָט פֶערְזאָרְגְט זַיין חַיִל מִיט וואַסֶער אוּנ וויין. דאָ האָט אוֹיךְ הוֹרְדוּס דֶערְלֶעבְּט אַ נְקָמָה אִין דֶער קֶענִיגִין קְלֶעאָפַּאטְרַא. וואָס האָט זִיךְ דאָס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען פוּנְקְט ווִי אִיהר גֶעלִיעבְּטֶער אַנְטָאנְיוּס. פַאר דִי יוּדֶען אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיָען אִיז דאָס דַוְקָא גֶעוועזען גוּט, ווייל קְלֶעאָפַּאטְרַא האָט זֵיי אִין דִי לֶעצְטֶע יאָהרֶען זֶעהר שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט. אוּנ אַקְטַאווִיאַן האָט זֵיי בַּאלְד גֶעשֶׁענְקְט אַלֶע רֶעכְטֶע אוּנ האָט זֵיי אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען אַזאַ צוּטְרוֹיעֶן אַז אֵיינֶעם פוּן זֵיי, נִיקַאנַאר, האָט ער גֶעמַאכְט פַאר'ן פֶארְשְׁטֶעהֶער פוּנ'ם גַאנְצֶען לַאנְד. אוֹיךְ דִי יוּדֶען פוּן רוֹם האָט אַקְטַאווִיאַן אָפְּגֶעשִׁיט מִיט זַיינֶע חֲסָדִים. ער האָט זֵיי עֶרְלוֹיבְּט צוּ בּוֹיעֶן שׁוּלֶען אוּנ אַוועקְשִׁיקֶען נְדָבוֹת קֵיין יְרוּשָׁלַיִם פַאר'ן בֵּית הַמִקְדָשׁ. הוֹרְדוּס'ן האָט ער צוּרִיק אָפְּגֶעגֶעבֶּען אַלֶע שְׁטֶעדְט בַּיים יָם, אוּנ דִי גַאנְצֶע גֶעגֶענְד יְרִיחוֹ.

וואס מען האט ביי איהם פריהר צוגענומען, אונ אחוץ דעם זענען די
שטאדט שמרון, נברת אונ היפאס, פון יענער זייט ירדן, אויך איבער-
געגאנגען צו יהודה.

הורדוס האט זיך אליין ניט גערעכט, אז פליצים זאל ער נאך דער-
גרייכען א העכערע מדרגה, אונ איז פול מיט פרייד אונ גליק צוריקגעקומען
קיין ירושלים. ביי זיך אין פאלאץ האט ער אבער ניט געפונען די רוהע אונ
פאמיליענליעבע, וואס דארפען פערזיסען דעם מענשענ'ס לעבען. ער האט גע-
רעכענט, אז דאס הארץ פון מרים'ן, וואס איז איהם געווען פריהר אזוי
פרעמד, וועט פארט מיט דער צייט ווייכער ווערען, אונ דער גלאנץ פון זיין
כבוד וועט צושמעלצען דאס אייז פון איהר שנאה; זי איז אבער געווארען צו
איהם נאך קאלטער, אונ האט איהם בעגעגענט מיט האס אונ פיינדשאפט;
ווייל זי האט געוואוסט, אז ער האט זי געהייסען האלטען געפאנגען אונ
טויטען. הורדוס האט עס מעהר ניט געקאנט איבערטראגען. די רציחה האט
זיך אין איהם צוברענט. אונ דא האט איהם נאך זיין שוועסטער סלמה
אונטערגעהיצט. ער האט באלד צונויפגערופען א בית דין פון אייגענע בעלי
ישר, מן הכתם, ווי ער אליין איז געווען. מען האט זי בעשולדיגט, אז זי
האט געוואלט פערגיפטען דעם קעניג, אונ זי איז פארמשפט געווארען צום
טויט. די שאנע יונגע קעניגין האט זיך ניט דערשראקען פאר אזא משפט;
רוהיג האט זי איהם אויסגעהערט אונ רוהיג איבערגעשטאנען, אונ ווי א אמת
ענקעל פון די חשמונאים האט זי זיך געזעגענט מיט איהר קורץ אונגליקליך
לעבען.

מרים'ס אומצייטיגער טויט האט אבער הורדוס'ן ניט בערוהיגט. זיין
מרה שחורה האט זיך נאך פארגרעסערט, אונ באלד האט ער געהייסען
טויטען די סנהדרין, וואס האבען פערמשפט די אונגליקליכע קעניגין. מרים'ס
מוטער, אלכסנדרא, האט זיך געוואלט אפילו בענוצען מיט דעם וואס הורדוס
האט זיך געפיהלט אזוי שוואך אונ האט געוואלט זיך אריינכאפען קיין ירושלים;
נאר די נאהענטע געפאהר האט איהם ווייטער געגעבען כח אונ אלכסנדרא
האט אויך געמוזט מיט'ן לעבען בעצאהלען. דעמאלט האט ער אויך געהייסען
דערהרגענען איהרע ווייטע קרובים די גאנצע משפחה בני בבא, אונ אזוי
איז אבגעמעקט געווארען דער לעצטער זכר פון די חשמונאים.

אזוי זענען אבגעלאפען די ערשטע צוועלף יאהר פון הורדוס'ס פיער
אונ דרייסיגיאהריגער מלוכה. מען קאן פארשטעהן, אז קיין גרוים ליגרשאפט

האט ער זיך ביים פאלק ניט ערווארבען, בעזאנדערס נאך דעם וואס ער האט אנגעהויבען בויען פיעל בנינים נאר די ראמער צו ליעב, אונ האט איינגעפיהרט אסך ראמישע מנהגים אונ תענוגים, ווי פערשיעדענע שפיעלען אונ שלאגען זיך מיט ווילדע חיות. זיין גאנץ פיהרען איז גאר געוועהן, אז פרעמדע פעלקער זאלען פון איהם צופריעדען זיין. אז אויגוסטוס איז געווארען קאיזער פון רום האט ער זיך גענומען בויען די שאנסטע הייזער אונ פאלאצען אין דער שטאדט שומרון, וואס איז געוועהן אזוי פערהאסט ביי די יודען, אונ האט זי א נאמען געגעבען נאך דעם נייעם הערשער, „סעבאסטע", אונ האט זי נאך געוואלט מאכען פאר א הויפטשטאדט. דאס איינענע האט ער נאך פריהר געטהון מיט דער פעסטונג בירה, וואס ער האט געהייסען רופען, אנטאניא, נאך דעם נאהמען פון זיין אלטען פריינד אנטאניוס. ביים ים האט ער אויסגעבויעט די שאנסטע שטאדט צעזארעא (קסריא) אונ האט דארט אויסגעבויעט א ראמישען טעמפעל אונ געשטעלט דאס בילד פון אויגוסטוס. דאס פאלק האט זיך ניט אומזיסט אנגעהויבען שרעקען טאמיר פיהרט הורדוס איין עבודה זרה, אונ עס האבען זיך געפונען צעהן פרומע יודען וואס האבען געוואלט הורדוס'ן הרגענ'ן; נאר ער האט זיך פריהר דערוואוסט אונ איז ניצול געווארען. אז דאס פאלק איז אבער געוואהר געווארען ווער עס האט אויס־געגעבען. האבען זיי דעם מסר צוריסען אויף שטיקער.

זיך אליין האט הורדוס געשטעלט א מצבה ביים לעבען ניט ווייט פון ירושלים אויף א בארגעל. דארט האט ער אויך אויסגעבויעט פאר זיך א פאלאץ פון מארמארשטיינער, וואס האט אבגעקאסט גאנצע אוצרות אונ האט טאקע געטראגען זיין נאהמען „הורדיום". אודאי האט ער בעדארפט האבען פיעל געלד, ווייל אויסער זיינע אייגענע הוצאות פלעגט ער נאך שיקען גרויסע סומע'ן אין דער פרעמד, כדי מען זאל איהם לויבען, אונ דאס פאלק האט זיך געמוזט מעלקען. די יודען זענען אבער נאר געוועהן ביי איהם דארויף, ער זאל קאנען רייסען פון טויט־אונ פון לעבעדיגע. ווייטער האט ער מיט זיי ניט געוואלט זיין קיין נאהענטער מחותן אונ האט זיך ארומגע־רינגעלט גראסטענטהיילס מיט גריכען, ווי דער געשיכטשרייבער ניקאלויס פון דמשק אונ זיין ברודער פטאלאמעאוס, וואס זענען געוועהן ביי הורדוס'ן די בעסטע יועצים. אפילו די ערציהונג פון מרים'ס קינדער האט ער איבער־געגעבען א גריכע, אנדראמאכוס אונ א ראמער, געמעללוס.

זעהר זעלטען פלעגט הורדוס טהון גוטס אויך, אין דער צייט פון

הוּנְגֶער אוּנ מַגֵפָה הָאט עֶר צוּטְהֵיילְט אַ סַךְ גֶעלְד. נָאר בַּיי'ם פָֿאלְק הָאט זִיךְ עֶס נִיט אָנְגֶעזֶעהן. נָאךְ חֲנַנְאֵל'ס טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען כֹּהֵן יְהוֹשֻׁעַ פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פַּאבִי; נָאר וַוייל הוֹרְדוּס'ן אִיז גֶעפֶאלֶען מִרְיָם, דִי שֶׁאנְע טָאכְטֶער פוּן אַ אוּנבֶּעקַאנְטֶען כֹּהֵן, הָאט עֶר אִיהר פָאטֶער שִׁמְעוֹן גֶעמַאכְט פַאר כֹּהֵן גָּדוֹל. כְּדֵי עֶס זָאל אִיהם אָנְשְׁטֶעהן חֲתוּנָה צוּ הָאבֶען מִיט זַיין גֶעלִיעבְּטֶער. אַז הוֹרְדוּס הָאט אָבֶּער גֶעזֶעהן אַז אַלֶע זֶענֶען אִיהם שׂוֹנְאִים הָאט עֶר אַרוֹיסגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל, אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל שְׁוֶוערֶען אַז עֶס וֶועט אִיהם זַיין גֶעטְרַיי. דָא הָאבֶּען זִיךְ עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נַייעֶ הֲרִיגוֹת וַוייל נִיט יֶעדֶער הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ פֶערבִּינְדֶען מִיט אַ שְׁבוּעָה. עֶס הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען בְּלוּט גֶענוּג אִין יְהוּדָה אוּנ נָאר הִלֵּל הָאט פִיעל יוּדֶען מַצִיל גֶעוֶועהן פוּנ'ם טוֹיט. הוֹרְדוּס הָאט אָבֶּער פָארְט גֶעזוּכְט עֶפִּיס אַ זַאךְ מִיט וָואס עֶר זָאל זִיךְ בֶּעלִיעבְּט מַאכֶען זַיין פָאלְק, אוּנ עֶר הָאט פַארקְלֵיינֶערְט אוֹיף אַ דְרִיטֶעל דֶעם מַס וָואס מֶען פְלֶעגְט צָאהלֶען. אוֹיסֶער דֶעם אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְלִיבֶּען: עֶר זָאל צוּרֶעכְט מַאכֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ וָואס אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען פִינְף הוּנְדֶערְט יָאהר אוּנ אִיז גֶעוֶועהן צוּ קְלֵיין. צוּם אָנְהֵייבּ הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען זֶעהר דֶערשְׁרָאקֶען, וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעמֵיינְט, אַז הוֹרְדוּס וִויל אִין גַאנְצֶען צוּשְׁטֶערֶען דָאס הֵיילִיגְטְהוּם. אוּנ קֵיין נַייעֶם מִשְׁכָּן נִיט אוֹיסבּוֹיעֶן. נָאר אַז הוֹרְדוּס הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין וָוארְט, אַז עֶר וֶועט נִיט אָנְרִירֶען דֶעם אַלְטֶען בִּיז דֶער גַאנְצֶער מַאטֶערְיַאל צוּם נַייעֶם בֵּית הַמִקְדָּשׁ וֶועט נִיט זַיין פֶערְטִיג, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ בֶּערוּהִיגְט. בַּאלְד הָאט מֶען טַאקֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהרֶען הָאלְץ אוּנ שְׁטֵיינֶער אוּנ צֶעהן טוֹיזֶענְד אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁמַאק גֶענוּמֶען צוּם בִּנְיָן. אִין אָנְדֶערְהַאלְבֶּען יָאהר אִיז דֶער אִינְוֶוענִיגְסְטֶער מִשְׁכָּן פֶערְטִיג גֶעוָוארֶען, אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעבּוֹיעֶט גַאנְצֶע אַכְט יָאהר. דֶער נַייעֶר מִשְׁכָּן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן פֶערְבּוּנְדֶען מִיט דֶער פֶעסְטוּנְג בִּירָה, אָדֶער אַנְטָאנְיַא, מִיט אַ גַאנְג אוּנְטֶער דֶער עֶרְד הָאט אַ סַךְ אִיבֶּערְטְרָאפֶען דֶעם אַלְטֶען מִיט דֶער גְרֶאס אוּנ שֶׁאנְקֵייט. דֶער פְרוּמֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי יוּדֶען אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען נִיקַאנָאר, הָאט גֶעשֶׁענְקְט אַ טְהַייעֶרֶען טוֹיעֶר צוּם בֵּית הַמִקְדָּשׁ, אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען „נִיקַאנָאר'ס טְהוֹיעֶר" (שַׁעַר נִקָנוֹר). בַּיי'ם אַיינְגַאנְג הָאט הוֹרְדוּס גֶעשְׁטֶעלְט אַ אָדְלֶער צוּם זֵכֶר פוּן רוֹם'ס מַאכְט. דֶער דַאךְ אִיז גֶעוֶועהן פֶערְגָאלְדֶעט אוּנ הָאט גֶעהַאט הוֹיכֶע שְׁפִּיצֶען, וָואס פְלֶעגֶען נִיט צוּלָאזֶען דִי פֶאגֶעל זָאלֶען זִיךְ דָארְט מַאכֶען זֵייעֶרֶע נֶעסְ-

טֶען, אוּנ הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעדִיעֶנְט פַאר אַ שְׁמִירָה צוּ דִי בְּלִיצֶען.

אַ גְרוֹיסֶען יוֹם טוֹב הָאט הוֹרְדוּס גֶעמַאכְט צוּם חֲנוּכַּת הַבַּיִת, וָואס אִיז אִיז גְרָאד גֶעוֶועהן פּוּנְקְט אִין דֶעם טָאג וֶוען צוּרִיק מִיט צְוַואנְצִיג יָאהר אִיז עֶר מִיט בְּלוּטבֶּעפְלֶעקְטֶע הֶענְד אַרַיין אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ. דִי יוּדֶען זֶענֶען אִיהם גֶעוֶועהן דֶערְפַאר דַאנְקְבַּאר נָאר אוֹיף זַייעֶר לִיעבֶּע רֶעכְנֶען הָאט עֶר אַלְץ נִיט גֶעקָאנְט. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס הָאבֶּען אֲפִילוּ דִי יוּדֶען אִין אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער נִיט גֶעהַאט קֵיין גְרוֹיס צוּטְרוֹיעֶן צוּם יוּדִישֶׁען קֶענִיג. אַז אִין קְלֵיין־אַזְיֶען, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס אִין דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט עֶפְהֶעזוּס, הָאבֶּען דִי גְרִיכֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פֶערְפָאלְגֶען דִי יוּדֶען. הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִיט גֶעוֶוענְדֶעט צוּ הוֹרְדוּס'ן, נָאר צוּ מַארְקוּס־אַגְרִיפַּא, אוֹיגוּסְטוּס'ס אֵיידֶעם, וָואס אִיז גְרָאד דֶעמֶעלְט גֶעוֶועהן צוּ גַאסְט בַּיי הוֹרְדוּס'ן אוּנ עֶר הָאט אִיהם בַּאלֵייט אַהֵיים דוּרְךְ דִי קְלֵיין־אַזְיַאטִישֶׁע לֶענְדֶער. אַז הוֹרְדוּס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען דֶערְבַּיי וֶוען דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְלָאגְט הָאט עֶס אִיהם שׁוֹין נִיט גֶעפַּאסְט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט אָנְנֶעהמֶען פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען. אַגְרִיפַּא הָאט בַּאלְד אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיעף צוּם מוֹשֵׁל פוּן עֶפְהֶעזוּס מֶען זָאל דִי יוּדֶען לָאזֶען צוּ רוּה. דֶער בְּרִיעף הָאט אָבֶּער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנ דִי גְרִיכֶען פְלֶעגֶען וַוייטֶער שְׁטֶערֶען דִי יוּדֶען אָבּ־צוּהִיטֶען דֶעם שַׁבָּת אוּנ נִיט לָאזֶען זֵיי אַרוֹיסְשִׁיקֶען זַייעֶרֶע נְדָבוֹת קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעצְוִוינְגֶען גֶעוֶועהן צוּ שִׁיקֶען שְׁלִיחִים צוּ אוֹיגוּסְטוּס'ן אַלֵיין, אוּנ עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל וָואס הָאט גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעזָאגְט דֶעם פְּרָאקָאנְסוּל אִין אַזְיֶען, נָארְבַּאנוּס פְלַאקוּס עֶר זָאל אַכְטוּנְג גֶעבֶּען מֶען זָאל דַיין בֶּעפֶעהל אוֹיסְפָאלְגֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זֶענֶען דִי אַיינְוואוֹהנֶער פוּן עֶפְהֶעזוּס גֶעוֶועהן גְרוֹיסֶע עַקְשָׁנִים, אוּנ דִי יוּדֶען פְלֶעגֶען זִיךְ נָאךְ מוּזֶען קְלָאגֶען בַּיים פְּרָאקָאנְסוּל יוּלְיוּס אַנְטָאנְיוּס. אַזוֹי הָאט אוֹיךְ אוֹיגוּסְטוּס פַארְבֶּעסֶערְט דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין אַפְרִיקָא. דָארְט הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ דִי גְרִיכֶען דֶערְקוּטְשֶׁעט, אוּנ נִיט עֶרְלוֹיבְּט אַרוֹיסְפִירֶען גֶעלְד קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעלִיטֶען דִי יוּדֶען פוּן דֶער גֶעגֶענְד קִירֶענַאִיקָא. אַיין ווִינְק פוּן רוֹם אִיז אָבֶּער גֶענוּג גֶעוֶועהן, אוּנ דֶער מוֹשֵׁל פוּן קִירֶענַאִיקָא, מַארְקוּס טִיטִיוּס אִיז אַזוֹי גוּט גֶעוָוארֶען צוּ דִי יוּדֶען אוּנ זֵיי גֶעדִיעֶנְט אִין אַלֶע נוֹיטֶען, אַז זֵיי פְלֶעגֶען זַיין נָאהמֶען מִיט דַאנְק דֶערְמָאנֶען אַלֶע שַׁבָּת אִין שׁוּל בַּיים דַאוֶונֶען.

דִי אַלֶע פֶערְבֶּעסֶערוּנְגֶען אִין דֶעם מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען הָאט הוֹרְדוּס זִיךְ צוּגֶעשְׁרִיבֶּען, וַוייל עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז אִין רוֹם טְהוּט מֶען עֶס נָאר

איהם צו ליעב, אונ אפשר איז עס טאקי אזוי געוועהן. אז ער איז צוריקגעקומען פון זיין נסיעה. ווען ער האט באליים אגריפאן, האט ער פערזאמעלט דאס פאלק אונ האט דערצעהלט וואס פאר א חסדים איהם איז געראטהען צו בעווייזען די קליין-אזיאטישע יודען. דאס איז ביי'ם עולם וועהער אנגעלעגט געוועהן, אונ אז ער האט נאך דערצו געהייסען מ"ל זיין א פירטעל פון אלע נתינות וואס איז דאס יאהר געקומען. האט איהם דאס פאלק צום ערשטען מאל מיט שמחה, בעגריסט ווי א קעניג.

עס איז אבער הורדוס'ן ניט בעשערט געוועהן צו געניעסען תענוג: דער ענש פאר די פריהריגע מעשים האט זיך שוין אנגעהויבען, אונ ער האט געהאט וועהר א שלעכטע עלטער. טאקע ביי זיך אין שטוב האט ער בעדארפט מורא האבען אויף יעדען שריט אונ טריט, ווייל אויף זיין לעבען האבען געלאקערט זיין אייגען בלוט אונ פלייש: זיין שוועסטער סלמה, זיין ברודער פהעראראס אונ זיינע אייגענע קינדער. נאך מרים'ן זענען געבליבען צוויי זיהן, אלכסנדר אונ אריסתובול. אונ קוים זענען זיי אונטערגעוואקסען האבען זיי דעם פאטער ניט געקאנט מוחל זיין דעם טויט פון זייער מוטער, אונ האבען אויף איהם קיין גוט הארץ ניט געקאנט האבען. אזוי ווי זיי זענען ארויסגעקומען פון די חשמונאים האט זיי הורדוס בעשטימט פאר יורשים פון דער מלוכה. אונ האט זיי אוועקגעשיקט קיין רום, זיי זאלען דארט ערצויגען ווערען אויף דעם ראמישען אופן, אונ זאלען דערטייל אויך נושא חן זיין ביי אויגוסטוס. דערנאך האט אלכסנדר חתונה געהאט מיט גלאפהירא טאכטער פונ'ם קאפאדאציישען קעניג ארכעלויס, אונ אריסתובול האט גענומען סלמה'ס א טאכטער בערעניצע. הורדוס האט געמיינט, אז מיט דעם לעצטען שדוך וועט ער פערבינדען זיין משפחה מיט די חשמונאים, אונ עס וועט ווערען אן אמת'ער שלום, ווי צווישען קרובים; נאר סלמה האט דארויף ניט געקוקט אונ האט מיט איהרע אינטריגען אזוי ווייט געבראכט אז הורדוס האט צו זיך גענומען זיין זוהן אנטיפטר, וואס זיין ערשטע פרוי, דאריס האט געבוירען נאך עהדער ער האט חתונה געהאט מיט מרים'ן אונ האט איהם געמאכט פאר'ן גאנצען יורש. אנטיפטר האט פערשטאנען, אז פאר איהם וועט זיין בעסער ווען ער וועט אין גאנצען אפרייסען הורדוס'ן פון מרים'ס קינדער אונ ער האט אנגעהויבען דעם פאטער ביסלעכווייס צו בעווייזען וואס פאר א שונאים זיי זענען איהם. אזוי האט ער אלע מאל צוגענאסען טראפען פון רכילות ביז הורדוס האט זיך שוין געלאזט אלדינג איינרעדען אונ אז עס

האָט שוין געהאַלטען דערביי איז איהם שוין ניט שווער געוועהן צו איבער־צייגען דעם קאָניג, אַז מרים׳ס זיהן האָבען איהם געוואָלט פערגיפטען. הורדוס האָט קיין לאַנגע טענות ניט געמאַכט, ער האָט אין בעריטהוס אַנידער־געזעצט אַ בית דין פון הונדערט פינפציג מענשען. עדות זענען געגען געוועהן אונד די אונשולדיגע פרינצען זענען פערמישפט געוואָרען צום טויט אין שמרון, פונקט דאָרט וואו הורדוס האָט צוריק מיט דרייסיג יאָהר חתונה געהאַט מיט מרים׳ן, האָט ער איהרע קינדער דערהרג׳ט.

אַז אַנטיפּטר האָט געפּטרט די צוויי פּרינצען האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק טראַכטען ווי אַזוי ווערדט מען טאַקע פּטור דעם אַלטען פאָטער, מען זאָל ניט דאַרפען אַזוי לאַנג וואַרטען אויף דער ירושה. ער האָט גע־מאַכט יד אחת מיט פהעראַראַס, וואָס איז אין כעס געוועהן אויף זיין ברודער דערפאַר, וואָס איהם איז ניט געפאַלען זיין חתונה מיט אַ שקלאַפין. צו זיי זענען באַלד צוגעשטאַנען דאָרים. אַנטיפּטר׳ס מוטער, אונד פהעראַראַס׳ס פרוי מיט איהר מוטער אונד שוועסטער. די פיער ווייבער האָבען באַלד צו זיך צוגעשלעפּט צוויי הויפּטלייט, באַגאַאַס אונד קארוס, אונד שפּילערהייט האָבען מיט זיי אויך געהאַלטען די פּרושים, אונד בעזאָנדערס מעהר פון זעכס טויזענד תלמידים פון בית שמאי. סלאָמה האָט אָבער אָנגעשמעקט וואָס דאַ געהט פאָר אונד האָט עס ענטדעקט הורדוס׳ן. ער איז אָבער אַזוי איינגעגלויבט געוועהן אין אַנטיפּטר׳ן, אַז ווען ער האָט אַלע שולדיגע געהייסען טיידט׳ן אונד נאָר פהעראַראַס פ׳רוי, צו ליעב דעם ברודער, געשענקט דאָס לעבען, האָט ער דעם זוהן קיין וואָרט ניט געזאָגט, אונד האָט איהם נאָך אַוועקגעשיקט קיין רוֹם, ער זאָל זיך דאָרט פאַרשטעלען פאַר אויגוסטוס׳ן. דערווייל איז פהעראַראַס פּליצלונג געשטאָרבען אונד הורדוס האָט חושד געוועהן זיין פרוי, אַז זי איז אין דעם שולדיג. ער האָט געהייסען מאַכען אַ חקירה ודרישה אונד זי האָט גאַר מודה געוועהן, אַז פהעראַראַס מיט אַנטיפּטר׳ן האָבען אָנגעגרייט גיפט פאַר הורדוס׳ן; נאָר אַזוי ווי דער קאָניג האָט בעוויזען דעם קראַנקען ברודער זעהר פיעל פריינדשאַפט, האָט פהעראַראַס איהר געהייסען פאַר׳ן טויט דעם גיפט צו־רויסוואַרפען. דאָס אַלדינג האָט זיך בעוויזען מיט אותות ומופתים. מען האָט נאָך געפונען אַ ביסעל פון דעם גיפט, אונד הורדוס איז ווי פונ׳ם הימעל אַראָבגעפאַלען. ער האָט געזעהן, אַז עס איז ניטאָ אויף וועמען זיך צו פערלאָזען, ווען אַזאַ אַנטיפּטר, וואָס ער האָט איהם אויפגעהויבען פונ׳ם מיסט אונד פון זיינעטוועגען בעשטימט די קרוין פון יהודה, קען איהם גאָלט זיין,

מיט גרויס מיה איז הורדוס'ן געראטהען צו פערנאכטען אנטיפטר'ן קיין ירושלים, דארט האט ער געזעצט א בית דין אונטער דער השגחה פונ'ם ראמישען מושל קווינטיליוס וארוס וואס האט איהם פערמשפט צום טויט. אונ הורדוס האט דעם משפט אוועקגעשיקט צו אויגוסטוס אויסבעטען ביי איהם בארויף איין הסכמה. דעמעלט האט זיך אויך ארויסגעוויזען, אז אין אנטיפטר'ס פאלשקייט איז שולדיג געוועהן הורדוס'ס צווייטע פרוי מרים וואס האט געוואלט אז די ירושה זאל איבערגעהן צו איהר זוהן הורדוס; דערפאר האט זי דער קעניג פערטריבען, דעם זוהן אויסגעמעקט פון דער צוואה אונ ביי איהר פאטער, שמעון צוגענומען די כהונה אונ אויף זיין ארט געשטעלט מתיה בן תהאפיל. צום דריטען מאל האט הורדוס געמוזט בייטען די יורשים אונ האט די מלוכה בעשטימט פאר זיין יונגסטען זוהן אנטיפאס.

ביי אזעלכע אומגליקען אונ נאך אויף די עלטערע יאהרען, האט הורדוס ניט געקאנט לאנג ציהען, אונ איז מיט יעדען טאג געווארען אלץ שלאפער. זיינע שונאים האבען שוין ארויסגעקוקט ער זאל צומאכען איין אויג, אונ אז עס איז אין ירושלים ארויס א קלאנג אז ער האלט שוין ביי דער גסיסה, האבען צוויי פארשטעהער פון די פרושים, יהודה בן שריפי אונ מתיה בן מרגלת, אנגערייצט דאס פאלק מען זאל אראבברייסען דעם אדלער וואס הורדוס האט צוגעשלאגען צום טהויער פונ'ם בית המקדש. הורדוס האט נאך אבער געהאט גענוג כח זיך אבצורעכנען מיט זיינע נעגנער, וואס האבען איהם אין די אויגען געזאגט דעם ביטערן אמת: פיעל פון זיי האט ער געהייסען פערברענען, דעם כהן גדול מתיה האט ער אראבגעווארפען, אונ אויף זיין פלאץ געשטעלט דעם געוועזענעם כהן'ס א זוהן, יועזר בן שמעון, וואס איז שוין געוועהן דער זעכסטער איבערגעביטענער כהן אין הורדוס'ס צייט.

אזא אכזריות פון א יודישען מלך האט געמוזט אנפילען מיט שרעק מיט וועטהיג יעדעם הארץ, וואס האט אין זיך ליעבשאפט צו מענשען. ווען פאר הורדוס'ן וואלטען נביאים געוועהן, וואלטען די היילגע שליחים ניט איין מאל איהם געשטראפט מיט זייערע פייערדיגע רייד; נאר גרויסע מענער, וואס האבען הורדוס'ן זעלבסט, אונ דעם גאנצען פאלק געוואלט ארויסווייזען. ווי נאריש עס איז ווען א מענש רעדט זיך איין ער וועט זיך מיט אייגענער מאכט גליקליך מאכען, האבען דעם עולם בעקאנט געמאכט מיט דעם

לעבען פון דעם אונבארמהערציגען קאניג. דאס איז – קהלת, א ספר, וואס לאכט אוים אלע אויפטהוען פונ'ם קליינעם מענשליכען שכל, אונ בעווייזט אז אלדינג איז שוין געוועהן, קיין נייעס איז ניטא אויף דער וועלט, אונ אז דער גאנצער חלום פונ'ם לעבען איז מעהר ניט ווי א גרויס נארישקייט.

זעהר טרויריג איז געוועהן הורדוס'ס סוף. פון אויגוסטוס'ן איז אנגעקומען א בעפעהל, אז ער מעג מיט אנטיפטר'ן טהון וואס ער וויל. ווי הורדוס איז שוין געוועהן שטארק קראנק האט ער פארט בעקומען היות דערפון, וואס ער האט דערפיהלט, אז באלד וועט פאלען ווייטער א קרבן. אז ער האט זיך אבער דערמאנט ווער דער קרבן איז, האט איהם זעהר באנג געטהון, אונ ער האט אזוי געוויינט אונ געיאמערט, אז איבער'ן גאנצען פאלאץ האט מען געהערט זיינע קולות. אז אנטיפטר איז דערפון געוואהר געווארען, האט ער געשיקט צום פאטער בעטען: ער זאל איהם מוחל זיין. נאר דא האט זיך ווייטער ביי איהם אין הארצען אנגעצונדען דאס פייער פון אכזריות. איהם האט פערדראסען פאר וואס אנטיפטר וויל איהם איבערלעבען, אונ ער האט איהם באלד געהייסען טיידטען. אין פיער טעג ארום נאך אנטיפטר'ס טויט איז הורדוס געשטארבען אויפ'ן זיבעציגסטען יאהר, פערהאסט פון זיין פאלק; אונ עהדער ער איז אויסגעגאנגען האט ער אנגעזאגט זיין שוועסטער סלמה אונ איהר דריטען מאן אלעקסאס: מען זאל איינזעצען אין תפיסה א סך בכבודע בעלי בתים, אונ אז ער וועט שטארבען זאל מען זיי טיידטען, כדי עס זאל ווערען אין לאנד א יללה אונ מען זאל מיינען, אז מען קלאגט אזוי נאך איהם. דאס פאלק האט זיך אבער ניט געלאזט נארען אונ אז עס איז געוועהן זיין לויה אונ מען האט איהם בעגראבען ביי זיין פאלאץ הורדיום, איז אויף אלע געקומען א שמחה אונ מען האט דעם טאג געמאכט פאר א יום טוב



# צְווייטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## אַרְכֶעלוֹיס אונ די עֶרְשְׁטֶע רֶאמִישֶׁע מַנְהִיגִים (פְּרָאקוּרַאטָארֶען)

(4 יָאהר פָאר אונ 37 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוֹרְט, 33—74 פַאר׳ן חָרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

ווִי שְׁלֶעכְט הוֹרְדוּס׳ס מְלוּכָה איז גֶעוֶועהן הָאט זִיךְ עֶט אוֹיפ׳ן לַאנְג אַלֵיין נִיט אַזוֹי אָנְגֶעזֶעהן; פַארְקֶעהרְט, יְהוּדָה הָאט דַוְקָא גֶעבְּלִיהט אונ הָאט שְׁטַארְק צוּרִיקְט זַיינֶע גְרֶענִיצֶען. רוֹם הָאט טַאקֶע גֶעהַאלְטֶען דַארוֹיף זַיין הַאנְד נָאר דִי שַׁארְפֶע נָאגֶעל הָאט מֶען נִיט אַזוֹי לַייכְט גֶעקָאנְט בֶּעמֶערְקֶען. נָאךְ הוֹרְדוּס׳ס טוֹיט איז אָבֶּער גֶעוָוארֶען אֶרְגֶער. מִיט זַיינֶע צֶעהן ווַייבֶּער הָאט עֶר גֶעהַאט זֶעכְּס זִיהן אונ עֶטְלִיכֶע טֶאכְטֶער; נָאר אִין דֶער צַוָואָה, וָואס עֶר הָאט פִיעל מָאל גֶעבִּיטֶען אונ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיין יוֹעץ פְּטַאלָאמֶעאוּס הָאט עֶר מֶעהר נִיט פֶערְזָארְגְט פוּן דְרַיי, אִי דָאס אוֹיף אַזַא אוֹפ׳ן זֵיי זָאלֶען זִיךְ בַּאלְד דַארְפֶען שְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶער יְרוּשָׁה אונ קֵיינֶער זָאל נִיט צוּפְרִידֶען זַיין. דָאס לַאנְד יְהוּדָה אונ שׁוֹמְרוֹן הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין זוּהן אַרְכֶעלוֹיס, וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט מִיט זַיין פְרוֹי מַלְטְהַאקֶע, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִי שׁוֹמְרוֹנִים; דִי גֶעגֶענְד פוּן גַאלִילֶעאַ אונ פֶּערֶעאַ הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט פַאר דֶעם אַנְדֶערְן זוּהן אַנְטִיפַּס; אונ אַלֶע אֶרְטֶער פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעשֶׁענְקְט דֶעם דְרִיטֶען זוּהן פִּילִיפּ, דֶער שְׁוֶועסְטֶער סַלָמָה הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דִי הַכְנָסָה פוּן דְרַיי שְׁטֶעדְט: יַמְנָה אַזַאטוּס אונ פְּהַאזֶעלִיס. נָאר אַזוֹי ווִי הוֹרְדוּס הָאט אָנְגֶעזָאגְט אַז זַיין צַוָואָה קָאן נָאר דַעמֶעלְט אוֹיסְגֶעפִיהרְט וֶוערֶען, ווֶען אוֹיגוּסְטוּס וֶועט גֶעבֶּען זַיין הַסְכָּמָה דַארוֹיף, הָאט יֶעדֶער פוּן דִי יוֹרְשִׁים זִיךְ גֶעמִיהט צוּצוּשְׁמֵייכְלֶען זִיךְ צוּם פָאלְק אונ דוּרְךְ דֶעם וֶוערֶען מֶעהר חָשׁוּב בַּיי דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה, אונ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט אוֹיךְ סַלָמָה אונ אִיהר מַאנְן

אלעקסאס ניט מקיים געווען הורדוס'ס לעצטען בעפעהל אונ די בעלי בתים, וואס זייער טויט האט געדארפט שאפען פאלשע טרערען אויפ'ן קבר פונ'ם פערהאסטען קעניג, זענען געבליבען לעבען.

ארכעלויס וואס האט איינגענטליך געדארפט איבערנעהמען די מלוכה, האט זיך אויך צוגעלאזט צום פאלק אונ האט זיי צוגעזאגט גאלדענע בערג. די יודען זענען שוין אבער געווען אנגעלערנט. זיי האבען ניט געוואלט שטעלען אויף זיינע זיסע רייד אונ האבען איהם געשטעלט פינף פונקטען: ער זאל פארקלענערן די נתינות וואס מען מוז געבען אלע יאהר, ער זאל ניט נעהמען קיין מס פון סחורות וואס מען קויפט אונ פערקויפט אין לאנד ער זאל ארויסלאזען די געפאנגענע, ער זאל בעשטראפען די דיינים וואס האבען פערמשפט צום פארברענען די וואס האבען אראבגעריסען דעם רוימישען אדלער, אונ ער זאל אויך אבזאגען דעם כהן יועץ אונ א בעסערן אנידערשטעלען אויף זיין ארט. ווי וועניג ארכעלויס האט געהאלטען פונ'ם פאטער אונ האט טאקע באמת גערעכענט צו מאכען קליינע פערענדערונגען, האט ער ניט געקאנט באשטעהען אויף די פינף פונקטען ווייל ער האט געזעהן, אז נאך דעם וועט שוין זיין מאכט זיין גאר קליין; נאר אבזאגען אין גאנצען האט ער מורא געהאט אונ דאריבער האט ער זיך ענטשלאסען א ביסעל דעם עולם צו פיהרען ביז אויגוסטוס וועט ניט בעווילינען די צוואה. דאס פאלק האט זיך אבער ניט געקאנט בערוהיגען. עס איז געווארען נאהענט צו פסח אוו אלע יודען האבען זיך אנגעהויבען צונויפצופאהרען קיין ירושלים, דא האבען זיי נאך די פרושים אונטערגעהיצט אונ מען האט זיי איבערגעגעבען מיט וואס פאר א שרעקליכען טויט עס האבען געענדיגט יהודה אונ מתתיה וואס האבען געוואלט בעפרייען דעם משכן פונ'ם רוימישען אדלער א ודאי האבען זיך א סך ארויסגעשטעלט אונ האבען מיט געוואלד געפאדערט פרייהייט; ארכילויס האט באלד געוויזען ווער ער איז: פונקט ערב פסח, ווען יעדער איז געווען פערנומען מיט'ן קרבן, איז ער אנגעפאלען אויף די איינוואהנער מיט כל חיל. דריי טויזענד זענען גע-פאלען, די איבריגע זענען זיך צולאפען אונ דער נייער קעניג האט געלאזט אויסרופען, אז דאס יאהר זאל מען ניט מאכען קיין פסח. דאס איז געווען דער ערשטער שריט פון ארכעלויס: דאס אפעלע איז גאר ניט ווייט גע-פאלען פונ'ם ביימעלע.

די איבריגע ירשים האט קלאמערשט דאס הארץ וועה געטהון פאר

וָואס אַרְכֶעלוֹיס בֶּעהַאנְדֶעלְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט דִי יוּדֶען, אוּנ זֵיי זֶענֶען אַלֶע גֶע־
לָאפֶען קֵיין רוֹם מִיט דֶער הָאפְנוּנְג טָאמֶער וֶועט אוֹיגוּסְטוּס בֶּעסֶער זֵיי
אַוֶועקְגֶעבֶּען דִי מְלוּכָה. אַרְכֶעלוֹיס הָאט אוֹיךְ גֶעמוּזְט אַוֶועקְפָאהְרֶען קֵיין רוֹם,
אוּנ דֶער גַאנְצֶער בַּעַל הַבַּיִת אִין לַאנְד אִיז דֶערְוַויילֶ גֶעבְּלִיבֶּען דֶער רֶאמִישֶׁער
מוֹשֵׁל קְוִוינְטִילְיוּס וַוארוּס. וָואס אִיז אַלֵיין גֶעזֶעסֶען אִין אַנְטְיָאכְיֶען
אוּנ הָאט נָאר אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין חַיִל. אַלְדִינְג וָואלְט גֶעקֶאנְט
אָבְּלוֹיפֶען רוּהִיג, וֶוען עֶס יָאגְט זִיךְ נִיט פְּלִיצוּם אָן אֵיינֶער פוּן אוֹיגוּסְטוּס'ס
הוֹיפְטְלַייט, סַאבִּינוּס. וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּערְנֶעהְמֶען אַלֶע רַייכְטְהִימֶער
פוּן יְהוּדָה אוּנ פוּנ'ם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנ הָאט דֶערְמִיט אָנְגֶעמַאכְט אַ גַאנְצֶע
צָרָה. דִי יוּדֶען הָאט פֶערְדְרָאסֶען, וָואס אוֹיגוּסְטוּס וִויל זֵיי לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט
יַרְשְׁנֶ'ען, אוּנ דֶערְוַויילֶ אִיז גֶעוָוארֶען שְׁבוּעוֹת, וֶוען פִיל אַיינְוָואהְנֶער פוּן דִי
קְלֶענֶערֶע שְׁטֶעדְט זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ בַּאלְד אִיז אַרוֹיס
אַ קְרִיעג: סַאבִּינוּס מִיט זַיינֶע לַייט זֶענֶען גֶעוֶועהן אִין הוֹרְדוּס'ס פַּאלַאץ, אוּנ
פוּן דָארְט הָאט עֶר שְׁטִילֶערְהֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים צוּ וַוארוּס'ן עֶר זָאל
גִיךְ אוּנְטֶערְקוּמֶען מִיט הִילְף. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען וִוי גִבּוֹרִים אוּנ
עֶס וָואלְט זֵיי גֶעוִויס גֶערָאטְהֶען וֶוען דִי רֶאמֶער פַאלֶען נִיט אוֹיף אַ שֵׂכֶל
אוּנ וַוארְפֶען צוּ זֵיי נִיט אַרַיין בְּרֶענֶענְדִיגֶע הָאלָאוֶועשְׁקִים. גֶעגֶען פַייעֶר
הָאבֶּען דִי יוּדֶען גָאר נִיט גֶעקֶאנְט מַאכֶען. שְׂרֵיפוֹת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען
פוּן אַלֶע זַייטֶען, פִיעל פוּן זֵיי זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוּנ דֶער שׂוֹנֵא הָאט זִיךְ צוּ־
פִיהְרְט דִי הָאנְד. אַז סַאבִּינוּס הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶענוּמֶען צוּשְׁטֶערֶען דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ הָאבֶּען דִי יוּדֶען צוּנוֹיפְגֶעשְׁלֶעפְּט זֵייעֶרֶע לֶעצְטֶע כֹּחוֹת. אוּנ צוּ זֵיי
אִיז אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען הוֹרְדוּס'ס חַיִל. אוֹיסֶער דְרַיי טוֹיזֶענְד
מַאן מִיט זֵייעֶרֶע הוֹיפְטְלַייט, גְרַאטוּס אוּנ רוּפוּס. אוּנ דִי רֶאמֶער הָאבְּען
זִיךְ גֶעמוּזְט דֶערְוַויילֶ בֶּעהַאלְטֶען אִין דִי פֶעסְטוּנְגֶען אוּנ וַוארְטֶען בִּיז וַוארוּס
וֶועט צוּקוּמֶען מִיט פְרִישׁ חַיִל. בַּיי אַזַא לַאגֶע, וֶוען דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד אִיז
גֶעוֶועהן וִוי אַ שִׁיף אָהְן אַ רוּדֶער, הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מְרִידָה, וֶוער עֶס
הָאט גֶעוָואלְט אִיז אַרוֹיס גֶעשְׁפְּרִינְגֶען מִיט אַנְדֶערֶע טַעֲנוֹת. אוּנ דִי רֶאמֶער
הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּכְט צוּ וֶועמֶען זִיךְ פְרִיהֶר צוּ נֶעהְמֶען. אֵיינֶער פוּן הוֹרְדוּס'ס
שְׁקְלַאוֶוען, שִׁמְעוֹן, הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט וֶוערֶען מֶלֶךְ אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
דֶערפוּן וָואס עֶר הָאט פַארְבְּרֶענְט דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען פַּאלַאץ אִין יְרִיחוֹ. אֵיין
אַנְדֶערֶער פוּן פְּרֶעאַ, וָואס זַיין נָאהְמֶען אִיז אֲפִילוּ גֶעבְּלִיבֶּען אוּנבֶּעקַאנְט.
הָאט אוֹיךְ דֶעם אֵייגֶענֶעם הֵיטֶק גֶעהַאט אוּנ הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען דֶעם פַּאלַאץ

אין ליוויאַס. דער דריטער, אַ פּראָסטער פּאַסטוך אַטהראָנגעס, האָט זיך אָנגענומען דאָס שטרייממעל פון אַ כהן גדול, און האָט איינאיינעם מיט זיינע פיער ברידער שטאַרק דערקוטשעט די רוימער. דאָס זענען אָבער אַלץ געווען קליינע מענשעלעך, וואָס האָבען געגלויבט, אַז אין אַ שלעכטער צייט, ווען די מוחות זענען פערשלאָגען, וועלען זיי זיך קאָנען אַרויפהאַפּען אויפ׳ן באַנקעל; אַ תּכלית פאַר׳ן פאָלק האָבען זיי ניט געזוכט, און דאַריבער זענען זיי ניט געווען אַזוי געפאָהרליך. דערפאַר האָבען די רוימער שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגען מיט יהודה דעם גאַליליער, אַ זוהן פון דעם חזקיה, וואָס הורדוס האָט איהם דערהרגעט. צו איהם איז בירושה איבער־געגאַנגען פון׳ם פאָטער אַ שרעקליכע שנאה צו די רוימער און צו הורדוס׳ס משפחה; ער האָט צונויפגענומען אַ גאַנצע חברה און איז אָנגעפאַלען אויף דער גאַליליישער הויפטשטאָדט סעפּפאָריס (צפורי), דאָרט האָט ער צוגענומען אַ סך געלד מיט כלי זין און האָט זיך שוין געקאָנט שפּיעלען מיט די שונאים.

די רוימער האָבען אַ קוק געטהון אַז דאָס איז אַ שלעכטע מעשה, האָט וואַרוס געמוזט אַרויס מיט צוואַנציג טויזענד מאַן. אַחוץ דעם האָט זיך אַרעטאַס דער קעניג פון נבט, זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט. ער זאָל זיך קאָנען נוקם זיין אין די יודען, און מיט זיי אונטערפיהרען דעם אַלטען חשבון, און האָט געהאָלפען די רוימער. אַ טהייל פון זיין חיל האָט וואַרוס געשיקט קיין גאַליליאַ, די הויפטשטאָדט סעפּפאָריס האָט ער פאַר־ברענט, און יהודה דער גאַליליער איז קוים מיט׳ן לעבען אַנטלאָפען. דאָס איינענע האָט ער אויך געטהון מיט דער שטאָדט עמוס, וואו אַטהראָנגעס איז געשטאַנען. דערווייל איז שוין דאָס פאָלק אין ירושלים אויך געוואָרען שוואַכער, און סאַבינוס האָט שוין געקאָנט אויפהייבען אַ קאָפּ; נאָר וואַרוס האָט שוין ניט געהאַט קיין צוטרויען צו די יודען און האָט געהייסען צוויי טויזענד פון זיי אויפהענגען.

אין דער צייט, וואָס אין יהודה זענען פאָרגעקומען אַזעלכע הריגות, זענען הורדוס׳ס יורשים געזעסען אין רום און האָבען איינער ביי׳ם אַנדערן געוואָלט אַרויסרייסען די מלוכה. אויגוסטוס האָט גוט אַרויסגעזעהן, אַז קיינער פון זיי טויג ניט צו פיהרען דאָס לאַנד און האָט זיך ניט געקאָנט ענטשליסען ווע׳מען צו געבען די בכורה, און דערצו זענען נאָך געקומען פּינפ־ציג אָנגעזעהענע בעלי בתים פון ירושלים, וואָס האָבען זיך בעקלאָגט אויפ׳ן גאַנצן פון הורדוס׳ס גאַנצער משפחה. און געבעטען, ער זאָל ארץ ישראל

צוגעפּבּינדען מיט סיריען, אונ זאָל זיי אין גאַנצען בּעפרייען פון אַ בּעזונדער מלך. האָטשע אַכט טויזענד רוימישע יודען האָבּען אויך געבּעטען פאַר די שׁליחים פון ירושלים, פון דעסטוועגען האָט אויגוסטוס געהייסען מען זאָל מקיים זיין הורדוס׳ס צוואה, אונ אַרכעלויס זאָל בּלייבּען דער פירער פונ׳ם לאַנד, נאָר ער זאָל ניט הייסען „קעניג“.

אַרכעלויס האָט דאָס אויך געמוזט אָננעהמען פאַר ליעב אונ אַזוי האָט ער געפיהרט די יודישע מלוכה ניין יאָהר. די פרומע זענען בּאַלד אויף איהם אין כּעס געוואָרען, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט גלאַפירא, דער פרוי פון זיין געטויטעטען בּרודער אַלכּסנדר אונ אַ חוץ דעם האָט ער דעם פאָלק מעהר ניט נאָכגעגעבּען נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אַראָבּגענומען דעם ניט בּעליעבּטען כּהן יועזר, אויף זיין אָרט בּעשטימט זיין בּרודער אליעזר, טאַקע בּאַלד איהם איבּערגעבּיטען אויף איין אַנדערן יהושע, אונ דערנאָך צוריקגענומען דעם אַלטען כּהן יועזר. אין אַ קורצע צייט איז די כּהונה איבּערגעגאַנגען אין עטליכע הענד. נאָר דאָס איז נאָך גאָר אַ קליינינגקייט געוועהן געגען דעם שלעכטיגקייט וואָס אַרכעלויס האָט איבּערהויפּט אַרויסגעוויזען. עס איז שׁווער געוועהן פון איהם אויסצוהאַלטען. דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט קלאָגען פאַר אויגוסטוס׳ן, אונ פון רוים איז אָנגעקומען אַ בּעפעהל: מען זאָל אַרכעלויס׳ן פערטרייבּען אונ די לענדער יהודה אונ שמרון שטעלען אונטער דער מאַכט פון רוימישע מנהיגים. די שטאָדט וואָס כּלמה האָט געירשנט האָט זי פאַר איהר טויט אַוועקגעשענקט די קייזערן ליוויא, אונ דערפאַר האָבּען זיי אַלע שוין געהערט צו אויגוסטוס. נאָר די לענדער, וואָס זענען איבּערגעגאַנגען צו אַנטיפּס אונ פיליפּ זענען געבּליעבּען אין זייער מעמד ווי פריהר.

אַזוי איז דאָס יודישע לאַנד צוגעבּונדען געוואָרען צו סיריען. אונ איז ווי אַ טהייל פון דער מדינה, געבּליעבּען אונטער דער השגחה פון אַ ראָמישען הויפּטמאַן, וואָס האָט געהייסען פּראָקוראַטאָר. אונ איז געזעסען אין קעזאַרעאַ (קסריא). דער פּראָקוראַטאָר האָט געהאַט צו זאָגען אונ צו שאַפען איבּער אַלדינג, ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַרמשפּט׳ן אפילו צום טויט, אונ די יודישע סנהדרין האָבּען געהאַט גאָר אַ קליינע דעה. ווען דער פּראָקוראַטאָר האָט געוואָלט האָט ער געקאָנט מאַכען פאַר כּהן גדול, אונ די הייליגע קליידער וואָס דער כּהן האָט בּעדאַרפט אָנטהון צום גאָטעסדינסט, פלעגט ער האַלטען פערשלאָסען בּיי זיך, אונ זיי נאָר אַרויסגעבּען

צוּ שָׁלֹשׁ רְגָלִים אוּנ יוֹם כִּפּוּר. דֶער עֶרְשְׁטֶער פְּרָאקוּרַאטָאר אִיז גֶעוֶועזֶען קָאפָּאנִיוּס, אוּנ מִיט אִיהם אִינְאֵיינֶעם אִיז אוֹיךְ אַרָאבּגֶעקוּמֶען דֶער מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען קְוִירִינִיוּס. אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען צֶאהלֶען דִי יוּדֶען, כְּדֵי מֶען זָאל קֶאנֶען בַּיי זֵיי פּוּנְקְטְלִיךְ נֶעהמֶען מַס. דָאס צֶאהלֶען הָאט אָנְגֶעמַאכְט צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען אַ שְׁטַארְקֶען רַעשׁ, ווייל זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט, אַז דָאס מֵיינְט מֶען נָאר מֶען זָאל זֵיי אַוֶועקְפִיהרֶען אִין גָלוּת, אָדֶער פֶערְקוֹיפֶען פַאר קְנֶעכְט. דֶעמֶעלְט הָאבֶּען דִי לוֹמְדִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין שַׁמַאי'ס דֶרֶךְ, אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ, אוּנ אִינְאֵיינֶעם מִיט דִי תַּלְמִידִים פוּן יְהוּדָה דֶעם גָלִילֶעֶער גֶעזוּכְט אַלֶע מִיטֶעל זִיךְ אַרוֹיסצוּשְׁטֶעלֶען גֶעגֶען דִי רָאמֶער. קְוִירִינִיוּס הָאט אֲפִילוּ זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען דֶעם עוֹלָם אַ בִּיסֶעל צוּ הַנְפֶּען, אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען דֶעם נִיט־גֶעלִיעבְּטֶען כֹּהֵן גָדוֹל יוֹעֶזֶר. אוּנ אוֹיף זַיין אָרְט גֶעשְׁטֶעלְט עָנָן: נָאר דִי שִׂנְאָה אִיז צוּ גְרוֹיס גֶעוֶועהן מֶען זָאל זִי קָאגֶען פַארְטְרַייבֶּען מִיט אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט. אוּנ דָאס פָאלְק הָאט גֶעקוּקְט אִין מוֹיל אַריין צָדוֹק'ן, אֵיינֶעם פוּן דִי בֵּית שַׁמַאי, וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין טְרַייעֶן מֶען זָאל זִיךְ נִיט לָאזֶען בֵּייגֶען. דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי בֵּית הִלֵל, שִׁמְעוֹן דֶער עֶרְשְׁטֶער, הָאט נִיט גֶעהַאט אַזוֹי פִיעל כֹּחַ עֶר זָאל קֶאנֶען אִיבֶּערְטְרַייעֶן דִי בַּעֲלֵי טוֹבוֹת, וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּ שְׁפֶּעט גֶעכַאפְּט רַאטֶעוֶוען אַ בִּנְיָן וָואס הַאלְט בַּיי'ם פַאלֶען אוּנ זַיין שְׁוַואךְ קוֹל פוּן שָׁלוֹם אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן אַרוֹיסצוּהֶערֶען צְווִישֶׁען דֶעם גֶעטוּמֶעל אוּנ מְרִידָה.

אַז אוֹיגוּסְטוּס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ דִי רָאמִישֶׁע מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ טִיבֶּערִיוּס'ן, אִיז אֲפִילוּ צוּם אָנְהֵייבּ דִי יוּדֶען אַ בִּיסֶעל בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען, מֶען הָאט דֶעם מַס פֶערְקְלֵיינֶערְט אוּנ אַרָאבְּגֶעשִׁיקְט אַיין אַנְדֶער פְּרָאקוּרַאטָאר, וַואלֶערִיוּס גְרַאטוּס, וָואס הָאט גֶעפִיהרְט דָאס לַאנְד עֶלְף יָאהר. נָאר גִיךְ אִיז גֶעוָוארֶען נָאךְ אֶרְגֶער פוּן פְרִיהֶער, ווייל דִי רָאמֶער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען קְרוּם דַארוֹיף, וָואס דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה שְׁלֶעפְּט צוּ זִיךְ צוּ פִיעל גֵרִים, וָואס בְּרֶענְגֶען זֶעהר גְרוֹיסֶע מַתָּנוֹת דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעמַאכְט וָואס פִיעֶר יוּדֶען הָאבֶּען אָבְּגֶענַארְט נוֹלְוִויָא דִי פְרוֹי פוּנ'ם סֶענַאטָאר סַאטוּרְנִיוּס, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען, אוּנ דִי שְׁווִינְדְלֶערְס הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶענוּמֶען אִיהרֶע אַ רַייכֶע נְדָבָה אוֹיפ'ן מִשְׁכָּן. אַז טִיבֶּערִיוּס אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוֹיף אַלֶע יוּדֶען. אוּנ זַיין מִינִיסְטֶער סֶעזְשַׁאן הָאט אִיהם נָאךְ אָנְגֶערֵייצְט. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען: אַלֶע גֵרִים אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן רוֹם, אוּנ פִיעל

יודישע יונגע לייט אַוועקשיקען אויף דער אינזעל סאַרדיניען זיי זאָלען מלחמה האַלטען מ"ט רייבער אונ דאָרט מן הסתם קיין האָניג ניט לעקען. אין ארץ ישראל האָט דער נייער פּראָקוראַטאָר, גראַטוס אויך געפּרעסט די יודען, אונ האָט אין זיין צייט איבערגעביטען ניט ווייניגער פון פיר כהנים גדולים אונ נאָר איין יוסף היפס (כפא), וואָס איז געוועהן איינער פון די פאַרברענטע פּרושים. האָט געקאָנט זיך האַלטען כמעט זיבעצעהן יאָהר.

די לאַנדער, וואָס זענען געבליעבען אין די האַנד פון אַנטיפּס אונ פיליפּ, האָבען זיך געפיהרט זעלבסטשטענדיג. פריהער האָט אַנטיפּס געמאַכט ספּפאַריס (צפורי) פאַר זיין הויפּטשטאָדט. נאָר אַז טיבעריוס איז געוואָרען קאַיזער פון רום. האָט ער איהם צו ליעב אויסגעבויעט אַ נייע שטאָדט מיט דעם נאָהמען טיבעריאַס (טבריה). נאָר עס איז איהם שווער אָנגעקומען ביז ער האָט בעקומען אהין איינוואָהנער. ווייל די פרומע יודען האָבען מורא געהאַט זיך צו בעזעצען אויף אַ נייע אָרט, טאָמער געפינען זיך דאָרט ביינער פון מתים וואָס זענען געפאַלען אין אַ מלחמה אונ זיי קאָנען דורך דעם טמא ווערען. פיליפּ האָט אויך אויסגעבויעט צוויי נייע שטאָדט אין דער שאַנטער געגענד: איינע האָט ער אַ נאָהמען געגעבען צעזאַרעאַ פיליפּי (קיסריא). אונ די אַנדערע האָט ער גערופען יוליוס. צום זכר פון אויגוסטוס'ס טאָכטער.

די וועלט זאָגט אַ ווערטעל. אַז מען באַר קיין מאָל ניט בעטען אויף אַ נייעם מלך. מיט אונגעדולד האָבען די יודען ערוואַרטעט עס זאָל זיך אין ארץ ישראל איבערבייטען דער פּראָקוראַטאָר, אונ האָבען געהאָפט, אַז עס זאָל קומען אַ בעסערער אויף גראַטוס'ס אָרט; צום סוף איז דער נייער פּראָקוראַטאָר פּאָנטיוס פּילאַטוס געוועהן אַ סך ערגער. ער האָט ניט נאָר געוואָלט בעפעסטיגען ביי די יודען די רוימישע מאַכט, וואָס איז אָהן דעם אויך געוועהן גענוג גרויס, נאָר ער האָט אויך געזוכט צו ערנידריגען די יודישע אמונה אונ אָנטהון די יודען אַזוינע צרות, וואָס זענען פאַר זיי געוועהן שרעקליכער פון אַלע אונטערדריקונגען אונ געלד־רייסען. פּילאַטוס האָט גוט געוואוסט אַז די יודען קאָנען קיין בילדער ניט ליידען אונ אַז זייער געזעץ. וואָס האָט זיי געוואָלט אָפּהיטען פון עבודה זרה האָט זיי שטרענג פאַרבאָטען זיי זאָלען זיך ניט מאַכען קיין שום געשטאַלט, עס איז איהם אויך געוועהן בעקאַנט, אַז ווי הורדוס אונ זיינע קינדער האָבען דורך ארץ געהאַט פאַר רום אונ האָבען געוואָלט חנפן די רוימישע מלכים, פון רעספּע־

וועגען האבען זיי מורא געהאט אויסצוקריצען אויף די מטבעות דאס פנים פון אויגוסטוס אדער טיבעריוס. דאס איז איהם אבער גאר ניט אנגענאנגען אונ ער האט געהייסען אומעדום שטעלען בילדער פון טיבעריוס. אונ דער עולם זאל זיך צו זיי בוקען. אזא זאך האט געמוזט אנמאכען א גרויסען רעש אונ די יודען האבען ארויסגעשיקט שליחים קיין צעזארעא. וואו דער פראקוראטאר האט געוואהנט: פינף טעג כסדר זענען די שליחים געשטאנען פאר זיין פאלאץ אונ האבען נאר געוויינט אונ געבעטען ער זאל מבטל זיין די גזירה. אויפ'ן זעכסטען טאג האט פילאטוס. זיך געוואלט פריווען מיט באזען, ווארי די שליחים האבען זיך געהאלטען איינס אונ ער האט געמוזט צו ליעב טהון. דאס אנדערע מאל האט ער שוין אבער מעהר ארויסגעוויזען זיין אכזריות: ער האט פארנומען דאס גאנצע געלד פונ'ם בית המקדש אונ האט געזאגט אז ער וועט דערפאר אריינציהען וואסער פון א קוואל אין שטאדט אריין. דאס פאלק איז דערפון געוואהר געווארען אונ אזוי ווי פילאטוס איז דעמעלט גראד געוועהן אין ירושלים, איז מען אויף איהם אנ-געפאלען; נאר ער האט קיין לאנגע שיהות ניט געמאכט, ער האט זיין חיל פארקליידט פאר יודען, כדי מען זאל זיי ניט דערקענען, אונ עס זענען אין דעם טאג געוועהן הרוגים געפאלען.

צעהן יאהר האט דאס יודישע לאנד געפיהלט איבער זיך די שווערע האנד פון פאנטיוס פילאטוס, אונ זיין נאהמען איז מיט שווארצע אותיות פערשריבען אין דער וועלט-געשיכטע, ווייל ער האט פערמשפט צום טויט דעם גרינדער פונ'ם קריסטענטהום, — פון דער אמונה, וואס אויף איהר איז געפאלען דער גורל ביז אויף היינטיגען טאג צו פערברייטען צווישען די גאצענדיענער. דערפאר איז זאך איהם געווארען בעסער, ווייל דער נייער פראקוראטאר וויטעליוס האט גאר אין גאנצען נאכגעלאזט דאס שטריקעל: ער האט בעפרייעט די איינוואהנער פון ירושלים זיי זאלען ניט צאהלען קיין מס פון פירות, אונ די קליידער פון די כהנים האט ער אויפגעהערט האלטען פערשלאסען. דעם כהן גדול יוסף חיפס (כיפא), וואס דאס פאלק האט פון איהם ניט געהאלטען. האט ער איבערגעביטען, האטשי ער האט געהאט זיין שכל ביי זיך, אונ האט אויסגעקליבען א זעלכען. וואס איז שטארק איבערגעבען געוועהן דער רוימישער מלוכה.

וויטעליוס איז געוועהן אזוי גוט ג[illegible]ן די יודען. ווייל מען האט איהם געגעבען א ווינק פון רום. אונ דארט האבען זיי געהאט א בעשיצער דעם

קאיזערס א שוואגערין אנטאניא, די טאכטער פון מארק אנטאניוס: זי איז געוועהן זעהר בעפריינדעט מיט א יודישער פרינצעסין, ברניקה, די טאכטער פון סלמה, וואס האט געוואהנט אין רום, אונ א חוץ דעם איז זי זעהר צופרידען געוועהן פונ'ם יודישען נשיא אין אלכסנדריען, אלכסנדר ליזימאכוס, וואס האט אכטונג געגעבען אונ שטארק אבגעהיט איהר פערמעגען, וואס איז איהר געבליבען א ירושה אין מצרים. אונ דעריבער האט זי שטענדיג טיבעריוס'ן צוגערעדט ער זאל יודען טהון אלע טובות, אונ זאל אנדערן זיין מיינונג איבער זיי צום גוטען. טיבעריוס האט זיך אזוי איבערגעביטען אז ער האט געהייסען וויטעליוס'ן ער זאל מיט ראמיש חיל געהן צו הילף אנטיפס'ן, וואס האט אנגעהויבען א מלחמה מיט'ן מלך פון נבט, אונ איז דווקא ניט גערעכט געוועהן. גענומען האט זיך עס דערפון וואס אנטיפס'ן איז נמאס געווארען צו לעבען מיט זיין ערשטער פרוי, ארעטאס'ס טאכטער, אונ עס האט זיך איהם פערגלוסט חתונה צו האבען מיט זיין אייגענעם ברודערס פרוי, הערא דיאס, וואס האט מיט איהר שאנקייט פערשטאנען איהם אביינצוהאפען אין איהרע לאפקעלעך. איהר מאן הורדוס, וואס דער אלטער קאניג הורדוס האט איהם מעביר נחלה געוועהן, האט זיך געלעבט שטיל אונ פראסט אין צעזארעא. נאר דער טשאקענדיגער הערא דיאס איז ניט געפאלען אזא איינפאך לעבען, אונ עס האט זי אלץ געצויגען צו ווערען א הערשערין. אז אנטיפס איז א מאל דורכגעפאהרען דורך צעזארעא, האט ער זיך באלד פערליעבט אין זיין שאנער שוואגערין הערא דיאס, אונ עס האט ביי איהר גאר ניט אויסגעמאכט, ביים מאנ'ם לעבען, שטעלען א חופה מיט'ן שוואגער. מען קאן פארשטעהן ווי אזוי דאס האט פערדראסען זיין ערשטע פרוי וואס איז באלד אוועק צו איהר פאטער אונ האט ביי איהם געפועלט ער זאל זיך פאר איהר אננעהמען. דער מלך פון נבט איז מיט גרויס חיל אנגעפאלען אויף אנטיפס'ן אונ וואלט פון איהם געוועהן געמאכט א תל, ווען עס קומט ניט אן פון רום א בעפעהל מען זאל איהם העלפען. ליוויוס האט געמוזט זיך ארויסריקען מיט צוויי גרויסע מחנות. אונ ער איז געוועהן אזוי פריינדליך געגען די יודען, אז ער האט מורא געהאט טאמער וועלען זיי ניט וועלען ליידען וואס די ראמער טראגען פאהנען מיט בילדער, אונ דאריבער האט ער געהייסען דעם חיל זיי זאלען ניט דורכגעהן דורך ארץ ישראל אונ בעסער אנלעגען א שטיקעל וועג ארום דעם ירדן.

# דריטעס קאפיטעל.

## אגריפא דער ערשטער.

(37 — 44 נאך קריסטוס געבורט. 26—33 פאר'ן חרבן בית שני).

אז מען האט טיבעריוס'ן דערווארגען און די ראמישע מלוכה איז איבער־געגאנגען צו קאיוס קאליגולא געדמאניקוס, איז אין דער לאנגע פון די יודען אויך געווארען א פערענדערונג. און דעמעלט ז׳יז בעזאנדערס אויפגערעכט געווארען איינער פון די יודישע פרינצען אגריפא (אגריפוס). וואס איז געוועהן דעם נייען קאיזערס א גוטער פריינד. אגריפא איז געוועהן א זוהן פון אריסתובול, וואס דער פאטער הורדוס האט איהם געטיידט, און א אייניקעל פון דער אונגליקליכער קאניגין מרים; אין זיינע אדערן האט געפליעסט צונויפגעמישט בלוט פון די חשמונאים און די אדומים, און ער האט געהאט אלע מעלות און חסרונות, וואס קאנען זיך נאר אנקלעבען אין א פרינץ. וואס איז שטענדיג נע ונד און מוז ארויסקוקען אויף פרעמדע טובות. אין רום איז ער אויפגעוואקסען געווארען און איז געוואהנט געוועהן גוט צו לעבען; אוודאי האט איהם ניט געקאנט קלעקען דאס פארמעגען וואס איז איהם געבליבען פון די עלטערן און ער איז שטארק אריין אין חובות. כל זמן זיין חבר דרוזוס, טיבעריוס'ס זוהן, האט געלעבט האט ער נאך ניט גע־וואוסט פון קיין נויט, נאר אז דריזוס איז פלוצים געשטארבען, איז איהם אזוי שלעכט געווארען, אז ער האט געמוזט זיך בעזעצען ערגיץ אין א קליין ארט אין אדום. און האט דארט געלעבט אין אזא דחקות אז ער האט שוין פשוט זיך געוואלט דאס לעבען נעהמען. זיין פרוי קיפראס האט אפילו געפועלט ביי אנטיפס'ן ער זאל איהם געבען די שטעללע פון א מארק־אויפזעהער נאר ער האט זיך באלד צוקריגט מיט אנטיפס'ן און איז אוועק צום סירישען מושל פלאקוס. דארט האט ער זיך אויך ניט געקאנט

לאַנג האַלטען, ווייל זיין איינענער ברודער אַריסטאָבול האָט אויף איהם אָנגערעדט; ער האָט ווייטער געמוזט קומען קיין רום אונ זיינע בעלי חובות וואָלטען איהם געוויס געוועהן איינגעשלונגען, ווען איהם וואָלט ניט געהאָלפען דער נשיא פון מצרים אלכסנדר לוזימאַכוס. דער נשיא איז געוועזען אַ גרויסער נדבן, ער האָט מנדר געוועזען אויפ'ן בית המקדש פערגילדעטע טהירען אונ איז געוועזען אַזוי געליעבט ביי דער קייזערליכער משפחה אין רום, אַז מען האָט איהם ערלויבט זיך צו רופען מיט דעם נאָהמען פון דעם ראָמישען מלך „יוליוס אלכסנדר". אונ אַזוי ווי ער האָט פערשטאַנען אַז אין קייזערליכען הויף וועט מען הנאה האָבען דערפון וואָס ער לאָזט ניט פאַלען דעם יודישען פרינץ, האָט ער אַגריפאַ'ן געשטיצט אונ איז איהם געשטאַנען אין אַללע נויטען. צום אנהייב האָט איהם טיבעריוס אויפגענומען זעהר פריינדליך ווייל ער האָט געדענקט וואָס פאַר אַ חשוב אַגריפאַ איז געוועזען ביי זיין געשטאָרבענעם זוהן דרוזוס; נאָר אַז ער איז שפּעטער געוואָהר געוואָרען אַז ער קאָסט שוין די מלוכה נאָר אַ היבשע מטבע, האָט ער אויף איהם אָנגעהויבען קוקען קרום. דאַ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט דעם קייזערס שוואָגערין אַנטאָניאַ. וואָס ביי איהר אין הארץ איז נאָך פריש געוועזען דער זכר פון איהר טרייער פריינדין בערניקה אַגריפאַ'ס מוטער; זי האָט אַזוי געמאַכט אַז דער יודישער פרינץ איז נאָך אַמאָל בעליעבט געוואָרען אין הויף אונ איז געוואָרען אַ חבר פון טיבעריוס'ס יורש קאיוס קאַליגולאַ. באַלד האָט מען איהם אָבער געמסרט, אַז ער האָט גערעדט שלעכטס אויפ'ן קאַיזער אונ געזאָגט, אַז עס וואָלט שוין צייט געוועהן איין אַנדערער זאָל איבער־נעהמען די מלוכה; מען האָט נאָר ניט געטראַכט אונ איהם אַריינגעוואָר־פען אין תפיסה; דאָרט איז ער געזעסען זעקס חדשים ביז מען האָט ניט געמאַכט אַיין עק מיט טיבעריוס'ן. דער נייער קייזער האָט זיך באַלד דערמאָנט אין זיין איבערגעגעבענעם פריינד. ער האָט איהם בעפרייעט אונ פאַר דיא אייזערנע קייטען געשענקט אַ שווערע גאָלדענע קייט אונ אַ חוץ דעם האָט ער איהם בעשטימט פאַר קעניג איבער דעם לאַנד וואָס רום האָט בעקומען פון פיליפ'ן. דער קאַיזער קאַליגולאַ האָט אָבער אַזוי ליעב געהאַט אַגריפאַ'ן אַז אַ גאַנץ יאָהר כמעט האָט ער איהם ניט געלאָזט אַוועקפאָהרען אונ דער נאָך האָט אים נאָך אַגריפאַ געמוזט געבען דאָס וואָרט אַז ער וועט גיך צוריקקומען.

אַז אַגְרִיפַּא אִיז פְּלִיצוּם אַרָאבּגֶעקוּמֶען רֵייךְ אוּנ שְׁטַארְק, נָאךְ אַזֶעלְכֶע בִּיטֶערֶע צָרוֹת וָואס עֶר הָאט פְרִיהֶר אִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען, הָאט זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ פַייֶער פוּן קִנְאָה אִין הַארְץ פוּן דֶער זְשֶׁעדְנֶער הֶערַאדְיָאס, וָואס דִי נַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אִיהר קַארְג גֶעוֶועהן אוּנ זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרֶעדֶען אִיהר מַאן אַנְטִיפַּ'ס. עֶר זָאל זִיךְ דוּרְכְפָּאהרֶען קֵיין רוֹם אוּנ אוֹיסבֶּעטֶען בַּיי'ם קֵייסֶער מֶלֶךְ עֶפִּיס נָאךְ אַלַאנְד. אַיין בַּקָשָׁה פוּן אַגְרִיפַּא'ן אִיז אָבֶער גֶענוּג גֶעוֶועהן אַז אַנְטִיפַּ'ס זָאל נִיט נָאר נִיט פוּעֲל'ן, נָאר עֶר זָאל נָאךְ פֶערְלִיעֶרֶען דָאס וָואס עֶר הָאט שׁוֹין גֶעהַאט. עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹי גֶעשֶׁעהן: אַנְטִיפַּ'ס אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען קֵיין לִיאָן אִין פְרַאנְקְרֵייךְ אוּנ אַגְרִיפַּא הָאט אִיהם לֶעבֶּעדִיגֶערהֵייט גֶעיַרְשֶׁעט.

אַז גַאלִילֶעאַ אוּנ פֶּערֶעאַ זֶענֶען אוֹיךְ צוּגֶעקוּמֶען צוּם לַאנְד. וָואס קַאלִיגוּלַא הָאט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען אַגְרִיפַּא'ן, אִיז זַיין מְלוּכָה גֶעוָוארֶען גָאר נִיט קֵיין קְלֵיינֶע, אוּנ דָאס הָאט בַּאלְד אוֹיפְגֶעוֶועקְט צְוִוישֶׁען דִי פֶּעלְקֶער פוּן אַרוּם, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס צְוִוישֶׁען דִי גְרִיכֶען פוּן אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען, דִי אַלְטֶע שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען. דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אָבֶּער מִיט כֹּחַ גָאר נִיט גֶעקֶאנְט מַאכֶען, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבֵּייטֶען מִיט'ן מוֹיל אוּנ מִיט דֶער פֶּען. זֵיי הָאבֶּען אֲפִילוּ קֵיין נַייֶעס נִיט גֶעדַארְפְט אוֹיפְטְהוּן: נָאךְ מִיט אַ סַךְ דוֹרוֹת פְרִיהֶר זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶענוּג שְׁרַייבֶּערְס וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט נִיט וֶועניג בִּלְבּוּלִים אוֹיפְ'ן יוּדִישֶׁען פָאלְק: אִין דֶער צַייט פוּן אַנְטִיוֹכוּס עֶפִּיפַאנֶעס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ גֶעוִויסֶער פָּאזִידָאנְיוּס, וָואס הָאט גֶעשִׂיט מִיט שְׁקָרִים; נִיט בֶּעסֶער פוּן אִיהם זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַפָּאלָאנְיוּס מֶעלַא, וָואס הָאט זִיךְ אָנְגֶענַאשְׁט מִיט הַאס גֶעגֶען יוּדֶען פוּן צִיצֶערָא, אוּנ חֶערֶעמָאן, וָואס הָאט גֶעלֶעבְט אִין צֶעזַאר'ס צַייט. אָט דִי חֶבְרָה־לַייט הָאבֶּען גֶעדְרִינְגֶען, אַז נִיט דִי יוּדֶען זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען פוּן מִצְרַיִם, נָאר מֶען הָאט זֵיי פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעיָאגְט, וַוייל זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן קְרַאנְק אוּנ אוּמְרֵיין אוּנ דִי מִצְרִים הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט זֵיי זָאלֶען זִיךְ פוּן זֵיי נִיט אָנְנֶעהמֶען דִי צֶעהן מַכּוֹת. עֶס הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ עֶטְלִיכֶע גְרִיכִישֶׁע גֶעלֶעהרְטֶע אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי יוּדֶען, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אִין דֶעם עִנְיָן דֶער בֶּערִיהמְטֶער שְׁרַייבֶּער סְטְרַאבָּא, וָואס הָאט דֶערְמֶעלְט גֶעאַרְבֵּייט אִין גֶעאָגְרַאפִיע אוּנ גֶעשִׁיכְטֶע, נָאר דֶעם אֱמֶת אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ דוּרְךְ צוּ שְׁלָאגֶען אַ וֶועג צְוִוישֶׁען קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה, אַלֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען פֶערְשְׁטָאפְּט גֶעוֶועהן וֶוען מֶען הָאט גֶערֶעדְט עֶפֵּעס גוּטְס אוֹיף יוּדֶען, אוּנ וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעקֶאנְט אוֹיסְטְרַאכְטֶען רְכִילוּת אוּנ לֵי־

גען — דער האָט געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע. דאַריבער האָט מען דעמעלט אַזוי אויפגעהאַפּט אַ ספר. וואָס אַ געוויסער אַפּיאָן האָט אָנגעשריבען, ווייל דאָרט זענען שוין געוועהן אַזוינע זאַכען וואָס זענען ניט געשטימט און ניט געפעלונגען, און עס איז ניטאָ קיין שום שלעכטסקייט און מאוסקייט, וואָס ער זאָל ניט אַרויפלעגען אויף יודען.

דאָס יודישע מזל איז שוין אָבער אַזוי — אַז פון קללות ביז קלאָפּ איז נאָר אַ קליינער איבערגאַנג: מען דאַרף נאָר אָנהייבען שטעכען מיט ווערטער און עהדער מען קוקט זיך אום קאָן מען שוין שטעכען מיט שפּיזען. אַזוי איז אויך געוועהן אין אַלעקסאַנדריען: די התחלה האָט מען געמאַכט מיט לצנות איבער דעם יודישען אומרייניקייט, און טאַקע באַלד האָט מען זיך מישב געוועהן אַז מען מעג זיי טאַקי דערקוטשען מעהר ווי מיט ווערטער. צוויי שונאים, איזידאָרוס און לאַמפּאַ, האָבען אונטערגעהיצט די איינוואָהנער פון אַלעקסאַנדריען. דער מושל פלאַקוס איז אויך איבערגעגאַנגען אויף זייער זייט, און פּונקט ווען די יודען פון מצרים זענען ביי זיך שטאָלץ געוואָרען וואָס זייער נשיא'ס אַ גוטער פריינד איז געוואָרען קעניג, האָבען זיך אָנגעהויבען אונערהאָרטעטע פערפאָלגונגען. אַז אַגריפּאַ איז דורכגעפאָהרען דורך אַלעקסאַנדריען האָט דאָס פּאָלק גענומען אַ משוגענעם, קאַראַבאַס, און מען האָט איהם אָנגעטהון אַ פּאַפּיערנע קרוין און אַ מאַנטעל פון שמאַטעס און מען האָט איהם געלאָזט אַרומלויפען אין גאַס אַלע זאָלען הוזק מאַכען און טייטען מיט די פינגער אויף דעם „נייעם קעניג". דאָס פּאָלק האָט זיך אָבער ניט בעגנוגט מיט אַזאַ שפּיעלכען, מען איז באַלד אָנגעפאַלען אויף אַלע שולען, און מען האָט דאָרט אַריינגעשטעלט בילדער די יודען אויף צו להכעיס. און פלאַקוס האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז די יודען פערליערען די רעכט וואָס זיי האָבען ביז אַהער געהאַט. באַלד נאָך דעם האָט מען די יודען אַרויסגעטריבען פון אַלע פיער טהייל פון דער שטאָדט, און מען האָט זיי אָנגעוויזען אַ בעזונדער אָרט, וואו זיי האָבען זיך געמוזט צונויפשטופּען אין ענגעניש און דערשטיקעניש. זייערע פריהערדיגע וואָהנונגען האָט מען אָבגעראַבעוועט, פון זייער גאַנץ פערמעגען איז געוואָרען אַ תל, און אפילו די דריי גרעסטע גבירים פון דאָרט איאַדיוס, טריפאָן און אַנדראָן, זענען שטאַרק פעראָרעמט געוואָרען. אויסער דעם האָט מען קיין יודען ניט אַרויסגעלאָזט, און אַז נויט און מאַנגעל האָבען איינעם געטריבען ער זאָל זיך אַרויסגנבענען, האָט ער דערפאַר מיט'ן לעבען בעצאָהלט. אַזוי איז

אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַ חוֹדֶש אוּנ פְּלִיצוּם הָאט דֶער מוֹשֵל פְּלַאקוּס גֶעהֵייסֶען פֶּענְ־טֶען אִין קֵייטֶען אַכְט אוּנ פִירְצִיג יוּדִישֶע פָארְשְׁטֶעהֶער , אוּנ זֵיי אֶפֶּענְטְלִיךְ פַאר'ן גַאנְצֶען עוֹלָם שְׁלָאגֶען אוּנ אָנְטְהוּן עִנוּיִם קָשִׁים , וָואס פִיעַל פוּן זֵיי זֶענֶען טַאקֶע דֶערְפוּן גֶעשְׁטָארְבֶּען . דָאס אִיז גֶעשֶׁעהְן אִין אַ יוֹם טוֹב , אִין גֶעבּוּרְטְסְטָאג פוּנ'ם קַאיזֶער , וֶוען אֲפִילוּ פֶערְבְּרֶעכֶער וֶוערֶען בֶּעפְרַייעֶט פוּן זֵייעֶר עוֹנֶש . אַזוֹי הָאט זִיךְ פְלַאקוּס נָאךְ אֵיין חוֹדֶש אָפְּגֶעגֶעבֶּענְט מִיט דִי יוּדֶען . גֶעהַרְגֶעט , גֶעגַזְלֶט , נִיט פַארשוֹינְט קֵיין שְׁוַואכֶע וַוייבֶּער . אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶאדְלֶעךְ אוּנ קְלֵיינֶע קִינְדֶער , בִּיז פוּנְקְט אִים כְּבוֹת זֶענֶען זֵיי דֶערפְרֵייעֶט גֶעוָוארֶען מִיט דָער בְּשׂוֹרָה, אַז פְלַאקוּס'ן הָאט מֶען אַרָאפְּגֶעוָוארְפֶען , אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ דֶערְקְוִויקְט מִיט דֶער הָאפְנוּנְג אוֹיף אַ בֶּעסֶערֶע צַייט.

זֵיי זֶענֶען אָבֶּער מֶעהר נִיט גֶעבְּלִיבֶּען ווִי בַּיי דֶער הָאפְנוּנְג . דֶער נַיי־עֶר פְּרָאקוּרַאטָאר קַאסוּס הָאט אֲפִילוּ גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען , דָאס פָאלְק זָאל זֵיי נִיט שְׁלָאגֶען , נָאר אוּמְצוּקֶעהרֶען זֵיי דִי צוּגֶענוּמֶענֶע רֶעכְטֶע הָאט אִיהם דָאס הַארְץ נִיט גֶעטְרָאגֶען אוּנ אוֹיךְ בַּיי אִיהם אִיז אַפִּיָאן'ס סֵפֶר גֶעוֶועהן אַ גַאנְצֶע תּוֹרָה , אוּנ דֶער שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שִׁיטֶען שְׁוֶועבֶּעל אוּנ פֶּעךְ אוֹיף דֶעם יוּדִישֶען פָאלְק אוּנ בֶּעווִיזֶען אַז עֶס קוּמְט זֵיי גָאר קֵיין בֶּעסֶערְס נִיט , וַוייל מֶען הָאט זֵיי ווִי גֶעפַאנְגֶענֶע גֶעבְּרַאכְט קֵיין אַלֶכְּסַנְדְרִיָען . דֶער קַאיזֶער קַאלִיגוּלַא הָאט זִיךְ אִין דִי זַאכֶען נִיט גֶעמִישְׁט ; עֶר אִיז גֶעוֶועהן פֶערְטְרָאגֶען מִיט זַיינֶע מִלְחָמוֹת אִין גַאלְיֶען אוּנ גֶערְמַאנְיֶען , אוּנ אַז עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען , הָאט עֶר גֶעוָואלְט מֶען זָאל אִיהם הַאלְטֶען פַאר אַ גָאט . דָא הָאבֶּען וַוייטֶער דִי שׂוֹנְאִים בֶּעקוּמֶען אַ נַייעֶ גֶעלֶעגֶענְהֵייט זִיךְ אָבְּצוּרֶעכְנֶען מִיט דִי יוּדֶען , וָואס הָאבֶּען בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט אַיינ־שְׁטֶעלֶען אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען דֶעם קַאיזֶער'ס בִּילְדֶער . אוּנ זֵיי בֶּעטְרַאכְטֶען ווִי אַ הֵיילִיגְטְהוּם. פוּן אֵיין זַייט אִיז דָאס צוּרַייצְטֶע פָאלְק נִיט אֵיין מָאהל אָנְ־גֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ אוֹיף זֵייעֶרֶע בָּתֵּי תְפִלָּה , אוּנ מִיט גֶעוַואלְד אַהִין אַריינְגֶעשְׁטֶעלְט קַאלִיגוּלַא'ס בִּילְדֶער . אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט קַאסוּס זֵיי גֶעשְׁטֶערְט אָבְּצוּהִיטֶען דִי אֱמוּנָה , אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר גֶע־פָארְדֶערְט פוּן זֵיי נִיט הֵיילִיג צוּ הַאלְטֶען דֶעם שַׁבָּת . פְרִיהֶר פְלֶעגְט עֶר זֵיי זָאגֶען פַאר אַ וֶוארְטֶעל , אַז אַזוֹי ווִי בַּיי אַ סַכָּנָה מֶעגֶען זֵיי מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין , וֶועט עֶר פַאר זֵיי זַיין דִי גְרֶעסְטֶע סַכָּנָה אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ טַאקִי פוּן דֶעם וֶוארְטֶעל אוֹיסְגֶעלָאזְט אַיין אֱמֶת , אוּנ פַאר דִי יוּדֶען הָאט זִיךְ אָנְ־גֶעהוֹיבֶּען אַזאַ שְׁרֶעקְלִיכֶע צַייט , אַז פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען

פון יודישקייט, אונ דעם נשיא אלכסנדרס א ברודער טיבעריוס, איז איבערגעגאנגען צום גאטצענדיענסט אונ האט דערנאך דערגרייכט זעהר איין גרויסע מדרגה.

זעהר טרויעריג איז דעמאלט געוועהן דער מעמד פון די אלכסנדרינישע יודען, אונ כדי צו טרייסטען דעם עולם, מען זאל זיך גאר אין גאנצען ניט אראבפאלען, האט א יודישער שרייבער, וואס זיין נאמען איז געבליעבען אונבעקאנט, דעמאלט ארויסגעלאזט אין דער גריכישער שפראכע א ספר, וואס האט א ביסעל געשטארקט די געשלאגענע אונ געפאלענע.

אין דעם ספר, וואס הייסט "דאס דריטע בוך פון די מקאבעער", ווערדט דערצעהלט איין אלטע מעשה וואס ג"ז האלב אמת אונ האלב אויסגעטראכט, ווי דער מלך פון מצרים פתילפאטאר האט געוואלט א מאהל אריינגעהן אין בית המקדש. האט ער דערפאר בעקומען א שטארק חולשת, ווי ער האט זיך נוקם געוועהן אין די יודען. זיי געפייניגט אונ געגאנגען צו דיענען עבודה־זרה, ווי פיעל פון זיי האבען זיך געלאזט פערפיהרען, ווי גאט האט זיך אנגענומען פאר זיין פאלק אונ די עלעפאנטען, וואס מען האט אנגערייצט אויף די יודען, האבען זיך ארויפגעווארפען אויף זייערע שונאים. ווי אזא נס האט אין גאנצען איבערגעמאכט דעם מלך, וואס האט תשובה געקריגען אויף אלע רעות, אונ האט אנגעהויבען יודען טהון טובות.

דאס בוך האט שטארק מחזק געוועהן די יודען פון אלכסנדריען, אונ זיי האבען זיך ענטשלאסען צו שיקען שליחים קיין רום בעטען דעם קייזער ער זאל זיך פאר זיי אננעהמען. דערצו האבען זיי אויסגעקליבען די שאנסטע אונ געלערנטע בעלי בתים אונ בעזאנדערס דעם בעריהמטען יודישען פילסוף פהילא (פילן היהודי), דעם ברודער פונ'ם נשיא, וואס האט געשעמ'ט אויף דער וועלט מיט זיין חכמה. די איבריגע איינוואהנער וואס האבען מורא געהאט טאמער פועלן די יודען, האבען אויך ארויסגעשיקט שליחים פון זייער זייט אונ האבען אויסגעקליבען דעם גוטען אפיאן, וואס מען האט געוואוסט אז אויף ליגענס זאגען איז ער דער ערשטער בריה. אזוי זענען זיך צונויפגעקומען די שליחים פון ביידע זייטען, אונ קאליגולא האט בעדארפט אויסהערען זייערע טענות אונ פסקנ'ן ווער עס האט רעכט. קאליגולא איז אבער אין כעס געוועהן אויף די יודען דערפאר וואס זיי זענען מסופק געוועהן אין זיין געטליכקייט, אונ ער איז אויף זייערע שליחים אנגעפאלען מיט זידלערייען אונ קללות אונ האט זיי גאר ניט געוואלט פאר די אויגען לאזען. אומזיסט

הָאבּען זֵיי נָאךְ גֶעהָאפְּט, אַז דֶער צָארן פוּנ'ם קַאיזֶער זָאל שְׁטִילֶער וֶוערֶען אוּנ עָר זָאל זֵיי קֶאנֶען אוֹיסְהֶערֶען. עֶס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶערְמִיט, וָואס מֶען הָאט דֶעם נָשִׂיא אַלֶכְּסַנְדֶר אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה אוּנ פוּן יְרוּשָׁלַיִם אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ פִינְסְטֶערֶע בְּשׂוּרָה אִיז קַאלִיגוּלַא הָאט מְטַמֵּא גֶעוֶועהן דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ אוּנ נִיט פֶערְשׁוֹינְט דָאס וָואס אִיז בַּיי זֵיי דָאס הֵיילִיגְסְטֶע.

קַאלִיגוּלַא הָאט זִיךְ טַאקֶע בֶּאֱמֶת אַרַיינְגֶענוּמֶען אִין מוֹחַ, אַז עֶר מוּז דִי יוּדֶען אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען דַארוֹיף זֵיי זָאלֶען זַיינֶע בִּילְדֶער אַרַיינְשְׁטֶעלֶען נִיט אִין דִי שׁוּלֶען, נָאר אוֹיךְ אִינ'ם בֵּית הַמִקְדָּשׁ, אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז מִיט כּחַ וֶועט עֶר אַלְדִינְג אוֹיסְפִּיהרֶען. דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דֶעם מוֹשֵׁל פוּן סִירְיָען פֶּעטְרָאנִיוּס עֶר זָאל זִיךְ פְרִיוֶוען מִיט'ן חַיִל דֶערְנַוייטֶען דִי עַקְשָׁנִים פוּן וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶען גָאט זֵיי זָאגֶען זִיךְ אָב. פּוּנְקְט עֶרֶב סֻכּוֹת אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי יְדִיעָה, אַז פֶּעטְרָאנִיוּס אִיז צוּגֶעקוּמֶען מִיט אַיין גְרוֹיסֶע מַחֲנֶה בִּיז עַכּוֹ, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעהַאט אַ פַארְשְׁטֶערְטֶען יוֹם טוֹב, נָאר אַזוֹי וִוי עֶס הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעגֶענְס אוּנ אַ קַאלְט וֶועטֶער הָאט פֶּעטְרַאנִיוּס זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ וַוארְטֶען בִּיז נָאךְ פֶּסַח אוּנ דֶערְוַוייל הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעהֶערְט צוּ דִי גֶעשְׁרַייעֶן פוּן טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען, אוּנ הָאט אַרוֹיכְגֶעזֶעהן, אַז זֵיי וֶועלֶען גֶעהן בִּיז צוּם לֶעצְטֶען טְרָאפֶּען בְּלוּט אוּנ נִיט דֶערְלָאזֶען קַיין חִלוּל הַשֵּׁם. בַּיי פֶּעטְרָאנְיוּס'ן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען, עֶר זָאל דֶערְפוּן מוֹדִיעַ זַיין דֶעם קַאיזֶער, אוּנ אִיהם בֶּעטֶען עֶר זָאל דִי יוּדֶען לָאזֶען צוּ רוּה. אִין דֶער צַייט אַז בַּיי קַאלִיגוּלַא'ן גֶעוֶועהן צוּ גַאסְט אַגְרִיפַּא, אוּנ הָאטְשֶׁע עֶר הָאט גֶעהֶערְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ עֶס הָאט אִיהם גוּט גֶעהַארְט, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט וִויסֶענְדִיג; נָאר אַיין מָאהל הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר קַאלִיגוּלַא'ן זֶעהר אַ בְּרֵייטֶע סְעוּדָה, אוּנ אַז דֶער קַאיזֶער אִיז שְׁטַארְק פְרֶעהלִיךְ גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט פָארְגֶעלֶעגְט אַגְרִיפַּא'ן עֶר זָאל בַּיי אִיהם בֶּעטֶען וָואס עֶר וִויל, הָאט עֶר פוּן אִיהם נָאר פֶערְלַאנְגְט עֶר זָאל אוֹיפְהֶערֶען הָאבֶּען צוּ טְהוּן מִיט דִי יוּדֶען. קַאלִיגוּלַא'ן הָאט נִיט גֶעפַּאסְט עֶר זָאל קַיין וָוארְט נִיט הַאלְטֶען, אוּנ עֶר הָאט גְעשִׁיקְט זָאגֶען פֶּעטְרַאנִיוּס'ן, אַז אוֹיבּ עֶר הָאט נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעפִיהרְט זַיין פְרִיהרִיגֶען בֶּעפֶעהל, זָאל עֶר שׁוֹין מֶעהר גָאר נִיט טְהוּן. דֶערְוַוייל אִיז אָבֶּער אָנְגֶעקוּמֶען פוּן פֶּעטְרָאנִיוּס'ן דֶער בְּרִיעף אִין וֶועלְכֶען עֶר עֶצְלוֹיבְּט זִיךְ דֶעם קַאיזֶער אַלֵיין אֵיין עֵצָה צוּ גֶעבֶּען אוּנ פָּאראוֹיסְזָאגֶען, אַז עֶס וֶועט אִיהם גָאר נִיט גֶערָאטְהֶען; דָאס הָאט קַאלִיגוּלַא'ן אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין אַזַא

בַּעַס, אַז עֶר הָאט בֶּעפָאהלֶען פֶּעטְרַאנִיוּס'ן עֶר זָאל זִיךְ אַלֵיין אָנְטְהוּן דֶער־פַּאר אַ מִיתָה מְשׁוּנָה, נָאר עֶהדֶער נָאךְ זַיין בֶּעפֶעהל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ פֶּעטְרַאנִיוּס'ן אִין דִי הֶאנְד, הָאט מֶען דֶערְהַרְגֶ'ט קַאלִיגוּלַא'ן אוּנ אוֹיף דִי יוּדֶען אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען אַ שְׁטִיקֶעל יְשׁוּעָה.

אִינְאֵיינֶעם מִיט דִי יוּדֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז אוֹיךְ דִי יְשׁוּעָה גֶעקוּמֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען, וַוייל דֶער נֵייעֶר קֵאיזֶער קְלוֹידִיוּס. וָואס אַגְרִיפַּא הָאט אִיהם צוּגֶערֶעדְט אוּנ גֶעאַרְבֵּייטֶעט אוֹיף אַלֶע כֵּלִים עֶר זָאל אִיבֶּערְנֶעהמֶען דִי מְלוּכָה, הָאט פוּן אֵיין זַייט אַגְרִיפַּא'ן גֶעמַאכְט פַאר קֶאנִיג אִיבֶּער גַאנְץ פַּאלֶעסְטִינַא. אוּנ הָאט אוּנְטֶער זַיין מַאכְט גֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע לֶאנְדֶער פוּן יְהוּדָה, שֹׁמְרוֹן, גַלִילֶעאַ אוּנ פֶּערֶעאַ, אוּנ זַיין בְּרוּדֶער הוּרְדוּס בֶּעשְׁטִימְט פַאר אַ מוֹשֵׁל פוּן חַאלְקִיס בַּיי'ם לְבָנוֹן, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט עֶר דִי אַלֶכְּסַנְדְרִינִישֶׁע יוּדֶען אוּמְגֶעקֶעהרְט אַלֶע רֶעכְטֶע, דֶעם נָשִׂיא אַלֶכְּסַנְדֶר בֶּעפְרַייעֶט פוּן דֶער תְּפִיסָה. אוּנ זַיין בְּרוּדֶער פִילָא אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַזַא כָּבוֹד, אַז עֶר הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען אֶפֶענְטְלִיךְ אִין סֶענַאט דֶערְצֶעהלֶען דִי צָרוֹת וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעלִיטֶען פוּן פְלַא־קוּס אוּנ קַאלִיגוּלַא.

אִין אַגְרִיפַּא'ס צַייט אִיז דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד וַוייטֶער אוֹיפְגֶעלֶעבְּט גֶעוָוא־רֶען, וַוייל אִיהם הָאט גֶעטְרִיבֶּען צוּ דֶער מְלוּכָה נִיט נָאר דֶער חֵשֶׁק גְרוֹיס צוּ וֶוערֶען אוּנ הֶערְשֶׁען אִיבֶּער אַ פָאלְק, נָאר אוֹיךְ אַ פוּנְק פוּן אֱמֶת־לִיעבֶּע צוּ יוּדֶען אוּנ צוּם יוּדִישְׁקַייט, וָואס אִיז צוּ אִיהם אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען בִּירוּשָׁה פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים. אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִי צַייט, וָואס מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט דִי עֶרְשְׁטֶע פֵּירוֹת בְּרֶענְגֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, הָאט דֶער קֶאנִיג גְלַייךְ מִיט אַלֶע מְקַיֵים גֶעוֶועהן דִי מִצְוָה, אוּנ אַלֶע הָאבֶּען מִיט גְרוֹיס אִי־בֶּערְגֶעבֶּענְהֵייט בֶּעגְרִיסְט זֵייעֶר פְרוּמֶען פִירֶער. אוֹיפֶ'ן אַנְדֶערְן יָאהר סֻכּוֹת הָאט אַגְרִיפַּא, וִוי דֶער אַלְטֶער מִנְהָג אִיז גֶעוֶועהן, פָארגֶעלֵייעֶנְט דִי סֶדְרָה. אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּם פָּסוּק, וואוּ עֶס שְׁטֶעהט, אַז דֶער יוּדִישֶׁער מֶלֶךְ דַארְף אַרוֹיסְשְׁטַאמֶען טַאקִי נָאר פוּן יוּדֶען, הָאבֶּען זִיךְ אִיהם טְרֶערֶען גֶעקַאטְשְׁעט פוּן דִי אוֹיגֶען. וַוייל עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט. אַז עֶר קוּמְט אוֹיךְ אַרוֹיס פוּן אֲדוֹמִים, אוּנ אַז עֶר אִיז אֶפְשַׁר נִיט וֶוערְטְה צוּ טְרָאגֶען אוֹיף זַיין קָאפּ דִי קֶאנִיגְלִיכֶע קְרוֹין. דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעשְׁטוּיסֶען וָואס עֶר מֵיינְט, אוּנ אַלֶע הָאבֶּען מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען: אָחִינוּ אַתָּה! דוּ בִּיסְט אוּנְזֶער בְּרוּדֶער!

אַגריפּאַ האָט גענומען אַלע מיטעל צו בעפעסטיגען די אמונה: אויפ'ן אָרט פון טהעאָפילאָס, וואָס דער פּראָקוראַטאָר וויטעליוס האָט בעשטימט האָט ער געשטעלט פאַר כהן גדול שמעון קאַנטהעראַס, וואָס די וועלט האָט איהם וועגען זיין פרומקייט פערגלייכט מיט שמעון הצדיק, און פאַר'ן ראש פון די סנהדרין האָט ער געמאַכט הלל'ס איין ענקעל, גמליאל דעם עלטערן, וואָס האָט זיך אין גאַנצען געהאַלטען אין זיידענס גאַנג. איהם האָבען פיעל איינוואָהנער פון פּאַלעסטינאַ, וואָס זענען קיין יודען ניט געוועהן, צו פערדאַנקען, וואָס מען האָט זיי בעהאַנדעלט מיט רחמנות און מענשענליעבע, און וואָס די אָרעמע פון זיי האָבען בעקומען שטיצע פון דער איינענער צדקה וואָס אַלע, און האָבען געמאָגט אין פעלד צונויפקלויבען די איבערגעלאָזטע זאַנגען (לקט); ווייל ער האָט איינגעפיהרט אַז יעדער וואָס היט אָב די זיבען הויפּט-מצות, וואָס שטאַמען אַרויס נאָך פון נח'ס קינדער, און האָט אין זיך ניט קיין פערדאָרבענע מדות וואָס פלעגען צום מענשען איבערגעהן פון עבודה-זרה, דאַרף זיך שוין ניט רעכנען פאַר קיין גאָטצענדיענער און קאָן האָבען אַלע רעכטע גלייך מיט די איבריגע קינדער פונ'ם לאַנד.

צווישען די ראָמער און די יודען איז דעמעלט געוועהן אַ פריינדשאַפט. אַז עטליכע יונגע לייט האָבען זיך ערלויבט אין דער שטאָדט דאָרא אַריינ-שטעלען דעם קאַיזער'ס בילדער אין די שולען, האָבען זיי דערפאַר בעקומען אַ פּסק פון דער ראָמישער מלוכה. אַגריפּאַ ווידער פון זיין זייט איז ניט געוועהן קאַרג אויף מתנות און ניט אומזיסט האָבען איהם די איינוואָהנער פון די שטאָדט סעבאַסטאָס, אַנטהעדאָן און גזה בעוויזען אַזאַ כבוד, אַז זיי האָבען געלאָזט מאַכען בעזונדערע מטבעות און אויפשרייבען: „דער גרויסער קעניג אַגריפּאַ, דער פריינד פונ'ם קאַיזער". ווי נאָהענט אַגריפּאַ איז אָבער געוועהן צום ראָמישען קאַיזערליכען הויז האָט ער פאָרט זיך ניט געוואָלט משדך זיין מיט גאָטצענדיענער. זיין עלטסטע טאָכטער בערעניצע האָט ער פאַרקנס'ט פאַר'ן נשיא אַלעכסנדר'ס אַ זוהן, מאַרקוס; נאָר אַזוי ווי דער חתן איז געשטאָרבען פאַר דער החתונה האָט זי גענומען זיין איינענער ברודער הורדס, דער מושל פון חאַלקיס; די צווייטע טאָכטער מרים איז אַ כלה געוואָרען פאַר יוליוס אַרכעלוס, אַ זוהן פון חלקיהו, איינעם פון די שאַנסטע בעלי בתים אין ארץ ישראל; די יונגסטע טאָכטער דרוזילאַ האָט אפילו געוואָלט נעהמען אַ פּרינץ ניט פון קיין יודי-

שֶׁער מִשְׁפָּחָה, עֶפִּיפַאנֶעס, אַ זוּהְן פוּן אַגְרִיפַּא'ס בֶּעסְטֶען פְרַיינְד, אַנְטִיאָכוּס דֶעם קֶענִיג פוּן קָאמַאזְשֶען, נָאר דֶער חָתָן הָאט גֶעמוּזְט גֶעבֶּען דָאס וָוארְט אַז עֶר וֶועט אָנְנֶעהְמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה.

אִין אַגְרִיפַּא'ס יָאהרֶען אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין פַּאלֶעסְטִינָא אוּנ אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען גֶעוֶועהְן זֶעהר גְלֶאנְצֶענְד, אוּנ עֶס אִיז דֶעמָלְט גֶעבָּאהְרֶען גֶעוָוארֶען אַ גַאנְץ רַייכֶע יוּדִישֶׁע גְרִיכִישֶׁע לִיטֶערַאטוּר, אִין וֶועלְכֶער דִי הוֹיפְּטְרָאלֶע הָאבֶּען גֶעשְׁפִּילְט דֶער בֶּערִיהְמְטֶער פִילָא, אַ שְׁרַייבֶּער עֶזֶעקִיעֶלָאס, וָואס הָאט בֶּעשְׁרִיבֶּען אִין שִׁירִים דִי גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אוּנ יְצִיאַת מִצְרַיִם, אוּנ נָאךְ אַ אוּנְבֶּעקַאנְטֶער מְחַבֵּר וָואס הָאט גֶעמַאכְט אַ סֵפֶר „חָכְמַת שְׁלֹמֹה“.

וִוי וַוייט אַגְרִיפַּא אִיז גֶעוֶועהְן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי רֶאמֶער, הָאט עֶר פָּארְט נִיט גֶעוָואלְט אַז זַיין לַאנְד זָאל עֶבִּיג זַיין אָבְּהֶענְגִיג פוּן אַנְדֶערֶע אוּנ הָאט שְׁטַארְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מֶעהר צוּ בֶּעוָוארְנֶען. עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען דִי שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם אַ בִּיסֶעל פֶערְגְרֶעסֶערְן אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען בּוֹיֶען גְרוֹיסֶע בִּנְיָנִים אוֹיפֶען בֶּארְגֶעל בֶּזֶתָה, וָואס אִיז נָאךְ גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע פָארְשְׁטָאדְט, אוּנ דָארְט פְלֶעגֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען אַלֶע יְרִידִים פוּן בְּהֵמוֹת, וָואל, קְלֵיידֶער אוּנ אַייזֶען. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען בַּיי קְלוֹידְיוּס'ן עֶרְלוֹיבְּנִישׁ צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי נַייעֶ פָארְשְׁטָאדְט, אוּנ עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעקֶענְט אָבְּזָאגֶען. נָאר אַז אַגְרִיפַּא הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אִין מִיטֶען בּוֹיֶען הָאט דֶער מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען וִוִיבִּיוּס מַארְזוּס אָנְגֶעשְׁמֶעקְט אַז דָאס טוֹיג נִיט פַאר רוֹם. עֶר הָאט עֶס בַּאלְד מוֹדִיעַ גֶעוֶועהְן קְלוֹידְיוּס'ן, אוּנ פְּלוּצִים אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַגְרִיפַּא'ן אַ בֶּעפֶעהל עֶר זָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּ צַרבֵּייטֶען. אַגְרִיפַּא הָאט גֶעמוּזְט אָנְבֵּייגֶען דֶעם קָאפּ; נָאר דֶעם גֶעדַאנְק אַז דָאס יוּדִישֶׁע לַאנְד דַארְף פוּן זִיךְ אַרָאבְּוַוארְפֶען דֶעם עוֹל פוּן דִי רֶאמֶער אִיז בַּא אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן גָאר אוֹיף אַיין אַנְדֶער זַייט — צוּ מַאכֶען יַד אַחַת מִיט אַנְדֶערֶע קֶענִיגֶע וָואס וָואלְטֶען אוֹיךְ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהְן וֶוען דִי מַאכְט פוּן רוֹם וֶוערְט אַ בִּיסֶל קְלֶענֶער. עֶר הָאט פַארְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ קַיין טִיבֶּערְיַאס זַיין מְחוּתָּן אַנְטִיוֹכוּס, דֶעם קֶענִיג פוּן קָאמַאזְשֶען, דֶעם קֶענִיג פוּן עֶמֶזַא, וָואס זַיין טָאכְטֶער יָאטַאפַּא הָאט חַתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַגְרִיפַּא'ס בְּרוּדֶער אַרִיסְטוֹבוּל, דֶעם קֶענִיג פוּן קְלֵיין אַרְמֶענְיֶען קָאטִיס, דֶעם מוֹשֵׁל פוּן צִילִיצְיֶען פַּאלֶעמָאן אוּנ אוֹיךְ זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער הוֹרְדוּס דֶעם מוֹשֵׁל פוּן חַאלְקִיס. גֶעהֵייסֶען הָאט עֶס

אַז דִי אַלֶע מְלָכִים זָענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען צוּ אַגְרִיפַּאן אַ בִּיסֶעל דִי צַייט פֶּערְבְּרֶענְגֶען; נָאר דֶער מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען מַארְזוּס הָאט צוּשְׁלָאגֶען דִי גַאנְצֶע הַתּוּנָה: עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶען וָואס אַגְרִיפַּא מֵיינְט, אוּנ הָאט דֶער גַאנְצֶער חֶבְרָה גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען, אוֹיבּ זֵיי זוּכֶען טַאקִי בֶּאֱמֶת תַּעֲנוּגִים אִיז נִיט דָא דֶער פְּלַאן דֶערפוּן. דִי מוֹרָא פוּן רוֹם אִיז נָאךְ דֶעמָאלְט אַזוֹי גְרוֹיס גֶעוֶועהן, אַז אֲפִילוּ נָאר בַּא אַ וִוינְק פוּן אַ רֶאמִישֶׁען דִינֶער זָענֶען זִיךְ דִי גֶאסְט צוּ פָאהרֶען, אוּנ אַגְרִיפַּא׳ס פְּלַאן אִיז נִיט אוֹיסְגֶעפִיהרְט גֶעוָוארֶען.

אַגְרִיפַּא הָאט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ טְרַאכְטֶען וְוִי אַזוֹי זַיין לַאנְד אַנִידֶערצוּשְׁטֶעלֶען אוֹיף אַ פֶּעסְטֶען פוּס. אוּנ עֶר וָואלְט גֶעווִיס אַ סַךְ זַאכֶען גֶעוֶועהן אוֹיסְגֶעפִיהרְט, נָאר פְּלִיצוּם אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ מִיט אִיהם אִיז פֶערְשְׁוִוינְדֶען גֶעוָוארֶען דֶער לֶעצְטֶער שְׁטֶערְן וָואס הָאט נָאךְ גֶעגְלַאנְצְט אִין יְהוּדָה, עֶהדֶער עֶס הָאט דָארְט זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָנְגֶערִיקְט דִי פִינְסְטֶערֶע נַאכְט.

נָאךְ אַגְרִיפַּא׳ס טוֹיט הָאבֶּען עֶרְשְׁט דִי גְרִיכֶען אִין פַּאלֶעסְטִינַא אוּנ סִירְיֶען גֶעקֶאנְט אַרוֹיסְוַוייזֶען זֵייעֶר בֶּעהַאלְטֶענֶע שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען. זֵיי הָאבֶּען גָאר פַארְגֶעסֶען, אַז בַּיים לֶעבֶּען הָאבֶּען זֵיי דֶעם יוּדִישֶׁען קֶאנִיג דֶעם גְרֶאסְטֶען כָּבוֹד אָבְּגֶעגֶעבֶּען, אוּנ מִיט דִי מַארְמָאר בִּילְדֶער פוּן זַיינֶע דְרַיי שֶׁאנֶע טֶאכְטֶער גֶעצִיערְט דִי גַאסֶען אִין דִיא שְׁטֶאדְט; קוֹים הָאט אַגְרִיפַּא צוּגֶעמַאכְט אֵיין אוֹיג, הָאבֶּען דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע שׂוֹנְאִים גֶעטַאנְצְט פַאר פְרֵייד אוּנ דִי בִּילְדֶער פוּן זַיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט נִיט אִין קֵיין רֵיינֶע אֶרְטֶער. אַז קְלוֹידְיוּס אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וָואס פַאר אַ אוּם כָּבוֹד דִי גְרִיכֶען הָאבֶּען אָנְגֶעטְהוּן דֶעם זֵכֶר פוּן זַיין גֶעלִיעבְּטֶען פְרַיינְד, אִיז עֶר דַארוֹיף שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז גֶעוֶועהן אוּנ הָאט פְרִיהר, אוֹיף צוּ לְהַכְעִיס דִי שׂוֹנְאִים גֶעוָואלְט אַגְרִיפַּא׳ס יוּנְגְסְטֶען זוּהן, וָואס הָאט דֶעמְעלְט גֶעלֶערְנְט אִין רוֹם אוּנ הָאט אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען אַ גְ רִ י פַּ א, מַאכֶען פַאר קֶאנִיג; נָאר עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען בַּעֲלֵי טוֹבָה, וָואס הָאבֶּען אִיהם אָבְּגֶעהַאלְטֶען דֶערְפוּן, אוּנ עֶרְקְלֶעהרְט אַז דֶעם זִיבְּעצֶעהְנְיָאהרִיגֶען אַגְרִיפַּא וֶועט שְׁוֶוער זַיין צוּ פִיהרֶען אַזַא מְדִינָה וְוִי פַּאלֶעסְטִינַא. אַזוֹי אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל ווִידֶער גֶעוָוארֶען אַ טְהֵייל פוּן דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה, אוּנ דִי מֶמְשָׁלָה אִיז אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען צוּם פְּרָאקוּרַאטָאר קוּסְפִּיוּס פַּאדוּס, וָואס הָאט גֶעפוֹעלְט בַּיים קֵאיזֶער עֶר זָאל מוֹחֵל זַיין דִי סָאלְדַאטֶען וָואס עֶר הָאט פְרִיהר גֶעהֵייסֶען פֶּערְשִׁיקֶען פַאר זֵייעֶר זִינְד נֶעגֶען כָּבוֹד פוּנ׳ם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם אַגְרִיפַּא. דָאס הָאט פַּאדוּס גֶעטְהוּן בִּכְיוּון

כְּדֵי דִי שׂוֹנְאִים זָאלֶען בְּלַייבֶּען אִין לַאנְד אוּנ זָאלֶען זִיךְ אַלְלֶע מָאל קְרִיגֶען מִיט דִי יוּדֶען אוּנ עֶר זָאל הָאבֶּען פַאר וָואס צוּ זֵיי זִיךְ טְשֶׁעפֶּען. אַזוֹי אִיז עֶס טַאקִי גֶעשֶׁעהְן, גִיךְ הָאבֶּען זִיךְ אָנגֶעהוֹיבֶּען אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייטֶען פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען אוּנ פַּאדוּס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גוּט אָבְּצוּרֶעכְנֶען מִיט דִי יוּדֶען. עֶר הָאט גֶעוָואלְט וִוי אַמָאל זִיךְ גֶעהְמֶען דָאס רֶעכְט אוֹיסְצוּקְלוֹיבֶּען אַ כֹּהֵן גָּדוֹל אוּנ הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען דִי בִּגְדֵי כְּהוּנָּה. נָאר דָא הָאט עֶר שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דֶעם בּוֹיגֶען: עֶס הָאט זִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אַזֵיינְס גֶעטְהוּן אַז דֶער מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען קַ א ס ִ י וּ ס לָ א נ ג ִ י נ וּ ס הָאט גֶע־מוּזְט צוּקוּמֶען מִיט גְרוֹיס חַיִל. נָאר אַזוֹי וִוי עֶס הָאבֶּען זִיךְ אִין דֶעם אַרַיינְגֶעמִישְׁט אַגְרִיפַּא'ס בְּרוּדֶער, ה וּ ר ְ ד וּ ס אוּנ אַ ר ִ י ס ְ ת וֹ ב וּ ל, אִיז גֶעבְּלִי־בֶּען מֶען זָאל אַוֶועקְשִׁיקֶען שְׁלִיחִים קַיין רוֹם אוּנ הַארֶען וָואס קְלוֹידִיוּס וֶועט דַארוֹיף זָאגֶען. אִין רוֹם הָאט דֶער יוּנְגֶער אַגְרִיפַּא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִי יוּדִישֶׁע שְׁלִיחִים פַאר'ן קַאיזֶער, עֶר הָאט זֵיי פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט זֵיי אַלְדִינְג צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן. אַזוֹי הָאט דֶער פְּרָאקוּרַאטָאר שׁוֹין נִיט גֶעטָארְט זָאגְעֶן קַיין דֵעָה אִין אֱמוּנָה זַאכֶען אוּנ דֶער גַאנְצֶער בַּעַל הַבַּיִת אִיז גֶע־וָוארֶען ה וּ ר ְ ד וּ ס. וָואס הָאט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל אֶ לְ ָ י א נַ י, אוֹיף זַיין אָרְט גֶעשְׁטֶעלְט אֵיינֶעם י וֹ ס ֵ ף, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה קַ מ ִ י ת, אוּנ טַאקִי בַּאלְד אִיהם אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אוּנ אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען אֵיין אַנְדֶערְן, חֲ נַ נְ ָ י ה בֶּ ן נֶ ב ֶ ד ַ י, וָואס אִיז אִין דֶער אֲכִילָה מֶעהר אַרַיינְגֶעטְהוּן גֶעוֶועהן וִוי אִין דֶער כְּהוּנָּה.

אִין דֶער צַייט פוּן פַּאדוּס הָאט זִיךְ פְּלִיצוּם אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַ גֶעוִויסֶער ט ְ ה ֶ ע א וּ ד ַ א ס, וָואס אִיז מֶעהר גֶעוֶועהן אַ פֶארְדְרֶעהְטֶער קָאפּ וִוי אַ שְׁווִינְדְ־לֶער, עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶערֶעדְט אַז עֶר אִיז מָשִׁיחַ אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען פִיער הוּנְדֶערְט נַארָאנִים וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהם גֶעלָאזְט גֶעהן צוּם יַרְדֵן, ווּאוּ עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ וַוייזֶען אַ נֵס, שְׁפַּאלְ־טֶען דֶעם טַייךְ אוּנ זֵיי טְרִיקֶען אַרִיבֶּערְפִיהְרֶען. פַּהַאדוּס הָאט זֵיי נָאכְגֶע־יָאגְט מִיט חַיִל אוּנ טְהֶעאוּדַאס אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען טוֹיט בַּאלְד דֶער נָאךְ הָאט קְלוֹידִיוּס אַרָאבְּגֶעשִׁיקְט קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַ נַייעֶם פְּרָאקוּרַאטָאר, אַ גֶעוֶועזֶענֶעם יוּדֶען ט ִ י ב ֶ ע ר ְ י וּ ס י וּ ל ְ י וּ ס אַ ל ֶ כְּ ס ַ נ ְ ד ֶ ר, דֶעם זוּהְן פוּנְ'ם נָשִׂיא אַלֶכְּסַנְדֶר, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם גֶאטְצֶענְדִיעֶנְסְט. קְלוֹידִיוּס הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר טְהוּט דֶער מִיט דִי יוּדֶען אַ טוֹבָה אוּנ אַז נֵייעֶר אַ בְּרוּדֶער וֶועט פָארְט מִיט זֵיי זִיךְ בֶּעסֶער בֶּעגֶעהְן; נָאר עֶר הָאט

פארגעסען, אז א געמאכטע מכשפה איז א סך ערגער: עס האט זיך באלד אנגעהויבען א שטארקע מרידה, דאס פאלק האט ניט געוואלט וויסען פון טיבעריוס׳ן, די פרומע זענען ארויסגעשפרינגען געגען איהם אונ געגען צוויי פון זיי, יעקב אונ שמעון, די זיהן פון יהודה דעם גאלילער, האט ער געמוזט ארויסנויזען זיין אכזריות אונ זיי האבען אויף דער תליה זייער לעבען געענדיגט.



# פירטעס קאפיטעל.

---

## דאס פארשפרייט-ווערען פון די יודען איף דער וועלט.

(48 — 44 נאך קריסטוס געבורט. 26—22 פאר׳ן חרבן בית שני)

די השגחה האט אזוי געפיהרט אז צווישען די גראסטע אומות עולם זאל דאס קליינע יודיש פאלק שפיעלן א ראללע דער מיט וואס אויף איהם איז געפאלען דער גורל צו פארשפרייטען די הייליגע אמונה אין א איינציגען גאטט אין אללע עקען פון דער וועלט, אונ צו ליעב דעם האבען די יודען, נאך דעמעלט ווען זיי האבען געהאט א אייגענע היים אונ דאס לאנד איז נאך כמעט אין גאנצען איינגעשטאנען ביי זיי אין די האנד זיך צוווארפען אין זעהר פיעל ערטער אונ אומעדום האבען זיי אנגעצונדען דאס ליכט פון ידיעת הבורא, וואס וועט שוין קיין מאל ניט פערלאשען ווערען ביז דאס מענשליכע הארץ וועט נאך ציהען צו אמת אונ צו יושר, ביז דער מענשליכער קאפ וועט ניט אויפהערען ארבייטען פאר שכל אונ חכמה.

דער בית המקדש אין ירושלים איז געוועהן דער מיטעל פונקט.

וָואהִין דִי אוֹיגֶען פוּן דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעוֶוענְדֶעט אִין יֶעדֶער צַייט אוּנ פוּן יֶעדֶען אָרְט; נָאר שׁוּלֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעאֶפֶּענְט אִיבֶּערַאל וואו זֵיי פְּלֶעגֶען זִיךְ בֶּעזֶעצֶען. זֶעהְר פִיעל יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט אִין קִירֶענַאִיקַא אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס אִין דָער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט אַנְטִיָאכִיֶען. דִי מְלָכִים פוּן סִירְיֶען הָאבֶּען זֵיי צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען אַלֶע רֶעכְטֶע, וֶועלְכֶע דֶער מְשׁוּגָעֶנֶער אַנְטִיָאכוּס עֶפִּיפַאנֶעס הָאט פְּרִיהְר בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען. אֵיינֶער פוּן דִי סִירִישֶׁע קֶענִיגֶע הָאט זֵיי אֲפִילוּ אָפְּגֶעגֶעבֶּען פִיעל כֵּלִים, וָואס מֶען הָאט אַמָאל צוּגֶענוּמֶען אִין מִשְׁכָּן, אוּנ זֵיי הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ זֵכֶר בַּיי זִיךְ אִין שׁוּל. אִין דַמֶשֶׂק הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען מֶעהְר פוּן צֶעהְן טוֹיזֶענְד יוּדֶען. אוּנ דֶער מֶלֶךְ פוּן נְבָט, אַרֶעטַאס פִילַאדֶעלְפוּס הָאט זֵיי עֶרְלוֹיבְּט אוֹיסְצוּקְלוֹיבֶּען פוּן זִיךְ אַ נָשִׂיא פּוּנְקְט וִוי אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיֶען. אִין רוֹם זֶענֶען דִי יוּדֶען מִיט דָער צַייט אוֹיךְ נִתְרַבָּה גֶעוָוארֶען, אוּנ חָאטְשׁ קְלוֹידִיוּס הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען פוּן דָארְט אַרוֹיסְטְרַייבֶּען, וַוייל עֶר אִיז אִין כַּעַס גֶעוֶועהְן אוֹיף אֵיינֶעם פוּן זֵיי, כְּרֶעסְטוּס, וָואס הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט צוּ בֶּעקֶערֶען דִי רָאמֶער מִיט דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דִי יוּדִישֶׁע קְהִלָּה פוּן רוֹם גֶעוֶועהְן נָאר נִיט קֵיין קְלֵיינֶע אוּנ זֵיי הָאבֶּען דָארְט גֶעהַאט אַ סַךְ שׁוּלֶען אוּנ אַ בֶּעזוּנְדֶער בֵּית עוֹלָם.

נָאךְ גְרֶעסֶער אִיז גֶעוֶועהְן דִי צָאהְל פוּן דִי יוּדֶען אִין דִי פַּארְטְהִישֶׁע לֶאנְדֶער. צְווֵיי יוּנְגֶע לַייט פוּן נְהַרְדְעָא בַּיים טַייךְ פְּרָת, אַסִינַי אוּנ אַנִילַי, הָאבֶּען גֶעגְרִינְדֶעט נִיט וַוייט פוּן דָארְט אַ נַייֶע שְׁטָאדְט אוּנ הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער מוֹרָא אַלֶע שְׁכֵנִים פוּן אַרוּם. זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהְן נָאר פְּרָאסְטֶע לֶערְנְיוּנְגְלֶעךְ בַּיי אַ בַּעַל מְלָאכָה, אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּקְרִיעגְט מִיטְ'ן בַּעַל הַבַּיִת זֶענֶען זֵיי גֶעפַאלֶען אוֹיף אֵיין שֵׂכֶל צוּ טְהוּן דִי אֵייגֶענֶע וָואס אֶלְטֶערֶע: מַאכֶען אַ גַאנְצֶע קָאמְפַּאנְיֶע. זִיךְ בֶּעזֶעצֶען אוֹיף אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט אוּנ אָנְפַאלֶען אוֹיף דִי וָואס פָאהְרֶען גְרָאד דוּרְךְ נֶעבֶּען זֵייעֶר גְבוּל. דִי פַּארְטְהִישֶׁע מְלוּכָה הָאט זִיךְ נִיט גֶעפִיהְלְט אִין כֹּחַ עֶפֶּעס צוּ מַאכֶען מִיט זֵיי, אוּנ דֶער קֶענִיג אַרְטַאבַּאן דֶער צְווֵייטֶער הָאט גֶעמוּזְט אַיינְבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ. אוּנ אַזוֹי אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְלֵיינֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, וָואס הָאט זִיךְ אֲפִילוּ מִיט יֶעדֶען טָאג פַארְגְרֶעסֶערְט, אָבֶּער נִיט מִיט קֵיין פַיינֶע מֶענְשֶׁען. דָאס וָואס אִיז אָבֶּער גֶעגְרִינְדֶעט אוֹיף גְזֵילָה קָאן קֵיין קִיוּם נִיט הָאבֶּען: פִינְפְצֶעהְן יָאהְר הָאט עֶס אִין גַאנְצֶען גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז אַסִינַי אִיז פֶערְנִיפְטֶעט גֶעוָוארֶען טַאקֶע דוּרְךְ זַיין אֵייגֶענֶע פְרוֹי, וָואס אִיז גֶעוֶועהְן אַ גָאטְצֶענְדִינֶערִין. אַז אַנִילַי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין, הָאט עֶר

שוין ניט געקאנט בעשטעהן געגען מיטרידאטעס . ארטאבאן'ס איידעם , וואס האט איהם נובר געוועהן און געמאכט פון די יודען א תל. פון דארט איז די שנאה איבערגעגאנגען אויך אויף די יודען פון בבל , און אין דער שטאדט סעלעוציא, ביים טייך טיגריס , זענען אומגעקומען פינף טויזענד יודען דורך די גריכען און סיריער וועלכע האבען געמאכט יד אחת זיי זאלען זיך נוקם זיין אין די יודען, וואס האבען געמוזט זוכען א מקום מנוחה אין די צוויי בעפעסטיגטע שטעדט נהרדעא און ניזיבים.

אויך אין די לאנדער פון פרס און מדי האבען געוואוינט פיעל יודען , און פון דארט האבען זיי זיך פארשפרייט איבער ארמעניען , קליין אזיען און נאך א סך ערטער ביים שווארצען ים. נאך דעם חורבן איז קיין זכר ניט געבליעבען פון פיעל יודישע קהלות; נאר אז די שטאדט אתונא, קארינטה, טהעסאלאניען און פהיליפי זענען געוועהן פול מיט יודען — דאס ווייסט מען געוויס.

ניט גרינג איז אנגעקומען די יודען אויסצופילען דאס גרויסע שליחות פונ'ם רבונו של עולם . און בעקאנט מאכען זיין הייליגען נאהמען צווישען די בלינדע און פערנארישטע גאטצענדיענער, וואס האבען זיך ניט אומזיסט געשראקען, דער ריינער גלויבען זאל ניט אין גאנצען אומווארפען דעם פוילען בנין פון עבודה־זרה, און האבען דערפאר ניט געזשאלעוועט קיין קלאפ פאר די , וואס האבען זיי געוואלט עפנען די אויגען און ווייך מאכען די הארצער. דאס יודישע פאלק איז אבער ניט געגאנגען מיט כח און האט זיך בעמיהט מעהר מיט גוטע מדות אויסצוצייכנען זיך צווישען אנדערע פאלקער, און מיט דער הילף פון ספרים פארשטעהן געבען דעם ווערטה פון זיין אמונה . א סך האבען דערצו געהאלפען די ביכער , וואס די יודישע געלעהרטע האבען דעמעלט געשריעבען אין דער גריכישע שפראכע, ווי דער בריעף פון אריסטעאס צו זיין ברודער פהילאקראטעס , וואס רעדט וועגען הייליגקייט פון דער תורה, און פון דער גריכישער איבערזעצונג, ווי דאס בוך חכמת שלמה, וואס ווייזט אויס, אז א מלך איז אויך מעהר ניט ווי א בשר ודם און אז די קעניגע וואס מאכען פון זיך געטטער , זענען ניט ווערטה זיך צו רעכנען אפילו פאר מענשען , און ווי איבערהויפט אלע ביכער פון פהילא . וואס שטעלט הויך דאס נוצליכקייט פון די יודישע געזעצע און דאס ריינקייט פונ'ם יודישען לעבען . א דבאי האבען זיך פיעל גאטצענדיענער ביכלעכווייס צוגעהויבען ווענדען צו דער יו־

יודי'שֶׁער אֱמוּנָה אונ אַיין פונק פון דֶעם נֵר תָּמִיד הָאט זִיךְ פֶערְמְרָאגֶען גַאנְץ ווייט, אונ גֶעהַיילִיגְט דֶעם נָאהמֶען פון גָאט אונ זַיין פַאלְק בַּיי אַזַא אוּמָה, וָואס אִיז בִּיז דֶעמֶעלְט אוֹיךְ גֶעוֶועהן פֶערְזִינְקֶען אִין פִינְסְטֶערְנִי'ש פונ'ם גָאט-צֶענְדִיעַנְסְט.

בַּיים טַייךְ טִיגְרִיס הָאט זִיךְ גֶעפונֶען אַ קְלֵיין לַאנְד אַ דִ יַ א בֶּ ע נֶ ע, אונ דָארְט הָאבֶּען גֶעקֶענִיגְט מָ א נָ א בַּ א ז (מוֹנְבַּז) אונ זַיין פְּרוֹי הֶ ע לֶ ע נַ א (הִילְנִי), דֶער קֶענִיג הָאט גֶעהַאט פִיעל קִינְדֶער פון אַנְדֶערֶע פְרוֹיעֶן, נָאר מֶעהר פון אַלֶע הָאט עֶר לִיעבּ גֶעהַאט דֶעם יוּנְגְסְטֶען זוּהן אִי זַ א טֶ ע ס, וָואס הֶעלֶענַא הָאט אִיהם גֶעבָּאהרֶען. אִיהם הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט פַאר'ן יוֹרֵשׁ פון דֶער מְלוּכָה אונ כְּדֵי דִי אִיבְּרִיגֶע בְּרִידֶער זָאלֶען אִיהם, וֶוענֶען קִנְאָה קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט טְהוּן, הָאט עֶר אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִין אַ ווייטֶער מְדִינָה מֶ ע סֶ ע נֶ ע, וָואס אִיז דֶעמֶעלְט גֶעוֶועהן אַ מִיטֶעלְפּוּנְקְט פַאר סוֹחֲרִים פון דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. דֶער פְּרִינְץ אִיזַאטֶעס אִיז אַזוֹי גֶעפֶעלֶען דֶעם מֶלֶךְ פון דָארְט אַ בִּ י נֵ רְ גְ לָ ז אַז עֶר הָאט אִיהם חֲתוּנָה גֶעמַאכְט מִיט זַיין טָאכְטֶער סַמַךְ. אִין דֶעם קֶאנִיגְלִיכֶען הוֹיף פְלֶעגְט זִיךְ דְרֶעהֶען אַ יוּדִי'שֶׁער סוֹחֵר חֲנַנְיָה, וָואס הָאט דִי פְּרִינְצֶעסִין צוּגֶעשְׁלֶעפְּט צוּם יוּדִישְׁקֵייט, אונ פון אִיהר הָאט עֶס שׁוֹין גֶענַאשְׁט אִיהר מַאן אוֹיךְ. אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט הָאט אוֹיךְ דִי קֶענִיגִין הֶעלֶענַא אָנְגֶעשְׁמֶעקְט פון דֶעם יוּדִי'שֶׁען גְלוֹיבֶּען, אונ אִיז גָאר גֶעוָוארֶען אַיין אַנְדֶער מֶענְשׁ. אַז דֶער קֶענִיג מָאנָאבַּאז אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אונ מֶען הָאט מוֹרָא גֶעהַאט זַיינֶע אַנְדֶערֶע קִינְדֶער זָאלֶען זִיךְ נִיט פְּרִיוֶוען מִיט גֶעווַאלְד אַ נַאפּ צוּ טְהוּן דִי מְלוּכָה, הָאט מֶען אִיהר גֶערָאטְהֶען זִי זָאל הֵייסֶען טֵייטֶען אַלֶע פְּרִינְצֶען; נָאר הֶעלֶענַא הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אִין דִי יוּדִי'שֶׁע דִינִים: בְּלוּט פַארְגִיעסֶען אִיז שׁוֹין בַּיי אִיהר גֶעוֶועהן דִי גְרֶעסְטֶע עֲבֵירָה, אונ זִי הָאט נָאר זִיךְ בֶּעוָואהרֶענְט דֶערְמִיט וָואס זִי הָאט זֵיי אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה. אַז אִיזַאטֶעס אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אונ הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה הָאט עֶר בַּאלְד בֶּעפְרַייעֶט אַלֶע יוֹרְשִׁים אונ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּיי זִיךְ אִין לַאנְד אַיינְפִיהרֶען דִי יוּדִי'שֶׁע אֱמוּנָה. דֶעמֶעלְט הָאט דִי אַלְטֶע קֶענִיגִין גֶעקֶענְט אוֹיסְפִיהרֶען אִיהר שְׁטֶענְדִיגֶען גֶעדַאנְק — אַלֵיין צוּ זַיין אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אונ אִיזַאטֶעס הָאט אִיהר מִיטְגֶעגֶעבֶּען זַיינֶע פִינְף זִיהן, זֵיי זָאלֶען זִיךְ אוֹיפְן פְּלַאץ מֶעהר בֶּעקֶענֶען מִיט'ן יוּדֶענְטְהוּם, אונ זִיךְ גוּט אוֹיסלֶערְנֶען לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ. מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד הָאט מֶען הֶעלֶענֶע אונ דִי פְּרִינְצֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם. אונ אַזוֹי וִוי דָאס יָאהר אִיז גְרָאד גֶעוֶועהן אַ הוּנְגֶער, הָאט דִי קֶענִיגִין

גֶעהַאט אַ מֶאגְלִיכְקֵייט צוּ אֶפְנֶען אִיהר מִילְדֶע הַאנְד : זִי הָאט גֶעלָאזְט קוּ־מֶען גַאנְצֶע שִׁיפֶען מִיט תְּבוּאוֹת אוּנ פֵּירוֹת, אוּנ צוּטְהֵיילְט דִי נוֹיטְבֶּעדֶארְפְ־טִיגֶע; אַ חוּץ דֶעם הָאט זִי גֶעגֶעבֶּען גֶענוּג צְדָקָה פַאר דִי כֹּהֲנִים אוּנ לְוִיִם, אוּנ הָאט דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ פֶערְצִיעֶרְט מִיט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת פוּן גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער. הָעלֶענֶע הָאט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ פַּאלַאץ אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ אַז אִיזַאטֶעס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ אוֹיף זַיין אָרְט אִיז גֶעוָוארֶען קֶאנִיג זַיין בְּרוּדֶער מָאנָאבַּאז דֶער צְוַוייטֶער, אִיז דֶער נַייעֶר מֶלֶךְ אוֹיךְ שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועהן צוּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה : עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעלָאזְט בּוֹיעֶן אַ פַּאלַאץ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ הָאט גֶעשֶׁאנְקְט אוֹיפ׳ן בֵּית הַמִקְדָּשׁ אַלֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִים צוּ דֶער עֲבוֹדָה אִים יוֹם כִּפּוּר. דִי לִיעבֶּע צוּם יוּדֶענְטְהוּם אִיז אִין דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דִי נַדְיַאבֶּענֶעשֶׁע מְלָכִים אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדֶערֶען, אוּנ אֲפִילוּ הֶעלֶענֶע׳ס עֶנִיקֶעל, דִי פְּרִינְצֶעסִין גְרַאפְּטֶע, הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר׳ן גְרֶאסְטֶען פֶערְגֶענִיגֶען צוּ וָואהְנֶען אִין דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט, אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ בֶּעזוּנְדֶער פַּאלַאץ. דֶערְפַאר אִיז דֶער זֵכֶר פוּן דֶער קֶאנִיגִין הֶעלֶענֶע גֶעבְּלִיעבֶּען צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען אוֹיף לַאנְ־גֶע יָאהְרֶען, אוּנ אַז זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט מָאנָאבַּאז גֶעהֵייסֶען זִי אוּנ דִי בֵּיינֶער פוּן אִיזַאטֶעס אִיבֶּערְפִיהְרֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ דָארְט בֶּעגְרַא־בֶּען אוֹיף אַ בֶּעזוּנְדֶער שְׁטִיק עֶרְד נִיט וַוייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם. נָאךְ עַד הַיּוֹם קָאן מֶען זֶעהן דִי חָרְבוֹת פוּן דִי מַארְמָארְנֶע זַיילֶען אוּנ מַצֵּבוֹת וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיף דִי קְבָרִים פוּן דִי, וָואס נָאר דִי אֶמֶת׳ע לִיעבֶּע צוּם גֶע־דַאנְק, וָואס לִיגְט אִין יוּדִישְׁקֵייט, הָאט זֵיי בַּיי׳ם לֶעבֶּען אוּנ בַּיי׳ם טוֹיט צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּם יוּדִישֶׁען פָאלְק דַוְקָא אִין אַזַא צַייט, וֶוען עֶס הָאט שׁוֹין פֶערְלָארֶען דֶעם גְלַאנְץ אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען בַּיי׳ם פַאלֶען.



# פִּינְפְטֶעס קַאפִּיטֶעל.

---

## אַגְרִיפַּא דֶער צְוֵוייטֶער.

(66 — 49 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט. 4—21 פַאר'ן חֻרְבַּן בַּיִת שֵׁנִי)

חָאטְשֶׁע דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ בֶּעפֶעסְטִיגְט זַיין גְלוֹיבֶּען צְווִישֶׁען פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זַיין לַאגֶע אִין אֵייגֶענֶעם לַאנְד גֶעוָוארֶען פוּן יָאהר צוּ יָאהר אַלֶע מָאהל טְרוֹיעֶרִיגֶער. פוּן אֵיין זַייט הָאט דֶער יָאךְ פוּן דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה זִיךְ גֶעלָאזְט שְׁטַארְק פִיהלֶען, אוּנ וֶוען דִי רֶאמֶער הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ נִיט מִתְכַּוֵן גֶעוֶועהן צוּ בֶּערִיהרֶען דִי יוּדִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן, הָאבֶּען פָארְט דִי יוּדֶען נִיט גֶעקֶאנְט הָאבֶּען דִי פְרַייהַייט וָואס אַ מָאהל; פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען צוּ נָאהֶענְטֶע מְחוּתָּנִים מִיט דִי רֶאמֶער, גֶענַאשְׁט בַּיי זֵיי אַ סַךְ מִנְהָגִים, אוּנ אַזוֹי זֶענֶען זֵייעֶרֶע מִדוֹת גָאר אִין גַאנְצֶען פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען. עֶס אִיז דַארִיבֶּער קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דֶעם עֶדְלֶען קֶענִיג אַגְרִיפַּא'ס זוּהן, אַגְרִיפַּא דֶער צְוֵוייטֶער, אִיז שׁוֹין נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג פוּנ'ם פָאטֶער: עֶר אִיז אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען אִין רוֹם, אִין קַאיְזֶערְלִיכֶען הוֹיף, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט פּוּנְקְט וִוי אַלֶע אַנְדֶערֶע רֶאמִישֶׁע פְּרִינְצֶען. אַז דֶער מוֹשֵׁל פוּן חַאלְקִיס, הוֹרְדוֹס, אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט קְלוֹידִיוּס דֶעם יוּנְגֶען אַגְרִיפַּא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי קְלֵיינֶע מְלוּכָה אוּנ אוֹיךְ דָאס רֶעכְט אוֹיסְצוּקְלֵייבֶּען אַ כֹּהֵן גָדוֹל. דִי וֶועלְט הָאט דֶעמֶעלְט גֶעמִימֶעלְט אַז אַגְרִיפַּא וָואהנְט מִיט הוֹרְדוֹס'ס אַלְמָנָה בֶּרֶנִיצֶה, וָואס אִיז טַאקֶע גֶעוֶועהן זַיין שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ כְּדֵי לַייט דִי מַיילֶער פֶערְשְׁטָאפֶּען הָאט עֶר זִי חֲתוּנָה גֶעמַאכְט מִיט'ן קֶענִיג פוּן צִילִיצְיֶען, פָּאלֶעמָאן, וָואס הָאט צוּ לִיעבּ אִיהר אָנְגֶענוּמֶען דֶעם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען; נָאר זִי אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גוּט

און פְרוּם, אַז נָאר נִיךְ הָאט זִיךְ דָאס פָּאר פָּאלְג גֶעמוּזְט צוּגֶעהְן. נִיט בֶּעסֶער פוּן אִיהר אִיז גֶעוֶועהן דִי יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער דְרוּזִילַא, וָואס דֶער פָאטֶער הָאט זִי פְּרִיהר פַארְקְנַסְט פַאר'ן פְּרִינְץ עֶפִּיפַאנֶעס. נָאר מִיט דֶעם תְּנַאי עֶר זָאל וֶוערֶען אַ יוּד; נָאר אַזוֹי וִוי דֶער חָתָן הָאט קֵיין וָוארְט נִיט גֶעהַאלְטֶען אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיס שִׁדוּךְ. דֶער יוּנְגֶער אַגְרִיפַּא הָאט זִי אוֹיסגֶעגֶעבֶּען פַאר'ן קֶענִיג פוּן עֶמֶסַא עֶזִיז, וָואס אִיז יָא בֶּעשְׁטַאנֶען דַארוֹיף עֶר זָאל אִיבֶּערגֶעהְן צוּם יוּדֶענְטְהוּם. נָאר זִי אִיז פוּן אִיהם אַנְטְלָאפֶען מִיט אֵיינֶעם פוּן דִי רֶאמִישֶׁע שְׂרָרוֹת פֶּעלִיקְס און זִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ גֶאטְצֶענְדִיעֶנֶערִין. דֶער פַאלְשֶׁער נָבִיא שִׁמְעוֹן פוּן צִיפֶּערְן אִיז דָא גֶעוֶועהן דֶער נַאנְצֶער שַׁדְכָן. בִּיסְלֶעכְוַויִים הָאט אַגְרִיפַּא אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ רוּפֶען „יוּדִישֶׁער קֶענִיג", הָאטְשֶׁע קְלוֹדִיוּס הָאט אִיהם מֶעהר נִיט עֶרְלוֹיבְּט וִוי אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען אוֹיפ'ן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ און בֶּעשְׁטִימֶען כֹּהֲנִים. אַוַדַאי אִיז אִין אַזַא זַאךְ אַגְרִיפַּא'ס מְבִינוּת נָאר קַארְג גֶעוֶועהן. אִין אַ צַייט פוּן צְוַואנְצִיג יָאהר הָאט עֶר אִיבֶּערגֶעבִּיטֶען זִיבֶּען כֹּהֲנִים, און דִי הוֹיכֶע שְׁטֶעלֶע פְלֶעגְט עֶר אִיבֶּערגֶעבֶּען נִידְרִיגֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען זִיךְ בַּיי אִיהם אַיינְצוּשְׁמֵייכְלֶען; נִיט אֵיין מָאהל פְלֶעגְט אַרוֹיס אַ גֶעשְׁלֶאג צְוִוישֶׁען דִי פִינְף מִשְׁפָּחוֹת בָּאֶעטְהַאס, קַאנְטְהֶערַאס, פִּהִיַאבִּי, קַמִּיט און עָנָן. וָואס פוּן זֵיי הָאט אַגְרִיפַּא שְׁטֶענְדִיג אוֹיסגֶעקְלוֹיבֶּען אַ כֹּהֵן, און דֶער נָאמֶען „כֹּהֵן" הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ הָאבֶּען זַיין פְּרִיהְרִיגֶען וֶוערְטְה. נָאכְן רֹאשׁ קֶאן מֶען שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהן וִוי דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק הָאט אוֹיסגֶעזֶעהן: דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם און בֶּעזָאנְדֶערְס דִי פְּרוֹיֶען, זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי אוֹיסגֶעלַאסֶען, אַז דֶער פְרוּמֶער רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי הָאט גֶעמוּזְט הֵייסֶען פַארְבּוֹיגֶען דִי דִינִים פוּן פָּרָה אֲדוּמָּה...

דִי אֶמֶת פְרוּמֶע הָאט מִן הַסְתָּם גוּט דָאס הַארְץ וֶועה גֶעטְהָאן צוּצוּזֶעהְן וָואס עֶס אִיז גֶעוָוארֶען פוּנ'ם פָאלְק; נָאר מֶעהר וִוי מִיט אַ קְרֶעכְץ הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעקָאנְט הֶעלְפֶען. דֶערְפַאר הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד אָבֶּער גֶעפוּנֶען אַ סַךְ „הֵייסֶע" יוּדֶען, וָואס אַ קְלֵיינֶער טְהֵייל פוּן זֵיי, און בֶּעזָאנְדֶערְס זֵייעֶרֶע פִיהְרֶער, אֱלִיעֶזֶר בֶּן דִינַי און אַלֶכְּסַנְדֶר, הָאבֶּען זִיךְ טַאקֶע אַיינְגֶערֶעדְט, אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם רַייסְט זֵיי בַּיי דִי פָּאלֶעס זֵיי זָאלֶען זִיךְ אָנְנֶעהְמֶען זַיין קְרִיוְודֶע, און דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען דַוְקָא נִיט גֶעמֵיינְט אַזוֹי לְשֵׁם שָׁמַיִם, נָאר זֵיי הָאבֶּען פָּשׁוּט גֶעפוּנֶען אַ שָׁעַת הַכּשֵׁר זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אִין דִי שׂוֹנְאִים, און אַזוֹי אִיז אַרוֹיס אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה וָואס הָאט שְׁטֶענְדִיג

נאר געטראכט זיך אבצורעכנען מיט די ראמער, אונ מיט די רייכע יודען וואס האבען געהאלטען מיט דער ראמישער מלוכה. בעזאנדערס געפאהרליך זענען דעמעלט געוועהן די סיקאריער, וואס מען האט זיי אזוי גערופען, ווייל זיי פלעגען טראגען בעהאלטען א שארף מעסער (סיקא), אונ אומגערעכט אנפאלען אויף מענשען אונ הרגענ'ן אין די גאסען. די מלוכה האט געמוזט בעטראכטען אזעלכע יודען ווי מערדער, אונ ווי באלד זיי פלעגען נאר אריינפאלען צו איהר אין די האנד אריין, האבען זיי שוין געהאט זייער עהרליך אויסקומעניש. דערצו האבען די ראמער אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען מעהר מורא האבען די יודען זאלען אין גאנצען ניט אראבווארפען פון זיך זייער יאך; ווייל פליצום האבען זיך אנגעהויבען ארויסצווייזען פאלשע משיחים, ווי שמעון פון ציפערן אונ אנדערע, וואס האבען זיך טאקע איינגעבילדעט, אז זיי זענען שליחים פון גאט. אונ דערפאר אז עס פלעגט זיך עפעס מאכען, האט מען ארויסגעגעבען דעם שווערסטען משפט. אין רום האט מען דווקא געקוקט מיט אנדערע אויגען אויף די יודען, נאר די קאפ זענען ביי אלע געוועהן פארשלאגען. קיינער האט זיך ניט געקלאגט. אונ די מושלים, וואס די ראמישע מלוכה האט געשטעלט, האבען ארויסגעוויזען זייער אכזריות ווי ווייט זיי האבען נאר געקאנט.

פון די פינף ראמישע פראקוראטארען וואס האבען פערביטערט דאס לעבען פון די יודען, איז דער ערשטער געוועהן איימאנוס, וואס האט געהערשט פיער יאהר אונ האט אנגעהויבען דערפון, וואס ער האט חושד געוועהן די יודען אז זיי זאמלען זיך צונויף אין בית המקדש אונ האלטען עצות ווי אזוי פטור צו ווערען פון רום. דערפאר פלעגט ער שטענדיג, ווען דאס פאלק האט נאר געדארפט קומען צום גאטעסדיענסט, צושטעלען סאלדאטען אין אלע ווינקעלעך פונ'ם בית המקדש, כדי דער עולם זאל זיך היטען רעדען איבריגע ווערטער. דערווייל איז איין מאהל אים פסח ארויס א געשלעג, ווייל איין ראמישער סאלדאט האט זיך ערלויבט חוזק צו מאכען פונ'ם יודישען הייליגטהום, אונ איימאנוס האט טאקע נאר דארויף ארויסגעקוקט: ער איז באלד צוגעקומען מיט גרויס חיל, עס איז געווארען א גרויס לויפעניש אונ דערווייל זענען איבער צעהן טויזענד מענשען דערשטיקט אונ צוטרעטען געווארען. באלד נאך דעם האט איימאנוס אנגעצונדען דאס אלטע פייער פון שנאה צווישען די יודען אונ די שמרונים. אונטער א יום טוב האבען די יודען פון גאליליא עולה רגל געוועהן קיין

יְרוּשָׁלַיִם. אוּנ אַז זַיי זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ שׁמְרוֹן אִיז מֶען אוֹיף זַיי אָנְגֶעפַאלֶען אוּנ מֶען הָאט פִיעל פוּן זַיי גֶעטֵייטְט. דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעפָארְדֶערְט פוּן אֵיימַאנוּסְ'ן עֶר זָאל זִיךְ אָנְנֶעהְמֶען, נָאר עֶר הָאט זִיךְ נִיט וְוִיסֶענְדִיג גֶעמַאכְט, אוּנ דֶערְפַאר זֶענֶען זַיי גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהְן אַלֵיין זִיךְ צוּפִירֶען דִי הֶאנְד; דֶערְצוּ הָאט זַיי נָאךְ אוּנְטֶערְגֶעהֵיצְט דֶער פְּרָאקוּרַאטָאר פוּן גַאלִילֶעַא, פֶעלִיקְס, וָואס אִיז גֶעוֶועהְן אֵיימַאנוּסְ'ן אַ שׂוֹנֵא אוֹיפ'ן לֶעבֶּען אוּנ הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶעוָואלְט אָנְמַארְבֵּייטֶען אַ גַאנְצֶע רָעָה, בֶּעזָאנְדֶערְס אַז עֶר הָאט גֶעקָאנְט מִיט פְרֶעמְדֶע הֶאנְד צוּשַׁארֶען דָאס פַייֶער. אַזוֹי זֶענֶען דִי יוּדֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי שׁמְרוֹנִים אוּנ עֶס אִיז אַרוֹיס אַ גְרוֹיסֶע שְׁחִיטָה, וַוייל אֵיימַאנוּס הָאט נִיט גֶעוָואלְט שְׁטִילֶען בֵּיידֶע צְדָדִים, נָאר עֶר הָאט עֶרְלוֹיבְּט דִי שׁמְרוֹנִים זִיךְ צוּ בֶּעוָואפֶענֶען אוּנ הָאט זַיי נָאךְ צוּגֶעזָאגְט אַלֵיין אוֹיךְ זַיי גֶעהְן צוּ הִילְף. וֶוער וֵוייסְט צוּ וָואס אֵיימַאנוּס וָואלְט עֶס גֶעוֶועהְן גֶעבְּרַאכְט, וֶוען צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען אַלֵיין וָואלְטֶען זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען רוּהִיגֶע אוּנ קְלוּגֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען אַ בִּיסֶעל אַיינְגֶעהַאלְטֶען דֶעם עוֹלָם. בֵּיידֶע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער גֶעהַאלְטֶען פַאר גֶערֶעכְט, אוּנ הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט שְׁלִיחִים צוּם סִירִישֶׁען מוֹשֵׁל אוּמִידִיוּס קְוַואדְרַאטוּס זַיי זָאלֶען זִיךְ פַאר אִיהְם אוֹיסְטַעֲנֶ'ן. קְוַואדְרַאטוּס אִיז גֶעוֶועהְן אַזַא בַּעַל יוֹשֶׁר אַז קוֹדֶם כָּל הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דִי יוּדִישֶׁע שְׁלִיחִים אוֹיפְהֶענְגֶען. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר לְפָנִים אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אַ בֵּית דִין מֶען זָאל מִשְׁפְּטֶ'ן דִי שׁוּלְדִיגֶע; נָאר צוּם סוֹף הָאט עֶר גֶענֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהְל אַז אַלֶע זָאלֶען פָאהְרֶען קַיין רוֹם אוּנ אֵיימַאנוּס זָאל זִיךְ דָארְט אוֹיךְ פַארֶענְטְפֶערְ'ן. אִין רוֹם הָאט אֵיימַאנוּס גֶעהַאט גֶענוּג גוּטֶע פְרַיינְד. וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט נֵיינֶען דֶעם קֵיסֶער אוֹיף זַיין זַייט. נָאר דֶער יוּדִישֶׁע קֶענִיג אַגְרִיפַּא, וָואס אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶועהְן דֶער גְרֶעסְטֶער חָשׁוּב בַּיי קְלוֹידְיוּסְ'ן אוּנ אִיז גְרָאד דֶעמֶעלְט בַּיי אִיהְם גֶעוֶועהְן צוּ נַאסְט הָאט אוֹיף אִיהְם גֶעהַאט אַ גְרֶעסֶערֶע וְוִירְקוּנג, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם הָאט דִי קֵיסֶערִין אַגְרִיפִּינַא מֶעהְר גֶעצוֹיגֶען צוּ יוּדֶען, וַוייל אִיהר גֶעלִיעבְּטֶער אִיז גֶעוֶועהְן פַאלְלַאס, אַ בְּרוּדֶער פוּן פֶעלִיקְסְ'ן, וָואס הָאט גֶעזוּכְט אַלֶע מִיטֶעל צוּ בֶּעגְרָאבֶּען אֵיימַאנוּסְ'ן. אַוַודַאי זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעבְּלִיבֶּען גֶערֶעכְט אוּנ אֵיימַאנוּסְ'ן הָאט מֶען פֶערְשִׁיקְט; פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאט מֶען אִין רוֹם פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אוֹיפ'ן יוּדִישֶׁען לַאנְד מוּז מֶען גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוּנ דָארְט נָאךְ מֶעהר בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי רָאמִישֶׁע מַאכְט, אוּנ כְּדֵי אַגְרִיפַּא'ס כָּבוֹד זָאל בְּלַייבֶּען נִיט בֶּערִיהְרְט הָאט מֶען אִיהְם אָפְּגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנ דָאס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהְן אַ שְׁפַּאקְקֶשׁ וִוינְק אַז

אין די זאבען פונ׳ם יודישען פאלק דארפען זיך אנדערע װעניגער מישען.

אז די שמרונים האבען דא פערשפּילט האבען זיי זיך גענומען אבי-כּיוון די יודען אנדערע שפיצליך. כּדי מען זאל װיסען װען ראש חדש איז אונ אקוראט אויסרעכענען װען די ימים טובים פאלען, פלעג מען צום מולד אנצינדען אויף די הויכע בערג פייער אונ אלע יודען האבען שוין געוואוסט װאס דאס בעטייט. די שמרונים האבען איבערשטען אנגעהויבען אנצינדען פייער נאר אין פרעמדע טאג אונ דערמיט האבען זיי אין גאנ-צען פערפלוטעט די יודען אין השבון. דעמעלט האבען די סנהדרין געמאכט אז װעגען קדוש החדש זאל מען צושיקען שליחים אין אלע ערטער װאו יודען װאהנען.

אויף איימאנוס׳ס ארט איז ארויף פעליקס, װאס די יודען האבען אויף איהם גערעכענט אז ער װעט זיי טהון אלע טובות. אונ איינער פון די יודישע שליחים יונתן האט איהם פשוט אויסגעבעטען ביים קאיזער. צום סוף האט זיך אויסגעלאזט אז פעליקס איז נאך געװעהן ערגער פון איימאנוס׳ן. װייל ער האט זעהר ליעב געהאט די מטבע צו ליעב געלד האט ער געטהון אלע פסלנות אונ איז געװעהן זיכער אז עס װעט איהם גוט אבלויפען, װייל ער האט געהאט ברייטע פּלייצעס אין רום. דער קאניג אגריפא האט דא נאר ניט געקאנט העלפען, װייל חאטשי נאך קלודיוס׳ם טויט האט איהם דער יונגער קאיזער נירון (נערא) אויך ליעב געהאט אונ אפילו פארגראסערט זיין קאניגרייך מיט פיער גרויסע שטעדט, פון דעסטװעגען איז איהם שװער געװעהן צו געהן געגען פעליקס׳ן, װאס האט אלע זיינע רציחות איינגעװיקעלט אין רעכטע סבות, אונ געװיזען אז ער פארשטארקט דערמיט די ראמישע מלוכה. אזוי האט ער אויסגעהרג׳ט פיעל יודען. אונ אפילו אויף דעם איינענעם יונתן װאס האט זיך אזוי בעמיהט אונ גע-ארבייט פון זיינעטװעגען האט ער אנגעשיקט די סיקאריער, אונ מען האט איהם גע-שטאכען. אויף פעליקס׳ן קוקענדיג האבען די גריכען, סירייער אונ ראמער װאס האבען געװאהנט אין פאלעסטינא, אויפגעהער׳ט צו בעהאלטען זייער שנאה צו די יודען אונ פלעגען אפענטליך זיך מיט זיי רייצען אונ חוזק מאכען. איין מאל איז ארויס א קריעג צװישען די יודען אונ די סירייער װאס האבען געשלאגען אויף פעליקס׳ס תקיפות. די יודען האבען זיך גע-װאלט װעהרען. נאר פעליקס האט זיי ניט ערלויבט אונ אז זיי זענען ניט בעשטאנען מען זאל זיי שלאגען אונ זיי זאלען שװייגען. האט זיך פעליקס

אַרויסגעריקט מיט חַיל און האָט זיי געהייסען ראַבעווען. די יודען האָבען באַלד אַוועקגעשיקט שְׁלוּחִים קיין רוֹם און האָבען זיך געקלאָגט אויף פעליקס׳ן. נאָר דאָרט האָט מען געפונען אַז זיי זענען ניט גערעכט, ווייל די סיריער האָבען איבערגעקויפט איינעם פון נירון׳ס מְקוֹרָבִים, בּוּרְדוּס, און עס האָט זיך נאָר געענדיגט דערמיט וואָס מען האָט פעליקס׳ן צוגענומען, נאָך בּיטערע זעקס יאָהר, וואָס די יודען האָבען אַזוי גיך ניט געקאָנט פאַרגעסען.

פון דעמעלט אָן האָט זיך אין די הערצער פון די יודען אַריינגעהאַפּט אַ האַס געגען רוֹם, וואָס האָט זיך עטליכע יאָהר שפּעטער נאָך מעהר צו־ברענט און געפיהרט דערצו אַז דאָס לעצט ביסעל יודיש זעלבסטשטענדיגקייט זאָל פאַלען פאַר אַ קָרְבָּן. דער נייער פּראָקוראַטאָר פֶּעסְטוּס האָט אין גאַנ־צען געהערשט צוויי יאָהר און דער מַצָּב פון׳ם פאָלק איז ניט בעסער גע־וואָרען. דער קעניג אַגְרִיפַּא האָט זיך בעזעצט אין יְרוּשָׁלַיִם און צום אומגליק איז צווישען איהם און די יודען אויך אַרויס אַ מַחְלוֹקֶת; ווייל ער האָט זיך אויסגעבויעט אַזאַ הויכען פּאַלאַץ, ער זאָל קאָנען פון דאָרטען זעהן וואָס עס טהוט זיך אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, און דער עוֹלָם האָט ניט געוואָלט ליידען מען זאָל זיי אומזיסט חוֹשֵׁד זיין. דאַריבער האָבען די יודען האָבער געמאַכט די וואַנד פון׳ם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, און אַז אַגְרִיפַּא און פעסטוס האָבען געהייסען די וואַנד צוואַרפען איז דערפון קיין גרויסער שָׁלוֹם ניט אַרויס. די יודען האָבען נאָך אַ מאָל געשיקט שְׁלוּחִים קיין רוֹם און דאָס מאָל איז עס זיי גע־ראָטהען, ווייל דעם קייזער נירון׳ס ליעבהאָבערין פּאָפּעאַ סאַבּינאַ האָט געהאַלטען מיט זיי: זי האָט איבערהויפּט געשעצט די יודישע אֱמוּנָה און האָט דער נאָך אויך געבעטען דעם קייזער ער זאָל בעפרייען צוויי פרומע יודען, וואָס פעליקס האָט זיי צוריק מיט עטליכע יאָהר אַוועקגעשיקט קיין רוֹם, און וואָס האָבען די גאַנצע צייט, וואָס זיי זענען געזעסען דאָרט אין תְּפִיסָה, ניט פערזוכט קיין געקאָכטס און האָבען נאָר געגעסען פֵּירוֹת.

אַז פעסטוס איז געשטאָרבען, האָט מען פון רוֹם אַראָבגעשיקט אַ נייעם פּראָקוראַטאָר, אַלְבִּינוּס. אין דער צייט האָט דער כֹּהֵן גָּדוֹל עָנָן זיך גע־נומען מיט אַלע כחות צו בעפעסטיגען די לאַגע פון די צְדוּקִים און האָט זיי געדרעהט. אַז ער האָט געקאָנט פון זיינע לייט אַנידערזעצען סַנְהֶדְרִין און מען האָט פאַרמשפּט פיעל אומשולדיגע מענשען. די פְּרוּשִׁים און בעזונדערס זייער געשאצטער פאָרשטעהער ר׳ יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי, האָבען גענעבען אַ קוק אַז דאָ טאָר מען ניט שווייגען, האָבען זיי געפועלט ביי אַגְרִיפַּא׳ן מען

זאל אראבנווארפען ענגין. אונ כהן גדול איז געווארען זיין אנדערער, יהושע בן דמאי, וואס האט אויך ניט לאנג געדויערט אונ האט געמוזט איבער־געבען די כהונה יהושע בן גמליאל, וואס האט חתונה געהאט מיט זעהר א רייכער אלמנה מרתא, אונ דורך איהר געלד איז איהם געראטהען צו בעקומען די שטעלע. יהושע בן גמליאל האט געאייגנט פיעל שולען פאר קליינע קינדער אונ האט זיך דערמיט א גרויסען נאהמען געקויפט; נאר האלטען זיך לאנג האט ער ניט געקאנט. אונ נאך איהם איז געווארען כהן מתיא בן טעאפיל, דער לעצטער פון די זיבען אונ צוואנציג כהנים וואס די רוימישע מלוכה האט בעשטימט. דאס פאלק איז דערמעלט אזוי געוועהן אונצופרידען פון די צדוקים. או יעדער כהן האט געמוזט יום כפור שווערען, אז ער איז א גענגער פון דער כתה. אין דער לעצטער צייט איז אויך ארויס א מחלוקת צווישען די כהנים, ווייל די לוים האבען געפאדערט מען זאל זיי אויך רעכענען גלייך מיט די כהנים, זיי זאלען טראגען די איינענע קליידער אונ האבען דעם איינענעם חלק אין דער הכנסה. אגריפא איז אין כעס געוועהן אויף די כהנים דערפאר וואס זיי האבען איהם א מאהל ניט גע־לאזט אבטונג געבען אויפן בית המקדש אונ האבען פארשטעלט זיין פאלאין מיט א הויכער וואנד, אונ ער האט צו ליעב געטהון די לוים, אונ דערפון איז ארויס א איננעווייניגסטער קריעג צווישען די, וואס אויף זיי איז געלעגען דער הוב אבצוהיטען די אמונה אונ בעפעסטיגען דאס אחדות אין פאלק.

אלבינוס האט געהערשט דריי יאהר. ער האט גערימען דעם מם פון טויט אונ פון לעבעדיג, נאר זיך אליין האט ער אויך ניט פערגעסען אונ האט זיך געמאכט א גרויס פערמעגען. עהדער די מלוכה האט איהם איבער־געביטען האט ער פיעל פון די סיקאריער, וואס זענען געזעסען אין תפיסה, בעפרייעט אונ האט דערפאר געהאפט ניט קיין קליינע מטבע. איבערהויפט איז אלבינוס נאך געוועהן צו דערלאזען, ווייל מיט געלד האט מען ביי איהם אלדינג געקאנט פועל'ן אונ דארויף האבען די צרות שוין לאנג גע־מאכט דעם יודען פאר'ן גרעסטען בריה.

ארגער פון אלע איז געוועהן דער לעצטער פראקוראטאר, געסיוס פלארוס, א מענש אהן בושה אונ אהן רחמנות. אין די צוויי יאהר וואס ער האט געפיהרט דאס לאנד האט ער דערפון אין גאנצען תל געמאכט: זיין אכזריות האט ניט געהאט קיין גרעניין, אונ דערצו האט ער נאך געלאזט די סיקאריער צופיהרען די האנד אונ די מדינה איז געווארען פול מיט גזלנ־

אוּנ רְצִיחָה. פִיעל בַּייכֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פַאר זַייעֶר פֶערְמֶעגֶען, הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט צוּפָאהְרֶען אוּנ וֶוער עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִיז מִיט'ן לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער גֶעוֶועהְן. מֶען הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען מוֹרָא הָאבֶּען, אַז פְלָארוּס זָאל זִיךְ נִיט צוּהַאפֶּען צוּ דֶער קַאסֶע פוּנ'ם בֵּית הַמִקְדָשׁ, נָאר הֶעלְפֶען הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעקָאנְט, וַוייל עֶס אִיז זִיךְ נִיט גֶעוֶוען פַאר וֶועמֶען צוּ קְלָאגֶען: דֶער סִירִישֶׁער מוֹשֵׁל, צֶעסְטִיוּס גַאלְלוּס אִיז גֶעוֶועהְן נִיט קֵיין בֶּעסֶערֶער בַּעַל יוֹשֶׁר פוּן פְלָארוּסְן, דֶער קֵיזֶער נִירוֹן אִיז גֶעוֶועהְן פֶערְנוּמֶען מִיט זַיינֶע תַּאֲוֹת, אוּנ עֶס אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהְן צוּ אִיהְם צוּצוּקוּמֶען, אוּנ דֶער קֶענִיג אַגְרִיפַּא הָאט זִיךְ גֶעפִיהְלְט אַזוֹי שְׁוַואךְ גֶעגֶען דִי רֶאמֶער אַז עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג נָאר טְרַאכְטֶען זֵיי כָּבוֹד אָבְּצוּגֶעבֶּען. דִי שְׁטָאדְט קֵיסַרְיָא הָאט עֶר צוּ לִיעבּ דֶעם רֶאמִישֶׁען קֵיזֶער אַ נָאהְמֶען גֶעגֶעבֶּען נֶעראָנִיאס (נִירוֹנְיָא), אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט זִיךְ זַיין גַאנְץ פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה גֶעהַאלְטֶען נָאר אוֹיף מַתָּנוֹת וָואס עֶר פְלֶעגְט אַלֶע מָאל שִׁיקֶען קֵיין רוֹם. אִין אַזַא לַאגֶע הָאט דָאס פָאלְק פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶס אִיז נִיטָא צוּ וֶועמֶען זִיךְ צוּ וֶוענְדֶען אוּנ מֶען מוּז זִיךְ אַלֵיין הֶעלְפֶען. צֶעסְטִיוּס גַאלְלוּס הָאט אֲפִילוּ אָנְגֶעשְׁמֶעקְט וָואס עֶס גֶעהְט פָאר אוּנ הָאט צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן קֵיין רוֹם; נָאר נִירוֹן הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעוָואלְט אוּמְקוּקֶען. דִי קֵיזֶערִין פַּאפֶּעאַ, וָואס הָאט זִיךְ יוֹא אִינְטֶערֶעסִירְט וֶועגֶען דִי יוּדֶען, אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהְן טוֹיט אוּנ בַּיי'ם קֵיזֶער אַלֵיין הָאבֶּען זֵיי גֶעשְׁפִּיעלְט נָאר אַ קְלֵיינֶע רָאלֶע, וַוייל עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז זַייעֶר צָאהְל אִיז זֶעהְר קְלֵיין. גַאלוּס הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מֶען מוּז דֶער מְלוּכָה אוֹיפְקְלֶערֶען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען נִיט אַזַא קְלֵיין פָאלְק וִוי מֶען מֵיינְט: עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל אוּנ מִיט דֶער הִילְף פוּן אַגְרִיפַּא אוּנ דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל מַתְיָא הָאט עֶר גֶעמַאכְט מֶען זָאל אַקוּרַאט גֶעוָואהר וֶוערֶען דִי צָאהְל פוּן דִי יוּדֶען. מֶען הָאט צוּשִׁיקְט בְּרִיעף אַז אַלֶע יוּדֶען זָאלֶען אַרַיינְקוּמֶען אוֹיף פֶּסַח קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אַלָאז גֶעטְהוּן פוּן וַוייט אוּנ פוּן נָאהֶענְט אַז עֶס אִיז פָּשׁוּט נִיט גֶעוֶועהְן אִין שְׁטָאדְט וואו אוֹיסְצוּדְרֶעהְן זִיךְ. גַאלוּס הָאט גֶעהֵייסֶען, אַז פוּן יֶעדֶען קָרְבָּן זָאלֶען דִי כֹּהֲנִים אָבְּשְׁנֵיידֶען אַ נִיר אוּנ נָאךְ דֶעם הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ חֶשְׁבּוֹן, אַז מִ'ט אַ קָרְבָּן פֶּסַח זֶענֶען יוֹצֵא צֶעהְן יוּדֶען, אוּנ עֶס אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען אַז אוֹיף יוֹם טוֹב הָאבֶּען עוֹלֵה רֶגֶל גֶעוֶועהְן דְרַיי מִילְלִיָאן. גַאלְלוּס אִיז דֶעמֶעלְט אוֹיךְ אַרַיינְגֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ פַאר פְלָארוּס'ן אִין דִי אוֹיגֶען הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק גֶעקְלָאגְט אוּנ גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל צוּנֶעהְמֶען

די מגפה" פונ'ם לאנד. ער האט זיי קלאמערשט צוגעזאגט אז פלארוס וועט זיי בעסער בעהאנדלען. נאר איהם איז געלעגען זיינס אין זינען: ער האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן ווי גרויס די צאהל פון די יודען איז, אונ האט באלד צוועקגעשריבען קיין רום: מען זאל די זאך ניט האלטען פאר רינג. ווי עס ווייזט אבער אויס, האט נירון גאר ווענינ געשטעלט דארויף גוינ האט זיך געהאלטען פאר צו גרויס אז ער זאל נאר דארפען איבער-טראכטען וועגען „עטליכע" יודען, וואס זייער קאניג הנפ'ט איהם אונ איז אין גאנצען פון איהם אבהענגיג.

דערווייל האט זיך אין ארץ ישראל מעהר צוברענט דאס פייער. אין צעזאריא האט א גאטצענדיענער זיך געשטעלט בויען קלייטען פונקט פאר דער יודישער שול, אונ עס איז ארויס א קריעג דערפון, אונ די יודען זע-נען געפאלען אויף א שכל צו געבען פלארוס'ן א היבשע סומע ער זאל עס ניט דערלאזען. באלד דערנאך האט זיך א גריכע ערלויבט אפענטליך אויף דער גאס הוזק מאכען פון דער יודישער אמונה. עס איז אזוי אויסגעקומען אז די יודען האבען געמוזט אים שבת האפען די ספרי תורה אונ אנטלוי-פען אין א נאהענט שטאדטעל נרבתא, אונ פון דארט שיקען שליחים צו פלארוס'ן קיין שמרון ער זאל זיי העלפען. נאר פלארוס האט געהאט א קורצען זכרון, דאס געלד האט ער דאך פריהר אבגענומען, נייעם שחד האט מען איהם ניט צוגעשיקט, האט ער זיך גאר ניט געוואלט אומקוקען אויף די צעזארעער יודען אונ האט בעפאהלען קיין ירושלים מען זאל איהם איין גרויסע סומע געבען פון דער קאסע פונ'ם בית המקדש. אז עס איז אנגע-קומען קיין ירושלים אזא פארערונג איז געווארען א שטארקער רעש: דאס פאלק איז שטארק צורייצט געוועהן, אונ מען איז אומיסטען ארומגעגאנגען מיט פושקעס אין די גאסען, קלאמערשט צו ווייזען אויף הוזק, אז מען נעמט צונויף א נדבה פון פלארוס וועגען. אז פלארוס איז אליין אריינגעקומען אין שטאדט אריין אונ איז געוואהר געווארען פון דעם בזיון וואס מען האט איהם אנגעטהון, האט ער געשיקט רופען די שאנסטע בעלי בתים אונ האט געהייסען מען זאל איהם ארויסגעבען די שולדיגע; נאר אין דער צייט וואס ער האט מיט זיי געטענה'ט האט ער א וויגק געטהון דעם חיל, אונ אזוי ווי ווילדע חיות זענען די רעמישע סאלדאטען אנגעפאלען אויף אלע וואהנונגען פון די עשירים אויפ'ן איבערשטען מארק, אונ מען האט גע-ראבען הייזער, געראבעוועט פערמעגענס אונ געהרגעט ווייבער אונ קינדער.

אומזיסט איז די פרינצעסין ברניצה אליין געקומען בעטען פלארוסן ער זאל ניט פערגיעסען קיין אומשולדיג בלוט: ער האט געהייסען אויפהענגען א סך יודען, און אין דעם טאג, דעם זעכצעהנטען אייר, זענען אומגעקומען מעהר פון דריי טויזענד מאן.

מען קאן פארשטעהן וואס עס האט זיך אויפ'ן אנדערן טאג געטהון אין ירושלים. פון דעסטוועגען האבען זיך נאך געפונען גענוג יודען וואס האבען געוואלט עס זאל ווערען רוהיג, און אז פלארוס האט צוגעזאגט, אז עס וועט ווערען שטיל ווען די יודען וועלען אבגעבען כבוד דעם ראמישען חיל, וואס האט בעדארפט צו קומען, און וועלען זיי ארויסגעהן בעגריסען, האבען זיך די כהנים אבגעגעבען גענוג מיה און האבען זיי געפועלט. ווי שווער עס איז געוועהן די געשלאגענע ארויסצווייזען פריינדשאפט די שונאים, האבען זיי זיך פארט געמאכט הארץ און זענען זיי ארויסגעגאנגען מקבל פנים זיין. דאס חיל האט אבער געקוקט מיט רציחה אויף די יודען, און האבען זיך גלייך געלאזט געהן צום בית המקדש. דא האט זיך דאס פאלק באלד געשטויסען, אז פלארוס מיינט מיט געוואלד צונעהמען פון דארט דאס געלד, און מען האט באלד אנגעהויבען ווארפען שטיינער אויף די ראמישע סאלדאטען, כדי עהדער זיי וועלען זיך רירען זאל מען קאנען בעוואהרען דעם בית המקדש. עס איז אויך טאקע געראטהען צו צוברעכען דעם גאנג, וואס האט געפיהרט פון דער פעסטונג אנטאניא אין בית המקדש אריין, כדי די ראמער זאלען ניט קאנען צוקומען; און אז פלארוס האט געזעהן אז זיין פלאן איז ניט אויסגעפיהרט געווארען, האט ער אנגעהויבען געהן מיט גוטען, און האט צוגעזאגט, אז ער וועט די יודען לאזען צו רוה, נאר זיי זאלען זיך אליין אויסקלויבען די סאלדאטען וואס זיי ווילען איבערלאזען אין ירושלים. דער גורל איז געפאלען אויף א קליינער מחנה, וואס זייער הויפט־מאן איז געוועהן מעטיליוס, און פלארוס איז אוועקגעפאהרען. אזא מין שלום האט שוין אבער ניט געקאנט פארלעשען דאס פייער פון מרידה, וואס האט אנגעצונדען דאס לאנד פון אלע זייטען. עס זענען געווארען צוויי קלאסען: איינע, וואס דער ראש זייערער איז געוועהן אליעזר בן חנניה, האט געהאלטען פון מלחמה און געדרינגען, אז נאר מיט כח קאן מען זיך בעפרייען פון די ראמער; און די אנדערע, און צווישען זיי אויך די תלמידים פון הלל, האבען נאר געשריגען מען זאל מאכען שלום, ווייל מיט געוואלד וועט מען גאר ניט אויספיהרען. ביידע קלאסען האבען ניט גערוהט דער

צַד פון מִלְחָמָה הָאט אָנְגֶעהַאלְטֶען דָאס פָאלְק . מֶען זָאל קַיין מַס נִיט צָאהלֶען דִי רָאמֶער אונ דֶער צַד פון שָׁלוֹם הָאט גֶעשִׁיקְט בֶּעטֶען נַאלוּס׳ן עֶר זָאל אַלֵיין קוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם אונ זֶעהן . אַז פַאר דִי יוּדֶען אִיז נָאר גֶאטְהִיג מֶען זָאל זֵיי בֶּעפְרַייעֶן פון פְלָארוּס׳ס רִשְׁעוּת . דֶערוַוייל אִיז דֶער קֶאנִיג אַגְרִיפַּא , וָואס אִיהם הָאט אַ וַדַאי נִיט גֶעטוֹיגְט קַיין מִלְחָמָה אַריינְגֶעפָאהרֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם , אונ הָאט אִין אַ גְרוֹיסֶע רֶעדֶע פַארשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען דֶעם עוֹלָם וָואס פַאר אַ סַכָּנָה עֶס אִיז צוּ פִיהרֶען קְרִיעג מִיט דִי רָאמֶער . זַיינֶע רֵייד הָאבֶּען גֶעהַאט אַ פְּעוּלָה , אונ דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ שׁוֹין אֲפִילוּ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּרֶעכְטמַאכֶען דֶעם גַאנג פוּנ׳ם בֵּית הַמִקְדָשׁ , וָואס מֶען הָאט פְרִיהֶר צוּבְּרָאכֶען ; נָאר אַגְרִיפַּא הָאט אִיבֶּערגֶעצוֹיגֶען דֶעם בּוֹיגֶען , אונ אַז עֶר הָאט נָאךְ פָארגֶעלֶעגְט מֶען זָאל בְּלַייבֶּען אוּנְטֶער פְלָארוּס׳ס מֶמְשָׁלָה בִּיז מֶען וֶועט נִיט פון רוֹם צוּשִׁיקֶען אַיין אַנְדֶערן , זֶענֶען אַלֶע אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען , מֶען הָאט אִיהם פֶערְוָוארְפֶען מִיט שְׁטֵיינֶער . אונ עֶר אִיז קוּים מִיט חֶרְפָּה אונ בּוּשָׁה אַנְטְלָאפֶען פון יְרוּשָׁלַיִם .

אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער צַד פון מִלְחָמָה פֶערשְׁטַארְקְט . אונ צוּ זֵיי זֶענֶען אוֹיךְ צוּגֶעשְׁטַאנֶען דִי סִיקַארִיעֶר אונ דִי כֹּהֲנִים , וָואס הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט מַקְרִיב צוּ זַיין יֶעדֶען טָאג , וִוי דֶער מִנְהָג אִיז גֶעוֶועהן , אַ קָרְבָּן פַאר׳ן קַאיזֶער נִירוֹן , אונ דֶערְמִיט אָפֶענְטְלִיךְ אִיבֶּערגֶערִיסֶען דֶעם בּוּנְד פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מִיט רוֹם . דֶער צַד פון שָׁלוֹם הָאט נָאךְ אָבֶּער גֶערֶעכֶענְט אַז מִיט כֹּחַ וָואלְט מֶען נָאךְ גֶעקֶאנְט דֶערשְׁטִיקֶען דִי מְרִידָה , אונ דֶערְמִיט אָבְּרַאטֶעוֶוען דִי יוּדֶען פון אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק ; דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי גֶעשִׁיקְט בֶּעטֶען פְלָארוּס׳ן אונ אַגְרִיפַּא׳ן זֵיי זָאלֶען אַריינְשִׁיקֶען חַיִל קַיין יְרוּשָׁלַיִם . פְלָארוּס הָאט שׁוֹין מוֹרָא גֶעהַאט אַרוֹיסצוּטְרֶעטֶען , נָאר אַגְרִיפַּא הָאט יָא צוּגֶעשִׁיקְט דֶעם הוֹיפְּטמַאן פִילִיפּ מִיט דְרַיי טוֹיזֶענְד מַאן אונ עֶס אִיז אַרוֹיס אַ בְּלוּטִיגֶע מִלְחָמָה , וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט זִיבֶּען טֶאג , בִּיז דֶער צַד פון מִלְחָמָה הָאט גוֹבֵר גֶעוֶועהן , אונ הָאט זִיךְ בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דֶער אוֹיבֶּערשְׁטֶער טְהֵייל פו׳ן שְׁטָאדְט – צִיוֹן . גֶענוּג בְּלוּט אִיז דֶעמֶעלְט פֶערגָאסֶען גֶעוָוארֶען אונ מֶען הָאט פַארבְּרֶענְט דִי פַּאלַאצֶען פוּנ׳ם קֶאנִיג אַגְרִיפַּא אונ פון דֶער פְּרִינְצֶעסִין בְּרֶנִיצֶה אונ אוֹיךְ דָאס הוֹיז פוּנ׳ם כֹּהֵן חֲנַנְיָה .

דִי רָאמֶער , אונ אוֹיךְ אַגְרִיפַּא׳ס חַיִל , הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט פֶערשְׁלִיעסֶען אִין הוֹרְדוּס׳ס פַּאלַאץ , נָאר דֶער צַד פון מִלְחָמָה הָאט בֶּעלֶאגֶערְט דֶעם פַּאלַאץ אַכְטְצֶעהן טָאג כְּסֵדֶר , בִּיז זֵיי הָאבֶּען נִיט אַיינְגֶענוּמֶען דִי שׂוֹנְאִים

פּילִיפּ'ן מִיט'ן בִּיסֶעל חַיִל הָאבֶּען זֵיי בַּאלְד אָבְּגֶעלָאזְט; נָאר דִי רָאמֶער, וָואס עֶס אִיז זֵיי נִיט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ בֶּעטֶען רַחֲמִים בַּיי דִי יוּדֶען, הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאפְּט גוּטֶע קְלָאפּ בִּיז זֵיי זֶענֶען נִיט אַנְטְלָאפֶען.

אַזָא נִצָחוֹן הָאט נָאר פַארדְרֶעהְט דִי קָאפּ פוּן דִי סִיקָארִיֶער אוּנ זֵייעֶר רֹאשׁ, מְנַחֵם, הָאט זִיךְ אַיינְגֶערֶעדְט אַז עֶר אִיז מָשִׁיחַ, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אָנְטְהוּן בִּגְדֵי מַלְכוּת, מִיט פַארַאד גֶעהְן אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרַיין; צוּ לִיעבּ דָעם הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען אִיהם אוּנ אֶלְיָעֶזֶר בֶּן חֲנַנְיָה, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דֶערמִיט וָואס מְנַחֵם'ן הָאט מֶען גֶעטוֹידְט. אוּנ דִי סִיקָארִיֶער מִיט זֵייעֶר נַייעֶם רֹאשׁ, אֱלִיעֶזֶר בֶּן יָאִיר הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנג מַסַדָה.

אַזוֹי אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען דִי גַאנְצֶע מַאכְט אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם אִין דִי הָאנְד פוּנ'ם צַד פוּן מִלְחָמָה. דֶער הוֹיפְּטמַאן מֶעטִילְיוּס הָאט זִיךְ בַּאלְד אוּנְטֶערגֶעגֶעבֶּען, אוּנ פוּן זַיין קְלֵיינֶער מַחֲנֶה אִיז קַיין שָׂרִיד וּפָלִיט נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען. אִין גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוֹיסֶער דֶער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט, אִיז נָאךְ גֶעוֶועהְן שְׁטִיל, בִּיז פְלָארוּס אַלֵיין הָאט נִיט אוּנְטֶערגֶעהֵיצְט דִי גְרִיכֶען אוּנ סִירִיֶער פוּן צֶעזַארֶעאַ, אוּנ זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהַרְגֶ'ט אַלֶע יוּדֶען פוּן דָארְט, מֶעהר פוּן צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען. דָאס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אִין לַאנְד אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ. אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען פוּן זֵייעֶר זַייט אוֹיסצוּהַרְגֶ'ן אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער וָואס הָאבֶּען גֶעווָאהנְט אִינְאֵיינֶעם מִיט זֵיי. עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁחִיטָה אִין גַאנְץ פַּאלֶעסְטִינָא אוּנ סִירְיֶען, אוּנ בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּנ דֶערְפֶער. אִין דֶער שְׁטָאדְט בֵּית־שָׁן הָאבֶּען דִי סִירִיֶער גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען זֵיי שִׁיצֶען וֶוען אַנְדֶערֶע יוּדֶען וֶועלֶען אוֹיף זֵיי אָנְפַאלֶען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעהַאלְט[illegible]רֶט, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ מִיט גְרוֹיס גְבוּרָה גֶעשְׁלָאגֶען פַאר דִי סִירִיֶער [illegible] גֶרֶע אֵיינֶענֶע בְּרִידֶער; נָאר אַז דִי סַכָּנָה אִיז אַוֶועק, הָאבֶּען דִי סִירִיֶער זֵיי אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען זֵייעֶר דַאנְק דֶערמִיט וָואס זֵיי הָאבֶּען זִיךְ טַאקִי אִין דֶער הֵייסֶער שָׁעָה גֶענוּמֶען בַּאפֶעלֶען זֵייעֶרֶע בֶּעשִׁיצֶער אוּנ אוֹיסקוֹילֶען וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער. דִי אוּנְדַאנְקְבַּארְקֵייט אוּנ דָאס אַכְזָרִיוּת, מִיט וֶועלְכֶער מֶען הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט כִּמְעַט דְרַייצֶעהְן טוֹיזֶענְד יוּדֶען, הָאט אַזוֹי גֶעווִירְקְט אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דִי יוּדִישֶׁע הֶעלְדֶען, שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁאוּל, וָואס הָאט פְרִיהֶר אַלֶע זַיינֶע כּוֹחוֹת אַוֶועקְגֶעלֶעגְט אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי שׂוֹנְאִים אַז פַאר חֲרָטָה אוּנ בּוּשָׁה, זַיין מִשְׁפָּחָה זָאל אוֹיךְ נִיט גֶעהַרְגֶ'ט וֶוערֶען דוּרךְ סִירִיֶער

האַנד. האָט ער זיינע אייגענע עלטערן, ווייב אונ קינדער געטויטעט אונ דערנאָך זיך אַליין געשטאָכען. פון פאַלעסטינא האָט זיך דאָס פייער גיך אַריבערגעכאַפּט קיין אַלעקסאַנדריען, אונ עס איז געבליבען ביי די איינוואָה-נער זיי זאָלען מאַכען אַ גרויסע אַסיפה, אויסקלויבען שליחים אונ שיקען בעטען ביים קייזער נירון ער זאָל ביי די יודען צונעהמען די רעכטע, וואָס קלודיוס האָט זיי געגעבען. ביי דער אַסיפה האָט מען בעמערקט דריי יודען, וואָס האָבען זיך אַהין אַריינגעגנב'ט, אונ מען האָט זיי באַלד גע-שלעפּט איבער די גאַסען צו פאַרברענען. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרויס גערידער צווישען די יודען, אונ זיי האָבען זיך אַרויסגעשטעלט געגען די שונאים אונ געוואָלט פאַרברענען דעם אַמפיטהעאַטער, וואו די אַסיפה איז געווען; נאָר טיבעריוס אַלעקסאַנדער האָט זיך געוואָלט אויספיינען אַז ער לייקנט ניט קיין כבוד אויף זיינע פריהריגע ברידער, ער האָט אַרויס-געשיקט דאָס גאַנצע חיל, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אַלעקסאַנדריען, אונ פינפציג טויזענד יודען האָבען פאַרלאָהרען דאָס לעבען. ביי אַזעלכע שרעק-ליכע ידיעות האָבען די יודען אין ירושלים געמוזט נאָך מעהר זאָרגען צו בעפעסטיגען די מרידה; בעזאָנדערס נאָך דעם וואָס עס איז זיי צוגעקומען הילף פון בבל אונ אַדיאַבענע, וואו עס האָט נאָך געהערשט אַ קעניג מנבז קנדי, וואָס איז פונקט ווי די פריהריגע מלכים, שטאַרק צוגעבונ-דען געווען צו יודען. אין דער צייט איז דאָס יודיש חיל אין ירושלים געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דריי העלדען: ניגער פון יענער זייט ירדן, סילס פון בבל אונ שמעון בר גיורא וואָס פלעגט בעווייזען גבורות אין אַ מלחמה.

דער נצחון פון די יודען אין ארץ ישראל האָט געפיהרט דערצו וואָס אַלע ראָמער זענען זיך פון דאָרט צולאָפען, אונ די יודען האָבען גערעכענט אַז זיי האָבען שוין אין גאַנצען צוריקבעקומען זייער פרייהייט אונ זעלבסט-שטאַנדיגקייט פון אַ מאָהל. דאָס איז געווען פאַר סכות, אונ דערפאַר האָבען זיי שוין אפילו אַרויסגעלאָזט אייגענע מטבעות, וואָס אויף זיי זענען געווען אויסגעמאָלט אַ לולב מיט איין אתרוג אונ אויך אַ סוכה, אונ אַחוץ דעם איז געווען אויסגעקריצט, דאָס ערשטע יאָהר וואָס די יודען זענען אויסגעלאָזט געוואָרען. אין דער צייט האָט אָבער צעסטיוס גאַלוס אויך ניט געדרימעלט; אינאיינעם מיט אַגריפאַ, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו זיין דער פיהרער, האָט ער צונויפגעזאַמעלט דרייסיג טויזענד מאַן, אונ האָט

זיך געלאזט געהן קיין פאלעסטינא. אין גבעות א מייל פון ירושלים, איז ער געבליבען שטעהן און האט געוואַרט אז די יודען וועלען געוויס פאר מורא זיך אונטערגעבען און קומען בעטען מען זאל זיי מוחל זיין. עס האט טאקי ניט לאנג געדויערט און די יודען זענען געקומען: זיי זענען אבער ניט געקומען זיך בעטען נאר ווי שטארקע העלדען זענען זיי אנגעפאלען אויפ'ן שונא, וואס האט פערלאהרען איבער פינף הונדערט מאן א חוץ פיעל כלי זיין. פון די יודען זענען מעהר ניט געפאלען ווי דריי און צוואנציג מענשען, און דאס האט אנגעמאכט אזא מהומה אין דער מחנה פון גאלוס, אז גאנצע דריי טאג האבען זיי ניט געוואוסט וואס צו טהון, און ערשט אויפ'ן פירטען טאג האבען זיי זיך ענטשלאסען צוצוקריעטען, צו ירושלים. די שטאדט איז אבער געווען אזוי גוט בעפעסטיגט, אז פינף טאג כסדר האבען די רוימער ניט געקאנט איינברעכען די מויערען, און אז אויפ'ן זעכסטען טאג איז זיי יא געראטהען מאכען א לאך אין איינעם פון די מויערען האט גאלוס פערשטאנען, אז עס איז שוין צו שפעט. אז דער ווינטער ריקט זיך אן, לעבענסמיטעל וועט שווער זיין צוצוקריגען און פיהרען ווייטער די מלחמה איז אונמעגליך. דערפאר איז גאלוס מיט'ן חיל באלד אבגעטרעטען, נאר די יודען האבען איהם נאכגעיאגט און פיעל פון זיינע לייט אויסגעהרג'ט. אין בית-חרון האבען די רוימער געמוזט דורכגעהן א שמאלען וועג צווישען צוויי הויכע בערג, און דארט האבען זיך די יודען מיט זיי אבגערעכענט נאר אויף איין אנדער אופן. אז גאלוס האט געזעהן אז עס איז שלעכט, איז ער געפאלען אויף א שכל, און איז קלאמערש'ט געבליבען שטעהן נאר ביי נאכט האט ער איבערגעלאזט פיער הונדערט מאן, כדי די יודען זאלען ניט בעמערקען אז זיי רירען זיך פונ'ם פלאץ. און אליין מיט'ן איבריגען חיל איז ער אנטלאפען. אין דער פריה האבען זיך די יודען געשטויסען וואס גאלוס האט אויפגעטהון. די פיער הונדערט סאלדאטען, וואס ער האט אליין מפקיר געווען, האבען זיי אויסגעהרג'ט. און האבען זיך נאך גענומען איהם נאכלויפען. נאר די דערשראקענע רוימער האבען איבערגעלאזט אלע זאכען. וואס זיי האבען מיט זיך געפיהרט און זענען קוים מיט'ן לעבען אנטלאפען. אין דער ערשטער מלחמה זענען געפאלען ביז זעקס טויזענד רוימער, און אויסער דעם האבען די יודען בעקומען פיעל כלי זיין פון זיי, וואס איז זיי שפעטער צו נוטץ געקומען.

מִיט שׂמְחָה הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדִישֶׁע קְרִיעגֶער אוּמְגֶעקֶעהרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ הָאבֶּען נָאךְ מִיט מֶעהר רֶעכְט גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען, אַז זֵיי הָאבֶּען פֶּערְזָארְגְט דָאס לַאנְד ; וַוייל אִינְוֶועגִיג הָאט מֶען שׁוֹין קֵיין שׂוֹנֵא נִיט גֶעזֶעהן . אוּנ אֲפִילוּ דִי שֹׁמְרוֹנִים זֶענֶען דֶעמֶעלְט מִיט זֵיי אוֹיךְ שָׁלוֹם גֶעוָוארֶען . דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעהַאפְּט גֶעשְׁמַאק צוּ דֶער אַרְבֵּייט : פוּן אֵיין זַייט הָאבֶּען דִי יוּנְגֶע לַייט גֶעלֶערְנְט אַלְדִינְג וָואס עֶס אִיז גֶאטְהִיג צוּ אַ מִלְחָמָה , כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קֶאנֶען בֶּעשִׁיצֶען זֵייעֶר פַאטֶערלַאנְד . אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶער זַייט הָאבֶּען דִי סַנְהֶדְרִין , וָואס זֵייעֶר ראש אִיז דֶעמֶעלְט גֶעוָוארֶען שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל , גֶעזֶעהן אַז אַלֶעס זָאל זִיךְ פִיהרֶען אִין אָרְדְנוּנְג, נָאךְ גֶעזֶעצֶע, אַזוֹי וִוי עֶס פַּאסְט פַאר אַ מְלוּכָה. נָאר דֶער הַאס גֶעגֶען דִי גֶאטְצֶענְדִינֶער אִיז יֶעדֶער טָאג גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען , חָאטְשֶׁי דָאס פָאלְק אִיז אִין דֶעם נִיט אַזוֹי שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן וִוי דִי וָואס הָאבֶּען צוּבְלָאזֶען דָאס פַייעֶר . דִי תַּלְמִידִים פוּן הִלֵּל , וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט , מֶען זָאל אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדְלֶען , הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַיינְבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ , אוּנ דִי תַּלְמִידִים פוּן שַׁמַּאי הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ תַּקָּנָה , אַז קֵיין יוּד זָאל נִיט לֶערְנֶען דִי לְשׁוֹנוֹת פוּן גֶאטְצֶענְדִינֶער , נִיט גֶעהמֶען בַּיי זֵיי קֵיין נְדָבוֹת אוֹיפְן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ , אוּנ בַּיי זֵיי גָאר נִיט קוֹיפֶען . פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערצוּ דָאס פָאלְק זָאל זִיךְ אוֹיסְקְלוֹיבֶּען פָארְשְׁטֶעהֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען , אַז נָאר דִי פַארבְּרֶענְטֶע רוֹדְפִים פוּן דִי רָאמֶער זֶענֶען בַּיי זֵיי דַוְקָא נִיט קֵיין גְרוֹיסֶע חֲשׁוּבִים : דֶעם עֶרְשְׁטֶען אָנְהֵייבֶּער פוּן דֶער מְרִידָה, אֶלְעָזָר בֶּן חֲנַנְיָה הָאט מֶען אָבְּגֶעגֶעבֶּען נָאר אַ קְלֵיין אָרְט אִין אֱדוֹם וָואס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין שׁוּם בֶּעדֵייטוּנְג , זַיין מִיטהֶעלְפֶער אֱלִיעֶזֶר בֶּן שִׁמְעוֹן אִיז אִין גַאנְצֶען גֶעבְּלִיעבֶּען אִין דְרוֹיסֶען . אוּנ דִי בְּחִירָה אִיז גְרָאד גֶעפַאלֶען אוֹיף שְׁטִילֶע אוּנ רוּהִיגֶע מֶענְשֶׁען , וִוי עָנָן דֶער זוּהן פוּנ'ם גֶעוֶועזֶענֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל עָנָן, יוֹסֵף בֶּן גוֹרְיוֹן אוּנ יוֹסֵף בֶּן מַתִּתְיָהוּ, וָואס הָאבֶּען פְרִיהֶער גוּט גֶעלֶעבְּט מִיט דִי רָאמֶער אוּנ דָאךְ הָאט דָאס פָאלְק גֶעהַאט צוּ-טְרוֹיעֶן צוּ זֵייעֶר עֶהְרְלִיכְקֵייט אוּנ הָאט אִין זֵייעֶרֶע הֶאנְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד.



# זעכסטעס קאפיטעל.

## די גאלילעאישע מלחמה.

(66 — 67 נאך קריסטוס געבורט. 3—4 פאר'ן חרבן בית שני)

אזוי איז אין ירושלים געווארען א שריפה. און אז די יודען האבען דערזעהן ווי ליכטיג עס איז, האבען זיי פארגעסען אז עס ברענט נאר אין א פינסטערע נאכט, און האבען געמיינט אז עס איז שוין טאג. דערווייל זענען די פונקען געפלויגען איבער גאנץ ארץ ישראל און אנגעצונדען יעדעס הארץ וואס האט נאר געקאנט פיהלען די צרות וואס די יודען זענען אויסגעשטאנען פון די רוימער. בעזאנדערס האט זיך דאס פייער צופלאקערט אין דריי גאלילעאישע שטאדט גיזחלה (היסקלה), טבריא און גמלה. אז עס איז אנגעקומען די ידיעה ווי גרויזאם די סירישע בעהאנדלען יודען, האט זיך באלד אין גיזחלה אנגעהויבען א מרידה און אלע אונצופריעדענע האבען זיך פערזאמעלט אונטער יוחנן בן לוי, א מענש דווקא ניט פון קיין געהויבענער משפחה און אהן געלד נאר מיט א פעסטען כאראקטער און מיט גרויסע ליבע צו זיין פאלק. ער האט זיך איינאייניגט מיט שמעון בר גיורא דערנאך בעריהמט געמאכט אין דער מלחמה געגען די רוימער. דאס אייגענע האט זיך אויך געטהון אין גמלה, דארט האבען זיך אויך געפינען גענוג יודען וואס צרות רבים איז ביי זיי ניט געוועהן קיין חצי נחמה און אויפגעמונטערט צו א גאנצער נקמה; נאר אין טבריא איז די זאך צוגעגאנגען א ביסעל שוועהרער, ווייל דארט האט געוואהנט אגריפא און אלע רייכע יודען האבען זיך ניט געוואלט מישען אין פרעמדע עסקים, דערפאר האט עס געקאסט גענוג מיה יוסטוס בן פיסטוס און יהושע בן ספפיא ביז זיי האבען ארויסגעבראכט דאס פאלק. אז עס זאל ארויס-

שפרינגען געגען די ראמער: יוסטוס וואס איז געוועהן א גרויסער רעדנער אין דער גריכישען שפראכע, אונ האט שפעטער אויף גריכיש אנגעשריבען די יודישע געשיכטע, האט געהאלטען פייערינגע דרשות פאר'ן עדלער'ן עולם, אונ יהושע, וואס איז געוועהן זעהר בעליעבט צווישען די גראבערע קלאסען, האט געארבייט אויף אלע כלים, אונ אזוי האט זיך די מרידה פארשפרייט איבער גאנץ גאליליא. אויסער דער הויפטשטאדט סעפפארים (צפורי).

אין אזא מעמד האט זיך געפונען גליל, ווען יוסף בן מתתיהו, וואס איז מעהר בעקענט אין דער געשיכטע מיט'ן נאמען יאזעפוס פלאוויוס, איז אראבגעשיקט געווארען פון ירושלים צו פיהרען דאס לאנד. יאזעפוס איז געוועהן א כהן, אונ פון דער מוטער'ס זייט האט ער זיך אנגעקעהרט מיט די חשמונאים; אינאיינעם מיט זיין ברודער מתתיהו האט ער פון יוגענד אן געלערנט תורה, אונ דערנאך איז ער דריי יאהר כסדר געוועהן א תלמיד ביי א געוויסען נזיר באנוס. יאזעפוס האט אבער א חוץ דעם געלערנט גריכיש, אונ אז ער איז אויפ'ן זיבען אונ צוואנציגסטען יאהר געפאהרען קיין רום, בעטען מען זאל בעפרייען עטליכע געפאנגענע פרושים, איז ער שוין געוועהן אזוי געבילדעט אז ער האט געקאנט אויפגענומען ווערען אין קאיזערליכען הויף. דורך א יודישען שוישפילער אליטיראס, איז איהם געראטהען בעקאנט צו ווערען מיט דער קאיזערין פאפעא, וואס האט ליעב געהאט יודען, אונ האט איהם אויך אבגעשיט מיט איהרע חסדים. די עטליכע יאהר, וואס יאזעפוס האט פערבראכט אין רום, האבען איהם אין גאנצען איבערגעארבייט: דאס גרויסקייט אונ דער גלאנץ פון דער ראמישער מלוכה האבען איהם פארבלענדט די אויגען קיין העכערס, שענערס אונ בעסערס פונ'ם ראמישען פאלק איז ביי איהם ניט געוועהן. אין רום האט ער זיך אויך צווישען די גרויסע שררות אויסגעלערנט די קונץ צו בעהאלטען די געדאנקען, רעדען האלבע ווערטער, טהון אזוי אונ טראכטען גאר עפעס אנדערש. אז ער איז צוריקגעקומען קיין ירושלים אונ האט געזעהן, אז זיינע ברידער האלטען ניט אזוי שטארק מיט די ראמער, האבען זיי ביי איהם א פנים געהאט ווי משוגעים אונ ער האט זיך אפט געפריווט דעם עולם פארשטעהן געבען ווי נוטצליך אונ נאטהיג עס וואלט געוועהן די יודען זאלען זיך צונויפשמעלצען מיט די ראמער. אז אליעזר בן חנניה איז אפענטליך ארויסגעשפרונגען געגען די ראמער, אונ עס האט זיך

צוגעהויבען א מרידה. איז יאזעפוס מיט נאך אזוינע ראמישע נוטע פריינד געשטאנען פון ווייטענס און האבען ארויסגעקוקט, אז צעסטיוס גאלוס זאל זיך א ביסעל צופיהרען די האנד און ווייזען די יודען, זיי זאלען קיין עזות־פנים׳ער ניט זיין. אז גאלוס האט אבער געמוזט אנטלויפען, און יא־זעפוס האט פערשטאנען, אז דא איז ניט קיין שפיעלעבען, און מען קאן אפשר אויסארבייטען אגריפא זאל ווערען א אונאבהענגיגער קאניג, האט ער איבערגעביטען די דעה, און אזוי ווי א בריה אויף אזעלכע זאכען איז ער געוועזן, האט ער זיך אזוי אריינגעדרעהט און צוגעשמייכעלט צום צד פון שלום, אז מען האט נאר געמוזט פארגעסען זיינע פריהריגע דרכים. און מען האט איהם אויסגעקליבען פאר א פארשטעהער פון גאליליא.

יאזעפוס האט ליעב געהאט צו זיין אליין א בעל הבית, און אז כ־האט פון ירושלים מיט איהם מיטגעשיקט צוויי גרויסע לומדים, יועזר און יהודה, זיי זאלען איהם העלפען פיהרען דאס לאנד, האט עס איהם ניט געטויגט. און ער האט אזוי געמאכט אז זיי האבען זיך באלד געמוזט אומקעהרען אהיים. צום אנהייב האט יאזעפוס זיך געשטעלט ווי א פיינד פון די ראמער, און האט קלאמערשט גענומען אלע מיטלען צו בעפעסטיגען דאס לאנד: ער האט איינגעפיהרט א בית־דין פון זיבציג סנהדרין, אין יע־דער שטאדט האט ער בעשטימט זיבען מנהיגים; אין א קורצער צייט האט ער שוין געהאט הונדערט טויזענד סאלדאטען, און זיין איינענע וואך איז בעשטאנען פון פינף הונדערט מענשען. ער האט זיך דערצו געוויזען אזוי פרום, אז ער האט געהייסען צוברעכען דעם פאלאץ אין טבריה, ווייל דארט זענען געוועהן בילדער פון חיות, וואס איז געגען דעם געזעץ פון דער תורה; פון דערסטוועגען, אז איהם האט מקדים געוועהן יהושע בן ספפיא, און האט פארברענט דעם פאלאץ, און צוטהיילט דאס פארמעגען צווישען זיין חברה. האט יאזעפוס באלד געזעהן, אז דאס פארמעגען זאל מען איבערגעבען אגריפאן. דאריבער האט מען אויף איהם שוין אנגעהויבען קוקען קרום. און ער איז נאך מעהר אריינגעפאלען אין חשד, ווען מען האט בעמערקט ווי ער לאזט ניט יוחנן פון גיזחלה אויפהייבען א קאפ, און אז ער האט געבעטען ביי יאזעפוסן ער זאל איהם ערלויבען פערקוי־פען די תבואה פון דער קרוין, און פון דעם געלד פארעכטען די פעסטונג אין גיזחלה, האט ער איהם אבגעזאגט. דערוועיל האט זיך געמאכט נאך א זאך: עטליכע יונגע לייט פון א שטאדטעל ד ב ר ט ה האבען צוגענומען

ביי אגריפא׳ס שליחים געלד. און האבען עס געבראכט צו יאזעפוס׳ן. יאזע־
פוס האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג. די יונגע לייט האט ער צוגעזאגט,
אז דאס געלד וועט ער אבשיקען קיין ירושלים, און אונטען ארום האט
ער עס איבערגעגעבען אגריפא׳ן. דער אמת האט אבער ניך געמוזט ארויס,
און אז דער עולם איז דערפון געוואהר געווארען, בעזאנדערס נאך דעם
וואס יהושע בן ספּפיא איז ארויסגעגאנגען מיט א ריינינקייט און האט בעשווארען די יודען זיי זאלען זיך אננעהמען פאר׳ן כבוד פון דער תורה,
איז ער מיט׳ן לעבען ניט זיכער געווען: דאס צורייצטע פאלק האט זיך
געווארפען צו יאזעפוס׳ס הויז, און האט עס געוואלט אנצינדען; מיט גרויס
מיה האט ער זיך אויסגעדרעהט פון דער סכנה; נאר דער סוד איז שוין
ארויס, אלע האבען געוואוסט אז עס איז ניטא אויף וועמען זיך צו פער־
לאזען, און אין גאלילעא זענען געווארען צוויי פארטייען: איינע, די גראסטע,
האט געקוקט אויף יאזעפוס׳ן ווי אויף א שונא, און האט גערעכענט פאר
זייער אמת׳ן פארשטעהער יוחנן בן לוי פון גיזחלה; און די אנדערע,
נאר א קליינע, האט געהאלטען מיט יאזעפוס׳ן, און האבען געדרינגען, אז
ער ווינשט זיי נוטס דערמיט וואס ער וויל זיך ניט פארקריגען מיט די
רמער. יוחנן איז דאריבער געצווינגען געווען אוועקצושיקען זיין ברודער
שמעון קיין ירושלים, און דארט דערצעהלען וואס פאר א מעשים יאזעפוס
האט אנגעארבייט. דער ראש פון די סנהדרין, שמעון בן גמליאל,
האט פריהר אויך ניט געהאט קיין גרויס צוטרויען צו יאזעפוס, און דער־
פאר, אז עס איז אנגעקומען אזא ידיעה, האט ער באלד אוועקגעשיקט
פיער שליחים קיין גאלילעא זיי זאלען איהם צווינגען זיך אבזאגען. א חוץ
דעם האט מען צושיקט בריעף אין די שטאדט טבריה, ספּפארים און
גברה, און מען האט מודיע געווען דעם פאלק, אז עס זאל זיך דערוויי־
טערן פון יאזעפוס׳ן, ווייל ער איז א שונא דעם פאטערלאנד. אודאי איז
דערמעלט יאזעפוס׳ס לאגע געווען זעהר טרויעריג, נאר ער האט זיך פארט
אויסגעדרעהט: דער בעפעהל פון ירושלים איז געבליבען טאקע נאר אויפ׳ן
פאפיער, און יאזעפוס האט זיך געטהון זיינס. וואס די יודען האבען גע־
ווינען אין די ערשטע פיער חדשים פון דער מרידה, דאס האבען זיי פער־
לאהרען אין די אנדערע פינף חדשים וואס יאזעפוס האט פערבראכט אין
גאלילעא.

אזוי זענען אוועק ניין חדשים. און די ראמישע מלוכה האט זיך ניט

גערידערט. דער קאיזער נירון האט זיך אבגעגעבען מיט זיינע נארישקייטען, וואס האבען דעמעלט געגאלטען מעהר פון די גראסטע חכמות, אונ עס איז איהם נאר ווענינ אנגעגאנגען וואס איינס פון זיינע פאלקער האט זיך א ביסעל צובונטעוועט. אז עס איז אבער אנגעקומען די ידיעה פון צעסטיוס גאלוס'ס מפלה; אונ אז ער איז טאקע באלד דערנאך געשטארבען, האט ער שוין געמוזט ארויסשיקען קיין פאלעסטינא איינעם פון זיינע הויפטלייט פלאוויוס וועספאסיאן (אספיסינוס) מיט גרויס חיל, אונ אחוץ דעם האט ער געמאכט אין סיריען פאר א מושל ליציניוס מוציאנוס. אים ווינטער איז וועספאסיאן מיט זיין זוהן טיטוס אנגעקומען קיין ארץ ישראל, אונ נאך אין עכו האט איהם בעגריסט דער קאניג אגריפא מיט זיין שוועסטער ברניצה. אגריפא האט געמוזט ארויסווייזען, אז ער האלט ניט מיט די מורדים אונ איז איבערגעבען די רומער. דעמעלט האט טיטוס ליעב בעקומען די פרינצעסין ברניצה פאר איהר גרויס שאנקייט, האטשי זי איז געוועזן א סך עלטער פון איהם.

מיט פינפציג טויזענד מאן איז וועספאסיאן צוגעקומען קיין פאלעסטינא; נאר ער האט זיך ניט געיאגט באלד אנצוהויבען די מלחמה ווי צעסטיוס גאלוס: ער האט זיך פריהער גוט בערעכענט, אלדינג אנגעגרייט אונ ערשט צו פסח-צייט האט ער זיך ענטשלאסען קודם כל איינצונעהמען גאליליעא, אונ דערנאך שוין ביסלעכווייס צוריקען קיין ירושלים. אין גאלילעא איז איהם נאר געווען גרינג דארט וואו יאזעפוס איז געווען מיט זיין חיל: די יודען זענען געפאלען ווי שטרוי, אדער זיי האבען באלד בייס אנהויב איינגעבויגען דעם קאפ. דארט וואו ער האט אבער אנגעטראפען אויף שמעון בן לוי'ס לייט — איז איהם שוין אנגעקומען שווער, אונ זיי האט ער שוין ניט געקאנט אזוי לייכט בעקומען. דערפאר איז איהם אזוי געראטהען באלד איינצונעהמען די פעסטונג נבבה, ווייל יאזעפוס איז נאך פריהער אנטלאפען קיין טבריה, אונ האט ניט געוואלט זיין אין מיטען דעם פייער, אונ די איינוואהנער האט וועספאסיאן א טהייל אומגעבראכט אונ א טהייל פארקויפט פאר שקלאווען. נאך אזא התחלה האט וועספאסיאן גערעכענט, אז אזוי וועט עס שוין געהן כסדר; נאר אז ער איז צוגעקומען צו דער פעסטונג יותפתא, האט ער באלד ארויסגעזעהן, אז ער האט א טעות געהאט. פירציג טאג האט געדויערט די בעלאגערונג, די יודען האבען זיך געשלאגען ווי גבורים, האטשי זיי האבען שטארק געליטען פון דורשט; ווייל

דֶער שׂוֹנֵא הָאט נִיט גֶעלָאזְט אַרַיינְפִירֶען וַואסֶער . אוּנ וֶוען עֶס גֶעפִינְט זִיךְ נִיט אֵיין פַאלְשֶׁער וָואס הָאט אָנְגֶעוִויזֶען דִי רָאמֶער אַ וֶועג צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג , וָואלְט זִי זִיךְ נָאךְ לַאנְג גֶעקָאנְט הַאלְטֶען . דֶערפַאר הָאט זִיךְ אוֹיךְ וֶועסְפַּאסִיַאן מֶעהר נוֹקֵם גֶעוֶועהן אִין דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן יוֹתְפַּתָא : פִירְצִיג טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען הָאט עֶר אוֹיסגֶעהַרְגֶ׳ט . אוּנ טוֹיזֶענְד פְרוֹיעֶן מִיט קִינְדֶער הָאט עֶר אַוֶועקגֶעפִירְט גֶעפַאנְגֶען . פְרִיהר מִיט עֶטְלִיכֶע טָאג אִיז אוֹיךְ גֶעפַאלֶען דִי שְׁטָאדְט יַ א פ הַ נ א.

יָאזֶעפוּס אִיז גְרָאד גֶעוֶועהן אִין יוֹתְפַּתָא עֶהדֶער וֶועסְפַּאסִיַאן אִיז צוּגֶעקוּמֶען , אוּנ וַוייטֶער אַנְטְלוֹיפֶען הָאט אִיהם שׁוֹין נִיט גֶעפַאסְט . אַז דִי סַכָּנָה אִיז גֶעוָוארֶען צוּ גְרוֹים , הָאט עֶר זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ בְּרוּנֶען אִינְאֵיינֶעם מִיט נָאךְ פִירְצִיג קְרִיעגֶער ; נָאר אַז דִי רָאמֶער הָאבֶּען אָפְּגֶענוּמֶען דִי פֶעסְטוּנְג , הָאבֶּען זֵיי עֶנְטְדֶעקְט וואו יָאזֶעפוּס גֶעפִינְט זִיךְ , אוּנ הָאבֶּען גֶעפָארְדֶערְט עֶר זָאל זִיךְ אוּנְטֶערגֶעבֶּען . יָאזֶעפוּס פוּן זַיין זַייט אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן פֶערטִיג זִיךְ אִיבֶּערצוּגֶעהן צוּם שׂוֹנֵא , נָאר דִי חֶבְרָה וָואס אִיז מִיט אִיהם אִינְאֵיינֶעם גֶעוֶועהן בֶּעהַאלְטֶען , הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט שְׁטֶעכֶען , אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי אַלֶע גֶעבְּלִיעבֶּען זֵיי זָאלֶען זִיךְ בֶּעסֶער אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען נֶעהמֶען עֶהדֶער אִיבֶּערקוּמֶען אוֹיף דִי רָאמֶערס יֹשֶׁר . יָאזֶעפוּס הָאט גֶעשְׁווֹאוֹירֶען , אַז עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִינְאֵיינֶעם מִיט זַיינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע חֲבֵרִים ; נָאר עֶר הָאט אַזוֹי גֶעדְרֶעהט אַז עֶר זָאל בְּלַייבֶּען דֶער לֶעצְטֶער . אוּנ קוֹים זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועהן טוֹיט הָאט עֶר זִיךְ פוּן דֶער שְׁבוּעָה גָאר וֶוענִיג גֶעמַאכְט , אוּנ הָאט בַּאלְד גֶעבֶּעטֶען מְחִילָה בַּיי דִי שׂוֹנְאִים . וֶועסְפַּאסִיַאן הָאט גֶעוואוּסְט אַז יָאזֶעפוּס קָאן זִיךְ נִיט רֶעכְנֶען צְווִישֶׁען דִי רָאמִישֶׁע פַיינְד : עֶר הָאט אִיהם עֶרְלוֹיבְּט הַתּוּנָה צוּ הָאבֶּען מִיט אֵיינֶע פוּן דִי גֶעפַאנְגֶענֶע יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן . אִין גֶעלְד הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גֶעהַאט קֵיין מַאנְגֶעל , אוּנ אַ חוּץ דֶעם אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ חָבֵר אוּנ אַ יוֹעֵץ פוּנ׳ם יוּנְגֶען טִיטוּס.

דֶערנָאךְ הָאט וֶועסְפַּאסִיַאן גֶעשִׁיקְט דֶעם הוֹיפְּטְמַאן צֶ ע רֶ ע אַ לִ י ס מִיט דְרַיי טוֹיזֶענְד סָאלְדַאטֶען אוּנ זֶעכְס הוּנְדֶערְט רַייטֶער , עֶר זָאל זִיךְ אָבְּרֶעכְנֶען מִיט דִי שֹׁמְרוֹנִים , וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערזַאמֶעלְט אוֹיפ׳ן בַּארְג גְרִזִים , אוּנ עֶס אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּצוּקוּמֶען צוּ זֵיי . דִי שֹׁמְרוֹנִים הָאבֶּען אוֹיךְ זֶעהר פִיעל גֶעלִיטֶען פוּן וַואסֶער־מַאנְגֶעל , נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעהַאלְטֶען בִּיז צוּ דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט , אוּנ עֶלְף טוֹיזֶענְד זֶעכְס הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען . אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ אוֹיסגֶעהַרְגֶ׳ט גֶעוָוארֶען אַ כַּךְ

יודען אין יָפוֹ: אַז די רֶאמֶער זֶענֶען בַּיי נאַכְט אַריין אין דֶער שְׁטָאדְט, הָאבֶּען זיך די יודען גֶעפְּרִיוְוט באַטֶעוֶוען אויף די שִׁיפֶען, נָאר עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אויפ׳ן יַם אַזָא שְׁטוּרְמְווינְד, אַז פִּיעל זֶענֶען דֶערְטְרֶאנְקֶען גֶעווָארֶען, פִּיעל זֶענֶען צוּריק אַריינְגֶעפַאלֶען דֶעם שׂוֹנֵא אין די הֶאנְד אַריין, אוּנ פִּיעל הָאבֶּען זיך אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען. בַּאלְד נָאך דֶעם הָאט זיך אויך אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען די שְׁטָאדְט טְבֶרְיָה; נָאר אַ גְרוֹיסֶע צָאהל פוּן יודֶען, אוּנ אֵיינֶעם מִיט זֵייעֶר ראש יְהוֹשֻׁעַ בֶּן שָׁפָט, הָאט זיך אַרִיבֶּערְגֶעכַאפְּט קֵיין טַארִיכֶעאַ (טַרְכִינְיָא), אוּנ הָאבֶּען פוּן דָארְט נָאך גֶענוּג צָרוֹת אָנְגֶעטְהוּן די רֶאמֶער. נָאר פְּלִיצוּם אִיז אַרוֹיס טַאקִי צְווִישֶׁען זֵיי אַ מַחֲלוֹקֶת, אוּנ דֶער שׂוֹנֵא הָאט וַוייטֶער בֶּעקוּמֶען פִ״יפֶע צֶעהן טוֹיזֶענְד קָרְבָּנוֹת. אִין אֵיין יָאהר אִיז גֶעוָוארֶען אַ תֵּל כִּמְעַט פוּן גַאנְץ גַאלִילֶעאַ, וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען די רֶאמֶער נִיט קֵיין קְלֵיינֶע צָאהל גֶעפַאנְגֶענֶע: פִּירְצִיג טוֹיזֶענְד זֶענֶען פַארקוֹיפְט גֶעוָוארֶען פַאר שְׁקְלַאוֶוען, זֶעכְס טוֹיזֶענְד קְרֶאפְטִיגֶע יוּנְגֶע לַייט זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אויף שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייטֶען קֵיין גְרִיכֶענְלַאנד, אוּנ די אִיבְּרִיגֶע וָואס די רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אויף אַגְרִיפַאס הֶאנְד, זֶענֶען אויך גֶעוָוארֶען קֶנֶעכְט, — הוֹרְדוּס׳ס עֶנִיקֶעל הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין גְרֶעסֶערן יוֹשֶׁר ווי צוּצוּגֶעהֶ״ען די פְרַייהֵייט בַּיי זַיינֶע אֵיינֶענֶע בְּרִידֶער.

דְרַיי אֶרְטֶער זֶענֶען נָאך גֶעבְּלִיבֶּען אִין גַאלִילֶעאַ, וָואס עֶס אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן די רֶאמֶער אַיינְצוּנֶעהמֶען: די שְׁטָאדְט גַמְלָה אוּנ גִיזְחַלָה אוּנ דֶער בַּארְג תָּבוֹר. גְלַייך פוּן טַארִיכֶעאַ אִיז וֶועסְפַּאסִיאַנ׳ס חַיִל צוּגֶעקוּמֶען צוּ גַמְלָה, נָאר הָאטְשֶׁי דָארְט הָאבֶּען זיך אִין גַאנְצֶען גֶעפוּנֶען נַיין טוֹיזֶענְד יוּדִישֶׁע קְרִיעגֶער, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵייעֶרֶע פָארְשְׁטֶעהֶער, יוֹסֵף אוּנ חַארֶעס אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעשִׁיצְט די שְׁטָאדְט, אוּנ אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט דָאס פָאלְק עֶס זָאל זיך פֶעכְט הַאלְטֶען. אַז אַגְרִיפַּא הָאט זיך גֶעפְּרִיוְוט צוּקוּמֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג אוּנ בַּאטְהֶען מֶען זָאל זיך אוּנְטֶערְגֶעבֶּען, הָאט מֶען אִיהם גֶעאֶנְטְפֶערְט מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנ עֶר אִיז אַוֶועק פוּן דָארְט מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶער הַאנְד. סוֹף כָּל סוֹף הָאט אָבֶער פָארְט גַמְלָה גֶעמוּזְט פַאלֶען, אוּנ עֶס אִיז די אַיינְוָואהנֶער קֵיינֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען. דָאס אֵיינֶענֶע אִיז אויך גֶעשֶׁעהן מִיט׳ן בַּארְג תָּבוֹר, וואו די יודֶען הָאבֶּען אויך זיך נִיט אַזוֹי גִיך אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען, אוּנ מִיט גִיזְחַלָה, וואו יוֹחָנָן אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען מִיט זֶעהר וֶועניג מֶענְשֶׁען. אַז טִיטוּס אִיז צוּגֶעקוּמֶען קֵיין גִיזְחַלָה אִיז גְרָאד גֶעוֶועהן שַׁבָּת, אוּנ צוּ לִיעב דֶעם אִיז עֶר מְרוּצֶה גֶעוֶועהן צוּ וַוארְטֶען אַ טָאג טָאמֶער

הָעלֶען די יודֶען מִיט נוטֶען אֶפְנֶען די טויעֶרען פון דָער שְׁטָאדְט. מִיט דֶער צייט הָאט זיך דֶערוויייל יוֹחָנָן בֶּענוּצְט אונ אִיז כִּמְעַט מִיט אַלֶע איינְוָואוּנֶער אַוֶועק קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אַז טִיטוּס אִיז אויפ'ן אַנְדֶערן טָאג אַריין אִין שְׁטָאדְט, הָאט עֶר כִּמְעַט קֵיינֶעם נִיט גֶעפוּנֶען אִין וָועמֶען זיך נוקֵם צו זיין; נָאכְיָאגֶען די אַנְטְלָאפֶענֶע אִיז אִיהם שׁוין שְׁוֶוער גֶעוֶועהן.

אַזוֹי אִיז גֶעפַאלֶען גַאלִילֶעאַ אונ עֶס הָאט אָפְּגֶעקָאסְט בֵּיידֶע זייטֶען אַזוֹי פִיעל בְּלוּט אַז אֲפִילוּ די רָאמֶער הָאבֶען עֶס גֶעמוּזְט פִיהלֶען אונ וֶועסְפַּאסִיאַן הָאט זיך אויך בֶּעדַארְפְט אָפְּרוּהֶען אַ בִּיסֶעל אונ אָנְגֶעהמֶען פְרִישֶׁע כּוֹחוֹת צו פִיהרֶען ווייטֶער די מִלְחָמָה.



# זִיבֶּעטֶעס קַאפִּיטֶעל.

## דֶער חֻרְבָּן פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

(70 — 67 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבוּרְט. 1—3 פַאר'ן חֻרְבָּן בַּיִת שֵׁנִי)

די יוּדִישֶׁע הויפְּטשְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם הָאט אִין דֶער צייט אַרוֹיסגֶעוויזֶען די לֶעצְטֶע לֶעבֶּענְסצייכֶענְס: דָאס הַארְץ פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעקְלַאפְּט מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת עֶהדֶער עֶס הָאט בֶּעדַארְפְט אַנְשְׁווייגֶען ווערֶען. פוּן גַאנְץ גַאלִילֶעאַ זֶענֶען אַלֶע אַנְטְלָאפֶענֶע אַהִין גֶעקוּמֶען. אונ נָאר אַיין יוֹחָנָן בֶּן לֵוִי פוּן גִיזְחַלָה הָאט מִיט זיך מִיטגֶעבְּרַאכְט מֶעהר פוּן צְוֵויי טויזֶענְד מֶענְשֶׁען. מֶען הָאט גֶעוואוּסְט ווִי פִיעל יוּדֶען הָאבֶען מַקְרִיב גֶעוֶועהן זייעֶר לֶעבֶּען, ווִי פִיעל יוּדִישׁ בְּלוּט אִיז פֶערגָאסֶען גֶעוָוארֶען אונ דָאס הָאט נָאךְ מֶעהר גֶעשְׁטַארְקְט דֶער צַד פוּן מִלְחָמָה, אונ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבְּען בּיי אַלֶע, אַז מֶען זָאל יְרוּשָׁלַיִם אָפְּהִיטֶען ווִי אַיין אוֹיג אִין קָאפּ. דֶער עִיקָר אִיז בּיי אַלֶע גֶע-

וָועהן נָאר דִי הױפְּטשְׁטָאדט, אוּנ צוּ לִיעבּ דָעם הָאט מֶען נִיט אַזוֹי שְׁטַאַרְ
אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף אַלֶע אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער פוּנ׳ם לַאנְד. וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִי־
בֶּען נִיט בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּנ דֶער שׂוֹנֵא הָאט גְרִינְג גֶעקֶאנְט אַהִין צוּקוּמֶען.
אִין דֶער פֶּעסְטוּנְג מַסַדָה הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען דִי סִיקַארִיעֶר (סִיקְרִין
סִקְרִיקוֹן) מִיט אֶלִיעֶזֶר בֶּן יָאִיר, אוּנ דֶערנָאךְ הָאט זִיךְ דָארְט אוֹיךְ בֶּע־
זֶעצְט שִׁמְעוֹן בַּר גִיוֹרָא. וָואס פְלֶעגְט אָפְט אָנְפַאלֶען מִיט דִי סִיקַארִיעֶר
אוֹיף דִי אֲדוֹמִים אוּנ זֵיי בַּאגֶעוֶוען, אוּנ דֶערפַאר פְלֶעגְט אָפְט פָּארקוּמֶען
אַ גֶעשְׁלֶאג צְוִוישֶׁען זֵיין חֶבְרָה אוּנ דִי אֱדוֹמִים. וָואס זֶענֶען אוֹיךְ נִיט גֶע־
וָועהן שְׁלִימַזְלְנִיקֶעס.

דָעם צַד פוּן שָׁלוֹם הָאטְשִׁי עֶר אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר קְלֵיין, הָאט זֶעהר
גֶעקְרֶאנְקְט וָואס עֶס אִיז אַזוֹי וַוייט גֶעקוּמֶען אַז מֶען הָאט שׁוֹין בֶּעדַארְפְט
מוֹרָא הָאבֶּען פַאר יְרוּשָׁלַיִם אַלֵיין, אוּנ מֶען פְלֶעגְט אָפְט הֶערֶען אַ דֵעָה אַז
מֶען וָואלְט זִיךְ בֶּעדַארְפְט אוֹיסגְלַייכֶען מִיט דִי רָאמֶער. אַז עֶס אִיז אָבֶּער
אָנְגֶעקוּמֶען אַ יְדִיעָה, אַז יָאזֶעפוּס פְלַאוְויוּס גֶעפִינְט זִיךְ אִין רֶאמִישֶׁען לַאגֶער
אוּנ אִיז גָאר אַ גוּטֶער בְּרוּדֶער מִיט דִי שׂוֹנְאִים, הָאט דֶער צַד מֶעהר קֵיין
דִבּוּרִים נִיט גֶעהַאט, אוּנ דֶער צַד פוּן מִלְחָמָה הָאט גָאר אִין גַאנְצֶען אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען דָעם קָאפּ אוּנ הָאט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ שְׁטֶאכֶען דִי אוֹיגֶען אוּנ
נִייזֶען צוּ וָואס עֶס פִיהְרְט דָאס פְרַיינְדשַׁאפְט מִיט דִי רָאמֶער. דֶעמֶעלְט אִיז
אֶלִיעֶזֶר בֶּן שִׁמְעוֹן גֶעוָוארֶען דֶער גַאנְצֶער פָארשְׁטֶעהֶער פוּנ׳ם פָאלְק.
וָואס אִיז שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען גֶעגֶען דִי סַנְהֶדְרִין אוּנ דִי רַייכֶע
יוּדֶען, אוּנ הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַלֶע שְׁטֶעלֶען בַּיי׳ם בֵּית הַמִקְדָשׁ, וָואס
זֶענֶען בִּיז אַהֶער גֶעוֶועהן אִין דִי הֶאנְד פוּן מְיוּחָסִים אוּנ בְּכָבוֹדֶע מִשְׁפָּחוֹת.
אִיבֶּערגֶעבֶּען פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען. דָאס אִיז נָאךְ אָבֶּער וֶועניג גֶעוֶועהן: זֵיי
הָאבֶּען אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אוֹיךְ דָעם כֹּהֵן גָדוֹל מַתְיָה בֶּן טְהֶעאָפִיל וָואס
אַגְרִיפַּא הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ הָאבֶּען אוֹיף זֵיין אָרְט גֶעשְׁטֶעלְט אַ אוּנְבֶּעקַאנְטֶען
כֹּהֵן פוּן אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטֶעל אַפְתַּטָא, פִּנְחָס בֶּן שְׁמוּאֵל, וָואס [illegible]
הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף אִיהם, אַז עֶר הָאט פְרִיהֶער פָּשׁוּט גֶעהַאקְט שְׁטֵיי[illegible].
אַזַא הִלוּךְ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אִין יְרוּשָׁלַיִם אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ, אוּנ אֲפִילוּ דֶער
רֹאשׁ פוּן דִי סַנְהֶדְרִין ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל, אִיז גֶעוֶועהן בְּרוֹגֶז דַארוֹיף.
דֶערוַויילֶ הָאט זִיךְ דֶערמִיט בֶּענוּצְט דֶער אַ מָאהלִיגֶער כֹּהֵן עָנָן, אוּנ הָאט
אַזוֹי אוּנְטֶערגֶעהִיצְט בֵּיידֶע צְדָדִים אַז עֶס אִיז אַרוֹיס אַ אִינְוֶוענִינְסְטֶער קְרִיג
צְווִישֶׁען דִי אֵיינְוואוֹהנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

דֶער צַד פוּן מִלְחָמָה הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אוֹיפ'ן הַר הַבַּיִת אוּנ זֵייעֶרֶע גֶעגְנֶער הָאבֶּען זֵיי בֶּעלֶאגֶערְט. דֶערוַוייל הָאט מֶען אַרוֹיסגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג אַז עָנָן מִיט זַיין חֶבְרָה ווִילֶען דִי שְׁטָאדְט אִיבֶּערגֶעבֶּען דִי רֶאמֶער. דָאס הָאט אָנְגֶעהַאפְּט יוֹחָנָן בֶּן לֵוִי בַּיים הַארְץ, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אָבְּצוּמַאכֶען מִיט דִי אֲדוֹמִים זֵיי זָאלֶען אִיהם גֶעהֶען צוּ הִילְף. דִי אֲדוֹמִים הָאט גְלַאט הֲנָאָה גֶעטְהוּן אַז זֵיי ווֶעלֶען הָאבֶּען וואוּ צוּ רַאבֶּעוֶוען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען צוּגֶעשְׁטֶעלְט צְוַאנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן. אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן פִיעֶר יוּדִישֶׁע הוֹיפְּטלַייט יוֹחָנָן, שִׁמְעוֹן, פִּנְחָס אוּנ יַעֲקֹב. ווֶען זֵיי זֶענֶען אָבֶּער צוּגֶעקוּמֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען זֵיי גֶעפוּנֶען דִי טוֹיעֶרֶען פֶערשְׁלָאסֶען, אוּנ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן גַמַלַה הָאט זֵיי פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג אַרָאבְּגֶעשְׁרִיגֶען זֵיי זָאלֶען בֶּעסֶער אָבְּטְרֶעטֶען אוּנ נִיט גִיסֶען בּוֹימֶעל אוֹיפ'ן פַייעֶר, ווָאס הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶענוּג צוּבְרֶענְט אָהן זֵיי. דִי אֲדוֹמִים הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶעווָאלְט הֶערֶען אוּנ זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁטֶעהְן בַּיי דֶער שְׁטָאדְט, בִּיז אִין אַפִינְסְטֶערֶער נַאכְט, ווֶען עֶס הָאט גֶעגָאסֶען אַ שְׁלַאגְס־רֶעגֶען, אוּנ דִי ווַאכֶען הָאבֶּען נִיט גֶעקֶאנְט אַזוֹי שְׁטַארְק אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, הָאט מֶען אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען דִי שְׁלֶאסֶער, אוּנ מֶען הָאט זֵיי אַריינְגֶעלָאזְט. דָא אִיז גֶעווָארֶען אַ שְׁחִיטָה. מֶען הָאט זִיךְ גֶעהַרְגֶ'ט אוּנ גֶעשְׁלָאגֶען אִין דִי גַאסֶען מֶען הָאט נִיט גֶעקוּקְט ווֶער מִיט ווֶעמֶען, אוּנ אַז דִי זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאט מֶען גֶעפוּנֶען מֶעהר פוּן אַכְט טוֹיזֶענְד הֲרוּגִים. דֶערנָאךְ הָאט דֶער צַד פוּן מִלְחָמָה אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִשְׁפָּטְ'ן זֵייעֶרֶע גֶעגְנֶער, אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאט מֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט; דִי עֶרְשְׁטֶע זֶענֶען גֶעווֶעהן עָנָן אוּנ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן גַמַלַה, אוֹיף זֵיי אִיז דָאס פָאלְק אַזוֹי אִין כַּעַס גֶעווֶעהן, אַז מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעלָאזְט בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנ זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע קֶערְפֶּער אַרוֹיסגֶעווָארְפֶען פַאר דִי הִינְד. פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאבֶּען דִי יוּדֶען שֵׂכֶל גֶעהַאט, אוּנ הָאבֶּען בַּאלְד דִי אֲדוֹמִים אַרוֹיסגֶעפַּטְר'ט פוּן יְרוּשָׁלַיִם. אוּנ דֶער גַאנְצֶער מַנְהִיג אִיז גֶעווָארֶען יוֹחָנָן בֶּן לֵוִי פוּן גִיזְחַלַה. ווָאס הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט אַלֶע מַעֲלוֹת ווָאס פַּאסֶען אַ מוֹשֵׁל. אוּנ הָאט גֶעקֶאנְט הַאלְטֶען אִין דִי הֶאנְד אֲפִילוּ דִי צוּרֵייצְטֶע אַיינְווָאהנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם. אַוַדַאי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט צוּלוֹיפֶען דִי ווֶענִיגֶע ווָאס הָאבֶּען נָאךְ גֶעקֶערְט צוּם צַד פוּן שָׁלוֹם; עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיךְ אִין רֶאמִישֶׁען לַאגֶער אוּנ הָאבֶּען דֶערצֶעהְלְט ווָאס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטשְׁטָאדְט.

דִי רֶאמֶער הָאבֶּען זִיךְ דִי גַאנְצֶע צֵייט בֶּעהַאלְטֶען וַוייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם. דֶעם גַאנְצֶען ווִינְטֶער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָבְּגֶערוּהט. אוּנ עֶרְשְׁט צוּם זוּמֶער צוּ

האבען זיי זיך גענומען געהן קיין פאלעסטינא, אונד פערעא איז צום ערשטען געפאלען, דארט זענען צוויי טויזענד יודען געפאנגען געווארען, אונד מעהר פון פינפצעהן טויזענד האט מען אויסגעהרג'ט. אז עס איז אנגעקומען א ידיעה פון רום, אז דאס גאלישע אונד שפאנישע חיל האבען אראבגעווארפען דעם קאיזער נירון אונד אנידערגעזעצט גאלבא אויף זיין ארט, האט זיך וועספאסיאן אנגעהויבען מעהר יאגען איין עק צו מאכען פון פאלעסטינא, כדי ער זאל גיכער פריי ווערען אונד זיך קאנען אריינמישען אין די עסקים פון דער מלוכה; נאר אפילו אז ער איז שוין געווען פערטיג מיט'ן אונבעשיצטען לאנד, האט ער אויך ניט געוואלט צוטרעטען צו ירושלים איבער צוויי טעמים: ערשטענס, האט ער פריהר געוואלט וויסען ווי אזוי וועט עס בלייבען מיט דער ראמישער מלוכה, ווייל טאקי תיכף איז נירון געשטארבען, אונד ביי וועספאסיאן איז שוין געבאהרען געווארען דער געדאנק אז טאקי איהם אליין שטעהט אן צו בלייבען זיין יורש, אונד צווייטענס, האט ער געוואלט אויסווארטען אונד זעהן מיט וואס עס וועט זיך ענדיגען אין ירושלים דער איננערליכער קריעג צווישען די איינוואהנער. דארט האט זיך טאקי דער קריעג פערשטארקט איבער שמעון בר גיורא, וואס האט זיך ניט געוואלט איינהאלטען אין מסדה, אונד האט געוואלט נאר אריין קיין ירושלים. ער האט צונויפגענומען כמעט צוואנציג טויזענד שקלאווען, אונד האט זיך מיט זיי ארומגעדרעהט נעבען ירושלים; נאר מען האט איהם אהין ניט אריינגעלאזט, ווייל אפילו דער צד פון מלחמה האט אויך מורא געהאט פאר זיין ווילדקייט. עס פלעגט אפט קומען צו געשלעג צווישען זיין חברה אונד די איינוואהנער פון ירושלים. איין מאהל האט מען ביי איהם צוגענומען זיין ווייב אונד מען האט זי געהאלטען געפאנגען אין ירושלים; נאר אז מען האט זי דערנאך בעפרייעט, האט ער נאך אלץ ניט אויפגעהערט זיך צו טשעפען. דא האט איהם נאך צוגעשפיעלט דאס, וואס אין ירושלים זענען נאך געבליבען עטליכע מיוחסים פונ'ם צד פון שלום, אונד מיט זיי איז אויך געווען דער פריהריגער כהן מתתיה; זיי האבען איבערגערעדט א טהייל פונ'ם פאלק, אונד האבען עס אזוי ווייט געבראכט, אז עס איז ווייטער ארויס א געשלעג צווישען ביידע צדדים, אונד מתתיה האט זיך געווארפען צו שמעון בר גיורא, אונד האט איהם מיט אלע זיינע לייט אריינגעבראכט קיין ירושלים. וועספאסיאן האט געוואוסט וואס דארט טהוט זיך, אונד האט גע- מענט רעכענען אז נאר גיך וועט ארויס אזא הריגה צווישען די איינוואהנער

אַז אֵיינֶער פוּן דִי צְדָדִים װֶעט אִיהם קוּמֶען בֶּעטֶען עֶר זָאל אָבְּנֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע הוֹיפְּטשְׁטָאדְט. דַארִיבֶּער אִיז עֶר גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁטֶעהן אוּנ הָאט אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט דֶערװַייל זַיין זוּהן טִיטוּס אוּנ דֶעם קֶאנִיג אַגְרִיפַּא קֵיין רוֹם צוּ בֶּעגְרִיעסֶען דֶעם נַייֶעם קַאיזֶער גַאלְבַּא; נָאר אִין מִיטֶען װֶעג זֶענֶען זֵיי גֶעװָאהר גֶעװָארֶען אַז גַאלְבַּא אִיז שׁוֹין טוֹיט, אוּנ אַז דִי רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ אָטְהָא אוּנ װִיטֶעלְיוּס, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט. טִיטוּס'ן הָאט עֶס גֶעצוֹיגֶען צוּ זַיין גֶעלִיעבְּטֶער פְּרִינְצֶעסִין בֶּרֶנִיצֶה, אוּנ אַ חוּץ דָעם הָאט עֶר גֶעװָאלְט צוּרֶעדֶען דֶעם פָאטֶער עֶר זָאל בֶּעסֶער זִיךְ נֶעהמֶען דִי רֶאמִישֶׁע קְרוֹין. װֶעסְפַּאסְיַאן הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטֶען, נָאר עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז דֶער מוֹשֵׁל פוּן סִירְיֶען, לִיצִינְיוּס מוּצְיַאנוּס אוּנ דֶער הֶערְשֶׁער פוּן מִצְרַיִם, אַלֶכְּסַנְדֶר טִיבֶּערְיוּס, זָאלֶען נִיט זַיין קֵיין גֶעגְנֶער. מִיט לִיצִינְיוּס'ן הָאט אִיבֶּער גֶעאַרְבֵּייט טִיטוּס, אוּנ בַּיי אַלֶכְּסַנְדֶר'ן הָאט בֶּרֶנִיצֶה גֶעפּוֹעֶלְט, אוּנ גָאר גִיךְ הָאט דָאס חַיִל אִין מִצְרַיִם גֶעשְׁװָאהרֶען צוּ דִיעֶנֶען טְרַיי דֶעם קַאיזֶער װֶעסְפַּאסְיַאן, אוּנ אִין עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּם הָאט גֶעשְׁװָאהרֶען דָאס חַיִל אִין סִירְיֶען. בַּיי אַזַא גְדוּלָה הָאט שׁוֹין װֶעסְפַּאסְיַאן פַארְגֶעסֶען אִין דִי יוּדֶען; עֶר אִיז מִיט טִיטוּס אַװֶעקְגֶעפָאהרֶען קֵיין מִצְרַיִם אוּנ אִיז דָארְט גֶעבְּלִיעבֶּען בִּיז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי יְדִיעָה פוּן װִיטֶעלְיוּס'ס טוֹיט.

אַזוֹי זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צְװֵיי יָאהר, אוּנ דִי שְׁװֶערְד פוּנ'ם שׂוֹנֵא הָאט אַלְץ גֶעשְׁװֶעבְּט אִין דֶער לוּפְט. אִין יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען שׁוֹין דֶעמֶעלְט גֶעװֶעהן פִיער כִּתּוֹת אֲפִילוּ פוּן דִי װָאס הָאבֶּען גָאר גֶעהַאלְטֶען פוּן מִלְחָמָה: צְװֵיי טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן אֶלִיעֶזֶר בֶּן שִׁמְעוֹן, זֶעכְס טוֹיזֶענְד אַנְטְלָאפֶענֶע פוּן גַאלִילֶעא הָאבֶּען גֶעהַאט זֵייעֶר בֶּעזוּנְדֶער פָארְשְׁטֶעהֶער יוֹחָנָן בֶּן לֵוִי, אַרִיבֶּער צֶעהן טוֹיזֶענְד סִיקַארִיֶער הָאבֶּען גֶעקוּקְט אִין מוֹיל אַרַיין שִׁמְעוֹן בַּר גִיוֹרָא, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם הָאבֶּען זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען פִינְף טוֹיזֶענְד אֲדוֹמִים אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן יַעֲקֹב בַּר שׁוּשַׁא אוּנ שִׁמְעוֹן בַּר קַטְלַא. דָאס זֶענֶען גֶעװֶעהן לוֹיטֶער גִבּוֹרִים אוּנ װֶען אַלֶע זָאלֶען זִיךְ גֶעװֶעהן אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט אֵיין זַאךְ אוּנ זֶעהן נָאר צוּ בֶּעשִׁיצֶען דָאס לַאנְד, װָאלְטֶען זֵיי גֶעװִיס מַצְלִיחַ גֶעװֶעהן; זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער װֵייעֶרֶע כּוֹחוֹת אַװֶעקְגֶעגֶעבֶּען אוֹיף קַאלֶיע צוּ מַאכֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנ עֶהֶדֶער מַאכֶען אַחְדוּת צְװִישֶׁען זִיךְ אוּנ זַיין פֶערְטִיג צוּ בֶּעגֶעגְנֶען דֶעם שׂוֹנֵא הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין רוֹדְפֶן, הָאבֶּען אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען

הייזער אונ האבען אפילו אויף צו להכעים פארברענט די תבואות וואס זע־
נען געווען אנגעגרייט אויף א נויט.

אין אזא לאנגע האט זיך געפונען ירושלים, ווען טיטוס, וואס איז
שוין דערמעלט געווען דער־קרוינפרינץ פון רום, איז צוגעקומען צו דער
יודישער הויפטשטאדט מיט א פעסטען ווילען גאר גיך זי איינצונעהמען; ווייל
עס איז איהם ניט אנגעשטאנען אז ער זאל ניט קאנען בייקומען א שטאדט
וואס האט אין זיך אליין געהאט געננוג שונאים אונ האט שוין בעדארפט
לאנג פאלען. ער האט מיטגעבראכט זעהר פיעל חיל, אונ א חוץ דעם הא־
בען איהם געהאלפען אזוינע יודען ווי דער קעניג אגריפא, יאזעפוס
פלאוויוס אונ בעזאנדערס אלכסנדר טיבעריוס, וואס איז געווארען
דער ערשטער גענעראל אונ הויפטפיהרער פון דער מלחמה. פון דעסטוועגען
אז מען האט אין ירושלים א קוק געטהון, אז דער שונא הייבט זיך אן
נאהנטער צוצוריקען, האבען זיך באלד עטליכע כתות אויסגעגלייכט, מען
האט צו וויסען געגעבען די יודען אין אלע אנדערע ערטער זיי זאלען קומען
בעשיצען זייער הויפטשטאדט, אונ גיך איז ירושלים פול געווארען מיט מענ־
שען, וואס האבען טאג אונ נאכט געארבייט צו בעפעסטיגען די שטאדט,
זי זאל קאנען אויסהאלטען די בעלאגערונג פון די רומער. טיטוס איז דער־
ווייל געבליבען שטעהן אין סקאפאס, אונ האט צוגעשיקט זיינע לייט
בעטען ביי די איינוואהנער פון ירושלים זיי זאלען זיך אונטערגעבען, אונ
האט זיי צוגעזאגט, אז די מלוכה וועט זיי מוחל זיין, אונ אלדינג וועט
זיך פיהרען ווי פריהר. ער האט עס געטהון איבער צוויי טעמים: ערשטענס,
האט ער געוואלט יוצא זיין פאר זיין געליעבטער פרינצעסין ברניצה, וואס
איז פארט געווען א יודיש קינד אונ האט ניט געקאנט ליידען מען זאל
חרוב מאכען די יודישע הויפטשטאדט, אונ צווייטענס, האט זיך איהם זעהר
געגלוסט אומקעהרען זיך קיין רום אונ שעפען דארט כבוד מיט לעפעל, ווי
עס שטעהט אן א בן מלך. אין ירושלים האט מען אבער טיטוסן ניט גע־
וואלט הארען, אונ ער איז געצוואונגען געווען זיך נעהמען צו דער ארבייט.
צום אנהויב איז איהם גאר ניט געראטהען: אז ער איז צוגעקומען צו איי־
נעם פון די טויערען, זענען ארויסגעלאפען פיעל יודישע קריעגער, אונ ער
איז קוים מיט'ן לעבען אנטלאפען, אונ אזוי האבען די יודען אויך צוטרי־
בען דאס ראמישע חיל וואס האט געוואלט מאכען זייער לאגער אויף דעם
הר הזיתים. טיטוס האט דערווייל געהייסען ארבייטען אין דער בעלאגערונג.

ווייל ער האט געוואוסט אז עס איז פסח, אונ האט גערעכענט אז די יודען זאלען אים יום טוב נאר ניט טהון. קוים אבער האבען די רוימער אנגע-הויבען עפעס טהון, זענען באלד די יודען ארויס אונ האבען זיי צוטריבען, א חוץ דעם וואס ווייבער אונ קינדער פלעגען זיך שטעלען אויף דער הוי-כער וואנד פון דער פעסטונג אונ ווארפען שטיינער אדער גיעסען זידיגען אהל אויף די קאפ פון די רוימער. אזוי זענען אוועקגעגאנגען פינפצעהן טאג ביז טיטוס איז פערטיג געווארען מיט דער ערשטער וואנד פון דער פעסטונג; נאר דא האט זיך ערשט אנגעהויבען די רעכטע מלחמה, ווייל די יודען האבען זיך געשלאגען ווי די לייבען, אונ האבען בעשיצט די צווייטע וואנד. אונ עס האט איהם געקאסט גענוג מיה ביז ער האט ערשט אין עטליכע טאג ארום צושטערט אויך די צווייטע וואנד. אונ איז אריין אין דער פארשטאדט בזתה.

וואס די סכנה איז גרעסער געווארען, זענען די יודען ביי זיך דבקא שטארקער געווארען אונ האבען זיך געוועהרט נעגען שונא ווי אמת'ע גבורים וואס האבען פאר קיין זאך קיין מורא ניט. טיטוס האט זיך גענומען צו דער פעסטונג אנטאניא, אונ האט פערבראכט דארויף גאנצע זיבצעהן טאג; נאר אז ער איז שוין געווען נאר פערטיג, איז ארויס יוחנן מיט זיינע לייט דורך א בעהאלטענעם גאנג אונטער דער ערד, אונ האט אנגע-צונדען אלדינג וואס די רוימער האבען געבויעט. דאס איינענע האבען שפעטער מיט צוויי טאג געטהון דריי גבורים פון שמעון בר גיורא'ס חברה: תפתי, מגסר אונ חגירא פון אדיאבענע. וואס האבען ניט געקוקט דא-רויף וואס פיילען זענען געפלויגען פון אלע זייטען, אונ האבען אויך אנגע-מאכט א שריפה אין רוימישען לאגער. טיטוס האט געפרובט צושיקען צו די יודען יאזעפוס'ן, ער זאל זיי נאך א מאהל בעטען זיי זאלען ניט זיין קיין עקשנים, נאר ער האט אויסגעקלויבען ניט קיין גוטען שליח, אונ א חוץ דעם האבען זיי טאקי שוין קיין אנדער ברירה ניט געהאט: זיי האבען פון דערווייטענס געזעהן ווי טיטוס איז זיך נוהג מיט די יודען וואס זענען אומגערן, אדער איטיסטען אריינגעפאלען צו איהם אין די האנד ווי ער לאזט זיי כמעט פינף הונדערט א טאג אויפהענגען, אדער ער שיקט זיי צוריק קיין ירושלים מיט אבגעהאקטע האנד. אונ עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען זיך ניט לאזען איבערעדען. טיטוס האט געזעהן אז די מלחמה וועט זיך ציהען א לאנגע צייט, אונ האט פערשטאנען, אז ער קאן די

יודען גובר זיין נאר מיט הונגער, ווען ער וועט ביי זיי צונעהמען יעדע מאגליכקייט אריינצופיהרען שפייז אונ לעבענסמיטעל. דאריבער האט ער געהייסען ארומגראבען גאנץ ירושלים, כדי מען זאל זיך אפילו בסתר אויך ניט קאנען ארויסגנבענ'ן פון דער שטאדט, אונ גאר גיך איז דארט געווארען אזא הונגער, אז מענשען זענען געפאלען אין די גאסען, ווייל פאר געלד האט מען אויך ניט געקאנט בעקומען וואס צו עסען. עס איז געקומען דערצו, אז מתים האבען זיך געוואלגערט אויף יעדען שריט, אונ אומגליקליכע עלטערן האבען געגעסען דאס פלייש פון זייערע טויטע קינדער. פיעל האבען ניט געקאנט אויסהאלטען אונ האבען זיך ארויסגעגנב'ט צו די רוימער, נאר דארט האט זיי ערווארטעט נאך א שרעקליכערער טויט: די רוימער פלעגען זיי לעבעדיגערהייט אויפשניידען די בייכער, ווייל זיי האבען גערעכענט אז די יודען האבען איינגעשלונגען גאלדענע מטבעות עהדער זיי זענען אנטלאפען פון ירושלים כדי זיי זאלען זיך קאנען אין רוימישען לאגער קויפען עסענווארג.

☞ די נויט האט געצווינגען פיעל יודען איבערצוגעהן צום שונא, האבען די פארשטעהער אונ פיהרער פון דער מלחמה זיך ענטשלאסען מעהר ניט צו דערלאזען אזא זאך, וואס קאן שלאבעריג מאכען די איבריגע, אונ האבען אנגעהויבען צו בעשטראפען מיט'ן טויט אזעלכע וואס אויף זיי איז געפאלען א חשד אז זיי האלטען מיט די רוימער. דערמעלט האט שמעון בר גיורא געהייסען אפענטליך אראפנעהמען די קאפ פונ'ם כהן מתתיה אונ זיינע דריי זיהן, אונ די רוימער האבען פון ווייטענס געקאנט זעהן ווי זייערע פארבארגענע גוטע פריינד בעצאהלען מיט'ן לעבען פאר זייער פאלשקייט געגען אייגענע ברידער. פון דעסטוועגען האבען זיך נאך געפונען געגנוג יודען, וואס האבען שטילערהייט געארבייט פאר די רוימער: זיי פלעגען קלאמערשט שיסען אויפ'ן שונא, נאר אין זייערע פיילען זענען געלעגען קליינע קוויטעלעך, אונ דארט האבען זיי מודיע געוועהן אלדינג וואס עס קומט פאר אין ירושלים.

טיטוס האט זיך גענומען נאך מיט מעהר חשק צושטערן די פעסטונג אנטאניא, אונ נאך א שווערע ארבייט פון איין אונ צוואנציג טאג איז עס איהם געראטהען. ווי ערשטוינט זענען אבער די רוימער געווארען ווען זיי האבען דערזעהן, אז צווישען די אומגעפאלענע וואנד איז דא א שפיגעל נייע פעסטונג. אונ עס האט זיי געקאסט גענוג מיה אונ בלוט ביז די אנ-

דֶערֶע פֶּעסְטוּנְג אִיז גֶעפַאלֶען. דֶערוַוייל אִיז דֶער נָאטֶעסְרִיעְנְסְט אִין בֵּית הַמִקְדָּשׁ רֶעגֶעלמֶעסִיג גֶעגַאנְגֶען יֶעדֶען טָאג, אוּנ וִוי דֶער הוּנְגֶער אִיז גְרוֹיס גֶעוֶועהן הָאט מֶען גֶעזוּכְט אַלֶע מִיטֶעל מַקְרִיב צוּ זַיין דִי קָרְבָּנוֹת וִוי פְרִיהֶער; נָאר דֶעם זִיבְּצֶעהנְטֶען תַּמּוּז (שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז) אִיז שׁוֹין אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן צוּ בֶּעקוּמֶען עֶרְגֶעץ אַ בְּהֵמָה, אוּנ מֶען הָאט גֶעמוּזְט אוֹיפְהֶערֶען קָרְבָּנוֹת צוּ בְּרֶענְגֶען. טִיטוּס הָאט וַוייטֶער גֶעשִׁיקְט יָאזֶעפוּסְן זָאגֶען, אַז עֶר וֶועט נִיט בֶּערִיהְרֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ וֶוען דִי אַיינְוואוֹהְנֶער וֶועלֶען זִיךְ נָאךְ אִיצְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען, נָאר יוֹחָנָן בֶּן לֵוִי הָאט גֶעאֶנְטְפֶערְט אַז יְרוּשָׁלַיִם אִיז גָאטְט'ס שְׁטָאדְט, אוּנ קָאן נָאר חָרֵב וֶוערֶען וֶוען זַיין רָצוֹן וֶועט זַיין דַארוֹיף.

דִי קְרַאפְט פוּן דִי יוּדִישֶׁע גִבּוֹרִים הָאט זִיךְ פֶערְדָאפֶּעלְט: חָאטְשִׁי דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער הוּנְגֶער הָאט גֶעוָוארְפֶען מֶענְשֶׁען פוּן דִי פִיס, חָאטְשִׁי מֶען פְלֶעגְט זִיךְ שְׁלָאגֶען אִין נַאס אִיבֶּער אַ בִּיסֶעל שְׁטְרוֹי אָדֶער אַ שְׁטִיקֶעל לֶעדֶער, וָואס מֶען הָאט עֶס גֶענוּצְט צוּ עֶסֶען אוּנ דֶערְהַאלְטֶען דִי נְשָׁמָה, חָאטְשִׁי עֶס אִיז אַזוֹי וַוייט דֶערְגַאנְגֶען, אַז אַ פְרוֹי מִרְיָם הָאט גֶעקוֹילֶעט אִיהר אֵייגֶען קִינְד אוּנ גֶעגֶעסֶען דָאס פְלֵייש; פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דִי יוּדִישֶׁע קְרִיגֶער אַזוֹי פִיעל כֹּחַ בֶּעוִויזֶען. אַז עֶטְלִיכֶע רָאמֶער, וָואס זֶענֶען נָאךְ פוּן פְרִיהֶער גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זֵיי מְקַנֵּא גֶעוֶועהן, אוּנ הָאבֶּען דַוְקָא אִין אַזַא נוֹיט, אָנְגֶענוּמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה, אוּנ זֵייעֶרֶע נַייֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען זִיךְ מִיט זֵיי גֶעטְהֵיילְט מִיט'ן לֶעצְטֶען בִּיסֶען. טִיטוּס הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ קוּק אַז עֶס אִיז קֵיין תַּכְלִית נִיט. הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אָנְצוּצִינְדֶען אַלֶע בִּנְיָנִים וָואס הָאבֶּען גֶעשִׁיצְט דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ. אַז עֶס הָאט זִיךְ אָבֶּער אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי שְׂרֵיפָה הָאט עֶר אַלֵיין גֶעהֵייסֶען לֶעשֶׁען, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אַיין עֵצָה מִיט זַיינֶע הוֹיפְטְלֵייט וִוי אַזוֹי זָאל עֶר זִיךְ בֶּענֶעהְמֶען מִיט'ן יוּדִישֶׁען הֵילִיגְטְהוּם. וִוי עֶס שַׁיינְט, הָאט טִיטוּס אַלֵיין צוּ לִיעבּ דֶער פְּרִינְצֶעסִין בֶּרֶנִיצֶה, נִיט גֶעוָואלְט אָנְרִיהְרֶען דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ; אוֹיסֶער דֶעם הָאט אִיהם אוֹיךְ אָבְּגֶערָאטְהֶען דֶערְפוּן אַלֶכְּסַנְדֶר טִיבֶּערְיוּס, חָאטְשִׁי עֶר הָאט שׁוֹין לַאנְג אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דֶעם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען. דֶערוַוייל זֶענֶען אָבֶּער, דֶעם צֶעהְנְטֶען אָב, דִי יוּדֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי רָאמֶער. אוּנ וֶוען עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיס גֶעטוּמֶעל, הָאט גֶעחַאפְּט אֵיינֶער פוּן דִי רָאמִישֶׁע סָאלְדַאטֶען אַ בְּרֶענֶענְדִיג שְׁטִיק הָאלְץ אוּנ הָאט אַריינְגֶעוָוארְפֶען אִין הוֹיף פוּנ'ם בֵּית הַמִקְדָּשׁ, אוּנ דָאס פַייעֶר הָאט פוּן אַלֶע זַייטֶען אַרוּמְגֶעחַאפְּט דֶעם הֶאלְצֶערְנֶעם מִשְׁכָּן. אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע מִלְחָמָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיפְ'ן פְּלַאץ פוּן דֶער שְׂרֵיפָה, טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר, דָאס גֶעשְׁרֵיי אִיז גֶעגַאנְגֶען בִּיז דֶעם זִיבֶּעטֶען הִימֶעל, מֶען הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעקָאנְט הֶערֶען טִיטוּס'ס בֶּעפֶעהל, וֶוען

ער האט געהייסען לעשען: דאס ראמישע חיל איז שוין געוועהן אזוי צורייצט, אז עס האט ניט געקוקט אויף קיינעם, אונ האט גאר אהן רחמנות אויסגעהרג'ט אומשולדיגע ווייבער אונ קינדער, וואס האבען זיך ניט געמיש'ט אין קיין זאך, אונ האבען גאר געהאפט אז פונקט אין דר לעצטער מינוט וועט געשעהן עפיס א נס אונ די ישועה וועט קומען.

אזוי איז דער בית שני חרב געווארען פונקט אין דעם איינעגעם טאג וואס דער בית ראשון. די כהנים האט טיטוס געהייסען אומברענגען, עס זאל ניט בלייבען קיין זכר פון דעם יודישען גאטעסדיענסט. נאר פון דעסטוועגען האבען זיך נאך א קליינע טהייל געהאלטען אין דער אייבערשטער שטאדט "ציון", וואס איז נאך געוועהן גוט בעפעסטיגט. טיטוס האט פארגעלעגט די יודען זיי זאלען זיך אונטערגעבען, נאר די פארשטעהער יוחנן אונ שמעון האבען געאנטפערט, אז זיי האבען געשווארען די כלי זיין ניט ארויסצולאזען פון די האנד, אונ דאריבער קאנען זיי איבערגעבען די אייבערשטע שטאדט נאר מיט דעם תנאי מען זאל זיי לאזען פריי אונ בעוואפענט אוועקגעהן. דארויף האט טיטוס ניט געוואלט בעשטעהן, אונ די יודען האבען זיך אויף זיין יושר ניט געקאנט פערלאזען: עס האט זיך ווייטער אנגעהויבען א מלחמה וואס האט זיך געצויגען צוואנציג טאג, די יודען זענען שוין געוועהן שטארק אבגעשוואכט; דערצו האבען זיי נאך געמוזט האבען צו טהון מיט די אדומים, וואס האבען מעהר געצויגען צו די ראמער. עס איז געקומען דערצו, אז די יודען האבען זיך גאר געמוזט איננוועניג בעווארנען געגען זייערע פריהעריגע גוטע פריינד אונ בעשיצער. פיעל פון די אדומים האבען זיי געטויטעט, אונ די איבעריגע פערשלאסען אין תפיסה, אונ אזוי האבען זיי זיך געשלאגען ביז דער לעצטער רגע, ביז טיטוס האט דעם אכטען אלול, איינגענומען אויך די אייבערשטע שטאדט.

טיטוס האט געהייסען צושטערן כמעט גאנץ ירושלים, וואס האט איהם געקאסט אזוי פיעל מיה אונ צוגענומען דאס לעבען ביי מעהר פון א מיליאן מענשען. קיין גאנץ שטיינדעל האט דער שונא ניט איבערגעלאזט, אונ איינעם מיט'ן לעצטען הייזעל וואס די ראמישע סאלדאטען האבען צובראכען, איז אומגעפאלען דער גרויסער בנין פון דער יודישער זעלבסטשטענדיגקייט... אש איז געווארען פון דער היילינגער שטאדט, ציון איז געבליבען א ביטערע אלמנה... מיט א צובראכען הארץ האט זי געזעהן ווי איהרע עלענדע קינדער ווערען צוזאעט אונ צושפרייט אויף דער וועלט, אונ זי האט זיי מעהר ניט געקאנט העלפען ווי מיט טרעהרען; ווייל קיין איינציגער שיין פון האפנונג האט זיך ניט ארויסגעוויזען, אונ עס איז שוין מעהר קיין נביא ניט געוועהן וואס זאל היילען די וואונדען מיט א זיס ווארט פון נחמה....



די־יודישע

# פאלקס געשיכטע

נאך דער

פאלקסטהומליכער געשיכטע דער יודען


פון פראפעסאר ה. גרעטץ.

פריי בעארבייטעט פון י. י. לערנער.


צווייטער טהייל


נויארק:

(איבערגעדרוקט פון דיא סטערעאָטיפּ פּלאטען פון דער ווארשאווער אויסגאבע.)

תרס"א:





NEW YORK.

SARASOHN & SON, PUBLISHERS,

185 East Broadway.

1901.

# אינהאלטס־פערצייכניס פון 2־טען טהייל:

## דיא איבערגאנגס־צייט. — (פון זייטע 5 ביז זייטע 120)

פון הרבן בית שני ביז שנת ד' אלפים ת"ל ב"ע (70 ביז 640 קריסטליכע צייט־רעכנונג).

1) דיא נאכוועהענישען פון דער מלחמה. — 2) דיא אידען אין דער צייט פון דאמיטיאן, נערוא און טראיאן. — 3) דיא בלוטיגע מלחמה אין דער צייט פון האדריאן. — 4) דיא נשיאים שמעון בן גמליאל דער צווייטער, יהודה דער ערשטער, גמליאל דער דריטער און יהודה דער צווייטער. — 5) דאס אידישקייט אין בבל און פערסיען. — 6) דאס אידישקייט אין דער צייט פון דיאקלעטיאן און דיא ערשטע קריסטליכע מלכים. — 7) אוים נשיאים און דער סיום פון'ם תלמוד. — 8) דיא אידען אין דיא אייראפעאישע לענדער. — 9) דיא אידען אין אראביען און מחמד.

## דיא צייט פון דיא גאונים. — (פון זייטע 120 ביז זייטע 148)

פון שנת ד' ת' לת"ע ביז ד' תש"ו (640 ביז 950 קריסטליכע צייט רעכנונג).

1) דיא אידען אונטער דיא מאהמעדאנער. — 2) דיא קראימס און נייע כתות. — 3) רב סעדיה גאון און זיין צייט.

## דיא יודיש־שפאנישע צייט. — (פון זייטע 148 ביז זייטע 324)

פון שנת ד' תש"ו לב"ע ביז ה' רנ"א (950 ביז 1391 קריסטליכע צייט־רעכנונג).

1) דיא צייט פון אבן שפרוט. — 2) דיא צייט פון אבן נגרלה, אלפסי און רש"י. — 3) דער ערשטער קרייצצוג. — 4) דער צווייטער קרייצצוג און דיא ערשטע בלוט־בעשולדיגונג געגען דיא אידען. — 5) דיא צייט פון דעם רמב"ם. — 6) דער רמב"ם. — 7) דיא גרויסע מחלוקת און דער שענדליכער צייכען אויף דיא קליידער. — 8) דיא וכוחים און דאס פערברענען פון'ם תלמוד. — 9) דאס שטארקע פרומקייט און דיא קבלה. — 10) דער שווארצער טויט און דיא אידישע הריגות.

# די איבערגאנגסצייט.

---

## ערשטעס קאפיטעל.

### די נאכוועהעניסען פון דער מלחמה.

(70—93 נאך קריסטוס געבורט).

גרוים אונ שרעקליך איז געוועהן דער בראך, וואס האט געטראפען דאס יודישע פאלק; מעהר פון נײן הונדערט טויזענד יודען זענען אוועק געפיהרט געווארען געפאנגען. טיטוס האט געהייסען ברענגען קיין רום נור די אדיאבענעשע פרינצען, ער זאל זיי קאנען האלטען פאר א משכון, אונ דער מיט ווארפען א מורא אויף די הערשער פון אדיאבענע. די איבריגע האט ער איבערגעגעבען אויף'ן רצון פון זײן פריינד פראנטא, אונ ער האט באלד אויפגעהאנגען אלע, וואס עס איז נור אויף זיי א חשד געפאלען אז זיי זענען געוועהן אין דער מלחמה. די, וואס זענען אבער געבליבען לעבען, האבען מקנא געוועהן די טויטע, ווייל פיעל פון זיי זענען פשוט אויסגעגאנגען פאר הונגער ווען זיי זענען איבערגעקומען אויף די ראמערס קאסט, אונ פיעל, וואס מען האט פערקויפט פאר קנעכט, פלעגען זיך אליין פארשאלטען דאס לעבען. עפיס בעסער איז נור געוועהן די דאזיגע, וואס האבען געפונען אויף זיך בעלנים פון אזעלכע ערטער, וואו יודען האבען געוואהנט. ווייל די יודען פלעגען גיט קוקען אויף קיין געלד, אונ ווי פיעל מען האט נור

געפאָדערט פלעגען זיי בעצאָהלען, אַבּי אויסצוקויפען זייערע בּרידער פון פרעמדע האַנד.

וועספּאַסיאַן וואָס האָט אין זין געהאַט, אַז דער נצחון איבער די יודען זאָל איהם אײנבּרענגען אַ רעכטע מטבע, האָט געהייסען שטיקער־וויים פערקויפען דאָס לאַנד יהודה. טיטוס האָט זיך אָבער ניט בעגנוגט מיט דעם עשירות, וואָס עס איז צוגעקומען דעם פאָטער, און האָט געזוכט אַלע מיטעל ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין אין די עקשנים, וואָס האָבען איהם אָבגעקאָסט אַזוי פיעל צייט און מיה. אַז ער איז צוריקגעפאָהרען פון דער מלחמה און האָט זיך אָבגעשטעלט אין סיריען, און דאָרט אַבּיסעל אונטער־געלעבּט מיט זיינע גוטע בּרידער, האָט ער קיין אַנדער תענוג ניט געפונען ווי נור אַרויספיהרען אויף אַ פּלאַץ יודישע געפאַנגענע און זיי לאָזען זיך שלאָגען מיט ווילדע חיות, וואָס האָבען מן תּהום גובר געוועהן די שלאַפע יודען. אָפט פלעגט ער מאַכען די אייגענע שפּיעל טאָקי צווישען די יודען אַליין, וואָס האָבען געמוזט זיך שלאָגען צווישען זיך אַזוי לאַנג בּיז בּיידע זייטען זענען געוואָרען הרוגים. אַזוי האָט זיך טיטוס נוהג געוועהן אין די געבורטסטאָג פונם פאָטער און פון זיין בּרודער דאָמיטיאַן, און דאָס אייגענע האָט ער אויך געטהון אַפילו אין צעזאַרעאַ־פיליפי, און האָט געלאָזט, צו ליעב זיין צייט פערטרייב, אומקומען טויזענדער יודישע יונגע לייט פאַר די אויגען פון דעם קעניג אַגריפּא און זיין געליעבּטע פּרינצעסין בּרניציא. איבּריגענס איז טיטוס׳ס ליעבּע צו איהר פאָרט געוועהן דעמעלט דאָס שטיקעלע מזל וואָס יודען מוזען אָפט האָבען צו זייער שלים־מזל: אַז די אַנוואוהנער פון אַנטיאָכיען און אַלעקסאַנדריען זענען אַרויסגעגאַנגען טיטוסן מקבל פּנים זיין און האָבען געוואָלט בּיי איהם פועל׳ן, ער זאָל הייסען פון דאָרט אַרויסטרייבען די יודען, האָט ער געענטפערט, אַז די יודען האָבען שוין ניט מעהר זייער אייגען לאַנד און מען האָט זיי ניט וואוהין צו טרייבען און דעריבּער האָט ער אַפילו ניט געוואָלט בעשטעטיגען מען זאָל בּיי זיי צונעהמען האָטשי עפּיס פון זייערע רעכטע, ווי די שונאים האָבען פערלאַנגט.

מיט גרויס פּאַראַד האָט מען טיטוס׳ן בעגעגענט אין רום און כּדי צו זיין שמחה צו פערגרעסער׳ן האָט מען איהם אָנגעגרייט שאָהנע עטליכע קרבּנות: דאָס זענען געוועהן זיבּען הונדערט יודישע גבּורים און זייערע צוויי שטאַרקע פיהרער, יוחנן פון גיזחלה און שמעון בּר גיורא. יוחנן האָט אין דער צייט פון דער בעלאַגערונג אַזוי שטאַרק געליטען פון הונגער, אַז ער

האט זיך געמוזט מיט זיינע ברידער אונטערגעבען די ראמער. שמעון האט זיך א ביסעל מעהר געהאלטען אונ האט נאך גערעכענט אז עס וועט איהם געראטהען זיך ארויס צו העפען פון אונטער דער ערד אונ אנפאלען אויפ'ן שונא. נור אז ער האט געזעהן אז די לעבענסמיטעל לאזען זיך אויס אונ אז אלע זיינע האפנונגען זענען פאלש, האט ער זיך ענטשלאסען אהן מורא אקעגענגעהן דעם טויט אנגעטהון אין א ווייסען קיטעל מיט א פורפור מאנטעל פון אויבען, איז ער ארויס געקראכען פון זיין בעהאלטעניש אונ האט גלייך געמעלדעט דער ראמישער וואך ווער ער איז. דערפאר איז אויף איהם געפאלען דער גורל מען זאל איהם, ביי טיטוס'ס אריינפאהרען, שלעפען אויף א שטריק איבער אלע גאסען פון רום אונ דערנאך אראבווארפען פון א שטיין, אונ ער האט פאר'ן טויט געמוזט מיט זיינע איינענע אויגען זעהן ווי מען האט געטראגען אלע טהייערע כלים פונ'ם בית המקדש ביים פאראד פאר א צייכען פונ'ם גרויסען נצחון, ווי די שונאים האבען געלאכט אונ חוזק געמאכט פון דעם וואס איז ביי איהם געוועהן דאס הייליגסטע. ניט בעסער איז אויך געוועהן יוחנן וואס האט געמוזט זיינע לעצטע עטליכע יאהר פארברענגען אין תפיסה. יאזעפוס פלאוויוס, וואס האט ניט קיין קליינע נגיעה געהאט אין דעם פאלען פון דער יודישער מלוכה, האט געמוזט צו קוקען פון ווייטענס ווי אזוי מען רעכענט זיך אב מיט זיינע ברידער אונ עס איז איהם נאך ערגער געוועהן וואס זיינע ראמישע פריינד האבען אין איהם גאר פארגעסען, פונ'ם גאנצען כבוד, וואס מען האט אבגעגעבען די העלדען, איז איהם גאר ניט אנגעקומען אונ נור דעם איינציגען אלכסנדרו טיבעריוס, וואס ער איז טאקי געוועהן דער עיקר אין דער מלחמת האט מען געשטעלט א זייל פאר א זכרון.

די פרייד פון די ראמער איז געוועהן גאר אהן א סוף: זיי האבען געלאזט מאכען א בעזונדער מטבע אויף וועלכער פון איין זייט איז געוועהן אויסגעמאהלט א וויינענדיגע פרוי מיט געבונדענע האנד, אונ אויף דער אנדערער זייט זענען געשטאנען אויף לאטייניש אונ גריכיש די ווערטער: „די געפאנגענע יודעא". אויסער דעם האבען די ראמער געמאכט א טהייער'ן טויער, דורך וועלכען טיטוס איז אריינגעפאהרען קיין רום, אונ האבען איהם איבערגעלאזט פאר א זכר אויף דור דורות. נאך אין היינטיגע צייטען ווייזט מען דארט עטליכע כלים פונ'ם משכן, וואס זענען נאך איבערגעבליבען. די יודען פון רום פלעגען א צייט לאנג ניט וועלען דורכגעהן אפילו נאהענט

פון דָעם טוֹיעֶר אונ פְלֶעגֶען בֶּעסֶער אָנלֶעגֶען וֶועג. אַבִּי זִיךְ נִיט דָערמָאנֶען אִין דָעם וָואס הָאט צוּשְׁטֶערְט זֵייעֶר לַאנְד. זֵייעֶר הֵיילִיגְטְהוּם.

פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען אִיז נָאךְ דָאס נַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה נִיט גֶעוֶועזֶען אוּנטֶערְוָוארְפֶען: דְרַיי פֶעסְטוּנְגֶען, הֶערָאדִיוּם מַאכֶערוּס. אוּנ מַסַדָה, הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ גֶעהַאלְטֶען, אוּנ דֶער נַייעֶר מוֹשֵׁל בַּאסוּס הָאט בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעפֶעהל עֶר זָאל אַלֶע מִיטֶעל טְהוּן. אוּנ דִי דָאזִיגֶע פֶעסְטוּנְגֶען אַיינְנֶעהמֶען. מִיט דִי אַנְוָואהנֶער פוּן הֶערָאדִיוּם הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט פִיעל צוּ טְהוּן, וַוייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד אוּנטֶערְגֶעגֶעבֶּען; שְׁוֶוערֶער אִיז אִיהם אָנְגֶעקוּמֶען בַּיי דֶער בֶּעלֶאגֶערוּנְג פוּן מַאכֵערוּס, וָואס מֶען הָאט נִיט גֶעקָאנְט אַהִין צוּטְרֶעטֶען אוּנ ווּאוּ עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אוּנ וַואסֶער-קְוָועלֶען אַזוֹי אַז דִי אַנְוָואהנֶער וָואס זֵייעֶר ראֹש אִיז גֶעוֶועהן אַ יוּנְגֶער גִבּוֹר אֱלִיעֶזֶר, הָאבֶּען נִיט נוּר קֵיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט פַאר'ן שׂוֹנֵא, נוּר זֵיי פְלֶעגֶען נָאךְ אָפְּט אָנְפַאלֶען אוֹיף דֶעם רֶאמִישֶׁען חַיִל. אֵיין מָאל הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמַאכְט אַז אֱלִיעֶזֶר אִיז צוּ וַוייט פֶערקְרָאכֶען אוּנ פְּלִיצוּם הָאבֶּען אִיהם דִי רֶאמֶער דֶערְטַאפְּט; אַז דִי אַנְוָואהנֶער פוּן מַאכֶערוּס הָאבֶּען פוּן וַוייטֶענְס דֶערְזֶעהן וִוי בַּאסוּס וִויל הֶענְגֶען אֱלִיעֶזֶר'ן, הָאבֶּען זֵיי בַּאלְד גֶעשִׁיקְט זָאגֶען אַז זֵיי גֶעבֶּען זִיךְ אוּנְטֶער אַבִּי מֶען זָאל זֵייעֶר ראֹשׁ שֶׁענְקֶען דָאס לֶעבֶּען. בַּאסוּס הָאט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט נוּר פוּן דִי אַנְוָואהנֶער פוּן אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער הָאט עֶר אוֹיסְגֶעהַרְגֶ'ט זִיבֶּעצֶען הוּנְדֶערְט מֶאנֶער, אוּנ וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער הָאט עֶר פֶערקוֹיפְט פַאר שְׁקְלַאוֶוען. דֶעמֶעלְט זֶענֶען אוֹיךְ אוּמְגֶעקוּמֶען דְרַיי טוֹיזֶענְד יוּדֶען וָואס יְהוּדָה בֶּן יָאִיר אִיז גֶעוֶועהן זֵייעֶר פִיהרֶער, אוּנ וָואס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין אַ וַואלְד, נִיט וַוייט פוּן דֶעם יַרְדֵן. דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ בַּאסוּס גֶענוּמֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג מַסַדָה נוּר עֶר אִיז פְּלִיצוּם גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ דֶער נַייעֶר מוֹשֵׁל סִילְוָוא הָאט גֶעמוּזְט אִיבֶּער-נֶעהמֶען דִי שְׁוֶוערֶע אַרְבֵּייט. צוּ מַסַדָה וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיף אַ שְׁפִּיצִיגֶען שְׁטֵיין אִיז גֶעוֶועהן נָאךְ שְׁוֶוערֶער צוּצוּקוּמֶען, אוּנ דֶערְפַאר אִיז אוֹיךְ גֶעוָאטְהֶען דֶעם פִיהרֶער פוּן דִי טוֹיזֶענְד אַנְוָואהנֶער פוּן דָארְט. אֱלִיעֶזֶר בֶּן יָאִיר אַ לֶאנְגֶערֶע צַייט זִיךְ צוּ הַאלְטֶען נֶעגֶען דִי רֶאמֶער; נוּר אַז דֶער שׂוֹנֵא הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּפִירְט דִי הֶאנְד אוּנ דוּרְךְ דֶעם פַייעֶר, וָואס עֶר הָאט אַהִין אַרֵיינְגֶעווָארְפֶען, הָאבֶּען זִיךְ דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְרוֹיסֶע שְׂרֵיפוֹת, הָאט אֱלִיעֶזֶר פָארְגֶעלֶעגְט מֶען זָאל זִיךְ לֶעבֶּעדִינֶערהֵייט נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען, אוּנ עֶס אִיז בַּיי אַלֶע גֶעבְּלִיבֶּען דֶער הֶסְכֵּם – זִיךְ אַלֵיין דָאס

לעבען גענומען. אזוי איז טאקי געשעהן: פריהר האבען די מאנער געשטאכען ווייבער און קינדער, דערנאך האט איינער דעם אנדערן געקוילעט, און אז די רוימער זענען דעם ערשטען טאג פסח אריין קיין מסדה האבען זיי דארט געפונען נור צוויי ווייבער און פינף יונגלעך.

דאס עקשנות האט נאך מעהר צורייצט וועספאסיאן, און האט זיין צארן געגען די יודען נאך פיעל פערגרעסערט. די שול אין צעזאריע, וואס צו ליעב איהר האט זיך אנגעהויבען די גאנצע מלחמה, האט ער געהייסען צושטערן, און אחוץ דעם האט ער געמאכט אז די יודען זאלען צאהלען נאר א בעזונדערן מס, און דאס געלד וואס פלעגט געהן אויפן בית המקדש זאל אריינפליסען אין טעמפעל פון יופיטער. אגריפאן האט ער פאר זיין געטריישאפט געשענקט נאך ערד, און פארגרעסערט זיין הערשאפט אין גאלילעא; אלכסנדר טיבעריוס האט אויך דערגרייכט פאר זיין בריה׳שאפט די גרעסטע מדרגה, און אפילו יאזעפוס פלאוויוס האט בעקומען פונ׳ם קייזער פיעל מתנות, און איז געווארען אין הויף איינער פון די גרעסטע חשובים. און די יודען, וואס האבען געקאנט זיין פאלשקייט, האבען עס איהם פארגינען פונ׳ם גאנצען הארצען.

די לעצטע פעסטונגען זענען אויך געפאלען, אבער די שנאה פון די יודען צו די רוימער איז דערמיט נאך ניט אויסגעלאשען געווארען. די דאזיגע, וואס עס האט זיי געגליקט זיך ארויס צו חאפען פון ירושלים, אדער שפעטער פון מסדה, דורך אונטערערדישע גאנג, און זענען אריבער צו זייערע ברידער אין די געגענדען פון פרת, אראביען, מצרים און קירענע, האבען אהין מיט געבראכט א שרעקליכען האס געגען די שונאים און נאך א גרעסערן חשק צו נקמה. אין אלכסנדריען איז זיי טאקי געראטהען איבער צורעדען די דארטיגע יודען, און ווייל אלע האבען נאך געדענקט די צרה, וואס אלכסנדר טיבעריוס האט אנגעארבייט צוריק מיט עטליכע יאהר, זענען זיי שוין געוועהן פערטיג ארויס צושפרינגען געגען די רוימער; די רייכע יודען האט דאס אבער ניט געשמעקט, און האבען דאריבער אליין מגלה געוועהן דעם סוד דער מלוכה. דער מושל לופוס האט באלד אומגעבראכט זעקס הונדערט יודען, וואס זענען אריינגעפאלען אין זיינע הענד; די איבריגע זענען זיך צולאפען איבער גאנץ מצרים ביז טהעבען, נור בסלעכוויים האט מען זיי געחאפט, און חאטשי מען האט זיי אנגעטהון ענוים קשים האבען זיי אפילו לפנים ניט געוואלט אבטרעטען פון זייערע מחשבות, און האבען

בעסער אנגענומען דעם טויט. וועספאסיאן האט דערווייל מורא בעקומען די מרידה זאל זיך ניט פערגרעסערן אין מצרים, האט ער געהייסען לחלוטין צומאכען דעם אניאס־טעמפעל, כדי די יודען זאלען מעהר ניט האבען קיין מיטעלפונקט; אונ דאביי האט ער אויך ניט געמאכט קיין שלעכט געשעפט, ווייל אלע אוצרות פון דארט זענען, פונקט ווי פונ'ם בית המקדש איבער־געגאנגען אין זיין שאץ־קאמער.

ניט קיין בעסער'ן סוף האבען געהאט די יודען וואס זענען אנטלאפען קיין קירענע אונ האבען דארט אויפגערייצט ווייטערע ברידער געגען די רוימער. צום אנהייב האבען זיי געפונען פיעל אונצופרידענע, וואס זענען באלד צו זיי צוגעשטאנען; בעזונדערס אז עס איז פליצום ארויסגעשפרונגען א בעל מלאכה יונתן אונ איז געווארען א גאנצער בעל מופת. ער האט צונויפגענומען אין א מדבר א גרויסען עולם וואס האבען פון איהם געזעהן נסים ונפלאות אונ אז ער האט זיי צוגערעדט צו מרידה זענען זיי גרייט געוועהן איהם בלינד פאלגען. באלד זענען אבער דערפון דארט אויך געוואהר געווארען די רייכע יודען, אונ האבען אליין געגעבען א מסירה דעם מושל קאטולוס. וואס האט דערמעלט גאר אהן רחמנות זעהר פיעל יודען אומגעבראכט. שפעטער פון אלע איז יונתן אליין אריינגעפאלען אין די הענד פון די רוימער, אונ ער האט זיך נוקם געוועהן אין די רייכע מוסרים דערמיט וואס ער האט זיי אויך אריינגעשלעפט אין דער בעשולדיגונג. אז מען האט איהם געבראכט קיין רום, האט ער זיך געפרובירט ארויפלעגען די שולד אויף יאזעפוס פלאוויוס אונ נאך אנדערע מיוחסים, נור וועספאסיאן האט פערשטאנען אז דאס איז א בלבול. יונתן האט מען פערברענט. אונ ווייטער האט עס קיינעם ניט געשאדט. אזוי האט זיך געענדיגט די ערשטע פרוו פון די יודען, וואס האבען ניט געקאנט באלד אנבויגען דעם קאפ, אונ אויסרייסען אין גאנצען פונ'ם הארץ דעם זכר פון זעלבסטשטאנדיגקייט. בעסער האבען געמאכט די יודען, וואס זענען אוועק קיין מדינה, אין דער צפון זייט פון אראביען, אונ האבען דארט געשפיעלט ניט קיין קליינע ראלע ביז צום זיבעטען יאהרהונדערט.

די שרעקליכע מלחמה האט געמוזט בעוועגען פיעל שריפטשטעלער זיי זאלען דערפון מאכען גאנצע ביכער. אונ אזוי ווי די גריכען זענען ניט גע־וועהן קיין גרויסע גוטע פריינד די יודען אפילו ווען זיי האבען נאך גע־גלאנצט, האבען זיי מן הסתם ניט געזשאלעוועט קיין שווארצע פארבען פון

זייערטוועגען, ווען זיי זענען שוין געפאלען, אונ האבען זיי אבגעשיט מיט אלערליי ליגענס אונ בזיונות. דאס האט שוין אפילו יאזעפוס פלאוויוס אויך ניט געקאנט איבערטראגען, בעזאנדערס, אז מען האט בעשולדיגט די יודען אז זיי זענען שוואך אונ פויל, אונ ווילען זיך גאר ניט ווערען געגען איין פיינד; דאס יודישע הארץ האט זיך פארט דערווארמט אונ ניט צוגעלאזט מען זאל אפענטליך זאגען שקרים איבער א גאנץ פאלק, וואס האט גענוג געוויזען גרויסקייט אונ בריה'שאפט, אונ וואס דער שונא האט גאנצע טייכען בלוט פערגאסען ביז ער איז עס ביינעקומען. יאזעפוס האט אנגעשריבען א גרויסע געשיכטע אין זיבען טהייל פון דער מלחמה, אונ אז ער האט ניט מגזם געוועהן, זעהט מען ארויס דערפון, וואס טיטוס'ן איז אלדינג געפאלען, אונ ער האט איהם ערלויבט דאס בוך צו פעראפענטליכען. באלד האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז אין פיעל זאכען איז יאזעפוס אויך געשטאנען ווייט פונ'ם אמת. בעזאנדערס, אז מען האט אנגעהויבען הערען פון איין אנדער געשיכטע וואס האט אנגעשריבען נאך צוריק מיט עטליכע יאהר, זיינער א געגנער, יוסטוס פון טיבעריוס, וועלכער האט געבראכט ניט וועניג בעווייזע, אז יאזעפוס איז פאלש געוועהן געגען די רעמער, אונ אז ער אליין איז שולדיג אין דער מרידה, וואס האט אויסגעבראכען אין גאלילעא. דעם אמת מוז מען זאגען, אז יוסטוס אליין איז אויך ניט געוועהן קיין גרויסער צדיק: דאס קאן מען ארויסזעהן דערפון וואס, ערשטענס, פלעגט ער אפט בייטען זיינע מיינונגען, אט איז ער געוועהן דער גאנצער פיהרער פון די יודען אין גאלילעא געגען די גריכען אונ אט איז ער פליצלונג שוין געווא-רען א שטארקער חשוב ביי אגריפא'ן; אט האט ער זיך ווייטער צוהרג'ת [illegible]ניג אונ איז געלעגען אין תפיסה, אונ אט האט איהם שוין נאך די פרינצעסין ברניצה אויסגעבעטען אונ ער האט שוין ווידער אנ-פארט אין די הויכע פענסטער אונ צווייטענס, האבען מיר ניט קיין קליינעם בעווייז, אז יוסטוס האט ניט אין גאנצען געמיינט דעם אמת. ער האט נאר געוואלט דערמיט טרעפען א פערזאהנליכען שונא אין דעם וואס ער האט זיינע בעשולדיגונגען געגען יאזעפוס'ן פעראפענטליכט ערשט נאך צוואנציג יאהר, ווען נאך טיטוס'ס טויט איז יאזעפוס געווארען א גרויסער חשוב ביי'ם נייעם קייזער דאמיטיאן.

אזוי איז דאס יודישע פאלק כמעט אין גאנצען [illegible]בטעט געווארען, אויף די חורבות פון ירושלים זענען נאך אפילו געבליבען עטליכע געצאהלטע

יודען. אין אנדערע פערוויסטע ערטער פון יהודה האבען זיך נאך אויך פערהאלטען א פאר צעהנדלינג פון זיי. דאס זענען אבער געוועהן קליינע טראפען פון א אויסגעטריקענטען ים, צושניטענע און צוואָרפענע אברים, אהן א גוף און אהן א נשמה. דער גייסט פונ'ם פאלק איז פערשוואונדען געוואָרען, דער בית המקדש איז צובראכען געוואָרען, און די צוזאמענע און צושפרייטע יודען האבען שוין ניט געהאט קיין מיטעלפונקט, וואוהין זיי זאלען ווענדען זייערע אויגען. און אפילו די גרויסע יודישע קהלות אין סיריען און קליין-אזיען האבען זיך געפיהלט דערשלאגען, אהן האפנונגען אויף ווייטער, אהן א שטיצע פון דערהיים.... ביי אזא לאגע, האבען ניט אומזיסט פיעל מיאש געוועהן זייער לעבען. ווי אזוי זשע האבען זיך פארט די יודען דערהאלטען? די שאלה איז זעהר שווער צו פאראנטווערטען, און מען מוז נאר אנ-ווייזען אויף דעם פערבארגענעם געטליכען כח וואס בעשיצט עד היום דאס אומגליקליך פאלק, וואס האלט אויף די פיס דעם אייביגען נע ונד'ניק, און וואס לאזט ניט טרעפען דאס לעבעדיגע ראטהעניש: עס זאל, ווער ווייסט נאך אויף וויפיעל טויזענדער יאהרען, בלייבען דער טרויערינסטער סוד אויף דער וועלט.

איבריגענס, אז מען קוקט זיך א ביסעל נאהנטער צו צו יענער צייט זעהט מען, אז נאכ'ן חורבן פונ'ם בית שני איז די לאגע פון די יודען נע-וועהן פארט עטוואס בעסער ווי נאכ'ן ערשטען חורבן; נבוכדנצר האט ניט איבערגעלאזט קיין שריד ופליט אין יהודה און טיטוס'ס רשעות האט ניט גענקלעקט אויף אויסצורייסען אלדינג מיט'ן ווארצעל, און פונ'ם אש וואס איז געוואָרען פונ'ם יודישען היילינגטהום האבען ארויסגעבליעט צוויי שוואכע פונ-קען — א קאניג אהן א מלוכה און א סנהדרין אהן מאכט.... די צוויי פונקען האבען א לאנגע צייט אונטערגעהאלטען א קליין שטיל פייערעל ביי יעדען יודען אין הארצען, און דער דארן, אין די אויגען פון אלע פעלקער האט אנגעהויבען ברענען אויף דעם אופן, ער זאל טאקע עביג ניט פער-לאשען ווערען.

יוליוס אגריפא דער צווייטער האט זיך נאך אלץ גערעכענט פאר א יודישען מלך, האטשי ער האט מעהר ניט געהאט צו שאפען ווי נאר איבער גאליליא. פאר זיין געטריישאפט האט איהם וועספאסיאן זעהר ליעב געהאט; נאר נאך א גרעסערע חשיבה איז געוועהן זיין שאנע שוועס-טער ברניצה, וואס האט גערעכענט נאר ניט צו ווערען קייזערין פון רום.

טִיטוּס'ס לִיבְּשַׁאפְט צוּ אִיהר אִיז טַאקֶע גֶעוֶועהן זֶעהר גְרוֹיס. דָאס פָּאלְק הָאט גֶעוואוּסְט דֶערְפוּן, אוּנ כְּדֵי אִיהם צוּ חַנְפֶענ'ן הָאט מֶען אִיהר גֶעשְׁטֶעלְט אַ בִּילְד=זַייל מִיט דֶער אוֹיפְשְׁרִיפְט: „דִי גְרוֹיסֶע קֶאנִיגִין אוּנ טָאכְטֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען קֶאנִיג יוּלְיוּס אַגְרִיפַּא". אַז עֶס אִיז אָבֶער גֶעקוּמֶען צוּ אַ עֶרְנְסְטֶען שְׁמִיעֶס וֶועגֶען אַ חֲתוּנָה, הָאט פְּרִיהר דֶער אַלְטֶער וֶועסְפַּאסִיַאן גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען, אַז אִיהם שְׁטֶעהט נִיט אָן זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין מִיט יוּדֶען, אוּנ דֶערְנָאךְ, אַז וֶועסְפַּאסִיַאן הָאט צוּגֶעמַאכְט דִי אוֹיגֶען אוּנ בֶּרֶנִיצֶה הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶערֶעכֶענְט גַאנְץ נָאהֶענְט צוּ אִיהר צִיעל, הָאט שׁוֹין טִיטוּס אַלֵיין אוֹיךְ פֶערְדְרֶעהט מִיט'ן קָאפּ. דָאס הָאט אוֹיף אַגְרִיפַּאן מִיט דֶער שְׁוֶועסְטֶער גֶעהַאט אַזַא ווירְקוּנְג, אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען קֵיין גַאלִילֶעאַ אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעחַאפְּט צוּם אַלְטֶען פֶערְוָוארְפֶענֶעם יוּדִישְׁקֵייט. פַּאר אַ מוֹשֵׁל אִיבֶּער דֶעם לַאנְד הָאבֶּען זֵיי בֶּעשְׁטִימְט אַ פְרוּמֶען יוּדֶען. אוּנ דֶערְוַויל הָאט זִיךְ גַאלִילֶעאַ, וָואס דִי מִלְחָמָה הָאט דָארְט וֶוענִיגֶער גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ נִיט אַזוֹי פִּיעל צָרוֹת אָנְגֶעמַאכְט, אַ בִּיסֶעל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנ אַלֶע יוּדֶען פוּן דִי פֶערְוִויסְטֶע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען זִיךְ דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעזֶעצֶען. אַזוֹי הָאבֶּען בַּאלְד צוּרִיק בֶּעקוּמֶען זֵייעֶר גְלַאנְץ דִי שְׁטֶעדְט לִידְדַא (לוּד) פוּן וַואנֶען מֶען פְלֶעגְט צוּ שִׁיקֶען סְחוֹרוֹת אִין אַלֶע גֶעגֶענְדֶען אַרוּם; עֶמְמוּיס, וָואס הָאט גֶעהַאט טְהֵייעֶרֶע וַואסֶער=קְוַואלֶען, אוּנ עֶס פְלֶעגֶען זִיךְ דָארְט שְׁטֶעלֶען גְרוֹיסֶע יַרִידִים, אוּנ יְרִיחוֹ, וָואס דָארְט פְלֶעגֶען אוֹיסגֶעאַרְבֵּייט וֶוערֶען אַלֶע מִינֵי בְשָׂמִים, אוּנ דִי רֶאמֶער אַלֵיין הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז יְרִיחוֹ זָאל וַואקְסֶען אוּנ בְּלִיהֶען, אוּנ זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען דוּרְךְ דֶעם אַ שֶׁאנֶע הַכְנָסָה.

בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט זִיךְ דֶער עוֹלָם אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעוָואהנֶען מִיט דֶעם גֶעדַאנְק, אַז אַגְרִיפַּא אִיז טַאקֶע פַארְט אַ יוּדִישֶׁער קֶאנִיג, אוּנ פִיעל הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען, אַז דִי פָּאלִיטִישֶׁע קְרַאפְט פוּן דִי יוּדֶען אִיז נָאךְ נִיט אִין גַאנְצֶען פֶערְלָארֶען. מֶערוּר הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער גֶעפִיהלְט דִי וואוּנְדֶען, ווען מֶען הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אִין דֶער הָאבֶערֶער קְרַאפְט וָואס הָאט גֶעפֶעהלְט: וֶוען מֶען הָאט אַ קוּק גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶס אִיז נִיטָא דָאס בֶּעסְטֶע אָנְשְׁפַּארֶענִישׁ, דִי רֶעלִיגְיָאן; אָהן אַ מִשְׁכָּן, אָהן אַ מִזְבֵּחַ, אָהן כֹּהֲנִים, אָהן קָרְבָּנוֹת, אָהן פֶעסְט בֶּעשְׁטִימְטֶע יָמִים טוֹבִים, הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעפִיהלְט ווִי פֶערְבְּלָאנְזֶעטֶע שֶׁאפֶּעלֶעךְ, וָואס זֵייעֶר פַּאסְטוּךְ הָאט זֵיי אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, אוּנ זֵיי וַוייסֶען נִיט וואוּהִין זִיךְ צוּ וֶוענְדֶען. בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבֶּער אַרוֹיס=

געװיזען, אַז דער איבערשטער גרייט אָן די רפואה פאר דער מכּה. אונ די יודען האָבען בעקומען אַ נייעם שליח פון זיין ליעבען נאָהמען – דאס איז געװעהן רבּן יוחנן בן זכּאי. איינער פון הלל'ס תּלמידים. װאס האט זיין גאנץ לעבען ניט אָבגעטרעטען פון זיין גרויסען רבינס דרך, אונ האט זיך פעסט געהאלטען אָן שלום. אז עס האט זיך אָנגעהויבען די בעלאַגערונג פון ירושלים, אונ רבּן יוחנן האט פערשטאנען אז די מלחמה װעט זיך ניט גוט אויסלאָזען פאר די יודען, האט ער אָנגעהויבען טראַכטען אַז מען מוז פריהר זעהן מאכען אין דער פרעמד איין אָרט אויף צו לערנען תּורה, אונ פון דאָרט זאָלען די הייליגע געזעצע בעפעסטיגט װערען װייט פון דער הים. ער האט זעהר געװאָלט אַרויס פון ירושלים; נור דער צד פון מלחמה האט פערשלאָסען טהיר אונ טויער, אונ האט קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט. רבּן יוחנן האט געמוזט בענוצען אַ איבער־המצאה: זיינע גוטע פריינד האָבען אַרויסגעלאָזט אַ קול אַז ער איז געשטאָרבען, אונ צוויי פון זיינע תּלמידים יהושע אונ אליעזר, האָבען בעקומען איין ערלויבניש אַרויס צוטראָגען דעם טויטען אונ איהם בעגראָבען אונטער דער שטאָדט. קוים איז דער אָרון געװעהן פון יענער זייט, איז רבּן יוחנן באלד אַרויסגעשפּרונגען, אונ האט זיך געלאָזט פיהרען צו טיטוס'ן, װעלכער האט געהערט פון איהם, אז ער איז איינער פון די װאס האָבען ליעב שלום. ער האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, אונ האט איהם ערלויבט זיך צו בעזעצען מיט זיינע תּלמידים אין יבנה, אַ בעלעבטע האַנדעלסשטאָדט נעבען מיטעללאַנדישען ים, אונ דאָרט גרינדען אַ ישיבה. כּטוס האט ניט געקאָנט פאראויסזעהן, אַז פון דער קליינער ישיבה װעט אַרויסגעהן אַ ליכט װאס װעט בעשיינען דעם פינסטערן גלות, אַריינבלאָזען אַ לעבענסגייסט אין כּמעט אָבגעשטאָרבענע מענשען אונ אויפהאַלטען דאס יודענטהום אויף טויזענדער יאהרען.

מיט אַ געבראָכען הארץ האט רבּן יוחנן געקוקט אויף אַלדינג װאס געהט פאר אין ירושלים, אונ האט געבכיך פון טאג אויף טאג געװאַרט אויף דער װיסטער בשורה פונ'ם שׂונא'ס נצחון, אונ האָטשי ער איז געװעהן זיכער אז פונ'ם יודישען עקשנות קאן זיך צנדערש ניט אויסלאָזען, אונ די יודען מוזען פאלען. פון דעסטװעגען האט איהם װי אַ דונער דערשלאָגען די שרעקליכע ידיעה פונ'ם חורבּן, ער האט צוריסען אויף זיך די קליידער אונ האט בעװיינט „די היים" װי אַ טויטען. קוים האט ער אָבער געקאָנט בערו־ הינען די צושטערטע געדאַנקען, האט ער זיך באלד גענאָמען צו דער

שווערער ארבייט: ער האט געזעהן אז אצינד איז די בעסטע צייט אויס צו פיהרען זיין גרויס שליחות. אונ אויסבויען אויפן ארט פון די פערברענטע מויער'ן ג י י ס ט י ג ע וואנד, ניט פון קיין שטיינער אונ ציגעל, ניט פון קיין מאטעריאל וואס זאל מורא האבען פאר פייער אונ וואסער אונ אנדערע כוחות, נור פון דער פערבארגענער קראפט וואס לעבט עביג, אונ קיין שונא אין דער וועלט קאן זי ניט בייקומען. ער האט זיך ענטשלאסען אויפצוקלערען זיינע אומגליקליכע ברידער זיי זאלען ביי זיך ניט זיין אזוי געפאלען. זיי זאלען ניט מיינען: אז אהן א בית המקדש קאן שוין דער בנין פון אמונה ניט שטעהן אויף א רעכטען יסוד אז אהן קרבנות קאנען זייערע תפלות ניט דערגרייכען די שערי השמים; ער האט זיי פארשטעהן געגעבען אונ געבראכט ראיות פון די הייליגע נביאים, אז צדקה איז גרעסער פון א קרבן, אונ אז א געבראכען הארץ, וואס ניסט ארויס פון זיך א פראסט געבעט אהן קונצען, איז א סך נאהנטער צום רבונו של עולם ווי דער שאנסטער גאטעס-דיענסט מיט שפיעל אונ געזאנג. רבן יוחנן האט גוט פערשטאנען, אז די יודען מוזען נור האבען, עפיס א מנהיג, א וועגווייזער. וואס זיי זאלען זיך קאנען אויף איהם פערלאזען, אונ יעדער איינציגער זאל זיך ניט בעדארפען שאפען פאר זיך א בעזונדער וועלטיל. אונ דעריבער האט ער אין י ב נ א געגרינדעט א ס נ ה ד ר י ן וואס זאל אונטער זיין השגחה פיהרען דאס יודישע רעליגיאזע לעבען: פסק'נען שאלות, אויסגלייכען פערשיעדענע צדדים, אונ צושיקען צו אלע יודישע קהלות שליחים וועגען קדוש החדש, אונ ימים טובים. ניט ווייניג מיה, פארשטעהט זיך, האט עס געקאסט רבן יוחנן: עס איז אבער ניט געוועהן אומזיסט, אונ מיט דער צייט איז י ב נ א געווארען א נייער מיטעלפונקט. וואס האט צו זיך געצויגען די הערצער פון אלע. וועלכע האבען נור געקאנט פארשטעהן דעם גרויסען ווערט פון זיין ארבייט.

ווי א געטרייער תלמיד פון הלל'ן, האט רבן יוחנן געזוכט אלע מיטעל צו בעפעסטיגען דעם שלום צווישען די יודען, אונ האט אכטונג געגעבען זיי זאלען גוט לעבען מיט אנדערע פעלקער. ער פלעגט אליין ארויסווייזען זעהר פיעל פריינדשאפט צו די גאטצענדיענער אונ האט געפאדערט פון זיינע ברידער זיי זאלען אויך שאצען די גוטע אונ נוטצליכע מענשען, וואס געפינען זיך אין יעדער אומה, בעזונדערס האט ער זיך געפלייסט צו לערנען די יודען סבלנות, אונ אז פיעל פון זיי פלעגען זיך בעקלאגען אויף דעם יודישען מס' וואס מען מוז צאהלען דער רוימישער מלוכה. האט ער זיי אנגעוויזען

אז זיי האבען זיך אליין פערטיידיגט, אז אין די פרידהריגע גליקליכע יאהרען האבען זיי ניט געוואלט געבען אזוי ווענינער אויפ'ן בית המקדש, מוזען זיי איצט אנגעהמען פאר ליעב גאטס שטראף. און בעטראכטען דעם שונא נור ווי א שליח פון קודשא בריך הוא, וואס שיקט דורך איהם זיין עונש דעם שולדיגען קינד. אזעלכער איז רבן יוחנן געוועהן א שטארקע שוטץ פאר זיין פאלק; וועספאסיאן און טיטוס האבען אויף איהם גרויס כבוד געלעגט, און דערפאר, אז עס האט זיך געמאכט די מרידה אין מצרים און קירענע, האט עס די איבריגע יודען ניט געשאדט.

רבן יוחנן בן זכאי האט מיט דער הילף פון זיינע תלמידים, פון וועלכע עס זענען בעקאנט נור יהושע און אליעזר, די איינציגע וואס האבען איהם ארויסגעטראגען פון ירושלים, און אליעזר בן ערך, אויסגעארבייט דאס לערנען פון משנה, דאס הייסט: פונ'ם צווייטען געזעץ, וואס איז אויסגעוועהניג איבערגעגאנגען פון איין דור צום אנדערן, און אין זיין צייט האט זיך דער למוד אנגעהויבען טהיילען אויף הלכה, דאס הייסט: דינים וואס מען מוז אבהיטען אינ'ם פראקטישען לעבען, און הגדה וואס בעשטעהט גלאט פון פערשידענע מיינונגען און פירושים אויף פיעל ארטער פון דער תורה.

אז עס איז געקומען רבן יוחנ'ס לעצטע שעה, האט ער נור געבעטען זיינע תלמידים זיי זאלען ניט אבטרעטען פונ'ם וועג, וואס ער האט זיי געוויזען, און אז זיי האבען בעמערקט אז ער איז זעהר צובראכען, און האבען איהם געפרעגט די סבה דערפון, האט ער זיי געאנטפערט, אז ער שרעקט זיך ניט פאר'ן מלאך המות, נור עס איז איהם זעהר שווער זיך צו שטעלען פאר'ן בית דין של מעלה, וואו עס הערשען נור אמת און יושר און האט זיי געגעבען זיין ברכה פאר'ן טויט, אז יראת שמים זאל אויף זיי האבען דאטשי ניט קיין קלענערע פעולה ווי די מורא פאר מענשען.

נאך זיין טויט האבען די תלמידים זיך גענומען נאך מיט מעהר חשק צו בעפעסטיגען די ישיבה אין יבנא; נור איין אליעזר בן ערך האט זיך אבגעטהיילט פון זיי און איז ארינבער קיין עממאוס. דערפאר איז זייער צאהל אבער פערגראסערט געווארן מיט צוויי גרויסע מענשען, רבן גמליאל און רבי עקיבא, און דערמעלט האט מען זיי אנגעהויבען רופען תנאים, אדער לעהרער פונ'ם פאלק.

דער אמתער פערשטעהער פון די יודען, נאך רבן יוחנן, האט געקאנט

זיין נור רבן גמליאל. דער זוהן פון שמעון הנשיא און איין איינען ענינקעל פון הלל׳ן. רבן גמליאל דער צווייטער איז געוועהן אגרויסער למדן, און האטשי ער איז פון דער נאטור געוועהן זעהר קראנקליך, פלעגט ער זיך אבגעבען מיט פערשידענע חכמות, און האט שוין אין יענע יאהרען געהאט פערגרעסערונגס־גלאזער און א קארטע פון דער לבנה, וואס נאך איהר פלעגט ער מאכען די רעכנונגען וועגען קדוש החודש, און ניט שטעלען גלאט אויף עדות. איהם האט אויך די רוימישע מלוכה בעשטימט פאר א נשיא, און ער האט בענוצט זיין כח אויף איינצופיהרען אחדות צווישען זיינע ברידער, און בעזונדערס צווישען די לומדים, וואס האבען זיך, נאך רבן יוחנן׳ס טויט, צוטהיילט אויף עטליכע פערשידענע כתות, יעדע מיט בעזונדערע דעות, און מיט שפיגעל נייע פשטים און חומרות. וועגען דינים, וואס האבען א שייכות צו הלכה, האט ער איין מאל פאר אלע מאל געמאכט, אז די פראקטישע געזעטצע מוזען ארויסגעגעבען ווערען נור פונ׳ם סנהדרין אין יבנה; אז עס איז אבער געקומען צו אגדה, וואו יעדע כתה האט געזוכט ארויס צו־ווייזען איהר בקיאות, און דרינגען אז נור איהר מיינונג איז ריכטיג, איז שוין געוועהן שווער זיך צו האלטען אין איין דעה, ווייל איטליכער האט געצויגען צו זיינעם, און מיט דער הילף פון שארפזיניגע הסברות און פסוקים־קנייטשען האט ער געקאנט שרייען, אז נור ער האט רעכט און יענעמס דרך איז פאלש. דעמעלט האט זיך אויך צוברענט דאס פייער צווישען די בית שמאי, וואס זענען געוועהן גרויסע עקשנים, און האבען ליעב געהאט צו בעלאסטיגען דאס לעבען פונ׳ם פאלק מיט חומרות, און די בית הלל, וואס האבען דוקא געוואלט מקיל זיין, און צו ליעב דעם האבען זיי ניט געקאנט אבטרעטען פון זייער דעה, האטשי זיי האבען זיך פיינד געהאט צו שפארען. רבן גמליאל האט זיך דא אויך פיעל מיה געגעבען צו מאכען א שלום צווישעןביידע צדדים, און אז ער האט געזעהן אז ער קאן גאר ניט פועל׳ן האט גענוצט ארויס א בת־קול, וואס מען מאג מיט רעכט דענקען, אז דאס איז טאקי געוועהן דאס קול פונ׳ם גאנצען פאלק, און וואס האט אויסגעשריגען, אז איינענטליך זענען ביידע דעות ווערטער פונ׳ם לעבעדיגען גאט. נור דארט וואו מען רעדט פון הלכה מוז זי בלייבען ווי די בית הלל זאגען. דאס איז אפילו שטארק ניט געפאלען רבי יהושע׳ן, וואס האט ניט געוואלט ליידען, אז ביי א מחלוקת אין לערנען זאל זיך גאר

פְּלִיצוּם אַרַיינמִישֶׁען אַ זַייטִיג אוּנבֶּעקַאנְט קוֹל; עֶר הָאט גֶעדְרִינְגֶען, אַז דִי תּוֹרָה אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען נִיט פַאר מַלְאָכִים, נוּר פַאר מֶענְשֶׁען אוּנ אַז דַארִיבֶּער טָאר מֶען זִיךְ אִין דִי זַאכֶען נִיט פֶּערלָאזֶען אוֹיף נִסִּים; עֶס הָאט אִיהם אָבֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִי מֵיינוּנְגֶען פוּן דִי בֵּית הִלֵּל. בַּיי דֶער קְרִיעג הָאט נִיט וֶועניג בִּזְיוֹנוֹת גֶעהַאט אֵיינֶער פוּן דִי בֵּית שַׁמַּאי, זְכַרְיָה בֶּן אַמְפִיקְלוּס, וָואס הָאט נִיט גֶעוָואלְט צוּ לִיעבּ טְהוּן זַיינֶע גֶעגְנֶער אוֹיף קֵיין הָאר, אוּנ הָאט בֶּעזוּנְדֶערְס אוּנְטֶער־גֶעוַוארֶמְט דִי אַלְטֶע שִׂנְאָה צְווִישֶׁען יוּדֶען אוּנ גָאטְצֶענְדִינֶער, וָואס צוּ לִיעבּ דֶעם הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט אוֹיסְשְׁטֶעהְן פִיעל צָרוֹת. נוּר הָאטְשִׁי דִי בֵּית הִלֵּל הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען דִי הוֹיפְּטְרָאלֶע. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט קֵיינֶער פוּן זֵיי נִיט גֶעצְווִינְגֶען דִי בֵּית שַׁמַּאי זֵיי זָאלֶען דַוְקָא זִיךְ נוֹהֵג זַיין ווִי זֵיי: יֶעדֶער פַאר זִיךְ הָאט זִיךְ גֶעמָאנְט פִירֶען ווִי אַזוֹי עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַבִּי עֶר הָאט זִיךְ נוּר נִיט גֶעמִיהְט צוּשְׁלֶעפֶּען אַנְדֶערֶע צוּ זַיין אִיבֶּערְצַייגוּנג. דַארוֹיף הָאט רַבָּן גַּמְלִיאֵל בֶּענוּצְט זַיין גַאנְצֶען כֹּחַ, אוּנ הָאט שְׁטְרֶענְג פֶער־פָאלְגְט דִי דָאזִיגֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרִיווְט גֶעהְן גֶעגֶען זַיין רָצוֹן. בַּיי דִי טוֹיעֶר'ן פוּן דֶער יְשִׁיבָה אִין יַמְנָא הָאט עֶר גֶעשְׁטֶעלְט שׁוֹמְרִים, מֶען זָאל אַרַיין־לָאזֶען נוּר אַזֶעלְכֶע תַּלְמִידִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועהְן בֶּעקַאנְט מִיט זֵייעֶר עֶהְרְלִיכְקֵייט אוּנ פְרוּמְקֵייט, אוּנ אַז דָאס הָאט אוֹיךְ וֶועניג גֶעהָאלְפֶען הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָּשׁוּט אַרַיינְלֶעגֶען אִין חֵרֶם. אִין יֶענֶע צַייטֶען, אִיז דֶער חֵרֶם נִיט גֶעוֶועהְן אֲפִילוּ דָאס וָואס הָאט זִיךְ פוּן אִיהם אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע דוֹרוֹת: מֶען הָאט נִיט אַזוֹי גֶערוּדֶעפְט דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס אִיהם הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶער חֵרֶם, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ נִיט אִין גַאנְצֶען פוּן אִיהם אָבְּגֶעטְהֵיילְט. עֶר הָאט נוּר גֶעמוּזְט אַ גַאנְצֶען חֹדֶשׁ טְרָאגֶען שְׁוַוארְצֶע קְלֵיידֶער, אוּנ אוֹיף הַרָטָה הָאט עֶר שְׁטֶאנְדִיג גֶעהַאט צַייט, סַיידֶען וֶוען עֶר פְלֶעגְט אִין מִיטֶען דְרִינֶען שְׁטַארְבֶּען, הָאט מֶען אוֹיף זַיין אָרוֹן גֶעלֶעגְט אַ שְׁטֵיין. רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט גֶעשֶׁעמְט אַרַיינְלֶעגֶען אִין חֵרֶם פִיעל גְרוֹיסֶע לַייט אוּנ הָאט דֶערְפַאר בֶּעקוּמֶען גֶענוּג שׂוֹנְאִים; עֶר הָאט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט גֶעקוּקְט דַארוֹיף, נוּר אֵיין מָאל הָאט עֶר אֶפֶענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט: „דִיר גָאט, אִיז בֶּעקַאנְט, אַז נִיט פַאר מִיר, נִיט פַאר דִי אָבוֹת נוּר פַאר דַיין כָּבוֹד טְהוּ אִיךְ אַזוֹי כְּדֵי דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל זָאל בְּלַייבֶּען גַאנְץ אוּנ קֵיין אִינְוֶוענִיגְסְטֶע שִׂנְאָה זָאל עֶס נִיט אוֹיפְּעסְן.

אַזאַ שְׁטְרֶענְגֶע הַנְהָגָה פוּן רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָאט גֶעמוּזְט פִירֶען דֶערְצוּ

וָואס אִין אַללֶע לֶאנְדֶער, וואו יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען, הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטְרַאכְטֶען דִי סַנְהֶדְרִין פוּן יַבְנֶה, וִוי אַקְרַאפְט, וָואס בֶּעשִׁיצְט דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטְהוּם, פּוּנְקְט וִוי דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אַמָאל, אוּנ אַזוֹי וִוי דֶער נָשִׂיא הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן דָוִד הַמֶלֶךְ'ס מִשְׁפָּחָה, הָאט מֶען זִיךְ גֶעטְרֵייסְט דֶערְמִיט, דָאס עֶס וֶוערְט טַאקִי מְקוּיָם דֶער פָּסוּק: „לֹא יָסוּר שֵׁבֶט מִיהוּדָה". דֶערְצוּ הָאט נָאךְ פִיעל פֶערְהָאלְפֶען דָאס, וָואס דִי רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט שְׁטַארְק אַרַיינְמִישֶׁען אִין אִינְוֶוענִיגְסְטֶען לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס רֶעכְט צוּ שְׁטֶעללֶען אֵייגֶענֶע שׁוֹפְטִים פוּן לוֹמְדִים, וָואס פְלֶעגֶען דַארוֹיף בֶּעקוּמֶען אַ סְמִיכָה פוּנ'ם רֹאשׁ יְשִׁיבָה.

רַבָּן גַמְלִיאֵל הָאט אוֹיךְ גֶערֶעגֶעלְט דֶעם גָאטֶעס דִיעֶנְסְט אִין דִי שׁוּלֶען, וואו קֵיינֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע חַזָנִים זֶענֶען נִיט גֶעוֶועהן אוּנ יֶעדֶער פוּנ'ם עוֹלָם הָאט גֶעקָאנְט זַיין דֶער „שְׁלִיחַ צִבּוּר", אוּנ הָאט מְסַדֵר גֶעוֶוען פִיעל תְּפִלוֹת, וָואס זֶענֶען עַד הַיוֹם גֶעבְּלִיבֶּען. עֶר הָאט אָבֶּער דָא אוֹיךְ גֶעהַאט מִתְנַגְדִים, בֶּעזָאנְדֶערְס פוּן דִי בֵּית שַׁמַאי, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט לַיידֶען דָאס גֶעבֶּעט, וָואס עֶר הָאט אַיינְגֶעפִיהְרְט פַאר דִי גָאטְצֶענְדִיעֶנֶער, וָואס הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה. אֵיינֶער פוּן זֵיי, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוֹס, הָאט דֶעמָאלְט גֶעזָאגְט: „אַז וֶוער עֶס דַאוֶוענְט נָאךְ פֶעסְטְגֶעזֶעצְטֶע תְּפִלוֹת, גֶעהט זַיין גֶעבֶּעט נִיט אַרוֹיס פוּנ'ם הַארְצֶען אוּנ קָאן קֵיין שׁוּם פְּעוּלָה נִיט הָאבֶּען".

בִּיסְלֶעכְוֵויס הָאט זִיךְ דָאס רֶעלִיגְיֶאזֶע לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען אוֹיךְ אַיינְגֶע־אָרְדֶענְט, אוּנ מֶען הָאט גֶעזֶעהן, וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ, אַז אַללֶע פְרִיהֶרִיגֶע גֶעזֶעצֶע, אוֹיסֶער דִי דִינִים פוּן קָרְבָּנוֹת וָואס מֶע הָאט פֶערְבִּיטֶען אוֹיף תְּשׁוּבָה, תְּפִלָה אוּנ צְדָקָה, זָאללֶען בְּלַייבֶּען אִין זַייעֶר קְרַאפְט. דִי כֹּהֲנִים הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען מַעֲשֵׂר, דִי אָרִימֶע לַייט הָאט מֶען אִין זִין גֶעהַאט מִיט לֶקֶט, שִׁכְחָה אוּנ פֵּאָה; שְׁמִיטָה הָאט מֶען אָבְּגֶעהִיט, דִי פֶעלְדֶער הָאט מֶען בֶּעאַרְבַּייטֶעט פּוּנְקְט אַזוֹי וִוי עֶס שְׁטֶעהט אִין דֶער תּוֹרָה, אוּנ מֶען הָאט אוֹיסֶער דֶעם נָאךְ גֶעזָארְגְט אַז דִי עֶרְד אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זָאל נִיט אַרַיינְפַאלֶען אִין פְרֶעמְדֶע הֶאנְד. מֶע הָאט פֶעסְט גֶעשְׁטֶעלְט אַ סַךְ מִנְהָגִים צוּם זֵכֶר פוּנ'ם חוּרְבָּן; אוֹיסֶער דִי פִיער תַּעֲנִיתִים, וָואס דִי יוּדֶען אִין בָּבֶל הָאבֶּען אַיינְגֶעפִיהְרְט נָאךְ'ן עֶרְשְׁטֶען חוּרְבָּן, הָאבֶּען דִי פְרוּמֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאסְטֶען מָאנְטַאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטַאג אוּנ יֶעדֶער יוּד הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען אַן דִי וֶוערְטֶער פוּן דִי תַּנָאִים, וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט: „וֶוער עֶס טְרוֹיעֶרְט אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם, וֶועט זוֹכֶה זַיין צוּ זֶעהן וִוי זִי וֶועט צוּרִיק בֶּעקוּמֶען אִיהר גְלַאנְץ".

בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבֶּער אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען דִי אַלְטֶע קְרַאנְקְהַייט וָואס הָאט נִיט

איין מָאל פֶערגִיפְטֶעט דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען. פוּן דִי פְרוּמֶע אוּנ מֶעהר בֶּעמִיטֶעלְטֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט צַייט זִיךְ אָבְּצוּגֶעבֶּען מִיט דֶער קְלֵיינְלִיכְסְטֶער מִצְוָה אוּנ הָאבֶּען אָבְּגֶעהִיט דֶעם מִינְדֶעסְטֶען דִין, הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ בֶּעזוּנְדֶער קְלַאססֶע „מְיוּחָסִים״, וָואס הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאר זִיךְ צוּ רֶעכֶענֶען פַאר׳ן עִיקָר אוּנ שְׁרַייעֶן אַז נָאר צוּ לִיעבּ זֵייא הַאלְט זִיךְ דָאס יוּדִישְׁקַייט. פוּנ׳ם פְּרָאסְטֶען פָאלְק הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט אוּנ הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹי־בֶּען רוּפֶען מִיט׳ן נָאהמֶען: „עַם־הָאָרֶץ״, וָואס הָאט פוּן דֶעמָאלְט אָן בֶּעקוּמֶען אַ שֶׁאנְדְלִיכֶע בֶּעדַייטוּנְג. עֶס קָאן זַיין אַז נִיט קַיין קְלֵיינֶע נְגִיעָה הָאט אִין דֶעם גֶעהַאט דָאס, וָואס דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן אַ זֵיינֶע נָאהֶענְטֶע שְׁכֵנִים מִיט דִי רֶא־מֶער, ווֹאוּ זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעזֶעהן צְוֵויי גַאנְץ אָבְּגֶעשְׁלָאסֶענֶע קְלַאסֶען ווִי דִי פַּאטְרִיצִיעֶר (מְיוּחָסִים) אוּנ דִי פְּלֶעבֶּעיֶער (פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען), נָאר דִי יוּדֶען זֶענֶען אַ סַךְ ווַייטֶער גֶעגַאנְגֶען פוּן דִי רֶאמֶער: זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט דִינִים פוּן „כָּשֵׁר״ אוּנ „טְרֵפָה״ אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּענוּצְט דֶערְמִיט צוּ מַאכֶען אַ פֶעסְטֶע וַואנְד, וָואס זָאל זֵיי לַחֲלוּטִין אָבְּטֵהיילֶען פוּנ׳ם פָּאלְק. אֲפִילוּ זִיךְ מִישֶׁען מִיט זֵייעֶרֶע כֵּלִים, זִיךְ אָנְרִירֶען אָן זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אִיז בַּיי דִי „מְיוּחָסִים״ גֶעוָוארֶען דִי גְרֶאסְטֶע עֲבֵרָה, פוּן מְשַׁדֵּךְ זַיין זִיךְ מִיט זֵיי הָאט מֶען גָאר נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען. אַוַדאי הָאבֶּען זִיךְ דִי „מְיוּחָסִים״ דֶער מִיט נִיט גֶעקָאנְט קוֹנֶה אַהֲבָה זַיין בַּיי׳ם פָּאלְק; דִי שִׂנְאָה צוּ זֵיי אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹיס אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר גֶעזָאגְט: „וֶוען דֶער פְּרָאסְטֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט דַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ דֶעם עֶדְלֶערן אִין גֶעשֶׁעפְט־זַאכֶען, וָואלְט עֶר אִיהם אָהן רַחֲמָנוּת גֶעקוֹילֶעט״. רַבִּי עֲקִיבָא, וָואס אִיז אַרוֹיס גֶעקוּמֶען פוּן גֶעמֵיינֶעם שְׁטַאנְד, הָאט טַאקִי מוֹדֶה גֶעוֶועהן, אַז נִיט אֵיין מָאל פְלֶעגְט זִיךְ אִיהם אִין דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען גְלוּסְטֶען צוּ הַרְגֶ׳נֶן אֵיינֶעם פוּן דִי „מְיוּחָסִים״. אַוַדאי אִיז דִי לַאגֶע פוּנ׳ם פְּרָאסְטֶען פָאלְק גֶעוֶועהן זֶעהר מְרוֹיעֶרִיג אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ, אַז מֶע הָאט זֵיי אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ צוּלָאזֶען פַאר עֵדוּת, גְלַייךְ ווִי דֶער גֶע־מֵיינֶער מַאנן קָאן גָאר קַיין נֶאֱמָנוּת נִיט הָאבֶּען. מֶען דַארְף זִיךְ דֶערִיבֶּער נִיט וואוּנְדֶערן וָואס פִיעל פוּן זֵיי זֶענֶען צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דֶער נַייעֶר קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן, וָואס הָאט דֶעמָאלְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וַואקְסֶען אוּנ הָאט גֶעמוּזְט הָאבֶּען אַ שְׁטַארְקֶע ווִירְקוּנְג אוֹיף דִי דָאזִיגֶע, ווַיי׳ס פוּן אֵיין זַייט הָאט מֶען זֵיי אַוֶועק־גֶעשְׁטוֹיסֶען אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט מֶען זֵיי בֶּעגֶעגֶענְט מִיט פְרַיינְדְ־שַׁאפְט אוּנ לִיעבֶּע.

## 2 דִי יוּדֶען אִין דֶער צַייט פוּן דָאמִיטִיַאן, נֶערְוַואַ אוּנ טְרַאיַאן.

(93—117 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

דִי סַנְהֶדְרִין פוּן יַבְנֶה, אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט דֶער שְׁטְרֶענְגֶער אוּנ עֶנֶערְגִישֶׁער נָשִׂיא רַבָּן גַמְלִיאֵל, הָאבֶּען גֶעהַאט גֶענוּג אַרְבֵּייט מִיט דִי פֶערְשִׁידֶענֶע סֶעקְטֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס מִיט דִי עֶרְשְׁטֶע יוּדֶען–קְרִיסְטֶען, וָואס זֶענֶען גְרֶאסְטֶענְטֵהיילְס אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּנ'ם פְּרָאסְטֶען פָאלְק אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט זַיין קֵיין גוּטֶע פְּרַיינְד דִי עֶדְלֶערֶע יוּדֶען פַאר זֵייעֶר אָפֶּענֶער שִׂנְאָה צוּ זֵיי. דִי יוּדֶען–קְרִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ דַוְקָא אִין אַלֶע הַנְהָגוֹת נִיט אָבְּגֶעזָאנְדֶערְט פוּן דִי יוּדֶען אוּנ פְלֶעגֶען אֲפִילוּ קוּמֶען דַאוֶונֶען אִין דִי שׁוּלֶען, נָאר וִוי וַוייט זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט פְלֶעגֶען זֵיי זִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן דִי „מְיוּחָסִים" אוּנ פְלֶעגֶען זֵיי נִיט אֵיין מָאל מַסֶר'ן פַאר דֶער מְלוּכָה. עֶס אִיז אַזוֹי וַוייט גֶעקוּמֶען אַז אֵיינֶער פוּן דִי בֶּעסְטֶע אוּנ גוּטהֶערְצִיגֶע תַּנָאִים, רַבִּי שְׁמוּאֵל דֶער אִינְגֶערֶער, הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ מַאכֶען אַנַייעֶ תְּפִלָּה „וְלַמַּלְשִׁינִים אַל תְּהִי תִקְוָה", אַז דִי מוֹסְרִים זָאלֶען נִיט הָאבֶּען קֵיין הָאפְנוּנְג אוֹיף תְּחִיַת הַמֵתִים. מִיט דֶער תְּפִלָּה הָאבֶּען יוּדֶען נִיט גֶעמֵיינְט דַוְקָא צוּ פֶערְשֶׁאלְטֶען זֵייעֶרֶע גֶעוֶועזֶענֶע בְּרִידֶער, נָאר דָאס פְּלֶעגְט זֵיי הֶעלְפֶען גֶעוָואהר צוּ וֶוערֶען וֶוער עֶס הָאט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן יוּדִישְׁקַייט, ווייל קֵיינֶער פוּן דִי יוּדֶען-קְרִיסְטֶען הָאט מִן הַסְתַּם נִיט גֶעוָואלְט זָאגֶען אַזַא תְּפִלָּה, אוּנ אַז מֶען הָאט אִין שׁוּל בֶּעמֶערְקְט וֶוער עֶס שְׁוַוייגְט צוּ בַּיי דֶער תְּפִלָּה, הָאט מֶען זִיךְ שׁוֹין גֶעשְׁטוֹיסֶען אַז עֶר אִיז אָבְּגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִי יוּדֶען. אוֹיסֶער דֶעם הָאט מֶען דֶעמָאלְט גֶעהַאט נִיט וֶועניג צוּ טְהוּן מִיט פִיעל לוֹמְדִים, גְרוֹיסֶע קָאפּ, וָואס דֶער גְרִיכִישֶׁער לִמוּד פוּן דִי „גְנָאסְטִיקֶער", (פוּן דִי חֲכָמִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּ פִיעל פֶערְטִיעפְט אִין חֲקִירוֹת וֶוענֶען אֱמוּנָה-זַאכֶען) הָאט זֵיי פֶערְדְרֶעהט דִי מֹחוֹת, וַוייל דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער שֵׂכֶל אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד אַריינְצוּקְרִיכֶען אִין צוּ וַוייטֶע דְרָכִים אוּנ קָאן לַייכְט אַרָאבְּגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען פוּן דֶעם דֶרֶךְ הַיָשָׁר, וָואס אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען פַאר אַיין גֶעוֶואהְנְלִיכֶען בָּשָׂר וָדָם. אַזוֹי זֶענֶען אִין דֶעם לִמוּד פוּן דִי גְנָאסְטִיקֶער גֶעהַאפְּט גֶעוָוארֶען אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶאסְטֶע תַּנָאִים, אֱלִישָׁע בֶּן אֲבוּיָה, אוּנ אוֹיךְ צְוַויי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, בֶּן זוֹמָא אוּנ בֶּן עַזַאי. אַוַדַאי הָאט רַבָּן גַמְלִיאֵל נִיט גֶעטָארְט שְׁלָאפֶען אוּנ הָאט גֶעמוּזְט גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, אַז דִי אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען פַאר שֶׁאדְלִיךְ, זָאלֶען זִיךְ נִיט פַערְבְּרֵייטֶען אִין פַאלְק. זַיין מִיטֶעל, וָואס עֶר הָאט אָבֶּער בֶּענוּצְט דֶערְצוּ

הָאבֶּען אִיהם שְׁטַארְק פֶּערְאֶנְדֶערְט אוּנ זַיין חַארַאקְטֶער אַזוֹי הַארְט גֶעמַאכְט אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעוואהנְט צוּ רֶעדֶען הַארְט מִיט אַלֶלע נָאר אָהן אַ שׁוּם אוּנְטֶער־שִׁיעד אוּנ פְלֶעגְט שׁוֹין מֶעהר קַיין כָּבוֹד נִיט לֶעגֶען אֲפִילוּ אוֹיף אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר הָאט אַלֵיין גֶעשֶׁאצְט אוּנ גֶעקֶענְט זֵייעֶר וֶוערְטְה. דָאס הָאט גֶעפִּיהְרְט דֶערְצוּ, וָואס אֲפִילוּ ר׳ יְהוֹשֻׁעַ, אֵיינֶער פוּן דִי תַּנָאִים וָואס הָאבֶּען פַיינְד גֶעהַאט זִיךְ צוּ שְׁפַּארֶען אוּנ אִיז גֶעוֶועהן בֶּעקַאנְט מִיט זַיין גוּט אוּנ עֶדֶעל הַארְץ, אִיז גֶעוָואהרֶען זַיינֶער אַ גֶעגְנֶער. ר׳ יְהוֹשֻׁעַ פְלֶעגְט זִיךְ אִין פִיעל עִנְיָנִים נִיט אוֹיס־גְלַייכֶען מִיט׳ן נָשִׂיא, נָאר אַזוֹי וִוי עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַיין אָרֶעמַאנן אוּנ אַ חוֹן דֶעם הָאט עֶר פָּשׁוּט נִיט לִיעבּ גֶעהַאט זִיךְ צוּ שְׁטוּפֶּען אוֹיבֶּען אָן מִיט זַיין דֵעָה, הָאט אִיהם נִיט גֶעאַהרְט וֶוען זַיין מֵיינוּנְג פְלֶעגְט בְּלַייבֶּען נִיט אָנְגֶענוּמֶען. אֵיין מָאל הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמַאכְט אַז רַבָּן גַמְלִיאֵל הָאט בֶּעשְׁטִימְט ראֹשׁ חֹדֶשׁ תִּשְׁרֵי, וָואס דֶערְפוּן זֶענֶען אַבְּהֶענְגִיג גֶעוֶועהן אַלֶלע יָמִים טוֹבִים, לוֹיט דִי יְדִיעוֹת, וָואס צְווייא נִיט גַאנְץ בֶּעגְלוֹיבְּטֶע עֵדוּת הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעפוּנֶען פַאר אוּנְרֶעכְט צוּ שְׁוַויינֶען אוּנ הָאט אֶפֶענְטְלִיךְ גֶעוִויזֶען דֶעם נָשִׂיא אַז עֶר הָאט אַ טָעוּת. דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶּערְדְרָאסֶען רַבָּן גַמְלִיאֵל׳ן, עֶר הָאט פוּן קַיין זַאךְ נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען אוּנ הָאט נָאךְ אוֹיף צוּ לְהַכְעִיס רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ן אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל עֶר זָאל צוּ אִים קוּמֶען פּוּנְקְט אִין דֶעם טָאג, וֶוען נָאךְ ר׳ יְהוֹשֻׁעַ׳ס רֶעכֶענוּנְג הָאט בֶּעדַארְפְט פַאלֶען יוֹם כִּפּוּר, אָנְגֶעטְהוּן אִין וָואכֶענְדִיגֶע קְלֵיידֶער, מִיט׳ן שְׁטֶעקֶען אוּנ רַייזֶע־טַאשׁ. אַזַא פָארְדֶערוּנְג הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶען רַעשׁ צְוִוי־שֶׁען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ס חֲבֵרִים; אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִיהם צוּגֶערֶעדְט עֶר זָאל אַרוֹיס־שְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען דֶעם נָשִׂיא, אוּנ אַ טְהֵייל הָאבֶּען אִיהם גֶערַאטְהֶען בֶּעסֶער אַיינְ־בּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ אוּנ נִיט בְּרֶענְגֶען צוּ לַייטִישׁ גֶעלֶעכְטֶער, אוּנ עֶר הָאט טַאקִי גֶע־פָאלְגְט דִי לֶעצְטֶע. אַז רַבָּן גַמְלִיאֵל הָאט אִיהם דֶערְזֶעהן, אִיז עֶר אִיהם אַקֶעגֶענְ־גֶעגַאנְגֶען מִיט פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: „זַיי בֶּעגְרִיסְט, מַיין רֶבִּי אוּנ מַיין תַּלְמִיד! דוּ בִּיסְט מַיין רֶבִּי אִין חָכְמָה אוּנ מַיין תַּלְמִיד אִין דֶרֶךְ אֶרֶץ! אַ וואהל אִיז דֶעם דוֹר וָואס דִי גְרוֹיסֶע פָאלְגֶען דִי קְלֵיינֶערֶע!“ מִיט אַזוֹינֶע זִיסֶע וֶוארְ־טֶער הָאט דֶער נָשִׂיא אִיבֶּער גֶעבֶּעטֶען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ן, נָאר דֶער שָׁלוֹם הָאט נִיט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען לַאנְג.

דֶעם נָשִׂיא, וָואס הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעוואהנְט צוּ פִיהְרֶען דֶעם עוֹלָם מִיט גְרוֹיסְקַייט, אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ אִיבֶּער צוּ מַאכֶען אוּנ נָאךְ אוֹיף דֶער אֶלְטֶער; דִי צָאהל פוּן זַיינֶע גֶעגְנֶער הָאט זִיךְ יֶעדֶען טָאג פַארְגְרֶעסֶערְט, דָאס הָאט אִיהם נָאךְ מֶער גֶעאֶרְגֶערְט, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ן פַאר

אַ שְׁטִילֶען שׂוֹנֵא, הָאט עֶר אִים גֶעמַאכְט פַאר דֶעם שׁוּלְדִינֶען אִין אַלֶץ, אוּנ פְּלֶעגְט אָפְּט אָנְפַאלֶען אוֹיף אִיהם, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז אִין גָאר נִיט שׁוּלְדִיג גֶעוֶוען. אֵיינְמָאהל הָאט עֶר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן אוֹיף גֶעוָוארְפֶען אִין דֶער יְשִׁיבָה פַאר אַללֶע אִין דִי אוֹיגֶען אַז עֶר אִיז זִיךְ נִיט נוֹהֵג לוֹיט דִי בֶּעפֶעהלֶע פוּן דִי סַנְהֶדְרִין. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ דִי גַאנְצֶע יְשִׁיבָה אָנְגֶענוּמֶען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ס קְרִיוְדֶע אוּנ מֶע הָאט בַּאלְד רַבָּן גַמְלִיאֵל'ן גֶעמַאכְט פַאר אוֹיס נָשִׂיא.

לַאנְג בְּלֵייבֶּען אָהן אַ נָשִׂיא הָאט מֶען נִיט גֶעקֶאנְט, אוּנ מֶע הָאט בַּאלְד גֶעמַאכְט אַיין אֲסִיפָה פוּן צְוֵויי אוּנ זִיבְצִיג גְרוֹיסֶע לַייט צוּ קְלוֹיבֶּען אַיין אַנְדֶערן. דֶער עוֹלָם הָאט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט גֶעוָואלְט קְרֶאנְקֶען רַבָּן גַמְלִיאֵל אוּנ דַארִיבֶּער הָאט דֶער גוֹרָל נִיט גֶעקֶאנְט פַאלֶען אוֹיף רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן, וָואס צוּ לִיעב אִיהם אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אוֹיס נָשִׂיא. דֶעסְטְגְלֵייכֶען הָאט מֶען נִיט גֶעקֶאנְט רֶעדֶען פוּן רַבִּי אֱלִיעֶזֶר'ן, וָואס אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אִין חֵרֶם, אוּנ רַבִּי עֲקִיבָא'ן, וָואס אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן יוּנְג אוּנ הָאט זִיךְ מֶעהר גֶעקֶאנְט אִיבֶּערְגֶעהמֶען מִיט יִחוּס עַצְמוֹ וִוי מִיט זַיינֶע אָרְמֶע עֶלְטֶערן פוּנ'ם נִידְרִיגֶען שְׁטַאנְד. דֶער פַאר אִיז גֶעוָוארֶען נָשִׂיא רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ מְיוּחָס, אַ רַייךְ, אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי דֶער מְלוּכָה. אִין דֶעם טָאג וָואס מֶע הָאט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען אַנַייעֶם נָשִׂיא, הָאט מֶען אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעקוּקְט דִי גֶעזֶעטְצֶע אוּנ מֶע הָאט גֶעזֶעהן זַיי אוֹיסְצוּגְלַייכֶען מִיט דִי פָארְדֶערוּנְגֶען פוּנ'ם לֶעבֶּען, אוּנ כְּדֵי צוּ וִויסֶען וִוי אַזוֹי דָאס פָּאלְק הָאט פִיעל זַאכֶען אָנְגֶענוּמֶען, הָאט מֶען גֶעפְרֶעגְט עֵדוּת אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט מֶען דִי אֲסִיפָה גֶערוּפֶען עֲדָיוֹת. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ דִי אֲסִיפָה בֶּעשֶׁעפְטִיגְט אוֹיךְ מִיט צְוֵויי שְׁאֵלוֹת. דִי עֶרְשְׁטֶע שְׁאֵלָה אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם וָואס אַ גֶעטְצֶענְדִיעֶנֶער פוּן דִי בְּנֵי־עַמּוֹן הָאט גֶעבֶּעטֶען מֶע זָאל אִיהם עֶרְלוֹיבֶּען אָנְנֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה. רַבָּן גַמְלִיאֵל הָאט אִיהם פְרִיהֶער אָבְּגֶעזָאגְט, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פִּינְקְטְלִיךְ אָן דֶעם פָּסוּק: „לֹא יָבֹא עַמּוֹנִי וּמוֹאָבִי בִּקְהַל יְיָ" אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז בִּיז דֶעם צֶעהְנְטֶען דוֹר טָאר מֶען נִיט אַרַיין לָאזֶען אִין יוּדִישֶׁען גְבוּל אֵיינֶעם וָואס שְׁטַאמְט אַרוֹיס פוּן דִי פֶערְשָׁאלְטֶענֶע פֶאלְקֶער. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט אָבֶּער אַנְדֶערְשׁ גֶעלֶערְנְט דֶעם פְּשַׁט אוּנ גֶעוִויזֶען אַז פוּן דִי גֶעוֶועזֶענֶע עַמּוֹנִים אוּנ מוֹאָבִים אִיז שׁוֹין קַיין זֵכֶר נִיטָא אוּנ אַז דִי וֶוערְטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה קָאן מֶען שׁוֹין אַצוּנְד נִיט אַיינְוֶוענְדֶען. דִי צְוֵוייטֶע שְׁאֵלָה אִיז גֶעוֶועהן וֶועגֶען הֵיילִיגְקַייט פוּן „קֹהֶלֶת" אוּנ „שִׁיר הַשִּׁירִים", וָואס דִי בֵּית שַׁמַּאי הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט מֶען זָאל זַיי רֶעכֶענֶען צְווִישֶׁען דִי סִפְרֵי הַקֹּדֶשׁ, אוּנ אַזוֹי וִוי מֶע הָאט

גֶעגְלויבְּט אַז שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט זַיי אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, הָאט מֶען אָנְגֶענוּמֶען דִי דֵעָה פוּן דִי בֵּית הִלֵּל.

רַבָּן גַּמְלִיאֵל אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן בַּא דֶער אֲסִיפָה אוּנ הָאט זִיךְ נִיט אָבְּגֶעזָאגְט צוּזַאמֶען מִיט אַללֶע צוּ אַרְבֵּייטֶען; עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען אַללֶע קְרֶאנְקוּנְגֶען, וָואס עֶר הָאט דֶעם טָאג גֶעהַאט, פַאר לִיעבּ, וַוייל עֶר הָאט בַּיי זִיךְ גֶעוואוּסְט אַז עֶר הָאט טַאקִי אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דֶעם בּוֹיגֶען. עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל אִיבֶּערְבֶּעטֶען אַללֶע וָואס עֶר הָאט פְרִיהר בֶּעלֵיידִיגְט, אוּנ צוּם עֶרְשְׁטֶען אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַבַּעַל מְלָאכָה, אַנָאדֶעלְמַאכֶער. רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָאט אִיהם גֶעטְרָאפֶען בַּיי דֶער אַרְבֵּייט אוּנ הָאט אִיהם מִיט פֶּערְוואוּנְדֶערוּנְג גֶעפְרֶעגְט: אַזוֹי דֶערְפוּן לֶעבְּסְטוּ? דַארוֹיף הָאט אִיהם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ מִיט כַּעַס גֶעאֶנְטְפֶערְט: „זֶעהר שְׁלֶעכְט וָואס דוּ וֶועְרְסְט עֶרְשְׁט אִיצְט גֶעוָואהר דֶערְפוּן, וֶועה אִיז דֶעם דוֹר וָואס דוּ בִּיסְט זַיין מַנְהִיג! דוּ קֶענְסְט נִיט דִי דַאֲגוֹת פוּן דִי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים, וִוי שְׁוֶוער עֶס קוּמְט זֵיי אָן זֵייעֶר פַּרְנָסָה״. אַז רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָאט אִיהם אָבֶּער גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם מוֹחֵל זַיין, אִיז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען גֶעוָואהרֶען אוּנ הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט זִיךְ גֶעהמֶען אַרְבַּייטֶען אַז דֶער נַייעֶר נָשִׂיא זָאל אִיהם צוּרִיק אָבְּטְרֶעטֶען זַיין שְׁטֶעללֶע. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט אוּנ הָאט בַּאלְד גֶעפוּעֶלְט בַּיי זַיינֶע חֲבֵרִים מֶע זָאל רַבָּן גַּמְלִיאֵל נָאךְ אַמָאל מַאכֶען פַאר אַ נָשִׂיא. עֶס אִיז אָבֶּער שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אָנְצוּמוּטְהֶען רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן עֲזַרְיָה עֶר זָאל זִיךְ אָבְּזָאגֶען. דֶעמָאלְט הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען רַבִּי עֲקִיבָא דִי אַרְבֵּייט אִיבֶּערְצוּרֶעדֶען מִיט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר׳ן, אוּנ קוֹים הָאט דֶער נַייעֶר נָשִׂיא דֶערְהֶארְט אַז עֶס אִיז גֶעוָואהרֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען רַבָּן גַּמְלִיאֵל אוּנ זַיינֶע גֶעגְנֶער, אִיז עֶר בַּאלְד מְרוּצֶּה גֶעוָואהרֶען זִיךְ אָבְּצוּזָאגֶען אוּנ עֶר הָאט אַלֵיין פָארְגֶעלֶעגְט אַז אוֹיף מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה זָאל עֶר מִיט׳ן גַאנְצֶען עוֹלָם גֶעהן צוּ רַבָּן גַּמְלִיאֵל אַהֵיים אִיהם בֶּעגְרִיסֶען. דָאס פָאלְק אִיז אִיהם פַאר דֶער עֶדֶעלְקֵייט זֶעהר דַאנְקְבַּאר גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ עֶס אִיז בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען, אַז בֵּיידֶע נְשִׂיאִים זָאלֶען צוּטְהֵיילֶען צְווִישֶׁען זִיךְ דֶעם כָּבוֹד אוּנ אַז רַבָּן גַּמְלִיאֵל זָאל זִיךְ רֶעכְנֶען פַאר׳ן עֶרְשְׁטֶען נָשִׂיא אוּנ זִיצֶען צְוֵויי וָואכֶען אִין דִי אֲסִיפוֹת פוּן דִי סַנְהֶדְרִין אוּנ רַבִּי אֶלְעָזָר זָאל זַיין דֶער צְוֵוייטֶער פוּן אִיהם אוּנ זִיצֶען נָאר אֵיין וָואךְ. פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז גֶעוָוארֶען שָׁלוֹם אוּנ אַזוֹי וִוי דֶער קֵייזֶער דָאמִיטְיַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַבִּיסֶעל צוּ פְּרֶעסֶען דִי יוּדֶען, הָאבֶּען זֵיי טַאקִי גֶעמוּזְט זָארְגֶען אַז עֶס זָאל זַיין צְווִישֶׁען זֵיי אַחְדוּת.

אֵיין גֶעגְנֶער הָאט גֶעהַאט רַבָּן גַּמְלִיאֵל, וָואס עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהם נִיט

גֶעקֶאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶען. דָאס אִיז גֶעוֶועהן זַיין אֵיינֶעגֶער שְׁוָאַ־גֶער, רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בֶּן הוֹרְקְנוּס, וָואס הָאט זִיךְ אִין לִידְדָא גֶעמַאכְט אַבֶּע־זוּנְדֶער יְשִׁיבָה, וֶועלְכֶע הָאט אוֹיךְ עֶקְסִיסְטִירְט פִיעל יָאהְרְהוּנְדֶערְטֶע שְׁפֶּעטֶער. הָאטְשׁ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ תַּלְמִיד פוּן רַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי, וָואס פְלֶעגְט אוֹיף אִיהם זָאגֶען „אַז עֶר ־יז אַיין אוֹיסְגֶעקַאלְכְטֶער בְּרוּנֶען, וואו קַיין אֵיינְצִיגֶער טְרָאפְּפֶען גֶעהט נִיט לְאִבּוּד" אוּנ אִיז בַּיי זַיין רֶבִּי'ן אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען מֶעהר אוֹיף דֶעם לִמּוּד פוּן דִי בֵּית הִלֵּל, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי בֵּית שַׁמַּאי אוּנ הָאט עֶס אַזוֹי וַוייט גֶעבְּרַאכְט, אַז דֶער נָשִׂיא הָאט אִיהם גֶעמוּזְט מַחֲרִים זַיין: אַזוֹי וִוי עֶר אִיז אָבֶער גֶעוֶועהן אַ גְרוֹי־סֶער לַמְדָן אוּנ מֶע הָאט אוֹיף אִיהם כָּבוֹד גֶעלֶעגְט, הָאט קֵיינֶער אִיהם נִיט גֶעוָואלְט מוֹדִיעַ זַיין פוּנ'ם חֵרֶם, הָאט רַבִּי עֲקִיבָא נָאךְ אַ מָאל אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען זַיין וֶוייכְהֶערְצִיגְקַייט; עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַיין אַנְדֶערֶער זָאל קְרֶאנְקֶען דֶעם גֶע־שֶׁאצְטֶען גֶעלֶעהְרְטֶען אוּנ הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דָאס טְרוֹיעֶרִיג שְׁלִיחוּת, אִיהם צוּ בְּרֶענְגֶען אַזַא שְׁלֶעכְטֶע בְּשׂוֹרָה. אָנְגֶעטְהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען, אִיז רַבִּי עֲקִיבָא גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר'ן אוּנ הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען, אַז וִוי עֶס שַׁיינְט הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע חֲבֵרִים פוּן אִיהם אָבְּגֶעטְהֵיילְט. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען רֶעם ווִינְק אוּנ הָאט זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן אַלֶּעָ. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהם צוּגֶעמַאכְט דִי יוּדֶען־קְרִיסְטֶען אוּנ עֶר הָאט זֵיי נִיט פְרֶעמְד גֶעהַאלְטֶען פוּן זִיךְ וִוי אַנְדֶערֶע — וָואס דֶער נָאךְ הָאט עֶר דֶערְפוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת גֶעהַאט; וַוייל אַז עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי רְדִיפוֹת גֶעגֶען דִי קְרִיסְטֶען פוּן דֶער רָאמִישֶׁער מְלוּכָה, הָאט מֶען אִיהם אוֹיךְ גֶעוָואלְט אַרַיינְשְׁלֶעפֶּען אִין מִיטֶען, נָאר דֶער מוֹשֵׁל פוּן צֶעזַארֶעַא, פָּאמְפֶּעאוּס לַאנְגִינוּס, הָאט אִיהם אַלֵיין גֶעהָאלְפֶען זִיךְ אַרוֹיסְ־דְרֶעהֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט, עֶר גְלוֹיבְּט נִיט אַז אֵיינֶער פוּן דִי סַנְהֶדְרִין זָאל דָאס טְהוּן. אַזוֹי הָאט זִיךְ רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אָבְּגֶעלֶעבְּט זַיינֶע יָאהְרֶען אֵיינֶער אַלֵיין, נָאר מִיט זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, וָואס זֵיי אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען גֶעטְרַיי בִּיז דֶעם טוֹיט. נִיט אֵיינְמָאל פְלֶעגְט אִיהם דָאס הַארְץ וֶועה טְהוּן אוֹיף דִי, וָואס הָאבֶּען אִיהם פוּן זִיךְ כֶערְטְרִיבֶּען אִיבֶּער דֶעם, וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט בְּלִינְד אָנְנֶעמֶען פְרֶעמְדֶע דֵעוֹת. אוּנ דָאס זֶעהט מֶען אַרוֹיס פוּן זַיינֶע וֶוערְטֶער, וָואס עֶר פְלֶעגְט אָפְּט זָאגֶען: „וַוארְם דִיךְ בַּיי'ם פַייעֶר פוּן דִי חֲכָמִים, נָאר הִיט דִיךְ פַאר זֵייעֶרֶע קוֹילֶען, זָאלְסְט נִיט פַארְבְּרֶענְט וֶוערֶען. וַוייל זֵייעֶר בַּייסֶען אִיז אַ בִּיס פוּן אַ פוּקְס, זֵייעֶר שְׁטֶעכֶען אִיז אַ שְׁטָאךְ פוּן אַ סְקָארְפְּיָאן, זֵייעֶרֶע צוּנְגֶען זֶענֶען וִוי בַּיי שְׁלַאנְגֶע אוּנ זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גְלִיהֶענְדִיגֶע קוֹילֶען".

פונְקְט דֶער הֵיפֶךְ פון רַבִּי אֱלִיעֶזֶר'ן אִיז גֶעוֶועהן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן חֲנַנְיָה, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אֵיינֶער פון דִי לְוִיִם אונ הָאט נָאךְ גֶעדֶענְקְט דֶעם שֶׁאנֶעם גָאטטֶעסְדִינְסְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. דָאס אונְגְלִיק פונ'ם גַאנְצֶען פָאלְק, וָואס עֶר הָאט אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט, הָאט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע ווִירְקונג אויף זַיין כַאראַקְטֶער אונ עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט בֵּייגֶען וָואהִין עֶס אִיז נָאר נֶאטְהִיג גֶעוֶועהן אַבִּי דֶער־מִיט צו בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם שָׁלוֹם צְווִישֶׁען די צוּוָארְפֶענֶע בְּרִידֶער. צוּזַאמֶען מִיט רַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי אִיז עֶר אַוֶועק פון יְרוּשָׁלַיִם אונ הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַ יְשִׁיבָה אִין דֶער שְׁטָאדְט פְּקִיעִין; נָאר מְפַרְנֵס זַיין די פַאמִילְיֶע פְלֶעגְט עֶר פון אַ מְלָאכָה. אונ אַזַא לֶעבֶּען הָאט אִיהם צוגֶעבּונְדֶען פון אֵיין זַייט, דורְךְ דֶעם לֶערְנֶען, צו דֶער עֶדֶעלֶער קְלַאססֶע, אונ פון דֶער אַנְדֶערֶער זַייט, דורְךְ דֶער אַרְבֵּייט, צום פְּרָאסְטֶען פָאלְק. בֵּיידֶע צְדָדִים זֶענֶען אָבֶּער פון אִיהם צו פְרִידֶען גֶעוֶועהן. נִיט אֵיין מָאל פְלֶעגְט עֶר זֵיי אויסְגְלַייכֶען אונ אָבְּהִיטֶען פון מַחֲלוֹקֶת, דֶערְצוּ אִיז עֶר נָאךְ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער מֵקִיל, זַיין גַאנְצֶע חָכְמָה הָאט עֶר נָאר בֶּענוּצְט אויף צו זוכֶען הֶיתֵּרִים, אונ אַחוץ דֶעם אִיז עֶר גֶעוֶועהן זֶעהר בֶּעלִיעבְּט בַּיי די רָאמֶער. פון די נַייֶע חוּמְרוֹת, וָואס די בֵּית שַׁמַאי הָאבֶּען אַללֶע מָאל גֶעפונֶען פְלֶעגְט עֶר אויפְוַוייזֶען, אַז זַייעֶרֶע אויפְטְהוּן אִין דֶער תּוֹרָה מַאכְט קַאלְיֶע דֶעם עִיקָר פון דֶער תּוֹרָה, אַז דָאס אִיז גְלַייךְ ווִי מֶען גִיסְט אַריין וַואסֶער אִין אַ גְלָאז מִיט אֶהל, דָאס וַואסֶער בְּלַייבְּט אונ דֶער אֶהל מוז אויסְגֶעגָאסֶען וֶוערֶען. עֶר פְלֶעגְט אויךְ נִיט הַאלְטֶען פון די נָאר הֵייסֶע פְרוּמֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פון ווַיין אונ פְלֵיישׁ, ווייל זַייט די קָרְבָּנוֹת זֶענֶען בָּטֵל גֶעוָוארֶען אִיז נִיטָא קֵיין מִזְבֵּחַ, וָואס זָאל הֵיילִיג מַאכֶען פְלֵיישׁ אונ ווַיין; עֶר פְלֶעגְט דַארויף זָאגֶען אַז ווִי בַּאלְד מֶען זָאל אָנְנֶעהמֶען אַזַא טַעַם, טָאר מֶען קֵיין ווַאסֶער אויךְ נִיט טְרִינְקֶען, ווייל ווַאסֶער הָאט מֶען אויךְ בֶּענוּצְט בַּיי'ם גָאטְטֶעסְדִיעֶנְסְט. רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט אויךְ גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע יְדִיעָה אִין אַסְטְרָאנָאמִיֶע, אִין דֶער חָכְמָה וָואס לֶערְנְט דֶעם גַאנְג פון די שְׁטֶערְן. אונ הָאט אֲפִילוּ אֵיין מָאל עֶנְדֶעקְט אַ שְׁטֶערְן, וָואס פְלֶעגְט זִיךְ בֶּעוֵוי־זֶען אַללֶע זִיבְּצִיג יָאהר; אונ בַּיי די אַללֶע מַעֲלוֹת אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער עָנִי אונ מִיט זַיין גוּט הַארְץ הָאט עֶר זִיךְ מִיט רֶעכְט גֶעמֶעגְט רֶעכְנֶען פַאר אַ גֶעטְרַייעֶן תַּלְמִיד פון זַיין הֵיילִיגֶען רֶבִּי'ן רַבָּן יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי.

אֵיינֶער פון די בֶּערִיהמְטֶעסְטֶע תַּנָאִים פון יֶענֶער צַייט אִיז גֶעוֶועהן ר' עֲקִיבָא בֶּן יוֹסֵף, וָואס אִיז עֶרְשְׁט גְרוֹיס גֶעוָוארֶען בַּיי די אֶלְטֶערֶע יָאהְרֶען, אונ וָואס וֶוענֶען אִיהם פְלֶעגְט מֶען עֶרְצֶעהלֶען גַאנְצֶע מַעֲשִׂיוֹת. אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען פון גֶאטְצֶענְדִיעֶנֶער אונ אִיז אַלֵיין גֶעקוּמֶען צום שֵׂכֶל

אָנְצוּנֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה. אַנְדֶערֶע ווִידֶער הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר
אִיז אִין דֶער יוּגֶענְד גֶעוועֶזעהן אַ דִיענֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם בַּיי אַ גְרוֹיסֶען עָשִׁיר „כַּלְבָּא
שָׂבוּעַ", אוּנ זַיין טָאכְטֶער הָאט זִיךְ פֶערְלִיעבְּט אִין רַבִּי עֲקִיבָא'ן, נָאר אַזוֹי ווִי
עֶר אִיז גֶעוועֶזעהן זֶעהר גְרָאבּ אוּנ נִיט גֶעלֶערְנְט, הָאט זִי אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל
זִיךְ אַוֶועק לָאזֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה לֶערְנֶען אוּנ הָאט אִיהם צוּ גֶעזָאגְט, אַז זִי
וֶועט וַוארְטֶען אוֹיף אִיהם. רַבִּי עֲקִיבָא הָאט זִי גֶעפָאלְגְט, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז שׁוֹין
דֶעמָאלְט אַלְט גֶעוועֶזעהן פֶערְצִיג יָאהר, אוּנ כַּלְבָּא שָׂבוּעַ'ס טָאכְטֶער הָאט אוֹיךְ גֶע-
הַאלְטֶען וָוארְט אוּנ ווִי פִיעל רַייכֶע אוּנ שֶׁענֶע שִׁדוּכִים מֶען הָאט אִיהר גֶערֶעדְט,
הָאט זִי נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען טְרַיי רַבִּי עֲקִיבָא'ן אֲפִילוּ
דֶעמָאלְט, וֶוען זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק אַלְט ווֶערֶען. דֶער פָאטֶער הָאט זִיךְ
פוּן אִיהר אָבְּגֶעזָאגְט אוּנ זִי הָאט גֶעמוּזְט לֶעבֶּען אִין דַחְקוּת אוּנ זִיךְ קְווִיקֶען נָאר
מִיט אֵיין הָאפְנוּנְג, אַז אִיהר גֶעלִיעבְּטֶער וֶועט צוּרִיק קוּמֶען אַ גְרוֹיסֶער מַאנְן. אַזוֹי
אִיז טַאקִי מְקוּיָם גֶעוָוארֶען: אִין אַ סַךְ יָאהרֶען שְׁפֶּעטֶער אִיז פוּן רַבִּי עֲקִיבָא'ן גֶע-
וָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער תַּנָא, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעשַׁיינְט אוֹיף דֶער ווֶעלְט אוּנ הָאט אַרוּם
זִיךְ גֶעהַאט טוֹיזֶענְדֶער תַּלְמִידִים. אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם אָרְט, וואוּ זַיין
כַּלָה הָאט גֶעוואוֹהנְט, אִיז אִיהם אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַקֶעגֶען מְקַבֵּל
פָּנִים זַיין, אוּנ פְּלוּצִים דֶערְזֶעהט מֶען עֶפֶּעס אֵיין אַלְטֶע קְרַאנְקֶע יוּדֶענֶע, ווִי זִי
ווִיל זִיךְ צוּשְׁטוּפֶּען גְלַייךְ צוּם תַּנָא, זַיינֶע מְקוּרָבִים הָאבֶּען זִי נָאר וָואס גֶעוָואלְט
אַוֶועקְטְרַייבֶּען, נָאר רַבִּי עֲקִיבָא הָאט זִי בַּאלְד דֶערְקָאנְט, עֶר הָאט זִי בֶּעגְרִיסְט
מִיט דֶער אַלְטֶער לִיעבְּשַׁאפְט אוּנ הָאט גֶעזָאגְט זַיינֶע תַּלְמִידִים: לָאזְט זִי צוּ צוּ מִיר,
וַוייל דָאס וָואס אִיז פוּן מִיר אוּנ פוּן אַייךְ גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען מִיר אַלֶע נָאר אִיהר
אַלֵיין צוּ פֶערְדַאנְקֶען! אַזֶעלְכֶע זַאכֶען פְלֶעגְט מֶען זִיךְ אָנְדֶערְצֶעהלֶען פוּן רַבִּי
עֲקִיבָא'ן. ווִי פִיעל אֱמֶת אִין דֶעם אִיז גֶעוועֶזעהן אִיז שְׁווֶער צוּ זָאגֶען, נָאר אֵיינְס
אִיז גֶעווִיס, אַז רַבִּי עֲקִיבָא הָאט עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶערְנֶען אַז עֶר אִיז שׁוֹין
קַיין יוּנְגֶער מַאנְן נִיט גֶעוועֶזעהן אוּנ דָאךְ אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען, מִיט דֶער הִילְף פוּן
זַיינֶע אִיבֶּערְנַאטִירְלִיכֶע פֶעהִיגְקַייטֶען אוּנ אַייזֶערְנֶעם חֵשֶׁק צוּ ווֶערֶען אַ גָדוֹל
בְּיִשְׂרָאֵל. עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶער אָרְדֶענוּנְג אִין לֶערְנֶען, אַיינְגֶעטְהֵיילְט דִי
דִינִים אוֹיף מַסֶכְתּוֹת, אוּנ הָאט זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט זוּכֶען פֵּירוּשִׁים
אוֹיף דֶער תּוֹרָה, וַוייל עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם דֶרֶךְ, אַז אִין דִי כִּתְבֵי הַקֹדֶשׁ
אִיז קַיין אֵיינְצִיג פִּינְטֶעלֶע נִיט אִיבֶּערִיג אוּנ וֶוען מֶען גֶעפִינְט אִין אַ פָּסוּק עֶפֶּעס
אִיבֶּערִיגֶע ווֶערְטֶער טָאר מֶען עֶס נִיט הַאלְטֶען פַאר גְרִינְג אוּנ מֶען מוּז אַזוֹי לַאנְג
קְלֶערֶען בִּיז מֶען דֶערְגֶעהט דֶעם טַעַם דֶערְפוּן. רַבִּי עֲקִיבָא אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעזֶעסֶען

אין דער שטאָדט בני ברק, דאָ האָט ער געהאַט אַ בעזונדערע ישיבה, נאָר ער פלעגט אָפּט קומען קיין יבנה, וואו ער האָט זיך גערעכענט פאַר איינער פון די בעליעבטעסטע סנהדרין און אַז ער איז אַמאָל ניט אים שטאַנד געוועהן צו זיין בּיי איין אַסיפה פלעגט מען זאָגען אַז אָהן רבי עקיבא'ן האָט די תּורה גאָר קיין פּנים ניט.

איין גענגער פון רבי עקיבא'ס דרך, אין ענין פון פירושים זוכען אויף דער תּורה, איז געוועהן רבי ישמעאל בן אלישע דער זאָהן פון'ם לעצטען כּהן גדול, וואָס פלעגט די גאַנצע הכנסה פון זיינע ווייננאַרטנער אויסברענגען אויף צדקה־זאַמלען און בעזאָנדערס אויף צו פערזאָרגען יודישע יתומות, וואָס זייערע עלטערן זענען אומגעקומען בּיי'ם חורבן. רבי ישמעאל האָט געדרונגען, אַז מען מוז אַללע דינים אויסגלייכען מיט'ן פּשוט'ן מיין פון'ם פּסוק, אַז מע דאַרף ניט געהן מיט איבערגעשפּיצטע הסברות, אַז די תּורה איז געשריבען געוואָרען אין דעם איינענעם לשון וואָס מענשען רעדען און אַז דעריבער זענען אַללע פּשט'לעך, וואָס גלייכען זיך ניט אויס מיט'ן גראַדען מענשענפערשטאַנד, איבריג.

אָט די פינף תּנאים רבן גמליאל, רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע, רבי עקיבא און רבי ישמעאל, זענען געוועהן די זיילען, וואָס אויף זיי האָט זיך דעמאָלט געהאַלטען די יודישקייט און זייער אַרבּייט איז ניט געוועהן אומזיסט: חאָטשי די יודען זענען ניט געשטאַנען אויף קיין הויכער מדרגה, זיי האָבען געמוזט צאָהלען אַ בעזונדערע מס נאָר דער פאַר וואָס זיי זענען יודען געוועהן און האָבען, דאַכט זיך, ניט געהאַט מיט וואָס צו צוציהען צו זיך מענשען פון אַנדערע פעלקער, בעזאָנדערס אַז קריסטען האָבען געהאַט מעהר מעגליכקייט פון זיי צו פערשפּרייטען זייער נייע אמונה דערמיט וואָס זיי האָבען יעדען גאָר אָהן שאלות צו גענומען, פון דעסטוועגען האָבען די תּנאים בעפעסטיגט אין פאָלק די בעסטע מדות, וואָס זענען אַזוי געפאַלען די גאָטצענדיענער, אַז זעהר אָפּט האָבען זיך פיעל פון זיי מגייר געוועהן און זענען בעשטאַנען איבערצודרעהען זייער גאַנץ לעבען און זיך פיהרען נאָך די יודישע דינים, וואָס זענען ניט גרינג געוועהן פאַר אַ ווילדפרעמדען מענשען. דאָס האָט געפיהרט דערצו וואָס רבן גמליאל האָט מתקן געוועהן אַ בעזונדער תּפלה פאַר די גרים. וואָס זייער ליעבשאַפט צו דער יודישער אמונה איז באמת געוועהן גרויס און ריין.

איינער פון די גרים, וואָס האָבען איבערגעלאָזט אַ גרויסען נאָמען צווישען יודען, איז געוועהן אַ גריכע אַקולס פון דער געגענד פּאָנטוס, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס פערמעגען און פיעל שקלאַווען. אַז עס האָט איהם אָנגעהויבען

אַוועק ציהען פונ׳ם גאַטצענדיענסט, האָט ער זיך לְכַתְּחִלָּה צונויפגעפּאַרט מיט זיינע בּרידער וואָס זענען געוואָרען קריסטען און טאַקי בּאַלד האָט ער זיך ענטשלאָסען איבּער צוגעהן צום יודענטהום, און דער יודישער אֱמוּנָה איז ער געבּליבּען טרייא בּיז צום טויט. אַקוּלַס איז געוואָרען אַ אֱמֶת פרומער יוד און האָט זיך בּעריהמט געמאַכט מיט זיין גריכישער איבּערזעצונג פון דער תּוֹרָה. דאָס האָט ער געטהון צו ליעב דעם, ווייל דעמאָלט איז געוועהן דער מִנְהָג אַז מען פלעגט אין די שולען לייענען די סֵדְרָה ניט נאָר אויף לָשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ, נאָר אויך אויף גריכיש, כְּדֵי דער פּראָסטער עוֹלָם זאָל אַלדינג פערשטעהן, די אַלטע איבּער-זעצונג, וואָס מען האָט גערעכענט דאָס זי שטאַמט פון די זיבּציג זְקֵנִים, איז מיט דער צייט פערגרייזיגט געוואָרען און אַחוּץ דעם האָבּען די קריסטען צו פלייס איבּערגעמאַכט פיל פְּסוּקִים און האָבּען אין זיי אַריינגעלעגט גאָר איין אַנדער טַעַם, ווי עס האָט זיי געטויגט. אַז אַקוּלַס איז פערטיג געוואָרען מיט דער איבּער-זעצונג, האָט ער זי געוויזען רַבִּי אֱלִיעֶזֶר׳ן און רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳ן, און זיי האָבּען גע-פונען, אַז עס קאָן גאָר בּעסער ניט זיין. אַז ער איז אָבּער בּעקאַנט געוואָרען מיט רַבִּי עֲקִיבָא׳ן און האָט פון איהם געלערנט זיין גאַנג ווענען פֵּירוּשִׁים, האָט ער אַליין געפונען פּאָר נעטהיג אויסצובּעסערען די איבּערזעצונג און האָט זיך ניט געפוילט די שווערע אַרבּייט נאָר פון דער ניי אָנצוהויבּען. זיין איבּערזעצונג איז דערפאַר אַזוי אָנגענומען געוואָרען אַז מען האָט זי פָּשׁוּט גערעכענט פאַר היילינ; עס איז אָבּער פון איהר נאָר קליינע שטיקער געבּליבּען און מיט פיעל יאָהרען שפּעטער אַז מע האָט די תּוֹרָה איבּערגעזעצט אויף כאַלדעיש האָט מען די איבּערזעצונג אַ נאָהמען געגעבּען נאָך דעם זֵכֶר פון אַקוּלַס „תַּרְגּוּם אוּנְקְלוֹס". אַקוּלַס איז געוועהן זעהר בּעליעבּט בּיי די תַּנָּאִים, און אַז זיין פאָטער איז גע-שטאָרבּען און די איבּעריגע יוֹרְשִׁים האָבּען איהם אָבּגעשיקט זיין חֵלֶק יְרוּשָׁה פון די טהייערע גאָטצענבּילדער, וואָס זענען נאָך זיין טויט געבּליבּען, האָט ער ניט געוואָלט נֶהֱנֶה זיין אֲפִילוּ פון דעם געלד און האָט עס אין יָם אַריין געוואָר-פען. זיין פריינדשאַפט מיט רַבָּן גַּמְלִיאֵל איז געוועהן אַזוי גרוים, אַז ווען דער נָשִׂיא איז געשטאָרבּען האָט איהם זיין לְוָיָה אָבּגעקאָסט אַסך געלד, און האָט׳ס רַבָּן גַּמְלִיאֵל האָט אָנגעזאָגט מע זאָל איהם מְקַבֵּר זיין אָהן אַ שום פּאַראַד און בּעהאַלטען אין פּראָסטע תַּכְרִיכִים, האָט אַקוּלַס ניט געוואָלט הערען די צַוָּאָה און האָט ניט געזשאַלעוועט צו פערבּרענען טהייערע כֵּלִים און קליידער אויף דעם קֶבֶר פון זיין פריינד, ווי דער מִנְהָג איז דעמאָלט געוועהן.

עס איז מערקווירדיג, וואָס דַוְקָא אין רוים, וואו מע האָט יודען בּעזאָנדערס

פֶערְפָאלְגְט, אִיז דִי צָאהל פוּן דִי גֵרִים גֶעוָואהרֶען אַללֶע מָאל גְרֶאסֶער אוּנ דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה פְלֶעגֶען אָנְנֶעהמֶען גֶעבִּילְדֶעטֶע רֶאמֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אִין דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט פוּן אַגְרוֹיסֶען חָכָם עֶפַּאפְרָאדִיטָאס. וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּע-קַאנְט אִין גַאנְצֶען לַאנְד פַאר אַלִיעבְּהָאבֶּער פוּן חָכְמָה אוּנ וָואס אַרוּם אִים פְלֶעגֶען זִיךְ קְלוֹיבֶּען מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶעצְווּנְגֶען צוּ עֶפֶּעס עֶדְלֶערְס אוּנ הֶעכֶערְס ווִי עֲבוֹדָה זָרָה. יָאזֶעפוּס פְלַאוִויוּס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַאַיינְגֶעהֶער צוּ עֶפַּאפְרָא-דִיטָאס'ן אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס פַאר אַכָּבוֹד גֶעבִּילְדֶעטֶע רֶאמֶער לֶעגֶען אוֹיף דִי יוּדֶען הָאט עֶר אַלֵיין אוֹיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען מֶעהר שֶׁאטְצֶען זַיינֶע בְּרִידֶער וָואס עֶר הָאט גֶעגֶען זֵיי פְרִיהֶר אַזוֹי פִיעל גֶעזִינְדִיגְט, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען בַּיי יֶעדֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט זִיךְ אָנְנֶעהמֶען פַאר זֵיי אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט מֶעהר בֶּעקַאנְט מַא-כֶען דִי רֶאמֶער מִיט זַייעֶר פֶערְגַאנְגֶענְהַייט. אַזוֹי הָאט יָאזֶעפוּס אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף גְרִיכִישׁ אַגְרוֹיס סֵפֶר אִין צְוַואנְצִיג טְהֵייל "וֶועגֶען דֶעם אַלְטְקַייט פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק" אוּנ דָארְט דֶערְצֶעהלְט עֶר דִי גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אָנְהֵייבּ בִּיז צוּ דֶער מִלְחָמָה מִיט דִי רֶאמֶער. זַיין סֵפֶר אִיז זֶעהר שְׁטַארְק גֶעפֶאלֶען אוּנ הָאט גְרוֹיס גֶעמַאכְט דֶעם נָאהמֶען פוּן דִי יוּדֶען אִין דִי אוֹיגֶען פוּן אַנְדֶערֶע אוּמוֹת. דָאס הָאט אָבֶּער אוֹיךְ שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶע-פוּנֶען גֶענוּג גְרִיכִישֶׁע שְׁרַייבֶּערְס וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאפְט צוּ דִי אַלְטֶע לִיגֶענְס אוּנ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אוֹיף דִי יוּדֶען בִּלְבּוּלִים, וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטוֹיגֶען אוּנ נִיט גֶעפְלוֹיגֶען. בַּיי יָאזֶעפוּס'ן אִין הַארְץ הָאט שׁוֹין אָבֶּער דֶעמָאלְט גֶעבְּרֶענְט אַרֶעכְט פַייעֶר פוּן לִיעבֶּע צוּ זַיין פָאלְק אוּנ הָאט וַוייטֶער אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַגְרוֹיס סֵפֶר אִין צְווֵיי טְהֵייל "גֶעגֶען דִי גְרִיכֶען" אָדֶער "גֶעגֶען אָפִּיאָן", וואו עֶר ווייזְט אוֹיס דִי נִידְרִיגְקַייט פוּן דִי שַׁקְרָנִים אוּנ דִי מַעֲלוֹת פוּן דֶעם גֶעטְרִיבֶּענֶעם אוּנ גֶעשְׁלָאגֶענֶעם פָאלְק. זַיינֶע ווָערְטֶער הָאבֶּען גֶעהַאט אַגְרוֹיסֶע ווִירְקוּנְג אוֹיף דִי רֶאמֶער אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאךְ מֶעהר צוּ צוּקוּקֶען צוּם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען אוּנ בִּיסְלֶעכְווַייז טַאקִי אָנְגֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה.

אַגְרוֹיסֶען רַעַשׁ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אִין רוֹם, וֶוען מֶען אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז אַאַיינֶענֶער פֶעטֶער פוּן דִי מְלָכִים טִיטוּס אוּנ דָאמִיטְיַאן, דֶער סֶענַאטָאר פְלַאוְויוּס קְלֶעמֶענְס, וָואס אֵיינֶער פוּן זַיינֶע זִיהן הָאט בֶּעדַארְפְט וֶוערֶען קֵייזֶער, הָאט עֶר אַזוֹי שְׁטַארְק לִיעבּ בֶּעקוּמֶען יוּדֶען אַז עֶר ווִיל זִיךְ מְגַיֵּיר זַיין. מֶען קָאן זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען וָואס פַאר אַשִּׂמְחָה עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיף דִי יוּדֶען, אַז דִי בְּשׂוֹרָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. רַבָּן גַמְלִיאֵל אוּנ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק אַלְט אוּנ קְרַאנְק, אוּנ פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ

בְּעשְׁלָאסֶען, צוזַאמֶען מִיט רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן עֲזַרְיָה אוּנ רַבִּי עֲקִיבָא, מִיט מְסִירַת נֶפֶשׁ זִיךְ אַוֶעק לָאזֶען אוֹיף אַ קְלֵיין שִׁיפֶעל אִיבֶּער דֶעם יַם קַיין רוֹם אָנְקוּמֶען מִיט אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען דֶעם קָרוֹב לְמַלְכוּת, וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען אַזַא פֶּעסְטֶען רָצוֹן צוּ וֶוערֶען אַ בְּרוּדֶער פוּן אָרֶעמֶע פֶערְפָאלְגְטֶע יוּדֶען. נָאךְ פִיעל סַכָּנוֹת אִיז אוֹיךְ דִי פִיער תַּנָאִים גֶערָאטְהֶען אָנְצוּקוּמֶען קַיין רוֹם אוּנ דָארְט הָאט זֵיי יָאזֶעפוּס פְלַאוְויוּס אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס פְרֵיינְדְשַׁאפְט.

אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט הָאט שׁוֹין אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִין דִי הוֹיכֶע פֶּענְסְטֶער אוּנ עֶס הָאט גֶעהַאלְטֶען אַזוֹי וַוייט אַז דֶעם קֵייזֶער'ס אַ פֶּעטֶער הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַוֶעקְוַוארְפֶען דֶעם גֶאטְצֶענְדִינֶסט אוּנ אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען, הָאט דִי זַאךְ נִיט גֶעקָאנְט מֶעהר בְּלַייבֶּען קַיין סוֹד אוּנ קוֹים אִיז דַאמִיטְיָאן דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען מִיט'ן גְרֶעסְטֶען אַכְזָרִיוּת אוֹיסְצוּהַרְגֶ'נֶען אַלֶע גֵרִים אוּנ אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע, וָואס אִיז אוֹיף זֵיי נָאר אַ חְשַׁד גֶעפַאלֶען. דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט בֶּעצָאהלְט מִיט'ן לֶעבֶּען פְלַאוְויוּס קְלֶעמֶענְס, וָואס הָאט זִיךְ נָאךְ פַאר'ן טוֹיט מַל גֶעוֶועהן. דֶערְנָאךְ הָאט דֶעם אֵיינֶעגֶעם פְּסַק גֶעהַאט עֶפַּאפְרָא-דִיטָאס מִיט אַלֶע זַיינֶע לַייט אוּנ אוֹיךְ יָאזֶעפוּס פְלַאוְויוּס, וָואס הָאט זִיךְ גְרָאד דֶעמָאלְט בֶּעשֶׁעפְטִינְט מִיט אַ נַיי סֵפֶר אִיבֶּער יוּדֶען, אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ שְׁטַארְבֶּען וִוי אַ קָדוֹשׁ אוּנ בֶּעקוּמֶען אַ כַּפָּרַת עָוֹן פַאר זַיינֶע מַעֲשִׂים פוּן פְרִיהֶר, וָואס זֵייעֶר זְכוּת הָאט אִיהם נִיט גֶעקָאנְט בַּיישְׁטֶעהן, וֶוען דֶער צָאר'ן פוּנ'ם שׂוֹנֵא הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף אִיהם אוּנ אוֹיף פִיעל אַנְדֶערֶע, וָואס זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען צוּ לִיעבּ דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה.

נִיט לַאנְג אָבֶּער הָאבֶּען גֶעדוֹיעֶרְט דִי גְרוֹיזַאמְקַייטֶען פוּן דָאמִיטְיַאן. עֶר אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ זַיין יוֹרֵשׁ נֶערְוַוא אִיז גֶעוֶועהן אַזַא גוּטֶער מֶענְשׁ, אַז אִין דֶער קוּרְצֶער צַייט פוּן זַיין מְלוּכָה, וָואס הָאט נִיט מֶעהר גֶעדוֹיעֶרְט וִוי זֶעכְצֶעהן חֳדָשִׁים, הָאט עֶר פֶערְבֶּעסֶערְט אִין גַאנְצֶען דִי לַאגֶע פוּן זַיין פָאלְק אוּנ הָאט אוֹיךְ אִין זִין גֶעהַאט מִיט זַיינֶע חֲסָדִים צוּ בֶּעגְלִיקֶען דִי גֶעדְרִיקְטֶע יוּדֶען. עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען מְבַטֵל זַיין דֶעם יוּדִישֶׁען מַס אוּנ דָאס הָאט גֶעמַאכְט אַזַא רוֹשֶׁם אַז צוּם אָנְדֶענְקוּנְג פוּן דֶעם בֶּעפֶעהל הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע מַטְבֵּעַ מִיט אַ לַאטֵיינִישֶׁער אוֹיפְשְׁרִיפְט אַז „אַלֶע אָנְקְלַאגֶען וֶועגֶען יוּדִישֶׁען מַס זֶענֶען בָּטֵל וּמְבוּטָל".

דָאס אִיז אָבֶּער נָאר גֶעוֶועהן אַ קוּרְצֶע שַׁיין, וָואס נִיט אַ בְּלִישְׁטְשֶׁע צְווִישֶׁען אַ פִינְסְטֶערֶען וָואלְקֶענְדִיגֶען טָאג אוּנ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁוַוארְצֶער נַאכְט. נָאךְ נֶערְוָוא'ס טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען קֵייזֶער אוּלְפִּיוּס טְרַאיַאנוּס, אַ מֶענְשׁ וָואס

הָאט גֶעזוּכְט כָּבוֹד אַזוֹי וַוייט, אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואָלְט צוּגְלַייכֶען צוּ אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן. וָואס דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אִיהם צוּ וֶוענִיג גֶעוֶועהן אוּנ וָואס הָאט מִיט זַיין גְבוּרָה גֶעוָואָלְט אַיין גֶעהמֶען אַללֶע נָאהֶענְטֶע אוּנ וַוייטֶע לֶאנְדֶער. פִיעל אֶרְטֶער אִיז אִיהם נִיט שְׁוֶוער גֶעוֶועהן גוֹבֵר צוּ זַיין נָאר דָארְט וואו עֶר הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אוֹיף יוּדֶען פְלֶעגְט עֶר הָאבֶען גֶענוּג אַרְבַּייט בִּיז עֶר הָאט גֶעקָאנְט מִיט זֵיי פֶערְטִיג וֶוערֶען. אַזוֹי הָאט עֶר, מִיט גְרוֹיס מִיה, נָאךְ אַ שְׁוֶוערֶע מִלְחָמָה, אַיינְגֶענוּמֶען דִי שְׁטָאדְט נִיזִיבִּים, וַוייל דִי יוּדִישֶׁע עֵדָה הָאט זִיךְ אַלַאנְגֶע צַייט גֶעוֶועהְרְט אוּנ גֶעוִויזֶען גֶענוּג בֶּרְיָה׳שַׁאפְט, אוּנ דָאס אַיינֶעגֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן אִין אַדְיַבֶּנֶה, וואוּ דֶער מֶלֶךְ מֶבַּרְזַפֶּס אוּנ כִּמְעַט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶען גֶעהֶערְט צוּם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶען. דִי אַללֶע מִלְחָמוֹת הָאבֶען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעעֶנְדִיגְט גוּט פַאר טְרַאיַאנוּס'ן אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶערֶעכֶענְט מִיט דִי יוּדֶען נָאר אוֹיף אַיין אַנְדֶער אוֹיפ'ן, נָאר טַאקִי דָאס אַלֵיין הָאט גֶעפִיהְרְט דֶערְצוּ וָואס דָאס פַייעֶר פוּן דִי מְרִידָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען אִין אַללֶע אֶרְטֶער, וואוּ דִי יוּדֶען זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען, אוּנ אוּמֶעדוּם, אִין בָּבֶל, מִצְרַיִם, קִירֶענֶע, לִיבְיֶען אוּנ אוֹיךְ אוֹיף דֶעם אִינְזֶעל צִיפֶּערן הָאבֶען זֵיי גֶעמַאכְט יַד אַחַת אַרָאפּ צוּ־וַוארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם עוֹל פוּן דִי רָאמֶער. עֶס זֶענֶען אִין גַאנְצֶען עֶרְשְׁט אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע צֶעהנְדְלִיג יָאהרֶען זַייט מֶען הָאט פֶערְבְּרֶענְט דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט, דֶער וֵוייטָאג אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן פְרִישׁ, דִי מַכָּה הָאט נָאךְ גֶעוַוארְט יֶעדֶע מִינוּט אוֹיף אַ רְפוּאָה, בַּיי אַללֶע הָאט גֶעלֶעבְּט דִי הָאפְנוּנְג אַז אָט אָט וֶועט גָאטט וִוידֶער רַחֲמָנוּת הָאבֶען אוֹיף זַיין פֶערְזִינְדִיגְט קִינְד, אוּנ דֶערִיבֶּער זֶענֶען נָאךְ זֶעהר פִיעל יוּנְגֶע לַייט גֶעזֶעסֶען אִין דֶער יְשִׁיבָה אִיבֶּער דֶער תּוֹרָה אוּנ אִין דֶער הֵיים הָאבֶען זֵיי מִיט חֵשֶׁק גֶעלֶערְנְט אוּנ גֶעפְּרוּבְט וִוי אַזוֹי זִיךְ צוּ בֶּענוּטְצֶען מִיט כְּלֵי זַיִן אוּנ בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט זֶענֶען אַללֶע גֶעוֶועהן גְרֵייט זִיךְ צוּ שְׁלָאגֶען פַאר זֵייעֶר פְרַייהַייט.

דִי הוֹיפְּט פִיהרֶער פוּן דֶער מְרִידָה, וָואס מֶען הָאט אוֹיף זֵיי דֶער נָאךְ גֶעקוּקְט וִוי אוֹיף דֶעם „שְׁטָאלְץ פוּנ'ם יוּדִישֶׁען פָאלְק“. זֶענֶען גֶעוֶועהן צְוַויי בְּרִידֶער פוּן אַלֶכְּסַנְדֶר'ן יוּלְיַאנוּס אוּנ פַּאפּוּס, אָדֶער וִוי מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען אוֹיף יוּדִישׁ: שְׁמְעוֹן אוּנ שְׁמַעְיָה; צוּ זֵיי אִיז בַּאלְד צוּגֶעקוּמֶען אַ יוּדִישֶׁער גִבּוֹר פוּן קִירֶענֶע מִיט דֶעם נָאהמֶען אַנְדְרֶעאַס אָדֶער לוּקְקַאס. צוּעֶרְשְׁט זֶענֶען דִי יוּדֶען פוּן קִירֶענֶע אָנְגֶעפַאללֶען אוֹיף דִי רָאמֶער אוּנ גְרִיכֶען אוּנ הָאבֶען טַאקִי זֶעהר פִיעל פוּן זֵיי אוּמְגֶעבְּרַאכְט. דָאס אַיינֶעגֶע הָאבֶען זֵיי זִיךְ גֶעטְהוּן אִין אַלֶכְּסַנְדֶר'ן. מֶען רֶעכֶענְט אַז מֶעהר פוּן צְוַויי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען זֶענֶען

גֶעפַאלֶען, אוּנ דֶער רֶאמִישֶׁער מוֹשֵׁל לוּפּוּס אִיז נִיט גֶעוֶועהן אִים שְׁטַאנְד זַיי בַּייצוּקוּמֶען. פּוּנְקְט אַזַא שְׁחִיטָה הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמַאכְט אִין צִיפֶּערְן, וואוּ זַייעֶר פִּיהרֶער אִיז גֶעוֶועהן אַ גֶעוִויסֶער אַרְטֶעמִיאָן. טְרָאיַאנוּס הָאט פְּרִיהֶר גֶעהַאלְטֶען דִי מְרִידָה פַאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט, נָאר אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֶעהר פִיעל חַיִל מִיט צְוֵויי הוֹיפְּט לַייט: מַארְטִיוּס טוּרְבּא, וָואס הָאט בֶּעדַארְפְט מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי יוּדֶען פוּן מִצְרַיִם, קִירֶענֶע אוּנ צִיפֶּערְן, אוּנ לוּזְיוּס קְוִויֶעטוּס. וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעוָואלְט מַאכֶען פַאר זַיין יוֹרֵשׁ אוּנ וָואס אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל אַיינְצוּשְׁטִילְלֶען דִי מוֹרְדִים אִין אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע עֶרְטֶער. עֶס אִיז גֶענוּג בְּלוּט פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען בִּיז דִי רֶאמֶער הָאבֶּען גּוֹבֵר גֶעוֶועהן אוּנ מֶען קָאן זִיךְ נָאר נִיט פָארְשְׁטֶעלְלֶען דִי עִנוּיִים קָשִׁים וָואס מֶען הָאט אָנְגֶעטְהוּן דֶערְנָאךְ דִי יוּדֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס אַז זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרוּבְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוֹיךְ אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען אוּנ עֶס אִיז זַיי נִיט גֶערָאטְהֶען. דִי אַלְטֶע שׁוּל אִין אַלֶכְּסַנְדֶער'ן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אֵיינְס פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע בִּנְיָנִים, הָאט מֶען צוּשְׁטֶערְט אוּנ פוּן דִי יוּדֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַ תֵּל, פִיעל פוּן זַיי הָאט מֶען גֶעטֵייטְט, אוֹיסֶער יוּלְיַאנוּס אוּנ פַּאפְּפּוּס, וֶועלְכֶע מֶען הָאט אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין תְּפִיסָה, אוּנ מֶען הָאט נִיט פֶערְשׁוֹינְט אֲפִילוּ וַוייבֶּער אוּנ קְלֵיינֶע קִינְדֶער. אִין צִיפֶּערְן אִיז דֶער הַאס גֶעגֶען דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹיס, אַז מֶען הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט צוּ מַאכֶען אַ אוּנְמֶענְשְׁלִיךְ גֶעזֶעץ אַז אַ יוּד טָאר נִיט צוּשְׁווִימֶען דָארְט צוּם בְּרֶעג אֲפִילוּ וֶוען דָאס שִׁיף אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר מוּז זִיךְ רַאטֶעוֶוען עֶר זָאל נִיט דֶערְטְרוּנְקֶען וֶוערֶען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַזוֹי גֶעלִיטֶען אִין דֶער צַייט, אַז דִי סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעמַאכְט אוֹיף דִי צָרוֹת אַ בֶּעזוּנְדֶער טְרוֹיֶער אוּנ דִי כַּלּוֹת הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ דִי חֲתוּנוֹת זִיךְ צוּ צִירֶען מִיט שֶׁאנֶע קְרֶאנְצֶע.

אוֹיף אַלֶעמֶען קוּמְט אָבֶּער אַ סוֹף אוּנ טְרַאיַאן הָאט אוֹיךְ גֶעמוּזְט צוּמַאכֶען דִי אוֹיגֶען אֵיידֶער עֶר הָאט זַיין צִיעל דֶערְגְרֵייכְט אוּנ עֶס אִיז אִיהם נִיט גֶערָאטְהֶען דִי פַּארְטְהִישֶׁע לֶאנְדֶער צוּ אוּנְטֶערְוַוארְפֶען דֶער מַאכְט פוּן רוֹם. דִי צוּשְׁטֶערְטֶע הָאפְּנוּנְגֶען אוּנ דָאס פֶערְשְׁווִינְדֶען פוּנ'ם עֶרְוַוארְטֶעטֶען כָּבוֹד הָאבֶּען אִיהם קְרַאנְק גֶעמַאכְט אוּנ עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין וֶועג אִין צִילִיצְיֶען. אֲפִילוּ זַיין רָצוֹן, אַז זַיין מְלוּכָה זָאל אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם הוֹיפְּטְמַאנְן קְוִויֶעטוּס, אִיז נִיט עֶרְפִילְלְט גֶעוָוארֶען: זַיין פַאלְשׁ וַוייבּ פְּלָאטִינַא הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג אַז דֶער לֶעצְטֶער ווִילֶען פוּן אִיהר מַאנְן אִיז גֶעוֶועהן אַז נָאךְ אִיהם זָאל וֶוערֶען קֵייזֶער אֵיינֶער פוּן זַיינֶע קְרוֹבִים אֶלְיוּס הַאדְרִיַאן, אוּנ אַזוֹי אִיז עֶס טַאקִי גֶעבְּלִיבֶּען.

# 3 די בְּלוּטִיגֶע מִלְחָמָה אִין דֶער צַייט פוּן הַאדְרִיַאן.

(140—117 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

קוים איז מֶען גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן טְרַאיַאנ׳ס טוֹיט הָאבֶּען עֶרְשְׁט אַללֶע אוּנְצוּפְרִידֶענֶע רֶעכְט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ! הַאדְרִיַאן אִיז אָבֶער גֶעוֶועהן פוּן די וָואס הָאבֶּען לִיעבּ כָּבוֹד נָאר זַיי ווִילֶען עֶס זָאל זַיי גְרִינְג אָנְקוּמֶען, אוּנ אַז עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז פִיהרֶען די אֵייגֶענֶע וֶועלְטֶען וָואס טְרַאיַאן אִיז נִיט פַאר זַיין כֹּחַ, הָאט עֶר אַוֶועק גֶעלֶעגְט דָאס גַאנְצֶע תְּקִיפוּת אִין אַזַייט אוּנ הָאט זִיךְ דַוְקָא עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהן מִיט גוּטֶען. דֶערְצוּ הָאט עֶר נָאךְ גֶעמוּזְט אָבְּזָאגֶען דֶעם רוֹצֵחַ קְווִיֶעטוּס, וָואס הָאט אַלֵיין גֶעהַאט אַיין אוֹיג אוֹיף דֶער קֵייזֶערְלִיכֶער קְרוֹין, אוּנ דֶער מִיט הָאט עֶר זִיךְ גֶעקוֹיפְט לִיעבְּשַׁאפְט בַּיי די יוּדֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען מִיט צִיטֶערְנִישׁ גֶעזֶעהן וָואס פַאר אַמִיתָה מְשׁוּנָה עֶר ווִיל אָנְטְהוּן די צְוַויי גֶעפַאנְגֶענֶע הוֹיפְּט־פִיהרֶער, יוּלְיַאנוּס אוּנ פָּאפּוּס. קְווִיֶעטוּס פְלֶעגְט זִיךְ אָפְּט מִיט זַיי רֵייצֶען אוּנ זַיי פְרֶעגֶען מִיט אַגֶעלֶעכְטֶער: „נוּ וואו אִיז אַייעֶר גָאטט? אַז עֶר אִיז יָא אַזוֹי שְׁטַארְק פַאר וָואס זְשֶׁע בֶּעפְרַייעֶט עֶר אַייךְ נִיט פוּן מַיינֶע הֶאנְד?” נָאר דַארוֹיף פְלֶעגֶען זַיי אִיהם גֶעבֶּען אַקְלָארֶע תְּשׁוּבָה אוּנ זָאגֶען: אַז גָאט רֶעכֶענְט אִיהם נָאר ווִי אַקְנֶעכְט פוּן אַאֶלְטֶערן אוּנ ווִיל נִיט צוּ לִיעבּ אַזַא קְלֵיין מֶענְשֶׁעל בֶּעווַייזֶען אַנֵס. נָאךְ אַזֶעלְכֶע רֵייד הָאבֶּען זַיי שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט וַוארְטֶען אוֹיף קְווִיֶעטוּסֶ׳ס רַחֲמָנוּת; נָאר פּוּנְקְט אִין דֶער מִינוּט וֶוען זַיי הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גָאר אִין גַאנְצֶען מֵכִין גֶעוֶועהן צוּם טוֹיט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער בֶּעפֶעהל מֶען זָאל בַּיי קְווִיֶעטוּס׳ן צוּנֶעהמֶען די מַאכְט. דָאס אִיז גֶעשֶׁעהן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען אֲדָר אוּנ בַּיי די יוּדֶען אִיז דֶער אָנְדֵיינְקוּנְג פוּן די צְוַויי בְּרִידֶער אַזוֹי טְהַייעֶר גֶעוֶועהן אַז זַיי פְלֶעגֶען אַללֶע יָאהר דֶערְמָאנֶען די יְשׁוּעָה מִיט אַיוֹם טוֹב, וָואס זַיי הָאבֶּען אִיהם גֶערוּפֶען „טְרַאיַאן־טָאג”.

אַז די יוּדֶען הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט מִיט וֶועמֶען זַיי הָאבֶּען צוּ טְהוּן, הָאבֶּען זַיי פָּשׁוּט אָהן קוּנְצֶען אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט דֶעם קֵייזֶער הַאדְרִיַאן, אַז עֶר קָאן רֶעכֶענֶען אוֹיף זַייעֶר אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט נָאר דֶעמָאלְט, וֶוען זַייעֶר פֶּערְוִויסְט לַאנְד וֶועט קוּמֶען אוֹיפ׳ן פְרִיהרִיגֶען שְׁטַאנְד אוּנ זַיי וֶועלֶען מֶעהר נִיט הָאבֶּען פַאר וָואס שִׂנְאָה צוּ טְרָאגֶען אוֹיף די רָאמֶער. הַאדְרִיַאן הָאט זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועהן אַז עֶס אִיז טַאקִי אֶפְשַׁר גְלַייכֶער צוּ זִיצֶען רוּהִיג אוּנ הָאט זַיי צוּגֶעזָאגְט נָאךְ אַמָאל אוֹיסְצוּבּוֹיעֶן יְרוּשָׁלַיִם אוּנ עֶר הָאט אוֹיךְ וָוארְט גֶעהַאלְטֶען. דֶעם בֶּערִיהמְטֶען אִיבֶּערְזֶעצֶער פוּן

דֶער תּוֹרָה אַקוּלַס הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַּאר אַיין אוֹיפְזֶעהֶער אִיבֶּער דֶער אַרְבֵּייט אִין דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט אוּנ דִי צְוֵויי בְּרִידֶער, יוּלְיַאנוּס אוּנ פַּאפְּפּוּס הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט מִיט אַלֶע כֹּחוֹת, עֶס זָאלֶען נִיט פֶעהלֶען קַיין מִיטֶעל אוֹיף דִי גֶעטְהִיגֶע בִּנְיָנִים, וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט יְרוּשָׁלַיִם אוּמְקֶעהְרֶען אִיהר שֶׁאנְקַייט אוּנ גְרוֹיס-קַייט. נְדָבוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעשִׁיט פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט שְׁטֶעלֶען אִין אַנְטְיָאכְיֶען אוּנ עַכּוֹ חַלְפָנִים, זֵיי זָאלֶען אוֹיסְבַּייטֶען דִי פֶערְ-שִׁיעדֶענֶע מַטְבֵּעוֹת וָואס פְלֶעגֶען אַלֶע טָאג אָנְקוּמֶען פוּן וַוייטֶע אוּנ נָאהֶענְטֶע בְּרִידֶער. דָאס הָאט אָבֶּער פֶערְדְרָאסֶען דִי אַנְדֶערֶע כִּתּוֹת אוּנ נָאךְ מֶעהר דִי שׁוֹמְרוֹנִים, וָואס הָאבֶּען נִיט פֶערְגֶעסֶען זַייעֶר אַלְטֶע טֶבַע צוּ גֶעהן מִיט רְכִילוּת, אוּנ הָאבֶּען דָאס מָאל אוֹיךְ אָנְגֶעטְרָאגֶען אִין דִי אוֹיעֶרן פוּן הַאדְרִיַאן, אַז דִי יוּדֶען מֵיינֶען נִיט גְלַאט גָאטְט צוּ דִיעֶנֶען אִין אַבֵּית הַמִּקְדָּשׁ, נָאר זֵיי ווִילֶען טַאקִי אַז דִי רָאמֶער זָאלֶען בַּיי זֵיי גָאר קַיין שְׁלִיטָה נִיט הָאבֶּען. דִי מְסִירָה אִיז הַאדְרִיַאנ'ן גוּט אִין קָאפּ אַרַיינְגֶעקְרָאכֶען. עֶר הָאט אָבֶּער מוֹרָא גֶעהַאט מְשַׁנֶּה צוּ זַיין אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעהן צוּרִיק אוּנ אַבֶּעפֶעהל אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען מֶען זָאל דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ נִיט צוּרִיקְשְׁטֶעלֶען אוֹיפ'ן פְרִיהֶרִיגֶען אָרְט, אוּנ אַז אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאלֶען גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס וָואהְנֶען גֶעטְצֶענְדִיעֶנֶער.

דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִיהלְט שׁוֹין שְׁטַארְק נָאהֶענְט צוּ זַייעֶר צִיעל אוּנ דֶערְפַאר הָאט זֵיי נָאךְ מֶעהר פַארְדְרָאסֶען דָאס וָואס הַאדְרִיַאן הָאט גֶעוָואלְט וֶוערֶען אוֹיס וָוארְט-מַאנְן. זֶעהר פִיעל יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן אִין דֶער צַייט פֶערְזַאמֶעלְט אִין בֵּית-רִמּוֹן אוּנ אִין עֵמֶק יִזְרְעֶאל אוּנ זֵיי זֶענֶען אַלֶע פֶערְטִיג גֶעוֶועזֶן אַרוֹיסְצוּשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען דֶער רָאמִישֶׁער מְלוּכָה, נָאר עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ דֶערְמָאלְט גֶעפוּנֶען נִיט וֶוענִיג רוּהִיגֶע אוּנ בֶּעטְרַאכְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען פַיינְד גֶעהַאט דִי מְרִידָה אוּנ הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַלֶע מִיטֶעל אַיינְצוּהַאלְטֶען דֶעם עוֹלָם. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט בֶּעפֶעסְטִיגְט דֶעם שָׁלוֹם צְווִישֶׁען יוּדֶען אוּנ גֶעטְצֶענְדִיעֶנֶער, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ, וָואס הָאט לִיעבּ גֶעהַאט אָנְצוּוַוייזֶען אַז אוֹיךְ בַּיי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער גֶעפִינֶען זִיךְ גוּטֶע אוּנ אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ פוּן אִיהם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען דָאס גְלוֹיבֶּען, אַז „חֲסִידֵי אוּמּוֹת הָעוֹלָם יֵשׁ לָהֶם חֵלֶק לָעוֹלָם הַבָּא". אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעזָאלְט צוּ בְּרֶענֶען דָאס פַייעֶר, הָאט מֶען צוּ ווִיסֶען גֶעגֶעבֶּען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן אוּנ עֶר אִיז צוּ פְלַייס גֶעקוּמֶען צוּ שְׁטִילֶען דִי צוּרֵייצְטֶע, אוּנ זֵיי גֶעבֶּען פַארְשְׁטֶעהן דִי אֱמֶת'ע לַאגֶע פוּנ'ם פָאלְק, אַז מֶען דַארְף נִיט פְלִיהֶען צוּ הוֹיךְ אוּנ זִיךְ בֶּעגְנִיגֶען מִיט דֶעם וָואס מֶען גִיבְט. עֶר הָאט דֶעם עוֹלָם דֶערְצֶעהלְט אַמָשָׁל פוּן אַלֵייבּ, וָואס אַבִּיסֶען אִיז אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעקֶען אִין הַאלְז אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעוֶועהן אִין אַגְרוֹיסֶע סַכָּנָה

הָאט עֶר צוּגֶעזָאגְט גְלִיקְלִיךְ צוּ מַאכֶען דֶעם וָואס וֶועט אִיהם הֶעלְפֶען. בַּאלְד הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ פוֹיגֶעל מִיט אַ לַאנְגֶען שְׁנָאבֶּעל וָואס הָאט גֶעוָואלְט זַיין דֶער גוּטֶער שָׁלִיחַ. דֶעם פוֹיגֶעל אִיז דִי זַאךְ גֶערָאטְהֶען אוּנ הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּם לֵייבּ בֶּעטֶען זַיין שְׂכַר. דֶער לֵייבּ הָאט אִיהם אָבֶּער שוֹין גָאר נִיט דֶערְקָאנְט אוּנ הָאט נָאךְ אִיהם מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער גֶעזָאגְט אַז עֶר מֶאג טַאקִי גוֹמֵל בֶּענְשֶׁען וָואס זַיין קָאפּ הָאט גֶעשְׁטֶעקְט בַּיי אִיהם צְוִוישֶׁען דִי צֶאהְן אוּנ אִיז גַאנְץ גֶעבְּלִיבֶּען... אַזוֹי מֶאגֶען מִיר זִיךְ שֶׁאטְצֶען גְלִיקְלִיךְ – הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט – וָואס דִי רֶאמֶער זֶענֶען חָאטְשִׁי נִיט גֶעוֶועהְן קֵיין קְלֶענֶערֶע בַּעֲלֵי יֹשֶׁר גֶעגֶען אוּנְז וִוי דֶער לֵייבּ. דִי וֶוארְטֶער פוּן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאבֶּען גֶעהַאט אַ ווִירְקוּנְג אוֹיף אַ קְלֵיינֶע־צַייט אוּנ אַז הַאדְרִיַאן הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז עֶס אִיז שְׁטִיל, הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר דַארְף זִיךְ שוֹין פַאר קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט שְׁרֶעקֶען. וֶוער רֶעדְט אַז עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ נְסִיעָה קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ מֶען הָאט אִיהם לְפָנִים זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוִוים נִיט גֶעקָאנְט רֶעכְטֶען אַז דִי יוּדֶען דְרִימְלֶען נִיט אוּנ אַרְבֵּייטֶען דִי מְרִידָה שְׁטִיל. זֵיי הָאבֶּען טַאקִי אַלֶע זֵייעֶרֶע כֹּחוֹת אַוֶועק גֶעלֶעגְט אוּנ גֶעגְרָאבֶּען הֵיילֶען אוּנ גֶאנְג אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען הָאבֶּען וואוּ זִיךְ דִי הֶאנְד צוּ פִיהְרֶען מִיט'ן שׂוֹנֵא. דִי יוּדִישֶׁע אַרְבֵּייטֶער וָואס הָאבֶּען גֶעמַאכְט פַאר דִי רֶאמֶער כְּלֵי זַיִן, הָאבֶּען גוּט אִין זִין גֶעהַאט אַז מֶען וֶועט דָאס גֶעוֶועהר בֶּענוּטְצֶען טַאקִי גֶעגֶען זֵיי אוּנ הָאבֶּען עֶס קַאלְיֶע גֶעמַאכְט. רַבִּי עֲקִיבָא, וָואס אִיז נָאךְ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ס טוֹיט גֶעוָואהְרֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן זַיין פָאלְק, הָאט גֶעהַאלְטֶען אַז דִי יוּדֶען מוּזֶען זִיךְ בֶּעפְרַייעֶן אוּנ אַז דָאס וֶועט זַיין אַ שְׁטִיקֶעל הַתְחָלָה פוּן דֶער יְשׁוּעָה, אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אוֹיךְ בְּסֵתֶר אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט דֶעם עוֹלָם אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּילְט אֲפִילוּ צוּ פָאהְרֶען גַאנְץ וַוייט צוּ דִי יוּדֶען פוּן קְלֵיין־אַזְיֶען אוּנ דִי פַארְטְהִישֶׁע לֶאנְדֶער אוּנ הָאט זֵיי אוֹיךְ צוּגֶערֶעדְט זֵיי זָאלֶען בֶּעטְרַאכְטֶען דִי מְרִידָה גֶעגֶען רוֹם וִוי אַ אָנְהֵייבּ פוּן דֶער בֶּעפְרַייאוּנְג פוּנ'ם גַאנְצֶען פָאלְק.

הַאדְרִיַאנ'ן אִיז אֲפִילוּ אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה נִיט גֶעקוּמֶען אַז גָאר גִיךְ וֶועט זִיךְ אִין זַיין מְדִינָה צוּפְלַאקֶערן אַ גְרוֹיס פַייעֶר פוּן מְרִידָה. דִי יוּדֶען זֶענֶען דֶערְוַוייל שוֹין גֶעוֶועהן פֶערְטִיג אָנְצוּהֵייבֶּען אַ רֶעכְטֶע מִלְחָמָה. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוָוארְנְט מִיט גֶעוֶועהר אוּנ לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אוּנ זֶענֶען גֶעוֶועהן אוֹיךְ פֶערְזָארְגְט מִיט מַנְהִיגִים פוּן דִי גְרֶעסְטֶע חֲשׁוּבִים בַּיי'ם פָאלְק. זֵיי הָאבֶּען נָאר גֶעוַוארְט אוֹיף דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט, אוּנ אַז עֶס אִיז פְּלוּצְלוּנְג גֶעקוּמֶען אַ עֶרְד־צִיטֶערְנִישׁ אוּנ הָאט צוּשְׁטֶערְט דִי צְוֵויי שְׁטֶאדְט צֶעזַארֶעאַ, וואוּ דֶער רֶאמִישֶׁער מוֹשֵׁל הָאט גֶעוואהְנְט

אזא עמאוס, װאו עס האט זיך געפונען זעהר פיעל ראמיש חיל, האבען די יודען אין דעם געזעהן אצייכען פונ'ם הימעל אז עס איז שוין צייט אפען ארויס צוטרעטען נעגען שונא.

דער הויפט פיהרער פון דער מרידה איז געװעהן א גרויסער יודישער גבור בר־כוכבא, װאס האט אין זיך געפיהלט גענוג כח צו נעהמען אויף זיך אזא שװערע ארבייט, אונ האט גרויסע צרות אנגעטהון די ראמער. פון זיינע קינדערשע יאהרען װייס מען כמעט גאר ניט, נאר דאס איז בעקאנט אז ער האט געהייסען בר־כוזיבא, נאך דעם נאמען פון דער שטאדט כזיב, װאו ער איז אויס־געװאקסען געװארען, אונ דעם צונאהמען „כוכבא" האט ער בעקומען פון רבי עקיבא'ן, װאס האט איהם אנגענומען פאר'ן מלך המשיח אונ האט גערעכענט, אז אויף איהם װייזט דער פסוק „דרך כוכב מיעקב". רבי עקיבא האט אזוי שטארק ליעב געהאט זיין פאלק אז ער האט זיך ניט געקאנט אבזאגען פון דער האפנונג צו זעהן די גאולה מיט אייגענע אויגען אונ ער האט געגלויבט באמונה שלמה, אז אויף בר־כוכבא איז טאקי געפאלען דער גורל צו בעפרייען זיינע ברידער אונ זיי צוריק געבען די פערלארענע מאכט. אומזיסט האט רבי יוחנן בן תורתא זיך גענומען איהם עפנען די אויגען און בעווייזען אז ער נארט זיך. רבי עקיבא איז געבליבען ביי זיינעם, אונ צוזאמען מיט איהם האט דאס גאנצע פאלק געקוקט אויף בר־כוכבא װי אויף משיח'ן. פון אללע לענדער האבען זיך די יודען געצויגען צו זייער בעפרייער, אפילו די שמרונים אונ אונ־צופרידענע גאטצענדיענער האבען איהם געהאלפען, אונ װעדליג מען רעכענט, האט ער געהאט מעהר װי אהאלב מיליאן חיל. בר־כוכבא איז ביי זיך גע־װעהן אזוי פעסט אז ער האט זיך אמאל ערלויבט צו זאגען: „אויב דו װילסט אונז, רבונו של עולם, ניט העלפען, העלף װעניגסטענס ניט אונזערע שונאים, װעלען מיר שוין קאנען אלליין אונזער לאנד בעפרייען".

געגען אזא גרויסע מחנה האט דער מושל פון יהודה טיניאוס רופוס, אדער װי די יודען פלעגען איהם רופען טורנוס רופוס, װייל ער איז געװעהן א שרעקליכער טיראן, גאר ניט געקלעקט מיט זיין ביסעלע חיל, אונ נאר אין א קליינע צייט, נאך װעניגער װי א יאהר, האט בר־כוכבא איינגענומען כמעט פונפציג פעסטונגען. צום אנהייב האט זיך האדריאן ניט געמאכט דערפון, נאר אז ער האט דערזעהן אז די יודען שפיעלען זיך טאקי ניט מיט איהם, האט ער אנגעהויבען פון אללע זייטען צונויפצוציהען חיל אונ האט געשיקט צװיי הויפט־לייט, פובליוס מארצעללוס אונ לאליוס אורביציוס, װאס האבען

אָבֶער אויךְ גֶעהַאט דֶעם אֵיינֶענֶעם פְּסַק וְוִי רוּפוּס.

נָאךְ אַזַא נִצָּחוֹן הָאבֶּען די יוּדֶען גֶעהַאט די בֶּעסְטֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְג, אַז זֵיי וְועלֶען אוֹיפְגֶערֶעכְט וְוערֶען אוּנ בַּיי בַּר־כּוֹכְבָ'ן אַלֵיין אִיז גָאר אִין דֶעם קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוְועהן אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גֶעלָאזְט מַאכֶען מַטְבֵּעוֹת מִיט זַיין נָאהמֶען אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען אוֹיף אַ סוֹף. די גֶעפַאנְגֶענֶע רָאמֶער, וָואס זֶענֶען אַריינְגֶעפַאלֶען צוּ זֵיי אִין די הֶאנְד אַריין, הָאבֶּען זֵיי בֶּעהַאנְדֶעלְט מִיט יוֹשֶׁר, נָאר די יוּדֶען־קְרִיסְטֶען הָאבֶּען זֵיי בֶּעשְׁטְרָאפְט, ווייל דוּרךְ דֶעם וָואס זֵיי זַיינֶען אִין דֶער מִלְחָמָה גֶעשְׁטַאנֶען אָן אַזַייט הָאט מֶען זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר מוֹסְרִים, אוּנ דֶעמָאלְט הָאבֶּען די סַנְהֶדְרִין גֶעמַאכְט אַז בַּיי'ם דַאוְונֶען זָאל מֶען אַרוֹיסְזָאגֶען דֶעם שֵׁם הַוָי"ה, כְּדֵי עֶס זָאל זַיין אַ חִלּוּק צְווִישֶׁען די יוּדֶען אוּנ די קְרִיסְטֶען, וְועלְכֶע הָאבֶּען דֶעם גְרִינְדֶער פוּן זֵייעֶר רֶעלִיגְיָאן אוֹיךְ גֶערוּפֶען מִיט דֶעם נָאהמֶען „אֲדֹנָי".

אַזוֹי הָאט זִיךְ די מִלְחָמָה גֶעצוֹיגֶען כְּמְעַט צְוֵויי יָאהר אוּנ דָאס גַאנְצֶע חַיִל וָואס הַאדְרִיאַן הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אִיז גֶעפַאלֶען וְוִי שְׁטְרוֹי. אַז הַאדְרִיאַן הָאט אַ קוּק גֶעגֶעבֶען אַז עֶס אִיז זֶעהר גֶעפֶאהרְלִיךְ, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ מַאכֶען נָאךְ די לֶעצְטֶע פְּרִיוו אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען די מִלְחָמָה אֵיינֶעם פוּן די שְׁטַארְקְסְטֶע אוּנ די קְלִינְגְסְטֶע הוֹיפְטְלַייט, יוּלִיוּס סֶעוֶוערוּס, וָואס הָאט שׁוֹין נִיט אֵיינְמָאל אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען זַיין בְּרִיָה'שַׁאפְט. אַז סֶעוֶוערוּס אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיפ'ן פְּלַאץ פוּן דֶער מִלְחָמָה, הָאט עֶר בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז מִיט שְׁלָאגֶען זִיךְ וֶועט עֶר גָאר נִיט אוֹיסְפִיהרֶען אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען נָאר וַוארְטֶען אוּנ שְׁטִילֶערְהֵייט צוּנֶעהמֶען בַּיי די יוּדֶען יֶעדֶע מֶאגְלִיכְקֵייט צוּ בֶּעקוּמֶען לֶעבֶּענְס־מִיטֶעל. אַזוֹי הָאט עֶר טַאקִי גֶעטְהוּן; עֶס הָאט אֲפִילוּ לַאנְגֶער גֶעדוֹיעֶרְט, דֶער פַאר אִיז אִיהם אָבֶער גֶערָאטְהֶען אַרוּמְצוּרִינְגְלֶען די יוּדֶען אוּנ זֵיי מוּטְשֶׁען מִיט הוּנְגֶער אוּנ דָארְשְׁט. עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז די יוּדֶען הָאבֶּען נִיט גֶעשְׁוִויגֶען אוּנ עֶס זֶענֶען גֶענוּג קָרְבָּנוֹת גֶעפַאלֶען פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען, נָאר קֵיין זִיכֶערֶע יְדִיעוֹת פוּן יֶענֶער צַייט זֶענֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען. מֶען ווייסְט נָאר אַז בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט סֶעוֶוערוּס אַרוֹיסְגֶערוּקְט די יוּדֶען פוּן אַלֶע פֶעסְטוּנְגֶען אוּנ בַּר־כּוֹכְבָא מִיט זַיינֶע לַייט הָאט זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען אִין בֵּיתָר, וָואס אִיז גֶעוְועהן אֵיינֶע פוּן די נַייעֶ פֶעסְטוּנְגֶען אוּנ אִיז גֶעלֶעגֶען נִיט ווייט פוּנ'ם יַם.

אַקֵיילֶעכְדִיג יָאהר הָאט גֶעדוֹיעֶרְט די בֶּעלַאגֶערוּנְג פוּן בֵּיתָר, וָואס הָאט גֶעהַאט גֶענוּג וַואסֶער אוּנ עֶסֶענְוַוארְג אוּנ הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט לַאנְג הַאלְטֶען. וְוִי אַזוֹי סֶעוֶוערוּס הָאט אַיינְגֶענוּמֶען בֵּיתָר, זֶענֶען דָא פֶערְשִׁידֶענֶע דֵעוֹת. אַ טְהֵייל זָאגֶען אַז צְוֵויי שׁוֹמְרוֹנִים, מְנַשֶּׁה אוּנ אֶפְרַיִם, הָאבֶּען אָנְגֶעוִויזֶען די רָאמֶער אַלֶע

פֶערדָאַ־גֶעגֶע גֶאנג אוּנְטֶער דֶער עֶרד; פִיעל אָבֶער מֵיינֶען אַז סֶעוֶוערוּס הָאט בֶּעקוּמֶען אַמִיטֶעל אָבְצוּצִיהֶען דָאס וַואסֶער פוּנ'ם טַייךְ אוּנ דִי אַנְווֹאהנֶער הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ טְרִינְקֶען; אַנְדֶערֶע ווִידֶער דֶערְצֶעהלֶען וֶועגֶען דֶעם אַ גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה. אִין בֵּיתֶר הָאט גֶעווֹאהנְט בַּר־כּוֹכְבָא'ס אָקְרוֹב, רַבִּי אֶלְעָזָר הַמּוֹדָעִי, זֶעהר אַ פְרוּמֶער אוּנ אַאָנְגֶעזֶעהֶענֶער תַּנָא, וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג נָאר גֶעפַאסְט אוּנ תְּפִלָּה גֶעטְהוּן. אַז סֶעוֶוערוּס הָאט גֶעזֶעהן ווִי דִי יוּדֶען שְׁטֶעהֶען אַזוֹי פֶעסְט, הָאט עֶר זִיךְ גָאר אִין גַאנְצֶען כְּיַאֵשׁ גֶעוֶועהן פוּן בֵּיתֶר אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט אָבְטְרֶעטֶען נוּר אֵיינֶער פוּן דִי שׁמְרוֹנִים הָאט אִיהם אָבֶער מְגַלֶּה גֶעוֶועהן דֶעם סוֹד, אַז דִי פֶעסְטוּנְג הַאלְט זִיךְ נָאר צוּ לִיעבּ רַבִּי אֶלְעָזָר'ס פְרוּמְקַייט, אוּנ הָאט זִיךְ טַאקִי אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען צוּ וַוארְפֶען אוֹיף אִיהם אַ חְשַׁד אוּנ אָנְמַאכֶען אַ טוּבֶעל אִין שְׁטָאדְט. עֶר הָאט זִיךְ טַאקִי אַרַיינְגֶעגַנְבֶ'ט אוּנ אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי אֶלְעָזָר'ן וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן פֶערְטִיעפְט אִין דִי תְּפִלּוֹת אוּנ הָאט אִיהם עֶפֶּעס אַזוֹי וִוי אַ סוֹד אַיינְגֶערוּימְט אִין אוֹיעֶר. מִן הַסְתָם הָאט עֶר עֶס אַזוֹי גֶעטְהוּן אַז אַנְדֶערֶע זָאלֶען עֶס בֶּעמֶערְקֶען אוּנ מֶען הָאט בַּאלְד דֶערְפוּן צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן בַּר־כּוֹכְבָא'ן. דֶער שׁמְרוֹנִי הָאט זִיךְ אִימִיטֶען גֶעלָאזְט הַאפֶּען אוּנ, אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעפְּרֶעגְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט רַבִּי אֶלְעָזָר'ן, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט: „ווִי בַּאלְד אִיךְ וֶועל אוֹיפְדֶעקֶען דֶעם אֱמֶת, וֶועלֶען מִיךְ מַיינֶע לַייט טוֹיטֶען, וֶועל אִיךְ לֵייקֶענֶען, וֶועט אִיהר מִיךְ דֶערְהַרְגֶענֶען, דֶערְפַאר ווִיל אִיךְ בֶּעסֶער שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ אַייעֶרֶע הֶאנְד אוּנ נִיט פַאלְשׁ בְּלַייבֶּען דִי וָואס הָאבֶּען מִיךְ גֶעשִׁיקְט". נָאךְ אַזֶעלְכֶע רֵייד, הָאט בַּר־כּוֹכְבָא גֶעשִׁיקְט רוּפֶען רַבִּי אֶלְעָזָר'ן אוּנ אַז דֶער שְׁלַאפֶער זָקֵן הָאט גֶעזָאגְט דֶעם אֱמֶת אַז עֶר ווֵייסְט פוּן קַיין זַאךְ נִיט, אִיז בַּר־כּוֹכְבָא אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אִיהם מִיט'ן פוּס אַזַא שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ גֶעטְהוּן, אַז עֶר אִיז אוּמְגֶעפַאלֶען טוֹיט. דֶעמָאלְט הָאט מֶען גֶעהֶערְט אַ בַּת קוֹל, וָואס הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: „דֶערְפַאר וָואס דוּ הָאסְט דֶערְשְׁלָאגֶען דִי רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל אוּנ זַיין אוֹיג בְּלִינְד גֶעמַאכְט, וֶועט אוֹיךְ דַיין הַאנְד גֶעלֶאהמְט וֶוערֶען אוּנ דַיין אוֹיג וֶועט אוֹיפְהֶערֶען צוּ זֶעהן". נָאךְ רַבִּי אֶלְעָזָר'ס טוֹיט הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווֵייטֶען דִי אַיינְווֹאהנֶער פוּן בֵּיתֶר אַ אִינְוֶוענִינְסְטֶער קְרִיעג אוּנ דִי פֶעסְטוּנְג אִיז גֶעפַאלֶען פּוּנְקְט אִין דֶעם אֵיינֶעם טָאג, וָואס יְרוּשָׁלַיִם אִיז, צוּרִיק מִיט פִינְף אוּנ זֶעכְצִיג יָאהר, חָרֵב גֶעוָוארֶען. בַּר־כּוֹכְבָא'ן הָאט מֶען גֶעפוּנֶען טוֹיט אוּנ דִי רָאמֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז טַאקִי נָאר אֵיין נָאטֶש הָאט אִיהם גֶעטֵייטְט, ווַייל מֶענְשֶׁען אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אִיהם בַּייצוּקוּמֶען.

נָאךְ דֶער צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן בֵּיתֶר, זֶענֶען זִיךְ פִיעל יוּדֶען צוּלָאפֶען אוּנ סֶעוֶוערוּס

הָאט צוּשְׁטֶעלְט זַיין חַיִל אִין אַסַךְ אֶרְטֶער מֶען זָאל חַאפֶּען דִי אַנְטְלָאפֶּענֶע. פִיעל פוּן זֵיי זֶענֶען טַאקִי אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דֶעם שׂוֹנְא׳ס הֶאנְד אוּנ מֶען הָאט זֵיי פֶּערְקױפְט פַאר קְנֶעכְט. דִי אִיבֶּערִיגֶע, וָואס עֶס אִיז זֵיי גֶערָאטְהֶען זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען אִין הֵיילֶען, הָאבֶּען אַזוֹי גֶעמוּזְט אוֹיסְגֶעהן פַאר הוּנְגֶער אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערצוּ אַז זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ עֶסֶען דָאס פְלֵייש פוּן מֵתִים. זֵיי הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט פַאר יֶעדֶען שָׂארְךְ אוּנ אֵיינְמָאל זֶענֶען פִיעל פוּן זֵיי אוּמְגֶעקוּמֶען צוּ לִיעבּ דֶעם וָואס עֶטְלִיכֶע הָאט זִיךְ פֶערְגְלוּסְט לִכְבוֹד שַׁבָּת אָנְצוּטְהוּן שִׁיךְ מִיט צְוֶועקֶעס; אַז מֶען הָאט דֶערְהֶערְט וִוי מֶען גֶעהט עֶפֶּעס אַזוֹי שְׁטַארְק אוּנ מֶען קְלַאפְּט, הָאט מֶען גֶעמֵיינְט אַז דִי רֶאמֶער זֶענֶען פְּלוּצְלוּנְג אָנְגֶעפַאלֶען, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְק שְׁטוּפֶּענֶעשׁ אוּנ אִין עֶנְגְשַׁאפְט הָאט מֶען אַסַךְ יוּדֶען דֶערְדְרִיקְט. דֶער פוּן אִיז נָאךְ דֶעם אַרוֹיס אַ אִסוּר מֶען זָאל אוּם שַׁבָּת נִיט טְרָאגֶען קַיין שִׁיךְ מִיט צְוֶועקֶעס. עֶסֶען מֶענְשֶׁען-פְלֵייש אִיז בַּיי זֵיי גֶעוָוארֶען גָאר אַגֶעוֶויאהְנְלִיכֶע זַאךְ אוּנ אַזוֹי וִוי טוֹיטֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּג גֶעוַואלְגֶערְט אוֹיף דִי פֶעלְדֶער, פְלֶעגֶען זֵיי נִיט אֵיין מָאל שְׁטִילֶען זֵייעֶר הוּנְגֶער דוּרְךְ אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אוֹפֶן, אוּנ אַזוֹי הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט וָואס אַזוֹהן הָאט צוּזַאמֶען מִיט אַנְדֶערֶע גֶעגֶעסֶען דָאס פְלֵייש פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם פָאטֶער, אוּנ אַז עֶר אִיז דֶערְנָאךְ גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען דֶערְפוּן, אִיז עֶר פַאר צָרוֹת אַרָאבּ פוּן זִינֶען. נָאר אֲפִילוּ אַזַא בִּיטֶער לֶעבֶּען הָאבֶּען דִי רֶאמֶער נִיט פֶערְגוּנֶען דִי יוּדֶען: מֶען הָאט פִיעל פוּן זֵיי אַרוֹיסְגֶעגַארְט פוּן זֵייעֶרֶע בֶּעהֶאלְטֶענִישֶׁען, מֶען הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט מוֹחֵל צוּ זַיין אוּנ נָאךְ דֶעם הָאט מֶען זֵיי דֶערְהַרְגֶ׳ט. גְלִיקְלִיךְ זֶענֶען נָאר גֶעוֶועהן דִי וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קַיין אַרַאבְּיֶען אוּנ צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן פְּרָת. דִי רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועהן אִין אַלֶע יוּדֶען, זִי הָאט אוֹיף זֵיי אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט דִי גְרֶאסְטֶע נְתִינוֹת אוּנ אַ שְׁטַארְקֶער טְרוֹיעֶר הָאט בֶּעדֶעקְט דָאס גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען. צוּם זֵכֶר פוּן דֶער נֵייעֶר מַפָּלָה הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַיינְגֶעפִיהרְט אַז בַּיי דִי חֲתוּנוֹת זָאל מֶען דִי כַּלוֹת מֶעהר נִיט טְרָאגֶען צוּם חָתָן אַהֵיים אוֹיף טַהייעֶרֶע שְׁטוּהלֶען, וִוי דֶער מִנְהָג אִיז פְרִיהֶר גֶעוֶועהן. דִי יוּדֶען הָאבֶּען טַאקִי גֶעפִיהלְט אַז זֵיי הָאבֶּען אוֹיף וָואס צוּ טְרוֹיעֶר׳ן, וַוייל הַאדְרִיאַן הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען פַאר זֵיי גַאנְץ בֶּעזוּנְדֶערֶע גֶעזֶעצֶע, וָואס זָאלֶען זֵיי כֶּערְאוּמֶער׳ן דָאס לֶעבֶּען אוּנ אוֹיסְרַייסֶען מִיט׳ן וָוארְצֶעל דָאס יוּדִישְׁקַייט, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר נָאךְ אֵיין מָאל אַרָאבְּגֶעשִׁיקְט קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם מוֹשֵׁל רוּפוּס, וָואס הָאט גוּט גֶעקֶאנְט דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק אוּנ אִיז גֶעוֶועהן אִים שְׁטַאנְד אוֹיף זֵיי אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען.

האדריאן האט זיך אין גאנצען גענומען אויף דעם דרך פון אנטיאכוס עפּי־פאנעס און עס איז ביי איהם אויך געבליבען ער זאל מאכען א תל פון אלדינג וואס עס איז היילינ ביי יודען. ער האט געהייסען בעשטראפען אפילו מיט'ן טויט די יודען וואס וועלען אבהיטען שבת, מל זיין די קינדער, לערנען תורה, דאווענען, לייגען תפלין, אדער זיך האלטען זאגאר אין קלענערע מצות און מנהגים. די ערטער פון ירושלים, וואו די יודען האבען געזאלט אויסבויען די טהייערע בנינים, האט רופוס צו אקערט, דעם נאהמען פון דער שטאדט האט ער איבער געמאכט אויף אליא קאפּיטאלינא און האט דארט בעזעצט אויסגעדיענטע סאלדאטען און סיריער, אויפ'ן הר הבית האט ער געשטעלט א בילד פון האדריאן און אויסגעבויט א טעמפּעל פאר דעם אבגאטט יופּיטער, נאך אזא טעמפּעל האט ער אנידערגעשטעלט אויפ'ן הר גרזים, כדי די שמרונים זאלען אויך פיהלען אז די ראמער האלטען זיי פאר יודען. אויפ'ן טויער וואס פיהרט קיין בית לחם האט ער געשטעלט, די יודען אויף להכעיס, א קאפּ פון א חזיר און א חזיר. דעם האבען יודען ניט געטארט אפילו זיך ווייזען נאהענט נעבען די חורבות פון ירושלים און ווען מען פלעגט דארט בעגעגנען פלעגט מען איהם דערהרגנ'ן גאר אהן טענות.

ביי אזא שרעקליכע לאגע זענען די תנאים זיך צונויפגעקומען בסתר קיין לוד און האבען דארט געהאלטען איין עצה ווי אזוי מען דארף זיך נוהג זיין. גאר די פרומע האבען געשריען אז יעדער יוד מוז זיך לאזען הרגנ'ן און טאר ניט עובר זיין אפילו אויף דער קלענסטער מצוה; אנדערע ווידער האבען געדרונגען פארקערט, אז דארט וואו עס איז אזא סכנה, מאג מען לפנים צו ליעב טהון דעם שונא אבי זיך אבצוראטעווען דאס לעבען. ביידע צדדים האבען זיך אויס־געגלייכט און מען האט אנגענומען די מיינונג פון רבי ישמעאל, אז מען זאל איינשטעלען דאס לעבען נור דעמאלט ווען דער שונא וועט וועלען צווינגען דעם יודען צו רציחה און עבודה זרה, אדער איינפיהרען ניט קיין זיטליך פאמיליען־לעבען, און ווייטער מאג מען ניט אזוי שטרענג אבהיטען די דינים. ניט לאנג אבער האט געהאלפען דאס פארשטעלען זיך, ווייל די ראמער האבען געהאט געגנוג מוסרים, וואס האבען זיי ענדעקט אללע סודות און די יודישע התחכמות, מיט וועלכע זיי האבען זיך בעמיהט צו פארבלענדען די אויגען פון דער מלוכה. ביי דער געלעגענהייט פלעגט זיי אנטהון גרויסע צרות, אלישע בן אבויה, אדער ווי מען האט איהם גערופען אחר, וואס ער האט זיך נוקם געווען אין זיינע פריהערדיגע פערפאלגער און האט זיי פאר'ן חרם בעצאהלט דערמיט וואס

ער פְלֶעגְט די רָאמֶער אויפְקְלֶעהרֶען אַללֶע אויפְטוּהֶענִישֶען פון די יוּדֶען אונ הָאט גֶעמַאכְט רוּפוּס'ן פַאר אַ גַאנְצֶען לַמְדָן. ער הָאט אויך גֶעגֶעבֶּען די עֵצָה מֶען זָאל גָאר צוּמַאכֶען די יְשִׁיבוֹת אונ קֵיינֶער פון די תַּלְמִידִים זָאל נִיט טָארֶען בֶּעקוּמֶען אַ סְמִיכָה אויף רַבָּנוּת אונ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז דוּרְךְ אַזוֹינֶע מִיטֶעל וֶועט מֶען קָאנֶען אִין גַאנְצֶען דֶערְשְׁטִיקֶען די יוּדִישַׁקֵייט אונ פון דֶער תּוֹרָה זָאל קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען.

די שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת, וָואס מֶען הָאט דֶעמָאלְט אָנְגֶעטְהוּן יוּדֶען, לָאזֶען זִיךְ גָאר נִיט בֶּעשְׁרַייבֶּען. נִיט אוּמְזִיסְט הָאט רַבִּי יִשְׁמָעֵאל גֶעזָאגְט, אַז וֶוען מֶען זָאל נִיט מוֹרָא הָאבֶּען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל אוּנְטֶערְגֶעהן וָואלְט מֶען בֶּעדַארְפְט פַארְוֶועהרֶען יוּדֶען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶען אונ פַארְגְרֶעסֶער'ן די צָאהל פון די יוּדִישֶׁע קָרְבָּנוֹת. דָאס אַכְזָרִיוּת פון די רָאמֶער אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז זֵיי פְלֶעגֶען בְּרֶענֶען אונ בְּרָאטֶען די יוּדֶען וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶעחַאפְּט עֶפֶּעס בַּיי אַ דְבַר מִצְוָה, אָדֶער בַּיים לֶערְנֶען, אונ אַז זֵיי הָאבֶען אֵיין מָאהל גֶעחַאפְּט אַ יוּדֶען אָנְגֶעטְהוּן אִין תְּפִלִין הָאבֶען זֵיי אִיהם בַּאלְד צוּשְׁפָּאלְטֶען דֶעם קָאפּ. פון דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶען פִיעל יוּדֶען דַארוֹיף נִיט גֶעקוּקְט, אונ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען רַבִּי עֲקִיבָא, וָואס פְלֶעגְט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים לֶערְנֶען אויף די דָאכֶער אונ הָאט זֵיי אַזוֹי גֶעוואהְנְט מִיט דֶעם גֶעדַאנְק אַז זֵיי קָאנֶען אַ מָאל אוּמְקוּמֶען, אַז וֶוען מֶען פְלֶעגְט פון דֶערְוַייטֶענְס דֶערְזֶעהן גֶעהן אַ רָאמֶער הָאט מֶען בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" אונ יֶעדֶער פון זֵיי אִיז פֶערְטִיג גֶעוֶועהן צוּ שְׁטַארְבֶּען צוּזַאמֶען מִיט זֵייעֶר גְרוֹיסֶען רֶבִּי'ן.

עֶס הָאבֶען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעפוּנֶען צְווִישֶׁען די תַּנָאִים אונ לוֹמְדִים גֶעצֶעהלְטֶע מֶענְשֶׁען וָואס אַזַא לֶעבֶּען, שְׁטֶענְדִיג פַארְשְׁטֶעללֶען זִיךְ אונ פֶערְבָּארְגֶענֶערְהֵייד אָבְּהִיטֶען יוּדִישְׁקַייט, אִיז זֵיי נִיט גֶעפֶעלֶען. זֵיי הָאבֶען נִיט אַזוֹי פִיעל גֶעהַאל־טֶען פון די רָאמֶער ווי זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן אוּנְצוּפְרִידֶען דֶערְפוּן וָואס די יוּדֶען פָאלְגֶען נִיט די מְלוּכָה אונ וֶוערֶען דֶערְוַייל גֶעוואהְנְט צוּ לֶעבֶּען פְרַיי גָאר אָהן אַ שוּם גֶעזֶעטְץ. אֵיינֶער פון די דָאזִינֶע אִיז גֶעוֶועהן רַבִּי יוֹסִי בֶּן קִיסְמָא, אונ פַאר זַיין אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהֵייט הָאבֶען אִיהם די רָאמֶער גֶעשֶׁאצְט. רַבִּי יוֹסִי הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען אונ אַז ער הָאט דֶערְזֶעהן ווי רַבִּי חֲנִינָא בֶּן תְּרַדְיוֹן לֶערְנְט אֶפֶענְטְלִיךְ תּוֹרָה, הָאט ער אִיהם פָארְגֶעהַאלְטֶען פַאר וָואס ער אִיז אַזוֹי מַפְקִיר זַיין לֶעבֶּען. דָאס אֵיינֶענֶע הָאט אויך גֶעטְהוּן פַּפּוּס בֶּן יְהוּדָה מִיט רַבִּי עֲקִיבָא'ן אונ הָאט גֶעוָואלְט בַּיי אִיהם פוֹעֵל'ן ער זָאל אויפ־הֶערֶען צוּ זַאמְלֶען תַּלְמִידִים, דַארוֹיף הָאט אִיהם רַבִּי עֲקִיבָא גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ מָשָׁל: אַ פוּקְס הָאט אַ מָאל אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט נֶעבֶּען אַ טַייךְ אונ הָאט זִיךְ צוּגֶעשַׁארְט

צוּ דִי פִּישׁ, קְלָאמֶערְשׁ ווִי אַ גוּטֶער פְרַיינְד וָואס ווִיל זַיי אוֹיסְרֶעדֶען דָאס הַאַרְץ אוּנ פֶערְטְרַייבֶּען זַייעֶר מָרָה שְׁחוֹרָה. דִי פִּישׁ הָאבֶּען זִיךְ טַאקִי אַרַיינְגֶעלָאזְט מִיט אִיהם אִין אַ שְׁמוּעֶס אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְלָאגְט, אַז זַיי וָואלְטֶען גֶעוֶועהן גַאנְץ רוּהִיג, וֶוען זַיי זָאלֶען נִיט בֶּעדַארְפֶּען יֶעדֶע מִינוּט מוֹרָא הָאבֶּען טָאמִיר פַאלֶען זַיי אַרַיין אִין אַ נֶעץ. אוֹיב אַזוֹי, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דֶער פוּקְס, אַז אִיהר ווִילְט יָא זַיין בֶּעוָוארְנְט פוּן אַלֶע סַכָּנוֹת, דַארְפְט אִיהר נָאר אַרוֹיסְקוּמֶען צוּ מִיר אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה אוּנ אִיהר וֶועט שׁוֹין הָאבֶּען אַ גוּטֶען שׁוֹמֵר אוּנ וֶועט שׁוֹין פַאר קֵיינֶעם זִיךְ נִיט שְׁרֶעקֶען. נֵיין, הָאבֶּען דִי פִּישׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז אִין וַואסֶער פִיהלֶען מִיר זִיךְ נִיט גַאנְץ זִיכֶער, ווִי אַזוֹי זְשֶׁע וֶועלֶען מִיר זִיךְ דַארְפֶען שְׁרֶעקֶען אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה, וואוּ מִיר קָאנֶען גָאר נִיט בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען! דֶעם מָשָׁל דֶערְפוּן הָאט רַבִּי עֲקִיבָא אַזוֹי עֶרְקְלֶערְט: אַז מִיט דֶער תּוֹרָה אִין דֶער הַאנְד, וָואס זִי אִיז אוּנְזֶער לֶעבֶּען אוּנ הָאפְנוּנְג, שְׁטֶעהֶען מִיר אוֹיס אַזוֹי פִיעל צָרוֹת, וָואס זְשֶׁע קָאן שׁוֹין פוּן אוּנְז וֶוערֶען אַז מִיר וֶועלֶען זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן אוּנְזֶער לֶעצְטֶער טְרַייסְט??!

רַבִּי עֲקִיבָא אִיז גֶעבְּלִיבֶּען טְרַייא זַיין פֶעסְטֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג אוּנ הָאטְשׁ דִי רֶאמֶער הָאבֶּען אִיהם אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אִין תְּפִיסָה אוּנ אָנְגֶעטְהוּן עִנּוּיִם קָשִׁים, הָאט עֶר זִיךְ בִּיז צוּם לֶעצְטֶען אוּנְגֶעגְלִיק גֶעהַאלְטֶען ווִי אַ גִבּוֹר, אוּנ אֲפִילוּ אַז מֶען הָאט מִיט אַייזֶערְנֶע קָאמֶען גֶערִיסֶען פַאסֶען פוּן זַיין לַייבּ, הָאט עֶר אַלֶע יִסוּרִים אָנְגֶענוּמֶען פַאר לִיעבּ אוּנ רוּהִיג, נָאר מִיט „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְיָ אֱלֹהֵינוּ יְיָ אֶחָד" אוֹיף דִי לִיפֶּען, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעהוֹיכְט דִי כְּשֵׁרָה נְשָׁמָה.

אַזוֹי הָאט אוֹיךְ רַבִּי חֲנִינָא בֶּן תְּרַדְיוֹן מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גֶעוֶועהן זַיין גְרוֹיסֶען עוֹנֶשׁ. רַבִּי חֲנִינָא הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעהַאלְטֶען אוּנ הָאט זִין גַאנְץ אָפֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט לֶערְנֶען. אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעהַאפְּט אוּנ דִי שׁוֹפְטִים זַיינֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעפְרֶעגְט פַאר וָואס עֶר אִיז עוֹבֵר אוֹיפֶ'ן בֶּעפֶעהל פוּנ'ם קֵייזֶער, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט קוּרְץ אוּנ שַׁארְף: גָאטט הָאט מִיר אַזוֹי גֶעהֵייסֶען! זַיין מִשְׁפָּט אִיז אַרוֹיס, מֶען זָאל אִיהם אַיינְווִיקְלֶען אִין אַ סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ פַאר־בְּרֶענְגֶען. דָאס אַכְזָרִיּוֹת פוּן דִי שׁוֹפְטִים אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז זַיי הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען אִיהם צוּלֵייגֶען נַאסֶע וָואל צוּם הַארְצֶען כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ לֶאנְגֶער מַאטֶערֶען. דֶער תַּלְיָן הָאט שׁוֹין גֶעהַאט מֶעהר רַחֲמָנוּת אוּנ הָאט אַלֵיין אִיהם גֶעהֵייסֶען אַרָאבְּבְּרַייסֶען דִי וָואל אוּנ זָאלל גִיכֶער שְׁטַארְבֶּען. נָאר רַבִּי חֲנִינָא אִיז דַארוֹיף נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט אַז עַל פִּי דִין טָאר עֶר עֶס נִיט טְהוּן, ווַייל ווִי בַּאלְד עֶר וֶועט אַלֵיין אוֹיךְ טְהוּן עֶפִּיס עֶר זָאל גִיכֶער שְׁטַארְבֶּען, וֶועט דָאס זַיין אַיין עֲבֵירָה אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ רֶעכֶענֶען פַאר אַ זֶעלְבְּסְטְמֶערְדֶער, אַ מְאַבֵּד

עַצְמוֹ לָדַעַת. דער תַּלְיָן אָבֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהן זַיינֶע יְסוּרִים, עֶר הָאט אַלֵיין פוּן אִיהם אַרָאבְּגֶערִיסֶען דִי וָואל אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיךְ אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר. רַבִּי חֲנִינָא'ס פְרוֹי הָאט מֶען אוֹיךְ פֶערְמִשְׁפָּט צוּם טוֹיט אוּנ זַיין טָאכְטֶער הָאט מֶען פֶערְקוֹיפְט אִין אַ אֶפֶענְטְלִיךְ הויז.

נָאךְ שְׁרֶעקְלִיכֶער הָאט מֶען גֶעטְהוּן מִיט דֶעם תַּנָא רַבִּי חוּצְפִּית הַמְתוּרְגְמָן מֶען הָאט בַּיי אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁנִיטֶען דִי צוּנְגֶע אוּנ גֶעוָוארְפֶ֗ן פַאר דִי הִינְד. דֶער לֶעצְטֶער פוּן דִי צֶעהן קְדוֹשִׁים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועהן פַאר'ן יוּדֶען אוּנ זַיין תּוֹרָה אוּנ וָואס זַייעֶר זֵכֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען הֵיילִיג אִין פָאלְק מִיט דֶעם נָאהמֶען: „עֲשָׂרָה הֲרוּגֵי מַלְכוּת", אִיז גֶעוֶועהן רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בָּבָא, וָואס זַיין חֵטְא אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם, וָואס עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען סְמִיכוֹת עֶטְלִיכֶע יוּנְגֶע לַייט, כְּדֵי דִי יוּדֶען זָאלֶען נִיט בְּלַייבֶּען אָהן רַבָּנִים. דֶעמָאלְט זֶענֶען אוֹיךְ אוּמְגֶעקוּמֶען דִי צְוֵויי בֶּערִיהמְטֶע הֶעלְדֶען, יוּלְיַאנוּס אוּנ פָּאפּוּס, אוּנ דֶער טוֹיט פוּן דִי בֶּעלִיעבְּטֶע פִיהְרֶער הָאט גָאר אִין גַאנְצֶען דֶער־שְׁלָאגֶען דִי קָאפּ פוּן דִי יוּדֶען.

אוֹיסֶער אַללֶע אוּנְמֶענְשְׁלִיכֶע מִשְׁפָּטִים, הָאט הַאדְרִיַאן אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז דִי יוּדֶען טָארֶען זִיךְ נִיט צוּרִירֶען צוּ דִי טוֹיטֶע אוּנ אַז זֵיי זָאלֶען זִיךְ וָואלְגֶערן בִּיז דִי חַיוֹת וֶועלֶען זֵיי נִיט אוֹיפְפְרֶעסֶען. דָא הָאבֶּען זִיךְ וַוייטֶער פִיעל יוּדֶען אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען אוּנ פְלֶעגֶען בַּיי נַאכְט מְקַבֵּר זַיין דִי מֵתִים. דֶעמָאלְט אִיז אוֹיךְ אַרוֹיס אַ סֵפֶר מִיט דֶעם נָאהמֶען: מַעֲשֶׂה טוֹבִיָה, אִין וֶועלְכֶען עֶס וֶוערְד בֶּעשְׁרִיבֶּען וִוי אַ מֶלֶךְ הָאט אַמָאל נִיט גֶעלָאזְט בֶּעגְרָאבֶּען מֵתִים, וִוי עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ פְרוּמֶער וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ מִצְוָה צוּ טְהוּן מִיט דִי טוֹיטֶע אַ חֶסֶד שֶׁל אֱמֶת אוּנ וִוי גָאטט הָאט אִיהם דֶערְפַאר גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלְדֶעם גוּטְס.

בַּיי דִי רְדִיפוֹת הָאבֶּען דִי יוּדֶען־קְרִיסְטֶען אוֹיךְ פִיעל צָרוֹת אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט צְוִוישֶׁען יוּדֶען אוּנ פִיעל מִנְהָגִים זֶענֶען בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן יוּדִישֶׁע; דֶער פַאר הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט וֶוערֶען שׁוּתָּפִים מִיט יוּדֶען אוֹיךְ צוּ דִי צָרוֹת. דָאס הָאט גֶעפִיהְרְט דֶערְצוּ וָואס דִי יוּדֶען־קְרִיסְטֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט וֶוערֶען אֵיינְס מִיט דִי אִיבֶּערִיגֶע קְרִיסְטֶען, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן אַנְדֶערֶע אוּמוֹת, אוּנ הָאבֶּען גֶעפוֹיעֶלְט בַּיי דֶער רֶעמִישֶׁער מְלוּכָה זִי זָאל זֵיי בֶּעטְרַאכְטֶען נִיט וִוי אַ יוּדִישֶׁע כִּתָּה, נָאר וִוי אַ בֶּעזוּנְדֶער רֶעלִיגְיָאן. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען לַחֲלוּטִין אָבְּגֶעטְהֵיילְט פוּן דִי קְרִיסְטֶען, אוּנ פִיעל אוּנְגְלִיקְ־לִיכֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, וָואס עֶס אִיז זֵיי אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן צוּ בְּלַייבֶּען אִין

יודישקייט, אונ דיענען עבודה זרה איז זיי נאך שווערער געוועהן, זענען איבער־געגאנגען צום קריסטענטהום, וואס האט פארט געהאט מעהר חסד אין אדריאנ׳ס אויגען.

---

## 4 די נשיאים שמעון בן גמליאל דער צווייטער, יהודה דער ערשטער, גמליאל דער דריטער אונ יהודה דער צווייטער.

(190—250 נאך קריסטוס געבורט).

ווען נאכ׳ן חורבן האבען די יודען מיט רעכט געמאנט רעכנען אז ערגערס קאן שוין גאר ניט זיין, האט האדריאן זיי געוויזען אז דאס שלעכטקייט האט גאר קיין גבול ניט אונ קאן אויסטראכטען אזויגע צרות, וואס ווארפען דעם מענשען אין גאנצען פון די פיס אונ דערשלאגען איהם דעם קאפ מיט׳ן הארץ צוזאמען. האדריאנ׳ס געזעצע האבען אויסגעריסען דאס יודישקייט אונ אז די ראמישע מלוכה איז איבערגעגאנגען צו אנטאנינוס פיוס, וואס מע האט איהם געהאלטען פאר אגוטען, האבען די יודען ניט געוואלט קיין שום ישועות, נאר זייער איינציגער וואונש איז געוועהן, עס זאלען בטל ווערען די פריהריגע ביטערע גזרות אונ זיי זאלען זיך מיט זייער אמונה אויך מאגען ארויס־ווייזען אויף דער ליכטיגער שיין. ווי עס ווייזט אויס, האט זיי אביסעל צוגע־האלפען רופוס׳ס ווייב, וואס האט פריהר אנגעשמעקט אז אין רום הייבט זיך אן צוכלאזען איין אנדער ווינטעל אונ האט זיי געגעבען איין עצה זיי זאלען זיך צו זעצען טאקי צו רופוס׳ן אליין אונ איהם בעטען ער זאל פאר זיי זאגען עפיס אגוט ווארט. מען האט זי טאקי געפאלגט אונ איין מאל אין אפינסטערן אויף־דער־נאכט האבען זיך עטליכע יודען צוזאמען מיט רבי יהודה בן שמוע, אנידערגעשטעלט פאר רופוס׳ס פענסטער אונ האבען ביטער געוויינט, מען זאל אויף זיי רחמנות האבען אונ ניט פארגעסען אז אללע מענשען זענען קינדער פון איין פאטער. רופוס׳ן האט עס געריהרט, ער האט צוגעזאגט צו שרייבען קיין רום, אונ גאר ניך איז אנגעקומען פון רום אבעפעהל אז האדריאנ׳ס געזעצע זאלען אויפהערען. דאס איז געוועהן דעם אכטצעהנטען אדר, אונ מען קאן זיך פארשטעללען די שמחה פון די יודען, האטש צו קומען קיין ירושלים האט מען זיי נאך ניט ערלויבט. באלד האבען אנגעהויבען צוריק־צוקומען פון בבל אונ פון אנדערע ערטער רבי עקיבא׳ס תלמידים, ווי רבי מאיר, רבי יהודה ברבי אלעאי, רבי יוסי בן חלפתא, רבי יוחנן

הַסַנְדְלָר אוּנ רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי מִיט נָאךְ דְרַיי לוֹמְדִים, וָואס רַבִּי יְהוּדָה בֶּן בָּבָא הָאט זַיי גֶעגֶעבֶּען סְמִיכוּת אוּנ הָאט דֶערְפַאר מִיט'ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ די גֶעצֶאהלְטֶע תַּנָאִים פֶערְזַאמֶעלְט אִין אַקְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל אוּשָׁא, וַוייל די שְׁטָאדְט יַבְנֶה אִיז גֶעוֶועהן צוּשְׁטֶערְט, אוּנ הָאבֶּען דָארְט בֶּעשְׁלָאסֶען וִוי אַזוֹי דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען זָאל זִיךְ וַוייטֶער פִיהרֶען. דֶעמָאלְט אִיז אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען דֶער עִבּוּר-יָאהר, כְּדֵי מֶען זָאל וַוייטֶער רִיכְטִיג אוֹיסְרֶעכְנֶען וֶוען די יָמִים טוֹבִים פַאלֶען. די בֶּערִיהמְטֶעסְטֶע מֶאנֶער פוּן דֶער צַייט, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן די סַנְהֶדְרִין, זֶענֶען גֶעוֶועהן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל, וָואס אִיז אַנְטְלָאפֶען קֵיין בָּבֶל פוּן בֵּיתָר, וֶוען עֶס הָאט נָאר דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען די שְׁחִיטָה אוּנ וָואס מֶען הָאט אִיהם בַּיי'ם צוּרִיקְקוּמֶען גֶעמַאכְט פַאר נָשִׂיא אוֹיפ'ן פָאטֶערְס אָרְט, רַבִּי נָתָן, וָואס אִיז אִין זַיין גֶעבּוּרְטְסְפָּארְט אִין בָּבֶל גֶעוֶועהן זֶעהר אָנְגֶעזֶעהן אוּנ אַז עֶס הָאט זִיךְ אִיהם פֶערְגְלוּסְט אַרִיבֶּער צוּ פָאהרֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז עֶר דָארְט גֶעוָוארֶען דֶער צְוֵוייטֶער פוּנ'ם נָשִׂיא, אוּנ רַבִּי מֵאִיר וָואס פְלֶעגְט זַיין דֶער הוֹיפְּט-רֶעדְנֶער אִין יֶעדֶער אֲסִיפָה. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעוָואלְט גֶעהן מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם דֶרֶךְ וִוי רַבָּן גַמְלִיאֵל אוּנ הָאט שִׁיער נִיט בֶּעקוּמֶען אַזוֹי פִיעל שׂוֹנְאִים וִוי דֶער פָאטֶער, נָאר מִיט דֶער צַייט הָאט זִיךְ אַרוֹיסגֶעוִויזֶען אַז עֶר הָאט דַוְקָא אַצוּגֶעלָאזְטֶע נַאטוּר, אוּנ אַלֶע כְּלָלִים פוּנ'ם לֶעבֶּען זֶענֶען בַּיי אִיהם בֶּעשְׁטַאנֶען אִין אֵיין וָוארְט: „אַז די וֶועלְט שְׁטֶעהט אוֹיף דְרַיי זַאכֶען – אוֹיף אֶמֶת, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנ שָׁלוֹם".

גִיךְ הָאבֶּען זִיךְ די וואוּנְדֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פַארְהֵיילֶען, דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּהִיג זִיךְ צוּ פִיהרֶען אוּנ די תַּנָאִים הָאבֶּען וַוייטֶער גֶעקָאנְט פַארְנֶעהמֶען זֵייעֶר הוֹיכֶע שְׁטֶעלֶע בַּיים פָאלְק. מִיט אַבֶּעזוּנְדֶערן גְלַאנְץ אִיז גֶעוֶועהן אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דֶער נָאהמֶען פוּן רַבִּי מֵאִיר, וָואס הָאט אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעהֵייסֶען משֶׁה, נָאר מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען „מֵאִיר", וַוייל מֶען הָאט אִיהם גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ „לִיכְט אוּנ שַׁיין", וָואס בֶּעלַייכְטֶעט די וֶועלְט. רַבִּי מֵאִיר אִיז גֶעוֶועהן אַסוֹפֵר אוּנ אַגְרוֹיסֶער קִינְצְלֶער אִין זַיין פַאךְ; עֶר הָאט עֶרְפוּנְדֶען אַנַייעֶם מִין גְלֶאנְצֶענְדִיגֶען טִינְט אוּנ אִיז גֶעוֶועהן אַזַא בָּקִי אַז פִיעל זַאכֶען פְלֶעגְט עֶר שְׁרַייבֶּען אוֹיסְוֶוענִיג. פוּן דֶער אַרְבֵּייט הָאט עֶר גֶעהַאט יֶעדֶע וָואךְ דְרַיי שְׁקָלִים אוּנ אַדְרִיטֶעל פוּנ'ם פֶערְדִיעֶנְסְט פְלֶעגְט בַּיי אִיהם אַוֶועק גֶעהן אוֹיף צְדָקָה. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט דֶער עוֹלָם נִיט גֶעוָואלְט אַזוֹי שְׁטֶעלֶען אוֹיף רַבִּי מֵאִיר'ן, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן נָאךְ גָאר יוּנְג וֶוען עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען זַיין סְמִיכָה

פוּן רַבִּי עֲקִיבָא׳ן. אַוַדַאי הָאט עֶס אִיהם גֶעהַאֲרְט אוּנ עֶר פְלֶעגְט זָאגֶען: „קוּקְט נִיט אוֹיפ׳ן קְרוּג, נָאר אוֹיף דֶעם וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דָארְט אִינְוֶוענִיג; אַמָאל אִיז דָא אַנַייעֶ קְרוּג מִיט אַלְטֶען וַויין אוּנ אַמָאל זֶעהן מִיר אַ אַלְטֶען קְרוּג וָואס הָאט אִין זִיךְ אֲפִילוּ קַיין נַייעֶם וַויין נִיט". עֶר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט רַבִּי חֲנִינָא בֶּן תְּרַדְיוֹן׳ס טָאכְטֶער בְּרוּרְיָה אָדֶער וַואלֶעריַא, וָואס הָאט גֶעשַׁיינְט מִיט אִיהר צְדָקוֹת אוּנ אֱמֶת פְרוֹמְקַייט אוּנ וָואס פוּן אִיהר דֶערְצֶאהלְט דֶער מִדְרָשׁ אַז זִי הָאט מִיט גְרוֹיס חָכְמָה גֶעטְרֵייסְט אִיהר מַאנְן, וֶוען זַייעֶרֶע בֵּיידֶע קִינְדֶער זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהן אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט נָאר אָבְּגֶענוּמֶען דֶעם מַשְׁכּוֹן וָואס עֶר הָאט בַּיי זַיי אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אוֹיף אַ קוּרְצֶער צַייט. אַז רַבִּי מֵאִיר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן בָּבֶל, הָאט אִיהם בְּרוּרְיָה גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל פָאהרֶען קַיין צֶעזַארֶעאַ אָבְּזוּכֶען אִיהר אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שְׁוֶועסְטֶער, וָואס אִיז פֶערְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען אִין אַ אָפֶען הוֹיז. רַבִּי מֵאִיר הָאט עֶס אִיהר צוּ לִיעב גֶעטְהוּן, נָאר פְרִיהֶר הָאט עֶר גֶעוָואלְט וִויסֶען צוּ אִיז נָאךְ זַיין שְׁוֶואגֶער׳ן פְרוּם אוּנ עֶהרְלִיךְ אוּנ צוּ הָאט זִי דָאס נַייעֶ גֶעצְוואוּנְגֶענֶע לֶעבֶּען נִיט אִין גַאנְצֶען פֶערְדָארְבֶּען. עֶר הָאט זִיךְ פַארְשְׁטֶעלְט פַאר אַ רָאמִישֶׁען עֶדֶעלְמַאנְן, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעקָאנְט פְרַייא צוּ קוּמֶען צוּ אִיהר, אוּנ אַז עֶר הָאט זִי גֶעפוּנֶען רֵיין אוּנ אוּנ-שׁוּלְדִיג הָאט עֶר זִי מִיט מְסִירַת נֶפֶשׁ פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט. מֶען אִיז בַּאלְד דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען אִיז אִיהם נָאכְגֶעלָאפֶען, נָאר הַאפֶּען הָאט מֶען אִיהם נִיט גֶעקָאנְט וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַז עֶר עֶסְט כְּלוֹמֶר׳שְׁט טְרֵיפָה מַאֲכָלִים אוּנ אַזוֹי אִיז עֶר נִיצוֹל גֶעוָוארֶען. רַבִּי מֵאִיר׳ס דֶרֶךְ אִיז גֶעוֶועהן מְקַבֵּל צוּ זַיין דֶעם אֱמֶת פוּן יֶעדֶען אוּנ עֶר הָאט אָפְט גֶעלֶערְנְט אֲפִילוּ פוּן אֱלִישָׁע בֶּן אֲבוּיָה, אוּנ אַז זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען אִיהם דַארוֹיף גֶעפְרֶעגְט, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט: „אַז עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ זַאפְטִיגֶען גְרַאנַאט-אֶפֶּעל, עֶסְט עֶר דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע אוּנ דִי שָׁאלֶעכְץ וַוארְפְט עֶר אַרוֹיס". אוּנ בֶּאֱמֶת, הָאט זִיךְ אִין רַבִּי מֵאִיר׳ן טַאקִי נָאר דָאס גוּטֶע פוּן זַיין רֶבִּי׳ן אָנְגֶעקְלֶעבְּט אוּנ אֱלִישָׁע בֶּן אֲבוּיָה אַלֵיין אִיז אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אוֹיךְ אַ בִּיסֶעל גֶעלַאסֶענֶער גֶע-וָוארֶען. אֵיין מָאל אִיז עֶר גֶעפָאהרֶען אוּם שַׁבָּת רַייטֶענְדִיג אוֹיף אַ פֶערְד אוּנ רַבִּי מֵאִיר אִיז אִיהם נָאכְגֶעגַאנְגֶען צוּ פוּס אוּנ הָאט גֶעהֶערְט פוּן אִיהם תּוֹרָה. פְּלוּצְלוּנְג הָאט אִיהם אֱלִישָׁע אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט אִיהם גֶעוִויזֶען אַז עֶס אִיז שׁוֹין אַ תְּחוּם שַׁבָּת אוּנ אַז וַוייטֶער טָאר עֶר נִיט גֶעהן. קֶעהר זִיךְ אוֹיךְ אוּם צוּרִיק, הָאט אִיהם רַבִּי מֵאִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען אוּנ דֶערְמִיט אַ וִוינְק גֶעגֶעבֶּען אַז דוּרְךְ חֲרָטָה אוּנ אַ אֱמֶת׳ר תְּשׁוּבָה קָאן עֶר נָאךְ צוּרִיקְקוּמֶען צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער. אָ, נֵיין! הָאט

איהם בּארוּיף אֱלִישָׁע געאֶנְפֶערְט, דֶער וֶועג צוּרִיק אִיז פַאר מִיר פֶערְשְׁלָאסֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אֱלִישָׁע׳ס לֶעצְטֶע שָׁעָה, הָאט רַבִּי מֵאִיר נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן זַיין קְרַאנְקֶען בֶּעט אוּנ הָאט אִיהם בַּארוּיף אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען מִיט אַ וִדוּי אוֹיף דִי לִיפֶּען.

רַבִּי מֵאִיר הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט אַללֶע דִינִים אוּנ הֲלָכוֹת אוּנ הָאט דִי זַאמְלוּנְג אַנָאהמֶען גֶענֶעבֶּען „מִשְׁנָה״ עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער חַרִיף אוּנ הָאט זִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט צוּ שְׁטֶעלֶען אוֹיף יֶעדֶען פִּינְטֶעלֶע פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ דַרְשֶׁ׳ן דֶעם פָּסוּק אוֹיף אַללֶע אוֹפַנִים. פוּן אִיהם הָאט אוֹיךְ גֶעלֶערְנְט דֶעם דֶרֶךְ זַיין תַּלְמִיד רַבִּי סוּמְכוּס בֶּן יוֹסִי, וָואס אִיז גְלַייךְ מִיט׳ן רֶבִּי׳ן גֶעוֶועהן דֶער גְרֶעסְטֶער מַחְמִיר, וַוייל אִין דֶער צַייט, נָאךְ דֶעם וָואס דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי שְׁלֶעכְט, הָאט מֶען גֶעמוּזְט מֶעהר מְחַזֵק זַיין דֶעם בִּנְיָן פוּן יוּדִישְׁקַייט. אַז מֶען פְלֶעגְט אַמָאל אָנְוַוייזֶען רַבִּי מֵאִיר׳ן אַז עֶר לֵייגְט אוֹיפ׳ן פָּאלְק אַרוֹיף צוּ שְׁוֶוערֶע זַאכֶען, פְלֶעגְט עֶר זִיךְ פַארְאֶנְטְפֶערן דֶערְמִיט, וָואס „גֶענֶען זִיךְ אַלֵיין אִיז עֶר נָאךְ שְׁטְרֶענְגֶער אוּנ וָואס עֶר אִיז מַתִּיר פַאר אַנְדֶערֶע בְּלַייבְּט בַּיי אִיהם אַ אִסוּר״.

רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי׳ס נַאנְג אִיז שׁוֹין גָאר גֶעוֶועהן אַיין אַנְדֶערֶער. עֶר הָאט דִי תּוֹרָה גֶעלֶערְנְט אָהן סוֹדוֹת עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעמַאטֶערְט צוּגֶעפִּינֶען אִין אַפָּסוּק דַוְקָא דֶעם פְּשַׁט וָואס עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אוּנ זַיינֶע אַללֶע רַאֲיוֹת פְלֶעגְט עֶר מֶעהר גֶעהמֶען פוּנ׳ם לֶעבֶּען. עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אוֹיף דֶעם עוֹלָם צוּ שְׁוֶוער מַאכֶען דִי לַאסְט פוּן דִי מִצְוֹת אוּנ פְלֶעגְט זָאגֶען: „אַז אִי זוּכֶען פַּרְנָסָה, אִי לֶערְנֶען תּוֹרָה, אִיז זֶעהר שְׁוֶועהר אוּנ אַז פִּינְקְטְלִיךְ מְקַיֵם זַיין אַלְדִינְג וָואס שְׁטֶעהט אִין דֶער תּוֹרָה, קָאן נָאר דֶער וָואס לֶעבְּט פוּן מַן, אָדֶער וֶוענִיגְסְטֶענְס פוּן מַעְשֵׂר״. רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶעהַאט אַבֶּעזוּנְדֶער יְשִׁיבָה אִין תְּקוֹעַ אוּנ דָארְט הָאט עֶר אוֹיךְ אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען אַיינְגֶעפְלַאנְצְט זַיינֶע תַּלְמִידִים. פוּן זַיינֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען וֶועניג יְדִיעוֹת, נָאר דָאס וַוייסְט מֶען אַז זַיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי דֶער רָאמִישֶׁער מְלוּכָה אוּנ עֶר אִיז פוּן קִינְדְהַייט אָן גֶעוֶועהן פּוּנְקְט דֶער הִיפֶּךְ אוּנ הָאט שְׁטַארק פַיינְד גֶעהַאט דִי רָאמֶער. בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער מְסִירָה, אִין דֶער צַייט וֶוען דִי רָאמִישֶׁע מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ וְערוּס, הָאט מֶען אִיהם שׁוֹין גֶעוָואלְט הַרְגֶ׳נֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט בֶּעהַאלְטֶען אִין אַהֵייל אוּנ אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען דְרַייצֶעהן יָאהר. דָאס הָאט אִיהם גֶעשַׁאדְט אִין גֶעזוּנְד, זַיין לַייבּ אִיז גֶעשְׁוָואלֶען גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַרוֹיס-צוּגֶעהְן פוּן זַיין בֶּעהֶעלְטְנִישׁ אוּנ זִיךְ בָּאדֶען אִין חַמֵי טְבֶרְיָא. דֶעמָאלְט אִיז גְרָאד

װערום געשטארבען אונ רבי שמעון בן יוחאי האט בעקומען די מאגליכקייט אנ־צוגעהמען זיין כבוד'ן פלאטץ צווישען די תנאים.

רבי יהודה בן אלעאי איז געװעהן דוקא אפראקטער בעל מלאכה פון דעסטוועגען איז ער ביי אללע זעהר בעליעבט געװעהן אונ האט נושׂא חן געװעהן אפילו ביי די ראמער דערמיט װאס ער האט אבגעהיט די יודען פון מחלוקת. ער איז געװעהן אגרויסער חכם אין װעלט־זאכען, דערצו האט ער נאך געהאט זעהר אשטאהנעם חתוך הדבור, ביי יעדער אסיפה פלעגט ער דער ערשטער ארויס־זאגען זיין מיינונג אונ דערפאר האט מען איהם גערופען „ראש המדברים". מיט אללע כוחות האט ער געארבייט אריינצוגעבען די יודען אחשק צו לערנען מלאכות אונ זיך ערנארען פון אייגענער ארבייט. די מלאכה, פלעגט ער זאגען, איז אצי־רונג פאר'ן מענשען אונ װער עס לערנט ניט זיין קינד עפּיס אהאנדװערק מאכט ער איהם אליין פאר ארוצח".

אזוי האט זיך אויך געצויגען זיין פרנסה פון לעדער־ארבייט רבי יוסי בן חלפתא, װאס האט אנגעשריבען אגעשיכטע פון דער צייט װאס די װעלט איז בעשאפען געװארען ביז צו דער מלחמה פון בר־כוכבא, מיט דעם נאהמען „סדר עולם". ער איז געװעהן אגרויסער געגנער פון גדלות אונ נאך אגרא־סערער אוהב אמת אונ פלעגט זאגען: „עס איז בעסער צו זיין אתלמיד איידער ארבי אונ אז עס איז גלייכער אויסצוזעהן פאר שולדיג איידער טאקי באמת שולדיג זיין".

צװישען די גרויסע לייט פון יענער צייט, אחוץ די תנאים אונ לומדים װאס האבען גאר בעזונדער געארבייט אין לידדא, האט זיך אויך אגרויסען נאהמען ערװארבען רבי אלעזר בן רבי יוסי הגלילי, װאס האט אנגעשרי־בען די צװיי אונ דרייסיג מדות אדער כללים מיט װעלכע מען קאנן די תורה פערשטעהן אונ פערענטפערן אסך זאכען װאס זיינען קשה. ליידער האבען זיך געפונען מבינים װי די צװיי אונ דרייסיג מדות צו בענוצען ערשט אין אכט הונדערט יאהר ארום.

אז די יודען האבען זיך אביסעל אבגערוהט פון האדריאנ'ס קלאפ אונ האבען אנגעהויבען קומען צו די כוחות, האבען זיי זיך ארומגעקוקט אז עס איז ניט גוט װאס די יודען פון בבל האבען זיך אין גאנצען אבגעזונדערט פון זיי אונ פיהרען זיך אונטער דער השגחה פון אאייגענעם נשיא אונ אפילו פון איי־געגע סנהדרין. אין בבל האבען טאקי די יודען בעקומען אשטיקעל זעלבסט־שטאנדיגקייט, אז אין גליל איז געװארען די יודען שלעכט, האט זיך איינער

פון די בֶּעסְטֶע יוּנְגֶע לַייט, חֲנַנְיָה, אַ פְּלֶעמֶענִיק פון רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן, אַוֶועק גֶעלָאזְט קַיין בָּבֶל אונ הָאט דָארְט, אִין דֶער שְׁטָאדְט נַהַר־פְּקוֹד, נִיט וַוייט פון נְהַרְדְעָא, אַרוּם זִיךְ גֶעזַאמֶעלְט אַללֶע לוֹמְדִים אונ בִּיסְלֶעכְוַוייס גֶעמַאכְט אַ קְלֵיין סַנְהֶדְרִין וָואס עֶר אַלֵיין אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן דֶער רֹאשׁ פון זֵיי. אִיהם הָאט פִּיעל דֶערְצוּ פֶּערְהָאלְפֶען דֶער רֵישׁ גָלוּתָא נְחוּנְיָא אָדֶער אֲחִיָה, אונ אַזוֹי הָאט מֶען דָארְט אַלֵיין אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעשְׁטִימֶען יָמִים טוֹבִים אונ אַללֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען, וָואס מֶען הָאט פְרִיהר גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ דִי הוֹיפְּט־סַנְהֶדְרִין אונ מֶען אִיז כִּמְעַט אִין גַאנְ־צֶען אָבְּגֶעריסֶען גֶעוָוארֶען פון אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל. דָאס הָאט בֶּעוואגֶען דֶעם נָשִׂיא רַבִּי שִׁמְעוֹן אַרוּיס צוּ שִׁיקֶען קַיין בָּבֶל צְווֵיי שְׁלוּחִים, רַבִּי יִצְחָק אונ רַבִּי נָתָן מִיט אַ בְּרִיעף צוּ חֲנַנְיָה אונ אַ בַּקָשָׁה מֶען זָאל נִיט דֶערְלָאזֶען יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ צוּטְהֵיילֶען אוֹיף צְווֵיי מַחֲנוֹת. דִי שְׁלִיחִים הָאט מֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד, נָאר פון דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זֵיי שְׁוֶוער אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיס צוּ פִיהרֶען זֵייעֶר שְׁלִיחוּת. חֲנַנְיָה הָאט זִיךְ אַקֶעגֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אונ גֶעוויזֶען אַז גָלִיל הָאט נִיט אַזוֹינֶע גְרוֹיסֶע לוֹמְדִים וָואס זִי זָאל זִיךְ קָאנֶען מִיט זֵיי אִיבֶּערְנֶעהמֶען, נָאר דַארוֹיף הָאבֶּען אִיהם דִי שְׁלִיחִים גֶעאֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר אִיז שׁוֹין לַאנְג פון דֶער הֵיים אונ וַויים נִיט אַז פון קִינְדֶער זֶענֶען לַייט גֶעוָוארֶען. נָאךְ זֶעהר פִּיעל מִיה אִיז זֵיי פָּארְט גֶערָאטְהֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זָאל וַוייטֶער וֶוערֶען דֶער מִיטֶעלפּוּנְקְט פַאר אַללֶע יוּדֶען.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט צְווִישֶׁען דִי תַּנָאִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר פָארְשְׁטֶעהֶער פון דֶער יְשִׁיבָה אִין אוּשָׁא, אַ מַחֲלוֹקֶת, וָואס הָאט גֶעקָאנְט בְּרֶענְגֶען פּוּנְקְט צוּ דִי אֵיינֶענֶע זַאכֶען, וָואס זֶענֶען אַמָאל פָארְגֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען רַבָּן גַמְלִיאֵל אונ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ. דֶעם נָשִׂיא רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ פֶערְגְלוּסְט אַ בִּיסֶעל מֶעהר כָּבוֹד אונ עֶס הָאט אִיהם פֶערְדְרָאסֶען פַאר וָואס דֶער עוֹלָם הֵייבְּט זִיךְ אוֹיף פַאר יֶעדֶען פון דִי לוֹמְדִים, וֶוען זֵיי קוּמֶען אַרַיין אִין דֶער יְשִׁיבָה; דֶערְפַאר הָאט עֶר גֶעמַאכְט, אַז אוֹיפְהֵייבֶּען דַארְף מֶען זִיךְ נָאר פַאר'ן נָשִׂיא. דָאס הָאט פֶערְדְרָאסֶען רַבִּי נָתָן אונ רַבִּי מֵאִיר אונ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען זֵיי זָאלֶען אַרָאבְּוַוארְפֶען רַבִּי שִׁמְעוֹן פון זַיין שְׁטֶעללֶע. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער פֶערְשְׁטַאנֶען אַז נִיט אַזוֹי גִיךְ וֶועלֶען אַללֶע דַארוֹיף מַסְכִּים זַיין, אונ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אִיהם אֶפֶּענְטְלִיךְ צוּ פֶערְשֶׁעמֶען דֶערְמִיט וָואס זֵיי וֶועלֶען פון זַיינֶעטְוֶועגֶען אָנְגְרֵייטֶען עֶפִּיס אַ הַארְבֶּע קַשְׁיָא וָואס עֶר זָאל זֵיי נִיט קָאנֶען פַארֶענְטְפֶערְן אונ דֶער עוֹלָם וֶועט דֶעמָאלְט אַלֵיין אַרוֹיסְזֶעהן אַז דֶער נָשִׂיא אִיז נִיט קַיין לַמְדָן. רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז אָבֶּער דֶערְפוּן פְרִיהר גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אונ הָאט זִיךְ בֶּעוָוארְנְט מֶען זָאל אִיהם נִיט קָאנֶען מְבַיֵּישׁ זַיין. דוּרְךְ דֶעם הָאבֶּען זַיינֶע גֶעגְנֶער גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען פון דֶער

יְשִׁיבָה. אִין אַקוּרְצֶע צַייט הָאט מֶען אָבֶּער דֶערְפִיהלְט אַז עֶס פֶּעהלֶען אַזוֹינֶע צְוֵויי גְרוֹיסֶע קֶאפּ אוּנ רַבִּי יוֹסִי הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען שְׁרַייעֶן: וָואס קוּמְט אוּנְז אַרוֹיס דֶער פוּן וָואס מִיר זֶענֶען אִינְוֶוענִיג, אַז דִי תּוֹרָה אִיז אִין דְרוֹיסֶען. רַבִּי נָתָן הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְבֶּעטֶען אוּנ אִיז צוּרִיק אַרַיין אִין דִי יְשִׁיבָה, נָאר רַבִּי מֵאִיר אִיז נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען, אוּנ אַז דֶער נָשִׂיא הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּענוּטְצֶען מִיט זַיין מַאכְט אוּנ אִיהם אַרַיינְלֶעגֶען אִין חֵרֶם, הָאט זִיךְ רַבִּי מֵאִיר נִיט גֶעוָואלְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז אֵיינֶעם פוּן דִי סַנְהֶדְרִין טָאר מֶען נִיט מַחֲרִים זַיין. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט צוּרִיק אָנְנֶעהמֶען זַיין פְּלַאטְץ צְוִוישֶׁען דִי תַּנָאִים אוּנ אִיז אַוֶועק קַיין קְלֵיין-אַזְיֶען; דָארְט אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ הָאט גֶעלָאזְט אַצַוָאָה מֶען זָאל אִיהם מְקַבֵּר זַיין נֶעבֶּען בְּרֶעג יַם וָואס רִינְגֶעלְט אַרוּם אוֹיךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ וָואס דוּרְךְ דֶעם הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אִיז גְלַייךְ וִוי זַיין גוּף אִיז מְקוּבָּר גֶעוָוארֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זֶעלְבְּסְט.

בַּאלְד הָאבֶּען אָבֶּער דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט פַארְגֶעסֶען אֵייגֶענֶע מַחֲלוֹקֶת, וַוייל עֶס הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי וַוייטֶער אָנְגֶערִיקְט אַבִּיטֶערֶע צַייט, אוּנ דִי רָאמִישֶׁע מְלוּכָה הָאט נָאךְ אַמָאל אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אִיהר שִׂנְאָה גֶעגֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק. נִיט אוּמְזִיסְט הָאט, דֶער נָשִׂיא, רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל גֶעשְׂרִיגֶען אַז דִי צָרוֹת פוּן זַיין צַייט זֶענֶען אַסַךְ אֶרְגֶער וִוי אַמָאל. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ נָאךְ אַמָאל גֶעפְּרוּבְּט מַאכֶען אַמְרִידָה אוּנ הָאבֶּען גֶעהַאט אַשְׁטִיקֶעל הָאפְנוּנְג אוֹיף דִי פַּרְתִּים, וָואס הָאבֶּען גֶעוָאלְט אָנְהֵייבֶּען אַמִלְחָמָה מִיט רוֹם, נָאר אַנְטָאנִינוּס פִּיוּס הָאט זֵיי בַּאלְד גֶעשְׁטִילְט ... אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּער-גֶעגַאנְגֶען צוּ מַארְק אוֹירֶעלְיוּס אוּנ וֶוערוּס, אִיז נָאךְ אַגְרֶאסֶערֶער צָאר'ן וִוי פְרִיהֶר אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דִי יוּדֶען. מֶען הָאט נִיט נָאר בֶּענַייט אַלֶּע גְזֵרוֹת פוּן הַאדְרִיאַ'ן, נָאר מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעשְׁטְרָאפֶען מִיט'ן טוֹיט אַלֶּע וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט מַל זַיין דִי קִינְדֶער, אָפְּהִיטֶען שַׁבָּת אוּנ פְּרוֹיעֶנְרֵיינְקַייט. אוּנ מֶען הָאט אוֹיךְ צוּגֶענוּמֶען בַּיי יוּדִישֶׁע דַיָנִים דָאס רֶעכְט פוּן מִשְׁפָּט'ן. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי הָאט עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר לֵיעב אוּנ הָאט מִיט עֲנִיווּת גֶעזָאגְט אַז דִי רַבָּנִים פוּן יֶענֶער צַייט זֶענֶען טַאקִי נִיט רָאוּי גֶעוֶועהן אַאֶמֶת'ן מִשְׁפָּט אַרוֹיס-צוּגֶעבֶּען. דֶער הַאס פוּן דִי רֶאמֶער אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶע-הוֹיבֶּען מְשַׁעפֶּען אֲפִילוּ צוּ דִי סַנְהֶדְרִין. אַמָאל הָאט מֶען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעהָארְט וִוי רַבִּי יְהוּדָה, רַבִּי יוֹסִי אוּנ רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶערֶעדְט. רַבִּי יְהוּדָה הָאט גֶעלוֹיבְּט דִי רֶאמֶער אוּנ גֶעוִויזֶען אַז זֵיי זֶענֶען זֶעהר נוּטְצְלִיךְ דֶערְמִיט וָואס זֵיי מַאכֶען בְּרִיקֶען אוּנ בָּאדֶער אוּנ פִיהרֶען אַיין יְרִידִים. רַבִּי יוֹסִי הָאט

געשוויגען, אונ רבי שמעון בן יוחאי האט אבגעווענדט אונ געזאגט אז אלדינג וואס די ראמער מאכען טהון זיי עס פון זייער טובה וועגען אונ מען דארף זיי דער פאר בשום אופן ניט דאנקבאר זיין. דעם שמועס האט מען באלד אבגעטראגען אין די אויערן פון דער מלוכה. רבי יהודה איז געווארען א גרויסער חשוב, רבי יוסי'ן האט מען פאר'ן שווייגען נאר ארויסגעשיקט אונ רבי שמעון בן יוחאי'ן האט מען פער משפט צום טויט. דעמאלט איז ער געצוואונגען געוועהן זיך צו בעהאלטען אין א היֵיל, ווי מיר האבען שוין פריהער דערצעהלט. אונ ערשט נאך וועספאסיאנ'ס טויט האט ער געקאנט ארויס פון זיין בעהאלטעניש.

אז מארק אוירעליוס וואס איז געוועהן בעקאנט פאר א זעהר גוטען מענש, איז אליין געבליבען הערשער פון רום, האבען די יודען זיך ענטשלאסען ארויסצושיקען רבי שמעון בן יוחאי'ן צום קייזער, ער זאל אויסבעטען טובות פאר זיי. מיט איהם איז אויך געפאהרען רבי אליעזר בן יוסי, וואס איז געוועהן א גרויסער קענער פון פרעמדע לשונות. דעמאלט האבען די קריסטען אויך געבעטען מען זאל אנהייבען אויף זיי בעסער קוקען אונ מארק אוירעליוס, וואס איז טאקי ניט צופרידען געוועהן פון די פריהריגע אכזריות, האט צו־געזאגט צו בעהאנדלען די יודען מיט יושר אונ האט אויך געהאלטען ווארט.

נאך רבי שמעון איז געווארען נשיא זיין זוהן רבי יהודה, וואס האט זוכה געוועהן מען זאל זיין נאהמען נאך ביי'ם לעבען מאכען פאר הייליג אונ מען האט איהם גערופען: רבינו הקדוש. אויף איהם האט מען מיט רעכט געזאגט אז גאטט האט איהם געבענשט מיט אללע זיבען זאכען וואס שטעהען אן איין אמת'ן צדיק: מיט שיינקייט, כח, עשירות, כבוד, חכמה, אריכות ימים אונ גוטע קינדער. ווי אזוי ער איז געווארען אזוי רייך — ווייסט מען ניט, נאר דאס איז געוויס אז ער האט פערמאגט גאנצע אוצרות. אז עס איז געווארען א שרעקליכער הונגער אין לאנד אונ עס האט זיך נאך געמאכט דער צו א מגפה, האט ער צוטהיילט צווישען די נויט בעדארפטיגע זעהר פיעל געלד אונ תבואה. אין אנהייב האט ער געוואלט שטיצען נאר איידעלע מענשען, וואס בעשעפטיגען זיך מיט תורה, ווייל גראבע לייט אהן וויסען האט ער ניט געקאנט ליידען, נאר אז איינער פון זיינע תלמידים, רבי יונתן בן עמרם, האט איהם געגעבען אנצוהערען אז עס איז ניט יושר צו מאכען א חלוק צווישען מענשען ביי איין אומגליק ווען אללע באגלייך טראנקען זיך, האט ער גע[illegible]ען טהיילען אללע וואס זוען אנקומען צו פרעמדע הילף. אזוי האט ער זיך א[illegible] אבגעזאגט פון זיין מיינונג, ווען אלישע בן אבויה'ס טאכטער זענען געקומען [illegible] איהם בעטען

שְׁטִיצוּנְג; פְרִיהֶר הָאט עֶר זֵיי אַװעקְגֶעטְרִיבֶּען אוּנ הָאט עֶרְקְלֶערְט אַז אוֹיף דִי קִינְדֶער פוּן אַזאַ פָּאטֶער טָאר מֶען קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט הָאבֶּען, נָאר אַז זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְמָאנְט אִין דֶעם פָּאטֶער׳ס תּוֹרָה, הָאט עֶר נִיט גֶערֶעדְט דָאס צְװֵייטֶע װָארְט אוּנ הָאט זֵיי בַּאלְד מְקָרֵב גֶעװֶעהן.

אִין רַבִּי יְהוּדָה׳ס צַייט אִיז דִי גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה אִיבֶּערְגֶעפִיהרְט גֶעװָארֶען קֵיין בֵּית שְׁעָרִים, װאוּ דִי לוּפְט אִיז גֶעװֶעהן זֶעהר רֵיין, אוּנ דָארְט הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען דִי סַנְהֶדְרִין, װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער רַבִּי יְהוּדָה׳ס הַשְׁגָּחָה אוּנ אָהן זַיין הַסְכָּמָה פְלֶעגְט קֵיין זַאךְ נִיט גֶעטְהוּן װֶערֶען, אוֹיסֶער דִי בֶּעשְׁטִימוּנְג פוּן יָמִים טוֹבִים אוּנ רֹאשׁ חֹדֶשׁ, װָאס פְלֶעגְט גֶעשֶׁעהן אִין אַדָארְף פוּן עֵין טָב, נִיט װַייט פוּן לִידְדָא. עֶר פְלֶעגְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען סְמִיכוֹת רַבָּנִים פוּן אַנְדֶערֶע אָרְטֶער אוּנ פִיעל פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, װִי רַבִּי לֵוִי בַּר סִיסִי, װָאס אִיז גֶעװָארֶען דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁער עֵדָה אִין סִימָאנִיאַס, רַבָּה בַּר חָנָא פוּן כַּפְרִי אוּנ אַבָּא אֲרִיכָא פוּן בָּבֶל, הָאבֶּען זִיךְ שְׁפֶּעטֶער בֶּערִיהמְט גֶעמַאכְט. רַבִּי יְהוּדָה פְלֶעגְט אָבֶּער מְקַנֵּא זַיין דֶעם רֵישׁ גָּלוּתָא פוּן בָּבֶל, װַייל זַיין מַאכְט אִיז גֶעװֶעהן גְרוֹיס דוּרךְ דֶעם װָאס עֶר אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעװֶעהן פוּן דֶער מְלוּכָה אוּנ הָאט גֶעהַאט בְּיַד אַלֶדִינְג צוּ טְהוּן, װֶעהרֶענְד עֶר הָאט פוּן דֶער רוֹם׳שֶׁער מְלוּכָה קֵיין מַאכְט נִיט גֶעהַאט פוּן אַהֶערְשֶׁער אוֹיף דִי יוּדֶען, דַארִיבֶּער הָאט עֶר אָבְּגֶעהִיט דֶער נָאמֶען „נָשִׂיא“ זָאלל נִיט צוּגְרִינְג זַיין בַּיי דֶעם עוֹלָם, אוּנ הָאן עֶר פַאר זִיךְ אִיז אַגְרוֹיסֶער עָנָיו גֶעװֶעהן, הָאט עֶר אָבֶּער שְׁטַארְק מַקְפִּיד גֶעװֶעהן פַאר דֶעם כָּבוֹד פוּן נָשִׂיא, אוּנ אַז רַבִּי חִיָּיא הָאט זִיךְ אַמָאל עֶרְלוֹיבְּט צוּזָאגֶען אַ הַלָצָה װָאס עֶר הָאט עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ פְּחִיתַת הַכָּבוֹד, הָאט עֶר אִיהם בֶּעשְׁטְרָאפְט, עֶר זָאל זִיךְ אִיהם אַנְטְצֶען חֹדֶשׁ פַאר דִי אוֹיגֶען נִיט װַייזֶען. אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעטְהוּן מִיט זַיין תַּלְמִיד שִׁמְעוֹן בַּר קַפָּרָא, װָאס הָאט אִין דֶער יְשִׁיבָה פַאר אַלֶע חֲבֵרִים גֶעלֵייעֶנְט זַ שִׁיר, אִין װֶעלְכֶען עֶר הָאט גֶעשְׁפֶּאט פוּנ׳ם נָשִׂיא׳ס אֵיידֶעם בֶּן אֶלְעָשָׂה; רַבִּי יְהוּדָה הָאט עֶס אִיהם נִיט מוֹחֵל גֶעװֶעהן אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין נִיט בֶּעקוּמֶען קֵיין סְמִיכָה. פוּן דֶער זֶעלְבֶּער סִבָּה, קָאנְן זַיין, הָאט עֶר נִיט מַסְמִיךְ גֶעװֶעהן דֶעם בֶּערִיהמְטֶען חָכָם שְׁמוּאֵל יַרְחִינָאָה װָאס אִיז גֶעװֶעהן אַ גְרוֹיסֶער אַסְטְרָאנָאם אוּנ אַדָאקְטָאר אוּנ הָאט רֶבִּי׳ן זֶעלְבְּסְט אוֹיסְגֶעהֵיילְט פוּן אַשְׁטַארְקֶער קְרַאנְקְהַייט. אַז רֶבִּי הָאט זִיךְ גֶעװָאלְט פֶערַאֶנְטְװֶערְן פַאר אִים הָאט אִים שְׁמוּאֵל גֶעאֶנְטְװֶארְט: זָאלל דִיר נִיט פֶּערְדְרִיסֶען. אִיךְ זֶעה אַז פוּן הִימֶעל הָאט מֶען אַזוֹי גוֹזֵר גֶעװֶעהן: אַז שְׁמוּאֵל זָאלל הֵייסֶען נוּר חָכָם, אָבֶּער נִיט רַבִּי, פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען זָאלל עֶר רַבִּי׳ן אוֹיסְהֵיילֶען פוּן זַיין קְרַאנְקְהַייט. אַז רַבִּי חֲנִינָא, װָאס הָאט זִיךְ

גערעכענט צווישען די גרעסטע לומדים. האט אמאל אנדערש געלערנט א פסוק פון יחזקאל. ווי רבי יהודה האט געמיינט, אונ האט געזאגט אז ער האט דעם פירוש געהערט פון רב המנונא אין בבל, האט איהם דער נשיא באלד גע־אנטפערט: „אויב דו וועסט נאך אמאל זיין ביי איהם, זאלסטו איהם זאגען אז איך האלט דיך פאר אחכם”, אונ דערמיט האט שוין רבי חנינא בעקומען דעם בעסטען ווינק אז קיין סמיכה וועט ער פון איהם קיין מאל ניט בעקומען. אוודאי האבען זיך געפונען פיעל אונצופרידענע אונ איין מאל אויף א שמחה, ווען דער ויין האט ארויפגעבראכט אויף דער צונג אלערליי וואס איז געוועהן אויף דער לונג, האבען רבי חייא׳ס צוויי זיהן, יהודה אונ חזקיה, געזאגט רבי יהודה׳ן אין אויג, אז איבער דעם נשיא אונ דעם ריש גלותא קאן משיח ניט קומען.

רבי יהודה׳ס פעסטער ווילען אונ שטארק בעליבטקייט ביי׳ם פאלק האט פיעל פערהאלפען דערצו, וואס ער האט געקאנט מבטל זיין אזוינע דינים אונ מנהגים, וואס האבען ניט געפאסט צו יענער צייט. שווער איז איהם נאר אנגע־קומען אב צושאפען די דינים פון מעשר אונ שמיטה, וואס זענען געלעגען ווי א שווערע משא אויפ׳ן פערארעמטען פאלק, אונ אז ער האט צו זיך צונעצויגען דעם גרעסטען למדן פון יענער צייט, רבי פנחס בן יאיר, רבי שמעון בן יוחאי׳ס איידעם, אונ האט גערעכענט אז ער וועט איהם העלפען צו בעווייזען אז אבהיטען אזעלכע מצות אין דער פרעמד אדער אויף אזא ערד, וואס איז שוין לאנג ארויס פונ׳ם יודישען רשות, איז ניט קיין חיוב, האט ער נאך אין איהם געפונען א שטארקען געגנער געגען זיין מיינונג.

בעזאנדערס אבער האט זיך רבי יהודה בעריהמט געמאכט דערמיט וואס ער האט געארדענט אונ געענדיגט די גרויסע ארבייט פון רבי עקיבא׳ן אונ רבי מאיר׳ן אונ האט צונויפגענומען אללע דינים אונ הלכות וואס זענען ארויסגעגעבען געווארען אין די לעצטע יאהרען אונטער דעם נאהמען „משנה”. רבי יהודה האט זיך מיה געגעבען אז די משנה זאל זיין געשריבען אויף ריין לשון הקודש, נאר וואו עס איז ניט מעגליך געוועהן אויסצופיהרען האט ער אויך צו־גענומען אין דער משנה אסך גריכישע אונ לאטיינישע ווערטער. חוץ אללע דינים אונ הלכות האט ער אין משנה אריינגענומען די מוסר פון אונזערע הייליגע חכמים אונ האט זיי א נאמען געגעבען „פרקי אבות”, די טהייערע פערל וואס האבען זיך געשיט פונ׳ם מויל פון אונזערע חכמים אונ וואס בלישטשען נאך

אַצוּנְד אַזוֹי וִוי לִיכְטִיגֶע דִיאַמַאנְטֶען, וֶועלְכֶע וֶועלֶען קֵיין מָאל נִיט פֶערְלִיעֶרֶען זַייעֶר וֶוערְטה.

רַבִּי יְהוּדָה׳ס צַייט אִיז נִיט גֶעוֶועהן בֶּעזָאנְדֶערְס גְלִיקְלִיךְ. פוּן דֶעם גוּטֶען קֵייזֶער מַארְק אוֹירֶעלְיוּס׳ס מְלוּכָה הָאט עֶר אִין גַאנְצֶען אֵיין יָאהר פֶערְחַאפְּט, אוּנ נָאךְ זַיין טוֹיט, אַז אִין רוֹם הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערְשֶׁען סֶעפְּטִימְיוּס סֶע־וֶוערוּס, אוּנ פֶּעסְצֶענְיוּס נִיגֶער, וָואס הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּפִיהרְט דִי הַאנְד אִין גַאלִילֶעאַ, אִיז דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען זֶעהר שְׁלֶעכְט אוּנ נ״ז זַיי הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעבֶּעטֶען אַבִּיסֶעל צוּ פֶערְקְלֶענֶער׳ן זַייעֶרֶע נְתִינוֹת, הָאט עֶר זַיי גֶעאֶנְטְפֶערְט אַז עֶס טְהוּט אִיהם בַּאנְג וָואס עֶר קָאן בַּיי זַיי נִיט פָאדֶערֶען קֵיין בֶּעזוּנְדֶערְן מַס אֲפִילוּ פַאר דֶער לוּפְט וָואס זַיי אַטְהֶמֶען. אַז עֶס אִיז אַרוֹיס אַ קְרִיעג צְוִוישֶׁען דִי בֵּיידֶע יוֹרְשִׁים פוּן דֶער רֶאמִישֶׁער קְרוֹין אוּנ דִי שֹׁמְרוֹנִים הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען מִיט פֶּעסְצֶענְיוּס נִיגֶער. זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעשְׁטַאנֶען פַאר סֶעפְּטִימְיוּס סֶעוֶוערוּס, וֶועלְכֶער הָאט גוֹבֵר גֶעוֶועהן אוּנ דֶערְפַאר גֶעטְהוּן פִיעל חֲסָדִים מִיט׳ן יוּדִישֶׁען פָאלְק אוּנ דִי שֹׁמְרוֹנִים בֶּעשְׁטְרָאפְט דֶער מִיט וָואס עֶר הָאט בַּיי דִי אַנְוָואהנֶער פוּן זַייעֶר הוֹיפְּט שְׁטָאדְט שְׁכֶם צוּ גֶענוּ־מֶען אַללֶע רֶעכְטֶע. דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶ׳ן וָואלְט אֶפְשַׁר דֶעמָאלְט אִין גַאנְצֶען בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען, וֶוען זַיי לָאזֶען זִיךְ נִיט פֶערְפִיהרֶען פוּן דִי פַּארְטְהֶער, וָואס הָאבֶּען זַיי צוּגֶעזָאגְט אוּמְצוּקֶעהרֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אוֹיסְבּוֹיעֶן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וֶוען זַיי וֶועלֶען זַיי הֶעלְפֶען גֶעגֶען דִי רֶאמֶער. דִי מְרִידָה הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען הִיטְצִיגֶע יוּנְגֶע לַייט אוּנ דֶער אֶלְטֶערֶער דוֹר הָאט דֶערְפוּן נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען. אַוַדַאי הָאבֶּען דִי מוֹרְדִים גֶ׳חַאפְּט אַ בִּיטֶערן פְּסַק אוּנ כְּדֵי אוּמְשׁוּלְדִיגֶע זָאלֶען נִיט גֶע־נִיעסֶען זַייעֶר זְכוּת, הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַלֵיין זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיסְצוּגֶעבֶּען דִי מוֹרְדִים, אוּנ צְוֵויי בֶּערִיהמְטֶע חֲכָמִים ר׳ אֶלְעָזָר ב״ר שִׁמְעוֹן אוּנ ר׳ יִשְׁמָעֵאל ב״ר יוֹסִי הָאבֶּען גֶעמוּזְט נֶעהמֶען דִי רָאלֶע אוֹיף זִיךְ זַיי אוֹיפְצוּזוּכֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי רוֹימֶער. דָאס הָאט אַבִּיסֶעל גֶעשְׁטִילְט דֶעם צָארן פוּן סֶעוֶוערוּס אוּנ עֶר הָאט זִיךְ נָאר בֶּעגְנִיגְט דֶער־מִיט וָואס עֶר הָאט וַוייטֶער מְקָרֵב גֶעוֶועהן דִי שֹׁמְרוֹנִים אוּנ דִי יוּדֶען הָאט עֶר פַארְוֶועהרְט זַיי זָאלֶען נִיט טָארֶען קֵיין גֶעטְצֶענְדִיעֶנֶער אַרַיינְנֶעהמֶען אִין זַייעֶר אֱמוּנָה. וִוי עֶס שַׁיינְט, זֶענֶען צְוִוישֶׁען דִי מוֹרְדִים גֶעוֶועהן פִיעל גֵרִים, וָואס הָאבֶּען גֶעמוּזְט, צוּזַאמֶען מִיט זַייעֶרֶע מוֹהֲלִים, אָבְּטְרֶעטֶען פוּנ׳ם לַאנְד, אָדֶער פֶערְמִשְׁפָּט וֶוערֶען צוּם טוֹיט.

מִיט רַבִּי יְהוּדָה׳ן אִיז גֶעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען דִי צָאהל פוּן דִי תַּנָּאִים אוּנ

פַאר'ן טוֹיט הָאט עֶר גֶעמַאכְט פַאר אַ נָשִׂיא זַיין אֶלְטֶערן זוּהן, גַמְלִיאֵל, אוּנ-דֶעם יוּנְגֶערְן שִׁמְעוֹן הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט פַאר'ן ראש הַמְדַבְּרִים אִין דִי אֲסִיפוֹת. עֶר הָאט גֶעפִיהלְט בַּיי זִיךְ אַז עֶר הָאט נִיט יוֹצֵא גֶעוֶועהן גֶעגֶען זַיין תַּלְמִיד, רַבִּי חֲנִינָא בַּר חָמָא, אוּנ הָאט אָנְגֶעזָאגְט דֶעם נַייֶעם נָשִׂיא, עֶר זָאל אִיהם בַּאלְד גֶעבֶּען דִי עֶרְשְׁטֶע סְמִיכָה אוּנ זָאל זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט פְרַיינְדְלִיכֶער בֶּעגֶעהן מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים. אִין דֶער צַוָאָה הָאט רַבִּי יְהוּדָה אָנְגֶעזָאגְט מֶען זָאל נִיט טְרוֹיעֶרְן נָאךְ אִיהם אוּנ בַּאלְד נָאךְ שְׁלֹשִׁים זָאל מֶען אֶפְנֶען דִי יְשִׁיבָה. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי יְדִיעָה פוּן זַיין טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְלָאג צְוִוישֶׁען אַלֶּע יוּדֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם מַסְפִּיד גֶעוֶועהן אִין אַכְטְצֶעהן שׁוּלֶען. בַּיי דֶער טַהֲרָה הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט אֲפִילוּ כֹּהֲנִים, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַהֶיתֶּר צוּ לִיעבּ דֶעם כָּבוֹד פוּנ'ם מֵת

דֶער נַייֶער נָשִׂיא, רַבָּן גַמְלִיאֵל דֶער דְרִיטֶער, הָאט גֶעלֶעבְּט אִין אַ בֶּעסֶערֶע צַייט פוּנ'ם פָּאטֶער. פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר כְּסֵדֶר, נָאךְ סֶעוֶוערוּסֶ'ס טוֹיט, הָאבֶּען דִי מְלוּכָה אִין רוּם גֶעפִיהְרְט פִיער סִירִישֶׁע פְרוֹיעֶן: דִי אַלְמָנָה פוּנ'ם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם קֵייזֶער יוּלְיַא דַאמְנַא אָדֶער מַארְטְהַא, אִיהר שְׁוֶועסְ-טֶער יוּלְיַא מֶאזַא אוּנ בֵּיידֶע טֶאכְטֶער מֶאזַא'ס, יוּלְיַא זָאאֶמִיאַ אוּנ יוּלְיַא מַאמְמַא. זֵיי זֶענֶען אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט עֶמֶעזַא, וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיס יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען פִיעל גֵרִים; צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ בֶּעזָאנְדֶערְס אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט עֲשִׁירוֹת דִי מִשְׁפָּחָה בַּר־אַשְׁתּוֹר, אוּנ אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבֶּען גוּט גֶעקֶענְט יוּדֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעזוּכְט זֵייעֶר פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ אַז זָאאֶמִיאַ הָאט גֶעוָואלְט אַז אִיהר זוּהן קְלַגַבַּל (אַנְטוֹנִינוּס) זָאל וֶוערֶען קֵייזֶער, הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבְצוּשִׁיטֶען דִי יוּדֶען מִיט טוֹבוֹת. דֶעמָאלְט הָאט דֶער נָשִׂיא גֶעזָאגְט, אַז „מֶען דַארְף זִיךְ הִיטֶען פַאר דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה, וַוייל זֵי אִיז מְקָרֵב אַמֶענְשֶׁען נָאר דֶעמָאלְט וֶוען זֵי דַארְף אָנְקוּמֶען צוּ אִיהם". נָאר וִוי אַזוֹי דִי זַאךְ אִיז שׁוֹין דָארְט גֶעוֶועהן, צוּ הָאט עֶס דֶער נַייֶער קֵייזֶער קְלַגַבַּל גֶעמֵיינְט מִיט'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען אָדֶער גֵיין, נָאר דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִיז פָארְט בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זֵיי אַלֵיין הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּעוִויזֶען אַ שְׁטַארְק הִתְקָרְבוֹת צוּ דִי רֶאמֶער. דֶעם נָשִׂיא'ס בֵּיידֶע זִיהן, יְהוּדָה אוּנ הִלֵל, הָאבֶּען זִיךְ צוּ פְלַייס גֶעלֶערְנְט גְרִיכִישׁ אוּנ הָאבֶּען זִיךְ דִי הָאר גֶעשׁוֹירֶען וִוי דִי רֶאמֶער.

אַז נָאךְ רַבָּן גַמְלִיאֵל'ס טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען נָשִׂיא זַיין זוּהן רַבִּי יְהוּדָה דֶער צְווייטֶער, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען נָאךְ שְׁטַארְקֶער צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי פְרַיינְד-שַׁאפְט צְוִוישֶׁען יוּדֶען אוּנ רֶאמֶער אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר מַתִּיר גֶעוֶועהן צוּ

קויפֶען אֶעל בַּיי די גֶאטְצֶענְדִיעֶנֶער אונ הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּ טְרוֹיעֶרן אוֹיף הַאדְרִיַאנ'ס גְזֵרוֹת אונ די יוּדִישֶׁע חֲתוּנוֹת זָאלֶען וַוייטֶער גֶעמַאכְט וָוערֶען מִיט שִׂמְחָה אונ פַּארַאד. עֶר הָאט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ מְבַטֵל זַיין דֶעם תַּעֲנִית פוּן תִּשְׁעָה בְּאָב, נָאר מֶען הָאט עֶס נִיט דֶערְלָאזְט. דֶערְפַאר הָאבֶּען דֶעמָאלְט אוֹיפְגֶעהֶערט פִיעל מִנְהָגִים, וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען ווִי אַיין אַייזֶערְנֶע וַואנְד צְווִישֶׁען די יוּדֶען אונ די רָאמֶער, אוּנ אַז די מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ יוּלְיַא מַאמֶעאַ'ס זוּהן, אַלֶכְּסַנְדֶר סֶעוֶוערוּס, וָואס אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר אַ גוּטֶער מֶענְשׁ אונ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען צוּ שֶׁאטְצֶען די טְהַייֶערֶע מִדוֹת וָואס לִיגֶען אִין יוּדֶענְ־טְהוּם אונ אוֹיךְ אִין קְרִיסְטֶענְטְהוּם, הָאבֶּען די יוּדֶען זִיךְ גֶעפִיהלְט טַאקִי גְלִיקְלִיךְ. דֶער קֵייזֶער הָאט בַּיי זִיךְ אִין טֶעמְפֶּעל אַריינְגֶעשְׁטֶעלְט די בִּילְדֶער פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ אונ פוּן קְרִיסְטוּס, אוּנ אוֹיפ'ן טוֹיעֶר פוּן זַיין פַּאלַאץ אונ אַנְדֶערֶע בִּנְיָנִים פוּן דֶער מְלוּכָה הָאט עֶר גֶעלָאזְט אוֹיסְקְרִיצֶען הִלֵל'ס וֶוארְטֶער: „וָואס דוּ הָאסְט אַלֵיין פַיינְד, זָאלְסְטוּ נִיט טְהוּן קֵיין אַנְדֶערְן״. בַּיי אַ מִלְחָמָה, אַז דָאס חַיִל פְּלֶעגְט אַריינְגֶעהן אִין פְרֶעמְדֶע אֶרְטֶער, הָאט עֶר דִי אֵייגֶענֶע וֶוארְטֶער גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּפֶען אונ דֶערְמִיט דֶערְמָאנְט די סָאלְדַאטֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ אָבְּהִיטֶען פוּן גְזֵלָה אונ רְצִיחָה גֶעגֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶע רוּהִיגֶע אַנְוָואהנֶער. דֶער נָשִׂיא אִיז גֶעוֶועהן בַּיי'ם קֵייזֶער אַזַא חָשׁוּב אַז אִין דֶער מִלְחָמָה וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט'ן פֶּערְסִישֶׁען מֶלֶךְ אַרְדַשִׁיר הָאט אִיהם רַבִּי יְהוּדָה גֶעמוּזְט בַּאלֵייטֶען קֵיין אַנְטְיָאכְיֶען אוּנ הָאט פוּן אִיהם בֶּעקוּמֶען זֶעהר פִיעל עֶרְד פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן פַאר אַ מַתָּנָה. מֶען הָאט שׁוֹין נִיט צוּ רֶעדֶען אַז אַלֶע פְרִיהֶרִיגֶע גְזֵירוֹת זֶענֶען בָּטֵל גֶעוָוארֶען: די יוּדֶען הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אַיין עֶרְלוֹיבְּנִישׁ אַריין צוּפָאהרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. אִינ'ם יָאהר פוּן שְׁמִיטָה הָאט מֶען זֵיי בֶּעפְרַייט פוּן אַלֶע נְתִינוֹת אונ די רַבָּנִים הָאט מֶען גֶעגֶעבֶּען רֶעכְט צוּ מִשְׁפָּט'ן אונ פַּסְקְנֶען שַׁאֲלוֹת ווִי אַ מָאל. צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער אַלֶכְּסַנְדֶר סֶעוֶוערוּס גֶעהַרְגֶ'ט גֶעוָוארֶען אונ די שַׁיין פוּן גְלִיק הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען פַאר די יוּדֶען נָאר אוֹיף אַ קוּרְצֶע צַייט.

נָאךְ סֶעוֶוערוּסֶ'ס טוֹיט הָאט רוֹם זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צוּרוּקֶען צוּ דֶער מַפָּלָה. אִין אַ צַייט פוּן צְוַואנְצִיג יָאהר הָאט מֶען צֶעהן מְלָכִים גֶעטֵייטְ, אִין לַאנְד אִיז גֶעוָוארֶען חֹשֶׁךְ אונ די יוּדֶען הָאבֶּען גֶעלִיטֶען צוּם עֶרְסְטֶען. בֶּעזָאנְדֶערְס אִיז זֵיי שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען פַאר'ן קֵייזֶער פִילִיפּ, וָואס הָאט כְּלוֹמֶר'שְׁט מֶעהר גֶעהַאלְטֶען מִיט'ן קְרִיסְטֶענְטְהוּם אונ הָאט גֶעוָואלְט יוֹצֵא זַיין דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֶעסֶען יוּדֶען אונ פָאדֶערֶען בַּיי זֵיי מֶעהר מַס. דֶעמָאלְט הָאט רַבִּי יַנַאי גֶעמוּזְט עֶרְלוֹיבֶּען צוּ אַקֶערְן די פֶעלְדֶער אוּם שְׁמִיטָה אונ הָאט

גֶעזָאגְט: „מִיר יוּדֶען הָאבֶּען נִיט דָאס גְלִיק פוּן דִי רְשָׁעִים אוּנ נִיט דִי צָרוֹת פוּן דִי צַדִיקִים".

בַּיי אַזַא לַאנְגֶע זֶענֶען דִי יוּדֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אָרֶעם גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְהַאלְטֶען דִי יְשִׁיבוֹת. דֶער נָשִׂיא, וָואס הָאט שׁוֹין נִיט פֶערמָאגְט דֶעם זֵיידֶענְס רַייכְקַייט, הָאט גֶעמוּזְט אַרוֹיסְשִׁיקֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט שְׁלוּחִים זֵיי זָאלֶען צוּנוֹיפְנֶעהמֶען נְדָבוֹת, אוּנ פוּן אַללֶע לֶאנְדֶער הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיקֶען גֶעלְד. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זֶעהר מִילְדְקַייט דִי יוּדֶען פוּן רוֹם, וָואס צוּ זֵיי אִיז גֶעפָאהרֶען אֵיינֶער פוּן דִי בֶּערִיהמְטֶעסְטֶע לוֹמְדִים רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי. דִי יְשִׁיבוֹת הָאבֶּען אָבֶּער טַאקִי מְהַזֵק גֶעוֶועהן דִי תּוֹרָה אוּנ דִי לוֹמְדִים פוּן יֶענֶער צַייט, וָואס מֶען הָאט זֵיי שׁוֹין גֶערוּפֶען אֲמוֹרָאִים, דָאס הֵייסְט: עֶרְקְלֶעהרֶער, הָאבֶּען אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אַבֶּעזוּנְדֶער זַאמְלוּנְג פוּן מֵיינוּנְגֶען אִיבֶּער פֶערְשִׁידֶענֶע דִינִים אוּנ הֲלָכוֹת, וֶועלְכֶע גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דֶער מִשְׁנָה, אוּנ דִי זַאמְלוּנְג הָאט בֶּעקוּמֶען אַנָאהמֶען תַּלְמוּד אָדֶער גְמָרָא. אוֹיסֶער דֶעם זֶענֶען דֶעמָאלְט מֶעהר בֶּעקָאנְט גֶעוָוארֶען פִיעל סְפָרִים וָואס זֶענֶען נָאךְ פְרִיהר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען: תּוֹסֶפְתָּא, אַ„צוּזַאטְץ" צוּ דֶער מִשְׁנָה. סִפְרָא, אַפֵּירוּשׁ אוֹיף „וַיִקְרָא". סִפְרִי, אַפֵּירוּשׁ אוֹיף „בַּמִדְבָּר" אוּנ „דְבָרִים". מְכִילְתָּא, אַפֵּירוּשׁ אוֹיף „שְׁמוֹת" אוּנ בְּרַיְיתָא, וָואס בֶּעשְׁטֶעהט פוּן מֵיינוּנְגֶען וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען גֶעזַאמֶעלְט אִין בָּבֶל רַבִּי חִיָיא אוּנ זַיין תַּלְמִיד רַבִּי הוֹשַׁעְיָה (אוֹשַׁעְיָה).

צְווִישֶׁען דִי אֲמוֹרָאִים הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזָאנְדֶערְס אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט רַבִּי יוֹחָנָן, וָואס הָאט גֶעהַאט זֶעהר אַעֶדְלֶע אוּנ שֶׁאנֶע גֶעשְׁטַאלְט, אוּנ רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן לָקִישׁ, וָואס אִיז גֶעוֶועהן הוֹיךְ גֶעוַואקְסֶען אוּנ שְׁטַארְק וִוי אַרִיז אוּנ אִיז אַמָאל גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן אִין דֶער נוֹיט זִיךְ צוּ פֶערְדִינְגֶען אִין אַצִירְק אוּנ דָארְט זִיךְ שְׁלָאגֶען מִיט ווִילְדֶע חַיוֹת. רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן לָקִישׁ אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר פְרוּם אוּנ הָאט לִיעבּ גֶעהַאט פְרַיי אַרוֹיסְצוּזָאגֶען דֶעם אֱמֶת; עֶר הָאט פַיינְד גֶעהַאט צוּ גֶעהן מִיט וַוייבֶע רֶעד אוּנ פְלֶעגְט אֲפִילוּ קַיין כָּבוֹד נִיט לֶעגֶען אוֹיפ'ן נָשִׂיא. עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט אָפֶען אַרוֹיסְצוּזָאגֶען אַז „אִיוֹב לֹא הָיָה וְלֹא נִבְרָא אֶלָא מָשָׁל הוּא", אַז „אִיוֹב" אִיז קַיין מָאל אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוֶועהן אוּנ אִיז נִיט מֶעהר ווִי אַיין מָשָׁל אוּנ מוּסָר. רַבִּי יוֹחָנָן'ס גַאנְג אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן גָאר אַיין אַנְדֶערֶער; עֶר אִיז גֶעוֶועהן פוּן דֶער נַאטוּר אַוַוייכֶער אוּנ הָאט לִיעבּ גֶעהַאט אוֹיסְצוּקוּמֶען מִיט אַללֶע מֶענְשֶׁען. עֶר הָאט מַתִּיר גֶעוֶועהן מֶאנֶער אוּנ פְרוֹיעֶן צוּ לֶערְנֶען גְרִיכִישׁ אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסֶער תּוֹרָה בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט חֲקִירָה, אוּנ הָאט מוֹדֶה גֶעוֶועהן אַז דִי גְרִיכִישֶׁע פִילָאזָאפְיֶע הָאט גֶעהַאט

אַ שְׁטַארְקֶע כְּעוּלָה אוֹיף דִי פֶּעלְקֶער אוּנ הָאט צְוִוישֶׁען זֵיי פֶערְפְּלַאנְצְט גוּטֶע מִדוֹת.

## 5 דָאס יוּדִישְׁקַייט אִין בָּבֶל אוּנ אִין פֶּערְסִיֶען.

(240—300) נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט.

די הַשְׁגָחָה הָאט אַזוֹי גֶעפִירְט אַז אַגְרוֹיסֶע צָאהל יוּדֶען זָאל זִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין בָּבֶל אוּנ פֶּערְסִיֶען אוּנ וֶוען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער זָאל שׁוֹין וֶוערֶען נָאר עֶנְג אִין דֶער גֶעוֶועֶנֶער הֵיים, זָאלֶען זֵיי נָאךְ הָאבֶּען אַקְוֶועלֶע פוּן הָאפְנוּנְג אוּנ הִילְף. דָאס הָאט מֶען גֶעזֶעהן אִין עֶזְרָא'ס צַייט אוּנ דָאס אֵייגֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן אַצוּנְד. וֶוען דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין דִי רֶאמִישֶׁע לֶאנְדֶער אִיז גֶעוָוארֶען שְׁלֶעכְט אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אַזַא אָרֶעמְקַייט אַז דִי יְשִׁיבוֹת הָאבֶּען זִיךְ מִיט גְרוֹיס מִיה גֶעקָאנְט הַאלְטֶען אוּנ דֶער אֵיינְצִיגֶער יוּדִישֶׁער אוֹצָר, דִי תּוֹרָה, הָאט גֶעזָאלְט אִין גַאנְצֶען פֶערְשְׁווִינְדֶען. דֶעמָאלְט, וֶוען אַ שְׁטַארְקֶער נֶעבֶּעל הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִי יוּדֶען אִין גַאלִילֶעאַ, הָאבֶּען בֶּעזָאנְדֶערְס גֶעגְלֶאנְצְט דִי יוּדֶען פוּן בָּבֶל, וואוּ מֶען הָאט אַ טְהֵייל פוּנ'ם לַאנְד גֶערוּפֶען „אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל" דֶערְפַאר וָואס דָארְט הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת, הָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן צוּוָוארְפֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אוּנ אוּמֶעדוּם הָאט מֶען זֵיי גֶעהַאלְטֶען מִיט כָּבוֹד.

צְווִישֶׁען דִי יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדְט אִין בָּבֶל אִיז דִי גְרֶעסְטֶע גֶעוֶועהן נְהַרְדְעָא בַּיי'ם טַייךְ פְּרָת, וָואס מֶען הָאט זִי אוֹיךְ גֶערוּפֶען „יְרוּשָׁלַיִם פוּן בָּבֶל"; אַז דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז נָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען פְלֶעגְט מֶען דָארְט צוּנוֹיפְנֶעהמֶען אַלֶע נְדָבוֹת פוּן אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער אוּנ אַוֶועקְשִׁיקֶען אוּנְטֶער אַ שְׁטַארְקֶער וַואךְ אִין דֶער יוּדִישֶׁער הוֹיפְּטְשְׁטָאדְט. עֶטְלִיכֶע מַייל פוּן דָארְטֶען הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען זֶעהר אַגְרוֹיסֶע אוּנ בֶּעפֶעסְטִיגֶע שְׁטָאדְט פִּירוּז־שַׁבּוּר אוּנ נִיט וַוייט אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אֵיינֶע פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע שְׁטֶעדְט פּוּמְבְּדִיתָא, וָואס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זֶעהר פִיעל בִּנְיָנִים אוּנ טְהַייעֶרֶע פַּאלַאצֶען. ווִי עֶס וַוייזְט אוֹיס זֶענֶען דִי אַנְוואוֹהְנֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט גֶעוֶועהן גְרוֹיסֶע אוֹיסְבְּרֶענְגֶערְס אוּנ מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעהַאלְטֶען פַאר עֶהְרְלִיכֶע לַייט; עֶס פְלֶעגְט דֶעמָאלְט אַרוֹיסְגֶעהן אַוָוארְטֶעל: „קוּים פָּאהְרְסְטוּ צוּזַאמֶען מִיט אַפּוּמְבְּדִיתָא'ר, לָאז עֶר נִיט ווִיסֶען וואוּ דַיין אַכְסַנְיָא אִיז". זֶעכְצֶעהן מַייל פוּן דָארְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דִי שְׁטָאדְט מָתָא מְחַסְיָא, אָדֶער סוּרָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַסַךְ אָרֶעמֶער פוּן פּוּמְבְּדִיתָא, נָאר דִי אַנְוואוֹהְנֶער זֶענֶען גֶעוֶועהן גוּט אוּנ פְרוּם אוּנ דֶערְפַאר פְלֶעגְט מֶען אָפְט זָאגֶען „אַז עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ זַיין אִין סוּרָא אִין אַאַיינְגֶעהוֹיקֶערְט שְׁטִיבֶּעל אֵיידֶער אִין אַפַּאלַאץ פוּן

פּוּמְבְּדִיתָא. נָאךְ אִין אַ פִּירְטֶער שְׁטָאדְט מְחוּזָא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעוואוֹהנְט זֶעהר פִיעל יוּדֶען, וָואס זֶענֶען גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן גֵרִים. דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר פְרוּכְטְבַּאר, וַוייל דָארְט זֶענֶען גֶעוֶועהן פִיעל טַייכֶען אוּנ וַואסֶערְן אוּנ דַארִיבֶּער אִיז אוֹיף פֵּירוֹת דָארְט גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיס גֶערֶאטֶענִישׁ. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אַקֶערְבּוֹי, מִסְחָר אוּנ אַללֶערְלֵיי מְלָאכוֹת.

אִין בָּבֶל הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעפִיהלְט זֶעהר פְרַייא אוּנ מֶען קָאן זָאגֶען אַז עֶס הָאט זֵיי נִיט גֶעפֶעהלְט קַיין זֶעלְבְּסְשְׁטֶאנְדִיגְקַייט. פַאר דֶער מְלוּכָה הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט נָאר אֵיין הִתְחַיְבוּת, צוּ צָאהלֶען מַס פוּן יֶעדֶען נֶפֶשׁ אוּנ פוּן דֶער עֶרְד וָואס יֶעדֶער הָאט פֶערְמָאגְט, עֶרְד אִיז ווידֶער גֶעוֶועהן גֶענוּג אִין לַאנְד אוּנ וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעוָואלְט נֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ צוּ צָאהלֶען דֶעם מַס, הָאט גֶעקָאנְט ווערֶען אַ בַּעַל הַבַּיִת פוּן פֶעלְדֶער אוּנ זֵיי בֶּעאַרְבֵּייטֶען. דֶער גַאנְצֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּנ'ם יוּדִישֶׁען פָאלְק אִיז גֶעוֶועהן דֶער רֵישׁ גָלוּתָא, וָואס פְלֶעגְט טְרָאגֶען אַ זַיידֶענֶעם מַאנְטֶעל מִיט אַ גָאלְדֶענֶעם גַארְטֶעל אוּנ הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט דֶער פִירְטֶער פוּנ'ם קֶאנִיג. דִי רֵישׁ גָלוּתָא, פוּן וועלְכֶע נְחוּנְיָה, אָדֶער אֲחִיָה, הָאט זֶעהר פִיעל גֶעזָארְגְט פַאר דִי יְשִׁיבוֹת אִין בָּבֶל, הָאבֶּען גֶעפִיהרְט זֵייעֶר יִחוּס פוּן זְרוּבָּבֶל'ן אוּנ הָאבֶּען עֶקְסִיסְטִירְט בִּיז צוּם עֶלְפְטֶען יָאהרְהוּנְדֶערְט.

דִי מַאכְט פוּן רֵישׁ גָלוּתָא אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז עֶר הָאט נִיט נָאר אַלֵיין גֶעקָאנְט מִשְׁפָּט'ן דִי יוּדֶען, נָאר אוֹיךְ שְׁטֶעלֶען פוּן זִיךְ שׁוֹפְטִים, וָואס הָאבֶּען אִין זַיין נָאהמֶען גֶעמֶאגְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטְרָאף. דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע הַנְהָגָה אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער זַיין הַשְׁגָחָה אוּנ עֶר הָאט אוֹיךְ אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דִי סוֹחֲרִים זֵיי זָאלֶען אָבְּהִיטֶען אַרֶעכְטֶע וָואג אוּנ אַיין אֶמֶת'ע מָאס. דֶער רֵישׁ גָלוּתָא הָאט גֶעלֶעבְּט ווִי אַ מֶלֶךְ, אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט פִיעל דִיעֶנֶער, אוּנ דָאס פָאלְק פְלֶעגְט אִיהם אָבְּגֶעבֶּען דֶעם גְרֶעסְטֶען כָּבוֹד. עֶר פְלֶעגְט אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימֶען דִי רָאשֵׁי הַיְשִׁיבוֹת, אוּנ חָאטְשׁ אִין דִי עֶרְשְׁטֶע יָאהרֶען אִיז דִי תּוֹרָה אִין בָּבֶל גֶעשְׁטַאנֶען נָאר אוֹיף אַ נִידְרִיגֶער מַדְרֵגָה הָאבֶּען זִיךְ מִיט דֶער צַייט דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְוַוייזֶען גְרוֹיסֶע לוֹמְדִים, דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעטְהִיגְט אִין רֶעכְטֶע דַיָנִים, וָואס זָאלֶען פַּסְקְנֶען שַׁאֲלוֹת, אוּנ דָאס לֶערְנֶען הָאט דָארְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען.

פְרִיהֶר הָאבֶּען דִי יְשִׁיבוֹת פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען צוּ זִיךְ זֶעהר פִיעל תַּלְמִידִים פוּן בָּבֶל, בֶּעזָאנְדֶערְס אַז רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ אִיז גֶעוֶועהן נָשִׂיא. צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע לוֹמְדִים, וָואס בָּבֶל הָאט גֶעקָאנְט מִיט זֵיי שְׁטָאלְצִירֶען, זֶענֶען גֶעוֶועהן רַבִּי חִיָיא פוּן כָּפְרִי מִיט זַיינֶע צְווֵיי בֶּערִיהמְטֶע זִיהן, יְהוּדָה אוּנ חִזְקִיָהוּ

זייגע קרובים אבא אריכא, וואס מען האט איהם אויך גערופען רב, און רבה בר חנה, אבא און זיין זוהן מר שמואל. רבי חייא מיט די קינדער איז טאקי געבליבען אין גאליליא און נאך זייער טויט זענען זייערע קברים געווארען הייליג ביים פאלק. אבא אריכא און מר שמואל זענען צוריקגעפאהרען קיין בבל און אז דער ראש הישיבה פון נהרדעא איז געשטארבען איז זיין שטעלע איבערגעגאנגען צו מר שמואל. דעמאלט איז געוועהן ריש גלותא ענן און ער האט בעשטימט פאר די ערשטע שופטים צוויי בעקאנטע לומדים, מר־אבא, וואס איז געוועהן זעהר רייך און האט קיין שום לוין ניט פערלאנגט פאר זיין מיה, און קרנא, וואס איז געוועהן א געמיינער מאנן און האט זיך נאר געהייסען צאהלען שכר בטלה פאר דער פערלארענער צייט. אבא אריכא'ן האט ער געמאכט פאר אויפזעהער איבער די מארקען און ער האט געמוזט אכטונג געבען אז די מקחים פון עסענווארג זאלען ניט זיין טהייער. אזא ארבייט איז אבא־אריכא'ן ניט אנגעשטאנען, און אז דער ריש גלותא איז דערפון געוואהר געווארען, האט ער איהם געהייסען איינזעצען אין תפיסה אויף אלאנגער צייט ביז דער שופט קרנא האט איהם אויסגעבעטען. אין דער צייט וואס אבא־אריכא איז ארומגעפאהרען איבער דער מדינה, האט ער זיך געמאכט א גרויסען נאהמען און איז געווארען אגאנצער חשוב ביים פארטהיישען קאניג ארטבן און האט פון איהם בעקומען טהייערע פערל פאר א מתנה. אבא־אריכא האט אבער בעמערקט אז אין פיעל יודישע קהלות זענען די דינים פון כשר און טרפה גאר אונבעקאנט; צו ליעב דעם האט ער געמוזט ווערען א מחמיר, און ווייל ער האט געוואלט דעם עולם געוואהנען זיי זאלען האלטען פאר הייליג אללע מצות פון דער תורה, האט ער ניט געלאזט עובר זיין אפילו אויפ'ן קלענסטען דין, און עס איז ביי איהם געבליבען צו מאכען א בעזונדער נעסט פאר לומדים אין סורא. און אזוי איז פון איהם געגרינדעט געווארען די בעריהמטע ישיבה, וואס האט זיבען הונדערט יאהר כסדר פארשפרייט תורה און חכמה צווישען יודען.

די ישיבה האט אבא־אריכא געאפענט נאך פאר זיין בעשיצער ארטבן'ס לעבען, און באלד האט ער געהאט צוועלף הונדערט תלמידים פון די בעסטע יונגע לייט. די צאהל פון זיי האט זיך אבער יעדען טאג פערגרעסערט און אבא־אריכא איז געצוואונגען געוועהן צו צוקויפען פון זייערטוועגען א גרויסען גארטען, עס זאל זיין פלאטץ פאר אללע. מען האט איהם דעמאלט אנגעהויבען רופען רב (לעהרער) און די ישיבה האט געהייסען בי־רב (א הויז פאר לערנען). פיעל תלמידים, וואס האבען ניט געהאט פון וואס צו לעבען, האט ער אויף זיין רעכנונג

אויסגֶעהַאלְטֶען ווייל ער איז געוועהן רייך אונ האט גֶעהַאט גענוג געלדער. וואס ער פלעגט אליין בעארבייטען. דאס לערנען האט ער אזוי איינגעארדנעט אז אויסער בעשטאנדיגע תלמידים זאלען אויך בעלי בתים קאנען הערען דברי תורה אונ פערנומענע מענשען זאלען זיך ניט דארפען אבּרייסען פון פרנסה. צוויי חדשים אין יאהר, אדר אונ אלול, זענען געוועהן בעשטימט דארויף אז אללע זאלען זיך פערזאמלען קיין סורא אונ לערנען פון אין דער פריה ביז נאכט, אונ דער עולם האט זיך מיט אזא חשק געווארפען צו דער תורה אז מען פלעגט זיך אפילו ניט פערגינען צו געהן עסען. אויסער דער צייט, וואס האט געהייסען „די חדשים פון פערזאמלונגען", פלעגט אבא־אריכא פאר יעדען יום טוב אכט טאג כסדר האלטען פארלעזונגען אונ דעמאלט איז אזא גרויסער עולם זיך צונויפגעפאהרען קיין סורא אז מען האט ניט געהאט וואו צו נאכטיגען אונ פיעלע פלעגען בלייבען אויף דער גאס. אין דער צייט האט זיך יעדער געמוזט פריי איבערגעבען דעם לערנען, ווייל אללע געשעפטען האבען אויפגעהערט אונ אפילו בעלי חובות האבען דעמאלט ניט געטארט מאנען ביי קיינעם קיין געלד.

אבא־אריכא איז געוועהן זעהר שטרענג וועגען אבהיטען דינים אונ מנהגים, נאר ער האט אבער אויך אכטונג געגעבען אז דאס פאלק זאל זיך, אויסער מיט פרומקייט צו גאטט, אויסצייכנען מיט שאנע מדות צווישען מענשען. ער האט בעמערקט פון איין זייט אז יודען מאכען חתונה זייערע טאכטער, ווען זיי זענען נאך צו קליין אונ יונג, אונ דער חתן זעהט ערשט די כלה פאר דער חופה, ווען עס איז שוין צו שפעט חרטה צו האבען, אונ פון דער אנדערע זייט — אז דער חתן וואהנט ביי זיין מחותן נאך פאר דער חתונה אונ ווערט דורך דעם צו נאהענט צו זיין כלה. דאס אלדינג אונ נאך פיעל אנדערע זאכען האט ער פארוועהרט אונ האט איבערהויפט אזוי פיעל געארבייט אויסצוועדלען די זיטען; אונ ניט אומזיסט האט מען איהם פערגלייכט מיט הלל'ן. ער איז טאקי געוועהן אויך אזא עניו ווי הלל. ער האט געהאט אזוהן, חייא, אגרויסען למדן, זיין טאכטער האט גענומען א חתן פונ'ם ריש גלותא'ס משפחה, אליין האט ער געהאט כבוד פון אללע זייטען אונ פון דעסטוועגען האט ער גלעבט גאנץ פראסט אונ האט ליעב געהאט ערדארבייט. זיין צווייטען זוהן איבו, וואס האט ניט געהאט קיין שארפען מח, האט ער אנגעזאגט ער זאל זיך בעשעפטיגען מיט ערדארבייט אונ זיין בעשטאנדיג ווארטעל פלעגט זיין: „בעסער ווייניג פון פעלד עהדער פיעל פון קלייט". אז ער איז געשטארבען, האט דער טרויער נאך איהם געדויערט אגאנץ יאהר.

מר שמואל האט שטארק איבערטראפען אין ידיעות העולם אבא־אריכא'ן אונ

האָט זיך בּעזאָנדערס אָפּגעגעבּען מיט דיני ממונות, דאָס הייסט משפּטים פון געלד־זאַכען; אַחוץ דעם איז ער געוועהן אַ בּערימטער בּקי אין די חכמות פון מעדיצין אונ אַסטראָנאָמיע, ער איז געוועהן אַזוי קלאָר אין דעם גאַנג פון די שטערן, וואָס ער פלעגט שטענדיג בּעטראַכטען צוזאַמען מיט זיין פריינד, דעם פּערסישען חכם אַבלט, אַז ער פלעגט זיך בּעריהמען דערמיט וואָס „איהם זענען אַזוי בּעקאַנט די וועגען אין הימעל ווי די גאַסען פון נהרדעא”. מיט דער הילף פון דער חכמה האָט ער געמאַכט אַ לוח אונ פּינקטליך אויסגעראַכענט ווען אַללע ימים טובים פאַלען, כדי מען זאָל אין בּבל ניט זיין אַבּהענגיג בּיז מען וועט עס געבּען צו וויסען פון ארץ ישׂראל; נאָר, ווי עס שיינט, האָט ער זיין אַרבּייט ניט פערעפענטליכט, כדי די יודען זאָלען אין גאַנצען זיך ניט אָבּרייסען פון דער אַלטער היים. ער האָט אויך געהיילט קראַנקהייטען אונ ערפונדען אַ זאַלבּ צו אויגען־וועטהיג. נאָר מעהר לויבּ פערדיענט ער דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געמיהט בּיי די יודען היילינ מאַכען די געזעצע פון דעם לאַנד, וואו זיי וואָהנען, אונ דערמיט זיי אַיינפּליסען ליעבּע צו אָרדנונג אונ כּבוד פאַר אַהוק, וואָס כאָג אַפילו אַמאָל ניט גוט זיין פאַר׳ן יודען. מיט דריי ווערטער „דינא דמלכותא דינא” האָט ער שוין דעמאָלט מבטל געוועהן איינע פון די גרעסטע בּעשולדיגונגען וואָס מען איז אויך אין אונזערע צייטען ניט פויל אַרויפּצולעגען אויפ׳ן יודישען פאָלק.

בּיידע אמוראים, אַבּא־אַריכא אונ מר שמואל, האָבּען געלעבּט ווי בּרידער, האָטשי אָפט האָבּען זיי זיך ניט געקאָנט אויסגלייכען אין די דעות. נאָך אַבּא־אַריכא׳ס טויט איז מר שמואל געבּליבּען אַליין ראש ישיבה. לכתחלה איז מען אפילו אין גליל מסופּק געוועהן אין מר־שמואלס למדנות אונ מען האָט איהם דאָרט געהאַלטען פאַר אַ קענער נאָר פון אַנדערע חכמות, נאָר מיט דער צייט האָט ער זיך געמאַכט אַזא גרויסען נאָמען. אַז רבּי יוחנן אונ רבּי שמעון בּן לקיש האָבּען געוואָלט פאָהרען צו איהם קיין בּבל זיך מיט איהם זעהן. נאָר בּיז זיי האָבּען זיך געריכט איז מר שמואל דערוויל געשטאָרבּען. קיין זיהן זענען פון איהם ניט געבּליבּען, נאָר תּלמידים האָט ער איבּער געלאָזט זעהר פיעל.

אין דער צייט, וואָס די בּיידע אמוראים האָבּען געלעבּט, איז דערוויל געוואָרען אַ איבּערקערעניש אין לאַנד, וואָס האָט אַבּיסעל די יודען אויך נוגע געוועהן. געגען דער משפּחה וואָס האָט פיער הונדערט יאָהר געקאָניגט, איז גרויס אַמרידה אונ אויף אַרטבּן׳ס אָרט איז געוואָרען מלך אַרדשיר, וואָס האָט זיך אין גאַנצען אַריינגעלאָזט אין דער עבודה זרה, וואָס דיענט צום פייער

אונ האט ניט געוואלט ליידען אז אונטער זיין שוטץ זאלען זיך געפינען מענשען פון איין אנדער אמונה. דעמאלט האט מען די יודען שטארק אונטערדריקט · מען האט צוגענומען ביי די יודישע שופטים דאס רעכט צו משפט'ן אונ קיין איינציגער יוד האט ניט געטארט דיענען ביי דער מלוכה. אחוץ דעם האבען אפט די יודען, אין די פערסישע ימים טובים געמוזט ביי נאכט זיצען אין דער פינסטער, ווייל די פערסער פלעגען זיך מיט געוואלד ארייננהאפען אין זייערע הייזער אונ פארלעשען דאס פייער, כדי די יודען זאלען עס ניט מטמא זיין. זייערע מתים האבען די יודען אויך ניט געקאנט מקבר זיין, ווייל די פערסער האבען זיך נוהג געוועהן ארויסצוווארפען די טויטע פאר די רויב־פייגעל אונ האבען דאס אייגענע געגייט די יודען צו טהון. דאס האט אבער נאר געדויערט אקורצע צייט. די פערסער האבען אויפגעהערט אזוי שטרענג אבהיטען די מנהגים פון זייער אמונה, פון דער אנדערער זייט זענען די יודען געווארען אביסעל ווייכער אונ צוגעלאזטער, אונ אזוי איז געווארען צוריק שלום צווישען ביידע פעלקער. דער שלום האט זיך בעזאנדערס בעפעסטיגט ווען די מלוכה איז איבערגעגאנגען צום גוטהארציגען קאניג שבור דער ערשטער. וואס האט ליעב געהאט יודען אונ האט בעוויזען מר שמואלין גרויס פריינדשאפט. דעם קאניג שבור איז באשערט געוועהן צו געבען די ראמער דעם ערשטען קלאפ אונ אויף איהם קוקענדיג האבען נאך אנדערע פעלקער צונויפגענומען זייערע כוחות אונ האבען זיך ענטשלאסען איין עק צו מאכען פון דער שטאלצער ראמישער מלוכה. ווי פריש די וואונד איז נאך געוועהן פונ'ם יודישען פאלק, האט עס קוים געקאנט האבען אקליינע טראסט אונ זעהען מיט אייגענע אויגען אזוי ניך דעם שונא'ס מפלה.

די ראמישער מלוכה האט טאקי אנגעהויבען פאלען מעהר ווי מען האט עס געקאנט ערווארטען אונ גאר ניך האבען די ראמער מיט בושה געזעהן ווי דער מלך שבור האט אוועקגעפיהרט זייער קייזער וואלעריאנוס אין געפאנגענשאפט. דער נייער קייזער גאלליענוס איז אויך ניט געוועהן קיין גרעסערע בריה פונ'ם פאטער אונ רום איז אזוי שוואך געווארען, אז פיעל לאנדער האבען זיך אנגעהויבען אבצוטהיילען. דעם אנהייב האט געמאכט אגעוויסער גבור אדנת, אדער ווי די יודען האבען איהם גערופען פפא בר נצר, וואס האט צונויפגענומען אגרויסע מחנה אונ האט אבגענומען פאר זיך סיריען אונ פאלעסטינא אונ בעזעצט האט ער זיך אין פאלמירא (תדמור). אדנת האט אנגעטהון די יודען גרויסע צרות אונ האט זיך אויך געווארפען קיין בבל, וואו ער האט אתל געמאכט פון נהרדעא, אונ מר שמואל'ס תלמידים האבען געמוזט איבערפיהרען

זייער ישיבה קיין מחוזא. די וואס זענען אבער אריינגעפאלען צו אדנת'ן ז"ן די האנד, זענען פערקויפט געווארען פאר קנעכט און מען האט זיי צופלייס אנוועק-געשיקט אין אזעלכע ערטער וואו יודען וואהנען, כדי זייערע ברידער זאלען זיי אויסקויפען. דעמאלט זענען אויך געפאנגען געווארען מר שמואל'ס טאכטער, און עס איז מערקווירדיג, אז אין יענע יאהרען האבען זיך אויך געפונען גענוג צבוע'קעס, וואס האבען פיינד געהאט חכמה און האבען געדרונגען, אז דאס אומגליק איז געקומען אויף מר שמואל'ס קינדער ווייל זייער פאטער ז"ל געוועהן א צו גרויסער חקרן.

ביסלעכוויס האט אדנת ז"נגעהויבען שפיעלען די ראלע פון א ראמישען קייזער, נאר זיין גרויסקייט האט ניט לאנג געדויערט. זיין אייגענע פרוי זענאביא, וואס איז ניט צופרידען געוועהן דער פון וואס ער האט געגעבען מאכט זיין זוהן, פון דער ערשטער פרוי, הורדוס, ער זאל מיט איהם צוזאמען הערשען, האט אנגעשטעלט טאקי זיינעם אקרוב מעאניוס ער זאל איהם הארגנ'ען און אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו איהר, האט זי געוויזען אז זי פארשטעהט ווי אזוי צו פיהרען א מלוכה. איהר גליק איז אבער אויך נאר גע-וועהן אויף איין אויגענבליק: דער שטארקער ראמישער קייזער אורעליוס האט געמאכט איין עק פון איהר מלוכה, זי אליין האט ער אריינגעבראכט קיין רום אין גאלדענע קייטען, פון איהר הויפטשטאדט פאלמירא האט ער קיין זכר ניט געלאזט, און ערשט אין די היינטיגע צייטען האט מען אנגעהויבען אויס-גראבען איהרע חורבות פון אונטער דער ערד און רבי יוחנן, וואס האט זעהר אפט געזאגט: אז „וואהל וועט זיין דעם וואס וועט דערלעבען דעם סוף פון תדמור", האט ער טאקי געהאט די זכיה מיט אייגענע אויגען צו זעהן ווי עס איז אין גאנצען אבגעמעקט געווארען דער נאמען פון א שרעקליכען יודישען שונא.

אויף דעם אינעווענינסטען מעמד פון די יודען אין גליל האט דער איבער-שלאג כמעט זיך גאר ניט אנגעוועהן, חאטש נאך רבי יהודה דעם צווייטענ'ס טויט האט דער נייער נשיא, זיין זוהן גמליאל דער פירטער, שוין ניט געהאט דעם גלאנץ וואס פריהר און מען פלעגט נאר לעגען כבוד אויף איהם צו ליעב זיין יחוס פון דוד המלך. צו דער ישיבה אין טבריה האט ער זיך ניט געמישט און די גאנצע דעה איז נאר געוועהן ביי די אמוראים, רבי יוחנן און רבי שמעון בן לקיש. פון בבל האבען זיך אנגעצויגען הונדערטער תלמידים, וואס פלעגען אוועקווארפען ווייבער און קינדער און זיך אוועקלאזען שעפען תורה פון דער ערשטער ריינער קוועלע. רבי שמעון בן לקיש איז אפילו

דֶערְפוּן נִיט גֶעוֶועהן צוּפְרִידֶען אוּנ פְלֶעגְט אָפְּט שְׁרַייֶען אוֹיף דִי פְרֶעמְדֶע יְשִׁיבָה־בַּחוּרִים: „גֶעהט אַייךְ! וֶוען אִיהר הָאט גֶעקָאנְט בֶּעשִׁיצֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זֶוענְט אִיהר גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער הֵיים, וָואס זְשֶׁע הָאט אִיהר דָא אַצוּנְד צוּ טְהוּן?״. זַיין גֶעשְׁרֵיי הָאט אָבֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנ נִיט נָאר לוֹמְדִים יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעיָאגְט קַיין פַּאלֶעסְטִינַא, נָאר אוֹיךְ פְּרָאסְטֶע אַלְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט הָאטְשׁ שְׁטַארְבֶּען אוּנ בֶּעגְרָאבֶּען וֶוערֶען אִין דֶער הֵיילִיגֶער עֶרְד, אַזוֹי שְׁטַארְק אִיז נָאךְ דִי לִיעבְּשַׁאפְט פוּן דֶעם פָאלְק גֶעוֶועהן צוּ זַיין הֵיילִיג לַאנְד.

אִין בָּבֶל הָאבֶּען דִי יוּדֶען, וִוי וַוייט עֶס אִיז נָאר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן, בֶּע־פֶעסְטִיגְט דֶעם לִמּוּד פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ דִי אַרְבֵּייט פוּן דִי צְוֵויי עֶרְשְׁטֶע אֱמוֹרָאִים, אַבָּא־אַרִיכָא אוּנ מַר שְׁמוּאֵל אִיז וַוייט גֶעגַאנְגֶען נָאךְ מִיט מֶעהר חֵשֶׁק. אִין מִנְהָגִים הָאבֶּען אֲפִילוּ דִי יוּדֶען גֶעגַאנְגֶען אַבִּיסֶעל פוּן דִי פֶּערְסֶער אוּנ אוֹיף פִיעל זַאכֶען, וָואס הָאבֶּען קַיין מָקוֹר נִיט אִין אוּנְזֶער תּוֹרָה, אִיז רַבִּי יוֹחָנָן שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז גֶעוֶועהן, נָאר דָאס הָאט פָּארְט נִיט גֶעשַׁאדְט אַז יוּנְגֶע לַייט זָאלֶען עוֹסֵק זַיין אִין לֶערְנֶען אוּנ וֶוערֶען בֶּערִיהמְטֶע לוֹמְדִים. צְווִישֶׁען רַבִּי יוֹחָנָן'ס תַּלְמִידִים זֶענֶען דִי בֶּעסְטֶע גֶעוֶועהן פוּן בָּבֶל אוּנ פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזָאנְדֶערְס אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט רַבִּי אֱלִיעֶזֶר בַּר פְּדָת, וָואס הָאט זִיךְ, נָאךְ זַיין רַבִּי'נְס טוֹיט, גֶערֶעכֶענְט פַאר „אַצִּירוּנְג אִינ'ם הֵיילִיגֶען לַאנְד״. דִי צְוֵויי צְווִילִינְג־בְּרִידֶער רַבִּי אַמִּי אוּנ רַבִּי אַסִּי, וָואס זֶענֶען שְׁפֶּעטֶער גֶע־וָוארֶען רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת אִין טְבֶרְיָה, רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר אַבָּא אוּנ רַבִּי חִיָּיא בַּר אַבָּא.

צְווִישֶׁען דִי בֶּערִיהמְטֶע לוֹמְדִים אִין בָּבֶל קָאן מֶען רֶעכְנֶען רַב הוּנָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן רֹאשׁ יְשִׁיבָה אִין סוּרָא אוּנ זַיין נָאהמֶען אִיז גֶעוֶועהן בֶּעקָאנְט אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער; רַבִּי יְהוּדָה בֶּן יְחֶזְקֵאל, וָואס הָאט בַּאלְד, נָאךְ דֶער צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן נְהַרְדְעָא, גֶעגְרִינְדֶעט אַ נַייעֶ יְשִׁיבָה אִין פּוּמְבְּדִיתָא אוּנ הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט זַיין אֵייגֶענֶעם גַאנְג אִין לֶערְנֶען; רַבִּי נַחְמָן בַּר יַעֲקֹב, דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא'ס אֵיידֶעם; דֶער רַייכֶער רַבִּי חִסְדָא אוּנ דֶער אָרֶמֶער רַב שֵׁשֶׁת, וָואס פְלֶעגֶען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן סוֹתֵר זַיין אִין לֶערְנֶען פוּנְקְט וִוי זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ פֶערְשִׁיעדֶען גֶעפִיהרְט אִין לֶעבֶּען.

רַב הוּנָא אִיז אִין דִי יוּנְגֶע יָאהרֶען נִיט גֶעוֶועהן קַיין רַייכֶער, אוּנ הָאטְשׁ עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט מִיט'ן רֵישׁ גָלוּתָא'ס מִשְׁפָּחָה, פְלֶעגְט עֶר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זִיךְ אַלֵיין בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט עֶרְד־אַרְבֵּייט אוּנ אַנְדֶערֶע מְלָאכוֹת אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט פַאר נַאכְט אוּמְצוּקֶעהרֶען זִיךְ אַהֵיים מִיט דֶער קָאסֶע אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס. דָאס הָאט אִיהם אָבֶער נִיט גֶעשַׁאדְט צוּ זַיין אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע

לוּמְדִים אוּנ אַז מֶען פְּלֶעגְט זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ אִיהם עֶר זָאל אוֹיסְהֶערֶען טַעֲנוֹת פוּן צְווייא צְדָדִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט אַ דִין תּוֹרָה צְווִישֶׁען זִיךְ, הָאט עֶר נָאר גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל שְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיין אָרְט אַ מֶענְשֶׁען עֶר זָאל טְהוּן פַאר אִיהם זַיין אַרְבֵּייט אִין פֶעלְד אוּנ עֶר זָאל זִיךְ קָאנֶען אָבְּגֶעבֶּען מִיט'ן בּוֹרְרוּת. דֶעמָאלְט הָאט אִין דֶער אֵייגֶענֶער שְׁטָאדְט גֶעלֶעבְּט אַ גְרוֹיסֶער גְּבִיר חָנָא בַּר חֲנִילָאִי, וָואס אִיז גֶעוֶועהן בֶּערִיהמְט מִיט זַיין גוּט הַארְץ אוּנ זַיין אָפֶענֶער הַאנְד, זַיין צְדָקָה גֶעבֶּען הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין שִׁיעוּר, זַיין הוֹיז אִיז גֶעוֶועהן פְרֵייא פַאר אַלֶּע נוֹיטְהבֶּעדֶארְפְטִיגֶע, אוּנ וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעוָואלְט הָאט גֶעקָאנְט בַּייא אִיהם עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ נָאךְ קְרִיגֶען אַ מַטְבֵּעַ אִין קֶעשֶׁענֶע אַרַיין. בַּייא נַאכְט פְּלֶעגְט עֶר אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען פַאר דֶער טְהִיר וֵוייץ אוּנ גֶערְשְׁטֶען פַאר דִי אָרֶעמֶע לַייט וָואס קָאנֶען נִיט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען דִי הַאנְד, אוּנ אַז דִי מְלוּכָה הָאט גֶעפָאדֶערְט מַס פְּלֶעגְט עֶר בֶּעצָאלֶען פַאר דִי אֶבְיוֹנִים. פוּן דֶעם חָנָא בַּר חֲנִילָאִי, דֶערְצֶעהלְט מֶען, אַז עֶר הָאט אַ מָאל בֶּעגֶעגֶענְט רַב הוּנָא'ן וִוי עֶר שְׁלֶעפְּט זִיךְ מִיט זַיין מַשָּׂא פוּנ'ם פֶעלְד, הָאט עֶר אִיהם גֶעוָואלְט הֶעלְפֶען טְרָאגֶען, נָאר רַב הוּנָא הָאט עֶס נִיט עֶרְלוֹיבְּט אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז עֶר טָאר נִיט טְהוּן אַזַא זַאךְ וָואס עֶר אִיז דֶערְצוּ נִיט גֶעוָואהנְט. אוֹיף אִיהם מָאג מֶען יָא זָאגֶען אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעקוּמֶען פוּן יְגִיעַ כַּפָּיו: גָאטט הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אַ גֶערָאטֶעהנִישׁ אִין זַיינֶע פֶעלְדֶער אוּנ עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר, נָאר עֶר הָאט טַאקִי זַיין רַייכְקַייט בֶּענוּצְט דַארוֹיף עֶר זָאל קָאנֶען צְדָקָה טְהוּן, אוּנ דִי צַייט וָואס עֶר פְּלֶעגְט פְרִיהר אַלֵיין אַרְבֵּייטֶען, הָאט עֶר שׁוֹין פֶערְבְּרַאכְט דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעזוּכְט צוּ הֶעלְפֶען אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, זֵיי זָאלֶען קָאנֶען הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן זַיין גֶעלְד. מֶעהר פוּן אַכְט הוּנְדֶערְט תַּלְמִידִים הָאט עֶר אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר גֶעשְׁטִיצְט פִיעל בַּעֲלֵי בָּתִּים וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ פַארְרֶעכְטֶען זֵייעֶרֶע הַייזֶער.

אִין רַב הוּנָא'ס צַייט הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי יְשִׁיבָה רוּפֶען מְתִיבְתָּא, אוּנ דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער הָאט גֶעהֵייסֶען רֵישׁ מְתִיבְתָּא. פֶערְצִיג יָאהר הָאט עֶר פַארְבְּרֵייטֶעט תּוֹרָה אוּנ דָאס יוּדִישְׁקַייט הָאט וִוידֶער אִין בָּבֶל אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי בְּלִיהֶען אַז נִיט אוּמְזִיסְט הָאט רַב הוּנָא אָפְט גֶעזָאגְט: אַז „עֶר פִיהלְט זִיךְ אִין בָּבֶל גְלַייךְ וִוי אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל". דִי יְשִׁיבָה אִין סוּרָא הָאט טַאקִי גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶּע אוּנ דִי יוּדֶען פוּן בָּבֶל פְלֶעגֶען זֵייעֶרֶע חֲכָמִים הֶערֶען אוּנ פָאלְגֶען; נָאר עֶפִּים בַּייא אַ הַארְבֶּער שַׁאֲלָה פְּלֶעגְט מֶען גֶעבֶּען צוּ וִויסֶען דִי אֲמוֹרָאִים פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ גֶעבֶּען זֵייעֶר הַסְכָּמָה. אִיבֶּער אַכְטְצִיג יָאהר אִיז

רב הונא אלט געוועהן ווען ער איז פלוצלונג געשטארבען, און אויף זיין ארט איז געווארען זיין זוהן רבה. לויט זיין צוואה, האט מען איהם איבערגעפיהרט קיין ארץ ישראל און דארט האט מען איהם מקבר געוועהן געגעבען זיין לאנדס-מאנן רבי חייא'ס קבר.

עפיס יונגער פון רב הונא'ן איז געוועהן רבי יהודה בר יחזקאל, א געטרייער תלמיד פון מר שמואל'ן, וואס האט אבער ניט געירש'ט פון זיין רבי'ן דעם גוטען, רוהיגען, עדלען האראקטער. ער איז געוועהן א גרויסער כעסן און פאר דאס מינדעסטע זאך האט ער זיך געקאנט צובאזערן אויפ'ן גראבסטען. דערצו האט ער זיך געהאלטען פאר'ן ערשטען מיוחס, און האטש אזוי אין זיין לעבען איז ער ניט געוועהן קיין בעל גאוה און פלעגט הוזק מאכען פון די וואס האלטען זיך גרויס, פון דעסטוועגען, קוים האט מען איהם בערירט זיין יחוס, פלעגט אוועק זיין גאנצער שכל און ער האט נאר געוואלט אויסווייזען, אז ער שטאמט ארויס פון די אבות. ער איז געוועהן באז אויף די וואס לאזען זיך אוועק קיין ארץ ישראל לערנען. ער האט געזאגט אז אין בבל וועגען אויך דא מענשען מיט קאפ, און זיין ישיבה אין פומבדיתא האט טאקי ארויסגעגעבען רעכטע לומדים, ווייל רבי יהודה פלעגט אזוי פיעל ארבייטען מיט די תלמידים אז נאר איין טאג אין חודש האט ער געקאנט אבבייסען אויף דאווענען. אין חריפות האט ער צו זיך קיין גלייכען ניט געהאט און האט ליעב געהאט אז מען זאגט עפיס א זאך פון איינעמס וועגען, זאל מען דער מאנען זיין נאהמען. מיט אזא חא-ראקטער האט ער קיין סך גוטע פריינד ניט געקאנט האבען, און זיין זוהן יצחק האט ער געלאזט זיצען א לאנגע צייט א בחור, ווייל עס איז איהם שווער גע-וועהן זיך צו צוקלויבען א שדוך, וואס זאל איהם אנשטעהן. רב עולא האט פון איהם געלאכט און האט געזאגט: „ווער ווייסט אויב מיר קומען אללע ניט ארויס פון די געטצענדיענער, וועלכע האבען ביי דער בעלאגערונג פון ירושלים געשאנדעט יודישע טעכטער". ניט שטענדיג פלעגט אבער רבי יהודה אבשווייגען אזא הלצה און קוים איז ער נאר געוואהר געווארען אז מען רעדט אויף איהם שלעכטס האט ער שוין יענעם גוט בעצאהלט. אזוי האט ער זיך צו-קריגט מיט עטליכע פון די שענסטע משפחות אין נהרדעא און מען האט איהם געוואלט דערפאר מיט שטיינער פערווארפען. ער האט אפילו אפענטליך אויפ-געווארפען א געוויסען בתי בר טוביא, וואס איז געוועהן א גרויסער חשוב ביי'ם מלך שבור, אז ער איז א קנעכט און האט זיך ערלויבט איינעם פון די לומדים ארייננווארפען אין חרם. אז רבי יהודה איז שפעטער קראנק געווארען און

דֶער אֵיינֶער לַמְדָן אִיז אִיהם גֶעקוּמֶען מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין, הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז שְׁטָאלְץ דַארוּיף וָואס עֶר הָאט קֵיין כָּבוֹד נִיט גֶעלֶענְט אוֹיף אַזַא גְרוֹיסֶען מַאנְן אוּנ הָאט גֶעטְהוּן וִוי דָאס גֶעוִוירסֶען הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען. דֶערְמִיט אִיז טַאקִי פַארְעֶנְפֶערְט דָאס, וָואס רַבִּי יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט צְוִוישֶׁען דִי גְרֶעסְטֶע אֱמוֹרָאִים אוּנ מֶען הָאט אִיהם מוֹחֵל גֶעוֶועהְן דֶעם גַאנְצֶען כַּעַס, וָואס עֶר פְלֶעגְט בֶּעוַוייזֶען, וַוייל מֶען הָאט גֶעווּאוּסְט אַז עֶר טְהוּט אַזוֹי וִוי עֶר דֶערֶנְקְט אוּנ פִיהלְט נִיט פַאר שְׁלֶעכְטִקֵייט חָלִילָה, נָאר דֶער פַאר וָואס אִין זַיינֶע אָדֶערְן אִיז גֶעפְלָאסֶען צוּ הֵייס בְּלוּט.

דֶער יוּנְגְסְטֶער פוּן דִי אֱמוֹרָאִים אִין בָּבֶל אִיז גֶעוֶועהְן רַב נַחְמָן בַּר יַעֲקֹב, וָואס זַיין פְרוֹי יַלְתָּא, דִי טָאכְטֶער פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא, הָאט אִיהם גֶעוָואהְנְט צוּ פִיהרֶען אַ בְּרֵייט לֶעבֶּען, נִיט וִוי עֶס שְׁטֶעהט אָן אַ פְרוּמֶען לַמְדָן. רַב נַחְמָן הָאט זִיךְ טַאקִי נָאר אִין לֶערְנֶען גֶעקָאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים, אָבֶּער אִין פְרוּמְקֵייט אוּנ אִין עֶדְלֶע מִדּוֹת אִיז עֶר גֶעוֶועהְן וַוייט פוּן זֵיי. זַיין שְׁוֶוער הָאט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַ שׁוֹפֵט, אוּנ הָאטְשׁ מַר שְׁמוּאֵל הָאט אָנְגֶעזָאגְט אַז נִיט וֶוענִיגֶער פוּן צְוֵויי שׁוֹפְטִים זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ מִשְׁפָּט, הָאט עֶר זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ שְׁטֶעלֶען נָאר אוֹיף זִיךְ אַלֵיין אוּנ הָאט גֶעטְהוּן וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט. זַיינֶע שְׁקְלַאוֶוען הָאט עֶר בֶּעהַאנְדֶעלְט שְׁלֶעכְט אוּנ הָאט זֵיי נִיט עֶרְלוֹיבְּט חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען. עֶס אִיז אִיהם נָאר נִיט אָנְגֶעגַאנְגֶען וָואס זַיין רֶבִּי מַר שְׁמוּאֵל הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף זַיינֶע שְׁקְלַאוֶוען וִוי אוֹיף קִינְדֶער אוּנ וָואס רַבִּי יוֹחָנָן פְלֶעגְט אֲפִילוּ עֶסֶען מִיט זֵיי בַּיי אֵיין טִישׁ. צוּם גְלִיק, אִיז רַב נַחְמָן גֶעוֶועהְן נָאר אֵיינֶער פוּן דִי בַּעֲלֵי הַתַּלְמוּד, וָואס הָאט זִיךְ אַרוֹיפְגֶעהַאפְּט אוֹיף אַזַא קְרוּמֶען וֶועג. דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט טִיעפֶע חָכְמָה אוּנ טְהַייעֶרֶע מִדּוֹת אוּנ הָאבֶּען מִיט רֶעכְט זִיךְ גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען פַאר לֶעהרֶער פוּנ׳ם פָאלְק.

---

## 6 דָאס יוּדִישְׁקַייט אִין דֶער צַייט פוּן דִיאַקְלֶעטִיאָן אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע קְרִיסְטְלִיכֶע מְלָכִים.

(284—320 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

מִיט רִיזֶען־שְׁרִיט הָאט זִיךְ דִי רֶאמִישֶׁע מְלוּכָה אַלְס נָאהֶענְטֶער צוּגֶערוּקְט צוּם סוֹף אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען פוּן וַוייטֶענְס גֶעקוּקְט דַארוּיף וִוי אוֹיף אַ עוֹנֶשׁ וָואס דִי רֶאמֶער הָאבֶּען פֶערְדִיעֶנְט פַאר זֵיי. אַז דִי דְרַיי קֵיזֶערִים קַארוּס,

קארינוס אונ קעראויזיוס זענען געהרג'ט געוואָרען איינער נאָך דעם אַנדערן, האָבען די יודען געפונען דארויף אַ רמז אין „דניאל" אונ אַז די מלוכה איז, מיט דער הילף פון ווילדע פראָסטע מענשען, איבערגעגאַנגען צו דיאָקלעטיאַן, וואָס איז געוועהן אַ זוהן פון אַ שקלאַווען, האָט רב אַמי אין טבריה געזעהן אין חלום, אַז מעהר ווי נאָך איין קייזער וועט ניט זיין אין רום, אונ דאָס איז טאַקי מקוים געוואָרען, ווייל באַלד האָט דאָס קריסטענטהום אָנגעהויבען שפּיעלען נאָר די גרויסע ראָללע אונ דיאָקלעטיאַן מיט זיין יורש זענען געוועהן די לעצטע מלכים פון געטצענדיענער. אין דיאָקלעטיאַן'ס צייט איז געוועהן נשיא רבי יהודה דער דריטער, אַ זוהן פון רבן גמליאל דעם פירטען. ער האָט זיך שוין ווייניג אָנגעקעהרט מיט די לומדים, אונ ווי עס ווייזט אויס איז דעמאָלט די צאָהל פון איינענע אמוראים געוועהן זעהר קליין, ווייל אַ געבוירענער אין ארץ ישראל איז געוועהן נאָר איין רבי אַבהו. אונ די ישיבה פון טבריה איז גע-שטאַנען אונטער דער השגחה פון רבי אַמי, רבי אַסי אונ רבי חייא בר אַבא, וואָס האָבען אַרויסגעשטאַמט פון בבל, אונ פון זיי אַללע דריי איז בעשטאַנען דער בית דין. אין טבריה, וואו די ישיבה איז געוועהן, האָט נאָך די תורה געהאַט איהר גלאַנץ, נאָר אין אַנדערע ערטער איז דער עולם שטאַרק פערגרעבט געוואָרען אונ מען האָט צווישען זיי ניט געקאָנט געפינען ניט קיין לומדים אונ ניט קיין תלמידים. דער נשיא האָט דערפאַר אַרויסגעשיקט שליחים זיי זאָלען דערמאַנען דעם פאָלק אַז מען דאַרף אויך עדלע זאַכען אין זין האָבען. אַז די שליחים זענען געקומען אין אַ שטאָדט, האָבען זיי זיך געהייסען ווייזען די שומרים, אונ אַז מען האָט צו זיי געבראַכט סאָלדאַטען מיט כלי זין האָבען זיי געלאַכט אונ געוויזען אַז נאָר תלמידי חכמים קאָנען זיך רעכנען פאַר אמת'ע שומרים, ווייל „ווען גאָט שוצט ניט אַ הויז וואַכט אומזיסט דער היטער" — אם יי לא ישמר עיר — שוא שקד שומר!

צום אָנהייב האָט דיאָקלעטיאַן געוואָהנט אין אַנטיאָכיען אונ דעמאָלט האָבען שוין די יודישע שונאים אָנגעמאַכט אַ רכילות אַז דער נשיא האָט בע-ליידיגט דעם קייזער. אַז דיאָקלעטיאַן האָט אַרויסגערופען צו זיך רבי יהודה'ן האָט מען זיך זייער געשראָקען, נאָר עס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט וואָס די רוימישע מלוכה האָט דוקא אָנגעהויבען בעסער קוקען אויף יודען, אונ אַז זי האָט באַלד אַרויסגעגעבען שטרענגע געזעצע געגען די קריסטען אונ די שומרונים אונ האָט זיי גענייט זיי זאָלען מוזען דינען עבודה זרה, האָט זי יודען ניט אַריינגענומען אין דעם כלל. מערקווירדיג איז דאָס, וואָס אויך אין יענער

צייט זענען פיעל פון די געטשעפּענדיגער צוגעשטאנען צו די יודען, האטש די יודען אליין האבען ניט געוואלט פערגרעסערן די צאהל פון גרים.

ווען אין יענע יאהרען איז די תורה אין ארץ ישראל ניט געשטאנען אויף א הויכע מדרגה און עס האבען זיך ניט געפונען פיעל שארפע מוחות וואס זאלען ארויסווייזען חדושים אין לערנען, האט אבער דערפאר אנגעהויבען די אגדה שטארקער ווערען און דער עולם האט ליעב געקריגען א שאנע דרשה, וואס זאל דוקא ניט זיין אזוי אנגעשטאפּט מיט פּלפּול, נאר זי זאל רעדען צום הארצען. רבי אבהו, וואס האט פערשטאנען גריכיש און איז געוועהן א גרויסער דרשן, האט דערפאר דעמאלט געשפּיעלט א גרויסע ראללע, האטש אין לערנען האט ער זיך ניט געקאנט גלייכען צו אנדערע אמוראים. מיט זיין שאן רעדען און הדרת פּנים האט ער זיך געמאכט א נאהמען אין לאנד און איז געוועהן אויך א שטארקער חשוב ביי דער מלוכה. אמאל איז ער שטארק צו נוטץ געקומען זיינע חברים די אמוראים; ווען זיי האבען בעשטראפט א געוויסע פרוי תמר פאר ניט־פרומקייט און זי האט זיך געקלאגט פאר'ן רעמישען מושל, האט רבי אבהו געזאגט פאר זיי א גוט ווארט און זיי זענען ניצול געווארען פון א צרה. דעמאלט האבען די פרימסטע אויך מודה געוועהן אז עס איז גוט צו קאנען פרעמדע לשונות און פארשטעהען מיט יעדען ווי אזוי צו רעדען און האבען געזאגט: „טוב כי תאחז בזה וגם מזה אל תנח ידך", מאנסט זיך בעשעפטיגען מיט דעם (מיט דער תורה), נאר יענץ (בילדונג) זאלסטו אויך ניט אבלאזען.

רבי אבהו איז געוועהן רייך און האט געלעבט דערפון וואס ער פלעגט מאכען שלייערס פאר פרויען. דער עולם האט זעהר ליעב געהאט זיינע פערשטענדליכע דרשות און ווען ער פלעגט רעדען איז געוועהן א איבערגעלויף. ער איז אבער ביי זיך ניט געוועהן שטאלץ און אז עס איז איהם איין מאל אויסגעקומען צוזאמען מיט רבי חייא בר אבא'ן צו דרשנען אין א פרעמדע שטאדט און ער האט געזעהן אז זיין חבר האט יסורים דערפון וואס תורה הארען זענען געקומען א סך ווייניגער ווי צו דער דרשה, האט ער איהם געטרייסט מיט די דאזיגע ווערטער: „דיינע רעד זענען ווי בריללאנטען, וואס קאנן ניט האבען אין זיך א סך בעלנים; איך אבער האב מיר א קליין פראסט קראמעל און יעדער געפינט דארט דאס נאטהיגסטע". רבי אבהו איז אויך געוועהן זעהר א ווייכער און א גוטער בטבע און האט ליעב געהאט אויף יעדען מלמד זכות צו זיין. אמאל האט זיך געמאכט וואס מען האט בעדארפט בעטען אויף רעגען, און

---

ווי דער מִנְהָג אִיז גֶעוֶועהן, הָאט בֶּעדַארְפְט דֶער בַּעַל תְּפִלָּה זַיין אֵיינֶער פוּן דִי אָנְגֶעזֶעהֶענֶע? — שׁאַנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים. צוּ אוּמִיסְטֶען, צוּ אוּמְגֶערן, נָאר מֶען הָאט אָנְגֶעוִויזֶען רַבִּי אַבְּהוּ'ן אוֹיף אַ גֶעוִויסֶען פֶּענְטֶעקַאקָא, עֶר הָאט גָאר נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען פַאר'ן שְׁלִיחַ צִבּוּר. בַּאלְד אִיז עֶר אָבֶּער גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז דֶער מֶענְשׁ גִיט זִיךְ אָב מִיט שֶׁאנְדְלִיכֶע פַּרְנָסוֹת, עֶר הָאט אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט פַאַרְשֶׁאמֶען אוּנ הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּפְרֶעגֶען צוּ הָאט עֶר נִיט אַ מָאל עֶפִּיס גוּטְס גֶעטְהוּן. דָא הָאט אִיהם פֶּענְטֶעקַאקָא דֶערְצֶעהלְט אַז עֶר הָאט אַ מָאל גֶעפוּנֶען אִין רֶאמִישֶׁען טְהֶעאַטֶער אַ פְרוֹי וָואס הָאט שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעקְלָאגְט אוֹיף דֶעם וָואס זִי מוּז זִיךְ פֶּערְקוֹיפֶען כְּדֵי אִיהר מַאנְן צוּ בֶּעפְרַייעֶן פוּן עֶטאַנְגֶעשַׁאפְּט, הָאט עֶר אוֹיף אִיהר רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפֶען אַהֵיים, אוּנ הָאט פֶּערְקוֹיפְט זַיין לֶעצְט בֶּעטְגֶעוַואנְד אוּנ הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶער פְרוֹי גֶעלְד, כְּדֵי זִי זָאל נִיט גֶעצְוואוּנְגֶען זַיין אַרוֹיף אוֹיפ'ן זִינְדִיגֶען וֶועג. אוֹיב אַזוֹי, הָאט אִיהם רַבִּי אַבְּהוּ גֶעזָאגְט, בִּיסְטוּ שׁוֹין דֶערְפַאר אַלֵיין וֶוערְט פַאר אוּנְז גָאט צוּ בֶּעטֶען אִין דֶער נוֹיט.

דֶערְוַויל הָאט דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר זִיךְ צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען, אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי לוֹמְדִים, יוֹסֵף פוּן טְבֵרְיָה, אִיז אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אוֹיךְ צוּ אִיהם צוּגֶעשְׁטַאנֶען. יוֹסֵף אִיז גֶעוֶועהן אֵיינֶער פוּן דִי אַפּוֹטְרוֹפְּסִים, וָואס דֶער נָשִׂיא רַבִּי יְהוּדָה הָאט גֶעמַאכְט, זֵיי זָאלֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְצִיהוּנְג פוּן זַיין זוּהְן הִלֵּל, אוּנ עֶר הָאט נָאךְ דֶעם אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז פַאר'ן טוֹיט אִיז רַבִּי יְהוּדָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה. ווִי עֶס וַוייזְט אוֹיס, אִיז צְווִישֶׁען יוֹסֵף אוּנ זַיינֶע גֶעוֶועזֶענֶע חֲבֵרִים אַרוֹיס אַ שְׁטַארְקֶע שִׂנְאָה אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג אַז דֶער יוּנְגֶער הִלֵּל אִיז זֶעהר פֶּערְדָארְבֶּען אוּנ אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל־תַּאֲוָה. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז דִי שְׁטֶעלֶע פוּנ'ם נָשִׂיא דֶעמָאלְט שׁוֹין נִיט גֶעוֶועהן דָאס וָואס פְרִיהֶער, אוּנ הָאטְשׁ דִי מְלוּכָה הָאט דַוְקָא אַרוֹיסְגֶעלָאזְט נַייֶע גֶעזֶעצֶע אַז דָאס פָאלְק מוּז דֶעם נָשִׂיא אָפְּגֶעבֶּען דֶעם גְרֶעסְטֶען כָּבוֹד, הָאט עֶר פָארְט פֶּערְלָארֶען דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם גְלַאנְץ.

דֶער עֶרְשְׁטֶער קְרִיסְטְלִיכֶער קֵייזֶער קָאנְסְטַאנְטִין אִיז צוּם אָנְהֵייבּ נִיט גֶעוֶועהן קֵיין גֶעגְנֶער פוּן אַנְדֶערֶע רֶעלִיגְיָאנֶען. יֶעדֶער הָאט זִיךְ גֶעמָאגְט בְּלַייבֶּען בַּיי זַיין אֱמוּנָה, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶענָאסֶען דִיזֶעלְבֶּע פְרַייהַייט. דִי נְשִׂיאִים, רַבָּנִים אוּנ אַלֶע אַנְדֶערֶע פָארְשְׁטֶעהֶער הָאבֶּען פֶּערְנוּמֶען אַ בְּכָבוֹד'ן פְּלַאץ אִין לַאנְד גְלַייךְ מִיט קְרִיסְטְלִיכֶע גַייסְטְלִיכֶע. בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט אָבֶּער דָאס

סַבְלָנוּת אוֹיפְגֶעהֶערְט; דֶער עֶפִּיסְקָאפּ פוּן קָארְדוֹבָא הָאזִיוּס, אַ גְרוֹיסֶער צוֹרֵר הַיְּהוּדִים, וָואס הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעהמְט פָארְצוּלֶעגְען אוֹיף אַיין אֲסֵיפָה פוּן גַייסְטְלִיכֶע אִין דֶער שְׁטָאדְט עֶלְוִירַא, אִים יָאהר 320, מֶען זָאל פַארְוֶועהרֶען קְרִיסְטְען, זַיי זָאלֶען נָאר נִיט טָארֶען הָאבֶּען קַיין מַגָע וּמַשָׂא מִיט יוּדֶען, אוּנ דֶער גֶעשִׁיכְטֶע שְׁרַייבֶּער אַייזֶעבִּיוּס פוּן צֶעזַארֶעאַ, וָואס אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועהן יוּדֶען קַיין גְרוֹיסֶער גוּטֶער פְרַיינְד, הָאבֶּען אוֹיף זַיי מְקַטְרֵג גֶעוֶועהן, אוּנ נָאר נִיךְ הָאט מֶען אוֹיפ'ן יוּדִישֶׁען פָאלְק אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען מִיט גַאנְץ אַנְדֶערֶע אוֹיגֶען. דִי רְדִיפוֹת גֶעגֶען דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ פַאר אָנְגֶעהמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה, אָדֶער צוּרֶעדֶען דֶערְצוּ, הָאט מֶען זֶעהר שְׁוֶוער בֶּעשְׁטְרָאפְט. אִים יָאהר 325 אִיז גֶעוֶועהן אִין נִיקֵאַ אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן גַייסְטְלִיכֶע אוּנ דָארְט זֶענֶען אִיבֶּערְגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען דִי לֶעצְטֶע פֶאדֶעמְלִיךְ, וָואס הָאבֶּען נָאךְ בִּיז דֶעמָאלְט צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דָאס יוּדֶענְטְהוּם מִיט דֶעם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. גֶעוֶואהנְלִיךְ פְלֶעגֶען יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען מַאכֶען פֶּסַח אִין אַיין טָאג, וָואס פְלֶעגְט בֶּעשְׁטִימְט וֶוערֶען פוּן דִי סַנְהֶדְרִין; דָאס הָאבֶּען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער רָאמִישֶׁער קִירְכֶע נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אוּנ זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט זַייעֶר בֶּעזוּנְדֶער רֶעכְנוּנְג, כְּדֵי זַייעֶר יוֹם טוֹב זָאל נִיט פַאלֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם יוּדִישֶׁען. אַזוֹי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְלִיהֶען דִי עֶרְשְׁטֶע פוּנְקֶען פוּן דֶעם פַייעֶר, וָואס הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט רֶעכְט צוּבְּרֶענְט מִיט פִיעל דוֹרוֹת שְׁפֶּעטֶער. קָאנְסְטַאנְטִין הָאט דֶערְוַוייל בֶּעגַייט הַאדְרִיאַן'ס אַלְטֶע גֶעזֶעצֶע. דִי יוּדֶען הָאבֶּען וִוידֶער נִיט גֶעטָארְט, אוֹיסְעֶר תִּשְׁעָה בְּאָב, קוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, וואו זַיין מוּטֶער הֶעלֶענַא, הָאט אוֹיסְגֶעבּוֹיט אַ קִירְכֶע אוֹיף דֶעם אָרְט, פוּן דֶעם קֶבֶר פוּן זַייעֶר מָשִׁיחַ. דָאס אֵיינְצִיגֶע שְׁטִיקֶעל רַחֲמָנוּת, וָואס קָאנְסְטַאנְטִין הָאט בֶּעוִויזֶען דִי יוּדֶען, אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קַיין בֶּעזָאנְדֶער צוּטְרוֹיֶען צוּ דִי נָאר וָואס גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָואלְט נוֹקֵם זַיין אִין זַייעֶרֶע גֶעוֶועזֶענֶע בְּרִידֶער.

דִי רֶעכְטֶע צָרוֹת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דִי יוּדֶען אִין דֶער צַייט פוּנ'ם צְוַוייטֶען קְרִיסְטְלִיכֶען קֵייזֶער קָאנְסְטַאנְטִיוּס, וָואס הָאט טַאקִי צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע דָארְט וואו זַיי הָאבֶּען פוּן אִיהם גֶעפָאדֶערְט עֶר זָאל דְרִיקֶען פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער, נָאר עֶר הָאט שֵׂכֶל גֶעהַאט זַיי נִיט לָאזֶען גֶעוֶועלְטִיגֶען אוּנ הָאט דִי גַאנְצֶע מַאכְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט בַּיי זִיךְ אִין דֶער הַאנְד. אִין יֶענֶער צַייט הָאט אֵיינֶער אַ גֶעטוֹיפְטֶער גֶעמַסֶרְט פַאר אִיהם אוֹיף דִי אֲמוֹרָאִים, אוּנ עֶטְלִיכֶע פוּן זַיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען קַיין בָּבֶל אוּנ זִיךְ רַאטֶעוֶוען פוּנ'ם טוֹיט. קָאנְסְטַאנְטִיוּס הָאט גֶעהֵייסֶען הַרְגֶ'נֶען יֶעדֶען יוּדֶען וָואס וֶועט חֲתוּנָה הָאבֶּען

מִיט אַ קְרִיסְטִין, אָדֶער עֶר וָועט מַל זַיין אַ שְׁקְלַאוֶוע אוּנ אִיהם מַאכֶען פַאר אַ יוּדֶען. אַז דָאס רֶאמִישֶׁע חַיִל אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, הָאט מֶען בַּיי דִי יוּדֶען גֶעפָאדֶערְט זֵיי זָאלֶען פוּן זֵייעֶרְטְוֶועגֶען בַּאקֶען פְרִישׁ בְּרוֹיט אוּם שַׁבָּת אוּנ נִיט קוּקֶען אוֹיף חָמֵץ וֶוען עֶס אִיז גְרָאד אוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּם פֶּסַח. דִי אֲמוֹרָאִים הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט אַ פְּסַק אַז דֶער שׂוֹנֵא טְהוּט עֶס נָאר צוּ לֵיעבּ דֶעם אַז דָאס חַיִל זָאל נִיט לַיידֶען קֵיין הוּנְגֶער, נִיט כְּדֵי דִי יוּדֶען זָאלֶען עוֹבֵר זַיין אוֹיף זֵייעֶרֶע דִינִים. בַּאלְד הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָבֶּער גֶעקָאנְט אִיבֶּערְצֵייגֶען אַז דֶער פְּסַק אִיז דַוְקָא נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט. עֶס אִיז אַרוֹיס אַ בֶּעפֶעהל זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט דֶערְוֶואגֶען צוּ הַאלְטֶען יוֹם כִּפּוּר, אוּנ דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהן צוּ שְׁוַויינֶען אוּנ מַדְחֶה זַיין דֶעם תַּעֲנִית בִּיז צוּם אַנְדֶערן שַׁבָּת.

נָאךְ עֶרְגֶער אִיז גֶעוָוארֶען דִי יוּדֶען וֶוען צְוִוישֶׁען דִי קְרִיסְטֶען אַלֵיין אִיז אַרוֹיס אַ גַאנְץ מַחֲלוֹקֶת וֶועגֶען דֶער שַׁאֲלָה פוּן פֶּסַח, אוּנ דִי קְרִיסְטֶען פוּן קְלֵיין-אַזְיֶען, סִירְיֶען אוּנ מֶעסָאפָּאטַאמִיֶען הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט קוּקֶען אוֹיף דֶער תַּקָּנָה וָואס אִיז אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען בַּיי דֶער אֲסִיפָה אִין נִיאֶקַא אוּנ הָאבֶּען פָּארְט גֶעמַאכְט דֶעם יו"ט אִין אֵיין צַייט מִיט דִי יוּדֶען, אוּנ וֶוען עֶס פְלֶעגְט זַיין אַיין עִבּוּר-יָאהר הָאבֶּען זֵיי פֶּסַח גֶעמַאכְט שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ חֹדֶשׁ. דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען דִי מְלוּכָה, נָאר אַזוֹי וִוי מִיט דִי קְרִיסְטֶען אַלֵיין הָאט זִי גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען, וַוייל זֵייעֶר צָאהל אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר גְרוֹיס, הָאט זִי דָאס גַאנְצֶע הַארְץ אוֹיסְגֶעלָאזְט צוּ דִי יוּדֶען, הָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען אִין דֶעם פְרֶעמְדֶען עַקְשָׁנוּת גָאר נִיט שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן. דֶער נָשִׂיא הָאט בֶּעקוּמֶען אַ בֶּעפֶעהל אַז מֶעהר טָאר קֵיין עִבּוּר-יָאהר נִיט זַיין, אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט לְפָנִים אָנְבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ, הָאטְשׁ שְׁטִילֶערְהַייט הָאט עֶר בַּאלְד צוּשִׁיקְט בְּרִיעף אִין אַלֶע אָרְטֶער מֶען זָאל וִויסֶען וִוי אַזוֹי דִי צַייט רִיכְטִיג אוֹיסְצוּרֶעכְנֶען, אוּנ אַזֶעלְכֶע בְּרִיעף פְלֶעגְט מֶען שְׁרַייבֶּען פַארְשְׁטֶעלְט, נָאר מִיט רְמָזִים, וַוייל מֶען הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִי רֶאמֶער.

בַּיי דִי יוּדֶען אִיז נָאךְ אָבֶּער דֶעמָאלְט אִין גַאנְצֶען נִיט פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען דֶער גֶעדַאנְק פוּן פְרֵייהַייט, אוּנ אַז דָאס פֶּעקִיל צָרוֹת הָאט זִיךְ זֵיי אוֹיסְגֶעוִויזֶען צוּ שְׁוֶוער, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען וַוייטֶער צוּ מַאכֶען אַ מְרִידָה אוּנ אַרָאבְּוַוארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם עוֹל פוּן דֶער רֶאמִישֶׁער מְלוּכָה. זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז עֶס וֶועט זֵיי גֶערָאטְהֶען, וַוייל קָאנְסְטַאנְטִיוּס אִיז אַ בִּיסֶעל שְׁוַואךְ גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט פֶערְלָארֶען דִי מִלְחָמָה גֶעגֶען אַ פָּאר פֶעלְקֶער, אוּנ דֶערְצוּ אִיז דֶער מוֹשֵׁל פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גַאלְלוּס נִיט גֶעוֶועהן פוּן דִי גִבּוֹרִים, וָואס מֶען

זָאל זִיךְ דַארְפֶען פַאר אִיהם שְׁרֶעקֶען. אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרָאטֶען גֶעגֶען דֶער מְלוּכָה, זֵייעֶר פִיהרֶער אִיז גֶעוֶועהן בַּר כּוֹכְבָא, אָדֶער ווִי דִי רָאמֶער הָאבֶּען אִיהם גֶערוּפֶען בַּאר כוֹכְבַא. אוּנ עֶס הָאט זִיךְ דֶערמָאלְט גֶעפוּנֶען אַ בַּעַל דַרְשָׁן וָואס אִיז אַרוּמְגֶעפָאהרֶען אִין אַללֶע שְׁטֶעדְט אוּנ הָאט דֶעם עוֹלָם מְעוֹרֵר גֶעוֶועהן אוּנ הָאט אֲפִילוּ בֶּעוִויזֶען אַז בַּר כּוֹכְבָא הָאט אִין זִיךְ פִיעל סִימָנִים פוּנ׳ם מֶלֶךְ הַמָּשִׁיחַ.

אָנְגֶעהוֹיבֶּען הָאט זִיךְ דִי מְרִידָה אִין סֶעפְּפָארִיס (צִפּוֹרִי), בַּאלְד הָאבֶּען נָאכְגֶעטְהוּן דִי צְווֵיי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶעדְט טְבֶרְיָה אוּנ לִידְדָא, אוּנ גָאר גִיךְ הָאט דָאס פַייעֶר גֶעבְּרֶענְט אִין אַללֶע אֶרְטֶער, וואוּ יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואהנְט. אוּמְזִיסְט הָאבֶּען אָבֶּער דִי יוּדֶען בֶּענוּצְט זֵייעֶרֶע לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת, ווֶען דֶער ווִיללֶען פוּן גָאטט אִיז נִיט גֶעוֶועהן דֶערְבַּיי. גַאלְלוּס הָאט, מִיט דֶער הִילְף פוּנ׳ם הוֹיפְּטְמַאנְן אוּרְזִיצִינוּס, גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דִי מוֹרְדִים אוּנ כִּמְעַט אַללֶע שְׁטֶעדְט פַארְבְּרֶענְט אָדֶער צוּשְׁטֶערְט. פִיעל פוּן דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעהַרְגֶ׳ט גֶעוָוארֶען, אַ סַךְ פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט פַארְשְׁטֶעלֶען אוּנ פַארְקְלֶעקְבֶּען דָאס פָּנִים מִיט אַ פְלַאסְטֶער, כְּדֵי מֶען זָאל זֵיי נִיט דֶערְקֶענֶען, אוּנ אַז דֶער שׂוֹנֵא אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּנ׳ם סוֹד אוּנ הָאט זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען הַאכֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעמוּזְט אַ לַאנְגֶע צַייט בֶּעהַאלְטֶען אִין פִינְסְטֶערֶע הֵיילֶען. ווִי רַב הוּנָא, וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן צְווִישֶׁען דִי בֶּעהַאלְטֶענֶע, הָאט נָאךְ דֶעם דֶערְצֶעהלְט, הָאבֶּען זֵיי גַאנְצֶע יָאהרֶען נִיט גֶעזֶעהן דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין אוּנ זֵיי פְלֶעגֶען זִיךְ נָאר שְׁטוֹיסֶען אַז אִין דְרוֹיסֶען אִיז טָאג דֶערְפוּן וָואס דִי לִיכְט הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט טִינְקֶעלֶער.

ווִי עֶס וַוייזְט אוֹיס, אִיז דָאס אַכְזָרִיוּת פוּן גַאלְלוּס נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעפֶאהלֶען דֶער מְלוּכָה, אוּנ עֶר הָאט פַאר זַיין ווִילְדִיקַייט, מִיט׳ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט, אוּנ אוּרְזִיצִינוּס הָאט גֶעמוּזְט עוֹקֵר זַיין. פַאר דִי יוּדֶען אִיז דָאס אָבֶּער גֶעוֶועהן אַלְץ אֵיינְס, ווַייל זֵיי אִיז מִיט יֶעדֶען טָאג אֶרְגֶער גֶעוָוארֶען, אוּנ פוּן קָאנְסְטַאנְטִינָאפָּאל, וואוּ עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דֶער פַּאלַאץ פוּנ׳ם נֵיי־רֶאמִישֶׁען אָדֶער בִּיצַאנְטִישֶׁען קֵייזֶער, הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאר נַייעֶ גְזֵירוֹת אוֹיף דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט נָאר אֵיין תַּכְלִית זֵיי צוּ צְווִינְגֶען זֵיי זָאלֶען מוּזֶען אַוֶועקְוַוארְפֶען דָאס שְׁוֶוערֶע יוּדִישְׁקַייט. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט מֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אַ גְרוֹיסֶע מַשָּׂא פוּן מַס צָאהלֶען. מֶען הָאט פוּן זֵיי גֶעצוֹיגֶען דִי אָדֶערְן פַאר יֶעדֶע זַאךְ, אוּנ אוֹיף זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הִצְטַרְכוּת, ווִי אוֹיסְצוּהַאלְטֶען דֶעם נָשִׂיא אוּנ דִי יְשִׁיבוֹת, הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעטָארְט גֶעבֶּען אֲפִילוּ אֵיין פְּרוּטָה. אַזַא טְרוֹיעֶרִיגֶע לַאגֶע הָאט גֶעצְווּאוּנְגֶען דֶעם יוּנְגֶען נָשִׂיא הִלֵּל אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען לוּחַ, כְּדֵי דִי יוּדֶען פוּן אַללֶע לֶאנְדֶער זָאלֶען אַלֵיין קָאנֶען בֶּערֶעכְנֶען ווֶען יֶעדֶער

יום טוֹב גֶעפַאלְט אוּנ זָאלֶען נִיט בֶּעדַארְפֶען וַוארְטֶען בִּיז מֶען וֶועט זֵיי מִיט גְרוֹיסֶע שְׁווִירִיגְקֵייטֶען שִׁיקֶען יְדִיעוֹת פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דָאס בֶּעשְׁטִימֶען פוּן יָמִים טוֹבִים אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן דָאס אֵיינְצִיגֶע וָואס פְלֶעגְט צוּ בִּינְדֶען דִי יוּדֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט צוּם הוֹיפְּט־פּוּנְקְט, וואוּ דֶער נָשִׂיא הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען, נָאר הִלֵּל הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען דָאס אוֹיךְ מְבַטֵּל זַיין, וַוייל עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז דִי יוּדֶען, אִין דֶער אַלְטֶער הֵיים, לָאזְט מֶען קֵיין קָאפּ נִיט אוֹיפְהֶעבֶּען, אוּנ עֶר הָאט וֶועניגְסְטֶענְס גֶעוָואלְט בֶּעפֶעסְטִיגֶען דָאס יוּדִישְׁקַייט אִין אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער. דִי סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען מַסְכִּים גֶעוֶועהן צוּ דֶער דֵעָה פוּן הִלֵּל'ן וֶועגֶען לוּחַ, וָואס אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן אַזוֹי רִיכְטִיג גֶעמַאכְט נָאךְ אַלֶע כְּלָלִים פוּנ'ם חֶשְׁבּוֹן אַז מֶען הָאט גֶעקָאנְט אוֹיף גַאנְצֶע טוֹיזֶענְדֶער יָאהְרֶען פְרִיהֶר בֶּערֶעכֶנֶען אַלֶע יָמִים טוֹבִים. נָאר פוּן דֶעסְט־וֶועגֶען הָאט רַבִּי יוֹסִי אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אַ בְּרִיעף צוּ דִי יוּדֶען פוּן אַלֶּכְּסַנְדְרִיעֶן, זֵיי זָאלֶען זִיךְ נוֹהֵג זַיין וִוי פְרִיהֶר, אוּנ הַאלְטֶען צְווֵיי טָאג יוֹם טוֹב, כְּדֵי נִיט צוּ אֶנְדֶערְן דֶעם מִנְהָג פוּן פְרִיהֶערֶע דוֹרוֹת.

אִין בָּבֶל הָאט דֶערְוַוייל וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בְּלִיהֶען דִי יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא, וואוּ דֶער רֵישׁ מְתִיבְתָּא רַבָּה אוּנ זַיינֶע צְווֵיי תַּלְמִידִים, אַבַּיֵי אוּנ רָבָא, הָאבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע. רַבָּה בַּר נַחְמֵנִי הָאט זִיךְ נִיט נָאר אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט הֲלָכָה, נָאר עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזוּכְט קְלָאר צוּ מַאכֶען אַלֶע שְׁוֶוערֶע אֶרְטֶער פוּן דֶער מִשְׁנָה, אוּנ בַּיי'ם לֶערְנֶען הָאט עֶר לִיעבּ גֶעהַאט צוּ זַיין פְרֶעהלִיךְ, אוֹיפְגֶערֶעגְט, בֶּענוּצֶען מְשָׁלִים אוּנ הֲלָצוֹת, אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען אִיהם דִי תַּלְמִידִים זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט. בַּיים הָמוֹן עַם אִיז עֶר דַוְקָא נִיט גֶעוֶועהן אַזַא חָשׁוּב, וַוייל מִיט זֵיי פְלֶעגְט עֶר רֶעדֶען אָהן חָכְמוֹת, קוּרְץ אוּנ שַׁארְף. אַז עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט שְׁלֶעכְטֶע מִדוֹת הָאט עֶר פְרֵיי אַרוֹיסְגֶעזָאגְט זַיין מֵיינוּנְג, אוּנ נִיט אֵיין מָאל הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן אַז „וֶוען דִי מֶענְשֶׁען זֶענֶען פֶערְדָארְבֶּען קָאנֶען דִי מַנְהִיגִים נָאר נִיט הֶעלְפֶען”. דֶעמָאלְט אִיז דִי מְלוּכָה אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶּערְסִי־שֶׁען מֶלֶךְ שַׁבּוּר דֶעם צְווֵייטֶען אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעזָאלְט אָנְהֵייבֶּען רְדִיפוֹת גֶעגֶען דִי יוּדֶען, וֶוען דֶעם מֶלֶךְ'ס מוּטֶער אִיפְרַא־אָרְמוּזְד נֶעהְמְט זִיךְ נִיט אָן פַאר זֵיי. רַבָּה'ן אִיז אָבֶּער בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ פַאלֶען פַאר אַ קָרְבָּן אִין דֶער קוּרְצֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט. מֶען הָאט גֶעמַסֶרְט דֶער מְלוּכָה אַז טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ אִין דֶער יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא צוּפְלַייס כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קֵיין מַס נִיט צָאהְלֶען, אוּנ אַז מֶען הָאט צוּ גֶעטְרָאטֶען צוּ דֶער יְשִׁיבָה הָאט זִיךְ רַבָּה שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ אִיז אַנְטְלָאפֶען. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס הָאט רַבָּה קֵיין גוּטְס נִיט עֶר־וַוארְטֶעט אוּנ זַיין פַּחַד אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז בַּיי'ם עֶרְשְׁטֶען שָׁארְךְ, הָאט זִיךְ

איהם אויסגעוויזען אַז אָט האָפּט מען איהם און ער איז פאַר שרעק געשטאָרבען. פון דער מסירה איז אָבער גאָר ניט געוואָרען, און אַז די תּלמידים האָבען רבה׳ן געפונען טויט אין פעלד, האָבען זיי איהם מיט גרויס כבוד מקבר געוועהן און זיבען טאָג געטרויערט. די אַלטע קאָניגין איפרא-אָרמוזד האָט זיי צוגעשיקט אַ שאָנע נדבה און זיי האָבען בענוצט דאָס געלד אויף פּדיון שבוים.

אויף רבה׳ס אָרט איז אַרויף זיין פריינד רב יוסף בר חייא, וואָס האָט געלעבט פון זיינע וויינגאָרטנער און איז געוועהן ניט קיין געזונדער מענש. אויף דער עלטער איז ער בלינד געוואָרען און ער פלעגט זיך בעקלאָגען ניט אויף דעם אונגליק וואָס ער זעהט ניט, נאָר דאַרויף וואָס ער קאָן ניט מקיים זיין אַללע מצות. ער האָט זיך ווענינער אָבגעגעבען מיט חריפות און פּלפּול און האָט מעהר געזאַמעלט מיינונגען פון תּנאים און אמוראים פון אַמאָל. אין זיין צייט איז שוין געוועהן אַ כאַלדעישע איבערזעצונג פון דער תּורה, מיט דעם נאָהמען „תּרגום אונקלוס״, און אַ סירישע, וואָס מען האָט זי גערופען „פּשיטאָ״, עס האָט אָבער נאָך געפעהלט אַ כאַלדעאישע איבערזעצונג פון נביאים און רבי יוסף האָט אויף זיך גענומען די אַרבייט, כדי דער פּראָסטער עולם, וואָס האָט ניט געקענט קיין לשון קודש, זאָל פערשטעהן וואָס מען לייענט אין דער הפטרה.

נאָך רבי יוסף׳ס טויט, איז די לומדים זעהר שווער געוועהן אויסצוקלויבען אַ ריש מתיבתא, ווייל פון אַללע פיער אמוראים, אַביי, רבא, רבי זירא און רבה בר מתנה, איז יעדער ווערט געוועהן צו פערנעהמען די גרויסע שטעלע. עס איז געבליבען מען זאָל פאָרלעגען עפּיס אַ האַרטע שאלה און ווער עס וועט זי פאַר-ענטפערן זאָל ווערען ריש מתיבתא — און אַביי האָט מנצח געוועהן זיינע איבריגע חברים. אַביי, וואָס מען האָט איהם אויך גערופען נחמני, איז געוועהן אַ יתום, ווייל זיינע עלטערן זענען געשטאָרבען גאַנץ יונג און ער האָט זיי אפילו ניט געדענקט. דערפאַר פלעגט ער מיט בעזאָנדער ליעבע דערמאָנען די גוטע פרוי וואָס האָט איהם ערצויגען, און וואָס אין איהר נאָהמען האָט ער שפּעטער געגע-בען קראַנקע אַ סך היימישע רפואות, און נאָך היילינער איז ביי איהם געוועהן דער זכר פון זיין פעטער רבה, וואָס האָט מיט איהם געלערנט און איהם איבער-געגעבען זיין גאַנץ חריפות. זיינע גרויסע פעהיגקייטען האָט ער אַרויסגעוויזען נאָך קינדווייס, און אַז ער איז אויסגעוואַקסען האָט ער זיך ניט געיאָגט נאָך רייכקייט, האָטש ער האָט עס געקאָנט אויספיהרען, ווייל ער האָט געהאַט גענוג פעלדער, און האָט נאָר געזאָרגט אַז די תּורה זאָל געפינען אויף זיך מעהר בעלנים צווישען פאָלק. צום בעדויערן, איז אָבער די צאָהל פון זיינע תּלמידים געוועהן

נִיט מֶעהר פוּן צְוֵויי הוּנְדֶערְט, וַוייל רָבָא הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶער יְשִׁיבָה אִין מְחוֹזָא, אוּנ פִיעל יוּנְגֶע לַייט אִיז גֶעוֶועהן נֶאהֶענְטֶער אַהִין צוּ פָארֶען; אַבַּיֵי'ן, וָואס הָאט אָבֶּער גֶעדֶענְקְט בֶּעסֶערֶע צַייטֶען אַז דִי יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא אִיז גֶעוֶועהן פוּל מִיט לוֹמְדֵי תּוֹרָה, הָאט דָאס אִיהם גֶעקְרֶענְקְט אוּנ עֶר פְלֶעגְט אָפְט מִיט אַ זִיפְץ זָאגֶען אַז „עֶר אִיז אַ יָתוֹם פוּן יְתוֹמִים".

דִי דְרַייא אֲמוֹרָאִים, רַבָּה, אַבַּיֵי אוּנ רָבָא, זֶענֶען גֶעוֶועהן דֶער חוּט הַמְשׁוּלָשׁ דֶער אִין דְרַייעֶן צוּנוֹיפְגֶעדְרֶעהטֶער פָאדֶעם, וָואס הָאט צוּנוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דֶעם תַּלְמוּד, גֶעמַאכְט דֶערְפוּן אַ שַׁארְפְזִינִיגֶען לִמּוּד, וָואס מֶענְשֶׁען מִיט גְרוֹיסֶע קֶאפּ הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאנְט עֶנְטְשְׁלִיעסֶען זֵייעֶרֶע גַאנְצֶע יָאהְרֶען אוּנ טֶאג דֶערְמִיט צוּ פֶערְבְּרֶענְגֶען, אוּנ דֶערְפַאר אַז אַבַּיֵי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז אוֹיף זַיין אָרְט גֶעבְּלִיבֶּען רָבָא בַּר יוֹסֵף בַּר חָמָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אִי אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן, אִי שְׁטַארְק רַייךְ, אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעהַאט אַזַא שֶׁאנֶעם נָאהְמֶען אַז אֲפִילוּ פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פְלֶעגְט מֶען זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ אִיהם. צוּ זַיינֶע מַעֲלוֹת הָאט עֶר אָבֶּער גֶעהַאט שְׁטַארְקֶע חֶסְרוֹנוֹת. אַזוֹי וִוי עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִין מְחוֹזָא, וָואס אִיז כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן גֵרִים, הָאט זֵיי רָבָא אִין אַ סַךְ זַאכֶען צוּ פִיעל צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן אוּנ אַוֶועקְגֶעקוּקְט פוּנ'ם דִין. אַבַּיֵי הָאט דָאס נָאךְ בַּיי זַיין לֶעבֶּען בֶּעמֶערְקְט אוּנ פְלֶעגְט אָפְט גֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען רָבָא'ן אַז עֶר טְהוּט נִיט גְלַייךְ דֶערמִיט וָואס עֶר אִיז מַתִּיר פִיעל זַאכֶען אוּנ קוֹיפְט זִיךְ לִיעבְשַׁאפְט בַּיים פָאלְק, וַוייל „דֶער דַיָין, וָואס דֶער עוֹלָם הַאלְט צוּ פִיעל פוּן אִיהם, אִיז נִיט קַיין שְׁטַארְקֶער בֶּעשִׁיצֶער פוּן דִי גֶעזֶעטְצֶע". רָבָא פְלֶעגְט טַאקִי אָפְט וֶוערֶען אַ צוּ גְרוֹיסֶער מֵקִיל, אוּנ דוּרְךְ דֶעם אִיז עֶר גֶעוָוארֶען זֶעהר בֶּעלִיעבְּט. דִי אַנְוָואהנֶער פוּן מְחוֹזָא הָאבֶּען גֶעלִיטֶען דֶערְפוּן וָואס זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט קוּמֶען צוּ קַיין רֶעכְטֶע שִׁדּוּכִים, וַוייל דִי מְיוּחָסִים פוּן בָּבֶל הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט זִיךְ מִתְחַתֵּן זַיין מִיט גֵרִים. אַז רַבִּי זֵירָא אִיז אַ מָאל אַהִין גֶעקוּמֶען אוֹיף סְכוֹת אוּנ הָאט אִין זַיין דְרָשָׁה בֶּערִירְט דִי פְרַאגֶע, הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר טְהוּט זֵיי אַ טוֹבָה דֶערְמִיט וָואס עֶר אִיז זֵיי מַתִּיר אַז זֵיי מָאגֶען חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַמְזֵרִים. דָאס הָאט זֵיי שְׁטַארְק פַארְדְרָאסֶען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען רַבִּי זֵירָא'ן שִׁיר נִיט פֶערְוָוארְפֶען מִיט זֵייעֶרֶע אֶתְרוֹגִים. רָבָא הָאט אָבֶּער בַּאלְד גֶעפַּסְקֶ'ט אַז גֵרִים מָאגֶען אֲפִילוּ חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט עֶאַבטֶער פוּן אַ כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנ וֶוען רַבִּי זֵירָא אִיז קוֹים לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אַנְטְלָאפֶען פוּן דָארְט, הָאט דָאס פָאלְק רָבָא'ן אָבְּגֶעשִׁיט מִיט מַתָּנוֹת.

דִי צַייט, וָואס שַׁבּוּר דֶער צְוֵוייטֶער הָאט גֶעהֶערְשְׁט, אִיז פַאר דִי יוּ[illegible]ן פוּן בָּבֶל נִיט גוּט גֶעוֶועהן. אוֹיסֶער דֶעם מַס הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט אוֹיסְהַאלְטֶען

דאָס גאַנצע חיל וואָס איז געשטאַנען אין מחוזא און זענען אויסגעריסען געוואָרען. רבא האָט זיין גלאַנץ אויך בעפעסטיגט נאָר דערמיט וואָס ער פלעגט ניט זשאַלעווען קיין מטבע, און אַחוץ דעם האָט די אַלטע קעניגין איפרא-הורמיז געהאַלטען פון יודען. זי האָט אַמאָל אַריינגעשיקט רבא'ן אַ גרויסע נדבה און אויך אַ בהמה פאַר אַ קרבן, און ווען איהר זוהן האָט נאָר געוואָלט אַרויסגעבען עפּיס אַ שלעכטע גזרה אויף די יודען פלעגט זי איהם זאָגען: „האָב ניט צו טהון מיט דעם פאָלק, ווייל וואָס זיי בעטען ביי גאָטט טהוט ער זיי צו ליעב”. פון דערסטוועגען אַז רבא האָט אַמאָל געהייסען בעשטראָפען אַ יודען פאַר אַ חטא און ער איז געשטאָרבען, און מען האָט געגעבען אַ מסירה, האָט ער געמוזט אַנטלויפען און זיין הויז האָט מען פשוט חרוב געמאַכט.

נאָך רבא'ס טויט האָט ווייטער אויפגעבליהט די ישיבה פון פומבדיתא, נאָר די פאָרשטעהער, רב נחמן בר יצחק און רב פפא, האָבען שוין ניט געשפּיעלט אַזאַ ראָללע ווי די פריהריגע אמוראים.

דערווייל האָט אויף די יודען פון ארץ ישראל אויף אַ קורצע צייט אַ שיין געטהון די זון פון האָפנונג. די ראָמישע מלוכה איז איבערגעגאַנגען צום גוטען קייזער יוליאַנוס, וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָהרען, ווען זיין פעטער קאָנסטאַנ-טיוס האָט איהם מיט געוואַלד אָבגעריסען פון'ם גאָטצענדיענסט, אַליין געפיהלט דעם טעם פון גייטהען אָנצונעהמען אַ פרעמדע אמונה, און האָט זיך דערפאַר ענטשלאָסען אַללע פעלקער צו בעהאַנדלען מיט גלייכע ליעבע און ערלויבען יעדען צו בלייבען אין דער רעליגיאָן וואָס געפעלט איהם. מיט די יודען האָט ער געטהון גרויסע חסדים איבער פיעל טעמים. ערשטענס, איז איהם געפעללען זייער פאַמיליען-לעבען, זייערע שאָנע מדות, גרויסע צדקה; צווייטענס, האָט ער געהאַלטען אַז מיט די דינים פון קרבנות שטעהען די יודען נאָהענטער צו זיין גלויבען, און האָט גערעכענט, ווי עס שיינט, אַ ביסעלע אויסצועדלען דעם גאָט-צענדיענסט נאָך יודישע מנהגים; דריטענס, האָט ער געוואָלט מיט זיין ליעבע צו די יודען שטעכען די קריסטען, וואָס האָבען געזוכט אַללע מיטעל צו ערניד-ריגען זייערע געוועזענע ברידער; פירטענס, האָט ער געהאַט דערביי נאָך אַ בע-זונדערע כוונה און האָט געהאָפט אַז די יודען פון בבל וועלען איהם, פאַר דאַנק-באַרקייט, אַמאָל בעהילפיג זיין אין דער מלחמה מיט די פערסער, וועניגסטען שביינען דערמיט וואָס זיי וועלען שטעהן פון דער ווייטענס. מילא ווי אַזוי די זאַך איז שוין דאָרט געוועהן, נאָר די צוויי יאָהר, וואָס יוליאַנוס איז געוועהן קייזער, האָבען זיך די יודען געפיהלט זעהר גליקליך. פון די אַלטע גזירות האָט מען נאָר

ניט וואס צו רעדען אז ער האט זיי מבטל געוועהן; ער האט באלד ערלויבט די יודען אריינפאהרען קיין ירושלים אונ פלעגט זייער אפט שרייבען פריינדליכע בריעף דעם נשיא הלל, וועלכען ער האט שטענדיג גערופען „געשאצטער פריינד". גאר גיך האבען די יודען בעקומען א פרעהליכע בשורה, וואס זיי האבען זיך גאר ניט געקאנט רעכטען דארויף. יוליאנוס האט צושיקט בריעף פון אנטיא- כיען צו אללע יודישע קהלות אז ער וויל אויף זיין חשבון נאך אמאל אויסבויען דעם בית המקדש. מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר א שמחה עס איז געקומען אויף די יודען; די שמחה איז געווארען נאך גרעסער, ווען יוליאנוס האט טאקי בעשטימט איינעם פון זיינע געלערנטע פריינדע אליפיוס פאר איין אויפזעהער אויף די ארבייט, אונ האט געשיקט א בעפעהל די מושלים פון סיריען אונ פון ארץ ישראל זיי זאלען פון זייער זייט העלפען אונ געבען אלדינג וואס עס וועט נאטהיג זיין צום בנין. פון ווייט אונ פון נאהענט האט זיך אנגעהויבען שיטען געלד אויף דער היילינגער זאך, ווייבער האבען פון זיך אראבגענומען זייער צירונג אונ אוועקגעגעבען אונ האבען נאך דערצו אלליין געהאלפען טראגען שטיינער, חאטש מען האט עס ניט בעדארפט, ווייל יוליאנוס האט געשיקט גענוג ארביי- טער. צום אומגליק, האט אבער די ארבייט ניט געקאנט אויסגעפיהרט ווערען, ווייל אז מען האט זיך גענומען אבגראבען די אלטע חורבות איז ארויס א פייער, די לופטען פון אונטער דער ערד האבען זיך אנגעצונדען אונ מען האט געמוזט בלייבען שטעהן. דערווייל איז יוליאנוס שטארק פערקראכען מיט דער מלחמה געגען שבור דעם צווייטען. צום אנהייב האט איהם אפילו דאס גליק געדיענט, ער האט הרוב געמאכט די שטאדט פירוז-שבור אונ מחוזא, אונ האט נאך געוואלט ווייטער געהען, נאר א פייל פון א קריסט האט איהם פלוצלונג גע- טראפען אונ מיט זיין אונצייטיגען טויט איז אויך פערשוואונדען געווארען דער זיסער חלום, וואס די יודען האבען זיך א פאר יאהר דער קוויקט מיט איהם אונ כמעט געזעהן פאר די אויגען די רפואה צו דער מכה.

די קורצע צייט פון יוליאנוס'ס מלוכה אונ זיין בעזונדער ליעבשאפט צו די יודען האבען געמאכט אזא ווירקונג, אז דעם נייעם קייזער יאוויאנוס איז שוין שווער געוועהן מיט א מאל איבערצומאכען די גאנצע הנהגה אונ אנטהון צרות אזעלכע מענשען וואס די מלוכה האט ערשט זיי געחנפ'ט אונ ארומגערינגעלט נאר מיט חסד. דערצו האט ער אין גאנצען געהערשט איין יאהר אונ האט פשוט קיין צייט ניט געהאט זיך נעהמען איבער מאכען די פריהריגע געזעטצע. אז די מלוכה איז נאך דעם איבערגעגאנגען צו צוויי ברידער, וואלענס אונ

וואַלענטיניאַן דעם ערשטען, האָבען זיי זיך שוין אויך געהאַלטען אין דעם, אַז מען דאַרף געבען פרייהייט יעדער אמונה, אונ האָבען די יודען אויך געלאָזט צו רוה. אין זייער צייט איז נאָך אַרוים אַ בעפעהל אַז אין יודישע שולען אונ בתּי מדרשים טאָר מען קיין סאָלדאַטען ניט אַריינשטעלען. אַזוי איז די יודען וועניגסטענס ניט ערגער געוואָרען נאָך דעם וואָס זיי האָבען זיך געמוזט אָבזאָגען פון זייער לעצטער האָפנונג אונ דער וועטהיג וואָס זיי האָבען ניט דערגרייכט זייער ציעל. איז האָטש ניט גראָסער געוואָרען דורך דייע צרות אונ אַלטע גזירות.

# 7 אוים נשיאים אונ דער סיום פונ׳ם תּלמוד.

(370—600 נאָך קריסטוס געבורט).

אַז די פערבאָרגענע געזעטצע פון דער השגחה האָבען בעדאַרפט אויסגעפיהרט ווערען, אונ אַ שרעקליכע ווילדע מאַכט זאָל איינשלינגען דאָס פערדאָרבענע זינדיגע רום, האָבען די יודען אויך געמוזט ליידען, אונ אויף צרות זענען זיי געוועהן גוטע שותּפים. אין די לעצטע יאָהרען איז דער צושטאַנד פון ארץ ישראל געווען טרויעריג. נאָר נאָך יוליאַן׳ס טויט, אַז דאָס קריסטענטהום איז געוואָרען די הערשענדע רעליגיאָן אין די ראָמישע לאַנדער, אונ אין קייזערליכען הויף פון רום אונ קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען אָנגעהויבען האָרן אונ טהון אַלץ וואָס די גייסטליכע זאָגען, איז די יודען געוואָרען נאָך ביטערער. מען האָט זיך גענומען בעפעסטיגען די קריסטליכע אמונה אונ אָבמעקען דעם זכר פון עבודה זרה, אונ אויף דעם יודישען פאָלק, וואָס האָט זיך מעהר פון טויזענד יאָהר גע־ראַנגעלט מיט׳ן גאָטצענדיענסט אונ אַללע כּוחות אַוועקגעלעגט די וועלט זאָל בעקומען אַ בעגריף פון אַ איינציגען בעשעפער, איז געפאַלען דער ווייסטער גורל אַז פונקט ווען דער עיקר פון זיין גלויבען האָט אָנגעהויבען בליהען אונ אַריינ־קריכען אין די הערצער פון מיליאָנען מענשען, זאָל מען נאָר פאַרגעסען אַז פון איהם קומט אַרויס דער גאַנצער עיקר אונ מען זאָל עם רודף׳ן צוגלייך מיט די וואָס עם האָט שטענדיג מלחמה געהאַלטען מיט זיי אונ זיך געמיהט זיי די אויגען צו אָפענען צו ערקענען דעם איינציגען גאָטט.

נאָך אַ קורצע צייט האָבען עקסיסטירט די נשיאים פון וועלכע זענען נאָר בעקאַנט רבּן גמליאל דער פינפטער זיין זוהן רבּי יהודה דער פירטע אונ רבּן גמליאל דער זעכסטער, וואָס איז אויך געוועהן דער לעצטער

פון זיי. זייער מאכט איז נאר געווען אויף פאפיער, ווייל די קריסטליכע גייסט־ליכע האבען זיי ניט געלאזט קיין קאפ אויפהויבען און האבען געבעטען ביי דער מלוכה, זי זאל פארווערען די פארשטעהער פון די יודען זיי זאלען ניט טארען בעשטראפען אפילו זייערע אייגענע גלויבענסברידער, און דאס האבען זיי געטהון מיט א כיון, כדי די יודען זאלען קאנען פריי איבערבייטען זייער אמונה און זאלען פאר קיינעם ניט מורא האבען. דער קייזער טהעאדאזיוס דער גרויסער וואס האט גוט חוקר ודורש געווען און געזעהן אז די יודען טהוען קיין עולות ניט און טשעפען קיינעם ניט, איז ער ניט בעשטאנען אויף דער בקשה פון די גייסטליכע און האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז קיינער זאל זיך ניט אריינמישען אין די אינווענינגסטע זאכען פון דער יודישער קהלה, און אז די יודישע פארשטעהער מאגען ארויסגעבען א פסק דארט וואו א יוד פערזינדיגט זיך און קאנען זיך אפילו בענוצען מיט'ן חרם. דער אייגענער טהעאדאזיוס האט אויך פערמשפט צום טויט איינ'ם פון זיינע הויפטלייט וואס דער נשיא רבן גמליאל דער פינפטער האט זיך בעקלאגט אויף איהם אז ער האט ביי איהם צוגענומען געוויסע פאפירען. נאר האטש דער קייזער איז געגאנגען מיט יושר, און האט געשיצט די יודען ביי יעדען פאל וואס עס פלעגט נאר אנקומען צו איהם, פון דעסטוועגען האבען זיך זעהר אפט געפונען צווישען די קריסטען אזאלכע אדוקים, וואס האבען געהאלטען פאר א מצוה צו שטערען די יודען ביים דאווענען, אבבראבעווען די בתי מדרשים, פארברענען שולען און אויסבויען אויף דעם פלאטץ קירכען. די הויפט־שונאים, וואס האבען געזוכט ווי וויט מאגליך זיך נוקם צו זיין אין די יודען, זענען געווען יאהאנעס כריזאס־טאמאס פון אנטיאכיען און אמבראזיוס פון מיילאנד.

כריזאסטאמאס איז געווען איינער פון די בעסטע קריסטליכע דרשנים. אין זיין צייט האבען די יודען אין אנטיאכיען געשפיעלט א גרויסע ראללע, זייערע שולען זענען געווען זעהר רייך, דער גאטטעסדיענסט איז געווען שאן און אז עס פלעגט קומען א שבת אדער א יום טוב האבען זיך געשיט־צום דאווענען די פארנעהמסטע קריסטען פון דער שטאדט, וואס האבען זיך גאר ניט געקאנט אבלויבען, אזוי איז זיי געפאלען די יודישע תפלות, דאס שופר בלאזען, די עבודה אום יום כפור, און דער גאנצער סדר התפלה. פון דער שוהל איז שוין נאר א קליינער גאנג צו דער שטוב, און אז דאס דאווענען האט אויף די קריסטען אזא שטארקען איינדרוק געמאכט, האבען זיי זיך אנגעהויבען מעהר צוצוקוקען צום יודישען לעבען, צו זייערע מדות, צו זייערע פארשטעהער, און ביסלעכווייס איז

עס געקומען דערצו וואס ביי פראצעסען האבען קריסטען צווישען זיך ניט געוואלט זיך ווענדען צום געריכט אונ האבען זיך פערלאזט אויף יודישע רבנים. דאס האט כריזאסטאמאס ניט געקאנט איבערטראגען אונ ער איז ארויס מיט זעכס אפענטליכע דרשות אין וועלכע ער האט דאס יודישקייט ארויסגעשטעלט ווי א טומאה אונ אונטערגעהיצט דאס פאלק, וואס האט געגלויבט אז מען מוז די יודען אויסרייסען אונ אננעהמען זיך גאטט'ס קריוודע.

אז אמבראזיוס איז געווארען עפיסקאפ האט ער ביי יעדער געלעגענהייט ארויסגעוויזען זיין האס געגען יודישען פאלק. ווען די קריסטען האבען אין רום פארברענט א שול אונ דער קייזער האט געהייסען מען זאל די שול צוריק אויפבויען אויפ'ן חשבון פון דער שטאדט, האט אמבראזיוס זיך ערלויבט אפענטליך צו שרייען, אז א מלך וואס נעהמט זיך אזוי אן פאר יודען מוז אליין זיין א יוד. באלד האט זיך געמאכט נאך אזא פאל אין מעסאפאטאמיען, וואו די גייסטליכע האבען אויך אונטערגעצונדען א שול אונ טהעאדאזיוס האט בעפוילען זיי זאלען זיך לאזען קאסטען אונ די שול זאל ווידער זיין אויף דעם איינענעם ארט, האט אמבראזיוס אנגעמאכט אזא גוואלד אז דער קייזער האט געמוזט אנדערן דעם בעפעהל. אמבראזיוס האט אויף יודען ארויפגעלעגט פיעל בעשולדיגונגען, ער האט געשריען, אז מען טאר יודען צו קיין זאך ניט צולאזען אונ מען דארף נאר ביי זיי נעהמען מס, אונ האט עס אזוי ווייט געבראכט אז אפילו דער גוטער טהעאדאזיוס האט בעניהט דאס אלטע געזעטץ פון קאנסטאנטיוס אז יודען טארען ניט מגייר זיין זייערע שקלאווען.

נאך טהעאדאזיוס'ס טויט איז די מלוכה איבערגעגאנגען צו זיינע צוויי יורשים, אונ די ראמישע לאנדער האבען זיך איינגעטהיילט אין צוויי טהייל, איינע פון מזרח־זייט אונ די אנדערע פון מערב־זייט, אונ יעדע האט געהאט א בעזונדער מלך. די יודען, וואס זענען געוועהן צווארפען אין אללע לאנדער, האבען בעקומען צוויי בעלי בתים אונ האבען שוין ניט געקאנט לעבען רוהיג, ווייל פעסטע געזעטצע האבען זיי ניט געשיצט אונ יעדען טאג האבען זיי זיך געמאנט ריכטען אויף אנדערע צרות. דער קייזער ארקאדיוס, וואס האט געהאט צו זאגען איבער די לאנדער פון מזרח־זייט, אדער ביז אנטיען, איז דוקא געוועהן גוט צו די יודען, נאר דאס גוטסקייט האט זיך גענומען דער פון, וואס די גאנצע דעה האבען ביי איהם געהאט צוויי חשובים רופינוס אונ אייטראפיוס, זיי האבען שטארק ליעב געהאט די מטבע אונ די יודען האבען שוין דערקענט דעם כשוף פון דער מטבע. אודאי איז באלד ארויס א בעפעהל

מֶען זָאל אָבְּגֶעבֶּען כָּבוֹד דִי נְשִׂיאִים. מֶען זָאל אוֹיף דִי רַבָּנִים קוּקֶען וִוי אוֹיף אַלֶע אַנְדֶערֶע גַייסְטְלִיכֶע. יוּדֶען צְווִישֶׁען זִיךְ זָאלֶען מָאנֶען בַּיי זִיךְ לָאדֶען אוּנ דִי רֶעגִירוּנְג זָאל אַכְטוּנְג גֶעבֶּען מֶען זָאל זֵייעֶר פְּסַק מְקַיֵים זַיין. אוּנ אַחוּץ דֶעם אַז מֶען אִיז אִין אִילִירִיעֶן אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שׁוּל, הָאט מֶען צוּגֶעשְׁרִיבֶּען אוּמֶעדוּם מֶען זָאל שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפֶען דִי וָואס וֶועלֶען אָנְרִירֶען יוּדֶען אָדֶער צוּשְׁטֶערֶען זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען. אַזַא בֶּעפֶעהל הָאט אָבֶּער נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ בַּאלְד הָאט מֶען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ הֶיתֵּר אוּנ מֶען הָאט גֶעטְהוּן פּוּנְקְט פַארְקֶעהְרְט. דָאס אֵיינֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהֶן אִין דִי לֶאנְדֶער פוּן מַעֲרָב־זַייט, ווּאוּ עֶס הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער קֵייזֶער הָאנָארִיוּס, וָואס הָאט זִיךְ אֵיינֶענְטְלִיךְ וֶוענִיג גֶעמִישְׁט צוּ דֶער מְלוּכָה אוּנ דִי גַאנְצֶע הֶערְשׁוּנְג הָאט גֶעפִירְט דֶער הוֹיפְּטְמַאנְן סְטִילִיכָא. דָארְטְ אִיז דֶער מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען נָאךְ וֶוענִיגֶער זִיכֶער גֶעוֶועהְן, וַוייל אַלֶע מָאל הָאט מֶען אוֹיף זֵיי אַנְדֶערְשׁ גֶעקוּקְט: אָט הָאט מֶען פֶערְבָּאטֶען דִי יוּדֶען זָאלֶען נִיט טָארֶען צוּנוֹיפְנֶעהְמֶען גֶעלְד אוֹיף אוֹיסְצוּהַאלְטֶען דֶעם נָשִׂיא אוּנ אָט הָאט מֶען עֶס וִוידֶער עֶרְלוֹיבְּט; אָט הָאט מֶען בַּיי דִי יוּדֶען צוּגֶענוּמֶען דָאס רֶעכְט צוּ דִיעֶנֶען אִין חַיִל אוּנ אָט אִיז מֶען פְּלוּצְלוּנְג צוּ זֵיי פְרַיינְדְלִיךְ גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען הָאט זֵיי בֶּעפְרַייהט, זֵיי זָאלֶען אִים שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב נִיט דַארְפֶען קוּמֶען אִין גֶערִיכְט.

דָאס אִיז אָבֶּער נָאר גֶעוֶועהְן אַ אָנְהֵייבּ פוּן דִי פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין דִי מִיטֶעלֶע יָאהְר הוּנְדֶערְטֶע אוּנ לִיגֶען נָאךְ עַד הַיּוֹם יוּדֶען אִין טַעַם. רֶעכְטֶע צָרוֹת הָאבֶּען יוּדֶען פֶערְזוּכְט אִין דֶער צַייט פוּן טְהֶעאָדָאזִיוּס דֶעם צְווֵייטֶען, וָואס אִיז דַוְקָא נִיט גֶעוֶועהְן קֵיין שְׁלֶעכְטֶער, נָאר אַזוֹי וִוי עֶר אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען גַייסְטְלִיכֶע אוּנ פוּן דֶער נַאטוּר אִיז עֶר גֶעוֶועהְן אַ וֵוייכֶער, הָאט מֶען אִיהם גֶעבּוֹיגֶען אוֹיף דֶער שְׁלֶעכְטֶער זַייט. עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען פַארְקְלֵיינֶערְן דִי רֶעכְטֶע פוּן דִי יוּדִין אוּנ הָאט זֵיי פַארְוֶועהְרְט צוּ קוֹיפֶען קְרִיסְטְלִיכֶע שְׁקְלַאוֶוען אוּנ בּוֹיעֶן נַייעֶ שׁוּלֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶועהְן דֶער לֶעצְטֶער נָשִׂיא גַמְלִיאֵל אַ שְׁטַארְקֶער חָשׁוּב אוּנ עֶר הָאט אִיהם גֶעשֶׁענְקְט זֶעהר אַ גְרוֹיסֶען טִיטוּל. רַבָּן גַמְלִיאֵל, וָואס אִיז גֶעוֶועהְן בֶּעלִיעבְּט אִין לַאנְד פַאר זַיין בְּקִיאוּת אִין מֶעדִיצִין, הָאט זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט אַוֶועקְצוּקוּקֶען פוּן דִי גֶעזֶעטְצֶע גֶעגֶען דִי יִדֶען, עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זִיךְ אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען בּוֹיעֶן נַייעֶ שׁוּלֶען. דֶערְפַאר הָאט אוֹיף אִיהם דֶער קֵייזֶער גֶעוָוארְפֶען אַ אוּם־חֵן, אוּנ הָאט בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען דֶעם שֶׁאנֶעם טִיטוּל, נָאר נָשִׂיא אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז צוּם טוֹיט. מִיט אִיהם אִיז אָבֶּער אָבְּגֶעהַאקְט גֶעוָוארֶען דֶער לֶעצְטֶער צְוַוייג

פון הלל'ס הויז און עס איז געוואָרען אַ ענדע פון די נשיאים, וואָס האָבען פירט האַלבען-הונדערט יאָהר כּסדר הויך געהאַלטען די פאָהן פון יודישקייט, פונפצעהן נשיאים האָבען זיך איבערגעביטען אין דער צייט: צוויי הלל'ס, דריי שמעון'ס, פיער יהודה'ס און זעכס גמליאל'ס.

דעם ערשטען בּריוו פון רדיפות האָט געמאַכט דער עפּיסקאָפּ קיריל אין אַלעכּסאַנדריען: ער האָט אונטערגעהיצט דאָס פּראָסטע פאָלק, און זיי זענען אָנגעפאַלען אויף די יודען, צוגענומען בּיי זיי די שול און האָבען זיי נאַקעט און בּלויז אַרויסגעיאָגט פון דער שטאָדט. דער מושל פון אַלעכּסאַנדריען אָרעסטעס איז דאָקא ניט צופרידען געוועהן דערפון, נאָר ער האָט געהאַט צו וועניג מאַכט און האָט די יודען ניט געקאָנט בּעשיצען, און אַז ער האָט זיך נאָך דעם בּעקלאָגט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויף דעם עפּיסקאָפּ האָט ער נאָך בּעקומען פאָרווירפע דערפאַר וואָס ער נעהמט זיך אָן פאַר יודען. בּאַלד זענען אויף איהם טאַקי אָנגעפאַלען אַ גאַנצע חברה פון גייסטליכע און האָבען איהם אַזוי בּעוואָרפען מיט שטיינער אַז ער האָט שוין לאַנג ניט געלעבּט. די איינענע חברה האָבען כּמעט לעבּעדיגערהייט צעריסען אַ בּערימטע פרוי אַ מלומדת היפּאַטיאַ, וואָס האָט זיי ניט געטויגט, ווייל אין איהרע רעדען האָט זי שטענדיג געוואָלט דאָס פאָלק ניינען צו שלום און צופרידענהייט. דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפען די יודען פון אַלעכּסאַנדריען האָט זיי אָבּער ניט אָבּגעריסען פון יודישקייט און נאָר איינער פון זיי, אַדאַמאַנטיוס, אַ פּראָפעסאָר פון מעדיצין, איז איבּערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. ניט איבּעראַל האָבען זיי זיך פון דעסטוועגען געקאָנט האַלטען אַזוי פעסט ווי אין אַלעכּסאַנדריען: אַז אויף דער שפּאַנישען אינזעל מינאָרקאַ, אין אַ קליין שטעדטעל מאַגאָנאַ, האָט דער עפּיסקאָפּ סעווערוס כּמעט יעדען טאָג אָנגערייצט אויף זיי דאָס ווילדע פאָלק, איז זיי נמאס געוואָרען צו האַלטען שטענדיג די נשמה אין די האַנד, און האָבען אַללע געמוזט אָננעהמען די קריסטליכע אמונה.

עס איז מערקווירדיג וואָס גראַד די פאָרשטעהער פון דער מלוכה, וואָס האָבען מעהר געקענט דאָס יודישע לעבּען, האָבען ניט געהאַלטען מיט די גייסטליכע און פלעגען אָפט אויסווייזען אַז מען טשעפּעט זיך צו די יודען אומזיסט. אַז דער המון האָט אין אַנטיאָכיען די שול צערשטערט, האָט דער מושל פון סיריען געמעלדעט דערפון דעם קייזער און האָט אַזוי בּעשריבּען די שרעקליכע עולה אַז עס איז בּאַלד אָנגעקומען אַ בּעפעהל, אַז די איינוואָהנער זאָלען בּעצאָהלען די יודען דעם גאַנצען היזק. אַז דערפון איז אָבּער געוואָהר געוואָרען איינער פון די קריסטליכע

נײַסטליכע, שמעון, האט ער אָנגעמאַכט אַזא גוואַלד אַז דער שוואַכער טהעאָדאָזיוס האט געמוזט צוריק רופען דעם בעפעהל אונ דערצו נאָך אָבזאָגען דעם סירישען מושל, וואָס האט געהאַט אַ העזה זיך אָנצונעהמען פאַר אומשולדיגע מענשען.

פון טהעאָדאָזיוס האט זיך אַראָבגענומען אַ מוסר אויך האָנאָריוס, דער קייזער פון די לאַנדער אין מערב-זייט, אונ דאָרט האָבען זיך אויך אָנגעהויבען שיטען גזירות אויף יודען. צו קיין שום דינסט בײַ דער קרוין האט מען קיין יודען ניט צו געלאָזט, אפילו די וואָס האָבען פון פריהר געדיענט האט מען אָבגעזאָגט, אין חיל האָט ניט געטאָרט זײַן קיין זכר פון זיי אונ דערצו האט מען זיי נאָך פאַרווערט צו געבען געלד אויף צדקה-זאַכען אונ אויף אַנדערע ענינים וואָס האָבען עפּיס אַ שייכות צו דער אמונה. אַז די נשיאים זענען שוין מעהר ניט געוועהן פלעגט מען דאָס געלד, וואָס מען האט שטענדיג געזאַמעלט פון זייערטוועגען, אַוועקשיקען אויף אויסצוהאַלטען די ישיבות, אונ אַזוי ווי דאָס פלעגט אויסמאַכען אַ היבשע סומע, האט די מלוכה פערשטאַנען אַז עס איז גלײַכער דאָס געלד בײַ די יודען צו צונעהמען, אונ האט צו פלייס אַרויסגעלאָזט אַזא געזעץ, וואָס האט איהר געגעבען די מאָגליכקייט שטיל, אונ כלומר'שט מיט יושר, אָבראַבעווען בײַ די יודען, דאָס וואָס זיי האָבען בעשטימט פאַר'ן הייליגסטען תכלית.

בײַ די אַללע רדיפות האָבען פון דעסטוועגען די ישיבות אין טבריה אונ לידדאַ זיך געפיהרט אויפ'ן אַלטען שטייגער אונ עס האָבען זיך נאָך געפונען געווענליך יונגע לייט וואָס האָבען זיך אָבגעגעבען מיט לערנען. אַז דער קריסטליכער הייליגער הירָאָנימוס, וואָס האט אין בית לחם אויסגעבויעט אַ קירכע, האט געוואָלט לערנען לשון קודש, איז בר חנינא געוועהן זײַן רבי אונ פלעגט צו איהם בסתר קומען, ווייל די יודען האָבען ניט געוואָלט לײַדען אַז אַ יוד זאָל לערנען מיט אַ קריסט. דער סוף האט זיך אַזוי אויסגעלאָזט: האָטש הירָאָנימוס האט זיך גוט אויסגעלערנט לשון קודש אונ איז געוואָרען אַזא גרויסער בקי אין אַללע יודישע הייליגע ספרים, אַז ער האט געקאָנט אַלליין מאַכען אַ לאַטײַנישע איבערזעצונג פון דער ביבעל, וואָס איז בעקאַנט מיט'ן נאָהמען „וואולגאַטאַ", פון דעסטוועגען האט ער אין האַרצען בעהאַלטען אַ שרעקליכע שנאה צום יודישען פאָלק, אונ האט צוזאַממען מיט נאָך אַ קריסטליכען הייליגען אויגוסטינוס זעהר רודף געוועהן די יודען.

אָפט פלעגען די יודען אויך לײַדען ניט אַזוי פיעל פון שנאה צו זייער אמונה

ווי פון קִנְאָה צו זייער לֶעבֶּען, וואס איז פָּארְט גֶעוועהן נִיט שְׁלֶעכְט אַבִּי מֶען האט זיי נָאר נִיט בֶּערוּיבְּט אונ גֶעשְׁלָאגֶען. אִין צֶעזַארֶעאַ האבען די יוּדֶען לִיעבּ גֶעהַאט אוֹיךְ צוּ בֶּעוַוייזֶען זייער בְּרְיָה׳שַׁאפְט בַּיים שְׁפִּיעל, וואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין אַ וועט, ווער וועמען וועט אִיבֶּערְיָאגֶען בַּיים רַייטֶען. אונ קוים דאט אַ יוּד גֶעוואוּנֶען זענֶען שׁוֹין אַלֶע זיינֶע בְּרִידֶער נִיט זִיכֶער גֶעווען מִיט׳ן לֶעבֶּען. אַ זֵיינֶע יוּדֶען זֶענֶען שׁוֹין גֶעוועהן שְׁטַארְק פַּארְגְרֶאבְּט, זיי הָאבֶען זִיךְ אִין גַאנְצֶען אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין וועלְט-זַאכֶען, פוּן לָשׁוֹן קֹדֶשׁ הָאבֶען זיי שׁוֹין קַיין אֵיינְצִיג וואָרְט נִיט פֶּערְשְׁטַאנֶען, אֲפִילוּ קְרִיאַת שְׁמַע הָאבֶען זיי גֶעלַיְיעֶנְט אוֹיף גְרִיכִישׁ, אִין אַלֶע מִדוֹת הָאבֶען זיי נָאכְגֶעטַאנְצְט אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער, אונ נִיט אֵיין מָאל פְּלֶעגְט זיי נָאר אַ קוּלַאק פוּן אַ שׂוֹנֵא דֶערְמָאנֶען אִין דֶעם וואס זיי וואלְטֶען נִיט בֶּעדַארְפְט אַזוֹי גְרִינְג פַארְגֶעסֶען.

אִין אַזאַ בִּיטֶערֶע צַייט, אַז מֶען שְׁלָאגְט אִין הַאלְז אונ נַאקֶען, אִיז שְׁווער זִיךְ אָבְצוּגֶעבֶּען מִיט תּוֹרָה, אונ ווען די יְשִׁיבוֹת פוּן טְבַרְיָה אונ לִידְדָא זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטַאנֶען לֵיידִיג אִיז דָאס שׁוֹין אַלֵיין גוּט; קַיין חֲרִיפִים הָאבֶען שׁוֹין פוּן דָארְט נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס אונ דֶערְפַאר אִיז נִיט גֶעבְּלִיבֶּען קַיין זֵכֶר פוּן עֶפִּים אַ בֶּעריהמְטֶען אֲמוֹרָא, וואס זָאל גֶעוועהן אִיבֶּערְלָאזֶען אַ גְרוֹיסֶען נָאהמֶען אוֹיף דֶער וועלְט. די תּוֹרָה זָאלל נִיט פֶּערְגֶעסֶען ווערֶען הָאט מֶען צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם „תַּלְמוּד יְרוּשַׁלְמִי“, וואס בֶּעשְׁטֶעהט פוּן פֶּערְשִׁידֶענֶע מֵיינוּנְגֶען אונ קַבָּלוֹת, אָהן אַ שׁוּם סֵדֶר צוּנוֹיפְגֶעוואָרְפֶען. ווער עֶס הָאט גֶעזַאמֶעלְט דֶעם „תַּלְמוּד“ אִיז נִיט בֶּעקַאנְט, נָאר דָאס ווייסְט מֶען אַז די לוֹמְדִים אַלֵיין הָאבֶען נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק פִיז אִיהם גֶעהַאלְטֶען אונ דֶערְפַאר אִיז דֶעמָאלְט מֶעהר חָשׁוּב גֶעווָארֶען די „אַגָּדָה“, אונ אַלֶע שַׁבָּת אונ יוֹם טוֹב אִיז גֶעווָארֶען אַ חִיוּב צוּ הֶערֶען אַ דְרָשָׁה. אַזוֹי הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט דֶער „מֶדְרָשׁ“: אֵיינֶער פוּן די בֶּעסְטֶע רֶעדְנֶער אִין יֶענֶער צַייט אִיז גֶעוועהן תַּנְחוּמָא בַּר אַבָּא, אונ נָאךְ אִיהם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ זַאמְלוּנְג פוּן זֵיינֶע דְרָשׁוֹת מִיט׳ן נָאהמֶען „מֶדְרָשׁ תַּנְחוּמָא“.

נָאר פּוּנְקְט דֶעמָאלְט ווען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען די תּוֹרָה פַאלֶען, הָאט זִי אִין בָּבֶל צוּרִיק בֶּעקוּמֶען אִיהר גְלַאנְץ צוּ לִיעבּ אַ מֶענְשֶׁען, וואס אִיז אִים שְׁטַאנְד. גֶעוועהן מִיט זַיין גְרוֹיסֶען קָאפּ אונ פֶּעסְטֶען ווילֶען בֶּעלֶעבֶּען דֶעם יוּדִישֶׁען חַארַאקְטֶער אונ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם בִּנְיָן, וואס דַארוֹיף הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען דָאס גַאנְצֶע יוּדִישְׁקַייט. דָאס אִיז גֶעוועהן רַב אַשִׁי, וואס נִיט אוּמזִיסְט הָאט אִיהם דָאס פָאלְק גֶעשֶׁענְקְט דֶעם טִיטוּל רַבָּנָא. צְווַיי אונ פוּנְפְצִיג יָאהר

איז רב אַשִׁי געוועהן דער פָארְשְׁטֶעהֶער פון דער יְשִׁיבָה אִין סוּרָא, אונ פַאר אִים הָאבֶּען נָאךְ אַמָאל אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען דִי יְשִׁיבוֹת אִין פּוּמְבְּדִיתָא אונ נְהַרְדְעָא, פַאר רַב אַשִׁ׳ן הָאבֶּען אַללֶע אֲמוֹרָאִים פון זַיין צַייט אָנְגֶעבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ אונ אֲפִילוּ דִי צְוֵויי רֵישׁ גָלוּתָא׳ס מַר כַּהֲנָא אונ מַר זוּטְרָא הָאבֶּען פַאר אִיהם דֶרֶךְ אֶרֶץ גֶעהַאט, אונ אַז עֶר הָאט גֶעוואָלְט אַז סוּרָא זָאל וֶוערֶען דֶער הוֹיפְּט-פּוּנְקְט פַאר אַללֶע יוּדֶען אִין בָּבֶל, הָאט דֶער רֵישׁ גָלוּתָא גֶעמוּזְט אַהִין פָּאהְרֶען, אונ דָארְט מַאכֶען דִי פָאלְקְס-פֶערְזַאמְלוּנְגֶען, אונ עֶר הָאט עֶס אִיהם צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן, וַוייל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶר טְהוּט עֶס נִיט פון זַיין הֲנָאָה וֶועגֶען, נָאר פַאר דֶעם כְּבוֹד הַתּוֹרָה, כְּדֵי דִי יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ אָפְּט צוּנוֹיפְקְלוּיבֶּען אִין אַזַא שְׁטָאדְט, וָואס אִיז פוּל מִיט לוֹמְדִים אונ וואוּ תַּלְמִידֵי חֲכָמִים שְׁפִּיעלֶען דִי גְרֶעסְטֶע רָאללֶע.

רַב אַשִׁי׳ן אִיז נָאךְ גֶערָאטְהֶען, וָואס אִין זַיין צַייט הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער גוּט הֶערְצִיגֶער קֶענִיג יֶשְׂדִיגֶרְד, וָואס הָאטְ׳שׁ עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ גֶאטְצֶענְדִינֶער, הָאט עֶר נִיט פַיינְד גֶעהַאט מֶענְשֶׁען פון אַיין אַנְדֶער גְלוֹיבֶּען. עֶר הָאט לִיעבּ גֶעהַאט קְרִיסְטֶען אונ יוּדֶען, דֶערְפַאר הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע גַייסְטְלִיכֶע, דִי מַאגִיעֶר, גֶערוּפֶען „אַל-הַאטִים" (דֶער זִינְדִיגֶער). עֶר הָאט אָבֶּער נִיט גֶעקוּקְט דֶערוֹיף, אונ בַּיי אִיהם אִין הוֹיף הָאט מֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעקָאנְט בֶּעגֶעגֶענֶען דִי בְּכָבוֹד׳סְטֶע יוּדֶען פון בָּבֶל, וְוִי רַב אַשִׁי פון סוּרָא, מַר זוּטְרָא פון פּוּמְבְּדִיתָא אונ אֲמֵימַר פון נְהַרְדְעָא. דֶער קֶענִיג אִיז גֶעוֶועהן בַּיי זִיךְ אַזוֹי פְּרָאסְט, אונ דֶערְצוּ זֶענֶען אִיהם יוּדֶען אַזוֹי גֶעפֶּאלֶען, אַז עֶר הָאט אֵיין מָאל אֵיינֶעם פון זַיינֶע יוּדִישֶׁע גֶעסְט, הוּנָא בַּר נָתָן, אַללֵיין גֶעהָאלְפֶען צוּרֶעכְטְמַאכֶען דֶעם גַארְטֶעל, אונ הָאט אִיהם דֶערְבַּיי גֶעמַאכְט אַ קָאמְפְּלִימֶענְט אַז אַללֶע יוּדֶען זֶענֶען אַ פָאלְק פון כֹּהֲנִים אונ דֶערִיבֶּער מוּזֶען זֵיי טְרָאגֶען דֶעם גַארְטֶעל אַזוֹי וְוִי עֶס שְׁטֶעהְט אָן אַ כֹּהֵן.

אִין רַב אַשִׁי׳ס צַייט אִיז פְּלוּצְלוּנְג אַרוֹיס צְווִישֶׁען פִיעל קְהִלוֹת אַ קְלַאנְג אַז מָשִׁיחַ מוּז בַּאלְד קוּמֶען. עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג נַארִישֶׁע אָדֶער פַאלְשֶׁע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעוִויזֶען גַאנְצֶע הֶשְׁבּוֹנוֹת אונ גֶעבְּרַאכְט אוֹתוֹת וּמוֹפְתִים אַז פּוּנְקְט דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מָשִׁיחַ׳ס-צַייטֶען. רַב אַשִׁי׳ן הָאט גֶעקָאסְט זֶעהר פִיעל מִיה צוּ צוּשְׁטֶערֶען דֶעם חָלוֹם, וָואס נִיט אֵיין מָאל הָאבֶּען יוּדֶען צוּ לִיעבּ אִיהם פֶערְשְׁלָאפֶען זֵייעֶר צַייט. פון דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין קְרֶעטָא גֶעפוּנֶען אַ סַךְ יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען, זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעזוּכְט אַ נַייעֶם משֶׁה, וָואס הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט זֵיי טְרוּקֶען אַרִיבֶּער פִיהְרֶען אִיבֶּער דֶעם יַם, אונ דֶער סוֹף הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט אַז דֶער מָשִׁיחַ אִיז אַנְטְלָאפֶען

אונ פיעל פון די דאזיגע, וואס האבען געוואלט זעהן א נס, האבען זיך געלאזט געהן אין וואסער אונ זענען מן הסתם דערטרונקען געווארען.

אזא גרויסער מאנן ווי רב אשי האט אויף זיך געקאנט נעהמען די שווערע ארבייט צו מאכען א סיום אויפ'ן תלמוד, צונויפנעהמען אללע צוואַרפענע מיינונגען, וואס מען האט בעל-פה איבערגעגעבען פון די תנאים אונ אמוראים, אונ אויסארבייטען ריינע ספרים, וואס זאלען קאנען דיענען אויף אייביגע דורות. מעהר פון דרייסיג יאהר האט געדויערט דאס זאמלען, אונ רב אשי'ן איז ניט בעשערט געווען צו ענדיגען דעם „תלמוד בבלי", האטש ער האט זיך געאיילט אונ פלייסיג געארבייטעט ביז צו דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען רב אשי האט אזוי ווי פאראויסגעזעהן אז מען מוז זיך צו איילען מיט דעם ארדנען פונ'ם תלמוד, ווייל ניט שטענדיג וועט בבל שטעהען אונטער דער שוטץ פון א גוטען קעניג אונ יודען וועלען האבען פרייהייט אונ די מעגליכקייט זיך צו בעשעפטיגען מיט לערנען. ער האט אויך קיין טעות ניט געהאט: פינף אונ צוואנציג יאהר אין גאנצען נאך רב אשי'ס טויט איז אין בבל געווארען א איבערקערעניש. דעם נייעם מלך יעזדיגערדט, דעם צווייטען האבען די מאגיער געפיהרט אין זייער הענד אונ די יודען זענען באלד געקומען צו אזא מדרגה אז מען האט זיי אפילו פארווערט צו האלטען שבת. גיך האט מען דעם מלך דערהרג'ט אונ עס האט זיך אנגעהויבען א קריעג צווישען זיינע ביידע זיהן, הדר-נרדא אונ פירוז, נאר אז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו פירוז, איז די יודען נאך ערגער געווארען. מען האט אויף זיי אבגעזוכט עפיס א אלטען חטא, אז זיי האבען אין דער שטאדט איספאהאן געהרגעט צוויי מאגיער, אונ מען האט פשוט געמאכט א שחיטה; האלב יודישע אנוואהנער פון איספאהאן האט מען אויסגעקוילעט, אונ די קינדער האט מען געצוואונגען זיי זאלען דינען עבודה זרה פון פייער. פון די קליינע איז מען באלד איבערגעגאנגען צו די גרויסע, אונ עס האבען זיך אנגעהויבען אזעלכע רדיפות אז אפילו האדריאנ'ס גזירות האבען זיך שוין געקאנט אויסווייזען פאר חסדים. דעם ריש גלותא הונא מרי אונ די צוויי אמוראים אמימר בר מר ינקא אונ משרשיא בר פקוד האט מען אריינגעווארפען אין תפיסה אונ דער נאך האט מען זיי געטיידט. ווער עס האט ניט געוואלט צושטעהן צום גאטצענדיענסט, דער האט געמוזט פאר זיין עקשנות מיט'ן לעבען בעצאהלען. ביי אזא לאגע האט דאס לערנען געמוזט אויפהערען, די ישיבות זענען געבליבען שטעהן לעדיג, אונ פיעל יודען זענען זיך צולאפען פון בבל. דעמאלט איז יוסף רבן מיט עטליכע יודישע משפחות אוועק קיין

אינדיען, וואו זיי האבען בעקומען פונ'ם קאניג אירבי דאס רעכט דארט זיך צו בעזעטצען אונ פיהרען זיך אונטער דער השגחה פון א פארשטעהער, וואס זיי אלליין האבען איהם געקאנט אויסקלייבען. ווי עס שיינט האבען שוין פריהר אויך יודען געוואהנט אין אינדיען אונ אויך אין כינא. נאר ווען די אנטלאפענע פון בבל זענען אנגעקומען האבען זיי אנגעהויבען שפיעלען אגרויסע ראלע אין לאנד. נאך יוסף רבן, וואס איז געוועהן דער ערשטער פארשטעהער פון די אינ-דישע יודען, אונ פון איהם איז די שטעלע איבערגעגאנגען בירושה צו זיינע קינדער אונ איניקליך, האבען זיי געהאט צוויי אונ זיבציג מנהיגים, אונ האבען געלעבט זעלבסטשטאנדיג, ווייל די מלוכה האט אבגעהיט דעם בעפעהל פונ'ם מלך אירבי, וואס איז געוועהן אויסגעקריצט אויף א קופערנעם טאפעל, אונ די יודישע פארשטעהער זענען געוועהן ארומגערינגעלט מיט כבוד אונ עשירות, זיי פלעגען רייטען אויף עלעפאנטען אונ מוזיק איז געגאנגען פאראויס.

צום גליק האבען די רדיפות אין בבל אין צעהן יאהר ארום, ווען פירוז איז געשטארבען, אויפגעהערט אונ זיינע צוויי יורשים בלש אונ כבד האבען זיך אין גאנצען אבגעזאגט פונ'ם פאטערס גאנג. באלד זענען ווייטער אויפגעלעבט געווארען די ישיבות פון סורא אונ פומבדיתא אונ זייערע פארשטעהער רבינא אונ רב יוסי, וואס רעכנען זיך פאר די לעצטע אמוראים, האבען אויף זיך גענומען צו ענדיגען רב אשי'ס ארבייט אונ אבשליסען דעם תלמוד. אזוי אז מען זאל וויסען אז מעהר קיין מיינונגען דארף מען שוין ניט זאמלען. דאס איז געוועהן צום סוף פונ'ם פינפטען יאהר הונדערט, אונ פון דעמאלט אן האט דער תלמוד בבלי, אדער גמרא, בעקומען א געשטאלט פון בעזונדערע בעשטימטע ביכער, וואס יעדער האט געקאנט לערנען אונ האט זיך שוין מעהר ניט בעדארפט פערלאזען אויפן זכרון. דעם סיום פונ'ם תלמוד איז געשעהן גראד אין דער צייט ווען די יודען פון אראביען האבען געלעגט א פונדאמענט צו א נייער אמונה, אונ אין איירפא האבען אויף די חורבות פונ'ם אלטען רום אנגעהויבען וואקסען נייע, גאטהישע אונ פראנקישע, מלוכות.

אזוי איז ארוים אויף דער וועלט דער „תלמוד בבלי״, אונ פאר די יודישע פאהיגע יונגע לייט האט זיך אויפגעעפענט א ברייטער למוד, וואו זיי האבען געקאנט זייערע פאהיגקייט ענטוויקלען. דאס שארפע הריפות האט טאקי גע-מאכט א שטארקען אונטערשיעד צווישען „תלמוד בבלי״ אונ „תלמוד ירושלמי״. וואס די „גמרא״ איז געווארען פאר די יודען — דאס זעהען מיר אצונד, נאר ווי אזוי דאס איז געשעהן — קאן מען א ביסעל פערשטעהן דערפון וואס די יודישע

שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרוּם קוּקֶען אוֹיף אִיהר אוּנ דֶערְמִיט הָאבֶּען זֵיי בַּיים יוּדֶען נָאךְ הֵיילִיגֶער גֶעמַאכְט אִיהר וֶוערְטְה אוּנ אִיהם גֶעצְוואוּנְגֶען עֶר זָאל זִי אֵיינְפַּאקֶעוֶוען בַּיי זִיךְ אִין פֶּאקִיל, זִיךְ אַרוּמְטְרָאגֶען מִיט אִיהר גַאנְצֶע יָאהְר־הוּנְדֶערְטֶע, אוּנ זִי אָבְּהִיטֶען פוּן אַ ג ו ט אוֹיג אוּנ פוּן שְׁלֶעכְטֶע הֶאנְד. עֶס אִיז אָבֶּער מֶערְקְוִוירְדִיג וִוי אִין „תַּלְמוּד" שְׁפִּיגֶעלְט זִיךְ אָב דָאס גַאנְצֶע מַזָל פוּנ'ם יוּדֶען: פוּנְקְט וִוי זַיין לַאנְג לֶעבֶּען שְׁלֶעפְּט זִיךְ אָהן אַ סִיסְטֶעם, אָט אִיז אִיהם נָאר שְׁלֶעכְט אוּנ אָט וֶוערְד אִיהם בֶּעסֶער, אָט וַואשְׁט אִיהם אַ שְׁלַאגְס־רֶעגֶען, אוּנ אָט גִיט אַ בְּלִישְׁטְשֶׁע וִוידֶער אַ זוּנְן, פוּנְקְט אַזוֹי גֶעפִינְט מֶען נִיט אִין „תַּלְמוּד" אַ בֶּעזוּנְדֶער שִׁיטָה פוּן אַ חָכְמָה אוּנ מֶען זֶעהט נָאר גְרוֹיסֶע שְׁפְּרִינְגֶען פוּן טִיעפֶע חֲקִירוֹת בִּיז קְלֵיינֶע וֶועלְט־זַאכֶען, פוּן עִנְיָנִ'ים וָואס בְּרֶעכֶען דֶעם מֹחַ בִּיז מַעֲשׂוֹת פוּן שֵׁדִים אוּנ רוּחוֹת, וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּ דִי יוּדֶען אַרַיינְגֶעגַנְבֶ'ט פוּן דִי פֶּערְסֶער. נָאךְ אִין אֵיין זַאךְ גְלַייכְט זִיךְ דֶער „תַּלְמוּד" אוֹיס מִיט'ן גוֹרָל פוּנ'ם יוּדִישֶׁען פָאלְק: פוּנְקְט וִוי פַאר אַ זִינְד פוּן אַ יָחִיד הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּע־שׁוּלְדִיגֶען אַלֶּע יוּדֶען, אוּנ שְׁרַייעֶן אַז עֶס אִיז גָאר צְווִישֶׁען זֵיי קֵיין רֶעכְטְס נִיטָא, פוּנְקְט אַזוֹי הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים גֶעמַאכְט פַאר הַיָּב דֶעם גַאנְצֶען תַּלְמוּד, וֶוען זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעזוּכְט נָאר אֵיין פְּרִיקְרֶע מֵיינוּנְג, וָואס אַ תַּנָא הָאט אַ מָאל אַרוֹיס־גֶעזָאגְט אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט אוּנ הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעדְרוּנְגֶען אַז דִי גְמָרָא אִיז פוּל מִיט הַאס גֶעגֶען אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער, חָאטְשׁ גֶעגֶען אֵיין שְׁלֶעכְטֶער מֵיינוּנְג וָואס קוּמְט דָארְט אַ מָאל פָאר קֶאן מֶען אָנְוַוייזֶען הוּנְדֶערְטֶער דֵעוֹת אַז קֵיין הֶאכֶערְס פוּן מֶענְשֶׁענְלִיעבֶּע אִיז נִיטָא.... יָא! גְרוֹיס אוּנ טְהַייֶער אִיז גֶעוֶועהן דִי אַרְבֵּייט וָואס דִי לֶעצְטֶע אֱמוֹרָאִים הָאבֶּען גֶעלָאזְט יְרוּשָּׁה זֵייעֶר פָאלְק! נִיט אוּמְזִיסְט הַאלְטֶען זִיךְ נָאךְ עַד הַיוֹם דִי יוּדֶען מִיט דֶער יְרוּשָּׁה. אֱמֶת, אִין „תַּלְמוּד" אִיז נִיטָא קֵיין הוֹיכֶע מְלִיצָה, עֶר רֶעדְט מֶעהר צוּם קָאפּ וִוי צוּם הַאַרְצֶען, נָאר דֶערְפַאר לֶערְנְט עֶר דֶעם יוּדֶען דֶענְקֶען, עֶר שַׁארְפְט אִיהם דֶעם מוֹחַ, עֶר גֶעוָואהְנְט אִיהם צוּ הָאבֶּען גֶעדוּלְד אוּנ זַיין אַ מַתְמִיד, עֶר גֶעפִינְט פַאר אִיהם אַלֶּע מָאל נַייעֶ קוּשְׁיוֹת אוּנ גִיט אִיהם אֵיין חֵשֶׁק צוּ זוּכֶען רֶעכְטֶע תֵּירוּצִים, עֶר אֶפֶענְט אִיהם דִי אוֹיגֶען אוּנ הָאט עֶס שׁוֹין אַזוֹי וַוייט גֶעבְּרַאכְט אַז דֶער עֶרְגְסְטֶער שׂוֹנֵא מוּז מוֹדֶה זַיין אַז עֶר אִיז קֵיין נַאר נִיט....

קוּים זֶענֶען דִי לֶעצְטֶע אֱמוֹרָאִים פֶּערְטִיג גֶעוָוארֶען מִיט זֵייעֶר אַרְבֵּייט, דִי וואוּנְדֶען וָואס דִי מְלוּכָה פוּן פִּירוּז הָאט אָנְגֶעמַאכְט דִי יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ נִיט פַאר־הֵיילְט גֶעוָוארֶען, אִיז אוֹיף זֵיי שׁוֹין גֶעקוּמֶען אַ נַייעֶ צָרָה, אוּנ זֵיי זֶענֶען נָאךְ אַ מָאל גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן זִיךְ מִיט כֹּחַ אַקֶעגֶענְשְׁטֶעלֶען. דֶער נַייעֶר מֶלֶךְ כַּבַד

האט זיך געלאזט אראבפיהרען פונ'ם וועג דורך איינעם מצדק, וואס האט זיך גענומען אויסבעסערן די אמונה אונ געמאכט אז אללע זאלען זיך טהיילען מיט'ן פארמעגען אונ מיט די ווייבער אונ מען זאל הרגנ'ען יעדען וואס וועט דארויף ניט וועלען בעשטעהן. די רייכע פערסער האבען אפילו באלד געזעהן אז אזא מין שותפות איז פאר זיי ניט קיין גוט געשעפט, נאר זיי האבען נאר ניט געקאנט מאכען ווייל די ארעמע האבען זיך אין דעם אנגעהאפט אונ זיי האבען טאקי ניט געהאט וואס צו פערליערען. אנדאי האבען די קריסטען אונ די יודען ניט געקאנט בעשטעהען דארויף, אונ דער יונגער ריש גלותא מר זוטרא דער צווייטער, וואס איז געוועהן א גרויסער גבור אונ האט פון קינדהייט אן געלערנט ווי אזוי צו האלטען כלי זין, האט צונויפגענומען א מחנה אונ האט זיך גענומען מיט קראפט צו בעשיצען דאס יודיש צניעות. זיבען יאהר כסדר האט זיך מר זוטרא געהאלטען ביז די פערסער האבען גובר געוועהן אונ האבען איהם מיט זיין אלטען זיידען מר חנינא אויפגעהאנגען ביי דער בריק פון מחוזא. נאך מר זוטרא'ס טויט איז זיין גאנצע משפחה אוועק קיין ארץ ישראל, דארט איז געבארען געווארען זיין זוהן, וואס מען האט טאקי נאך איהם א נאהמען געגעבען, אונ עס איז פון איהם אויסגעוואקסען א גרויסער למדן. עס איז אבער צו בעוואונדערן וואס גראד אין דער צייט, ווען כמעט האט זיך אזוי אבגעגערעכענט מיט די יודען, האבען פיל פון זיי געדיענט אין חיל, אונ אז זייער צאהל איז געוועהן זעהר גרויס – זעהט מען ארויס דערפון וואס ביי א מלחמה האט ער געמוזט רוהען א וואך טאג פון פסח.

נאך כבד'ס טויט האבען די רדיפות אויפגעהערט, אונ זיין יורש הסראות נושירוואן האט די יודען שוין בעסער בעהאנדעלט, קוים האבען זיי זיך א ביסעל אבגערוהט, האבען זיך שוין ווייטער געעפענט די טהירען פון די פערשלאסענע ישיבות, די אנטלאפענע לומדים זענען באלד צוריקגעקומען, אונ גיזא איז געווארען ריש מתיבתא אין סורא, אונ סימונא – אין פומבדיתא. איין בלאז פון א גוט ווינטעל איז שוין גענוג געוועהן פאר די יודען זיי זאלען זיך אומקעהרען צו זייער נעסט, אונ קודם כל זארגען אז די תורה זאל בעפעסטיגט ווערען צווישען זיי אונ זייערע קינדער. נאר דעמאלט האבען זיך די לומדים גענומען אויף איין אנדער דרך. אויף איינענע אויפטהועכצען האבען זיי זיך ניט געפיהלט אין כח, זיי פלעגען נאר פסק'נען נאך די מיינונגען פון די פריהריגע תנאים אונ אמוראים אונ בויען זייערע סברות אויפ'ן „תלמוד" אונ דערפאר האט מען זיי גערופען סבראים.

ווִי מֶען רֶעכֶענְט, אִיז אִין דֶער צַייט פוּן דִי סַבְרָאִים אַרוּיס אַ נַייֶע זַאך, וָואס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ אִיבֶּערְקֶערֶענִיש אִינ'ם לֶערְנֶען אוּנ הָאט גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס דִי תּוֹרָה אִיז גֶעוָוארֶען פֶערְשְׁטֶאנְדְלִיכֶער פַאר אַללֶע, וָואס הָאבֶּען שׁוֹין גֶע־קָאנְט גָאר אָהן מִיה פַארְשְׁטֶעהן דֶעם זִין פוּן אִיהר. אַז יוּסְטִינְיַאן אִיז גֶעוָוא־רֶען קֵייזֶער פוּן דִי רֶאמִישֶׁע לֶאנְדֶער אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹדֵף'ן דִי גְרֶאסְטֶע לַייט, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט בַּייגְלַייך מִיט אִיהם בְּלָאנְזֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער, זֶענֶען פוּן גְרִיכֶענְלַאנְד אַוֶועק קֵיין פֶּערְסְיֶען זִיבֶּען בֶּערִיהְמְטֶע חֲכָמִים, ווַייל זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דֶער מֶלֶך נוּשִׁירְוַאן אִיז אַ גְרוֹיסֶער לִיעבְּהָאבֶּער פוּן וְויסֶענְ־שַׁאפְט. זֵיי הָאט מֶען עֶס צוּ פֶערְדַאנְקֶען וָואס דִי מְלוּכָה הָאט רֶעמָאלְט גֶעגְרִינְ־דֶעט אִין דֶער גֶעגֶענְד, וואוּ יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואהנְט, אַ שׁוּלֶע צוּ לֶערְנֶען מֶעדִיצִין אוּנ נַאטוּרְווִיסֶענְשַׁאפְטֶען, אוּנ פוּן זֵיי הָאבֶּען דִי סִירִישֶׁע קְרִיסְטֶען אוּנ דֶער נָאך דִי יוּדֶען גֶענוּמֶען דִי נְקוּדוֹת, אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרַייא לֵייעֶנֶען דִי תּוֹרָה. דִי קְלֵיינֶע פִּינְטֶעלֶעך הָאבֶּען בֶּעלֶעבְט דִי טוֹיטֶע אוֹתִיוֹת אוּנ הָאבֶּען גֶע־ווִיזֶען אַ מֶעגְלִיכְקֵייט אוֹיסְצוּאַרְבֵּייטֶען מִיט דֶער צַייט רֵיינֶע כְּלָלִים פוּן דִקְדוּק, כְּדֵי יֶעדֶער זָאל פֶערְשְׁטֶעהן דֶעם טַעַם פוּנ'ם וָוארְט אוּנ זָאל נִיט דַארְפֶען זוּכֶען בֶּעזוּנְדֶערֶע פֵּירוּשִׁים, וָואס זֶענֶען גְרֶאסְטֶענְטְהֵיילְס גֶעוֶועהן ווַייט פוּנ'ם שֵׂכֶל אוּנ פוּנ'ם אֱמֶת. ווֶער עֶס הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער אַיינְגֶעפִיהרְט נְקוּדוֹת — אִיז נִיט בֶּעקָאנְט, נָאר דָאס ווֵייסְט מֶען גֶעווִיס אַז צוּ לִיעב דִי קְלֵיינֶע פִּינְטֶעלִיך זֶענֶען דִי קְלֵיינֶע אוֹתִיוֹלֶעך גֶעוָוארֶען אוֹיף עֶבִּיג אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט צְווִישֶׁען יוּדֶען, חָאטְשׁ דֶעם עִיקָר זֶענֶען זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען טְרַייא אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט פוּנְקְטִירֶען דִי סֵפֶר תּוֹרָה, וָואס מֶען לֵייעֶנְט פוּן אִיהר אִין שׁוּל, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען נִיט עוֹבֵר זַיין אוֹיף „לֹא תוֹסִיפוּ", אוּנ זָאלֶען נִיט צוּזֶעצֶען נַייֶעס צוּם אַלְטֶען.

דָאס לִיכְטִיגְקֵייט פוּן נוּשִׁירְוַאן'ס מְלוּכָה הָאט אָבֶּער נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט. זַיין זוּהן הָארְמִיזְדַאס הָאט נִיט גֶעוָואלְט גֶעהן אִין פָאטֶער'ס דְרָכִים, נָאר כָּל זְמַן זַיין בֶּערִיהְמְטֶער לֶעהְרֶער אוּנ יוֹעֵץ בּוּזוּרְגְ־מִיהִיר, וָואס מֶען רֶעכֶענְט אִיהם פַאר'ן עֶרְפִינְדֶער פוּנ'ם שַׁאך־שְׁפִּיעל, אִיז גֶעוֶועהן נֶעבֶּען אִיהם, הָאט עֶר זִיך נָאך גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער מַעֲלָה, קוּים הָאט עֶר אָבֶּער צוּגֶעמַאכְט אַיין אוֹיג, הָאבֶּען דִי מַאגִיעֶר דֶעם שְׁלֶעכְטֶען קֶענִיג אִין גַאנְצֶען אַרַיינְגֶעהַאפְּט אִין זֵייעֶר נֶעץ אַרַיין, אוּנ עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז פֶּערְסִיֶען ווֶערְד גְלִיקְלִיך דֶערְפוּן וָואס עֶר טְרַייבְּט יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען. דִי יְשִׁיבוֹת הָאט מֶען ווַייטֶער פֶערְשְׁלָאסֶען, דִי לוֹמְדִים זֶענֶען זִיך נָאך אַמָאל צוּלָאפֶען אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיך בֶּעזֶעצְט אִין פִירוּז־שַׁבּוֹר, אוּנ הָאבֶּען דָארְט גֶעעֶפֶענְט אַ נַייֶע יְשִׁיבָה.

צום גליק, האט הארמיזדאס געקאניגט נאר א קורצע צייט, זיין אכזריות האט ארויסגערופען א שטארקע אונצופרידענהייט אין לאנד אלליין און די שונאים האבען דערפיהלט אז אצונד איז פערסיען שוואך און האבען אנגעהויבען אהין צו צוטרעטען פון אללע זייטען. די מדינה וואלט שטארק געליטען, ווען עס געפינט זיך ניט א גבור באהרם טשובין, וואס ער האט זי מציל געוועהן פון א סכנה. דער נארישער מלך האט איהם אבער אבגעדאנקט דערמיט, וואס ער האט איהם נאר אין גאנצען אבגעזאגט. דאס האט פערדראסען באהרם'ן, ער האט ניט געמאכט קיין לאנגע שיחות מיט'ן אונדאנקבארען קאניג און האט איהם אראבגעווארפען; לכתחלה האט ער געפיהרט די מלוכה אים נאהמען פון'ם פרינץ האסרו, נאר דערנאך האט ער אזוי געדרעהט אז האסרו האט געמוסט אנטלויפען און ער איז אלליין געווארען א זעלבסטשטאנדיגער מלך. געגען די יודען איז ער געוועהן זעהר גוט, ווייל זיי האבען איהם געהאלפען מיט געלד, ער זאל קאנען אויסהאלטען דאס חיל, וואס איז געוועהן זיין גאנצע שטיצע. אין דער צייט איז צוריק געקומען הנן, דער ראש ישיבה פון פירוז-שבור, און די צוויי שטאדט סורא און פומבדיתא זענען ווייטער געווארען א מקום תורה. דערווייל האט אבער דער פרינץ האסרו געזוכט אללע מיטעל צו בעקומען די פערסישע מלוכה און דער ביצאנטישער קייזער מויריטיוס האט געשיקט זיין חיל מען זאל אבנעהמען האסרו'ס ירושה. ביי דער מלחמה האבען די יודען שרעקליך געליטען און אז מען האט איינגענומען די שטאדט מחוזא האט דער פערסישער הויפטמאנן מעבאדעס אויסגעהרג'ט כמעט אללע יודען. דערפאר איז זיי אבער באלד בעסער געווארען, ווען דער פרינץ האסרו איז געווארען קאניג און האט דווקא בעוויזען אז ער איז ניט קיין נוקם ונוטר און אז ער וויל ניט טהון יודען שלעכטס פאר דעם וואס זיי האבען געהאלפען זיין שונא. כמעט פערציג יאהר האט האסרו געקאניגט אונטער דעם נאהמען פון פירוז; אין דער גאנצער צייט האבען די יודען ניט געוואוסט פון קיין שלעכטען טאג און די ישיבות פון סורא און פומבדיתא, אונטער דער השגחה פון מר בר הונא און מרי בר מר, האבען צוריקבעקומען דעם פריהריגען גלאנץ.

---

## 8 די יודען אין די אייראפעאישע לאנדער.

(500—640 נאך קריסטוס געבורט).

אין פערסיען און בבל האבען יודען געהאט אלערליי צייטען, ווי מען

זָאנְט, קַאלְט אונ וַוארְם; אָט הָאט מֶען זֵיי גֶעלֵיינְט נַיין אֵיילֶען אִין דֶער עֶרְד אונ אָט הָאט מֶען זֵיי אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען בִּיז צוּם זִיבֶּעטֶען הִימֶעל. וְוִי אַזוֹי אַזוֹינֶע שְׁפְּרִינְג זָאלֶען זַיין נִיט גוּט וְוִי אוּמְגְלִיקְלִיךְ עֶס זָאל זִיךְ נֶעבִּיךְ נִיט פִּיהלֶען דֶער וָואס וֵוייסְט נִיט הַיינְט וְוִי אַזוֹי מֶען וֶועט זִיךְ מִיט אִיהם נוֹהֵג זַיין מָארְגֶען אִיז אִיהם אַלְץ בֶּעסֶער וְוִי דֶעם וָואס מֶען וַוייזְט אִיהם אֵיין מָאל אַ מִינֶע פוּן כַּעַס אונ דֶערְנָאךְ וִויל מֶען זִיךְ אֲפִילוּ אוֹיף אִיהם נִיט אוּמְקוּקֶען, גְלַייךְ וְוִי עֶר אִיז גָאר נִיט וֶוערְט דִי מִיה מֶען זָאל פוּן אִיהם רֶעדֶען אָדֶער טְרַאכְטֶען. אִין אַזַא לַאגֶע זֶענֶען דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן אִין זֵייעֶר גֶעוֶועזֶענֶער הֵיים אונ אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶער בִּיצַאנְטִינִישֶׁער מְלוּכָה אונ דֶערְמִיט זֶענֶען זֵיי גֶעוֶועהן אַ סַךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פוּן זֵייעֶרֶע פֶּערְסִישֶׁע בְּרִידֶער.

דִי גֶזֶעצֶע פוּן טְהֶעאָדָאזִיוּס דֶעם צְווייטֶען, וָואס דִי אִיבְּרִיגֶע מְלָכִים הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶענוּמֶען פוּן אִיהם וְוִי דִי בֶּעסְטֶע יְרוּשָּׁה, הָאבֶּען אָבְּגֶעזָאנְדֶערְט דִי יוּדֶען פוּן אַללֶע אַיינְוָואהנֶער, אונ אֲפִילוּ דִי, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין שׁוּם סִבָּה זֵיי פַיינְד צוּ הָאבֶּען, הָאבֶּען פָּארְט גֶעמוּזְט קוּקֶען אוֹיף זֵיי וְוִי אוֹיף פֶערְדָארְבֶּענֶע אונ נִידְרִיגֶע מֶענְשֶׁען, וֶוען זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן וְוִי דִי מְלוּכָה לָאזְט זֵיי נִיט צוּ צוּ קֵיין שׁוּם דִינֶנְסְט אונ עֶרְלוֹיבְּט זֵיי נִיט אֲפִילוּ שׁוּלֶען בּוֹיעֶן. וְוִי וַוייט זֵיי זֶענֶען נִמְאָס גֶעוָוארֶען, קֶען מֶען אַרוֹיסְזֶעהן דֶערְפוּן וָואס עֶס הָאט זִיךְ אֵיין מָאל גֶעמַאכְט אִין אַנְטְיָאכִיֶען, אִין דֶער צַייט פוּנ'ם קֵייזֶער זֶענָא. עֶס אִיז דָארְט אַרוֹיס אַ מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען צְווֵיי כִּתּוֹת, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען דִי בְּלוֹיעֶ אונ דִי גְרִינֶע, אונ אַז מֶען הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּהִיצְט, הָאט מֶען דֶעם גַאנְצֶען כַּעַס אוֹיס גֶעלָאזְט צוּ דִי יוּדֶען, אָנְגֶעצוּנְדֶען דִי אַלְטֶע שׁוּל, פִיעל פוּן זֵיי גֶעהַרְגֶעט אונ דֶערְנָאךְ טוֹיטֶערְהֵייט אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר. מֵילָא דָאס אִיז נָאךְ קֵיין גְרוֹיסֶער חִדּוּשׁ נִיט, מֶען הָאט שׁוֹין אָפְט גֶעזֶעהן אַז צְווֵיי קְרִיגֶען זִיךְ אונ דִי קְלֶאפּ חַאפְּט נָאר דֶער יוּד וָואס אִיז אִין גָאר נִיט שׁוּלְדִיג; דֶער חִדּוּשׁ אִיז נָאר דָאס, וָואס אַז מֶען הָאט גֶעמֶעלְדְט דֶעם קֵייזֶער זֶענָא וָואס אִין אַנְטְיָאכִיֶען אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַז עֶס אִיז טַאקִי אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע עַוְלָה... וָואס מֶען הָאט פַארְבְּרֶענְט טוֹיטֶע אונ נִיט קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶע יוּדֶען! מֶען קָאן פַארְשְׁטֶעהן אַז נָאךְ אַזֶעלְכֶע רֵייד הָאבֶּען דִי יוּדֶען קֵיין הָאנִיג נִיט גֶעלֶעקְט.

נָאר וְוִי בִּיטֶער דִי יוּדֶען אִיז גֶעוֶועהן, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ פָּארְט גֶעטְרֵייסְט דֶערְמִיט וָואס דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ נִיט אַרַיינְגֶעמִישְׁט אִין זֵייעֶרֶע אִינְוֶוענִיגְסְטֶע זַאכֶען, אונ זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט אָבְּהִיטֶען זֵייעֶר אֱמוּנָה. קוֹים אִיז אָבֶּער יוּסְטִינְיַאן גֶעוָוארֶען קֵייזֶער, אִיז זֵייעֶר לֶעצְטֶע טְרֵייסְט אוֹיךְ פֶערְשְׁוואוּנְדֶען. עֶר הָאט

געזוכט מיט אללע כוחות אז די יודען זאלען אריינגעבראכט ווערען אין אזא ענגשאפט, אז זיי זאלען ניט האבען קיין אנדער ברירה אונ זוכען זייער הילף ביים קריסטענטהום. צום אנהייב האט ער ארויסגעלאזט א שאנדליך געזעץ, אז אין א משפט מיט א קריסט זאל קיין יוד ניט האבען דאס רעכט אין עדות צו זיין. געגען די שמרונים האט ער נאך ערגער געהאנדעלט, ווייל ער איז אויף זיי אין כעס געוועהן דערפאר וואס זיי האבען אנגעמאכט א מרידה אונ האבען אויס־געקליבען זייער א אייגענעם קעניג יוליאן בר סבר; דערפאר האט ער געמאכט אז זיי טארען נאר לחלוטין קיין עדות ניט זיין אונ האבען ניט דאס רעכט איבער צולאזען צוואות אונ איינטהיילען דאס פארמעגען צווישען די יורשים. דערמיט האבען זיך אבער די יודען וועניג וואס געקאנט טראסטען, ווייל זיי האבען געהאט גענוג אייגענע צרות. יוסטיניאן האט זיי פארוועהרט צו האלטען פסח אונ באקען מצות, ווייל אפילו אין זיין צייט איז נאך אלץ געוועהן די קריסטליכע סעקטע, וואס האט זיך פעסט געהאלטען אין דער יודישער רעכנונג, אונ האט געמאכט פסח דעם פונפצענטען ניסן גלייך מיט די יודען, אונ כדי זיי צו פער־טומלען האט ער ניט געלאזט די יודען אפענטליך האלטען דעם יום טוב, אונ זיי פלעגען זיך בעהאלטען אין די קעלערס אונ דארט אברעכטען דעם סדר. ווער שמועסט אז עס איז נאך גראה געפאלען ביי קריסטען אונ יודען פסח אין איין טאג, האבען זיי זיך אויף דער נאס נאר ניט געטארט ווייזען. איין מאל איז אין צעזארעא, אדער אין קאנסטאנטינאפאל, ארויס א קריג אין דער יודישער קהלה: פיעל האבען פערלאנגט אז מען זאל די פרשה מיט דער הפטרה לייענען אום שבת אונ יום טוב אין שול, אויף גריכיש, כדי דער פראסטער עולם אונ די ווייבער זאלען פארשטעהן, אונ די פרומע האבען עס ניט געוואלט ליידען. אז יוסטיניאן איז דערפון געוואהר געווארען האט ער ארויסגעלאזט א בעפעהל אז דאס „לייענען" זאל דוקא זיין אויף גריכיש, אונ טאקי באלד איז ער נאך ווייטער געגאנגען אונ האט געמאכט אז דאווענען זאלען די יודען אויך נאר מאגען אין דער גריכישען אדער אין דער לאטיינישען שפראכע אונ פון לשון קודש זאל גאר קיין זכר ניט זיין. דאס האט ער אלץ געטהון מיט א בעזונדערע כונה, ווייל די גריכישע איבערזעצונגען פון דער ביבעל זענען געוועהן פול מיט רמזים אויף דער קריסטליכער אמונה אונ ער האט גערעכענט אז צו ליעב דעם וועלען די יודען גיכער איבערגעהן צום קריסטענטהום. דעריבער האט ער שטרענג אנגע־זאגט זיין מיניסטער ארעאבינדוס ער זאל צושרייבען צו אללע מושלים פון דער גאנצער מדינה זיי זאלען נוט אכטונג געבען אויף די יודען, זיי זאלען חלילה

ניט עובר זיין אויף זיין בעפעהל. דערפון האט זיך גענומען וואס די יודען האבען געמוזט אומעדום דאווענען אונטער דער השגחה פון קריסטליכע שומרים אונ די מלוכה האט זיי אנגעהויבען זאגען דעות וועגען יעדער תפלה: מען האט זיי פארוועהרט צו זאגען „יי אחד", „קדוש, קדוש קדוש" אונ לייענען פון ישעיה דאס קאפיטעל „נחמו נחמו עמי", אונ ניט איין מאל האבען פיעל שטארק געליטען ווען מען האט זיי חושד געווען אז זיי האבען שטילערהייט גאטט געבעטען מיט דעם אלטען נוסח.

יוסטיניאן'ס יורשים זענען ניט געוועהן בעסער פון איהם, אונ דער מצב פון די יודען איז מיט יעדען יאהר געווארען ערגער. דאס האט געפיהרט דערצו וואס אים יאהר 602, אין דער צייט פונ'ם קייזער פהאקאס, וואס איז געוועהן א גרויסער רוצח, האבען די יודען פון אנטיאכיען געמוזט ארויסשפרינגען געגען דער מלוכה. די מרידה איז געוועהן אזוי גרויס אז פהאקאס האט געמוזט ארויס־שיקען צוויי הויפטלייט מיט זייער פיל חיל אונ עס איז זיי שווער אנגעקומען ביז עס האט געקאנט ווערען שטיל. ניט לאנג האט אבער פהאקאס געקאנט פיהרען וועלטען. דעם פריהערינגען קייזער מוריטיוס איידעם חאסרו, וואס איז דערווייל געווארען מלך אין פערסיען, האט זיך אנגענומען דעם שווערס קריוודע, אונ האט אנגעהויבען א מלחמה מיט פהאקאס דערפאר וואס ער האט אהן א שום רעכט מיט געוואלד אבגעגזלט די קרוין פון דער ביזאנטישער מלוכה. דאמאלס אין דער צייט איז שוין געווארען קייזער העראקליוס, דאס חאסרו פון דעסטוועגען ניט געוואלט הערען פון קיין שלום, אונ זיין בעריהמטער הויפטמאנן שרבראזא האט געווארפען א שרעקליכען פחד אויף דעם לאנד, וואס האט זיך ניט געפיהלט אין כח צו פיהרען א קריעג. קוים האבען די יודען דערזעהן די פערסער ביי זיך אין לאנד, האבען זיי באלד פערשטאנען אז אצונד האבען זיי די בעסטע געלעגענהייט זיך אבצורעכענען מיט די שונאים, אונ עס איז ביי זיי געבליבען זיי זאלען אללע געהן שרבראזא'ן צו הילף. אין טבריה האט זיך צוזאמענגעזאמעלט א גרויסע מחנה אונ דארט האט א גרויסער גביר ר' בנימין זיין גאנץ פערמעגען אויסגעבראכט צו דינגען יודיש חיל, וואס האט זיך צו־זאממען מיט די פערסער געלאזט געהן קיין ירושלים ארויסצורייסען די שטאדט פון די קריסטענס האנד.

די יודען זענען געוועהן זיכער אז פאר זייער געטרייעשאפט אונ בריה'שאפט וועלען זיי די פערסער בעלוינען דער מיט, וואס ירושלים וועט ווייטער ווערען זייער אייגענס אונ ביכלעכווייס וועלען זיי ווערען צוריק בעלי־בתים אין דער

אַלְטֶער הֵיים. מִיט דֶעם גֶעדַאנְק אִין קָאפּ אוּנ מִיט אַזַא הָאפְנוּנְג אִין הַארְץ הָאבֶּען זַיי בֶּעוויזֶען גְבוּרוֹת אוּנ הָאבֶּען זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועהן אִין דִי קְרִיסְטֶען. פוּן יוֹשֶׁר אוּנ רַחֲמָנוּת הָאט מֶען שׁוֹין דָא נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען: נַיינְצִיג טוֹיזֶענְד קְרִיסְטֶען זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען וֶוען מֶען הָאט בַּיי זַיי אָבְּגֶענוּמֶען יְרוּשָׁלַיִם, נָאר וֶוער וֵייס עֶס נִיט אוּנ קָאנֶן נִיט אוֹיסְרֶעכֶענֶען, אַז דִי צָאהל פוּן דִי פְרִיהֶרִיגֶע יוּדִישֶׁע קָרְבָּנוֹת אִיז נִיט גֶעוֶועהן צֶעהנְדְלִיגֶער מָאל גְרֶעסֶער. דֶער הֶשֶׁק פוּן נְקָמָה הָאט זִיךְ בַּיי דִי יוּדֶען צוּבְּרֶענְט מִיט אַזַא פַייֶער, אַז זַיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט אִין דֶער נַאכְט פוּן פֶּסַח מַאכֶען אַ שְׁחִיטָה פַאר אַלֶע קְרִיסְטֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט טִירוּס, נָאר מֶען הָאט, דִי קְרִיסְטֶען פְרִיהר דֶערְפוּן מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן אוּנ זַיי זֶענֶען נִיצוֹל גֶעוָוארֶען.

פִירְצֶעהן יָאהר זֶענֶען אַזוֹי אָבְּגֶעלָאפֶען אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען פִיהלֶען פְרַיי; זַיי הָאבֶּען אֲפִילוּ דֶערְלֶעבְּט אַזַא גְדוּלָה אַז זַיי הָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן פִיעל קְרִיסְטֶען אִין אַזַא מַעֲמַד, אִין וֶועלְכֶען זַיי הָאבֶּען זִיךְ עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג אַלֵיין גֶעפוּנֶען. דֶער אוּנֶטֶערְוַוארְטֶעטֶער נִצָחוֹן פוּן דִי יוּדֶען הָאט אַזַא גְרוֹיסֶע אֵימָה גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דִי קְרִיסְטֶען אַז פִיעל פוּן זַיי הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה, אוּנ אֲפִילוּ אַ פְרוּמֶער גַייסְטְלִיכֶער, וָואס הָאט גֶעלֶעבְּט אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶער וֶועלְט אִין אַ קְלוֹיסְטֶער אוֹיפ'ן בַּארְג סִינַי, הָאט זִיךְ אוֹיךְ מְגַיֵיר גֶעוֶועהן; עֶר הָאט זִיךְ אַ נָאהמֶען גֶעגֶעבֶּען אַבְרָהָם, אוּנ חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ יוּדִישׁ קִינְד אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז צוּם טוֹיט אַ פְרוּמֶער יוּד. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכְטֶען אַז אָט, אָט וֶועלֶען זַיי צוּרִיק בֶּעקוּמֶען זֵייעֶר לַאנְד אוּנ זַיי וֶועלֶען פַּטֶר'ן דֶעם בִּיטֶערְן גָלוּת. בַּאלְד זֶענֶען אָבֶּער זֵייעֶרֶע אַלֶע הָאפְנוּנְגֶען צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנ אַז דִי פֶּערְסֶער הָאבֶּען זַיי נִיט אָבְּגֶעגֶעבֶּען יְרוּשָׁלַיִם אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ גֶעפָאדֶערְט בַּיי זַיי מַס, הָאבֶּען זַיי פַארְשְׁטַאנֶען אַז מִיט פְרֶעמְדֶע הֶאנְד אִיז נָאר גוּט פַייעֶר צוּ שַׁארֶען. עֶס הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּשְׁפְּרִינְגֶען אוּנְצוּפְרִידֶענֶע, אוּנ דֶער פֶּערְסִישֶׁער מוֹשֵׁל הָאט נָאר לַאנְג נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט זַיי גֶעהֵייסֶען פֶּערְשִׁיקֶען גַאנְץ וַוייט אִין פֶּערְסִיֶען. דָאס הָאט נָאךְ עֶרְגֶער צוּרֵייצְט דִי יוּדֶען אוּנ זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט וֶוענְדֶען צוּם קֵייזֶער הֶערַאקְלִיוּס אוּנ מִיט אִיהם שָׁלוֹם וֶוערֶען. בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט זַיי צוּגֶעשְׁוָוארֶען אַז זַיי וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען מֶעהר רֶעכְט, אוּנ אַז עֶר אִיז זַיי מוֹחֵל אַלְדִינְג וָואס זַיי הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִי קְרִיסְטֶען. אַזוֹי הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעהָאלְפֶען דֶער בִּיצַאנְטִישֶׁער מְלוּכָה; חָאסְרוּ אִיז גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען, זַיין זוּהן סִירָאֶעס אִיז בַּאלְד בֶּעשְׁטַאנֶען אוֹיף אַלֶע תְּנָאִים וָואס הֶערַאקְלִיוּס הָאט פָארְגֶעלֶעגְט אוּנ

דָאס פֶּערְסִישֶׁע חַיִל אִיז אָבְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט הֶערַאקְלִיוּס וָוארְט גֶעהַאלְטֶען, עֶר הָאט דִי יוּדֶען נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט אוּנ אַז עֶר אִיז דוּרְכְגֶעפָּאהרֶען דוּרְךְ טְבֶרְיָה אִיז עֶר אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען בַּיים גְבִיר ר׳ בִּנְיָמִין אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען זַיין חַיִל. אַז עֶר אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם, זֶענֶען אִיהם בֶּעפַאלֶען דִי גַייסְטְלִיכֶע, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס דֶער פַּאטְרִיאַרְךְ מָאדֶעסְ־טוּס, אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן דִי יוּדֶען. אוּמְזִיסְט הָאט עֶר זֵיי אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף דֶער הֵיילִיגְקַייט פוּן זַיין שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט צוּ־גֶעשְׁוָואוֹרֶען דִי יוּדֶען, זֵיי הָאבֶּען אִיהם אַזוֹי לַאנְג אִיבֶּערְגֶעשְׁפַּארְט, אִיהם מַתִּיר נֶדֶר גֶעוֶועהן אוּנ אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דֶעם חֵטְא בִּיז עֶר הָאט זֵיי גֶעמוּזְט צוּ לִיעבּ טְהוּן אוּנ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל מֶען זָאל אוֹיסְהַרְגֶענֶען אַלֶע יוּדֶען. פִּיעל זֶענֶען דֶעמָאלְט אוּמְגֶעקוּמֶען, אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען בַּיים לֶעבֶּען זֶענֶען נָאר דִי דָאזִיגֶע, וָואס הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט צַייט צוּ אַנְטְלוֹיפֶען קַיין מִצְרַיִם אָדֶער זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען צְווִישֶׁען דִי בֶּערְג. דִי קְרִיסְטֶען הָאבֶּען אָבֶּער אַלֵיין גֶעפִיהלְט וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה זֵיי הָאבֶּען גֶעטְהוּן דֶערְמִיט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעגֵייט דֶעם שְׁוַואכֶען קֵייזֶער עֶר זָאל עוֹבֵר שְׁבוּעָה זַיין, אוּנ הָאבֶּען דֶערְפַאר אַיינְגֶעפִיהְרְט בַּיי זִיךְ אַ תַּעֲנִית, וָואס דִי פְרוּמֶע פְלֶעגֶען אָבְּהִיטֶען נָאךְ אִין אַסַךְ דוֹרוֹת שְׁפֶּעטֶער. דֶער תַּעֲנִית הָאט פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען נִיט גֶעשַׁאדְט אַז הֶערַאקְלִיוּס זָאל בֶּענַייהֶען דָאס אַלְטֶע גֶעזֶעטְץ פוּן הַאדְרִיאַן אוּנ יוּדֶען זָאלֶען וַוייטֶער נִיט טָארֶען זִיךְ אֲפִילוּ וַוייזֶען אִין דֶער סְבִיבָה פוּן יְרוּשָׁלַיִם.

נִיט בֶּעסֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען דִי יוּדֶען אוֹיךְ אִין דִי אֵייראָפֶּעאִישֶׁע לֶאנְדֶער, זַייט דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם אִיז דָארְט גֶעוָוארֶען דִי הֶערְשֶׁענְדֶע רֶעלִיגְיָאן. אִין אִיטַאלְיֶען הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט אַסַךְ יוּדֶען נָאךְ אֵיידֶער עֶס אִיז פוּן רוֹם גֶעוָוארֶען אַ חֵיל אוּנ זֶעהר גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין רַאוֶוענַא, וֶוענוּזִיַא, פַּאלֶערְמַא, מֶעסִינַא, אוּנ נָאךְ פִּיעל אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט. דֶער עֶרְשְׁטֶער, וָואס הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען אַז דִי מְלוּכָה וָואלְט צוּפְרִידֶענֶער גֶעוֶועהן וֶוען דִי יוּדֶען זָאלֶען אִיבֶּערְגֶעהן צוּם קְרִיסְטְלִיכֶען גְלוֹיבֶּען, אִיז גֶעוֶועהן דֶער קֶאנִיג טְהֶעאָדָארִיךְ; אִין זַיין נָאהמֶען הָאט זַיין סֶעקְרֶעטַאר קַאסִיאָדָאר גֶעמַאכְט פְּרוּבִירְפֶע דִי יוּדֶען פוּן מַיילַאנְד פַאר וָואס זֵיי זֶענֶען אַזֶעלְכֶע עַקְשָׁנִים אוּנ ווִילֶען נִיט זוּכֶען אוּנ גֶעפִינֶען „דִי עֶווִיגֶע רוּה“. דָאס אֵיינְגֶענֶע הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעלָאזְט זָאגֶען דִי יוּדֶען פוּן גֶענוּאַ, וֶוען זֵיי הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעבֶּעטֶען אַיין עֶרְלוֹיבְּנִישׁ צוּרֶעכְט מַאכֶען דִי שׁוּל, אוּנ עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל אַז יוּדֶען טָארֶען קַיין נַייֶע שׁוּלֶען נִיט אוֹיסְבּוֹיעֶן אוּנ זֵיי נִיט פֶערְצִירֶען אוּנ נָאר

די אלטע שולען פון פריהר דארפען בלייבען שטעהן אונ קיינער זאל זיי ניט אנרירען, ווייל ער וויל ניט מען זאל צווינגען מענשען אוועק צווארפען זייער אמונה, ווען זיי קאנען עס מיט'ן פרייען ווילען ניט טהון. איבערהויפט האט טהעאדאריך געהאנדעלט מיט יושר געגען יודען, אונ אז אין רום האבען זיך אמאל צובונטעוועט די שקלאווען געגען זייערע יודישע בעלי־בתים אונ האבען אנגערייצט דאס געמיינע פאלק זיי זאלען פארברענען די שול אונ ראבעווען יודישע הייזער, האט דער קעניג בעפוילען מען זאל אבזוכען די שולדיגע, אונ אז מען האט זיי ניט געקאנט געפינען האט ער געהייסען אז די גאנצע שטאדט זאל ליידען דעם היזק אונ די בערויבטע יודען זאל מען בעלוינען.

עס איז מערקווירדיג וואס אין דער צייט, ווען די קעניגע האבען דווקא ניט גערודף'ט קיין יודען; האטש זיי האבען געטהון אללע מיטעל צו בעפעסטיגען די קריסטליכע אמונה, האבען די שרייבערס אונ די געלעהרטע, וואס פון זיי האט מען ניבער בעדארפט ערווארטען זיי זאלען ניט אנמאכען קיין קריעג צווישען מענשען פון פערשידענע רעליגיאנען אונ זיי בעסער פערבינדען מיט ברידערליכע ליעבע, אויסגעטראכט אויף די יודען אלדינג וואס עס איז זיי נאר ארויף אויפ'ן זין אונ זיי גערופען מיט די שאנדליכסטע נאמען. דאס גאנצע גליק איז געוועהן וואס די מלוכה האט זיך ווענינ צוגעהערט צו זייערע רייד, אונ דערפאר איז זיי ניט ערגער געווארען ווען די קרוין פון איטאליען איז איבערגעגאנגען צו טהעאדאריך'ס ײאנער אונ געילדערטער טאכטער אמאלאזונטהא אונ דערנאך צו זיין איידעם טהעאדאט. די יודען זענען געוועהן שטארק איבערגעגעבען אונ דאנקבאר דעם קעניג טהעאדאט, אונ אז יוסטיניאן, וואס האט ביסלעכווייז כמעט גאנץ איטאליען ארונטערגענומען אונטער דער מאכט פון ביצאנטיען, איז צוגעטרעטען צו דער שאנער שטאדט נעאפאל, האבען די יודען בעוויזען זייער בריה'שאפט אונ האבען איינגעשטעלט זייער גאנץ פערמעגען אבי צו פערהיטען דעם הויפט־פונקט פונ'ם לאנד. מיט גרויס מיה האבען זיך די יודען, מיט דער הילף פון צוויי אדוואקאטען פאסטאר אונ אסקלעפיאדארוס, אלאנגע צייט געהאלטען, ביז דעם שונא איז געראטהען מיט א תחבולה זיך אריינכאפען ביי נאכט קיין נעאפאל אונ דעם גאנצען כעס אויסלאזען מן הסתם צו די יודען.

ניט לאנג האט זיך אבער איטאליען געפונען אונטער דער מאכט פון יוסטיניאן אונ זיינע יורשים. באלד איז די מלוכה איבער געגאנגען צו די לאנגאבארדען אונ חאטש דארט האט אנגעהויבען הערשען דער קאטאלי־

ציזמוס, פון דעסטוועגען איז די יודען ניט שלעכט געווען, ווייל די ערשטע פאפסטע זענען ניט געווען קיין שונאים פון פרעמדע אמונות, אונ גרעגאר דער ערשטער האט זיך געהאלטען אן דעם, אז דער גאנג פון יודען צום קריס־טענטהום מוז נאר זיין דורך חסד אונ פריינדשאפט. דערפאר האט גרעגאר צו־שענקט פיעל ערד געטויפטע יודען אונ האט געדרונגען אז ווען דער ערשטער דור וועט אננעהמען דאס קריסטענטהום שלא לשמה אונ נאר צו ליעב געלד, וועלען די איבריגע דורות שוין זיין אמת'ע קריסטען אונ וועלען אבהיטען די אמונה לשמה.

אין פראנקרייך אונ שפאניען האבען די יודען פון נאנץ לאנג רוהיג געלעבט ביז דער קאטאליציזמוס איז דארט ניט איינגעווארצעלט געווארען. אין די אלטע צייטען זענען די צוויי מדינות בעשטאנען פון פערשיעדענע קליינע געגענדען וואס יעדע האט געהאט איהר בעזונדער מושל, אונ די יודען האבען זיך דארט בעזעצט נאך דעמאלט ווען דער מסחר האט זיי אהין פארווארפען פון אלכסנ־דריען אונ קליין־אזיען. אדער וועספאסיאן אונ טיטוס האבען זיי אהין פארקויפט פאר שקלאווען. די דארטיגע פאלקער, פראנקען אונ בורגונדען, האבען אויף זיי געקוקט ווי אויף רעמער אונ האבען זיי געהאלטען בכבוד. אז כלאד־וויג איז געווארען מלך איבער אללע פראנקישע געגענדען, האבען יודען שוין געוואהנט אין זעהר פיעל שטעדט, ווי קארקאזאן, ארלעאן, אויווערנע, פאריז, אונ בעזאנדערס האבען זיי געהאט א גרויסע קהלה אין מארסיעל, וואס מען האט אפילו גערופען „די יודישע שטאדט”, אונ אין ארלעס, וואו זיי האבען זיך נאך ביז צום זעכסטען יאהר־הונדערט גערעדט אויף די גריכי־שע שפראכע. אין דער געגענד פון נארבאן איז אויך געווען ניט ווייניג יודען אונ צו ליעב דעם האט מען דארט איינעם פון די בארג גערופען „דער יודישער בארג”.

די יודען פון די פראנקישע אונ בורגונדישע געגענדען האבען זיך פריי בעשעפטיגט מיט אקערבוי, מלאכות אונ מסחר אונ האבען בעזאנדערס ענטוויי־קעלט דעם האנדעל מיט פרעמדע סחורות, וואס זיי פלעגען מיט זייערע שיפען ברענגען פון ווייטע לאנדער. א חוץ דעם האבען זיך די עדלערע פון זיי אבגעגעבען מיט וויסענשאפט, די בעסטע דאקטורים זענען געווען יודישע, אונ ביי זיי פלעגען זוכען הילף אפילו די גייסטליכע וואס האבען מורא געהאט ביי קראנקהייטען זיך פערלאזען אויף נסים. זיי זענען אויך געווען גרויסע העלדען ביי א מלחמה, אונ אז עס איז ארויס א קריעג צווישען כלאדוויג אונ טהעאדאריך

װעלכֶער הָאט בֶּעלַאגֶערְט דִי שְׁטָאדְט אַרְלֶעס, הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט דִי שְׁטַארְקְסְטֶע קְרִיעגֶער. דֶעמָאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיס פְרַיינְדְשַׁאפְט צְוִוישֶׁען דִי קְרִיסְטֶען אוּנְ דִי יוּדֶען, װֶעלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען מִיט פְרֶעמְדֶע נָאהמֶען, װִי אַרְמֶענְטַארְיוּס, גַאזָאלַאס, פְּרִיסְקוּס אוּנְ זִיבֶּערְיוּס. זֵיי פְּלֶעגֶען עֶסֶען אֵיינֶער בַּיים אַנְדֶערְן, אוּנְ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מְשַׁדֵּךְ זַיין. אַז עֶס אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶער בֶּעלִיעבְּטֶער עֶפִּיסְקָאפּ הִילָארְיוּס, הָאבֶּען אִיהם דִי יוּדֶען גְלַייךְ מִיט אַלֶע מַסְפִּיד גֶעוֶועזֶען אוּנְ תְּהִלִּים גֶעזָאגְט אוֹיף זַיין קֶבֶר. עֶס הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער גֶעפוּנֶען פִיעל פְרוּמֶע יוּדֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט עֶסֶען טְרֵפוֹת בַּיי דִי קְרִיסְטֶען; דֶערְפַאר הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַיין אֲסִיפָה אִין דֶער שְׁטָאדְט וַואנְנֶעס, אִים יַאהר 465, אִינְ עֶס אִיז אַרוֹיס אַ בֶּעפֶעהל אַז גֵייסְטְלִיכֶע טָארֶען נִיט עֶסֶען בַּיי יוּדֶען, וַוייל זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ פְּחִיתַת הַכָּבוֹד װָאס פְרוּמֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט צוּ גֶענִיסֶען זֵייעֶרֶע מַאֲכָלִים. מֶען הָאט אָבֶּער אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהל נִיט גֶעקוּקְט אוּנְ דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט צְוִוישֶׁען יוּדֶען אוּנְ קְרִיסְטֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען פֶעסְט, אוּנְ װֶען אַ פָּאר גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזוּכְט מִיטְלֶען צוּ גֵייטְהֶען דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען, הָאבֶּען זֵיי עֶס נָאר גֶעקָאנְט פוֹעֵל'ן בַּיי יְחִידִים אוּנְ אוֹיפ'ן פָאלְק הָאט עֶס קַיין שׁוּם רוֹשֶׁם נִיט גֶעמַאכְט. דֶער עֶרְשְׁטֶער, װָאס הָאט אִין פְרַאנְקְרַייךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹדֵף'ן יוּדֶען, אִיז גֶעוֶועהן דֶער קֶענִיג זִיגִיזְמוּנְד, װָאס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צַיינְצוּפִיהְרֶען נַייעֶ גֶעזֶעטְצֶע, װָאס הָאבֶּען יוּדֶען גֶעמַאכְט פַאר שְׁטִיעפְקִינְדֶער אוּנְ הָאבֶּען דֶערְפִיהְרְט דֶערְצוּ אַז מֶען הָאט בַּיי זֵיי צוּגֶענוּמֶען דָאס רֶעכְט אוֹיפְצוּנֶעהמֶען גֵרִים, אוּנְ דֶער קֶענִיג שִׁילְדֶעבֶּערְט דֶער עֶרְשְׁטֶער, הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל אַז אִין קְרִיסְטְלִיכֶען פֶּסַח זָאל קַיין יוּד זִיךְ נִיט וַוייזֶען אוֹיף דֶער גַאס. פְרַאנְקְרַייךְ אִיז נָאךְ דֶעמָאלְט אֲפִילוּ גֶעוֶועזֶען צוּטְהֵיילְט אִין פֶערְשִׁידֶענֶע חֲלָקִים, אוּנְ נִיט אוּמֶעדוּם הָאט מֶען גֶעקוּקְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע גֶעזֶעטְצֶע, נָאר מִיט דֶער צַייט הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ שִׂנְאָה גֶעגֶען דִי יוּדֶען, אוּנְ דִי שִׂנְאָה הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט רֶעכְט פֶערְשְׁטַארְקְט װֶען זֵיי הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אַזַא גְרוֹיסֶען גֶעגְנֶער, װִי דֶער עֶפִּיסְקָאפּ אַוִויטוּס פוּן אוֹיװֶערן. אַוִויטוּס הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט בֶּעפֶעסְטִיגֶען דֶעם קַאטָאלִיצִיזְמוּס אִין לַאנְד אוּנְ דֶערִיבֶּער אִיז אִים דָאס יוּדִישְׁקַייט גֶעוֶועזֶען װִי אַ דָארְן אִין דִי אוֹיגֶען. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְּרוּבְּט מִיט גוּטֶען אוּנְ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז מִיט עֶטְלִיכֶע דְרָשׁוֹת װֶעט עֶר דִי יוּדֶען צוּ זִיךְ צוּצִיהֶען. אַז עֶר הָאט אָבֶּער גֶעזֶעהן אַז מִיט רֵייד װֶעט עֶר גָאר נִיט מַאכֶען הָאט עֶר אָנְגֶערֵייצְט דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק זֵיי זָאלֶען אָנְפַאלֶען אוֹיף

די שולען, ראבּעווען און מאכען א תּל, און דערבּיי האט ער פארגעלעגט די יודען אז זיי זאלען זיך טויפען אדער אין גאנצען אוועקפאהרען. קיינער האט איהם ניט געוואלט הערען, נאר איין איינציגער יוד האט ניט געקאנט בּעשטעהן אויף דעם נכיון, און אז ער איז פון דעם טויפען געגאנגען אין גאס אנגעטהון אין ווייסע קליידער, ווי דער מנהג איז דעמאלט געוועהן נאך דער טבילה, האבּען איהם עטליכע יודען אבּגעשפּייצט מיט ניט קיין ריינעם אל. דאס צו־היצטע פאלק האט מעהר ניט בּעדארפט האבּען, מען איז באלד מיט א רציחה אנגעפאלען אויף די יודען, פיעל פון זיי האט מען דערהרגט, פינף הונדערט האבּען זיך געראטעוועט דער מיט וואס זיי זענען איבּערגעגאנגען צום קאטאלי־ציזמוס, און די איבּריגע זענען אנטלאפען קיין מארסיעל. נאך דעם האט מען פון אללע זייטען אנגעהויבּען פּרעסען די יודען און זיי מיט געוואלד אבּרייסען פון זייער אמונה. דער קאניג שילפעריך איז געוועהן אזוי איבּערגעגעבּען דעם קאטאליציזמוס אז ער האט זיך אליין בּעשעפטיגט מיט טויפען יודען, און האטש פיעל פון זיי האבּען נאר לפנים אנגענומען דאס קריסטענטהום, און בּאמת האבּען זיי אבּגעהיט שבּת און אללע מצות, פון דעסטוועגען האט ער זיך ניט וויסענדיג געמאכט און איז אויך געגאנגען מיט דעם גאנג אז פון שלא לשמה קאן שפּעטער ווערען לשמה. פונקט אזוי האבּען זיך אויך נוהג געוועהן די מעראווינגישע קאניגע הלאטאר דער צווייטער און זיין זון דאגאבּער, וועלכער האט אים יאהר 629, ארויסגעלאזט א בּעפעהל אז בּיז צו א בּעשטימ־טען טאג מוזען אללע יודען פון גאנץ פראנקרייך ווערען קריסטען אדער פּער־משפּט ווערען צום טויט.

ווענען די ערשטע יודען אין דייטשלאנד זענען די ידיעות ניט אזוי קלאר. עס איז א סבּרא אז גאר דער ערשטער דור פון זיי איז ארויסגעקומען פון די ראמער וואס האבּען חרוב געמאכט ירושלים און פון דארט ארויסגעפיהרט יודישע ווייבּער, מיט וועלכע זיי האבּען געוואהנט און געהאט קינדער. אזוי ווי די ראמישע פאטער האבּען זיך ניט געוואלט אומקוקען אויף אזעלכע קינדער, האבּען זיי די מוטערס ערצויגען אינ'ם יודישען גלויבּען, און פון זיי זענען ארויס די גרינדער פון די יודישע קהלות אין ווארמס און מאינץ. אויסער דעם איז געוויס בּעקאנט, אז אין קאלן האבּען געוואהנט פיעל יודען נאך עהדער קריסטליכע קאניגע האבּען אנגעהויבּען הערשען; זיי זענען געוועהן פריי פון מס און האבּען געהאט זייערע איינענע שופטים און דאס רעכט איז בּיי זיי געבּליבּען גאנץ לאנג, און אפילו ווען א קריסט האט געהאט צו טהון מיט

אַ יוּדָען הָאט עֶר גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּם יוּדִישֶׁען בֵּית דִין.

שְׁפַּאנִיעֶן אִיז פַאר דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען דָאס צְוֵוייטֶע פַּאטֶערְלַאנְד זַייט זֵיי הָאבֶּען פֶערְלָארֶען זֵייעֶר אֵייגֶענֶע הֵיים. פוּן דִי אַכְטְצִיג טוֹיזֶענְד יוּדֶען, וָואס מֶען הָאט אַהִין פֶערְטְרִיבֶּען נָאךְ'ן חוּרְבָּן אוּנ זֵיי דָארְט פֶערְקוֹיפְט פַאר שְׁקְלַאוֶוען, זֶענֶען אַרוֹיס גַאנְצֶע דוֹרוֹת פוּן גֶעטְרַייֶע יוּדִישֶׁע אַיינְוָואהנֶער, וָואס זֶענֶען מִיט לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען צוּם לַאנְד, וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט פְרַייהַייט זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה, בֶּעפֶעסְטִיגֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אוּנ זַיין אִין אַללֶע אוֹפַנִים נוּטְצְלִיךְ דֶער מְדִינָה. מֶען דַארְף זִיךְ דֶערִיבֶּער נִיט וואוּנְדֶערן וָואס קָארְדָאוַוא, גְרַאנַאדַא אוּנ טָאלֶעדָא זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט לוֹמְדִים אוּנ הָאבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט בַּיי דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען דִי אֵייגֶענֶע רָאללֶע וָואס טְבֶרְיָה, סוּרָא אוּנ נְהַרְדְעָא בַּיי דִי יוּדֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ בָּבֶל, אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ אַז כִּמְעַט יֶעדֶע שְׁפַּאנִישֶׁע שְׁטָאדְט הָאט גֶעמוּזְט אוֹיף זִיךְ הָאבֶּען עֶפִּיס אַ יוּדִישֶׁען סִימָן: אִין קָארְדָאוַוא אִיז גֶעוֶועהן „אַ יוּדִישֶׁער טְהוֹיעֶר", אִין סַארַאגָאסַא — „אַ יוּדִישֶׁער פֶעסְטוּנְג" אוּנ גְרַאנַאדַא אוּנ טַארְרַאגָאנַא הָאבֶּען פָּשׁוּט גֶעהֵייסֶען „יוּדִישֶׁע שְׁטֶאדְט".

אַיין אַלְטֶע מַצֵּבָה פוּן אַבְּרוֹי בֶּעלְלִיאָזַא, אָדֶער אוֹיף יוּדִישׁ מִרְיָם, וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין לָשׁוֹן קֹדֶשׁ, גְרִיכִישׁ אוּנ לַאטֵיינִישׁ, בֶּעוַוייזְט אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין שְׁפַּאנִיעֶן פוּן אַזֶעלְכֶע לֶאנְדֶער, וואוּ מֶען הָאט גֶערֶעדְט גְרִיכִישׁ, אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אוּנְטֶער דֶער מַאכְט פוּן דִי רֶאמֶער אוּנ הָאבֶּען גֶעקֶענְט זֵייעֶר לָשׁוֹן אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען אִין שְׁפַּאנִיעֶן זִיךְ שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט דֶער הֶעבְּרֶעאִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע. בֶּעשְׁטִימֶען אָבֶּער אַקוּרַאט וֶוען דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין שְׁפַּאנִיעֶן — אִיז זֶעהר שְׁוֶוער: פִיעל דְרִינְגֶען זִיךְ אַז גָאךְ בַּאלְד נָאךְ'ן חוּרְבָּן פוּנ'ם בַּיִת רִאשׁוֹן זֶענֶען דִי עֶרְשְׁטֶע שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען אַרִיבֶּער אַהִין פוּן בָּבֶל אוּנ עֶטְלִיכֶע מִשְׁפָּחוֹת, וִוי אִבְּן דַאוּד אוּנ אַבַּרְבַּנְאֵל, הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט זֶעהר יִחוּס פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ.

הָאטְשׁ דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם אִיז אִין שְׁפַּאנִיעֶן אַיינְגֶעוואוּרְצֶעלְט גֶעוָוארֶען נָאךְ אַסַךְ פְרִיהֶר אֵיידֶער דֶער קֶאנִיג קָאנְסְטַאנְטִין אִיז צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דֶער אֱמוּנָה, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען גֶעלֶעבְּט זֵייעֶר גוּט מִיט דִי יוּדֶען, אוּנ הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶערֶעכֶענְט פַאר שׂוֹנְאִים. אַז דִי גֶעוֶועזֶענֶע גָאטְצֶענְדִינֶער הָאבֶּען זִיךְ בֶּעקַאנְט מִיט דִי יְסוֹדוֹת פוּנ'ם קְרִיסְטֶענְטְהוּם, הָאט זֵיי גָאר נִיט גֶעקָאנְט אַיינְפַאלֶען אִין קָאפּ צוּ מַאכֶען אַ חִלּוּק צְווִישֶׁען יוּד אוּנ קְרִיסְט אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי דִי יוּדָען גֶעשֶׁאצְט, זֵיי פְלֶעגֶען זִיךְ מִיט זֵיי מְשַׁדֵךְ זַיין, אוּנ

נאַנץ אָפְּט פְּלֶעגֶען. קְרִיסְטֶען אַרָאב בְּרֶענְגֶען יוּדִישֶׁע רַבָּנִים זֵיי זָאלֶען בֶּענְטְשֶׁען זֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער דִי תְּבוּאָה זָאל גֶערָאטְהֶען. דִי קַאטוֹלִישֶׁע גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען דָאס אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אוּנ בַּיי דֶער אֲסִיפָה אִין אִילְלִיבֶּערִיס (עֶלְווִירַא) הָאט דֶער עֶפִּיסְקָאפּ אָזִיוּס אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ גֶעזֶעטְץ וָואס הָאט גֶעזָאלְט אִין גַאנְצֶען צוּשְׁטֶערֶען דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט, וָואס הָאט גֶעהֶערְשְׁט צְווִישֶׁען יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען. נָאר אַזוֹי וִוי דָאס לַאנְד אִיז בַּאלְד פֶּערְווִיסְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ פֶּערְשִׁידֶענֶע פְרֶעמְדֶע פָאלְקֶער אוּנ דִי קַאטָאלִיקֶען הָאבֶּען אַ לַאנְגֶע צַייט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיפְהוֹיבֶּען אַקָאפּ, הָאבֶּען דִי יוּדֶען מֶעהר פוּן הוּנְדֶערְט יָאהר גֶעלֶעבְּט רוּהִיג, אוּנ אִין דֶער צַייט פוּנ'ם קֶענִיג טְהֶעאוּדֶעס הָאבֶּען זֵיי שְׁטַארְק גֶעשִׁיצְט דִי מְדִינָה, אוּנ מֶען הָאט דִי יוּדֶען גֶעשֶׁאצְט פַאר זֵייעֶר גֶעטְרַייְשַׁאפְט. נָאר אַז דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶענִיג רֶעקַארֶעד אוּנ דֶער קַאטָאלִיצִיזְמוּס הָאט פַארְשְׁפְּרֵייט זַיינֶע פְלִיעגֶעל אִיבֶּער גַאנְץ שְׁפַּאנִיעֶן, הָאט מֶען אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען דָאס אַלְטֶע גֶעזֶעטְץ פוּן אָזִיוּס אוּנ מֶען הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען רוֹדֵף'ן יוּדֶען. מֶען הָאט זֵיי פַאר־ווֶעהרְט הַתּוּנָה צוּ הָאבֶּען מִיט קְרִיסְטֶען, דִי קִינְדֶער וָואס זֶענֶען שׁוֹין גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען פוּן אַזֶעלְכֶע פֶערְמִישְׁטֶע חֲתוּנוֹת הָאט מֶען מִיט גְוַואלְד גֶעטוֹיפְט. אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען יוּדֶען נִיט גֶעטָארְט הָאבֶּען קֵיין קְרִיסְטְלִיכֶע שְׁקְלַאוֶוען. פַאר רַייכֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּים אִיז דָאס גֶעוֶועהן אַ שְׁטַארְקֶער הֶיזֵק אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶע־פְּרוּבְט פָּארְלֶעגֶען דֶעם קֶענִיג אַ סַךְ גֶעלְד אַבִּי עֶר זָאל מְבַטֵּל זַיין דִי שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירָה, נָאר דֶער פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע נְגִיעָה אִין דֶער זַאךְ, הָאט נִיט דֶערְלָאזְט אַז דֶער קֶענִיג זָאל יוּדֶען צוּ לִיעבּ טְהוּן: רֶעקַארֶעד הָאט דָאס גֶעלְד בַּיי דִי יוּדֶען צוּגֶענוּמֶען אוּנ הָאט עֶס אַוֶועקְגֶעשֶׁענְקְט אוֹיף אַ הֵיילִיגֶע זַאךְ, אוּנ צוּ יֶענֶע גְזֵירוֹת הָאט עֶר צוּגֶעזֶעצְט נָאךְ אֵיינֶע, אַז יוּדֶען זָאלֶען נִיט טָארֶען בַּיי אַ לְוָיָה זָאגֶען תְּהִלִּים. צוּם גְלִיק, אִיז בַּיי אִיהם נִיט גֶעוֶועהן אִין גַאנְ־צֶען דִי דֵעָה, דִי גְרוֹיסֶע לַייט אוּנ דָאס פָאלְק הָאבֶּען מִיט יוּדֶען גוּט גֶעלֶעבְּט אוּנ אַלֶע גְזֵירוֹת זֶענֶען צְווַאנְצִיג יָאהר כְּסֵדֶר נָאר גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף פַּאפִּיר. אוּנ אַז רֶעקַארֶעד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאבֶּען זַיינֶע יוֹרְשִׁים דִי יוּדֶען נִיט אִין זִין גֶעהַאט.

פְּלוּצְלוּנְג אִיז אָבֶּער דִי יוּדֶען שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען וֶוען דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶענִיג סִיזֶעבּוּט, וָואס הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִין דֶער אֵיינֶענֶער צַייט פוּנ'ם קֵייזֶער הֶערַאקְלִיוּס, אוּנ הָאט גְלַייךְ מִיט אִיהם אָנְגֶעטְהוּן דִי יוּדֶען עִנּוּיִים קָשִׁים. מֵילָא הֶערַאקְלִיוּס הָאט נָאךְ גֶעהַאט אַ סִבָּה צוּ זוּכֶען אַ נְקָמָה פַאר דֶער מְרִידָה פוּן דִי פַּאלֶעסְטִינָא'שֶׁע יוּדֶען; סִיזֶעבּוּט אָבֶּער אִיז זֵיי גֶעוֶועהן אַ שׂוֹנֵא אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט. עֶר הָאט בֶּעפוֹהלֶען דָאס אַלְטֶע גֶעזֶעטְץ וֶוענֶען דֶעם אַז

די יודען טארען קיין שקלאווען ניט האבען, און האט דערצו נאך צוגעזעצט פון זיין זייט א בעפעהל, אז יעדער געטויפטער יוד מאג ירש'נען די שקלאווען פון זיינע קרובים. אין זיין צוואה האט ער אנגעזאגט די יורשים אז קיינער פון זיי זאל זיך ניט דערוואגען מבטל זיין דאס געזעטץ „ווייל דאס וועט זיין א בושה אויף דער וועלט און איין עבירה אויף יענער וועלט". זיין סטראשען די יורשים האט אבער וועניג וואס געהאלפען, און נאך פאר זיין לעבען האט ער זיך געקאנט איבערצייגען אז די יודען האבען געהאט שקלאווען ווי פריהר, און די וואס האבען בעדארפט אכטונג געבען אויפ'ן געזעטץ האבען דארויף געקוקט ווי דורך די פינגער. דאס האט איהם נאך מעהר אין כעס אריינגעבראכט, און כדי צו מאכען אין גאנצען א ענדע מיט די יודען, האט ער בעשטימט א צייט ביז וואנען זיי זאללען זיך אללע טויפען אדער פערלאזען דאס לאנד. דא האבען שוין די יודען קיין אנדער ברירה ניט געהאט; די וועניגע, וואס האבען זיך ניט געפיהלט אין כח אוועקצווארפען די אלטע ארטער און אנהייבען נע וונד זיין אין דער פרעמד, זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטהום, און דער רוב האט זיך געזעגענט מיט שפאניען און זענען אריבער קיין פראנקרייך אדער קיין אפריקא.

נאך סיזעבוט'ס טויט איז געווארען קאניג זיין זוהן סווינטילא, וועה־ א גוטהערציגער מענש, וואס מען האט איהם ניט אומזיסט גערופען „דער פאטער פונ'ם לאנד". ער האט באלד אבגערופען אללע גזירות: די פערטריבענע יודען זענען תיכף צוריקגעקומען און די געטויפטע האבען זיך אומגעקעהרט צום יודענטהום. זיין פיהרונג איז אבער ניט געפאלען די גייסטליכע און זיי האבען אזוי לאנג געארבייט ביז דער בארמהערציגער קאניג סווינטילא האט געמוזט אבטרעטען די מלוכה א האראקטערלאזען מענשען סיזענאנד, וואס האט נאר געטהון וואס די גייסטליכע האבען געוואלט, און די גייסטליכע האבען אויס־געפיהרט אללעס דינג וואס זיי האט געטוינט. דעמאלט איז אין טאלעדא געווארען א נייע אסיפה פון גייסטליכע און מען האט אנגענומען די מיינונג פונ'ם ארכיעפיסקאפ איזידאר אז טויפען יודען מיט גוואלד איז ניט קיין יושר, באר וועגען פארהיטען א חלול השם זאל מען ניט לאזען אז די וואס זענען שוין געטויפט זאללען צוריק ווערען יודען, זאל מען שטרענג בעשטראפען די דאזיגע פון זיי וואס מען וועט געפינען אז בסתר האלטען זיי די יודישע אמונה, און מען זאל גוט אכטונג געבען אז אללע געזעטצע געגען יודען זאללען בלייבען אין זייער קראפט. ווי ווייט מען האט דעמאלט איבערהויפט תושד געוועהן די

געטויפטע יודען — זעהט מען אַרויס דערפון וואס מען האט זיי ביז צום דריטען דור ניט צוגעלאזט פאר עדות, ווייל „דער וואס איז פאלש גאַאַווט קאן ניט זיין געטרייער מענשען".

דעמאלט האט דער אַרכיעפיסקאפ איזידאָר געוואָלט מאכען אַ פּראָבע אונ געהן מיט יודען ניט מיט כח אונ גייטהען, נאר מיט ראיות בּרענגען אונ אויסווייזען די מעלות פון דער קריסטליכער אמונה. ער האט אָנגעשריבען צוויי ספרים אונ האט געמיינט אַז דערמיט איז ער מנצח די יודען, ח״ו אַללע זיינע בעווייזע האט ער געבויעט אויף פּסוקים פון דער תורה. די יודען זענען אָבער געוועהן שפּיצינער פון איהם אונ האבען אַרויסגעלאזט עטליכע ביכער אויף לאַטייניש אונ אויסגעוויזען טאקי פון די אייגענע פּסוקים נאר עפּיס אַנדערש. אַ וכוח מיט׳ן מויל אונ מיט דער פּען האט געמוזט פיהרען דערצו וואס די פערפאָלגונג פון די יודען האט ניט געקאנט זיין אַזוי שטאַרק אונ ביפלעכווייס האט מען אָנגעהויבען פאַרגעסען אַז עס איז אַ מצוה די יודען צו רודף׳ן. דאס האט אָבער ניט לאַנג געדויערט. פּלוצלונג איז געוואָרען קאָניג חינטילא, וואס האט זיך גענומען אין גאַנצען אויף סיזיבוט׳ס דרך, אונ דאס יודישקייט איז ווייטער געוועהן אין אַ סכּנה. ער האט געמאכט נאר אַ פרישע פערזאַמלונג פון גייסטליכע, אונ עס איז געבליבען אַז אַללע איינוואהנער פונ׳ם לאַנד מוזען זיין קאַטאָליקען. די יודען האבען נאך אַ מאל געמוזט האפּען דאס פּאַקעל אויף די פּלייצעס אונ אָנהייבען וואַנדערן, אונ די געטויפטע האבען געמוזט מיט אַ צו־בּראָבען געמיט אָנטהון אויפ׳ן פּנים אַ מאַסקע פון כלומר׳שט פרומע קאַטאָליקען, אונ טיעף אין האַרץ ביי זיך בעגראָבען די האָפנונג אויף אַ בעסערע צייט. די האָפנונג האט זיי טאקי נאר געהאַלטען אויף די פיס אין די ביטערע פ״ער יאהר פון חינטילא׳ס מלוכה

---

## 9 די יודען אין אַראַביען אונ מחמד.

(500—640 נאך קריסטוס געבורט).

ווען דאס אויג פונ׳ם לעזער ווערד מיעד אונ הייבט אָן פינטלען פון די איבערקערענישען, וואס עס בעמערקט אַללע מאל אינ׳ם גורל פון די יודען אין דער אַלטער היים אונ אויך אין איראָפּעאישע לאַנדער, ווי זיי ווערן געוואָרפען אין פערשידענע צייטען פון שלעכטע צו גוטען, פון בעסערן צו נאך ערגער, קאן זיך עס מיט פערגניגען אָברוהען, ווען עס בעטראַכט דעם גלאַנצענדען

מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען אִין אַרַאבְּיֶען בִּיז דֶער צַייט פוּן מַחְמֶד אוּנ אוֹיךְ וַוייטֶער.

מֶען קָאן נִיט ווִיסֶען אַקוּרַאט וֶוען דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַרַאבְּיֶען אוּנ טַאקִי דָאס אַלֵיין בְּעוַוייזְט אַז זֵיי וָואהנֶען דָארְט שוֹין לַאנְג. מֶען רֶעכֶענְט אַז דִי עֶרְשְׁטֶע יוּדֶען, וָואס זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען, זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועהן פוּן דִי וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֵיי זָאלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִי עֲמָלֵקִים אוּנ זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער שְׁטָאדְט יַתְרִיבּ, וָואס הָאט אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע דוֹרוֹת בֶּעקוּמֶען דֶעם נָאהמֶען מְדִינָה. צוּ זֵיי זֶענֶען דֶערְנָאךְ צוּגֶעקוּמֶען אַ סַךְ יוּדֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ אִין דָוִד הַמֶלֶךְ'ס צַייט אַהִין אַוֶועקְגֶעלָאזְט אוּנ פֶערְנוּמֶען דִי גֶעגֶענְד חַיְבַּר, אוּנ בַּאלְד אִיז דָארְט גֶעוָוארֶען אַ גַאנְצֶער יִשׁוּב פַאר יוּדִישֶׁע סוֹחֲרִים, וָואס פְלֶעגֶען אוֹיף דִי גְרוֹיסֶע יְרִידִים אִין מַרִיבַּא אוּנ סַנַאאַ אַיינְקוֹי־פֶען סְחוֹרָה פוּן אִינְדִיֶען. נָאר דָאס אִיז נָאר אָהן אַ שׁוּם סָפֵק אַז דֶער חוּרְבָּן פוּנ'ם בַּיִת רִאשׁוֹן אוּנ פוּנ'ם בַּיִת שֵׁנִי אוּנ אוֹיךְ דִי רְדִיפוֹת פוּן דִי רֶאמֶער הָאבֶּען טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען אַוֶועקְגֶעפִירְט קַיין אַרַאבְּיֶען אוּנ דָארְט הָאבֶּען זֵיי גֶעפוּנֶען אַ מָקוֹם מְנוּחָה. דִי עֶרְשְׁטֶע יוּדִישֶׁע־אַרַאבִּישֶׁע שְׁבָטִים זֶענֶען בֶּעקַאנְט מִיט דִי נָאהמֶען בְּנֵי נַדִיר' אוּנ בְּנֵי כּוּרַיְיצַא, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר כֹּהֲנִים, אוּנ בְּנֵי נַכְדַל אוּנ בְּנֵי כַּינוּקַאאַ קָארַא. אִין דֶער פֶעסְטוּנְג כַּמוּס, גַאנְץ וַוייט אִין דָרוֹם־זַייט פוּנ'ם לַאנְד, אִין יֶמֶן, אוּנ אֲפִילוּ אִין דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט מֶעקַא הָאבֶּען זֵיי אוֹיךְ גֶעהַאט הַייזֶער. צוּם אָנְהֵייבּ, וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן ווִינְצִיג אוּנ צוּוָוארְפֶען אִין פֶערְשִׁידֶענֶע אֶרְטֶער, זֶענֶען זֵיי פוּן קֵיינֶעם נִיט אָבְּהֵיינְגִיג גֶעוֶועהן, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶעשִׁיצְט אוּנ גֶעבּוֹיט שְׁלֶאסֶער, וואוּ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ רוּהִיג גֶעלֶעבְּט. מִיט דֶער צַייט אָבֶּער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ פֶערְ־אַיינִיגְט מִיט דִי אַרַאבֶּער, אוּנ וַוייל אִין לָשׁוֹן אוּנ אִין דִי מִנְהָגִים אִיז קַיין גְרוֹיסֶער הִלוּק צְווִישֶׁען זֵיי נִיט גֶעוֶועהן, הָאט דִי גְרֶעסְטֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט פֶערְבּוּנְדֶען דִי בֵּיידֶע פֶאלְקֶער. וֶוער רֶעדְט נָאךְ אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין, זֶענֶען זֵיי גֶעוָוארֶען נָאהֶענְטֶע מְחוּתָּנִים אוּנ דֶערְפַאר אִיז דִי קְרִיסְטֶען שְׁוֶוער גֶעוֶועהן צוּ בֶּעקֶענֶען דִי אַרַאבֶּער מִיט זֵייעֶר אֱמוּנָה: ווִי פִיעל שְׁלוּחִים זֵיי הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט, הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיט גֶעפּוֹעלְט, דִי יוּדֶען הָאבֶּען עֶס נִיט דֶער־לָאזְט, אוּנ נָזוּר אִינ'ם זֶעכְסְטֶען יַאהר־הוּנְדֶערְט אִיז דִי קְרִיסְטֶען גֶערָאטֶען אַרִיבֶּער צוּגֶעהמֶען אוֹיף זֵייעֶר זַייט אֵיינֶעם פוּן דִי אַרַאבִּישֶׁע מוֹשְׁלִים, וָואס הָאט גֶעוָואהנְט אִין דֶער הַאנְדֶעלְסְשְׁטָאט נַגְרַן.

דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע לֶעבֶּען פוּן דִי אַרַאבִּישֶׁע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּע־שֶׁעפְטִיגְט גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס מִיט עֶרְדאַרְבַּייט אוּנ הַאנְדֶעל, הָאט זִיךְ גֶעפִירְט

נאר אויף'ן אלטען שטיינער. יעדע גרויסע פאמיליע, אדער עטליכע קליינע משפחות צוזאמען, האט געהאט איהר בעזונדערן פארשטעהער, אדער שייך, וואס פלעגט פסקנ'ען שאלות אונ אויס גלייכען צדדים ביי א דין תורה, אונ האט אויך פערשטאנען ווי אזוי צו רעגירען ביי א מלחמה; ווען מען האט בעדארפט בעשיצען דאס לאנד. אינ'ם אויסענווייניגסטען לעבען האבען זיי זיך אין קיין שום זאך ניט אבגעטהיילט פון די אראבער; פאר א קלייניגקייט האט זיך איין משפחה מיט דער אנדערער געקאנט שלאגען אז עס האט געראנען בלוט אין די גאסען, ווער רעדט אז מען האט איינעם אומשולדיג אדער אומגערען געהרג'ט, פלעגט פשוט ווערען א שחיטה. דאס אלעס האבען זיי געלערנט פון די אראבער, זיי האבען אבער גוטע זאכען ביי זיי אויך איבערגענומען, אונ דאס בעסטע איז געוועהן — די ליעבשאפט צו שיינע מליצה, צו מאכען אונ זינגען שירים. זיי האבען אויך געהאט א גרויסע מעלה, וואס „פדיון שבוים" איז ביי זיי געוועהן זעהר טהייער: גאנץ אפט פלעגט זיך זיי מאכען אז ווען זיי זענען געוועהן פערבונדען מיט איין אראבישען שבט, האבען זיי געמוזט מלחמה האלטען מיט זייערע אייגענע ברידער, אונ אז זיי האבען גובר געוועהן פלעגען זיי אליין אויסקויפען די יודען וואס האבען זיך נאר וואס מיט זיי געשלאגען, כדי זיי זאלען ניט אריינפאלען אין פרעמדע האנד אונ מען זאל זיי ניט פערקויפען פאר שקלאווען.

דאס ביסעל תורה, וואס די אראבישע יודען האבען מיטגעבראכט פון דער היים, אונ וואס האט זיך ביי זיי פעסט געהאלטען, ווייל זיי האבען ניט אויפ-געהערט זייערע קענטניסע אללע מאל דערפרישען מיט נייע הסברות פון די גרויסע ישיבות אין ארץ ישראל אונ אין בבל, האט זיי געשטעלט העכער פון די אראבער, וואס האבען ביז צום זיבעטען יאהר-הונדערט כמעט ניט געקאנט שרייבען, אונ פלעגען די יודען דערפאר רופען „דאס פאלק פון דער שריפט". די יודען האבען אבגעהיט אללע דינים פון כשר אונ טרפה, זיי האבען געהאלטען אללע תעניתים, אונ אום שבת פלעגען זיי קיין שום מלאכה ניט טהון, אפילו ביי א מלחמה האבען זיי דעם טאג גערוהט. האטש אין אראביען איז זיי געוועהן זעהר גוט, פון דעסטוועגען האבען זיי אויסגעקוקט אויף משיח'ן אונ ביים דאווי-נען פלעגען זיי זיך מיט'ן פנים ווענדען צו דער זייט, וואו ירושלים שטעהט. אין יתריב האבען זיי געהאט א קליינע ישיבה, נאר זייערע לומדים האבען אליין ניט קיין בעזונדערע חריפות ארויס געוויזען.

די אראבער פון זייער זייט האבען גרויס כבוד געלייגט אויף דער יודישער

אֱמוּנָה. בַּיי דִי יוּדֶען הָאבֶּען זַיי זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט פִּינְקְטְלִיךְ צוּ בֶּערֶעכֶענֶען דִי יָמִים טוֹבִים מִיט דֶער הִילְף פוּן אַ לוּחַ אוּנ דֶערְפַאר הֵייסְט אִין אַרַאבִּישֶׁען אַיין עִבּוּר־יָאהר „נַשִׂיא״, וַוייל דִי יוּדֶען פְלֶעגֶען בֶּעקוּמֶען יְדִיעוֹת וֶועגֶען קִדוּשׁ הַחֹדֶשׁ פוּנ׳ם נָשִׂיא. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעוִויזֶען דִי אַרַאבֶּער פוּן וַואנֶען זַיי שְׁטַאמֶען אַרוֹיס אוּנ אַז זַיי מָאגֶען אוֹיךְ זֵייעֶר יִחוּס רֶעכְנֶען בִּיז גָאר אִין דִי אַלְטֶע צַייטֶען. גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפוּן וָואס דִי אַרַאבֶּער הָאבֶּען גֶעהַאט פִינְף גְרוֹיסֶע יְרִידִים, וָואס נָאר זַיי, אָדֶער פֶעלְקֶער פוּן אֵיין שְׁטַאם מִיט זַיי, הָאבֶּען גֶעמָאנְט אַהִין קוּמֶען אוּנ דָארְט הַאנְדְלֶען. דָאס הָאט גֶעפִירְט דֶערְצוּ וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט נֶעהמֶען דִי תּוֹרָה אִין דֶער הַאנְד, אוֹיפְמִישֶׁען דָאס קַאפִּיטֶעל פוּן בְּרֵאשִׁית, וואוּ עֶס וֶוערְד גֶערֶעדְט וֶועגֶען יָקְטָן אוּנ יִשְׁמָעֵאל, אוּנ זַיי דֶערְמִיט דֶערְוַוייזֶען אַז זַיי זֶענֶען גָאר נִיט קַיין וַוייטֶע קְרוֹבִים. בַּיי דִי אַרַאבֶּער אִיז דִי מַעֲשֶׂה זֶעהר אָנְגֶעלֵייגְט גֶעוֶועהן, זַיי הָאבֶּען בַּאלְד דִי יוּדֶען גֶעגֶעבֶּען אַלֶע רֶעכְטֶע, אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאבֶּען זַיי זִיךְ אַיינְגֶעטְהֵיילְט מִיט׳ן יִחוּס: דִי אַרַאבֶּער פוּן דָרוֹם־זַייט הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען אַז זַיי קוּמֶען אַרוֹיס פוּן יָקְטָן, אוּנ דִי פוּן צָפוֹן־זַייט הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען יִשְׁמָעֵאל׳ן פַאר אַיין אֶלְטֶער־זֵיידֶע.

בַּיי אַזַא גְלִיקְלִיכֶען צוּשְׁטַאנְד פוּן דִי יוּדֶען אִיז קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיהֶען צוּ זִיךְ פִיעל אַרַאבֶּער, אוּנ עֶטְלִיכֶע שְׁבָטִים, בֶּעזָאנְדֶערְס דִי בְּנֵי קִינַיְנָה, זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם יוּדֶענְטְהוּם, אוּנ דָאס אִיז כַּאר זַיי נִיט שְׁוֶועהר גֶעוֶועהן וַוייל זַיי פְלֶעגֶען פְרִיהר אוֹיךְ מַל זַיין דִי קִינְדֶער. נָאר גָאר אַ בֶּעזוּנְדֶער רוֹשֶׁם הָאט אָנְגֶעמַאכְט דָאס וָואס אֵיינֶער פוּן דִי מְלָכִים פוּן יֶמֶן (תֵּימָן), טוֹבָּה, אִיז גֶעוָוארֶען אַ יוּד. זַיין נָאהמֶען אִיז אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעוֶועהן אַבּוּ־כַּרִיבַּא אַסַד תִּבַּן, אוּנ אִים יַאהר 500 הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מִלְחָמָה גֶעגֶען דֶעם פֶּערְסִישֶׁען מֶלֶךְ כַּבַד אוּנ גֶעגֶען דֶעם טְהֵייל פוּן אַרַאבְּיֶען, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְטֶער דֶעם שׁוּטְץ פוּן דֶער בִּיצַאנְטִינִישֶׁער מְלוּכָה. אַז עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ דֶער הוֹיפְּטְשְׁטַאדְט יַתְּרִיב, זֶענֶען אִיהם דִי אַיינְוָואהנֶער גֶעפֶּאלֶען; עֶר הָאט דָארְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין זוּהן אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר מִיט׳ן חַיִל וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען. קוֹים אִיז עֶר אָבֶּער גֶעוֶועהן פוּן יֶענֶער זַייט, הָאט מֶען אִיהם בַּאלְד צוּ ווִיסֶען גֶעגֶעבֶּען אַז מֶען הָאט דֶעם זוּהן דֶערְהַרְגֶ׳ט. פוּל מִיט רְצִיחָה, הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט קַיין יַתְּרִיב אוּנ הָאט בֶּעלַאגֶערְט דִי שְׁטָאדְט, נָאר עֶר הָאט נָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען, וַוייל דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן זֵייעֶר שְׁטַארְק. פְּלוּצְלוּנְג אִיז עֶר קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן צוּ בֶּעקוּמֶען וַואסֶער צוּ לֶעשֶׁען זַיין דוּרְשְׁט. מִיט דֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט הָאבֶּען זִיךְ בָּע־

נוצט צוויי יודישע לומדים פון יתריב, קאאב און אסאד, זיי זענען געקומען צום קראנקען קאניג און האבען איהם פארשטעהן געגעבען אז דאס גלייכסטע איז עס זאל ווערען שלום. דערביי איז געווארען א שמועס וועגען דעם יודישען גלויבען, דער קאניג האט זיך געלאזט בעקאנט מאכען מיט'ן גאנצען בנין פון דער אמונה, און זי איז איהם אזוי געפאלען אז ער האט זי באלד צוזאמען מיט'ן חיל אנגענומען. ער האט געבעטען די צוויי לומדים זיי זאלען מיט איהם פאהרען קיין ימן און איהם העלפען צורעדען דאס פאלק זיי זאלען אללע אויך ווערען יודען. א גאנץ פאלק איז אבער שווער איבערצורעדען, און דערפאר איז דער רוב פון זיי נאך געבליבען ביים געטצע-דיענסט. איין שבט, וואס האט געהייסען „די קאנדיטען", האט באלד אנגענומען די יודישע אמונה און זייער פארשטעהער הרית-אבן-עברו איז געווארען שני למלכות און האט געהאט צו שאפען איבער יתריב און מעקא. מיט גרויס פרייד האבען אללע יודען פון ווייט און פון נאהענט זיך דערוואוסט אז עס איז פלוצלונג אויסגעוואקסען א שפאגעל נייע יודישע מלוכה. נאר די ערשטע גרים זענען מעהר געוועהן יודען מיט דעם נאהמען; דאס רעכטע יודישקייט האט זיך ערשט אנגעהויבען בעפעסטיגען אין דער צייט וואס די מלוכה פון ימן איז איבערגעגאנגען צו אבו-כריבא'ס אייניקעל זרעה-דהו-נאואס, וואס האט צו זיין נאהמען צוגעזעצט דעם יודישען נאהמען יוסף. ער איז געוועהן א הייסער יוד מיט'ן גאנצען הערצען און די צרות פון זיינע ברידער אין אנדערע לאנדער האבען איהם ניט געגעבען קיין רוה. ער האט זיך ענטשלאסען נוקם צו זיין זיך אין די פעלקער וואס רודף'ן יודען, און אז ביצאנטינישע סוחרים זענען דורכגעפאהרען דורך ימן, האט ער זיי געהייסען הרג'ענ'ען. אזא זאך האט אנגעמאכט א שטארקען רעש צווישען די קריסטען, און די ערשטע זענען געגען איהם ארויסגעשפרונגען די איינוואהנער פון נאגראן, וואס האבען שוין דערמאלט געהאלטען די קריסטליכע אמונה. ווי עס ווייזט אויס, האט זיך מיט זיי דער קאניג יוסף נוט אבגערעכענט, ווייל צווישען אללע קריסטען איז ארויס א גוואלד אז דער יודישער מלך האט אנגעמאכט א שחיטה, און דער סירישער עפיסקאפ שמעון האט באלד, מיט דער הילף פון אנדערע גייסטליכע, אנגעהויבען דרעהען אז דער קאניג פון אטהיאפיען זאל אנהייבען א קריעג מיט יוסף'ן. דער איינענער עפיסקאפ האט אויך געגעבען איין עצה מען זאל אין טבריה עטליכע לומדים איינזעצען אין תפיסה און מען זאל זיי נייטהען זיי זאלען שרייבען יוסף'ן ער זאל די קריסטען מעהר ניט טשעפען. ער האט זיך אויך געפרובט אנצורייצען אויף יוסף'ן דעם ביצאנטינישען קייזער

יוסטין דעם ערשטען, נאר ער איז דעמאלט געוועהן פערנומען אין קריעג מיט פערסיען, אונ אחוץ דעם איז ער שוין געוועהן צו שוואך אונ אלט. דעריבער האט ער געזאגט אז ער קאן זיך ניט לאזען אין אזא ווייטען וועג אונ אז ער וועט שרייבען צום קאניג פון אטהיאפיען, וואס איז אויך א קריסט אונ וועט זיך געוויס ניט אבזאגען מיט כח צו שיטצען זיין אמונה. אזוי האט מען פון אללע זייטען אונטערגעהיצט דעם קאניג פון אטהיאפיען, אל-אצבח, וואס איהם האט שוין לאנג געשטאכען פאר וואס די קרוין פון א מלוכה געפינט זיך אויפ'ן קאפ פון א יודען. ער האט באלד ארויסגעשיקט זעהר פיעל שיפען מיט חיל אונ צו איהם זענען נאך צוגעקומען פון מצרים א סך שיפען; יוסף האט געגען אזא גרויסער מחנה ניט געקאנט בעשטעהן, זיין הויפטשטאדט זצפר איז באלד געפאלען, די קאניגין האט מען געפאנגען, אללע אוצרות פון דער מלוכה האט מען אבגעראבעוועט, אונ ער אלליין האט ניט געוואלט איבער-לעבען די בושה אונ אריינפאלען צום שונא אין די האנד, האט ער זיך, רייטענדיג אויפ'ן פערד, אריינגעווארפען אין ים. פון די יודען אין תימן איז געווארען א תל, אונ דער גלאנץ פון זייער מלוכה האט נאר אויף איין רגע א בליטץ געטהון, כדי דאס פינסטערניש זאל זיך נאך דעם אויסווייזען נאך שרעקליכער.

גראד אין דער צייט האט זיך אריינגעהאפט א אונצופרידענהייט צווישען די יודען פון יתריב אונ די איבריגע איינוואהנער. כל זמן דער מלך פון תימן האט געהאט צו שאפען איבער דער מדינה, האבען די יודען געשפיעלט די הויפט-ראללע, אונ דאס גאנצע חיל האט געפיהרט א יודישער הויפטמאנן אל-פתיגון. דאס האט פערדראסען די אראבער, אונ קוים האבען זיי דערפיהלט אז אין תימן איז שוין קיין יודישער מלך ניטא אונ די יודען האבען ניט אויף וועמען זיך אנ-צושפארען, האבען זיי באלד אנגעהויבען טראכטען ווי אזוי פון זיך אראבצו-ווארפען דעם יודישען עול. דער ערשטער איז ארויסגעשפרונגען געגען די יודען דער פארשטעהער פונ'ם שבט גהאסא הריתה אבן אבו-שמיר, וואס האט זיך מיט זיין חיל צוגעצויגען קיין יתריב. קיין אפענע שנאה איז נאך דעמאלט ניט געוועהן צווישען ביידע פעלקער, אונ אז ער האט צו זיך אין לאגער פארבעטען געטליכע יודישע הויפטלייט זענען זיי מיט שמחה געגאנגען ווי צו א גוטען פריינד. קוים האבען זיי אבער נאר איבערגעטרעטען הריתה'ס שוועל, האט מען זיי אללע אויסגעהרג'ט, דערנאך האט הריתה געזאגט די אראבער אז ער האט זיי געוויזען א וועג ווי אזוי זיך צו בעפרייהען פון די שונאים אונ דאס איבריגע דארפען זיי אלליין פארשטעהן. די אראבער האבען טאקי פערשטאנען דעם ווינק אונ האבען

זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען קוֹדֶם כָּל אַיין סוֹף מַאכֶען פוּן דִי פָארְשְׁטֶעהֶער, וַוייל זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן זִיכֶער אַז דָאס פָאלְק וֶועט שׁוֹין דֶער נָאךְ מְמֵילָא אַיינְבּוֹיגֶען דֶעם קָאפּ. זֵיי הָאבֶּען אַ קוּרְצֶע צַייט בֶּעהַאלְטֶען דֶעם כַּעַס אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ מִיט זֵיי דַוְקָא גוּט גֶעלֶעבְּט אוּנ פְלוּצְלוּנְג נָאר, בַּיי אַ שִׂמְחָה, וֶוען אַלֶע יוּדִישֶׁע הוֹיפְּט־לַייט זֶענֶען גֶעוֶועהן פַארְזַאמֶעלְט. מֶען הָאט זִיךְ אַנְטֶערְהַאלְטֶען, צוּזַאמֶען גֶע־טְרוּנְקֶען אוּנ גֶעגֶעסֶען, זֶענֶען דִי אַרַאבֶּער אוֹיף זֵיי אָנְגֶעפַאלֶען אוּנ גֶעטֵייטְ. אַוַדַאי זֶענֶען דִי יוּדֶען בַּיי זִיךְ שְׁטַארְק אַרָאבְּגֶעפַאלֶען, אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גֶעמוּזְט דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען פַאר דִי אַרַאבִּישֶׁע שְׁבָטִים, וָואס צוּ זֵיי אִיז אִיבֶּערְגֶענַאנְגֶען אִין גַאנְצֶען דִי מַאכְט.

אִין יֶענֶער צַייט הָאט גֶעלֶעבְּט אַ בֶּערִיהמְטֶער יוּדִישֶׁער דִיכְטֶער שְׁמוּאֵל אִבֶּן עַדִיָה, וָואס זַיין נָאהמֶען אִיז גֶעוֶועהן גְרוֹיס צְווִישֶׁען אַלֶע אַרַאבֶּער. זַיין פָאטֶער הָאט פְרִיהר גֶעוָואהנְט אִין יַתְרִיב, נָאר שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיט אַ בֶּעזוּנְדֶער פֶעסְטוּנְג אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן תֵּימָא, אוּנ דִי פֶעסְטוּנְג וָואס אִיז גֶעוֶועהן אוֹיסְגֶעפַארְבְּט מִיט אַלֶערְלֵיי קָאלִירֶען, הָאט מֶען גֶערוּפֶען אַלַבְּלַק. דָארְט הָאט זִיךְ אוֹיךְ בֶּעזֶעצְט שְׁמוּאֵל אוּנ בִּיסְלֶעכְוַוייז אִיז עֶר גֶעוָוארֶען פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן עֶטְלִיכֶע אַרַאבִּישֶׁע שְׁבָטִים. אַזוֹי וִוי עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער מַכְנִיס אוֹרֵחַ אוּנ פְלֶעגְט בֶּעשִׁיצֶען יֶעדֶען וָואס הָאט גֶעזוּכְט בַּיי אִיהם הִילְף, אִיז אַמָאל צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען דֶער זוּהן פוּנ'ם קֶענִדִיטִישֶׁען מוֹשֵׁל אִימְרוּ־אַלְקִישׁ, וָואס שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אִיהם פֶערְפָאלְגְט אוּנ עֶר הָאט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען שְׁמוּאֵל'ס פֶעסְטוּנְג פַאר אַ פְּלַאץ, וואו זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען. שְׁמוּאֵל הָאט אִיהם מִיט זַיין גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה בַּיי זִיךְ אַלַאנְגֶע צַייט גֶעהַאלְטֶען, בִּיז עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַוֶועקְצוּפָאהרֶען צוּם קֵייזֶער יוּסְטִינְיַאן. פַאר דֶער נְסִיעָה הָאט אִימְרוּ־אַלְקִישׁ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען בְּסוֹד שְׁמוּאֵל'ן פַאנְצֶערְס אוּנ גֶעוֶועהר אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל עֶס שְׁטַארְק אָבְּהִיטֶען בִּיז עֶר וֶועט צוּרִיק קוּמֶען. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ גְרָאד הַרִית אִבֶּן אַבּוּ־שַׁמִיר צוּגֶערוּקְט קֵיין יַתְרִיב, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז בַּיי שְׁמוּאֵל'ן זֶענֶען בֶּעהַאלְטֶען כְּלֵי־זַיִן הָאט עֶר בֶּעלַאגֶערְט זַיין פֶעסְטוּנְג. עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעהָאלְפֶען, וַוייל שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט אַז פַאר פְרֶעמְד פֶערְמֶעגֶען מוּז עֶר מֶעהר דָאס לֶעבֶּען שְׁטְרֶעקֶען וִוי פַאר אֵייגֶענְס. דֶער־וַוייל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט וָואס אַיין אַם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען שְׁפַּאצִירֶען מִיט שְׁמוּאֵל'ס אַ קִינְד, דֶער שׂוֹנֵא הָאט זֵיי גֶעהַאפְּט אוּנ הָאט בַּאלְד גֶעלָאזְט זָאגֶען שְׁמוּאֵל'ן אַז אוֹיב עֶר וֶועט נִיט אַרוֹיסְגֶעבֶּען דָאס גֶעוֶועהר וֶועט מֶען זַיין קִינְד הַרְגְנֶ'ען. מֶען קָאן זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען דִי לַאגֶע פוּנ'ם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פָאטֶער....

ער האט אָבּער ניט לאַנג געטראַכט אונ האט בּעפוילען דעם שוֹנא אַז ער מעג טהון וואס ער וויל, ווייל „זיין וואָרט איז היילינ אונ זיין זוהן האט נאך בּרידער".
מיט זיינע אייגענע אוינען האט ער געמוזט זעהן פון ווייטענס ווי מען האט אהן רחמנות געקוילעט זיין אומשולדיג קינד, נאר הריתּ האט געמוזט אָבּטרעטען פון דעם פּעסטונג מיט גאר נישט. דערפאר האט דער זכר פון שמואל׳ן אונ פון זיינע קינדער לאַנג געלעבּט בּיי די אַראַבּער, אונ זיין זוהן שׂריה איז אויך געגאַנגען אין דעם וועג פון׳ם פאָטער. נאך אין די שפּעטערע דורות אַז די אַראַבּער האָבּען געוואָלט לויבּען אַ מענשען אַז ער איז איין עהרליכער מאַנן אונ מען מעג איהם געטרויען, פלעגען זיי זאָגען אַז ער איז „אַזוי גוט ווי שמואל".

ניט לאַנג האט פון דעסטוועגען געדויערט די טרויעריגע לאַגע פון די אַראַבּישע יודען. בּיז צום סוף פון׳ם זעכסטען יאהר הונדערט האט זיך ווייטער דאס ראָדעל אַ דרעה געטהון, פיעל אַראַבּישע שבטים האָבּען זיך צושלאָגען צווישען זיך אונ די יודען האָבּען זיך נאך אַ מאָל אַרויפגעחאַפּט אויף זייער פריה־ריגען שטאַנד, אונ יתריב האט צוריק בּעקומען זיין גלאַנץ;

די יודען האָבּען אָבּער ניט נאר עטליכע אַראַבּישע שבטים איינגעפּלאַסט אַליעבּשאַפט צו זייער אמונה, נאר זייער ווירקונג האט געפיהרט דערצו וואס צווישען די אַראַבּער איז געבּוירען געוואָרען אַ גרינדער פון אַ נייען גלויבּען, וואס האט בּיסלעכוויים פערחאַפּט גאַנץ אַזיען אונ אַנדערע לאַנדער אונ שפּיעלט נאך אין אונזערע יאָהרען אַ גרויסע ראָללע. מחמד, דער נבֿיא פון מעקא אונ מדינה, איז אַלליין קיין יוד ניט געוועהן, נאר די גאַנצע יסודות פון זיין אמונה האט ער געשעפּט פון יודישע קוועלען. אַז ער איז אַרומגעפאָהרען איבּער דעם לאַנד, איז ער געוואָהר געוואָרען אַז עס איז דאַ אַ פאָלק וואס דיענט אַ איינ־ציגען גאָטט אונ צייכענט זיך אויס מיט זעהר גוטע מדות. דערצו איז נאך דער פעטער פון זיין פרוי, וואַראַקה אבּן נופאיל, איינער פון די בּכבוד׳סטע בּעלי־בּתּים אין מעקא, געוואָרען אַ יוד, ער האט זיך גוט אויסגעלערנט לשון קדש, אונ פלעגט איהם זעהר פיעל דערצעהלען מעשׂות פון׳ם יודישען גלויבּען אונ פון דער תּורה.

אַז עס איז אַרויס דער ערשטער קלאַנג וועגען מחמד׳ס רוח הקדש אונ וועגען די נבֿיאות וואס דער מלאך גבריאל גיט איהם איבּער, אונ דער „נבֿיא" אַלליין האט זיך גענומען מאַכען אַ נייע תּורה פאַר זיינע תּלמידים, האט מען געקאָנט בּעמערקען אויף זיין גאַנצען למוד אַ ריינע יודישע צוואה. מחמד האט געפאָדערט מען זאָל גלויבּען, אַז אויסער „אַללאַה" איז קיין גאָטט ניטאָ, אונ

אז ער האט קיין שום בילד ניט; ער האט אויסגעוויזען ווי נאריש דאס געטצענדיענסט איז, ווי שלעכט עס טהוען די מענשען וואס היטען ניט אב קיין צניעות; ער האט אויך געשריגען געגען דעם שרעקליכען אכזריות וואס פיעל עלטערן האבען בעוויזען ווען זיי האבען די ניי־געבארענע מיידעלעך אריינגעווארפען אין וואסער, אונ די יודען האבען די ערשטע צייט מיט פערגניגען בעטראכט ווי דער קאראן (אזוי האט געהייסען מהמד'ס נייע תורה) איז פול מיט אללע בעסטע זאכען, וואס ער האט ארויסגענומען פון תנ"ך אונ פונ'ם תלמוד.

צום אנהייב האט מחמד זיך געפרובט ארבייטען אין מעקא, נאר דארט האט מען איהם ניט געוואלט האבען, ווייל די איינוואהנער זענען געוועהן פערזונקען אין געטצענדיענסט; דעריבער האט ער זיך געווארפען קיין יתריב, וואו ער האט געקאנט האפען אז די אראבער, וואס וואהנ'ן צווישען יודען, וועלען גיכער אננעהמען זיין תורה. ביי אזא אופן האט ער פערשטאנען אז ער מוז זיין גוט מיט די יודען, אונ ער האט זיי אנגעהויבען איינרעדען אז ער מיינט נאר דאס יודישקייט בעפעסטיגען צווישען די אראבער. אום יום כפור איז ער אנגעקומען קיין יתריב אונ כדי צו ווייזען די יודען ווי אזוי ער איז צוגעבונדען צו יודישע געזעצע אונ מנהגים, האט ער באלד זיינע לייט אויך איינגעפיהרט א תענית, וואס האט געהייסען „עשרה", אונ האט געהייסען אז ביים דאווענען זאלען זיך די אראבער אויך ווענדען מיט'ן פנים קיין ירושלים. זיין גאנצע הנהגה איז אזוי געוועהן אז די יודען פון יתריב האבען איהם מיט רעכט געמאכט רעכנען פאר א גר; ער האט געהאלטען געבען זיך א יודישען שרייבער, אונ איינער פון די געלערנטע יודען עבדלה אבן שלם איז איהם געוועהן שטארק בעהילפיג ביים צונויפשטעלען פונ'ם קאראן.

מחמד האט אבער אין יתריב אויך ניט געפונען קיין סך תלמידים, ווייל פיעל זענען מסופק געוועהן אין זיין אמת פרומקייט, אונ האבען געדרונגען אז א מענש, וואס האט ליעב גוט עסען אונ טרינקען אונ האט קיין ווייבער אויך ניט פיינד, קאן קיין נביא ניט זיין. ער האט געהאט פיעל געגנער פון אראבער אונ בעזאנדערס פון יודען, וואס זענען געוועהן מבינים אויף איהם אונ האבען גוט פערשטאנען אז זיין פריינדשאפט מיט זיי איז מעהר ניט ווי א צוקערלעקעל, וואס מען נאכף עס נאר צוקייען דערפיהלט מען שוין גאר איין אנדער טעם. צווישען זיינע מתנגדים זענען געוועהן פנחס אבן עזורה, א גרויסער חריף וואס האט אפט אפענטליך גערעדט געגען זיין למוד, קאב אבן אשרף, א זוהן פון איין אראבישען פאטער אונ א יודישע מוטטער, אבו אפק, א זקן פון

הונדערט יאהר, וואס אללע אראבער האבען איהם געאכט און געהערט, און עבדלה, וואס האט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די גרעסטע לומדים. זיי פלעגען אללע חוזק מאכען פון מחמד'ן, נאר ער האט זיך אבער ניט וויסענדיג געמאכט און פלעגט נאר שרייען צו די תלמידים אז מען זאל די יודען ניט זאט־שעפען „ווייל זיי גלויבען אין דעם איינעם גאטט וואס ער". מחמד איז גאר קיין נאר ניט געוועהן, און אז ער האט זיך ענטשלאסען מיט קיינעם זיך ניט צו קריגען, האט ער געוואוסט אז אזוי איז פאר איהם גלייבער. ער האט זיך אבער לאנג ניט געקאנט אזוי האלטען, ווייל פון איין זייט האבען איהם די יודען אנ־געהויבען דעקוטשען נאר אויף איין אנדער אופן: זיי האבען אבגערעדט פיעל מענשען וואס האבען שוין געוואלט צושטעהן צו איהם, און האבען בעזאנדערס אנגעמאכט א שנאה צווישען איהם און עבד־אללה אבן אובייה, וואס איז גע־וועהן דער פארשטעהער פון דער גאנצער שטאדט יהריב; פון דער אנדערער זייט האבען זיינע תלמידים אנגעהויבען פאדערן ער זאל זיי זאגען ריינע דבורים, ווי אזוי זיי דארפען קוקען אויף דעם יודישען גלויבען. דאס האט איהם זיין געצוואונגען זיך צו נעהמען נאר אויף איין אנדערן דרך: ער האט מבטל געוועהן אללע מנהגים וואס האבען נאר געהאט א שייכות צו יודישקייט, דער תענית „עשרה" האט אויפגעהערט, פאסטען האט ער געהייסען א גאנצען חדש ראמא־דהאן, ביים געבעט האט מען זיך שוין געדארפט שטעלען מיט'ן פנים קיין מעקא, און ביסלעכווייס האט ער זיך אבגעזאגט פון אללע שבחים וואס ער האט פריהר אבגעגעבען דער יודישער אמונה.

מחמד האט זיך אבער ניט געקאנט בעגנינען מיט דער ראללע פון א נביא, ער האט אויך געוואלט זיין א גבור, עס האט איהם געצויגען זיין גלויבען צו בעפעסטיגען מיט דער קראפט פון דער שווערד, און קוים האט ער זיך געפיהלט אין כח האט ער אין יאהר 620 אנגעהויבען א קריעג מיט איינעם פון די ארא־בישע שבטים. אז די מלחמה איז איהם געראטהען און ער האט זיך שוין גע־רעכענט פאר א זעלבסטשטאנדיגען כליף (הערשער), איז ער ביי זיך גאר גרוים געווארען און האט אנגעהויבען טראכטען ווי זיך אבצורעכענען מיט די יודען. ער האט אבער אזוי פיעל שכל געהאט אז ער האט זיך ניט געוואלט איינשטעלען באלד אנפאלען אויף די שטארקע יודישע שבטים, און דערפאר האט ער זיך פריהר געטשעפעט צו די בני קינוקה, וואס האבען זיך גערעכענט פאר'ן קלענסטען און שוואכסטען שבט. געגומען האט זיך עס דערפון וואס איינער פון די מחמד'־נער האט דערהרגעט א יודען און מען האט זיי דערפאר ניט געשוויגען; מחמד

הָאט זַיי גֶעשִׁיקְט זָאגֶען אַז עֶר קָאן זַיי נָאר מוֹחֵל זַיין וֶוען זַיי וֶועלֶען אִיבֶּערגֶעהן צוּ זַיין גְלוֹיבֶּען, אוּנ וֶוען נִיט – מַאכְט עֶר פוּן זַיי אַ תֵּל. זַיי הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז דִי אִיבְּרִיגֶע יוּדִישֶׁע שְׁבָטִים וֶועלֶען זַיי גֶעהן צוּ הִילְף אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט בֶּעשְׁטֶעהן אוֹיפ׳ן מַחֲמֶד׳ס תְּנַאי. זַיי הָאבֶּען אָבֶּער אַ טָעוּת גֶעהַאט, יֶעדֶער יוּדִישֶׁער שֵׁבֶט הָאט זִיךְ גֶעלֶעבְּט אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט אוּנ קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט רִירֶען; פוּנְפְצֶעהן טָאג הָאט גֶעדוֹיעֶרְט דִי מִלְחָמָה אוּנ סוֹף כָּל סוֹף הָאבֶּען זַיי זִיךְ גֶעמוּזְט אוּנְטֶערְגֶעבֶּען. מַחֲמֶד הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען אוֹיף זַיי אַלֶע אַ שְׁחִיטָה, נָאר עַבְד־אַלַה אִבְּן אוּבַּיֵיה הָאט אִיהם נִיט דֶערְלָאזְט דֶערְצוּ, אוּנ זִיבֶּען הוּנְדֶערְט מַאנְן פוּן זַיי הָאבֶּען גֶעהַאט דִי מֶעגְלִיכְקֵייט צוּ אַנְטְלוֹיפֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז, וַוייל דִי מַחֲמַד׳נֶער הָאבֶּען אָבְּגֶערַאבֶּעוֶועט זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען. נָאךְ דֶעם נִצָּחוֹן הָאט מַחֲמַד שׁוֹין אַוֶועקְגֶעלֶעגְט דִי בּוּשָׁה אָן אַ זַייט אוּנ הָאט פַארְוֶועהְרְט זַיינֶע תַּלְמִידִים, וָואס זֵייעֶר צָאהל אִיז גֶעוָוארֶען אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער, זַיי זָאלֶען זִיךְ אִין קֵיין זַאךְ נִיט אָנְקֶעהרֶען מִיט דִי „שֶׁאנְדְלִיכֶע" פֶעלְקֶער וִוי יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען אוּנ זַיי נִיט בֶּעשִׁיצֶען. דֶעם גִיפְט פוּן אַזַא בֶּעפֶעהל הָאבֶּען דִי יוּדֶען בַּאלְד דֶערְפִיהלְט, וַוייל אַלֶע אַרַאבִּישֶׁע שְׁבָטִים, וָואס הָאבֶּען בִּיז אַהֶער מִיט זַיי גֶעמַאכְט יַד אַחַת, הָאבֶּען זַיי אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ אַלֵיין צְווִישֶׁען נַייעֶ אוּנ צוּרֵייצְטֶע שׂוֹנְאִים.

דִי יוּדֶען הָאבֶּען מִן הַסְּתָם מַחֲמֶד׳ן נִיט גֶעקֶענְט זַיין קֵיין גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ דֶערְפַאר אִיז קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּנ׳ם שֵׁבֶט בְּנֵי נַדִיר, אַ גְרוֹיסֶער גִבּוֹר חוּיֵיה אִבְּן אַחְטַב, הָאט פַארְבֶּעטֶען דֶעם „נָבִיא" צוּ זִיךְ אִין דֶער פֶעסְטוּנְג זוּהַרָה, אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶס וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען דָארְט מִיט אִיהם צוּ עֶנְדִיגֶען. מַחֲמֶד הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעשְׁטוֹיסֶען וָואס דִי יוּדֶען מֵיינֶען, אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֶעהט פוּן דֶער סַכָּנָה. אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעפִיהלְט זִיכֶער אִין יַתְרִיב, וָואס הָאט שׁוֹין גֶעהֵייסֶען מְדִינַה, הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דִי בְּנֵי נַדִיר, אוּנ הָאט זַיי גֶעשִׁיקְט זָאגֶען אַז אִין צֶעהן טָאג אַרוּם זָאל פוּן זַיי קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען אִין לַאנְד, אָדֶער זַיי זָאלֶען זִיךְ רֶעכֶנֶען אוֹיפ׳ן טוֹיט. דִי בְּנֵי נַדִיר הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַוֶועק פוּן דֶער הֵיים, נָאר עַבְד־אַלַה אִבְּן אוּבַּיֵיה הָאט זַיי אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט צוּם קְרִיעג אוּנ הָאט זַיי פֶערְזִיכֶערְט אַז אַלֶע יוּדֶען וֶועלֶען זַיי שִׁיטְצֶען וִוי וַוייט מֶעגְלִיךְ. אוּמְזִיסְט הָאבֶּען זַיי אָבֶּער גֶעוַוארְט אוֹיף הִילְף: מַחֲמֶד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי מִלְחָמָה דֶערְפוּן וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהַאקְט אַלֶע טֵייטֶעל בּוֹימֶער אוּנ הָאט צוּגֶענוּמֶען בַּיי דִי יוּדֶען דָאס לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל. נָאר עֶטְלִיכֶע טָאג הָאבֶּען זַיי זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אוּנ דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זַיי

זיך געמוזט אונטערגעבען, אונ מַחְמֶד האט זיי ערלויבט אַוועקצוגעהן אונ יעדער האט געמאגט מיט נעהמען פון זיין פערמעגען אזוי פיעל ווי פיעל עס קאן ארויף אויף קאמעעל. זעכס-הונדערט מאנן זענען אזוי אוועק פון דארט אונ האבען זיך בעזעצט, א טהייל צווישען זייערע ברידער אין חַיְבַּר (חָבּור), אונ די איבריגע – אין אֶדְרֶעִי אונ ניט ווייט פון יְרִיחוֹ.

די פערטריבענע בְּנֵי נַדִיר האבען זיך אָבער ניט געקאנט בערוהיגען; דריי גרויסע מאננער פון זיי, חוּיַיה, קִינַיְנָה אִבְּן רַבִּיָה אונ סַלָם אִבְּן מִשְׁכָּן האבען אונטערגעהיצט עטליכע אראבישע שבטים וואס זענען געוועהן שׂוֹנְאִים פון מַחְמֶד אונ האבען ביי זיי געפּוֹעֶל'ט זיי זאלען אללע צוזאמען אָנְ-הייבען א מלחמה געגען מַחְמֶד. שווערער איז זיי אָנגעקומען צו צורעדען די יודען זיי זאלען אויך צושטעהן: דער פארשטעהער פון די בְּנֵי קוּרַיְזָה, קַאַב אִבְּן אַסַד, האט פריהר גאר ניט געוואלט הערען פון קריעג, ווייל זיין שבט איז געוועהן פערבונדען מיט די מַחְמֶד'נער, אונ נאר מיט גרויס מיה איז ער דארוֹ'ף מוסכם געווארען. אזוי האבען זיך צונויפגענומען צעהן טויזענד מאנן אונ האבען געמאכט א פלאן מען זאל גאר פלוצלונג אָנפאלען אויף מֶדִינָה. מַחְמֶד איז אָבער דערפון בעצייטענס געוואר געווארען אונ ער האט געהייסען מאכען ארום דער שטאדט א טיעפען גראבען, כדי דער שׂוֹנֵא זאל ניט קאנען אזוי גיך אריין. דער גראבען האט אויך אָבגעראטעוועט מַחְמֶד'ן, אונ קוים האבען די שׂוֹנְאִים אָבגעטראטען פון מֶדִינָה, האט ער זיין גאנצען כעס אויסגעלאזט צו די יודען. מיט דריי טויזענד מאנן האט זיך מַחְמֶד געווארפען אויף די בְּנֵי קוּרַיְזָה, אונ פינף אונ צוואנציג טאג כסדר האט ער בעלאגערט זייערע פעסטונגען. אז די לעבענסמיטעל זענען ביי זיי אויסגעגאנגען, האבען זיי זיך געמוזט אונטער-געבען, אונ האבען געבעטען מַחְמֶד'ן ער זאל זיי לאזען אוועקגעהן מיט ווייבער אונ קינדער, ווי ער האט געטהון מיט די בְּנֵי נַדִיר. מַחְמֶד האט אָבער געזאגט אז זיי מאגען זיך פערלאזען אויף זיין יושר, אונ ווי ווייט זיין יושר איז געוועהן קאן מען ארויסזעהן דערפון וואס ער האט געהייסען זיבען הונדערט יודען מיט זייערע פארשטעהער קַאַב אונ חוּיַיה קוילען אויף א אפענטליכען פלאץ אין מֶדִינָה אונ זיי פערגראבען אין איין גרוב. די פרויען האט ער פערקויפט אונ פאר זיך האט ער איבערגעלאזט א שאן יודיש מאדעל רִיחַאנַא.

שפעטער מיט א יאהר האט זיך מַחְמֶד גענומען צו די יודען פון חַיְבַּר, נאר דא איז דאס ז. הם ניט אזוי גרינג אָנגעקומען, ווייל די יודען זענען געוועזן צוגעווארפען אין א גרויסער געגענד אונ האבען זיך געקאנט א לאנגערע צייט

הַאלְטֶען אִין זֵייעֶרֶע פֶעסְטוּנְגֶען. אַחוּץ דָעם הָאבֶּען זִיךְ צְווִישֶׁען זֵיי גֶעפוּנֶען זֶעהר פִיעל גִבּוֹרִים, וָואס צְוֵויי פוּן זֵיי, קִינַנָה אַבְּנ וּל-רַבִּיָה אוּנ מַרְהַב, הָאבֶּען גֶעפִירְט דִי גַאנְצֶע מִלְחָמָה אוּנ הָאבֶען בֶּעווִיזֶען אַזֶעלְכֶע ווּאוּנְדֶער, אַז אֲפִילוּ בֵּיידֶע הֶעלְדֶען פוּן מַחְמֶד'ס חַיִל, אַבּוּ בֶּעקְר אוּנ אָמַאר, הָאבֶּען זִיךְ גֶעגֶען זֵיי נִיט אָנְגֶעזֶעהן. מַחְמַד הָאט אָבֶּער גֶעהַאט מִיט זִיךְ פֶערְצֶעהן טוֹיזֶענְד מַאנן, אוּנ סוֹף כָּל סוֹף הָאט עֶר דִי יוּדֶען מְנַצֵחַ גֶעוֶועהן. קִינַנָה אִיז גֶעפַאלֶען אוּנ חָאטְשׁ מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעטְהוּן עִנוּיִם קָשִׁים הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְזָאגֶען וואוּ דִי יוּדִישֶׁע אוֹצְרוֹת זֶענֶען בֶּעגְרָאבֶּען אוּנ הָאט אָהן אַ קְרֶעכְץ אוֹיסְגֶעהוֹיכְט דִי נְשָׁמָה. מִיט זַיין טוֹיט הָאט אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט דִי פְרַייהַייט פוּן דִי יוּדֶען אִין חַיְבַּר, אוּנ זֵיי הָאבֶּען פֶערְלָארֶען זֵייעֶר זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶאנְדִיגְקַייט כִּמְעַט אִין גַאנְץ אַרַאבְּיֶען.

צְוֵויי שֶׁאנֶע יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן הָאט מַחְמַד מִיט גֶעבְּרַאכְט ווִי אַ רוֹיבּ פוּן דֶער מִלְחָמָה: זָאפְיַא, דִי טָאכְטֶער פוּן חוּיֵיה, דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי בְּנֵי נַדִיר, אוּנ צַיְנַאבּ, דִי שְׁוֶועסְטֶער פוּן מַרְהַב, וָואס הָאט זִיךְ מֶעהר צוּגֶעלָאזְט צוּם „נָבִיא", זִיךְ כְּלוֹמֶר'שְׁט גֶעמַאכְט אַז זִי הָאט אִיהם לִיעבּ, אוּנ הָאט אִיהם אַ מָאל בַּיים עֶסֶען אוּנְטֶערְגֶערוּקְט גִיפְט. אֵיינֶער פוּן דִי וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען, נָאר מַחְמֶד הָאט עֶפִּיס אִין טַעַם דֶערְפִיהלְט אַז דָאס עֶסֶען אִיז נִיט גוּט אוּנ הָאט בַּיים עֶרְשְׁטֶען בִּיסֶען אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען. דֶער סַם אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אַזוֹי שְׁטַארְק אַז מַחְמֶד הָאט דֶערְפוּן גֶעקְרֶאנְקְט בִּיז צוּם טוֹיט. אַז עֶר הָאט גֶעפְרֶאגְט צַיְנַאבּ'ן פַאר וָואס זִי הָאט עֶס אִיהם גֶעטְהוּן, הָאט זִי אִיהם גֶעאֶנְטְפֶערְט: „דוּ הָאסְט מַיין פָאלְק גֶענוּג אוּנְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט זֶעהְן, — בִּיסְטוּ אַ פָּשׁוּט'עֶר רוֹצֵחַ, וֶועלֶען מִיר דוּרְךְ דֶעם גִיפְט פוּן דִיר פְּטוּר וֶוערֶען, בִּיסְטוּ אָבֶּער טַאקִי אַ נָבִיא, וֶועט דִיךְ גָאט מַצִיל זַיין". עֶר הָאט זִי גֶעהֵייסֶען טֵייטֶען, אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז זַיין הַארְץ נָאךְ מֶעהר פֶערְשְׁטֵיינֶערְט גֶעוָוארֶען אוּנ פוּן רַחֲמָנוּת הָאט עֶר זִיךְ אִין גַאנְצֶען דֶער וַוייטֶערְט. אַז עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען נִיט רוּהִיג אוּנ קְלוֹיבֶּען זִיךְ צוּנוֹיף אִין מֶדִינַה בַּיי אַ יוּדֶען סוּבַּיְלִים, צוּזַאמֶען מִיט דִי אוּנְצוּפְרִידֶענֶע אַרַאבֶּער אוּנ זֵיי זוּכֶען עֶצוֹת ווִי אַזוֹי אַרָאבּ צוּוַוארְפֶען פוּן זִיךְ זַיין עוֹל, הָאט עֶר גֶעלָאזְט אוּנְטֶערְצִינְדֶען סוּבַּיְלִים'ס הוֹיז פוּן אַלֶע זַייטֶען.

מַחְמֶד'ס טוֹיט, אִים יָאהר 632, הָאט אַיינְגֶעגֶעבֶּען דִי יוּדֶען אַ שְׁטִיקֶעל הָאפְנוּנְג אוֹיף עֶטְוָס בֶּעסֶערְס. נָאר זַיין יוֹרֵשׁ דֶער צְווֵייטֶער כַּלִיף אָמַאר אִיז פַאר זֵיי נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוֶועהן. עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכֶענֶען דִי עֶרְד פוּן

אַראַבְיֶען פַאר הֵיילִיג, אונ הָאט אַרויסְגֶעטְרִיבֶּען דִי יוּדֶען פוּן דִי אָרְטֶער, וואוּ זֵיי הָאבֶּען הוּנְדֶערְטֶער יָאהְרֶען גֶעוְואוֹהנְט, אונ אוֹיךְ דִי קְרִיסְטֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַרוֹיס פוּן נַגְרַאן, דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט בֶּעזֶעצֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט קוּפַא, בַּיים טַייךְ פְּרָת. נוּר אַזוֹי ווִי קַיין שְׁלֶעכְטֶס אִין יֶעדֶער הִיסְטָארְיֶע פוּן אַ פָאלְק גֶעהט נִיט פָארְבַּיי נָאר אָהן גוּטְס פַאר אִיהם, אַזוֹי הָאט אוֹיךְ מַחְמֶד'ס נַייע רֶעלִיגִיָאן, וָואס מֶען הָאט זִי אַנָאמֶען גֶעגֶעבֶּען „אִיסְלַאם“, גֶעבְּרַאכְט גְרוֹיסֶע נוּטְצֶען דֶעם יוּדֶענְטְהוּם אונ זַיין תּוֹרָה, אִין דֶער צַייט וֶוען זִי הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען פֶערְגֶעסֶען צוּ וֶוערן.

# דִי צַייט פוּן דִי גְאוֹנִים.

## 1 דִי יוּדֶען אוּנְטֶער דֶער מֶמְשָׁלָה פוּן אִיסְלַאם.

(640—760 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבוּרְט).

צֶעהן יָאהר זֶענֶען אִין גַאנְצֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זַייט מַהְמֶד הָאט, צוּגֶעמַאכְט דִי אוֹיגֶען אונ זַיין אֱמוּנָה הָאט זִיךְ פֶערְבְּרֵייטֶעט כִּמְעַט אִין דְרַיי טְהֵייל פוּן דֶער עֶרְד. פוּן דֶעם אוּנְבֶּעקַאנְטֶען אַרַאבִּישֶׁען שְׁטֶעדְטֶעל מֶדִינַה אִיז גֶעוָוארֶען אַ הוֹיפְּט־פּוּנְקְט, וָואס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען נִיט קַיין קְלֶענֶערֶע רָאלְלֶע ווִי דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט־שְׁטָאדְט רוֹם פַארְצַייטֶענְס, אונ דֶער צְווֵייטֶער כַּלִיף אָמַאר הָאט נָאר אִין אַ קוּרְצֶע צַייט אָבְּגֶענוּמֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. צֶעזַארֶעאַ, וָואס הָאט גֶעהַאט זִיבְּצִיג טוֹיזֶענְד מַאנן חַיִל, הָאט זִיךְ מוֹרָא גֶעהַאט דִי מַהְמַדַ'נֶער אַקֶעגֶען צוּ שְׁטֶעלֶען, אונ אַזוֹי זֶענֶען זֵיי גֶעוָוארֶען בַּעֲלֵי־בַּתִּים אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אונ זֶענֶען אוֹיךְ אַרַיין קַיין יְרוּשָׁלַיִם. דִי יוּדֶען אונ דִי שֹׁמְרוֹנִים הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעלִיטֶען פוּן דֶער בִּיצַאנְטִינִישֶׁער מְלוּכָה אַז זֵיי הָאבֶּען מִיט פְרֵייד אָנְגֶענוּמֶען אַ נַייעֶם עוֹל, אונ חָאטְשׁ זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז וֶוען דֶער עֶפִּיסְקָאפּ סָאפְרָאנִיוּס הָאט אָמַאר'ן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי שְׁלִיסֶעל פוּן דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט, הָאט עֶר אִיהם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דָארְט נִיט לָאזֶען וָואהְנֶען קֵיין יוּדֶען, הָאבֶּען זֵיי פָארְט גֶערֶעכֶענְט אַז אֶרְגֶער וֶועט זֵיי גֶעווִיס נִיט זַיין. אָמַאר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיסְצוּבוֹיעֶן אַ מָאשֶׁעֶע (גֶעבֶּעט־הויז) פּוּנְקְט אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם אָרְט, וואוּ דֶער בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, אונ אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּ סָאפְרָאנִיוּס'ן עֶר זָאל אִיהם אָנְווַייזֶען דֶעם רֶעכְטֶען פְּלַאץ הָאט עֶר אִיהם צוּגֶעפִיהְרְט צוּ

א גרויסען שטיין, וואס איז געבליבען פון איין אלטער יודישער חורבה אונ וואוהין די קריסטען פלעגען ארויספיהרען מיסט, אונ האט איהם פערזיכערט אז דאס איז איבערגעבליבען פונ׳ם בית המקדש. צו האט ער עס געטהון צופליים אדער ער האט אלליין ניט געוואוסט – דאס איז שווער צו בעשטימען, נאר דאס זעהען מיר אז נאך ביז אצונד שטעהט די מאשעע אויף דעם אייגענעם ארט אונ קיינער פון די מחמד׳נער איז ניט מסופק אין די היילינקייט דערפון.

דער נצחון פון די מחמד׳נער האט די יודען פון בבל דוקא געבראכט א שטיקעל ישועה. ביי זייער קריעג מיט די לעצטע פערסישע קאניגע האבען זיי די יודען, פונקט ווי קריסטען, פיעל צו געהאלפען, אונ אמאר האט ניט גע־קאנט פארגעסען די טובה. ער האט די יודען געשענקט אללע רעכטע, אונ דעם בעריהמטען יודישען העלד, בוסתנאי, וואס האט חתונה געהאט מיט איינע פון דעם פערסישען קאניג׳ס האסרו געפאנגענע טאכטער, האט ער געמאכט פאר פארשטעהער פון אללע יודען אין בבל. אזוי האבען יודען בעקומען א נייעם ריש גלותא. בוסתנאי האט געהאט דאס רעכט מיט זיין רינג צו חתמנ׳ען אללע בע־פעהלע אונ האט נאך דערגרייכט א גראסערע מדרגה ווען די מלוכה איז איבער־געגאנגען צום פירטען כליף עלי. אמאר איז דערהרג׳ט געווארען אונ זיין יורש אטהמאן איז אויך אומגעקומען, אונ אז מען האט עלי אויסגעקליבען פאר אהערשער, האט ער געהאט פיעל שונאים, ווייל עס איז געוועהן א גרויסער צד, וואס האט געהאלטען פאר אטהמאנ׳ס אקרוב מואביה. דעמאלט זענען איהם די יודען פון בבל געשטאנען אין זיינע נויטהען אונ איינער פון די יודישע לומדים עבדלה אבן סבא האט בעוויזען דעם פאלק אז עלי איז איין אמת־ער יורש פון מחמד׳ן, וואס האט איהם איבערגעגעבען זיין גייסט פונקט ווי משה יהושע׳ן. אז עלי איז אריין אין דער שטאדט פירוז־שבור איז איהם דער ראש ישיבה פון סורא, מר יצחק, מיט ניינציג טויזענד יודען אקעגענ־געגאנגען אונ האט איהם בעגריסט. עלי איז געוועהן זעהר דאנקבאר די יודען פאר דעם כבוד אונ האט דערפאר בעלוינט דעם ראש ישיבה מיט דעם טיטעל „גאון" אונ פון דעמאלט אן האט זיך אנגעהויבען אינ׳ם לעבען פון די יודען א ליכטיגערע אונ א בעסערע צייט – די צייט פון די גאונים.

נאך בוסתנאי׳ס טויט איז ארויס א מחלוקת אין זיין משפחה. עס זענען געבליבען עטליכע זיהן פון פערשידענע פרויען אונ אזוי ווי ביים לעבען האט בוסתנאי מעהר ליעב געהאט דעם זוהן, וואס די פערסישע פרינצעסין האט איים געבארען, אונ ער האט געוואלט ווערען ריש גלותא אויפ׳ן פאטערס ארט, האבען

איהם די ברידער גערודף'ט אונ האבען געדרונגען אז ער מוז זיך נאר רעכנען פאר א שקלאווע, ווייל זיין מוטטער איז ניט געוועהן קיין יודיש קינד. ווער ווייסט צו וואס עס וואלט געוועהן געקומען, ווען עס מישט זיך ניט אריין דער שופט חנינא אונ ברענגט ניט א פסק פונ'ם בית דין אז בוסתנאי'ס א זוהן קאן ניט זיין קיין שקלאווע.

אזוי האבען די יודען פון בבל זיך געפיהרט אינ'ם אינווענינסטען לעבען גאנץ פריי אונ זעלבסטשטענדיג, אונטער דער השגחה פונ'ם ריש גלותא אונ דעם גאון. דער „ריש גלותא" האט זיך מעהר אנגעקעהרט מיט וועלטליכע זאכען, ער איז געוועהן קרוב למלכות, אונ מען פלעגט איהם אנטהון אויך דעם כבוד וואס שטערט אן א מענשען, וואס איז א פארשטעהער פון א גאנץ פאלק. דער „גאון" ווידער וואס איז געוועהן דער ראש ישיבה פון סורא אונ האט זיך גערעכענט פאר עלטער פונ'ם פומבדיתא'ר ראש ישיבה, האט זיך נאר אבגעגע-בען מיט לערנען אונ שאלות פסקנען, אונ אונטער זיין האנד זענען געשטאנען די ישיבות פון סורא אונ פומבדיתא. חאטש די שטעללע פון ריש גלותא האט זיך געהאלטען בירושה אין בוסתנאי'ס משפחה פון דעסטוועגען איז געוועהן דער מנהג אז אהן דער הסכמה פון ביידע ישיבות האט קיינער ניט געטארט ווערען ריש גלותא אונ די לומדים האבען דערביי געשפיעלט די הויפטראללע. אז מען האט אויסגעקליבען א ריש גלותא, איז מען זיך פריהר צוזאמען געקומען אין א גרוים הויז, וואו אללע שאנסטע בעלי־בתים זענען געוועהן פערזאמעלט, אונ דער גאון פון סורא האט אין א בעזונדער דרשה בעגריסט דעם נייעם פאלקס-פיהרער. דעם אנדערען דאנערשטאג פלעגט מען מאכען א גאנצע שמחה אין שוהל: ביידע ראשי ישיבות האבען ארויפגעלעגט די האנד אויפ'ן קאפ פונ'ם ריש גלותא אונ האבען געשריגען: „לעבען זאל אונזער הער!" אונ דער נאך האט איהם דער עולם צוגעווינשעוועט, מיט מוזיק באלייט א היים אונ איהם געשיקט מתנות. שבת האט דער עולם ווייטער געפיהרט דעם ריש גלותא אין שוהל אריין, דארט איז פון זיינעטוועגען געוועהן א בעזונדער בימה, וואו ער פלעגט דאוונען גאנץ אבגעזאנדערט פונ'ם פאלק; אהין פלעגט מען צוטראגען די תורה אויף צו לייענען, אונ אז דער ריש גלותא איז נאך א מאל געוועהן א למדן אויך, פלעגט ער אפט זאגען א דרשה. ביים „קדיש" האט מען געמוזט דערמאנען זיין נאהמען, אונ א חוץ דעם פלעגט מען איהם מאכען „מי שברך", אונ דערמאנען צו גוטען אללע וואס לערנען אונ שטיצען די תורה. מיט דעם איינענעם כבוד פלעגט מען אויך דעם ריש גלותא אבפיהרען א היים. איין מאל

אין יאהר, געוועהנליך דריי וואכען נאך סכות, פלעגען זיך די יודען צוזאמען־
פארען פון ווייט אונ פון נאהענט צו בעגריסען דעם ריש גלותא, וואס האט גע־
האט גרויס הכנסה פון אללע יודישע קהלות, אונ האט אויך געהאט דאס רעכט
צו פארדערן ביים פאלק פערשידענע נתינות.

דער אנדערער נאך'ן ריש גלותא האט זיך גערעכענט דער „גאון" פון
סורא; פאר איהם האט אפילו געמוזט דרך ארץ האבען דער ראש ישיבה פון
פומבדיתא, חאטש ער האט געמאגט זיין דריי מאל אזוי פיעל אלט ווי ער.
אויסער ביידע ראשי ישיבות, זענען געווען זיבען גרויסע לומדים, וואס מען
האט זיי גערופען רישי כלה אונ וואס פלעגען זיך בעשעפטיגען מיט דינים
אונ הלכות אונ זייער פסק האט מען אומעדום געהאלטען פאר הייליג. די פאר־
שטעהער פון יעדער יודישער קהלה זענען געווען דער רב אונ דער פרנס
(פערזארגער), אללע בעפעהלע פונ'ם רב האט מען געמוזט פאלגען, ווייל ער
האט געקאנט יעדען אריינלעגען אין „חרם" אונ דער חרם איז דעמאלט קיין
קליינינקייט ניט געווען; ווער עס איז געווען אין חרם אונ האט אין דרייסיג
טאג קיין תשובה ניט געטהון, דער האט ניט געקאנט געפינען קיין איינציגען
וואס זאל וועלען מיט איהם האבען א געשעפט, מען האט איהם אין קיין יודישער
שטוב ניט אריינגעלאזט, זיינע קינדער האט מען אפילו ניט מל געווען אונ אז
ער איז געשטארבען האט ער ניט געקאנט קומען צו קבר ישראל.

אזא פריי לעבען אונטער דער מאכט פון זעלבסשטענדיגע יודישע מנהיגים
האט אנגעפילט מיט פרייד די הערצער פון די יודען אין פראנקרייך אונ שפאניען;
זיי האבען מקנא געווען זייערע ברידער פון בבל, דערפאר וואס אויף זיי איז
געפאלען דער גורל אויפצוהויבען דאס געפאלענע יודישקייט, אונ האבען יעדען
שבת געבענשט דעם ריש גלותא אונ דעם גאון אונ זייערע אללע תלמידים, וואס
בעפעסטיגען דעם בנין פון דער יודישער אמונה. אין ארץ ישראל אבער האט
מען ניט אזוי שטארק געהאלטען פון בבל; אין טבריה האט נאך געלעבט די
משפחה פון מר זוטרא דעם צווייטען, וואס מען האט אהין צוריק מיט
הונדערט יאהר געבראכט, אין דער צייט פונ'ם מלך כבד; זיינע קינדער האבען
זיך גערעכענט פאר אמת'ע איינקליך פון דוד המלך, אונ צו זיי פלעגט בירושה
איבערגעהן פון איין דור צום אנדערן די שטעלע פון ראש ישיבה. זיי האבען ניט
געוואלט ליידען אז דער עולם זאל הערן אונ פאלגען די לומדים פון בבל,
אונ האבען אנגעמאכט אזא מחלוקת אז אין יעדען לאנד האט מען אנגעהויבען
מערערש צו שרייבען אונ ליינען לשון קדש, שטעלען די נקודות דא אונטער

דֶעם וָוארְט אונ דָארְט אוֹיף דֶעם וָוארְט, אוּנ זֵיי וָואלְטֶען עֶס גֶעוָועהן גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ אַז כִּמְעַט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערן זָאל נִיט פֶערְשְׁטֶעהן, וֶוען זֵיי מוּזֶען נִיט סוֹף כָּל סוֹף בָּטֵל וֶוערֶען פַאר זֵייעֶרֶע שְׁטַארְקֶערֶע גְלוֹיבֶּענְסְבְּרִידֶער אִין בָּבֶל.

אִין דֶער צַייט אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען גֶעוֶועהן גָאר נִיט קֵיין פְרֶעהלִיכֶע. גֶעהֶערְשְׁט הָאט דָארְט דֶעמָאלְט דֶער קֶענִיג חִינְטִילַא אוּנ דִי יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אַוֶועקְפָאהרֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט אִיבֶּערְגֶעהן צוּם קַאטָאלִיצִיזְמוּס. דָאס טוֹיפֶען זֵייעֶרְס אִיז אֲפִילוּ גֶעוֶועהן נָאר לְפָנִים, וַוייל בְּסֵתֶר הָאבֶּען זֵיי אָבְּגֶעהִיט יוּדִישְׁקַייט; וֶוער שְׁמוּעֶסְט אַז דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קֶענִיג חִינְדַאסְוִינְד, וָואס הָאט נִיט גֶעהַאלְטֶען מִיט דִי גַייסְטְלִיכֶע, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גַאנְץ אָפֶען אוּמְגֶעקֶעהרְט צוּם יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען. צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער בַּאלְד אוֹיף זַיין אָרְט גֶעוָוארֶען קֶענִיג זַיין זוּהן רֶעצֶעסְוִינְד, וָואס הָאט אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען דִי אַלְטֶע גְזֵירוֹת אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען בֶּעזָאנְדֶערְס אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען זֵיי זָאלֶען אָבְּהִיטֶען דִי דִינִים פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן. זֵיי הָאבֶּען אַלֶע גֶעמוּזְט נָאךְ אַמָאל גֶעבֶּען אַ שְׁבוּעָה אַז זֵיי וֶועלֶען זַיין פְרוּמֶע קְרִיסְטֶען, אוּנ וֶוער עֶס הָאט עוֹבֵר שְׁבוּעָה גֶעוֶועהן הָאט דֶערְפַאר מִיט'ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט. אַז דִי מְלוּכָה אִיז אָבֶּער גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, אַז דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ אִין הַדְרֵי חֲדָרִים אוּנ מַאכֶען שַׁבָּת אָדֶער הַאלְטֶען יוֹם טוֹב, הָאט זִי גֶעהֵייסֶען אַז אַלֶע קְרִיסְטְלִיכֶע אוּנ יוּדִישֶׁע יָמִים טוֹבִים זָאלֶען זֵיי צוּ בְּרֶענְגֶען בַּיי דִי גַייסְטְלִיכֶע, וָואס הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דִי מִצְוָה זֵיי צוּ הַאלְטֶען אוּנְטֶער זֵייעֶר הַשְׁגָחָה. בַּאלְד אִיז זֵיי אֲפִילוּ גֶעוָוארֶען בֶּעסֶער אִין דִי אַכְט יָאהר וָואס עֶס הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער קֶענִיג וַואמְבַּא, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי וַוייט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ שְׁרַייבֶּען גַאנְצֶע לַאטֵיינִישֶׁע בִּיכֶער גֶעגֶען דֶעם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. דָאס הָאט אָבֶּער נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ עֶרְוִיג, וָואס הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעלִיעבְּט מַאכֶען בַּיי דִי גַייסְטְלִיכֶע דֶערְמִיט וָואס עֶר וֶועט אָנְטְהוּן יוּדֶען צָרוֹת, אִיז זֵייעֶר מַעֲמָד גֶעוָוארֶען נָאךְ טוֹיזֶענְד מָאל שְׁרֶעקְלִיכֶער. עֶר הָאט אָפֶען גֶעזָאגְט אִין אַ רֶעדֶע אַז יוּדֶען זֶענֶען אַ צָרַעַת, וָואס מֶען מוּז דָאס לַאנְד אוֹיסְרֵיינִיגֶען פוּן דֶעם. אוּנ הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען צַייט אַ יָאהר זֵיי זָאלֶען זִיךְ אַלֶע טוֹיפֶען, אוּנ וֶוען נִיט – זָאל מֶען בַּיי זֵיי צוּנֶעהמֶען זֵייעֶר גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען, יֶעדֶען פוּן זֵיי שְׁמַייסֶען אוּנ אָבְּשִׁינְדֶען דִי הוֹיט פוּנ'ם שְׁטֶערְן צוּם אֵייבִּיגֶען שַׁאנְד אוּנ דֶערְנָאךְ אַרוֹיסְשִׁיקֶען פוּנ'ם לַאנְד. מִיט דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ אַרְגֶער נוֹהֵג גֶעוֶועהן: עֶס אִיז אִיהם וֵויינִיג גֶעוֶועהן וָואס דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען

אַבְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף זֵיי אַלֶלע שַׁבָּת אוּנ יום טוב, זֵיי זָאלֶען חָלִילָה נִיט נִכְשָׁל וֶוערֶען פוּן עֶפִּיס אַ יוּדִישֶׁען מִנְהָג, אוּנ עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַז יֶעדֶער גֶעטוֹיפְטֶער יוּד טָאר נִיט פָּאהרֶען אִין עֶרְגֶעץ אָהן דֶעם רְשׁוּת פוּנ׳ם גַייסְטְלִיכֶען אוּנ אַז מֶען עֶרְלוֹיבְּט אִיהם יָא צוּ פָּאהרֶען אוֹיף אַיין אַנְדֶער אָרְט, טוּז עֶר בְּרֶענְגֶען אַ צֶעטֶעל פוּן יֶענֶעם גַייסְטְלִיכֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהרְט ווִי אַ פְרוּמֶער קְרִיסְט. דָאס גֶעזֶעטְץ הָאט אוֹיךְ בֶּעשְׁטִימְט דֶער מִיטְרָאפָּאלִיט פוּן טָאלֶעדָא יוּלְיַאן, וָואס אִיז אַלְלֵיין אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן יוּדֶען.

נָאךְ עֶרְגֶער אִיז זֵיי גֶעוָוארֶען פַאר עֶרְווִיגַ׳ס יוֹרֵשׁ, עֶגִיקַא, וָואס הָאט זִיךְ פָּשׁוּט גֶענוּמֶען אוֹיף זֵייעֶר לֶעבֶּען אוּנ הָאט זֵיי אַזוֹי פֶערְשְׁפַּארְט, זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט קָאנֶען צוּשְׁלָאגֶען צוּ קַיין אֵיינְצִיגֶער פַּרְנָסָה. עֶר הָאט זֵיי פַארְוֶועהרְט צוּ הָאבֶּען אֵייגֶענֶע הַייזֶער, פִיהרֶען מִסְחָרִים אוּנ הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט קְרִיסְטֶען, אוּנ דָאס הָאט דִי יוּדֶען גֶעבְּרַאכְט צוּ אַזַא נוֹיט, אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ זוּכֶען הִילְף בַּיי זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אִין אַפְרִיקָא אוּנ הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז וֶוען דִי מַחְמַד׳נֶער וֶועלֶען אָבְּנֶעהמֶען דָאס לַאנְד וֶועט עֶס זַיין פַאר זֵיי בֶּעסֶער. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייד מֵכִין גֶעוֶועהן דֶערְצוּ אוּנ עֶס וָואלְט זֵיי אוֹיךְ גֶערָאטְהֶען, נָאר דִי מְלוּכָה אִיז דֶערְפוּן גֶעוָאהר גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט בַּאלְד אַלֶלע יוּדֶען גֶעמַאכְט פַאר שְׁקְלַאוֶוען. אִין אַזַא בִּיטֶערֶער לַאגֶע הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעפוּנֶען בִּיז עֶגִיקַא׳ס טוֹיט. זַיין זוּהן ווִיטִיגַא הָאט שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט פִיהרֶען דִי אֵייגֶענֶע ווֶעלְטֶען וָואס דֶער פָאטֶער, וַוייל בַּאלְד הָאט זִיךְ אוֹיף שְׁפַּאנְיֶען אָנְגֶערוּקְט אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרָה אַז מֶען הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט אָן דִי יוּדֶען פַארְגֶעסֶען: דֶער מַחְמַד׳נִישֶׁער הֶעלְד טַארִיק הָאט זִיךְ אַהִין גֶעלָאזְט מִיט גְרוֹיס חַיִל אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען אַ מֶעגְלִיכְקַייט אָבְּצוּרֶעכְנֶען זִיךְ מִיט דִי שׂוֹנְאִים ווִי זֵיי אִיז גֶעקוּמֶען.

אַז דֶער לֶעצְטֶער קֶענִיג רָאדֶערִיךְ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ שְׁפַּאנְיֶען הָאט פֶערְלָארֶען דִי גְרוֹיסֶע מִלְחָמָה בַּיי קְסֶערֶעס אִים יָאהר 711, הָאבֶּען זִיךְ דִי אַרַאבֶּער ווִי אַ שְׁטוּרֶעמְווִינְד אַרַיינְגֶעהַאפְּט אִין לַאנְד אוּנ אוּמֶעדוּם הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט הִילְף פוּן יוּדֶען. וֶוען טַרִיק הָאט אָבְּגֶענוּמֶען דִי הוֹיפְּטְשְׁטַאדְט טָאלֶעדַא, הָאט עֶר שׁוֹין אַזוֹי פִיעל צוּטְרוֹיעֶן גֶעהַאט צוּ דִי יוּדֶען אַז עֶר הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פַאר שׁוֹמְרִים אוּנ אַלֵיין הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהֶען וַוייטֶער מִיט׳ן חַיִל. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּן דֶער מוֹשֵׁל פוּן אַפְרִיקָא מוּזַא, וָואס אִיז מִיט זַיין חַיִל אַרַיין אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ הָאט אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אִין דִי יוּדֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּענֶע גֶעטְרַייעֶ מֶענְשֶׁען. אַזוֹי הָאבֶּען דִי יוּדֶען זִיךְ עֶרְוָוארְבֶּען דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט

פון די מחמד׳נער, אונ קוים זענען זיי געוואָרען בעלי־בתים אין שפּאַניען האָבען די שפּאַנישע יודען בעקומען די איינענע פרייהייט ווי זייערע ברידער אין בבל אונ פּערסיען אונ זיי האָבען זיך אַללע געפיהלט גליקליך אונטער דער מאַכט פון איסלאַם.

די ערשטע כליפען אבו־בעקר אונ אָמאַר האָבען אָנגעטהון יודען אונ קריסטען גרויסע צרות: זיי האָבען ניט צוגעלאָזט צו קיין דיענסט, פאַרווערט פאָהרען אויף פערד, געגייט צו טראָגען בעזונדערע קליידער אונ ניט ערלויבט בויען נייע שולען אונ קירכען. מיט דער צייט אָבער, אז די מלוכה איז איבערגעגאַנגען צו אַזעלכע כליפען ווי מואביה, יעזיד דער ערשטער, עבדול מליק, וואליד דער ערשטער אונ סוליימאן, האט זיך די לאַגע פון אַללע פרעמדע פעלקער, וואס האָבען געלעבט אין שכנות ביי די מחמד־נער, אין גאַנצען איבערגעביטען צו גוטען. דעמאָלט האָבען זיך די יודען גע־האַפט צו דער אַראַבישער שפּראַכע אונ האָבען אָנגעהויבען אזוי גוט שרייבען אונ רעדען אויף דעם לשון, אז נאר גיך איז איינער פון די יודישע דאָקטורים מסר־גאויה אים שטאַנד געוועהן אַרויסצוגעבען אַ גאַנצן ווערק איבער דער מע־דיצין אים אַראַבישען. נאר נאָך מעהר האט געבליהט ביי זיי דאס לשון הקודש, ווייל פון איין זייט האָבען זיי געמוזט זיין בקי אין די הייליגע ספרים, כדי זיי זאָלען קאָנען האָבען אַ וכוח מיט די מחמד׳נער, וואס האָבען ליעב געהאט זיך צו פערופען אויף דער תורה אונ ברענגען פון דאָרט ראיות אז זייער אמונה איז הייליג, אונ פון דער אַנדערער זייט האָבען זיי ליעב געהאט נאָכצוטאַנצען די אַראַבער, וואס ביי זיי איז די מליצה געשטאַנען נאר אויף אַ הויכע שטופע, אונ אזוי ווי דאס יודישע מזל האט געבראַכט דערצו אז בעוויינען האָבען זיי נאר געקאָנט די ביטערע צרות אונ בעזינגען—נאר די האָפנונג אויף גאָטט אונ אויף די געזעצע פון דער השגחה, האָבען זיי זיך ניט געקאָנט בעגעהן אָהן דער העברעאישער שפּראַכע, וואס אין איהר זענען אַללע הייליגע ספרים געשריבען. אין דער צייט האָבען זיך אויך אָנגעהויבען צווישען יודען אַרויס־ווייזען פּייטנים, פון וועלכע זענען מעהר בעקאַנט יוסי בן יוסי היתום, וואס האט געשריבען זיינע פּיוטים נאָך׳ן אַל״ף בי״ת. ינאי, דער מחבר פון פיעל יוצרות, וואס האט זיך שוין בענוצט מיט גראַמען, אונ זיין תלמיד אליעזר הקליר, וואס האט געמאַכט איבער הונדערט פונפציג פערשידענע פּיוטים. די אַללע פּיוטים זענען שטאַרק אָנגענומען געוואָרען ביי די יודען פון בבל, איטאַליען, דייטשלאַנד אונ פראַנקרייך, אויסער שפּאַניען, ווייל דאָרט איז

מֶען נִיט צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן פוּן דֶעם גֶעמִישְׁטֶען לָשׁוֹן; אוּנ אַזוֹי וִוי פִּיּוּט פְּלֶעגְט מֶען זִינְגֶען מִיט אַבֶּעזוּנְדֶערְן נוּסַח, הָאט זִיךְ דֶער עוֹלָם בִּיסְלֶעכְוַוייז דֶער מִיט גֶעוֶואהנְט אוּנ דִי שַׁבָּתִים אוּנ יָמִים טוֹבִים, וָואס מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט זָאגֶען יוֹצְרוֹת אָדֶער פִּיּוּט, הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר גָאר גֶעהוֹיבֶּענֶע אוּנ דָעמָאלְט אִיז דֶער גָאטֶעסְדִינְסְט גֶעוֶועהן דֶער גְלֶאנְצֶענְדְסְטֶער.

אִין דֶער צַייט הָאט מֶען גֶעקָאנְט בֶּעמֶערְקֶען אַשְׁטַארְקֶען חִלּוּק אִין דֶעם רֶעלִיגִיאָזֶען לֶעבֶּען צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען פוּן בָּבֶל אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וָואס בַּיי זֵיי אִיז יֶעדֶעס פִּינְטֶעלֶע פוּנ'ם תַּלְמוּד גֶעוֶועהן הֵיילִיג, אוּנ דִי יוּדֶען פוּן אַרַאבְּיֶען, וִוי דִי בְּנֵי קִינוּקָה, בְּנֵי נַדִיר אוּנ דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן חַיְבַּר, וָואס זֶענֶען גֶעוָואהנְט גֶעוֶועהן מִיט אַפְּרַיי לֶעבֶּען, הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט לָאזֶען בִּינְדֶען מִיט דִי דִינִים פוּן דִי תַּנָּאִים, אֲמוֹרָאִים, סַבְרָאִים אוּנ גְאוֹנִים. אַוַדַאי זֶענֶען צְווִישֶׁען זֵיי גֶעוֶועהן פִיעל אוּנְצוּפְרִידֶענֶע וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען דִי חוּמְרוֹת פוּנ'ם תַּלְמוּד, בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען דִי פְּרוּשִׁים נִיט גֶעוָואלְט בֶּעשְׁטֶעהֶען אוֹיף דִי שְׁוֶוערֶע גֶעזֶעצֶע וֶועגֶען גֵט־זַאכֶען, אוּנ דִי גְאוֹנִים הוּנָאִי אוּנ מַר־רַבְּיָא הָאבֶּען גֶע-מוּזְט צוּ לִיעב טְהוּן אוּנ אַבִּיסֶעל פֶערְגְרִינְגֶערְן דִי דִינִים פוּן גֵט'ן. בַּיי אַזַא אוּנ-צוּפְרִידֶענְהַייט הָאט זִיךְ וַוייטֶער אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט, אִים יָאהר 720, אֵיינֶער פוּן דִי מִתְנַגְדִים פוּנ'ם תַּלְמוּד, אַגֶעוִויסֶער שֶׁרִינִי, וָואס הָאט זִיךְ אַלֵיין אַיינְגֶע-רֶעדֶט אַז עֶר אִיז מָשִׁיחַ אוּנ הָאט גֶעפוּנֶען פִיעל נַארָאנִים, וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעגְלוֹיבְּט. דֶעמָאלְט אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי פְּרֶעהלִיךְ, וַוייל דֶער נַייעֶר כַּלִיף אַמַאר דֶער צְוֵוייטֶער הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אוֹיפ'ן אַלְטֶען שְׁטַייגֶער אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז מִיט רְדִיפוֹת וֶועט אִיהם גֶערָאטְהֶען אַסַךְ יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען אַרַיינְנֶעהמֶען אִין בּוּנְד פוּן אִיסְלַאם. דֶערְפַאר, אַז שֶׁרִינִי הָאט זִיךְ בֶּערִיהמְט אַז עֶר וֶועט נִיט נָאר בֶּעפְרַייעֶן זַיינֶע בְּרִידֶער פוּנ'ם תַּלְמוּד נָאר אוֹיךְ פוּנ'ם עוֹל פוּן דִי מָהֲמַדַ'נֶער, הָאט עֶר גֶעפוּנֶען פִיעל מַאֲמִינִים אֲפִילוּ אִין שְׁפַּאנְיֶען, וואו דִי יוּדֶען הָאבֶּען, אָט אַפָּנִים, אוֹיךְ גֶעהַאט גֶענוּג סִבּוֹת בַּייז צוּ זַיין אוֹיף דִי אַרַאבֶּער, וָואס הָאבֶּען דִי יוּדֶען נִיט אַזוֹי בֶּעלוֹינְט וִוי זֵיי הָאבֶּען פֶערְדִינְט אוּנ גֶעהָאפְּט. נִיט לַאנְג הָאט אָבֶּער שֶׁרִינִי גֶעקָאנְט נַארֶען דָאס פָאלְק מִיט פַאלְשֶׁע הָאפְנוּנְגֶען: אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעהַאפְּט אוּנ גֶעבְּרַאכְט צוּם כַּלִיף יֶעזִיד, הָאט עֶר זִיךְ פוּן אַללֶעמֶען אָבְּגֶעלַייקֶענְט אוּנ גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט נָאר אַקַאטָאוֶועס גֶעטְרִיבֶּען מִיט דִי יוּדֶען. אַזוֹי אִיז בַּאלְד גֶעוָוארֶען צוּ נִישְׁט דֶער קוּרְצֶער חָלוֹם פוּן אַמָשִׁיחַ, וָואס הָאט נָאר גֶעדוֹיעֶרְט צֶעהן יָאהר. אוּנ דִי יוּדֶען וָואס עֶר הָאט פְרִיהֶער פֶערְנַארְט צוּ זִיךְ אוּנ הָאט זֵיי גֶעהַייסֶען

אֶפֶענְטְלִיךְ אַרוֹיסְטְרֶעטֶען גֶעגֶען תַּלְמוּד הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט בֶּעטֶען מֶען זָאל זֵיי צוּרִיק אַרַיינְנֶעהמֶען אִין דִי יִידִישֶׁע קְהִלּוֹת. עֶס אִיז אֲפִילוּ גֶעוָוארֶען אַ שְׁאֵלָה צוּ קָאן מֶען זֵיי נָאךְ אַ מָאל אוֹיפְנֶעהמֶען, נָאר דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא נַטְרוֹנָאִי בֶּן נְחֶמְיָה, וָואס מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶערוּפֶען מַר יַנְקָא, הָאט גֶעפַּסְקֶ'ט אַז מֶען טָאר זֵיי נִיט אָבְּזָאגֶען אוּנ מֶען מוּז זֵיי בֶּעטְרַאכְטֶען ווִי בַּעֲלֵי תְשׁוּבָה, וָואס קָאנֶען נָאךְ מִיט אֱמֶת פְרוּמְקַייט פַאר אֶנְטְפֶערן זֵייעֶר פְרִיהֶרִיג לַייכְטְזִינִיגְקַייט.

קוֹים זֶענֶען אָבֶּער אַוֶועק גֶעלָאפֶען נָאךְ דְרַייסִיג יָאהר, הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען וַוייטֶער גֶעלָאזְט נַארֶען פוּן אַ נַייעֶם חָלוֹם. פְּלוּצְלוּנְג אִיז אִין אַ פֶּערְסִישֶׁע שְׁטָאדְט אִיסְפַּאהַאן אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען אַ גֶעווִיסֶער עוֹבַדְיָה בֶּן יִצְחָק (אַבּוּעִיסִי), וָואס אִיז דוּרְךְ אַ מוֹפֵת אוֹיסְגֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען פוּן אַ שְׁוֶוערֶע קְרַאנְקְהַייט, אוּנ הָאט זִיךְ דוּרְךְ דֶעם אַיינְגֶערֶעדְט אַז אִיהם הָאט גָאטט גֶעשִׁיקְט עֶר זָאל וֶועקֶען דִי יוּדֶען, זֵיי זָאלֶען זִיךְ פֶּערְטִיג מַאכֶען צוּ דֶער גְאוּלָּה אוּנ זָאלֶען פוּן זִיךְ אַרָאבּוַוארְפֶען דֶעם יָאךְ פוּן פְרֶעמְדֶע פֶאלְקֶער. עֶר הָאט אוֹיךְ אִין פִיעל זַאכֶען גֶעעֶנְדֶערְט דִי דִינִים פוּנ'ם תַּלְמוּד, נָאר מֶעהר הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט מִלְחָמָה אוּנ אִיהם הָאט זִיךְ טַאקִי אוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז מִיט זַיינֶע צֶעהן טוֹיזֶענְד מַאנְן וֶועט עֶר עֶפִּיס מַאכֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס וַוייל אִין לַאנְד אִיז מֶען גֶעוֶועהן שְׁטַארְק אוּנְצוּפְרִידֶען פוּנ'ם כַּלִיף מֶרְוַאן דֶעם צְוַוייטֶען. אוּנ עוֹבַדְיָה הָאט גֶעקָאנְט רֶעכְנֶען אַז דִי מְרִידָה פוּן אַלֶע אִיז זֶעהר גוּט פַאר אִיהם. בַּאלְד אִיז אָבֶּער גֶעוָוארֶען כַּלִיף עַבְּדַלַה אוּנ פוּן עוֹבַדְיָה אוּנ זַיינֶע לַייט אִיז גֶעוָוארֶען אַ תֵּל. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט דָער זֵכֶר פוּן עוֹבַדְיָה'ן גֶעלֶעבְּט צְווִישֶׁען דִי אִיסְפַּאהָאנֶער יוּדֶען בִּיז צוּם צֶעהנְטֶען יָאהְרְהוּנְדֶערְט אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן דִי מִנְהָגִים, וָואס עֶר הָאט אַיינְגֶעפִיהְרְט, ווִי דַאוְונֶען פִיער מָאל אִין טָאג, נִיט עֶסֶען קַיין פְלֵיישׁ, נִיט טְרִינְקֶען קַיין וַויין אוּנ זִיךְ נִיט גֵט'ן מִיט דִי פְרוֹיעֶן.

אִין דֶער צַייט וָואס זִיסֶע חֲלוֹמוֹת הָאבֶּען גֶעלָאזְט אַ טְהֵייל יוּדֶען בְּלָאנְזֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער אוּנ זִיךְ דֶער וַוייטֶערן פוּנ'ם תַּלְמוּד, זֶענֶען דִי גְאוֹנִים אוּנ רַבָּנִים גֶעשְׁטַאנֶען ווִי שְׁטְרֶענְגֶע שׁוֹמְרִים, זֵיי הָאבֶּען אָבְּגֶעהִיט דֶעם בִּנְיָן, וָואס, נָאךְ זֵייעֶר מֵיינוּנְג, הַאלְט זִיךְ אוֹיף אִיהם דָאס גַאנְצֶע יוּדִישְׁקַייט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גָאר נִיט גֶעוָואלְט צוּקוּקֶען אוּנ צוּהֶערֶען צוּם ווִילֶען פוּנ'ם פָאלְק. דָער רֵישׁ גָלוּתָא הָאט אַלֶע גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער מוֹרָא אוּנ פְלֶעגְט אָפְט בֶּעוַוייזֶען זַיין תְּקִיפוּת דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט פַאר רֹאשׁ יְשִׁיבָה אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר הָאט פוּן זֵיי גֶעהַאלְטֶען, חָאטְשׁ זֵיי זֶענֶען נִיט רָאוּי גֶעוֶועהן צוּ פַאר-

נעהמען אַזאַ שְׁטֶעללֶע. אַזוֹי הָאט דֶער רֵישׁ גָלוּתָא שְׁלֹמֹה, בּוּסְתְּנָאִי'ס אַאוּר־ עֶנִיקֶעל, אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין גַאנְצֶען דָאס לֶערְנֶען אִין דִי הֶאנְד פוּן אַ גֶעוִויסֶען נַטְרָאִי כַּהֲנָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן גָאר אַ קְלֵיינֶער לַמְדָן, אוּנ הָאט זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף אַזאַ גְרוֹיסֶען מַאנן וִוי רַב אַחָא מִשַׁבְּחָא, וָואס הָאט גֶעמוּזְט אַוֶועק פָּאהרֶען קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. נִיט קַיין בֶּעסֶערֶע מֶענְשֶׁען הָאט עֶר אוֹיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען פַאר רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת פוּן סוּרָא אוּנ פּוּמְבְּדִיתָא. דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן צְווֵיי בְּרִידֶער, אֵיינֶער אַ בְּלִינְדֶער יְהוּדָאִי אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער אַ וֶועהֶענְדְרִיטֶער דוֹדָאִי. – בֵּיידֶע הָאבֶּען אָבֶּער נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם אִינֶוועֶ־ נִינְסְטֶען מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען מִיט אָפֶּענֶע אוֹיגֶען אוּנ דֶערְפַאר אִיז אִין זֵייעֶרֶע יָאהרֶען גֶעוָוארֶען אַזאַ אִיבֶּערְקֶעהרֶענִישׁ, וָואס שְׁפִּילְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען.

---

## 2 דִי קַרָאִים'עֶס אוּנ זַייעֶ כִּתּוֹת.

(900—760 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

וֶוען דִי אוּנְצוּפְרִידֶענְהַייט מִיט'ן תַּלְמוּד, אָדֶער, בֶּעסֶער גֶעזָאגְט, מִיט זַיינֶע פָארְשְׁטֶעהֶער, הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַזוֹי שְׁטַארְק אַרוֹיסְוַוייזֶען, אַז זִי הָאט זִיךְ נָאר אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אִין חֲלוֹמוֹת וֶועגֶען מָשִׁיחַ'ס צַייטֶען אוּנ קֵיינֶער הָאט דִי זַאךְ נִיט גֶעהַאלְטֶען פַאר עֶרְנְסְט, הָאט מֶען פְּלוּצְלוּנְג דֶערְזֶעהן, אַז דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעחַאפְּט אִין דִי הוֹיכֶע פֶּענְסְטֶער אוּנ מַאכְט טַאקֶע אָן אַ גַאנְצֶע שְׂרֵפָה. דֶער הוֹיפְּט־נֶעגְנֶער אִיז גֶעוָוארֶען עָנָן בֶּן דָוִד, אֵיינֶער פוּן בּוּסְתְּנָאִי'ס מִשְׁפָּחָה, וָואס הָאט בֶּעדַארְפְט וֶוערֶען רֵישׁ גָלוּתָא, נָאר מֶען הָאט אִיהם נִיט צוּגֶעלָאזְט דִי שְׁטֶעללֶע אוּנ מֶען הָאט אוֹיף זַיין אָרְט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען זַיין בְּרוּדֶער חֲנַנְיָה אָדֶער אַחוּנָאִי. הָאטְשֶׁ עֶר הָאט גֶעהַאט זֵייעֶר פִּיעל שׂוֹנְאִים, וָואס הָאבֶּען אוֹיף אִיהם אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַלֶעס בֵּאז, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר אִין אַ קוּרְצֶע צַייט בֶּעקוּמֶען אַ סַךְ גוּטֶע פְרַיינְד, וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעהוֹיבֶּען בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנ פֶערְזִיכֶערְט אַז עֶר אִיז וֶוערְט צוּ זַיין אַ נָבִיא. אִיבֶּער אִיהם אִיז אַרוֹיס אַ קְרִיעג צְווִישֶׁען צְווֵיי צְדָדִים, אוּנ זַיין צַד הָאט זִיךְ בֶּעמִיהט מִיט אַלֶע מִיטֶעל אַז דִי מַאכְט פוּנ'ם רֵישׁ גָלוּתָא זָאל אִיבֶּערְגֶעהן צוּ אִיהם; נָאר אַז דִי זַאךְ אִיז אָנְגֶע־ קוּמֶען צוּם כַּלִיף אַבּוּגַּפַר אַלְמַנְזוּר אוּנ מֶען הָאט עָנָן גֶעמַסֶרְט אַז עֶר אִיז אַ מוֹרֵד בְּמַלְכוּת, הָאט עֶר גֶעמוּזְט עוֹקֵר זַיין אוּנ אִיז אַוֶועק קַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד, וָואס הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט בַּיי דִי מַחְמַדְנֶער צְווִישֶׁען דִי סוּנִי־

טֶעְן, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען פוּן קַבָּלוֹת אוּנ פוּן זוּכֶען אוּנ פְלֶעגֶען אִיבֶּערְגֶעהְן פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדֶערְן, אוּנ דִי שִׁיִטֶעְן, וָואס הָאבֶּען אָפְּגֶעהִיט נָאר דָאס וָואס אִיז בְּפֵירוּשׁ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין קָארַאן, אוּנ הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט פַאר אַיין עֲבֵירָה אָפְּצוּטְרֶעטֶען אֲפִילוּ אֵיין אוֹת דֶערְפוּן — הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע ווירְקוּנְג אוֹיף עֶנָן, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ צוּבִּינְדֶען זַיינֶע לַייט נָאר צוּ דֶער תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב אָדֶער מִקְרָא, אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען קַרָאִים. עָנָן הָאט בַּאלְד אַיינְגֶעפִיהְרְט נַייֶע דִינִים אוּנ מִנְהָגִים וֶועגֶען שַׁבָּתִים אוּנ יָמִים טוֹבִים, וֶועגֶען כָּשֵׁר אוּנ טְרֵפָה; עֶר הָאט מְבַטֵּל גֶעוֶועהְן דֶעם לוּחַ וָואס דִי תַּלְמוּדִיסְטֶען הָאבֶּען נָאךְ אִיהם אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט דִי צַייט אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם פְרִיהֶרִיגֶען מִיטֶעל צוּ בֶּעשְׁטִימֶען דֶעם קִדּוּשׁ הַחֹדֶשׁ אוּנ דָאס עִבּוּר־יָאהר. אוּם שַׁבָּת הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען זִיצֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער, אֲפִילוּ תְּפִלּוֹת הָאט עֶר גְלָאזְט מַאכֶען אַנְדֶערֶע, אוּנ פוּן תְּפִלִּין לֶעגֶען בִּיז חֲנוּכָּה־לִיכְטְלֶעךְ אָנְצִינְדֶען הָאט עֶר אַלְדִינְג עֶרְקְלֶעהְרְט פַאר אִיבֶּערִיג אוּנ גֶעגֶען דֶער תּוֹרָה. אִין יְרוּשָּׁה זַאכֶען הָאט עֶר גֶעמַאכְט, אַז טָאכְטֶער אוּנ זִיהְן זָאלֶען הָאבֶּען גְלַייכֶע טְהֵייל, אוּנ חֲתוּנוֹת הָאט עֶר פַארְוֶועהְרְט צְווִישֶׁען נָאהֶענְטֶע קְרוֹבִים ווִי פֶּעטֶערְס אוּנ גֶעשְׁוֶועסְטֶער־קִינְדֶער. אַזוֹי הָאט עָנָן גֶעהַאלְטֶען נָאר אִין אֵיין צוּבְּרֶעכֶען פוּנ׳ם אַלְטֶען, הָאטְשׁ צוּם אָנְהֵייב הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען אַז עֶר ווִיל נָאר בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי תּוֹרָה. עֶר אִיז גֶעוֶועהְן אַ שׂוֹנֵא פוּן דִי תַּלְמוּדִיסְטֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶע־פוּילְט אוֹיסְצוּאַרְבֵּייטֶען זַיין אֵייגֶענֶעם תַּלְמוּד.

אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶער דִי יוּדֶען צוּטְהֵיילְט אוֹיף צְוֵויי מַחֲנוֹת, פּוּנְקְט ווִי נָאר פַאר צַייטֶענְס יְהוּדָה אוּנ יִשְׂרָאֵל, אוּנ ווִי שְׁפֶּעטֶער פַאר׳ן חוּרְבָּן פוּנ׳ם בַּיִת שֵׁנִי, דִי פְּרוּשִׁים אוּנ דִי צְדוּקִים. אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שִׂנְאָה אִיז גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִי תַּלְמִידִים פוּן עָנָן, דִי קַרָאִימֶער וָואס הָאבֶּען זֵייעֶר פִיהְרֶער גֶע־רֶעכֶענְט פַאר׳ן אֱמֶת׳ן רֵישׁ גָלוּתָא, אוּנ דִי תַּלְמוּדִיסְטֶען אָדֶער רַבָּנִיסְ־טֶען, וָואס הָאבֶּען זֵיי גֶערוֹדֵף׳ט ווִי ווַייט זֵיי הָאבֶּען נָאר גֶעקָאנְט. עֶס אִיז [illegible] גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ, אַז עָנָן פְלֶעגְט אֶפֶענְטְלִיךְ זָאגֶען אַז וֶוען עֶר זָאל נָאר קָאנֶען [illegible] תַּלְמוּדִיסְטֶען אַרַיינְנֶעהְמֶען צוּ זִיךְ אִין זַיין לַייבּ, וָואלְט עֶר זִיךְ מִיט פֶּעְר־[illegible] אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אָנְגֶעטְהוּן, אַבִּי זֵיי נָאר צוּ פַּטֶר׳ן פוּן דֶער לִיכְטִיגֶער [illegible]. עֶס אִיז אָבֶּער נָאר צוּ בֶּעוואוּנְדֶערְן ווִי הֵיילִיג עָנָן אִיז גֶעוֶועהְן בַּיי דִי [illegible]אִימֶעס: עֶר אִיז דַוְקָא נִיט גֶעוֶועהְן קֵיין גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ הָאט זִיךְ אָפְּט [illegible]לַיין סוֹתֵר גֶעוֶועהְן [illegible]עֶרְמִיט וָואס עֶר הָאט אַיינְגֶעפִיהְרְט אִין פִיעל זַאכֶען אַ סַךְ [illegible] פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אִיהם קֵיינֶער קֵיין קוּשְׁיוֹת

נִיט גֶעפְּרֶאנְט, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט מֶען אִיהם אָנְגֶעטְהוּן אַזַא גְרוֹיסֶען כָּבוֹד אַז מֶען הָאט אִיהם אוּם שַׁבָּת מַסְפִּיד גֶעוֶועהן.

נָאךְ עֶנָן׳ס טוֹיט הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען דִי קַרַאִימֶעס אַלֵיין אַרוֹיסְוַוייזֶען קְלֵיינֶע אוּנ פֶערְשִׁידֶענֶע כִּתּוֹת אוּנ יֶעדֶע כִּתָּה הָאט גֶעלֶערְנְט אוֹיף דֶער תּוֹרָה אַיין אַנְדֶער פֵּירוּשׁ אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז נָאר זַיין כִּתָּה הָאט רֶעכְט. דֶערְוַוייל אִיז דֶערְפוּן אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דִי אֵיינְצִיגֶע נוּצְטֶע זַאךְ וָואס דִי הֶעבְּרֶאִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע הָאט וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען, וַוייל דִי קַרַאִימֶעס הָאבֶּען זִיךְ אִין אַלְדִינְג סוֹמֵךְ גֶעוֶועהן נָאר אוֹיף פְּסוּקִים פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט גוּט שְׁטוּדִירֶען גַאנְץ תַּנַ״ךְ, דֶעמָאלְט אִיז אַרוֹיס דִי מַסּוֹרָה, וָואס מֶעהְר פוּן הוּנְדֶערְט יָאהר הָאבֶּען דִי קַרַאִימֶעשֶׁע לוֹמְדִים גֶעאַרְבַּייט אִין דֶעם. דִי מַסּוֹרָה הָאט גֶעהַאט דֶעם תַּכְלִית אוֹיס צוּבֶּעסֶערֶען דִי גְרַייזֶען אִין דֶער תּוֹרָה, וַוייל אִין דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע צַייטֶען פוּן רְדִיפוֹת זֶענֶען דִי אֶמֶת׳ע סִפְרֵי תּוֹרָה פֶערְלָארֶען גֶעוָוארֶען אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעחַאפְּט נִיט קַיין גֶעניטֶע סוֹפְרִים אָנְ־צוּשְׁרַייבֶּען דִי תּוֹרָה נָאךְ׳ן זִכָּרוֹן, אַוַדַאי הָאבֶּען זֵיי אָפְט גֶעהַאט אַ טָעוּת, דָאס פַארְפֶעהְלְט אוּנ דָארְט צוּגֶעזֶעצְט אִיבֶּערִיגֶע. דֶער פוּן הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען וָואס אִין בָּבֶל הָאט דִי תּוֹרָה גֶעהַאט 5888 פְּסוּקִים אוּנ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז זִי גֶעוֶועהן דְרַייא מָאל אַזוֹי גְרוֹיס אוּנ אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן 15852 פְּסוּקִים. דִי בַּעֲלֵי הַמְּסוֹרָה הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דִי שְׁווֶערֶע אַרְבַּייט אַלְדִינְג צוּ פַאר רֶעכְטֶען אִין דֶער תּוֹרָה וִוי וַוייט עֶס אִיז נָאר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן. גָאר אִין גַאנְצֶען אִיז עֶס זֵיי אֲפִילוּ נִיט גֶערָאטְהֶען, נָאר פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאט מֶען שׁוֹין שְׁטְרֵיינְגֶער אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז שְׁטַארְק פֶערְגַרַייזִיגְטֶע סִפְרֵי תּוֹרָה זָאלֶען מֶעהר נִיט פָארְקוּמֶען.

צוּ לִיעבּ דִי קַרַאִימֶעס הָאט אוֹיךְ דִי שְׁטֶעלֶע פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא אָנְגֶעוָואהְרֶען אִיהר פְרִיהֶרִיגֶען וֶוערְט. דִי רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג אַבְּהֶענְגִיג גֶעוֶועהן פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא אוּנ עֶר פְלֶעגְט זֵיי אוֹיסְקְלוֹיבֶּען. זַייט אָבֶּער מֶען הָאט גֶעמוּזְט זוּכֶען מִיטְלֶען אוּנ נִיט דֶערְלָאזֶען אַז עֶנָן זָאל וֶוערֶען רֵישׁ גָלוּתָא, הָאט דִי שְׁטֶעלֶע אוֹיפְגֶעהֶערְט אִיבֶּערְצוּגֶעהן בִּירוּשָׁה צוּ בּוּסְתַּנָאִ׳ס קִינְדֶער, אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל מַאכֶען אַ פְרַייעֶ בְּחִירָה. דַארִיבֶּער אִיז אַרוֹיס אַ מַחֲלוֹקֶת וֶוער דִי שְׁטֶעלֶע פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא הָאבֶּען גֶעוָואלְט פָארְנֶעהמֶען זַכַּאי בֶּן אַחוּנָאִי אוּנ נַטְרוּנָאִי בֶּן חַבִיבָאִי, אוּנ דִי רָאשֵׁי יְשִׁיבוֹת חֲנִינָאִי כַּהֲנָא בֶּן הוּנָא פוּן סוּרָא אוּנ מַלְכִּיָה בֶּן אַחָא פוּן פּוּמְבְּדִיתָא הָאבֶּען מֶעהר גֶעהַאלְטֶען פוּן זַכַּאי, הָאטְשׁ נַטְרוּנָאִי אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרֶעסֶערֶער לַמְדָן, אוּנ אַז דִי יוּדֶען פוּן שְׁפַּאנִיעֶן הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל זֵיי צוּשִׁיקֶען דֶעם גַאנְצֶען תַּלְמוּד הָאט עֶר

אַלְדִינְג אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיסֶעוְוענִיג אוּנ הָאט קֵיין זַאךְ נִיט פַארְגֶעהַלְט.

גְרָאד אִין דֶער צַייט אָבֶּער, וֶוען צְווִישֶׁען יוּדֶען הָאבֶּען וַוייטֶער מִלְחָמָה געהאלטען צוויי כתות, האט זיך די יודישע אמונה דורך געשלאגען א נייעם וועג אונ האט זיך פלוצלונג אריינגעחאפט צו א שטארק פאלק, וואס איז ביז אהער געוועהן פערזונקען אין פינסטערניש פונ'ם גאטצענדיענסט. ביים קאכפישען ים, וואו דער גרויסער טייך וואלגא פאלט אהין אריין, האבען געוואהנט ד חאזארען (כוזרים), וואס זייער קעניג, אדער ווי מען האט איהם גערופען כאגאן, האט געהאלטען אין דער גרעסטער אימה אללע פעלקער פון ארום אונ פלעגט פון זיי בעקומען מס. דורך די אראבער אונ גריכען, וואס פלעגען האבען מיט זיי גע-שעפטען, אונ אויך דורך די יודען, וואס דאס אונגליק האט זיי אמאל צו זיי פער-ווארפען, ווען מען האט זיי געטריבען אין די ביצאנטינישע לאנדער, זענען די חאזארען געוואהר געווארען אז עס זענען דא אזעלכע דריי אמונות, ווי דער איסלאם, דאס קריסטענטהום אונ דאס יודישקייט, אונ אז זייער קעניג בולאן, אדער בוטשאן, האט זיך ענטשלאסען אוועק צו ווארפען די עבודה זרה, האט ער אנגענומען דעם יודישען גלויבען. ווי אזוי די זאך איז געשעהן — קאן מען זיכער ניט וויסען: מן הסתם האבען אין דעם געהאט א נגיעה די יודישע רייכע סוחרים, דאקטורים אונ לומדים, וואס זענען געוועהן גרויסע חשובים אין הויף פונ'ם חאזארישען מלך. עס איז א סברא אז דער קעניג בולאן האט געזעהן אין א חלום אז עס איז שוין צייט מבטל צו זיין דעם געטצענ-דיענסט, אונ אז ער האט באלד נאך דעם איינגענומען א שטארקע ארמענישע פעסטונג האט ער עס געהאלטען פאר א מופת פון הימעל, אונ עס איז ביי איהם געבליבען אנצונעהמען די יודישע אמונה. דער כליף אונ דער ביצאנטינישער קייזער האבען אבער געוואלט איהם נייגען ער זאל צושטעהן צו זייערע אמונות אונ דער פאר האבען זיי איהם געשיקט טהייערע מתנות אומישנע דורך געלע-רענטע שלוחים, וואס יעדער זאל איהם קאנען פארשטעהן געבען דאס היילי-קייט פון זיין גלויבען אונ איהם צורעדען דוקא נאר צו זיינעם. בולאן האט געהייסען אז אללע פארשטעהער פון די דריי רעליגיאנען זאלען האבען צווישען זיך פאר איהם אין די אויגען א ויכוח, אונ אז ער האט בעמערקט אז ווי באלד עס איז געקומען עפיס צו א ראיה האבען זיך באלד די קריסטען אונ די מהמדנער בערופען אויף דער תורה, האט ער שוין פערשטאנען אז דער מקור פון אללע רעליגיאנען ליגט אין דעם יודענטהום, אונ האט אויסגעקליבען די יודישע אמונה. מען רעכענט אז דער ערשטער וואס האט דעם קעניג בולאן בעקאנט געמאכט

מיט די יסודות פונ'ם יודענטהום און בעשאפען ביי איהם אין הארצען א אמת'ע ליעבשאפט צום נייעם גלויבען, איז געוועהן רבי יצחק סנגרי. בולאן האט זיך מגייר געוועהן צוזאמען מיט פיער טויזענד מאנן, נאר האטש צום אנהייב האט דאס פאלק נאך זעהר וועניג געקאנט דאס יודישקייט, האבען זיך מיט דער צייט די האזארען אנגעהויבען רעכנען פאר א אמת יודישער מלוכה, און שפעטער מיט עטליכע דורות האט דער האזארישער קאניג עובדיה געלאזט ברענגען גרויסע לומדים, מען זאל מאכען שולען, בתי מדרשים און ישיבות כדי דער עולם זאל זיך קאנען פיהרען ווי עס שטעהט אן פרומע יודען. עובדיה האט אבער אויך געזעהן אז אללע פעלקער, וואס האבען זיך געפונען אונטער זיין שוטץ, זאלען האבען גלייכע רעכטע מיט אללע, און האט געהייסען זעצען אין געריכט שופטים אויך פון מהמדנער, קריסטען און אפילו פון די דעמאלטיגע רוססען און בולגארען, וואס זענען נאך געוועהן געטצענדיענער. די יודען אין בבל און אין ארץ ישראל האבען ניט געוואוסט אז ערגיץ גאנץ ווייט איז פלוצלונג אויס געוואקסען א יודישע מלוכה, און אז מען האט אנגעהויבען דערפון עפיס צו רעדען, איז ביי זיי געבליבען אז דאס מוז געוויס זיין יודען פון די עשרת השבטים, און די כוזרים זיינען פון שבט שמעון און דעם האלבען שבט מנשה.

נאר האטש די יודען זענען געוועהן פערטראגען מיט מחלוקת וועגען די כתות, פון דעסטוועגען זענען זיי ניט געבליבען הינטערשטעליג געגען אללע אנדערע פעלקער, און אז צום אנהייב פונ'ם נייינטען יאהרהונדערט, אין די יאהרען פונ'ם כליף הרון אל־רשיד און זיין זוהן אלממום, האט די וויסענשאפט אנגעהויבען בליהען און האט דערגרייכט נאר צו א הויכע מדרגה, האבען זיי אויך ארויסגעגעבען גרויסע לייט, וואס האבען זיך בעריהמט געמאכט מיט זייער חכמה. משאלה אבן אתרי איז געוועהן א גרויסער אסטראנאם; סהל אל טברי, וואס מען האט איהם אויך גערופען רבן, האט זיך בעשעפטיג מיט מעדיצין און אנדערע וויסענשאפטען און זיין זוהן אבו סהל עלי, איז געוועהן א דאקטאר, און צווישען זיינע תלמידים זענען געוועהן די צוויי בעריהמטע אראבישע דאקטורים ראזי און אנזרבי. פון די קראים'עס האט זיך אין דער צייט בעריהמט געמאכט בנימין בן משה הנהאוועדי פון פערסיען, וואס האט זיך אבגעגעבען מיט חקירות אין אמונה־זאכען און האט ביי זיינע לייט געשפיעלט כמעט די אייגענע ראלע וואס ענן. אין זיינע חקירות האט זיך נהאוונדי געהאלטען אן דעם דרך פון די מהמדנישע פילאזאפען, און ער האט געדרונגען אז גאטט האט פריהר בעשאפען די מלאכים און איינער פון די

מַלְאָכִים הָאט שׁוֹין שְׁפֶּעטֶער בֶּעשַׁאפֶען דִי וֶועלְט. מִיט אַזֶעלְכֶע חֲקִירוֹת אִיז נַהֲוָנְדִי, פֶּערְשְׁטֶעהט זִיךְ, גֶעשְׁטַאנֶען גַאנְץ וַוייט פוּנ'ם יוּדֶענְטְהוּם; בִּיסְלֶעכְ-וַויים הָ״בֶּען זִיךְ אָבֶּער צְווִישֶׁען דִי תַּלְמוּדִיסְטֶען אוֹיךְ אָבְּגֶעזוּכְט מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט סִתְרֵי תּוֹרָה אוּנ עֶס הָאט זִיךְ זֵיי אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז זֵיי וֵוייסֶען שׁוֹין דֶעם סוֹד הַיְצִירָה אוּנ הָאבֶּען דֶעם בּוֹרֵא יָחִיד אַזוֹי מְגַשֵּׁם גֶעוֶועהן אוּנ גֶערֶעדְט פוּן אִיהם וִוי פוּן אַ פְּרָאסְטֶען בָּשָׂר וָדָם: זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶעמָאהלְט וִוי עֶר זִיצְט אִין אַ פַּאלַאץ אוֹיבֶּען אָן אוּנ הַאלְט זִיךְ נָאר אִין אֵיין שַׁאפֶען מִיט זַיין הוֹיפְּט-מַלְאָךְ מַטַטְרוֹן, אוּנ גִיט נָאר אַכְטוּנְג דַארוֹיף אַז עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען דָאס וָואס זֵיי בֶּעטֶען דוּרְךְ אַ לַחַשׁ אָדֶער אַ קָמֵיעַ. אוֹיף אַזַא אוֹפֶן, הָאבֶּען זֵיי גֶערֶעכֶענְט, פִיהְרְט זִיךְ דִי וֶועלְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ סַךְ סְפָרִים דֶעריִבֶּער, וַוייל אַזוֹי אִיז גֶעוֶועהן זֵייעֶר אִיבֶּערְצַייגוּנְג אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶענַארְט.

דִי אֶמֶת'ע פְרוּמֶע לוֹמְדִים הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט צוּפְרִידֶען זַיין פוּן אַזֶעלְכֶע יוּדֶען אוּנ דֶעריִבֶּער פְלֶעגְט אָפְט אַרוֹיסְקוּמֶען אַ מַחֲלוֹקֶת. אִים יָאהר 825 הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען וֶועגֶען אַ רֵישׁ גָלוּתָא: אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַ גֶעוִויסֶען דָנִיאֵל, וָואס אִיז מֶעהר גֶעוֶועהן גֶענֵייגְט צוּ דִי קַרָאִימֶ'עס, אוּנ דִי אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעוָואלְט אֵיינֶעם דָוִד בֶּן יְהוּדָה. בֵּיידֶע צְדָדִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְלָאגְט פַאר'ן כַּלִיף אַלְמַמוּם, נָאר עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וִויל זִיךְ נִיט אַרַיינְמִישֶׁען אִין אִינְוֶוענִיגְסְטֶען לֶעבֶּען פוּן זַיינֶע פֶּעלְקֶער, אוּנ אַז יֶעדֶער צַד הָאט דָאס רֶעכְט אוֹיסְצוּקְלוֹיבֶּען וֶועמֶען עֶר וִויל. פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאט דִי שְׁטֶעלֶע פוּן רֵישׁ גָלוּתָא כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען אָנְגֶעוָואהרֶען אִיהר גְלַאנְץ.

נִיט נָאר יוּדֶען אַלֵיין הָאבֶּען גֶעלִיטֶען פוּן מַחֲלוֹקֶת אוּנ פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע סֶעקְטֶען: בַּיי דִי קַרָאִימֶ'עס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען נַייעֶ כִּתּוֹת אוּנ יֶעדֶע כִּתָּה הָאט זִיךְ אַיינְגֶערֶעדְט אַז נָאר זַיינֶע שְׁטֶעהט נָאהֶענְט צוּם אֶמֶת. מֹשֶׁה אוּנ יִשְׁמָעֵאל פוּן עַכְּבַּרָא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶער סֶעקְטֶע, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען עַכְּבַּארִיסְטֶען: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִיהְרְט גְלַייךְ מִיט דִי שׁוֹמְרוֹנִים אוּנ הָאבֶּען זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ עֶסֶען פְלֵיישׁ פוּן גֶעוִויסֶע נִיט-כָּשֵׁר'ע חַיוֹת. אַבּוּ-עַמְרוּ-מָאזֶע פוּן סַאפַארָאן אִין פֶּערְסִיֶען הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אַ סֶעקְטֶע, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טִפְלִיסִיטֶען: זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט נָאר בֶּעזוּנְדֶערֶע יָמִים טוֹבִים, נִיט צוּזַאמֶען מִיט דִי יוּדֶען אוּנ אֲפִילוּ נִיט מִיט אַלֶע אַנְדֶערֶע ־־אִימֶ'עס, אוּנ הָאבֶּען פַארְוֶועהְרְט אַז גֶעשְׁוֶועסְטֶערְקִינְדֶער זָאלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען ־ען זִיךְ. מֶשְׁוִוי-וִוידֶער פוּן בַּעַל-בֶּעק אִין סִירְיֶען הָאט זִיךְ גֶעהַאט זַיין

סֶעקְטֶע, דִי בַּעלבֶּעקִיטֶען, וָואס הָאבֶּען אַיינְגֶעפִיהרְט אַז פֶּסַח זָאל מֶען מַאכֶען נָאר אוּם דָאנֶערְשְׁטָאג אוּנ יוֹם כִּפּוּר זָאל פַאלֶען נָאר אוּם שַׁבָּת. אִיבֶּער־הוֹיפְּט הָאבֶּען דִי קַרַאִימֶ'עס נִיט גֶעהַאט קֵיין הוֹיפְּט־פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנ יֶעדֶע קְהִלָּה הָאט זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועהן וִוי עֶס הָאט זִיךְ אִיהר פֶערְגְלוּסְט.

בַּיים סוֹף פוּנ'ם אַכְטֶען יָאהר־הוּנְדֶערְט הָאט זִיךְ אִין אֵייְרָאפַּא אוֹיךְ אַ בִּיסֶעל פַארְבֶּעסֶערְט דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען. דֶער קֵייזֶער קַארְל דֶער גְרוֹיסֶער הָאט זֵיי בֶּעהַאנְדֶעלְט מִיט חֶסֶד אוּנ וִויפִיעל דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ מִיה גֶעגֶעבֶּען אוּנ גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זֵיי בֶּעטְרַאכְטֶען וִוי שׂוֹנְאִים פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן, הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען. אַז מֶען הָאט זִיךְ אִיהם אַ מָאל בֶּעקְלָאגְט דַארוּיף וָואס דִי יוּדֶען פֶערְלַייֶען גֶעלְד אוּנ נֶעהְמֶען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן כְּלֵי קֹדֶשׁ פוּן דִי קִירְכֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַז דָאס אִיז מַאקִי בֶּאֱמֶת אַ חִלּוּל הַשֵּׁם, נָאר שׁוּלְדִיג אִין דֶעם זֶענֶען דִי קְרִיסְטֶען, אוּנ עֶר הָאט זֵיי בֶּעשְׁטְרָאפְט אוּנ דִי יוּדֶען גֶעלָאזְט פְרַיי. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט נָאר מִיט מִסְחָר אוּנ הָאבֶּען גֶעהַאט אַלֶע רֶעכְטֶע, נָאר מִיט תְּבוּאָה אוּנ וַויין הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעטָארְט הַאנְדְלֶען, וַוייל קַארְל הָאט נִיט גֶעוָואלְט מֶען זָאל שְׁפֶּעקוּלִירֶען מִיט אַזֶעלְכֶע נֶאטְהִיגֶע זַאכֶען אוּנ טְהַייעֶר מַאכֶען דֶעם מֶקַח. קַארְל הָאט אוֹיךְ בֶּעצוֹיגֶען פוּן בָּבֶל דִי גְרֶעסְטֶע לוֹמְדִים אוּנ הָאט גֶעלָאזְט מַאכֶען יְשִׁיבוֹת; דָאס הָאט עֶר גֶעטְהוּן פוּן אֵיין זַייט, וַוייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז דִי יוּדֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ זָאלֶען זַיין גֶעלֶערְנְט, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט, כְּדֵי דִי יוּדֶען זָאלֶען פֶערְשְׁפָּארֶען אוֹיסְהַאלְטֶען דִי יְשִׁיבוֹת אִין בָּבֶל אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ דָאס גֶעלְד זֵייעֶרְס זָאל בְּלַייבֶּען דָא אִין לַאנְד. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין נַרְבּוֹנָה אַ בֶּערִיהמְטֶער לַמְדָן קְלוֹנִימוּס מִיט זַיין זוּהן מֹשֶׁה, אוּנ קַארְל הָאט זֵיי גֶעשֶׁענְקְט אַ גְרוֹיס שְׁטִיק עֶרְד. קְלוֹנִימוּס אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי בֶּעלִיעבְּט בַּיים קֵייזֶער אַז מֶען הָאט אוֹיף אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען וִוי אוֹיף אַ פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַלֶע פְרַאנְצֶעזִישֶׁע יוּדֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען נָשִׂיא. דֶער טִיטֶעל „נָשִׂיא" אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ סַךְ יָאהרֶען אִין קְלוֹנִימוּס'ס מִשְׁפָּחָה, וָואס הָאט זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט אִין לַאנְד אוּנ וָואס פִיעל פוּן זַיינֶע קְרוֹבִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ בֶּעזֶעצְט אִין מַאיִנְץ (מַגֶנְצָה), בִּיז מֶען הָאט דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. וִוי וַוייט קַארְל הָאט גֶעהַאלְטֶען פוּן יוּדֶען — קָאן מֶען אַרוֹיסְזֶעהן דֶערְפוּן וָואס צְוִוישֶׁען דִי שְׁלוּחִים, וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּם כַּלִיף הַרוּן אַל־רַשִׁיד, אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ יוּד יִצְחָק, אוּנ אַז דִי אַנְדֶערֶע שְׁלוּחִים זֶענֶען אוֹיפ'ן וֶועג גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנ נָאר דֶער יוּד אִיז צוּרִיק־גֶעקוּמֶען מִיט אַ תְּשׁוּבָה פוּנ'ם כַּלִיף, אוּנ מִיט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת, הָאט אִיהם

קאַרל אויפגענומען אין דער שטאָדט אַאַכען מיט גרויס כּבוד אונ פּאַראַד ווי עס שטעהט אָן אַ קייזערליכען געזאַנדטען.

אין דייטשלאַנד האָבען זיך אויך די יודען פאַרמעהרט, בּיי אַזאַ גוטער לאַגע, אונ האָבען אים נײַנטען יאָהרהונדערט געהאַט גרויסע קהלות אין מאַגדעבורג, מערזעבורג אונ רעגענשבורג. פון די אַלטע צייטען איז נאָר איבערגעבליבען אַ שענדליכער מנהג וואָס ווען אַ יוד האָט בּעדאַרפט זיין אַ עדות געגען אַ קריסט, האָט ער געמוזט שווערען „ער זאָל איינגעזונקען ווערען ווי קורח", אונ אַ חוץ דעם אָנטהון צו דער שבועה אַ קראַנץ פון דאָרנער. אין די נויע יאָהרען איז טאַקי אַזאַ צערעמאָני אַ גרויסע שאַנדע, נאָר עס איז פאָרט בּעססער געוועהן ווי אַמאָל ווען מען האָט די יודען גאָר ניט צוגעלאָזט צו זיין עדות. אַז די מלוכה איז איבערגעגאַנגען צו קאַרל'ס יורש לודוויג דעם פרומען, איז דער מעמד פון די יודען נאָך מעהר פאַר בּעסערט געוואָרען: זיי האָבען געקאָנט אומעדום פריי האַנדלען, אונ וואַנדלען אונ צו ליעב זיי האָט מען אַפילו אין פיעל שטאָדט די מאַרקטאָג אָבּגעלעגט פון שבת אויף זונטאָג. די יודען האָבען מעהר ניט בּעדאַרפט ווי נאָר צאָהלען מס דער מלוכה אונ ווייטער האָט זיך קיינער צו זיי ניט געטאָרט מישען; די מלוכה האָט ווידער זיי געשיצט אונ האָט געשטעלט אַ בּעזונדער מושל, וואָס מען האָט איהם גערופען „יודענמייסטער", אונ וואָס האָט געמוזט אַכטונג געבען זיי זאָלען לעבען רוהיג אונ צופרידען. די סבה וואָס אַזאַ פרומער קייזער ווי לודוויג, וואָס האָט שטאַרק געקלעבט אין קאַטאָליציזמוס, האָט אַזוי געהאַלטען פון יודען — איז ניט געוועהן נאָר דאָס וואָס ער האָט געוואָלט בּעפעסטיגען דעם האַנדעל אין לאַנד, נאָר וואָס די יודען האָבען געהאַט אַזאַ בּעשיצערין ווי די קייזערין יהודית. זי האָט זעהר ליעב געהאַט צו לייענען אין דער ביבעל די ערצעהלונגען פון די יודישע אבות, אונ איז אין גאַנצען איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם אַלטען פאָלק וואָס פיהרט זיין יחוס פון אַזוי פיעל דורות. אַז דער געלערנטער גייסטליכער ראַבּאַנוס מוירוס האָט געוואָלט ווערען אַ חשוב בּיי דער קייזערין האָט ער איהר צוגעטראָגען אַ בוך, וואָס דאָרט זענען געוועהן געשריבען די עדלע יודישע פרויען „אסתר" אונ „יהודית". דאָס פאַרשטעהט מען אַז ווי באַלד מען האָט אין הויף אַזוי פריינדליך געקוקט אויף די יודען, האָבען שוין אַללע גרויסע לייט געמוזט נאָכטאַנצען אונ די יודען האָבען אָנגעהויבען שפּיעלען די גראָסטע ראָללע. כמעט אין יעדען אָרענטליכען קריסטליכען הויז האָט מען געלייענט די יודישע הייליגע ספרים אונ אויך די ביכער פון יאָזעפוס פלאַוויוס אונ פהילאָ (פלון היהודי).

בַּיי מִשְׁפָּטִים פְּלֶעגֶען קְרִיסְטֶען זִיךְ פֶּערְלָאזֶען אוֹיף יוּדִישֶׁע רַבָּנִים, דִי שׁוּלֶען אִין שַׁבָּת אוּנ אִין יוֹם טוֹב זֶענֶען גֶעוֶועהן פוּל מִיט קְרִיסְטֶען, וָואס פְּלֶעגֶען הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן דִי רַבָּנִישֶׁע דְרָשׁוֹת, אוּנ אֲפִילוּ גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט צוּ לֶערְנֶען בַּיי יוּדֶען.

דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, ווִי וֶועניג זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן, הָאט גֶעווִיס פֶּערְדְרָאסֶען וָואס דִי יוּדֶען זֶענֶען גָאר פְּלוּצְלוּנְג אַזוֹי דֶערְהוֹיבְּט גֶעוָוארֶען, אוּנ דֶער עֶפִּיסְקָאפּ פוּן לִיאָן אַגָּבַּרְד הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דְרֶעהֶען אַז אִין קֵייזֶערְלִיכֶען הוֹיף זָאל מֶען בֶּעקוּמֶען אַיין אַנְדֶער מֵיינוּנְג וֶועגֶען יוּדֶען. פְרִיהֶר הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְּרוּבְט אָנְצוּרֶעדֶען אוֹיף דֶער קֵייזֶערִין, נָאר אַז לוּדְוִויג הָאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ פְּלַאן אַז דִי פְּרִינְצֶען זָאלֶען אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען פָאטֶער אוּנ זָאלֶען אִין זַייעֶרֶע הֶענְד אִיבֶּערְנֶעהמֶען דִי מְלוּכָה. אָנְגֶעהוֹיבֶּען הָאט זִיךְ דִי זַאךְ דֶערְפוּן וָואס בַּיי אַ יוּדֶען אִין לִיאָן אִיז אַנְטְלָאפֶען אַ שְׁקְלַאווִין, אוּנ אַגָּבַּרְד הָאט זִי גֶעהֵייסֶען טוֹיפֶען. דָאס הָאט פֶּערְדְרָאסֶען דִי יוּדֶען, ווַייל קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעהַאט דָאס רֶעכְט צוּ טוֹיפֶען זֵייעֶרֶע שְׁקְלַאוֶוען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעקְלָאגְט בַּיים „יוּדֶענְמַייסְטֶער" עֶבֶּער־הַארְד, וָואס הָאט בַּאלְד גֶעפָאדֶערְט מֶען זָאל דִי גֶעטוֹיפְטֶע שְׁקְלַאווִין אָבְּגֶעבֶּען. אַגָּבַּרְד הָאט זִיךְ אָבֶּער אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ קְרִיעג צְווִישֶׁען אִיהם אוּנ דֶעם „יוּדֶענְמַייסְטֶער", וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט פִיעֶר יָאהר בִּיז דֶער עֶפִּיסְקָאפּ אִיז אַרָאבּ פוּן זַיין שְׁטֶעללֶע.

צוּם אָנְהֵייבּ הָאט אַגָּבַּרְד דוּרְךְ זַיין חֶבְרָה זִיךְ בֶּעמִיהט, דֶער קֵייזֶער זָאל אִיהם אוֹיפְנֶעהמֶען אוּנ פַּסְקְנֶען וֶוער עֶס הָאט דָא רֶעכְט, נָאר אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם אוֹיסְטַעֲנֶה'ן זִיךְ הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט קֵיין לָשׁוֹן אוּנ הָאט גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען. אַז עֶר אִיז נָאךְ אַזַא מַפָּלָה צוּרִיקְגֶעקוּמֶען קֵיין לִיאָן אִיז עֶר נָאךְ מֶעהר אַרַיין אִין דֶער רְצִיחָה אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין אַ סַךְ דְרָשׁוֹת אָנְצוּרֵייצֶען דָאס פָאלְק גֶעגֶען יוּדֶען אוּנ בֶּעטֶען מֶען זָאל מִיט זֵיי נִיט הַאלְטֶען, נִיט בֶּעגֶעגְנֶען זִיךְ, נִיט עֶסֶען בַּיי זֵיי. דִי גוּטֶע פְרַיינְד פוּן יוּדֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט צוּמַאכֶען דָאס מוֹיל אוּנ הָאבֶּען גֶעפּוֹעֶלְט בַּיים קֵייזֶער עֶר זָאל שִׁיקֶען „שׁוּטְצְבְּרִיעף" מֶען זָאל יוּדֶען קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט טְהוּן. אַז דִי בְּרִיעף זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען הָאט אָבֶּער אַגָּבַּרְד נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ טְהוּן זַיינְס אוּנ הָאט צוּפְלַיים גֶעשְׁרִיגֶען אַז דִי אוּנְטֶער שְׁרִיפְט אִיז פַאלְשׁ. דִי מְלוּכָה הָאט גֶעמוּזְט אַרוֹיסְשִׁיקֶען צְווֵיי בֶּעזוּנְדֶערֶע שְׁלוּחִים, וָואס הָאבֶּען דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ מִיט גֶעוואַלְד גֶעבְּרַאכְט צוּם שְׁוַוייגֶען, חָאטְשׁ זַיינֶע דְרָשׁוֹת הָאבֶּען אֵייגֶענְטְלִיךְ קֵיין שׁוּם מַמָשׁוֹת נִיט גֶעהַאט: דִי אַיינְוואוֹהנֶער פוּן לִיאָן הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין שׁוּם סִבָּה פַאר וָואס בַּאז צוּ

זיין אויף די יודען און דער פאר זענען דינע ביד אין איין אורטער אריין און אין דעם אנדערן — ארוים.

אנבראר האט זיך אבער פארט ניט געקאנט בערוהיגען און ער האט געמאכט א אסיפה (קאנצול) פון גייסטליכע, וואס האבען אויסגעארבייט א פאפיער מען זאל דערלאנגען דעם קייזער און איהם בעווייזען וואס פאר א אונרעכט עס איז אזוי צו בעשיצען יודען. ווי עס ווייזט אויס, איז דאס פאפיער אפילו ניט אנגעקומען צום קייזער, און אז אנבראר האט געזעהן אז נאר פון רעדען און שרייבען וועט גאר ניט ארויסקומען, האט ער אנגעהויבען ארבייטען אויף אין אנדער אופן, ביז עס איז ארוים א מרידה און די פרינצען האבען געוואלט ביי לודוויג'ן צונעהמען די קרוין. פון דער מרידה איז אבער נאר ארוים דאס וואס אנבראר האט אנגעוואהרען זיין שטעללע, און ערשט שפעטער מיט עטליכע יאהר האט ער געפועלט ביים גוטען קייזער ער זאל ווייטער בלייבען אויף זיין ארט.

לודוויג איז געבליבען ביז אין טויט אריין געטריי און איבערגעבען די יודען, האטש עס האט זיך געמאכט א צופאל, וואס ער האט פון איהם זעהר פיעל יסורים געהאט און וואלט וואס געקאנט אין גאנצען איבערקעהרען זיינע געדאנקען און געפיהל, ווען ער איז ניט איבערצייגט, אז יודען זענען אין דעם ניט שולדיג. איינער פון די בעסטע גייסטליכע באדא (פּואוּטי), וואס לודוויג האט איהם זעהר ליעב געהאט און געשאצט, איז געפאהרען קיין רום זיך לאזען בענשען ביים פאבסט און מתפלל זיין אויף די היילינע קברים. וואס מיט איהם איז פארגעקומען אין רום — איז שווער צו וויסען, עס איז א סברא אז דאס לעבען פון די גייסטליכע איז איהם שטארק ניט געפאלען, נאר גאר פלוצלונג האט ער געווארפען א אום-חן אויף דער קריסטליכער רעליגיאן און איז גלייך אוועק קיין שפאניען, דארט האט ער זיך מגייר געוועהן אין דער שטאדט סרגאסא, ער האט חתונה געהאט מיט א יודיש קינד, זיך אנגעהויבען רופען אליעזר, און האט דערנאך בעוויזען אזא שנאה געגען קריסטען אז ביי א מלחמה האט ער צוגערעדט די מחמדנער זיי זאלען קיין רחמנות ניט האבען אויף זיינע געוועזענע גלויבענסברידער און זאלען זיי גייטהען זיי זאלען מוזען איבערגעהן צום איסלאם אדער צום יודענטהום. באדא האט פערפאלגט די קריסטען מיט'ן גאנצען פייער פון א קאטוילישען גייסטליכען, און עס איז געקומען דערצו אז פון שפאניען האבען די קריסטען געשיקט געבעט-בריעף קיין פראנקרייך, די מלוכה זאל זיך אנטהון אללע כוחות און זעהן פועל'ן מען זאל ארויסגעבען פון דארט דעם געפאהרליכען גר. אודאי איז דאס געוועזען א שטארקער וועטהיג פאר'ן קייזער

לודוויג; עס פלעגט איהם אפט קומען אויף דער מחשבה אז ער האט אפשר אלליין א נגיעה אין דער זאך דער מיט וואס ער איז געוועהן א צו נאהענטער מחותן מיט די יודען, נאר זיין עהרליכער האראקטער האט איהם ניט דערלאזט זיך נוקם זיין אין אונשולדיגע מענשען אונ ער האט ניט אויפגעהערט צו טהון חסדים מיט יודען.

נאך לודוויג'ס טויט איז געוואָרען אַ איבערשלאַג אין דעם גליקליכען לעבען פון די יודען. אין דער ערשטער צייט האבען זיי עס אפילו ניט געקאנט אזוי פיהלען, ווייל דער נייער קייזער קארל דער קאהלע (מיט די אויסגעקראכענע האר פונ'ם קאפ) האט געירשט פון זיין מוטער יהודית ליעבשאפט צום יודישען פאלק. ביי איהם אין הויף איז נאך געוועהן א יודישער לייב-דאקטאר צדקיהו, אונ אויסער דעם האט ער געהאט א גוטען פריינד יהודה, וואס ער פלעגט זיך מיט איהם בעראטהען שטענדיג. אודאי האבען די יודען נאך ניט געוואוכט פון קיין נויט, נאר די גייסטליכע האבען אויף זיי געשארפט די ציין אונ זענען זיי געוועהן שונאים אויפ'ן לעבען.

דער ערגסטער פון אללע שונאים איז געוועהן דער עפיסקאפ פון ליאן אמאלא, א תלמיד פון אגברד, וואס האט זיך געוואוכט נוקם זיין אן די יודען פאר זיין רבי'ן. ער האט אין דער שטאדט מאו ניט ווייט פון פאריז, געמאכט איין אסיפה פון די גראסטע גייסטליכע אונ האט אויך צוגעשלעפט צו דער פערזאמלונג דעם עפיסקאפ פון רהיימס, הינקמאר, וואס איז געוועהן א שטארקער חשוב ביי קארל'ן, אונ עס איז געבליבען ביי אללע מען זאל פארלעגען דעם קייזער אז ער וועט גליקליך מאכען דאס לאנד ווען ער וועט צו פרעסען א ביסעל די יודען. זיי האבען אויסגעגראבען די אלטע גזירות פון אמאל אונ האבען גערעכענט אז ווען קארל וועט זיי צו ליעב טהון חאטש אויף דער העלפט וועט אויך זיין פאר זיי גענוג. אומזיסט איז אבער געוועהן זייער מיה: קארל איז ניט געוועהן פון די מענשען, וואס לאזען זיך זאגען א דעה אונ דערצו האט ער טאקי ניט געהאט פאר וואס זיך צו טשעפען צו די יודען, אונ דער גאנצער געשריי האט זיך אויסגעלאזט דערמיט וואס די יודען האבען בעדארפט פון סחורה צאהלען עלף פראצענט מס פאר דער מלוכה, אונ ביי די קריסטען האט מען מעהר ניט גענומען ווי צעהן פראצענט.

אז אמאלא'ס פלאן איז ניט געראטהען, האט ער זיך ענטשלאסען אויפ־צורייצען די קליינע פירסטען, וואס האבען געהאט צו שאפען איבער פערשידענע ארטער, וואו יודען האבען געוואוינט, ווייל פראנקרייך האט זיך דעמאלט צו־

טהײלט אויף פיעל קלײנע חלקים, אונ ער מיט נאך אנדערע גײסטליכע האבען צושיקט בריעף אומעדום אונ האט אויסגעוויזען וואס פאר א שעדליך פאלק יודען זענען אונ ווי זײ פערדארבען קריסטען, וואס האלטען מעהר פון רבנים ווי פון גײסטליכע. פריהער האבען זײ די פירסטען אויך ניט געוואלט הערען, נאר ביס־לעכווײז האט דער גיפט פון רכילות אנגעהויבען ארבײטען אונ די יודען זענען געווארען הפקר. צום אנהײב האבען זיך אפילו די יודען ארויסגעשטעלט געגען די שונאים אונ דארט וואו מען האט געהאלטען פאר א מצוה אנצופאלען אויף זײ אין דער וואך פון פסח האבען די קריסטען פון זײ אויך געהאפט גוטע קלעפ, אונ עס פלעגען פאלען הרוגים פון בײדע זײטען. דער מענש ווערט אבער געוואוהנט מיט צרות, אונ מיט דער צײט מײנט ער אז עס קומט איהם אזוי: דער פאר האבען די יודען אנגענומען פאר ליעב, ווען אין טולוזה איז ארויס א מנהג אז יעדען פרײטאג פאר דעם קריסטליכען פסח מוז דער גראף פון דער שטאדט געבען א פאטש דעם יודישען פארשטעהער, אונ אז עס האט זיך אײן מאל געמאכט וואס א גײסטליכער הונא, וועלכען מען האט מכבד געוועהן מיט דעם כבוד, האט אראבגעלאזט אזא פאטש אז דער יוד איז אויפ'ן ארט געשטארבען, האבען די יודען זיך אפילו ניט געקלאגט אין ערגיץ אונ האבען מעהר ניט געבעטען; נור מען זאל בײ זײ נעהמען געלט אונ פערבײטען די מצוה פון יודען־שלאגען אויף דער מצוה, צו רײסען בײ זײ געלד אויף צדקה־זאכען.

דרײ דורות זענען אין גאנצען אוועקגעגאנגען אונ די לאגע פון די יודען איז שוין ניט געוועהן צו דערקענען. לודוויג דעם פרומען'ס אור־ענינקעל, לודוויג דער צווײטער, האט זיך אזוי געלאזט ארומפיהרען פון די גײסט־ליכע, אז ווען ער איז אים יאהר 855 געווארען קאניג פון איטאליען, האט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל אז קײן אײנציגער יוד זאל זיך ניט טארען געפינען אין לאנד. צום גליק איז דעמאלט איטאליען געוועהן אין אזא שוואכען צושטאנד, אז די מלוכה איז ניט אים שטאנד געוועהן אזא בעפעהל אויסצופיהרען; נאר אז די יודען האבען זיך שוין בעדארפט רעכנען פאר אײנגעבעטענע איז דאס בײ זײ גלײך געוועהן ווי ארויסגעטריבען. ניט בעסער איז געוועהן די יודען אין אנדערע ערטער אין פראנקרײך: דער קאניג קארל דער תם האט מנדר גע־וועהן אויף דער קירכע די גאנצע הכנסה פון יודישע ווײנגארטנער, אונ דער קאניג פון בורגונד באזא האט פשוט געמאכט די יודען פאר קנעכט, אונ האט זײ אוועקגעשענקט דער קירכע.

אין די ביצאנטינישע לאנדער האבען די יודען שוין לאנג ניט געהאט קײן

רֶעכְטֶע, נָאר מִיט אֵיין זַאךְ הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפִיהלְט גְלִיקְלִיךְ וָואָס אִין רֶעלִיגְיָאנְס־זַאכֶען הָאט מֶען זֵיי נִיט גֶעשְׁטֶערְט. אַז בַּאזִילְיוּס פוּן מַאקֶעדָאנְיֶען אִיז אָבֶּער גֶעוָוארֶען קֵייזֶער, הָאט מֶען בַּיי זֵיי דִי אֵיינְצִיגֶע נֶחָמָה אוֹיךְ צוּגֶענוּמֶען. בַּאזִילְיוּס הָאט זִיךְ שְׁטַארְק מִיה גֶעגֶעבֶּען אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם, אוּנ הָאטְשׁ עֶר הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען נָאר מִיט גוּטֶען צוּרֶעדֶען דֶערצוּ אוּנ אָבְּשִׁיטֶען דִי גֶעטוֹיפְטֶע מִיט אַללֶע הֲדָרִים, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט מֶען נִיט יוֹצֵא גֶעוֶועהן נָאר מִיט דֶעם, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ מִיט דִי עַקְשָׁנִים אָבְּגֶערֶעכֶענְט אַז דָאס לֶעבֶּען אִיז זֵיי נִיט נִיחָא גֶעוֶועהן. דָאס הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ וָואס פִיעל יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט טוֹיפֶען, נָאר קוֹים אִיז בַּאזִילְיוּס גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם יוּדֶענְטְהוּם. דֶערְפוּן אִיז אָבֶּער אַרוֹיס נָאךְ אַגְרֶעסֶער אוּנְגְלִיק, וַוייל דֶער נַייעֶר קֵייזֶער לֶעאָ, וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען „דֶער פִילָאזָאף", אִיז גֶעוֶועהן נָאךְ פְרוּמֶער פוּנ'ם פָאטֶער אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען פַארְמִשְׁפָּטְ'ן צוּם טוֹיט יֶעדֶען גֶעטוֹיפְטֶען יוּדֶען, וָואס עֶס וֶועט אוֹיף אִיהם פַאלֶען אַחְשַׁד אַז עֶר הַאלְט נָאךְ פוּן זַיין פְרִיהֶרִיגֶער אֱמוּנָה. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זֶעהר פִיעל פוּן דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, וָואס זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשְׁוואוּמֶען פוּן אֵיין זַייט אוּנ צוּ דֶער אַנְדֶערֶער זַייט אִיז זֵיי שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ צוּ צוּשְׁלָאגֶען, מִיט'ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט פַאר אֵיין קוּק צוּרִיק — צוּ זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער....

## 3 רַב סַעְדְיָה גָאוֹן אוּנ זַיין צַייט.

(928—950 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

אוֹיךְ אִין בָּבֶל אוּנ אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער, וָואס דִי כַּלִיף'ן הָאבֶּען גֶעהַאט אִיבֶּער זֵיי צוּ שַׁאפֶען, אִיז דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען שְׁלֶעכְט. דֶער כַּלִיף אַל־מוּטַבַקִיל הָאט גֶערוֹדֵף'ט יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען, אוּנ הָאט גֶעגֶען זֵיי בֶּענַייהט דִי אַלְטֶע גְזֵירוֹת פוּן עָמַאר'ן. עֶר הָאט זֵיי נִיט צוּ גֶעלָאזְט צוּ קֵיין שׁוּם דִיעֶנְסְט, עֶר הָאט בַּיי זֵיי צוּ גֶענוּמֶען שׁוּלֶען אוּנ קִירְכֶען אוּנ אוֹיף זֵייעֶר אָרְט אוֹיסְגֶעבּוֹיט מַאשֶׁעֶען, אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעטָארְט רַייטֶען אוֹיף פֶערְד, נָאר אוֹיף אֵייזְלֶען, אַ צֶעהְנְט־חֵלֶק פוּן דֶער הַכְנָסָה הָאט מֶען בַּיי זֵיי גֶענוּמֶען מַס, אוּנ מֶען הָאט זֵיי נָאךְ גֶענֵייט זֵיי זָאלֶען טְרָאגֶען נָאר אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער, גֶעלֶע מַאנְטְלֶען, אוּנ זִיךְ צוּ גַארְטְלֶען מִיט שְׁטְרִיק. דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא הָאט דִי מְלוּכָה קֵיין שׁוּם מַאכְט נִיט גֶעגֶעבֶּען אוּנ דִי שְׁטֶעלֶע אִיז דֶערְוַוייל נָאךְ נִיט אוּנְטֶער גֶעגַאנְגֶען נָאר דֶערְפַאר וָואס דֶער עוֹלָם אִיז שׁוֹין גֶעוָואהְנְט גֶעוֶועהן צוּ הָאבֶּען אַ פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנ עֶס

אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועהן פְּלוּצְלוּנְג גָאר צוּ בְּלַייבֶּען אָהן אַ מַנְהִיג. אִין דֶער צַייט הָאט פּוּמְבְּדִיתָא, וָואס אִיז גֶעוֶועהן נָאהֶענְטֶער צוּ דֶער הוֹיפְּטְשְׁטַאדְט בַּגְדָד, אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען אַ גְרֶעסֶערֶע רָאלֶע פוּן סוּרָא, אוּנ אַזוֹי וִוי בֵּיידֶע רָאשֵׁי־יְשִׁיבוֹת הָאבֶּען צוּ טְהוּן גֶעהַאט אִיבֶּער דֶעם טִיטֶעל „גָאוֹן", הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁטַארְק מַחֲלוֹקֶת. פוּן יֶענֶע גְאוֹנִים זֶענֶען מֶעהר בֶּעקַאנְט דִי נָאהמֶען פוּן פַּלְטוֹי בֶּן אַבַּיֵי אוּנ מַר שַׂר שָׁלוֹם, וָואס הָאט גֶעפַּסְקֶ'ט אַז נָאכ'ן תַּלְמוּד טָאר מֶען אֲפִילוּ מֶענְשֶׁען פוּן אַנְדֶערֶע אֱמוּנוֹת אוֹיךְ נִיט אָבְּנַארֶען. דִי גְאוֹנִים הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט תַּלְמוּד, אוּנ פוּן קֵיין חָכְמוֹת חִיצוֹנִיוֹת הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען; זֵיי הָאבֶּען זִיךְ מְפַלְפֵּל גֶעוֶועהן אִיבֶּער דֶעם קְלֶענְסְטֶען דִין אָדֶער מִנְהָג, אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ, אַז דֶער גָאוֹן פוּן סוּרָא נַטְרוֹנָאִי דֶער צְוֵוייטֶער הָאט זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ זָאגֶען, אַז וֶוער עֶס רֶעכְט נִיט אָב אוּם פֶּסַח דֶעם סֵדֶר וִוי עֶס דַארְף צוּ זַיין — אִיז עֶר גְלַייךְ צוּ אַ גֶאטְצֶענְדִינֶער. צְווִישֶׁען דִי רַבָּנִים הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער יוֹא גֶעפוּנֶען גְרוֹיסֶע דֶענְקֶער, וָואס הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז מֶען קָען נִיט בְּלַייבֶּען פֶערְשְׁלָאסֶען נָאר אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, אַז מֶען מוּז קוּקֶען מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער בְּרֵייטֶער וֶועלְט. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען מֶעהר בֶּעדִינֶען מִיט דֶער אַרַאבִּישֶׁען שְׁפְּרַאכֶע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק גֶענוּמֶען לֶערְנֶען פֶערְשִׁידֶענֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנ חָכְמוֹת.

פוּן דִי רַבָּנִים הָאט זִיךְ בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּערִיהמְט גֶעמַאכְט ר' יִצְחָק בֶּן שְׁלֹמֹה הַיִשְׂרְאֵלִי, וָואס הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן מִצְרַיִם אוּנ אִיז גֶעוֶועהן לֵייבּ־דָאקְטָאר בַּיים כַּלִיף עְבֵּד־אַלַה. עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט פִינְף אוּנ נַיינְצִיג יָאהר אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען פִיעל סְפָרִים וֶועגֶען מֶעדִיצִין אוּנ אַנְדֶערֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען. עֶר הָאט גֶעהַאט צְוֵויי תַּלְמִידִים, אַ מַחְמַדַנֶער: אַבּוּ נַ'אפַאר אִבְּן־אַלְגִ'זַר, אוּנ אַ יוּדֶען דוּנַשׁ בֶּן תַּמִים, וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג פוּנ'ם רֶבִּי'ן אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעמִיהט צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי חָכְמָה אִין יוּדִישֶׁען פָאלְק.

בַּיים סוֹף פוּנ'ם נַיינְטֶען יָאהר הוּנְדֶערְט, וֶוען דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם כַּלִיף אַל־מוּטַדְהִיד אוּנ זַיין הוֹיפְּט־מִינִיסְטֶער עְבַּיד־אַלַה אִבְּנ־סוּלֵיימַן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מְקָרֵב זַיין יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען, אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען פִיעל בֶּעסֶער, נָאר אִין זֵייעֶר אִינְוֶוענִיגְסְטֶען לֶעבֶּען אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶועהן פוּל מִיט אוּנְצוּפְרִידֶענְהַייטֶען. דָאס מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען בֵּיידֶע יְשִׁיבוֹת פוּן סוּרָא אוּנ פוּמְבְּדִיתָא אִיז אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ סוּרָא הָאט אִין גַאנְצֶען כִּמְעַט פֶערְלָארֶען אִיהר וֶוערְט, וֶוען אִין פוּמְבְּדִיתָא אִיז גֶעוָוארֶען גָאוֹן רַב הָאִי בֶּן דָוִד, וָואס אִיז פְרִיהֶר גֶעוֶועהן רַב אִין בַּגְדָד אוּנ דָאס פָאלְק הָאט אִיהם

וָוערט לִיעבּ גֶעהַאט. נָאךְ מֶעהר אִיז סוּרָא אַרָאבְּגֶעפַאלֶען וָוען דִי שְׁטֶעלֶע פוּן רַב הַאי בֶּן דָוִד אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ מַר כֹּהֵן צֶדֶק, וָואס הָאט גֶעוָואלְט אַז דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא זָאל נִיט הָאבֶּען נָאר קֵיין חֵלֶק אִין דִי נְדָבוֹת, וָואס מֶען פְלֶעגְט שִׁיקֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוֹיף אוֹיס צוּהַאלְטֶען דִי יְשִׁיבוֹת. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַ פְּשָׁרָה׳ אַז בֵּיידֶע יְשִׁיבוֹת זָאלֶען זִיךְ גְלַייךְ אַיינְטְהֵיילֶען, נָאר פַאר מַר כֹּהֵן צֶדֶק אִיז דָאס נָאךְ אַלֶעס וֵוייניג גֶעוֶועהן: עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אַז נָאר דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא זָאל הָאבֶּען דָאס רֶעכְט צוּ זֶעצֶען דַיָינִים, אוּנ הָאט דֶערְמִיט בֶּערִירְט דֶעם כָּבוֹד פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא מַר עוּקְבָא, וָואס הָאט זִיךְ דַארוֹיף בֶּעקְלָאגְט פַאר דֶער מְלוּכָה. מַר כֹּהֵן צֶדֶק הָאט אָבֶּער אִין הוֹיף גֶעהַאט גוּטֶע פְרַיינְד, וְוִי יוֹסֵף בֶּן פִּנְחָס אוּנ נְטִירַא, אוּנ מֶען הָאט אַזַא דְרַייִ גֶעטְהוּן אַז פְּלוּצְלוּנְג הָאט מֶען אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא אוּנ מַר עוּקְבָא הָאט גֶעמוּזְט אַוֶועק קֵיין קְרְמִיסִין, נִיט וַוייט פוּן בַּגְדַד. צוּ זַיין גְלִיק, הָאט זִיךְ גְרָאד דָארְט דֶערְמָאלְט גֶעפוּנֶען דֶער כָּלִיף אַלְמוּקְטַדְרְשִׁיר, אוּנ אַזוֹי וְוִי מַר עוּקְבָא אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער בְּרְיָה אוֹיף שִׁירִים שְׁרַייבֶּען אִין דֶער אַרַאבִּישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע אוּנ הָאט דֶעם כָּלִיף אוֹיף אַ שְׁפַּאצִיר בֶּעגְרִיסְט מִיט אַ שֶׁאנֶעם שִׁיר, אִיז עֶר צוּרִיק אַרוֹיף אוֹיף זַיין שְׁטֶעלֶע. דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶערוּהט אוּנ הָאבֶּען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע מִיטֶעל אַזוֹי לַאנְג גֶעאַרְבַּייט בִּיז מֶען הָאט דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא וַוייטֶער אָבְּגֶעזָאגְט אוּנ מֶען הָאט אִיהם שׁוֹין דָאס מָאל אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט פוּן דֶער מְדִינָה, כְּדֵי עֶר זָאל מֶעהר קֵיין שְׁלִיטָה נִיט הָאבֶּען. מַר עוּקְבָא אִיז אַוֶועק קֵיין קִירְוַאן אִין אַפְרִיקָא, אוּנ הָאט זִיךְ דָארְט מִיט כָּבוֹד אוֹיסְגֶעלֶעבְּט זַיינֶע יָאהרֶען. מַר כֹּהֵן צֶדֶק הָאט אָבֶּער נִיט אַזוֹי גֶעמֵיינְט צוּ טְרֶעפֶען זַיין שׂוֹנֵא, וְוִי עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען עֶס זָאל זַיין אַ רֵישׁ גָלוּתָא, אוּנ דֶערְפַאר אַז דֶער עוֹלָם הָאט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען מַר עוּקְבָא׳ס אַ קָרוֹב, דָוִד בֶּן זַכַּאי, הָאט עֶר עַכ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט דֶערְלָאזֶען. דֶער פוּן אִיז אַרוֹיס אַ גַאנְצֶע קְרִיעג אוּנ דֶער נַייֶער רֵישׁ גָלוּתָא הָאט אִיהם גֶעוָואלְט מַאכֶען פַאר אוֹיס גָאוֹן, בִּיז אֵיינֶער פוּן דִי פְּרִימְסְטֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּים, דֶער בְּלִינְדֶער נְסִי נַהַרְוַנִי, הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין שָׁלוֹם, אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָהן הָאט זִיךְ דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא וַוייטֶער אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנ מַר כֹּהֵן צֶדֶק הָאט נָאךְ מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעקָאנְט זֶעהן וָואס פַאר אַ קְוַואל פוּן תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה הָאט זִיךְ דָארְט בֶּעוִויזֶען.

דָאס וָואס דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא הָאט צוּרִיק בֶּעקֻמֶען אִיהר גְלַאנְץ — הָאט זִי גֶעהַאט צוּ פֶערְדַאנְקֶען רַב סַעֲדְיָה (סְעִיד) בֶּן יוֹסֵף פוּן דֶער שְׁטָאדְט פַּאיוּם

אין מצרים. פון אללע גאונים, קאן מען זאגען, איז ער געוועהן דער ערשטער וואס האט צונויפגעבונדען תורה מיט חכמה צוזאמען, אונ האט די וויסענשאפט צווישען די רבנים געשטעלט אויף א פעסטען פוס. אין זיין צייט האבען גע־שפיעלט א גרויסע ראללע צוויי קראימעטע לומדים, א פאטער מיט א זוהן, משה אונ אהרן פון דער משפחה בן־אשר. זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט מסרה, אונ האבען געמאכט א גראמאטיק אויף צו לערנען לשון הקדש, ווייל די העברעאישע שפראכע איז כמעט אין גאנצען איינגעשטאנען אין די האנד פון די קראימעס, אונ די רבנים האבען זיך נאר אבגעגעבען מיט'ן תלמוד. רב סעדיה האט געגעבען א קוק אז עס איז קיין תכלית ניט וואס די יודען פערלאזען דאס הייליגסטע לשון, אונ ער האט אנגעשריבען אויף העברעאיש אונ אראביש א גרא־מאטיק. די קראימעס האבען באלד פערשטאנען צו ליעב וואס רב סעדיה האט אויף זיך גענומען אזא ארבייט אונ זענען איהם געווארען דם־שונאים. בעזאנ־דערס איז ארויסגעשפרונגען געגען איהם איינער פון די קראימעטע לומדים, שלמה בן־ירוחם, וואס האט אנגעשריבען א גאנץ ספר געגען רב סעדיה'ן, אונ שעלט איהם דארט מיט טויטע קללות. רב סעדיה האט זיך אבער גיט איבערגעשראקען אונ האט ארויסגעגעבען א סך ספרים אויף דער וועלט, אונ אויך איין אראבישע איבערזעצונג פון דער משנה, אונ זיין נאהמען האט אנגע־הויבען צו קלינגען צווישען יודען אומעדום.

אז דער ריש גלותא, דוד בן זכאי, האט זיך ענטשלאסען אריינצוגעבען א ניי לעבען אין דער ישיבה פון סורא אונ זי איבערצוגעבען אין רעכטע האנד פון א גרויסען מענשען, וואס זאל ווערט זיין צו טראגען דעם נאהמען „גאון", האט ער געפונען ראוי דערצו נאר צוויי מענשען: א היימישען למדן, פון די גרעסטע מיוחסים, צמח בן שהין, אונ רב סעדיה, וואס מען האט שוין פון איהם געהערט אז ער איז א וואונדערליכער מאן. רבי נסי נהרואני האט אפילו געראטהען מען זאל אויפנעהמען פאר גאון א מענשען וואס מען קען איהם, נאר דער ריש גלותא האט מעהר געצויגען אויף רב סעדיה'ס זייט, אונ מען האט איהם אראב געבראכט פון מצרים. נאר ניך האט רב סעדיה בעוויזען וואס ער קאן: אין א קורצע צייט איז די ישיבה פון סורא געקומען אויף אזא הויכע מדרגה אז פון פומבדיתא האט מען נאר ניט געקאנט רעדען. עס איז איהם אבער שווער געוועהן זיך אויסצוגלייכען מיט'ן ריש גלותא, וואס איז ניט געוועהן קיין גרויסער נקי כפים, אונ האט ליעב געהאט צו בערייסען דעם עולם. איין מאל האט זיך געמאכט וואס די יודישע קהלה פון דער שטאדט פארם האט גיט געקאנט

נָעבֶּען דָעם רֵישׁ גָלוּתָא אַזוֹי פִּיעל גֶעלְד וִוי פִּיעל עֶר הָאט גֶעוָואלְט, הָאט עֶר אוֹיף זַיי אַזוֹי אָנְגֶערֶעדְט. פַאר דָער מְלוּכָה אַז מֶען הָאט זַיי זֶעהר שְׁטְרֶענְג בֶּע־שְׁטְרָאפְט. דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען רַב סַעֲדְיָה'ן, נָאר עֶר הָאט גֶעמוּזְט צוּ־קוּקֶען דִי עַוְלָה אוּנ שְׁוַויינֶען, וַויִיל עֶר אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועהן זִיכֶער אוֹיף זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ הָאט גֶעהַאט שׂוֹנְאִים, וִוי דֶער גָאוֹן פוּן פּוּמְבְּדִיתָא מַר כֹּהֵן צֶדֶק אוּנ אַהֲרֹן אִבְּן שַׂרְגַדוּ, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער עָשִׁיר אוּנ אַ לַמְדָן נָאךְ דֶערְצוּ. קוֹים אִיז אָבֶּער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַ קוּרְצֶע צַייט אוּנ רַב סַעֲדְיָה הָאט גֶע־פִיהלְט אַז זַיין מַעֲמָד אִיז פֶעסְט, הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעלֵייגְט קַיין כָּבוֹד אוֹיפ'ן רֵישׁ גָלוּתָא, אוּנ בַּאלְד הָאט עֶר טַאקִי גֶעהַאט דִי מֶעגְלִיכְקַייט אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען זַיין פַייעֶרִינְגֶען חַארַאקְטֶער. בַּיי אַ פְּרָאצֶעס וֶועגֶען אַ יְרוּשָׁה הָאט דֶער רֵישׁ גָלוּתָא אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען נִיט קַיין רִיכְטִיגֶען פְּסַק, אוּנ הָאט דַוְקָא גֶעוָואלְט אַז בֵּיידֶע גְאוֹנִים זָאלֶען אִיהם גֶעבֶּען זֵייעֶר הַסְכָּמָה. מִיט מַר כֹּהֵן צֶדֶק הָאט עֶר נִיט בֶּע־דַארְפְט לַאנְג בֶּעטֶען, דֶער הָאט אִיהם בַּאלְד צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן, נָאר אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ רַב סַעֲדְיָה'ן הָאט עֶר אוֹיף קַיין פַאל זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט חַתְמֶ'נֶען. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ אַז דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא'ס זוּהן הָאט זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט אוֹיפְהֶעבֶּען אַ הַאנְד גֶעגֶען רַב סַעֲדְיָה'ן, אוּנ פַאר אַזַא עַזוּת אִיז עֶר קוֹים מִיט'ן לֶעבֶּען אַרוֹיס. דָא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ לַאנְגְוַוייליגֶע קְרִיעג: דֶער רֵישׁ גָלוּתָא הָאט רַב סַעֲדְיָה'ן אָבְּגֶעזָאגְט אוּנ אַיין אַנְדֶערְן בֶּעשְׁטִימְט אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנ רַב סַעֲדְיָה הָאט פוּן זַיין זַייט עֶרְקְלֶעהרְט, אַז דָוִד בֶּן זַכַּאי הָאט פֶערְלָארֶען זַיין שְׁטֶעלֶע אוּנ הָאט טַאקִי זַיין בְּרוּדֶער רַב יֹאשִׁיָה חַסַאן גֶעמַאכְט פַאר רֵישׁ גָלוּתָא. דָאס מַחֲלוֹקֶת אִיז גֶעוָוארֶען אַלֶּע מָאל גְרֶעסֶער אוּנ בֵּיידֶע צְדָדִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעהן מִיט תְּקִיפוּת אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּם כַּלִּיף אַלְמוּקְתַדִיר. דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער מְלוּכָה הָאבֶּען דֶערְוַוייל גֶערִיסֶען בַּיי יֶעדֶען צַד גֶענוּג גֶעלְד; מֶען הָאט זַיי צוּגֶעזָאגְט אַז בַּאלְד וֶועט מֶען מַאכֶען אַיין אֲסִיפָה אוּנ מֶען וֶועט בֵּיידֶע צְדָדִים זִיךְ לָאזֶען אוֹיסְטַעֲנֶה'ן, נָאר דֶערְוַוייל זֶענֶען אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעלָאפֶען צְוַויי יָאהר, אוּנ אַז דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם אָרֶעמֶען כַּלִּיף קַאהִיר אוּנ דֶער רַייכֶער אִבְּן שַׂרְגַדוּ, וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען מִיט דָוִד בֶּן זַכַּאי, הָאט אִיהם גֶע־גֶעבֶּען אַ הִיבְּשֶׁע מַטְבֵּעַ, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען אִי רַב סַעֲדְיָה'ן, אִי דֶעם נַייעֶם רֵישׁ גָלוּתָא. רַב יֹאשִׁיָה חַסַאן הָאט גֶעמוּזְט אַוֶועק אִין דֶער שְׁטָאדְט כוֹרַסַאן, אוּנ אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ רַב סַעֲדְיָה הָאט פִיער יָאהר גֶעלֶעבְּט אִין בַּגְדַד וִוי אַ אֵיינְפַאכֶער בַּעַל־הַבַּיִת. אִין דֶער צַייט הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען זַיין בֶּערִיהמְט סֵפֶר אִי־בֶּער דִי יְסוֹדוֹת פוּן אֱמוּנָה „הָאֱמוּנוֹת וְהַדֵּעוֹת“. אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ תְּשׁוּבָה אוֹיף

צְווייֵ הונדֶערְט שַׁאֲלוֹת, וָואס אַ גֶעוִויסֶער חִוִי הַבַּלְכִי, וָואס הָאט גֶעלֵייקֶענְט אִין גָאטט, הָאט גֶעפְרֶעגְט אוֹיף דֶער תּוֹרָה. וִוי פֶערְבִּיטֶערְט רַב סַעֲדְיָה'ס לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועהן, הָאט עֶר מִיט חֲרִיפוּת אוּנ טִיעפֶע חֲקִירוֹת אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז עֶס אִיז דָא אַ בּוֹרֵא עוֹלָם, אַז בַּיי אִיהם אִיז דִי אֱמֶת'ע חָכְמָה אוּנ נָאר אִין גַאנְצֶען דֶער כֹּחַ.

דֶערְוַוייל אִיז גֶעוָוארֶען אַ פֶערְאֶנְדֶערוּנְג אִין דֶער מְלוּכָה: דֶער נַייעֶר כַּלִיף אַל־קַדִּהִי אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר אַ גוּטֶער מֶענְשׁ אוּנ זַיין מִינִיסְטֶער עַלִי־אִבְּן אִיסָה הָאט שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען פוּן רַב סַעֲדְיָה'ן. מַר כֹּהֵן צֶדֶק אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט בִּיסְלֶעכְוַויים נָאךְ אַ מָאל אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ וֶוענְדֶען צוּ רַב סַעֲדְיָה'ן וִוי צוּם גְרֶעסְטֶען מַאן. אֵיין מָאל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט וָואס צְווייֵ מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעדַארְפְט פֶערְלָאזֶען אוֹיף בּוֹרְרִים, הָאט אֵיינֶער אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא, אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער — רַב סַעֲדְיָה'ן. אַז דֶער רֵישׁ גָלוּתָא אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר עֶס אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ פְּחִיתַת הַכָּבוֹד, אוּנ הָאט גֶעשִׁיקְט רוּפֶען דֶעם אַנְדֶערֶען צַד אוּנ הָאט אִיהם פָּשׁוּט גֶעהַרְגֶ'ט־גֶעשְׁלָאגֶען. אַזַא מַעֲשֶׂה הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ, אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי דִי נִכְבָּדִ־סְטֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים פוּן בַּגְדַד מֶען זָאל אָנְוֶוענְדֶען אַלֶע מִיטֶעל אוּנ זֶעהן אוֹיסְצוּגְלַייכֶען דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא מִיט רַב סַעֲדְיָה'ן, כְּדֵי עֶס זָאלֶען מֶעהר נִיט פָארְקוּמֶען אַזֶעלְכֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע זַאכֶען. אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע עֲשִׁירִים כַּשֵׁר בֶּן אַהֲרֹן הָאט זִיךְ זִיךְ אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין שָׁלוֹם, אוּנ אַז עֶס אִיז אִיהם גֶעגְרָאטְהֶען צוּנוֹיפְצוּבְּרֵיינְגֶען בֵּיידֶע צְדָדִים אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה: דֶער רֵישׁ גָלוּתָא הָאט עֶטְלִיכֶע טָאג כְּסֵדֶר נִיט אַוֶועקְגֶעלָאזְט פוּן זַיין הוֹיז רַב סַעֲדְיָה'ן, אוּנ הָאט אִיהם מִיט כָּבוֹד צוּרִיק גֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין שְׁטֶעלֶע. רַב סַעֲדְיָה אִיז דַארוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען, נָאר זַיינֶע שְׁבִירוֹת הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען וַוייטֶער גֶעבֶּען רַב יוֹסֵף בַּר סַטְיָא'ן וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעפִירְט דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא.

רַב סַעֲדְיָה'ס לֶעצְטֶע יָאהרֶען הָאבֶּען צוּגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער גְלַאנְץ צוּ דֶער יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא, וַוייל פוּן אַלֶע לֶאנְדֶער הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעוֶוענְדֶט מִיט שַׁאֲלוֹת־וּתְשׁוּבוֹת צוּם גְרוֹיסֶען „גָאוֹן". רַב סַעֲדְיָה'ס גוּט הַארְץ הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען נָאךְ דֶעם רֵישׁ גָלוּתָא'ס טוֹיט: עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען פֶערְגֶעסֶען דִי יִסוּרִים וָואס עֶר הָאט פוּן אִיהם אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען בַּיים לֶעבֶּען, אוּנ הָאט זַיין מִשְׁפָּחָה גֶעדִיענְט וִוי אַ פָאטֶער. זַיין זוּהן יְהוּדָה הָאט גֶעיַרְשֶׁ'ט דִי שְׁטֶעלֶע פוּן רֵישׁ גָלוּתָא, נָאר עֶר הָאט אָבֶּער מֶעהר נִיט גֶעלֶעבְּט וִוי זִיבֶּען חֳדָשִׁים, אוּנ נָאךְ אִיהם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ זוּהן פוּן צְוֶועלְף יָאהר. רַב סַעֲדְיָה הָאט דעם יתוֹם

אַרײַנגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב אוּנ הָאט אִיהם אַלֵיין עֶרְצוֹיגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל וֶוערְט זַיין צוּ וֶוערֶען אַ פָּארְשְׁטֶעהֶער פוּנ'ם פָּאלְק. דֶערְוַוייל אִיז גֶעוָוארֶען רֵישׁ גָלוּתָא אֵיינֶער פוּן דָוִד בֶּן זַכָּאִי'ס קְרוֹבִים; עֶס הָאט אָבֶּער לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט, ווייל דִי מַהְמַדַנֶער הָאבֶּען גֶעגֶען אִיהם פַאלְשׁ עֵדוּת גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט גֶע־לֶאכְטֶערְט זֵייעֶר אֱמוּנָה, אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶעטֵייטְט. אַז דֶער יוּנְגֶער מַאנְן אִיז אוּנְטֶערְגֶעוַואקְסֶען, אוּנ אִיז אַרוֹיף אוֹיפ'ן זֵיידֶענְס שְׁטֶעלֶע, הָאט עֶר שׁוֹין גֶע־שְׁוֶועבְּט אִין אַ סַכָּנָה, ווייל דִי מַהְמַדַנֶער זֶענֶען גֶעוֶועהן אִין כַּעַס פוּן פְרִיהֶר אוּנ הָאבֶּען אֶפֶּענְטְלִיךְ זִיךְ בֶּערִיהמְט אַז דֶער יוּדִישֶׁער פָארְשְׁטֶעהֶער אִיז נִיט זִיכֶער מִיט'ן לֶעבֶּען. דִי מְלוּכָה הָאט אֲפִילוּ דֶעם יוּנְגֶען רֵישׁ גָלוּתָא גֶעשִׁיצְט, נָאר אַיינ־הִיטֶען הָאט זִי נִיט גֶעקָאנְט: רוֹצְחִים זֶענֶען אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאלֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעפָאהרֶען מִיט גְרוֹיס פַּארַאד אִין אַ וָואגֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעהַרְגֶ'ט. אַזוֹי אִיז גֶעפַאלֶען נָאךְ זִיבֶּען הוּנְדֶערְט יָאהר דֶער לֶעצְטֶער רֵישׁ גָלוּתָא; דִי יוּדֶען הָאבֶּען שׁוֹין מוֹרָא גֶעהַאט אוֹיפְצוּרַייסֶען זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים דִי אוֹיגֶען אוּנ אוֹיסְקְלַייבֶּען אַ נַייעֶם פָּארְשְׁטֶעהֶער אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרֵייסְט דֶערְמִיט, וָואס בֵּיידֶע יְשִׁיבוֹת הָאבֶּען נָאךְ גֶעדִינְט פַאר אַ הוֹיפְּט־פוּנְקְט פוּנ'ם גַאנְצֶען יוּדֶענְטְהוּם.

מִיט רַב סַעֲדְיָה'ס טוֹיט, וָואס אִיז אִין גַאנְצֶען אַלְט גֶעוֶועהן פוּפְצִיג יָאהר; הָאבֶּען דִי יְשִׁיבוֹת אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאלֶען. זַיין זוּהן דוֹסָא אִיז אֲפִילוּ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען עֶטְלִיכֶע סְפָרִים, נָאר דֶעם פָאטֶערְס שְׁטֶעלֶע הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אָנְנֶעהמֶען. דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְ־גֶען צוּם פְרִיהֶרִיגֶען גָאוֹן יוֹסֵף בֶּן סַטְיָא, נָאר עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן צוּ אַלְט אוּנ הָאט גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען גֶעגֶען דֶער יְשִׁיבָה פוּן פוּמְבְּדִיתָא, וָואס הָאט זִיךְ נָאךְ אַ מָאל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס אַהֲרֹן אִבְּן שַׂרְגַדוּ אִיז גֶעוָוארֶען גָאוֹן אוּנ הָאט זַיינֶע בֶּעסְטֶע יָאהרֶען אוּנ לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת אַוֶועקְ־גֶעגֶעבֶּען דַארוֹיף עֶר זָאל זַיין יְשִׁיבָה בְּרֶענְגֶען צוּ אַ רֶעכְטֶען מַעֲמָד. אַכְטְצֶעהן יָאהר הָאט עֶר גֶעפִיהְרְט דִי יְשִׁיבָה, אוּנ אַזוֹי ווִי עֶר אִיז גֶעוֶועהן צוּ זַיין, בְּקִיאוּת אוּנ חֲרִיפוּת אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶער גְבִיר, הָאט עֶר אַלְדִינְג אוֹיסְגֶעפִיהְרְט, אוּנ דִי יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא אִיז אַזוֹי גֶעפַאלֶען אַז אִיהר פָארְשְׁטֶעהֶער הָאט זִיךְ בֶּעסֶער עֶנְטְשְׁלָאסֶען אַוֶועקְצוּפָאהרֶען. דִי אַיינְוָואהנֶער הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ גֶעפְּרוּבְט אַרוֹיסְצוּשִׁיקֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט פִיער שְׁלוּחִים צוּ זַאמְלֶען נְדָבוֹת אוּנ הָאבֶּען נָאךְ גֶעהָאפְט צוּ דֶערְ־הַאלְטֶען דִי יְשִׁיבָה; דָאס אוּנְגְלִיק הָאט אָבֶּער אַזוֹי גֶעשְׁפִּיעלְט אַז דָאס שִׁיף, אוֹיף וֶועלְכֶען דִי שְׁלוּחִים זֶענֶען אַרוֹיס גֶעפָאהרֶען, הָאט מֶען גֶעפַאנְגֶען אוּנ זֵיי זֶענֶען פַארְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִין וַוייטֶע מְדִינוֹת אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְ־

פיהרען זייער שליחות. אזוי האט מען געמוזט פארמאכען די ישיבה פון סורא, וואס האט מעהר פון זיבען הונדערט יאהר פארשפרייט תורה; אללע הייליגע ספרים האט מען מיט דער צייט פערפיהרט קיין שפאניען, און א נייער קוואל פון יודישע וויסענשאפט האט זיך געעפענט אין די לאנדער פון מערב-זייט.

רב סעדיה׳ס טויט און דאס צוזאמען פון דער סורא׳ר ישיבה האבען די קראימען צו געגעבען מעהר שטארקייט, און זיי האבען ווידער אויפגעהויבען א קאפ. דער אלטער סלמון בן ירוחם, וואס האט א לאנגע צייט געשוויגען, ווייל ער האט מורא געהאט פאר רב סעדיה׳ן, איז צופליים געפאהרען פון ארץ ישראל קיין בבל זיך אויסטענה׳ן מיט רב סעדיה׳ס תלמידים, און זיי דער־ווייזען אז זייער רבי האט ניט רעכט געהאט. אין דער איינענער צייט איז ארויס א וכוח צווישען רב סעדיה׳ס תלמיד יעקב בן שמואל און דעם קראימישען למדן יפת בן עלי הלוי, און אין ירושלים האט זיך בעזאנדערס בעריהמט געמאכט א קראי אבולסרי סהל בן מצליח הכהן, וואס איז געוועהן א גרויסער מדקדק און האט גוט געשריבען העברעאיש און אראביש. ער האט אנגעשריבען א פירוש אויף דער תורה, און האט אין פיעל ענינים אבגעוועהנדט רב סעדיה׳ס מיינונגען. דאס איז אבער געוועהן א נצחון אויף גאר א קורצע צייט. אז איינעם נעראט עפיס ווען זיין שונא איז גראד שוואך – בעווייזט עס נאך ניט אז ער איז א גבור, און אזא גבורה קאן יעדענפאלס קיין קיום ניט האבען.

# די יודיש־שפאנישע צייט:

## 1 די צייט פון אבן שפרוט.

(950—1020 נאך קריסטוס געבורט).

דער לעצטער פונק פון יודישקייט האט נאך געגליהט אין דער איינציגער ישיבה פון פומבדיתא, נאר ניך האט עס אויך געמוזט פערלאשען ווערען, ווייל נאך אהרן אבן שרגדו׳ס טויט איז געראטהען מר כהן צדק׳ס זוהן נחמיה זיך ארופהאפען אויף דער שטעללע פון „גאון“. דער עולם האט עם אבער ניט געוואלט ליידען און האט מעהר געצויגען צו רב שרירא בן חנניה, דערפון איז ארויס א גאנץ מחלוקת און אויף אזא אופן האט די ישיבה ניט געקאנט בליהען.

נָאטט הָאט אָבֶער אַזוֹי גֶעפִיהרְט, אַז דִי פִיעֶר שְׁלוּחִים, וָואס מֶען הָאט אַרוֹיס־ גֶעשִׁיקְט צוּ זַאמְלֶען נְדָבוֹת פַאר דֶער יְשִׁיבָה פוּן סוּרָא אוּנ דֶער מַחְמַדַנִישֶׁער אַדְמִירַאל אִבּן רַאמַחִיץ הָאט זֵיי גֶעפַאנְגֶען, הָאבֶען נַאנְץ וַויִיט פֶערְפְלַאנְצְט דֶעם בּוֹים, וָואס זַיינֶע בְּלֶעטֶער הָאבֶען שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרָאבְצוּפַאלֶען אִין בָּבֶל. אֵיינֶער פוּן זֵיי אִיז גֶעוֶועהן שְׁמַרְיָה בֶּן אֶלְחָנָן, וָואס דֶער אַדְמִירַאל הָאט אִיהם פֶערְקוֹיפְט קַיין אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶן, נָאר דָארְט הָאבֶען אִיהם דִי יוּדֶען אוֹיס־ גֶעלֵייזְט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין קַאִירָא; דֶעם צְוֵוייטֶען חוּשִׁיאֵל הָאט מֶען פֶערְקוֹיפְט קַיין אַפְרִיקָא אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין קִירוּאַן. דֶער דְרִיטֶער הָאט גֶעהֵייסֶען נָתָן בֶּן יִצְחָק הַכֹּהֵן אוּנ אִיז פֶערְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען קַיין נַארְבָּאן. דֶער פִירְטֶער אָבֶער, ר׳ מֹשֶׁה בֶּן חֲנוֹךְ, הָאט גֶעלִיטֶען מֶעהר פוּן אַלֶעמֶען: עֶר הָאט גֶעהַאט זֵייעֶר אַ שֵׁיין יוּנְג וַוייבּ אוּנ אַ גֶערָאטְהֶען קִינְד, וָואס עֶר הָאט זֵיי שְׁטַארְק לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ הָאט זֵיי מִיט גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ אִין דֶער נְסִיעָה; אַז מֶען הָאט זֵיי אַלֶע גֶעפַאנְגֶען, אִיז דָאס יוּדִישֶׁע וַוייבֶּעל גֶעפֶאלֶען דֶעם אַדְמִירַאל אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהר צוּ טְשֶׁעפֶּען, זִי הָאט זִיךְ אָבֶער מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועהן, אוּנ אַז דִי סַכָּנָה אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן גְרוֹיס הָאט זִי בַּיים מַאנְן אוֹיף לְשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ מֶעהר נִיט גֶעפְרֶעגְט נָאר: צוּ קֶאנֶען דִי דֶערְטְרוּנְקֶענֶע אוֹיךְ הָאפֶען אוֹיף תְּחִיַּת הַמֵּתִים? אוּנ אַז עֶר הָאט אִיר אַ וואוּנְק גֶעטָאן אוֹיף יָא, הָאט זִי זִיךְ בַּאלְד אַריינְגֶעוָוארְפֶען אִין יַם. נָאךְ אַזַא אוּנְגְלִיק הָאט מֶען ר׳ מֹשֶׁה בֶּן חֲנוֹךְ מִיט׳ן קְלֵיינֶעם זוּהן גֶעבְּרַאכְט קַיין קוֹרְדוֹבָה וִוי אַ שְׁקְלַאוֶוע, אוּנ דָארְט הָאט אִיהם דִי יוּדִישֶׁע גֶעמֵיינְדֶע אוֹיסְגֶעקוֹיפְט, הָאטְשׁ קֵיינֶעם אִיז נָאר אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה נִיט גֶעקוּמֶען, אַז מִיט דֶעם פִּדְיוֹן שְׁבוּיִים הָאבֶען זֵיי בֶּעפְרַייהט אַזֶעלְכֶען, וָואס אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל אַרַיינְצוּבְּרֶענְגֶען אַ נַיי לִיכְטִיקְייט אִין לַאנְד, וָואס דַארְף בֶּעשַׁיינֶען דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטְהוּם פוּן שְׁפַּאנְיֶען. ר׳ מֹשֶׁה בֶּן חֲנוֹךְ הָאט בַּאוּ׳ד נִיט גֶעוָואלְט מְגַלֶּה זַיין וֶוער עֶר אִיז, אוּנ אַז עֶר אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיי דֶער טְהִיר אִין אַ וִוינְקֶעלֶע אוּנ הָאט גֶעהֶערְט תּוֹרָה פוּנ׳ם קוֹרְדוֹבָה׳ר רַב ר׳ נָתָן וָואס אִיז נִיט גֶעוֶועהן קַיין גְרוֹיסֶער לַמְדָן. אַז ר׳ נָתָן, הָאט אָבֶער אַ טָעוּת גֶעהַאט הָאט זִיךְ ר׳ מֹשֶׁה נִיט גֶעקַאנְט אַיינְהַאלְטֶען אִיז עֶר שְׁטִיל צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ מִיט גְרוֹיס עֲנִיווּת אוֹיפְ־ גֶעקְלֶערְט דֶעם אֶמֶת׳ן פְּשַׁט. דֶער עוֹלָם הָאט בַּאלְד דֶערְזֶעהן אַז פַאר זֵיי שְׁטֶעהט אַ חָרִיף, מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֶעגֶען דִי הַארְבְּסְטֶע קוּשְׁיוֹת, עֶר הָאט אַלְדִינְג פַארֶענְטְפֶערְט, אוּנ דִי גְרֶעסְטֶע לַמְדִים הָאבֶען זִיךְ נָאר נִיט גֶעקֶענְט פֶער־ [illegible]גְרשׁן אוֹיף אַזַא בְּקִיאוּת. דֶער רַב אִיז גֶעוֶועזֶן וֶועדֶער א [illegible] אוּנ אַ לִיעבּ־

האבער פון אמת, אונ נאך אין דעם איינעגעם טאג אז מען איז איהם געקומען פרעגען א שאלה האט ער געזאגט, אז ער טאר ניט פסק'נען, ווייל אין שטאדט איז דא א גרעסערער למדן פון איהם. די יודישע קהלה האט באלד אויסגעקלי-בען ר' משה'ן פאר זייער רב אונ פארשטעהער, מען האט איהם אבגעשיקט מיט טהייערע מתנות, בעשטימט א גרויסע הכנסה אונ אפילו געשענקט א רייכען וואגען ער זאל ארום פאהרען איבער דער שטאדט מיט כבוד. אז דער אדמיראל אבן ראמהאין איז דער נאך געוואהר געווארען וואס פאר א שקלאווע ער האט פערקויפט, האט ער חרטה געהאט אופן מקח אונ האט אנגעהויבען שרייען, אז ער האט געהאט א טעות. עס האט איהם אבער ניט געהאלפען, די יודען האבען זיך געקלאגט פאר'ן כליף עבדאל רחמן דעם דריטען אונ האבען איהם פארשטעהן געגעבען אז מיט דער הילף פון אזא בעריהמטען למדן ווי ר' משה וועלען זיי קאנען אין קורדובה מאכען איין איינענע ישיבה אונ וועלען פערשפארען אזוי פיעל געלד אוועקצושיקען אין דער פרעמד. דער כליף האט טאקי פערשטאנען אז אזוי איז גלייכער אונ שפאניען איז געווארען א מקום תורה.

קיין לאנד איז אבער אין דער צייט אזוי ניט מסוגל געוועהן צו דערלאזען די יודען, זיי זאלען זיך אזוי צופיהרען די האנד אין לערנען אונ דענקען, ווי שפאניען. דער עדלער כליף עבדאל רחמן דער דריטער איז געוועהן א שטאר-קער אוהב חכמה אונ האט מקרב געוועהן פון אללע אומות די מענשען וואס האבען זיך נאר בעשעפטיגט מיט וויסענשאפט. דער פאר איז דעמאלט געוועהן נוט הן יודען, הן קריסטען, דער חלוק איז נאר געוועהן צווישען ביידע, וואס די קריסטען, וועלכע האבען זיך גערופען מוזעראבער האבען אנגעהויבען פער-לאזען דייער גלויבען אונ כמעט פערגעסען זייער שרש, אונ די יודען זענען גע-בליבען טריי זייער אמונה, אונ די העבראישע שפראכע איז ביי זיי געוועהן די היילינגסטע. אויף אזא פעטע אונ גוטע ערד האט געקאנט דער בוים פון יודיש-קייט א שיינעם וואקס טהון, אונ צווישען די ערשטע וואס האבען געזארגט אז דער בוים זאל טראגען טהייערע פרות זענען געוועהן, אויסער ר' משה בן חנוך, מנחם בן סרוק, א גרויסער מדקדק, אונ דונש אבן לברט, א בע-ריהמטער בעל-לשון. נאר די ארבייט פון אללע דריי בעריהמטע מאנער קאן זיך גאר ניט פערגלייכען מיט דעם גרויסען בנין, וואס אבו יוסף חסדאי בן יצחק אבן שפרוט פון דער משפחה אבן עזרא האט אויפגעשטעלט אונ אויף גאנצע פינף הונדערט יאהר בעפעסטיגט דאס יודענטהום אין שפאניען. אב

עֶס אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט כָּבוֹד אוּנ גְלַאנְץ.

חִסְדָאִי אִבְּן שַׁפְּרוּט אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען אִין אַ גְבִיר׳ס הוֹיז. זַיין פָאטֶער ר׳ יִצְחָק אִיז גֶעוֶועהן אַ מוֹקִיר רַבָּנָן אוּנ הָאט גֶעשְׁטִיצְט יוֹדְען וָואס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה. דֶערְפוּן הָאט זִיךְ אוֹיךְ פוּן קִינְדְהַייט אָן בַּיי חַסְדָאִי׳ן אֶנְטְוִויקֶעלְט אַ לִיעבְּשַׁאפְט צוּ וִויסֶענְשַׁאפְטֶען, אוּנ עֶס אִיז פוּן אִיהם גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער מוּשְׁלָם, אוֹיסֶער מֶעדִיצִין הָאט עֶר גוּט גֶעקָאנְט אַרַאבִּישׁ אוּנ לַאטֵיינִישׁ. אַז דֶער כַּלִיף עַבְּדְאֶל רַחֲמַן אִיז פוּן אִיהם גֶעוָואר גֶעוָוארֶען הָאט עֶר אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַ אִיבֶּערְזֶעצֶער אוּנ הָאט אִיהם אוֹיךְ, צוּ לִיעבּ זַיינֶע קָאנְטְנִיסֶע אִין דֶער לַאטֵיינִישֶׁער שְׁפְּרַאכֶע, אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיקֶען אִין דִי קֶענִיגִי־לִיכֶע הָאפֶען פוּן קְרִיסְטְלִיכֶע מְלָכִים. חִסְדָאִי הָאט זַיין זַאךְ גֶעטְהוּן בִּשְׁלֵמוּת אוּנ מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר נוֹשֵׂא חֵן גֶעוֶועהן. דוּרְךְ זַיין הִשְׁתַּדְלוּת זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין קוֹרְדוֹבָה דֶער קֶענִיג פוּן לִיאָן אוּנ דִי קֶענִיגִין פוּן נַבַרַה מִיט גַייסְטְלִיכֶע אוּנ מִינִיסְטָארִין, אוּנ הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ פֶערְבּוּנְדֶען מִיט שְׁפַּאנְיֶען. דָאס אִיז בַּיים כַּלִיף שְׁטַארְק אָנְגֶעלֶעגְט גֶעוֶועהן אוּנ חִסְדָאִי אִיז בַּיי אִיהם גֶע־וָוארֶען אַזַא חָשׁוּב אַז עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען דִי גְרֶעסְטֶע דֵעָה אִין דֶער מְלוּכָה אוּנ אַלֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעאַכְט אוּנ גֶעלִיבְּט. חִסְדָאִי אִיז טַאקִי אָבֶּער מִיט׳ן גַאנְצֶען לֶעבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוֶועהן זַיין פַאטֶערְלַאנְד, אוּנ הָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ הֵייסֶער יוּד אוּנ הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר׳ן הוֹיפְּט־פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אִין קוֹרְדוֹבָה, אַחוּץ דֶעם פְלֶעגְט עֶר שִׁיקֶען גְרוֹיסֶע נְדָבוֹת קַיין בָּבֶל אוּנ הָאט דֶערְפַאר פוּן דָארְט בֶּעקוּמֶען דֶעם טִיטֶעל „רֹאשׁ יְשִׁיבָה״, הָאט עֶס אִיהם נִיט גֶעשַׁאדְט צוּ זַיין אַ גֶעטְרַייעֶר דִינֶער דֶעם לַאנְד, וָואס הָאט אִיהם אַרוֹיס־גֶעוִויזֶען אַזוֹי פִיעל צוּטְרוֹיעֶן. דִי מְדִינָה הָאט טַאקִי פוּן חִסְדָאִי׳ן זֶעהר פִיעל נוּצְן גֶעהַאט. אַז דֶער בִּיצַאנְטִינִישֶׁער קֵייזֶער קוֹנְסְטַנְטִין דֶער אַכְטֶער הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעפְרַיינְדֶען מִיט שְׁפַּאנְיֶען אוּנ הָאט דֶעם כַּלִיף צוּגֶעשִׁיקְט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת, הָאט זִיךְ צְוִוישֶׁען דִי מַתָּנוֹת גֶעפוּנֶען אַ בּוּךְ אִיבֶּער מֶעדִיצִין, וָואס אַלֶע שְׁפַּאנִישֶׁע דָאקְטוֹרִים הָאבֶּען זִיךְ אִינְטֶערֶעסִירְט דֶערְמִיט, נָאר עֶס אִיז פַאר זֵיי גֶעוֶועהן אַ סֵפֶר הֶחָתוּם, וַוייל עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אוֹיף גְרִיכִישׁ. דֶער כַּלִיף הָאט גֶעמוּזְט בֶּעטֶען מֶען זָאל אִיהם צוּשִׁיקֶען אַ אִיבֶּערְזֶעצֶער, אוּנ קָאנְס־טַאנְטִין הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אוֹיף דֶער אַרְבַּייט אַ גַייסְטְלִיכֶען נִיקָאלַיי וָואס הָאט נָאר פֶערְשְׁטַאנֶען לַאטֵיינִישׁ, דָא הָאט מֶען גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ חִסְדָאִי׳ן: דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט דָאס בּוּךְ אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט פוּן גְרִיכִישׁ אוֹיף לַאטֵיין, אוּנ חִסְדָאִי הָאט עֶס שׁוֹין דֶערְנָאךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אוֹיף אַרַאבִּישׁ. שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ

געמאכט נאך אזאך וואס חסדאי׳ס שפראכענקאנטניס איז צו נוטץ געקומען. דער כליף האט אמאל געשיקט א שליח צום דייטשען קייזער אטטא דעם ערשטען, און האט זיך אין זיין בריעף ניט אזוי עדעל אויסגעדריקט איבער דעם קריסטענטהום. דאס האט דעם קייזער שטארק פערדראכען און ער האט דערפאר געלאזט ווארטען דעם שליח עטליכע יאהר ביז ער האט איהם אויפ־גענומען, און אז ער האט דערנאך פון זיין זייט געשיקט שלוחים צום כליף, האט ער זיך אין זיין בריעף ערלויבט דאס איינענע צו שרייבען וועגען דער מחמדנישער רעליגיאן. חסדאי האט אבער געקאנט די לאטיינישע שפראכע, און אז ער איז זיך צונויפגעקומען מיט די שלוחים, האט ער ביי זיי אויסגעפארשט וואס אין דעם בריעף שטעהט און האט עס צו וויסען געגעבען דעם כליף. א גאנץ יאהר האבען די שלוחים געווארט און דער כליף האט זיי אנדערש ניט געוואלט אויפנעהמען ביז דער בריעף איז ניט איבערגעביטען געווארען. דאס איז געוועהן א גרויסער כבוד פאר שפאניען, און זי האט עס נאר געקאנט אויספיהרען דורך דעם וואס חסדאי איז געוועהן א שפראכען־קענער, און א חוץ דעם איז ער געוועהן א גוטער דיפלאמאט און האט די פאליטיק גוט געפיהרט.

וואס גרעסער אבער חסדאי איז געשטאנען, מעהר האט איהם דאס הארץ וועה געטהון אראבצוקוקען אויף דעם נידריגען צושטאנד פון די יודען אומעדום, וואו זייער גאנץ גליק איז געוועהן ווען מען האט זיי געלאזט צו רוה, און וואס האבען זיך ארומגעבלאנקעט ווי יתומים, אהן א פאטער און אהן א היים. מען קאן זיך פארשטעללען ווי גרויס זיין שמחה איז געוועהן, אז ער איז פלוצלונג געוואהר געווארען פון א יודיש פאלק וואס הייסען חאזארען (כוזרים), און האבען זייער איינענע מלוכה. די ערשטע ידיעה דערפון האט געבראכט א רייזענ־דער אלדד הדני, וואס איז אויסגעפאהרען די גאנצע וועלט, און האט אין וועג געטראפען אויך די חאזארען. ער האט פערזיכערט, אז זיי קומען ארויס פון די עשרת השבטים. חסדאי האט אויף זיינע רייד ניט געוואלט אזוי שטארק שטעלען, נאר אז עס זענען אמאל געקומען שלוחים פונ׳ם ביצאנטינישען קייזער און האבען איהם אויך דערצעהלט, אז די חאזארען זענען זעהר א שטארק פאלק, אז זיי האלטען די יודישע אמונה, אז זייער מלך הייסט מיט זיין יודישען נאהמען יוסף, און אז צו זייער גרויס לאנד איז אין גאנצען פופצעהן טאג נסיעה פון קאנסטאנטינאפאל, האט ער די זאך אנגענומען פאר אמת און האט אנגעהויבען טראכטען ווי אזוי מען שלאגט זיך צו צו די ווייטע ברידער. ער האט זיך ענטי־שלאסען אנצושרייבען א בריעף צום חאזארישען מלך אויף לשון הקדש, און מיט

די שאַנסטע פאַרבען אויסגעמאָלט ווי גרויס זיין חשק איז צו זעהן די גדולה
פונ'ם יודישען פאָלק, אונ ווי ער וואָלט גערן מיט דער נשמה זיך וואַרפען אויף
די קניע פאַר'ן יודישען קאָניג, אונ בעוואונדערן זיין כח אונ כבוד. דעם בריעף
האָט ער איבערגעגעבען צוויי יודען, וואָס זענען געוועהן צווישען די שלוחים פונ'ם
סלאַווישען קאָניג הונו, אונ זיי האָבען איהם צוגעזאָגט ווייטער דעם בריעף
צו פערזאָרגען דורך אונגאַרישע יודען איבער רוססלאַנד אונ בולגאַריען.
דער בריעף איז טאַקי אָנגעקומען צו יוסף'ן, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר'ן
עלפטען קאָניג נאָך עובדיה'ן. דאָס לאַנד פון די חאַזאַרען איז נאָך דעמאָלט
געוועהן גאַנץ גרויס אונ האָט זיך געצויגען פונ'ם טייך דאָן איבער קאַווקאַז
ביז צום שוואַרצען ים אונ דעם דניעפער; די הויפט שטאָדט האָט זיך
געפונען אויף איין אינזעל פון דער וואָלגאַ, אונ דאָרט איז געשטאַנען יוסף'ס
פּאַלאַץ מיט אַ גאָלדענעם טהויער. יוסף האָט באַלד געשיקט אַ אַנטפער חסדאי'ן,
אונ האָט איהם בעשריבען אַלדינג וואָס געהער צו דער חאַזאַרישער מלוכה;
דערביי האָט ער איהם אויך אויפגעקלאָהרט ווען דער מלך בולאַן האָט זיך
מגייר געוועהן, אונ אַז די חאַזאַרען שטאַמען ניט אַרויס פון די עשרת השבטים.
אַז יוסף האָט געשריבען די תשובה איז נאָך זיין מלוכה געוועהן פעסט, אונ ער
האָט ניט געקאָנט רעכנען אַז ער וועט זיין דער לעצטער קאָניג פון די חאַזאַ־
רען: באַלד איז אָבער אָנגעפאַלען אויף איהם דער גראָספירסט סוויאַטאָסלאַוו
פון קיעוו אונ האָט אים יאָהר 965 אָבגענומען די פעסטונג סאַרקעל; די רוס־
סען זענען אַללע מאָל שטאַרקער געוואָרען אונ די חאַזאַרען, וואָס האָבען זיך
נאָך אַ קורצע צייט געהאַלטען אין דער קרים, זענען ביסלעכווייז אונטער־
געגאַנגען.

אַז דעם חאַזאַרישען קאָניג'ס תשובה איז אָנגעקומען צו חסדאי'ן, איז שוין
דער כליף עבדאל רחמן געוועהן טויט, נאָר זיין יורש אל־חכים האָט נאָך
מעהר פונ'ם פאָטער ליעב געהאַט חכמה, אונ האָט חסדאי'ן אָבגעגעבען גרויס
כבוד. חסדאי אַלליין איז געוועהן זעהר רייך אונ האָט געשטיצט מענשען, וואָס
האָבען זיך אָבגעגעבען מיט וויסענשאַפט. צווישען די יודישע לומדים וואָס
האָבען נהנה געוועהן פון חסדאי'ס עשירות, האָט אין יענער צייט געשפּיעלט
אַ גרויסע ראָללע ר' מנחם בן סרוק, וואָס איז געוועהן אַ גרויסער אביון, אונ
נאָך חסדאי'ס פאָטער ר' יצחק האָט איהם אויסגעהאַלטען. צום אָנהייב איז ר'
מנחם געוועהן ביי חסדאי'ן אַ גאַנצער בן בית, אונ אַז ער האָט אָנגעשריבען
אַ ספר איבער דער העברעאישער שפּראַכע איז זיין נאָהמען שטאַרק בעקאַנט

געוואָרען אין פראַנקרייך אונ איטאַליען. אַז עס איז אָבער אונטערגעוואַקסען ר׳ גרשום אבן לבּרט, וואָס איז העכער געשטאַנען פון ר׳ מנחם, אונ בעזאָנדערס אַז ער האָט אָנגעשריבען זיין מבינות (קריטיק) איבער ר׳ מנחם׳ס ספר אונ האָט פון איהם געמאַכט חוזק, האָט חסדאי געוואָרפען אַ אום-חן אויף זיין אַלטען פריינד, ער האָט איהם מעהר ניט געוואָלט אָנקוקען, אונ ווען חסדאי׳ס ברודער האָט אויף איהם קיין רחמנות ניט, וואָלט ער געוועהן אויסגעגאַנגען פאר הונגער. פאר וואָס חסדאי האָט זיך אַזוי איבער געבּיטען געגען ר׳ מנחם׳ן — איז שווער צו פאַרשטעהן. אַז ר׳ מנחם האָט זיך געפּרובּט געהן מיט תחנונים, אונ האָט חסדאי׳ן אָנגעשריבען אַ בּריעף אונ האָט איהם געבעטען ער זאָל האָטש איהם זאָגען פאר וואָס ער איז ברוגז געוואָרען, איז איהם חסדאי אָבּגעקומען מיט אַ גלייך ווארטעל, אונ האָט איהם געענטפערט מיט אַ מימרה נפשך: „ביסטו שולדיג — וועסטו זיך בעסערן, ביסטו אונשולדיג — וועסטו האָבען עולם הבא״. ר׳ מנחם׳ס תּלמידים, יהודה אבן דאוד, יצחק אבן גיקטיליא אונ בן קפרון, האָבען זיך אָבער אָנגענומען פאר איהם אונ האָבען געוועלט צו מאַכען אַ שלום דורך דעם, וואָס פון איין זייט זענען זיי אָנגעפאַלען אין אַ בעזונדער ספר אויף דונש בן לברט, אונ פון דער אַנדערער זייט האָבען זיי געלויבּט חסדאי׳ן וואָס האָט גראָד דעמאָלט אויסגעפיהרט אַ וויכטיג שליחות פאר דער מדינה, אונ איז דערפאַר געוואָרען נאָך אַ גרעסערער חשוב ביים כּליף אלחכּים. ר׳ מנחם׳ס תּלמידים האָבען חסדאי׳ן אַלליין געמאַכט פאר אַ דין אונ געבעטען ער זאָל פסק׳נען ווער פון ביידע לומדים האָט רעכט. ווי עס שיינט, האָט חסדאי פערשטאַנען אַז ער האָט ניט גלייך געטהון אונ עס איז שטיל געוואָרען.

אויסער שפּראַכקענטניסע האָט חסדאי געזעהן, אַז דאָס לערנען פונ׳ם תּלמוד זאָל זיך בעפעסטיגען אונ האָט שטאַרק געהאָלפען דעם רב ר׳ משה בן חנוך ער זאָל גרינדען אַ ישיבה אין קורדובה. חסדאי האָט געגעבען אַללע מיטעל מען זאָל ברענגען ספרים פון סורא, אונ גאָר גיך האָט די קורדובה׳ר ישיבה בעקומען אַזא שם אַז פון דער גאַנצער וועלט האָבען זיך אַהין געצויגען תּלמידים, אונ ר׳ משה׳ן האָט מען אָנגעהויבען בעטראַכטען ניט ווי קיין געוועהנליכען רב, נאָר ווי אַ גאון, אונ פון זיין סמיכה האָט מען אין דער גאַנצער סביבה אויפגענומען רבנים אונ דיינים. אַזוי האָבען דעמאָלט געבּליהט צווישען די שפּאַנישע יודען תּורה אונ חכמה, אונ דאָס איז געוועהן דער גרעסטער בעווייז אַז זייער לאַגע האָט זיך פערבעסערט. אין קורדובה האָבען זיך געפונען זעהר פיעל עשירים וואָס האָבען זיך געפיהרט בּרייט גלייך מיט די אַראַבער, אונ זייער גאַנצע הנהגה

אונ הַלְבָּשָׁה איז גֶעוֶועהן וִוי בַּיי אַלֶע רייכֶע אַיינְוואוהנֶער פוּנ׳ם לַאנְד.

נָאךְ ר׳ מֹשֶׁה׳ס טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטִיקֶעל מַחֲלוֹקֶת. פִיעל הָאבֶּען פֶּערְלַאנְגְט אַז אוֹיף זַיין אָרְט זָאל וֶוערֶען זַיין זוּהן חֲנוֹךְ, וָואס אִיז קְלֵיינֶערְהֵייט מִיט אִיהם גֶעקוּמֶען קַיין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ הָאט זִיךְ נָאר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט תַּלְמוּד, אוּנ אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַז טַאקִי אֵיינֶער פוּן ר׳ מֹשֶׁה׳ס תַּלְמִידִים, יוֹסֵף בֶּן יִצְחָק אִבֶּן אַבִּיתוּר (בֶּן שְׁטַאנְשׁ), וָואס אִיז גֶעוֶועהן אִי אַ גְרוֹיסֶער תַּלְמוּדִי׳סְט, אִי אַיין אַרַאבִּישֶׁער גֶעלֶעהְרְטֶער, אוּנ אִיז מֶעהר רָאוּי צוּ פַארְנֶעהמֶען דִי שְׁטֶעלֶע. חִסְדָאִי הָאט אָבֶּער גֶעהַאלְטֶען פַאר ר׳ מֹשֶׁה׳ס זוּהן אוּנ חֲנוֹךְ אִיז גֶעוָוארֶען רַב.

אִין פּוּמְבְּדִיתָא הָאט זִיךְ נָאךְ דִי אֵיינְצִיגֶע יְשִׁיבָה גֶעהַאלְטֶען אַ יָאהר פוּנְפְצִיג אוּנ דִי לֶעצְטֶע פַארְשְׁטֶעהֶער אִיהרֶע זֶענֶען גֶעוֶועהן רַב שְׁרִירָא אוּנ זַיין זוּהן רַב הַאִי. רַב שְׁרִירָא אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ פוּנ׳ם תַּלְמוּד הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אָבְּטְרֶעטֶען אוֹיף קַיין שְׁרִיט, אֲפִילוּ וֶוען דִי פָארְדֶערוּנְגֶען פוּן אַ מָאל הָאבֶּען זִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְגְלַייכֶען מִיט דִי שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶע צַייטֶען. אַז עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט וִוי אַ יוּד הָאט גֶעלָאזְט לֶערְנֶען זַיין קְנֶעכְט תּוֹרָה אוּנ הָאט אִיהם דֶערְנָאךְ חֲתוּנָה גֶעמַאכְט, הָאט עֶר עֶס פֶערְבָּאטֶען, ווייל אִין תַּלְמוּד אִיז דָא אַ דֵעָה אַז מֶען טָאר עֶס נִיט טְהוּן. רַב שְׁרִירָא הָאט זִיךְ בֶּערִיהמְט גֶעמַאכְט מִיט זַיין תְּשׁוּבָה, וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען, אַ גֶעווִיסֶען יַעֲקֹב בֶּן נִסִּים (אִבְּן־שַׁאהִין), וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ תַּלְמִיד פוּן חוּשִׁיאֵל׳ן, אֵיינֶעם פוּן דִי פִיער שְׁלִיחִים, וָואס אִיז פֶערְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען קַיין אַפְרִיקָא. אִין דֶער תְּשׁוּבָה אִיז דַייטְלִיךְ אוּנ אֱמֶת בֶּעשְׁרִיבֶּען דִי יוּדִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן חֲתִימַת הַתַּלְמוּד בִּיז דֶער נֶאנְטְצֶער צַייט פוּן דִי גְאוֹנִים. רַב שְׁרִירָא הָאט אָבֶּער וֶועניג גֶעקָאנְט הֶעלְפֶען אוֹיפְצוּהוֹיבֶּען דִי יְשִׁיבָה פוּן פּוּמְבְּדִיתָא, וָואס הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען אִין פַאלֶען. דִי צָאהל פוּן דִי לוֹמְדִים אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי קְלֵיין אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט זַיין זוּהן רַב הַאִי מַסְמִיךְ זַיין אוֹיף רַבָּנוּת נָאךְ אַז עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועהן נִיט מֶעהר וִוי זֶעכְצֶעהן יָאהר. נִיט אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶועהן צוּפְרִידֶען פוּן רַב שְׁרִירָא אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ, אַז מֶען הָאט אִיהם פֶערְקְלָאגְט פַאר׳ן כַּלִיף אַל־קַדִיר, אוּנ עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אַיינְזֶעצֶען אִין תְּפִיסָה דֶעם פָאטֶער מִיט׳ן זוּהן אוּנ בַּיי זֵיי צוּנֶעהמֶען זֵייעֶר גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען. מֶען הָאט זֵיי אָבֶּער לַאנְג נִיט גֶעלָאזְט לַיידֶען. לַייטִישֶׁע בַּעֲלֵי־בָתִּים הָאבֶּען פַאר זֵיי גֶעבֶּעטֶען אוּנ מֶען הָאט זֵיי בֶּעפְרַייהט. רַב שְׁרִירָא אִיז שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אַ זָקֵן גָּדוֹל, הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען זַיין שְׁטֶעלֶע דֶעם זוּהן אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר.

רַב הַאי איז שוין ניט געוועהן אַזוי צוגעבונדען צום טויטען אות פונ'ם תַּלְמוּד, אונ האט אַללע כּוחות בענוצט אויפצוהויבען די ישיבה, נאר עס איז איהם אויך ניט געראטהען.

אין שפאניען האבען זיך דערפאר פון חסדאי'ן אן, די יודען ארויפגעהאפט נאר אויף א הויכער מדרגה. די משפחות אבן עזרא, אלפכר, אבן־פליאג, אבן־גיאת, בינבנישתי, אבן־מיגאש, אבולאפיא אונ נאך אנדערע האבען געשפיעלט א גרויסע ראללע, אונ יעדער האט געזוכט זיך איבערצונעה־מען מיט'ן יחוס עצמו, ניט נאר מיט'ן שאנעם נאהמען פון די עלטערן. מיט תורה אונ חכמה זענען פול געוועהן אללע ווינקעלעך אונ די יודען האבען גע־רעדט אונ געשריבען אין דער לאנדשפראכע ווי געבארענע אראבער. די מלוכה פון איהר זייט האט געהאט דאס פאלקאמענע צוטרויען צו די יודען אונ האט זיי געגעבען גרויסע אונ בכבודע שטעללען, וואו זייערע מעלות האבען זיך נאך מעהר געקאנט אנזעהן. די יודען ווידער פון אנדערע לאנדער האבען אנגעהויבען קוקען אויף זייערע שפאנישע ברידער ווי אויף די גליקליכסטע אין דער וועלט. די שטאדט קורדובה, לוצענא אונ גרנדה האבען ביי זיי בעקומען דעם ווערט פון טבריה, סורא אונ פומבדיתא. אין דער צייט איז געווארען אין שפאניען א רייכע אראביש־יודישע ליטעראטור: בעזאנדערס האבען זיך דערמאלט בעריהמט געמאכט יצחק אבן גיקטילא, וואס האט געשריבען שאנע שירים, יהודה אבן־דאוד, וואס האט זעהר פיעל געשריבען אין דקדוק, אבו־זכריה־יחיא יהודה חיוג, וואס האט געמאכט א ספר וועגען די שרשים אין לשון קדש אונ ערקלעהרט פון וואנען יעדעס ווארט נעהמט זיך, אונ יוסף בן יצחק אבן אביתור, וואס האט איבערגעזעצט די משנה אויף אראביש, ווייל דער כליף האט געוואלט האבען די איבערזעצונג אין זיין בעריהמטער ביב־ליאטהעק, וואס איז בעשטאנען פון פיער אונ צוואנציג טויזענד ביכער.

נאך חסדאי'ס טויט האט זיך ווייטער אנגעהויבען א קריעג וועגען רבנות. ביי זיין לעבען איז שווער געוועהן צו געהן געגען זיין רצון אונ חנוך איז געבליבען רב אין קורדובה; אז ער איז אבער געשטארבען, האט די קליינע חברה, וואס האט זיך שוין פריהר געפרובט איבערצוגעבען דאס רבנות יוסף אבן־אביתור, ווייטער זיך געוואלט צופיהרען די האנד. דער עולם האט שוין אבער דערמאלט נוט געקאנט חנוך'ן אונ האט פערשטאנען אז קיין בעסערן רב דארף מען ניט; דער פון האט זיך צוברענט א גאנץ פייער, אונ עס איז געקומען דער־צו אז ביידע צדדים האבען זיך ענטשלאסען צו געהן מיט מסירות אונ זיך

קְלָאגֶען פַאר'ן כַּלִיף אַל־חַכַּ ם. פַאר חֲנוֹךְ'ן וֶוענֶען אָבֶּער גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּים אוּנ דֶער כַּלִיף הָאט גֶעזֶעהֶן אַז זֵיי הָאבֶּען רֶעכְט, אוּנ אַז עֶס אִיז נִיטָא קֵיין שׁוּם סִבָּה דֶעם אַלְטֶען רָב מַדְחֶה צוּ זַיין. אַז עֶס זֶוענֶען דֶערְנָאךְ גֶעקוּמֶען דִי עֶטְלִיכֶע גֶעצֶעהלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד פוּן אִבּן אַבִּיתוּר הָאבֶּען זֵיי גָאר נִיט גֶעפוֹעֶלְט, אוּנ אַז אֲפִילוּ אִבּן אַבִּיתוּר אַלֵיין הָאט זִיךְ אִיהם פָארְ־גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר וֶועט בַּיי אִיהם נוֹשֵׂא חֵן זַיין, וַוייל זַיין נָאהמֶען אִיז אִיהם גֶעוֶועהן בֶּעקָאנְט אִיבֶּער זַיין אַרַאבִּישֶׁער אִיבֶּערְזֶעצוּנְג פוּן דֶער מִשְׁנָה, הָאט עֶר אַ שְׁטַארְקֶען טָעוּת גֶעהַאט. דֶער כַּלִיף הָאט אִיהם זֶעהר קַאלְט אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט אִיהם בְּפֵירוּשׁ גֶעזָאגְט, אַז וֶוען דִי אַרַאבֶּער זָאלֶען אִיהם אַזוֹי נִיט וֶועלֶען פַאר אַ מֶלֶךְ וִוי דִי קוֹרְדוֹבָה'ר יוּדֶען ווִילֶען אִיהם נִיט פַאר אַ רָב, וָואלְט עֶר אַנְטְלָאפֶען אִין דֶער וַוייטֶער וֶועלְט אַרַיין. אִבּן אַבִּיתוּר הָאט דִי רֵייד פוּנ'ם כַּלִיף גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ רֵיינֶעם ווּאוּנְק אַז עֶר מוּז אַוֶועק פָאהרֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוֹיף אַ שִׁיף אוּנ אִיז אַרִיבֶּער קֵיין אַפְרִיקָא. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר נָאךְ אַרוּמְגֶעַרייזְט אִין פֶערְשִׁידֶענֶע לֶאנְדֶער בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין בָּבֶל צוּ רַב הַאי, נָאר דָארְט אִיז אִיהם אוֹיךְ שְׁוֶוער גֶעוֶועהן אוֹיסְצוּקוּמֶען אוּנ זִיךְ אָבְּזוּכֶען אַ מָקוֹם מְנוּחָה.

אַז דֶער עֶדְלֶער כַּלִיף אַלְ־חַכִּים אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין יוּנְגֶען זוּהן הִישַׁאם, הָאט זִיךְ דִי גַאנְצֶע מַאכְט גֶעפוּנֶען אִין דִי הֶענְד פוּן זַיין מִינִיסְטֶער מַחְמֶד אַלְמַנְזוּר, אוּנ דֶעמָאלְט זֶענֶען אִין הוֹיף גֶעוָוארֶען שְׁטַארְקֶע חֲשׁוּבִים צְווִיי יוּדֶען פוּן אִבּן אַבִּיתוּר'ס צַד, דִי בְּרִידֶער יַעֲקֹב אוּנ יוֹסֵף אִבּן־גוֹ (דְזִשָׁאוּ), וָואס זֶענֶען גֶעוֶועהן פַאבְּרִיקַאנְטֶען פוּן זַייד, אוּנ פְלֶעגֶען צוּשְׁטֶעלֶען אַהִין טַייעֶרֶע סְחוֹרוֹת אוֹיף קְלֵיידֶער אוּנ פָאהנֶען. אַמָאהל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אִין הוֹיף אַ בַּייטֶעל מִיט זֶעהר פִיעל גֶעלְד אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען זֵיי זָאלֶען בֶּענוּצֶען דִי מְצִיאָה אוֹיף מַתָּנוֹת פַאר'ן כַּלִיף אוּנ זַיין מִינִיסְטֶער אוּנ דֶערְמִיט קוֹיפֶען זֵייעֶר פְרַיינְדְשַׁאפְט, אוּנ מִיט דֶער צַייט טַאקִי פוֹעֶל'ן בַּיי זֵיי אַז אִבּן אַבִּיתוּר זָאל זִיךְ מָאגֶען אוּמְקֶערֶען. דֶער פְּלַאן אִיז טַאקִי גֶערָאטְהֶען. נָאר נִיךְ הָאט אַלְמַנְזוּר בֶּעשְׁטִימְט דֶעם אֶלְטֶערֶן בְּרוּדֶער יַעֲקֹב אִבּן־גוֹ פַאר'ן פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַלֶע קְהִלּוֹת אִין שְׁפַּאנְיֶען. דִי קוֹרְדוֹבָה'ר יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט צוּשָׁאקְלֶען מִיט'ן קָאפּ, אוּנ זַיין עֶרְשְׁטֶע אַרְבַּייט אִיז גֶעוֶועהן אָבְּצוּזָאגֶען דֶעם רָב חֲנוֹךְ אוּנ שִׁיקֶען אַ בְּרִיעף צוּ אִבּן אַבִּיתוּר עֶר זָאל בַּאלְד קוּמֶען פֶערְנֶעהמֶען דִי שְׁטֶעלֶע, וָואס עֶס הָאט אִיהם צוּ אִיהר אַזוֹי גֶעצוֹיגֶען דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען. אִבּן־גוֹ הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶערִיכְט, אַז אָט בַּאלְד קוּמְט

אָן זַיין פְרַיינְד אִבַּן אַבִּיתוּר אוּנ מִיט אִיהם צוּזַאמֶען וֶועט עֶר נָאר אַנְדֶערְשׁ קָאנֶען אַרְבַּייטֶען. פְּלוּצְלוּנְג אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען אַ תְּשׁוּבָה פוּן אִבַּן אַבִּיתוּר וָואס הָאט צוּשְׁטֶערְט דִי הָאפְנוּנְגֶען פוּן זַיין גַאנְצֶען צַד. עֶר הָאט זִיךְ נִיט גָאר אָבְּגֶעזָאגְט פוּן דֶער שְׁטֶעלֶע, נָאר עֶר הָאט זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד גֶעזִידֶעלְט דֶערְפַאר וָואס זַיי זֶענֶען זִיךְ גְרָאבּ בֶּעגַאנְגֶען מִיט חֲנוֹךְ'ן. עֶר הָאט זַיי בֶּעשְׁרִיבֶּען אַז אִין אַלֶלע לֶאנְדֶער, וואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועהן, הָאט עֶר נִיט גֶעפוּנֶען נָאךְ אַזַא צַדִיק וִוי חֲנוֹךְ, אוּנ הָאט גֶערַאטְהֶען מֶען זָאל אִיהם אִיבֶּערְבֶּעטֶען אוּנ נָאךְ אַ מָאל מַאכֶען פַאר רָב. אִבַּן־גוֹ אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אַיין עַקְשָׁן אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט אָנְנֶעה־מֶען דִי גוּטֶע עֵצָה. דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ אִיהם גֶעמַאכְט אַיין אוּנְגְלִיק. אַלְמַנְזוּר הָאט גֶעמֵיינְט אַז אִבַּן־גוֹ וֶועט אָנְוֶוענְדֶען אַלֶלע קְרֶאפְטֶען אוּנ אִיהם בְּרֶענְגֶען, אַז עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אִיבֶּערְצַייגְט אַז דֶער יוּדִישֶׁער פָארְשְׁטֶעהֶער אִיז אַיין אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְשׁ, הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ אָן אִיהם נָאר אָבְּגֶענַארְט אוּנ הָאט אִיהם אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה. אַ גַאנְץ יָאהר אִיז אִבַּן־גוֹ גֶע־זֶעסֶען, בִּיז דֶער כַּלִיף הִישַׁאם אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אִיהם בֶּעפְרַייהט. נָאךְ עֶטְלִיכֶע יָאהר אִיז אִבַּן־גוֹ גֶעבְּלִיבֶּען פָארְשְׁטֶעהֶער, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאבֶּען זִיךְ חֲנוֹךְ'ס גוּטֶע פְרַיינְד גֶעיָאגְט אִיהם בְּרֶענְגֶען דִי בְּשׂוּרָה, וַוייל זַיי הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז עֶר וֶועט דֶערְפוּן הֲנָאָה הָאבֶּען, צוּם סוֹף הָאט חֲנוֹךְ מִיט טְרֶערֶען בֶּעוֵויינְט דֶעם טוֹיט פוּן זַיין שׂוֹנֵא אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: „וֶוער וֶועט אַצוּנְד שְׁטִיצֶען אָרִימֶע לַייט אַז דֶער רַייכֶער נַדְבָן אִיז טוֹיט אוּנ אִיךְ בִּין אָרֶעם".

אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאט זִיךְ אוֹיךְ צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען שְׁטַארְק בֶּעפֶעסְטִיגְט דָאס לֶערְנֶען פוּן תּוֹרָה, אוּנ דִי שְׁטָאדְט נַארְבָּאנֶע הָאט דָארְט גֶעשְׁפִּיעלְט דִי אֵייגֶענֶע רָאללֶע וָואס קוֹרְדוֹבָה אִין שְׁפַּאנְיֶען, וַוייל אֵיינֶער פוּן דִי פִיעֶר שְׁלוּחִים פוּן סוּרָא הָאט דָארְט גֶעאֶפֶענְט אַ יְשִׁיבָה. צוּ לִיעבּ דֶעם זֶענֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ גֶעוֶועהן גֶענוּג לוֹמְדִים, נָאר מִיט צַנְדֶערֶע ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען נִיט בֶּע־שֶׁעפְטִיגְט, וַוייל דִי קְרִיסְטֶען אַלֵיין זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועהן גְרָאבּ, אוּנ פוּן חָכְמָה הָאבֶּען זַיי נִיט גֶעוָואלְט ווִיסֶען. אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאבֶּען דֶעמָאלְט דִי קֶאנִיגֶע גֶעהַאט אַ קְלֵיינֶע דֵעָה, אוּנ דִי גַייסְטְלִיכֶע מִיט דִי בַּארָאנֶען הָאבֶּען גֶעטְהוּן וָואס זַיי הָאבֶּען נָאר גֶעוָואלְט. אַוַדַאי אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ: זַיי פְלֶעגֶען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט עֶרְד אַרְבַּייט אוּנ וַויינְגֶארְטְנֶער, אָבֶּער קַיין בֶּעשְׁטִימְטֶע גֶעזֶעטְצֶע, וָואס זָאלֶען זַיי שִׁיצֶען, הָאבֶּען זַיי נִיט גֶעהַאט, אוּנ דָאס פָאלְק הָאט מֶען אַלֶלע מָאל אוּנְטֶערְגֶעהִיצְט גֶעגֶען זַיי. אַז

אַ יודישער דאָקטאָר האָט געהיילט דעם קעניג הוגא קאַפּעט און ער איז געשטאָרבען, האָבען די גייסטליכע אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אַז די יודען האָבען איהם פערגיפטעט. דער עפּיסקאָפּ פון לימוזש האָט זיי אָנגעטהון גרויסע צרות. אַ גאַנצען חודש האָט ער זיי צוגערעדט אַז זיי זאָלען זיך טויפען, און אַז מען האָט איהם ניט געוואָלט הערען, האָט ער זיי מיט ווייבער און קינדער אַרויסגעטריבען פון דער שטאָדט און פיעל פון זיי האָבען זיך דאָס לעבען גענומען. אין דרום-זייט פון פראַנקרייך, ווי אין פּראָוואַנס און לאַנגעדאָק האָבען די גראַפען מיט זיי געטהון יעדער ווי עס האָט זיך איהם געלוסט. אין אַ טהייל ערטער האָבען זיי געגעבען יודען שטעללען און האָבען צו זיי געהאַט דאָס גרעסטע צוטרויען, און טאַקי גאָר נאָהענט אין שכנות האָט מען זיי גערודפ'ט ווי שעדליכע מענשען און בעהאַנדעלט גאָר אָהן רחמנות.

אין דייטשלאַנד איז דעמאָלט די לאַגע פון די יודען געוועהן אַ מיטעלמעסיגע, ניט גוט און ניט שלעכט. זיי האָבען זיך גאָר בעשעפטיגט מיט מסחר; מיט ערד, וואָס איז איינגעשטאַנען אין גאַנצען אין די האַנד פון פירסטען, האָבען זיי זיך גאָר ניט אָנגעהערט, און האָבען דער מלוכה גאָר געצאָהלט מס. די הכנסה פון זיי איז געוועהן ניט קיין קליינע, און זעהר אָפט פלעגט די הכנסה געהן אויף אויסצוהאַלטען קירכען. קיין לומדים האָבען זיך צווישען זיי ניט געפונען, און ערשט איהם יאָהר 960 איז געבאָרען געוואָרען דער בעריהמטער רבינו גרשום בן יהודה, וואָס מען האָט איהם ניט אומזיסט גערופען „מאור הגולה" (דאָס ליכט פון גלות). רבינו גרשום און זיין ברודער רבינו מכיר האָבען בעפעסטיגט דאָס לערנען פון תורה; ער האָט אָנגעשריבען אַ פירוש אויף עטליכע מסכתות און אַללע פראַנצאָזישע, דייטשע און איטאַליענישע יודישע קהלות האָבען איהם בעטראַכט ווי אַ גאון און מען האָט זיך אויפגעהערט צו ווענדען מיט שאלות קיין בבל. בעזאָנדערס האָט זיך רבינו גרשום בעריהמט געמאַכט מיט זיינע תקנות וואָס ער האָט געמאַכט אַ חרם אויף די וואָס וועלען נעהמען מעהר ווי איין ווייב, אָנוואַרפען די פרויען אַ גט מיט געוואַלד, אָדער אָפנען פרעמדע בריעף און געוואָהר ווערען יענעמס סוד. דערמיט האָט ער געוואָלט אויסגלייכען די יודען מיט אַללע איבעריגע פעלקער אין איירָאָפּאַ, און מאַכען פאַר אַ חיוב איידעלע מדות, און דער פון וואָס אַללע האָבען עס באַלד אָנגענומען קאָן מען אַרויס זעהן ווי הייליג און חשוב רבינו גרשום איז געוועהן ביים יודישען פאָלק.

**אין דער צייט האָט אין מאַינץ אויך געלעבט אַ בעריהמטער למדן און**

אַ גְרוֹיסֶער עָשִׁיר ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן יִצְחָק בֶּן אַבּוּן, וָואס הָאט זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען עוֹסֵק גֶעוֶועהן נָאר אִין צְדָקָה, אוּנ אִיז גְרֵייט גֶעוֶועהן זִיךְ מַקְרִיב זַיין פַאר זַיינֶע בְּרִידֶער. דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְקֶע רְדִיפוֹת גֶעגֶען יוּדֶען. דֶער קֵייזֶער הֵיינְרִיךְ דֶער צְוֵויי׳טֶער הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אָנְרֶעדֶען אַללֶע בִּלְבּוּלִים אוֹיף יוּדֶען, אוּנ אִיז אוֹיף זֵיי בֶּעזָאנְדֶערְס אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען דֶער פַאר וָואס אֵיינֶער פוּן דִי נַייסְטְלִיכֶע וֶועצֶעלִינוּס הָאט זִיךְ מְגַיֵיר גֶעוֶועהן, אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעלֵיידִיגֶען זַיין פְרִיהֶרִיגֶע אֱמוּנָה. דָאס הָאט דֶעם קֵייזֶער שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען, חָאטְשׁ דִי יוּדֶען הָאבֶּען אִין דֶעם קֵיין שׁוּם נְגִיעָה נִיט גֶעהַאט אוּנ זֶענֶען אַללֵיין דֶערְפוּן נִיט גֶעוֶועהן צוּ פְרִידֶען, אוּנ עֶר הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען לַהֲלוּטִין אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן מַאיְנְץ. פִיעל יוּדֶען זֶענֶען דֶעמָאלְט אוּמְגֶעקוּמֶען אוּנ אַ טְהֵייל זֶענֶען גֶעצְווָאוּנְגֶען גֶעוֶועהן זִיךְ צוּ טוֹיפֶען, אוּנ רַבֵּינוּ גֵרְשׁוֹם׳ס אַ אֵייגֶענֶער זוּהן אִיז אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. דֶעם פָאטֶער אִיז דָאס גֶעוִויס גֶעוֶועהן אַ וֵוייטָאג, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר אִיהם נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט לִיעבּ צוּ הָאבֶּען, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַ קְרִיסְט אִיז עֶר גֶעזֶעסֶען שִׁבְעָה אוּנ הָאט קְרִיעָה גֶערִיסֶען פוּנְקְט וִוי נָאךְ אַ יוּדֶען. ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן יִצְחָק בֶּן אַבּוּן הָאט זִיךְ דֶערְוַוייל גֶעלָאזְט קָאסְטֶען גְרִידֶעס גָאלְד אוּנ דִי גְזֵירָה אִיז אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען גֶעוָוארֶען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען וַוייטֶער בֶּעקוּמֶען דָאס רֶעכְט זִיךְ צוּ בֶּעזֶעצֶען אִין מַאיְנְץ אוּנ דִי גֶעטוֹיפְטֶע הָאבֶּען זִיךְ פְרַייא אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייעֶר אֱמוּנָה. רַבֵּינוּ גֵרְשׁוֹם אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי גוּט אוּנ פְרוּם אַז עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט עֶרְלוֹיבֶּען אוֹיפְצוּוַוארְפֶען דִי גֶעוֶועזֶענֶע גֶעטוֹיפְטֶע, אוּנ זֵיי בֶּעשׁוּלְדִיגֶען דֶערְפַאר וָואס זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען דִי צָרוֹת. דֶער זֵכֶר פוּן רַבֵּינוּ גֵרְשׁוֹם אוּנ ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן יִצְחָק בֶּן אַבּוּן אִיז אַזוֹי טְהֵייעֶר גֶעוֶועהן בַּיי יוּדֶען, אַז אַ לַאנְגֶע צַייט נָאךְ זֵייעֶר טוֹיט פְלֶעגְט מֶען אַללֶע שַׁבָּת אוּמֶעדוּם אִין דִי שׁוּלֶען מַאכֶען זֵיי „אֵל מָלֵא רַחֲמִים“. דִי יְשִׁיבָה, וָואס רַבֵּינוּ גֵרְשׁוֹם הָאט גֶעגְרִינְדֶעט אִין מַאיְנְץ, אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְוַואל פוּן תּוֹרָה אוּנ פוּן דָארְט זֶענֶען אַרוֹיס פִיעל רַבָּנִים אוּנ לוֹמְדִים, וָואס זֶענֶען דֶער נָאךְ גֶעוֶועהן פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת אִין אֵייראָפֵּייאִישֶׁע לֶאנְדֶער.

אִין דֶעם עֶלְפְטֶען יָאהר־הוּנְדֶערְט הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רְדִיפוֹת אִין דִי לֶאנְדֶער פוּן מִזְרָח־זַייט אוּנ מִצְרַיִם. דֶעם כַּלִיף חַכִּים אִיז וֵוייניג גֶעוֶועהן נָאר צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דִי מַחְמַדַנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן; עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז אַללֶע פֶעלְקֶער, וָואס שְׁטֶעהֶען אוּנְטֶער זַיין מַאכְט, זָאללֶען טַאקִי אִיהם אַללֵיין אָנְנֶעהמֶען פַאר אַ גָאטט, אוּנ הָאט זִיךְ מִיט אַכְזָרִיּוּת נוֹקֵם גֶעוֶועהן אִין דִי עַקְשָׁנִים וָואס הָאבֶּען

נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען אִין זַיין גָאטְלִיכְקַייט. עֶר הָאט דֶער פַאר אָנְגֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת נִיט נָאר יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען, נָאר אֲפִילוּ מַחְמַדַנֶער. דִי יוּדֶען הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען טְרָאגֶען אוֹפ'ן הַאלְז אַ בִּילְד פוּן אַ קַאלְבְּס-קָאפּ פַאר אַ זֵכֶר פוּנ'ם עֵגֶל, אַ חוּץ בֶּעזוּנְדֶערֶע מַלְבּוּשִׁים, מֶען זָאל זֵיי דֶערְקֶענֶען וֶוער זֵיי זֶענֶען. נָאר אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ שֵׂכֶל, אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרָאגֶען קְלֵיינֶע קַאלְבְּס-קָאפֶּעלֶעך פוּן גָאלְד גֶעאַרְבַּייט פַאר אַ צִירוּנְג הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל זֵיי זָאלֶען זִיךְ פָּשׁוּט אָנְהֶענְגֶען הִילְצֶערְנֶע קְלֶאטְצְלֶעך פוּן זֶעכְס פוּנְט, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם, זָאלֶען זֵיי צוּטְשֶׁעפֶּען גְלָאקְלֶעךְ צוּ דִי קְלֵיידֶער מֶען זָאל פוּן דֶער וַויְיטֶענְס הֶערֶען זֵייעֶר גַאנְג. אִים יָאהר 1014 הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען צוּשְׁטֶערֶן שׁוּלֶען אוּנ קִירְכֶען אוּנ אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען פוּנ'ם לַאנְד, אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט לְפָנִים אָנְנֶעהמֶען זַיין אֱמוּנָה. עֶס הָאט אָבֶּער לַאנְג נִיט גֶעדוֹיעֶרְט: נָאר זֶעכְס יָאהר הָאט מֶען פוּן אִיהם גֶעלִיטֶען בִּיז עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁטְרִיקֶעל, אוּנ דִי מַחְמַדַנֶער אַלֵיין הָאבֶּען אִיהם אִים יָאהר 1020 דֶערְהַרְגֶט.

---

## 2 דִי צַייט פוּן אִבֶּן-נַגְרֶילַה, אַלְפַסִי אוּנ רַשִׁ"י.

(1020—1096 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

אַז דִי גְאוֹנִים פוּן בָּבֶל הָאבֶּען זִיךְ אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעלָאזְט, אִיז שְׁפַּאנְיֶען גֶעוָוארֶען דֶער אֵיינְצִיגֶער מִיטֶעל פוּנְקְט פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ יֶעדֶער דוֹר הָאט דָארְט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע לַייט, וָואס זֵייעֶר לֶעבֶּען הָאט גֶעגְלַאנְצְט וִוי לִיכְטִיגֶע שְׁטֶערֶן אוּנ אִיז נִיט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם דְרַייצֶעהְנְטֶען יָאהר-הוּנְדֶערְט. דִי נֶאהמֶען פוּן שְׁמוּאֵל הַנָּגִיד, אוּנ יוֹסֵף פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה אִבֶּן-נַגְרֶילָה, שְׁלֹמֹה בֶּן גְּבִירוֹל אוּנ אִבֶּן-גְנַאח שְׁטֶעהֶען מִיט גָאלְדֶענֶע אוֹתִיּוֹת פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן יֶענֶער צַייט, אוּנ אַז מֶען דֶערְמָאנְט זִיךְ נָאר-אָן זֵיי קָאן מֶען זִיךְ שׁוֹין פָארְשְׁטֶעלֶען וִוי דָאס יוּדִישְׁקַייט הָאט דֶעמָאלְט גֶעבְּלִיהט, וִוי דִי יוּדֶען זֶענֶען בֶּעגְלִיקְט גֶעוָוארֶען מִיט תּוֹרָה אוּנ גְדוּלָה צוּזַאמֶען אוּנ וִוי זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע לוֹמְדִים אוּנ חַקְרָנִים הָאבֶּען גֶעאַרְבַּייט אִין דֶעם גְרוֹיסֶען אוּנ בְּרֵייטֶען פֶעלְד פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט נִיט נָאר פַאר זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, נָאר פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען דֶער נָאךְ גֶענָאסֶען זֵייעֶר זְכוּת אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאנְט בֶּענוּצֶען מִיט דִי פֵּירוֹת פוּן דִי בּוֹימֶער וָואס דִי יוּדִישֶׁע הַאנְד הָאבֶּען גֶעפְלַאנְצְט.

אִין פּוּמְבְּדִיתָא הָאט נָאךְ גֶעצַאנְקְט דָאס קְלֵיינֶע לִיכְטֶעל – דִי יְשִׁיבָה, וָואס אִיהרֶע פָארְשְׁטֶעהֶער רַב הַאִי גָאוֹן אוּנ זַיין שְׁוֶוער, דֶער לֶעצְטֶער גָאוֹן פוּן סוּרָא שְׁמוּאֵל בֶּן חָפְנִי, הָאבֶּען זִיךְ גֶעמִיהט זִי צוּ דֶערְהַאלְטֶען אוֹיף לַאנְגֶע יָאהר. דִי יְשִׁיבָה הָאט שׁוֹין אָבֶּער גֶעהַאלְטֶען בַּיי דֶעם אוֹיסְגֶעהן, אוּנ אַז דִי צְוֵויי גְאוֹנִים זַיינֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאבֶּען זִיךְ אִיהרֶע טְהוֹיעֶרן אוֹיךְ גֶעמוּזְט פֶערְשְׁלִיסֶען. נָאךְ רַב הַאִי׳ס טוֹיט הָאט מֶען אֲפִילוּ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען אוֹיף זַיין אָרְט אַ אוּר-עֶנִיקְעל פוּן דָוִד בֶּן זַכַּאי, דֶעם אַלְטֶען רֵישׁ גָלוּתָא, חִזְקִיָה; עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער מֶעהר נִיט גֶעקָאנְט הַאלְטֶען ווִי צְוֵויי יָאהר. מֶען הָאט עֶפִּים אָנְגֶעפִיהרְט אַרְכִילוּת, אוּנ דֶער כַּלִיף גְ׳עֶלְאַל עַבְּדוּאַלַה הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אַרַיינְוַוארְפֶען אִין תְּפִיסָה, צוּגֶעהֶמֶען זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען, אוּנ אָנְטְהוּן אִיהם עִנוּיִים קָשִׁים אוּנ דֶערְנָאךְ טַאקִי דֶערְהַרְגְ׳נֶען. זַיינֶע צְוֵויי זִיהן זֶענֶען עֶנְטְלָאפֶען קַיין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ אַזוֹי ווִי זֵיי זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן מַלְכוּת בֵּית דָוִד, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען אוֹיף אַרַאבִּישׁ אִבְּן-דַאוּדִי. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ שְׁפַּאנְיֶען גֶערֶעכֶענְט פַאר׳ן צְוֵוייטֶען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ וואוּ מֶען הָאט עֶרְגִיץ גֶעפְּרֶעסְט אַ יוּדֶען הָאט עֶר זִיךְ אַהִין גֶעצוֹיגֶען. דַארִיבֶּער זֶענֶען דָאס לֶעצְטֶע בִּיסֶעל חַאזַארֶען, וָואס דִי רוּסֶען הָאבֶּען זֵיי שְׁפֶּעטֶער אַרוֹיסְגֶערוּקְט פוּן דֶער קְרִים, אוֹיךְ אַרִיבֶּער קַיין שְׁפַּאנְיֶען.

דֶער הוֹיפְּטְפִיהרֶער פוּן דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען אִיז גֶעוָוארֶען, נָאךְ חִסְדָאִי׳ס טוֹיט, ר׳ שְׁמוּאֵל הַנָגִיד פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה אִבְּן-נַאגְרֶילָה, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ מֶענְשׁ מִיט אַ פֶעסְטֶען ווִילֶען, מִיט אַ שַׁארְפֶען מֹחַ אוּנ מִיט אַ גוּט עֶדֶעל הַארְץ. תּוֹרָה הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט בַּיים לֶעצְטֶען רָב חֲנוֹךְ – לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אוּנ דִקְדוּק – בַּיי ר׳ יְהוּדָה חַיוּג, אוּנ אַנְדֶערֶע שְׁפְּרַאכֶען – בַּיי דִי בֶּעסְטֶע שְׁפַּאנִישֶׁע גֶעלֶעהרְטֶע, אוּנ אַז עֶר אִיז נָאךְ אַ קִינְד גֶעוֶועהן הָאט מֶען שׁוֹין גֶעקָאנְט אַרוֹיסְזֶעהן אַז עֶר וַואקְסְט צוּ זַיין אַ גָדוֹל אוּנ אִיז גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת, וָואס עֶס דַארְף הָאבֶּען אַ פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַ פָאלְק. אַז עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען צְוַואנְצִיג יָאהר אִיז אִין שְׁפַּאנְיֶען אַרוֹיס אַ אִינֶעווֶענִיגְסְטֶע קְרִיעג אוּנ עֶטְלִיכֶע אֶרְטֶער הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעטְהֵיילְט אוּנ זֶענֶען גֶעוָוארֶען זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶע קְלֵיינֶע מְלוּכוֹת; דֶעמָאלְט זֶענֶען פִיעל יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן זִיךְ אַרוֹיסְקְלַייבֶּען פוּן קוֹרְדוֹבָה אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין גְרַאנַאדַא, טָאלֶעדַא (טוֹלִידָה) אוּנ סַרְגוּזַה, אוּנ שְׁמוּאֵל אִיז אַרִיבֶּער קַיין מַאלַאגַה (מַלִיקָה), אַ שְׁטָאדְט בַּיים יַם, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען זַיין פַּרְנָסָה פוּן אַ קְלֵייטֶעל, וָואס עֶר הָאט דָארְט גֶעאֶפֶענְט נִיט וַוייט פוּן אַ פַּאלַאץ, וָואס דֶעם גְרַאנַאדִישֶׁען קָאנִיג׳ס חַאבּוּס הוֹיפְּט-מִינִיסְטֶער

אבו-אלקאסם אבן-אלעריף האט אויסגעבויט. שמואל האט גראד אויסגעקליבען דעם פלאץ, ווייל ער האט גערעכענט אז נעבען א גרויסען פאלאץ וועט ער האבען מעהר פדיון, צום סוף האט דאס שכנות געפיהרט דערצו ער זאל גליקליך ווערען דווקא ניט פון מסחר, אונ דערגרייכען די גרעסטע מדרגה. דעם הויפט-מיניסטער'ס א שקלאווין האט געדארפט איהם אפט שיקען בריעף, אונ אזוי ווי זי האט געהערט, אז דער יודישער קרעמער איז א גרויסער קענגער, האט זי זיך צו איהם געווענדעט, ער זאל איהר אלדינג שרייבען. אז אבן-אלעריף האט בעקומען די בריעף, זענען זיי איהם אזוי שטארק געפאלען אז ער האט באלד זיך געהייסען ברענגען דעם שרייבער, אונ אז ער איז בעקאנט געווארען מיט שמואל'ן אונ זיך איבערגעצייגט אין זיינע פעהיגקייטען האט ער איהם תיכף געמאכט פאר זיין סעקרעטאר. דא האט שמואל בעקומען די רעכטע געלעגענהייט ארויס צו ווייזען זיינע קענטניסע. מען האט איהם אנגעהויבען פרעגען עצות אונ דער מיניסטער פלעגט קיין מאל ניט ארויסגעהען פון זיינע רייד. אז אבן-אלעריף איז שטארק קראנק געווארען אונ האט געהאלטען ביים שטארבען, האט ער פאר'ן טויט גערעטהען דעם קעניג, ער זאל שמואל'ן אנידער זעצען אויף זיין ארט, אונ אזוי איז שמואל אבן-נאגרילה געווארען הויפט-מיניסטער פון גראנאדה, אונ מיט איהם צוזאמען האט אויך זיין פאלק דערלעבט אזא גדולה, וואס עס איז נאר שווער געוועהן צו ערווארטען. שמואל האט אבער טאקי זיין זאך געטהון בשלימות, ער האט מיט אללע כוחות געארבייט פאר דער טובה פון דער מדינה. דער קעניג האט אין זינען געהאט זיינע תענוגים אונ האט זיך אין קיין שום זאך ניט געמישט, די גאנצע משא פון דער מלוכה איז געלעגען אויף איהם, אונ ער האט נאר געזארגט אז אללע זאללען צופרידען זיין, אונ אז אפילו די, וואס עס האט זיי פריהר געשטאכען צו זעהן א יוד אויף אזא הויכע מדרגה, זאללען אויך מודה זיין אז ער איז א געטרייער דיענער פון דעם לאנד אונ פערדיענט עהרליך דעם נאמען „נגיד" (פירסט).

אז דער קעניג חאבוס איז אים יאהר 1037 געשטארבען, איז ארויס א קריעג צווישען צוויי צדדים: דער גרעסטער טהייל, אונ צווישען זיי אויך די יודישע פיינסטע עשירים יוסף אבן מיגאש, יצחק בן ליאון אונ נחמיה אשכפה האבען געוואלט אז די מלוכה זאל איבערגעהן צום יונגער'ן זוהן באלקין; דער קליינערער צד, נאר מיט שמואל'ן אין דער מיט, האט געהאלטען מיט'ן עלטערן זוהן באדיס אונ האט דווקא אויסגעפיהרט, ווייל באלקין אליין האט פער-שטאנען אז די ירושה קומט דעם עלטערן ברודער אונ האט זיך אבגעזאגט.

רֶעסָאלְט אִיז שְׁמוּאֵלְ׳ס לַאנְגֶע נָאךְ פֶעסְטֶער גֶעוָוארֶען, דָאס פָאלְק הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטְרַאכְטֶען כִּמְעַט וִוי אַקֶאנִיג, וַוייל בַּאדִים הָאט אִיהם אִיבֶּערְ־גֶעגֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען כֹּחַ, נָאר עֶר הָאט נִיט אָבְּגֶעטְרָאטֶען פוּן אֱמֶת אוּנ יֹשֶׁר. הָאטְשִׁי שְׁמוּאֵל אִיז נִיט גֶעוֶועהן קֵיין נוֹקֵם וְנוֹטֵר, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דִי גוּטֶע פְרַיינְד פוּן בַּאלְקִין מוֹרָא גֶעהַאט צוּ בְלַייבֶּען אִין גְרַאנַאדָה אוּנ זֶענֶען אַוֶועק קֵיין שְׁבִילָה (סֶעוִוילְלָא), וואוּ עֶס הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער קֶאנִיג מַחְמֶד אַלְנַאפֶ׳יר, עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַשׂוֹנֵא דֶעם קֶאנִיג פוּן גְרַאנַאדָה אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאט עֶר דִי אַנְטְלָאפֶענֶע פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אוּנ יוֹסֵף אִבְּן מִיגַאשׁ הָאט בֶּעקוּמֶען בַּיי אִיהם אַגְרוֹיסֶע שְׁטֶעללֶע.

אַז שְׁמוּאֵל׳ס מַזָל אִיז אַזוֹי הוֹיךְ גֶעוָוארֶען הָאט אִיהם קֵיין זַאךְ נִיט גֶעקָאנְט שַׁאדֶען, אוּנ אַז דִי סַכָּנָה אִיז שׁוֹין נָאהֶענְט גֶעוֶועדְן הָאט אִיהם דִי פַּייל פוּנ׳ם שׂוֹנֵא נִיט גֶעקָאנְט טְרֶעפֶען. נָאךְ אַז הַאבּוּס הָאט גֶעלֶעבְּט אִיז גֶעוֶועהן אַבּוּנְד צְוִוישֶׁען אִיהם אוּנ דֶעם שְׁקְלַאוָואנִישֶׁען פִירְסְט זָאהַאִיר אוּנ דֶעם אֵיינֶעגֶעם בּוּנְד הָאט גֶעזָאלְט אוֹיךְ בַּאדִים מִיט אִיהם אָבְּשְׁלִיעסֶען. זָאהַאִיר׳ס מִינִיסְטֶער אִבְּן־עַבַּאס אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אַבִּיטֶערֶער מֶענְשׁ אוּנ דֶערְצוּ הָאט עֶר נָאךְ גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט׳ן גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן מַאלַאגַה, אִבְּן־בַּאקַאנְנַא, אוּנ בֵּיידֶע אִינֵיינֶעם הָאבֶּען אָנְגֶעהֵייבֶּען הִינְטֶען אַרוּם צוּ אַרְבַּייטֶען גֶעגֶען שְׁמוּאֵל׳ן. פְרִיהֶער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפְּרוּבְּט אָנְצוּפִיהרֶען רְכִילוּת בַּיים קֶאנִיג, אוּנ אַז עֶס אִיז נִיט צוּזַאמֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ גֶעהן מִיט תְּקִיפוּת. פְלוּצִים אִיז זָאהַאִיר אָנְגֶעקוּמֶען מִיט זַיין מִינִיסְטֶער קֵיין גְרַאנַאדָה אוּנ הָאט דֶעם קֶאנִיג אִין הַיילֶענִישׁ פָארְגֶעלֶעגְט זֶעהר שְׁלֶעכְטֶע בֶּעדִינְגוּנְגֶען, עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעפָאדֶערְט עֶר זָאל שְׁמוּאֵל׳ן אָבְּזָאגֶען אוּנ הָאט אִיהם גָאר וֶועניג צַייט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זִיךְ צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען. וֶוען בַּאדִים בֶּעשְׁטֶעהט דַארוֹיף וָואלְט נִיט נָאר שְׁמוּאֵל אַללֵיין אוּמְגֶעקוּמֶען, נָאר עֶס וָואלְט גֶעוָוארֶען אַחֵל פוּן אַללֶע יוּדֶען; צוּם גְלִיק הָאט עֶר זִיךְ אָבֶּער בֶּערֶעכֶענְט אַז עֶס אִיז אַגְרוֹיסֶער בִּזָיוֹן פַאר אִיהם, מֶען זָאל אִיהם פוּן דֶער פְרֶעמְד זָאגֶען אַדֵעָה, אוּנ שְׁמוּאֵל׳ס שׂוֹנְאִים הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעפּוֹעל׳ט. שְׁמוּאֵל הָאט אָבֶּער דֶערְלֶעבְּט נָאךְ אַגְרֶאסֶערֶע נְקָמָה: בַּאדִים הָאט גֶעהֵייסֶען נָאכְיָאגֶען זָאהַאִיר׳ן אוּנ מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט זַיין מִינִיסְטֶער אִבְּן עֶבַּאס גֶעפַאנְגֶען קֵיין גְרַאנַאדָה, דָארְט הָאט מֶען אִיהם גֶעהַאלְטֶען עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אִין תְּפִיסָה אוּנ דֶער נָאךְ הָאט מֶען אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען. פּוּנְקְט אוּם שְׁמִינִי עֲצֶרֶת אִיז דָאס גֶעשֶׁעהן, אוּנ אַז דִי בְּשׂוּרָה פוּנ׳ם שׂוֹנֵא׳ס מַפָּלָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ שְׁמוּאֵל׳ן, הָאט עֶר דֶעם טָאג גֶעמַאכְט פַאר אַגְרוֹיסֶען יוֹם טוֹב אוּנ

געדאנקט נאטש פאר דעם חסד וואס ער האט געטהון מיט איהם און מיט זיין פאלק.

פון דעמאלט אן איז שמואל נאך חשוב'ער געווארען ביים קאניג און האט זיך געאלטערט אין עשר און כבוד. האטשי ער איז געוועהן שטארק פער[illegible]ען מיט דער מלוכה, פון דעסטוועגען האט ער געהאט צייט זיך צו בעשעפטיגען מיט'ן רבנות און איז געוועהן ארומגערינגעלט מיט לומדים וואס האבען איהם געהאלפען פיהרען א ישיבה און אכטונג געבען אז די יודישע אמונה זאל האבען איהר אמת'ן גלאנץ. עס פלעגען געהן שאלות־תשובות צווישען איהם און די גרעסטע רבנים פון בבל, מצרים, סיריען און אפריקא און ער האט געשיקט גרויסע נדבות צו רב האי גאון און רב נסים פון קיירואן מען זאל אויסהאלטען ארעמע תלמידים. דערצו האט ער נאך אליין אנגעשריבען צוויי און צוואנציג ספרים, און האט דארט ארויסגעוויזען זיין שטארקע בקיאות אין לשון קודש, האטשי ער האט זיך ניט געקאנט אין דעם ענין אויסגלייכען מיט דעם בעריהמ־טען מדקדק אבן גנא׳ח, וואס איז פונקט ווי ער געוועזען א צירונג פאר די יודען פון יענער צייט.

יונה מרינוס אבן־גנא׳ח, אדער ווי זיין אראבישער נאמען איז געוועהן, אבו־אל־וואליד־מערוואן, איז אויך ערצויגען געווארען אין קורדובה און דארט האט ער אין דער אוניווערזיטאט, וואס דער כליף אלחכים האט געגרינדעט, געלערנט מעדיצין. שפעטער, ווען אין שפאניען איז געווארען אונרוהיג און דאס לאנד האט זיך צוטהיילט אויף קליינע מלוכות, האט אבן־גנא׳ח געמוזט אוועקווארפען זיין פאטערשטאדט און זיך בעזעצען אין סאראגוזה. מען קאן זאגען אז ער האט די העברעאישע שפראכע געשטעלט אויף א פעסטען פוס, ווייל ער האט דאס גאנצע לעבען געארבייט נאר אין דקדוק און געזוכט צו געפינען בעשטימטע כללים, כדי עס זאל לייכטער זיין צו לערנען לשון קודש. צו ליעב דעם האט ער אויף דער עלטער אנגעשריבען זיין בעריהמטען פירוש אויף דער תורה וואס איז בעקאנט מיט דעם נאמען ספר „הרקמה". ער האט געקוקט ווי א אמת'ער חקרן אויף יעדען פסוק מיט אפענע אויגען און זיין כלל איז געוועהן: די תורה רעדט מיט א מענשליכער שפראכע וואס יעדעס וואו[illegible] דארף פערשטאנדען זיין גאר אהן סודות און אהן רמזים. און עס קאנן זיין טאקי צו ליעב דעם האט ער געהאט אזוי פיעל שונאים און צווישען זיי אזא געגנער ווי רב שמואל הנגיד.

איינער פון די גרעסטע יודישע לייט פון דעם עלפטען יאהרהונדערט איז

גֶעווֶעהן דֶער בֶּערִיהמְטֶער דִיכְטֶער (מְשׁוֹרֵר) רַב שְׁלֹמֹה בֶּן יְהוּדָה אִבְּן־גַּבִּירוֹל, וָואס אִין אַרַאבִּי׳שֶׁען אִיז עֶר בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאמֶען: אַבּוּ־אַיוּב סוּלֵימַאן אִבְּן־יְחִייָא, עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען גֶעלֶעבְּט נַיין אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ הָאט נָאר ווִי אַפַּאלֶעגְדִיגֶער שְׁטֶערן אַבְּלִישְׁטְשׁ גֶעגֶעבֶּען אוּנ אִיז שׁוֹין פֶערְשְׁווִינְדֶען גֶעוָוארֶען. זַיין פָאטֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן פוּן דִי וָואס הָאבֶּען גֶעמוּזְט אַוֶועק פוּן קוֹרְדוֹבָה אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזוֹכְט אַנַייֶע הֵיים אִין מַאלַאגַה. דָארְט, בַּיים בְּרֶעג פוּנ׳ם יַם, וֶוענֶען אִבְּן־גַבִּירוֹלְ׳ס יוּנְגֶע יָאהר אִיבֶּערְגֶעלָאפֶען, דָארְט הָאט זִיךְ אִין אִיהם נָאךְ אַז עֶר אִיז אַקְלֵיין קִינְד גֶעוֶועהן, עֶנְטְווִיקֶעלְט דֶער גֵייסְט פוּן מְלִיצָה, דָארְט הָאט אִיהם דִי נַאטוּר בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מִיט אִיהרֶע טִיעפֶע סוֹדוֹת אוּנ כִּמְעַט פוּנ׳ם ווִיגֶעל אָן הָאט עֶר זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעזִינְגֶען. זַיינֶע גְרוֹיסֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען הָאבֶּען זִיךְ גָאר פְרִיה גֶעמוּזְט אַרוֹיסוַוייזֶען, ווַייל זַיינֶע עֶלְטֶערן וֶוענֶען אִיהם אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען וֶוען עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן אַקְלֵיין קִינְד אוּנ עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַיָתוֹם אָהן בְּרִידֶער אוּנ אָהן שְׁוֶועסְטֶער, אָהן קְרוֹבִים וָואס זָאלֶען וֶועלֶען עֶפִּים זָארְגֶען פַאר אִיהם. אַז אַבְּלוּמֶעלֶע דַארְף אָבֶּער אוֹיסוַואקְסֶען — בֶּעקוּמְט עֶס דֶעם טְרָאפֶּען וַואסֶער צוּ דֶער צַייט. דָאס אֵיינֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן מִיט אִבְּן גְבִירוֹל: אִין סַאראַגַאסָה הָאט דֶעמָאלְט גֶעלֶעבְּט אַגְרוֹיסֶער מַאנְן יְקוּתִיאֵל אַלְהַסַאן, וָואס הָאט בַּיים קָאנִיג יַחְיָא אִבְּן מוּנְדְהִיר פַארְנוּמֶען אַזַא שְׁטֶעללֶע ווִי שְׁמוּאֵל הַנָגִיד אִין גְרַאנַאדָה. עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַבֶּערִיהמְטֶער מוּפְלָא אוּנ זַיין הוֹיז אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אָפֶען פַאר אַללֶע עֶדְלֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶענָאסֶען זַיינֶע חֲסָדִים אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּענְט פַאר זֵייעֶר בֶּעשִׁיצֶער. אַזַא מֶענְשׁ הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעמוּזְט אוּמְקוּקֶען אוֹיף אִבְּן גַבִּירוֹל אוּנ פַארְשְׁטֶעהן וָואס פַאר אַכְּלִי עֶס קָאן פוּן אִיהם אוֹיסוַואקְסֶען. עֶר הָאט אִיהם גֶענוּמֶען אוּנְטֶער זַיין שׁוּטְץ אוּנ הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען ווִי אַאֵייגֶען קִינְד. אִבְּן גְבִירוֹל׳ס מַזָל אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהן אַזוֹי בִּיטֶער אוּנ פִינְסְטֶער אַז זַיין גוּטֶע לַאגֶע הָאט גָאר נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט: פְּלוּצִים אִיז גֶעוָוארֶען אַמְרִידָה אִין לַאנְד, זַיין וָואהלְטְהֶאטֶער יְקוּתִיאֵל אַלְהַסַאן הָאט מֶען דֶערְהַרְגְ׳ט. אַשְׁטַארְקֶער טְרוֹיעֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּקְט אוֹיף אַללֶע שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען, נָאר מֶעהר פוּן אַללֶע הָאט עֶס דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם יוּנְגֶען מְשׁוֹרֵר, וָואס אִיז וַוייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶער אַלֵיין אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט, אָהן אַעֶדֶעל הַארְץ וָואס זָאל אִיהם מִיטְפִיהלֶען, אָהן אַקְלָארֶען קָאפּ וָואס זָאל אִיהם גֶעבֶּען אַרֶעכְטֶע עֵצָה. זַיין עֶרְשְׁט סֵפֶר „תִּקוּן מִדוֹת הַנֶפֶשׁ״, וָואס וַוייזְט ווִי אַזוֹי עֶס אִיז נֶאטְהִיג פַאר׳ן מֶענְשֶׁען צוּ פֶערְבֶּעסֶערְן זַיינֶע מִדוֹת, הָאט אִיהם נָאךְ מֶעהר פֶערְווִיסְט דָאס

לעבּען: פיעל בּעלי בּתּים האָבּען געמיינט אַז ער האָט דַוְקא נאָר זיי געוואָלט טרעפען אונ זענען איהם געוואָרען דם־שוֹנְאִים. ער האָט געמוזט צו ליעב דעם עוֹקר זיין פון סאַראַגאָסה, אונ ווען דער אוּנצייטיגער טויט בּעפרייהט איהם ניט פון אַללע צָרוֹת וואָלט ער געוויס געצוואונגען געווען אַוועקצוּוואַרפען שפּאַניען. זיינע איבּריגע פילאָזאָפישע חִבּוּרים, וואס ער האָט געשריבּען אויף אַראַבּיש, האָבּען געפונען מעהר צוטריט בּיי די אַראַבּער אונ בּיי די קריסטען, אונ הונדערט יאָהר שפּעטער איז אַרויס פון זיי אַלאַטיינישע איבּערזעצונג, וואס אַגייסטליכער אונ אַנעטויפטער יוד האָבּען געמאַכט. פון זיינע שירים זענען בּעזאָנדערס בּעקאַנט „כְּלָלִים פון דִקְדוּק" וואס ער האָט אָנגעשריבּען אין גראַמען, אַז ער איז אַלט געווען ניינצען יאָהר. פיעל פִּיוּטִים אונ תְּפִלּוֹת אונ זיין בּעריהמטער שיר „כֶּתֶר מַלְכוּת" ווענען דער שעהנהייט פון דער נאַטור אונ דער גרויסקייט פונ'ם בּעשעפער. דער שיר איז אָנגעשריבּען מיט גרויס התלהבות, ער בּעשטעהט פון דריי חלקים וואס הייסען: גאָטט, וועלט אונ מענש. אונ נאָך אין היינטיגע דורות לייענט מען איהם יוֹם כִּפּוּר בּיי נאַכט אין פיעל שולען.

איין אַנדער יודישער פילאָזאָף, וואס האָט געלעבּט אין דער צייט, רַבֵּנוּ בְּחַיֵי הַדַיָן בֶּן יוֹסֵף אִבְּן פְּקוּדָה (בְּקוּדָה) האָט זיך גענומען אויף אַאַנדער דרך: ער האָט געוואָלט בּעפעסטיגען דאס אמת'ע פרוּמקייט צווישען יודען אונ האָט זיך צו ליעב דעם ענטשלאָסען צו מאַכען אַאונטער־שייד צווישען די מִצְוֹת אונ מִנְהָגִים, וואס יעדער יוד היט אָב, אונ צווישען די חוֹבוֹת פונ'ם האַרץ, וואס דאַרויף קאָנען נאָר ניט זיין קיין בּעשטימטע געשריבּענע געזעטצע אונ יעדער דאַרף זיך צוהאָרען צום אינווענינסטען קוֹל פון זיין געוויסען. אִבּן־פְּקוּדָה האָט אָבּער פערשטאַנען אַז ניט איטליכער איז אים שטאַנד צו דערגרייכען אַזאַ מַדְרֵגָה אונ אַז דערצו איז נאָטהיג צו בּרעכען אַללע מענשליכע תַּאֲוֹת אונ זיך אָבּזונדערן פון דער וועלט; דערפאַר האָט ער געוואָלט איינפיהרען יודישע נְזִירִים אַזוֹי ווי בּיי די קריסטען אונ די מַחְמַדַנער, אונ האָט אין זיינע סְפָרִים זיך בּעמיהט צו דערווייזען ווי נאָטהיג איז פאַר'ן יודען אַז זיין טְרַאכטען, פיהלען אונ טְהוּן זאָל מיט אַריינער כַּוָנָה זיין נאָר לְשֵׁם שָׁמַיִם. זיינע סְפָרִים זענען בּיים פאָלק געווען זעהר בּעליעבּט.

אָט דאס זענען געווען די מענשען וואס האָבּען געלעבּט אין שְׁמוּאֵל הַנָגִיד'ס צייט אונ האָבּען גלייך מיט איהם נאָר איין ציעל געהאַט פאַר די אויגען: — צו דערהויבּען אונ שטאַרקען דאס יודישקייט. נאָך שְׁמוּאֵל'ס טויט

האט דער קעניג באדיס איבערגעגעבען זיין שטעללע אונ געשענקט דאס
איינענע צוטרויען דעם זוהן זיינעם אבו-אל-הוסאין יוסף אבן-נאגרעלא,
וואס האטש ער איז געוועהן זעהר יונג האט ער דאך געקאנט אין דער
איינענער צייט זיין אי דער גאנצער פיהרער פון דער מדינה, אי דער הויפט-
פארשטעהער פון די שפאנישע יודען. דאס וואס ער איז אויסגעוואקסען ביי
אזא פאטער בעווייזט אלליין ווי געבילדעט ער איז געוועהן.׳ דערצו האט ער
נאך גאר אין די יונגע יאהרען פראקטיצירט אין מדינה זאכען אונ איז געוועהן
א סעקרעטאר ביים פרינץ באלקין. געלעבט האט ער דוקא בעשיידען, נאר
דארט וואו ער האט בעדארפט בעוויינען זיין גרויסקייט האט ער זיך געקאנט
שטעללען ווי מען דארף. דערפאר האט ער געהאט אסך שונאים, וואס האבען
איהם געהאלטען פאר א בעל גאוה אונ די צאהל פון זיינע געגנער האט זיך
נאך מעהר פארגרעסערט, ווען ער האט זיך ארומגערינגעלט נאר מיט יודען
אונ האט די בעסטע שטעללען אבגעגעבען זיינע גלויבענסברידער. די שונאים
האבען אזוי אינטריגירט אז צווישען יוסף'ן אונ דעם פרינץ באלקין, וואס
האבען פריהער אזוי גוט געלעבט, איז ארויס א קריעג. פלוצלונג איז באלקין
געשטארבען אונ אזוי ווי מען האט געהאט א חשד אז מען האט איהם פער-
גיפטעט, האט דער קעניג געהייסען טייטען עטליכע פון זיינע דיענער.
דאס פאלק האט אפילו געהאלטען אין איין שרייען אז יוסף איז דא שולדיג,
נאר דער קעניג האט זיך אפילו ניט געוואלט צוהערען צו אזא נארישער
בעשולדיגונג. שפעטער איז אבער געשעהן אזאך וואס באדיס האט שוין
געמוזט ווערען אונצופרידען פון איהם, ווייל יוסף האט ניט געוואלט טהון
זיין ווילען, האטש זיין עקשנות איז געוועהן דעם לאנד א טובה. צווישען
די מהמדנער, וואס האבען געהערט צום שבט בערבערן אונ וואס פון זיי
האט אויך געשטאמט דער קעניג באדיס, אונ די עכטע אראבער, איז געוועהן
א שרעקליכע שנאה גלייך ווי זיי וואלטען ארויסגעקומען פון צוויי פערשידענע
פעלקער, אונ אומעדום פלעגט צווישען זיי ארויס א געשלאג. באדיס האט
מורא געהאט טאמער פאלען אויף איהם אן די אראבער אונ געהמען ביי איהם
צו די מלוכה, דערפאר איז ביי איהם געבליבען ער זאל אללע אראבער, ווען
זיי וועלען פרייטאג זיין פערזאמעלט ביים גאטעסדיענסט, אויסהרג'נען.
באדיס האט גערעכענט אז ווען מען וועט דעם סוד מגלה זיין דעם יודישען
מיניסטער וועט ער געוויס צופרידען זיין, צום כוף האט יוסף דערפון גאר
ניט געוואלט הערען אונ האט דעם קעניג פערשטעהן געגעבען אז דאס איז

פַאר אִיהם דִי גְרֶעסְטֶע סַכָּנָה. בַּאדִים הָאט זִיךְ אָבֶער אַייִנְגֶעשְׁפַּארְט אוּנ הָאט נָאר גֶעפָאדֶערְט בַּיי זַיין מִינִיסְטֶער עֶר זָאל דִי זַאךְ הַאלְטֶען בְּסוֹד. יוֹסֵף הָאט אָבֶער נִיט גֶעקָאנְט רוּהֶען, עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט דֶעם טָאג וֶוען דִי שְׁחִיטָה הָאט בֶּעדַארְפְט גֶעשֶׁעהְן אוּנ הָאט גֶענֶעבֶּען אָנְצוּהֶערֶען דִי אַרַאבֶּער זֵיי זָאלֶען נִיט גֶעהְן דַאוֶונֶען דֶעם בֶּעשְׁטִימְטֶען פְרַייטָאג. בַּאדִים הָאט אַזוֹי גָאר נִיט אויסְגֶעפִיהְרְט, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז יוֹסֵף'ס אַרְבַּייט הָאט עֶר אִיהם גֶעמַאכְט פָארְווִירְפֶע, נָאר יוֹסֵף הָאט נִיט גֶעלֵייקֶענְט אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט פַארְקֶעהרְט, אַז עֶר מֶאג גוֹמֵל בֶּענְשֶׁען וָואס גָאטט הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן אַזַא אוּנְגְלִיק. דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען מִיט יוֹסֵף'ס דֵעָה אוּנ דֶער קֶאנִיג הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט נָאכְשָׁאקְלֶען מִיט'ן קָאפּ, נָאר אִין הַארְץ אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַפֶערְדְרוּס אוֹיף יוֹסֵף'ן דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶערְט אוֹיסְצוּפִיהְרֶען זַיין פְּלַאן. פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז שׁוֹין דֶעם קֶענִיגְס פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ יוֹסֵף'ן פֶערְשְׁוואוּנְדֶען. בַּאדִים הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּהֶערֶען צוּ דִי קוֹלוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, אַז עֶס שְׁטֶעהְט נִיט אָן דָאס לַאנְד, אַז אַ יוּדִישֶׁער מִינִיסְטֶער זָאל פִיהְרֶען דִי מְלוּכָה, אוּנ אַז יוֹסֵף'ס גֶעגְנֶער הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג, אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט פֶערְקוֹיפֶען גְרַאנַאדַה דֶעם שׂוֹנֵא, הָאט זִיךְ בַּאדִים נִיט ווִיסֶענְדִיג גֶעמַאכְט, חָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶועהְן אִיבֶּערְצַייגְט אַז עֶס אִיז אַ לִיגֶען, אוּנ הָאט גֶעלָאזְט דָאס פַייעֶר זָאל זִיךְ צוּבְּרֶענֶען. מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע רְצִיחָה אִיז דָאס פָאלְק אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף יוֹסֵף'ס פַּאלַאץ; עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ קַאמֶער פוּן קוֹילֶען אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט דָאס פָּנִים, נָאר מֶען הָאט אִיהם דֶערְקֶאנְט אוּנ בַּאלְד דֶערְהַרְגֶ'ט. דֶעם זְכוּת הָאבֶּען דֶערְוַוייל גֶענָאסֶען אַלֶע יוּדֶען פוּן גְרַאנַאדָה; מֶעהר פוּן פִינְפְצֶעהְן הוּנְדֶערְט יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת זֶענֶען גֶעטֵייטְט גֶעוָוארֶען. זֵייעֶרֶע הַייזֶער הָאט מֶען פֶערְבְּרֶענְט, אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע, צְווִישֶׁען זֵיי אוֹיךְ יוֹסֵף'ס פְרוֹי אוּנ זַיין זוּהְן עֲזַרְיָה, זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קַיין אַלִיסַאנַה (לוּזֶענַא) נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז. יוֹסֵף'ס טְרוֹיעֶרִיגֶער סוֹף הָאט גֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ נִיט נָאר צְווִישֶׁען יוּדֶען, נָאר אוֹיךְ בַּיי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן זַיין גְרוֹיסְקַייט אוּנ אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט דֶער מְלוּכָה. אֵיינֶער פוּן דִי בֶּערִיהְמְטֶע אַרַאבִּישֶׁע דִיכְטֶער אִבַּן אַלְפַּרִי אִין אַלְמִירִיד הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ גַאנְצֶע קִינָה אוֹיף יוֹסֵף'ס טוֹיט אוּנ לָאזְט אוֹיס מִיט דִי וֶוערְטֶער: „מַיין אֶמוּנָה אִיז בַּיי מִיר דָאס טְהַייעֶרְשְׁטֶע זִי הֵייסְט מִיר פַאר דֶעם יוּדֶען אַ טְרֶער לָאזֶען. מֶען הָאט אֲפִילוּ דֶעם דִיכְטֶער פֶערְקְלָאגְט פַאר'ן קֶענִיג אוּנ גֶעווִיזֶען אַז עֶס פַּאסְט נִיט

פַאר אַ מַחֲמַדַנֶער צוּ בֶּעווייזֶען אַ יוּדֶען, נָאר דֶער קֶאנִיג הָאט דַארוֹיף גֶעאֶנְטְפֶערְט: „אִיךְ זֶעה אַרוֹיס אַז דֶער דִיכְטֶער מוּז הָאבֶּען אַ אֵיידֶעל הַארְץ, עֶר בֶּעווייזְט אַ יוּדֶען אֲפִילוּ נָאכ'ן טוֹיט, אוּנ פִיעל פוּן אוּנְזֶערֶע מַחְמַדַנֶער קֶענֶען זִיךְ אֲפִילוּ בַּיים לֶעבֶּען נִיט אוּם אוֹיף זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער".

דִי מְרִידָה גֶעגֶען יוֹסֵף אִבְּן נַאגְרֶילַה, ווִי שְׁרֶעקְלִיךְ זִי אִיז גֶעווֶעזֶען, הָאט נִיט אַרוֹיסְגֶערוּפֶען אִין אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער מֶעהר קֵיין רְדִיפוֹת אוּנ הָאט נִיט אֶרְגֶער גֶעמַאכְט דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין שְׁפַּאנְיֶען. אוּמֶעדוּם הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶּען, אוּנ פוּן דִי מַהְמַדַנִישֶׁע הֶערְשֶׁער הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעלֶערְנְט אוֹיךְ קְרִיסְטְלִיכֶע קֶאנִיגֶע אוּנ הָאבֶּען קֵיין חֲרָטָה נִיט גֶעהַאט פַאר דֶעם צוּטְרוֹיעֶן צוּ יוּדִישֶׁע דִינֶער. אַז אַלְפָאנְסָא דֶער זֶעקְסְטֶער פוּן קַאסְטִילְיֶען הָאט גֶעוואָרְפֶען אַיין אוֹיג אוֹיף דִי צוּבְּרֶעקְלְטֶע קְלֵיינֶע מַחְמַדַנִישֶׁע מְלוּכוֹת אִין שְׁפַּאנְיֶען, הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז שְׁוַואכֶען זֵיי קֶאן עֶר נָאר דֶערְמָאלְט, ווֶען זֵיי ווֶעלֶען זִיךְ מֶעהר בַּייסֶען אוּנ רַייסֶען צְווִישֶׁען זִיךְ אוּנ, אַז עֶר מוּז הָאבֶּען פֶעהִיגֶע מֶענְשֶׁען ווָאס זֶענֶען קְלָאר אִין דֶער לַאגֶע פוּן דִי קְלֵיינֶע מְלוּכוֹת אוּנ ווֶעלֶען נִיט לָאזֶען אָבְּקִיהְלֶען דָאס פַייעֶר, ווָאס יֶעדֶע פוּן זֵיי הָאט אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען, כְּדֵי דִי אַנְדֶערֶע זָאלֶען פֶערְבְּרֶענְט ווֶערֶען. אוֹיף אַזַא זַאךְ הָאט אַלְפָאנְסָא גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ יוּדֶען, אוּנ זַיין בֶּעסְטֶער יוֹעֵץ אִיז גֶעווֶעזֶען זַיין לַייבּ-דָאקְטָאר עַמְרָם בֶּן־יִצְחָק אִבְּן-שַׁלְבִּיב, ווָאס הָאט גוּט גֶעקָאנְט אַרַאבִּישׁ אוּנ אִיז אִים שְׁטַאנְד גֶעווֶעזֶען אוֹיסְצוּפִיהְרֶען דָאס שְׁלִיחוּת. נָאךְ אֵיין יוּד, צִידֶעלוּס, אִיז בַּיי אִיהם גֶעווֶעזֶען אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב אוּנ עֶר פְּלֶעגְט זִיךְ מִיט אִיהם בֶּערַאטְהֶען ווֶעגֶען דִי גְרֶעסְטֶע אוּנ ווִיכְטִיגְסְטֶע שַׁאֲלוֹת פוּן דֶער מְלוּכָה. אַלְפָאנְסָא אִיז אִיבֶּערְהוֹיפְּט גֶעווֶעזֶען גוּט גֶעגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער, ווָאס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אוּנְטֶער זַיין מַאכְט, אוּנ יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶענָאסֶען זַיינֶע חֲסָדִים.

אוֹיף פַאפִּיער זֶענֶען נָאךְ אִין דִי אֵייראָפֵּיאִישֶׁע לֶאנְדֶער גֶעבְּלִיבֶּען דִי אַלְטֶע גֶעזֶעצְטֶע פוּן אַ מָאל, ווָאס הָאבֶּען דָאס יוּדִישׁ לֶעבֶּען גֶעבּוּנְדֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען, אוּנ ווֶען מֶען אִיז טַאקִי מְקַיֵים דָאס ווָאס אִיז אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, ווָאלְט דֶער יוּד נִיט גֶעטָארְט קֵיין קָאפּ אוֹיפְהוֹיבֶּען. דִי צַייט הָאט אָבֶּער אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט אַנְדֶערֶע גֶעזֶעצְטֶע אוּנ בִּיסְלֶעכְווַייז הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ דִי קְרִיסְטֶען גֶעוָואהְנְט מִיט דֶעם גֶעדַאנְק, אַז מֶען דַארְף דִי יוּדֶען בֶּעהַאנְדְלֶען מִיט יוֹשֶׁר גְלַייךְ מִיט אַלֶע. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְווַייזֶען זֵייעֶרֶע מַעֲלוֹת אוּנ זִיךְ צוּשְׁלָאגֶען צוּ דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען אִין דִי קְרִיסְטְלִיכֶע לֶאנְדֶער, הָאבֶּען זֵיי דֶער מִיט אוֹיפְגֶערִיסֶען דִי אוֹיגֶען פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע, ווָאס הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט לֵיידֶען

אַז יודען זאָלען שטעהן אויף אַזאַ שיינע מַדְרֵגָה. דער פּאָפּסט הילדעבּראַנד, וואָס האָט געהייסען גרעגאָר דער זיבּעטער, אוּנ האָט געשַׁיימ׳ט אויף דער וועלט מיט זיין אַכְזָרִיוּת, האָט זיך אַרויסגעוויזען ווי אַ פייעריגער צוֹרֵר הַיְּהוּדִים, אוּנ האָט צוגערעדט אַללע קאָניגע זיי זאָלען פון זיך מַרְחִיק זיין די יודען. דער דייטשער קייזער היינריך דער פירטער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט איבּער רעדען אוּנ האָט די יודען פון וואָרמס (ווירמייזאַ) געגעבּען אַללע רעכטע. דאָס האָט ער געטהון געגען דעם ווילּלען פונ׳ם פּאָפּסט, נאָר קיין חֲרָטָה האָט ער ניט בּעדאַרפט האָבּען, ווייל שפּעטער, אַז דאָס פאָלק האָט געגען דעם קייזער מוֹרֵד געוועהן אוּנ ער איז אין ערגיץ ניט זיכער געוועהן מיט׳ן לעבּען, האָבּען איהם די וואָרמסער יודען ווי געטרייע קינדער אוּנ מיט כְּלֵי זַיִן אין די האַנד געשיצט זיין איינציג מָקוֹם מְנוּחָה.

דער פּאָפּסט גרעגאָר האָט אַלץ אין זין געהאַט די יודען אוּנ האָט אים יאָהר 1078 צוזאַמען גערופען אין רוֹם איין אֲסִיפָה (קאָנציל) פון גייסטליכע, אוּנ מען האָט בּעשלאָסען פאַרצולעגען אַללע קאָניגע זיי זאָלען ניט דערלאָזען יודען צו קיין דיענסט. טרעפען האָט מען געוואָלט דערמיט נאָר קאַסטיליען אוּנ גרעגאָר האָט זיך טאַקי ניט געפוילט אוּנ האָט געשיקט אַלפאָנסאָ׳ן אַ בּעזונדער בּריעף אוּנ איהם אָנגעוויזען וואָס פאַר אַ גרויסען חִלּוּל הַשֵּׁם ער מאַכט אָן דער־מיט, וואָס יודען האָבּען בּיי איהם די גאַנצע דֵעָה אוּנ וואָס פאַר אַ חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה עס איז, אַז יודען זאָלען געוועלטיגען איבּער קריסטען. אַלפאָנסאָ איז שוין אָבּער געוועהן שטאַרק צוגעבּונדען צו די יודען, ער האָט שוין דערמאָלט גוט אַרויסגעזעהן ווי נוצליך זיי זענען דער מְדִינָה, אוּנ גרעגאָר׳ס בּריעף האָט אויף איהם קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט. ער האָט זיך נאָך מעהר געוואָרפען צו די יודען, ווייל ער האָט געוואָלט אָבּנעהמען דאָס קאָניגרייך טאָלעדאָ אוּנ האָט צו ליעב דעם געמאַכט יַד אַחַת מיט׳ן קאָניג פון סעווילא אַל־מֶעתַאמֶעד אִבּן־אַבּדאַד, אַוַדַאי האָט ער פערשטאַנען אַז אָהן יודען וועט ער זיך ניט קאָנען רירען. אַז טאָלעדאָ איז אַרונטער אונטער זיין מאַכט האָט אַלפאָנסאָ געגעבּען די יודען די אייגענע פרייהייט וואָס פריהר: די יודישע קְהִלּוֹת האָבּען זיך גע־פיהרט זעלבּסטשטענדיג, אוּנ רַבָּנִים אוּנ דַיָּנִים האָבּען געהאַט דאָס רעכט צו פַּסְקְ׳נען נאָך די דִינִים פונ׳ם תַּלְמוּד. אַלפאָנסאָ האָט זיך אָבער ניט געוואָלט בּעגנוגען נאָר מיט טאָלעדאָ אַלליין אוּנ אַז ער איז שוין געשטאַנען מיט אַ רעכטען פוס צווישען די קליינע שפּאַנישע מְלוּכוֹת האָט ער טאַקי געוואָרפען איין אויג אויף קאָרדובה, האָטש זי האָט געהערט צו זיין גוטען פריינד אַל־מֶעתַאמֶעד. ער

הָאט גֶעמוּזט דָאס פְרַיינְדְשַׁאפְט אַוֶועקְלֶעגֶען אִין אַ זַייט אוּנ הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ שִׁיקֶען שְׁלוּחִים צוּם קֶאנִיג פוּן סֶעוִוילַא מֶען זָאל מִיט אִיהם אִיבֶּערְרֶעדֶען, נָאר אוֹיף אַזַא אוֹפֶן אַז עֶר זָאל פֶערְשְׁטֶעהן אַז עֶר מוּז זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעבֶּען אוּנ אַז קַיין אַנְדֶער בְּרֵירָה הָאט עֶר נִיט. אוֹיף אַזַא שְׁלִיחוּת, צוּ רֵיידֶען גֶעצֶאהלְטֶע אוּנ שַׁארְפֶע דִבּוּרִים, הָאט אַלְפָאנְסָא אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען זַיין לַייבּ-סֶעקְרֶעטַאר יִצְחָק אִבְּן-שַׁלְבִּיבּ, אוּנ הָאט אִיהם מִיט גֶעגֶעבֶּען פִינְף הוּנְדֶערְט מַאנן, כְּדֵי עֶר זָאל אַרַיינְקוּמֶען קַיין סֶעוִוילַא מִיט גְרוֹיס פַּארַאד וִוי עֶס שְׁטֶעהט אָן אַ שָׁלִיחַ, וָואס קוּמְט מֶעהר אַ מוֹרָא צוּ מַאכֶען וִוי בֶּעטֶען. דָאס שְׁלִיחוּת הָאט אָבֶּער אִבְּן-שַׁלְבִּיבּ'ן דָאס לֶעבֶּען גֶעקָאסְט, וַוייל עֶר הָאט פִּינְקְטְלִיךְ אוֹיסְגֶעפָאלְגְט דֶעם ווִילֶען פוּן זַיין קֶאנִיג, נָאר עֶר הָאט מִיט זַיינֶע רֵייד אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אַל-מֶעטַאמֶעד'ן אִין כַּעַס, אוּנ עֶר הָאט אִיהם בַּאלְד גֶעהֵייסֶען טוֹיטֶען אוּנ זַיין גַאנְצֶע וַואךְ אַרַיינ-וַוארְפֶען אִין תְּפִיסָה. ווִי עֶס וַוייזְט אוֹיס, הָאט אַלְפָאנְסָא דָאס פָארְאוֹיסְגֶעזֶעהן, אוּנ הָאט צוּפְלַייס אַזוֹי גֶעמַאכְט, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶּען אַ סִבָּה זִיךְ צוּ קְרִיגֶען מִיט'ן קֶאנִיג פוּן סֶעוִוילַא אוּנ אוֹיף אִיהם אָנְפַאלֶען.

אַל-מֶעטַאמֶעד הָאט זִיךְ גֶערִיכְט אַז אַלְפָאנְסָא וֶועט אִיהם נִיט שְׁווַיינֶען, הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ בּוּנְד מִיט יוּסוּף אִבְּן תֵּישׁוּפִין, דֶעם פִירְסְט פוּן דֶעם מַחְמַדַנִישֶׁען שֵׁבֶט אַלְמוּרַאבִידִים, עֶר זָאל אִיהם קוּמֶען הֶעלְפֶען. אִבְּן תֵּישׁוּפִין הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטֶען, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעמֵיינְט אַזוֹי צוּ שִׁיטְצֶען שְׁבִילְיָה וִוי אַלֵיין טַאקִי פֶערְהַאפֶען פַאר זִיךְ דִי מְלוּכָה. מִיט גְרוֹיס הַיִל אִיז עֶר גֶעקוּמֶען, אוּנ צוּזַאמֶען מִיט אַל-מֶעטַאמֶעד'ס לַייט הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹי-בֶּען אַ מִלְחָמָה מִיט אַלְפָאנְסָא'ן, וָואס אִיז גֶעגֶען זֵיי אַרוֹיס אוֹיךְ נִיט מִיט קַיין קְלֵיינֶער מַחֲנֶה. אִין בֵּיידֶע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג יוּדֶען אוּנ יֶעדֶער פוּן זֵיי הָאט פַארְגֶעסֶען אַז אֵיין אֱמוּנָה בִּינְדְט זֵיי צוּזַאמֶען אוּנ הָאט זַיין בְּלוּט פֶערְ-גָאסֶען פַאר זַיין לַאנְד, וָואס אִיז בַּיי אִיהם דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן דָאס טְהַייעֶרְסְטֶע. צוּם אָנְהֵייבּ הָאט דָאס גְלִיק אִין גַאנְצֶען גֶעשְׁפִּילְט אַלְפָאנְסָא'ן, נָאר אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט גֶעהן מִיט צוּפִיעל לִיסְט אוּנ אָבְּנַארֶען דֶעם שׂוֹנֵא, הָאט זִיךְ דָאס גְלִיק פוּן אִיהם אָבְּגֶעטְהוּן. אִים פְרַייטָאג, דֶעם 23 אָקְטָאבֶּער 1086, אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען רֶעכְט זִיךְ צוּ שְׁלָאגֶען, הָאט אַלְפָאנְסָא גֶעלָאזְט זָאגֶען אַז עֶר ווִיל דִי מִלְחָמָה אָבְּלֵייגֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶעג, וַוייל פְרַייטָאג דַארְפֶען רוּהֶען דִי מַחְמַדַנֶער, שַׁ מוּזֶען הִיטֶען דִי יוּדֶען אוּנ זוּנְטָאג אִיז הֵיילִיג בַּיי דִי קְרִיסְטֶען. דֶערְמִיט הָאט גֶעוָואלְט פַארְבְּלֶאנְדֶען דֶעם שׂוֹנֵא דִי אוֹיגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל קָאנֶען נָאר אוּמְגֶערִי זִיךְ צוּפִיהרֶען דִי הָאנְד. אַל-מֶעטַאמֶעד הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין מֵיין, אוּנ

טאַקי בּעשטאַנען צו וואַרטען עטליכע טאָג, נאָר אָנגעזאָגט האָט ער: מען זאָל זיין פערטיג אין יעדער מינוט. אַזוי איז טאַקי געשעהן: אַלפאַנסאָ איז פּלוצלונג אָנגעפאַלען אויף די מחמדנער און די מלחמה בּיי צאַלאַקה האָט זיך פאַר איהם שלעכט געענדיגט. אַלפאַנסאָ איז קוים מיט'ן לעבען אַנטלאָפען, נאָר אַל-מעתאַמעד האָט אויך טהייער בּעצאָהלט, ווייל פון דעמאָלט אָן זענען די אַל-מוראַבּידינען געוואָרען גאַנצע בּעלי-בּתים אין שפאַניען, און צווישען די קליינע שפאַנישע מלוכות, וואָס האָבען פריהר אויך ניט געלעבט רוהיג און פריינדליך, איז געוואָרען נאָך מעהר השך. פאַר די יודען איז פון דעסטוועגען דערפון קיין רעה ניט אַרויסגעקומען ווייל די אַלמוראַבּידינען זענען זיך מיט זיי גוט בּעגאַנגען און די יודען פון גראַנאַדה האָבען אפילו צוריק בּעקומען זייער פערמעגען, וואָס מען האָט פאַר צוואַנציג יאָהר, אין דער צייט פון'ם קאָניג באַדיס, בּיי זיי צוגענומען.

די מרידות און מלחמות האָבען פון דעסטוועגען ניט אָבגעריסען די שפאַ-נישע יודען פון תורה, און מיט'ן תלמוד האָבען זיי זיך נאָך מעהר בּעשעפטיגט ווי מיט אַנדערע זאַכען. צווישען די געלערנטע יודען, וואָס האָבען זיך מעהר אָבגעגעבען מיט וויסענשאַפטען זענען בּעזאָנדערס בּעקאַנט די נאָהמען פון: משה בּן שמואל אבּן-ג'יקטאַליאַ און יהודה אבּן-בּלעם פון טולידה; פון די לומדים אָבער וואָס האָבען אין יענער צייט שטאַרק בּעשעפטיגט דעם תלמוד, האָט זיך בּעריהמט געמאַכט רבּינו יצחק בּן יעקב אַלפאַסי אָדער אַלקאַלאַיי (אָדער רי"ף), ער איז געבּאָרען אים יאָהר 1013 אין אַ דאָרף ניט ווייט פון פעץ אין אַפריקאַ, און האָט פון קינדהייט אָן אַרויסגעוויזען זיין גרויס חריפות אין לערנען. אַז ער איז נאָך אַ יונגער מאַנן געוועהן איז ער געקומען קיין שיבילה, און איז באַלד בּעקאַנט געוואָרען פאַר אַ גרויסען מופלג, און ווייל זיין דרך אין לערנען איז געוועהן ניי, האָט ער געהאַט געגנער אין די בּיידע רבּנים פון דאָרט: ר' יצחק בּן בּרוך אַלבּאַליה און ר' יצחק בּן יהודה אבּן-גיאַת, וואָס האָבען איהם ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען אַפילו דעמאָלט ווען זיין נאָהמען האָט געקלונגען אויף דער גאַנצער וועלט און אַללע לומדים האָבען אָנגענומען זיין חבור אויף גאַנץ תלמוד וואָס מען האָט גערופען אויף זיין נאָהמען „אַלפאַס“. איבּער די רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן, האָט רבּינו יצחק אַלפאַסי געמוזט אַוועקפאָהרען פריהר קיין קורדובה און דערנאָך האָט ער זיך בּעזעצט אין לוצענאַ, און דאָרט איז ער שוין געבּליבּען רוהיג, און איז געשטאָרבּען אַ זקן פון ניינציג יאָהר. וואָס פאַר איין עדלער מענש

רַבֵּינוּ יִצְחָק אַלְפַסִי אִיז גֶעוֶועהן — קֶען מֶען אַרוֹיסְזֶעהן דֶערְפוּן אַז אֲפִילוּ זַיינֶע שׂוֹנְאִים זֶענֶען גֶעוֶועהן פֶערְזִיכֶערְט אִין זַיין גוּטְסְקַייט. אַז ר' יִצְחָק אִבְּן־אַלְבַּאלִיָה פוּן שְׂבִילְיָה אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט גֶעהַאלְטֶען בַּיים שְׁטַארְבֶּען, אִיז זַיין בֶּן יָחִיד בָּרוּךְ, אַ יוּנְגֶער מַאנן פוּן זִיבְּצֶעהן יָאהר, גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים בֶּעט זֶעהר בֶּעטְרִיבְּט אוּנ הָאט גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעקְלָאגְט אַז עֶר וֵוייסְט נִיט אוֹיף וֶועמֶען דֶער פָאטֶער לָאזְט אִיהם אִיבֶּער דַארוֹיף הָאט אִיהם דֶער חוֹלֶה גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז בַּאלְד נָאךְ זַיין טוֹיט זָאל עֶר אַוֶועקְפָאהרֶען קַיין לוּצֶענָא צוּ רַבֵּינוּ יִצְחָק אַלְפַסִי אוּנ זָאל אִיהם אִיבֶּערְגֶעבֶּען אַז אִין דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט פוּן זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף אַלְדִינְג וָואס אִיז צְווִישֶׁען זֵיי פָּארְגֶעקוּמֶען, אַז עֶר בֶּעט בַּיי אִיהם מְחִילָה פַאר דִי צָרוֹת וָואס עֶר הָאט אִיהם אָנְגֶעטְהוּן, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען מִיט דֶער הָאפְנוּנְג, אַז עֶר וֶועט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף זַיין קִינְד אוּנ וֶועט אִיהם מַדְרִיךְ זַיין, עֶס זָאל פוּן אִיהם אוֹיסְוַואקְסֶען אַ מֶענְשׁ. דֶער יָתוֹם הָאט מְקַיֵים גֶעוֶועהן דִי צַוָואָה פוּנ'ם פָאטֶער, אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קַיין לוּצֶענָא הָאט רַבֵּינוּ יִצְחָק אַלְפַסִי מִיט הֵייסֶע טְרֶערֶען בֶּעוֵויינְט דֶעם טוֹיט פוּן זַיין גֶעגְנֶער. עֶר הָאט דֶעם יָתוֹם אַרַיינְגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב וִוי אַ אֵייגֶענֶעם זוּהן אוּנ הָאט מִיט אִיהם גֶעלֶערְנְט טָאג וִוי נַאכְט בִּיז עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארֶען אַ בֶּערִיהמְטֶער מַאנן.

בַּיים סוֹף פוּנ'ם עֶלְפְטֶען יָאהר הוּנְדֶערְט אִיז אִין קַאסְטִילְיֶען דָאס קְלֵיינֶע וֶועלְטֶעל פוּן דִי קַרַאִימֶעס אוֹיךְ גֶעוָוארֶען בֶּעלֶעבְּטֶער, וַוייל עֶס הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג צְווִישֶׁען זֵיי בֶּעוִויזֶען זֶעהר אַ גְרוֹיסֶער גֶעלֶעהרְטֶער. אִבְּן־אַלְתַּרַאס אוּנ אִיהם אִיז גֶערָאטְהֶען צוּ זִיךְ צוּ צוּצִיהֶען פִיעל תַּלְמוּדִיסְטֶען. דָאס אֵיינֶענֶע הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּן זַיין פְּרוֹי, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶע מְלוּמֶדֶת, נָאךְ זַיין טוֹיט. אַוַדַאי הָאט דָאס פֶערְדְרָאסֶען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵיי: ר' יוֹסֵף אִבְּן אַלְפַרַג אַל־קַבְּרִי, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב בַּיי אַלְפָאנְסָא'ן, הָאט זִיךְ בֶּענוּצְט מִיט זַיין מַאכְט אוּנ הָאט גֶעפּוֹעֶל'ט בַּיי דֶער מְלוּכָה מֶען זָאל דִי קַרַאִימֶעס אָנְהוֹיבֶּען טְרַייבֶּען.

אִין דֶער צַייט וָואס שְׁפַּאנְיֶען אִיז גֶעוֶועהן אַ מְקוֹם תוֹרָה, הָאבֶּען דִי יוּדֶען פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ אוּנ דַייטְשְׁלַאנְד זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט גְלַייכֶען צוּ זֵייעֶרֶע שְׁפַּאנִישֶׁע בְּרִידֶער, חָאטְשׁ עֶס אִיז זֵיי גָאר נִיט שְׁלֶעכְט גֶעוֶועהן. קֵיינֶער הָאט זֵיי נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט, זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט פַּרְנָסָה בְּשֶׁפַע פוּן וַויינְגֶארְטְנֶער, מְלָאכוֹת אוּנ מִסְחָר, אוּנ הָאבֶּען נָאר בֶּעדַארְפְט צָאהלֶען מַס. דֶער פַּאפְּסְט אַלֶכְּסַנְדֶר דֶער צְוֵוייטֶע אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ גֶעגֶען זֵיי אוּנ הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעזָאגְט, אַז יוּדֶען טָאר מֶען נִיט רֶעכְנֶען פַאר שׂוֹנְאִים פוּן דֶער קִירְכֶע. בַּיי אַזַא לַאנְגֶע

וָואלְטֶען דִי יוּדֶען בֶּעדַארְפְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען גֶענוּג חֲכָמִים אוּנ גְדוֹלִים, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער בֶּעגְנִיגְט מִיט פְּשׁוּט'ן לֶערְנֶען תַּלְמוּד אוּנ קֵיין חֲרִיפוּת הָאט מֶען פוּן קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהן, גְלַייךְ וִוי זֵיי הָאבֶּען טַאקִי נִיט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ אִין לֶערְנֶען הָאבֶּער שְׁטֶעהן פוּן דִי קְרִיסְטֶען. נָאר אֵיין לָאטְהֶרִינְגֶען אִיז גֶעוֶועהן פוּל מִיט לוֹמְדִים, אוּנ דִי יְשִׁיבוֹת פוּן מַאינְץ אוּנ וָוארְמְס הָאבֶּען גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע. אִים יָאהר 1034 הָאבֶּען צְוֵויי פְרוּמֶע לַייט: יַעֲקֹב בֶּן דָוִד אוּנ זַיין וַוייבּ רָחֵל, וָואס הָאבֶּען קֵיין קִינְדֶער נִיט גֶעהַאט, אוֹיסְגֶעבּוֹיעט אַ טְהַייעֶרֶע שׁוּל, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ „בֵּית מִקְדָשׁ מְעַט", וַוייל דֶער בִּנְיָן אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר שֶׁאן אוּנ אַחוּץ דֶעם פְלֶעגְט מֶען אִין דִי שְׁפֶּעטֶערֶע צַייטֶען דֶערְצֶעהלֶען פוּן דֶער שׁוּל גַאנְצֶע נִסִים. דָארְט זֶענֶען אוֹיף אַ בֶּעזוּנְדֶער טַאפֶעל גֶעוֶועהן אוֹיסְגֶעקְרִיצְט דִי נָאהמֶען פוּן ר' יַעֲקֹב אוּנ זַיין וַוייבּ רָחֵל אוּנ מֶען הָאט אָבְּגֶעהִיט זֵייעֶר יָאהרְצַייט אַ סַךְ דוֹרוֹת. צְווִישֶׁען דִי לָאטְהְרִינְגֶער לוֹמְדִים זֶענֶען בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּעקַאנְט גֶעוֶועהן רַבֵּנוּ גֵרְשׁוֹם'ס תַּלְמִידִים: ר' יִצְחָק הַלֵוִי (סֶגַל לְוִיָה) פוּן וָוארְמְס, וָואס הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט דְרַיי זִיהן גְרוֹיסֶע רַבָּנִים: ר' יַעֲקֹב בֶּן יָקָר פוּן מַאינְץ אוּנ ר' יִצְחָק בֶּן יְהוּדָה! זֵיי אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מֶעהר מִיט תַּלְמוּד. נָאר אֵיין ר' מְנַחֵם בֶּן חֶלְבּוֹ הָאט זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט דִקְדוּק אוּנ הָאט גֶעמַאכְט אַ בִּאוּר אוֹיף דֶער תּוֹרָה.

פּוּנְקְט אִין דֶער צַייט וֶוען מֶען הָאט דֶערְהַרְגֶ'ט אִין פּוּמְבְּדִיתָא דֶעם לֶעצְטֶען גָאוֹן חִזְקִיָה, אִיז גָאר נִיט וַוייט פוּן דָארְט, אִין פְרַאנְקְרַייךְ, אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אַ נַייעֶ זוּנְן אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַ מֶענְשׁ, וָואס אוֹיף אִיהם אִיז גֶעפַאלֶען דֶער גוֹרָל צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען דָאס יוּדִישְׁקַייט דוּרְךְ זַיין בֶּערִיהמְטֶען פֵּירוּשׁ אוֹיף תנ"ךְ אוּנ תַּלְמוּד. דָאס אִיז גֶעוֶועהן ר' שְׁלֹמֹה יִצְחָקִי, וָואס אִיז בֶּעקַאנְט מִיט'ן נָאהמֶען רש"י. עֶר אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער שְׁטָאט טְרוֹיס אִין שַׁאמְפַּאן אִין פְרַאנְקְרַייךְ אִים יָאהר 1030, אוּנ הָאט גֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס דַחְקוֹת פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר. גָאר יוּנְג הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט, נָאר הָאטְשׁ עֶר אִיז גִיךְ גֶעוָוארֶען אַ בַּעַל מִשְׁפָּחָה, הָאט עֶר גֶעלָאזֶען וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אוּנ אִיז בִּיז פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר גֶעזֶעסֶען אִין דִי יְשִׁיבוֹת כוּן מַאינְץ אוּנ וָוארְמְס. אַז מֶען הָאט אִיהם אוֹיפְגֶענוּמֶען פַאר רַב אוּנ זַיין נָאהמֶען אִיז גֶעוָוארֶען בֶּערִיהמְט, הָאט זִיךְ זַיין לַאגֶע פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט גֶעבֶּעסֶערְט. וַוייל דָאס רַבָּנוּת הָאט זִיךְ דֶעמָאלְט גֶערֶעכֶענְט נָאר פַאר אַ גְרוֹיסֶען כָּבוֹד אוּנ קֵיין שְׂכִירוּת הָאט מֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען. דֶערְפַאר אִיז ר' שְׁלֹמֹה גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהן צוּ לֶעבֶּען זֶעהר גֶעעֶנְגְט, אוּנ כָּל יָמָיו אִיז עֶר גֶעוֶועהן פֶערְנוּמֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים וָואס

האָבען זיך צו איהם געצויגען פון אַללע זייטען. מיט זיי פלעגט ער לערנען, אונ דעמאָלט האָט ער אויך אויסגעאַרבייט זיין פירוש, אין וועלכען מען זעהט אַרײַס זיין גרויס חריפות, ווי עס איז איהם געראָטהען מיט קורצע אונ גע־צאהלטע ווערטער מסביר צו זיין די שווערסטע פסוקים פון דער תורה אונ די טיפסטע ערטער פון דער גמרא. קיין זוהן האָט רש״י ניט געהאַט, נאָר זיינע דריי טאכטער זענען געווען זעהר געראָטהענע. איינע פון זיי איז געווען אַזוי קלאָר אין תלמוד אַז ווען דער פאָטער איז קראַנק געווען אונ האָט ניט געקאָנט אָנפערן די רבנים וואס פלעגען זיך ווענדען צו איהם וועגען שאלות־תשובות, איז זי אים שטאַנד געוועהן רש״ס אַרבייט צו טהון. זיין איידעם ר׳ יהודה בן נתן איז אויך געווען אַ גרויסער מאַנן, אונ פון זיינע אייניקלעך זענען בעזאָנדערס בעריהמט געווען ר׳ שמואל בן מאיר, וואס מען האָט גערופען רשב״ם אונ ר׳ יעקב, וואס איז בעקאַנט מיט׳ן נאָהמען רבינו תם. רש״י׳ס פירוש אויף דער תורה איז צום ערשטען מאָל אָבגעדרוקט געוואָרען אים יאָהר 1475 אונ מען האָט איהם אויך איבערגעזעצט אויף לאַטייניש. דעם פירוש אויף דער גמרא האָט ער ניט אין גאַנצען געענדיגט, נאָר אויף זיין דרך זענען שוין דערנאָך געגאַנגען פיעל אַנדערע פראַנצאָזישע אונ דייטשע לומדים, וואס מען האָט זייער פירוש גערופען תוספות. אין וואָרמס ווייזט מען נאָך עד היום רש״י׳ס שטוהל אונ דאָס פאָלק דערצעהלט נאָך פון איהם פיעל וואונדער, וואס ווייזען נאָר ווי הייליג דער זכר פון ר׳ שלמה בן יצחקי איז געבליבען צווישען זיינע ברידער.

אין איטאַליען איז דאָס לערנען ביי די יודען ניט געשטאַנען אויף קיין הויכער מדרגה אונ אַללע רבנים אונ לומדים פלעגען זיי אויסשרייבען פון אַנדערע ערטער. נאָר דער נאָהמען פון איין איטאַליענישען יודען איז געבליבען בעקאַנט: דאָס איז געוועהן, ר׳ נתן בן יחיאל פון רום (רב נתן איש רומי), דער מחבר פונ׳ם תלמודישען ווערטערבוך וואס הייסט: „ערוך״. ער האָט פיעל פירושים צו־זאַממענגענומען פון רבינו חננאל בר חושיאל׳ס פון קאירוואן ספרים אונ אויך פון פיעל אַנדערע ספרים, אונ זיין ספר „הערוך״ איז נאָך היינט דער ניטצליכס־טער פון דעם מין ספרים. אין דער צייט זענען שוין די יודען געוועהן פאַר־שפּרייט אין בעהמען, מאהרען (מורביה) אונ פאָלען. אונ די שטאָדט פּראג האָט זיך שוין דעמאָלט גערעכענט פאַר איין אַלטער יודישע קהלה; צווישען זיי זענען געוועהן זעהר פיעל עשירים, וואס האָבען געהאַט אפילו קריסטליכע שקלאַווען. בעזאָנדערס איז בעקאַנט אַ יודישער גביר אין מאהרען

וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען פּוּדִיבְיָה: עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ גַאנְצֶע פֶּעסְטוּנְג אוּנ הָאט זִיךְ דָארְט גֶעלֶעבְּט אוּנ זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן דִי גְרֶעסְטֶע תַּעֲנוּגִים גְלַייךְ מִיט אַלֶע אַנְדֶערֶע קְרִיסְטְלִיכֶע פְּרִיצִים. דָאס לֶערְנֶען פוּן תּוֹרָה אִיז בַּיי זֵיי גֶעשְׁטַאנֶען זֶעהר נִידְרִיג, אוּנ עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער מִיט הוּנְדֶערְט יָאהר הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זֵיי אַרוֹיסְצוּוַייזֶען גְרוֹיסֶע לַייט אִין תּוֹרָה.

---

## 3 דֶער עֶרְשְׁטֶער קְרַייצְצוּג.

(1096—1148 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

בַּיים סוֹף פוּנְם עֶלְפְטֶען יָאהר הוּנְדֶערְט הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען אַ פַייעֶר אוּנ עֶס אִיז אַרוֹיס אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׂרֵפָה, וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט כִּמְעַט צְווֵיי הוּנְדֶערְט יָאהר: דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי קְרַייצְצוּגֶע, דִי מִלְחָמוֹת צְווִישֶׁען דִיא בֵּיידֶע גְרֶעסְטֶע אֱמוּנוֹת פוּן דֶער וֶועלְט, צְווִישֶׁען דִי קְרִיסְטֶען אוּנ דִי מַחְמַד׳נֶער, אוּנ וָואס הָאט כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוֹיף אַ נַייעֶם דֶערֶךְ גֶעבְּרַאכְט, אוּנ אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע צוּגֶעגֶעבֶּען אַסַךְ בְּלֶאטֶער, וָואס זַיינֶען מִיט בְּלוּט אוּנ מִיט טְהְרֶערְן גֶעשְׁרִיבֶּען. אַלַאנְגֶע צַייט הָאבֶּען דִי טֶערְקֶען, וָואס הָאבֶּען דַאמָאלְס גֶעהֶערְשְׁט אוֹיף פַּאלִיסְטִינַא הָאבֶּען נִיט נוּר קֵיין יוּדֶען נִיט גֶעלָאזְט אַרַיינְקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אָבֶּער אוֹיךְ דִי קְרִיסְטֶען, וָואס פְלֶעגֶען קוּמֶען מִתְפַּלֵל זַיין אוֹיפ׳ן קֶבֶר פוּן זֵייעֶר גוֹאֵל פְלֶעגֶען זֵיי אוֹיךְ אָנְטְהוּן גְרוֹיסֶע צָרוֹת אוּנ דֶערְצוּ בַּיי זֵיי נָאךְ רַייסֶען פִיעל גֶעלְד אוּנ הוֹזֶק מַאכֶען פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער רֶעלִיגְיָאן. דִי סִירִישֶׁע קְרִיסְטֶען אוּנ אוֹיךְ דִי דָאזִיגֶע וָואס פְלֶעגֶען גֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק אָנְגֶעלִיטֶען, אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי וָואס הָאט מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן דָאס אַכְזָרִיוֹת פוּן דִי טֶערְקֶען, פֶּעטֶער פוּן אַמִיֶען, הָאט דַארִיבֶּער גֶעמַאכְט אַ גַאנְצֶען לַארְם אִין אֵייְרָאפַּא, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אֵיין אֲסֵיפָה פוּן גֵייסְטְלִיכֶע אִין קְלֶירְמוֹנְט אִין פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען, אַז וֶוער עֶס הָאט נָאר גָאטְט אִין הַארְצֶען זָאל זִיךְ אַוֶועקְלָאזֶען קֵיין פַּאלֶעסְטִינַא זִיךְ אָנְנֶעהמֶען פַאר דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶער אֱמוּנָה. בַּאלְד הָאט זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקְלוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶע מַחֲנֶה, צְווִישֶׁען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן אַסַךְ פְרוּמֶע וָואס הָאבֶּען אַלְדִינְג גֶעוָואלְט טְהוּן לְשֵׁם שָׁמַיִם, נָאר נָאךְ מֶעהר זֶענֶען גֶעוֶועהן פָּשׁוּטֶ׳ע לֵיידִיג גֶעהֶערְס, וָואס הָאבֶּען פֶּערְשְׁטַאנֶען אַז סַאי ווִי סַאי קָאן עֶס זֵיי נִיט שַׁאדֶען אוּנ דֶערְלֶעגֶען וֶועלֶען זֵיי גֶעווִיס נִיט. מִיט רוֹיטְהֶע קְרַייצֶען אוֹיף דִי קְלֵיידֶער, אוּנ פִיעל אוֹיךְ מִיט אוֹיסְגֶעבְּרֶענְטֶע קְרֵייצֶען אוֹיפ׳ן

לַייב, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֶעהן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּנ דֶערְוַוייל הָאט מֶען זִיךְ אִין אֵיין וֶועגְס צוּפִיהרְט דִי הֶאנְד אוּנ גֶערוֹיבְּט אוּנ גֶעטֵייט אוּנְשׁוּלְדִיגֶע יוּדֶען.

דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן זֵייעֶר נוֹט. מֶען הָאט אַזוֹי גֶעשֶׁאצְט זֵייעֶר נוּצְלִיכְקֵייט, אַז וֶוען דֶער עֶפִּיסְקָאפּ רִידִיגֶער הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען „שְׁפַּייאֶר“, פַאר אַ שְׁטָאדְט, הָאט עֶר גֶעלָאזְט רַאטְהֶען דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ דָארְט בֶּעזֶעצֶען אוּנ הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט אַלֶע רֶעכְטֶע. דֶער קֵייזֶער הַיינְרִיךְ דֶער פִירְטֶע הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֶעהר פְּרַייהַייט, אוּנ אַז מֶענְשֶׁען אִיז צוּ פִיעל גוּט גְלוּסְט זִיךְ זֵיי נָאךְ בֶּעסֶערְס: פְּלוּצִים הָאט מֶען זֵיי פִירְגֶעזָאגְט אַז בִּיז צוּם יָאהר 1104 מוּז מָשִׁיחַ קוּמֶען, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְקֶער רַעַשׁ, אַללֶע יוּדֶען זֶענֶען אַרוּמְגֶענַאנְגֶען מִיט פֶּערְדוּלְטֶע קָאפּ אוּנ הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער גְאוּלָה. נָאר גְרָאד דֶעמָאלְט וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן פֶּערְטְרָאגֶען מִיט דֶער פַאלְשֶׁער הָאפְנוּנְג, הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי אָנְגֶערוּקְט אַ צָרָה, וָואס הָאט זִיךְ זֵיי פְרִיהֶער אֲפִילוּ נִיט גֶעחָלוֹמ׳ט: דִי גִבּוֹרִים פוּנ׳ם קְרַייצְצוּג הָאבֶּען אוֹיסְגֶעלָאזְט צוּ זֵיי דֶעם גַאנְצֶען כַּעַס אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט אָבְּקוּמֶען פַאר פְרֶעמְדֶע זִינְד.

פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער חֶבְרָה, וָואס פֶּעטֶער פוּן אַמִיֶען אַלְלֵיין מִיט זַיינֶע אַכְט הוֹיפְּט־לַייט אוּנ דֶער גֵייסְטְלִיכֶער גָאטְשַׁאלְק הָאבֶּען גֶעפִיהרְט, הָאבֶּען דִי יוּדֶען נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען, ווַייל זֵיי הָאבֶּען גֶערַאבֶּעוֶועט גְלַייךְ אִי יוּדֶען אִי קְרִיסְטֶען אוּנ זֶענֶען נָאךְ גֶעגַאנְגֶען מִיט רַהֲמָנוּת. דִי רֶעכְטֶע צָרָה הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפֶּעטֶער, אוּנ פוּן אַללֶע זַייטֶען הָאט זִיךְ צוּגֶעלָאזְט אַ בַּאנְדֶע פוּן גֶעוִויסֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נָאר בֶּענוּצְט מִיט דֶעם צוּפַאל, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קָאנֶען זִיךְ אָנְטְרִינְקֶען מִים פְרֶעמְדֶע גוּט אוּנ בְּלוּט אוּנ נָאךְ דֶערְלַאנְגֶען בַּיי דֶער וֶועלְט אַ דַאנְק דֶערְפַאר. דִי לַייט הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג, אַז אוֹיפ׳ן הֵיילִיגֶען קֶבֶר אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט מֶען גֶעפוּנֶען אַ פַּאפִּיעֶר אַז עֶס אִיז דִי גְרֶעסְטֶע מִצְוָה יוּדֶען נוֹיטְהֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען, אוּנ אַז דִי וָואס לָאזֶען זִיךְ נִיט כַּייגֶען מוּז מֶען בֶּעטְרַאכְטֶען ווִי פַיינְדֶע פוּן דֶער קִירְכֶע אוּנ מֶען מֶאג זֵיי אֲפִילוּ אוֹיפ׳ן פַייעֶר בְּרֶענְגֶען. דִי רְצִיחוֹת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ דִי יוּדֶען פוּן דָארְט הָאבֶּען בַּאלְד דֶערְפוּן צוּ וִויסֶען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער פוּן דַייטְשְׁלַאנְד, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער רַעַשׁ, מֶען הָאט זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען אִין דִי שׁוּלֶען אוּנ גוֹזֵר תַּעֲנִית גֶעוֶועהן. דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען זֶענֶען דֶערְוַוייל אָבְּגֶעקוּמֶען נָאר מִיט׳ן שְׁרֶעק, ווַייל דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען פוּן זֵיי גֶעהַאלְטֶען אוּנ הָאבֶּען זֵיי גֶעשִׁיצְט. נָאר אִין (רֶאוּעֶן), וָואס הָאט

גֶעהֶערְט צוּ עֶנְגְלַאנְד, הָאט מֶען דִי יוּדֶען מִיט גֶעוואַלְד אַרַיינְגֶעטְרִיבֶּען אִין קִירְכֶע אוּנ מֶען הָאט זֵיי גֶעהֵייסֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען צְווישֶׁען טוֹיט אוּנ לֶעבֶּען.

דָאס אִיז אָבֶּער נָאךְ אַלְץ אַ גָאר נִישְׁט גֶעוועֶן גֶעגֶען דֶער מְהוּמָה, וָואס הָאט זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין דַייטְשְׁלַאנְד, וָואס אִיז דֶעמָאלְט גֶעוועֶן ווִי אַ שִׁיף אָהן אַ רוּדֶער, ווַייל דֶער קֵייזֶער הַיינְרִיךְ הָאט גֶעמוּזְט אַ לַאנְגֶע צַייט בְּלַייבֶּען אִין אִיטַאלְיֶען, אוּנ עֶס אִיז נִיט גֶעוועֶן קֵיינֶער וָואס זָאל זִיךְ אָנְנֶעהמֶען פַאר דִי אוּנְגְלִיקְלִיכֶע יוּדֶען. נָאךְ פוּן דֶערְווַייטֶענְס הָאט מֶען גֶעהֶערְט וָואס פַאר אַ אוּמְגְלִיק עֶס מַאכְט אָן אַ גֶעוִויסֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער רִיטְטֶער ווִילְהֶעלְם דֶער צִימְמֶערְמַאן, וָואס הָאט אִין אַלֶע אֶרְטֶער אוֹיסְגֶעזוֹיגֶען דָאס בְּלוּט בַּיי דִי בּוֹיעֶרְן כְּדֵי עֶר זָאל קֶאנֶען אוֹיסְהַאלְטֶען זַיין חֶבְרָה. אַז עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶערוּקְט קֵיין טְרִיעֶר, אִיז אוֹיף דִי יוּדֶען גֶעפַאלֶען אַזַא אֵימָה אַז פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען, אוּנ יוּנְגֶע מֶאדְכֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהַאנְגֶען שְׁטֵיי־נֶער אוֹיפ'ן הַאלְז אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין טַייךְ מָאזֶעל. אֵיינֶע פוּן דִי יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער וָואס הָאבֶּען אַזוֹי מְקַדֵּשׁ ה׳ גֶעוועֶן אִיז מָרַת אֶסְתֵּר בַּת ר׳ יְחִזְקִיָה הַנַּבַּאי, אוּנ אִיהר נָאהמֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לְזִכָּרוֹן, אוּנ אַזוֹי ווִי זֵיי הָאבֶּען פִיעל גֶעטְהוּן אַבִּי זֵיי זָאלֶען לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט נִיט אַרַיינְפַאלֶען אִין דִי הַאנְד פוּנ'ם רוֹצֵחַ, וָואס הָאט גֶעהַאט פּוּנְקְט אַזוֹי פִיעל חָכְמָה ווִי רַחֲמָנוּת, אוּנ אַז עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אָנְהוֹיבֶּען דִי הֵיילִיגֶע מִלְחָמָה הָאט עֶר גֶעלָאזְט פָארְאוֹיסְגֶעהן פַאר זַיין מַחֲנֶה אַ גַאנְז מִיט עֶטְלִיכֶע צִיעגֶען, אוּנ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז זֵיי וֶועלֶען אִיהם פִיהרֶען גְלַייךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם. דִי אִיבְּרִיגֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרוּבְּט זוּכֶען יוֹשֶׁר בַּיים עֶפִּיסְקָאפּ עֶגִילְבַּארְט, נָאר עֶר הָאט מִיט זֵיי גָאר קֵיין לַאנְגֶע טַעֲנוֹת נִיט גֶעמַאכְט אוּנ הָאט זֵיי מְגַלֶּה גֶעוועֶן אַז זֵיי הָאבֶּען קֵיין אַנְדֶער בְּרֵירָה נִיט, נָאר צוּם קַאטָאלִיצִיזְמוּס אִיבֶּערְצוּגֶעהן. זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז דִי סַכָּנָה אִיז גְרוֹיס, אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵייעֶרֶע פָארְשְׁטֶעהֶער מִיכָה הָאט פָארְגֶעלֶעגְט מֶען זָאל לְפָנִים וֶוערֶען קְרִיסְטֶען. אַזוֹי אִיז דָאס טַאקִי גֶעשֶׁעהן אוּנ זֵיי זֶענֶען נִצּוֹל גֶעוָוארֶען פוּנ'ם שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹיט.

אַ אֶרְגֶערן סוֹף הָאבֶּען גֶעהַאט דִי יוּדֶען פוּן שְׁפַּייעֶר, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְלָאזְט אוֹיף דֶעם שׁוּצְבְּרִיעף וָואס דֶער עֶפִּיסְקָאפּ רֶעדִיגֶער אוּנ דֶער קֵייזֶער הַיינְרִיךְ הָאבֶּען זֵיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶערֶעדְט, אַז קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט עֶרְלוֹיבֶּען זֵיי עֶפִּיס שְׁלֶעכְטֶס טְהוּן. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער אַ טָעוּת גֶעהַאט: דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף אַ גֶעזֶעטְץ, זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁלֶעפֶּען דִי יוּדֶען אִין קִירְכֶע אוּנ זֵיי מִיט גֶעוַואלְד טוֹיפֶען, אוּנ אַז דִי עֶרְשְׁטֶע הָאבֶּען זִיךְ

אַנגעהויבּען װעהרען האט מען קיין איינציגען פון זיי ניט איבּערגעלאָזט לעבּע-
דיג. פון דעסטװעגען איז דער רוב פון די שפּייערישע יודען נצול געװאָרען,
װייל דער גוטהערציגער און פרומער עפּיסקאָפּ יוהאנזן האט זיי געהאַלטען
בּיי זיך, און אַז די רוצחים האבּען זיך געפּרובּט אָנפאַלען אויף זיי האט ער זיי
אונטערגעגעבּען חשק זיי זאָלען געגען זייערע שונאים אויך אַרויסגעהן מיט כּח,
און עס איז זיי טאַקי געראָטהען מיט אייגענע קראַפט צו בּעשיצען זייער
מקום מנוחה.

אויף דער שטאָדט װאָרמס איז שוין אין פערצעהן טאָג אַרום אָנגעפאַלען
א גרעסערע באַנדע; די רייכסטע יודען האבּען זיך בּעהאַלטען בּיים עפּיסקאָפּ
אַללעבּראַנדוס, װאָס האט ניט געקאָנט, אָדער ער האט ניט געװאָלט אַללע
יודען אונטער זיין שוטץ נעהמען. די רוצחים האבּען זיך געהאַפּט בּרעכען
יודישע הייזער, ראַבּעװען יודיש פערמעגען, צושטערן שולען, צורייסען ספרים
און פיעל יודען זענען אומגעקומען אויף קדוש השם. אַז עס איז אַװעקגעגאַנגען
א װאָך און די רוצחים האבּען זיך צוגעלאָזט צום פּאַלאַין פונ'ם עפּיסקאָפּ, האט
ער זיי געלאָזט זאָגען אַז מעהר קאָן ער זיי ניט האַלטען, און אַז װען זיי װעלען
זיך ניט טויפען, זענען זיי מיט'ן לעבּען ניט זיכער. די יודען האבּען זיך אויס-
געבּעטען א קורצע צייט, כּדי זיי זאָלען זיך קאָנען בּעדענקען, און די רוצחים
האבּען געװאַרט מען זאָל זיי עפענען דעם טהויער. און זיי זאָלען די יודען זעהר
פיהרען אין קירכע, אָדער זיך באָדען אין זייער בּלוט. אַז עס איז איבּערגעלאָפען
די צייט און דער עפּיסקאָפּ איז אַריינגעקומען צו די יודען געװאָהר װערען אויף
װאָס זיי האבּען זיך ענטשלאָסען, האט ער זיי אַללע געפונען טויט, װייל עס איז
זיי ליעבּער געװעהן אַלליין זיך דאָס לעבּען נעהמען און ניט שטאַרבּען דורך דער
האַנד פונ'ם שונא. דעמאָלט איז ערשט געװאָרען אַ שחיטה, װייבּער און קינ-
דער האט מען געקוילעט אין די גאַסען, און אַ יודיש יונגעל שמחה כּהן, װאָס
מען האט דערהרג'עט זיין פאָטער מיט זיבּען בּרידער, האט ער ניט געװאָלט געהן
פון דער װעלט בּיז ער װעט זיך נוקם זיין אין איינעם פון די שונאים; ער האט
זיך דאַריבּער געהייסען פיהרען אין קירכע אַריין און געזאָגט אַז ער װיל זיך
כּלומר'ש טויפען, און אַז מען האט איהם אַהין געבּראַכט האט ער אַרויסגעחאַפּט
א מעסער און האט געשטאָכען איינעם פון דעם עפּיסקאָפּ'ס קרובים. אַכט הונ-
דערט יודען זענען דעמאָלט אומגעקומען אין װאָרמס, צװישען די קדושים אין
װאָרמס זיינען אויך געװעהן רבּינו יצחק הלוי'ס קינדער, װאָס ער איז געװעהן
דער רבּי פון רש"י, און אויך פיעל פון זיינע תּלמידים.

איין אַנדער חֶבְרָה מִיט זייער פָאר׳שְׁטֶעהֶער גְרַאף עֶמְמֶערִיךְ, וָואס אִיז גֶעוָועהן אַ קָרוֹב פוּנ׳ם עֶפִּיסְקָאפּ רוּטְהַארְד אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף מַאיִנְץ, אוּנ דָא הָאט מֶען דִי יוּדֶען, אִי אָבְּגֶענַארְט, אִי גֶעהַרְגֶ׳ט. דֶער עֶפִּיסְקָאפּ הָאט צוּפְלַייס פָארְגֶעלֵייגְט דִי רַייכְסְטֶע יוּדֶען זֵיי זָאלֶען בַּיי אִיהם בְּלַייבֶּען אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ בֶּעהַאלְטֶען זֵייעֶר פֶּערְמֶעגֶען; קוֹים זֶענֶען זֵיי שׁוֹין אָבֶּער גֶעוָועהן אִינְוֶוענִיג, זֶענֶען בַּאלְד, נָאךְ אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער נַאכְט, צוּגֶעטְרֶעטֶען דִי שׂוֹנְאִים, אוּנ הָאבֶּען פֶּערְלַאנְגְט מֶען זָאל זֵיי אַרוֹיסְגֶעבֶּען דִי יוּדֶען. דֶער עֶפִּיסְקָאפּ הָאט זִיךְ כְּלוֹמֶר׳שְׁט אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנ הָאט עֶס נִיט גֶעוָואלְט דֶער לָאזֶען, נָאר דָאס אִיז אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועהן אַ אָנְשְׁטֶעל: זֵיי הָאבֶּען פְרִיהֶר צְוִוישֶׁען זִיךְ אָבְּגֶערֶעדְט אַז רוּטְהַארְד זָאל זִיךְ מַאכֶען גְלַייךְ וִוי עֶר הָאט נֶעבִּיךְ שְׁטַארְקֶע יְסוּרִים וָואס עֶר קֶען נִיט רֶעטְּטְ פַארְהִיטֶען דִי יוּדֶען, נָאר וָואס זָאל עֶר טְהוּן אַז מֶען הֶערְט אִיהם אַלְלֵיין אוֹיךְ נִיט, אוּנ דֶערְוַוייל אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען, אַז עֶמְמֶערִיךְ הָאט גֶעהַאט פֶּערְטִיגֶע קָרְבָּנוֹת. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהֶן אוּנ בִּיז אִין דֶער פְרִיה זֶענֶען גֶעפַאלֶען דְרַייצֶעהְן הוּנְדֶערְט הֲרוּגִים. זֶעכְצִיג יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען בֶּעהַאלְטֶען, נָאר בַּאלְד הָאט מֶען זֵיי אוֹיךְ גֶעפוּנֶען אוּנ גֶעקוֹילֶעט. נָאר עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט טוֹיפֶען, זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער בַּאלְד חֲרָטָה גֶעהַאט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעסֶער עֶנְטְשְׁלָאסֶען גֶעהְן צוּ זֵייעֶרֶע דֶערְהַרְגֶ׳טֶע בְּרִידֶער. צְוֵויי יוּדֶען, מַר אוּרִיָה אוּנ מַר יִצְחָק בַּר דָוִד הַפַּרְנָס מִיט זַיינֶע צְוֵויי טָאכְטֶער, הָאבֶּען אֲפִילוּ מְקַדֵשׁ הַשֵׁם גֶעוֶועהן נָאךְ דֶער טוֹיפֶע: מַר יִצְחָק הָאט אַלְלֵיין דֶערְשְׁטָאכֶען זַיינֶע בֵּיידֶע טֶאכְטֶער אוּם עֶרֶב שָׁבוּעוֹת אוּנ הָאט זַיין הוֹיז אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען, דֶערְנָאךְ אִיז עֶר צוּזַאמֶען מִיט אוּרִיָ׳ה אַרַיין אִין שׁוּל, בֵּיידֶע הָאבֶּען זֵיי אוּנְטֶערְגֶעלֵייגְט פַייעֶר אוּנ זֶענֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶער שׁוּל אוּנ מִיט אַללֶע סְפָרִים פַארְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען. דֶעמָאלְט אִיז אִין מַאיִנְץ גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע שְׂרֵפָה, אוּנ אַ הַאלְבֶּע שְׁטָאדְט אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין פַייעֶר.

אַ וָואךְ פַאר שָׁבוּעוֹת זֶענֶען דִי רוֹצְחִים, מִיט זֵייעֶר הוֹיפְּט־פִיהרֶער הֶערְמַאן, אַרַיין קַיין קָאלְן (קוֹלוֹנְיָא). דִי יוּדֶען הָאבֶּען שׁוֹין גֶעוואוּסְט וָואס זֵיי עֶרְוַוארְטֶעט אוּנ הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען דִי אִיבְּרִיגֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט מֶען זָאל זֵיי בֶּעשִׁיצֶען. מֶען הָאט טַאקִי אוֹיף זֵיי רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט, אוּנ יֶעדֶער קְרִיסְט הָאט צוּ זִיךְ אַרַיינְגֶעלָאזְט אַ יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחָה, אוּנ אַז דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָואלְט צוּ פִיהרֶען דִי הֶאנְד, הָאבֶּען זֵיי קֵיינֶעם נִיט גֶעפוּנֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט שְׁטִילֶען זֵייעֶר רְצִיחָה נָאר דֶערְמִיט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶערַאבֶּעוֶועט דָאס בִּיסֶעל פֶּערְמֶעגֶען, וָואס הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען אִין דִי לֵיידִיגֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער, אוּנ אֲפִילוּ

דאס ערדציטערניש, וואס איז גראד געוועהן דעם טאג, האט זיי ניט דערשראקען אונ זיי האבען עס נאך אנגענומען פאר א וואונק פון אויבען אז גאטט וויל טאקי זיי זאלען מיט אזוי פיעל בלוט-פערניעסען היילינ מאכען זיין נאהמען. אז עס איז אבער בעשטערט געוועהן, האבען די יודען זיך ניט געקאנט אויסדרעהען פון די שונאים'ס האנד: דער פרומער עפיסקאפ הערמאן דער דריטער האט שטילערהייד איבערגעפיהרט די יודען פון קאלן אין די נאהענטע דארפער, נאר, נאך דריי וואכען איז מען געוואהר געווארען פון זייער בעהאלטעניש, אונ פיעל פון זיי זענען אומגעקומען. די יודען האבען דעמאלט ארויסגעוויזען שטארק מסירות נפש: איינער פון די אלטע לומדים ר' שמואל בן יחיאל האט אין טייך געקוילעט זיין איינעם זוהן אונ האט א ברכה געמאכט אויף דער שחיטה אונ זיין קרבן האט געאנטפערט: אמן! אויף איהם קוקענדיג, האבען זיך פיעל אין וואסער געווארפען. איבערהויפט האט מען אין א צייט פון צוויי חדשים אין די שטעדט ביים רהיין מעהר פון צוועלף טויזינד יודען אויסגעהרג'ט, אונ די וואס האבען זיך געראטעוועט דורך דער טויפע האבען געהאפט אז ניך וועט דער נוטער קייזער היינריך צוריקקומען פון איטאליען אונ וועט זיך אננעהמען פאר זיי.

אין דער צייט זענען די יודען פון באהמען, וואס האבען אויך דארט ביז דעמאלט געלעבט רוהינ, אויך געוואהר געווארען פון צרות, ווייל די נייסטליכע אונ בעזאנדערס דער עפיסקאפ אדאלבערט פון פראג, האבען אויף זיי אנגעהויבען קוקען שלעכט, אונ אז דער ניפט פון די קרייצצוגע האט זיך צוגאסען איבער גאנץ איראפא האט מען א וואונק געטהון מען זאל זיך קומען אברעכנען אויך מיט די באהמישע יודען. דערצו איז נאך דער הערצאג ווראטיסלאוו דער צווייטער געוועהן פערנומען מיט א מלחמה אונ עס איז אין לאנד ניט געבליבען קיינער וואס זאל זיך קאנען אננעהמען פאר זיי. אוודאי האבען די רוצחים ניט געלאזט זיך לאנג בעטען, זיי זענען אריין אין פראג אונ אויסגעהרג'ט א סך יודען אויסער די וואס זענען מרוצה געווארען זיך צו טויפען. אומזיסט האט דער פרומער עפיסקאפ קאסמאס געשריגען גוואלד געגען אזעלכע רציחות: מענשען זענען געווארען וועלף אונ זייערע אויערן זענען טויב געווארען צו הערען רייד פון יושר אונ רחמנות.

דעם אמת מוז מען זאגען אז דעם גראסטען טהייל פון די נייסטליכע אונ אללע עדלע קלאסען האט דאס הארץ וועה געטהון צו צוזעהן אזא חלול השם, ווי צונויפגעלאפענע מארדער פערניעסען אפען מענשליך בלוט. אונ וויקלען נאך

אַיין זֵייעֶר גְזֵלָה אוּנ רְצִיחָה אִין אַהֵיילִיגֶען נָאהמֶען : קְרֵייצְצוּג, אוּנ דֶערְפַאר אַז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי בְּשׂוּרָה אַז עֶס אִיז אַתֵל גֶעוָוארֶען פוּן צְוֵויי הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד מַאנְן פוּן דִי קְרֵייצְבְּרִידֶער, הָאט עֶס זֵיי שְׁטַארְק הֲנָאָה גֶעטְהוּן אוּנ זֵיי הָאבֶּען דִי מַפָּלָה גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט פוּן גָאטט. דֶערְוַוייל אִיז דֶער קֵייזֶער הֵיינְרִיךְ צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן אִיטַאלְיֶען אוּנ הָאט זֶעהר בֶּעדוֹיעֶרְט וָואס מֶען הָאט דִי יוּדֶען אַזֶעלְכֶע צָרוֹת אָנְגֶעטְהוּן. עֶר הָאט בַּאלְד בֶּעווילִיגְט דִי בַּקָשָׁה פוּן ר׳ משֶׁה בֶּן יְקוּתִיאֵל דֶעם פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה אִין שְׁפַּייעֶר, אַז אַלֶע גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען זָאלֶען מֶעגֶען צוּרִיק אִיבֶּערְגֶעהְן צוּם יוּדֶענְטְהוּם. מִיט שִׂמְחָה זֶענֶען דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם בֶּעפֶעהל אוּנ בַּאלְד אִיז כִּמְעַט נִיט אֵיינֶער פוּן דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אִין לַאנְד. דָאס הָאט אֲפִילוּ שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען דֶעם פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְס דֶער דְרִיטֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְּרִיוְוט פוֹעֶל׳ן בַּיים קֵייזֶער עֶר זָאל מְבַטֵל זַיין אַזַא בֶּעפֶעהל, נָאר עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ הֶערֶען אוּנ הָאט נָאךְ גֶעגֶעבֶּען דִי יוּדֶען פוּן מַאִינְץ אֵיין עֶרְלוֹיבְּנִישׁ זֵיי זָאלֶען זִיךְ לָאדֶען מִיט׳ן עֶפִּיסְקָאפּ רוּטְהַארְד דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט צוּגֶענוּמֶען זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען, אוּנ דֶערְוַוייל הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען צוּנֶעהמֶען בַּיי אִיהם אַלֶע הַכְנָסוֹת.

אַדַאי הָאט דָאס גֶעהֵייסֶען אַ שְׁטִיקֶעל יְשׁוּעָה פַאר דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען. אִין בֶּאהמֶען אִיז אָבֶּער דֶערְפוּן דַוְקָא אַרוֹיס פַאר זֵיי אַ רָעָה. אַז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דִי בְּשׂוּרָה אַז דֶער דַייטְשֶׁער קֵייזֶער הָאט עֶרְלוֹיבְּט דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען צוּרִיק זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זֵייעֶר אֱמוּנָה, הָאבֶּען זֵיי מוֹרָא גֶעהַאט צוּ בְּלַייבֶּען אִין לַאנְד אוּנ הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען בֶּעסֶער אַרוֹיסְצוּפָאהְרֶען. עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען זֵיי זָאלֶען אַרִיבֶּער קֵיין פָּאלֶען אָדֶער קֵיין פַּאנָאנְיֶען (דָאס אִיצְטִיגֶע אֶסְטֶערְרַייךְ אוּנְגַארְן), אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַּאקֶען אוּנ אַרוֹיסְשִׁיקֶען זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען. דֶערְוַוייל אִיז דֶער הֶערְצָאג וְורַאטִיסְלַאוו צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ אַרוֹיסְקְלַייבֶּען פוּן בֶּאהמֶען, וַוייל צְווִישֶׁען זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי גְרֶעסְטֶע עֲשִׁירִים. עֶר הָאט זֵיי גֶעלָאזְט זָאגֶען אַז זֵיי טָארֶען נִיט רִירֶען קֵיין פָּאדֶעם, וַוייל זֵייעֶר גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען אִיז נִיט זֵייעֶר אֵייגֶענֶס, עֶס גֶעהֶער צוּם לַאנְד אוּנ אַז זֵיי זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זֵיי גָאר וֶועניג מִיטְגֶעבְּרַאכְט. דִי יוּדֶען הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אוֹיסְטַעֲנה׳ן זִיךְ הָאבֶּען זֵיי נִיט מִיט קֵיינֶעם אוּנ זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען פוּן בֶּאהמֶען נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז.

נאך ארגער איז געוועהן די יודען פון ירושלים. אז גאטטפריעד פון בולליאן האט איינגענומען די היילינע שטאדט, האט ער אים 15 יולי 1099, צונויפגעזאמעלט אללע יודען, אונ מיט זיי אויך די קראימעס, אין איין שול אונ האט זי אנגעצונדען פון אללע זייטען.

נאר דער איינער קייזער פון דייטשלאנד איז געשטאנען פעסט פאר די יודען. ער האט אים יאהר 1103 געלאזט צונויפרופען די גרעסטע לייט פונ'ם לאנד אונ זיי האבען געמוזט שווערען אז זיי ווילען לעבען גוט מיט יודען אונ וועלען ניט דערלאזען מען זאל זיי שלעכטס טהון. אזא שבועה איז פון איין זייט געוועהן פאר די יודען א גרויסע הילף, ווייל זיי זענען געוועהן האטש בעווארענט פאר איננעווניגסטע שונאים, פון דער אנדערער זייט אבער האט עס זיי ערנידעריגט, ווייל מען האט אויף זיי אנגעהויבען קוקען ווי אויף מענשען וואס מוזען האבען איבער זיך בעלי בתים אונ קאנען אלליין ניט בעשיצען זייער פרייהייט. ביי אזא לאגע האט די ריינע יודישע זמונה אויך געמוזט ליידען, עס האבען זיך אנגעהויבען ארויסצוזייען אזעלכע פרומע וואס האבען אלליין ניט געוואוסט וואו איין וואו אויס, פון די קאטאליקען האבען זיי זיך אבגעלערנט היילינ צו האלטען דעם זכר פון די „קדושים" וואס האבען דאס לעבען אוועקגעגעבען פאר זייער גלויבען, פון זיי האבען זיי אבער איבערגענומען אויך די שלעכטע מדה פון בלאזען זיך אונ מיינען אז נאר ביי זיי שטעקט די גרעסטע יראת שמים אונ ווייטער ביי קיינעם ניט. די יודען האבען אנגעהויבען רודפ'ן די אומגליקליכע וואס זענען פריהער געצוואונגען געוועהן איבערצוגעהן צום קריסטענטהום אונ האבען דערנאך זיך אומגעקעהרט צו זייערע ברידער. די פרומע וואלטען זיי בעדארפט שטארקען אונ טרעסטען, זיך איבערנעהמען מיט זיי, צום סוף האבען זיי געקוקט אויף זיי קרום, אונ עס וואלט געוועהן געקומען צו שטארקע בזיונות ווען דער גוטער אונ עדלער רש"י געהמט זיך ניט אן פאר זיי אונ דערווייזט ניט אז מען קאן קיינעם ניט בעשולדיגען פאר אזא זאך וואס א מענש טהוט ווען ער איז אין א סכנה.

אין שפאניען האבען נאך אלין די יודען געוואוסט פון א לעבען צו זאגען אונ די נייע הערשער פונ'ם לאנד, די אל־מוראבידען, האבען זיי אויך בעטראכט ווי די בעסטע אונ נוצליכסטע איינוואהנער. דער צווייטער אל־מוראבידישער כליף עלי האט די יודען געגעבען שטעללען: זיין לייב־דאקטאר איז געוועהן א יוד: איינער פון די בעריהמטע דיכטער אבו־איוב שלמה אלמולאם פון שבילה. אויסער דעם האט ער געהאט נאך איודישען יועץ,

אויך אַ דאָקטאָר, אַבּוּל-חַסאַן אַבְרָהָם בֶּן מֵאִיר אִבְּן-קַמְנִיאֵל פון סאַרַ-גוֹסַה. אין דער צייט האָט אויך געדיענט ביי איינעם פון די קריסטליכע קאָניגע אַ גרויסער מאַנן שְׁלֹמֹה אִבְּן-פַּרוּצַל, וואָס איז געהרג'ט געוואָרען אין אַ מִלְחָמָה אונ וואָס זיין טויט האָט ר' יְהוּדָה הַלֵּוִי בעוויינט אין אַ פייערינגער קִינָה. פון אַנדערע בעריהמטע יודען, וואָס האָבּען דעמאָלט געלעבט, מוז מען דער-מאָנען ר' אַבְרָהָם בר' חִיָּיא אַלבַּרגְ'לוֹנִי, וואָס איז געוועהן מיניסטער ביי איינעם פון די מָהְמַדַנִישֶׁע מוֹשְׁלִים, אונ איז ביי איהם געוועהן דער גרעסטער חָשׁוּב צוּ ליעב זיין חָכְמָה, אונ ר' יוֹסֵף אִבְּן-מִיגַאשׁ, איינער פון אַלְפַסִי'ס תַּלְמִידִים, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר'ן גרעסטען רב אונ איז זיין גאַנץ לעבּען געוועהן פאָרשטעהער פון דער יודישער קְהִלָּה אין לוּצֶענַא (אַלִיסַאנַה) ר' יוֹסֵף אִבְּן מִיגַאשׁ האָט איבּערגעלאָזט אַ פרומען זוהן ר' מֵאִיר אונ זעהר פיעל תַּלְמִידִים, צווישען וועלכע האָט זיך בעזאָנדערס אַרויסגעזעהן מַיְמוֹן, דעם רמב"ם'ס פאָטער.

אין דער צייט האָבּען זיך אויך צווישען יודען אַרויסגעוויזען פיעל דיכטער, (מְלִיצִים) וואָס האָבּען נאָכגעטהון די אַראַבּער אונ האָבּען אויך אויף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ געמאַכט שעהנע שִׁירִים. בעזאָנדערס בעקאַנט זענען נאָר די נאָהמען פון משֶׁה אִבְּן עֶזְרָא, יְהוּדָה אִבְּן-גִיאַת, יְהוּדָה אִבְּן-עֶבְּבַּאס אונ שְׁלֹמֹה אִבְּן צַאקְבֶּעל. זייערע שִׁירִים האָבּען אָבּער קיין שום ווערט ניט פאַר די יודען אונ אַפילוּ אִבְּן-צַאקְבֶּעל'ס סֵפֶר „תַּחְכְּמוֹנִי" איז מעהר ניט ווי אַנגעשריבּען אין אַ שעהנער העבּרעאישער שפּראַכע, אָבּער דער אינהאַלט איז גאַנץ ווייט פונ'ם יודישען הַאַרץ. דאָרט בעשרייבּט דער מְחַבֵּר ווי איינעם, וואָס האָט אין די יונגע יאָהרען געלעבּט אַלליין אָהן גוּטע פריינד, האָט זיך פערגלוסט אויף דער עלטער צו זוכען גוּטע ברידער אונ מיט זיי פאַרברענגען די צייט, אונ ווי ער האָט מִן הַסְּתָם אויף יעדען שריט געפונען נאָר פאַלשקייט אונ אָבּנאַרעריי. אונ דאָס איז שוֹין דאָס בעסטע וואָס די דיכטער פון יענער צייט האָבּען געשענקט דער וועלט.

אַ גאַנץ אַנדער ווערט האָט אָבּער געהאַט ר' משֶׁה אִבְּן עֶזְרָא, וואָס איז געבּאָרען געוואָרען אים יאָהר 1070 אונ איז פיעל העכער געשטאַנען פון אַנדערע יודישע דיכטער וואָס האָבּען דעמאָלט געלעבט. זיין פאָטער ר' יַעֲקֹב, האָט פערנומען זעהר אַ גרויסע שטעללע ביים קאָניג חַאבּוּס, ווען די מְלוּכָה האָט געפיהרט ר' שְׁמוּאֵל הַנָּגִיד; זיין יִחוּס האָט זיך גערעכענט פון דָוִד הַמֶּלֶךְ. ר' יַעֲקֹב'ס אַללע פיער זיהן זענען געוועהן זעהר געראָטהען, נאָר מעהר האָט

זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זַיין גַייסְט ר׳ מֹשֶׁה אִבְּן עֶזְרָא. עֶר הָאט אָבֶּער קֵיין מַזָל נִיט גֶעהַאט אוּנ פוּן דִי פְרִיהֶערְסְטֶע יָאהְרֶען הָאט אִיהם דָאס אוּמְגְלִיק גֶעיָאגְט. מֶען קָאן זָאגֶען אַז אוֹיף אִיהם אִיז כִּמְעַט גֶעפַאלֶען דֶער אֵייגֶענֶער גוֹרָל וָואס אוֹיף ר׳ שְׁלֹמֹה אִבְּן־גְבִירוֹל אוּנ זֵיי בֵּיידֶע אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ לַיידֶען דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען פוּן קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה. אִבְּן־עֶזְרָא׳ס לַאגֶע אִיז נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוֶועהן, ווייל עֶר הָאט גֶעהַאט שׂוֹנְאִים טַאקִי אִין זַיין אֵייגֶענֶער מִשְׁפָּחָה אוּנ צוּם עֶרְשְׁטֶען הָאט עֶר גֶעמוּזְט פוּן זֵיי אַנְטְלוֹיפֶען. אַז עֶר אִיז גֶעוֶועהן נָאךְ גָאר אַ יוּנְגֶער מַאנְן, הָאט עֶר זִיךְ פֶערְלִיעבְּט אִין זַיין אֶלְטֶערְן בְּרוּ־דֶער׳ס טָאכְטֶער, נַאר אַבּוּ אִיבְּרַהִים יִצְחָק אִיז נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם שִׁדוּךְ אוּנ דִי יִינְגֶערֶע צְוֵויי בְּרִידֶער אַבּוּ־חַסַאן יְהוּדָה אוּנ אַבּוּ־הַאגַ׳גַאג יוֹסֵף זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועהן דַאגֶעגֶען. פַאר צָרוֹת אִיז אִבְּן עֶזְרָא אַוֶועק פוּן דֶער הֵיים אוּנ הָאט זִיךְ אַלַאנְגֶע צַייט אוּמְגֶעזָאגֶעלְט אִיבֶּער פָּארְטוּגַאל אוּנ קַאסְטִילְיֶען, אוּנ אַז עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט גֶעפִינֶען קֵיין רוּהֶ הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ פַארְגֶעסֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען וואוּנְשׁ וָואס אִיז אִיהם גֶערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען אִין דֶער יוּגֶענְד, אוּנ זוּכֶען זַיין טְרֶאסְט נָאר אִין לֶערְנֶען. עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִי־בֶּען עֶטְלִיכֶע סְפָרִים אוֹיף אַרַאבִּישׁ אוּנ פוּן אִיהם זֶענֶען אוֹיךְ גֶעבְּלִיבֶּען הֶעבְּ־רֶאִישֶׁע שִׁירִים מִיט דֶעם נָאהמֶען „הָעֲנָק“ אָדֶער „תַּרְשִׁישׁ“. אֵיין גוּטֶען פְרַיינְד הָאט עֶר יָא גֶעהַאט, דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער בֶּערִיהמְטֶער ר׳ אַבְרָהָם בֶּן מֵאִיר אִבְּן קַמְנִיאַל וָואס הָאט אִיהם גֶעשׁוּצְט; נָאר דִי אֵיינְצִיגֶע פְרַיינְד־שַׁאפְט הָאט אִיהם נִיט גֶעקָאנְט פַארְהֵיילֶען דִי אַלֶע וואוּנְדֶען אוּנ עֶר אִיז אִים יַאהר 1139 גֶעשְׁטָארְבֶּען עֶלֶענְד אוּנ דֶערְוַוייטֶערְט פוּן מֶענְשֶׁען, נָאר זַיינֶע אִינְ־וֶוענִינְסְטֶע צָרוֹת הָאט עֶר אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִין זַיינֶע בֶּערִיהמְטֶע שִׁירִים.

נָאר גְרֶעסֶער פוּן אַלֶע דִיכְטֶער אִיז גֶעוֶועהן אַבּוּל־חַסַאן יְהוּדָה בֶּן שְׁמוּאֵל הַלֵוִי, וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִים יַאהר 1086 אוּנ הָאט אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ גְרוֹיס לִיכְט וָואס וֶועט קֵיין מָאל נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען בִּיז אֵיין יוּדִישׁ הַארְץ וֶועט נָאךְ אַ קְרֶעכְץ טְהוּן בַּיי זַיינֶע קִינוֹת, בִּיז אֵיין יוּדִישׁ אוֹיג וֶועט נָאךְ אַ טְרֶער לָאזֶען בַּיי זַיינֶע צִיוֹן׳ס. ר׳ יְהוּדָה הַלֵוִי הָאט גֶעלֶערְנְט אִין דֶער יְשִׁיבָה פוּן אַלְפַסִי אִין לוּצֶענָא (אַלִיסַאנַה) אוּנ נָאךְ אִין דִי קִינְדְשֶׁע יָאהְרֶען הָאט זִיךְ שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען וָואס פַאר אַ גְרוֹי־סֶער גַייסְט אִין אִיהם אִיז פֶערְבָּארְגֶען. אַז עֶר אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט ר׳ מֹשֶׁה אִבְּן עֶזְרָא אוּנ אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען ווי גְרוֹיס זַיינֶע יְסוּרִים זֶענֶען פוּן לִיעבֶּע, הָאט עֶר אִיהם גֶעטְרָאסְט מִיט טְהַייעֶרֶע שִׁירִים אוּנ פוּן זַיין עֶדְלֶער

וועלע האבען זיך אַרויסגעריסען פייערינע געפיהלע. אַז ער איז עלטער גע-
וואָרען אונ האָט געמוזט לעבען פון מעדיצין, איז איהם די פּרנסה ניט געפאַלען
אונ ער האָט זיינע גאַנצע יאָהרען פערבראַכט נאָר מיט לערנען אונ שרייבען
אַראַביש אונ העברעאיש. נאָר דעם רייכען קוואַל פון ליעבע, וואָס איז פערְ-
באָרגען געוועהן אין זיין הארץ, האָט ער אין גאַנצען אַוועקגעשענקט זיין
פאָלק אונ זיין אמונה. אַז מען האָט איהם פון אַללע זייטען אָנגעהויבען פרעְ-
גען שאלות וועגען דעם יודישען גלויבען אין פערגלייך מיט אַנדערע רעליגיאָ-
נען, האָט ער אויף אַללע קושיות געענטפערט איין תירוץ, אונ האָט אויף
אַראַביש אָנגעשריבען זיין בעריהמט ספר „הכוזרי" וואָס ר' יהודה אבן-
תבון האָט דערנאָך איבערגעזעצט אויף לשון קודש. די מעשה וואָס יוסף,
דער לעצטער חאַזאַרישער מלך האָט בעשריבען אין זיין בריעף צו חסדאי
אבן-שפרוט, האָט ר' יהודה הלוי אויסגעקליבען פאַר אַ אינהאַלט צו זיין
ספר אונ בעשרייבט וואָס פאַר אַ מחשבות עס האָבען אַרויפגעפיהרט דעם קאָניג
בולאַן ער זאָל זיך אָבזאָגען פון עבודה זרה אונ אָנהייבען זוכען אַ ריינע
אמונה. אין די שאלות וואָס דער מחבר לעגט אַריין אין מויל פון דעם חאַ-
זאַרישען מלך, אין דעם וכוח וואָס די פאָרשטעהער פון אַללע דריי רעליגיאָ-
נען האָבען צווישען זיך געהאַט, זעהט מען מיט וואָס פאַר אַ שכל ר' יהודה
הלוי האָט זיך גענומען צו זיין אַרבייט, אונ אויב אין אמונה-זאַכען געשיקט
זיך רעדען פון בעווייזע-ווייל דער גלויבען איז מעהר נאָהענטער צום
געפיהל ווי צום שכל-קאָן מען זאָגען, אַז אין זיין ספר בעווייזט ער מיט
אותות ומופתים דאָס ריינקייט פונ'ם יודענטהום. נאָך גראָסער פון זיין איבער-
געבענהייט צו דער יודישער אמונה איז געוועהן זיין ליעבע צו זיין פאָלק,
אונ וואָס מעהר עלטער ער איז געוואָרען האָט זיך אין איהם אַלץ מעהר צו-
ברענט דער חשק צו זעהן ארץ ישראל, בעטראַכטען די הייליגע ערד, וואו עס
איז אויסגעוואַקסען דער אַלטער יודישער יחוס, בעוואונדערן דאָס ווינקעלע פון
דער יודישער נאַציאָן. אומזיסט האָבען געזוכט זיינע קינדער אונ תלמידים איהם
אָבהאַלטען פון דעם געדאַנק אונ דערווייזען, אַז ביי די עלטערע יאָהרען איז
שווער צו מאַכען אַזאַ ווייטע נסיעה, ר' יהודה הלוי האָט אָבער פון קיין זאַך
ניט געוואָלט הערען, אונ אים יאַהר 1141 איז ער אויף אַ שיף אַרויסגעפאָהרען
קיין מצרים. אַ לאַנגע צייט איז ער אַרומגעשוואומען אויפ'ן ים, ניט איין מאָל
איז זיין לעבען געוועהן אין סכנה, ער האָט אָבער אַלדינג איבערגעטראָגען,
אונ אַז ער איז געשמאַנען פערטראַכט אויפ'ן שיף אונ זיינע פערגלאָצטע

אוּיגֶען הָאבֶּען גֶעקוּקְט קַיין מִזְרַח זַייט, אִיז בַּיי אִיהם דֶער גְרֶעסְטֶער וֶועהְטִיג גֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען וִוי אַ תַּעֲנוּג, דִי רוּישֶׁענְדֶע חְוַואלֶעס הָאט עֶר בֶּעטְרַאכְט וִוי הִימְלִישֶׁע מַלְאָכִים וָואס טְרָאגֶען אִיהם אַרִיבֶּער אוֹיף זֵייעֶרֶע פְלִיעגֶעל צוּ זַיין צִיעל. עֶרְשְׁט פַאר סְכּוֹת אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען קַיין אַלֶכְּסַנְדְרִיעֶן, אוּנ דִי יוּדִישֶׁע קְהִלָּה הָאט אִיהם אַרַיינְגֶענוּמֶען מִיט כָּבוֹד, וִוי עֶס שְׁטֶעהְט אָן אַזַא אוֹרֵחַ. דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי אַלֶכְּסַנְדְרִינִישֶׁע יוּדֶען, ר׳ אַהֲרֹן בֶּן צִיוֹן אִבְּן־אַלֶעמַאנִי, וָואס אִיז גֶעוֶועהן רַב אוּנ דָאקְטָאר, הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אָבְּרַייסֶען פוּן ר׳ יְהוּדָה הַלֵוִי, וָואס הָאט גֶעמוּזְט בַּיי אִיהם בְּלַייבֶּען דְרַיי חֲדָשִׁים אוּנ דֶערְנָאךְ אִיז אִיהם אוֹיךְ שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען. דָאס אֵייגֶענֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשֶׁעהן אִין דֶער שְׁטָאדְט דַאמִיאֶט, וַוייל זַיין פְרַיינְד אַבּוּ סַעִיד בֶּן חַלְפָן הַלֵוִי הָאט אִיהם אוֹיךְ פֶערְהַאלְטֶען אַלֶאנְגֶערֶע צַייט. פוּן דָארְט הָאט עֶר נָאךְ גֶעמוּזְט אַרַיינְפָאהרֶען קַיין קַאהִירָה צוּם בֶּערִיהמְטֶען יוּדִישֶׁען פִירְשְׁט אַבּוּ מַאסְנוּר (מַאנְסוּר) שְׁמוּאֵל בֶּן חֲנַנְיָה, וָואס הָאט פֶערְנוּמֶען בַּיים כַּלִיף דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶעללֶע אוּנ הָאט אוֹיךְ גֶעהַאט דֶעם טִיטֶעל „נָגִיד". אַבּוּ־מַאסְנוּר הָאט אִיהם אַזוֹי גִיךְ נִיט גֶעוָואלְט אַוֶעקְלָאזֶען אוּנ הָאט אִיהם אִיבֶּערְהוֹיפְּט גֶערַאטְהֶען צוּ בְּלַייבֶּען דָארְט אוּנ זִיךְ בֶּעגְנִיגֶען מִיט מִצְרַיִם, וָואס אִיז אוֹיךְ אַלַאנְד, וואוּ גָאט הָאט מִיט דִי יוּדֶען גֶעטְהוּן זֶעהר פִיעל וואוּנְדֶער; נָאר ר׳ יְהוּדָה הָאט אִיהם דַארוֹיף גֶעאֶנְטְפֶערְט, אַז אִין מִצְרַיִם הָאט זִיךְ דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל בֶּעוִויזֶען צוּ זַיין פָאלְק אוּנ פַּאלֶעסְטִינַא הָאט עֶר אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען פַאר אַמִשְׁכָּן וואוּ עֶס רוּהט שְׁטֶענְדִיג דִי שְׁכִינָה. מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט עֶר זִיךְ טַאקִי אַרוֹיסְגֶערִיסְען פוּן זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט גָאר גְלִיקְלִיךְ, אַז עֶר הָאט פוּן דֶערְוַוייטֶענְס דֶערְזֶעהן יְרוּשָׁלַיִם.

אַ קוּרְצֶע צַייט הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, עֶר אִיז אוֹיךְ אַרַיינְגֶעפָאהרֶען אִין דַמֶשֶׂק, וַוייל דֶעמָאלְט אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן שְׁטִיל אִין לַאנְד, אוּנ דָאס פַייעֶר פוּנ׳ם קְרַייצְצוּג אִיז אַבִּיסֶעל גֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען. נָאר וִוי אַזוֹי דֶער סוֹף זַיינֶער אִיז גֶעוֶועהן, וֶוען אוּנ וואוּ עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, ווייסְט מֶען נִיט. עֶס וֶוערְט דֶערְצֶעהלְט: אַז אַרַייטֶער הָאט אִיהם מִיט זַיין פֶערְד צוּטְרָאטֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען פַאדְטְרַאכְט אוֹיף דֶער הֵיילִיגֶער פַּאלֶעסְטִינִישֶׁער עֶרְד אוּנ הָאט בֶּעוֵויינְט דִי גֶעוֶועזֶענֶע הַיים פוּן זַיין פָאלְק. נָאר חָאטְשׁ זַיין גוּף אִיז פַארְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אִיז זַיין נָאהמֶען אוֹיף עֶבִּיג גֶעבְּלִיבֶּען צְוִוישֶׁען יוּדֶען: יֶעדֶען תִּשְׁעָה בְּאָב פַארְגִיסְט מֶען טַייכֶען טְרֶערֶען בַּיים לֵייעֶנֶען פוּן זַיינֶע קְלָאגְלִידֶער אוּנ צְוִוישֶׁען דִי זִיסֶע זִכְרוֹנוֹת פוּן פַארְצַייטֶענְס שְׁטֶעלְט זִיךְ יֶעדֶען יוּדֶען

פַאר דִי אוֹיגֶען דָאס הֵיילִיגֶע בִּילְד פוּן ר' יְהוּדָה הַלֵּוִי דֶער מָקוֹר פוּן לִיעבֶּע אוּנ טְרֵייעֶ צוּם יוּדִישֶׁען פָאלְק אוּנ צוּ זַיין אֱמוּנָה.

## 4 דֶער צְוֵוייטֶער קְרֵייצְצוּג אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע בְּלוּט־בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעגֶען דִי יוּדֶען.

(1146—1171 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

פוּנְקְט וִוי דִי יוּדֶען אִיז גוּט גֶעוֶועהן אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה הָאבֶּען בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיהט, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר לַאגֶע גְלֶאנְצֶענְד גֶעוֶועהן אִין פְרַאנְקְרֵייךְ אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער הֶאלְפְט פוּנ'ם צְווֶעלְפְטֶען יָאהר־הוּנְדֶערְט אוּנְטֶער דֶער מְלוּכָה פוּן דִי קֶאנִיגֶע לוּאִי (לוּדְוִויג) דֶעם זֶעקְסְטֶען אוּנ דֶעם זִיבֶּעטֶען. דֶער גַאנְצֶער מִסְחָר פוּן וַויין, תְּבוּאָה אוּנ אַנְדֶערֶע פְּרָאדוּקְטֶען הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען בַּיי זֵיי אִין דִי הֶאנְד; כִּמְעַט אַ הַאלְבֶּע שְׁטָאדְט פַּארִיז אִיז גֶעוֶועהן בֶּעזֶעצְט מִיט יוּדֶען, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט אַ סַךְ פֶעלְדֶער אוּנ וַויינְגֶארְטְנֶער, וָואס זֵיי הָאבֶּען אַלֵיין בֶּעאַרְבֵּייטֶעט אָדֶער גֶעהַאלְטֶען דֶערְצוּ קְרִיסְטְלִיכֶע קְנֶעכְט. יֶעדֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶאנְדִיג אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן אַ בֶּעזוּנְדֶער מַנְהִיג וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען פְּרֶעוָוא (Prevöt), אוּנ וָואס דִי קְהִלָּה פְלֶעגְט אִים אוֹיסְקְלֵייבֶּען אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט נָאר בֶּעדַארְפְט אִיהר הַסְכָּמָה דַארוֹיף גֶעבֶּען. יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ פֶערְנוּמֶען גוּטֶע שְׁטֶעלֶען אִין לַאנְד אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע יוּדִישֶׁע לוֹמְדִים, רַבֵּינוּ יַעֲקֹב בֶּן מֵאִיר, אָדֶער וִוי מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען רַבֵּינוּ תַּם, אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער חָשׁוּב אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף.

בַּיי אַזַא וָואהלֶען מַעֲמָד הָאבֶּען דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע יוּדֶען זִיךְ גֶעקָאנְט נָאךְ מִיט מֶעהר הֵישֶׁק גֶעהמֶען צוּ דֶער גְרוֹיסֶער אַרְבֵּייט, וָואס רַשִׁ"י הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס טַאקִי וַוייט גֶעבְּרַאכְט. דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי בַּעֲלֵי הַתּוֹסְפוֹת, וָואס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין דֶרֶךְ פוּן זֵייעֶר גְרוֹיסֶען רֶבִּי'ן, אוּנ הָאבֶּען מִיט הֲרִיפוּת אוֹיסְגֶעגְלַייכְט דִי מֵיינוּנְגֶען פוּנ'ם תַּלְמוּד מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶער צַייט. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער גֶעוָואלְט אַז דֶער עִיקָר זָאל בְּלֵייבֶּען רַשִׁ"יִ'ס פֵּירוּשׁ, אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי גֶערֶעכֶענְט זֵייעֶר אַרְבֵּייט נָאר וִוי אַ צוּגָאב, אוּנ הָאבֶּען זִי גֶערוּפֶען תּוֹסְפוֹת. דִי עֶרְשְׁטֶע בַּעֲלֵי הַתּוֹסְפוֹת זֶענֶען גֶעוֶועהן רַשִׁ"יִ'ס אֵיידֶעמְ'ס: ר' מֵאִיר בֶּן שְׁמוּאֵל פוּן רוּמְבּוּרְג אוּנ ר' יְהוּדָה בֶּן נָתָן (הָרִיבָ"ן), זַיינֶע דְרַיי אֵיינִיקְלֶעךְ, יִצְחָק (הר"י הַזָּקֵן), שְׁמוּאֵל (רַשְׁבַּ"ם), אוּנ יַעֲקֹב תַּם אוּנ אַ וַוייטֶער קָרוֹב רַשִׁ"יִ'ס פוּן שְׁפַּייעֶר ר' יִצְחָק בֶּן אָשֵׁר הַלֵּוִי

(הָרִיבָ"א). פון רש"י'ס אֵיינֶעקְלֶעךְ אִיז מֶעהר בֶּערִיהמְט ר' שְׁמוּאֵל בֶּן מֵאִיר מִיט זַיין אָבְּגֶעקִירְצְטֶען נָאהמֶען רַשְׁבַּ"ם: עֶר הָאט נָאךְ פַאר'ן זַיידֶענְס לֶעבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטְרִיטֶען מִיט אִיהם אִין פִּיעל' עִנְיָנִים, אוּנ רש"י הָאט אִיהם גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין, אַז וָוען עֶר זָאל שוֹין נִיט זַיין צוּ אַלְט וָואלְט עֶר זִיךְ אַלֵיין גֶענוּמֶען אִיבֶּער־מַאכֶען זַיין פֵּירוּשׁ. פִּיעל אֶהנְלִיךְ צוּם רַשְׁבַּ"ם אִיז גֶעוֶועהן ר' יוֹסֵף בֶּן שִׁמְעוֹן קָרָא אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען מִיט זַייעֶר טִיפֶען פֶערְשְׁטַאנְד בֶּעפֶעסְטִינְט דָאס לֶערְנֶען פוּן תּוֹרָה צְווִישֶׁען דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע יוּדֶען, בִּיז עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּקְט אַ פִינְסְטֶע־רֶער וָואלְקֶען אוֹיפ'ן מַזָל פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ צוּ לֵיעב דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט פַארְגֶעסֶען אָן אַללֶעמֶען וָואס אִיז בַּיי זֵיי גֶעוֶועהן טְהַייעֶר אוּנ הֵיילִיג.

פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז פְּלוֹצְלוּנְג אָנְגֶעקוּמֶען אַ גֶעשְׁרֵיי וֶועגֶען הִילְף: דָאס הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען שוֹין דָארְט רוּהִיג גֶעלֶעבְּט נָאךְ דֶעם עֶרְשְׁטֶען קְרַייצְצוּג, גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים קַיין אֵייראָפַּא אוּנ הָאבֶּען מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן אַז דֶער טֶערְקִישֶׁער גִבּוֹר נוּרֶדִין הָאט זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק רוֹדֵף'ן אוּנ אַז מֶען זָאל זִיךְ בַּאלְד אָנְנֶעהמֶען פַאר זֵיי. דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ פְרִישֶׁער פוּנְק פוּנ'ם אַלְטֶען פַייעֶר, וָואס אִיז נָאךְ נִיט אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען: דִי גַייסְטְלִיכֶע פוּן דַייטְשְׁלַאנְד אוּנ פְרַאנְקְרַייךְ הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאפְּט אוֹיפ'ס נַיי דַרְשׁ'נֶען וֶועגֶען דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער לַאגֶע פוּן דִי סִירִישֶׁע קְרִיסְטֶען אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹי־בֶּען דֶער צְוֶוייטֶער קְרַייצְצוּג מִיט'ן אַלְטֶען אַכְזָרִיוּת אוּנ מִיט דִי נַייעֶ לֵיידֶען פַאר דִי יוּדֶען, וָואס צוּ זֵיי הָאט מֶען גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶער עֶרְשְׁטֶער מִצְוָה אוֹיסְצוּ־לָאזֶען דִי פֶערְבִּיטֶערְטֶע הֶארְצֶער.

דֶער קֶאנִיג לוּדְוִויג דֶער זִיבֶּעטֶע פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ דִי קֶאנִיגֶען עֶלֶעאָנָארֶע מִיט אַללֶע אִיהרֶע הוֹיף־דַאמֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן דִי עֶרְשְׁטֶע, וָואס הָאבֶּען מִיט'ן קְרַייץ אִין דֶער הַאנְד זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהן גֶעגֶען דִי שׂוֹנְאִים פוּן דֶער קִירְכֶע. דֶער בֶּערִיהמְטֶע גַייסְטְלִיכֶער בֶּערֶנְהַארְד פוּן קְלֶאירְבָא הָאט מִיט זַיינֶע פַייעֶרִיגֶע דְרָשׁוֹת אוּנְטֶערְגֶעהֵיצְט דָאס פָאלְק אוּנ פוּן אַללֶע זַייטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעיָאגְט מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ הֵיילִיגֶען חוֹב אַ חֵלֶק צוּ הָאבֶּען אִין אַזַא מִלְחָמָה. דֶער פַאפְּסְט אֵייזְשֶׁענִיוּס (אַבְגִינוּס) דֶער דְרִיטֶער הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָא הָאט מֶען זֶעהר אַ גוּטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט זִיךְ אָבְּ־צוּרֶעכְנֶען מִיט דִי יוּדֶען, אוּנ עֶר הָאט מַתִּיר גֶעוֶועהן אַללֶע וָואס גֶעהן אִין קְרַייצְצוּג נִיט צוּ צָאהלֶען זַייעֶרֶע חוֹבוֹת דִי יוּדֶען. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ גַייסְטְלִיכֶער, פֶּעטֶער דֶער פְרוּמֶער, וָואס הָאט גֶעוָואלְט זַיין נָאךְ מֶעהר מַחְמִיר פוּנ'ם פַאפְּסְט אוּנ הָאט זִיךְ עָנְטְשְׁלָאסֶען דֶעם קֶאנִיג אַיינְרֶעדֶען אַז דִי

יוּדֶען זֶענֶען דִי אֶרְגְסְטֶע אַיינְוָואהנֶער פוּנ'ם לַאנְד, אַז זֵיי זֶענֶען פוּל מִיט עֲבֵרוֹת, אַז צוּנֶעהמֶען בַּיי זֵיי דָאס פַארְמֶעגֶען אוּנ עֶס פַארְוֶוענְדֶען אוֹיף אַזַא טְהֵייעֶרֶע זַאךְ וִוי דֶער קְרַייצְצוּג, אִיז דִי שֶׁאנְסְטֶע מִצְוָה, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען גָאר קֵיין אֵייגֶען גֶעלְד נִיט, אַלְדִינְג הָאבֶּען זֵיי גֶעגַנְבֶ'ט אוּנ גֶעגַזְל'ט, אוּנ אַז עֶס אִיז גַאנְץ גֶערֶעכְט פַאר זֵיי וֶוען מֶען וֶועט זֵיי שֶׁענְקֶען דָאס לֶעבֶּען. דֶער פְרוּמֶער גֵייסְטְלִיכֶער בֶּערְנְהַארְד אִיז אֲפִילוּ נִיט צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן פוּן דֶעם פַּאפְּסְט'ס הֶיתֵּר אוּנ הָאט עֶס בַּיי זִיךְ אִין הַארְץ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ גְרוֹיסֶע עַוְלָה, נָאר גֶעגֶען דֶעם רָצוֹן פוּנ'ם פַּאפְּסְט הָאט עֶר נִיט גֶעטָארְט עֶפֶּנֶען קֵיין מוֹיל. דֶער קֶאנִיג אִיז אָבֶּער מֶעהר נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען וִוי אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהל פוּנ'ם פַּאפְּסְט וֶועגֶען יוּדִישֶׁע חוֹבוֹת, אוּנ דֶעם עֶרְשְׁטֶען קְלַאפּ הָאבֶּען גֶעחַאפְּט דִי רַייכֶע יוּדֶען, וָואס זֵייעֶר גֶעלְד אִיז פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען; דִי אָרֶעמֶע יוּדֶען הָאט מֶען גֶעלָאזְט צוּ רוּהַ אוּנ דִי מְלוּכָה אִיז נִיט מְרוּצָה גֶעוָוארֶען מֶען זָאל זֵיי לָאזֶען רַאבֶּעוֶוען. דָאס הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט צוּ פֶערְדַאנְקֶען דֶעם קֶאנִיג אַלֵיין אוּנ דִי גוּטֶע עֵצוֹת פוּן זַיינֶע מִינִיסְטֶער אוּנ דִי גֵייסְטְלִיכֶע סוֹגֶער אוּנ בֶּערְנְהַארְד, וָואס הָאבֶּען בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט אַז גְזֵלָה אוּנ רְצִיחָה זָאלֶען זִיךְ רֶעכְנֶען פַאר מַעֲלוֹת.

אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער נִיט גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע גֵייסְטְלִיכֶע, וָואס זָאלֶען הָאבֶּען גָאטֶט אִין הַארְצֶען, אוּנ דָארְט אִיז שׁוֹין דִי סַכָּנָה גֶעוֶועהן גְרֶע־סֶער. דֶער קֵיזֶער קָאנְרַאד דֶער דְרִיטֶער אִיז גֶעוֶועהן צוּ שְׁוַואךְ עֶר זָאל קָאנֶען שִׁיצֶען דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ נִיט עֶרְהֵיילְט פוּן דִי פְרִיהֶערִיגֶע מַכּוֹת אוּנ בַּיי דִי אִיבְּרִיגֶע אַיינְוָואהנֶער אִיז גֶעוָוארֶען גָאר אַ אִיבֶּערְקֶעהרֶענִישׁ: פּוּנְקְט וִוי פְרִיהֶער הָאבֶּען זֵיי דִי יוּדֶען אָבְּגֶעהִיט פוּן פְרֶעמְדֶע רוֹצְחִים, זֶענֶען זֵיי אִיצוּנְד אַלֵיין גֶעוָוארֶען זֵייעֶרֶע שׂוֹנְאִים אוּנ הָאבֶּען מִיט אֵייגֶענֶע הֶענְד זֵיי גֶעוָואלְט אָבְּשִׁינְדֶען דִי הוֹיט. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְדְרֶעהֶען אִין לַאנְד אַ פְרַאנְצֶאזִישֶׁער מָאנַאךְ רוּדָאלְף וָואס אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר אַ בֶּערִיהמְטֶער דַרְשָׁן אוּנ הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וִוי אַזוֹי אוּנְטֶערְצוּהִיצֶען דָאס פָאלְק אוּנ זֵיי בֶּעוַויי־זֶען אַז דֶער קְרַייצְצוּג מוּז זִיךְ אָנְהֵייבֶּען פוּן דִי יוּדֶען. וֶוער וֵוייסְט וִוי שְׁרֶעקְלִיךְ דִי הֲרֵיגָה וָואלְט גֶעוֶועהן, וֶוען דֶער קֵיזֶער קָאנְרַאד פֶערְזָארְגְט זֵיי נִיט אוּנ נִיט זֵיי נִיט אָבּ דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט נִירְנְבּוּרְג אוּנ נָאךְ עֶטְלִיכֶע פֶעסְטוּנְגֶען, וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט זִיצֶען רוּהִיג אוּנ נִיט מוֹרָא הָאבֶּען פַאר אָנְפַאלֶען. דֶער קֵיזֶער הָאט זִיךְ אֲפִילוּ גֶעפְּרוּבְּט בֶּעטֶען דִי גְרַאפֶען זֵיי זָאלֶען אוֹיךְ שִׁיצֶען דִי יוּדֶען פוּן זֵייעֶרֶע שְׁטֶעדְט אוּנ דֶערְפֶער, נָאר וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס, הָאט מֶען אִיהם וֶועניג גֶעהֶערְט. דֶער עֶרְשְׁטֶער יוּדִישֶׁער קָרְבָּן אִיז גֶעפַאלֶען אִים יָאהר

1176 : דָאס אִיז גֶעוֶועהן אֵיינֶער פוּן דִי לוֹמְדִים פוּן טְרִיעֶר, וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען ר׳ שִׁמְעוֹן הֶחָסִיד (דֶער פְרוּמֶער). עֶר אִיז גֶעפָאהרֶען פוּן עֶנְגְ־לַאנְד אַהֵיים אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט אִין קֶעלְן אוֹיפְזֶעצֶען אוֹיף אַ שִׁיף, נָאר פּוּנְקט דֶעמָאלְט וֶוען עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם שִׁיף, אִיז מֶען אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאלֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם גֶעשְׁלֶעפְּט אִין קִירְכֶע, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט גֶעלָאזְט טוֹיפֶען אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען אִיהם דֶערְהַרְגֶ׳ט. בַּאלְד דֶערְנָאךְ הָאט מֶען גֶעטֵייטְ אַ יוּדִישֶׁע פְרוֹי מִינְנָא פוּן שְׁפַּייעֶר, וָואס הָאט נִיט גֶעוָואלְט אִיבֶּערְגֶעהן צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם הָאבֶּען זֵיי אִיהר אָבְּגֶעהַאקְט דִי אוֹיעֶרן אוּנ דִי פִינְגֶער פוּן דִי הֶאנְד אוּנ פִיס אוּנ זִי הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט טוֹיטֶען אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם.

דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַ קוּק גֶעטְהוּן אַז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען מִיט גֶעלְד אוּנ צָאהלֶען דִי גְרַאפֶען דֶערְפַאר וָואס זֵיי וֶועלֶען זֵיי בֶּעהַאלְטֶען אִין זֵייעֶרֶע פַּאלַאצֶען אוּנ פֶעסְטוּנְגֶען. דֶער קַארְדִינַאל אַרְנָאלְד פוּן קֶעלְן, וָואס אִיז גֶעוֶועהן פּוּנְקְט אַזַא אֵיידֶעלֶער מֶענְשׁ וִוי דֶער עֶפִּיסְקָאפּ הֶערְמַאנְן, וֶועלְ־כֶער הָאט גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען בַּיים עֶרְשְׁטֶען קְרֵייצְצוּג, הָאט זֵיי אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה גֶעטְהוּן. עֶר הָאט זֵיי אָבְּגֶעגֶעבֶּען דִי פֶעסְטוּנְג וָואלְקֶענְבּוּרְג, אוּנ הָאט זֵיי עֶר־לוֹיבְּט צוּ הָאבֶּען בַּיי זִיךְ כְּלֵי זַיִן. אַוַדַאי צְווִישֶׁען דִי פִיעֶר וֶואנְד וואוּ דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן פֶערְשְׁלָאסֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפִיהלְט זִיכֶער, נָאר בִּיטֶער אִיז גֶעוֶועהן דִי יֶענִיגֶע, וָואס זֶענֶען גֶעצְווּאוּנְגֶען גֶעוֶועהן צוּ לִיעבּ פַּרְנָסָה זִיךְ אַרוּמְ־שְׁלֶעפֶען אִיבֶּער דֶער מְדִינָה: וִוי בַּאלְד דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע זֶענֶען נָאר אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין דִי הֶענְד פוּן דִי רוֹצְחִים, הָאט מֶען זֵיי שׁוֹין דֶערְהַרְגֶ׳ט מִיט עִנּוּיִם קָשִׁים. בִּיסְלֶעכְוַויים הָאבֶּען אָבֶּער דִי גַייסְטְלִיכֶע אוּנ דִי פִירְסְטֶען פוּן לַאנְד דֶערְפִיהלְט, אַז דָאס, וָואס מֶען שְׁלָאגְט יוּדֶען, אִיז פַאר זֵיי אַלֵיין קֵיין מַעֲלָה נִיט, וַוייל דָאס פָאלְק שְׁפְּרִינְגְט אַרוֹיס פוּן דֶער הָעָזָה, אוּנ וִויל שׁוֹין גָאר קֵיינֶעם נִיט הֶערֶען. אַז דֶער אַרְכִיעֶפִּיסְקָאפּ פוּן מַאיְנְץ הֵיינְרִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער, וָואס הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר שֵׁנִי לְמַלְכוּת, הָאט בַּיי זִיךְ אִין הוֹיז בֶּעהַאלְטֶען עֶטְלִיכֶע יוּדֶען, הָאבֶּען דִי רוֹצְחִים אֲפִילוּ אוֹיף אִיהם קֵיין כָּבוֹד נִיט גֶעלֵייגְט: וִוי ווִילְדֶע חַיּוֹת זֶענֶען זֵיי אַרַיינְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין זַיין הוֹיף אוּנ הָאבֶּען פַאר אִיהם אִין דִי אוֹיגֶען דֶערְהַרְגֶ׳ט דִי יוּדֶען. דֶעמָאלְט הָאט דֶער אַרְכִיעֶפִּיסְקָאפּ אַלֵיין אַרוֹיסְגֶע־זֶעהן וִוי גֶעפֶאהרְלִיךְ דֶער סַם אִיז, וָואס דֶער מָאנַאךְ רוּדָאלְף הָאט אַרַיינְגֶעלֶעגְט אִין זַיינֶע דְרָשׁוֹת פַאר׳ן פָאלְק, אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם פְרוּמֶען בֶּערְנְהַארְד פוּן קְלֶעאִירְבָא, וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט נָאךְ הֵיילִיגֶער פוּנ׳ם פַּאפְּסְט, עֶר זָאל דֶעם [illegible] געלאזט אויסרופען אז

רודאָלף וועלכער פערשטויסען פון דער קירכע פאר זיינע שענדליכע מעשים, האט אויך צושיקט אומעדום בריעף וועגען דעם. דאס פאָלק איז שוין אָבער געוועהן פול מיט שׂנאה געגען די יודען, און בערנהאַרד'ס בריעף האָבען גאר ניט געקאנט העלפען. רודאָלף האָט שוין אויפגעהערט צו אַרבייטען, נאר זיין גיפט פון פריהר איז געבליבען. דער פרומער בערנהאַרד האט זיך דאריבער ענטשלאָסען אַליין אַרומפאָהרען און ווייזען דאס פאָלק, אַז דער קרייצצוג מאַכט זיין ניט היילג; נאר זיי דאַרפען שטיללען דעם כעס אויף די אומשולדיגע יודען, וואס ניט זיי קאן מען רעכנען פאר שׂונאים פון דער קירכע. אומזיסט איז אָבער געוועהן בערנהאַרד'ס מיה: מאקי באַלד אום ווינטער פון'ם יאהר 1147, איז מען אָנגעפאלען אויף די יודען פון ווירצבורג, מעהר פון צוואַנציג יודען זענען דערהרגעט געוואָרען און צווישען זיי האט אויך מיט'ן לעבען בעצאָהלט דער רב ר' יצחק בן אליקים וועלכען זיי האָבען טויט געשלאָגען אויף זיין ספר וואס ער האָט ביז דער לעצטער מינוט געלערנט. די צאָהל פון די הרוגים וואָלט געווים געוועהן גרעסער, נאר דאס גליק איז געוועהן וואס די רוצחים האָבען פיעל פון די צוהרגעטע און צושלאָגענע געהאַלטען פאר טויט, און אַז זיי האָבען זיך דערנאָך אויפגעהאפט און גוט הארציגע קריסטען האָבען אויף זיי רחמנות געהאט און זיי געהאָלפען קומען צו די כוחות, האט זיי דער גוטער עפיסקאָפּ פון ווירצבורג אַוועקגעפיהרט אין אַ נאָהענטע פעסטונג, און דאָרט זענען זיי נצול געוואָרען. ארגער איז שפּעטער מיט עטליכע חדשים געוואָרען די לאַגע פון די דייטשע יודען, ווען דער קייזער קאָנראַד איז אַליין צוגעשטאַנען צום קרייצצוג: דעמאָלט האט זיך שוין דאס פאָלק ניט געהאט פאַרוועמען צו שעמען, און יודיש בלוט האט זיך געגאָסען גאר אָהן רחמנות.

פון דייטשלאַנד איז דאס פייער גיך אַריבער קיין פראַנקרייך, אָבער צוברענט האט עס זיך נאר אין עטליכע געצאָהלטע ערטער. די יודען האָבען זיך דאָרט שטאַרק געוועהרט, און עס איז די רוצחים זעהר שווער געוועהן ביי צוקומען זיי. אין קאַרענטאַן איז געוועהן פּשוט אַ מלחמה: די יודען האָבען אַרויסגעוויזען גענוג גבורה, און די שׂונאים וואָלטען געמוזט אַוועקגעהן מיט נאר נישט, ווען זייער צאָהל איז ניט כמעט הונדערט מאָל גרעסער. דעמאָלט איז דערהרגעט געוואָרען איינער פון די בעלי־התוספות רבינו פטר אַ תלמיד פון רשב"ם. אים צווייטען טאָג שבועות איז די באַנדע אָנגעפאַלען אויף די יודען פון ראַמערו, זיי זענען אַריין אין הויז פון דעם בעריהמטען רבינו תם, זיין גאַנץ פערמעגען אָבגעראָבעוועט, אַ ספר תורה צוריסען און איהם אַליין האָבען

זיי געשלעפּט מיט זיך אין פעלד אריין, כּדי זיי זאלען איהם דאָרט אָנטהון ענוּיים קשים. אויפ'ן וועג האָט ער בּעגעגענט אַ בּעקאַנטען ריטטער און האָט איהם געבּעטען ער זאָל זיך אָננעהמען פאַר איהם; דער ריטטער איז געוועהן אַזוי נוטהערציג, אַז פריהר האָט ער זיך מיט דעם אומגליקליכען רבּינו יעקב תּם גע־שטעלט דינגען און האָט מיט איהם אויסגענומען אַ תּנאי, אַז ער מוז איהם שיינקען אַ פערד, דער נאָך האָט ער איהם אָבּגענומען בּיי די רוצחים און האָט זיי איינגערעדט, אַז ער וועט איהם אַלליין טויטען. אַזוי איז רבּינו תּם נצול געוואָרען, און דער פרומער בּערנהאַרד האָט כּאלד גענומען אַללע מיטעל צו פאַרלעשען דאס פייער וואס האָט אויסגעבּראָכען נאָר אין דריי שטאָדט און ווייטער איז עס ניט געגאַנגען.

אין ענגלאַנד האָט דער קעניג סטעפהאן ניט דערלאָזט מען זאל אָנ־רירען די יודען. אין בּאהמען ווידער האָבּען זיי שוין געליטען, און מעהר פון הונדערט פופציג יודען האָט מען דאָרט אויסגעקוילעט. אויסגעהיט האָבּען זיך נאָר די וואס האָבּען זיך בּעהאַלטען אין די פעסטונגען, אָדער די וואס זענען לפנים איבּערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. דער צווייטער קרייצצוג האָט איבּער־הויפּט ווי ניגער קרבּנות איינגעשלונגען ווי דער ערשטער, ווייל דאס מאל איז דער ערב־רב ניט געוועהן אַזוי גרויס, און די מושלים וואס האָבּען אָנגעהויבּען די מלחמה האָבּען ניט צוגעלאָזט אַז זייער חיל זאל בּעשטעהן פון לויטער גנבים און רוצחים. דערצו האָבּען די גייסטליכע געשיצט יודען, און עס האָט זיך אפילו צווישען זיי געפונען אַזא גוט הערציגער מענש, וואס האָט אַלליין געהאָלפען פיעל פון די, וואס מען האָט זיי געצוואונגען צו דער טויפע, זיי זאָלען זיך קאָנען אומקעהרען צו זייער אמונה. דער דייטשער קייזער האָט זיך אויך אַרויסגע־שטעלט פאַר אַ בּעשיצער פון די יודען, נאָר דערפון איז אַרויס נאָך אַ גרעסערע רעה, ווייל בּיסלעכוויים האָט זיך די מלוכה אָנגעהויבּען געוואוינען מיט דעם געדאַנק, אַז די יודען זענען ניט גלייך מיט אַנדערע פעלקער, אַז זיי מוז מען שטענדיג אָבּהיטען. די יודען אַלליין זענען בּיי זיך אין די אויגען אויך געפאַלען, מען האָט זיי אָנגעהויבּען רופען: „קאַמער־קנעכט", און אַזוי זענען זיי פון פריע איינוואוינער געוואָרען כּמעט אַבּהאַנגיגע קנעכט מיט נאָר קליינע רעכטע און זענען געבּליבּען אויף אַזא נידריגער מדרגה בּיז צום סוף פונ'ם אַכטצעהנטען יאָהר־הונדערט.

אין דער איינציגער צייט, וואס די יודען פון אייראָפּא האָבּען אויסגעשטאַ־נען אַזוי זייער צרות, האָבּען זיך פאַר זייערע בּרידער אין אַפריקא אויך אָנגעהויבּען

פִינְסְטֶערֶע טֶאג. אַ גֶעוויסֶער עַבַּד־אַלַה אִבּן־תוּמַרְתְּ הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ נַייֶעם דֶרֶךְ אִין דֶער מַחְמַדַנִישֶׁער אֱמוּנָה, אוּנ הָאט אַרוּם זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט אַ גַאנְצֶען שֵׁבֶט פוּן דִי אַרַאבֶּער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּפֶען „אַלְמוּהַדִים". נָאךְ זַיין טוֹיט אִיז גֶעוָוארֶען דֶער גַאנְצֶער פִיהְרֶער פוּן דֶעם שֵׁבֶט זַיין תַּלְמִיד עַבַּד־אַל־מוּמִין, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער שׂוֹנֵא פוּן דִי „אַלְ־מוּרַאבִּידֶען", אוּנ הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען בַּיי זֵיי דִי גַאנְצֶע מַאכְט אַרוֹיסְרַייסֶען כְּדֵי עֶר זָאל קֶאנֶען מֶעהר בֶּעפֶעסְטִיגֶען זַיין אֱמוּנָה. בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט עֶר אַיינְגֶענוּמֶען פִיעל אֶרְטֶער אִין אַפְרִיקָא בִּיז דִי הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט מַארָאקְקָא אִיז אוֹיךְ נִיט אַרייַנגֶעפַאלֶען צוּ אִיהם אִין דִי הֶאנְד. דָארְט הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אוּנ עַבַּד־אַל־מוּמִין הָאט נָאר קֵיין לַאנְגֶע טַעֲנוֹת נִיט גֶעמַאכְט אוּנ הָאט גֶעזָאגְט דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען צְווִישֶׁען טוֹיט אוּנ דֶעם מַחְמַדַנִישֶׁען גְלוֹיבֶּען. עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶע יְלָלָה, פִיעל זֶענֶען שׁוֹין פֶערְטִיג גֶעוֶועהן זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ זַיין, אוּנ מִיט גְרוֹיס מִיה הָאט מֶען בַּיי אִיהם גֶעפּוֹעל'ט עֶר זָאל לָאזֶען דִי יוּדֶען אַרוֹיסְפָאהְרֶען אוּנ זֵיי גֶעבֶּען אַ קְלֵיינֶע צַייט דַארוֹיף. בַּאלְד הָאבֶּען זִיךְ פִיעל פוּן זֵיי אַוֶועקְגֶעלָאזְט קֵיין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ אִיטַאלְיֶען, אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע, וָואס זֶענֶען צוּ שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוֶועהן צוּם לַאנְד, הָאבֶּען קֵיין אַנְדֶער בְּרֵירָה נִיט גֶעהַאט אוּנ הָאבֶּען גֶעמוּזְט לְפָנִים זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן יוּדִישְׁקַייט. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט עַבַּד־אַל־מוּמִין גֶעטְהוּן אוֹיךְ מִיט קְרִיסְטֶען. נָאר זֵיי אִיז גְרִינְגֶער גֶעוֶועהן אַוֶועק צוּ פָאהְרֶען, וַוייל אוּמֶעדוּם הָאבֶּען זֵיי גֶעפוּנֶען גְלוֹיבֶּענְסְבְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט לִיעבֶּע. דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ קְלָאמֶערְשְׁט גֶערֶעכֶענְט פַאר מַהְמַדַנֶער אִיז גֶעוֶועהן דַוְקָא נִיט שְׁלֶעכְט, וַוייל זֵיי הָאבֶּען גֶעקאַנְט פְרַיי אָבְּהִיטֶען דִי דִינִים פוּן זֵייעֶר פְרִיהְרִיגֶען גְלוֹיבֶּען אוּנ קֵיינֶער הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי נִיט אוּמְגֶעקוּקְט. דָאס אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן דִי סִבָּה וָואס פִיעל יוּדֶען, אוּנ צְווִישֶׁען זֵיי אֲפִילוּ גְרוֹיסֶע אוּנ פְרוּמֶע רַבָּנִים, זֶענֶען מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען אָנְצוּנֶעהמֶען דִי מַחְמַדַנִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן, וָואס הָאט זֵיי נִיט גֶעשְׁטֶערְט צוּ בְּלַייבֶּען אֱמֶת'ע יוּדֶען אוּנ מִיט דִי קִינְדֶער לֶערְנֶען תּוֹרָה.. דֶערְצוּ הָאבֶּען נָאךְ פִיעל פוּן זֵיי גֶערֶעכֶענְט, אַז נָאךְ אַזֶעלְכֶע צָרוֹת מוּז מָשִׁיחַ קוּמֶען, אוּנ אַז עֶס אִיז זֵיי נִמְאָס גֶעוָוארֶען צוּ וַוארְטֶען, הָאבֶּען זֵיי פוּן זִיךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען דִי מַאסְקֶע אוּנ הָאבֶּען אֶפֶענְטְלִיךְ גֶערְקְלֶאהְרְט אַז זֵיי הָאבֶּען קֵיין מָאל נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זַיין יוּדֶען, דֶער רוֹב פוּן זֵיי אִיז טַאקִי אוּמְגֶעקוּמֶען אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ עַבַּד־אַל־מוּמִין צוּגֶערוּקְט קֵיין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ הָאט אָבְּגֶענוּמֶען דִי הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט קוֹרְדוֹבָה. נֶעגֶען דִי יוּדֶען הָאט עֶר זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועהן

מִיט דֶעם אֵיינֶענֶעם יֹשֶׁר וָואס עֶר הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט פוּן אַפְרִיקָא: וַויְעֶרֶע שֶׁאנֶע שׁוּלֶען הָאט עֶר פַארְבְּרֶענְט אוּנ זַיי אַלֵיין הָאט עֶר גֶעצְווּאוּנְגֶען צוּ פֶּערְ־לָאזֶען דָאס לַאנְד. דֶער אַלְטֶער רַב פוּן קוֹרְדוּבָה ר׳ יוֹסֵף בֶּן צַדִיק דֶער מְחַבֵּר פוּנ׳ם סֵפֶר עוֹלָם קָטָן, הָאט נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהֶען ווִי עֶס ווֶערְט אַתְּל פוּן דֶער גְרֶעסְטֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה אוּנ אִיז בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען. דִי יְשִׁיבוֹת פוּן שְׁבִילָה אוּנ לוּצֶענַא הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעמַאכְט, אוּנ ר׳ מֵאִיר דֶער זוּהן פוּן ר׳ יוֹסֵף אִבַּן־מִיגַאשׁ אִיז מִיט פִיעל יוּדֶען אַרִיבֶּער קַיין טוֹלֵידָה. דִי אִיבְּרִיגֶע יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעמוּזְט לְפָנִים ווֶערֶען מַחְמַדַנֶער.

דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער גְרֵייט אָבֶּער שְׁטֶענְדִיג אָן דִי רְפוּאָה פַאר דֶער מַכָּה. אִין טוֹלֵידָה הָאט גֶעהֶערְשְׁט אַקְרִיסְטְלִיכֶער קֶאנִיג, אַלְפָאנְסָא רַיימוּנְדֶעץ, וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען פוּן יוּדֶען, אוּנ ר׳ יְהוּדָה אֶבֶּן עֶזְרָא, דֶער זוּהן פוּן יוֹסֵף אֶבֶּן עֶזְרָא, וָואס הָאט אִין אֵיינֶעם מִיט זַיינֶע דְרַיי בְּרִידֶער אַגְרוֹיסֶע רָאלֶלֶע גֶעשְׁ־פִּיעלְט צְווִישֶׁען דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען, אִיז בַּיי אִיהם גֶעווֶעהֶן אַגְרוֹיסֶער הַטּוֹב. ר׳ יְהוּדָה הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַפִירְסְט אוּנ דֶער קֶאנִיג הָאט אִיהם גֶעמַאכְט פַאר אַמוֹשֵׁל אִיבֶּער דֶער פֶעסְטוּנְג קַאלַאטְרַאוַוא אוּנ הָאט צוּ אִיהם גֶעהַאט דָאס גְרֶעסְטֶע צוּטְרוֹיעֶן. צוּ לִיעבּ אִיהם אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען גֶעווֶעהֶן זֶעהר גוּט, ווַייל ר׳ יְהוּדָה אֶבֶּן־עֶזְרָא הָאט פוּן זַייעֶרְטְוֶועגֶען אַלְדִינְג גֶעטְהוּן אוּנ נָאר דִי קַרָאִים׳עס הָאט עֶר פַיינְד גֶעהַאט אוּנ הָאט זַיי נִיט גֶעלָאזְט קַיין קָאפּ אוֹיפְ־הֵייבֶּען. אַז אִין קוֹרְדוּבָה הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי רְדִיפוֹת, הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעפוּנֶען אִין טוֹלֵידָה אַפֶּערְטִיג מָקוֹם מְנוּחָה אוּנ מִיט דֶער הִילְף פוּן ר׳ יְהוּדָה אֶבֶּן עֶזְרָא, וָואס הָאט אוֹיסְגֶעלֵייזְט גֶעפַאנְגֶענֶע, אוֹיסְגֶעקוֹיפְט שְׁקְלַאוֶוען, אוּנְ־טֶערְגֶעהַאלְטֶען אָרֶעמֶע, אִיז דִי יוּדִישֶׁע קְהִלָּה פוּן טוֹלֵידָה גֶעווָארֶען פַארְגְרֶא־סֶערְט. דִי פְרִישֶׁע וואוּנְדֶען הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד פֶערְהֵיילְט אוּנ תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען אוֹיפ׳ן נַייעֶם אָרְט, צְווִישֶׁען דִי קְרִיסְטֶען, פוּנְקְט ווִי פְרִיהֶר, ווֶען זַיי זֶענֶען גֶעווֶעהן אִין שְׁכֵנוּת בַּיי דִי אַלְמוּרַאבִידֶען

צְווִישֶׁען דִי בֶּערִיהמְטֶע לוֹמְדִים פוּן יֶענֶער צַייט הָאט פֶּערְנוּמֶען זֶעהר אַבְּכָבוֹד׳ן פְּלַאץ ר׳ אַבְרָהָם אִבֶּן דַאוּד. וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעווָארֶען אִים יַאהר 1110 אוּנ הָאט אִין אַללֶע זַיינֶע זִיבְּצִיג יָאהר, וָואס עֶר הָאט אָבְּגֶעלֶעבְּט, זִיךְ נָאר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט תּוֹרָה אוּנ ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען. אִבֶּן דַאוּד אִיז גֶעווֶעהן אַדָאקְטָאר, נָאר עֶר הָאט זִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט אָבְּצוּגֶעבֶּען מִיט אַללֶערְלֵיי חָכְמוֹת. אוֹיף אַרַאבִּישׁ הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַגְרוֹיס סֵפֶר ווֶעגֶען דִי גוּטֶע מִדוֹת וָואס יֶעדֶער מֶענְשׁ אִיז מְחוּיָב זִיךְ אָן זַיי צוּ הַאלְטֶען, אוּנ ווֶעגֶען דֶעם אֱמֶת׳ן תַּכְלִית

פוּן אֱמוּנָה, אוּנ אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אִיז פוּן אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַחִבּוּר גֶעגֶען דִי קַרַאִימֶער וָואס הָאבֶּען, וִוי עֶס שַׁיינְט, נָאךְ דֶעם קֶאנִיג אַלְפָאנְסאָ'ס טוֹיט, זִיךְ וַוייטֶער גֶעפְּרִיוְוט צוּ פִיהרֶען דִי הֶאנְד. אִבֶּן דַאוּד הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען דִי אַרְבַּייט פוּן ר' יְהוּדָה אֶבֶּן עֶזְרָא, אוּנ וָואס יֶענֶער הָאט גֶעקָאנְט אוֹיסְפִיהרֶען מִיט כֹּחַ, הָאט עֶר עֶס גֶעטהוּן מִיט דֶער פֶּען.

נָאךְ פִיעל גְרֶעסֶער פוּן אִיהם אִיז גֶעוֶועהן ר' אַבְרָהָם בֶּן מֵאִיר אֶבֶּן עֶזְרָא פוּן טוֹלֶידָה, וָואס צוּ לִיעבּ זַיין פֵּירוּשׁ אוֹיף דֶער תּוֹרָה, אִיז דֶער נָאהמֶען „אֶבֶּן עֶזְרָא" עַד הַיּוֹם הֵיילִיג גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי דִי יוּדֶען. עֶר אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין טוֹלֶידָה אִים יַאהר 1088 אוּנ אוֹיף אִיהם מֶאג מֶען בֶּאֱמֶת זָאגֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ נַיין אוּנ זִיבְּצִיג יָאהר אָבְּגֶעמוּטְשֶׁעט אוֹיף דֶער וֶועלְט, עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַגָּדוֹל בַּתּוֹרָה אוּנ אַטִיעפֶער חַקְרָן, נָאר דֶער קָאפּ זַיינֶער אִיז נִיט גֶעוֶועהן אִין גַאנְצֶען גֶעזֶעצְט: עֶר הָאט גֶעקָאנְט גְלוֹיבֶּען אִי אִין הַשְׁגָּחָה פְּרָטִית, אַז גָאטט פִיהרְט דִי וֶועלְט נָאךְ גֶעוִויסֶע כְּלָלִים וָואס זֶענֶען אָבְּהֶענְגִיג פוּן זַיין הֵיילִיגֶען רָצוֹן, אִי אִין דִי שְׁטֶערְן, וָואס הֵייסֶען מַזָּלוֹת, אוּנ מֵיינֶען אַז יֶעדֶער הָאט זַיין שְׁטֶערְן אִין הִימֶעל. קֵיין פַּרְנָסָה הָאט אֶבֶּן עֶזְרָא נִיט גֶעהַאט אוּנ אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי אָרֶעם אַז בַּיי אִיהם אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען פֶעסְט אַז עֶר וֶועט קֵיין מָאל נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ לַיידֶען. „אִיךְ זָאל הַאנְדְלֶען מִיט לִיכְט — פְלֶעגְט עֶר אָפְט קְלָאגֶען — וָואלְט דִי זוּנְן קֵיין מָאל נִיט אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען; אִיךְ זָאל הַאנְדְלֶען מִיט תַּכְרִיכִים — וָואלְטֶען מֶענְשֶׁען עֶבִּיג גֶעלֶעבְּט". שׁוֹין אוֹיף דִי אֶלְטֶערֶע יָאהרֶען, הָאט עֶר זִיךְ צוּזַאמֶען מִיט זַיין זוּהן יִצְחָק, אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִין דִי וַוייטֶע מְדִינוֹת; עֶר אִיז גֶעוֶועהן אִין אַפְרִיקָא, מִצְרַיִם אוּנ פַּאלֶעסְטִינַא אוּנ אִיז אַלַאנְגֶערֶע צַייט גֶעבְּלִיבֶּען אִין טְבֶרְיָא, וַוייל דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען לוֹמְדִים וָואס עֶר הָאט גֶעקָאנְט מִיט זֵיי רֶעדֶען פוּן תּוֹרָה. דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַרִיבֶּער קֵיין בָּבֶל אוּנ הָאט זִיךְ אַצַייט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אִין בַּגְדַד, נָאר דָארְט הָאט זִיךְ אִיהם גֶעטְרָאפֶען אֵיין אוּמְגְלִיק וָואס זַיין זוּהן הָאט זִיךְ פוּן אִיהם אָבְּגֶעטְהֵיילְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַמַחְמַדְנֶער. דָאס אִיז אִיהם גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער קְלַאפּ, אַהֵיים זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אוּנ דַארִיבֶּער אִיז עֶר וַוייטֶער נָע וְנָד גֶעוֶועהן בִּיז עֶר אִיז אִים יַאהר 1140 אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין רוֹם. אִין אִיטַאלְיֶען זֶענֶען דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען זֶעהר וֶוענִיג לוֹמְדִים אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי אִיהם נָאךְ מִיט מֶעהר כָּבוֹד אוֹיפְגֶענוּמֶען. דֶערְצוּ אִיז גְרָאד דָארְט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַגַייסְטְלִיכֶער אַרְנָאלְד פוּן בְּרֶעסְצִיָה אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְוַוייזֶען אַז דֶער פַּאפְּסְט הָאט אִין זִיךְ וֶוענִיג יִרְאַת שָׁמַיִם אוּנ עֶס קוּמְט אִיהם נִיט מֶען זָאל אִיהם רֶעכְנֶען

פאר הייליג. ארום דעם גייסטליכען האבען זיך פערזאמעלט אללע יונגע לייט וואס דער מה האט זיי געטראגען צו עדלערע ענינים, און אז אבן עזרא האט געוואוינט אין רום איז ער שטענדיג ארומגערינגעלט געוועהן פון די לייט, וועלכע האבען איהם אלץ געפרעגט שאלות, און האבען זיך מיט איהם געקאנט אריינלאזען אין חקירות. ער איז אבער ניט לאנג געבליבען אין רום און האט געוואנדערט אין פיעל אנדערע איטאליענישע שטאדט, ווי סאלירנה לוקקה און מאנטובה. דאס פארשטעהט מען אז ער איז ערגיץ ניט געזעסען לעדיג, ער האט שטענדיג געשריבען זיינע ספרים, נאר דאס נע ונד זיין, דאס אומזאנ־דרעוועו איבער דער וועלט אהן א בעשטימטער פרנסה, האט איהם נאך ארמער געמאכט, און זעהר אפט פלעגט ער ליידען הונגער, געהן אין צוריסענע קליידער און אויסזעהן ווי א בעטלער. פון דעסטוועגען האט שוין זיין נאהמען געקלונגען צווישען יודען, און אז ער איז פון איטאליען אריבער קיין פראנקרייך, האט מען איהם דארט אנגעטהון דעם גרעסטען כבוד. לאנג בלייבען אין פראנקרייך איז איהם אבער שווער געוועהן, און גיך איז ער אוועקגעפאהרען קיין לאנדאן; דארט האט ער ארויסגעגעבען א ספר וועגען הייליגקייט פון שבת „אגרת השבת" און איז שטארק אנגעפאלען אויפ'ן רשב"ם מיט זיינע תלמידים וואס האבען געדרונגען אז שבת דארף זיך רעכנען נאר פון אין דער פריה, ניט פון פרייטאג־צו־נאכטס. פאר'ן טויט איז אבן עזרא נאך אמאל געקומען קיין פראנקרייך און האט דארט אים יאהר 1167 געענדיגט זיין שווער און ביטער לעבען.

אין פראנקרייך איז ר' יעקב תם געוועהן דער פארשטעהער פון אללע יודען פונ'ם לאנד, און האטש ער האט זיך ניט גערעכענט פאר קיין רב און האט זיין פרנסה געצויגען ניט פונ'ם לערנען, פון דעסטוועגען האט מען איהם גערופען „רבינו תם", און זיין נאהמען, בעזאנדערס נאך דעם וואס ער איז ניצול געווארען אין דעם קרייצצוג, איז געווארען הייליג ניט נאר אין פראנקרייך, נאר אויך אין אנדערע לענדער, וואו עס האבען זיך נאר געפונען מבינים אויף זיין חריפות. רבינו יעקב תם האט פערשטאנען אז עס איז נאטהיג אויסצואַרבייטען פאר די יודען נייע דינים, און מנהגים, וואס זאלען מעהר פאסען צו דער טרויעריגער צייט פון די קרייצצוגע, וואס זיי האבען נאר וואס געפטר'ט, וואס זאלען בעפעסטיגען ביי זיי גוטע מדות, און זאלען זיי דערנייטערן פון יעדער סכנה, וואס קאן ארויסרופען אונצופריעדענהייט ביי די קריסטען, און דערפאר האט ער געמאכט איין אסיפה פון הונדערט פונפציג רבנים און מען האט בעשלאסען: אז יודען זאלען ניט האנדלען מיט כלים פון דער קירכע, וואס קריסטען בענוצען

זיי צום גאטטעסדיענסט, אונ אז עס קומט אַרויס עפּיס אַ מַחֲלוֹקֶת צווישען יודען זאָלען זיי זיך בּעסער אויסגלייכען בּיים יודישען בּית דין. אין דער אַסִיפָה איז אויך געבּליבּען, אַז הונדערט רַבָּנִים מעגען מְבַטֵּל זיין דעם חֵרֶם פון רַבֵּינוּ גֵרְשׁוֹם וועגען חֲתוּנָה האָבּען מיט עטליכע ווייבּער.

אין רַבֵּינוּ תַּם'ס צייט איז אַרויס די ערשטע בּעשולדיגונג דער בּלבּול אַז יודען דאַרפען האָבּען קריסטליך בּלוט אויף פּסח. געטראָפען האָט זיך עס אין בּלוֹאַ אָדער בּלאָיִש, וואו עס האָבּען אין גאַנצען געוואוינט פירציג יודען. דאָרט האָט אַ יוד איין מאָל פאַר נאַכט אַראָבּגעפיהרט זיין פערד צום טייך לאַאַר איהם אָנטרינקען מיט וואַסער. גראַד דעמאָלט האָט אַ קנעכט פון אַ הויפטמאַנן אויך געפיהרט אַ פערד צום טייך אונ עס איז געבּליבּען פּלוצלונג שטעהן אונ האָט ניט געוואָלט צוגעהן צום וואַסער. דער קנעכט האָט גוט געקענט זיין בּעל־הַבַּיִת, אַז ער איז אַ גרויסער שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל אונ עס וועט בּיי איהם שטאַרק אָנגעלעגט זיין ווען ער וועט איהם עפּיס אָנרעדען אויף די יודען, האָט ער זיך מְיַשֵּׁב געווען אונ האָט איהם דערצעהלט אַ גאַנצע מַעֲשֶׂה, אַז ער האָט מיט איינענע אויגען געזעהן ווי דער יוד, וואָס איז מיט איהם צוזאַמען געוועהן בּיים וואַסער, האָט אַריינגעוואָרפען אַ געקוילעט קריסטליך קינד אין טייך אַריין. דער הויפטמאַנן האָט זיך געוואָלט נוֹקֵם זיין אין אַללע יודען אונ בּעזאָנדערס אין אַ גרויסע יודישע גְּבִירָה פּוּלְצֶילִינָה, האָט ער בּאַלד דער־פון מוֹדִיעַ געווען דעם גְרַאף טְהֶעאָבַּאלד פון שַׁארְטְרֶע, אונ האָט נאָך צום ליגען צוגעזעצט אַ וואָרט־צייכען, אַז דאָס קינד האָבּען די יודען דערהרג'ט, ווייל זיי מוזען האָבּען קריסטליך בּלוט צו די מַצּוֹת. פאַר'ן גראַף איז דאָס גענוג געוועהן ער זאָל הייסען אַללע יודען אַריינוואַרפען אין תְּפִיסָה, נאָר איין פּוּלְצֶי־לִינָה איז געבּליבּען פריי, ווייל דער גראַף האָט זעהר געשעצט איהר שאַנקייט. די אומגליקליכע יודען האָבּען טאַקי געהאָפט אַז איהר וועט געוויס געראָטהען זיי מַצִּיל צו זיין, נאָר, צום אומגליק, האָט די גְרֶעפין אִיזַאבָּא פערשטאַנען אַז פאַר איהר איז ניט אַזוי גלייך ווען דער גראַף וועט טהון טוֹבוֹת דער שאָנע יודישע פרוי, אונ וועט צו ליעבּ איהר ווערען אַ וואָהלטהעטער, אונ זי האָט פּוּלְצֶילִינַה'ן גאָר ניט צוגעלאָזט צום גראַף. אַז די האָפנונג אויף פּוּלְצִילִינַה איז פערשוואונדען געוואָרען, האָבּען זיך די יודען געוואָלט פּרוּבּען מיט געלד, אונ דאָס האָט טאַקי דער גראַף געמיינט, נאָר אַ גייסטליכער האָט זיך אַריינגעמישט אונ האָט געשריגען אַז אויבּ די זאַך איז אֱמֶת טאָר מען ניט די רוֹצְחִים לאָזען זיך אויסקויפען אֲפִילוּ פאַר די גרעסטע אוֹצְרוֹת. עס איז געבּליבּען מען זאָל גוט

חוֹקר וְדוֹרֵשׁ זַיין, אונ אַזוֹי וִוי דֶער קְנֶעכְט אִיז גֶעוֶועהן דֶער אֵיינְצִינֶער עֵדוּת הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַזַא פְּרוּב: מֶען הָאט דֶעם קְנֶעכְט אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִין אַ שִׁיפֶעל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן פוּל מִיט וַואסֶער, מֶען הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אוֹיפ'ן טַייךְ, אוּנ מֶען הָאט גֶעוַוארְט – קוֹים אִיז עֶר נִיט אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען, אִיז דָאס גֶעוֶועהן דֶער בֶּעסְטֶער סִימָן אַז עֶר זָאגְט אֱמֶת. אוֹיף אַזַא רֵיינֶעם אוּנ קְלָארֶען בְּוֵויז אִיז גֶעבוֹיט גֶעוָוארֶען דִי עֶרְשְׁטֶע עֲלִילוֹת הַדָם, אוּנ עֶס אִיז אַרוֹיס אַ גֶערֶעכְטֶער מִשְׁפָּט: מֶען זָאל דִי יוּדֶען פַאר בְּרֶענֶען אִין פַייעֶר. דֶעם צְוַואנְצִינְסְטֶען סִיוָן פוּנ'ם יָאהר 1171 הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען בַּן גֶעוֶועהן מִיט שְׂרֵפָה פִיער אוּנ דְרַייסִיג מֶאנֶער אוּנ זִיבֶּעצֶעהן פְרוֹיעֶן אוּנ נָאר עֶטְלִיכֶע, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם הָאבֶּען גֶערַאטֶעוֶועט דָאס לֶעבֶּען. ר' יַעֲקֹב תַּם הָאט נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְלֶעבֶּען אַזַא בּוּשָׁה אוּנ אַזַא עַוְלָה אוּנ אִיז נָאךְ אִין דֶעם יָאהר גֶעשְׁטָארְבֶּען. דֶעם טָאג פוּן „כ' סִיוָן" הָאט עֶר בֶּעשְׁטִימְט פַאר אַ תַּעֲנִית אוֹיף דוֹרֵי דוֹרוֹת, גְלַייךְ וִוי עֶר הָאט פָארְאוֹיסְגֶעזֶעהן אַז דִי נַארִישֶׁע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג וֶועט זִיךְ הַאלְטֶען גַאנְצֶע הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען, אוּנ וֶועט נָאךְ אוֹיסְרַייסֶען גֶענוּג קָרְבָּנוֹת.

מִיט'ן אִבְּן־עֶזְרָא'ס אוּנ רַבֵּינוּ תַּם'ס טוֹיט אִיז אַוֶועק דֶער גְלַאנְץ פוּן דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע אוּנ שְׁפַּאנִישֶׁע לוֹמְדִים אוּנ אַ נַיי לִיכְט אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעשַׁיינֶען דֶעם פִינְסְטֶערֶען יוּדִישֶׁען גָלוּת: דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער רַמְבַּ"ם, וָואס אִיהם הָאט דִי הַשְׁגָחָה אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען צוּ וֶוערֶען אַ לַייכְט־טְהוּרם אִין מִיטֶען פוּן דִי רוֹישֶׁענְדֶע חֲוַואלֶעס אִין דֶעם גְרוֹיסֶען יַם פוּן יוּדִישֶׁע צָרוֹת אוּנ הֶעלְפֶען דֶעם יוּדִישֶׁען שִׁיפֶעל וַוייטֶער צוּ שְׁווִימֶען, מִיט דֶער הָאפְנוּנְג, אַז עֶס וֶועט זִיךְ אַ מָאל צוּ שְׁלָאגֶען צוּ אַ בְּרֶעג.

---

## 5 דִי צַייט פַאר דֶעם רַמְבַּ"ם.

(1171—1205 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבוּרְט).

חָאטְשׁ אִין אַזְיֶען אִיז דִי צָאהְל פוּן דִי יוּדֶען גְרֶעסֶער גֶעוֶועהן, פוּן דֶעסְט־וֶועגֶען הָאבֶּען דִי קְלֵיינֶע קְרִיסְטְלִיכֶע מְלוּכוֹת, אִין שְׁפַּאנְיֶען, וִוי קַאסְטִילְיֶען, לִיאָן, אַרַאגָאנְיֶען, פָּארְטוּגַאל אוּנ נוּבַארָה, זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ נַייעֶ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וַוייל דָארְט הָאבֶּען יוּדֶען גֶעשְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאלֶע, אוּנ צַייט דִי אַלְמוּהַאדֶען הָאבֶּען זֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דִי פְרִיהֶרִיגֶע אֶרְטֶער אוּנ דִי יְשִׁיבוֹת פוּן קָארְדוֹבָה, שִׁיבִילְיָה, גְרַאנַאדָה אוּנ לוּצֶענָא זֶענֶען פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען אִיז

די קאסטיליסע הויפט-שטאדט טולידה געווארען אקוואל פון יודישע חכמים און לומדים. די יודישע קהלה איז דארט בעשטאנען מעהר ווי פון צוועלף טויזענד רייכע בעלי בתים, וואס האבען אויסגעבויעט זעהר שאנע שולען און ערצויגען דעם נייעם דור אויף אזא ארט, אז די יונגע לייט האבען זיך שוין מיט רעכט געמאגט רעכנען פאר אמת'ע קינדער פונ'ם לאנד. די יודען האבען ארויסגעוויזען זייערע פעהיגקייטען ניט נאר צום לערנען, נאר אויך צו גבורה, און פיעל פון זיי זענען געוועהן די ערשטע אין פעכטען זיך מיט דער שווערד, און דאס האט זיי שטארק צוגעבונדען צו די עדעלסטע קלאסען פון די איינוואהנער. אין דער צייט פון אלפאנסא דעם אכטען האבען פיעל יודען געדיענט ביי דער קרוין און בעזאנדערס האט זיך אויסגעצייכענט ר' יוסף בן שלמה אבן-שושן, וואס איז געוועהן אי פרום, אי רייך און דערצו נאך א גרויסער למדן און א בעל צדקה. דער קאניג האט איהם זעהר ליעב געהאט און האט איהם געשענקט דעם טיטעל „פירסט". נאך איין חשוב איז ביי איהם געוועהן — ר' אברהם אבן-אלפאכר, איינער פון די בעסטע אראבישע דיכטער, וואס האט זיך ביי יעדען קונה אהבה געוועהן פאר זיין גוט הארץ און זיינע עדלע מעשים. דעמאלט האט נאך געלעבט דער אלטער ר' אברהם אבן-דאוד, נאר אים יאהר 1180 האט זיך געמאכט אן אומגליק, וואס די יודען האבען דערביי א ביסעל געליטען און נאר אומגערעכט איז אבן-דאוד געפאלען פאר א קרבן. דער עדלער קאניג אלפאנסא האט געהאט זיבען יאהר כסדר א יודישע געליבטע רחל, וואס מען האט זי פאר איהר גרויס שאנקייט גערופען פארמאזא, אז ער האט אבער חתונה געהאט מיט א ענגלישער פרינצעסין איז דער קאניגין, סן הסתם, ניט געפאלען אזא ליעבשאפט און זי האט אנגעשטעלט רוצחים מען זאל רחל'ן דערהרג'נען. אזוי איז טאקי געשעהן: דאס שאנע יודישע מאדעל האט מען געקוילעט כמעט פאר'ן קאניג'ס אויגען און אז די חברה האט שוין געהאלטען ביים שלאגען איז מען אנגעפאלען אויף עטליכע אומשולדיגע יודען און אבן-דאוד האט בעצאהלט מיט זיין לעבען פאר פרעמדע כעס אדער פאר פרעמדע זינד. דער דאזיגער פאל האט אבער ניט געאנדערט די לאגע פון די יודען, און דער קאניג האט ניט אויפגעהערט זיי ארויסצווייזען זיין פריינדשאפט, און די יודען זענען איהם טאקי געשטאנען אין אללע נויטען, אז ער האט בעדארפט אנהויבען א מלחמה מיט די אלמוהאדען, האבען איהם יודען געגעבען געלד אויף הוצאות, און אז דער שונא האט צושלאגען זיין חיל און האט שוין געוואלט זיך אריינכאפען קיין קאסטיליען, האבען די

יודען ארויסגעשיקט זייערע בעסטע יונגע לייט אונ האבען דאס לאנד מציל געוועזען פון א סכנה ·

אין ארראגאניען האבען די יודען אויך געלעבט גליקליך, ווייל דער קעניג אלפאנסא דער צווייטער איז געוועזען א גרויסער ליעבהאבער פון וויסענ־שאפטען, אונ געלערנטע לייט האבען זיך צווישען די יודען גענוג געפונען. דער פארשטעהער פון דער הויפט־שטאדט בארצעלונה איז געוועזען ששת בנבנשתי, א בעריהמטער דאקטאר אונ איינער פון די בעסטע יודישע לומדים. ער האט געקאנט גוט אראביש; צו ליעב דעם האט איהם די מלוכה געגעבען די בעסטע שטעללע אונ ער האט זיך ערווארבען אי א גוטען נאהמען, אי גרויס עשירות, אונ די יודען האבען אויף איהם געקוקט ווי אמאל אויף שמואל הנגיד. דעמאלט האט אויך אין בארצעלאנה געשפיעלט א גרויסע ראללע ר׳ שמואל אבן חסדאי הלוי, וואס האט געהאט פינף בעריהמטע זיהן, גרויסע לומדים; צווישען זיי איז בעזאנדערס בעקאנט דער נאהמען פון ר׳ אברהם אבן חסדאי, דער מחבר פונ׳ם ספר „בן המלך והנזיר", וואס ווייזט אן אונ לויבט גוטע מדות ביי מענשען.

איבער דער קליינער שטאדט טודילה פלעגט אפט פארקומען א קריעג צווישען די קעניגע פון אראגאניען אונ נאבארא אונ די איינוואהנער האבען געמוזט אלליין אבהיטען זייער פרייהייט. די יודען האבען אויך געשיצט די שטאדט אונ דערפאר האבען זיי געהאט רעכטע גלייך מיט אללע. פון דארט האט אויך געש־טאמט דער בעריהמטער רייזענדער ר׳ בנימין בן יונה, וואס איז געבארען געווארען אין טודילא אונ איז א צייט פון אכט יאהר פון 1165 ביז 1173, אויס־געפאהרען די גאנצע וועלט אונ האט איבערגעלאזט א רייזעבעשרייבונג, וועלכע מען האט דער נאך איבערגעזעצט אין פערשיעדענע שפראכען. די קליינע יודישע קהלה פון גירונה האט אויך ארויסגעגעבען זעהר פיעל גרויסע לייט, וואס מען האט זיי אללע גערופען נאך דער שטאדט גירונדים. זיי האבען זיך מעהר בעשעפטיגט מיט׳ן תלמוד אונ בעזאנדערס איז בעקאנט מיט זיין חריפות ר׳ זרחיה הלוי גירונדי;

ניט ערגער איז געוועזען די יודען, וואס האבען געוואהנט אין פראנקרייך, פון יענער זייט בערג וועלכע הייסען פירענאען, אין די ערטער לאנגעדאק אונ פראוואנס. זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט אקערבוי (עבודת האדמה) אונ מסחר אונ האבען געהאט פרנסה בשפע; ארעמע לייט איז צווישען זיי געוועזען זעהר וועניג ווייל די רייכע האבען געשטיצט זייערע ברידער ווי ווייט זיי האבען

נאָר געקאַנט די קריסטען האָבען געלעבט מיט זיי נאָר פריינדליך אונ פלעגען זיי אָפט אויסקלויבען פאַר פאָרשטעהער פונ'ם גאַנצען פאָלק. געהערשט האָט דעמאָלט די קלוגע אונ עדלע פירסטין ערמאַנגאַרד אונ זי האָט אויך פערשטאַנען ווי אַזוי צו שעטצען די יודען. אין דער הויפט־שטאָדט נאַרבאָן האָבען אין גאַנצען געוואוינט דריי הונדערט יודען אונ זייער פאָרשטעהער איז געוועהן ר׳ קלונימוס בן תודרוס, איין ענינקעל פון ר׳ מכיר, וואָס האָט זיך נאָך אין דער צייט פון קארל דעם גרויסען בעזעצט אין פראַנקרייך. ר׳ קלונימוס איז געוועהן זעהר רייך אונ האָט געהאַט פיעל איינענע ערד. דאָרט האָט זיך נאָך געפונען איין אַלטע ישיבה, וואו דער רב ר׳ אברהם בן יצחק, האָט געלערנט תורה מיט זיינע תלמידים. אַגרויסע ראָללע האָט אין נרבונה געשפּיעלט די משפּחה קמחי. דער עלטער ר׳ יוסף בן יצחק קמחי איז אַהין אַריבער פון שפּאַניען ווען די אַלמוהידען האָבען אַרויסגעטריבען פון דאָרט די יודען. ער האָט פערשטאַנען אַראַביש אונ דאַריבער האָט ער איבערגעזעצט אויף לשון קודש דעם רבינו בחיי׳ס ספר „חובת הלבבות״. אויסער דעם האָט ער געמאַכט אַפּירוש אויף דער תורה אונ האָט אָנגעשריבען עטליכע תפלות. עס איז אַסברא אַז פון איהם איז אויך געבליבען אַספר וואָס דאָרט ווערד בעשריבען אַוכוח צווישען אַיודען אונ אַקריסט: דער יוד לויבט די מעלות פון זיין פאָלק, דאָס ריינקייט פונ׳ם פאַמיליען לעבען, דאָס צניעות פון יודישע ווייבער, דאָס ניט־וויסען פון קיין גזילה אונ רציחה, די גרויסע מצות פון פדיון שבוים אונ בקור חולים. דער קריסט דערמאָנט איהם אָבער, אַז יודען האָבען ליעב צו רייסען פּראָצענט אונ דאַרויף ענטפערט איהם דער יוד, אַז די קריסטען זענען אויך ניט פריי פון דעם חטא. אַזאַ ספר בעווייזט אַז די יודען האָבען געלעבט אין יענער געגענד גאַנץ פריי אונ האָבען אָפען געקאָנט אַרויסזאָגען זייערע מיינונגען. ר׳ יוסף׳ס ביידע זיהן, ר׳ משה אונ ר׳ דוד קמחי זענען אויך געוועהן גרויסע לומדים, אונ בעזאָנדערס איז בעקאַנט ר׳ דוד קמחי מיט זיין אָבגעקירצטען נאָהמען רד״ק, ווייל ער האָט אָנגעשריבען אַספר וועגען דקדוק.

די אַלטע יודישע קהלה אין בדרש (Beziers), וואו דער אבן־עזרא האָט זיינע לעצטע יאָהר אָבגעלעבט, האָט זיך געפיהרט נאָר זעלבסטשטענדיג, בעזאָנדערס ווען דער וויצע־גראַף ראַימונד־טרענקאַבאַל אונ זיין זוהן רוגיר (Roger) האָבען געהאַט צו שאַפען איבער דעם לאַנד. דעמאָלט האָבען יודען געהאַט אויך די גרעסטע שטעללען ביי דער קרוין. פון דעסטוועגען האָט זיך דאָרט געהאַלטען פון לאַנג אָן אַמנהג, אַז יעדעס יאָהר אים זונטאג וואָס

פאר דעם קריסטליכען פסח האט דער גייסטליכער אנגערייצט די קינדער זיי זאלען ווארפען שטיינער אויף די יודישע הייזער; די יודען פלעגען, מן הסתם, ניט שווייגען, אונ עס איז שטענדיג ארויס א געשלאג. ערשט שפעטער איז געראטהען די יודען מבטל צו זיין דעם מנהג, אונ זיי האבען זיך מתחייב געוועהן בעסער צו צאהלען דערפאר, אונ אללע יאהר האבען זיי אריינגעטראגען פיער פונט זילבער.

אין דער גרויסער האנדעלסשטאדט מונטפעלליר (Montpellier), וואו די קריסטען האבען דוקא ניט אזוי פריינדליך בעהאנדעלט די יודען, איז געוועהן אויך ניט קיין קליינע יודישע קהלה, וואס איז בעשטאנען פון פיעל עשירים, וועלכע האבען זיך געריהמט מיט זייער צדקה. פיעל יודען האבען אין דער אוניווערזיטאט פון מונטפעלליר געלערנט רעדיצין.

דאס קליינע שטאדטעל לוניל, ניט ווייט פון מונטפעלליר, איז דעמאלט געוועהן א גרויסער כרך; דארט האבען געוואהנט איבער דריי הונדערט יודען, אונ פיעל יונגע לייט האבען געלערנט תורה פון דער ישיבה, וואס האט זיך געעפענט די צווייטע נאך נרבונה. דער פארשטעהער פון דער לוניל'ער קהלה איז געוועהן א בעריהמטער למדן ר' משולם בן יעקב, וואס האט ליעב געהאט אי תורה, אי חכמה, אונ האט געלאזט פיעל ספרים איבערזעצען פון אראביש אויף לשון קדש. פון ר' משולם'ס פינף זיהן איז נאר איין ר' אהרן געגאנגען אין דעם דרך פון זיין פאטער אונ האט אויך געשאצט וועלטליכע וויסענשאפטען, די איבריגע האבען זיך נאר אין גאנצען פערטיפט אין פרומקייט אונ בעזאנדערס האבען זיך אויסגעצייכענט צוויי פון זיי, ר' יעקב אונ ר' אשר, וואס האבען זיך לחלוטין אויסגעטהון פון דער וועלט אונ דערפאר האט מען זיי גערופען „אבגעשיידטע"–נזירים. אין לוניל האבען זיך אבער געפונען צוויי גרויסע לומדים ר' יונתן בן דוד כהן אונ ר' יהודה בן שאול אבן־תבון, וואס האבען געארבייט אז גלייך מיט'ן תלמוד זאלען יודען זיך אויך אבגעבען מיט פערשיעדענע חכמות אונ לשונות. אבן־תבון איז אליין געוועהן פון גרנאדה, אונ די רדיפות פון די אלמוהידען האבען איהם געצוואונגען ארויס קיין פראנקרייך. ער איז געוועהן א בעריהמטער דאקטאר אונ צו זיינע רפואות האבען געמוזט אנקומען די גראסטע לייט. שטענדיג האט ער זיך געמוזט אבגעבען מיט חולים, נאר פון דעסטוועגען האט ער געפונען צייט איבערזעצען פון אראביש עטליכע ספרים פון רב סעדיה גאון, אבן־גנאח, אבן־גבירול, דעם „חובת הלבבות" פון רבינו בחיי, אונ דעם „כוזרי" פון ר' יהודה הלוי. זיבציג יאהר

איז ער אַלט געוועהן ווען ער איז געשטאָרבען אים יאָהר 1190. זיין זוהן ר׳ שמואל אבן תבון האט זיך אויך בעשעפטיגט מיט מעדיצין, אונ איז, פונקט ווי דער פאָטער, בעקאַנט ווי אַ גוטער איבערזעצער פון עטליכע אַראַבישע ספרים. ער האט אויך געלעבט זיבציג יאָהר, אונ איז געשטאָרבען אים יאָהר 1230.

אין פּאָסקיערא, אַ שטעדטעל ניט ווייט פון לוניל, האָבען סך הכל גע־וואהנט פירציג יודען, אונ פון דאָרט איז אַרויסגעקומען איינער פון די בעסטע תלמודיסטען פון יענער צייט ר׳ אברהם בן דוד, וואס איז געוועהן זייער רייך אונ האט זיין גאַנץ עשירות בענוצט נאָר אויף אויסצוהאַלטען אַ בעזונדערע ישיבה, ווייל ביי איהם איז דאס הייליגסטע געוועהן נאָר דאס לערנען פון גמרא, אונ האַטש ער האט, פונקט ווי זיין חבר ר׳ זרחיה הלוי גרונדי, געהאט זעהר אַ גוטען קאָפּ, האט ער זיך ניט געוואָלט אָבגעבען מיט אַנדערע זאַכען אונ האט נאָך גערעכענט פאַר דער גרעסטער מעלה דאס וואס ער איז בלינד אין וויסענשאַפט.

אין דער שטאָדט בורג די ס״ט גילעס (בור׳ד׳סענט זשיל) די צווייטע הויפּטשטאָדט פון׳ם הערצאָג ריימאָנד דעם פינפטען פון טולוזה, האט זיך גליקליך געלעבט אַ קליינע יודישע קהלה פון הונדערט בעלי־בתים, ווייל דער איידעלער הערצאָג איז געוועהן אַ גרויסער מענשענפריינד, אונ אויף זיין דרך איז אויך געגאַנגען זיין זוהן דער יונגער הערצאָג ריימאָנד דער זיבעטער, וואס האט פון דעסטוועגען ניט געקאָנט אויסהאַלטען די בעשולדיגונגען פון׳ם פּאַפּסט אינאָקענטי דעם דריטען, אונ האט געמוזט געבען אַ שבועה אַז ער וועט אויפהערען צו שטיצען די יודען.

אַז דער גוטהערציגער קעניג לודוויג דער זיבעטער האט געלעבט, איז די יודען געוועהן גוט אויך אין די איבריגע ערטער אין צפון־זייט פון פראַנקרייך. אַללע אייגוואהנער פון׳ם לאַנד זענען ביי לודוויג׳ן אין די אויגען געוועהן גלייך, אונ אַז די גייסטליכע האָבען בעשטימט אויף זייער אסיפה, מען זאָל פאַרווערען יודען צו האַלטען קריסטליכע דיענסטען אונ אַממען, האט ער בשום אופן ניט געוואָלט אונטערשרייבען אַזא גזירה. זיין זוהן פיליפּ אויי־גוסט, וואס האט נאָך, ווענען דער קראַנקהייט פון׳ם פאָטער, פאַר זיין לעבען איבערגענומען די מלוכה, איז צום אָנהייב אויך געוועהן פריינדליך געגען די יודען, נאָר ביכלעכווייס האָבען איהם די גייסטליכע אַריינגעהאַפּט אין זייער נעץ, אונ ער האט זיך אין גאַנצען איבערגעביטען. דערצו האט מען איהם נאָך אויפגעקלעהרט, אַז די יודען זענען אָנגעשטאָפּט מיט געלד אונ אַז עס איז

אַ גרויסע מצוה בײַ זיי צו צונעהמען דאס פערמעגען און דערמיט רייכער מאכען די מדינה. אויף שלעכטס טהון לאזט מען זיך ניט איינריידען, און נאר אין אַ קורצער צייט איז בײַ פיליפ אויגוסט געבליבען אַז ער וועט נאר דעם לאנד די גרעסטע טובה טהון ווען ער וועט מאכען אַ תל פון די יודען וואס נעהמען פּראצענט, און זענען נאך דערצו פּשוט׳ע מענשענפרעסער, ווייל זיי קוילען קליינע קינדער און באקען מיט זייער בלוט מצות אויף פּסח. דער אלטער קאניג האט נאך געלעבט ווען זיין יורש האט אום שבת, דעם 19 יאנואר 1180, געהייסען ארומרינגלען די שול, וואו די יודען האבען געדאווענט, און זיי אללע אַוועק פיהרען אין געפאנגעניס. די יודען האבען פערשטאנען וואס מען וויל פון זיי, באלד האבען זיי אַוועק געטראגען אַ שענע מטבע און מען האט זיי ארויסגעלאזט. דאס איז אבער פאר פיליפ אויגוסט געוועהן ווייניג: נאך אין דעם איינגענעם יאהר האט ער ארויסגעלאזט אַ בעפעהל אַז אללע יודישע חובות זענען פערפאלען, נאר יעדער מוז אַ פינפטעל פונ׳ם חוב בעצאהלען דער קרוין, און טאקי באלד, אַז די גרעסטע יודישע גבירים זענען געווארען עניים ואביונים, האט ער ניט געמאכט קיין לאנגע שיהות און האט זיי אללע געהייסען ארויס־טרייבען פונ׳ם לאנד; נאר די זאכען און חפצים האט ער זיי ערלויבט צו פער־קויפען, הייזער, ווייגארטענער, תבואות און ערד האבען זיי געמוזט איבערלאזען. פון די שולען האט ער געמאכט קירכען. ווי ווייט די קריסטען אלליין האבען פערשטאנען אַז די יודען זענען פאר זיי ניט שעדליך און אַז זיי האבען ניט פערדיענט מען זאל זיי טהון אַזא רעה — זעהט מען ארויס דערפון, וואס פיעל גרויסע לייט האבען געבעטען דעם קאניג אַז ער זאל ניט אומגליקליך מאכען אַזוי פיעל אומשולדיגע מענשען, נאר עס האט ניט געהאלפען און די בערויבטע יודען פון פאריז, אויסער עטליכע געצאהלטע וואס האבען זיך ענטשלאסען צו טויפען, האבען זיך נאך געמוזט צום איבריגען צו ברעכען און זיך זוכען אַ נייע היים. צום גליק, האבען די גראפען פון די קליינערע ערטער ניט געקוקט אויפ׳ן קאניג׳ס בעפעהל און האבען יודען געלאזט בײַ זיך רוהיג זיצען. די ישיבה וואס האט זיך געמוזט צו מאכען, אין פאריז, האט אנגעהויבען בליהען אין שאמפאן, און די בעלי־התוספות האבען ווייטער געקאנט זיך בעשעפטיגען מיט זייער ארבייט און האבען בײַ די יודען אַזוי שטארק בעפעסטיגט די תורה און די אמונה, אַז ווען שפּעטער מיט עטליכע יאהר האט זיך דעם קאניג פיליפ אוי־גוסט פארגלוסט בלוט צו פערגיסען און ער האט דער יודישער קהלה פון בראא (Bray) פארגעלעגט זיי זאלען זיך אויסקלויבען איינע פון ביידע, אָדער

אִיבֶּערְגֶעהן צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אָדֶער פֶערְלִיעְרֶען דָאס לֶעבֶּען, הָאבֶּען זֵיי קֵיין רֶגַע נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פַארְבְּרֶענֶען אוֹיף קִדוּש הַשֵּׁם. כִּמְעַט הוּנְדֶערְט יוּדֶען זֶענֶען דֶעמָאלְט אוּמְגֶעקוּמֶען אוּנ נָאר קִינְדֶער, יוּנְגֶער פוּן דְרַייצֶעהן יָאהר, זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען.

בַּאלְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַנֵייעֶר קְרַייצְצוּג, וַוייל חָאטְשׁ דֶער גִבּוֹר סַאלַאדִין אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט גֶעמַאכְט שָׁלוֹם אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַז דִי קְרִיסְטֶען זָאלֶען מֶאגֶען קוּמֶען צוּם הֵיילִיגֶען קֶבֶר, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט מֶען זֵיי וַוייטֶער אָנְגֶעטְהוּן צָרוֹת אוּנ דִי אֵייְרָאפֶּאִישֶׁע מְלוּכוֹת הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַמָאל גֶעחַאפְּט צוּ דֶער שְׁוֶוערְד אוּנ אוֹיף דִי יוּדֶען הָאט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי הוֹיט צוּ צִיטֶערְן. דֶער פַּאפְּסְט אִינָאקֶענְטִי דֶער דְרִיטֶע הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אוֹיף דֶער וֶועלְט אַגֶעווִיסֶען פוּלְקָא פָאן נַייליוּ, אַמֶענְשֶׁען אָהן גֶעווִיסֶען אוּנ עֶר הָאט מִיט זַיינֶע דְרָשׁוֹת אוּנְטֶערְגֶעהִיצְט דָאס פָאלְק אוּנ אַללֶע, פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, הָאבֶּען אִיהם גֶעפָאלְגְט, וַוייל עֶר הָאט טַאקִי גֶעדַרְשְׁנְ'ט פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען אוּנ הָאט זֵיי בֶּעווִיזֶען אַז דִי גְרֶעסְטֶע שׂוֹנְאִים פוּן דֶער קִירְכֶע זֶענֶען דִי יוּדֶען אוּנ אַז מֶען דַארְף זֵיי דֶערְפַאר נִיט נָאר קֵיין חוֹבוֹת נִיט אוּמְקֶעהְרֶען, נָאר אֲפִילוּ בַּיי זֵיי דָאס לֶעצְט בִּיסֶעל אָרֶעמְקַייט צוּנֶעהמֶען. בַּאלְד הָאט מֶען אוּמֶעדוּם אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַייבֶּען יוּדֶען, אוּנ דַוְקָא דֶעמָאלְט הָאט פַאר זֵיי פְּהִילִיפּ אוֹיגוּסְט גֶעעֶפֶענְט זַיין לַאנְד אוּנ הָאט עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער מִיט זִיבֶּעצֶעהן יָאהר זִיךְ מְיַישֵׁב גֶעוֶועהן אַז עֶר הָאט נִיט גוּט גֶעטְהוּן דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט אַמָאל גֶערוּדֶפְ'ט דִי יוּדֶען. דִי טוֹבָה אִיז אָבֶּער פַאר דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן אַרָעה, וַוייל דִי מְלוּכָה אוּנ דִי בַּארָאנֶען, וָואס צוּ זֵיי הָאט גֶעהֶערְט דִי עֶרְד, הָאבֶּען טַאקִי זֵיי גֶעשִׁיצְט. נָאר מִיט דֶער צַייט הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען אוֹיף דִי יוּדֶען ווִי אוֹיף מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען גָאר קֵיין רֶעכְטֶע נִיט, וָואס לֶעבֶּען נָאר מִיט זֵייעֶרֶע חֲסָדִים, אוּנ יֶעדֶער יוּד הָאט נִיט גֶעטָארְט זִיךְ רִירֶען פוּנ'ם פְּלַאץ אָהן דֶעם רָצוֹן פוּן זַיין גְרַאף, אוּנ אַז עֶר אִיז יָא עֶרְגִיץ אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען הָאט עֶר נִיט גֶעקָאנְט אֲפִילוּ אַפָּאדֶעם פוּן זַיין פֶערְמֶעגֶען מִיט גֶעהמֶען.

אִין עֶנְגְלַאנְד, וָואס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין חֵלֶק נִיט אִין עֶרְשְׁטֶען, נִיט אִין צְוֵוייטֶען קְרַייצְצוּג, אִיז דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן זֶעהר גוּט אוּנ אַסַךְ יוּדֶען זֶענֶען אִין דֶער צַייט וָואס הֵיינְרִיךְ דֶער צְוֵוייטֶע הָאט גֶעהֶערְשְׁט גֶעוָוארֶען אַזֶעלְכֶע עֲשִׁירִים אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט כִּמְעַט קֶענִיגְלִיכֶע פַּאלַאצֶען. פִיעל עֶנְגְלֶאנְדֶער הָאבֶּען אַזוֹי לִיעבּ בֶּעקוּמֶען יוּדֶען אוּנ זֵייעֶר אֱמוּנָה אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ מְגַיֵיר גֶעוֶועהן אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַגַאנְצֶע קְהִלָּה פוּן גֵרִים. מִיט

לערנען האבען זיך די ענגלישע יודען זעהר װעניג בעשעפטיגט אונ רבנים פלעי-
גען זיי בעציהען פון פראנקרייך. אין לאנדאן איז געװעהן רב איינער פונ'ם
רבינו תם'ס תלמידים ר' יעקב פון ארלעאנס (אורליאניש), װאס האט זיך אנרוי-
סען נאהמען געמאכט צװישען די בעלי התוספות. אזוי האבען זיך די יודען
געפיהלט גליקליך אין ענגלאנד ביז די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו היינריך'ס
זוהן ריכארד לאבענהארץ, װאס איז אויך געװעהן אזא עדלער מענש װי
דער פאטער, נאר די גייסטליכע האבען איהם קאליע געמאכט. דעם דריטען
סעפטעמבער 1189, אין דעם טאג װאס ריכארד האט זיך געקרוינט. האבען די
יודען בעקומען דעם ערשטען קלאפ אונ אזוי האבען זיי שוין אללע מאל געליטען
פון די רדיפות ביז מען האט זיי ניט שפעטער מיט הונדערט יאהר אין גאנצען
ארויסגעטריבען פון ענגלאנד. אנגעהויבען האט זיך דאס אומגליק פון אזא
נישט: אז דער געקרוינטער יונגער קעניג איז צוריק געקומען פון דער קירכע
האבען איהם שלוחים פון אללע אנװאהנער בעגריסט אונ געבראכט געשאנק
אונ צװישען זיי זענען אויך געװעהן צװיי יודישע גבירים װאס די יודען האבען
דורך זיי געשיקט ריכארד'ן טהייערע מתנות. קוים האט דער ארכיעפיסקאפ פון
קענטערבורי בלדווין דערזעהן די יודען, האט ער באלד אנגעהויבען שרייען אז
מען טאר פון קיין יודען קיין געשאנק ניט אננעהמען אונ אז מען זאל די יודען
הייסען ארויסגעהן. דער קעניג איז געװעהן צו שװאך אונ האט זיך ניט גע-
קאנט שטעלען געגען דעם ארכיעפיסקאפ; דא האבען זיך שוין די שונאים צו
פיהרט די האנד אונ די דיענער האבען די יודישע שלוחים ארויסגעװארפען מיט
אזא כעס אז זיי זענען איבער דער גאס געלאפען װי אהן א נשמה. אז דאס
פאלק האט דערזעהן מענשען לויפען פונ'ם קעניגליכען הויף, האט מען זיי אנ-
געהויבען נאכװארפען שטיינער. באלד איז טאקי ארויס א קול, אז דער קעניג
האט געהייסען שלאגען יודען אונ ביז נאכט זענען שוין געפלויגען פעדערן איי
אללע גאסען אונ די יודישע הייזער האבען געברענט, אומזיסט האט דער
קעניג געשיקט זאגען אז ער האט דאס גאר ניט געמיינט: דאס צוהיצטע פאלק
איז שוין אונמעגליך געװעהן איינצוהאלטען אונ פיעל יודען זענען דערהרג'ט
געװארען. צװישען די הרוגים איז אויך געװעהן דער רב ר' יעקב פון ארלעאנס
פון די צװיי שלוחים, בענעדיקטוס פון יארק אונ יאצעאוס (יעקב) װאס
...ען אנטלאפען פונ'ם קעניגליכען הויף, האט בענעדיקט אבגעבראטעװעט זיי
...ען דערמיט װאס ער האט זיך געלאזט אריינשלעפען אין א קירכע אונ דארט
טויפען. אויפ'ן אנדערן אין דער פריה, אז ריכארד איז געװאהר געװארען װאס

מֶען הָאט דִי נַאכְט אִיבֶּערְגֶעטְהוּן מִיט דִי יוּדֶען, הָאט עֶר בַּאלְד פֶּערְמִשְׁפָּט דִי רוֹצְחִים צוּם טוֹיט אוּנ הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל: מֶען זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוָואגֶען מֶעהר צוּ בֶּערִירֶען דִי יוּדֶען. בֶּעגֶעדִיקְט'ן הָאט עֶר עֶרְלוֹיבְּט צוּרִיק וֶוערֶען אַ יוּד, נָאר עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעלֶעבְּט אוּנ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דִי וואוּנְדֶען וָואס מֶען הָאט אִיהם גֶעמַאכְט. דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאט עֶס גוּט פֶּערְדְרָאסֶען, נָאר זֵיי הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט דֶעם גִיפְט בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער. דֶער גִיפְט הָאט זִיךְ טַאקִי גָאר גִיךְ גֶעלָאזְט פִיהלֶען: קוֹים אִיז רִיכַארְד צוּזַאמֶען מִיט פִילִיפּ אוֹיגוּסְט אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען צוּם נַייעֶם קְרַייצְצוּג, הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רוֹדֶפ'ן דִי יוּדֶען פוּן דָאס נַיי אוּנ מֶען הָאט זֵיי אִין פִיעל שְׁטֶעדְט גֶעמַאכְט דִי אֵייגֶענֶע הֲרִיגָה וָואס אִין לָאנְדָאן. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען דִי יוּדֶען פוּן יָארְק, וַוייל דָארְט הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט דִי צְוֵויי גְרוֹיסֶע גְבִירִים יַעֲקֹב אָדֶער יָאצֶעאוּס אוּנ בֶּענֶעדִיקְטוּס אוּנ דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז בַּיי זֵיי אִיז דָא וָואס צוּ רַאבֶּעוֶוען, דִי מְלוּכָה הָאט זֵיי אֲפִילוּ גֶעשִׁיצְט אוּנ הָאט זֵיי אַרַיינְגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין אַ פֶּעסְטוּנְג, וואוּ דָאס חַיִל הָאט זֵיי אָבְּגֶעהִיט, נָאר דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אָנְגֶערֶעדְט דִי רוֹצְחִים זֵיי זָאלֶען נִיט אָבְּטְרֶעטֶען אוּנ וַוארְטֶען בִּיז בַּיי דִי יוּדֶען וֶועלֶען אוֹיסְגֶעהן לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אוּנ זֵיי וֶועלֶען זִיךְ מוּזֶען אוּנְטֶערְגֶעבֶּען. בַּאלְד הָאבֶּען טַאקִי דִי יוּדֶען גֶעזֶעהן אַז מֶעהר קָאנֶען זֵיי זִיךְ נִיט הַאלְטֶען, אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען צוּ פָאלְגֶען דִי עֵצָה פוּנ'ם רַב ר' יוֹם טוֹב פוּן יוֹנִי (זְשָׁאאַנִי) אוּנ זִיךְ בֶּעסֶער אַלֵיין דָאס לֶעבֶּען נֶעהמֶען. דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער יָארְקֶער קְהִלָּה יַעֲקֹב אָדֶער יָאצֶעאוּס הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעקוֹילֶעט זַיין גֶעלִיעבְּטֶע פְרוֹי אַנְנָא אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט אִיהם דֶער רַב אַלֵיין גֶעקוֹילֶעט אוּנ הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוֹיף דִי שְׁחִיטָה. אַזוֹי זֶענֶען זֵיי אַללֶע גֶעפַאלֶען אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְ'ס הַאנְד; מֶעהר פוּן פִינְף הוּנְדֶערְט יוּדֶען זֶענֶע[ן] אוּמְגֶעקוּמֶען אוּנ פוּן דִי יָארְקֶער יוּדֶען אִיז קַיין אֵיינְצִיגֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען.

אוֹיפ'ן אַנְדֶערְן טָאג, דֶעם 18 מַארְץ 1190, אִיז מֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף ד[י] יוּדֶען פוּן סַ"ט-עֶדְמוּנְד אוּנ מֶען הָאט זִיבֶּען אוּנ פוּנְפְצִיג פוּן זֵיי גֶעהַרְגֶע'ט. דֶערְמָאלְט הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעקוֹילֶעט דִי גַאנְצֶע קְהִלָּה וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּ[ן] גֵרִים. רִיכַארְד הָאט זִיךְ אֲפִילוּ אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי יוּדֶען אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶע[ן] מִשְׁפָּט'ן דִי רוֹצְחִים, נָאר זֵיי זֶענֶען זִיךְ אַללֶע צוּלָאפֶען, אוּנ אַז דִי מְלוּכָה אִי[ז] אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין בְּרוּדֶער יָאהַאן אוּנ דָאס לַאנְד אַלֵיין הָאט אָנְגֶעוָוארֶען דֶעם גְלַאנְץ, אִיז דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ עֶרְגֶער.

בֶּעסֶער אִיז גֶעוֶועהן דִי יוּדֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד, וַוייל דָארְט הָאט דָא

פאלק ארויסגעזעהן אז די מלוכה טרייבט ניט קיין קאטאוועס אונ וויל טאקי ערנסט בעשיצען די יודען: ביים ערשטען קרייצצוג האט זיי געשיצט היינריך דער פיערטע אונ ביים צווייטען — קאנראד דער דריטע, אונ דאס איז גענוג געוועהן אז די איינוואהנער זאלען פערשטעהן אז מען טאר זיי ניט אנרירען. מיט די דייטשע יודען האט זיך דוקא אזוי געפיהרט, אז כאטש מען האט זיי גערעכענט „פאר קנעכט פון דער קרוין", האבען זיי פון דעסטוועגען געהאט אללע רעכטע אונ האבען געמאגט אפילו האלטען כלי זיין. אז מען האט בעלא־גערט די שטאדט ווארמס, האבען זיך יודען געשלאגען גלייך מיט קריסטען אונ די רבנים האבען זיי מתיר געוועהן מלחמה צו האלטען אים שבת. פיעל יודען האבען בעקומען גרויסע שטעללען: ביים הערצאג לעאפאלד פון עסטער־רייך איז איוד שלמה געוועהן דער ממונה איבער אללע אוצרות. אפילו צווישען די דייטשע פאלקסזאנגער איז אויך געוועהן איוד זיסקינד פון טרימבערג. אין שלעזיען האבען יודען געהאט איינענע דערפער; נאר אין גאנצען רוהיג זענען זיי ניט געוועהן: ביסלעכווייז האט זיי די בעשולדיגונג פון „קריסטליך־בלוט" פאר אומערט דאס לעבען, ווי באלד מען האט נאר ערגיץ געפונען א טויטען קערפער זענען זיי שוין מיט'ן לעבען ניט זיכער געוועהן, אונ כאטש דער קייזער פרידריך בארבאראסא האט אנגעזאגט די גייסטליכע, איידער ער איז אוועקגעפאהרען קיין פאלעסטינא, זיי זאלען אבהיטען די יודען, פון דעסטוועגען האט מען זיי אנגעטהון גענוג צרות.

אין איטאליען איז אים צוועלפטען יאהרהונדערט די יודען געוועהן גאר ניט שלעכט; דער פרומער פאפסט אלעכסנדער דער דריטער האט געהאלטען פון זיי, אונ איוד ר' יחיאל בן אברהם דעי מנסי איז געוועהן דער גאנצער טהוער אין אללע זיינע געשעפטען. אז דער פאפסט איז אריינגעפארען קיין רום זענען איהם די יודען אקעגענגעגאנגען מיט א חופה אונ א ספר תורה, דאס איז ביי איהם זעהר אנגעלעגט געוועהן אונ דערפאר זענען זיי ביי איהם געווא־רען די גראסטע חשובים. אונ בעזאנדערס האט ער זיי א גרויסע טובה געטהון ביי דער אסיפה, וואס איז געוועהן אים יאהר 1179, ווען דריי הונדערט גייסט־ליכע האבען זיך אנידערגעזעצט טראכטען וואס פאר א גזירות מען זאל ארויס־געבען געגען די יודען. אוודאי האבען זיך די יודען געהאט פאר וואס צו שרעקען אונ ניט אומזיסט האבען זיי אויף דריי טאג גוזר תענית געוועהן, זיי זענען אבער טאקי נאר אבגעקומען מיט'ן שרעק. די אסיפה האט נאר בעשטימט אזעלכע תקנות, וואס זענען געוועהן גוט פאר די יודען — מען זאל זיי מיט געוואלד ניט

ראבּעווען אונ ניט שטערן זיי אָבּצוהיטען זייער אֶמוּנָה.

נאָך פריהער האָבּען די יודען געלעבּט אויף דעם אינזעל סיציליען אונ מאַלטאַ פון דאָרט איז גאָר נאָהענט צו די אָרטער פון דער ביצאַנטינישער מלוכה, וואו עס האָבען זיך געפונען פיעל יודען, פון דעסטוועגען האָט מען אין ביצאַנטען אונ בעזאָנדערס אין גריכענלאַנד געזעהן פונקט דעם היפּך. אין טהעבּען (תיבה) איז געוועהן אַ גרויסע יודישע קהלה אונ די יודען פון דאָרט זענען געוועהן די בעסטע פאַבּריקאַנטען פון זייד אונ פון פורפור. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבּען געוואָהנט ביז צוויי טויזענד יודישע פאַמיליען, אַ חוץ פינף הונדערט קראָאימער. נאָר די לאַגע פון די אַללע יודען איז געוועהן זעהר אַ ביטערע: די שׂנאה פון די גריכען צו זיי איז געוועהן, הויך מדרך הטבע, מען האָט געמאַכט אפענטליך שלאָגען יודען אין די גאַסען, אונ דאָס געזעץ האָט זיי ניט געשיצט. אַ יוד האָט ניט געטאָרט פאָהרען רייטענדיג אויף אַ פערד, אונ אין דער גאַנצער מדינה האָט נאָר איינער, שלמה פון מצרים (שלמה המצרי), וואָס איז געוועהן אַ לייבּ-דאָקטאָר ביים קייזער עמנואל, געהאַט דאָס רעכט דערצו. נאָר ביי די אַללע צרות האָבּען פאָרט די יודען געהאַט פּרנסה; דאָס לערנען פון תורה איז ביי זיי געוועהן גאָר קליין, דערפאַר זענען זיי אָבּער געוועהן גרויסע בעלי-צדקות, זיי האָבּען פערזאָרגט אָרעמע לייט, אונ האָבּען אויך געקאָנט אויס-שטעהן די שרעקליכע נתינות, וואָס די מלוכה האָט ביי זיי געריסען.

אין קליין-אַזיען, סיריען אונ ארץ ישראל איז די צאָהל פון די יודען געוואָהרען גאָר קליין; אפילו אין ירושלים האָבען מעהר ניט געוואָהנט ווי דריי הונדערט יודען, אונ כמעט אַללע האָבּען זיך בעשעפטיגט מיט פאַרבּעריי. די פריהריגע לעבּעדיגע שטאָדט נהרדעא, סורא אונ פומבּדיתא, וואו די תורה האָט אַ מאָל געבּליהט, זענען אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען; דערפאַר איז אין בּגדד אויסגעוואַקסען אַ גרויסע קהלה, וואָס איז בעשטאַנען פון טויזענד יודישע משפּחות אונ האָט געהאַט פיער שולען. דער כּליף מחמד אל-מוקטאפי האָט זעהר ליעב געהאַט אַ יודען שלמה, אונ האָט איהם געמאַכט פאַר „ריש גלותא", אונ דער פאָרשטעהער פון אַללע יודען איז געוועהן אַרומגערינגעלט כמעט מיט קעניגליכען כּבוד. אין בגדד איז אויך געוועהן אַ גרויסע ישיבה, וואָס האָט זיך געפיהרט אונטער דער השגחה פון אַ בעזונדערע „גאון". אין דער שטאָדט מאָסול אָדער דאָס נייע נינוה, איז געוועהן נאָך אַ גראָסערע קהלה, וואָס איז בעשטאַנען פון זיבּען טויזענד משפחות. אין דעם געגענד אַ דהיו-ביי ז׳שאן, ניט ווייט פון׳ם קאַספּישען ים, האָבּען אויך געוואָהנט פיעל יודען,

נָאר זֵיי זֶענֶען גֶעוֶועהן זֶעהר ווִילְד אונ פֶערְגְרֶעבְּט, אַלַיין הָאבֶּען זֵיי פוּן יוּדִישְׁ-קַייט נָאר ווֵיינִיג גֶעוואוּסְט, אונ הָאבֶּען נָאר בְּלִינְד גֶעפָאלְגְט דִי רַבָּנִים, וָואס דֶער רֵיישׁ גָלוּתָא פְלֶעגְט זֵיי צוּשִׁיקֶען. אִים יָאהר 1160 אִיז פוּן דִי דָאזִיגֶע יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דָוִד אַלְרוֹאִי, וָואס הָאט זַיין בְּרִיָּה'שַׁאפְט גֶעוָואלְט בֶּענוּצֶען צוּ לִיעב אַ תַּכְלִית, וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְבֶּעקַאנְט. זַיין זֵכֶר הָאט בֶּעשְׁרִיבֶּען דֶער בֶּערִיהמְטֶער עֶנְגְלִישֶׁער מִינִיסְטֶער בִּנְיָמִין הַיִשְׂרְאֵלִי, אָדֶער לָארְד בִּיקָאנְסְפִילְד, אִין זַיין רָאמַאן „דָוִד אַלְרוֹאִי".

גַאנְץ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶאנְדִיג הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד יוּדִישֶׁע פַאמִילְיֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד כּוּרְסַן, אוֹיף דִי הוֹיכֶע בֶּערְג בַּיי נִישַׁאבּוּר. זֵיי הָאבֶּען גֶע-הַאט זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם מוֹשֵׁל, יוֹסֵף אַמַרְכַּלָאִי הַלֵּוִי, אונ הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז זֵיי שְׁטַאמֶען אַרוֹיס פוּן דִי שְׁבָטִים דָן, זְבֻלוּן, אָשֵׁר אונ נַפְתָּלִי. זֵייעֶר בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג אִיז גֶעוֶועהן מִיט בְּהֵמוֹת. אוֹיךְ הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין חִיוַוא, וואוּ עֶס הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט בִּיז אַכְט טוֹיזֶענְד מִשְׁפָּחוֹת, אונ אִין סַאמַארְקַאנְד, וואוּ זֵייעֶר צָאהל הָאט דֶערְגְרֵייכְט בִּיז פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד. פוּן אִינְדְיֶען ווֵייסְט מֶען וָואהל, אַז אִין יֶענֶער צַייט הָאבֶּען זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען פִיעל שְׁוַוארְצֶע יוּדֶען וָואס הָאבֶּען פוּן אַללֶע יוּדִישֶׁע מִצְוֹת גֶעדֶענְקְט נָאר מִילָה אונ שַׁבָּת. אוֹיף דֶעם אִינְזֶעל צֵיילָאן, אָדֶער קַאנְדִי, הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט גֶעפוּנֶען דְרַיי אונ צְוַואנְ-צִיג טוֹיזֶענְד יוּדֶען אונ הָאבֶּען דָארְט גֶעהַאט אַללֶע רֶעכְטֶע. דֶער קֶענִיג פוּן דֶעם אִינְזֶעל הָאט גֶעהַאט פִיער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן יֶעדֶער רֶעלִיגְיָאן אונ דַארִיבֶּער זֶענֶען בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן אוֹיךְ פִיער יוּדִישֶׁע פָארְשְׁטֶעהֶער. אִין אַדֶען אִיז גֶע-וֶועהן אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, וָואס הָאט זִיךְ גֶעלֶעבְּט גָאר פְרַיי אִין אֵייגֶענֶע פֶעסְטוּנְגֶען. דִי יוּדֶען פוּן דָארְט הָאבֶּען גֶעמַאכְט יַד אַחַת מִיט פֶּערְסְיֶען אונ מִצְרַיִם אונ פְלֶעגֶען פִיהרֶען מִלְחָמָה מִיט דִי קְרִיסְטֶען פוּן נוּבֶּען.

אִין אַרַאבְּיֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט דֶער צַייט ווַייטֶער בֶּעזֶעצֶען יוּדֶען, הָאטְשׁ דֶער עֶרְשְׁטֶער כַּלִיף הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען. נָאר אִין דִי צְוֵויי הֵיילִיגֶע שְׁטֶאדְט מֶעקְקַא אונ מֶדִינַה (יַתְּרִיב) הָאט זִיךְ קַיין יוּד נִיט גֶעפוּנֶען. דֶערְפַאר אִיז דִי גַאנְצֶע גֶעגֶענְד יֶמֶן (תֵּימָן) גֶעוֶועהן פוּל מִיט יוּדֶען, אונ צוּ לִיעב זֵיי הָאט דָארְט דֶער מִסְחָר גֶעבְּלִיהט. נָאךְ גְרֶעסֶער אִיז גֶעוֶועהן זֵייעֶר צָאהל אִין צָפוֹן-צַייט: אִין תֵּימַא הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, אונ זֵייעֶר פָארְשְׁטֶעהֶער, דֶער פִירְסְט חָנָן, עֶר הָאט זַיין יִחוּס גֶערֶעכֶענְט פוּן מַלְכוּת בֵּית דָוִד. דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען פִיעל פְרוּמֶע, וָואס פְלֶעגֶען נָאר גֶעהְן אָנְגֶעטְהוּן אִין שְׁוַוארְצֶען, נִיט עֶסֶען קַיין פְלֵיישׁ, נִיט טְרִינְקֶען קַיין ווַיין, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ

גערופען „אֲבֵלֵי צִיוֹן", אונ דאס פאלק, וואס האט זיך גראָסטענטהיילס בע־שעפטיגט מיט ערד אַרבייט, פלעגט אויסהאַלטען די „אֲבֵלֵי צִיוֹן" אונ זיי געבען מַעֲשֵׂר. אין טאַלמַאַס איז געוועזען איין אַנדער יודישע קְהִלָּה, וואס חָנָן'ס ברודער שְׁלֹמֹה איז געוועזען זייער פאָרשטעהער, ער האט זיך אויך גערעכענט פאַר א פירסט אונ האט געלעבט אין א טהייערען פאַלאַץ. אין דער אַלטער הויפּט־שטאָדט צַנְעַא אָדער טאַנַא, צווישען זיי האָבען זיך אויך געפונען אַזעלכע פרומע וואס פלעגען פאַסטען פערציג טאג אין יאָהר. נאָך א דריטע קְהִלָּה, פון פונפציג טויזענד יודען, האט זיך געפונען אין דער געגענד חַבּוּר (כַּיְבַּר): זיי זענען געוועזען אַללע גרויסע גִבּוֹרִים אונ פלעגען זיך אָבגעבען מיט מִלְחָמָה, נאָר צווישען זיי זענען שוין געוועזען ניט ווייניג לוֹמְדִים; זיי האָבען גערעכענט אַז זיי קומען אַרויס פון גָד, רְאוּבֵן אונ חֲצִי שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה. אויסער דעם האָבען זיך געפונען ביז צוואַנציג טויזענד יודען אין האַלב־ווילדע שטאָדט נאַזיט, בַּסְרַא (בַּצְרָה) אונ קוּפָה.

אַזוי ווי דער כַּלִיף פון בַּגְדַד האט געהאט צו שאַפען כמעט איבער אַללע אַראַבער, אַזוי האָבען אויך די אַראַבישע יודען אָנגענומען איבער זיך דעם עול פונ'ם רֵישׁ גָלוּתָא פון בַּגְדַד. דער צווייטער רֵישׁ גָלוּתָא איז געוועזען דָנִיאֵל, א זוהן פון שְׁלֹמֹה'ן, אונ ער איז געוועזען ביים נייעם כַּלִיף פונקט אַזאַ חָשׁוּב ווי דער פאָטער ביים אַלטען כַּלִיף. אין דער צייט פון דָנִיאֵל האט געלעבט א גרויסער לַמְדָן שְׁמוּאֵל בֶּן עֵלִי הַלֵוִי אונ ער האט די בַּגְדַד'ער יְשִׁיבָה געבראַכט נאָר צו א הויכער מַדְרֵגָה. מעהר פון צוויי טויזענד תַּלְמִידִים האָבען דאָרט גע־לערנט אונ די יְשִׁיבָה איז געוועזען אַזוי גרויס אַז הערען וואס מען רעדט איז געוועזען אונמעגליך, אונ שְׁמוּאֵל בַּר עֵלִי פלעגט געבען זיך שטעלען בעזונדערע מענשען אונ זיי פלעגען שוין זיינע ווערטער צוטראָגען אין אַללע ווינקעלעך. שְׁמוּאֵל בַּר עֵלִי איז געוועזען דער דַיָּן אונ אַללע טאָג פלעגט ער פַּסְקְנֶען שְׁאֵלוֹת אונ דער עוֹלָם פלעגט קומען צו איהם זיך מִשְׁפָּט'ן. אַז דָנִיאֵל איז געשטאָר־בען האט שְׁמוּאֵל בַּר עֵלִי איבערגענומען זיין גאַנצע מאַכט אונ האט אַזוי פער־שטאַנען זיך צו פיהרען אַז מען האט פאַר איהם געציטערט אונ זיין נאָהמען איז גרויס געוועזען ניט נאָר צווישען די יודען פון דַמֶשֶׂק ביז אינדיען אונ פון דעם קאַספּישען ים ביז אַראַביען, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. ניט אומזיסט האט זיך צו איהם א גאַנץ פאָלק פון גאָטצענדיענער וואס האט געוואוינט אויף די קווקאַזער בערג געווענדעט מיט דער בַּקָשָׁה אַז זיי ווילען צו שטעהן צו דער יודישער אֱמוּנָה: ניט ווייל דאס ליכט פונ'ם גלויבען האט זיך געקאָנט וואַרפען

אין די אויגען פון די בלינדע מענשען, נאר דער גלאנץ פונ'ם כבוד. מיט וועלכען דער יודישער ריש גלותא האט זיך ארומגערינגעלט. דער רייזענדער ר' פתחיה פון רעגענסבורג האט מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן די שלוחים פונ'ם קאווקאזער פאלק אונ איז געוועהן איין עדות ווי פון בגדד זענען מיט זיי ארויסגעפאהרען לומדים צו בעפעסטיגען דארט דאס יודישקייט.

די יודען פון מצרים האבען געלעבט נאר אבגעזאנדערט פון זייערע ברידער אין אזיען; זיי האבען געהאט זייער אייגענעם פארשטעהער, וואס האט געהייסען „נגיד" אונ האט געהאט דאס רעכט צו בעשטימען רבנים אונ דיינים אונ בעשטראפען פאר עבירות מיט געלד אדער מיט מלקות. אין יענער צייט איז געוועהן דער נגיד ר' נתנאל אבן־אלגמי (אבן־אג' למי), וואס האט אויך געדיענט פאר אלייב־דאקטאר ביים כליף אלדהיד אונ שפעטער ביי סאלאדין. ער איז געוועהן א גרויסער למדן אונ האט אין אראבישען אנגעשריבען עטליכע ספרים איבער מעדיצין. אונטער זיין השגחה איז געשטאנען א ישיבה, וואו די יודישע יונגע לייט האבען געלערנט תלמוד. אין קאירה זיי די יודישע קהלה בעשטאנען פון צוויי טויזענד משפחות, אונ אויסער דעם האבען דארט געוואהנט נאך מעהר קראימעס, וואס האבען געהאט זייער אבעזונדערן נשיא. אין אלכסנדריען האבען געלעבט דריי טויזענד יודישע משפחות, נאר איבער הויכט זענען די יודען פון מצרים געוועהן זעהר אונוויסענד, אונ גראד פון דעם פינסטערניש האט אנגעהויבען ארויסשיינען א ליכטיגער שטערן — דאס איז געוועהן דער רמב"ם, וואס האט דאס לאנד געמאכט פאר'ן מיטעלפונקט פונ'ם גאנצען יודענטהום.

---

## 6 דער רמב"ם.

(1205—1171 נאך קריסטוס געבורט).

אינ'ם צוועלפטען יאהר הונדערט האט דאס יודישקייט געהאלטען גאנץ שמאל, ווייל די קוואלען, וואס עס פלעגט זיך פון זיי גיסען תורה אונ חכמה, זענען פערשטאפט געווארען. דאס ביסעל יודען, וואס איז געבליבען אין שפאניען נאך דעם, ווען די אלמוהידען האבען זיי ארויסגעטריבען, האבען זיך לפנים געמוזט רעכנען פאר מחמדנער, אונ האטש זיי האבען זייער שרש אפילו אויף איין רגע ניט פארגעסען, פון דעסטוועגען האבען זיי שוין ניט גע־קאנט אפען אונ פריי בעפעסטיגען די יודישע אמונה. אין טולידה איז די לאגע

פון די יודען געוועהן ניט שלעכט אונטער דער קריסטליכע מלוכה, נאר זייער צאהל איז ניט געוועהן אזוי גרויס אונ זיי זענען געוועהן צו שוואך אז זייערע לומדים זאלען קאנען האבען אווערטה אויך אין פרעמדע ווייטע לאנדער. אין פראנקרייך האבען זיך די יודען אריינגעלאזט נאר אין פלפול אונ האבען פון קיין אנדער זאך ניט געוואלט וויסען. פון די דייטשע יודען האט מען גאר ניט געקאנט פאדערן, ווייל זיי האבען זיך גערעכענט ווי „קנעכט" אונ זיי איז מעהר אין זין געלעגען צו האבען עפיס אהיי שעה אונ ניט זארגען פאר'ן כלל. פון אזיען ווידער, וואו עס איז פלוצלונג אויסגעוואקסען נאך אמאל א ריש גלותא, איז ניט געוועהן וואס צו ערווארטען, ווייל דאס איז מעהר ניט געוועהן ווי א קאפריז פון א מושל, וואס האט געוואלט כבוד אנטהון א יודען, נאר דער ריש גלותא פון בגדד האט אין זיך געהאט דעם כח אונ דעם ווערטה צו זיין א פיהרער פון כלל ישראל. אונ פונקט דעמאלט, ווען אומעדום האט זיך גאר געהאלטען א שוואכער פונק פון יודישקייט, האט דער איבערשטער געשיקט דעם רמב"ם ער זאל דערהאלטען דאס הייליגע פייער, עפענען די אויגען פון זיינע צווארפענע קינדער, בעלייכטען זייער פינסטערן וועג אונ אנצינדען א נייער תמיד אויף עביגע צייטען.

רבי משה בן מימון, אדער ווי ער האט אויף אראביש געהייסען אבן עמראן מוסא בן מאימון עובי"ד אלה, איז געבארען געווארען דעם 30 מארץ 1135 אין קורדובה, וואו דער פאטער איז געוועהן רב. דער אלטער מימון איז געוועהן א גרויסער למדן, א טיעפער חקרן אונ די ליעבע צו וויסענשאפטען האט ער איבערגעגעבען אויך דעם זוהן. אז ר' משה איז נאך קיין דרייצען יאהר ניט אלט געוועהן, איז קורדובה ארונטערגעפאלען אונטער דער מאכט פון די אלמוהידען אונ די גאנצע משפחה האט געמוזט אוועק קיין אלמעריה. נאך דריי יאהר איז אבער די שטאדט אויך אריין צו די אלמוהידען אין די האנד אונ מימון מיט זיין הויז געזינד איז ווייטער געצוואונגען געוועהן נע ונד צו זיין אין פערשיעדענע ערטער אהן פרנסה. דאס ארעמקייט אונ נע ונד זיין האט אבער ניט געשאדט דעם יונגען רמב"ם צו לערנען, וואס מעהר א יאהר איז זיין מח געווארען געשליפענער, זיין חכמה גרעסער, זיין הארץ ריינער, אונ האטש ער איז נאך געוועהן גאר יונג האט מען שוין געקאנט זעהן, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכער מענש. אז גאטט האט איהם געבענשט מיט אללע מעלות, מיט שטארק חריפות, מיט לויטערע געדאנקען אונ מיט די עדעלסטע מדות. דאס האבען דערנאך בעוויזען זיינע ספרים: אז ער ברענגט עפיס

אַ סְבָרָא אונ וויל אָבְלייגען די דֵעָה פון אַנְדערע פאַלְט ער נִיט אָן אויף זיינע געגנער נאר רוהיג אונ מיט איבערלעגונג בעווייזט ער דעם אֶמֶת – אונ טאקי נאר די וואס האבען אין זיך די צְווייי גְרויסע זאכען, חֲרִיפוּת אונ יִשּׁוּב הַדַעַת, קאנען האבען אַווירקונג אויף אַ פאלק.

מיט דער צייט האט זיך מַיְמון געמוזט בעזעצען אין פֶס (פעץ) אין מאראקא וואו די יודען האבען קיין אנדער בְּרֵירָה ניט געהאט אונ מען האט זיי מיט געוואַלד געצוואונגען אָנצונעהמען די מַחֲמַדַנִישע אֱמוּנָה. וואס האט געבראכט דעם אַלטען מַיְמון דערצו, אַז ער זאל אַריין אין אַזאַ סַכָּנָה אונ זאל ניט האבען מעהר קיין מִיטעל ווי אַזוי זיך אַרויסצוראטעווען – ווייסט מען ניט; עס איז נאר בעקאנט, אַז דער רמב"ם האט שוין אָנגעהויבען שטארק אַרבייטען איבער זיין סֵפֶר וועגען דער מִשְׁנָה, ווען נאר פְּלוּצלונג האט זיך געטראפען דאס אומגליק אונ די גאנצע מִשְׁפָּחָה האט זיך קלאמערשט געמוזט אָבזאגען פון יודישקייט. ווי אַזוי שווער עס איז געוועהן פאר מַיְמון מיט די קינדער אֶפענטליך צו זיין מַחֲמַדַנער אונ אינוועניג בלייבען הייסע יודען – דאס קאן מען שוין פארשטעהן, מעהר פון צעהן יאהר האבען זיי זיך געמוזט אַזוי פאר שטעלען אונ מיט אַוועהטיג. האט מַיְמון אָנגעהויבען זיך צוקוקען ווי פיעל יודען האבען זיך געוואונט מיט דער נייער רעליגיאָן אונ האבען זיך שוין געפיהלט כִּמְעַט ווי אָבגעריסען פון דער אַלטער אֱמוּנָה. מַיְמון האט אָנגעשריבען אַ בְּרִיעף אונ האט אִיהם מיט מְסִירַת נֶפֶש געלאזט פארשפרייטען צווישען זיינע בְּרִידער זיי זאלען זיך ניט פארגעסען ווער זיי זענען אונ זאלען האפען אַז אין גיכע צייטען וועלען זיי זיך קאנען צוריק אומקעהרען צום יודענטהום. אין דער צייט אבער וואס מַיְמון האט זיך בעמיהט מיט אַללע כֹּחוֹת מַצִיל צו זיין די פארבלאנזשעטע שאפעלעך זיי זאלען אין גאנצען ניט אַראָב פון'ם וועג, האט זיך געפונען אַ פרומער יוד, אַ הייסער אונ ניט קיין בעטראכטער, וואס האט געמאכט אַ סֵפֶר אונ בעוויזען אַז דער יוד וואס נעהמט נאר אֲפִילוּ לְפָנִים אָן איין אַנדער אֱמוּנָה קאן נאר קיין מאל קיין כַּפָּרַת עָוֹן ניט האבען אונ האט דעם וועג צו זיין גלויבען אויף עבִּיג פערלארען. דאס האט פערדראָסען דעם רמב"ם אונ ער האט זיך ענטשלאָסען אָבצולייגענען די פאלשע דֵעָה פון דעם צוהיצטען מְחַבֵּר: דעמאלט האט ער אַרויס־געלאזט אויף דער וועלט זיין ערשטען חִבּוּר אונ האט אויסגעוויזען אַז עס איז אַוודאי אַ גרויסע זאך דאס לעבען אַוועקצוגעבען פאר דעם וואס איז דאס טהייערסטע אונ הייליגסטע ביים מענשען, ניט יעדער האט אבער אין זיך דעם כֹּחַ מַפְקִיר צו זיין דעם נֶפֶש, אונ אַז עַל פִּי תּוֹרָה מוז מען נאר אָבְהאלטען יעדען

פון אַ סַכָּנָה. אונ דַארִיבֶּער הָאט ער גֶעדְרוּנְגֶען אַז דֶער יוּד וָואס אִיז מְקַדֵשׁ הַשֵׁם דֶערְמִיט וָואס ער זָאגְט לְפָנִים, אַז עֶר גְלוֹיבְּט אִין עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ, בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ אִין אַזַא אֱמוּנָה וָואס מֶען קָאן אוֹיף אִיהר נִיט קוּקֶען וִוי אוֹיף אַ עֲבוֹדָה זָרָה, טְהוּט נִיט קֵיין שׁוּם עֲבֵירָה אוּנ הֶערְט זִיךְ נִיט אוֹיף צוּ רֶעכְנֶען צְווִישֶׁען דִי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל.

דֶער רמב"ם הָאט זִיךְ נִיט בֶּעגְנִיגְט נָאר מִיט שְׁרַייבֶּען אַלֵיין: עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּ'ן אוּנ עֶס אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען פִּיעל פוּן דִי אָבְּגֶערִיסֶענֶע יוּדֶען צוּרִיק צוּ צוּבִּינְדֶען צוּ זֵייעֶר אֱמוּנָה. דִי מְלוּכָה אִיז אָבֶּער בַּאלְד דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר וָואלְט גֶעוִויס מִיט'ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט, וֶוען דֶער בֶּערִיהמְטֶער מַחְמַדַנִישֶׁער דִיכְטֶער אַבּוּל עַרַב אִבְּן־מַיְאַשָׁה נֶעהמְט זִיךְ נִיט אָן פַאר אִיהם. עֶס אִיז אִיהם אָבֶּער נִמְאַס גֶעוָוארֶען צוּ לֶעבֶּען שְׁטֶענְדִיג אִין גֶעפַאהר אוּנ עֶר הָאט זִיךְ מִיט דֶער גַאנְצֶער מִשְׁפָּחָה אַוֶועקְגֶעלָאזְט קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. אַ קוּרְצֶע צַייט זֶענֶען זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען אִין עַכּוֹ, דֶערְנָאךְ זֶענֶען זֵיי אַרַיינְגֶעפָאהרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ פוּן דָארְט זֶענֶען זֵיי אַרִיבֶּער קֵיין מִצְרַיִם אוּנ דָארְט אִיז אִים יָאהר 1166 גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶער אַלְטֶער מַיְמוֹן. נָאךְ מַיְמוֹן'ס טוֹיט אִיז דִי מִשְׁפָּחָה גֶעבְּלִיבֶּען אִין קַאִירָה. דֶער רמב"ם הָאט זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט נָאר מִיט לֶערְנֶען אוּנ דֶער יוּנְגֶערֶער בְּרוּדֶער דָוִד הָאט גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט דִימַאנְטֶען אוּנ פְלֶעגְט אָפְּט צוּ לִיעב דֶעם מִסְחָר פָאהרֶען קֵיין אִינְדִיֶען. צוּם אוּנְגְלִיק אִיז דָוִד גִיךְ דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִין אִינְדִישֶׁען יַם אוּנ דוּרְךְ דֶעם אִיז פֶערְלָארֶען גֶעוָוארֶען נִיט נָאר זֵייעֶר גַאנְץ פַארְמֶעגֶען נָאר אוֹיךְ פְרֶעמְד גֶעלְד אִיז גֶעגַאנְגֶען לְאִבּוּד. דֶעם עוֹל פוּן פַּרְנָסָה פַאר דֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען אוֹיפ'ן רמב"ם אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעקָאנְט מֶעדִיצִין הָאט עֶר גֶעמוּזְט אָנְהוֹיבֶּען לֶעבֶּען פוּן דָאקְטָארַיי. עֶר הָאט אָבֶּער נִיט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דָאס לֶערְנֶען אוּנ וִוי עֶר הָאט נָאר גֶעהַאט אַ פְרַייע מִינוּט הָאט עֶר זִי פֶערְבְּרַאכְט מִיט שְׁרַייבֶּען, אוּנ אִים יָאהר 1168 הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאזְט זַיין עֶרְשְׁט סֵפֶר אוֹיף אַרַאבִּישׁ, וָואס הֵייסְט „סִירַאג'ה", דִי בֶּעלַייכְטוּנְג פוּנ'ם תַּלְמוּד. אִין דֶעם סֵפֶר הָאט עֶר זִיךְ בֶּענִיצְט מִיט אַללֶע וִויסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען צְווָארְפֶען אִין דֶער גְמָרָא אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס מִיט דִי קְלוּגֶער רֶעד פוּן פִּרְקֵי אָבוֹת, אוּנ בֶּעווַייזְט אַז דֶער תַּלְמוּד אִיז אַיין אוֹצָר פוּן חָכְמָה אוּנ מוּסָר. דֶעמָאלְט הָאט אוֹיךְ דֶער רמב"ם אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי דְרַייצֶעהְן עִקָּרִים פוּן דֶער אֱמוּנָה, כְּדֵי יֶעדֶער יוּד זָאל הָאבֶּען אַ רֵיינֶעם בֶּעגְרִיף אַז זַיין גְלוֹיבֶּען אִיז גֶעגְרִינְדֶעט אוֹיף דֶעם, וָואס עֶס אִיז דָא אַ גָאטט אוֹיף דֶער וֶועלְט, וָואס דֶער גָאטט אִיז אֵיינְצִיג, וָואס עֶר הָאט נִיט קֵיין

גוּף אוּנ וֶוערְד נִיט פֶערְאֶנְדֶערְט, וָואס עֶר אִיז עֶבִּיג, וָואס צוּ אִיהם אַלֵיין מוּז מֶען בֶּעטֶען, וָואס דֶער גָאטט קְלוֹיבְּט אוֹיס זַיינֶע נְבִיאִים, וָואס קֵיינֶער קָאן זִיךְ נִיט גְלַייכֶען צוּ משֶׁה'ן, וָואס דִי תּוֹרָה אִיז מִן הַשָּׁמַיִם, וָואס גָאטט פִיהרְט דִי וֶועלְט מִיט זַיין הַשְׁגָחָה, וָואס עֶס אִיז דָא שָׂכָר וְעוֹנֶשׁ, וָואס מָשִׁיחַ דַארְף קוּמֶען אוּנ וָואס עֶס וֶועט זַיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים.

אִין קַאִירָה הָאט מֶען זִיךְ נָאךְ אוֹיפ'ן רמב"ם נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ מֶען הָאט נָאךְ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם וֶוערְטָה פוּן זַיין אַרְבַּייט, נָאר אַז זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיס אוֹיף דֶער וֶועלְט הָאט מֶען שׁוֹין גֶערֶעדְט פוּן אִיהם אוּנ הוֹיךְ גֶעשְׁטֶעלְט זַיין נָאהמֶען. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט עֶר זִיךְ בֶּערִיהמְט גֶעמַאכְט בַּיי דִי יוּדֶען פוּן יֶמֶן (תֵּימָן) וַוייל אַהִין אִיז גֶעקוּמֶען זַיין תַּלְמִיד ר' שְׁלֹמֹה כֹּהֵן אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן זַיין רֶבִּי'ן אוּנ זֵיי גֶערַאטְהֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ צוּ אִיהם וֶוענְדֶען הֵן אִין אַנוּיט הֵן אִין תּוֹרָה. בַּאלְד הָאבֶּען זֵיי טַאקִי בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּם רמב"ם, וַוייל אִיהם יַאהר 1172 הָאבֶּען זִיךְ אִין יֶמֶן אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְקֶע רְדִיפוֹת אוּנ מֶען הָאט גֶענֵייטְהָה דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען אָנְנֶעהמֶען דִי מַחְמַדַנִישֶׁע אֱמוּנָה; פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען עֶס לְכַתְּחִלָּה גֶעטְהוּן לְפָנִים, נָאר בִּיסְלֶעכְוַוייז הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוָואהנְט מִיט דֶער לַאגֶע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין גֶערֶעכֶענְט פַאר אֱמֶת'ע מַחְמַדַנֶער. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעפוּנֶען פוּן אֵיין זַייט אֵיינֶער, וָואס הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז מַהְמַד אִיז אַ נָבִיא, אוּנ אַז אִין דֶער תּוֹרָה אִיז בְּפֵירוּשׁ דָא אַ רֶמֶז אוֹיף אִיהם, אוּנ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט אַזֶעלְכֶער וָואס הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַז מָשִׁיחַ דַארְף בַּאלְד קוּמֶען. פוּן אַזֶעלְכֶע צוּמִישְׁטֶע דֵעוֹת הָאט קֵיין גוּטְס נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיס, דִי יוּדֶען הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט וָואס זֵיי זָאלֶען אָנְנֶעהמֶען פַאר אֱמֶת אוּנ הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוַוייל אָנְגֶעהַאפְּט אִין דֶעם וָואס הָאט זֵיי מֶעהר גֶעטוֹיגְט אוּנ וֶועניגֶער צָרוֹת גֶעבְּרַאכְט. דִי פְרוּמֶע הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט קָאן אִין יֶמֶן זֶעהר שְׁטַארְק לַיידֶען אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי לוֹמְדִים ר' יַעֲקֹב אַלְפַאיוּמִי הָאט זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּם רמב"ם עֶר זָאל עֶפִּיס גֶעבֶען אֵיין עֵצָה. דֶער רמב"ם הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אַרַאבִּישׁ אַ בְּרִיעף צוּ דִי יוּדֶען פוּן יֶמֶן וָואס אִיז בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאמֶען אִגֶּרֶת תֵּימָן, מִיט זִיסֶע וֶוערְטֶער אוּנ הוֹיכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט עֶר זֵיי פַארְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען דֶעם אֱמֶת'ען וֶוערְטָה פוּן דֶער יוּדִישֶׁער רֶעלִיגְיָאן, עֶר הָאט זֵיי גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶער הָאפְנוּנְג אַז בַּאלְד וֶועט דִי צַייט בֶּעסֶער וֶוערֶען אוּנ הָאט זֵיי גֶעבֶּעטֶען זֵיי זָאלֶען בַּיי זִיךְ נִיט פַאלֶען וֶוען עֶס וַוייזְט זִיךְ אוֹיס אַז דִי יְסוּרִים וֶועלֶען קֵיין מָאל נִיט אוֹיפְהֶערֶען. דֶער בְּרִיעף הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ

אין יֶמֶן, אונ די דאזיגע, וואס דער פונק פון יודישקייט האט שוין געהאלטען ביי זיי כמעט ביים אויסלעשען, זענען געוואָרען ביי זיך בעהארצט אונ האבען איבערגעטראגען דאס פעקיל צרות ביז דער רמב״ם איז שפעטער נאר גרויס געוואָרען אונ האט זיי אין גאנצען בעפרייהט פון די אונטערדריקונגען אונ זיי האבען געקאנט פריי דיענען זייער גאטט. דערפאר איז דער נאהמען פונ׳ם רמב״ם הייליג געבליבען ביי די יודען פון יֶמֶן אונ גאנץ אראביען, אונ פאר דאנקבארקייט האבען זיי איהם אריינגעשטעלט אין קדיש אונ האבען דארט צוגעזעצט די ווערטער: „ובחיי רבנו משה בן מימון".

ערשט אים יאהר 1175 האט די יודישע קהלה פון קאירה אויפגענומען דעם רמב״ם פאר רב, אונ האטש ער איז ניט אים שטאנד געווען אוועקצווארפען די מעדיצין, האט ער זיך שטארק אבגעגעבען מיט׳ן רבנות. געגען די קראימעס האט ער זיך געהאלטען זעהר פריינדליך אונ האט געהייסען אויף זיי כבוד לעגען ווי אויף ברידער פון איין פאטער. נאר רעכט בעקאנט אויף דער וועלט איז ער געוואָרען אים יאהר 1180, ווען ער האט געענדיגט זיין בעריהמט ספר „משנה תורה" אדער „יד החזקה", וואס ער האט דארויף געארבייט מעהר פון צעהן יאהר. אין דעם ספר האט ער דעם גאנצען בנין פונ׳ם תלמוד איבערגעבויט נאר נאך א בעזונדער פלאן, אז קיינער זאל דארט ניט דארפען בלאנזשען אונ יעדער וואס פארשטעהט נאר די תורה זאל גיך קאנען אבזוכען דאס וואס ער וויל וויסען. ער האט צונויפגענומען אללע דינים אונ הלכות, וואס זענען אהן א סדר צוווארפען אין פערשיעדענע מסכתות פון דער גמרא אונ האט יעדע זאך געשטעלט אויף א בעזונדער ארט. צו ליעב אזא ארדנונג אונ אויך צו ליעב דער ריינער אונ פערשטאנדליכער העברעאישער שפראכע פונ׳ם רמב״ם, האט דער תלמוד בעקומען א דאפעלטען ווערטה אונ עס איז נאר צו בעוואונדערן ווי אזוי ער האט געקאנט אפילו אין צעהן יאהר איינער אלליין ענדיגען אזא ארבייט. אוודאי האט זיך גיך דאס ספר „יד החזקה" פארשפרייט צווישען די יודען ניט נאר פון אראביען אונ ארץ ישראל, נאר אויך פון אפריקא, שפאניען, פראנקרייך אונ איטאליען, אונ פון אללע לאנדער האבען זיך אנגעהויבען שיטען צום רמב״ם שאלות-תשובות ווי צום גרעסטען גאון פון יענער צייט. פיעל פון די קליינע רבנים האט אבער פערדראסען וואס פלוצלונג איז אויסגעוואקסען אזא ריז ווי דער רמב״ם, וואס זיי האבען געגען איהם א פנים געהאט ווי די מילבען, אונ האבען מיט אללע כוחות איהם געוואָלט ערנידריגען. א טהייל האבען געדרונגען אז דער רמב״ם קאן נאר קיין למדן ניט זיין, ווייל ער האט

נִיט גֶעלֶערְנְט אִין דֶער יְשִׁיבָה פוּן בַּגְדַד, אוּנ וֶוער שְׁטוּעסְט פוּנ׳ם רֹאשׁ הַיְשִׁיבָה שְׁמוּאֵל בַּר עֵלִי, וָואס אִיז גֶעוָואהנְט גֶעוֶועהן צוּ זִיצֶען אוֹיף זַיין שְׁטוּהל אוֹיבֶּען אָן, אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט שְׁקְלַאוֶוען אוּנ אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין גָאלְד, הָאט נִיט גֶעקָאנְט דֶערְלָאזֶען, אַז יֶעמַאנְד זָאלל אַגְרֶאסֶערן נָאמֶען הָאבֶּען פַאר אִיהם, אוּנ וִוי וַוייט עֶר הָאט נָאר גֶעקָאנְט הָאט עֶר גֶעוָואלְט דֶעם רמב״ם שְׁלֶעכְטֶס טְהוּן. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר גֶעהַאט שׂוֹנְאִים צְווִישֶׁען דִי גָאר פְרוּמֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען פַאר זַיינֶע הַקִירוֹת אוּנ עֶרְקְלֶעהרוּנְגֶען, אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶערֶעכֶענְט פַאר צוּפִיעל אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט. דֶער רמב״ם הָאט אָבֶּער גֶעטְהוּן זַיינְס אוּנ זַיינֶע גֶעגְנֶער זֶענֶען נָאךְ מֶעהר אוֹיפְגֶערֶעגְט גֶעוָוארֶען דֶערְפוּן, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי גָאר נִיט גֶעוָואלְט אוּמְקוּקֶען.

נָאךְ צְוַואנְצִיג יָאהר וָואס דֶער רמב״ם הָאט גֶעלֶעבְּט אִין מִצְרַיִם אוּנ הָאט גֶעשֵׁמְ׳ט אִין גַאנְצֶען לַאנְד פַאר דֶעם גְרֶעסְטֶען דָאקְטָאר, אִיז אִיהם גֶעבְּרָאטְהֶען בֶּעקָאנְט צוּ וֶוערן אִין הוֹיף פוּנ׳ם בֶּערִיהמְטֶען סוּלְטַאן סַאלַאדִין, נָאר אַזוֹי וִוי דֶער מֶלֶךְ אַלֵיין אִיז גֶעוֶועהן פֶערְנוּמֶען אִין דֶער מִלְחָמָה אִיז עֶר גֶעוָוארֶען לַייבּ־דָאקְטָאר בַּיים שֵׁנִי לְמַלְכוּת אַלְפַּדְהֶאל אוּנ גָאר גִיךְ אִיז עֶר בַּיי אִיהם אוֹיךְ גֶעוָוארֶען דֶער גְרֶעסְטֶער חָשׁוּב אוּנ דֶער בֶּעסְטֶער יוֹעֵץ, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם הָאבֶּען זִיךְ אַללֶע גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן דֶער מְדִינָה אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֵיילֶען בַּיי אִיהם, אוּנ דֶער רמב״ם אִיז אַזוֹי פֶערְוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען מִיט אַרְבַּייט אַז עֶר הָאט קוֹים מִיט גְרוֹיס מִיה גֶעקָאנְט אִין זִין הָאבֶּען דָאס רַבָּנוּת. זַיין נָאהמֶען הָאט אַזוֹי גֶעקְלוּנְגֶען אַז דֶער בֶּערִיהמְטֶער דָאקְטָאר פוּן בַּגְדַד עַבְּדַל־לַאטִיף אִיז צוּפְלַייס גֶעקוּמֶען קַיין קַאִירָא זִיךְ מִיט אִיהם זֶעהן, אוּנ דֶער דִיכְטֶער אַל־סַאִיד אִבְּן־סִינַה אַלְמוּלְק הָאט אִיהם בֶּעזוּנְגֶען אִין אַזֶעהר שֶׁאנֶעם שִׁיר. דֶער עֶנְגְלִישֶׁער קֶאנִיג רִיכַארְד לֶאבֶּענְהֶארְץ, וָואס אִיז אִין דֶער צַייט פוּנ׳ם דְרִיטֶען קְרַייצְצוּג דוּרְכְגֶעפָאהרֶען דוּרְךְ מִצְרַיִם, הָאט דֶעם רמב״ם פָארְגֶעלֶעגְט עֶר זָאל בַּיי אִיהם וֶוערֶען לַייבּ־דָאקְטָאר, נָאר עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶעזָאגְט פוּן דֶעם כָּבוֹד. דָאס פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן אַלְפַּדְהֶאל הָאט דֶעם רמב״ם גֶעדִיעְנְט אִין אַ נוֹיט. אִים יָאהר 1187 הָאט זִיךְ מִיט אִיהם צוּקְרִיגְט זַיין פְרִיהֶרִיגֶער גוּטֶער פְרַיינְד אַבּוּל־עַרַב אִבְּן מַייַאשָׁה, וָואס הָאט אִיהם אַמָאל אִין פֶעץ אָבְּגֶערַאטֶעוֶועט פוּן אַ סַכָּנָה, אוּנ עֶר הָאט אִיהם גֶעמַסֶר׳ט, אַז עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קַיין רֶעכְט אַוֶועקְצוּוַארְפֶען דִי מַחֲמַדַנִישֶׁע אֱמוּנָה וָואס עֶר אִיז פְרִיהר צוּ אִיהר צוּגֶעשְׁטַאנֶען. דִי זַאךְ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּם שֵׁנִי לְמַלְכוּת אַלְפַּדְהֶאל אוּנ עֶר הָאט גֶעפַּסְקְ׳ט אַז דֶער רמב״ם אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, וַוייל אוּמְקֶעהרֶען זִיךְ צוּ אַיין אֱמוּנָה, וָואס מֶען הָאט פוּן אִיהר

דעם מענשען מיט געוואלד אָבגעריסען, איז ניט קיין עבירה. ער האָט ניט נאָר בעשטראָפט דעם רמב"ם, נאָר ער האָט איהם נאָך בעשטימט פאַר'ן „נגיד" איבער אַללע יודישע קהלות אין מצרים. די הויכע שטעללע האָט זיך געהאַלטען אין דעם רמב"ם'ס משפחה ביז צום פונפצעהנטען יאָהר־הונדערט, אונ אַלליין האָט ער זיך בענוצט מיט זיין גרויסקייט נאָר אויף טובות צו טהון יודען. דעמאָלט האָט ער אויך געזעהן אַז אין יעמן זאָלען אויפהערען די רדיפות געגען די יודען, אונ אַז סאַלאַדין האָט אַרויסגעריסען ירושלים פון די קריסטענס הענד, וואָס האָבען דאָרט געוואַלטיגט כמעט הונדערט יאָהר, האָט דער רמב"ם באַלד געפועלט ביי איהם ער זאָל ערלויבען די יודען זיך בעזעצען אין דער הייליגער שטאָדט, אונ פון ווייט אונ פון נאָהענט האָבען זיך די פערשמאַכטע אונ בייגקענדיגע קינדער געלאָזט צו דער אַלטער היים. דעמאָלט איז די לאַגע פון די תלמודיסטען בעסער געוועהן ווי פון די קראַיטעס; פיעל פון זיי זענען איבערגעגאַנגען צו די תלמודיסטען, אונ די פרומע יודען האָבען פערשטאַנען אַז דאָס האָבען זיי דעם רמב"ם צו פערדאַנקען.

וואָס גרעסער אָבער דער רמב"ם איז געוואָרען — האָט זיך אויך פאַרגרע־סערט דער צאָרן פון זיינע געגנער. שמואל בר עלי פון איין זייט האָט ניט אויפגעהערט צו גראָבען אין בגדד; פון דער אַנדערער זייט איז געגען רמב"ם אַרויסגעשפרונגען אַ פרומער למדן מר זכריה פון אַחלב, וואָס האָט געהאַלטען אין איין שרייען אַז פון קאַירא צו שפרייט זיך אַפיקורסות איבער דער גאַנצער וועלט, ווייל עטליכע תלמידים פונ'ם רמב"ם, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין יעמן אונ דמשק, האָבען געוויזען, אַז מען דאַרף אַ ביסעל איידעלער בע־טראַכטען דעם גלויבען אין „השארת הנפש" אונ פאַרשטעהן, אַז דער גוף פונ'ם מענשען ווערד טאַקי פערפוילט אונ נאָר די נשמה געהט אַרויף אין די אויבערשטע וועלטען אונ בלייבט איביג לעבען. פאַר אַזא תורה זענען די שונאים פערטיג געוועהן צו דערטרינקען דעם רמב"ם, ווי מען זאָגט, אין אַ לאָפעל וואַסער, נאָר דאָס גאַנצע גליק איז געוועהן, וואָס ער איז שוין געשטאַנען צו הויך אונ זיי האָבען איהם ניט געקאָנט שאַדען.

חאָטש דער רמב"ם האָט זיך ווענינ געקאָנט אָבגעבען מיט שרייבען, ווייל דאָס רבנות אונ די מעדיצינישע פראַקטיק האָבען ביי איהם צו גענומען די גאַנצע צייט, פון דעסטוועגען האָט ער אים יאָהר 1190 אַרויסגעגעבען זיין בעריהמט ספר אין דער אַראַבישע שפראַכע „מורה נבוכים", דאָס הייסט „דער פיהרער פון פערבלאָנזשעטע". איבער דעם ספר האָט ער געאַרבייט עטליכע

יָאהר אונ הָאט עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף אַיין אַרְט פוּן אַ תְּשׁוּבָה אוֹיף דִי שַׁאֲלוֹת, וָואס זַיין גֶעלִיעבְּטֶער תַּלְמִיד יוֹסֵף אִבּן־עֶקְנִין פוּן פֶעץ הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט אִין חֲקִירָה זַאכֶען. דֶער רמב״ם הָאט זִיךְ בֶּענוּצְט מִיט דֶער פִילָאזָאפִיע פוּן אַרִיסְטָאטְלוּס, אוּנ הָאט אִין זַיין סֵפֶר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז דִי רֵיינֶע יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אִיז נִיט סוֹתֵר קֵיין שׁוּם זַאךְ פוּן יֶענֶער שִׁיטָה. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז דֶער גַאנְצֶער „מוֹרֶה נְבוּכִים״ גֶעבּוֹיט אוֹיף דֶעם, אַז דֶער מֶענְ׳ט מוּז נָאר זֶעהן אוֹיסְצֶדְלֶען אוּנ לַייטֶערן זַיין הַארְץ דוּרְךְ מִדּוֹת טוֹבוֹת, וַוייל דָאס נוּטֶע וָואס גָאטט הָאט בֶּעשַׁאפֶען שְׁטֶעהט טַאקִי אַיין נָאר בַּיים מֶענְשֶׁען אִין דִי הֶאנְד, אוּנ אָן אִיהם אַלֵיין אִיז גֶעווֶענְדֶט צוּ דֶערְגְרֵייכֶען בִּיז צוּ דֶער הֶאכְסְטֶער מַדְרֵגָה אוּנ וֶוערֶען כִּמְעַט אַ מַלְאָךְ; דַארִיבֶּער אִיז דֶער חוֹב פוּנ׳ם מֶענְשֶׁען צוּ בֶּעוָוארֶענֶען דֶעם גוּף מִיט צְדָקָה אוּנ מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנ דִי נְשָׁמָה – מִיט לוֹיטֶערֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען דֶעם אֵייבִּיגֶען בֶּעשֶׁעפֶער. דֶער „מוֹרֶה נְבוּכִים״ הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען אוּנ אוֹיךְ צְווִישֶׁען דִי מַחְמַדַנֶער, אוּנ דִי גֶעגְנֶער פוּנ׳ם רמב״ם הָאבֶּען ווַייטֶער גֶעהַאט אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּ לַיארְמֶען אוּנ שְׁרֵייעֶן אַז עֶר אִיז אַרָאבְּגֶעקְרָאכֶען פוּנ׳ם גְלַייכֶען וֶועג, וַוייל אִינ׳ם סֵפֶר וֶוערְט וֵוייניג גֶערֶעדְט פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים. דָאס הָאט בֶּעווָאגֶען דֶעם רמב״ם אִין אַ יָאהר אַרוּם אָנְצוּשְׁרַייבֶּען אַ בֶּעזוּנְדֶער חִבּוּר אוּנ ווַייזֶען אַז מֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְט אִיהם אוּמְזִיסְט אוּנ מֶען הָאט אִיהם נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, וַוייל עֶר גְלוֹיבְּט גֶעווִיס אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, נָאר עֶר רֶעכֶענְט עֶס פַאר אַ וואוּנְדֶער אוּנ דַארִיבֶּער הָאט עֶר וֶועגֶען דֶעם נִיט גֶעקָאנְט רֶעדֶען. אַוַדַאי הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים גֶעמוּזְט וַוייטֶער אַיין בֵּייגֶען דֶעם קָאפּ, אוּנ אוּמֶעדוּם הָאט מֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט דֶעם רַמְבַּ״ם׳ס סְפָרִים. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט מֶען אִיהם גֶעשֶׁעצְט אִין פְּרַיינְקְרַייךְ, אוּנ דָארְט הָאבֶּען דִי לוֹמְדִים פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז דָאס גַאנְצֶע אָנְשְׁפַּארֶענִישׁ פוּנ׳ם דוֹר אוּנ אַז אוֹיף אִיהם הַאלְט זִיךְ דָאס יוּדִישְׁקַייט. ר׳ יְהוֹנָתָן כֹּהֵן אוּנ דִי גַאנְצֶע קְהִלָּה פוּן לוּנֶעל הָאבֶּען אַזוֹי וַוייט גֶעהַאלְטֶען פוּן אִיהם אַז זֵיי הָאבֶּען אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אַ בְּרִיעף פוּל מִיט לוֹיב אוּנ דַאנְק אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זֵיי צוּשִׁיקֶען דֶעם „מוֹרֶה נְבוּכִים״, וָואס זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין גֶעהֶערְט פוּן אִיהם. עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ פָּאר יָאהר אִיז דֶער רמב״ם אִים שְׁטַאנְד גֶעווֶעהן צוּ אָנְטְפֶערן דֶער קְהִלָּה פוּן לוּנֶעל אוֹיף זֵייעֶר לִיעבֶּען בְּרִיעף. דִי שְׁוַואכֶע אֶלְטֶער אוּנ דִי שְׁווֶערֶע אַרְבַּייט הָאבֶּען אִיהם קְרַאנְק גֶעמַאכְט אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט אַ לַאנְגֶע צַייט לִיעגֶען צוּ בֶּעט; דֶערְצוּ אִיז אִין לַאנְד אַלֵיין גֶעווָארֶען זֶעהר אוּנְרוּהִיג, וַוייל נָאךְ סַאלַאדִין׳ס טוֹיט הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ קְרִיעג צְווִישֶׁען זַיינֶע זִיהן

אונ זיין ברודער וועגען דער ירושה, אונ אזוי ווי דער רמב"ם איז געוועהן איינער
פון די הויף-לייט איז איהם אונמעגליך געוועהן צו בלייבען רוהיג אונ ער האט
ניט געקאנט אין זין האבען אנדערע זאכען ביז די מלוכה וועט ניט זיין בעפעס-
טיגט. עס איז אבער דעם רמב"ם שוין ניט בעשערט געוועהן צו האבען נחת
אויף די עלטערע יאהרען: אלפדהאל, סאלאדין'ס עלטערער זוהן, האט איבער-
גענומען די מלוכה אונ האט איהם דווקא געמאכט פאר זיין לייב-דאקטאר, נאר
אזוי ווי דער נייער מלך האט זיך אריינגעלאזען אין שכרות אונ איז נאכגעלאפען
נאך אנדערע תענוגים, וואס מאכען א תהל פונ'ם מענשען, האט איהם דער
רמב"ם אפט בעדארפט זאגען מוסר אונ אבהאלטען פון פיעל נארישקייטען אונ
ער האט דערפון געהאט גרויסע צרות.

דערפאר האט ער געהאט א גרויסען תענוג, וואס האט איהם זיס געמאכט
דאס לעבען אין זיינע לעצטע יאהרען: מיט שמחה האט ער געזעהן ווי דאס
וואס ער האט פארזייהט אין מצרים, וועט געבען שיינע פירות אין פראנקרייך,
וואו ר' שמואל אבן-תבון האט זיך גענומען איבערזעצען זיין "מורה נבוכים" אויף
לשון קודש, אונ מיט א געפיהל פון דאנקבארקייט האט ער אנגעשריבען זיין
תשובה דער יודישער קהלה פון לונעל. פון דער תשובה קאן מען ארויסזעהן
וואס פאר א הייסער יוד דער רמב"ם איז געוועהן, ווי געטריי אונ איבערגעגעבען
ער איז געוועהן זיין פאלק, אונ ווי ער האט געוואלט בעווארנען אז די לומדים,
וואס זענען אים שטאנד צו ארבייטען פאר'ן כלל ישראל, זאלען נאר אין זין
האבען דעם היילגען געדאנק פון בעפעסטיגען די יודישע אמונה. מיט שווארצע
פארבען האט רמב"ם אויסגעמאלט די טרויעריגע לאגע פון די יודישע לומדים אין
אנדערע לענדער, אונ האט געבעטען די לונעלער יודען זיי זאלען ניט פארבייגען
דאס לערנען אונ זאלען צונויפבינדען צוזאמען תורה מיט חכמה, אונ דערהאלטען
דאס יודישקייט ביים אמת'ן גלאנץ.

די תשובה איז געוועהן די לעצטע וואס דער רמב"ם האט געשריבען:
דעם צוואנציגסטען טבת פונ'ם יאהר 1204 איז ער נפטר געווארען, מיד אונ
אנגעהארעוועט פון דער שווערער משא וואס זיין זיבציג-יאהריגעס לעבען האט
אויף איהם ארויפגעווארפען. זיין טויט האבען בעוויינט יודען אונ מהמדנער, אונ
פיעל קהלות האבען גוזר תענית געוועהן. זיין קבר איז אין טבריא, אונ מען
דערצעהלט אז ווען מען האט איהם אהין געפיהרט זענען רוצחים אנגעפאלען,
אונ אז זיי האבען דעם ארון ניט געקאנט ריהרען פונ'ם פלאץ זענען זיי שטארק
בטל געווארען אונ האבען איהם מיט גרויס פחד באלייט ביז טבריא. פונ'ם

רמב"ם איז געבליעבען נאר איין זוהן אבו-ל-מיני רבי אברהם, וואס איז אויך געוועהן לייב-דאקטאר ביים סולטאן אונ האט אויך איבערגענומען די שטעללע פון "נגיד". אויף דער מצבה איז אלאנגע צייט געוועהן אויסגעקריצט איין אויפשריפט אז דער רמב"ם איז געוועהן א "הימעל-מענש". שפעטער אבער, אז די שונאים האבען זיך מעהר צופיהרט די האנד, האט מען די אויפשריפט אויסגעמעקט אונ מען האט אנגעשריבען אז דארט ליגט בעגראבען "דער אפיקורוס וואס האט פערדיענט דעם חרם". אזא אומ-כבוד פאר'ן זכר פונ'ם הייליגען רמב"ם בעווייזט צו וואס עס האט געפיהרט דאס מחלוקת וואס האט זיך נאך זיין טויט אנגעהויבען צווישען די יודישע לומדים וועגען די הויכע געדאנקען, וואס האבען בעפעסטיגט דאס יודישקייט אונ געגעבען דעם יודישען פאלק א פרישען קוואל פון ריינער אמונה.

---

## ז דאס גרעסטע מחלוקת אונ דער שאנדלאכער צייכען אויף די קליידער.

(1205—1236 נאך קריסטוס געבורט).

אז מען קוקט זיך צו מיט אפענע אויגען צום גאנג פון דער יודישער געשיכטע, איז לייכט ארויסצוזעהן אז דאס ערגסטע אומגליק וואס יאגט נאך די יודען אויף יעדען שריט איז דאס, וואס פון אמת אחדות האבען זיי קיינמאל ניט געוואוסט. עס איז ביי זיי ניט געוועהן קיין הייליגע זאך וואס זיי זאלען דארויף קיין פלעקען ניט זוכען, זיי האבען זיך ניט אויסגעקלויבען קיין פאהן, וואס ארום איהר זאלען זיך אללע צונויפנעהמען ווי קינדער פון איין פאטער, ווי ברידער מיט איין מזל, אונ זאלען בעטראכטען פאר זייער ציעל, פאר זייער טרעסט אונ האפנונג. פון וואנען דאס נעהמט זיך אונ צו איז אין דעם ניט שולדיג די לאגע פון די יודען צווישען אנדערע פעלקער — איז שווער צו בעשטימען, נאר דאס מוז מען מודה זיין, אז דער ווארם פון מחלוקת קריכט אין יעדער צייט אריין נוט אין די ביינער פונ'ם יודישען פאלק אונ-רייסט ארויס מעהר קרבנות ווי פרעמדע שנאה, אונ עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס נאך דעם רמב"ם'ס טויט האבען זיך צוגעלאזט די גיפטיגע צונגען אונ מען האט ניט געלענט קיין כבוד אויף דעם נאהמען פון אזא גרויסען מאנן, וואס איז אים שטאנד געוועהן מיט זיין גייסט צונויפנעהמען די פערטריקענטע צווארפענע ביינער אונ פון זיי מאכען איין געזונדען לעבעדיגען יודישען גוף.

דער רמב"ם האט איבערגעלאזט די יודען יתומים, ווייל זיין זוהן האט ניט געקאנט איבערנעהמען זיין שטעללע, אבער אזוי ארבייטען ווי דער פאטער איז איהם אונמעגליך געוועהן. אבו־אל־מיני־אברהם מימוני איז אויך געוועהן לייב־דאקטאר ביים סולטאן אל־קאמל, סאלאדין'ס אברודער, און איז ביי איהם געוועהן א גרויסער חשוב; ער האט אין איינעם מיט דעם בעריהמטען אראבישען דאקטאר אבן־אבי אוזאיביה געפיהרט דאס קראנקענהויז אין קאהירא; ער איז אויך געוועהן זעהר א גרויסער למדן, נאר צום רמב"ם איז ער פארט ניט געקומען, און צווישען אללע לומדים פון אזיען, אפריקא און איראפא האט זיך ניט געפונען איינער וואס זאל זיך קאנען גלייכען צו איהם אין תורה און חכמה און זאל זיך פיהלען איהם שטאנד אויף זיך געהמען דעם רמב"ם'ס שווערע ארבייט. דערצו האט זיך באלד, אים אנהייב פונ'ם דרייצעהנטען יאהר הונדערט, פעראנדערט צום שלעכטען די לאגע פון די יודען, ווייל דער פאפסט אינאקענטי דער דריטע, וואס איז בעקאנט מיט זיין אכזריות, האט זיך גענומען אויף זייער לעבען. לכתחלה האט ער זיך דוקא אנגענומען פאר זיי און אז מען האט זיי אנגעהויבען, צוליעב דעם קרייצצוג, ווייטער ראבעווען און די יודען האבען ביי איהם געבעטען הילף, האט ער אים יאהר 1199 ארויסגעלאזט א בעפעהל מען זאל זיי מיט געוואלד ניט טויפען, ניט צונעהמען ביי זיי זייער פערמעגען, ניט שטערען זיי ביים גאטטעסדיענסט און ניט ארויסווארפען זייערע מתים פון די קברים. פון דעם בעפעהל זעהט מען ארויס, אז מען האט די יודען ניט געלאזט צו רוה אפילו נאכ'ן טויט, און דאס האט אפילו אזא בעל רחמנות ווי אינאקענטי אויך ניט געקאנט ליידען. ער האט אבער גערעכענט אז מען זאל די יודען אזוי בעהאנדלען אז טאקי נאר די נשמה זאל זיך אין זיי האלטען, אבער ניט לעבען און האבען פרנסה גלייך מיט אנדערע מענשען. אז ער האט זיך אומגעקוקט אז אין פיעל ערטער איז די לאגע פון די יודען גאר ניט שלעכט און די קאניגע און אנדערע הערשער בעגעהען זיך געגען זיי מיט ישר, האט איהם שוין באנג געטהון פאר וואס ער האט פריהער געזאגט פון זייערט וועגען א גוט ווארט, און ער האט זיך ערשט גענומען רעכט זיי צו רודף'ן. דעם פראנצאזישען קאניג פהיליפ־אויגוסט, וואס האט ארויסגעטריבען די יודען און האט זיי צוריק אריינגעלאזט אין פראנקרייך ווען ער האט בעדארפט ביי זיי אויסזייגען די עטליכע גילדען, האט אינאקענטי אנגעשריבען אים יאהר 1205 א פייערינגען בריעף און האט אפען ארויסגעזאגט, אז דאס הארץ טהוט איהם וועה ווען ער דערמאנט זיך אז די יודען געניעסען פרייהייט, האלטען קריסטליכע

דיענסטען אונ אמען, בויען שולען אונ האבען נאך דאס עזות זיך אפענטליך ארומצודרעהען אין די גאסען ווען ביי די קריסטען איז יום טוב. מיט אזא בריעף האט ער זיך אויך געוואנדט צו אלפאנסא דעם קאניג פון קאסטיליען אונ האט איהם בעפוילען זעהר שטרענג, ער זאל זיך ניט דערוואגען צו בעשיצען יודען אונ עס זאל איהם גאר ניט הארען וואס די גייסטליכע נעהמען צו מיט געוואלד יודישע שקלאווען אונ טויפען זיי, אונ הייסען זיך געבען מעשר פון יודישע אונ מחמדנישע פעלדער. נאך שארפער האט ער אים יאהר 1205, געשריבען דעם גראף פון נעווער, וואס איז געוועהן א גרויסער יודענפריינד, אז ער טהוט די גרעסטע עולה, וואס ער דערלאזט מען זאל האנדלען מיט די יודען, ביי זיי לייהען געלד אונ מען דערשטיקט זיי ניט; אונ אז אויב ער וועט ניט אויפהערען צו טהון טובות יודען וועט ער איהם מוזען אין חרם אריינלעגען. אינאקענטי'ס כעס איז נאך מעהר פערגרעסערט געווארען ווען אין פראנקרייך האבען זיך די איינוואהנער פון דער שטאדט אלבי, וואס מען האט זיי דערפאר גערופען אלביגענזער, תאטש זיי האבען שוין געלעבט אין פיעל אנדערע ערטער – אין גאנצען אבגעזאגט פונ'ם פאפסט, אונ דער גראף ריימאנד דער זעכסטע פון טולידה האט זיי געשיצט. ער האט געגעבען אז אין דער זאך האבען די יודען א שטארקע נגיעה, אונ אז ער האט אנגעשיקט די חברה לייט פונ'ם קרייצצוג אויף די אלביגענזער, האט ער געהייסען אין איין וועג שלאגען די יודען אויך. אינאקענטי האט טאקי אויסגעפיהרט אונ אז מען האט געשלעפט דעם צוהרג'טען גראף ריימאנד אויף א שטריק אין קירכע אריין, האט ער געמוזט געבען א שבועה אז מעהר וועט ער קיין יודען ניט געבען קיין שטעללע. ביי דעם אייגענעם מעמד האבען געמוזט שווערען נאך דרייצעהן באראנען אז זיי וועלען קיין יודען ניט אריינלאזען אין זייער גבול אריין. נאר אפילו דארט וואו מען האט זיי געלאזט וואהנען האבען זיי ניט געטארט קיין קאפ אויפהייבען אונ מען האט ביי זיי צוגענומען אללע פרנסות. בעזאנדערס האט געליטען די יודישע קהלה פון בעזיע (בדרש), ווען דער גייסטליכע ארנאלד פון סיטא איז צוזאמען מיט'ן גראף סימאן פון מונטפארט אנגעפאלען אויף דעם וויצע-גראף ריימאנד רוזשיר, אונ האבען געמאכט א תל פון די אלבינגענזער. ארנאלד איז געוועהן אזא רוצח אז אין זיין הארץ האט זיך קיין מאל ניט אריינגעגנב'ט קיין געפיהל פון חרטה אונ רחמנות אונ אז זיין חברה האט איהם געפרעגט: וואס זאלען זיי טהון ווען זיי ווייסען ניט געווים ווער עס איז א קאטאליק אונ ווער איין אלביגענזער, האט ער גאנץ קאלט געאנפּ

„מען זאל אללע אויסקוילען אונ גאטט וועט שוין אליין אויסקלויבען די זיינינגע".
ביי אזא ישר קאן מען שוין פארשטעהן וואס מען האט געטהון מיט די יודען:
איבער צוויי הונדערט זענען אומגעקומען, די איבריגע האט מען געמוטשעט
אין געפאנגנים, אונ ניט אומזיסט האבען די פראנצאזישע יודען גערעכענט דאס
יאהר 1210 פאר דעם שרעקליכסטען.

עס איז דעמאלט די יודען גענוג שלעכט געוועהן אין פראנקרייך, זיי האבען
ניט געטארט האלטען קיין קריסטליכע דיענסטען, ארבייטען אין די קריסטליכע
ימים טובים, אונ אפילו פלייש עסען אין דער קריסטליכער פאסטען-צייט; נאר
נאך ארגער איז זיי געוועהן אין ענגלאנד, ווייל דארט האבען זיי געהאט אויף
זיך דריי מכות: דעם קעניג יאהאנן „אהן לאנד", וואס האט נאר געטראכט
וואס מעהר געלד ביי זיי ארויסצוצייסען, די באראנען, וואס האבען דעם קעניג
ניט פערגונען די הכנסה וואס ער האט פון די יודען אונ האבען אליין פון זיי
געשונדען די הויט אונ דעם קארדינאל סטעפהאן לאנגטאן, וואס האט
געמוזט צו ליעב טהון דעם פאפסט אונ גלאט אזוי אנטהון די יודען צרות. ביי
אזא טרויעריגע לאגע האבען מעהר פון דריי הונדערט פראנצאזישע אונ ענגלישע
רבנים געמוזט ארויספאהרען קיין ארץ ישראל אונ צווישען זיי האבען זיך געפונען
ר' יהונתן בן דוד כהן, וואס האט זיך פעסט געהאלטען אן דעם רמב"ם,
אונ ר' שמשון בן אברהם בעל התוספות, וואס איז געוועהן דעם רמב"ם'ס
אנגעגער. דער סולטאן אלאדיל האט זיי פריינדליך אויפגענומען אונ האט זיי
ערלויבט צו מאכען נייע שולען אונ בתי מדרשים, אונ זיי האבען זיך ווייטער גע-
ארבייט זייער „תוספות".

רוהיג זענען נאר געוועהן די יודען, וואס האבען געלעבט אין די קליינע
שפאניעשע קריסטליכע מלוכות; ניך איז אבער דארט אויך געווארען א פער-
אנדערונג. דער הערשער פון די אלמאהידען אין אפריקא, מחמד אל-נזיר,
האט צונויפגענומען א גרויסע מחנה פון אהאלב מיליאן מענשען אונ האט זיך
געלאזט קיין שפאניען. אלפאנסא, דער קעניג פון קאסטיליען, האט א קוק
געגעבען אז עס איז שלעכט, האט ער געמוזט אנבויגען דעם קאפ אונ בעטען
דעם פאפסט אינאקענטי ער זאל הייסען די קריסטען מאכען א קרייצצוג אונ געהן
אקעגען די מחמדנער. אינאקענטי האט באלד געשיקט קיין קאסטיליען א גאנצע
מחנה אונ מיט זיי אויך דעם נוטען ארנאלד, אונ דאס ערשטע האבען זיי
קיין בעסערע זאך ניט געפונען ווי אנפאלען אויף די יודען פון טולידה, דאס איז
געשעהן אים יאהר 1212, אונ זיי וואלטען געוועהן אנגעמאכט א שאנע שחיטה

װען אַלְפָאנְסָא הַאלְט זַיי נִיט אָב דֶערְפוּן אוּנ נִיט זַיי נִיט צוּ פַארְשְׁטֶעהן אַז נִיט אַזֶעלְכֶע טוֹבוֹת פֶּע־לַאנְגְט עֶר פוּן זַיי.

דֶערְװַייל הָאט דֶער פַּאפְּסְט אִינָאקֶענְטִי גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע אֲסִיפָה אוּנ הָאט פָּאַרְגֶעלֶעגְט: מֶען זָאל אוֹיסְאַרְבַּייטֶען גַאנְצֶע כְּלָלִים וִוי אַזוֹי מֶען זָאל רוֹדֵף'ן דִי שׂוֹנְאִים פוּן דֶער קִירְכֶע אוּנ הָאט דֶערְבַּיי שְׁטַארְק אִין זִין גֶעהַאט אוֹיךְ דִי יוּדֶען. אַז דוֹן יִצְחָק בְּנְבִינִישְׂתִּי, דֶער לַייבּ־דָאקְטָאר פוּן יַאקָאבּ דֶעם עֶרְשְׁטֶען, דֶעם קָאנִיג פוּן אַרַאגָאנְיֶען אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר בַּאלְד זִיךְ בֶּעמִיהט אַז עֶטְלִיכֶע בְּכָבוֹד'ע בַּעֲלֵי בָּתִּים זָאלֶען אַװעקְפָאהרֶען קֵיין רוֹם אוּנ זָאלֶען דָארְט בֶּעטֶען, טָאמֶער װעלֶען זַיי קָאנֶען מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵרוֹת. עֶס הָאט אָבֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען, אוּנ בַּאלְד אִיז אַרוֹיס אַ גֶעזֶעץ אַז יוּדֶען טָארֶען נִיט פַארְנֶעהמֶען קֵיין שְׁטֶעללֶען בַּיי דֶער קְרוֹין, אַז גֶעלְד מֶאגֶען זַיי לַייעֶן נָאר אוֹיף אַ קְלֵיינֶעם פְּרָאצֶענְט, אוּנ אַז דִי גַאנְצֶע וָואךְ פוּנ'ם קְרִיסְטְלִיכֶען פֶּסַח טָארֶען זַיי נִיט זֶעהן דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין. נָאר דָאס עֶרְגְסְטֶע פוּן אַלְדִינְג אִיז גֶעװעהן דֶער בֶּעפֶעהל, אַז יוּדֶען מוּזֶען טְרָאגֶען אוֹיף זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אַ בֶּעזוּנְדֶער צֵייכֶען, כְּדֵי יֶעדֶער זָאל זַיי דֶערְקֶענֶען, אוּנ דָאס הָאט מֶען נָאכְגֶעטְהוּן דֶעם אַלְמָהַדִי'שֶׁען הֶערְשֶׁער אַבּוּ־יוּסֻף יַעֲקֹב אַלְמַנְצוּר, וָואס הָאט נָאךְ פְרִיהֶער אַיינְגֶעפִיהרְט, אַז יוּדֶען זָאלֶען גֶעהְן נָאר אַנְדֶערְשׁ אָנְגֶעטְהוּן, נִיט גְלַייךְ מִיט אַללֶע אַיינְוָואהנֶער פוּנ'ם לַאנְד. דֶעם 30 נָאװעמְבֶּער 1215 הָאט מֶען דִי יוּדֶען גֶענוֹיטְהָה זַיי זָאלֶען זִיךְ אָנְטְהוּן מְשׁוּנָה'נֶע קְלֵיידֶער אוּנ פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז דָאס שָׁאנְדְלִיךְ גֶעזֶעץ גֶעבְּלִיבֶּען אִין אֵיירָאפַּא גַאנְצֶע זֶעכְס הוּנְדֶערְט יָאהר.

וִוי וַוייט דִי יוּדֶען הָאבֶּען נָאר גֶעקָאנְט הָאבֶּען זַיי גֶעזוּכְט אַללֶע מִיטֶעל אוֹיסְדְרֶעהֶען זִיךְ פוּן דֶעם שָׁאנְדְלִיכֶען צֵייכֶען, וָואס מֶען הָאט נָאר אוֹיסְגֶעטְרַאכְט צוּ לִיעבּ דֶעם, אַז יֶעדֶער זָאל פוּן זַיי לַאכֶען אוּנ שְׁפָּאטֶען אוּנ זַיי זָאלֶען גָאר קֵיין צוּטְרִיט נִיט הָאבֶּען צוּ קֵיין לַייטִישֶׁע קְרִיסְטֶען. דִי שׂוֹנְאִים וִוידֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֶעגְט אִין דֶער לֶאנְג אוּנ אִין דֶער בְּרֵייט אַז מֶען זָאל דַוְקָא שְׁטַארְק אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דִי יוּדֶען זַיי זָאלֶען חָלִילָה נִיט אֵיין רֶגַע בְּלַייבֶּען אָהן דֶעם "יוּדִישֶׁען צֵייכֶען" אוּנ הָאבֶּען אֲפִילוּ אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט גַאנְצֶע דִינִים וִוי גְרוֹיס אוּנ וִוי בְּרֵייט דֶער צֵייכֶען דַארְף זַיין, פוּן װעלְכֶע פַארְבּ אוּנ אוֹיף וָואס פַאר אַ אָרְט מֶען דַארְף אִיהם אָנְטְשֶׁעפֶּען, נָאר דִי יוּדֶען פוּן אַרַאגָאנְיֶען הָאבֶּען אִים יָאהר 1220 גֶעפוֹעלְט בַּיים נַייעֶם פַּאפְּסְט הָאנָארִיוּס דֶעם דְרִיטֶען, וָואס אִיז גֶעװעהן אַ בִּיסֶעל מִיט מֶעהר יָשָׁר וִוי אִינָאקֶענְטִי, עֶר זָאל זַיי בֶּעפְרַייעֶן פוּן דֶעם צֵייכֶען אוּנ עֶר הָאט עֶס צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן דֶעם קָאנִיגְס לַייבּ־דָאקְטָאר, דוֹן יִצְחָק בְּנְבִינִישְׂתִּי.

· דָאס אִיז אָבֶּער טַאקִי גֶעוֶועהן נָאר דֶער אֵיינְצִיגֶער חֶסֶד, וָואס הָאנָארִיוּס הָאט גֶעטהוּן מִיט דִי יוּדֶען; אַז דִי עֶנְגְלִישֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּ אִיהם אוֹיךְ מִיט אַבַּקָשָׁה וֶועגֶען דֶעם שֶׁאנְדְלִיכֶען צֵייכֶען, הָאט עֶר זֵיי אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְהֶערֶען, אוּנ הָאט אוֹיסֶער דֶעם צוּגֶעשִׁיקְט בְּרִיף צוּ אַללֶע קְרִיסְטְלִיכֶע קֶענִיגֶע זֵיי זָאלֶען מֶעהר נִיט בֶּענוּצֶען קֵיין יוּדֶען פַאר שְׁלוּחִים אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. אִין עֶנְגְלַאנְד אִיז דֶעמָאלְט דִי מְלוּכָה אִין גַאנְצֶען גֶעוֶועהן אִין דִי הֶאנְד פוּנ׳ם קַארְדִינַאל סְטֶעפַהאן לַאנְגְטָאן וַוייל דֶער קֶענִיג יָאהַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ זַיין זוּהן הֵיינְרִיךְ דֶער דְרִיטֶער אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן צוּ קְלֵיין. דֶער קַארְדִינַאל אִיז פְרִיהֶער אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועהן קֵיין שְׁטַארְקֶער אוֹהֵב יִשְׂרָאֵל, וֶוער שְׁמִיעסְט נָאךְ אַז פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ נָאר אֵיינֶער פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע מְגַיֵּר גֶעוֶועהן אוּנ מֶען הָאט אִיהם דֶערְפַאר פַארְבְּרֶענְט, הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וִוי אַזוֹי זַיין הַארְץ צוּ קִיהלֶען אוּנ הָאט דִי יוּדֶען אָנְגֶעטְהוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרוֹת.

אִין נֶעאַפֶּעל אוּנ סִיצִילְיֶען, וואוּ עֶס הָאט גֶעהֶערְשְׁט דֶער גוּטֶער דַייטְשֶׁער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶער צְוֵוייטֶער, הָאבֶּען דִי יוּדֶען אוֹיךְ גֶעמוּזְט טְרָאגֶען אַבֶּעזוּנְדֶער צֵייכֶען, חָאטְשׁ דֶער קֵייזֶער הָאט דַוְקָא גֶעהַאלְטֶען פוּן יוּדֶען אוּנ בַּיי אִיהם אִין הוֹיף אַלֵיין הָאבֶּען גֶעוָואהְנְט עֶטְלִיכֶע לוֹמְדִים וָואס הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט פִיעל פִילָאזָאפִישֶׁע בִּיכֶער פוּן אַרַאבִּישׁ אוֹיף לַאטַיין. אִין פְרַאנְקְ־רַייךְ אִיז דִי שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען גָאר גֶעוָוארֶען גְרוֹיס אוּנ פוּן דָארְט הָאט זִיךְ דֶער נִיפְט צוּגָאסֶען אִיבֶּער אַללֶע נָאהֶענְטֶע אוּנ וַוייטֶע לֶאנְדֶער. פוּן פִיער מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זִיךְ אִין יֶענֶער צַייט דִי יוּדֶען אָנְגֶעלִיטֶען: דָאס זֶענֶען גֶעוֶועהן — דֶער פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר דֶער נַיינְטֶער, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַדַם שׂוֹנֵא דֶעם עֶדְלֶען קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶעם צְוֵוייטֶען אוּנ הָאט גֶעמַאכְט אַתֵּל פוּן דַייטְשְׁלַאנְד; דֶער קֶענִיג פוּן פְרַאנְקְרַייךְ לוּדְוִויג דֶער נַיינְטֶער, וָואס מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶערוּפֶען „דֶער הֵיילִיגֶע" אוּנ וָואס הָאט קֵיין יוּדֶען נִיט גֶעקָאנְט אָנְקוּקֶען; פֶערְדִינַאנְד דֶער דְרִיטֶער, דֶער קֶענִיג פוּן קַאסְטִילְיֶען, וָואס הָאט מִיט אֵייגֶענֶע הֶאנְד פַארְבְּרֶענְט אַזֶעלְכֶע קְרִיסְטֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעהַאלְטֶען מִיט דֶער קַאטָאלִישֶׁער קִירְכֶע אוּנ הָאט דֶערְפַאר אוֹיךְ זוֹכֶה גֶעוֶועהן פַארְרֶעכֶענְט צוּ וֶוערֶען צְווִישֶׁען דִי „הֵיילִיגֶע", אוּנ רַיימוּנְד דֶע פֶּענְיַאפָארְטֶע, וָואס הָאט נָאר גֶעוָואלְט טוֹיפֶען יוּדֶען אוּנ מַהְמַדְנֶער אוּנ הָאט זֵיי דֶערְפַאר אָנְגֶעטְהוּן עֲנוּיִים קָשִׁים. אוּנ דִי פִיער מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעלָאזְט כִּמְעַט אִיבֶּער גַאנְץ אֵייראָפַּא פְלִיעְ־סֶען יוּדִישׁ בְּלוּט.

פוּן דַייטְשְׁלַאנְד אִיז שׁוֹין נָאר אַקוּרְצֶע וֶוענ צוּ דִי לֶאנְדֶער וָואס לִיעגֶען

בַּיי דֶער דָאנוֹי. אִין אוּנְגַארְן הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג גֶעוָואהנְט יוּדֶען, וָואס זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען פוּן דֶער הַאוַארִישֶׁער אוּנ בִּיצַאנְטִינִישֶׁער מְלוּכָה, אוּנ אַזוֹי וִוי דָארְט אִיז דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם נָאךְ נִיט אַזוֹי בֶּעפֶעסְטִיגְט גֶעוֶועהן אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ דָארְט גֶעפוּנֶען אוֹיךְ פִיעל מַהְמַדַנֶער אוּנ גָאטְצֶענְדִינֶער, הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעשְׁפִּיעלְט אֵיין הוֹיפְּט־רָאלֶע, זֵיי פְלֶעגֶען זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין מִיט קְרִיסְטֶען, דֶער מְגַהֵר אִיז אִין גַאנְצֶען אַיינְגֶעשְׁטַאנֶען בַּיי זֵיי אִין דִי הֶאנְד. זֵיי פְלֶעגֶען אָבְּדִינְגֶען דֶ׳ם מַס בַּיי דֶער מְלוּכָה, אוּנ הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאט דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען בַּיי דֶער קְרוֹין. אַז עֶס הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעמַאכְט אַז דֶער קֶאנִיג אַנְדְרֶעאַס הָאט בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּם פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר, הָאט עֶר גֶעמוּזְט אִיהם גֶעבֶּען דָאס וָוארְט אַז עֶר וֶועט מֶעהר קֵיין יוּדֶען אוּנ מַהְמַדַנֶער נִיט צוּלָאזֶען צוּ קֵיין דִיעֶנְסְט; עֶס אִיז אִיהם אָבֶּער שְׁוֶוער גֶעוֶועהן דָאס אוֹיסְצוּפִיהְרֶען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ נִיט ווִיסֶענְדִיג גֶעמַאכְט. דָאס הָאט דֶעם פַּאפְּסְט פֶערְדְרָאסֶען, עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ אַנְדְרֶעאַס׳ן אִין הֵרֶם אַרַיינְגֶעלֶעגְט, אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט מִיט חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה שְׁוֶוערֶען אַז עֶר וֶועט פָאלְגֶען, אוּנ פוּנ׳ם יָאהר 1233 הָאבֶּען יוּדֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ דִיעֶנֶען אִין לַאנְד, חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט קְרִיסְטֶען הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין נִיט גֶעטָארְט אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט מֶען זֵיי גֶענֵייטְהְ זֵיי זָאלֶען טְרָאגֶען דֶעם שֶׁאנְדְלִיכֶען צֵייכֶען. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט גֶעמוּזְט טְהוּן בֶּעלַא, דֶער קֶאנִיג פוּן סְקְלַאוָואנְיֶען, אוּנ אוֹיךְ אַנְדֶערֶע מַאגְנַאטֶען, וָואס יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואהנְט אוֹיף זֵייעֶר עֶרְד.

די אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע צָרוֹת זֶענֶען נָאךְ אָבֶּער גֶעוֶועהן אַ גָארְנִישְׁט גֶעגֶען דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע, וָואס יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין אָנְגֶעמַאכְט. דָאס מַחֲלוֹקֶת אִיבֶּער דֶעם רמב״ם הָאט זִיךְ מִיט דֶער צַייט צוּבְּרֶענְט ווִי אַ הֶעלִישׁ פַייֶער, אוּנ דִי לוֹמְדִים, וָואס דֶער פְּרָאסְטֶער עוֹלָם הָאט נוּר זֵיי גֶעקֶענְט אוּנ גֶעגְלוֹיבְּט הָאבֶּען זִיךְ צוּטְהֵיילְט אוֹיף צְווֵיי פַיינְדְלִיכֶע מַחֲנוֹת, וָואס אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן זֶענֶען גֶעוָוארֶען שׂוֹנְאִים אוֹיפ׳ן לֶעבֶּען. פוּן אֵיין זַייט הָאבֶּען דִי אֵיידֶעלֶע מוֹחוֹת, וָואס הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה זֶענֶען צְווֵיי שְׁוֶועסְטֶער אוּנ שְׁטַאמֶען אַרוֹיס פוּן אֵיין שֹׁרֶשׁ, גֶעהַאלְטֶען שְׁטָאל אוּנ אַייזֶען פַאר׳ן רמב״ם; פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט עֶר גֶעהַאט אַ כַּךְ גֶעגְנֶער צְווִישֶׁען דִי דָאזִיגֶע, וָואס הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט אַז צוּפִיעל חֲקִירָה זָאל נִיט שַׁאדֶען דֶער אֱמוּנָה. אֵיינֶער פוּן זַיינֶע מִתְנַגְדִים אִיז גֶעוֶועהן ר׳ מֵאִיר בֶּן טוֹדְרוֹס הַלֵוִי אַבּוּלַאפְיָא, וָואס הָאט אַרַיינְגֶעשִׁיקְט אַ בְּרִיעף דִי לוֹמְדִים פוּן לוּנֶיל זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט לָאזֶען פֶערְפִיהְרֶען. אִין לוּנֶיל אִיז אָבֶּער דֶער זֵכֶר פוּנ׳ם רמב״ם אַזוֹי הֵיילִיג גֶעוֶועהן אַז מֶען הָאט אִיהם נָאר נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶער לַמְדָן פוּן דָארְט, ר׳ אַהֲרֹן בֶּן

משולם, האט איהם אויף זיין בריעף געשיקט אזא תשובה אז מעהר פרובען זיך האט ער שוין ניט געקאנט. אויסער דעם האט דער בעריהמטער דאקטאר פון בּרצלונה, ששת בנבנישתי געמאכט איבער ר׳ מאיר אבולאפיא א גאנצע הלצה, אונ געוויזען אז ער טהוט פונקט פארקעהרט ווי זיין נאהמען איז, ווייל ער הייסט „מאיר", דער „בעלייכטער" אונ צום סוף מאכט ער נאר „פינסטער". מען קאן זאגען אז די ערשטע צייט איז ר׳ מאיר אבולאפיא גע־וועהן כמעט דער איינציגער געגנער פונ׳ם רמב"ם, ווייל אין שפאניען אונ אויך אין פראנקרייך איז דאס פאלק זעהר צופרידען געוועהן פון דער פרייהייט, וואס דעם רמב"ם׳ס ספרים האבען זיי געגעבען. נאר אין גאנצען איינגעשוויגען ווערען האט ער ניט געקאנט, ער האט אויף זיין זייט צוגעצויגען איינעם פון די בעלי־התוספות, ר׳ שמשון, אונ אז עס האבען זיך מיט דער צייט שפאנישע אונ פראנצאזישע יודען אנגעהויבען משדך זיין מיט קריסטען אונ מחמדנער, האבען זיי אנגעמאכט א געוואלד אונ געשריגען אז דאס האט מען אלץ דעם רמב"ם צו פערדאנקען. דעמאלט איז דער פרומער רב פון מאנפעלייער ר׳ שלמה בן אברהם אפענטליך ארויסגעשפרונגען געגען דעם רמב"ם אונ אזוי ווי ער האט געזעהן ווי דער פאפסט גרעגאר האט גראד אין יענער צייט אריינגעלעגט אין חרם די קריסטליכע פרייע געלעהרטע פון דער פאריזער אוניווערזיטאט, האט ער זיך ענטשלאסען אויך צו בענוצען מיט אזא מיטעל. עס איז איהם אבער שווער געוועהן אבצוזוכען נאך עטליכע רבנים, וואס זאלען האלטען מיט זיין דעה אונ ער האט זיך געמוזט בעגנוגענען מיט זיינע צוויי תלמידים, ר׳ יונה בן אברהם גירונדי אונ ר׳ דוד בן שאול: אללע דריי האבען געמאכט א בית דין אונ האבען ארויסגעלאזט א כרוז אז ווער עס וועט זיך צורירען צום רמב"ם׳ס ספרים דער איז שוין אין חרם. פריהר האבען זיי גערעכענט צו בעטען די מלוכה זי זאל זיי העלפען אין דער הייליגער מלחמה, וואס זיי האבען אנגעהויבען, נאר באלד האבען זיי שוין קיין פרעמדע הילף מעהר ניט בעדארפט, ווייל ביסלעכווייז האבען אנגעהויבען צו זיי צו צושטעהן אויך אנדערע רבנים. דא איז ערשט ארויס דאס רעכטע מחלוקת: די רבנים פון לוניל, בעזיע (בדרש) אונ נארי־באן האבען באלד אריינגעלייגט אין חרם ר׳ שלמה׳ן מיט זיינע תלמידים. אין מאנפעליע אליין האט זיך אויך די קהלה צוטהיילט אויף צוויי כתות, אונ אזוי האט זיך אנגעהויבען א קריעג אין אללע יודישע קהלות פון קאטאלאניען, אראגאניען אונ קאסטיליען, אונ יעדער האט ביי זיך גערעכענט אז ער איז גערעכט.

צוויי בעריהמטע לומדים פון יענער צייט, דער אלטער ר' דוד קמחי, וואס איז בעקאנט מיט זיינע ראשי תיבות רד"ק, און דער יונגער ר' משה בן נחמן, אָדער ווי מען האט איהם גערופען אָבגעקירצט רמב"ן, האבען אויך געהאט א חלק אין דער מחלוקת. דער רד"ק איז געוועזען א פייעריגער בעשיצער דעם רמב"ם, און די פרומע רבנים האבען שוין לאנג אויף איהם קרום געקוקט דערפאר וואס ער האט געטייטשט די מעשה מרכבה — וואס דער נביא יחזקאל בעשרייבט — אויף איין אידעלערן אופן, און אויסער דעם האט ער געדרונגען אז ווען משיח וועט קומען וועט דער תלמוד אנוואָרען זיין ווערט. קוים האט זיך אָנגעהויבען דאס מחלוקת וועגען רמב"ם האבען איהם די רבנים באלד אריינגעלייגט אין חרם, נאר ער פון זיין זייט האט אויך ניט גערוהט: ווי אלט און שלאף ער איז געוועזען, האט ער זיך געלאזט פאהרען צו פיעל פראנצויזישע קהלות, און האט זיי אונטערגעהיצט געגען דעם רב פון מאנפעליע. דער רמב"ן, וואס איז געבאָרען געוואָרען אין קאטאלאניען אים יאהר 1195 און האט אויך געטראגען דעם נאמען בונשטרוק ד' פארטא, איז געגאנגען נאר מיט איין אנדער דרך, און דערפאר האט ער זיך גערעכענט צווישען דעם רמב"ם'ס געגנער. האטש ער איז געוועזען א דאקטאר און האט זיך אָבגעגעבען מיט נאטור-וויסענשאפטען, פון דעסטוועגען האט איבער איהם מעהר שליטה געהאט דאס הארץ ווי דער מח: ער האט געלעבט אין גאנצען נאר מיט'ן געפיהל, ווייל ער האט געזעהן אז מיט'ן פערשטאנד איז שווער אלדינג צו בעגרייפען; דערפאר איז איהם אויך ניט געפאלען דער רמב"ם, וואס האט געזוכט אללע סודות און נסים צו פארענטפערן מיט'ן שכל, און וואס דער רמב"ם האלט ניט פון קבלה. עס קאן זיין אז ווען ער וואלט געלעבט אין דער צייט פונ'ם רמב"ם און וואלט געקאנט מיט איהם איבער פיעל ענינים פערזענליך זיך אויסשמועסען, וואלט ער זיך ניט געוועהן אזוי דערווייטערט פון איהם; די טויטע אותיות פון די ספרים האבען איהם אָבער ניט געקאנט געבען א קלארע תשובה אויף אללע שאלות און עס איז ביי איהם געבליבען אז עס איז אסך גלייכער וויניגער קלערן און מעהר פיהלען און גלויבען. אז ר' שלמה פון מאנפעליע האט צום ערשטען מאל ארויסגעלאזט דעם חרם געגען די וואס האלטען מיט'ן רמב"ם, איז נאך דער רמב"ן געוועזען צו יונג, פון דעסטוועגען איז ער שוין געוועזען רב אין געראנא (גירונדי), זיין דעה איז געוועזען שטארק וויכטיג, און ר' מאיר אבולאפיא האט איהם זעהר געוואלט אריבער נעהמען אויף זיין זייט. פריהער האט זיך דער רמב"ן געהאלטען פון דערווייטענס, נאר

אַז ער איז געוואהר געוואָרען אַז מען האָט שלמה'ן און זיין קרוב ר' יונה'ן מַחֲרים געווען, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און איז אויך צוגעשטאַנען צו זיי און האָט זיך אַפּילוּ ענטשלאָסען צו שיקען אַ בּריעף אין יענע אָרטער פון שפאַניען וואו דער רמב"ם האָט געהאַט אַזאַ גרויסען צד. זיין בּריעף האָט אָבּער אין ערגיץ קיין שום רוֹשם געמאַכט, און דער פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה אין סאַראַגאָסאַ, דער לייב-דאָקטאָר פון'ם קאָניג רבּי בּחיי בּן חיאל אָבּן אַלקונסטאַנטיני האָט בּפירוּש ערקלעהרט, אַז מען וועט ניט אַראָבּנעהמען דעם חרם פון ר' שלמה'ן בּיז ער וועט מוֹדה זיין אַז ער האָט געטהון אַ פעהלער. אַחוּץ דעם האָט רבּי בּחיי, זיין בּרודער שלמה און נאָך גרויסע לייט צוגעשיקט בּריעף צו אַללע שפאַנישע קהלות: מען זאָל ניט שווייגען אין דער זאַך און מען זאָל זיך נוֹקם זיין אין די וואָס האָבּען זיך ערלויבּט מחלל צו זיין דעם כּבוד פון'ם רמב"ם. בּאַלד איז זיי אָנגעקומען אַ תּשובה פון הועסקאַ, מאָנצאָן (סנתּשון), קאַלאַטאַיוד (קלעת-איוב) און לערידאַ (לירדה), און זיי האָבּען געזעהן אַז זייער צד ווערט אַללע מאָל גרעסער. זיי האָבּען אָבּער אַרויסגעקוקט אויף טאָלעדאַ, ווייל זיי האָבּען געוואוּסט אַז אויף דער גרויסער קהלה וועלען אַללע יודען שטעללען. דער פאָרשטעהער פון די טאָלעדאַ'ר יודען, ר' יהוּדה בּן יוסף אבּן אַלפאַכאַר, וואָס איז אויך געווען לייב-דאָקטאָר בּיים קאָניג פערדינאַנד דעם דריטען, האָט אָבּער די ערשטע צייט געשוויגען און האָט ניט געוואָלט אַרויסזאָגען זיין מיינונג ווער פון בּיידע צדדים האָט רעכט. ר' מאיר אַבּוּלאַפיאַ האָט דערווייל געשטאַרקט דעם רמב"ן מיט זיינע בּריעף און האָט איהם געטרייסט אַז נאָר גיך וועלען אַללע פרומע יודען זיין אויף זייער זייט. פלוצלונג האָט אָבּער דער רמב"ן דערזעהן אַז פיעל רבּנים ווערען עפּיס קאַלט צו ר' שלמה'ן — און דאָס האָט געפּועלט בּיי זיי רבּי בּחיי אַז זיי זאָלען חאָטש בּלייבּען שטעהן פון דערווייטענס און זיך ניט מישען — דעמאָלט איז בּיים רמב"ן געבּליבּען ער זאָל זיך פּרוּבּען מאַכען אַ שלום צווישען די צדדים. ער האָט אויך פאָרגעלייגט מען זאָל זיך אויסגלייכען אויף אַזאַ אוֹפן, אַז פון'ם רמב"ם'ס ספרים זאָל נאָר דער „מורה נבוכים" בּלייבּען געאַסרט, און אַז טאָקי דעם רמב"ם'ס זוהן אַלליין, אַבּול-מיני אַבּרהם, זאָל בּעשטעהן דאַרויף. עס האָבּען איהם אָבּער קיינער ניט געוואָלט פאָלגען, און דאָס מחלוקת האָט זיך נאָך מעהר צו פלאַקערט.

דער צד פון'ם רמב"ם האָט ניט גערוהט, אַז דער אַלטער רד"ק האָט זיך ענטשלאָסען אַלליין צו פאָהרען קיין טאָלעדאַ, און זיך איבּערצייגען מיט וועמען

מֶען הַאלְט דָארְט, אוֹיפ'ן וֶועג אִיז עֶר אָבֶּער שְׁטַארְק קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיעף צוּ ר' יְהוּדָה אִבְּן אַלְפַאכַאר, אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אָפֶּען אַרוֹיסְזָאגֶען זַיין דֵעָה אוּנ עֶר זָאל נִיט שְׁטֶעהֶן פוּן וַוייטֶען בַּיי אַזַא ווִיכְטִיגֶע שַׁאֲלָה. דָא הָאט זִיךְ אָבֶּער אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז אַלְפַאכַאר אִיז גֶעוֶועהן פוּנ'ם רמב"ם'ס גֶעגְנֶער אוּנ עֶר הָאט דֶעם רד"ק גֶעאֶנְטְפֶערְט מִיט אַזֶעלְכֶע שְׁטָאכְיֶוארְטֶער אַז עֶר הָאט שׁוֹין גֶעזֶעהֶן מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט צוּ טְהוּן. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער כֹּחַ פוּן ר' שְׁלֹמֹה'ן נִיט שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען, חָאטְשׁ עֶס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען מִיט אִיהם אַזֶעלְכֶע דְרַיי גְרוֹיסֶע לַייט וִוי דֶער רמב"ן, אַבּוּלַאפְיָא אוּנ אַלְפַאכַאר; בִּיסְלֶעכְוַויים הָאבֶּען זִיךְ פוּן אִיהם אָבְּגֶעזָאגְט אַלֶע וָואס זֶענֶען פְרִיהֶר גֶעוֶועהן אוֹיף זַיין זַייט, אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן וִוי וַוייט עֶר שְׁטֶעהט פוּן זַיין צִיעל הָאט עֶר גֶעפוֹעֶלְט בַּיי זִיךְ צוּ טְהוּן אַזַא חִלּוּל הַשֵּׁם, וָואס טַאקִי נָאר דֶער ווִיסְטֶער נִצָּחוֹן הָאט גֶעקָאנְט דַארוֹיף אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אַזַא צַדִּיק. דֶער פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר הָאט דֶעמָאלְט גֶערוֹדֶף'ט דִי אַלְבִּיגֶענְזֶער אוּנ הָאט אַלֶע זֵייעֶרֶע כְּתָבִים גֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר. אַוַודַאי הָאט ר' שְׁלֹמֹה פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז וֶוען עֶר וֶועט מוֹדִיעַ זַיין דִי גַייסְטְלִיכֶע אַז צְווִישֶׁען יוּדֶען גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיךְ אֶפִּיקוֹרְסִים, וָואס לֶערְנֶען אֶפִּיקוֹרְסִישֶׁע סְפָרִים, אוּנ עֶר וֶועט זֵיי טַאקִי וַוייזֶען דִי לַאטַיינִישֶׁע אִיבֶּערְזֶעצוּנְג פוּנ'ם „מוֹרֶה נְבוּכִים", וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט אוֹיפ'ן בֶּעפֶעהל פוּנ'ם דַייטְשֶׁען קַייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶעם צְווֵייטֶען, וֶועלֶען דִי גַייסְטְלִיכֶע קֵיין בְּלֶעטֶעל נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען פוּנ'ם רמב"ם. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן: דִי מְסִירָה אִיז בַּיי דִי גַייסְטְלִיכֶע שְׁטַארְק אָנְגֶעלֶעגְט גֶעוֶועהן, אוּנ זֵיי וָואלְטֶען גֶעווִיס זִיךְ גוּט אָבְּגֶערֶעכֶענְט מִיט דִי „יוּדִישֶׁע אֶפִּיקוֹרְסִים", נָאר דָאס גְלִיק אִיז גֶעוֶועהן וָואס אִיבֶּער דִי יוּדֶען הָאבֶּען זֵיי דֶעמָאלְט קֵיין מֶמְשָׁלָה נִיט גֶעהַאט, דַארִיבֶּער הָאבֶּען זֵיי אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶעם גַאנְצֶען כַּעַס צוּ דִי שֶׁאדְלִיכֶע חִבּוּרִים. זֵיי הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען זוּכֶען אִין אַלֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער דֶעם רמב"ם'ס סְפָרִים אוּנ הָאבֶּען זֵיי אִין מָאנְפֶּעלְיֶע (מוֹנְפֶּעלְיֶע) אֶפֶענְטְלִיךְ פַארְבְּרֶענְט. נָאךְ וֶועניג דָאס פֶערְבְּרֶענֶען דֶעם רמב"ם'ס סְפָרִים, הָאבֶּען זֵיי נָאךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת אוֹיף זֵייעֶרֶע מִתְנַגְּדִים, אוּנ פִיעל יוּדֶען פוּן מוֹנְפֶּעלְיֶע זַיינֶען גֶעוֶועהן אִין גְרוֹיס סַכָּנָה.

אַזַא עַוְלָה הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ רַעַשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ ר' שְׁלֹמֹה'ס בֶּעסְטֶע פְרַיינְד הָאבֶּען זִיךְ אִין גַאנְצֶען פוּן אִים אָבְּגֶעזָאגְט. דִי מוֹסְרִים, וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, הָאבֶּען גֶעהַאט אַ שְׁוַוארְצֶען סוֹף: מֶען הָאט בַּיי זֵיי אוֹיסְגֶעשְׁנִיטֶען דִי צוּנְגֶען. ר' יוֹנָה גִירוּנְדִי הָאט זִיךְ גֶענוּג גֶעשְׁלָאגֶען „עַל חֵטְא" אוּנ הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ פָאהרֶען קֵיין טְבֶרְיָא אוּנ זִיךְ אוֹיסְבֶּעטֶען אַ כַּפָּרַת עָוֹן אוֹיפ'ן

רמב"ם'ס קבר. אין ברצלונה האט דער פארשטעהר ר' אברהם בן חסדאי איינגעפיהרט אז אללע שבת זאל מען לייענען א קאפיטעל פונ'ם "מורה נבוכים", אונ פון דעם מנהג האט מען צו וויסען געגעבען די יודישע קהלות פון קאס-טיליען, אראגאניען, לעאן אונ נאוואררא.

איינער פון די בעלי-תוספות, ר' משה פון קוצי, דער מחבר פון דעם בעריהמטען חבור ספר מצות גדול (סמ"ג), האט זיך גענומען אים יאהר 1235 ארומפאהרען איבער שפאניען אונ מיט זיינע דרשות מאכען שלום צווישען די כתות, וואס צו ליעב זייער מחלוקת האט דערוויל דאס יודישקייט אנגעהויבען פאלען. דעמאלט איז טאקי דער אינווענינגסטער מעמד פון די יודען געוועהן גאר ניט קיין פרעהליכער: אין דער צייט וואס די רבנים אונ די לומדים האבען גע-שטריטען צו דארף מען די תורה אבהיטען פון חקירה, איז דער פראסטער עולם אין גאנצען פערוואהרלאזט געווארען אונ האט זיך אנגעהויבען משדך זיין מיט קריסטען אונ מהמדנער. געגען אזעלכע געמישטע חתונות האט ר' משה פון קוצי געארבייט מעשים, אונ עס איז איהם געראטהען צו דערוועקען אין דעם עולם די ליעבע צו די אמת'ע פרומקייט.

ווען דאס מחלוקת האט פארדרעהט די עדעלסטע מוחות, האט זיך אנגע-הויבען גאר א נייער למוד וואס מען האט איהם גערופען קבלה, ווייל דער למוד איז געוועהן געבויעט אויף אלטע זאכען וואס יעדער האט מקבל געוועהן פונ'ם אנדערן פון די פריהריגע יאהרען. די קבלה בעשטעהט ניט פון קיין בעשטימטע כללים אונ איז גאר פול מיט סודות אונ ווינקען, וואס פיהרען אריין דעם מענשען אין גאנץ אונבעקאנטע וועלטען. אפילו ווען די קבלה האט זיך אנגעהויבען — איז געבליבען א סוד, האטש דאס איז זיכער אז פאר דעם דרייצעהנטען יאהר-הונדערט האט מען פון איהר כמעט ניט געוואוסט. פאר'ן ערשטען מקובל רעכענט מען ר' יצחק (סגי נהור), אונ אטהייל מיינען אז ער האט דעם למוד געירש'ט ביי זיין פאטער ר' אברהם בן דוד פון פושקיירוש (הראב"ד). דער הויפט-בנין פון קבלה שטעהט אויף גלגול נפש, דאס הייסט, אז די נשמה ווערד מגולגל נאך'ן טויט פון א מענשען אונ געהט איבער אין איין אנדער גוף ביז זי דער גרייכט ניט נאר די הויכע מדרגה אונ ווערד ניט געלייטערט. די תלמידים פון ר' יצחק סגי נהור פלעגען דערצעהלען, אז זייער רבי האט בעדארפט נאר א קוק טהון אויף איינעם, האט ער באלד דערקאנט וואס פאר א נשמה ער האט. פון די תלמידים זענען בעקאנט נאר צוויי — עזריאל אונ עזרא, וואס האבען איבער-גענומען אין גאנצען ר' יצחק'ס ארבייט. אין זייערע כתבים זיינען זיי זיך סותר

אין די ריכטיגקייט פון וואנען שטאמט די קבלה, ווייל אויף איין ארט דערצעהלען זיי גאנצע נסים, אז די קבלה שטאמט פון גאר אלטע צייטען און ניט יעדער האט זוכה געוועהן נהנה צו זיין פון איהר ליכטיגקייט, און אויף איין אנדער ארט זעגען זיי מגלה דעם סוד אז זיי האבען דעם למוד אנגעהויבען ערשט ניט לאנג, ווען זיי האבען זיך ארומגעדרעהט איבער דער וועלט און געזוכט די טיעפע חכמה, וואס קאן זיי ווייזען דעם וועג צום בעשעפער.

אז מען קוקט זיך צו צום יסוד פון דער קבלה, זעהט מען בפירוש ארוים אז דאס למוד וואקסט פון דעם רמב"ם'ס געגנער: א טהייל פון זיי האבען זיך איבערצייגט אז דער רמב"ם איז אזוי אנגענומען נאר צו ליעב דעם וואס ער עקלעהרט מיט'ן שכל אללע סודות פון דער תורה און גיט צו פערשטעהן דעם טעם פון די מצות, ווייל דעם מענשען איז שווער בלינד אלדינג צו גלויבען און וויל ווי ווייט מעגליך מיט זיין פערשטאנד בעגרייפען דאס נעטהיגקייט און ניצליכקייט פון דעם, וואס מען הייסט איהם טהון, דאריבער האבען זיי זיך ענטשלאסען אנצוהייבען אנדערע מיני חקירות וואס זאגען אז די תורה איז אין גאנצען סודות. יעדעס ווארט, יעדער אות איז א סוד וואס א מענשליכער שכל קאנן גאר ניט אריינדרינגען צו פערשטעהן אקוראט. די מקובלים האבען ער־קלעהרט אז גאטט איז א "אין סוף", און אז די וועלט איז בעשאפען געווארען דורך צעהן ספירות אדער פרצופים. נאך זייער דעה, איז די וועלט גלייך צו א בוים מיט בלעטער און די ספירות זענען די ווארצעלן וואס גיבען אינקה דעם בוים. די מקובלים רעכנען אז די וועלט שטעהט אויף תרי"ג מצות וואס יודען היטען אב. און אז פון די תפלות, וואס דער יוד זאגט מיט א רעכטער כונה, ווערד די נשמה געלייטערט. די ביטערע שאלה פון שכר פאר גוטע מעשים און עונש פאר שלעכטע זאכען אויף דער אדער אויף יענער וועלט, און בעזאנדערס די פראגע וואס גיט נאך עד היום פיעל מענשען קיין מנוחה ניט, פאר וואס איז א מאל דער רשע גליקליך און דעם צדיק געהט שלעכט, האבען די מקובלים פארענטפערט מיט זייער אמונה אין גלגולים, און האבען דערוויזען, אז די הצלחה געוועדט זיך נאר אן דער נשמה: קוים איז שוין די נשמה אב־געקומען פאר פריהריגע זינד, מאג זי שוין אריין אפילו אין דעם ערגסטען גוף ווערט זי פון קיין שלעכטס מעהר ניט וויסען, און משיח וועט ערשט דע־מאלט קומען ווען קיין איינציגע פערפלעקטע נשמה וועט זיך מעהר ניט ארומ־דרעהען אויף דער וועלט.... אט די אללע זאכען האבען ביידע ברידער, עזריאל און עזרא, איבערגעגעבען זייערע תלמידים און לויט דעם גאנג זיי דערקלערט

און געוויזען אַלֶרְלֵיי מיט אותות ומופתים. דער אַנֶדערער מְקוּבָל אָבֶּער, יַעֲקֹב בֶּן שֵׁשֶׁת גֵרוּנְדִי, האָט שוין חוֹזֶק געמאַכט פון אַללע חֲקִירוֹת און האָט געפאָדערט פון זיינע תַלְמִידִים מען זאָל איהם נאָר גלויבּען:

די ערשטע מְקוּבָּלים האָבּען אָבּער געוואָלט אויך אַז זייער נייער לִמוד זאָלל ניט אויסְזעהן צוּ ער איז צו ניי האָבּען זיי אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט אַ סֵפֶר מיט דעם נאָהמען בָּהִיר (דער גְלאַנץ) און האָבּען געזאָגט אַז ער שטאַמט פונ'ם בעריהמטען תַּנָא נְחוּנְיָא בֶּן הַקָנָה. עס איז טאַקי געראָטהען פיעל מענשען צו זיך צו ציהען און האָטש ר' מֵאִיר בֶּן שִׁמְעוֹן פון נַרְבוֹנָה און ר' מְשׁוּלָם בֶּן משה פון בעזיע (בדרש) האָבען צושיקט בּריעף און בעוויזען אַז דער „בָּהִיר" איז פאַלש, איז זייער מיה געוועהן אומזיסט.

אַזוי איז גירונדי געוואָרען אַנעסט פון די מְקוּבָּלים און זיי האָבּען זיך דאָרט פאַרמעהרט, ווייל צווישען זיי איז אויך געוועהן אַזאַ גרויסער גָאוֹן ווי דער רמב"ן וואָס האָט שטאַנדיג געגלויבּט זיין האַרץ מעהר ווי זיין קאָפּ. ביסלעכוועיז האָט זיך די קַבָּלָה פאַרשפּרייט אויך אין אַנדערע אָרטער, און פירציג יאָהר נאָך רמב"ן'ס טויט זענען פלוצלונג געוואָרען ביי יודען דריי כִּתּוֹת: חַקְרָנִים, וואָס האָבּען געהאַלטען פון דעם רמב"ם'ס סְפָרִים, תַּלְמוּדִיסטען, וואָס זענען אויף איין שְׁרִיט ניט אָבּגעטראָטען פון דער גְמָרָא, און מְקוּבָּלִים, וואָס האָבּען זיך אַרומגעטראָגען נאָר מיט רְמָזִים און סוֹדוֹת. די ערשטע צייט האָבּען זיך נאָך די תַּלְמוּדיסטען מיט די מְקוּבָּלִים געהאַלטען איינינעם און האָבּען מיט זייערע פערדאָפּעלטע כּוֹחוֹת געוואָרפען מיט שטיינער אויף די חַקְרָנִים נאָר גיך האָבּען זיי זיך אויך צושלאָגען און אַללע דריי כִּתּוֹת זענען זיך געוואָרען שׂוֹנְאִים אויפ'ן לעבּען.

פון די יודישע דיכטער (מְשׁוֹרְרִים אָדער פַּיְיטָנִים), וואָס האָבּען געלעבּט אין יענער צייט, זענען בעקאַנט געבליבּען די נעהמען פון ר' יְהוּדָה אַלְחַרִיזִי, וואָס האָט איבּערזעצט פון אַראַבּיש אַ טְהֵייל פונ'ם רמב"ם'ס סְפָרִים און האָט אָנגעשריבּען אויף לְשׁוֹן קֹדֶשׁ זיין סֵפֶר „תַּחְכְּמוֹנִי; ר' יוֹסֵף בֶּן סַבַּארָה, וואָס איז געוועהן אַ דאָקטאָר אין בּרצלונא און האָט אָנגעשריבּען אַ סֵפֶר „שַׁעֲשׁוּעִים"; ר' יְהוּדָה בֶּן יִצְחָק בֶּן שַׁבְּתַי, וואָס האָט אויך געשריבּען העבּרעאישע שירים, און ר' אַבְרָהָם בֶּן שְׁמוּאֵל הַלֵוִי בֶּן חִסְדָאִי, וואָס האָט איבּערזעצט פון אַראַבּיש דעם סֵפֶר „בֶּן הַמֶלֶךְ וְהַנָזִיר". דעמאָלט האָט אויך ר' בְּרֶכְיָה בֶּן נַטְרוֹנָאִי הַנַקְדָן אָנגעשריבּען זיינע הונדערט זיבּען מְשָׁלִים וואו ער האָט דעם אֶמֶת אַריינגעלעגט אין מויל אַריין פערשיעדענע חַיוֹת און

עופות, אונ האט אנאמען געגעבען „משלי שועלים”. ר׳ יצחק אבן סהולא, וואס פון איהם איז געבליבען א ספר „משל הקדמוני”. צווישען די אראבישע דיכטער האט זיך אויך אויסגעצייכענט א יוד, אבו יצחק אברהם אבן סהיל פון שיבילה, איינער פון די וואס די אלמהידען האבען זיי געצוואונגען צו ווערען מחמדנער.

די וועלט זאגט אבער א ווארטעל, אז צווישען דער באבע אונ דער קימפעטארן ווערד דאס קינד דערשטיקט: דאס האט מען ארויסגעזעהן דערפון ווי די יודען האבען נאך דעם רמב״ם׳ס טויט פערנאכלעסיגט זייער הייליגע שפראכע. די דריי כתות האבען זיך גערודפ׳ט איינס דאס אנדערע אונ אלץ צו ליעב דעם וויל יעדע האט געגלויבט אז נאר זי געהט מיט׳ן אמת אונ נאר איהר וועט געראטהען ארויפברענגען דאס יודישקייט אויף א פעסטען מעמד. צום סוף האבען זיי אללע דריי פארגעסען אז לשון קדש איז דער איינציגער יסוד פונ׳ם גאנצען יודענטהום, אונ אז דער רד״ק איז אויך געשטארבען, האט זיך קיינער ניט בעשעפטיגט מיט דעם לשון וואס איז אזוי שטארק צו געבונדען צו דער תורה אונ צו דער יודישער אמונה. אזוי זענען בישלעכווייז אבגעפאלען די בלעטער פון דעם שאנעם בוים, וואס האט ערשט ניט לאנג געבליהט אונ געבראכט געשמאקע פירות פון תורה אונ חכמה.

# 8 די וכוחים אונ דאס פארברענען פונ׳ם תלמוד.

(1270—1240 נאך קריסטוס געבורט).

אין דער צייט וואס די יודען האבען געהאלטען אין איין שלאגען זיך אינוועניג איבער פערשיעדענע דעות, האט דער שונא ניט געדרימעלט פון דרויסען אונ האט פון זייערטוועגען ניט געזשאלעוועט קיין קלאפ נאר צו ליעב איין דעה וואס ער האלט זיך פעסט אן איהר נאך אין איצטיגע יאהרען: אז דער יוד איז פאר איהם סתם שעדליך אונ וואס מעהר צרות ער וועט איהם אנטהון וועט פאר איהם געוויס בעסער זיין. דער סם וואס דער פאפסט אינאקענטי דער דריטע האט אריינגעלאזט אין פאלק האט געמאכט א פיעל ארגערע ווירקונג: ווי פיעל ער אלליין האט געקאנט ערווארטען. אינאקענטי האט נאר געוואלט די יודען א ביסעל צודריקען, זיי זאלען ניט אזוי שטארק אויפהייבען דעם קאפ, אבער מען זאל זיי טאקי ניט לאזען לעבען – דאס האט ער נאר ניט געוועלט. דאס פאלק האט אבער ליעב צו מאכען אנדערע

חֶשְׁבּוֹנוֹת פוּן אַלֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען, וָואס לְכַתְּחִלָה הָאט מֶען זַיי גֶעהַאלְטֶען פַאר נַארִישְׁקַייטֶען אוּנ אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע זַאכֶען. אִיז בַּיים פָאלְק גֶעוָוארֶען אַ אֶמֶת גָמוּר אוּנ מֶען הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ מִצְוָה צוּ בְּרֶענְגֶען דֶערְפַאר דִי יוּדֶען אוּנ בְּרָאטֶען. נִיט וַוייט פוּן כִּישָׁאפְּסְהַיים אוּנ לַאוּבַּה הָאט מֶען גֶעפוּנֶען אַ הָרוּג אַ קְרִיסְט; בַּאלְד אִיז בַּיי אַלֶע גֶעבְּלִיבֶּען, אַז דָאס אִיז דִי יוּדֶענְס אַרְבַּייט, מֶען אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת פוּן יֶענֶע צְוַויי שְׁטֶאדְטְלִיךְ אוּנ מֶען הָאט אוֹיסְגֶעהַרְגֶ'ט גָאר אָהְן אַ שׁוּם טַעֲנָה פִיעל אוּנְשׁוּלְדִיגֶע יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנ צְווִישֶׁען זַיי אוֹיךְ וַוייבֶּער אוּנ קְלֵיינֶע קִינְדֶער, דֶערְנָאךְ עֶרְשְׁט הָאט מֶען פֶערְנוּמֶען אַכְט מֶענְשֶׁען פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, מֶען הָאט זַיי אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה אוּנ מֶען הָאט זַיי אָנְגֶעטְהוּן עִנוּיִם קָשִׁים בִּיז זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין אוֹיף אַ לִיגֶען, אַז זַיי זֶענֶען דִי רוֹצְחִים אוּנ מֶען הָאט זַיי קְלָאמֶערְשְׁט מִיט רֶעכְט דֶערְהַרְגֶ'ט. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַ קוּק גֶעטְהוּן, אַז דָאס אִיז קַיין תַּכְלִית נִיט. אַז אַזֶעלְכֶע מַעֲשׂוֹת קָאנֶען, מִיט זַיי גֶעשֶׁעהֶען יֶעדֶען טָאג, זֶענֶען זַיי גֶעקוּמֶען צוּם פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר דֶעם נַיינְטֶען בֶּעטֶען עֶר זָאל אוֹיף זַיי רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ אָבְּהַאלְטֶען דִי קְרִיסְטֶען פוּן כָּשׁוּט'ע רְצִיחוֹת. עֶס אִיז אַ סְבָרָא אַז מִיט לֶעדִיגֶע הֶאנְד זֶענֶען זַיי נִיט גֶעקוּמֶען צוּם פַּאפְּסְט, נָאר וִוי אַזוֹי דִי מַעֲשֶׂה אִיז פוּן דָארְט גֶעוֶועהְן, צוּ הָאט דָא גֶעהָאלְפֶען „תְּפִלָּה" אָדֶער „דוֹרוֹן", נָאר גְרֶעגָאר הָאט בֶּעקוּמֶען אַ רָצוֹן צוּ מַאכֶען אַ סוֹף פוּן דֶער „מִלְחָמָה" אוּנ עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל מֶען זָאל דִי יוּדֶען נִיט טְהוּן מֶעהר קַיין שְׁלֶעכְטְס. דִי שִׂנְאָה אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהְן אַזוֹי גְרוֹיס אַז אֲפִילוּ דֶעם פַּאפְּסְט בֶּעפֶעהל הָאט מֶען אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען.

וִוי וַוייט דִי קְרִיסְטֶען הָאבֶּען גֶעהַאסְט דִי יוּדֶען, קָאן מֶען אַרוֹיסְזֶעהְן דֶערְפוּן וָואס אֲפִילוּ דֶער עֶדְלֶער דַייטְשֶׁער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶער צְוֵוייטֶער אִיז גֶעוֶועהְן אַ שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל. פְרִידְרִיךְ הָאט זִיךְ דַוְקָא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט דִי בֶּעסְטֶע יוּדִישֶׁע חֲכָמִים, וַוייל עֶר הָאט זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט חָכְמָה, עֶר פְלֶעגְט אָפְט שְׁרַייבֶּען בְּרִיעף קַיין טָאלֶעדָא צוּ אַ בֶּערִיהְמְטֶען יוּדִישֶׁען לַמְדָן ר' יְהוּדָה בֶּן שְׁלֹמֹה כֹּהֵן אִבְּן מַלְכָּא (מַתְקָה) אוּנ הָאט אִיהם בֶּעצוֹיגֶען קַיין אִיטַאלְיֶען. עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעלָאזְט קוּמֶען קַיין נֶעאַפֶּעל פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ אֵיין אַנְדֶער יוּדִישֶׁען גֶעלֶעהְרְטֶען ר' יַעֲקֹב אַנַטוֹלִי אוּנ הָאט אִיהם בֶּעשְׁטִימְט אַ יָאהר-גֶעהַאלְט דֶערְפַאר וָואס עֶר וֶועט פוּן אַרַאבִּישׁ אִיבֶּערְזֶעצֶען וִויסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע בִּיכֶער. ר' יַעֲקֹב אַנַטוֹלִי אִיז גֶעוֶועהְן ר' שְׁמוּאֵל אִבְּן תִּבּוֹן'ס אֵיידֶעם, אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט אוֹיף לַאטֵיין דֶעם „מוֹרֶה נְבוּכִים". אוּנ גַאנְץ אָפְט פְלֶעגְט פְרִידְרִיךְ זִיךְ

פֶערְטִיעפֶען אִין דֶעם רמב״ם׳ס חֲקִירוֹת. בַּיי אַזַא נָאהֶענְטְקַייט צוּ יוּדֶען וָואלְט דַאכְט זִיךְ פְרִידְרִיךְ בֶּעדַארְפְט זֵיי שֶׁאטְצֶען אוּנ לִיעב הָאבֶּען, בְּעֶזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס קֵיין פְרוּמֶער קְרִיסְט אִיז עֶר קַיין מָאל נִיט גֶעוֶועהן אוּנ הָאט פַיינְד גֶעהַאט דִי גַייסְטְלִיכֶע, צוּם סוֹף הָאט עֶר נָאךְ דִי יוּדֶען אֶרְגֶער בֶּעהַאנְדֶעלְט וִוי אַנְדֶערֶע אוּנ אִין זַיין הוֹיפְּט־שְׁטָאדְט פַּאלֶערְמַא הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט זִיצֶען אִין אַבֶּעזוּנְדֶער גַאס, וָואס מֶען הָאט גֶערוּפֶען גְהֶעטָא. אִין אֶסְטֶערְרַייךְ אִיז דִי יוּדֶען גֶעוֶועהן בֶּעסֶער: דֶער עֶרְץ־הֶערְצָאג פְרִידְרִיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט דֶערְקֶאנְט זֵייעֶר וֶוערְטה אוּנ הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען דִי גְרֶאסְטֶע פְרַייהַייט, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען בֶּעלֶע־בֶּען דֶעם מִסְחָר פוּנ׳ם לַאנְד. צְווֵיי יוּדֶען, לֶיכְּלִין אוּנ נֶעקְעלָא, זֶענֶען בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן דִי גַאנְצֶע פִיהְרֶער, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר יוּדֶען צוּגֶעלָאזְט צוּ דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען. דֶער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ הָאט דָאס אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט לֵיידֶען אוּנ הָאט אַזוֹי לַאנְג גֶעאַרְבַּייט בִּיז מֶען הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי רֶעכְטֶע אוֹיךְ בַּיי יֶענֶע יוּדֶען. אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז שְׁוֶוער צוּ פֶערְשְׁטֶעהן פוּן וַואנֶען גֶעהמְט זִיךְ אַזַא אַכְזָרִיוּת צוּ אַזַא עֶדְלֶען מֶענְשֶׁען וָואס פְלֶעגְט שְׁטֶאנְדִיג קְוֶועלֶען פוּן יוּדִישֶׁער חָכְמָה אוּנ חֲרִיפוּת. אַז דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע יוּדֶען זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קַיין סִיצִילְיֶען פוּן דִי אַלְמָהַדֶען הָאט עֶר זֵיי אַרַיינְגֶעלָאזְט, נָאר עֶר הָאט פוּן זֵיי גֶעפָאדֶערְט אַזוֹי פִיעל מַס אַז עֶר הָאט זֵיי אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעזוֹיגֶען אוּנ דָאס לֶעבֶּען אִיז זֵיי נִיט נִיחָא גֶעוֶועהן.

בַּיי אַנַיי[...]ם קְרַייצְצוּג אִים יָאהר 1236, אִיז מֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן אַנְזְשׁוּאַ, פָּאאַטוּא בָּארְדָא, אַנְגוּלֶעם אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט אוּנ מֶען הָאט גֶענֵייטְהדִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען. טְהַייעֶר הָאבֶּען דִי יוּדֶען בֶּעצָאהלְט פַאר זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען: נָאר פִינְף הוּנְדֶערְט יוּדֶען זֶענֶען אִיבֶּערְ־גֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם אוּנ מֶעהר פוּן דְרַיי טוֹיזֶענְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען; מְעוּבֶּרֶת׳ע וַוייבֶּער אוּנ פִיצְלֶעךְ קִינְדֶער הָאט מֶען מִיט דִי פֶערְד צוּטְרָאטֶען, דִי טוֹיטֶע קָארְפֶּערְס הָאט מֶען גֶעלָאזְט זִיךְ וַואלְגֶערְן אִין דִי גַאסֶען, מֶען הָאט צוּ־רִיסֶען סְפָרִים, פַארְבְּרֶענְט הַייזֶער אוּנ אוּמֶעדוּם גֶעגַאבָּאוֶועט וָואס מֶען הָאט נָאר גֶעקֶאנְט צוּנֶעהמֶען. דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַמָאל גֶעוֶוענְדֶעט צוּם פַּאפְּסְט עֶר זָאל זֵיי מַצִיל זַיין פוּן דֶער נַייעֶר צָרָה. גְרֶעגָאר הָאט בַּאלְד צוּשִׁיקְט בְּרִיעף צוּ דִי גַייסְטְלִיכֶע אוּנ הָאט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם קֶענִיג פוּן פְרַאנְקְרַייךְ לוּדְוִויג דֶעם נַיינְטֶען אַז גָאטט וִויל נִיט אַזֶעלְכֶע קָרְבָּנוֹת אוּנ דִי קִירְכֶע בֶּעדַארְף נִיט מֶען זָאל יוּדֶען שְׁלֶעפֶּען מִיט גֶעוַואלְד צוּם טוֹיפֶען. לוּדְוִויג אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן אַזַא שׂוֹנֵא דִי יוּדֶען, זֵיי צוּ טוֹיפֶען הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶער גְרֶאסְטֶער

מִצְוָה, אַז עֶר הָאט אוֹיפ׳ן פַּאפְּסְט׳ס בְּרִיעף גָאר נִיט גֶעקוּקְט אוּנ הָאט זִיךְ גֶעטְהוּן זַיינְס. דִי יוּדֶען אִיז נָאךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אֵיין מִיטֶעל – זִיךְ אָבְּצוּקוֹיפֶען מִיט גֶעלְד, אוּנ דָאס הָאבֶּען זֵיי גֶעטְהוּן. אִין עֶנְגְלַאנְד הָאבֶּען זֵיי בַּיי הֵיינְרִיךְ דֶעם דְרִיטֶען פַּאר אַ הִיבְּשֶׁע מַטְבֵּעַ גֶעפּוֹעלְ׳ט עֶר זָאל צוּשִׁיקֶען שְׁלוּחִים אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד אוּנ אָנְזָאגֶען שְׁטְרֶענְג מֶען זָאל זֵיי נִיט טְשֶׁעפֶּען. אַזַא מִיטֶעל אִיז אָבֶּער גֶעוֶועהן, וִוי מֶען זָאגְט, אַ שְׁטֶעקֶען מִיט צְוֵויי עֶקֶען: צוּ לִיעבּ דֶעם זֵיי זָאלֶען קָאנֶען גֶעלְד גֶעבֶּען, הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעמוּזְט רַייסֶען גְרוֹיסֶע פְּרָאצֶענְטֶען, אוּנ צוּ לִיעבּ דִי פְּרָאצֶענְטֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אָפְּט בֶּעדַארְפְט אוֹיסְ-קוֹיפֶען מִיט גֶעלְד. אַזוֹי אִיז דֶער יוּד גֶעוָוארֶען אַזַא מְסוּכָּנֶ׳ער חוֹלֶה, וָואס וואוּ מֶען לֶעגְט אִיהם אִיז אִיהם שְׁלֶעכְט. פוּן אַלֶע זַייטֶען הָאט מֶען נָאר גֶע-הֶערְט אַ גֶעשְׁרֵיי, אַז דֶער יוּד אִיז אַ הוֹיט-שִׁינְדֶער, אַ בְּלוּטְזֵייגֶער, נָאר קוֹים הָאט לוּדְוִויג גֶעוָואלְט נָאר לַחֲלוּטִין פַאר וֶוערֶען דִי יוּדֶען זֵיי זָאלֶען נִיט נֶעהמֶען קֵיין רְוָחִים, הָאבֶּען עֶס דִי גְרֶעסְטֶע בַּארָאנֶען נִיט דֶערְלָאזְט אוּנ הָאבֶּען גֶע-וִויזֶען אַז אַזוֹי וֶועט זַיין נָאךְ עֶרְגֶער אוּנ מֶען וֶועט נִיט הָאבֶּען בַּיי וֶועמֶען אַ פְּרוּטָה צוּ לַייעֶן, וַוייל דִי קְרִיסְטֶען פְלֶעגֶען נָאר דֶערְקְוֶועטְשֶׁען זֵייעֶרֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת.

אֵיין שְׁטִיקֶעל אָנְשְׁפַּארֶענִישׁ הָאט נָאךְ דֶער יוּד גֶעהַאט אִין יֶענֶער פִינְסְ-טֶערֶער צַייט – דָאס אִיז גֶעוֶועהן דִי יְשִׁיבָה, דָאס שׁוּלְכֶען, דֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ, וואוּ עֶר הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט אַנִידֶערְזֶעצֶען אִיבֶּער אַ בְּלַאטט גְמָרָא, זִיךְ אַוֶועקְ-לָאזֶען שְׁווִימֶען אִיבֶּער דֶעם גְרוֹיסֶען יַם פוּנ׳ם תַּלְמוּד אוּנ פַארְגֶעסֶען דֶעמָאלְט אַלֶע צָרוֹת. דֶער שׂוֹנֵא הָאט אָבֶּער גֶעטְרָאפֶען אוֹיךְ אַהִין אוּנ הָאט בַּיי אִיהם צוּ גֶענוּמֶען זַיין לֶעצְטֶע טְרֶאסְט. אַ גֶעטוֹיפְטֶער יוּד, נִיקָאלַאי דָאנִין, פוּן לַא-רַאשֶׁעל הָאט גֶעמַסֶר׳ט דֶעם פַּאפְּסְט, אַז דָאס גַאנְצֶע אוּמְגְלִיק לִיעגְט נָאר אִין דֶעם תַּלְמוּד, אַז דִי יוּדֶען וָואלְטֶען גֶעוֶועהן אַסַךְ לַייטִישֶׁער וֶוען דִי גְמָרָא פַארְדְרֶעהט זֵיי נִיט דֶעם קָאפּ אוּנ רֵייצְט זֵיי נִיט אָן גֶעגֶען דִי קְרִיסְטֶען אוּנ אַז מֶען מוּז דֶעם שֶׁעדְלִיכֶען לִמוּד אִין גַאנְצֶען צוּ שְׁטֶערְן עֶס זָאל פוּן אִיהם קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען.

דִי גְמָרָא אִיז פַאר דִי שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועהן אַ כָּשֵׁר׳ע מְצִיאָה, וַוייל דָארְט זֶענֶען צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֵיינוּנְגֶען, וָואס דִי תַּנָאִים אוּנ אֲמוֹרָאִים הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעזָאגְט אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע צַייטֶען. אוּנ וָואס מֶען קָאן זִיךְ צוּ זֵיי צוּטְשֶׁעפֶּען, עֶס אִיז דַארִיבֶּער גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס דֶער גֶע-טוֹיפְטֶער נִיקָאלַאי דָאנִין הָאט אָבְּגֶעזוּכְט אִין תַּלְמוּד פִינְף אוּנ דְרַייסִיג אָרְטֶער, וָואס בֶּעוַוייזֶען דִי שִׂנְאָה פוּן דִי יוּדֶען צוּ דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה. בַּאלְד וִוי דִי

מְסִירָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ פַּאפְּסְט גְרֶעגָאר, הָאט עֶר שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַ בֶּעפֶעהל צוּ אַלֶע גַייסְטְלִיכֶע פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, עֶנְגְלַאנְד, קַאסְטִילְיֶען, אַרַאגָאנְיֶען אוּנ פָּארְטוּגַאל, אַז זֵיי זָאלֶען הֵייסֶען, אוּם עֶרְשְׁטֶען שַׁבָּת פוּן פַאסְטֶען־צַייט, וֶוען דִי יוּדֶען וֶועלֶען אַוֶועקְגֶעהְן דַאוְונֶען, אָנְפַאלֶען אוֹיף אַלֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער אוּנ צוּנֶעהְמֶען אַלֶע תַּלְמוּדִישֶׁע סְפָרִים, וָואס מֶען וֶועט גֶעפִינֶען. אַ חוּץ דֶעם הָאט עֶר צוּגֶעשְׁרִיבֶּען דִי מְלָכִים פוּן יֶענֶע לֶאנְדֶער, זֵיי זָאלֶען דִי גֵייסְטְלִיכֶע בֶּעהִילְפִיג זַיין. אוּנ אַז מֶען וֶועט זִיךְ אִיבֶּערְצַייגֶען אַז אִין תַּלְמוּד גֶעפִינֶען זִיךְ מַאקִי דִי אֶרְטֶער, וָואס דָאנִין הָאט אָנְגֶעוִויזֶען, זָאל מֶען אֶפֶּענְטְלִיךְ דֶען תַּלְמוּד פַארְבְּרֶענֶען. דֶעם מוֹסֵר הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ אֵיינֶגֶענְהֶאנְדִיגֶען בְּרִיעף צוּם עֶפִּיסְקָאפּ פוּן פַּארִיז עֶר זָאל זִיךְ מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת מִשְׁתַּדֵל זַיין אוּנ צוּשְׁטֶערֶען דִי נֶעסְט וָואס דִי בַּעֲלֵי הַתּוֹסְפוֹת הָאבֶּען גֶעהַאט אִין פְרַאנְקְרַייךְ.

אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ עֶנְגְלַאנְד הָאט מֶען זִיךְ כִּמְעַט נִיט גֶעוָואלְט אוּמְקוּקֶען אוֹיף גְרֶעגָאר׳ס בֶּעפֶעהל. נָאר אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאט זִיךְ דֶער קֶאנִיג לוּדְוִויג דֶער נַיינְטֶער אָנְגֶעהַאפְּט אַן דֶער מְסִירָה מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ הָאט גֶעצַייטִה דִי יוּדֶען, זֵיי זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַלֶע סִפְרֵי הַתַּלְמוּד. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען אַז נִיקָאלַאי דָאנִין זָאל הָאבֶּען אַ אֶפֶּענְטְלִיכֶען וִכּוּחַ מִיט פִיער רַבָּנִים אוּנ עֶר הָאט דֶערְצוּ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען ר׳ יְחִיאֵל פוּן פַּארִיז, ר׳ מֹשֶׁה מִקוּצִי׳ וָואס אִיז נָאר וָואס צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן זַיין לַאנְגֶער נְסִיעָה אִיבֶּער דִי שְׁפַּאנִישֶׁע לֶאנְדֶער, ר׳ יְהוּדָה בֶּן דָוִד פוּן מֶעלִין אוּנ ר׳ שְׁמוּאֵל בֶּן שְׁלֹמֹה פוּן שַׁאטָאטְהִיעְרִי (שַׁתּוּ־תִיעֶרְדִי). דֶער וִכּוּחַ הָאט בֶּעדַארְפְט זַיין אוֹיף לַאטֵיינִיש אִין דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף דֶעם 25 יוּנִי 1240, אוּנ דִי קְלוּגֶע מוּטֶער פוּנ׳ם קֶענִיג בְּלַאנְשׁ מִיט זֵייעֶר פִיעל גַייסְטְלִיכֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען דֶערְבַּיי. ר׳ יְחִיאֵל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער חָכָם אוּנ הָאט גֶעקָאנְט פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת, הָאט אִיבֶּער זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ פֶערְאֶנְפֶערן דֶעם תַּלְמוּד, אוּנ הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְפוּן וָואס עֶר הָאט זִיךְ פֶערְרוּפֶען אוֹיף דִי גֶעזֶעצֶע, וָואס שִׁיצֶען דָאס אִינֶעוַוייניגְסְטֶע לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ הָאט בֶּעוִויזֶען אַז קֵיינֶער הָאט קֵיין רֶעכְט נִיט צוּ מִשְׁפָּט׳ן אַזֶעלְכֶע סְפָרִים, וָואס זֶענֶען בַּיים יוּדֶען הֵיילִיג. דִי קֶענִיגִין הָאט אִיהם בֶּערוּהִיגְט, אַז מֶען וִויל דָא גָאר נִיט בֶּערִירֶען דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה, אוּנ הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל נָאר גֶעבֶּען רֶעכְטֶע תְּשׁוּבוֹת אוֹיף אַלֶע שְׁאֵלוֹת וָואס מֶען וֶועט אִיהם פָארְלֵייגֶען. אַז נִיקָאלַאי דָאנִין הָאט גֶעפָאדֶערְט פוּן ר׳ יְחִיאֵל׳ן עֶר זָאל גֶעבֶּען אַ שְׁבוּעָה אַז עֶר וֶועט זָאגֶען דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר הָאט נָאךְ אוֹיף זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען נִיט גֶעשְׁוָוארֶען, אוּנ דִי קֶענִיגִין

הָאט אִיהם בֶּעפְרַייהט דֶערְפוּן. דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶער וִכּוּחַ צְווִישֶׁען נִיקָאלַאי דָאנִין אוּנ ר׳ יְחִיאֵל׳ן, וָואס הָאט גֶעדוֹיעֶרְט גַאנְצֶע צְווַיי טֶאג. אַללֶע יוּדֶען פוּן פַּארִיז הָאבֶּען דֶערְוַוייל גֶעפַאסְט, וַוייל זַיי הָאבֶּען גֶעפִיהלְט אַז קַיין גוּטְס קָאן דֶערְפוּן נִיט אַרוֹיס. אוֹיפ׳ן דְרִיטֶען טָאג הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶערוּפֶען ר׳ יְהוּדָה בֶּן דָוִד פוּן מֶעלִין, וָואס אִיז דֶערְוַויל גֶעזֶעסֶען פֶערְשְׁפַּארְט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער חֶדֶר, כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ נִיט קָאנֶען אָבְּרֶעדֶען מִיט דִי אִיבְּרִיגֶע רַבָּנִים, אוּנ אַז ר׳ יְהוּדָה הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט דָאס אֵייגֶענֶע וָואס ר׳ יְחִיאֵל, הָאט מֶען שׁוֹין קֵיינֶעם מֶעהר נִיט גֶעפְרֶעגְט, אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע, וָואס הָאט בֶּאֱמֶת גֶעהַאט נָאמֶען אִין הַארְצֶען, הָאט פָּארְגֶעלֶעגְט מֶען זָאל דִי יוּדֶען בֶּעפְרַייעֶן פוּן דִי פַאלְשֶׁע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען אוּנ זַיי אָבְּגֶעבֶּען דִי סְפָרִים. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהֶן, נָאר צוּם אוּמְגְלִיק אִיז תֵּיכֶּף דֶער פְרוּמֶער גַייסְטְלִיכֶער, וָואס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִי יוּדֶען, גֶעשְׁטָארְבֶּען פְּלוּצְלוּנְג אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן אַז דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ עוֹנֶשׁ, דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט נִיט דֶערְלָאזְט מֶען זָאל פַארְבְּרֶענֶען דֶעם תַּלְמוּד. דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל שׁוֹין גָאר אָהן טַעֲנוֹת פֶערְנִיכְטֶען דֶען תַּלְמוּד. אַזוֹי הָאט מֶען אִים יָאהר 1242 אִין פַּארִיז אוֹיף פִיער אוּנ צְוַואנְצִיג וָואגֶען צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען גַאנְץ ש״ס אוּנ מֶען הָאט זַיי אוֹיף אַ פְרַייעֶן פְּלַאץ פַארְבְּרֶענְט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ שְׁטַארְקֶער בְּרָאךְ פַאר דִי יוּדֶען. דִי פְרוּמֶע הָאבֶּען אִין דֶעם טָאג אַללֶע יָאהר גֶעפַאסְט, אוּנ ר׳ אַבְרָהָם בַּדַרְשִׁי אוּנ ר׳ מֵאִיר פוּן רָאטֶענְבּוּרְג הָאבֶּען בֶּעווֵיינְט דִי שְׂרֵפָה אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער קִינָה.

דָאס פַארְבְּרֶענֶען פוּנ׳ם תַּלְמוּד, פּוּנְקְט וִוי אַללֶע אוּמְגְלִיקֶען בַּאלְד אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער צַייט וָואס זַיי טְרֶעפֶען זִיךְ אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען—הָאט וֶוענִיגְסְטֶענְס גֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס אִינֶעוֵויינִיג אִיז הָאטְשׁ גֶעוָוארֶען רוּהִיג אוּנ דִי פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע כִּתּוֹת הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְרִיגֶען. בַּאלְד אָבֶער הָאט מֶען גֶעמַסֶר׳ט דֶעם פַּאפְּסְט אִינָאקֶענְטִי דֶעם פִירְטֶען, אַז יוּדֶען הָאבֶּען וַוייטֶער בֶּעקוּמֶען ש״ס אוּנ לֶערְנֶען מִיט גְרוֹיס הֵשֶׁק. דֶער פַּאפְּסְט הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם קֶענִיג עֶר זָאל נִיט דֶערְלָאזֶען אַזַא עַוְלָה; מֶען אִיז נָאךְ אַ מָאל אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדִישֶׁע הַייזֶער, מֶען הָאט אוֹיסְגֶעזוּכְט וואו עֶס אִיז נָאר דָא אַ בְּלֶאטֶעל שֵׁמוֹת אוּנ מֶען הָאט דֶעם תַּלְמוּד וַוייטֶער פַארְבְּרֶענְט.

אִין דַייטְשְׁלַאנְד אִיז דִי יוּדִישֶׁע לַאגֶע אוֹיךְ נִיט בֶּעסֶער גֶעוֶועהן. דֶער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ הָאט שׁוֹין אַזוֹי גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם שְׁטֵייגֶער, אַז אוֹיף יוּדֶען מֶאג מֶען אוֹיסְטְרַאכְטֶען וָואס מֶען וִויל. אַז דִי מָאנְגָאלֶען הָאבֶּען אַיינְגֶענוּמֶען גַאנְץ רוּסְלַאנְד

און פּאַלען און האָבען זיך מיט זייער ווילדען גבור טשינגיס־כאַן צוגערוקט ביז צום גרעניץ פון דייטשלאַנד, האָט דאָס פאָלק באַלד געמאַכט די יודען פאַר דעם שעיר לעזאזל. געוואוּסט האָט מען אַז די מאָנגאָלען האָבען זיך אויך געפונען יודען, וואָס מען האָט געהאַלטען אַז זיי שטאַמען אַרויס פון די עשרת השבטים, און צו ליעב דעם האָט מען שוין ניט געזאָלט ווערט זיך צו קלאָגען אויף די יודען, אַז זיי האָבען געמאַכט יד אחת מיט׳ן שונא און האָבען איהם געשיקט אפילו כלי זין. אַוודאי האָבען שוין די יודען ביי אַזא שרעקליכע בעשולדיגונג, געהאַט געגוג לייד און צרות.

אַז מען האָט געהאַלטען די יודען אין רודף׳ן, האָט מען זיך באַלד אַרומגעקוקט אַז עס טויג ניט וואָס זיי בעשעפטיגען זיך מיט מעדיצין, ווייל פיעל פון זיי זענען געוועהן לייב־דאָקטורים ביי קעניגע און מאַגנאַטען און האָבען צו ליעב דעם געקאָנט אויספיהרען די גרעסטע טובות פאַר זייערע אומגליקליכע ברידער. מען האָט גאָר לאַנג ניט געטראַכט און אים יאָהר 1246 איז אין בעזיע געוועהן אַ גרויסע אסיפה פון גייסטליכע, און מען האָט בעשלאָסען אַז יודען טאָרען ניט היילען קיין קריסטען. פון דעסטוועגען האָבען טאַקי די קריסטען אַליין געמוזט ברעכען די תקנה, ווייל ביי אַ סכנה האָט מען געמוזט אָנקומען צום יודישען דאָקטאָר. אַז דעם קעניג לודוויג׳ס ברודער איז קראַנק געוואָרען אויף די אויגען, האָט מען קוים איינגעבעטען דעם יודישען דאָקטאָר ר׳ אברהם פון אַראַגאָניען ער זאָל איהם אויסהיילען. אין מאָנפעליע האָבען פּראַקטיצירט פיעל יודישע דאָקטורים און עטליכע פון זיי זענען אויך געוועהן פּראָפעסאָרען אין דער אוניווערזיטעט.

אין ענגלאַנד האָבען די יודען געמוזט אויסשטעהן אַנדערע צרות, בעזאָנדערס אַז די מלוכה איז איבערגעגאַנגען צו היינריך דעם דריטען, וואָס האָט געהערשט כמעט זעכציג יאָהר. ער איז ניט געוועהן אַזא אכזר ווי דער פאָטער יאָהאַנן, נאָר ער האָט פון זיי אַזוי פיעל געלד אַרויסגעצויגען אַז ער האָט כמעט אַללע ענגלישע יודען געמאַכט פאַר אביונים. אין זיבען יאָהר האָט ביי זיי די מלוכה צוגענומען מעהר פון צוועלף מיליאָן פראַנק און דערצו האָט מען זיי נאָך געמאַטערט זיי זאָלען טראָגען דעם שאַנדליכען יודישען צייכען, קיין נייע שולען זאָלען זיי ניט טאָרען בויען און דאַווענען זאָלען זיי שטיל אַז די קריסטען וואָס געהען נעבען דער שול זאָלען ניט הערען זייערע קולות. עס איז אַזוי ווייט געקומען אַז די יודען האָבען געבעטען מען זאָל זיי בעסער אַרויסלאָזען פונ׳ם לאַנד; דער קעניג האָט אָבער ניט געוואָלט אָנווערען אַזא הכנסה און זיי

## האָבען געמוזט בלייבען אין ענגלאַנד און ליידען.

אַװדאַי האָט דאָס לעבען פון די שפּאַנישע יודען, אַקעגען זייערע דייטשע, פראַנצאָזישע און ענגלישע ברידער אויסגעזעהן ווי אַגַן עדן. אין קאַסטיליען האָט פונ'ם יאָהר 1252 ביז 1284 געהערשט אַלפאָנסאָ דער צעהנטער, וואָס האָט זיך ניט געהאַלטען אָן דעם דרך פון זיין פאָטער „פערדינאַנד דעם הייליגען" און האָט בעסער געוואָלט אַז די וועלט זאָל איהם רופען „דער קלוגער". ער איז געוועהן ניט שלעכט געגען די יודען, וואָס פיעל פון זיי האָבען געדיענט אין זיין חיל ווען ער איז אָנגעפאַלען אויף שיבילה. אַז ער האָט איינגענומען די שטאָדט און האָט די ערד אַוועקגעשענקט זיינע גבורים, האָט ער אויך די יודען ניט פערטהיילט און האָט באַלד בעקומען געטרייע מענשען, ווייל די יודען פון שיבילה, וואָס האָבען זיך לפנים גערעכענט פאַר מהמדנער, זענען זעהר צופרידען געוועהן וואָס זיי האָבען געפּטר'ט די אַלמהדען און האָבען געקאָנט אָפען איבערגעהן צום יודענטהום. אַלפאָנסאָ האָט זיי טאַקי אָבגעגעבען דריי מאָשעען (מאַצעטען) און זיי האָבען דאָרט געמאַכט שולען. און פאַר גרויס דאַנקבאַרקייט האָט איהם די יודישע קהלה — ווען ער האָט בעדאַרפט אַריינפאַה-רען אין שטאָדט — אַקעגען געטראָגען אַ טהייערן שליסעל מיט אַ העבראַישער און שפּאַנישער אויפשריפט: „דער מלך איבער אַללע מלכים עפענט און דער מלך פונ'ם לאַנד קומט אַריין". אַלפאָנסאָ האָט געגעבען יודען די גרעסטע שטעל-לען: זיין פינאַנץ-מיניסטער איז געוועהן אַ יוד, אַ גרויסער למדן דון מאיר די-מאַליאַ, און נאָך זיין טויט איז די שטעללע איבערגעגאַנגען צום זוהן דון יצחק. ער האָט אויך געהאַט אַ יודישען לייב-דאָקטאָר, דון יהודה בן משה הכהן, און אַ חוץ דעם איז ער געוועהן אַרומגערינגעלט מיט פיעל געלערנטע יודען, ווי דער נאַטור-פאָרשער דון ר' שמואל הלוי, וואָס האָט פאַר'ן קעניג געמאַכט אַ קונציגען זייגער, וואָס איז געגאַנגען מיט'ן כח פון וואַסער, און דער חזן דון יצחק אבן-סעיד, וואָס איז געוועהן אַ גרויסער אַסטראָנאָם. ווי עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, האָט אַלפאָנסאָ געלעגט כבוד נאָר אויף זיינע געצאָהלטע יודישע גוטע פריינד, וואָס ער האָט אַלליין געקאָנט און געשעצט פאַר זייערע קענטניסע; דאָס גאַנצע יודישע פאָלק האָט ער טאַקי ניט געקאָנט ליידען און האָט געזוכט אַללע מיטעל ווי אַזוי עס צו ערנידריגען. ער האָט פאַר יודען אויסגעאַרבייט בעזונדערע געזעצע, ער האָט פאַרוועהרט די קריסטען זיי זאָלען ניט עסען און זאָלען זיך ניט באָדען אינאיינעם מיט די יודען, און האָט געמאַכט אַז דעם פרייטאָג פאַר דעם קריסטליכען פּסח זאָל קיין יוד זיך

נִיט טָארֶען וַוייזֶען אוֹיף דֶער גַאס. חָאטְשׁ דֶער פַּאפְּסְט אִינָאקֶענְטִי דֶער פִיעֶרְטֶע הָאט שׁוֹין דֶעמָאלְט אָפֶען עֶרְקְלֶעהרְט אַז דִי יוּדֶען דַארְפֶען נִיט קַיין בְּלוּט אוֹיף פֶּסַח, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ דֶער בִּלְבּוּל נָאךְ גֶעהַאלְטֶען אוּנ אַלְפָאנְסָא הָאט אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט אַז דִי יוּדֶען קוֹילֶען קְרִיסְטְלִיכֶע קִינְדֶער, אוּנ וֶוען עֶס אִיז זֵיי אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּ בֶּעקוּמֶען אַלֶעבֶּעדִיג קִינְד זֶענֶען זֵיי יוֹצֵא נָאר מִיט'ן זֵכֶר דֶערְפוּן אוּנ מוּטְשֶׁען חָאטְשׁ אַ הָאלְצֶערְנֶע אָדֶער אַ וַואקְסֶענֶע לַיאלֶקֶע; דַארִיבֶּער הָאט עֶר אִין זַיינֶע גֶעזֶעצֶע אַרַיינְגֶעשְׁטֶעלְט אַ דִין, אַז וִוי בַּאלְד מֶען וֶועט גֶעפִינֶען אַ יוּדֶען, וָואס וֶועט מַאכֶען אַזַא שְׁפִּיעל מִיט אַ לַיאלֶקֶע, אִיז עֶר חַיָב מִיתָה.

עֶס אִיז אָבֶּער מֶערְקְוִוירְדִיג, וָואס אַלְפָאנְסָא אַלֵיין הָאט עוֹבֵר גֶעוֶועהן אוֹיף אַלֶע זַיינֶע גֶעזֶעצֶע: עֶר הָאט פֶערְבָּאטֶען אַז אַ קְרִיסְט טָאר נִיט נִיצֶען אֲפִילוּ דֶעם רֶעצֶעפְּט, וָואס אַ יוּד הָאט זִיךְ צוּ אִיהם צוּגֶערִירְט, אוּנ צוּם סוֹף הָאט עֶר זִיךְ אַלֵיין נָאר גֶעהֵיילְט בַּיי זַיין יוּדִישֶׁען לַייבּ-דָאקְטָאר, אוּנ דִי אֵיינֶענֶע יוּדֶען, וָואס עֶר הָאט זֵיי חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן אִין דִי עֶרְגְסְטֶע נַארִישְׁקַייטֶען, זֶענֶען בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן דִי גְרֶעסְטֶע חֲשׁוּבִים אוּנ זֵייעֶרֶע עֵצוֹת הָאט עֶר גֶעפָאלְגְט.

אַסַךְ עֶרְגֶער אִיז גֶעוֶועהן דִי לַאגֶע פוּן דִי יוּדֶען אִין אַרַאגָאנְיֶען. דֶער קֶאנִיג יַאקָאב דֶער עֶרְשְׁטֶער פְלֶעגְט אָפְט קוּמֶען קַיין פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ הָאט זִיךְ דָארְט אוֹיסְגֶעלֶערְנְט שְׁלֶעכְט צוּ בֶּעהַאנְדְלֶען דִי יוּדֶען. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר לִיעבּ גֶעהַאט צוּ טְהוּן אַלְץ וָואס זַיינֶע גַייסְטְלִיכֶע ווִילֶען, אוּנ זֵיי הָאבֶּען טַאקִי גֶעוָואלְט מֶען זָאל דִי יוּדֶען אָנְטְהוּן צָרוֹת, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען זִיךְ גִיכֶער טוֹיפֶען. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט שְׁטַארְק גֶעוָואלְט צוּ צִיהֶען צוּ זִיךְ יוּדֶען אוּנ מַחְמַדְנֶער דֶער גַייסְטְלִיכֶער דֶע-פֶּעניַא פָארְטֶע, וָואס הָאט אַיינְגֶעפִיהרְט אַז אִין דִי קְרִיסְטְלִיכֶע שׁוּלֶען זָאל מֶען לֶערְנֶען אַרַאבִּישׁ אוּנ לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אוּנ אוֹיסְבִּילְדֶען אַזֶעלְכֶע גַייסְטְלִיכֶע, וָואס זָאלֶען פַארְשְׁטֶעהן דִי בֵּיידֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנ זָאלֶען קָאנֶען אַרוֹיסְהַאפֶּען קָרְבָּנוֹת בַּיי דִי צְווֵיי פֶאלְקֶער.

צְווִישֶׁען דִי גַייסְטְלִיכֶע, וָואס זֶענֶען אִימִיסְטֶען עֶרְצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען דֶערְצוּ זֵיי זָאלֶען זִיךְ נָאר בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט צוּרֶעדֶען יוּדֶען צוּ דֶער טוֹיפֶע, אִיז גֶעוֶועהן אַ לִיעבְּהַארְצִידִיגֶער חַבֶר פוּן דֶעם בֶּעקַאנְטֶען נִיקָאלַאי דָאנִין, אוֹיךְ אַ גֶעטוֹיפְטֶער יוּד, פַּאבְּלוֹ כְרִיסְטְיַאנִי, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען אִיבֶּער דֶער מְדִינָה זוּכֶען צְווִישֶׁען יוּדֶען בַּעֲלָנִים אוֹיף צוּ בַּייטֶען דִי אֱמוּנָה אוּנ הָאט גָאר נִיט גֶעפּוּעלְט. אַז דֶע-פֶּעניַאפָארְטֶע הָאט גֶעזֶעהן אַז דִי זַאךְ גֶעהט צוּ שְׁוַואךְ, אִיז אִיהם אַיינְגֶעפַאלֶען אַ גֶעדַאנְק, אַז עֶר זָאל מַאכֶען אַ אָפֶענְטְלִיכֶען וִכּוּחַ צְווִישֶׁען פַּאבְּלוֹ כְרִיסְטְיַאנִי אוּנ דֶעם רמב"ן, וָואס אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן דֶער הוֹיפְּט-רַב פוּן

געראנא (גירונדה) אונ ער האט גערעכענט, אז ווען עס וועט איהם געראטהען דעם רמב"ן איבער צו שפארען אונ ער וועט אננעהמען דאס קריסטענטהום ווע־ לען זיך איהם שוין די איבריגע יודען נאכשלעפען ווי די שאפעלעך. דעם קאניג איז דער פלאן געפעלען אונ אים 20 יולי פונ'ם יאהר 1263 איז אין קאניגליכען הויף געוועהן אגרויסע פערזאמלונג אונ פאר די אויגען פון יאקאב דעם ערשטען אונ אללע שררות אונ גייסטליכע פון ברצלונה אונ אויך פון פיעל יודישע לומדים, וואס דער קאניג האט זיי געשיקט בעטען זיי זאלען זיצען דערביי, האט זיך אנגעהויבען דער וכוח, וואס דע־פעניאפארטע האט אויף איהם ארויפ־ געלעגט אזוי פיעל האפנונגען. דער רמב"ן האט, אין די פיער טאג. וואס דער וכוח האט געדויערט, ארויסגעוויזען זיין גאנץ חריפות אונ אזוי ווי ער האט פריהער אויסגענומען אתנאי, אז מען מוז איהם לאזען אלדינג זאגען פריי, האט ער מיט זיין שארפען שכל פארענפערט אללע שאלות אונ האט פון דעסטוועגען מיט גרויס דרך ארץ געערדט פון דער קריסטליכער רעליגיאן. פאבלו כריסטיאני איז אויך ניט געגאנגען מיט'ן דרך פון ניקאלאי דאנין, וואס האט געשריען, אז דער תלמוד לאסטערט דאס הייליגקייט פון דער קירכע; ער האט פארקעהרט געדרונגען אז פון דער גמרא אלליין קאן מען ארויסזעהן אז משיח איז שוין לאנג געקומען אונ אז די קריסטען שטעהען נאהענטער צום אמת. דארויף האט דער רמב"ן געאנפערט אז נאך דער נביא ישעיהו האט געזאגט, אז ווען משיח וועט קומען וועט מען ניט דארפען מעהר בענוצען קיין כלי זין אונ אללע מענשען וועלען פערבונדען ווערען מיט ברידערליכע ליעבע, צום סוף זעהט מען דאך אז אהן מלחמות קאן מען זיך נאך ניט בעגעהן. אזוי האט דער רמב"ן ניט איין שאלה געלאזט אהן אתשובה. ביי די יודען איז עס אוודאי אנגעלעגט געוועהן, נאר פון דעסטוועגען האבען זיי זיך געשראקען אונ נאך די ערשטע דריי טאג, האבען זיי אנגעהויבען באטהען דעם רמב"ן ער זאל זיך אבזאגען פונ'ם וכוח, ווייל זיי האבען מורא אז זאל ניט ארויסקומען אסכנה אפילו ווען זיי וועלען בלייבען גערעכט. דער רמב"ן האט דאס איבערגעגעבען דעם קאניג, נאר ער האט געזאגט אז מען מוז שוין דעם וכוח ענדיגען, אונ אוי'ף פירטען טאג זענען זיך ביידע צדדים צוזאמענגעגאנגען. אונ ווי עס פיהרט זיך ביי וכוחים פון רעליגי־ יאנס־זאכען, איז זיך יעדער געבליבען ביי זיין איבערצייגונג: די יודען האבען געוואוסט ביי זיך אז דער רמב"ן האט זיין זאך געטהון בשלמות, אונ די קריסטען האבען זיך בעריהמט אז דער יודישער רב איז אוועקגעגאנגען מיט חרפה אונ בושה. דער קאניג אלליין האט מיט גרויס כבוד בעגריסט דעם רמב"ן, ער

הָאט גֶעלוֹיבְּט זַיין טִיעפֶע חָכְמָה אוּנ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז עֶר זֶעהט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל, מֶען זָאל קָאנֶען אוֹיף אַטָעוּת בְּרֶענְגֶען אַזוֹי פִיעל אֱמֶת׳ע רַאיוֹת. דֶער רמב״ן אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען עֶטְלִיכֶע טֶאג אִין בַּרְצֶלוֹנַה, וַוייל מֶען הָאט גֶעווּאוּסְט אַז שַׁבָּת ווִיל דֶער קֶאנִיג מִיט עֶטְלִיכֶע גֵייסְטְלִיכֶע אָנְקוּקֶען דִי יוּדִישֶׁע שׁוּל אוּנ עֶפִּים רֶעדֶען מִיט׳ן עוֹלָם. עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹי גֶעוֶועהן: דֶער קֶאנִיג אוּנ דֶע־פֶּענְיַאפָארְטֶע זֶענֶען שַׁבָּת גֶעקוּמֶען צוּם דַאוְונֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ וַוייטֶער גֶעפְּרִיוְוט בֶּערִירֶען דִי שַׁאֲלָה פוּן אֱמוּנָה. דֶער גֵייסְטְלִיכֶער הָאט גֶעזָאגְט אַגַאנְצֶע דְרָשָׁה, נָאר דֶער רמב״ן הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ אַז זַיינֶע רֶעד זֶענֶען גֶעפֶאלֶען דֶעם קֶאנִיג, זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶערְפוּן וָואס עֶר הָאט אִיהם נָאךְ אַמָאל פַאר׳ן פָאהרֶען אוֹיפְגֶענוּמֶען בַּיי זִיךְ אִין פַּאלַאץ אוּנ אִיהם גֶעשֶׁענְקְט טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת.

נָאךְ דֶעם וִכּוּחַ הָאבֶּען שׁוֹין, דַאכְט זִיךְ, דִי גֵייסְטְלִיכֶע בֶּעדַארְפְט פֶּערְשְׁטֶעהן אַז זֵיי וֶועלֶען שׁוֹין מִיט יוּדֶען גָאר נִיט אוֹיסְפִיהרֶען; פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט דֶע־פֶּענְיַאפָארְטֶע גֶעפּוֹעלְט בַּיים קֶאנִיג עֶר זָאל אַרוֹיס שִׁיקֶען פַּאבְּלוֹ כְּרִיסְטִיַאנִי צוּ אַנְדֶערֶע יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן אַרַאגָאנְיֶען כְּדֵי עֶר זָאל דַרְשׁ׳נֶען אִין דִי שׁוּלֶען אוּנ דִי יוּדֶען זָאלֶען אִיהם מוּזֶען אוֹיסְהֶערֶען, אִיהם גֶעבֶּען אַלֶע סְפָרִים וָואס עֶר וֶועט פָאדֶערְן אוּנ אַחוּץ דֶעם זָאלֶען זֵיי טַאקִי בֶּעצָאהלֶען אַלֶע הוֹצָאוֹת פוּן זַיין נְסִיעָה. דֶער קֶאנִיג הָאט אוֹיךְ דָאס בֶּעווִילִיגְט, נָאר אַז פַּאבְּלוֹ כְּרִיסְטִיַאנִי אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט גָאר נִישְׁט, הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין גֶענוּמֶען אוֹיף נִיקָאלַאי דָאנִין׳ס דֶערֶךְ אוּנ הָאט אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן, אַז דִי גְמָרָא אִיז אַסַם פַאר דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה. דֶער פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי דֶער פִירְטֶער הָאט דֶעמָאלְט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַבֶּעפֶעהל מֶען זָאל אִיבֶּערְקוּקֶען דֶעם תַּלְמוּד אוּנ אוֹיב עֶס וֶועלֶען זִיךְ דָארְט גֶעפִינֶען דִי שְׁטֶעלֶען, וָואס פַּאבְּלוֹ כְּרִיסְטִיַאנִי וַוייזְט אָן, זָאל מֶען אִיהם בַּאלְד פֶערְבְּרֶענֶען. דֶער קֶאנִיג יַאֲקָאב הָאט אָבֶּער פֶערְקְלֶענֶערְט דִי גְזֵרָה: עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען צוּנוֹיפְרוּפֶען אַקָאמִיסְיָאן פוּן גֵייסְטְלִיכֶע אוּנ הָאט זֵיי אָנְגֶעזָאגְט, זֵיי זָאלֶען נָאר אוֹיסְמֶעקֶען פוּנ׳ם תַּלְמוּד דִי עֶרְטֶער, וָואס זֵיי וֶועלֶען זֵיי הַאלְטֶען פַאר שֶׁעדְלִיךְ. אַזוֹי הָאט מֶען אִין אַרַאגָאנְיֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל צֶענְזוּרִירְט דֶעם תַּלְמוּד, אוּנ אַזוֹי ווִי אֵיינֶער פוּן דִי גֶעלֶעהרְטֶע גֵייסְטְלִיכֶע, רַיימוּנְד מַארְטִין, הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז אִין דֶער גְמָרָא אַלֵיין זֶענֶען דָא פִיעל רַאיוֹת אַז דִי קְרִיסְטְלִיכֶע רֶעלִיגְיָאן אִיז אֱמֶת, אִיז דֶער תַּלְמוּד נִצּוֹל גֶעוָוארֶען פוּן פַייעֶר אוּנ עֶר הָאט זִיךְ נָאר גֶעמוּזְט גֶעזֶעגְנֶען מִיט עֶטְלִיכֶע אַרוֹיסְגֶערִיסֶענֶע בְּלֶאטֶער.

דֶערְמִיט הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער נָאךְ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט דִי נָאכְוֶועהנִישֶׁען פוּנ״ם וִכּוּחַ.
אַזוֹי וִוי פַּאבְּלוֹ כְּרִיסְטִיַאנִי אִיז אַרוּמְגֶעפָאהרֶען אוּנ הָאט זִיךְ אוּמֶעדוּם בֶּערִיהמְט,
אַז עֶר הָאט בַּיים וִכּוּחַ אִיבֶּערְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם גְרֶעסְטֶען יוּדִישֶׁען לַמְדָן אוּנ עֶר
הָאט אִיהם גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין אַז עֶר הָאט רֶעכְט, הָאט דֶער רמב״ן מוֹרָא
גֶעהַאט טָאמֶער לָאזֶען זִיךְ עֶטְלִיכֶע יוּדֶען נַארֶען אוּנ גְלוֹיבֶּען אִיהם אוֹיפ׳ן וָוארְט
הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ צוּ בֶּעשְׁרַייבֶּען אַלְדִינְג וָואס עֶס אִיז
פָארְגֶעקוּמֶען, אִין וָואס עֶס זֶענֶען בֶּעשְׁטַאנֶען דִי טַעֲנוֹת אוּנ וִוי אַזוֹי עֶר הָאט
זֵיי פַארֶענְטְפֶערְט. דֶעם סֵפֶר הָאט עֶר אַנָאמֶען גֶעגֶעבֶּען „מִלְחֶמֶת חוֹבָה", פוּן זַיין
סֵפֶר הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַקָאפִּיֶע דֶעם עֶפִּיסְקָאפּ פוּן גֶערָאנַא (גִירוֹנַדַה) אוּנ אַז
עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט גָאר נִיט דַאנְגֶען, הָאט עֶר עֶס צוּטְהֵיילְט
צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען. פַּאבְּלוֹ-כְּרִיסְטְיַאנִי הָאט אָבֶּער מֶעהר נִיט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען,
עֶר הָאט בַּאלְד אָנְגֶעמַאכְט אַדַרֶעשׁ, אַז דֶער רמב״ן אִיז אָנְגֶעפַאלֶען מִיט זִידְלֶע-
רַייעֶן אוֹיף דִי קְרִיסְטֶען, אוּנ הָאט גֶעפָאדֶערְט מֶען זָאל אִיהם מִשְׁפָּט׳ן פַאר אַזַא
גְרוֹיסֶען חֵטְא. דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אַזוֹי לַאנְג גֶעמוּטְשֶׁעט דֶעם קֶענִיג בִּיז עֶר
אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען אַז מֶען זָאל דֶעם רמב״ן מַאכֶען אַפְּרָאצֶעס, נָאר עֶר הָאט
גֶעזֶעצְט זַיינֶע רִיכְטֶער נִיט פוּן דִי גַייסְטְלִיכֶע, אוּנ הָאט אַלֵיין גֶעוָואלְט זִיצֶ׳ן
בַּיי דֶעם מִשְׁפָּט. דֶער רמב״ן הָאט זִיךְ נָאר נִיט בֶּעדַארְפְט קַיין סַךְ פַארֶענְטְפֶערֶען:
עֶר הָאט דֶעם קֶענִיג אַלֵיין גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל זָאגֶען צוּ הָאט עֶר נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען
דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת, אוּנ צוּ אִיז אִין זַיין סֵפֶר דָא אַיין אִיבְּרִיג וָוארְט. אַלֶע הָאבֶּען
אַרוֹיסְגֶעזֶעהן אַז דֶער רמב״ן אִיז גֶערֶעכְט, נָאר מֶען הָאט נִיט גֶעוָואלְט דֶערְבֵּייזֶערן
דִי גַייסְטְלִיכֶע אוּנ דַארִיבֶּער אִיז אַרוֹיס דֶער פְּסַק, אַז דֶער רמב״ן מוּז אוֹיף
צְוֵויי יָאהר אַוֶועקְפָאהרֶען אוּנ זַיין סֵפֶר דַארְף מֶען פַארְבְּרֶענֶען. פַאר דִי גַייסְטְ-
לִיכֶע אִיז דָאס אָבֶּער נָאךְ אַלְץ וֶוענִיג גֶעוֶועהן אוּנ זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי
צוּ דְרֵייעֶן אַז דִי מְלוּכָה זָאל דֶעם רמב״ן אִיבֶּערְגֶעבֶּען זֵיי אִין דִי הֶאנְד אַרַיין,
וַוייל זֵיי הָאבֶּען גוּט גֶעוואוּסְט אַז קוֹים פַאלְט עֶר אַרַיין צוּ זֵיי אִין דִי הֶאנְד וֶועט
עֶר שׁוֹין לֶעבֶּעדִיג נִיט אַרוֹיס. דֶער קֶענִיג הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס דִי חֶבְרָה מֵיינְט
אוּנ הָאט זֵיי דַוְקָא נִיט צוּ לִיעבּ גֶעטְהוּן; עֶר הָאט נָאךְ דֶעם רמב״ן אַרוֹיסְגֶעגֶע-
בֶּען אַפַּאפִּיער אַז קֵיינֶער טָאר אִיהם נִיט טְשֶׁעפֶּען. דֶערְמִיט הָאט יַאקָאבּ דֶערְ-
צָארֶענְט דִי גַייסְטְלִיכֶע, וָואס הָאבֶּען אִיהם אַנְגֶעקְלָאגְט בַּיים פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי
אוּנ דֶערְבַּיי אַרוֹיפְגֶעלַייגְט דִי גַאנְצֶע תּוֹכָחָה אוֹיף דִי יוּדֶען. דֶער רמב״ן הָאט
פֶערְשְׁטַאנֶען אַז סַאי וִוי סַאי קָאן עֶר דָא נִיט גוּט אָבְּשְׁנַיידֶען, אוּנ וִוי שְׁוֶוער עֶס
אִיז אִיהם גֶעוֶועהן בַּיי זִיבְּצִיג יָאהר אַוֶועקְוַוארְפֶען זַיין פַאטֶערְלַאנְד, בַּיידֶע זִיהן,

די יְשִׁיבָה אוּנ זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנ אָנְהוֹיבֶּען זִיךְ אַרוּמְשְׁלֶעפֶּען אִיבֶּער דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעמוּזְט עֶנְטְשְׁלִיסֶען אַוֶועקְצוּפָאהרֶען קַיין אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, וָואהִין זַיין הַארְץ הָאט אִיהם שׁוֹין לַאנְג גֶעצוֹיגֶען. עֶס אִיז אִיהם אָבֶּער נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן אוֹיךְ אוֹיפ׳ן נַייעֶם אָרְט נַחַת צוּ הָאבֶּען: עֶר הָאט גֶעפוּנֶען דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט עֶלֶענְד אוּנ פֶּערְווִיסְט: דִי מָאנְגָאלֶען הָאבֶּען גְרָאד פְרִיהֶר מִיט זֶעכְס יָאהר אַ תֵּל גֶעמַאכְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ נָאר צְוֵויי יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת הָאט עֶר דָארְט גֶעטְרָאפֶען, אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט הָאט עֶר אֲפִילוּ נִיט גֶעהַאט קַיין מִנְיָן צוּם דַאוֶונֶען. בִּיטֶערֶע טְרֶערֶען הָאט דֶער רמב״ן פֶּערְגָאסֶען אוֹיף דֶעם „חוּרְבָּן" וָואס עֶר הָאט מִיט אֵיינֶענֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן, נָאר עֶר הָאט פֶּערְשְׁטַאנֶען אַז מִיט וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶען וֶועט עֶר גָאר נִיט מַאכֶען, אוּנ עֶר הָאט צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען זַיינֶע לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען, אוּנ נָאר אִין אַ קוּרְצֶע צַייט הָאט עֶר גֶעאֶפֶענְט עֶטְלִיכֶע שׁוּלֶען אוּנ הָאט אַרוּם זִיךְ גֶעזֶעהן הוּנְדֶערְטֶער תַּלְמִידִים, וָואס הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה אוּנ זֶענֶען דוּרְךְ אִיהם צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער „קַבָּלָה". אֲפִילוּ קַרָאִימֶעס הָאבֶּען בַּיי אִיהם גֶעלֶערְנְט, אוּנ דֶער בֶּערִיהמְטֶער קַרָאִימֶעשֶׁער לַמְדָן, אַהֲרֹן בֶּן יוֹסֵף אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים. אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער רמב״ן אָפְּגֶעלֶעבְּט זַיינֶע אַלְטֶע יָאהרֶען אוֹיף דֶער הֵיילִיגֶער עֶרְד, אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ פֵּירוּשׁ אוֹיף דֶער תּוֹרָה, וָואס בֶּעוַוייזְט אַז דִי סוֹדוֹת פוּן קַבָּלָה הָאבֶּען נִיט פֶּערְדוּנְקֶעלְט זַיין לִיכְטִיגֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנ אַז אֲפִילוּ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זַיין גְרוֹיס חֲרִיפוּת.

דֶער גַייסְט פוּנ׳ם רמב״ן, וָואס הָאט זִיךְ מֶעהר גֶעהַאלְטֶען אָן דִי סוֹדוֹת פוּן קַבָּלָה, אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, וָואס עֶר הָאט גֶעלָאזְט אִין אֵיירָאפַּא, אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס צוּ ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶּרֶת (רַשְׁבָּ״א), וַוייל בַּאלְד נָאךְ זַיין טוֹיט הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דִי יוּדֶען גָאר דִי עֶרְגְסְטֶע צַייטֶען, אוּנ קַיין אַנְדֶער נֶחָמָה ווִי דִי בְּלִינְדֶע אֱמוּנָה, אַז מֶען דַארְף אַלְדִינְג אָנְנֶעהמֶען פַאר לִיעבּ אוּנ מֶען טָאר דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם קַיין קוּשְׁיוֹת נִיט פְרֶעגֶען, אִיז זֵיי נִיט גֶעבְּלִיבֶּען. אַז עֶס הָאט זִיךְ אִין דַייטְשְׁלַאנְד נָאךְ דֶעם קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ׳ס טוֹיט, אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ אִינְוֶוענִינְסְטֶע קְרִיעג, צְווִישֶׁען דִי גִהִיבֶּעלִינֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען מִיט׳ן קֵייזֶער, אוּנ דִי גְוֶועלְפֶען, וָואס הָאבֶּען נָאר גֶעהַאלְטֶען פוּנ׳ם פַּאפְּסְט, הָאבֶּען בֵּיידֶע צְדָדִים אוֹיסְגֶעלָאזְט זֵייעֶר בִּיטֶער הַארְץ צוּ דִי יוּדֶען, אוּנ מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַגַאנְצֶע שְׁחִיטָה אִין פִיעל שְׁטֶעדְט, ווִי וַוייסֶענְבּוּרְג, מַאגְדֶענְבּוּרְג, אַרְנְשְׁטַאדְט, קָאבְּלֶענְץ, זִינְצִיג, עֶרְפוּרְט אוּנ נָאךְ

אַנְדערֶע. עס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפונֶען אִין דייטְשְׁלַאנְד אַ סַךְ קְרִיסְטְלִיכֶע מִשְׁפָּחוֹת, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נָאר אָבְּגֶעגֶעבֶּען דֶערְמִיט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען דִי יוּדֶען, אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען זֵיי גֶערוּפֶען „יוּדֶענְבְּרַאטֶער". דִי שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען אִיז גֶעוָועהן אַזוֹי גְרוֹיס אַז בַּיי אַ גְרוֹיסֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אִין וִוינְען, אִים יָאהר 1264, הָאט מֶען אִין זִין גֶעהַאט זִיךְ צוּ בֶּעשֶׁעפְּטִיגֶען מִיט יוּדִישֶׁע מַלְבּוּשִׁים, אוּנ מֶען הָאט בֶּעשְׁטִימְט אַז אוֹיסֶער דֶעם צֵייכֶען אוֹיף דִי קְלֵיידֶער זָאלֶען יוּדֶען טְרָאגֶען אוֹיפ'ן קָאפּ שְׁטְרַיימְלֶעךְ מִיט שְׁפִּיצֶען, כְּדֵי מֶען זָאל זֵיי גִיכֶער דֶערְקֶענֶען וָוען מֶען וֶועט זִיךְ דַארְפֶען מִיט זֵיי אָבְּרֶעכֶנֶען, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם זָאלֶען דִי נַאסֶען-יוּנְגֶען הָאבֶּען וֶועמֶען נָאכְצוּלוֹיפֶען אוּנ נָאכְוַוארְפֶען שְׁטֵיינֶער.

אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאבֶּען דִי נַייסְטְלִיכֶע פֶערְשְׁפָּארְט פִיעל צוּ טַעֲנָה'ן מִיט דֶער מְלוּכָה זִי זָאל דִי יוּדֶען צוּ פְּרֶעסֶען; דֶער קֶענִיג לוּדְוִויג הָאט נִיט אוּמְזִיסְט פֶערְדִיעֶנְט דֶעם טִיטֶעל „דֶער הֵיילִיגֶער": אַ יָאהר פַאר'ן טוֹיט הָאט עֶר נָאר נָאהֶענְט צוּ זִיךְ צוּגֶעלָאזֶען פַאבְּלוֹ-כְרִיסְטִיַאנִי, אוּנ דֶער הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַיין עֵצָה, אַז עֶר זָאל הֵייסֶען דִי יוּדֶען אָנְגֵייהֶען אוֹיף זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער פוּן פָארֶענְט אוּנ פוּן הִינְטֶען אַ רוֹיטֶע רָאד, כְּדֵי מֶען זָאל זֵיי דֶערְקֶענֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען.

אִין אוּנְגַארן אוּנ פָּאלֶען אִיז אַ בִּיסֶעל שְׁוֶוערֶער אָנְגֶעקוּמֶען דִי נַייסְטְלִיכֶע אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דִי מְלוּכָה דַארוֹיף זִי זָאל אוֹיךְ רוֹדֵף'ן דִי יוּדֶען, וָואס מֶען הָאט נָאר גֶעמוּזְט אָנְקוּמֶען צוּ זֵיי אוּנ זֵיי גֶעבֶּען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען, ווייל קֵיין פֶּעהִיגֶערֶע פַאר דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ דָארְט נִיט גֶעפוּנֶען. דֶער אוּנְגַארִישֶׁער קֶענִיג בֶּעלַא דֶער פִיערְטֶער הָאט אֲפִילוּ גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען אוּנ הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען דִי גְרֶעסְטֶע פְרֵייהַייט. עֶרְשְׁט אִים יָאהר 1279 הָאבֶּען דִי קַאטוֹילִישֶׁע נַייסְטְלִיכֶע גֶעמַאכְט אַיין אֲסִיפָה אִין דֶער שְׁטָאדְט אָפֶען אוּנ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט נַאנְצֶע תַּקָּנוֹת פַאר דִי יוּדֶען פוּן אוּנְגַארן, פָּאלֶען, קְרָאאַטְיֶען, דַאלְמַאצְיֶען, סְלַאוָואנְיֶען אוּנ גַאלִיצְיֶען אוּנ דָאס לִיעדֶעל, וָואס מֶען הָאט גֶעזוּנְגֶען כִּמְעַט אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא, הָאט זִיךְ דָארְט אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֶערֶען. יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט טְרָאגֶען אַ בֶּעזוּנְדֶער צֵייכֶען, אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעטָארְט וָואהנֶען אִין אֵיין הוֹיז מִיט אַ קְרִיסְט. דִי עֶרְשְׁטֶע צַייט הָאט זִיךְ דָאס פָּאלְק נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף דִי נַייעֶ גְזֵירוֹת, אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען זֵיי עֶרְשְׁט דֶערְפִיהלְט שְׁפֶּעטֶער מִיט פוּנְפְצִיג יָאהר אַז דֶער קֶענִיג לַאדִיסְלוֹיס (לַדִיסְלַב) דֶער פֶערְטֶער הָאט זִיךְ גֶעהַאכְט אוֹיסְצוּפִיהרֶען מִיט הֶשֶׁק אַלְדִינְג וָואס מֶען הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט בַּיי דֶער אֲסִיפָה אִין אָפֶען.

אִין שְׁפַּאנְיֶען אִיז אוֹיךְ נִיט אַזוֹי גְרִינְג גֶעוֶועהן מִיט אַ מָאהל בִּינְדֶען דִי יוּדֶען מִיט נַייֶע גֶעזֶעצֶע, וַוייל, עֶרְשְׁטֶענְס הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט זֶעהר פִיעל גוּטֶע פְרַיינְד צְווִישֶׁען דִי מַהְמַדַנֶער, א.ז.וו. צְווייטֶענְס אִיז דִי גַאנְצֶע בִּילְדוּנְג אַיינְגֶע־שְׁטַאנֶען בַּיי זַיי אִין דִי הֶענְד, אֲפִילוּ אַלְפָאנְסָא דֶער צֶעהנְטֶער, וָואס הָאט אַלֵיין אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי גֶעזֶעצֶע גֶעגֶען דִי יוּדֶען, הָאט גֶעמוּזְט אַוֶועקְקוּקֶען אוּנ הָאט גֶעהַאט מִיט וֶועמֶען זִיךְ צוּ בֶּענוּצֶען אוֹיסֶער יוּדֶען. זַיין פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער אִיז גֶעוֶועהן דֶעם אַלְטֶען דוֹן מֵאִיר׳ס זוּהן, דוֹן יִצְחָק דֶע־מַאלֶיאַה, אוּנ הָאטְשׁ דֶער פַּאפְּסְט נִיקָאלַאי דֶער דְרִיטֶער הָאט אִיהם לַאנְג׳ נִיט גֶעקָאנְט מוֹחֵל זַיין פַאר אַזַא עֲבֵירָה, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר זִיךְ נִיט וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג גֶעמַאכְט כָּל זְמַן עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז פַאר אִיהם אַ טוֹבָה. עֶרְשְׁט אִים יָאהר 1280 אִיז אַלְפָאנְסָא אָפֶענְטְלִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעגֶען דִי יוּדֶען אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דֶערְפוּן וָואס זַיין זוּהן, דֶער פְּרִינְץ סַאנְכָא (שַׁאנְגוּ) הָאט אַיינְגֶעבֶּעטֶען דוֹן יִצְחָק דֶע־מַאלֶיאָה עֶר זָאל אִיהם אַרוֹיסְגֶעבֶּען פוּן דֶער קַאסֶע אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד אוּנ עֶר הָאט אִיהם נִיט גֶעקָאנְט מֵעִיז זַיין. אַז אַלְפָאנְסָא אִיז דֶערְפוּן גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דֶעם יוּדִישֶׁען מִינִיסְטֶער שְׁמִידֶען אִין קֵייטֶען אוּנ אִיהם אַיינְזֶעצֶען אִין תְּפִיסָה. אוּמְזִיסְט הָאט סַאנְכָא (שַׁאנְגוּ) גֶעבֶּעטֶען פַאר אִיהם אוּנ גֶעווִיזֶען אַז עֶר אִיז אִין דֶער זַאךְ נִיט שׁוּלְדִיג: אַלְפָאנְסָא הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען טוֹיטֶען, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם אִיז עֶר אָנְגֶעפַאלֶען אוּם שַׁבָּת אוֹיף אַלֶע יוּדֶען, אוּנ זַיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט בֶּעצָאהלֶען אַ גְרוֹיסֶע גֶעלְד־שְׁטְרָאף. דָאס הָאט שְׁטַארְק פֶערְדְרָאסֶען סַאנְכָא׳ן; עֶר הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ מְרִידָה גֶעגֶען פָאטֶער אוּנ הָאט אָנְגֶערֵייצְט דִי גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן דֶער מְדִינָה אוּנ אַלְפָאנְסָא אִיז פַאר צָרוֹת בַּאלְד גֶעשְׁטָארְבֶּען. סַאנְכָא (שַׁאנְגוּ) הָאט אוֹיף דִי יוּדֶען בֶּעסֶער גֶעקוּקְט, נָאר אַזוֹי ווִי עֶר הָאט זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט גֶעלְד, הָאט עֶר פוּן זַיי אַלֶע מָאל גֶעשְׁלֶעפְּט מַס, אוּנ דִי אַכְצִיג יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן קַאסְטִילְיֶען, וָואס זֶענֶען בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַכְט הוּנְדֶערְט פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד נְפָשׁוֹת, הָאבֶּען אִיהם גֶעמוּזְט יֶעדֶעס יָאהר אַרַיינְטְרָאגֶען אִיבֶּער זֶעכְס מִילְיָאן פְרַאנְק. נָאר דָאס אַלֵיין אִיז שׁוֹין גוּט גֶעוֶועהן, וָואס דֶער גַאנְצֶער גְזֵרָה אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מַטְבֵּעַ.

נָאר גוּט אִיז גֶעוֶועהן אִין יֶענֶער צַייט דִי יוּדֶען פוּן פּוֹרְטוּגַאל, וֶוען דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִי קֶענִיגֶע אַלְפָאנְסָא׳ דֶעם דְרִיטֶען, וָואס הָאט גֶעהֶערְשְׁט פוּן 1248 בִּיז 1279, אוּנ דִינִיץ, וָואס הָאט גֶעהֶערְשְׁט פוּן 1279 בִּיז 1325. זַיי הָאבֶּען דָארְט נִיט גֶעוואוּסְט פוּן קֵיין שׁוּם בֶּעזוּנְדֶער צֵייכֶען אוֹיף דִי מַלְבּוּשִׁים, זַיי הָאבֶּען נִיט בֶּעדַארְפְט גֶעבֶּען דִי גֵייסְטְלִיכֶע מַעֲשֵׂר פוּן זֵייעֶר

פֶּערְמֶעגֶען ווִי אַ מָאל, אונ פִיעל פון זֵיי הָאבֶּען פֶּערְנוּמֶען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶּען. דֶער קֶאנִיג דִינִיץ הָאט גֶעהַאט אַ יוּדִישֶׁען פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער, דון ר' יְהוּדָה, וָואס הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר לַאנְד־רַב פון גַאנְץ פּוֹרְטוּגַאל, אונ אִיז גֶע־וֶועהן אַזוֹי רַייךְ, אַז עֶר הָאט גֶעקָאנְט קוֹיפֶען אַ גַאנְצֶע שְׁטָאדְט. דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ אָפְט גֶעפְּרוּבְט דָארְט אוֹיךְ אַרַיינְצוּלָאזֶען דֶעם גִיפְט פון שִׂנְאָה צוּ דִי יוּדֶען, אונ עֶס פְלֶעגְט אָפְט קוּמֶען צוּ אַ מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען זֵיי אונ דֶער מְלוּכָה, נָאר עֶס הָאט זֵיי נִיט גֶעהָאלְפֶען, אונ אֲפִילוּ אַז זֵיי הָאבֶען אֵיין מָאל גֶע־פּוֹעֶל'ט בַּיים קֶאנִיג דִינִיץ עֶר זָאל זִיךְ נִיט אַזוֹי צוּלָאזֶען צוּ דִי יוּדֶען, אִיז דָאס נָאר גֶעוֶועהן לְפָנִים, אונ דִי מְלוּכָה הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שָׁאטְצֶען דִי יוּדֶען אונ צוּ הָאבֶּען צוּ זֵיי דָאס צוּ טְרוֹיעֶן.

---

## 9 דָאס שְׁטַארְקֶע פְרוּמְקַייט אונ דִי קַבָּלָה.

(1270—1325 נָאךְ קְרִיסְטוּס גֶעבּוּרְט).

וָואס מִיט דִי יוּדֶען אִין אֵייְרָאפַּא הָאט זִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעטְהוּן, אִיז שְׁפַּאנְיֶען אַלְץ גֶעוֶועהן אַ מְקוֹם תּוֹרָה, אונ גַאנְצֶע צְוֵויי יָאהרהוּנְדֶערְטֶע הָאבֶּען דָארְט דִי לוֹמְדִים הוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען דִי פָאהן פון יוּדִישְׁקַייט. דֶעם רמב"ן'ס תַּלְמִיד ר' שְׁלֹמֹה בֶּן אַבְרָהָם בֶּן אַדֶרֶת (הרשב"א), וָואס אִיז פֶערְצִיג יָאהר גֶעוֶועהן רַב אִין בַּרְצֶלוֹנַה, הָאט גֶעשֵׁם'ט אוֹיף דֶער וֶועלְט אונ צוּ אִיהם פְלֶעגְט מֶען זִיךְ וֶוענְדֶען מִיט שַׁאֲלוֹת נִיט נָאר פון אַללֶע אֵייְרָאפֵּייאִישֶׁע לֶענְדֶער, נָאר אֲפִילוּ פון אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, חָאטְשׁ אִין דֶער אֵיינֶענֶער צַייט הָאט אִין שְׁפַּאנְיֶען גֶעלֶעבְּט נִיט קַיין קְלֶענֶערֶער מַאנְן, ר' אַהֲרֹן בּ"ר יוֹסֵף הַלֵּוִי. דָאס גְרוֹיסְקַייט פון ר' שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם, וָואס עֶר הָאט אָפְגֶעהִיט דִי יוּדֶען אִי פון אִינְוֶוענִיג, וַוייל דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען דִי אוֹיפְגֶעקְלֶעהְרְטֶע אונ פְרוּמֶע, אִי פון דְרוֹיסֶען, וַוייל אִין שׂוֹנְאִים הָאבֶּען דִי יוּדֶען קַיין מָאל קַיין מַאנְגֶעל נִיט גֶעהַאט, אונ אוֹיךְ דֶעמָאלְט הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט גֶענוּג גִיפְטִיגֶע צוּנְגֶען, וָואס הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען רְכִילוּת אונ לָשׁוֹן הָרָע מֶעהר ווִי מֶען דַארְף. אַזַא חֶבְרָה הָאט מֶען שְׁטֶענְדִיג בֶּעדַארְפְט אָבְּשְׁלָאגֶען דִי פְלִיעגֶעל אונ דַארוֹיף הָאט ר' שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת זַיין מִיה נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט. אַז דֶער גַייסְטְלִיכֶע רַיימוּנְד מַארְטִין, וָואס הָאט אַ מָאל גֶעזָאגְט אַ גוּט וָוארְט וֶועגֶען תַּלְמוּד אונ הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט פַארְבְּרֶענֶען, הָאט זִיךְ בֶּענוּצְט מִיט זַיין בְּקִיאוּת אִין אַללֶע יוּדִישֶׁע סְפָרִים אונ הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען צְוֵויי בִּיכֶער, וָועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶועהן פוּל מִיט גִיפְט גֶעגֶען דִי

יוּדֶען, הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת פֶּערְשְׁטַאנֶען אַז דָא טָאר מֶען נִיט שְׁוַייגֶען, וַוייל דִי אִיבְּרִיגֶע שׂוֹנְאִים, וָואס וַוייסֶען גָאר נִיט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען, קָאנֶען אָנְנֶעהמֶען מַארְטִין׳ס וֶוערְטֶער וִוי עֶפֶּיס רֶעכְטְס, אוּנ שְׁפֶּעטֶער זִיךְ בֶּערְרוּפֶען אוֹיף זֵיי וִוי אוֹיף פֶּעסְטֶע בֶּעוַוייזֶע, אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ תְּשׁוּבָה אוּנ הָאט אִיהם אָבְּגֶעלֵייקֶענְט אַלֶע זַיינֶע מֵיינוּנְגֶען מִיט יִשׁוּב הַדַעַת אוּנ מִיט גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ, וִוי עֶס שְׁטֶעהט אָן אַ עֶהרְלִיכֶען מֶענְשֶׁען, וָואס וִויל נִיט אֲפִילוּ זַיין גֶעגְנֶער׳ס כָּבוֹד אָנְרִירֶען.

פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ גָאר וַוייטֶער אַרוֹיסְגֶערוּקְט דִי אַלְטֶע שַׁאֲלָה וֶועגֶען דֶעם הֵיילִיגְקַייט פוּנ׳ם רמב״ם׳ס סְפָרִים. דִי שַׁאֲלָה אִיז נָאךְ אַמָאל אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דִי דַייטְשֶׁע אוּנ אִיטַאלְיֶענִישֶׁע יוּדֶען אוּנ פוּן זֵיי אִיז זִי אַרִיבֶּער קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ הָאט זִיךְ פוּן דָארְט עֶרְשְׁט הֶעכְט צוּבְּרֶענְט; אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ אוֹיךְ אִין אַ טְהֵייל אֶרְטֶער פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אִיז שׁוֹין דֶער רמב״ם־צוּ הוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים פָאלְק אוּנ בַּיי דִי רַבָּנִים אוּנ עֶס הָאט גָאר קֵיינֶעם נִיט גֶעקָאנְט אַיינְפַאלֶען צוּ פְרֶאגֶען עֶפִּיס אַ שַׁאֲלָה. אֵיינֶער פוּן דִי פְרַאנְצֶעזִישֶׁע מְקוּבָּלִים ר׳ שְׁלֹמֹה הַקָטָן (פֶּעטִיט), הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט קֵיין עַכּוֹ; דָארְט אִיז אִין יֶענֶער צַייט גֶעוֶועהן דֶער הוֹיפְּט־פוּנְקְט פוּן אַלֶע מְקוּבָּלִים אוּנ פוּן דָארְט הָאט עֶר גֶעשָׁאסֶען מִיט גִיפְטִיגֶע פַייל֗עֶן אוֹיף דִי וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאלְטֶען מִיט זֵיי אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אָבְּמֶעקֶען אֲפִילוּ דֶעם רמב״ם׳ס זֵכֶר. עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וֶועט עֶר עֶס בַּיי אַלֶע גְרִינְג פוּעל׳ן אוּנ פוּן אַלֶע זַייטֶען וֶועט מֶען נַארְפֶען דֶעם רמב״ם׳ס סְפָרִים אִין פַייעֶר אַרַיין. עֶר הָאט אָבֶּער אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת גֶעהַאט, וַוייל דֶער רֵישׁ גָלוּתָא, יִשַׁי בֶּן חִזְקִיָהוּ הָאט אַלֵיין זֶעהר שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען פוּנ׳ם רמב״ם אוּנ אוֹיסֶער דֶעם אִיז עֶר גֶעוֶועהן דֶער בֶּעסְטֶער פְרַיינְד פוּן זַיין עֶנִיקֶעל דָוִד, דֶער נָגִיד אִיבֶּער אַלֶע יוּדִישֶׁע קְהִלוֹת פוּן מִצְרַיִם, אוּנ קוֹים הָאט עֶר דֶערְהֶערְט וָואס ר׳ שְׁלֹמֹה פֶּעטִי (הַקָטָן) וִויל אוֹיפְטְהוּן, הָאט עֶר אִיהם בַּאלְד גֶעשִׁיקְט זָאגֶען אַז וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ נָאךְ אַמָאל דֶערְוֶואגֶען אַרוֹיסְצוּשְׁפְּרִינְגֶען גֶעגֶען רמב״ם, וֶועט עֶר אִיהם אִין חֵרֶם אַרַיינְלֶעגֶען. פִיעל רַבָּנִים פוּן קְלֵיין־אַזְיֶען הָאבֶּען אוֹיךְ מַסְכִּים גֶעוֶועהן צוּ דֶער דֵעָה פוּנ׳ם רֵישׁ גָלוּתָא.

ר׳ שְׁלֹמֹה פֶּעטִי אִיז אָבֶּער בַּיי זִיךְ נִיט אַרָאבְּגֶעפַאלֶען, עֶר אִיז בַּאלְד אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען קֵיין אֵיירָאפַּא, אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ אַרְבַּייטֶען מִיט דִי דַייטְשֶׁע רַבָּנִים זֵיי זָאלֶען אַסְרָ׳ן דֶעם רמב״ם׳ס סְפָרִים. אַז עֶר הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אַ סַךְ הַסְכָּמוֹת פוּן דַייטְשֶׁע אוּנ אַ טְהֵייל פְרַאנְצֶעזִישֶׁע רַבָּנִים, הָאט עֶר זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּרִיקְפָאהרֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ נָאךְ מִיט דֶער הִילְף פוּן דִי הַסְכָּמוֹת וַוייטֶער

פיהרען די מלחמה. ער איז אומיסטען נעפאהרען איבער איטאליען, ווייל ער האט געהאפט דארט אויך צו געפינען וואס זאלען איהם מסכים זיין, און צום סוף האט ער דארט אויף יעדען שריט נאר בעגעגענט געגנער. אין איטאליען איז גראד דעמאלט די לאגע פון די יודען געוועהן נאר ניט שלעכט און אומעדום אין אללע קליינע מלוכות, וואס דאס לאנד איז פון זיי דעמאלט בעשטאנען, האט מען זיי געגעבען פאלקאמענע פרייהייט. אין פערארא האט זיך די יודישע קהלה געפיהרט זעלבסט־שטאנדיג, און קיינער האט זיך ניט געטארט צו זיי מישען. דער קאניג פון סיציליען, קארל פאן אנזשוא, האט געהאלטען ביי זיך א יודישען לייב־דאקטאר פאראג אבן־שלמה, וואס איז מיט זיין חכמה געוועהן בעריהמט אויך צווישען די קריסטען, און אפילו דער פאפסט אליין האט זיך געהיילט ביי א יודישען דאקטאר, יצחק בן מרדכי, וואס מען האט איהם אויך גערופען מאיעסטרא נאיא. אין יענער צייט האבען זיך אין איטאליען ארויסגעוויזען פיעל געלערנטע יודען, וואס פון זיי איז בעזאנדערס בעקאנט ר' הלל פון ווערואנא, איינער פון די לומדים וועלכע זיי האבען אללע זייערע חקירות געשעפט פונ'ם רמב"ם. אודאי האט ר' שלמה פעטי דארט גאר ניט געקאנט מאכען. דערפאר האט ער זיך אין ארץ ישראל נאר מיט איין אנדער הסק גענומען צו זיין ארבייט און האט אויך געפונען פיעל יודען וואס האבען אפענטליך אנגעהויבען מחלל זיין דעם רמב"ם'ס ספרים און שרייען אז ער איז געוועהן איין אפיקורוס. ווי עס שיינט, האבען זיינע לייט זיך דעמאלט אריבער געחאפט קיין טבריה און האבען אויפ'ן רמב"ם'ס מצבה אויסגעמעקט די פריהריגע אויפשריפט און אנגעשריבען א נייע, וואס לאסטערט דעם היילינען זכר פונ'ם צדיק. פון דעסטוועגען האבען ניט אללע אין עכו געהאלטען מיט די מקובלים, עס איז פאלד ארויס א שרעקליך מחלוקת, עס איז אפט געקומען צו א געשלאג און ניך זענען דערפון געווארען געוואהר די יודען פון אנדערע לאנדער.

מען קאן זיך פארשטעלען וואס פאר א רעש עס האט אומעדום אנגעמאכט די טרויעריגע ידיעה אז דווקא אין ארץ ישראל פארברענט מען אפען דעם רמב"ם'ס ספרים: אללע גרויסע לומדים זענען דערציטערט געווארען און בעזאנדערס האט ניט געקאנט איינרוהען ר' הלל פון ווערואנא. ער האט באלד געשיקט א בריעף דעם רמב"ם'ס עניקעל דוד מימוני און האט איהם פארגעלגט מען זאל אין אלעקסאנדריען מאכען א גרויסע אסיפה פון אללע רבנים, וואס וואהנען אין די מזרח־לאנדער, און זיי זאלען פאדערען ביי די דייטשע רבנים וואס

הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶר הַסְכָּמָה ר׳ שְׁלֹמֹה פֶּעטִי, זֵיי זָאלֶען אָנְוַוייזֶען אִין וָואס עֶס לִיעגְט דָאס אַפִּיקוֹרְסוּת אִין דֶעם רמב״ם׳ס סְפָרִים אוּנ אַזוֹי וִוי דָאס דֶערְוַוייזֶען אִיז גָאר קֵיין מֶעגְלִיכְקַייט נִיט וֶועלֶען זֵיי זִיךְ מוּזֶען אוּנְטֶערְגֶעבֶּען, אֶלָּא נִיט זָאל מֶען זֵיי פָּשׁוּט אַרַיינְלֶעגֶען אִין חֵרֶם. דָוִד מַיְמוֹנִי הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט וַוארְטֶען אוֹיף בְּרִיעף פוּן אֵייְרָאפַּא; קוֹים אִיז עֶר גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וָואס דִי אַרְבַּייטֶען פַאר מַעֲשִׂים, אִיז עֶר בַּאלְד גֶעקוּמֶען אִין עַכּוֹ אוּנ הָאט דָארְט גֶעפוּנֶען פִיעל גוּטֶע פְרַיינְד, וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעהָאלְפֶען צוּ בֶּעשִׁיצֶען דֶעם זֵיידֶענְ׳ס כָּבוֹד. דֶער רֵישׁ גָלוּתָא פוּן מָאסוּל דָוִד בֶּן דָנִיאֵל. הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען עֶלְף רַבָּנִים אוּנ הָאט מוֹדִיעַ גֶעוֶועהן אַז וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ עֶרְלוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען עֶפִּיס אַקֶעגֶען דֶעם רמב״ם, וֶועט עֶר בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען מִיט׳ן חֵרֶם; דָאס אֵייגֶענֶע הָאט אוֹיךְ גֶעטְהוּן דֶער רֵישׁ גָלוּתָא פוּן דַמֶשֶׂק, יִשַׁי בֶּן חִזְקִיָה, אוּנ עֶר מִיט נָאךְ צְוֶועלְף רַבָּנִים הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז יֶעדֶער אִיז מְחוּיָב צוּ צוּשְׁטֶעלְלֶען דָוִד מַיְמוֹנִי דִי כְּתָבִים וָואס דִי גֶעגְנֶער הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעלָאזְט אִיבֶּער דֶעם רמב״ם, אוּנ עֶר זָאל זֵיי שׂוֹין פֶערְנִיכְטֶען, כְּדֵי עֶס זָאל מֶעהר נִיט גֶעשֶׁאנְדֶעט וֶוערֶען זַיין אוּנְשְׁטֶארְבְּלִיכֶער נָאהמֶען. גָאר גִיךְ הָאבֶּען זִיךְ דִי גֶעגְנֶער גֶעקֶאנְט אִיבֶּערְצַייגֶען אַז אַללֶע בֶּעסְטֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ פוּן זֵיי אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט. דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער גְרֶעסְטֶער יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אִין צְפַת, ר׳ מֹשֶׁה בֶּן יְהוּדָה כֹּהֵן, אִיז אִימִיסְטֶען אַרָאבְּגֶעפָאהרֶען קֵיין טְבֶרְיָה אוּנ מִיט אַגַאנְצֶען בֵּית דִין הָאט עֶר אוֹיפ׳ן רמב״ם׳ס קֶבֶר עֶרְקְלֶעהְרְט אַז אַללֶע גֶעגְנֶער פוּן זַיינֶע סְפָרִים זֶענֶען אִין חֵרֶם. דֶערְמִיט הָאט עֶר אוֹיסְגֶעדְרִיקְט דֶעם ווִילֶען גַאנְץ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי יוּדֶען אִין בַּגְדַד סַעִיד־אַדַאוּלַא אִיז דֶערְפוּן אוֹיךְ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן, אוּנ אַזוֹי וִוי יֶעדֶער רַב, וָואס הָאט אַחֵלֶק אִין דֶער מִלְחָמָה גֶעגֶען דִי גֶעגְנֶער, הָאט זַיין פְּסַק אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף פַּאפִּיער, הָאט דֶער רֵישׁ גָלוּתָא יִשַׁי בֶּן חִזְקִיָהוּ אַללֶע פַּאפִּיעֶרען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קֵיין בַּרְצֶלוֹנַה צוּ ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת אוּנ דֶער בֶּערִיהמְטֶער דִיכְטֶער פוּן יֶענֶער צַייט, שֵׁם טוֹב פַּלְכֶּרַא הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעזוּנְדֶער סֵפֶר אוּנ הָאט גֶעוויזֶען אַז זֶעהר וֶועניג מֶענְשֶׁען פֶערְשְׁטֶעהֶען דֶעם אֶמֶת׳ן וֶוערְטְה פוּנ׳ם „מוֹרֶה נְבוּכִים״; אָבֶּער אַזַא כֵּפֶר, וָואס זָאל פַארְאֶנְפֶערְן דֶעם רמב״ם, הָאבֶּען שׂוֹין דִי יוּדֶען מֶעהר נִיט גֶענֶאטְהִיגְט, וַוייל אִין שְׁפַּאנְיֶען אִיז דֶעם רמב״ם׳ס זֵכֶר גֶעוֶועהן צוּ הֵיילִיג אוּנ קֵיינֶער הָאט דָארְט גָאר נִיט בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען מֶען זָאל אוֹיף אִיהם מְלַמֵד זְכוּת זַיין, אוּנ אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאבֶּען דִי רַבָּנִים אוֹיפְגֶעהֶערְט מֶעהר שְׁטְרַייטֶען

וֶועגֶען רמב״ם, וַוייל עֶס אִיז זֵיי אַזֵיינְס פַארְנַאנְגֶען אַז זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין דֶעם
וְכּוּחַ פַארְגֶעסֶען.

זֶעהר אַ בִּיטֶערֶע צַייט הָאט זִיךְ טַאקִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דִי יוּדֶען אִין דַייטְשְׁ־
לַאנְד, וֶוען דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קֵייזֶער רוּדָאלְף פָאן הַאבְּסְ־
בּוּרְג, וָואס הָאט זֵיי אָנְגֶעטְהוּן אַזוֹי פִיעל צָרוֹת אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט
עֶנְטְשְׁלִיסֶען אִין גַאנְצֶען צוּ פֶערְלָאזֶען דָאס לַאנְד. רוּדָאלְף אִיז גֶעוֶועהן אַ שְׁטַארְ־
קֶער נִצְרָךְ אוּנ צוּ לִיעבּ גֶעלְד הָאט עֶר דִי יוּדֶען גֶעטְהוּן אִי טוֹבוֹת אִי רָעוֹת:
אִיז עֶר גֶעוֶועהן אִין אַנוֹיטְה, הָאט עֶר דִי יוּדֶען גֶעוִויזֶען אַ פְרַיינְדְלִיכֶע מִינֶע
אוּנ הָאט זֵיי אוֹיסְגֶעלֶעדִיגְט דִי קֶעשֶׁענֶעס; הָאבֶּען זִיךְ וִוידֶער דִי יוּדֶען בֶּערוּהִיגְט
אוּנ גֶעמֵיינְט אַז אַזוֹי וֶועט שׁוֹין שְׁטֶענְדִיג זַיין, הָאט עֶר פְּלוּצְלוּנְג אַרוֹיסְגֶעלָאזְט
אַ נַייֶע גְזֵרָה אוּנ וַוייטֶער בַּיי זֵיי גֶעצַאפְּט גֶעלְד. דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אִין יֶענֶער
צַייט בֶּעגַייהְט אַסַךְ בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען, וָואס נָאךְ דֶער פַּאפְּסְט אִינָאקֶענְטִי דֶער
פִיעְרְטֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיין הַסְכָּמָה אַז זֵיי זֶענֶען פַאלְשׁ. רוּדָאלְף הָאט אָבֶּער
גֶעוָואלְט מֶען זָאל זִיךְ אָנְהַאפֶּען אָן דִי אַלְטֶע לִיעגֶענְס, כְּדֵי עֶר זָאל קֶאנֶען שִׁינְדֶען
פוּן דִי יוּדֶען דִי הוֹיט. אִים יָאהר 1283 הָאט מֶען אִין מַאיְנְץ פוּנְקְט אוּם פֶּסַח
גֶעפוּנֶען אַ טוֹיט קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד אוּנ דָאס פָאלְק הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג
אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען דִי רוֹצְחִים. אוּמְזִיסְט הָאט זִיךְ דֶער עֶרְצְבִּישָׁאף וֶוערְנֶער אָנְ־
גֶענוּמֶען פַאר דִי אוּמְשׁוּלְדִיגֶע יוּדֶען, מֶען הָאט אִיהם נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוּנ
צֶעהן יוּדִישֶׁע מַאנְצֶער בַּעֲלֵי בַּתִּים הָאבֶּען בֶּעצָאהלְט מִיט׳ן לֶעבֶּען, חוּץ וָואס
מֶען הָאט כִּמְעַט אַללֶע יוּדִישֶׁע הַייזֶער אָבְּגֶערַאבֶּעוֶועט. אִין דֶעם אֵיינֶעם טָאג
הָאט מֶען אוֹיךְ דֶערְהַרְג׳ט זֶעכְס אוּנ צְוַואנְצִיג יוּדֶען אִין בַּאכְרַאךְ. רוּדָאלְף
הָאט זִיךְ אֲפִילוּ דֶערְנָאךְ אָבְּגֶערֶעכֶענְט מִיט דִי רוֹצְחִים, נָאר דָאס פָאלְק הָאט
פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז נָאר גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען לְפָנִים, אוּנ אַז מֶען מֶאג דִי
יוּדֶען וַוייטֶער שְׁלָאגֶען. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעוֶועהן: אִין צְוֵויי יָאהר אַרוּם הָאט
מֶען אִין מִינְכֶען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָבְּגֶעקוֹיפְט אַ קְרִיסְטְלִיךְ
קִינְד בַּיי אֵיין אַלְטֶער פְרוֹי אוּנ הָאבֶּען עֶס דֶערְהַרְג׳ט. דָאס פָאלְק הָאט לַאנְג
נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען הַרְג׳נֶען יוּדֶען אִין דִי גַאסֶען, וֶועמֶען מֶען
הָאט נָאר גֶעחַאפְּט; אַז מֶען הָאט דֶערְהֶערְט אִין שְׁטָאדְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ,
הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר פִיעל יוּדֶען בֶּעהַאלְטֶען אִין שׁוּל, נָאר דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען אָנְ־
גֶעצוּנְדֶען דִי שׁוּל פוּן אַללֶע זַייטֶ׳ן אוּנ הוּנְדֶערְט אַכְטְצִיג יוּדֶען זֶענֶען פַארְבְּרֶענְט
גֶעוָוארֶען. שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ יָאהר הָאט מֶען אִין אָבֶּערְוֶועזֶל אוּנ בָּאפַּארְד
גֶעטַייטְט זֶעהר פִיעל יוּדֶען, וַוייל מֶען הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז זֵיי הָאבֶּען דֶערְ־

הַרג'ט אֵיין אַלְטֶען מַאנְן אוּנ אויסגֶעצַאפְּט זַיין בְּלוּט. עֶס אִיז מֶערְקְווירְדִיג, אַז דִי מְלוּכָה פְלֶעגְט זִיךְ דָוְקָא אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען פַאר דִי יוּדֶען, נָאר זִי פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען אוּנ קוּמֶען גְרָאד אִין דֶער צַייט, וֶוען יוּדִישׁ בְּלוּט הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעגָאסֶען אוּנ טוֹיטֶע קֶארְפֶּערְס הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט. עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט פְלֶעגְט רוּדָאלְף פַּסְקֶנֶען אַז דִי קְרִיסְטֶען טְהוּעֶן נִיט גוּט אוּנ בַּיי דִי יוּדֶען נֶעהמֶען טַאקִי פְּסַק־גֶעלְד.....

דֶערְפוּן וָואס אֲפִילוּ דִי יוּדֶען, וָואס זֶענֶען שׁוֹין גֶעוואוֹהנְט מִיט קְלֶאפּ, אִיז נִמְאָס גֶעוָוארֶען אַזוֹי פִיעל צוּ לַיידֶען, קָאן מֶען פַארְשְׁטֶעהן אַז מֶעהר אוֹיס־הַאלְטֶען זֶענֶען זֵיי נִיט גֶעוֶועהן אִין כֹּחַ. כִּמְעַט אַלֶע יוּדֶען פוּן מַאינְץ, וָוארְמְס. שְׁפַּייעֶר, אָפֶּענְהֵיים אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִים יָאהר 1286, אִינֵיינֶעם מִיט'ן בֶּערִיהמְטֶען רב, ר' מֵאִיר פוּן רוֹטֶענְבּוּרְג (מהר"ם מֵרוֹטֶענְבּוּרְג), וָואס אִיז גֶעוֶועהן בֶּעקַאנְט פַאר אַגְרוֹיסֶען צַדִיק, קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דָאס וָואס זֵיי הָאבֶּען זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיף אַזַא וַוייטֶע נְסִיעָה, הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען דֶערְפוּן וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶרְגִיץ אִין דֶער מִזְרָח זַייט אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פְּלוּצְלוּנְג דִי זוּנְן אוּנ יוּדֶען זֶענֶען דָארְט גָאר עוֹלֶה לִגְדוּלָה גֶעוָוארֶען. דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין וָואס הָאט צוּ זִיךְ צוּגֶעצוֹיגֶען דִי פֶּערְוָואגֶעלְטֶע דַייטְשֶׁע יוּדֶען אִיז טַאקִי גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס אִיז גֶעלֶעגֶען צְווִישֶׁען סִירְיֶען אוּנ דֶעם קַאסְפִּישֶׁען יַם אוּנ וָואס דֶער מָאנְגָאלִישֶׁער קֶאנִיג אַרְגוּן הָאט דַארוֹיף גֶעהַאט צוּ שַׁאפֶען. בַּיי דֶעם קֶאנִיג הָאט גֶעדִיעֶנְט אַ יוּדִישֶׁער לַייבּ־דָאקְטָאר סַעַד־עַבְּדְאוּלַה, אַמֶענְשׁ פוּן גְרוֹיסֶע קֶענְטְנִיסֶע, וָואס הָאט אִיהם נִיט נָאר גֶעהָאלְפֶען בַּיי אַקְרַאנְקְהַייט נָאר אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען אָפְט דִי בֶּעסְטֶע עֵצָה אוּנ אִיז מִיט דֶער צַייט גֶעוָוארֶען דֶער גְרֶעסְטֶער חָשׁוּב אוּנ בַּיי אִיהם אִיז גֶעוֶועהן דִי גַאנְצֶע דֵעָה. דֶער שֵׁם פוּן אַזַא יוּדֶען, וָואס מֶען הָאט גֶעמֶעגְט רֶעכְנֶען אוֹיף אִיהם, אַז דָאס אִיז אַמִין מָשִׁיחַ, אִיז גִיךְ אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין אֵיירָאפַּא אוּנ דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט זוּכֶען דִי וַוייטֶע מְדִינָה, ווּאוּ זֵייעֶר בְּרוּדֶער הָאט גֶעקָאנְט דֶערְגְרֵייכֶען אַזַא גְלִיק.

צוּם אָנְהֵייבּ הָאט עֶס בַּיי רוּדָאלְפ'ן נִיט אוֹיסְגֶעמַאכְט וָואס אַ טְהֵייל יוּדֶען פָאהרֶען אַרוֹיס, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר קָהָל'ס יוֹרֵשׁ אוּנ הָאט צוּגֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע פֶּערְמֶעגֶען וָואס אִיז פוּן זֵיי אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, נָאר אַז עֶר הָאט אַקוּק גֶעטְהוּן אַז עֶס וֶועט בַּאלְד טַאקִי קֵיין אֵיינְצִיגֶער יוּד נִיט בְּלַייבֶּען אִין לַאנְד אוּנ עֶר וֶועט[illegible]י פֶערְלִירֶען אַזַא גְרוֹיסֶע הַכְנָסָה, הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵּׁב גֶעוֶועהן אַז דָאס טוֹיג פַאר אִיהם [illegible]יט אוּנ הָאט נֶעהֵייסֶען פֶערְהַאלְטֶען דֶעם רַב ר' מֵאִיר פוּן רוֹטֶענְבּוּרְג

אוּנ אִיהם אַיינְזֶעצֶען אִין גֶעפֶאנְגֶנ'ס. חָאטְשׁ מֶען הָאט ר' מֵאִיר'ן גֶעהַאלְטֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דִי יוּדֶען נִיט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען אַז אַזַא צַדִיק זָאל זִיצֶען אִין תְּפִיסָה אוּנ זֵיי הָאבֶּען פָּארְגֶעלֶעגְט רוּדָאלְפ'ן אַ גְרוֹיסֶע סוּמְמֶע גֶעלְד אַבִּי עֶר זָאל בֶּעפְרַייֶהעֶן ר' מֵאִיר'ן. רוּדָאלְף הָאט שֵׂכֶל גֶעהַאט, דָאס גֶעלְד הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען אוּנ ר' מֵאִיר'ן הָאט עֶר נִיט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט, כְּדֵי עֶר זָאל עֶפִּיס נָאךְ אוֹיסְרַייסֶען. דִי יוּדֶען זֶענֶען פֶערְטִיג גֶעוֶועהן אַוֶועקְצוּגֶעבֶּען דֶעם לֶעצְטֶען גְרָאסֶען, נָאר ר' מֵאִיר אַלֵיין הָאט נִיט גֶעוָואלְט מֶען זָאל אִיהם אוֹיסְלֵייזֶען, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט עֶס זָאלֶען אַנְדֶערֶע מְלָכִים אוֹיךְ נִיט טְהוּן דָאס אֵייגֶענֶע אוּנ זָאלֶען נִיט אַיינְזֶעצֶען דִי רַבָּנִים, אוּנ דוּרְךְ דֶעם אוֹיסְנַארֶען בַּיי זֵיי גֶעלְד. אַזוֹי אִיז ר' מֵאִיר פִינף יָאהר גֶעוֶועהן אִין גֶעפֵיינְגֶענֶעס אִין דֶער שְׁטָאדְט עֶנְזִיסְהֵיים אִין עֶלְזַאס אוּנ אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען. נָאךְ זַיין טוֹיט הָאט דִי מְלוּכָה נִיט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען זַיין קֶערְפֶּער בִּיז זִיסְקִינְד אַלֶכְּסַנְדֶר וִוימְפְּפֶען פוּן פְרַאנְקְפוּרְט הָאט אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען רוּדָאלְפְ'ס יוֹרְשִׁים וִויפִיעל זֵיי הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט, אוּנ הָאט עֶרְשְׁט אַלַאנְגֶע צַייט נָאךְ ר' מֵאִיר'ס פְּטִירָה אִיהם גֶעבְּרַאכְט אִין וָוארְמְס צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל. דֶער פַאר הָאט ר' זִיסְקִינְד גֶעבֶּעטֶען אַז נָאךְ זַיין פְּטִירָה זָאלל מֶען אִיהם בְּרֵיינְגֶען צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל נֶעבֶּען רַבֵּינוּ מֵאִיר'ס קֶבֶר.

אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען דֶער צָארְן אוֹיךְ אוֹיף דִי עֶנְגְלִישֶׁע יוּדֶען אוּנ זֵיי זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועהן אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פוּן זֵייעֶרֶע דַייטְשֶׁע בְּרִידֶער. דֶער קֶענִיג עֶדוּאַרְד דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז דַוְקָא נִיט גֶעוֶועהן קֵיין שְׁלֶעכְטֶער, חָאטְשׁ אוֹיף מַס נֶעהמֶען בַּיי דִי יוּדֶען צֶעהן מָאל אַזוֹי פִיעל וִוי בַּיי אַנְדֶערֶע אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער בַּעֲלָן, נָאר וִוי אַזוֹי עֶס אִיז הָאט עֶר זֵיי פָּארְט אָבְּגֶעהִיט זֵיי זָאללֶען זִיךְ קָאנֶען לֶעבֶּען הוּהִיג. פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ אָבֶּער אִים יָאהר 1275 גֶעמַאכְט אַ צוּפַאל, וָואס אֵיינֶער פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע, רָאבֶּערְט דֶע רִידִינְגְדָז, אַ גְרוֹיסֶער גֶעלֶעהְרְטֶער, הָאט זִיךְ גֶעחַאפְּט מִיט חֵשֶׁק לֶערְנֶען הֶעבְּרֶאִישׁ, כְּדֵי עֶר זָאל קָאנֶען דַרְשְׁנֶ'ען אוּנ זֵיי צוּרֶעדֶען צוּם טוֹיפֶען. אַז רָאבֶּערְט הָאט זִיךְ אָבֶּער פֶערְטִיעפְט אִין דִי יוּדִישֶׁע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען פּוּנְקְט פַארְקֶעהרְט: עֶר הָאט נִיט נָאר קֵיין אֵיינְצִיגֶען יוּדֶען גֶעטוֹיפְט, נָאר עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַלֵיין מְגַיֵיר גֶעוֶועהן אוּנ הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ יוּדִישׁ קִינְד. אַלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט דֶעם אֱמֶת, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען אִין דֶער זַאךְ קֵיין שׁוּם נְגִיעָה נִיט גֶעהַאט, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ, אוּנ דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְּרוּבְט צוּרֵיידֶען דֶעם קֶענִיג עֶר זָאל דִי

יוּדען אָנְלֶערְנֶען, נָאר עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט מִישֶׁען. דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶערוהט, דִי אַלְטֶע קֶענִיגִין עֶלֶעאָנָארָה אִיז גֶעוֶועהן אוֹיף זֵייעֶר זַייט, אוּנ נָאר נִיךְ הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי יוּדֶען אָנְטְהוּן אַזֶעלְכֶע צָרוֹת אַז עֶס אִיז נָאר אַ וואוּנְדֶער וִוי אַזוֹי זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט אוֹיסְשְׁטֶעהֶן. נִיט אוּמְזִיסְט שְׁרַייבְּט אֵיינֶער אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען דֶעמָאלְט אִין עֶנְגְלַאנְד גֶעאַרְבַּייט פּוּנְקְט וִוי בַּיי פַּרְעה'ן אִין מִצְרַיִם, נָאר דֶער חִלוּק אִיז גֶעוֶועהן וָואס דָארְט הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט טְרָאגֶען צִיגֶעל אוּנ דָא הָאט מֶען זֵיי גֶעמוּטְשֶׁעט צוּ בְּרֶענְגֶען גָאלְד.

אַז דָאס פָאלְק הָאט גֶעזֶעהן וִוי דִי מְלוּכָה מַאכְט זִיךְ נִיט וִויסֶענְדִיג אוּנ לָאזְט אוֹיסְטְרַאכְטֶען אוֹיף דִי יוּדֶען וָואס עֶס קוּמְט נוּר אֵיינֶעם אִין קָאפּ אַרַיין, הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען בִּלְבּוּלִים אָהן אַ שִׁעוּר אוּנ אָהן אַ צָאהל. דִי עֶרְשְׁטֶע עֲבֵרָה הָאט מֶען גֶעפוּנֶען, אַז דִי יוּדֶען פַארְפָלֵייצֶען דָאס לַאנְד מִיט פַאלְשֶׁע אָדֶער בֶּעשְׁנִיטֶענֶע מַטְבֵּעוֹת; מֶען הָאט גָאר מִיט זֵיי נִיט גֶעטַעֲנֶה'ט אוּנ אוּם פְרַייטָאג, דֶעם 17 נָאוֶועמְבֶּער 1278, הָאט מֶען פֶּינְגוּמֶען אַללֶע יוּדֶען פוּן עֶנְגְלַאנְד מִיט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, מֶען הָאט זֵיי אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה אוּנ מֶען הָאט אִין זֵייעֶרֶע וָואהנוּנְגֶען גֶעזוּכְט פַאלְשֶׁע מַטְבֵּעוֹת. הָאטְשׁ עֶס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז מִיט דֶער זַאךְ הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מֶעהר דִי קְרִיסְטֶען אוּנ דַוְקָא גֶעהוֹיבֶּענֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ פוּן יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ מֶעהר נִיט גֶעפוּנֶען וִוי דְרַיי הוּנְדֶערְט, וָואס עֶס הָאט גֶעקָאנְט אוֹיף זֵיי פַאלֶען אַ חְשַׁד, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעלִיטֶען אִיבֶּער צֶעהן טוֹיזֶענְד יוּדֶען. דִי קְרִיסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ מִיט גֶעלְד אוֹיסְגֶעדְרֵייהט, אוּנ פוּן דִי יוּדֶען הָאט מֶען טַאקִי אַ תֵּל גֶעמַאכְט: עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט הָאט מֶען אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען, אַ סַךְ הָאבֶּען גֶעמוּזְט זֵייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען בְּלַייבֶּען אִין תְּפִיסָה, אוּנ נָאךְ מֶעהר הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּנ'ם לַאנְד אוּנ בַּיי זֵיי דָאס פֶערְמֶעגֶען צוּגֶענוּמֶען. דִי וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען הָאבֶּען אוֹיךְ קֵיין גוּטֶעס גֶעהַאט, וַוייל דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גַאנְצֶע פַּרְנָסָה דֶערְפוּן וָואס זֵיי פְלֶעגֶען יֶעדֶען יוּדֶען הַאלְטֶען אִין דֶער מוֹרָא אוּנ רַייסֶען בַּיי אִיהם גֶעלְד דֶערְפַאר, וָואס זֵיי מַסֶר'ן אִיהם נִיט. דֶער קֶענִיג עֶדוּאַרְד הָאט שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט צוּזֶעהן אַזאַ עַוְלָה, אוּנ הָאט גֶעמַאכְט אַז שְׁפֶּעטֶער פוּן חֹדֶשׁ מַאי 1279 זָאל מֶען אוֹיף דִי יוּדֶען מֶעהר קֵיין מְסִירוֹת וֶועגֶען פַאלְשֶׁע מַטְבֵּעוֹת נִיט אָנְנֶעהמֶען.

דִי שׂוֹנְאֵי־יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אָבֶּער נִיט מִיעד גֶעוָוארֶען צוּ זוּכֶען אוֹיף דִי יוּדֶען נַייעֶ עֲבֵירוֹת. בַּאלְד אִיז אַרוֹיס אַ קוֹל אַז אִין נָאטְהַאמְפְּטָאן הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעהַרְגֶע'ט אַ קְרִיסְטְלִיךְ קִינְד, אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען מַיט פִיעל פוּן זֵיי אִין לָאנְדָאן,

דעם 2 אפריל 1279, צוגעבונדען צו פערד און זיי אויף שטיקער צוריסען. דער-
נאך האט מען אויסגעטראכט אז די יודען לאסטערן די קריסטליכע אמונה און
מאכען אפענטליך הוזק פונ'ם קרייץ און פון די הייליגע בילדער, און מען האט
געפועל'ט ביים קעניג ער זאל ארויסזאגען א געזעץ אז די יודען וואס וועלען
שולדיג זיין אין דעם זאל מען בעשטראפען מיט'ן טויט. עדווארד האט אבער
געקאנט זיין חברה און האט געוואוסט אז מיט אזא געזעץ גיט ער די יודישע
שונאים א שארפע שווערד אין די הענד; דערפאר האט ער בעשטימט, אז די
יודען קאנען נאר פערמשפט ווערען פון אמת עהרליכע שופטים. די שונאים
האבען פערשטאנען אז אויף אזא אופן וועט זיי שווער זיין עפיס צו מאכען,
האבען זיי זיך גענומען רייצען די יודען און זיי ארויפבריינגען דארויף זיי זאללען
זאגען גראבע ווערטער. די גייסטליכע האבען געבעטען דעם קעניג ער זאל זיי
ערלויבען דרשענען פאר די יודען וועגען הייליגקייט פון דער קאטולישער רעליגיאן
און זענען געוועהן זיכער אז דערביי וועלען זיך די יודען ניט קאנען איינהאלטען
און מען וועט שוין האבען פאר וואס זיך צו זיי צו טשעפען. עדווארד האט זיי
דאס ניט געטארט פאהרווערען, נאר דערביי האט ער אויך געלאזט זאגען די
יודען זיי זאלען אלדינג רוהיג אויסהערען, ניט זשעלטען און ניט זידלען. וואס פון
די דרשות איז ארויס – איז ניט בעקאנט. עדווארד האט אפילו געלאזט בויען
א גרויס הויז פאר געטויפטע יודען און האט דארויף מנדר געוועהן פיעל געלד,
נאר ווי עס ווייזט אויס איז די צאהל פון די געטויפטע געוועהן גאר קליין.
גראסער איז נאר געווארען די שנאה צו די יודען, בעזאנדערס אז דעם גייסטליכען
דונש-סקוטוס איז געראטהען צוזאמען מיט דער אלטער קעניגין גלעאנארא,
אויסצורייסען פון עדווארד'ס הארץ דאס לעצטע ביסעל יושר געגען די יודען,
און דער נייער פאפסט האנאריוס דער פערטער האט אנגעהויבען צו
גוואלדעווען אז די קריסטען ווערען קאליע פון די יודען, און אז דאס בעסטע
וואלט געוועהן מען זאל זיי אין גאנצען ארויספטר'ן פונ'ם לאנד. די יודען האבען
געפיהלט וואס פאר איין אומגליק עס ליעגט אויף זייערע קאפ: אים יאהר 1287
האט מען נאך אמאל אללע יודען פון ענגלאנד, נאר זאהן א שום טענה, איינ-
געזעצט אין תפיסה, נאר עס איז נאך געוועהן מיט חסד, ווייל זיי האבען זיך
באלד אויסגעקויפט מיט געלד; שפעטער אבער מיט דריי יאהר האט מען שוין
זייער געלד אויך ניט געוואלט, עס איז ארויס א בעפעהל אז ביז צום חודש
נאוועמבער פונ'ם יאהר 1290 מוז יעדער יוד פערקויפען זיין הויז, און אבגעבען די
קריסטען זייערע משכנות און זיך געהן וואהין די אויגען וועלען זיי טראגען. די

גְזֵרָה הָאט זֵיי שׁוין דַוְקָא נִיט אַזוֹי אִיבֶּערְרַאשְׁט, ווייל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פְּרִיהר אַזוֹי אָנְגֶעלִיטֶען אַז דֶער לֶעצְטֶער קְלַאפּ הָאט זִיךְ שׁוין נִיט גֶעקָאנְט אָנְזֶעהן. דִי מְלוּכָה הָאט אֲפִילוּ גֶעמֵיינְט אַז עֶס וֶועט אִיהר שְׁוֶוער זַיין עֶנְגְלַאנְד אָבְּצוּרַייסֶען פוּן יוּדֶען, אוּנ דֶערְפַאר הָאט זִי זֵיי גֶעלָאזְט זָאגֶען אַז יֶעדֶען יוּדֶען, וָואס מֶען וֶועט שְׁפֶּעטֶער דָארְט טְרֶעפֶען, וֶועט מֶען בַּאלְד הֵיינְגֶען; צוּם סוֹף זֶענֶען דִי יוּדֶען אַרוֹיס פוּן דָארְט נָאךְ פַאר דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער צַייט, אוּנ דֶעם נַיינְטֶען אָקְטָאבֶּער הָאבֶּען זִיךְ 16511 יוּדֶען גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער עֶרְד, וואוּ זַייעֶרֶע עֶלְטֶערן הָאבֶּען פֶערְבְּרַאכְט מֶעהר פוּן פִיער הוּנְדֶערְט יָאהר. פִיעל יוּדִישֶׁע הַייזֶער, וָואס מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעקָאנְט פֶערְקוֹיפֶען, הָאט אָבְּגֶעגַרְשֶׁ'ט דֶער קֶאנִיג, וָואס הָאט נָאךְ פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען גֶעהַאט אַזוֹי פִיעל מֶענְשֶׁענְלִיעבֶּע, אַז עֶר הָאט אָנְזֶעזָאגְט מֶען זָאל דִי יוּדֶען וֶועניגְסְטֶענְס לָאזֶען רוּהִיג אַוֶּועקְפָאהרֶען, אוּנ אוֹיף דִי שִׁיפֶען זָאל מֶען זִיךְ מִיט זֵיי פְרַיינְדְלִיךְ בֶּעגֶעהן. מֶען הָאט אָבֶּער דֶעם קֶאנִיג נִיט גֶעהֶערְט אוּנ אֲפִילוּ דָאס פָאהרֶען אִיז זֵיי אוֹיךְ אָנְגֶעקוּמֶען מִיט צָרוֹת: אַ קַאפִּיטַאן הָאט אוֹיף זַיין שִׁיף גֶעפִיהרְט פִיעל יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת, דָאס וַואסֶער אִיז אָבֶּער אָבְּגֶע-פַאלֶען, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אַלֶע דֶערְוַוייל אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ אִינְזֶעל, אוּנ אַז דָאס וַואסֶער אִיז צוּגֶעקוּמֶען הָאט עֶר זֵיי שׁוין נִיט אַרוֹיפְגֶעלָאזְט אוֹיפ'ן שִׁיף אוּנ הָאט זֵיי מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער גֶעזָאגְט, אַז זֵיי הָאבֶּען אַ משֶׁה רַבֵּינוּ וָואס קָאן זֵיי טְרוּקֶען אַרִיבֶּערְפִיהרֶען אִיבֶּער'ן יַם. דִי יוּדֶען זֶענֶען אַזוֹי אוּמְגֶעקוּמֶען, נָאר אַז עֶדְוַארְד אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דֶעם קַאפִּיטַאן אוֹיפְ-הֵיינְגֶען וִוי אַ פְּרָאסְטֶען רוֹצֵחַ.

דֶעמָאלְט הָאט מֶען אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִי יוּדֶען פוּן גַאסְקָאנֶע, וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ עֶנְגְלַאנְד. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען קַיין פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ צוּם אָנְהֵייבּ הָאט זֵיי דֶער קֶאנִיג פִיהִילִיפּ דֶער פֶערְטֶער פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען, נָאר בַּאלְד הָאט עֶר חֲרָטָה גֶעהַאט אוּנ טַאקִי נָאךְ אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם יָאהר הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט ווייטֶער חַאפֶּען דָאס פֶּאקֶעל אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ זוּכֶען אַ נַייעֶם הֵיים

פוּן אַזֶעלְכֶע הָאט נָאךְ גֶעגְלַאנְצְט דֶער הָאפְנוּנגְס-שְׁטֶערְן פַאר דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פֶערְטְרִיבֶּענֶע, אוּנ פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז זֵיי וֶועלֶען זִיךְ קֶאנֶען צוּשְׁלָאגֶען צוּ זַייעֶרֶע בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ גֶעלֶעבְּט אִינ'ם לַאנְד פוּנ'ם מָאנְגָאלִישֶׁען קֶאנִיג אַרְגוּן. סַעד אַדַאוּלַה הָאט טַאקִי דֶערְגְרֵייכְט דִי גְרֶעסְ-טֶע מַדְרֵגָה אוּנ אִיהם צוּ לִיעבּ זֶענֶען דִי יוּדֶען אוֹיךְ גֶעווֶעהן זֶעהר גֶעשֶׁאצְט, אַז דֶער קֶאנִיג הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז אִין בַּגְדַד קוּמְט עֶפִּיס פָאר אַ שְׁווינְדֶעל מִיט

דִי הַכְנָסוֹת פוּן דֶער מְדִינָה, הָאט עֶר אַהִין אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט זַיין לַייבּ־דָאקְטָאר סַעד אַדַאוּלַה אוּנ נָאר אִין אַקוּרְצֶע צַייט אִיז אִיהם גֶערָאטְהֶען צוּ מַאכֶען אַזַא אָרְדְנוּנְג, אַז אִין דֶער קַאסְסֶע פוּן דֶער מְלוּכָה אִיז צוּגֶעקוּמֶען אַסַך גֶעלְד. דֶעמָאלְט הָאט אִיהם אַרְגוּן גֶעמַאכְט פַאר זַיין פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר אָהן אִיהם קַיין זַאךְ נִיט גֶעטְהוּן. סַעד־אַדַאוּלַה, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער שְׁפְּרַאכֶען־קֶענֶער, הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט שְׁטַארְקֶע פֶערְבִּינְדוּנְגֶען צְווִישֶׁען אַרְגוּן אוּנ דִי אֵייראָפֶּאִישֶׁע קֶענִיגֶע, וָואס הָאבֶּען מִיט פֶערְגְנִינְגֶען גֶעזֶעהן וִוי גוּט דִי קְרִיסְטֶען וֶוערֶען דָארְט בֶּעהַאנְדֶעלְט. אֲפִילוּ דֶער פַּאפְּסְט פְלֶעגְט שְׁרַייבֶּען בְּרִיעף צוּם מָאנְגָאלִישֶׁען קֶענִיג אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז מִיט דֶער צַייט וֶועלֶען דִי מָאנְגָאלֶען אָנְנֶעהְמֶען דִי קַאטָאלִישֶׁע אֱמוּנָה. סַעד־אַדַאוּלַה הָאט טַאקִי דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען אוּנ הָאט עֶס גֶעטְהוּן נָאר פַאר דֶער טוֹבָה פוּן דֶער מְדִינָה. גוּטֶע אוּנ רוּהִיגֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין כַּוָונָה אוּנ הָאבֶּען גֶעשֶׁעצְט זַיין שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט. דֶערְפַאר הָאבֶּען זִיךְ אָבֶּער אוֹיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג מַחְמַדְנֶער אוּנ מָאנְגָאלֶען וָואס עֶס הָאט זַיי גֶעקְרֶענְקְט צוּ צוּזֶעהן וִוי יוּדֶען אוּנ קְרִיסְטֶען קָאמַאנְדֶעוֶוען נָאר מִיט זַיי אוּנ זֶענֶען גֶעוָוארֶען דֶעם „יוּדִישֶׁען מִינִיסְטֶער" שׂוֹנְאִים אוֹיפ'ן לֶעבֶּען. זַיי פְלֶעגֶען נִיט אֵיינְמָאל אוֹיסְ־טְרַאכְטֶען אַז סַעד־אַדַאוּלַה וִויל אַיינְפִיהְרֶען אַנַייֶע רֶעלִיגְיָאן, אַז עֶר קְלוֹיבְּט זִיךְ צוּ גֶעהְן מִיט פִיעל חַיִל קַיין מֶעקְקַא אוּנ דָארְט שְׁטֶעלֶען אַטֶעמְפֶּעל פַאר עֲבוֹדָה זָרָה אוּנ אַללֶע מַחְמַדְנֶער צְווִינְגֶען זַיי זָאללֶען צוּרִיק וֶוערֶען גֶאטְצֶענְדִיעֶנֶער. גַאנְץ אָפֶּען זֶענֶען שׁוֹין דִי שׂוֹנְאִים פֶערְטִיג גֶעוֶועהן אָנְצוּפַאלֶען אוֹיף סַעד־אַדַאוּלַה מִיט זַיינֶע קְרוֹבִים, נָאר עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג דֶערְפוּן פְרִיהֶער זִיךְ דֶערְוִויסֶען אוּנ
דֶער גַאנְצֶער פְּלַאן פְלֶעגְט בָּטֵל וֶוערֶען. צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער אִים יָאהר 1290
דֶער קֶענִיג אַרְגוּן שְׁטַארְק קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוּנ חָאטְשׁ סַעד־אַדַאוּלַה הָאט זִיךְ אַגַאנְץ יָאהר גֶעמוּטְשֶׁעט מִיט אִיהם, אוּנ הָאט אַללֶע מִיטֶעל אָנְגֶעוֶוענְדֶעט אִיהם צוּ דֶערְהַאלְטֶען בַּיים לֶעבֶּען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועהן. דֶעמָאלְט הָאבֶּען דִי שׂוֹנְאִים גֶעפוּנֶען דִי בֶּעסְטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט אוֹיסְצוּפִיהְרֶען זַייעֶרְס אוּנ זִיךְ בֶּע־פְרַייעֶן פוּן דֶער מַאכְט, וָואס אִיז זַיי אַזוֹי פִיעל יָאהר נִיט לִיעב גֶעוֶועהן, אוּנ אַז דֶער קֶענִיג הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען בַּיי דֶער גְסִיסָה הָאבֶּען זַיי סַעד־אַדַאוּלַה אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען דֶעם קָאפּ אוּנ אַללֶע זַיינֶע קְרוֹבִים מִיט וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער הָאבֶּען זַיי גֶעמַאכְט פַאר שְׁקְלַאוֶוען אוּנ צוּגֶענוּמֶען בַּיי זַיי זַייעֶר גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען. דִי מַחְמַדְנֶער זֶענֶען אוּמֶעדוּם אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ אִין בַּגְדַד אִיז מֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף מֶעסֶער־שְׁטָאךְ אוּנ פִיעל הֲרוּגִים זֶענֶען גֶעפַאלֶען פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען.

אַזוֹי הָאט זִיךְ פּוּנְקְט אִין דֶער צַייט, וֶוען אִין אֵייראָפַּא הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אָהן אַצִיעל אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט וואוּ אַקָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען, אוֹיךְ אִין אַזֶיען פֶערְחַמַארֶעט דֶער הִימֶעל אוּנ פַאר דִי וָואס זַייעֶרֶע פֶערְוָואגֶעלְטֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען זַיי מְקַנֵא גֶעוֶועהן אוּנ עֶס הָאט זַיי גֶעצוֹינֶען צוּ זַיי, כְּדֵי זַיי וָאלֶען גֶעבֶּען זַיי אוֹיךְ הָאבֶּען אֵיין אָרְט וואוּ אַקָאפּ צוּצוּלֶעגֶען, הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אֶנְגֶעהוֹיבֶּען פִינְסְטֶערֶע טֶאג.

נָאר דָאס שְׁרֶעקְלִיךְ פִינְסְטֶערְנִישׁ, וָואס הָאט זִיךְ מִיט אַמָאל אִין דֶעם דְרַייצֶעהְנְטֶען יָאהְ׳ הוּנְדֶערְט אַרוֹיפְגֶערוּקְט אוֹיפ׳ן יוּדִישֶׁען מַזָל, אִיז אַגָאר נִישְׁט גֶעגֶען דֶער פִינְסְטֶערְנִים, וָואס הָאט צוּגֶעדֶעקְט דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע יוּדִישׁ לֶעבֶּען. מֶעהר פוּן צְוַויי הוּנְדֶערְט יָאהר הָאבֶּען דִי יוּדֶען אִין אֵייראָפַּא, בֶּעזָאנְדֶערְס אִין שְׁפַּאנְיֶען אוּנ פְרַאנְקְרַייךְ גֶעהַאלְטֶען אִין זַייעֶרֶע הֶאנְד דָאס רֵיינֶע לִיכְט פוּן תּוֹרָה, חָכְמָה אוּנ אֱמוּנָה! פְּלוּצְלוּנְג אִיז אָבֶּער גֶעקוּמֶען דִי קַבָּלָה מִיט אִיהרֶע סוֹדוֹת אוּנ רְמָזִים, אוּנ הָאט דָאס שֶׁאנֶע לִיכְט פֶערְלָאשֶׁען אוֹיף הִיבְּשֶׁע עֶטְלִיכֶע דוֹרוֹת.

וָואס אֶרְגֶער דֶער מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען אִיז גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען דִי מְקוּבָּלִים אַלְס מֶעהר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ, אוּנ פוּן גֶערָאנַא (גִירוּנְדַה) הָאבֶּען זַיי אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען זַייעֶר הוֹיפְּט־פּוּנְקְט קַיין טָאלֶעדַא, וַוייל דָארְט הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט צַ פָארְשְׁטֶעהֶער, וָואס הָאט זַיי גֶעקָאנְט שִׁיטְצֶען מִיט זַיין שֶׁאנֶעם נָאהמֶען אוּנ מִיט זַיין גְרוֹיס רַייכְקַייט. דָאס אִיז גֶעוֶועהן ר׳ טוֹדְרוֹס בֶּן יוֹסֵף הַלֵּוִי פוּן דֶער בֶּערִיהְמְטֶער מִשְׁפָּחָה אַבּוּלַאפְיָא, אַקָרוֹב נָאךְ פוּן ר׳ מֵאִיר אַבּוּלַאפְיָא, וָואס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעגֶען רמב״ם אוּנ אַלֶע חֲקִירָה־סְפָרִים. ר׳ טוֹדְרוֹס אִיז צוּ לִיעבּ זַיינֶע גְרוֹיסֶע קֶענְטְנִישֶׁע אִין מֶעדִיצִין אוּנ זַיין פִינַאנְץ־זַאכֶען, גֶעוֶועהן אַשְׁטַארְקֶער חָשׁוּב אִין הוֹיף פוּן סַאנְכָא דֶעם פִיעֶרְטֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס בַּיי דֶער קְלוּגֶער קֶאנִיגִין מַארְיַא דֶע מָאלִינַא. דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם וִוי אוֹיף אַ נָשִׂיא אוּנ אַז דֶער קֶאנִיג מִיט דֶער קֶאנִיגִין זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען זִיךְ זֶעהן מִיט׳ן פְרַאנְצֶאזִישֶׁען קֶאנִיג פִילִיפּ דֶעם פִיעֶרְטֶען, אִיז ר׳ טוֹדְרוֹס אַבּוּלַאפְיָא אוֹיךְ גֶעוֶועהן צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע לַייט וָואס הָאבֶּען בַּאלַייט דֶעם שְׁפַּאנִישֶׁען קֶאנִיג, אוּנ דָאס הָאט זַיין נָאהמֶען גָאר גְרוֹיס גֶעמַאכְט אוֹיךְ בַּיי דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע יוּדֶען. ר׳ טוֹדְרוֹס אַבּוּלַאפְיָא אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער גֶעגְנֶער פוּן דִי יוּדִישֶׁע חַקְרָנִים, חָאטְשׁ אַלֵיין אִיז עֶר נִיט גֶעוֶועהן וַוייט פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ הָאט זִיךְ קוֹנֶה שֵׁם גֶעוֶועזֶען וִוי אַבֶּערִיהְמְטֶער דָאקְטָאר. אִיהם הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז אַלֶע לוֹמְדִים ווִילֶען דִי תּוֹרָה פֶערְשְׁטֶעהן גֶעבֶּען

מיט שׂכל און נאָר אויפ׳ן פּראָסטען אופן, אַ שטײנער ווי דער רמב״ם האָט געטהון מיט די דינים פון קרבנות, וואָס ער האָט געוויזען אַז זיי שטאַמען אַרויס פון דעם געטצענדיענסט, מאַכען אַ תּל פון יודישקייט, און אַז די קבלה שטעהט אַ סך נאָהענטער צום אמת. מיט דעם דרך זענען אויך געגאַנגען זיינע זיהן לוי און יוסף און זיינע פיעל תּלמידים פון וועלכע עס זענען אַרויס די בעריהמטע דריי מקובלים: ר׳ יצחק אבן־לאַטיף, ר׳ אַברהם אבולאַפיאַ און ר׳ משה די־ליאון, וואָס האָבען דערנאָך מיט דער קבלה פערשטעלט דעם אמת׳ן שיין פון דער הייליגער תּורה און געבראַכט דעם פאָלק צו פיעל אַבערגלויבען און דמיונות ביז היינטיגען טאָג.

ר׳ יצחק בן אַברהם אללטיף אָדער אבן־לאַטיף איז געוועהן מעהר איינגעהאַלטענער און האָט ניט אַזוי פיעל געאַרבייט ווי זיין חבר ר׳ אַברהם אבולאַפיאַ, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין סאַראַגאָזאַ אים יאָהר 1240 און איז געוועהן אַ מענש, וואָס עס האָט איהם שטענדיג געצויגען נאָר צו בעהאַלטענע און פערבאָרגענע זאַכען. קיין שווינדלער איז ער פון דעסטוועגען ניט געוועהן. מיט זיין קבלה האָט ער ניט געמיינט קיין חכמות און האָט פעסט געגלויבט אַז מיט די סודות פון דעם למוד וועט ער אויפדעקען אַ נייע וועלט. אַ פרייע, אַ גליקליכע, אָהן צרות, אָהן יסורים און פאַר יודען טאַקי — אַ פּשוט׳ען גן־עדן. זיינע בעסטע יאָהרען האָט ער פערבראַכט אויף אַ נסיעה צום סמבטיון, וואו ער האָט געוואָלט אָבזוכען די פערלאָרענע שבטים, און אַז ער האָט, מן הסתם, אַזאַ טייך ניט געפונען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארץ־ישׂראל, דערוייל האָט ער אויפ׳ן וועג אין גריכענלאַנד חתונה געהאַט און טאַקי באַלד אַוועק געוואָרפען די פּרוי, און אַז ער איז געקומען קיין עכו האָט ער דאָרט געמוזט בלייבען שטעהן, ווייל פאַלעסטינאַ האָט זיך דעמאָלט געפונען אין די האַנד פון די מאָנגאָלען. דריי און פערציג יאָהר איז אַברהם אבולאַפיאַ אַלט געוועהן אַז ער איז צוריק געקומען קיין שפאַניען און האָט זיך גענומען מיט׳ן רעכטען חשק צו דער קבלה. עס איז ביי איהם קיין ספק ניט געוועהן אַז אין יעדען אות פון דער תּורה ליגען בעהאַלטען טיעפע סודות, און ער האָט זיך איינגערעדט אַז דערגעהן די סודות קאָן מען נאָר דורך גימטריאות, דאָס הייסט: אָננעהמען יעדעס אות פאַר אַ ציפער און אַזוי לאַנג מאַכען חשבונות ביז עס קומט אַרויס דאָס וואָס מען וויל וויסען. די חשבונות האָבען איהם אַזוי פערדולט דעם מוח אַז ער האָט זיך אין גאַנצען אויסגעטהון פון דער וועלט; ער האָט זיך פערשלאָסען אין אַ חדר מיוחד, גאַנצע טאָג איז ער געזעסען אין טלית און

תפלין, יעדעס ווארט פונ'ם דאווענען האט ער געצויגען מיט א בעזונדער כונה אונ האט געוואַרט ביז דער שלאף וועט איהם צומאַכען די אויגען, די שכינה וועט זיך איהם באווייזען דורך א קוש אויף די ליפען אונ אזוי וועט אין איהם אריין א רוח נבואה. דאס פארשטעהט מען אז ווי באַלד ער האט נאר געפוהלט ביי זיך אַלליין אז ער איז שוין א נביא, האט ער פערשטאַנען אז ביי זיך אין דער היים וועט ער ווייניג וואס מאַכען, אונ ער איז אים יאהר 1279 אַוועק קיין איטאליען. דארט האט ער אַרויסגעגעבען א ספר אונ האט מגלה געוועהן דעם עולם אז ער האט זוכה געוועהן צו רעדען מיט גאָטט אַלליין. דעם ספר האט ער א נאמען געגעבען „רזיאל" וואס איז בגימטריא אברהם. נאר כל זמן ער האט געהאט צו טהון מיט יודען, האט זיך די מלוכה אויף איהם ניט אומגעקוקט; עס איז איהם אבער איינגעפאלען א משוגע'נער געדאנק אז ער מוז דעם פאפסט מארטין דעם פיערטען מגייר זיין, דא האט מען שוין איהם א לאנגע צייט געהאלטען אין תפיסה, אונ מען וואלט איהם געווים פערברענט, ווען עס טרעפט ניט א נס: ר' אברהם אבולאפיא האט זיך דערנאך בעריהמט, אז איהם האבען אבגעראטעוועט די „צוויי צונגען" וואס גאט האט איהם געגעבען, נאר מען האט פערשטאַנען אז דער גאנצער מופת וואס ער איז ניצל געווארען האט זיך גענומען דערפון וואס ער האט מיט'ן פאפסט גערעדט מיט איין אנדער צונג אונ איהם געוויזען אז זיין למוד פון קבלה גלייכט זיך אוים מיט די סודות פון דער קריסטליכע אמונה. דערפאר האט מען שוין איהם געלאזט פריי ארומדרעהען זיך אין רום, נאר ער איז פון דארט אוועקגעפאהרען קיין סיציליען אונ האט זיך שוין דארט אויסגעגעבען פאר משיח אונ האט אפילו אויסגערעכענט אז אים יאהר 1290 מוז זיך אנהייבען די גאולה. האטש עס האט זיך באלד ארויסגעוויזען אז דער חשבון פון ר' אברהם אבולאפיא איז ניט אזוי ריכטיג אונ ער אלליין איז אין צוויי יאהר ארום געשטארבען, פון דעסטוועגען האט ער אין סיציליען געהאט א סך מאמינים אונ געטרייע תלמידים, וואס האבען געהאלטען מיט איהם. ער האט אויך אין די לעצטע יאהרען געארבייט מי'ט אללע כוחות צו בעפעסטיגען די קבלה, אונ אז די יודישע קהלה פון פאלערמא האט געשיקט אנפרעגען קיין ברצלונה צו ר' שלמה בן אדרת (הרשב"א) וואס זיין דעה איז וועגען די מקובלים, אונ דער בעריהמטער רב האט געאנטפערט: מען זאל זיך היטען פאר זיי ווי פאר פייער, האט ר' אברהם אבולאפיא ארויסגעלאזט אפייערינגען בריעף אונ האט זיך געקלאגט דארויף וואס די יודען ווילען זיין חכמים אונ פרעגען שאלות ווען אפילו די קריסטען גלויבען איהם אונ נעהמען בלינד אן זיינע ווערטער. ער

הָאט אָבֶּער נִיט בֶּעדַארְפְט זִיךְ לַאנְג קְלָאגֶען, וַוייל חֲכָמִים אוּנ שַׁאֲלוֹת פְּרֶאגֶער הָאבֶּען זִיךְ צְוִוישֶׁען יוּדֶען גֶעפוּנֶען גָאר וֶוענִיג, דָאס פְּרָאסְטֶע פָאלְק הָאט זִיךְ זֶעהר לַייכְט גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען אוּיפְ׳ן הִימֶעל אַרֵיד, אוּנ אַ פָּאר פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען זַיין תּוֹרָה קַיין שְׁפַּאנְיֶען: אֵיינֶער פוּן זֵיי וָואס הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט רוּפֶען שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַקְלֵיין-שְׁטֶעדְטֶעל אַיְלוֹן, דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ גְרֶעסֶערֶע שְׁטָאדְט אַבִּילָה אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּיעלֶען דִי רָאלְלֶע פוּן נְבִיאִים אוּנ טְרֶעסְטֶער דֶעם עוֹלָם אַז בַּאלְד וֶועט זִיךְ אָנְהֵייבֶּען דִי מָשִׁיחַ׳ס צַייט. ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת (הרשב״א) הָאט אֲפִילוּ אַללֶעמֶען מַזְהִיר גֶעוֶועהן זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט לָאזֶען אַרָאבְּפִּיהְרֶען פוּנ׳ם וֶועג, נָאר וֶועמֶען גְלוּסְט זִיךְ נָאךְ אַזוֹי בְּלִינְד גְלוֹיבֶּען וִוי דֶעם יוּדֶען אִין אַ שְׁלֶעכְטֶער צַייט, וֶוען דָאס פֶּערְבִּיטֶערְטֶע שְׁוֶוער הַארְץ לֶעגְט אַרוּיף אַ שְׁטֵיין אוּיף דֶעם דֶערְשְׁלָאגֶענֶעם פֶּערְמָארָאטְשֶׁעטֶען קָאפּ? אוּנ דַארִיבֶּער הָאט דֶער „נָבִיא״ פוּן אַבִּילָה גֶעהַאט אַ סַךְ נַארְרֶען וָואס הָאבֶּען אִיהם נָאכְגֶעטַאנְצְט אוּנ אַז עֶר הָאט בֶּעשְׁטִימְט גֶעזָאגְט אַז אִים יָאהר 1295, פוּנְקְט אִינ׳ם לֶעצְטֶען טָאג פוּן חֹדֶשׁ תַּמּוּז, וֶועט מָשִׁיחַ קוּמֶען הָאט מֶען אִיהם גֶעגְלֵייבְּט אוּנ מֶען הָאט זִיךְ מֵכִין גֶעוֶועהן צוּ דֶער גְרוֹיסֶער יְשׁוּעָה. אַללֶע הָאבֶּען גֶעפַאסְט דֶעם גַאנְצֶען טָאג, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אִין וַוייסֶע׳ן וִוי אוּם יוֹם כִּפּוּר אוּנ זֶענֶען בִּיז נַאכְט גֶעבְּלִיבֶּען אִין שׁוּל אוּנ הָאבֶּען גֶעוַוארְט בִּיז זֵיי וֶועלֶען דֶערְהֶערֶען דֶעם שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ. אַוַודַאי הָאט זִיךְ פוּן דֶעם אוּיסְגֶעלָאזְט אַ חָלוֹם, אוּנ אַז פִיעל פוּן זֵיי הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט אוּיף זֵייעֶרֶע וַוייסֶע קִיטְעל אָנְגֶענֶעהְטֶע רוֹטֶע קְרֵייצְלֶעךְ זֶענֶען זֵיי גָאר פֶּערְדוּלְט גֶעוָוארֶען אוּנ זֶענֶען פְּלוּצְלוּנְג אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. וָואס דָאס אִיז אַזֵיינְס גֶעוֶועהן, צוּ הָאט מֶען אִימִיסְטֶען אַזוֹי אָבְּגֶעטְהוּן דִי יוּדֶען אָדֶער עֶס אִיז עֶפִּיס אַ צוּפַאל דָא גֶעוֶועהן, קָאן מֶען נִיט וִויסֶען: דִי גַאנְצֶע זַאךְ אִיז פוּנְקְט אַזוֹי פִינְסְטֶער וִוי דָאס לֶעבֶּען פוּן דִי צְוֵויי נְבִיאִים, וָואס מֶען וַוייסְט אֲפִילוּ נִיט וָואהִין זֵיי זֶענֶען פֶּערְפַאלֶען גֶעוָוארֶען. אוּנ וָואס עֶס הָאט זִיךְ פוּן זֵיי אוּיסְגֶעלָאזְט.

אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט אִיז אוּיף דֶער וֶועלְט צוּם עֶרְסְטֶען מָאל בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען דֶער סֵפֶר „זוֹהַר הַקָּדוֹשׁ״ וָואס לוֹיט וִוי דִי מְקוּבָּלִים הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט, הָאט אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען ר׳ שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחָאִי אִין דֶער מְעָרָה, וואוּ עֶר אִיז דְרַייצֶעהן יָאהר בֶּעהַאלְטֶען גֶעוֶועזְן פוּן דֶער רוֹימִישֶׁער מְלוּכָה. (עַיִין לְמַעְלָה זַייטֶע 48), אַ גֶעוִויסֶער מְקוּבָּל פוּן יֶענֶער צַייט מִיט׳ן נָאמֶען ר׳ מֹשֶׁה בֶּן שֵׁם טוֹב דִי לִיאוֹן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעבָּארְן אִים יָאהר 1250, הָאט דֶערְצֶעהלְט, אַז רַבֵּנוּ משֶׁה בֶּן נַחְמָן

(רמב"ן) האט אין ארץ ישראל געפונען אלטע כתבים, וועלכע ער האט דערקענט, אז דאס זיינען ר' שמעון בן יוחאי'ס כתבים. אונ אזוי וויא ער, ר' משה בן נחמן האט געוואלט אז זיי זאללען דער וועלט בעקאנט ווערן האט ער זיי אוועק געשיקט אין קאטאלאניען, פון דארט האט זיי אגרויסער שטורם ווינד פערטראגען אין דער מדינה אראגאניען אונ דא זיינען זיי צו איהם, צו ר' משה די ליאון, אין די האנד אריינגעפאללן אונ איהם איז בעשערט דיזעלבע כתבים מפרסם צו זיין מיט דעם נאמען „זוהר הקדוש".

דער נאמען פונ'ם הייליגען תנא ר' שמעון בן יוחאי אליין, האט מעהר קיין הסכמות ניט געברויכט אונ פון אללע זייטען האט מען זיך געווענדעט צו ר' משה די ליאון ער זאלל אבשרייבען קאפיעס. אודאי זיינען אין אנהייב אונ אויך שפעטער געווען געגנער, וואס האבען ר' משה'ן חושד געוועהן, אז די גאנצע זאך איז איין אויסגעטראכטע, ניט ר' שמעון בן יוחאי האט עס געשריבען נור טאקי ער אליין, אונ האט עס נאר אנאמען געגעבען אויף ר' שמעון בן יוחאי, כדי דער עולם זאלל עס פאר הייליג אננעהמען אונ זאלל איהם פאר זיינע קאפיעס אבשרייבען גוט בעצאהלען. געגומען האט זיך דער חשד דערפון, וואס ער האט קיינעם דעם עצם כתב יד פון ר' שמעון בן יוחאי ניט געוויזען אונ נאך מעהר, דערפון, וואס גראד צו דער איינענער צייט איז פון ארץ ישראל געקומען ר' יצחק פון עכו, דעם רמב"ן'ס אחבר אונ אתלמיד, אונ אליין אויך אגרויסער מקובל, אונ האט געשריען, אז דער רמב"ן האט גאר קיינמאל אזעלכע כתבים ניט געפונען אונ ערגעץ קיין קבלה כתבים ניט געשיקט. דער ר' יצחק האט ניט אויפגעהערט חוקר ודורש צו זיין דעם אמת אפילו נאך ר' משה'ס טוידט. אונ ווי ער דערצעהלט, האבען איהם ר' משה'ס ווייב אונ זיין טאכטער מודה געוועהן אונ האבען געשווארן, אז ר' משה האט קיינמאל קיין כתב יד פון ר' שמעון בן יוחאי ניט געהאט, אונ האט דעם זוהר געשריבען פון קאפ. נור ווי די זאך איז, דער רוב מקובלים, בעזאנדערס די פון ר' טודרוס הלוי אבולאפיא'ס חדר, האבען איהם פאר הייליג אונ פאר ר' שמעון בן יוחאי'ס „זוהר הקדוש" אנגענומען, בפרט אז זיי האבען אין איהם געפונען רמזים אויפ'ן קץ אונ אויף משיח'ס צייטען, וואס דער עולם האט דאמאלס, ווי אין אללע שלעכטע צייטען שטארק געווארט אונ געהאפט, אונ אזוי איז דער „זוהר הקדוש" מיט דער צייט אריין אין גאנצען יודענטהום אונ שפיעלט די גראסטע ראללע צווישען אללע קבלה ספרים אונ איז פאר הייליג

אַנְגֶענוּמֶען, אֲפִילוּ בַּיי דִי וָואס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ נִיט מִיט קַבָּלָה בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג.

אִין דֶער צַייט וָואס פוּן אֵיין זַייט הָאבֶּען דִי מְקוּבָּלִים מִיט אַללֶע כּוֹחוֹת גֶעצְווּאוּנְגֶען דָאס פָּאלְק צוּם בְּלִינְדֶען גְלוֹיבֶּען הָאבֶּען זִיךְ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט גֶעפוּנֶען פְרַייע גֵייסְטֶער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעמִיהט זֵייעֶרע בְּרִידֶער מִיט גֶעוַואלְד צוּ צוּפִיהרֶען דַוְקָא צוּ חֲקִירָה, נָאר זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען דָאס שְׁטְרִיקֶעל אוּנ זֶענֶען מִיט זֵייעֶרֶע חֲקִירוֹת דֶערְגַאנְגֶען אַזוֹי וַוייט, אַז אֲפִילוּ דֶעם רמב״ם'ס גַאנְצֶע הָאט זִיךְ זֵיי אוֹיסְגֶעוִויזֶען נָאךְ וֶועניג. זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואלְט, אַז דִי אֱמוּנָה מִיט דֶער חָכְמָה זָאלֶען זִיךְ אוֹיסְגְלַייכֶען אִין אַללֶעמֶען, אוּנ אַלְדִינְג וָואס עֶס אִיז גֶעגֶען שֵׂכֶל הַיָשָׁר זָאל מֶען לַחֲלוּטִין אַרוֹיסְוַוארְפֶען פוּן דִי הֵיילִיגֶע סְפָרִים אָדֶער אוֹיפְדֶערְ'ן צוּ גְלוֹיבֶּען. דִי חַקְרָנִים הָאבֶּען זִיךְ גְרֶעסְטֶענְטְהֵיילְס גֶעפוּנֶען אִין פֶּערְפִּינְיַאן אִין אַרַאגָאנְיֶען; דָארְט אִיז גֶעוֶועהן אַ קְלֵיינֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה וואו דִי יוּדֶען אִיז דַוְקָא נִיט אַזוֹי גוּט גֶעוֶועהן, וַוייל זֵיי הָאבֶּען אַללֶע גֶעמוּזְט וָואהנֶען וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער גַאס, וָואס אִיז גֶעוֶועהן בֶּעשְׁטִימְט פַאר מְצוֹרָעִים, פַאר מֶענְשֶׁען מִיט הוֹיט-קְרַאנְק-הַייטֶען, נָאר פוּן לַאנְג אָן הָאט דָארְט גֶעהֶערְשְׁט אַ פְרַייעֶר גֵייסְט אוּנ אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע לִיעבֶּע צוּ וִויסֶענְשַׁאפְט. דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דִי חַקְרָנִים אִיז גֶעוֶועהן אַ בֶּערִיהמְטֶער לַמְדָן ר' לֵוִי בֶּן חַיִּים פוּן וִוילְלֶעפְרַאנְשׁ, אִיהם הָאט שְׁטַארְק מִיט גֶעהָאלְפֶען אֵיינֶער פוּן דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, דוֹן שְׁמוּאֵל הַסוּלַמִי, אָדֶער סֶען עֶסְקַאלִיטַא, וָואס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט זַיין פְרוּמְקַייט אוּנ צְדָקָה אוּנ הָאט זִיךְ אַלֵיין אוֹיךְ גֶערֶעכֶענְט צְוִוישֶׁען דִי גְרֶעסְטֶע לוֹמְדִים. דֶער רַב פוּן דָארְט, דוֹן וִוידַאל מְנַחֵם בֶּן שְׁלֹמֹה הַמְאִירִי אִיז אֲפִילוּ אָפְּט נִיט צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן פוּן ר' לֵוִי'ס פְרַייֶע גֶעדַאנְקֶען, נָאר עֶר הָאט אָבֶּער אַלֵיין אוֹיךְ זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט דִי חָכְמָה, דֶערְפַאר הָאט עֶר קֵיינֶעם נִיט גֶעוָואלְט שְׁטֶערְן אוּנ דִי חַקְרָנִים הָאבֶּען גֶעקָאנְט אָפֶען דַרְשְׁ'נֶען אוּנ בֶּעפֶעסְטִיגֶען זֵייעֶרֶע דֵעוֹת.

דִי פְרוּמֶע לוֹמְדִים פוּן מָאנְפֶּעלְיֶע, וואו דֶער רַב ר' שְׁלֹמֹה אִיז אֲפִילוּ גֶעגֶען רמב״ם אַרוֹיס מִיט חֲרָמוֹת, הָאבֶּען פַאר דִי חֲקִירוֹת וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שִׁיטֶען פוּן פֶּערְפִּינְיָאן זִיךְ שְׁטַארְק דֶער שְׁרָאקֶען אוּנ עֶס אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל אָנְמַאכֶען אַ רַעַשׁ צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען אַז דִי גַאנְצֶע אֱמוּנָה אִיז אִין אַ גְרוֹיסֶער סַכָּנָה אוּנ מַאכֶען אַ סוֹף מִיט דִי אַפִּיקוֹרְסִים אַז עֶס זָאל פוּן זֵיי קֵיין שָׂרִיד וּפָלִיט נִיט בְּלַייבֶּען. דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַבָּא מָרִי בֶּן מֹשֶׁה פוּן מָאנְפֶּעלְיֶע, אָדֶער וִוי מֶען הָאט אִיהם גֶערוּפֶען, דוֹן אַסְטְרוּק

דעלוגעל, נאָר אַזוי ווי ער האָט זיך ניט געפיהלט אין כח, אַז ער זאָל אַלליין קאָנען בייקומען אַזאַ למדן ווי ר׳ לוי בן חיים פון ווילליפראַנש. האָט ער זיך געווענדעט צו ר׳ שלמה בן אדרת (הרשב״א) אונ האָט איהם בעשריבען ווי היילינ די מלחמה איז אַקעגען די אפיקורסים אונ ווי נעטהיג עס איז אַז דער בעריהמטער רב פון בּרצלונה זאָל אויך עפענטליך דאָ אַרויסטרעטען. ר׳ שלמה בן אדרת האָט פריהער געאַנטפערט אַז ער קאָן זיך ניט אַריינמישען אין עסקים פון פרעמדע קהלות, נאָר אַז ער האָט דערנאָך געזעהן אַז די פרומע רבנים ווילען מעהר ניט איינפיהרען אַז מען זאָל פאַר דרייסיג יאָהר ניט לערנען קיין חקירה ספרים האָט ער געמוזט צו ליעב טהון אונ האָט אָנגעשריבען אַ בריעף צו זיין פריינד דון שמואל הסולמי, ער זאָל ניט אַזוי מקרב זיין ר׳ לוי בן חיים פון ווילליפראַנש, כדי די תקנות זאָלען ניט האָבען אַזאַ שטאַרק אָנשפּאַרעניש. ער האָט עס אפילו גע־פועל׳ט אונ דון שמואל הסולמי האָט זיך אָנגעהויבען דערווייטערן פון ר׳ לוי׳ן, נאָר עס איז דערפון גאָר ניט געוואָרען, ווייל אין פערפּיניאַן האָט מען שוין שטאַרק געהאַלטען מיט די תקנות אונ טאַקי אין מאָנפּעליע אַלליין זענען פיעל ברוגז געוועהן אויף אַבּא מרי פאַר דער מחלוקת וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. געגומען האָט זיך עס דערפון וואָס די פרומע האָבען געוואָלט צו שלעפּען צו זיך איינעם פון די גרעסטע יודישע לייט פון מאָנפּעליע, ר׳ יעקב בן מכיר אבן־תבון, אָדער דון פּראָפאַטיוס, וואָס איז געוועהן אַ בעריהמטער דאָקטאָר אונ אַ גרויסער שפּראַכענקענער אונ האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָללע צווישען זיינע ברידער, ער האָט געשטאַמט פון דער משפּחה „אבן־תבון“ אונ האָט זיך פונקט ווי זיינע עלטער־זיידעס בעשעפטיגט מיט איבערזעצונגען פון פערשיעדענע וויסענשאַפטליכע אַראַבּישע ביכער אויף לשון קודש. די פרומע זענען פון דעסטוועגען ביי זיך אַזוי גענאַרט געוועהן, אונ אפשר האָבען זיי גערעכענט אַז זיי זענען אַזוינע תקיפים אַז אפילו אַזאַ זעלבסטשטענדיגער מענש ווי ר׳ יעקב בן מכיר וועט זיי אויך מוזען נאָכגעבען אונ זיי האָבען איהם פאַר־געלעגט ער זאָל קומען צו זייער אסיפה אונ זאָל פון זיין זייט אויך געבען עצות ווי אַזוי צו רודף׳ן די תקנות. זיי האָבען אָבער אַ גרויסען טעות געהאַט: ר׳ יעקב האָט ניט נאָר אָפען ערקלעהרט אַז ער איז אַגעגענער פון זייער דעה, נאָר ער האָט נאָך צו זיך צוגעצויגען אַ פּאָר בעלי בתים, אונ ביידע צדדים האָבען זיך אָנגעהויבען קריעגען נאָר אויף איין אַנדער אופן. אַבּא מרי האָט געוואָלט מאַכען חאָטש פינף אונ צוואַנציג חתימות פון געהויבענע מענשען, כדי צו ווייזען ר׳ שלמה בן אדרת אַז מיט איהם האַלטען אַללע עהרליכע יודען; ר׳ יעקב בן

סָכִיר הָאט זִיךְ ווִידֶער אָנְגֶענוּמֶען פַאר'ן כָּבוֹד פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערְ'ן, וָואס הָאבֶּען אַלֶע גֶעאַרְבּייט פַאר דֶער חָכְמָה, דֶערְפַאר הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעזוּכְט פַארְגְרֶעסֶערְן דִי צָאהל פוּן זַיינֶע גוּטֶע פְרֵיינְד, עֶר הָאט זֵיי גֶענוּמֶען דֶערְמִיט וָואס עֶר הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז אַבָּא מָרִי וִויל וֶוערֶען דֶער צְווייטֶער ר׳ שְׁלֹמֹה פוּן מָאנְפֶּעלְיֶע אוּנ זוּכְט אַפִּיקוֹרְסוּת אֲפִילוּ אִין דֶעם רמב״ם׳ס סְפָרִים, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּ ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת עֶר זָאל מוֹדֶה זַיין אַז דִי פְרוּמֶע זָאגֶען אוּנְגֶערֶעכְט; ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעהַאלְטֶען פוּן דֶערְוַוייטֶענְס אוּנ אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס מַחְלוֹקֶת צוּבְּרֶענְט אִין פִּיעל שְׁטֶעדְט, אוּנ דִי קְהִלּוֹת פוּן אַרְגֶענְטִיעֶר, אֶ-אַוִוינְיָאן אוּנ לוּנֶעל הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַבָּא מָרִי׳ס זַייט. אֲפִילוּ אִין פֶּערְפִּינְיָאן אַלֵיין אִיז צוּ דִי פְרוּמֶע צוּגֶעשְׁטַאנֶען דֶער בֶּע-רִיהמְטֶער לַמְדָן ר׳ קְלוֹנִימוּס בֶּן טוֹדְרוֹס אוּנ אַלֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרְ-בֵּייטֶען טָאמִיר וֶועט מֶען פוֹעֶל׳ן בַּיי ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת עֶר זָאל דִי חֲקָרָנִים אַרַיינְלֶעגֶען אִין חֵרֶם, נָאר ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז עֶר קָאן זִיךְ אוֹיף קֵיין זַאךְ נִיט עֶנְטְשְׁלִיסֶען בִּיז גַאנְצֶע צְוַואנְצִיג קְהִלּוֹת וֶועלֶען נִיט עֶרְקְלֶעהרֶען אַז זֵיי פָאדֶערְן מֶען זָאל זִיךְ גֶעגֶען דִי חֲקָרָנִים בֶּענוּטְצֶען מִיט אַזַא גֶעפֶערְלִיכֶען מִיטֶעל.

אַז עֶס אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן דָאס מַחְלוֹקֶת זָאל זִיךְ פַארְגְרֶעסֶערְן, הָאט גְרָאד בֶּעדַארְפְט אִין דֶער צַייט אָנְקוּמֶען קֵיין שְׁפַּאנְיֶען דֶער בֶּערִיהמְטֶער לַמְדָן ר׳ אָשֵׁר בֶּן יְחִיאֵל, וָואס אִיז מֶעהר בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאהמֶען רא״ש. ר׳ אָשֵׁר אִיז גֶעוֶועהן אַ תַּלְמִיד פוּן ר׳ מֵאִיר פוּן רוֹטֶענְבּוּרְג אוּנ עֶר הָאט אִיבֶּערְ-גֶעלֶעבְּט אִין דַייטְשְׁלַאנְד זֶעהר אַ בִּיטֶערֶע צַייט: דִי צָרוֹת הָאבֶּען אִיהם אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶערִיסֶען פוּן דֶער וֶועלְט, עֶר הָאט זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, פוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ, אוֹיסֶער דֶער גְמָרָא אוּנ דִי מְפָרְשִׁים הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט וִויסֶען, קֵיין הֵיילִיגֶערֶע פוּן דֶער תּוֹרָה אִיז בַּיי אִיהם נִיט גֶעוֶועהן, אוּנ בִּיסְלֶעכְ-וַוייז הָאט זִיא בַּיי אִיהם אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט פְּשׁוּט אַ שִׂנְאָה צוּ אַלֶע אַנְדֶערֶע חָכְמוֹת. מֶען דַארְף אָבֶּער טַאקִי וִויסֶען וָואס דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעטְהוּן מִיט דִי דַייטְשֶׁע יוּדֶען כְּדֵי מֶען זָאל קֶאנֶען פַארְשְׁטֶעהן פַאר וָואס אַזֶעלְכֶע לוֹמְדִים וִוי ר׳ אָשֵׁר הָאבֶּען גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען פְרֶעמְד פוּן וֶועלְטְלִיכֶע וִויסֶענְשַׁאפְטֶען. אַז עֶס הָאט זִיךְ אִין דַייטְשְׁלַאנְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ אִינֶערְוֶוענִיגְסְטֶער קְרִיעג צְווִישֶׁען דִי אַיינְ-וָואהנֶער וֶוענֶען דֶער מְלוּכָה, אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען פַאר'ן קֵייזֶער אַדָאלְף פוּן נַאסוֹיא אוּנ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אַלְבְּרֶעכְט פוּן עֶסְטֶערְרַייךְ, הָאבֶּען בֵּיידֶע צְדָדִים אוֹיסְגֶעלָאזְט זֵייעֶר כַּעַס צוּ דִי יוּדֶען אוּנ טוֹיזֶענְדֶער פוּן

זַיי זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען. פְּלוּצְלוּנְג הָאט מֶען נָאר אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעל רֶ א טְ טִ י נְ גֶ ע ן, אִים יָאהר 1298 אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען מְבַזֶה גֶעוֶועהן אֵיינְס פוּן דִי הֵיילִיגֶע זַאכֶען, וָואס וֶוערֶען בֶּענוּצְט בַּיים קְרִיסְטְלִיכֶען גָאטֶעסְ־דִיענְסְט, אוּנ בַּאלְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעזוּכְט אַ רוֹצֵחַ, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען רִינְדְפְלֵייש אוּנ הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה מֶען זָאל זִיךְ נוֹקֵם זַיין אִין דִי יוּדֶען. מִילָא פוּן דִי יוּדֶען פוּן דֶעם שְׁטֶאדְטֶעל אַלֵיין, וואוּ דֶער חֵטְא אִיז קְלָאמֶערְשְׁט גֶעשֶׁעהֶן, הָאט מֶען נָאר נִיט וָואס צוּ רֶעדֶען אַז זַיי זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין פַייעֶר; נָאר רִינְדְפְלֵייש הָאט נִיט אוֹיסְגֶעלָאזְט אֵיין שְׁטָאדְט אוּנ דָארְט וואוּ עֶר אַהִין הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט צוּפִיהרֶען דִי הָאנְד הָאט עֶר אָנְגֶערֵייצְט דָאס פָאלְק אוּנ מֶען הָאט אוּמֶעדוּם גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דִי יוּדֶען. אִין וִ ו י ר צְ בּ וּ ר ג הָאט מֶען נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט קֵיין אֵיינְצִיגֶען פוּן דֶער גְרוֹיסֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה; אִין נִ י ר נְ בֶּ ע ר ג הָאבֶּען דִי קְרִיסְטֶען צוּם אָנְהֵייבּ גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען, נָאר נִיךְ זֶענֶען זַיי מִיעד גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ שְׁחִיטָה. דֶעמָאלְט הָאט מֶען דֶער־הַרְגֶ׳עט ר׳ אָשֵׁר׳ס אַ קָרוֹב אוּנ אַ חָבֵר, ר׳ מָרְדְכַי בֶּן הִלֵּל מִיט זַיין פְרוֹי אוּנ פִינְף קִינְדֶער. פִיעל עֶלְטֶערן, וָואס הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט אַז זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וֶועלֶען נִיט קָאנֶען בֶּעשְׁטֶעהֶן אוֹיף דֶעם נִסָּיוֹן אוּנ וֶועלֶען אֶפְשַׁר אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה, הָאבֶּען אַלֵיין זִיךְ מִיט דִי גַאנְצֶע מִשְׁפָּחוֹת אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר. אַ הַאלְבּ יָאהר הָאט גֶעדוֹיעֶרְט רִינְדְפְלֵייש׳ס רְצִיחָה. אוּנ מֶעהר פוּן הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד יוּדֶען הָאבֶּען מִיט׳ן לֶעבֶּען בֶּעצָאהלְט. נָאר אַז דֶער קֵייזֶער אַלְבְּרֶעכְט הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דִי מְלוּכָה אִיז גֶעוָוארֶען אַ בִּיסֶעל שְׁטִילֶער, ווייל עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט פֶערְלִירֶען דֶעם גְרוֹיסֶען מַס וָואס דִי יוּדֶען פְּלֶעגֶען צָאהלֶען. דֶערְפַאר הָאט עֶר גֶעזֶעהֶן מֶען זָאל זַיי מֶעהר נִיט טְשֶׁעפֶּען אוּנ עֶס הָאט אֲפִילוּ אִיהם נִיט גֶעהַארְט וָואס פִיעל פוּן דִי וָואס מֶען הָאט זַיי פְרִיהֶר גֶעצְוואוּנְגֶען זַיי זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען, זֶענֶען צוּרִיק גֶעוָוארֶען יוּדֶען. נָאר אַ שֵׁיינֶעם קִיוּם קָאן שׁוֹין הָאבֶּען אַזַא שְׁטִילְקַייט, וָואס אִיז גֶעבּוֹיעט אוֹיף גֶעלְד־רַייסֶען. ר׳ אָשֵׁר הָאט זִיךְ שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעפִיהלְט זִיכֶער אִין דַייטְשְׁלַאנְד אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז דֶער קֵייזֶער אַלְבְּרֶעכְט וִויל בַּיי אִיהם פָארְדֶערן דִי סוּמְמֶע, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוָואלְט פְרִיהֶר בֶּעצָאהלֶען פַאר זַיין רֶבִּי׳ן ר׳ מֵאִיר פוּן רוֹטֶענְבּוּרְג אוּנ הָאט מוֹרָא גֶעהַאט טָאמֶער זֶעצְט מֶען אִיהם אוֹיךְ אִין תְּפִיסָה, הָאט עֶר זִיךְ אִים יָאהר 1303, צוּזַאמֶען מִיט זַיין פְרוֹי אוּנ זַיינֶע אַכְט זִיהן אַוֶועקְגֶעלָאזְט אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין. צְוֵוי יָאהר אִיז עֶר נָע וָנָד גֶעוֶועהן, אַ קְלֵיינֶע צַייט אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען אִין מָאנְפֶּעלְיֶע, אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען קֵיין טוֹלֶדָא

אונ איז דָארְט גֶעוָוארֶען רָב. ר׳ אָשֵׁר אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן בֶּעקַאנְט מִיט זַיין אִיבֶּער־ גֶעבֶּענְהַייט נָאר דֶעם יוּדִישֶׁען לֶערְנֶען, אוּנ צוּ אִיהם הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אַבָּא מָרִי אוּנ הָאט אִיהם פַארְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען אַז אוֹיף אִיהם אִיז זַיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג, אַז עֶר מוּז הֶעלְפֶען אָבְּרַאטֶעוֶוען דָאס פָאלְק אוּנ דִי אֱמוּנָה. שְׁטַארְק בֶּעטֶען הָאט עֶר ר׳ אָשֵׁר׳ן נִיט בֶּעדַארְפְט, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער מַחְמִיר פוּן אִיהם אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז אֲפִילוּ יוּדֶען פוּן דְרַייסִיג יָאהר טָארֶען זִיךְ נִיט צוּרִירֶען צוּ קֵיין וִויסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע סְפָרִים אוּנ אַז מֶען מוּז דִי אַפִּיקוֹרְסִים עוֹקֵר מִן הַשֹּׁרֶשׁ זַיין. ר׳ אָשֵׁר׳ס אַריינְמִישֶׁען־זִיךְ הָאט צוּגֶעפִיהרְט דֶערְצוּ וָואס ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת הָאט אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט שְׁלַאבֶּערִיג זַיין אוּנ הָאט זִיךְ פֶעסְט עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוּנְטֶערְצוּשְׁרַייבֶּען דֶעם חֵרֶם גֶעגֶען דִי הַקְרָנִים, בֶּעזָאנְדֶערְס אַז אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, ר׳ שִׁמְשׁוֹן בֶּן מֵאִיר, הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען צוּצוּשְׁטֶעלֶען הַחֲתִימוֹת פוּן צְוַואנְצִיג קְהִלּוֹת. עֶס הָאט זִיךְ אֲפִילוּ בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז נִיט אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט הָאט מֶען גֶעוָואלְט בֶּעשְׁטֶעהן מֶען זָאל מִיט דִי הַקְרָנִים גֶעהן מִיט תַּקִּיפוּת, אוּנ דַוְקָא אִין מָאנְפֶּעלְיֶע, וואוּ דִי פְרוּמֶע הָאבֶּען גֶערֶעכֶענְט אַז מֶען וֶועט דֶעם חֵרֶם אוֹיפְהַאפֶען מִיט בֵּיידֶע הֶענְד, אִיז כִּמְעַט דִי גַאנְצֶע קְהִלָּה גֶע־ וֶועהן דֶערְגֶעגֶען. ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת הָאט שׁוֹין אָבֶּער נִיט גֶעפַּאסְט אָבְּצוּטְרֶע־ טֶען, אוּנ אִים שַׁבָּת חֲזוֹן דֶעם 23 יוּלִי 1305, הָאט עֶר אֶפֶּענְטְלִיךְ אִין שׁוּל מִיט אַ סֵפֶר תּוֹרָה אוֹיף דִי הֶאנְד פָארְגֶעלֵייגְט דֶעם חֵרֶם, וָואס עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף דִי יוּנְגֶע לַייט וָואס וֶועלֶען פַאר פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר לֶערְנֶען חָכְמוֹת, אוֹיסֶער מֶעדִיצִין וָואס אִיז נֶאטְהִיג פַאר׳ן גֶעזוּנְד. אַ חוּץ דֶעם הָאט עֶר אָנְגֶעזָאגְט מֶען זָאל פֶערְבְּרֶענֶען אַלֶע חֲקִירָה־סְפָרִים אוּנ מֶען זָאל אֲפִילוּ אוֹיפ׳ן רמב״ם אוֹיךְ נִיט לֵייגֶען קֵיין כָּבוֹד. דֶער חֵרֶם פוּן בַּרְצֶלוֹנָה הָאט אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט גִילְטֶען אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען צוּגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים אִיבֶּעראַל וָואס זָאלֶען צוּ רֵיידֶען דֶעם עוֹלָם מֶען זָאל מַסְכִּים זַיין צוּ דֶער דֵעָה פוּן ר׳ אָשֵׁר מִיט דִי אִיבְּרִיגֶע רַבָּנִים.

אַז דִי יְדִיעָה פוּן דֶעם חֵרֶם אִיז אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין מָאנְפֶּעלְיֶע הָאט ר׳ יַעֲקֹב בֶּן מָכִיר אִבְּן־תִּבּוֹן בֶּעוִויזֶען זַיינֶע גֶעגְנֶער אַז מִיט אִיהם טָאר מֶען זִיךְ נִיט שְׁפִּיעלֶען אוּנ אַז דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט הַאלְט מִיט אִיהם. דִי פְרוּמֶע הָאבֶּען גֶערֶע־ כֶענְט אַז, וִוי בַּאלְד עֶס אִיז גֶעוָארְטֶען דֶער חֵרֶם צוּ פֶערְאֶפֶענְטְלִיכֶען אִין בַּרְצֶלוֹנָה וֶועט מֶען אִין מָאנְפֶּעלְיֶע גָאר נִיט רֵיידֶען אוּנ מֶען וֶועט בַּאלְד מַאכֶען אַ סוֹף פוּן דִי הַקְרָנִים. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת גֶעהַאט: ר׳ יַעֲקֹב אִבְּן־תִּבּוֹן הָאט פוּן זַיין זַייט אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ חֵרֶם גֶעגֶען דִי וָואס וֶועלֶען זַיירֶע קִינְדֶער

אבהאלטען פון לערנען פרעמדע לשונות אונ חכמות, אדער זיי וועלען רעדען עפּיס שלעכטס אויפ'ן רמב"ם אונ אנדערע יודישע חכמים. ר' יעקב האט זיך נאך געפּרובט צו זוכען הילף ביי דער מלוכה אונ האט איהר אויפגעקלאהרט ווי שעדליך עס וועט זיין פאר דעם לאנד ווען א גאנץ פאלק וועט ליעגען אין פינסטערניש אונ וועט בלייבען ווייט פון וויסענשאפט; ער האט זיך אבער באלד איבערצייגט, אז אויף דער מלוכה קאן ער ווייניג רעכנען, ווייל מען האט איהם געאנטפערט אז מען געהמט טאקי אן זיין דעה אונ מען וועט ניט דער לאזען די פרומע זאלען אויספיהרען, נאר א טעם האט מען איהם אנגעוויזען אזעלכען, וואס האט איהם גאר ניט געשמעקט: מען האט איהם פשוט געזאגט אז פאר דער מלוכה איז געווים גלייכער יודען זאלען זיך יא בילדען, נאר צו ליעב דעם, זיי זאלען גיכער קאנען איבערגעהן צום קריסטענטהום. ר' יעקב האט פערשטאנען אז דא מוז ער געהן מיט זיין אייגענעם שכל אונ כח אונ האט אזוי געפיהרט אז כמעט די גאנצע קהלה איז געוועהן אויף זיין זייט, אונ אבא מרי מיט נאך עטליכע געצאהלטע מענשען זענען געבליבען אליין. דעמאלט איז אבא מרי'ן גאר שלעכט געווארען, ווייל על פי דין האט ער זיך ניט געטארט אבזאגען פון דעם וואס די גאנצע עדה האט אנגענומען, אונ צושטעהן צו ר' יעקב'ס חרם האט ער ניט געקאנט, דען ער וואלט געווים געקומען צו לייטישע געלעכטער, אונ מען וואלט אויף איהם מיט די פינגער געטייט אז ער איז אריינגעפאלען אין זיין אייגענעם נעץ. ער האט געטהון וואס ער האט געקאנט אז עס זאלל איהם גע-ראטהען צו צוציהען צו זיך נאך מענשען, אונ אז עס האט איהם ניט געהאלפען האט ער זיך געווענדעט צו די גרעסטע רבנים אונ האט געבעטען מען זאל איהם מתיר זיין ארויסצושפּרינגען געגען א "רבים", נאר אפילו ר' שלמה בן אדרת האט ניט געקאנט געהמען אויף זיך אזא היתר, אונ אזוי האט זיך דער צד פון די חקרנים אללע מאל מעהר פערשטארקט אונ דעו חרם פון בארצעלונה האט ניט גע-מאכט אזא גרויסע ווירקונג.

באלד האט זיך געמאכט א איבערשלאג, וואס צו ליעב דעם האבען ביידע צדדים געמוזט אויף א קליינע צייט אוועקלייגען דאס מחלוקת. פּלוצלונג האט דער קאניג פון פראנקרייך פיליפ דער פיערטער, אים יאהר 1306 ארויס-געגעבען בסוד א בעפעהל אז אין א בעשטימטען טאג זאל מען אנפאלען אויף אללע יודען פון דעם גאנצען לאנד אונ מיט ווייבער אונ קינדער זאל מען זיי איינזעצען אין תפיסה, אונ פונקט אויפ'ן אנדערן טאג נאך תשעה באב, ווען די יודען זענען נאך געוועהן מיעד פונ'ם תענית, האט מען זיי אללע פערנומען פון

קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנ מֶען הָאט זֵיי פְּרִיהֶר אָבְּגֶעהַאלְטֶען עֶטְלִיכֶע טֶאג אִין גֶעפְאנְגֶענִים אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט מֶען זֵיי גֶעזָאגְט אַז אִין אַ חֹדֶשׁ צַייט מוּזֶען זֵיי אַרוֹיס פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ פוּן זֵייעֶר פֶּערְמֶעגֶען טָארֶען זֵיי קֵיין פָּאדֶעם נִיט מִיט גֶעהמֶען. וָועמֶען מֶען וָועט אָבֶּער דֶערְנָאךְ טְרֶעפֶען וָועט עֶר פֶּערְמִשְׁפָּט וֶוערֶען צוּם טוֹיט. פַאר דֶער וֶועלְט הָאט עֶס גֶעהֵייסֶען: אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק פֶּערְזִינְדִיגְט, אַז מֶען קָאן שׁוֹין פוּן זֵיי גָאר נִיט אוֹיסְהַאלְטֶען, אוּנ מֶען מוּז דִי שֶׁאדְלִיכֶע מֶענְשֶׁען פַּטֶר׳ן. אִין אֱמֶת אָבֶּער אִיז דָא גֶעוֶועהן גָאר אַיין אַנְדֶער כַּוָּנָה: דֶער דַייטְשֶׁער קֶאנִיג אַלְבְּרֶעכְט הָאט גֶעהַאט צוּ פִילִיפְּ׳ן פֶּערְשִׁיעדֶענֶע טַעֲנוֹת אוּנ מֶעהר פוּן אַללֶעמֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעטְשֶׁעפֶּעט צוּ אִיהם וֶועגֶען דֶער הַכְנָסָה פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ אַז פִילִיפְּ הָאט גֶעזֶעהן אַז סוֹף כָּל סוֹף וָועט עֶר מוּזֶען זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען מַס, וַוייל דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט וִוי קַאמֶערְקְנֶעכְט פוּן דֶער דַייטְשֶׁער מְלוּכָה, אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל זֵיי גָאר אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְוַוארְפֶען אוּנ זָאל זֵיי פְּרִיהֶר גוּט אוֹיסְלֵיידִיגֶען דִי קֶעשֶׁענֶעס, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען קוּמֶען אוֹיף אַ נַיי אָרְט נַאקֶעט אוּנ בְּלוֹיז. אַזוֹי הָאט מֶען בַּיי דִי יוּדֶען צוּגֶענוּמֶען אַלְדִינְג וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאט, דֶעם גְרֶאסְטֶען עוֹשֶׁר הָאט מֶען מֶעהר נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט נָאר וִוי אוֹיף אֵיין טָאג צוּם לֶעבֶּען, אוּנ בִּיז צוּם חֹדֶשׁ אִיז שׁוֹין קֵיין יוּדֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ נִיט גֶעוֶועהן, אוֹיסֶער דִי עֶטְלִיכֶע וָואס עֶס אִיז זֵיי שְׁוֶוער גֶעוֶועהן זִיךְ אָבְּצוּרַייסֶען פוּן דִי הַייזֶער אוּנ פוּנ׳ם פֶּערְמֶעגֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט טוֹיפֶען. אִין פִילִיפְּ׳ס קַאססֶע זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען שֵׁיינֶע מִילְיָאנֶען, אוּנ כְּדֵי צוּ דֶערְוַוייזֶען כְּלוֹמֶר׳שְׁט, אַז עֶר הָאט נִיט גֶעמֵיינְט דָאס גֶעלְד, נָאר דִי יוּדֶען אַלֵיין זֶענֶען אִיהם נִמְאָס גֶעוֶועהן, הָאט עֶר אַוֶועקְגֶעשֶׁענְקְט דָאס גֶעבַּיידֶע פוּן דֶער גְרֶאסְטֶער יוּדִישֶׁע שׁוּל אִין פַּארִיז זַיין קוּטְשֶׁער, עֶר זָאל דֶערְפוּן מַאכֶען אַ בֶּעסֶערן תַּכְלִית וִוי אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ.

פִיעל יוּדֶען זֶענֶען דֶעמָאלְט אוּמְגֶעקוּמֶען, וַוייל נִיט אַללֶע זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועהן אִין אַזַא קוּרְצֶע צַייט זִיךְ מֵכִין זַיין צוּ אַ נְסִיעָה, וָואס מֶען הָאט נִיט גֶעקָאנְט וִויסֶען וִוי פִיעל זִי וָועט גֶעדוֹיעֶרְן. דִי נְסִיעָה אִיז אוֹיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעוֶועהן: אַ טְהֵייל פוּן דִי פֶּערְטְרִיבֶּענֶע הָאבֶּען אַזְשׁ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ אַהִין אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען אֶשְׁתּוֹרִי פַּרְחִי, אַקָרוֹב פוּן ר׳ יַעֲקֹב אִבְּן תִּבּוֹן, וָואס הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ גַאנְצֶע קִינָה וֶועגֶען דֶעם נַייעֶן גָלוּת; דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייט אִין דִי נָאהֶענְטֶע לֶאנְדֶער בַּיי דֶער פְרַאנְצֶעזִישֶׁער גְרֶענִיץ אוּנ הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַ גוּטֶע שָׁעָה, זֵיי זָאלֶען קֶאנֶען זִיךְ צוּרִיק אַרַיינְהַאפֶּען אִין דֶער אַלְטֶער הֵיים. זֵייעֶר הָאפְנוּנְג הָאט זֵיי אָבֶּער טַאקִי נִיט אָבְּגֶענַארְט:

בִּיסְלֶעכְוַויִיז הָאט זִיךְ דִי גְזֵרָה אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאר גֶעסֶען אוּנ אַז אַ יוּד הָאט זִיךְ גֶעווִיזֶען אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאט פִילִיפּ גֶעהֵייסֶען אַוֶועקְקוּקֶען, וַוייל עֶר הָאט זֶעהר גֶעבֶּאנְקְט נָאךְ דִי יוּדִישֶׁע מַטְבֵּעוֹת אוּנ הָאט גֶעהַאלְטֶען פוּנ'ם וֶוארְטֶעל: „דֶער יוּד אִיז טְרֵיף, נָאר זַיין גֶרָאשֶׁען אִיז כָּשֵׁר".

אִין דֶעם פִינְסְטֶערְן יָאהר, וָואס מֶען הָאט דִי יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, אִיז דָאס מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען דִי פְרוּמֶע אוּנ דִי הַקְרָנִים אַ בִּיסֶעל שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען, נוּר קוֹים הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען פוּן מָאנְפֶּעלְיֶע אָבְּגֶעזוּכְט אַנַייֶע הֵיים, הָאט זִיךְ וַוייטֶער דָאס פַייעֶר צוּבְּרֶענְט נָאךְ מִיט מֶעהר קְרַאפְט. ר' יַעֲקֹב אִבֶּן תִּבּוֹן מִיט זַיינֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין פֶּערְפִּינְיַאן, וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּם אַרַאגָאנִישֶׁען קֶענִיג וֶועלְכֶער הָאט אֲפִילוּ נִיט שְׁטַארְק גֶעהַאלְטֶען פוּן דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם תַּלְמוּד פַארְבְּרֶענֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְ־וֶועגֶען אִיז עֶר זֶעהר צוּפְרִידֶען גֶעוֶועהן וָואס פֶעהִיגֶע אוּנ גֶעלֶערְנְטֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט בַּיי אִיהם אַ מָקוֹם מְנוּחָה, עֶס הָאט אָבֶּער גֶעדוֹיעֶרְט נָאר אַ קְלֵיינֶע צַייט. אַז אַבָּא מָרִי מִיט זַיינֶע לַייט זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען קַיין פֶּערְ־פִּינְיַאן אוּנ אַז בֵּיידֶע צְדָדִים זֶענֶען וַוייטֶער גֶעוֶועהן אוֹיף אֵיין אָרְט הָאט קַיין שָׁלוֹם, מִן הַסְתָּם, צְווִישֶׁען זֵיי נִיט גֶעקֶאנְט זַיין. ר' שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶּרֶת הָאט זִיךְ נָאךְ אַ מָאל אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר דִי פְרוּמֶע אוּנ נָאךְ זַיין טוֹיט הָאט ר' אָשֵׁר בֶּן יְחִיאֵל מִיט זַיינֶע זִיהן. עֶרְשְׁט רֶעכְט זִיךְ צוּפִיהרְט דִי הֶאנְד, אוּנ אַז עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט זַיין פֵּירוּשׁ אוֹיפ'ן תַּלְמוּד אוּנ זַיין נָאהמֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאךְ מֶעהר צוּ קְלִינְגֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיז אִיהם נָאךְ גְרִינְגֶער גֶעוֶועהן צוּ הַאלְטֶען דָאס פָאלְק אִין דֶער מוֹרָא. מֶען הָאט אִיהם גֶעפָאלְגְט אוּנ מֶען הָאט זִיךְ פַאר בִּילְדוּנְג גֶעהִיט וִוי פַאר פַייעֶר. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַזוֹי וַוייט אַז וֶוען דֶער בֶּערִיהמְטֶער לַמְדָן ר' יִצְחָק בֶּן יוֹסֵף הַיִשְׂרְאֵלִי הָאט בֶּעדַארְפְט אָנְ־שְׁרַייבֶּען זַיין סֵפֶר „יְסוֹד עוֹלָם" אִיבֶּער מַאטֶעמַאטִיק אוּנ אַסְטְרָאנָאמְיֶע, הָאט עֶר גֶעמוּזְט אִין דֶער הַקְדָמָה זַיין דֵעָה אַרוֹיס זָאגֶען וֶועגֶען דִי אֱמוּנָה, אוּנ רֶעכְט מַאכֶען אַ סַךְ פְּסוּקִים פוּן דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי דֶער סֵפֶר זַיינֶער זָאלל הָאבֶּען אַ פָּנִים פוּן דִי פְרוּמֶע סְפָרִים אוּנ נִיט פוּן הַשְׂכָּלָה.

גְרָאד אִין דֶער צַייט, וָואס דֶער רא"ש אִיז גֶעוֶועהן רַב אִין טָאלֶעדָא, זֶענֶען דִי יוּדֶען וַוייטֶער גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע חֲשׁוּבִים בַּיי דֶער מְלוּכָה. דֶער קֶענִיג פֶערְדִינַאנד דֶער פִיערְטֶער הָאט גֶעהַאט אַ יוּדִישֶׁען פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער ר' שְׁמוּאֵל; דִי אַלְטֶע קֶענִיגִין מַארִיַא דֶע מָאלִינַא הָאט אִיהם אָבֶּער פַיינְד גֶעהַאט, אוּנ הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז עֶר מַאכְט אָן אַ שִׂנְאָה צְווִישֶׁען אִיהר אוּנ דֶעם

זוהן. זִי הָאט גֶעדוּנְגֶען אַרוֹצֵחַ עֶר זָאל הַרְגְ'נֶען ר׳ שְׁמוּאֵלְ'ן, נָאר אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעשְׁטָאכֶען הָאט דֶער קֶענִיג אָנְגֶעוֶוענְדְט אַללֶע מִיטֶעל אוּנ הָאט אִיהם אָבְּגֶעראַטֶעוֶועט, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן זַיין בֶּעסְטֶער יוֹעֵץ אוּנ נָאר צוּ אִיהם הָאט עֶר צוּטְרוֹיֶען גֶעהַאט. אַז פֶערְדִינַאנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ דִי אַלְטֶע קֶענִיגִין הָאט גֶעמוּזְט דֶערְוַוייל אִיבֶּערְנֶעהמֶען דִי מְלוּכָה, הָאט זִי אוֹיךְ אוֹיסְגֶעקְלוֹיבֶּען פַאר פִינַאנְץ-מִינִיסְטֶער אַיוּדֶען דוֹן משֶׁה, וָואס אִיז אוֹיף דֶער שְׁטֶעללֶע גֶעבְּלִי־בֶּען זִיבְּצֶעהן יָאהר׳ אַז דִי מְלוּכָה אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם פְּרִינְץ דוֹן יְשׁוּעַאַן עִמָנוּאֵל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן אַגְרוֹיסֶער גֶעלֶעהְרְטֶער אוּנ הָאט גֶעהַאט אַסַךְ מְקוּרָבִים יוּדֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס ר׳ יְהוּדָה בֶּן יִצְחָק אִבֶּן נַואקַאר, הָאבֶּען דִי פְּרוּמֶע נָאר אִין נַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ, וַוייל ר׳ יִצְחָק אִיז גֶעוֶועהן אַגוּטֶער פְרַיינְד פוּנ׳ם רא״ש, אוּנ אִיהם צוּ לִיעבּ, הָאט דִי מְלוּכָה עֶרְלוֹיבְּט דִי רַבָּנִים זֵיי זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען דִי גְרֶעסְטֶע מִשְׁפָּטִים. דֶעמָאלְט אִיז פָארְגֶעקוּמֶען וָואס מֶען הָאט אַיוּדֶען אָבְּגֶעהַאקְט דִי צוּנג דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט גָאט, אוּנ אַיוּדִישֶׁע פְּרוֹי, וָואס הָאט זִיךְ נִיט גוּט אוֹיפְגֶעפִיהְרְט, הָאט מֶען אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען דִי נָאז. אַזוֹי גְרוֹיס אִיז גֶעוֶועהן דֶער פַאנַאטִיזְם פוּן דִי קַנָאִים וֶוען מֶען הָאט זֵיי נָאר גֶעגֶעבֶּען דִי מַאכְט זֵיי זָאלֶען מֶאגֶען מִשְׁפָּט'ן וִויא זֵיי גֶעפֶאלְט.

דֶערְוַוייל זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעלָאפֶען נַיין יָאהר פוּן דֶער צַייט וָואס פִילִיפּ הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִי יוּדֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ אַז לוּדְוִויג דֶער צֶעהנְטֶע אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג הָאט עֶר פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דֶער פָאטֶער הָאט נִיט גְלַייךְ גֶעטְהוּן אוּנ הָאט אִים יָאהר 1315 אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַבֶּעפֶעהל אַז דִי יוּדֶען מֶאגֶען פְרַאנְק אוּנ פְרַיי צוּרִיק קוּמֶען. דִי יוּדֶען זֶענֶען שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהן גֶענוּג אִיבֶּער גֶע־שְׁרָאקֶען אוּנ הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט צוּ שְׁטֶעלֶען אוֹיף לוּדְוִויג'ס וֶוארְטֶער וַוייל הַיינְט טְרַאכְט עֶר אַזוֹי אוּנ מָארְגֶען קָאן בַּיי אִיהם וֶוערֶען אֵיין אַנְדֶער דֵעָה; דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי פֶערְלַאנְגְט אַז דֶער קֶענִיג זָאל פֶעסְט בֶּעשְׁטִימֶען דִי אוֹפַנִים אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר לָאזְט זֵיי נָאךְ אַמָאל אַרַיין. זֵיי הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט, אַז יֶעדֶער זָאל זִיךְ מֶאגֶען בֶּעזֶעצֶען אוֹיף דֶעם פְּלַאץ וואוּ עֶר הָאט פְרִיהֶר גֶעוָואהנְט, אַז דִי שׁוּלֶען זָאל מֶען צוּרִיק אָבְּגֶעבֶּען אָדֶער אוֹיסְבּוֹיעֶן נַייעֶ, אַז דִי הוֹבוֹת זָאלֶען זֵיי אַיינְמָאנֶען אוּנ דֶער מְלוּכָה אַרָאבְּגֶעבֶּען פוּן זֵיי צְווֵיי דְרִיטֶעל. לוּדְוִויג אִיז בֶּע־שְׁטַאנֶען אוֹיף דִי אַלֶע תְּנָאִים אוּנ הָאט נָאר אוֹיסְגֶענוּמֶען מִיט דִי יוּדֶען אַתְּנַאי, אַז נָאךְ צְוֶועלְף יָאהר מֶאג עֶר חֲרָטָה הָאבֶּען אוּנ גֶעבֶּען דִי יוּדֶען אַגַאנְץ יָאהר צַייט זֵיי זָאלֶען קָאנֶען פֶערְקוֹיפֶען זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּנ עֶנְדִיגֶען אַללֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר נָאךְ גֶעמוּזְט צוּ לִיעבּ טְהוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע אוּנ הָאט אָבְּ־

גֶערֶעדְט מִיט דִי יוּדֶען, זַיי זָאלֶען טְרָאגֶען אוֹיף זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אַ בֶּעזוּנְדֶער יוּדִישֶׁען צֵייכֶען. אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט קַיין פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ אַז אִין אַ יָאהר אַרוּם אִיז לוּדְוִויג גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּ דֶער פִינְפְטֶע אִיז גֶעוָוארֶען קֶענִיג, הָאט עֶר זַייעֶרֶע רֶעכְטֶע נָאר אִין גַאנְצֶען פַארְגְרֶעסֶערְט אוּנ הָאט זַיי טַאקִי אָפְּט גֶעמוּזְט בֶּעשִׁיצֶען פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ נִיט אֵיין מָאל גֶעטְשֶׁעפֶּעט צוּ זַיי אוּנ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען אַללֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען וֶועגֶען שֶׁאדְלִיכְקַייט פוּנ׳ם תַּלְמוּד. דִי גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען אַזוֹי וַוייט גֶעאַרְבַּייט, אַז דִי מְלוּכָה הָאט זַיי גֶעמוּזְט עֶרְלוֹיבֶּען אִין טוּלִידַה אֶפֶּענְטְלִיךְ פַארְבְּרֶענֶען צְוַוויי פוּלֶע וָואגֶענְס מִיט ש״ס. נָאר דָאס אִיז נָאךְ אַלְץ אַ נָאר נִיט גֶעוֶועהן גֶעגֶען דִי צָרוֹת וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעמוּזְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען פוּנ׳ם פְּרָאסְטֶען פָּאלְק אַלֵיין.

פִינְף יָאהר זֶענֶען אִין גַאנְצֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זַייט דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַ מָאל בֶּעזֶעצְט אִין פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ גָאר פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ אוֹיף זַיי אָנְגֶערִיקְט אַ אוּמְגֶערִיכְטֶע צָרָה. פִילִיפּ דֶעם פִינְפְטֶען הָאט זִיךְ אִים יָאהר 1302 פֶּערְגְלוּסְט זַיין נָאמֶען בֶּערִיהמְט צוּ מַאכֶען דוּרְךְ אַ נַייעֶם קְרֵייצְצוּג, חָאטְשׁ דֶער פַּאפְּסְט יָאהַאנְן דֶער צְוֵויי אוּנ צְוַואנְצִיגְסְטֶער הָאט אִים דֶערְפוּן אָבְּגֶעהַאלְטֶען. נָאר פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט אִיז גֶעשֶׁעהן אַ מוֹפֵת, אַ פְּרָאסְטֶער פַּאסְטוּךְ הָאט דֶערְזֶעהן וִוי פוּן אַ טוֹיב אִיז גֶעוָוארֶען אַ יוּנְג מֶעדְכֶען, עֶר הָאט דֶערְהֶערְט אִיהר קוֹל וִוי זִי רוּפְט אַללֶע פְרוּמֶע קְרִיסְטֶען מֶען זָאל זִיךְ אַוֶועקְלָאזֶען קַיין פַּאלֶעסְטִינַא אוּנ אַרוֹיסְרַייסֶען בַּיים שׂוֹנְא דִי הֵיילִיגֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם. עֶר הָאט דֶעם סוֹד בַּאלְד מְגַלֶה גֶעוֶועהן אַנְדֶערֶע, אַזַא נֵס אִיז פַאר דִי גֵייסְטְלִיכֶע גֶעוֶועהן וִוי גֶעוואוּנְשֶׁען אוּנ נָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט זֶענֶען אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען פִיעֶרְצִיג טוֹיזֶענְד מַאנְן, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּפֶען „פַּאסְטוּכֶער״ אוּנ זֶענֶען מִיט פָאהנֶען אוּנ מִיט גֶעזַאנְג גֶעגַאנְגֶען פוּן אֵיין שְׁטָאדְט צוּ דֶער אַנְדֶערֶער. מִילָא קַיין גְרֶעסֶערֶע צַדִיקִים פוּן זַייעֶרֶע זֵיידֶעס הָאבֶּען זַיי נִיט בֶּעדַארְפְט זַיין אוּנ עֶס אִיז נָאר קַיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס קוֹדֶם כָּל הָאבֶּען זַיי זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁלָאגֶען יוּדֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס מֶען הָאט זַיי אוֹיפְגֶעקְלֶעהרְט אַז פַאר יוּדִישׁ גֶעלְד קָאן מֶען קוֹיפֶען אַ סַךְ שְׁוֶוערְדֶען אוּנ שְׁפִּיזֶען. אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁחִיטָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ זֶעהר וֶועניג יוּדֶען זֶענֶען גֶעוֶועהן בַּעֲלָנִים צוּ רַאטֶעוֶוען דָאס לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶער טוֹיפֶע. פִינְף הוּנְדֶערְט יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג וֶוערְדוּן אוּנ אַז זַיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן אַז לַאנְג בְּלַייבֶּען וֶועלֶען זַיי דָארְט נִיט קָאנֶען, אִיז בַּיי זַיי גֶעבְּלִיבֶּען זַיי זָאלֶען פוּן דָארְט לֶעבֶּעדִיג נִיט אַרוֹיס. זַיי

הָאבֶּען אויסְגֶעקְלִיבֶּען פוּן זִיךְ אֵיין אַלְטֶען אוּנ אַ יוּנְגֶען מַאנְן וָואס זֵיי בֵּיידֶע הָאבֶּען אַללֶע אויסְגֶעקוּילֶעט, דֶערְנָאךְ הָאט דֶער יוּנְגֶער דֶערהַרְג׳ט דֶעם אַלְטֶען אוּנ אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶערְצוּ אַז דֶער יוּנְגֶער, וָואס אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער גֶעבְּלִיבֶּען, זָאל זִיךְ אַללֵיין דָאס לֶעבֶּען נֶעהמֶען, הָאט אִיהם בַּאנְג גֶעטְהוּן צוּ שְׁטַארְבֶּען אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בֶּעסֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי שׂוֹנְאִים אִין דִי הֶאנְד אַרַיין אוּנ אִיז מְרוּצָה גֶעוָוארֶען אָנְצוּנֶעהמֶען דָאס קְרִיסְטֶענְטְהוּם. עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעהָאלְפֶען, וַוייל אוֹיף אַזַא קָרְבָּן הָאבֶּען זִיךְ דִי קְרִיסְטֶען אַללֵיין אוֹיךְ נִיט גֶערִיכְט: אִיהם הָאט מֶען לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייד צוּרִיסֶען אוֹיף שְׁטִיקֶער אוּנ נָאר דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין דֶער פֶעסְטוּנְג הָאט מֶען גֶעטוֹיפְט מִיט גֶעווַאלְד. אִין טוּלוּזַה הָאט זִיךְ אֲפִילוּ דִי מְלוּכָה אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי יוּדֶען אוּנ הָאט פִיעל פוּן דִי פְּרוּמֶע „פַאסְטִיכֶער” אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן צוּ שְׁפֶּעט: דָאס צוּרֵייצְטֶע פָאלְק אִיז אוּנְמֶאגְלִיךְ גֶעוֶועהן אַיינְצוּהַאלְטֶען, זֵיי זֶענֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי גֶעפֶאנְגְנִירְ׳ן אוּנ הָאבֶּען בֶּעפְרַייהט דִי רוֹצְחִים אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען אִין דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶעדְט, וִוי בָּארְדָא, בַּאסְקָאן, טוּלוּזַה אוּנ אַלְבִּי. אִין אֵיין יָאהר אִיז אַ תֵּל גֶעוָואהרֶען פוּן הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת אוּנ דִי וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען זֶענֶען אַזוֹי אָרֶעם גֶעוָוארֶען אַז מֶען הָאט גֶעמוּזְט פוּן וֵייטְוֶועגֶען זַאמְלֶען נְדָבוֹת אִין אַנְדֶערֶע לֶאנְדֶער. דִי גְזֵרָה אִיז בֶּעקַאנְט אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע-סְפָרִים מִיט דֶעם נָאמֶען „גְזֵרַת הָרוֹעִים”.

אַ צָרָה, זָאגְט דִי וֶועלְט, קוּמְט זֶעלְטֶען אַללֵיין. אִין פְרַאנְקְרַייךְ הָאט זִיךְ דָאס וָוארְטֶעל בֶּעוִויזֶען טַאקִי אוֹיפ׳ן אַנְדֶערן יָאהר אוּנ הָאט דִי יוּדֶען נָאךְ מֶעהר בְּלוּט אָבְּגֶעקָאסְט. דֶעמָאלְט אִיז גֶעוֶועהן אַ מִנְהָג אַז אַללֶע מְצוֹרָעִים, וָואס מֶען הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז גֶעזוּנְדֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען זִיךְ נִיט אָנְנֶעהמֶען פוּן זֵייעֶרֶע הוֹיט-קְרַאנְקְהַייטֶען, הָאבֶּען גֶעמוּזְט וָואהנֶען בֶּעזוּנְדֶער אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט; אַהִין פְלֶעגְט מֶען זֵיי בְּרֶענְגֶען עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אוּנ פוּן דָארְט הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעטָארְט אַרוֹיסְגֶעהְן בִּיז זֵיי זֶענֶען גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען. אִין יֶענֶע יָאהרֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען גַבָּאִים, וָואס הָאבֶּען נִיט פֵיינְד גֶעהַאט הֲנָאָה צוּ זַיין פוּנ׳ם הֶקְדֵּשׁ, אוּנ אַזוֹי וִוי דִי קְרַאנְקֶע זֶענֶען גֶעוֶועהן אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן אַללֶע אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט פַאר וֶועמֶען זִיךְ צוּ קְלָאגֶען, הָאט מֶען זֵיי גֶעגֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע קָאסְט קוֹים דִי נְשָׁמָה צוּ דֶער הַאלְטֶען, אִין דֶער שְׁטָאדְט גּוּעֶנָה הָאט מֶען אַזוֹי פִיעל גֶעגַנְבֶ׳ט אַז מֶען הָאט פָּשׁוּט אוֹיפְגֶעהֶערְט דִי מְצוֹרָעִים עֶסֶען גֶעבֶּען; דָאס הָאט זֵיי פֶערְדְרָאסֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אֶנְטְשְׁלָאסֶען נוֹקֵם צוּ זַיין זִיךְ דֶערְמִיט

וָואס זֵיי הָאבֶּען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען גִיפְט אִין דִי בְּרוּנֶענְס אוּנ טַייכֶען, אוּנ מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאלֶען וִוי שְׁטְרוֹי. מֶען הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד אַרוּמְגֶעקוּקְט אוּנ אַז מֶען אִיז דֶערְגַאנְגֶען אַז דָאס אִיז דִי מְצוֹרָעִים'ס אַרְבֵּייט, הָאט מֶען זֵיי גֶענוּמֶען מוּטְשֶׁען זֵיי זָאלֶען זָאגֶען וֶוער עֶס הָאט זֵיי אָנְגֶערֶעדְט דֶערְצוּ. דִי קְרַאנְקֶע זָענֶען, מִן הַסְתָּם, נִיט גֶעוֶועהן בֶּעסֶער פוּן דִי גֶעזוּנְדֶע, אוּנ אַז מֶען הָאט זֵיי נָאךְ אָנְגֶעטְהוּן עִנוּיִם קָשִׁים הָאבֶּען זֵיי גָאר לַאנְג נִיט גֶעטְרַאכְט אוּנ אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט דִי גַאנְצֶע שׁוּלְד אוֹיף דִי יוּדֶען. אַ מִינְדֶעסְט קִינְד הָאט, דַאכְט זִיךְ, גֶעקָאנְט פֶערְ־שְׁטֶעהן אַז דָאס אִיז אַ נַארִישֶׁער בִּלְבּוּל אוּנ אַז יוּדֶען וֶועלֶען נִיט פֶערְגִיפְטֶען דָאס וַואסֶער וָואס זֵיי דַארְפֶען אַלֵיין טְרִינְקֶען; פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע אָנְגֶעהַאפְּט אָן דֶעם לִיגֶען, אוּנ אַפִילוּ דֶער קֶענִיג פִילִיפּ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דָאס אִיז אֱמֶת. מֶען הָאט זִיךְ נָאר גֶעבְּרָאכֶען דִי קָאפּ צוּ דֶערְגֵיין דִי כַּוָּנָה פוּן דִי יוּדֶען אוּנ מֶען הָאט דַארוֹיף גֶעלֶערְנְט אַ סַךְ פִּירוּשִׁים: אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען אַז דָאס הָאבֶּען זֵיי גֶעטְהוּן צוּ לִיעבּ דֶעם מַחְמַד'נִישֶׁען קֶענִיג פוּן גְרַאנַדַה, אוּנ אַנְ־דֶערֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז דֶערְמִיט הָאבֶּען זֵיי גֶעוָואלְט שְׁטֶערֶן דֶעם קְרַייצְצוּג פוּנ'ם קֶענִיג פִילִיפּ. אִיבֶּרִיגֶענְס הָאט מֶען אָנְגֶענוּמֶען יֶעדֶען תֵּירוּץ אוּנ מֶען הָאט דִי יוּדֶען גָאר קֵיין קַשְׁיוֹת נִיט גֶעפְרֶעגְט: מֶען הָאט זֵיי גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען אוּנ טוֹיזֶענְדֶער פוּן זֵיי הָאט מֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִין תְּפִיסָה. אִין שִׁינָאן (קִינוֹן) הָאט מֶען אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען אַ טִיפֶען גְרוּבּ, מֶען הָאט דָארְט אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ פַייעֶר אוּנ פִיעל יוּדֶען מִיט ווַייבֶּער אוּנ קִינְדֶער אַהִין אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. אַזוֹי הָאט מֶען זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועהן מִיט זֵיי אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע עֶרְטֶער אוּנ מֶעהר פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד הָאט מֶען דֶעמָאלְט אִין פְרַאנְקְרַייךְ פֶערְבְּרֶענְט. אַ חוּץ דֶעם הָאט דֶער קֶענִיג גֶעהֵייסֶען אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען בֶּעצָאהלֶען אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד אוּנ אַזוֹי וִוי זֵיי זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועהן קַבְּצָנִים נָאךְ פוּן יֶענֶעם יָאהר, אִיז דִי גַאנְצֶע מַשָּׂא גֶעפַאלֶען אוֹיף דִי עֶטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע עֲשִׁירִים, וָואס זֶענֶען צוּ לִיעבּ דֶעם אוֹיךְ גֶע־פַאלֶען פוּן דִי פִיס אוּנ דָאס עֲנִיוּת פוּן דִי פְרַאנְצֶעזִישֶׁע יוּדֶען אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹיס אַז מֶעהר אוֹיסְזוֹיגֶען זֵיי הָאט מֶען שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט.

אִין דֶער צֵייט הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶערוּקְט אַ הַמַארֶע אוֹיף דִי יוּדֶען פוּן רוֹם, וָואס הָאבֶּען שׁוֹין פוּן לַאנְגֶע יָאהרֶען גֶעלֶעבְּט דָארְט רוּהִיג אוּנ פְרֵייא אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעוואוּסְט צוּ זָאגֶען פוּן דִי צָרוֹת, וָואס זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אִין פְרַאנְקְרַייךְ, עֶנְגְ־לַאנְד אוּנ שְׁפַּאנְיֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעלִיטֶען. זַייט דֶער פַּאפְּסְט הָאט אִין רוֹם גֶעהַאט אַ וֶוייניגֶע שְׁלִיטָה, אוּנ אִיבֶּער דֶער מְלוּכָה הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיעגְט צְוֵויי מִשְׁפָּחוֹת קָאלָאנָא אוּנ אָרְסִינִי, הָאט מֶען אָן דִי יוּדֶען פֶערְגֶעסֶען אוּנ זֵיי

האבען דערווייל געארבייט וועגען תורה אונ חכמה אונ האבען ארויסגעגעבען זעהר פיעל גרויסע לייט, וואס זענען ניט נאר געוועהן א צירונג פאר זייער פאלק, נאר זיי האבען אויך גרויס נוצען געבראכט דעם לאנד. עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס דער קאניג פון נעאפעל, ראבערט פאן אנזשוא, וועלכער איז געוועהן א גרויסער ליעבהאבער פון וויסענשאפט, האט זייער געהאלטען פון די יודישע געלעהרטע אונ האט ביי איינעם פון די לומדים, לעאנע ראמאנא, וואס איז בעריהמט געוועהן מיט זיינע העברעאישע איבערזעצונגען פון לאטיינישע וחקירה ספרים, געלערנט לשון קודש. דער קאניג האט זיך אזוי אינטערעסירט מיט יודישע ספרים, אז ווען ר׳ שמריהו האיקריטי (פון אינזעל קריטה) אנגעשריבען זיין פירוש אויף דער תורה האט ער איהם צוגעטראגען ראבערט׳ן פאר א מתנה אונ ער האט איהם דערפאר גוט בעלוינט. אוודאי אז דער קאניג האט אזוי מקרב געוועהן יודישע לומדים, האבען איהם אללע גראסטע לייט נאכגעטהון אונ יעדער פון זיי האט געהאלטען פאר א כבוד צו אונטערשטיצען א בן־תורה ער זאל קאנען זיצען אונ לערנען.

צווישען די יודישע משוררים פון יענער צייט האבען זיך בעזאנדערס בעריהמט געמאכט צוויי: קלונימוס בן קלונימוס אונ עמנואל רומי, וואס האבען זיך גענומען אויף איין אנדער דרך אונ פלעגען זייערע געדאנקען אויסדריקען דורך איין הלצה (סאטירע), דאס הייסט, דעם ביטערן אמת זיס מאכען מיט א גלייך־ווארטעל. ר׳ קלונימוס בן קלונימוס איז געבארען געווארען אין פראנקרייך אים יאהר 1284, אונ איז געוועהן א גרויסער שפראכענקענער אונ א בקי אין פערשיעדענע וויסענשאפטען; אין דער יוגענד האט ער פון אראבישען איבערזעצט פיעל ביכער איבער מעדיצין אונ אנדערע חכמות. אללע זיינע אי
גענע ספרים, וואס ער האט אנגעשריבען אויף העברעאיש, זענען פול מי
אונ הויכע געדאנקען. די שרעקליכע צרות, וואס די פראנצאזישע י
איבערגעטראגען האט ר׳ קלונימוס בעוויינט אין עטליכע פייערינגע
בעווייזען אז זיין הארץ איז געוועהן פול מיט ליעבע צום פאלק
פעהיג געוועהן, ניט נאר אויף בייסענדיגע שטאכווארטלעך, נא
הייסע טרערען. אז דער קאניג ראבערט איז גראד דורכגעפאהר
א נסיעה דורך פראנקרייך, איז ער בעקאנט געווארען מיט ר׳
האט איהם מיט זיך מיטגענומען קיין איטאליען. ר׳ קלונימוס האט
אין רום אונ דארט האט ער זיך ערשט, צווישען די לומדים, גענאנט רעכט זיך
אויסצייכענען. אין זיין שרייבען האט ער פארט מעהר ליעב געהאט לצנות צו

מַאכֶען, אוּנ פוּן אִיהם זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען דִי בֶּערִיהמְטֶע סְפָרִים: „אִגֶרֶת בַּעֲלֵי הַחַיִים״ „אֶבֶן בּוֹחַן״ אוֹיךְ דִי „מַסֶכְתָּא פּוּרִים״, וָואס אִיז כְּלוֹמֶר׳שְׁט נָאכְגֶעמַאכְט דִי גְמָרָא מִיט אַללֶע פֵּירוּשִׁים. מֶען קֶאן אֲפִילוּ נִיט וִויסֶען צוּ הָאט עֶר דֶערְמִיט גֶעוָואלְט נָאר דֶעם עוֹלָם פְרֶעהלִיךְ מַאכֶען אָדֶער עֶר הָאט טַאקִי אַ בִּיסֶעל חוֹזֵק גֶעמַאכְט פוּנ׳ם תַּלְמוּד, אוּנ הָאט גֶעוִויזֶען אַז מֶען קֶאן זִיךְ שְׁטֶעלֶען אוֹיפ׳ן גְרֶאסְטֶען נַארִישְׁקַייט אוּנ מַאכֶען דַארוֹיף אַזֶעלְכֶע פֵּירוּשִׁים, וָואס מֶען זָאל זִיךְ דַארְפֶען אִיבֶּער זֵיי מַאטֶערן וִוי אִיבֶּער עֶפִּיס רֶעכְטְס. ר׳ קְלוֹנִימוּס הָאט אָפְט לִיעב גֶעהַאט אַרַיינְצוּוַוארְפֶען אַזֶעלְכֶע וֶוארְטֶער, וָואס מֶען הָאט גֶעקָאנְט טַייטְשֶׁען וִוי אַזוֹי מֶען הָאט גֶעוָואלְט; אִין אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע סְפָרִים שְׁרַייבְּט עֶר אַז עֶס וָואלְט אִיהם גְלַייכֶער גֶעוֶועהן גֶעבָּארֶען צוּ וֶוערֶען אַ נְקֵבָה אֵיידֶער צוּ טְרָאגֶען אוֹיף זִיךְ דֶעם עוֹל פוּן תַּרְיַ״ג מִצְוֹת. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט מֶען גֶעווּאוּסְט אַז עֶר אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר גוּט אוּנ פְרוּם אוּנ אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִים יָאהר 1337 הָאט עֶר גֶעהַאט אַ לְוָיָה פוּן אַ צַדִיק.

נָאךְ אַ גְרֶאסֶערְן נָאהמֶען צְווִישֶׁען דִי אִיטַאלְיֶיאַנִישֶׁע יוּדֶען הָאט גֶעהַאט ר׳ עִמְנוּאֵל בֶּן שְׁלֹמֹה הָרוֹמִי, וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִים יָאהר 1265 אוּנ הָאט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען אָבְּגֶעגֶעבֶּען נָאר מִיט שְׁרַייבֶּען. עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ גוּטֶער פְרַיינְד פוּנ׳ם בֶּערִיהמְטֶען רוֹימִישֶׁען דִיכְטֶער (מְשׁוֹרֵר) דַאנְטֶע. זַיין פֶּען אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר וִויטְצִיג, עֶר הָאט דֶעם בֶּעסְטֶען גֶעדַאנְק גֶעקָאנְט אַרוֹיסְגֶעבֶּען אוֹיף אַזַא אַרְט אַז דִי לֶעזֶער זָאלֶען עֶס לֶעזֶען מִיט פֶערְגְנִיגֶען אוּנ זָאלֶען זִיךְ פָארְט בַּאלְד אָנְשְׁטוֹיסֶען וָואס עֶר מֵיינְט. אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט טְרֶעפֶען עֶטְלִיכֶע לוֹמְדִים אוּנ רַבָּנִים, וָואס עֶר הָאט פוּן זֵיי נִיט גֶעהַאלְטֶען, הָאט עֶר בֶּעשְׁרִיבֶּען וִוי אַזוֹי עֶר אִיז אַ מָאל אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין גֵיהִנֹם אוּנ וָואס פַאר אַ חֶבְרָה עֶר הָאט [illegible] גֶעטְרָאפֶען אוּנ הָאט מִן הַסְתַּם דֶעם אוֹיבֶּען־אָן אָבְּגֶעגֶעבֶּען דִי צְבוּעַ־קֶעס, [illegible]ען זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאר אִיבֶּערְגֶענוּמֶען מִיט זֵייעֶר יִרְאַת שָׁמַיִם [illegible]עֶן אַז דֶער גַאנְצֶער שׁוּר הַבָּר קוּמְט נָאר זֵיי. זַיינֶע שִׁירִים זֶענֶען [illegible]עלְט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער סֵפֶר מִיט דֶעם נָאהמֶען „מַחְבְּרוֹת עִמְנוּאֵל״ [illegible]קָאנְט בִּיז הַיינְט.

[illegible]האבֶּען זִיךְ דִי אִיטַאלְיֶענִישֶׁע יוּדֶען גֶעלֶעבְּט רוּהִיג. סַאנְגְזַא, דִי [illegible]וּנ׳ם פַּאפְּסְט יָאהַאנְן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען, וָואס הָאט גֶעוָואהנְט [illegible]אָן, הָאט אָנְגֶערֶעדְט דֶעם בְּרוּדֶער עֶר זָאל דִי יוּדֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן רוֹם. פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט אוֹיךְ דֶער קֵייזֶער פְרִידְרִיךְ דֶער שֶׁאנֶע, וָואס פְלֶעגְט נָאךְ פְרִיהֶר גַאנְץ אָפְט בְּרֶענֶען דֶעם תַּלְמוּד, גֶעבֶּעטֶען דֶעם פַּאפְּסְט

עֶר זָאל דִי יוּדֶען נִיט לָאזֶען זַיין אַזֵייגֶע פְרַייעֶ בַּעֲלֵי בַּתִּים אִין לַאנְד, אוּנ אִים יָאהר 1321 אִיז אַרוֹיס אַבֶּעפֶעהֶל אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ גֶעהן פוּן וַואנֶען זֵיי זֶענֶען גֶעקוּמֶען. אִין רוֹם אִיז דָאס גֶעוֶועהן אַ אוּנְגֶערִיכְטֶער אוּמְגְלִיק. דִי יוּדֶען הָאבֶּען בַּאלְד גוֹזֵר תַּעֲנִית גֶעוֶועהן אוּנ אוֹיסֶער דֶעם הָאבֶּען זֵיי גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּם פַּאפְּסְט אוּנ צוּם קֶאנִיג רָאבֶּערְט פוּן נֶעאַפֶּעל אוּנ אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבֶּען צוּ זֵייעֶר בַּקָשָׁה צוּגֶעלֶעגְט אוֹיךְ אַ מַתָּנָה פוּן צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רֶענְדְלִיךְ הָאט זִיךְ דֶער פַּאפְּסְט מִיט דֶער שְׁוֶועסְטֶער בַּאלְד אִיבֶּערְצֵיינְט אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען נִיט אַזוֹי שֶׁאדְלִיךְ וִוי מֶען הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אוּנ מֶען הָאט זֵיי גֶעלָאזְט צוּ רוּה. דִי יוּדִישֶׁע גֶעלְד הָאט צוּשְׁלָאגֶען דִי וָואלְקֶענְס אוּנ פַאר דִי יוּדֶען אִיז וַוייטֶער לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען.

נָאר וִוי גוּט דִי יוּדֶען אִיז גֶעוֶועהן אִין רוֹם, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ מֶעהר אָבְּגֶע־נֶעבֶּען מִיט וִויסֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ דִי תּוֹרָה הָאט טַאקִי גֶעבְּלִיהְט נָאר אִין שְׁפַּאנְיֶען, אִין קַאסְטִילְיֶען אָבֶּער, וואוּ דֶער קֶאנִיג אַלְפָאנְסָא דֶער עֶלְפְטֶע הָאט אוֹיף זֵיי גֶעלֶעגְט גְרוֹיס כָּבוֹד, אִיז זֵייעֶר לַאגֶע גֶעוֶועהן גַאנְץ אַנְדֶערְשׁ: דָארְט הָאט מֶען זֵיי גֶעגֶעבֶּען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען, דֶער קֶאנִיג הָאט גֶעהַאט דָאס גְרֶעסְטֶע צוּטְרוֹיֶען צוּ זַיינֶע צְוֵויי יוּדִישֶׁע יוֹעֲצִים, ר׳ יוֹסֵף דֶע־אַסִינְיָה אוּנ ר׳ שְׁמוּאֵל אִבֶּן נַוקַר, אוּנ אֲפִילוּ דִי גֵייסְטְלִיכֶע, וָואס זֵיי הָאט עֶס נִיט גֶעקָאנְט גֶעפֶאלֶען, הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעמוּזְט שְׁוַוייגֶען.

זֶעהר גְלִיקְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעדַארְפְט פִיהלֶען דִי יוּדֶען פוּן קַאסְטִילְיֶען אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעזֶעהן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער וָואס וָואהנֶען גָאר נָאהֶענְט פוּן זֵיי — אִין אַרַאגָאנְיֶען. דָארְט הָאט מֶען דִי יוּדֶען אָנְגֶעטְהוּן צָרוֹת אוּנ מֶען הָאט זֵיי נִיט גֶעלָאזְט קֵיין קָאפּ אוֹיפְהוֹיבֶּען. נָאר נָאךְ עֶרְגֶער אִיז גֶע־וֶועהן דִי יוּדֶען פוּן נַאוַואַרַא, וואוּ אֵיינֶער פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע, פֶּעדְרָא אוֹלִיגְאֶיעֶן, הָאט אָנְגֶערֵייצְט דָאס פָאלְק אוּנ אִים שַׁבָּת, דֶעם 5 מֶערְץ 1328 אִיז מֶען אַנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה פוּן עֶסְטֶעלַה אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁחִיטָה. אוּמְזִיסְט הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעוֶועהְרְט, דִי רוֹצְחִים זֶענֶען גֶעוֶועהן צֶעהן מָאל שְׁטַארְקֶער אוּנ גְרֶאסֶער אוּנ זֵיי הָאבֶּען נִיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט קֵיין אֵיינְצִיגֶען פוּן זֵיי. נָאר אֵיין מְנַחֵם בֶּן זֶרַח, וָואס אִיז דֶעמָאלְט אַלְט גֶעוֶועהן צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ אִיז דֶערְנָאךְ גֶעוָוארֶען אַ בֶּערִיהמְטֶער מַאנְן, אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען טַאקִי נָאר מִיט אַ נֵס. זַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנ פִיעֶר יוּנְגֶערֶע בְּרִידֶער הָאט מֶען גֶעקוֹילֶעט אוּנ עֶר אַלֵיין אִיז אוֹיךְ גֶעלֶעגֶען הַאלְבּ טוֹיט צְוִוישֶׁען דִי הֲרוּגִים, נָאר בַּיי נַאכְט אִיז גְרָאד דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אַ בֶּעקַאנְטֶער

קְרִיסְט אוּנ הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז עֶר אָטְהֶעמְט נָאךְ, הָאט עֶר אִיהם גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ הָאט אִיהם בֶּעהַאלְטֶען בִּיז עֶר אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען. אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדְט הָאט מֶען אוֹיךְ דָאס אֵייגֶענֶע גֶעטְהוּן אוּנ כַּךְ הַכֹּל זֶוענֶען דֶעמָאלְט אוּמְגֶעקוּמֶען מֶעהר פוּנ זֶעכְּס טוֹיזֶענְד יוּדֶען.

וִוי עֶס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען, אִיז דָאס גְלִיקְלִיכְקֵייט פוּנ די יוּדֶען אִין קַאסְטִילְיֶען אוֹיךְ גֶעוֶועהן נָאר לְפִי שָׁעָה אוּנ עֶס הָאט זִיךְ נָאר גֶעהַאלְטֶען בִּיז דִי הַצְלָחָה פוּנ'ם קֶענִיג'ס יוּדִישֶׁער יוֹעֲצִים הָאט גֶעשַׁיינְט. לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְן הָאט אָבֶּער דִי הַצְלָחָה אוֹיךְ נִיט גֶעקֶאנְט אוּנ עֶס אִיז אֲפִילוּ צוּ בֶּעווּאוּנְדֶערְן וִוי אַזוֹי אַלְפָאנְסָא אִיז גַאנְצֶע צְוֶועלְף יָאהר גֶעבְּלִיבֶּען טְרַיי זַיינֶע יוּדִישֶׁע יוֹעֲצִים, וָואס הָאבֶּען טַאקִי אִין דֶער צַייט דֶערְגְרֵייכְט צוּ דֶער גְרֶעסְטֶער מַדְרֵגָה. ר' יוֹסֵף דֶע-אִיסִינָה, אָדֶער דוֹן יוֹסֵף בֶּן אֶפְרַיִם בִּינְבִנְשְׁתִּי הַלֵּוִי, אִיז גֶעוֶועהן אַזַא מֶענְשׁ, וָואס הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען וִוי אַזוֹי זִיךְ בֶּעלִיעבְּט צוּ מַאכֶען בַּיי גְרוֹיסֶע לַייט אוּנ דֶערְבַּיי נִיט פֶערְלִירֶען זַיין כָּבוֹד, נָאר פַארְקֶעהרְט, אַזוֹי פִיהרֶען אַז מֶען זָאל פַאר אִיהם דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען. אַז דֶער קֶענִיג הָאט בֶּעדַארְפְט עֶפִּיס אוֹיספִיהרֶען אַנְאטְהִיגֶע זַאךְ, וָואס נִיט יֶעדֶער הָאט גֶעטָארְט דֶערְפוּן וִויסֶען, פְלֶעגְט עֶר עֶס נָאר אִיבֶּערְגֶעבֶּען דוֹן יוֹסֵף דֶע-אִיסִינָה אוּנ אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהן זִיכֶער אַז עֶר וֶועט אַלְדִינְג טְהוּן בִּשְׁלֵימוּת. דֶערְפַאר הָאט עֶר אִיהם טַאקִי זֶעהר גֶעשֶׁאצְט אוּנ אִיז אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַלֶע נוֹיטְהֶען. אַמָאל הָאט זִיךְ גֶע-מַאכְט וָואס עֶר הָאט אִיהם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קַיין וַואלַאדָאלִיד, מִיט אַשְׁלִיחוּת צוּ דֶער פְּרִינְצֶעסִין, אוּנ דָאס פָאלְק, וָואס דוֹן יוֹסֵף'ס שׂוֹנְאִים הָאבֶּען עֶס אָנְ-גֶערֵייצְט, אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיפ'ן פַּאלַאץ אוּנ הָאט אִיהם גֶעוָואלְט הַרְגֶנֶען. דוֹן יוֹסֵף'ן הָאט אָבֶער גֶערָאטְהֶען אַוֶועקְצוּשִׁיקֶען אַשְׁלִיחַ צוּם קֶענִיג אוּנ אִיהם מוֹדִיעַ זַיין וָואס דָא גֶעהט פָאר. אַלְפָאנְסָא הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ אִיז אַלֵיין מִיט גְרוֹיס חַיִל צוּגֶעטְרֶעטֶען צוּ דֶער שְׁטָאדְט אוּנ הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען אַתֵּל פוּנ אִיהר וִוי מֶען וֶועט זִיךְ צוּרִירֶען צוּ דוֹן יוֹסֵף. דָאס פָאלְק הָאט גֶעמוּזְט כּוֹרֵעַ אוּנ מִשְׁתַּחֲוֶה זַיין אוּנ מֶען הָאט פֶערְזִיכֶערְט דֶעם קֶענִיג אַז דָאס הָאט מֶען נָאר נִיט גֶעמֵיינְט דוֹן יוֹסֵף'ן, נָאר דֶעם קְרִיסְטְלִיכֶען רִיטֶער, דוֹן אַלְוַואר נוּנִיץ. אַלְפָאנְסָא הָאט דָאס אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַתֵּירוּץ אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְרֶעהט וָואס עֶר הָאט אַלֵיין אָבְּגֶערַאטֶעוֶועט זַיין גֶעלִיעבְּטֶען יוֹעֵץ פוּנ אַסַכָּנָה. פּוּנְקְט אַזַא חָשׁוּב אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן זַיין לַייבּ-דָאקְטָאר דוֹן שְׁמוּאֵל אִבֶּן וַקַר. וָואס הָאט זִיךְ אֲפִילוּ וֶועניג גֶעמִישְׁט צוּ דֶער מְלוּכָה, נָאר פוּנ דֶעסְטְוֶועגֶען פְלֶעגְט זִיךְ אָפְּט דֶער קֶענִיג מִיט אִיהם אַיין עֵצָה הַאלְטֶען אוּנ הָאט אִיהם זֶעהר לִיעב גֶע-

הַאט פַאר זַיין שֵׂכֶל הַיָשָׁר. אַז דִי רַייכֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִּיהלְט וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶען צַד זֵיי הָאבֶּען אִין קֶאנִיגְלִיכֶען הוֹיף, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ שׁוֹין עֶרְלוֹיבְּט צוּ-גֶעהמֶען פְּרָאצֶענְט פוּן דִי, וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּ זֵיי. דָאס הָאט שְׁטַארְק דִי יוּדֶען פֶערְהַאסְט גֶעמַאכְט בַּיים פָאלְק, מֶען הָאט זִיךְ נִיט אֵיין מָאל גֶעקְלָאגְט אוֹיף זֵיי בַּיים קֶאנִיג, נָאר דָאס גַאנְצֶע גְלִיק אִיז גֶעוֶועהן וָואס אַלְפָאנְסָא אַלֵיין הָאט גֶעהַאט זַיין אִינְטֶערֶעס אִין דֶעם אַז דִי יוּדֶען זָאלֶען טַאקִי אוֹיס-לֶעדִיגֶען דִי קֶעשְׁינֶעס בַּיי דִי קְרִיסְטֶען אוּנ עֶר זָאל קֶאנֶען דֶערְנָאךְ בַּיי זֵיי צוּ-נֶעהמֶען דִי גְזֵילָה. דֶערְפַאר הָאט עֶר דִי יוּדֶען נִיט גֶעטְשֶׁעפֶּעט הָאטְשׁ דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען אַז עֶס אִיז נֶאטְהִיג מֶען זָאל בַּיי זֵיי צוּנֶעהמֶען דִי רֶעכְטֶע, אוּנ הָאט נָאךְ גֶעגֶעבֶּען דוֹן שְׁמוּאֵל אִבֶּן וַוַקַר אַ עֶרְלוֹיבְּנִישׁ אַרוֹיסְצוּלָאזֶען קְלֵיינֶע מַטְבֵּעוֹת אוּנ דֶערְפוּן הָאבֶּען נִיט קַיין קְלֵיינֶע הַכְנָסָה. צוּם אוּמְגְלִיק הָאבֶּען אָבֶּער בֵּיידֶע יוֹעֲצִים נִיט גֶעלֶעבְּט צְווִישֶׁען זִיךְ צוּפְרִידֶען, יֶעדֶער הָאט אִין זִין גֶעהַאט נָאר צוּ שָׁאדֶען דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנ דֶערְמִיט הָאבֶּען זִיךְ בֶּענוּצְט דִי שׂוֹנְאִים אוּנ הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט אָנְצוּרֵייצֶען דָאס פָאלְק אוֹיף דִי יוּדֶען, ווַייל זֵיי זֶענֶען זִיכֶער גֶעוֶועהן אַז כ״ט דֶער צַייט וֶועט זֵיי גֶערָאטְהֶען דֶעם קֶאנִיג אוֹיךְ אָבּ-צוּרֵייסֶען פוּן זַיינֶע חֲשׁוּבִים. אַזוֹי הָאט דִי שִׂנְאָה בִּיסְלֶעכְוַויז וִוי אַ וָוארְם גֶעטָאטְשֶׁעט דָאס לֶעבֶּען פוּן דִי יוּדֶען אִין קַאסְטִילְיֶען בִּיז עֶס אִיז נִיט אַרוֹיס-גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען טַאקִי פוּן זֵיי אַלֵיין אֵיינֶער, וָואס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אֵיין אִיבֶּער-קֶעהֶרֶענִישׁ אִין דֶעם לַאנְד אוּנ גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ וָואס דִי פַיינְדְשַׁאפְט, מִיט וֶועלְכֶער מֶען הָאט זִיךְ אַ צַייט גֶעשְׁטִיקְט אוּנ גֶעשֶׁאהמְט אֶפֶּענְטְלִיךְ אַרוֹיסְצוּוַייזֶען, אִיז גֶעוָוארֶען אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער אוּנ הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ וֶועג גְלַייךְ צוּ דֶער מְלוּכָה.

דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַבְנֶר פוּן בּוּרְגָאס, אַ יוּדִישֶׁער דָאקְטָאר אוּנ אַ גְרוֹי-סֶער לַמְדָן, וָואס הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט וֶוען עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוֶועהן זֶעכְצִיג יָאהר אוּנ אִיז דֶערְנָאךְ בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט'ן נָאהמֶען אַלְפָאנְסָא בּוּרְגֶענְזִיס דֶע וַואלַאדָאלִיד. עֶר אִיז אֵיינֶענְטְלִיךְ גֶעוֶועהן פְרַיי פוּן יֶעדֶער אֱמוּנָה אוּנ אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם נִיט ווַייל דִי יוּדִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן אִיז אִיהם נִיט גֶעפֶעלֶען, נָאר צוּ לִיעבּ דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז אַזוֹי אִיז פַאר אִיהם גְלַייכֶער. אַזַא מֶענְשׁ שְׁמֶעקְט גוּט וָואהִין דֶער ווִינְד בְּלָאזְט אוּנ אַז עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְצַייגְט אַז פַאר זַיינֶע גֶעוֶועזֶענֶע בְּרִידֶער הַייבֶּען זִיךְ אָן נִיט קַיין פְרֶעהלִיכֶע טָאג, אִיז עֶר בַּאלְד צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דִי שׂוֹנְאִים אוּנ הָאט אוֹיף זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען אַלֶע רָעוֹת. פִיעל הָאט אִיהם גֶעהָאלְפֶען דֶערְצוּ דָאס,

וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער בָּקִי אִין תַּלְמוּד אוּנ אִין אַנְדֶערֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט אוֹיף זַיינֶע לֵיגֶענְס רַאיוֹת הָאבֶּען אִיהם דִי קְרִיסְטֶען גֶעגְלוֹיבְּט. דֶערְפַאר הָאט עֶר נָאר אָהן בּוּשָׁה אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְלָאזֶען בִּיכֶער אוּנ דֶערְוַוייזֶען וִוי שֶׁעדְלִיךְ דִי יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אִיז, אוּנ זַיין עַזוּת הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ וָואס עֶר פְלֶעגְט זַיינֶע כְּתָבִים צוּשִׁיקֶען צוּ דִי בֶּערִיהְמְטֶעסְטֶע יוּדִישֶׁע לוֹמְדִים וַוייל עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט דֶערְוֶואגֶען זִיךְ אַרוֹיסְצוּשְׁטֶעלֶען גֶעגֶען אִיהם אוּנ דֶערְוַוייזֶען אַז זַיין מֵיינוּנְג אִיז פַאלְשׁ. דִי יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ אָבֶּער דֶעמָאלְט נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי גֶעפַאלֶען זֵיי זָאלֶען קֶאנֶען רוּהִיג צוּקוּקֶען וִוי אֵיינֶער, וָואס אִיז זֵיי פַאלְשׁ גֶעוָוארֶען, שִׁיט מִיט שְׁקָרִים אוּנ זָאלֶען קֵיין וָוארְט נִיט זָאגֶען; עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע יוּדִישֶׁע שְׁרַייבֶּערְס וָואס הָאבֶּען אִיהם בַּאלְד גֶעאֶנְטְפֶערְט אוּנ גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן אַללֶע זַיינֶע סְבָרוֹת אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט פוּן אִיהם חוֹזֶק גֶעמַאכְט ר׳ יִצְחָק פוּלְגַאר (פוּלְקַאר), אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע יוּדִישֶׁע גֶעלֶעהְרְטֶע, וָואס הָאט נִיט גֶעהַאלְטֶען אַלְפָאנְסָא׳ן וֶוערְטְה מֶען זָאל מִיט אִיהם אַ וִכּוּחַ הָאבֶּען אוּנ הָאט אִיהם נָאר אוֹיסְגֶעלַאכְט אִין אַ קְלֵיינֶעם שִׁיר, דָאס הָאט אַלְפָאנְסָאן אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער הָעַזָה אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען עֶר זָאל פָּשׁוּט גֶעהְן מִיט מְסִירוֹת. עֶר הָאט דֶעם קֶענִיג דֶערְצֶעהְלְט אַלִיגֶען אַז דִי תְּפִלָּה וְלַמַּלְשִׁינִים פוּן שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה אִיז גֶעגֶען דֶעם גְרִינְדֶער פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכֶער אֱמוּנָה, אוּנ הָאט עֶס אַזוֹי וַוייט גֶעבְּרַאכְט אַז דֶער פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה אִין וַאלַאדָאלִיד הָאט גֶעמוּזְט אֶנְטְפֶערְן אַ תֵּירוּץ אַז דִי תְּפִלָּה בֶּעצִיהט זִיךְ נָאר אוֹיף דִי מִינִים פוּן אַמָאל, וָואס פְלֶעגֶען מַסְרְ׳ן דִי יוּדֶען, נָאר דֶער תֵּירוּץ אִיז נִיט אָנְגֶענוּמֶען, עֶס הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעהָאלְפֶען דֶער וִכּוּחַ, וָואס דִי רַבָּנִים הָאבֶּען גֶעהַאט מִיט אַלְפָאנְסָא׳ן אוּנ עֶס אִיז אַרוֹיס אִים יָאהר 1836 אַ בֶּעפֶעהל מֶען זָאל דִי תְּפִלָּה אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְוַוארְפֶען פוּנ׳ם דַאוְונֶען.

דָאס אִיז גֶעוֶועהן דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל וָואס דִי מְלוּכָה הָאט נָאכְגֶעגֶעבֶּען דִי יוּדִישֶׁע שׂוֹנְאִים, אוּנ דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵיי זִיךְ שׁוֹין צוּפִיהְרְט דִי הָאנְד, בֶּעזָאנְדֶערְס וֶוען בַּיים קֶענִיג אִיז גֶעוָוארֶען אַ נַייעֶר חָשׁוּב אֵיינֶער פוּן זֵייעֶר חֶבְרָה, אַ גֶעוִויסֶער גָאנְזַאלָא מַארְטִינֶעץ, אַ שְׁלַאנְג וָואס ר׳ יוֹסֵף דִי־אִיסִינָה הָאט זִי מְגַדֵּל גֶעוֶועהן בַּיי זִיךְ אִין שׁוֹים, כְּדֵי זִי זָאל אִיהם שְׁפֶּעטֶער בֶּעצָאהלֶען מִיט אִיהר גִיפְט. גָאנְזַאלָא אִין גֶעוֶועהן אַ אָרֶעמֶער יוּנְגֶער מַאנְן, אוּנ ר׳ יוֹסֵף דִי־אִיסִינָה הָאט אִיהם גֶעשְׁטִיצְט אוּנ אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיף. קוֹים הָאט אִיהם אָבֶּער דֶער קֶענִיג לִיעבּ בֶּעקוּמֶען אוּנ גֶעגֶעבֶּען אַ גְרוֹיסֶע שְׁטֶעלֶע.

האט ער אנגעהויבען גראבען א גרוב פאר זיין בעל־טובה און פאר אללע זיינע
גליובענסברידער; ער האט דעם קאניג פארשטעהן געגעבען אז ער דארף ניט
צו ליעב יודען רייצען דאס גאנצע פאלק, וואס איז מיט רעכט בייז אויף זיינע
יועצים, וועלכע זענען רייך געווארען אויף'ן חשבון פון דער מדינה. וואס דעם
קאניג איז אזעלכעס געשעהן, אז ער האט געקאנט נאר פלוצלונג זיך אזוי
איבערבייטען, איז שווער צו פארשטעהן, נאר דאס ווייסט מען אז דער כח פון
רכילות און פאלשקייט איז זעהר גרויס און דאריבער האט גאנזאלא בעקומען
פון איהם איין ערלויבניש אז ער מעג טהון מיט זיינע געוועזענע פריינד וואס
ער וויל. גאנזאלא האט טאקי ניט לאנג געטראכט און האט באלד געהייסען
ארייןווארפען ר' יוסף די־איסינה און ר' שמואל אבן וקר מיט זיינע צוויי ברידער
און נאך אכט קרובים מיט זייער גאנצער משפחה אין תפיסה און דארט האבען
דעם קאניגס חשובים גיך געענדיגט זייער לעבען. נאך צוויי יודען זענען געשטאנען
נאהענט צום קאניגליכען הויף, דאס זענען געוועהן דון־משה אבודיאל און
דון שלמה בן־יעיש, און אזוי ווי גאנזאלא האט זיי אויך געוואלט פטר'ן,
האט ער זיך גענומען שרייען אז דאס בעסטע וואלט געוועהן מען זאל נאר אללע
יודען ארויסטרייבען פון קאסטיליען, און מען זאל זיך מיט זיי נוהג זיין ווי אין
פראנקרייך: צונעהמען די הייזער און פערמעגען און זיי לעבעדיגערהייד ירש'נען.
מיט דעם פלאן — ארויסצוטרייבען די יודען — האט ער זיך ארומגעטראגען ביז
צום טויט, און דאס איז אויך געוועהן זיין מפלה. אז ער האט צום ערשטען מאל
פארגעלעגט זיין מיינונג וועגען דעם אין דער אסיפה פון אללע מיניסטארען,
האט ער פון קיינעם ניט געקאנט בעקומען איין הסכמה דארויף; אפילו די
גייסטליכע האבען אבגעראטהען דערפון, און דער ארכיעפיסקאפ פון טולעדא
האט בפירוש געזאגט אז, ערשטענס טאר מען ניט משנה זיין דאס ווארט, וואס
די אלטע קאניגע פון קאסטיליען האבען געגעבען די יודען ווען זיי האבען זיך
בעזעצט אין לאנד, און צווייטענס, וועט עס פשוט שאדען דער מדינה, ווייל די
יודען זענען א טהייערער אוצר פאר דער מלוכה, וואס קאן ביי זיי געפינען
געלד צו יעדער צייט, און אפילו ווען מען וועט זיי בערויבען וועט עס אלץ ניט
נוצען אזוי פיעל ווי ווען מען זאל זיי גלאטט אין א איינגער צייט צו פרעסען.
אז דון משה אבודיאל איז געוואהר געווארען וואס פאר א צרה דא קאן ארויס,
האט ער דערכון מודיע געוועהן אללע יודישע קהלות פון קאסטיליען, און דער
עולם האט זיך געהאפט צום אלטען מיטעל — צום פאסטען. די געגנער פון
גאנזאלא'ס דעה האבען איהם איבערגעשפארט, און די סכנה איז אוועק. דער־

ווייל איז טאקי גאנזאלא אליין אויך פערטראגען געוועהן, ער האט געמוזט זיך
אוועקלאזען אין א מלחמה, אונ אז ער האט מנצח געוועהן דעם שונא, האט
ער שוין גאר אין גאנצען פערריסען דעם קאפ אונ קיינער איז איהם ניט גלייך
געוועהן. ווען א קליין מענשעלע שפיעלט צו די הצלחה אונ עס וואקסט פון
איהם אויס א מושל מיט קראפט אין די האנד, מיינט ער אז קיין עלטערס פון
איהם ניז ניטא אונ אז אללע מוזען איהם פאלגען; אזא מין הצלחה פיהרט איהם
צו עקשנות אונ דאס עקשנות בעגראבט איהם. אזוי איז אויך געשעהן מיט
גאנזאלא'ן: ער האט גערעכענט אז אצונד וועט ער געוויס אויספיהרען זיין פלאן,
אונ וועט פועל'ן ביים קאניג מען זאל די יודען ארויסטרייבען, צום סוף האט ער
דורך דעם נאך מעהר שונאים בעקומען, אונ בעזונדערס האט זיך אן איהם נוקם
געוועהן די שאנע לעאנארא דע גוזמאן, וועלכע האט אויפגעקלארט
דעם קאניג, אז גאנזאלא איז איהם ניט געטריי אונ וויל די גאנצע מלוכה
אריינהאפען צו זיך אין די האנד אריין. דער קאניג האט באלד געשיקט צו
גאנזאלא'ן ער זאל קומען קיין מדריד, נאר ער האט פערשטאנען אז ניט אויף
נוטס אונ כבוד רופט איהם דער קאניג האט ער זיך ניט נאר אבגעזאגט אויס-
צופאלגען דעם קאניג'ס בעפעהל, נאר ער האט אויך בסוד אנגעהויבען האנדלען
מיט'ן קאניג פון פארטוגאל אונ אפילו מיט'ן מהמדנישען מושל פון גראנדה זיי
זאללען איהם העלפען ארויסטרעטען אפען געגען דער מלוכה. גאנזאלא האט
געטראכט, אז ער מיט זיין גאנצער חברה וועלען קאנען בעשטעהן געגען חיל
פון קאסטיליען, ווען מען וועט איהם וועלען מיט געוואלד נעהמען, אונ דערפאר
האט ער זיך ערלויבט צו שיסען אויף די קאסטיליענישע סאלדאטען ווען דער
קאניג אלליין איז מיט זיי צוגעקומען צו דער שטאדט, וואו גאנזאלא איז געש-
טאנען, אונ א פייל האט געטראפען איינעם פון די סאלדאטען, וואס האבען זיך
געפונען פונקט נעבען קאניג. דא האט שוין דער קאניג געהייסען זיך גאר אנ-
דערש נעהמען צו איהם; ער האט זיך באלד געמוזט אונטערגעבען אונ מען
האט איהם פארברענט. גרויס איז געוועהן די שמחה פון די קאסטיליענישע
יודען אז פונקט פאר פורים פונ'ם יאהר 1339 איז זיי אנגעקומען די בשורה פון
גאנזאלא'ס טויט: זיי האבען זיך דעמאלט געמאכט א דאפעלטען יום טוב אונ זיי
האבען זיך טאקי געמאגט פרייען, ווייל נאך דעם איז דער קאניג ווייטער גוט
געווארען צו די יודען, אונ אז ער האט זיך איבערציינגט וואס פאר א שקרים
גאנזאלא האט אויסגעטראכט אויף דון משה אבודיאל, דעם איינציגען יודען וואס
האט זיך נאך גערעכענט צווישען זיינע מקורבים אונ האט זיך געמוזט אין דער

שְׁלֶעכְטֶער צַייט אַבִּיסֶעל דֶערְוַוייטֶערְן, הָאט עֶר אִיהם צוּרִיק גֶעבֶּעטֶען אוּנ גֶעגֶעבֶּען דִי שֶׁאנְסְטֶע שְׁטֶעלֶּע.

פוּן דֶעמָאלְט אָן אִיז אַלְפָאנְסָא, אוּנ דֶער נָאךְ זַיינֶע יוֹרְשִׁים, זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען מִיט יוֹשֶׁר גֶעגֶען דִי יוּדֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעקָאנְט לֶעבֶּען רוּהִיג, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז זֵייעֶר אִינְוֶוענִינְסְטֶע לַאגֶע נִיט גֶעוֶועהן אַזוֹי גְלֶאנְצֶענְד, וַוייל זַייט רַבֵּינוּ אָשֵׁר בֶּן יְחִיאֵל (הָרָא"שׁ) מִיט זַיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ אַוֶועקְגֶעלֶעגְט נָאר פַאר פְרוּמְקַייט אִיז דִי בִּילְדוּנְג נָאר גֶעפַאלֶען, אוּנ אֲפִילוּ דָאס לֶערְנֶען פוּנ'ם תַּלְמוּד אִיז גֶעוָוארֶען אָהן טִיפְקַייט אוּנ אָהן חֲרִיפוּת. אִין שְׁפַּאנְיֶען הָאט זִיךְ דֶעמָאלְט גֶעפוּנֶען אַיין יוּדִישֶׁער דִיכְטֶער שֵׁם טוֹב דִי קַרְיוֹן, וָואס הָאט נִיט שְׁלֶעכְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער לַאנְדֶעסְשְׁפְּרַאכֶע, נָאר דָאס אִיז מֶעהר נִיט גֶעוֶועהן וִוי אַיין שְׁוַואלְב, וָואס קָאן נָאךְ קַיין זוּמֶער נִיט מַאכֶען. יוּדֶען מִיט קָאפּ, מֶענְשֶׁען פוּן תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה הָאט מֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זֶעהן אוּנ נָאר פוּן דֶערְוַוייטֶענְס הָאבֶּען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ פוּן אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער אַרוֹיסְגֶעשַׁיינְט דִי נָאהמֶען פוּן ר' יוֹסֵף אִבְּן כַּסְפִּי, גֵרְשׁוּנִי אוּנ נַרְבּוֹנִי. אוּנ אוֹיךְ פוּן ר' יִצְחָק פוּלְגַר פוּן אַוִוילָא אוּנ ר' דָוִד אִבְּן־אַלְבִּילְיַא פוּן פָּארְטוּגַאל.

פוּן דֶעם רָאשׁ'ס אַכְט זִיהן זֶענֶען מֶעהר בֶּעקָאנְט צְוֵויי: ר' יַעֲקֹב אוּנ ר' יְהוּדָה. ר' יַעֲקֹב בֶּן אָשֵׁר, וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִים יָאהר 1280, הָאט זַיינֶע יָאהרֶען אָבְּגֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס דַחֲקוּת, אוּנ וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס, הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט נֶהֱנֶה זַיין פוּנ'ם פָאטֶערְס רַייכְקַייט, אוּנ אֲפִילוּ פַאר'ן רַבָּנוּת הָאט עֶר נִיט גֶענוּמֶען קַיין שְׂכִירוּת. זַיין גְרוֹיס אָרֶעמְקַייט הָאט אִיהם פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט אָבְּגֶעריסֶען פוּנ'ם לֶערְנֶען אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען דִי אַרְבָּעָה טוּרִים: אַ גֶעזֶעצְבּוּךְ, וָואס דָארְט זֶענֶען מִיט אַבִּיסֶעל מֶעהר אָרְדְנוּנְג וִוי אִין תַּלְמוּד צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶּע דִינִים פוּן דֶער יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה אוּנ פוּנ'ם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען אוּנ אִיז בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאהמֶען „בַּעַל הַטּוּרִים". זַיין בְּרוּדֶער ר' יְהוּדָה בֶּן אָשֵׁר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן אוּנ נָאךְ דֶעם פָאטֶער'ס טוֹיט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען רַב אִין טוֹלֶעדָא. עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער גֶעצוֹיגֶען צוּרִיק קַיין דַייטְשְׁלַאנְד, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר אַלֵיין אִיז שׁוֹין צוּ אַלְט גֶעוֶועהן הָאט עֶר זַיינֶע קִינְדֶער אָנְגֶעזָאגְט זֵיי זָאלֶען אַוֶועקְפָארֶען שְׁפַּאנְיֶען. זֵיי הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְפִיהרֶען זַיין רָצוֹן, וַוייל אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאבֶּען זִיךְ דֶעמָאלְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִי בִּיטֶערְסְטֶע יָאהרֶען פַאר דִי יוּדֶען.

פוּן דִי וֶועניגֶע יוּדִישֶׁע גֶעלֶעהרְטֶע, וָואס הָאבֶּען אִין יֶענֶער צַייט גֶעלֶעבְּט אִין פְרַאנְקְרַייךְ אִיז בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּעקַאנְט דֶער נָאהמֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה גֵרְשׁוּנִי.

וָואס הָאט אֵיינֶענְטְלִיךְ גֶעהֵייסֶען ר׳ לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן (רלב״ג) אָדֶער לֶעאָן דֶע בַּאנִיאָל. עֶר אִיז גֶעוֶועהן אֵיין עֶנִיקֶעל פוּן יֶענֶעם ר׳ לֵוִי פוּן וִוילֶעפְרַאנְשׁ, וָואס הָאט אַמָאל אַזוֹי פִיעל גֶעאַרְבַּייט גֶעגֶען חָכְמָה, אוּנ דַוְקָא אִין דֶער מִשְׁפָּחָה אִיז בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן עֶס זָאל זִיךְ אַרַיינְהַאפֶּען אַ פוּנְק פוּן אוֹיפְקְלֶארוּנְג אוּנ עֶס זָאל אַרוֹיס אַזַא גְרוֹיסֶער מַאנְן, וָואס הָאט גֶעשֵׁמְ׳ט אִי צְווִישֶׁען יוּדֶען אִי צְווִישֶׁען קְרִיסְטֶען. ר׳ לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִין אָרַאנְזִ׳ש אִים יָאהר 1288 אוּנ נָאךְ אִין דֶער יוּגֶענְד הָאט אִיהם דֶער פָאטֶער, אִינֵיינֶעם מִיט תּוֹרָה, גֶעלָאזְט לֶערְנֶען אוֹיךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנ חָכְמוֹת. בַּיי דְרַייסִיג יָאהר אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶועהן אַ בֶּערִיהמְטֶער דָאקְטָאר, די וֶועלְט הָאט שׁוֹין גֶע־קְלוּנְגֶען מִיט זַיין נָאמֶען, אוֹיסֶער דֶעם הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט אַסְטְרָא־נָאמְיֶע אוּנ הָאט עֶרְפוּנְדֶען אַ גְלָאז, וָואס מֶען זָאל קָאנֶען דֶערְמִיט בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם גַאנְג פוּן די שְׁטֶערְן אוֹיפ׳ן הִימֶעל. די אַלֶע זַאכֶען הָאבֶּען אִיהם פוּן דֶעסְטְ־וֶועגֶען נִיט גֶעשַׁאדְט אָנְצוּשְׁרַייבֶּען אוֹיף לָשׁוֹן קֹדֶשׁ אַ גַאנְץ סֵפֶר אִיבֶּער דֶער מִשְׁנָה וָואס אִיז בֶּעקַאנְט מִיט דֶעם נָאמֶען „יְסוֹד הַמִשְׁנָה״. וֶועגֶען זַיין דָאקְטָארְיֶע״ הָאט ר׳ לֵוִי נִיט גֶעקָאנְט זִיצֶען אוֹיף אֵיין אָרְט אוּנ עֶר פְלֶעגְט אָפְט קוּמֶען קֵיין פֶּערְ־פִּינְיַאן אוּנ קֵיין אַוִוינְיָאן, וואו דֶער פַאפְּסְט הָאט דֶעמָאלְט גֶעוָואהנְט. אַז מֶען הָאט די יוּדֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן פְרַאנְקְרֵייךְ, אִיז עֶר נִיט גֶעוֶועהן אִין מִיטֶען, נָאר די צָרוֹת פוּן אַלֶע הָאט עֶר נִיט גֶעפִיהלְט אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז דָאס גְרֶעסְטֶע בֶּעוָוארֶענִישׁ פַאר די יוּדֶען אִיז נָאר בִּילְדוּנְג אוּנ אַז מִיט׳ן כֹּחַ פוּן חָכְמָה וֶועלֶען זֵיי אַלְדִינְג אִיבֶּערְטְרָאגֶען. דֶערְפַאר הָאט עֶר אַלֵיין זִיךְ גֶענוּמֶען נָאךְ מִיט מֶעהר חֵשֶׁק צוּ שְׁרַייבֶּען פַאר זַיין פָאלְק פֶערְשִׁיעדֶענֶע חֲקִירָה־סְפָרִים אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר כְּסֵדֶר הָאט עֶר נִיט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט די פֶּען פוּן דֶער הַאנְד. דֶער רֵיינֶער שֵׂכֶל אִיז בַּיי אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען הֶעכֶער פוּן אַלֶעמֶען אוּנ נִיט אֵיין מָאל חַזֶר׳ט עֶר אִיבֶּער אִין זַיינֶע כְּתָבִים אַז דֶעם אֱמֶת מוּז מֶען אַרוֹיסְזָאגֶען אֲפִילוּ וֶוען עֶר גְלַייכְט זִיךְ נִיט אוֹיס מִיט דֶער תּוֹרָה אוּנ מֶען דַארְף נָאר זֶעהן גֶעפִינֶען אַ פְּשָׁרָה, וָואס זָאל דֶעם פָּסוּק נִיט אָנְרִירֶען, אָבֶּער דֶער אֱמֶת זָאל בְּלַייבֶּען פֶעסְט. אַוַדַאי פַארְשְׁטֶעהט מֶען אַז די פְרוּמֶע הָאבֶּען נִיט גֶעהַאלְטֶען פוּן אַזַא חַקְרָן אוּנ הָאבֶּען זַיין סֵפֶר „מִלְחֲמוֹת ה׳״ גֶערוּפֶען מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער „אַ מִלְחָמָה גֶעגֶען גָאטט״. דֶערְפַאר הָאבֶּען אִיהם די קְרִיסְטֶען זֶעהר גֶעשֶׁאצְט אוּנ דֶער פַאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי דֶער זֶעכְסְטֶער הָאט אִים יָאהר 1342 גֶעהֵייסֶען אִיבֶּערְ־זֶעצֶען אוֹיף לַאטַיינִישׁ זַיין בּוּךְ וֶועגֶען אַסְטְרָאנָאמְיֶע. אַזוֹי הָאט זִיךְ ר׳ לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן אוֹיסְגֶעלֶעבְּט זַיינֶע יָאהרֶען אִין נַחַת אוּנ אִיז אִים יָאהר 1345 גֶעשְׁטָארְבֶּען

פול מיט ליעבע צו זיינע ברידער, וואס האבען ניט פערשטאנען זיין ווערטה אונ האבען זיך דערוויטערט פון איהם.

אזא מזל האט אויך געהאט איין אנדער יודישער געלעהרטער, ר׳ משה בן יהושע הנרבוני, אדער מאישטרו ווידאל, וואס האט ליעב געהאט מעהר פראקטיש צו בעקאנען זיך כ״ש׳ן לעבען פון די פאלקער, אונ איז כמעט צוואנציג יאהר ארומגעגאנגען צו פוס איבער פערשיעדענע לאנדער. ער פלעגט זיך אין א שטאדט ניט לאנג אויפהאלטען, אונ אז ער איז גראד געוועהן אין סירביירה אונ מען איז דארט אנגעפאלען אויף די יודען, האט ער אויך שטארק געליטען אונ פיעל פון זיינע כתבים זענען פערלארען געווארען. ער איז אויך געוועהן א גרויסער חקרן, חאטש זיינע געדאנקען האט ער ניט אזוי פריי ארויס־געדריקט ווי ר׳ לוי בן גרשון. ער איז געגאנגען מיט דעם דרך, אז די תורה קאן מען לערנען מיט צוויי אופנים: גאר פשוט — פאר׳ן פראסטען עולם, אונ מיט א העכערן פירוש — פאר די גרויסע לומדים. די פרומע האבען אבער ניט געוואלט ליידען מען זאל זיך אפילו צורירען צום מינדסטען אות פון א פסוק, זיי האבען געפאדערט מען זאל גאר ניט קלאהרען נ״ג נאר בלינד גלויבען, דערפאר האבען זיי געשריגען אז ר׳ משה נרבוני איז אויך איין אפיקורוס, אונ אז ער איז גע־שטארבען אין דער פרעמד אין מיטען פון זיינע נסיעות, האט ער איבער־געלאזט זיינע ברידער פערזונקען אין פינסטערניש אונ פערשלאסען צווישען אייזערנע וואנד, מיט וועלכע די מקובלים אונ די פרומע האבען די אומגליק־ליכע יודען אבגעשיידט פון דער ליכטיגער וועלט.

---

## 10 דער שווארצער טויט אונ די יודישע הריגות.

(1335—1391 נאך קריסטוס געבורט).

אז מען קוקט זיך צו צום לעבען פון איינציגע מענשען אונ פון גאנצע פאלקער זעהט מען זעהר אפט אז פונקט ווי א מענש האפט זיך א מאל אן אן א נארישקייט ווערד עס ביי איהם תורת אמת אונ מיט טויזענד פלאקער וועט מען עס איהם פונ׳ם פארדרעהטען קאפ ניט ארויסשלאגען, אזוי טהוען אויך מיליאנען מענשען אינײנעם, קוים רעדען זיי זיך איין עפיס א זאך, אונ ווער שמיעסט נאך, אז מען זאגט זיי פאר א חטא אויף א זעלבען וואס מען קוקט אויף איהם קרום צו ליעב קנאה אדער פרנסה, פרעגט מען גאר קיין סך ניט איבער. מען וויל גאר ניט וויסען וואס דער ליגען ליעגט פון אויבען אויף, עס

גְלוּבְּט זִיךְ גְלוֹיבֶּען אוּנ בִּיסְלֶעכְווַייז וֶוערְד דֶערְפוּן אַפֶּעסְטֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְג, וָואס דֶער שֵׂכֶל הַיָשָׁר קָאן זַיי קֵיין מָאל נִיט אוּמְוַואַרְפֶען. דָא קוּמְט יָא אוֹיס דָאס וֶוארְטֶעל: „אַז אַנַאר וַוארְפְט אַשְׁטֵיין אִין גָארְטֶען אַרַיין -- קָאנֶען אִיהם קֵיין צֶעהן קְלוּגֶע נִיט אַרוֹיסְנֶעהמֶען“ אוּנ פוּן דֶעם שְׁטֵיין וֶוערְד מִיט דֶער צַייט אַגַאנְצֶער בַּארְג אוּנ שְׁפֶּעטֶער אִיז שׁוֹין אֲפִילוּ שְׁוֶוער צוּ וִויסֶען וֶוער עֶס הָאט גֶעוָוארְפֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטֵיין.

אַזַא בַּארְג אִיז גֶעוָוארֶען פוּן דִי שְׁטֵיינֶער, וָואס דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען דִי לֶעצְטֶע פָּאר יָאהר-הוּנְדֶערְטֶע גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דִי יוּדֶען, אוּנ וִוי נַארִישׁ עֶס הָאבֶּען פְרִיהר אוֹיסְגֶעזֶעהן דִי בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען פוּן בְּלוּט אוֹיף פֶּסַח, דִי וַואסֶער-פֶערְגִיפְטוּנְגֶען אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע שְׁקָרִים, הָאבֶּען זִיךְ מִיט דֶער צַייט גֶעפוּנֶען מַאֲמִינִים, וָואס בַּיי זַיי אִיז שׁוֹין גָאר קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז אַלְדִינְג אִיז אֱמֶת; זַיי הָאבֶּען שׁוֹין גֶעגְלוֹיבְּט אַז אַלֶע שְׁלֶעכְטִיגְקַייטֶען נֶעהמֶען זִיךְ נָאר פוּן דֶעם יוּדֶען, אוּנ דֶערְוַוייזֶען זַיי דֶעם טָעוּת אִיז גָאר קֵיין מֶעגְלִיכְקַייט נִיט גֶעוֶועהן, אוּנ צוּם פֶּערְצֶעהנְטֶען יָאהר הוּנְדֶערְט אַז אִיז גְרָאד גֶעוָוארֶען אַמַגֵפָה, וָואס מֶען הָאט דֶעמָאלְט גֶערוּפֶען „דֶער שְׁוַוארְצֶער טוֹיט“, אִיז בַּיי אַלֶע גֶעבְּלִיבֶּען אַז שׁוּלְדִיג אִין דֶעם זֶענֶען נָאר דִי יוּדֶען, אוּנ מֶען הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַמִצְוָה אַזֶעלְכֶע שֶׁאדְלִיכֶע מֶענְשֶׁען אוֹיסְצוּקוֹילֶען גָאר אָהן רַחֲמָנוּת. עֶס אִיז גֶעוִויס, אַז וֶוען מֶען זָאל גֶעוֶועהן דִי יוּדֶען אוּמֶעדוּם בֶּעטְרַאכְטֶען וִוי אַלֶע אַנְדֶערֶע אַיינְוָואהנֶער פוּנ'ם לַאנְד, וָואלְט קֵיינֶעם גָאר נִיט גֶעקוּמֶען אוֹיף דִי גֶעדַאנְקֶען צוּ זוּכֶען אוֹיף זַיי אַזֶעלְכֶע חֲטָאִים; צוּם אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער זַייעֶר לַאגֶע גֶעוֶועהן נִיט גָאר שְׁלֶעכְט נָאר אִין אֵיין שְׁפַּאנְיֶען, אִין גַאנְץ אֵייְרָאפַּא אָבֶּער הָאט מֶען אוֹיף זַיי גֶעקוּקְט וִוי אוֹיף שְׁטִיף-קִינְדֶער אוּנ מֶענְשֶׁען מוּזֶען הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג אַשָׂעִיר הַמִשְׁתַּלֵחַ, וָואס זַיי זָאלֶען קָאנֶען צוּ אִיהם אוֹיסְלָאזֶען זַייעֶר בִּיטֶער הַארְץ אוּנ אוֹיסְטְרַאכְטֶען זַאכֶען וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטוֹיגֶען אוּנ נִיט גֶעפְלוֹיגֶען. אַזוֹי אִיז דֶער מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען גָאר שְׁלֶעכְט: אוֹיף אֵיין שׂוֹנֵא, וָואס הָאט טַאקִי גֶעמֵיינְט נָאר דֶעם יוּדֶען צוּ שַׁאדֶען, הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען הוּנְדֶערְטֶער טוֹיזֶענְד בְּלִינְדֶע מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט פִיהרֶען אוּנ הָאבֶּען גָאר נִיט גֶעפְרֶעגְט וֶועמֶען שְׁלָאגְט מֶען אוּנ פַאר וָואס מֶען שְׁלָאגְט, פַאר זַיי אִיז גֶענוּג גֶעוֶועהן וָואס מֶען הָאט זַיי גֶעלָאזְט וֶוערֶען בַּעֲלֵי בַּתִּים אִיבֶּער פְרֶעמְדֶע פְלֵייצֶעס אוּנ זַיי הָאבֶּען וֶועמֶען אָבְצוּלָאזֶען עֶטְלִיכֶע קְלֶאפּ.

רֶעכְט שְׁלֶעכְט אִיז דִי יוּדֶען גֶעוָוארֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד אִין דֶער צַייט פוּנ'ם קֵייזֶער לוּדְוִויג, וָואס הָאט פוּן זַי גֶעשׁוּנְדֶען דִי הוֹיט: עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז דִי

יוּדֶען זֶענֶען דֶער דַייטְשֶׁער מְלוּכָה גֶעבְּלִיבֶּען אַ יְרוּשָׁה נָאךְ פוּן דִי רֶאמִישֶׁע מְלָכִים, אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר אַיינְגֶעפִיהְרְט אַז, דִי קְרוֹין זָאל פוּן זֵיי הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶע הַכְנָסָה אוּנ אַללֶע, אֲפִילוּ פְרוֹיעֶן אוּנ קִינְדֶער זָאלֶען צָאהלֶען מַס – אַ גוּלְדֶען יֶעדֶעס יָאהר. מֵילָא אַז לוּדְוִויג הָאט יָא בַּיי זֵיי גֶערִיסֶען אַזוֹי פִיעל גֶעלְד, הָאט עֶר דָאךְ זֵיי בֶּעדַארְפְט אָבְּהִיטֶען דֶער אוֹצָר זָאל חָלִילָה נִיט קְלֶענֶער וֶוערֶען, צוּם סוֹף הָאט עֶר זִיךְ גָאר אוֹיף זֵיי נִיט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ אוּמְקוּקֶען, עֶר הָאט זֵיי נָאר דֶעמָאלְט אִין זִין גֶעהַאט וֶוען עֶר הָאט בַּיי זֵיי בֶּעדַארְפְט צוּנֶעהמֶען דִי לֶעצְטֶע מַטְבֵּעַ אוּנ וַוייטֶער אִיז אִיהם גָאר נִיט אָנְגֶעגַאנְגֶען וָואס מִיט זֵיי הָאט זִיךְ גֶעטְהוּן; דֶערְפַאר הָאט זִיךְ אִים יָאהר 1335, אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶע הֲרֵיגָה וָואס הָאט בַּיי דִי יוּדֶען אוֹיסְגֶערִיסֶען גֶענוּג קָרְבָּנוֹת. עֶס הָאבֶּען זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג אָבְּגֶעזוּכְט צְוֵויי רוֹצְחִים, וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶערוּפֶען קֶאנִיגֶע אַרְמְלֶעדֶער, וַוייל זֵיי הָאבֶּען דִי אַרְבֶּעל אַרוּמְגֶענֶעהט מִיט אַ שְׁטִיק לֶעדֶער, זֵיי הָאבֶּען פִירְגֶעזָאגְט דֶעם פְּרָאסְטֶען פָאלְק אַז פוּנ'ם הִימֶעל הָאט מֶען זֵיי מְגַלֶּה גֶעוֶועהן, אַז עֶס אִיז אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה זִיךְ נוֹקֵם זַיין אִין דִי יוּדֶען. בַּאלְד הָאט זִיךְ אַרוּם זֵיי צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט אַ גַאנְצֶע חֶבְרָה, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּפֶען „יוּדֶענְשְׁלֶאגֶער" אוּנ הָאבֶּען טַאקִי עֶהרְלִיךְ פֶערְדִיעֶנְט דֶעם נָאהמֶען. צְוֵויי יָאהר כְּסֵדֶר הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעבָּאדֶען אִין יוּדִישׁ בְּלוּט, פוּן עֶלְזַאס בִּיז שְׁוַואבֶּען הָאבֶּען זֵיי גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן אַללֶע יוּדִישֶׁע אַיינְוָואהנֶער. פִיעל הָאבֶּען זִיךְ אַלְלֵיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען אוּנ הָאבֶּען אוֹיךְ דֶערְהַרְגֶ'ט זֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, כְּדֵי זֵיי זָאלֶען פֶערְשְׁפָּארֶען זִיךְ צוּ טוֹיפֶען, אוּנ עֶרְשְׁט אַז דִי צָאהל פוּן דִי יוּדֶען אִיז גֶעוָוארֶען שִׁיטֶערְלִיךְ אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אַז פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען מַס פֶעהלְט אַסַךְ, הָאט זִי זִיךְ גֶעכַאפְּט צוּם לֶעשֶׁען דָאס פַייעֶר אוּנ הָאט פַארְמִשְׁפָּט אֵיינֶעם פוּן דִי „אַרְמְלֶעדֶער" צוּם טוֹיט.

אִין דֶער אֵיינְגֶענֶער צַייט הָאט מֶען אִין בַּייעֶרְן גֶעמַאכְט אַ בֶּעזוּנְדֶער שְׁחִיטָה אוֹיף דִי יוּדֶען. דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט דֶעקֶענְדָארְף, וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט דִי יוּדֶען אוּנ זֶענֶען זֵיי שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן גֶענוּג גֶעלְד, הָאבֶּען זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועהן אַז פַאר זֵיי אִיז גְלַייכֶער זִיךְ צוּ בֶּעפְרַייעֶן פוּן דִי הוֹבוֹת אוּנ גָאר אִין גַאנְצֶען זֵיי אַרוֹיסְפַּטְרְ'ן. מֶען הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קְלַאנְג, אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעלֶאסְטֶערְט דִי קַאטוֹלִישֶׁע רֶעלִיגְיָאן אוּנ זֵיי הָאבֶּען מִיט אַ מֶעסֶער דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען דִי הָאסְטִיֶע, דָאס הֵיילִיגֶע בְּרוֹיט וָואס וֶוערְד גֶעבַּאקֶען פוּן רֵיין נִיט גֶעזוֹיעֶרְטֶען וַוייצֶען-מֶעהל אוּנ וָואס דִי קַאטָאלִיקֶען הָאבֶּען פוּן צְוֶועלְפְטֶען יָאהר הוּנְדֶערְט אָן אַיינְגֶעפִיהְרְט מֶען זָאל עֶס הַאלְטֶען אִין קִירְכֶע אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער אָרוֹן קֹדֶשׁ אוּנ עֶס בֶּענוּצֶען בַּיים נָאטֶעס

דִיעֶנְסְט פַאר אַ זֵכֶר פוּן קְרִיסְטוּס'ס פְלֵייש. אַזַא חִלוּל הַשֵּׁם הָאט טַאקִי קֵיינֶער נִיט גֶעקֶאנְט לַיידֶען, אִיבֶּערְפְרֶעגֶען וִוידֶער הָאט מֶען נִיט בֶּעדַארְפְט, וַוייל אוֹיף אַ יוּדֶען אִיז דָאךְ אַלְדִינְג צוּ גְלוֹיבֶּען, אוּנ מֶען הָאט אָבְּגֶערֶעדְט צְווִישֶׁען זִיךְ אַז דֶעם 30 סֶעפְּטֶעמְבֶּער 1337, וֶוען מֶען וֶועט דֶערְהֶערֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען קְלוּנְג פוּנ'ם גְלָאק, זָאלֶען אַללֶע אָנְפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ קֵיין גַאנְץ בֵּיינְדֶעל פוּן זֵיי נִיט לָאזֶען. אַזוֹי אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהֶן: דָאס צוּרֵייצְטֶע פָאלְק הָאט אוֹיסְגֶעקוֹילֶעט אַללֶע יוּדֶען, זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעצוּנְדֶען זֵייעֶרֶע הַייזֶער פוּן אַללֶע זַייטֶען אוּנ דָאס פֶערְמֶעגֶען הָאבֶּען זֵיי אָבְּגֶערַאבֶּעוֶועט. פוּן דָארְט הָאט זִיךְ דֶער צָארְן צוּנָאסֶען אִיבֶּער גַאנְץ בַּייעֶרְן, בֶּאהֶמֶען, מֶאהרֶען אוּנ אֶסְטֶערְרַייךְ אוּנ טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען. נָאר דִי אַיינְוָואהנֶער פוּן וִויעֶן אוּנ רֶעגֶענְשְׁבּוּרְג זֶענֶען נִיט צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ דִי רוֹצְחִים אוּנ הָאבֶּען נָאךְ, פַארְקֶעהרְט, דִי יוּדֶען גֶעשִׁיצְט. דֶער דַייטְשֶׁער קֵייזֶער אִיז גֶעוֶועהן פֶערְטְרָאגֶען מִיט אַנְדֶערֶע זַאכֶען, אוּנ הָאט גָאר קֵיין צַייט נִיט גֶעהַאט זִיךְ אוּמְצוּקוּקֶען אוֹיף דִי רְצִיחוֹת, אוּנ דֶער הֶערְצָאג הֵיינְרִיךְ פוּן בַּייעֶרְן הָאט נָאךְ גֶעשִׁיקְט אַ דַאנְק דֶער חֶבְרָה פוּן דֶעקֶענְדָארְף דֶערְפַאר „וָואס זֵיי הָאבֶּען פַארְבְּרֶענְט דִי יוּדֶען". נָאר דֶער פַּאפְּסְט בֶּענֶעדִיקְט דֶער צְוֶועלְפְטֶער הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִי מַעֲשֶׂה מִיט דֶער גֶעשְׁטָאכֶענֶער הָאסְטְיֶע אִיז נִיט קֵיין רֵיינֶע זַאךְ, דַארִיבֶּער הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל גוּט נָאכְפָארְשְׁטֶען פוּן וַואנֶען דִי בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אוּנ אַז דֶער אֱמֶת וֶועט זִיךְ אַרוֹיסְוַוייזֶען זָאל מֶען דִי רוֹצְחִים שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפֶען. דֶעם פַאפְּסְט'ס רָצוֹן אִיז אַוַדַאי גוּט גֶעוֶועהן, מֶען הָאט נִיט לַאנְג גֶעדַארְפְט אַרְבַּייטֶען גֶעוָואהר צוּ וֶוערֶען דָאס פַאלְשְׁקַייט פוּן דֶעם לִיגֶען, נָאר אַז דִי מְלוּכָה אִיז גֶעוֶועהן קַאלְט צוּ דֶער זַאךְ הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעקֶאנְט מַאכֶען, אוּנ גָאר אִין אַ קוּרְצֶע צַייט פוּן צֶעהן יָאהר הָאט זִיךְ דָאס פַייעֶר צוּבְּרֶענְט אִין גַאנְץ אֵיירָאפַּא אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזֶעלְכֶע שׂוֹנְאִים, וָואס דִי עֶרְשְׁטֶע „יוּדֶענְשְׁלֶאגֶער" זֶענֶען גָאר גֶעוֶועהן צַדִיקִים גֶעגֶען זֵיי.

אַז עֶס אִיז אִים יָאהר 1348 גֶעקוּמֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע צָרָה אוֹיף גַאנְץ אֵיירָאפַּא, נָאךְ אַ עֶרְד-צִיטֶערְנִישׁ אִיז גֶעוָוארֶען אַ מִין חוּלַאַת וָואס מֶענְשֶׁען זֶענֶען דֶערְפוּן גֶעפַאלֶען וִוי פְלִיגֶען, אוּנ מֶעהר פוּן פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג מִילְלְיָאן זֶענֶען אִין פִיעֶר יָאהר אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דֶעם „שְׁוַוארְצֶען טוֹיט", הָאט דִי מַגֵפָה, מִן הַסְתָּם, קֵיין כָּבוֹד נִיט גֶעלֶעגְט אוֹיךְ אוֹיף יוּדֶען אוּנ הָאט צְווִישֶׁען זֵיי אוֹיךְ גֶעפוּנֶען פִיעל קָרְבָּנוֹת. נָאר זֵיי אִיז נָאךְ בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועהן צוּ הָאבֶּען אַ וֶועהטִיג אוֹיף דֶער מַכָּה: עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גוּטֶע פְרֵיינְד, וָואס הָאבֶּען אַיינְגֶערֶעדְט דָאס פָאלְק אַז יוּדֶען

הָאבֶּען דָאס פֶערְגִיפְטֶעט דִי לוּפְט כְּדֵי אַללֶע קְרִיסְטֶען זָאלֶען אוֹיסְשְׁטַארְבֶּען. וְוִי אַזוֹי הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעקָאנְט פֶערְגִיפְטֶען דִי לוּפְט, וָואס פַאר אַ מִין סַם בֶּענוּ־צֶען זֵיי, אוּנ פַאר וָואס שְׁטַארְבֶּען זֵיי אַלֵיין אוֹיךְ הוּנְדֶערְטֶערְוַייז יֶעדֶען טָאג?— דִי שַׁאֲלוֹת הָאט קֵיינֶער נִיט גֶעוָואלְט פְרֶעגֶען: בַּיי אַיין אוּמְגְלִיק וֶוערְט דֶער קְלִיגְסְטֶער מֶענְשׁ פֶערְיַארֶעשְׁט, וָואס זְשֶׁע הָאט, מֶען נָאךְ צוּ רֶעדֶען פוּן פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען וֶוען מֶען טַייט זֵיי אָן מִיט דִי פִינְגֶער אַז שׁוּלְדִיג אִין דֶעם זֶענֶען דִי אֵיינֶענֶע יוּדֶען, וָואס מֶען הָאט זֵיי שׁוֹין פוּן לַאנְג חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן אַז זֵיי טְרִינְקֶען קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אוּנ וַוארְפֶען גִיפְט אִין וַואסֶער. מֶען הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְלוֹיבֶּען אַז דִי מַגֵּפָה אִיז נָאר אַ יוּדִישׁ שְׁטִיקֶעל אַרְבַּייט, אוּנ אַזוֹי וְוִי דִי לַאגֶיז פוּן דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען אִיז דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן נִיט שְׁלֶעכְט, הָאט מֶען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז פוּן שְׁפַּאנְיֶען הָאט מֶען דֶעם גִיפְט צוּפִיהְרְט אִיבֶּער אַללֶע לֶאנְדֶער. גְרָאד הָאט זִיךְ נָאךְ אִין יֶענֶער צַייט בֶּעדַארְפְט בֶּעזֶעצֶען אִין שַׁאמְבֶּערִי, אִין סַאבוֹיָה, אַ יוּד פוּן טוֹלֶעדָא, ר׳ יַעֲקֹב פַּאסְקַאטֶע, אוּנ אוֹיף אִיהם אִיז טַאקִי שׁוֹין גֶעפַאלֶען דֶער חֲשַׁד אַז עֶר, מִיט דֶער הִילְף פוּנ׳ם רַב פַּייֶרִיט, אוּנ נָאךְ אַ יוּד אַבּוֹנֶעט הָאבֶּען דֶעם גִיפְט צוּשִׁיקְט אִיבֶּער אַללֶע מְדִינוֹת. דִי מְלוּכוֹת פוּן יֶעדֶען לַאנְד, וואוּ דִי פַאלְשֶׁע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג הָאט זִיךְ פַארְשְׁפְּרֵייט, וָואלְטֶען, דַאכְט זִיךְ, בֶּעדַארְפְט בַּאלְד אַיינְוֶוענְדֶען אַללֶע מִיטֶעל אַז אַזַא נַארְרִישֶׁע בֶּע־שׁוּלְדִיגוּנְג זָאל זִיךְ נִיט הַאלְטֶען אִין פָאלְק; צוּם סוֹף הָאבֶּען זֵיי נָאךְ אַלֵיין מֶעהר צוּשַׁארְט דָאס פַייֶער דֶער מִיט וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל זוּכֶען דִי שׁוּלְדִיגֶע. דָארְט וואוּ מֶען זוּכְט שׁוֹין דֶעם חוֹטֵא — אִיז שׁוֹין גָאר קֵיין סָפֵק נִיט אַז אַ חֵטְא אִיז אַוַדַאי דָא, אוּנ דֶערְפַאר הָאט מֶען שׁוֹין, נָאךְ אִים יָאהר 1348, אִין פְרַאנְקְרַייךְ אוֹיסְגֶעהַרְגֶ׳ט אַ גַאנְצֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה אוּנ פֶערְבְּרֶענְט דִי שׁוּלֶען צוּזַאמֶען מִיט דִי סִפְרֵי תּוֹרוֹת. פוּן דָארְט אִיז דָאס אוּמְגְלִיק אַרִיבֶּער קֵיין קַא־טַאלָאנְיֶען אוּנ אַרַאגָאנְיֶען אוּנ דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעוָואלְט צוּ־פִיהְרֶען דִי הֶאנְד אִין בַּרְצֶלוֹנָה. זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין דָארְט אָבְּגֶעבְּרַאכֶעוֶועט פִיעל יוּדִישֶׁע הַייזֶער אוּנ גֶעקוֹילֶעט צְוַואנְצִיג יוּדֶען, נָאר דִי אַיינְוָואהנֶער הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ הָאבֶּען נִיט דֶערְלָאזְט עֶס זָאל קוּמֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶע שְׁחִיטָה. עֶטְלִיכֶע טָאג שְׁפֶּעטֶער אִיז מֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה פוּן סֶערְ־וֶועַרַא, נָאר דָארְט הָאט מֶען גֶעטֵייטְט נִיט מֶעהר פוּן אַכְטְצֶעהן יוּדֶען אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען זִיךְ צוּלָאפֶען. מֶען קָאן זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶע־טְהוּן אִין שְׁפַּאנְיֶען צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעמָאנְט שְׁרֶעקֶען זֵיי זָאלֶען נִיט הָאבֶּען דֶעם אֵיינֶענֶעם סוֹף וָואס זֵייעֶרֶע אִיבְּרִיגֶע בְּרִידֶער; זֵיי הָאבֶּען

גֶעפַאסְט אוּנ זִיךְ פֶערְשְׁלָאסֶען אִין דִי הַייזֶער אוּנ יֶעדֶע מִינוּט זֶענֶען זֵיי מִיטַ׳ן לֶעבֶּען נִיט זִיכֶער גֶעוֶועהן. דֶעמָאלְט הָאט זִיךְ דֶער פְּרוּמֶער פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי דֶער זֶעכְסְטֶער, דֶער אֵיינֶענֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אִיבֶּערְזֶעצֶען ר׳ לֵוִי בֶּן גֵרְשׁוֹן׳ס סְפָרִים, אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי יוּדֶען אוּנ הָאט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ בֶּעפֶעהל, אַז מֶען זָאל זִיךְ נִיט דֶערְוֶואגֶען זֵיי צוּשְׁלָאגֶען אָדֶער רַאבֶּעוֶוען אוּנ מִיט גֶעוַואלְד טוֹיפֶען. צוּ לֵיעבּ דֶעם בֶּעפֶעהל אִיז אִין פְרַאנְקְרַייךְ גֶעוָוארֶען אַ בִּיסֶעל שְׁטִילֶער; דֶערְפַאר הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען הֲרִיגוֹת נָאר אִין אַנְדֶערֶע אֶרְטֶער. דֶער הֶערְצָאג אַמַאדֶעאוּס פוּן סַאוָואיֶען הָאט גֶעהֵייסֶען עֶטְלִיכֶע יוּדֶען אַיינְזֶעצֶען אִין תְּפִיסָה, וַוייל עֶר הָאט זֵיי חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן אַז זֵיי פֶערְגִיפְטֶען דִי לוּפְט, אוּנ בַּאלְד הָאבֶּען אַללֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן דֶער זְשֶׁענֶעוֶוער גֶעגֶענְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייֶען אִין אֵיין קוֹל אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף זֵייעֶר לֶעבֶּען גֶענוּמֶען. אִין שִׁילְלָאן אוּנ שַׁאטֶעל הָאט מֶען גֶעהַאפְּט אַ סַךְ יוּדֶען, מֶען זֵיי הָאט אָנְגֶעטְהוּן עִנּוּיִם קָשִׁים אוּנ מֶען הָאט זֵיי אַזוֹי לַאנְג גֶעמַאטֶערְט בִּיז זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט דָאס וָואס זֵייעֶרֶע רוֹצְחִים הָאבֶּען גֶעוָואלְט. בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן אַ יוּד, אַקְוֶועט, אַז עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט גִיפְט אִין אַ סַךְ אֶרְטֶער וָואס זֶענֶען זֶעהר וַוייט אֵיינְס פוּן דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנ הָאטְשׁ אֲפִילוּ אַ בְּלִינְדֶער הָאט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְזֶעהן אַז זַיינֶע רֵייד זֶענֶען פַאלְשׁ, הָאט מֶען זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ בֶּעוַוייז אוּנ מֶען הָאט צוּ לֵיעבּ דֶעם פַארְבְּרֶענְט אַללֶע יוּדֶען פוּן יֶענֶער גֶעגֶענְד. אַזוֹי הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעטְהוּן אִין דֶער נַאנְצֶער שְׁוֵוייץ בֶּעזָאנְדֶערְס אִין בֶּערְן; מֶען הָאט גֶעהַאפְּט דֶעם עֶרְשְׁטֶען יוּדֶען אוּנ מֶען הָאט בַּיי אִיהם לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייד דִי אָדֶערְן גֶעצוֹיגֶען בִּיז עֶר הָאט גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין אַז עֶר אִיז שׁוּלְדִיג, אוּנ קוֹים הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהַאט אוֹיף פַּאפִּיעֶר זַיין חֲתִימָה, הָאט מֶען שׁוֹין גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרָאטֶען אַללֶע יוּדֶען נָאר אָהן טַעֲנוֹת. אִין בַּאזֶעל, פְרַייבּוּרְג, שְׁטְרַאסְבּוּרְג אוּנ קָאלְן הָאט מֶען זִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי נוֹהֵג גֶעוֶועהן. אַז דֶער פַּאפְּסְט קְלֶעמֶענְטִי אִיז דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶס אִיהם פַארְקְלֶעמְט בַּיים הַארְצֶען אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר אִיז גֶעוֶועהן אִיבֶּערְצַייגְט אַז דִי יוּדֶען לַיידֶען אוּמְזִיסְט, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאזְט נָאךְ אַ שְׁטְרֶענְגֶערן בֶּעפֶעהל וִוי פְרִיהֶר, עֶר הָאט בְּפֵירוּשׁ גֶעשְׁרִיבֶּען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען אוּמְשׁוּלְדִיג, אַז דִי נַייסְטְלִיכֶע זֶענֶען מְחוּיָב זֵיי צוּ בֶּעשִׁיצֶען אוּנ אַרַיינְוַוארְפֶען אִין חֵרֶם יֶעדֶען וָואס טְרַאכְט אוֹיף זֵיי אוֹיס בִּלְבּוּלִים. דָאס פָאלְק אִיז שׁוֹין אָבֶּער גֶעוֶועהן אַזוֹי צוּהִיצְט אוּנ מָלֵא רְצִיחָה אַז דִי גוּטֶע רֵייד פוּנ׳ם פַּאפְּסְט הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט אָבְּהַאלְטֶען פוּן שְׁלֶעכְטְס, אוּנ דָאס יוּדִישֶׁע בְּלוּט הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעגָאסֶען אָהן אַיין אוֹיפְהֶער.

בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט זִיךְ דַייטְשְׁלַאנְד אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט מִיט רְצִיחוֹת. חָאטְש דֶער נַייֶער קֵייזֶער קַארְל דֶער פִיעְרְטֶער הָאט אַלֶע מָאל אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אֵיין אַנְדֶער בֶּעפֶעהל מֶען זָאל דִי יוּדֶען לָאזֶען צוּ רוּה, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט פֶערְלִיעֶרֶען אַזַא גְרוֹיסֶע הַכְנָסָה פוּן זַיינֶע „קַאמֶער קְנֶעכְט“, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק גֶעטְהוּן זַיינְס, אוּנ דָארְט הָאט מֶען נִיט אַזוֹי גֶעמֵיינְט צוּ בֶּערַאבֶּעוֶוען דִי יוּדֶען וִוי מֶען הָאט טַאקִי גֶעגְלוֹיבְּט אַז זֵיי זֶענֶען שׁוּלְדִיג אִין דֶער מַגֵפָה אוּנ אַז מֶען וֶועט זִיךְ פוּן זֵיי בֶּעפְרַייֶען וֶועט אוֹיךְ דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע קְרַאנְקְהַייט אַוֶועק. עֶס אִיז בַּיי קֵיינֶעם מֶעהר קֵיין סָפֵק נִיט גֶעוֶועהן אַז דִי יוּדֶען הָאבֶּען פֶערְגִיפְטֶעט אַלֶע טַייכֶען אוּנ בְּרוּנֶענְס, אוּנ דֶערְפַאר הָאבֶּען זֵיי גֶעטְרוּנְקֶען נָאר רֶעגֶען-אָדֶער שְׁנֶעע-וַואסֶער; מֶען הָאט אוֹיךְ בַּאלְד אָבְּגֶעזוּכְט אַ יוּדֶען, ר׳ מֹשֶׁה פוּן מַאיִנְץ, אוּנ מֶען הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט דֶעם גַאנְצֶען חֵטְא אַז עֶר הָאט צוּשִׁיקְט סַם אִיבֶּער גַאנְץ דַייטְשְׁלַאנְד.

אִין דֶער פִינְסְטֶערֶער צַייט גְלַאנְצֶען וִוי לִיכְטִיגֶע שְׁטֶערֶען, דִי נָאהמֶען פוּן עֶטְלִיכֶע קְרִיסְטֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ כִּמְעַט מִיט מְסִירַת נֶפֶשׁ אָנְגֶענוּמֶען פַאר דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יוּדֶען, דָאס זֶענֶען גֶעוֶוען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן שְׁטְרַאסְבּוּרְג. קָאנְרַאד פָאן וִוינְטֶערְטוּר, גָאסֶע שְׁטוּרְם אוּנ פֶעטֶער שְׁוַוארְבֶּער, זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף קֵיין שׁוּם סַכָּנָה אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אֲפִילוּ גֶעגֶען עֶפִּיסְקָאפּ; מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת הָאבֶּען זֵיי גֶעשִׁיצְט דִי יוּדֶען אוּנ אוֹיף זֵיי קוּקֶענְדִיג הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע בַּעֲלֵי טוֹבָה אוֹיךְ צְוִוישֶׁען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן בַּאזֶעל, פְרַייבּוּרְג אוּנ קֶעלְן. אַז מֶען הָאט אִין בֶּענְפֶעלְדֶען, אִין עֶלְזַאס, גֶעמַאכְט אֵיין אֲסִיפָה אוּנ דֶער בִּישָׁאף בֶּערְטְהָאלְד פוּן שְׁטְרַאסְבּוּרְג מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע גְרוֹיסֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אוּנ גֶעזוּכְט עֶפִּיס אֵיין עֵצָה, וָואס מֶען זָאל טְהוּן מִיט דִי יוּדֶען, הָאבֶּען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן שְׁטְרַאסְבּוּרְג זִיךְ בֶּעמִיהט צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען אַלֶע וָואס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע עֲבֵרָה דִי קְרִיסְטֶען נֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ מִיט דִי פַאלְשֶׁע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְגֶען. צוּם אוּמְגְלִיק הָאבֶּען זֵיי אָבֶּער גָאר נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען, דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען זֵיי אִיבֶּערגֶעשְׁפַּארְט אוּנ עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל אַרוֹיסְטְרַייבֶּען דִי יוּדֶען פוּן אַלֶע שְׁטֶעדְט וָואס לִיעגֶען בַּיים רֵיין. דֶעמָאלְט הָאט מֶען צוּם אִיבְּרִיגֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דִי עֶלְזַאסֶער יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ נִיט אוֹיסְגֶעהֵיילְט פוּן דִי פְרִיהְרִיגֶע וואוּנְדֶען פוּן אַרְמְלֶעדֶערְס חֶבְרָה: מֶען הָאט זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען יָאגֶען וִוי דִי ווִילְדֶע חַיוֹת פוּן אֵיין אָרְט אוֹיפ׳ן אַנְדֶערְן בִּיז עֶס אִיז פוּן זֵיי קֵיין אֵיינְצִיגֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען. דָאס אֵיינֶעגֶע הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעטְהוּן מִיט דִי יוּדֶען פוּן בַּאזֶעל

אוּנ נִיט וַוייט פוּן דָארְט אוֹיף אַ אִינְזֶעל הָאט מֶען אוֹיסְגֶעבּוֹיעֶט אַ בֶּעזוּנְדֶער שְׁטוּבּ, מֶען הָאט דָארְט פַארְשְׁפַּארְט אַ סַךְ יוּדֶען אוּנ דֶער נָאךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען דָאס הױז פוּן אַללֶע זַייטֶען, אוּנ טַאקִי דָא בַּיים פַייעֶר הָאבֶּען דִי רוֹצְחִים גֶעשְׁוָואוֹרֶען אַז פַאר צְוֵויי הוּנְדֶערְט יָאהר טָאר מֶען קַיין אֵיינְצִיגֶען יוּדֶען נִיט אַרַיינְלָאזֶען אִין שְׁטָאדְט. שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ וָואךְ אִיז דִי אֵיינֶענֶע גְזֵרָה אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דִי יוּדֶען פוּן פְרַייבּוּרְג, אוּנ בַּאלְד הָאט מֶען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן מִיט דֶער גַאנְצֶער קְהִלָּה אִין שְׁפַּייעֶר: דָאס פָאלְק הָאט אוֹיסְגֶעהַרְגֶ'ט אַללֶע יוּדֶען, פִיעל הָאבֶּען זִיךְ אַלַיין דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען אוּנ נָאר עֶטְלִיכֶע פוּן זֵיי זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם. נָאר אֵיין שְׁטְרַאסְבּוּרְג הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעהַאלְטֶען, וַוייל דִי עֶרְלֶע פָארְשְׁטֶעהֶער זֶענֶען נִיט מִיעד גֶעוָוארֶען אוֹיף יֶעדֶען שְׁרִיט אָבְּצוּהַאלְטֶען דָאס פָאלְק פוּן רְצִיחָה, אוּנ זֵיי פְלֶעגֶען נָאךְ שְׁרַייבֶּען בְּרִיעף אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט אוּנ בֶּעטֶען מֶען זָאל זִיךְ נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק פֶערְזִינְדִיגֶען נֶעגֶען גָאטט אוּנ נִיט טֵייטֶען אוּנְשׁוּלְדִינֶע מֶענְשֶׁען. אַז דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער צוּבְּרֶענְט אִין אַללֶע אָרְטֶער אַרוּם אוּנ מֶען הָאט נָאר גֶעהֶערְט ווִי אוּמֶעדוּם הַרְגֶ'ט מֶען יוּדֶען, הָאבֶּען דִי שְׁטְרַאסְבּוּרְגֶער אֵיינְוָואהנֶער אוֹיךְ גֶעוָואלְט פֶערְזוּכֶען דֶעם טַעַם פוּן אַרֶעכְטֶער הֲרֵיגָה, אוּנ אַזוֹי ווִי זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז דִי פָארְשְׁטֶעהֶער ווֶעלֶען עֶס נִיט דֶערְלָאזֶען, הָאבֶּען זֵיי פְרִיהֶר אָנְגֶעמַאכְט אַ לַארְם אַז זֵיי זֶענֶען נִיט צוּפְרִידֶען פוּן זֵיי, אוּנ קוֹים הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען אַנְדֶערֶע, הָאט מֶען אִין אֵיין טָאג גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער גַאנְצֶער יוּדִישֶׁער קְהִלָּה. מֶעהר פוּן צְוֵויי טוֹיזֶענְד יוּדֶען הָאט מֶען פֶערְבְּרֶענְט אוּנ מֶען הָאט זִיךְ צוּטְהֵיילְט מִיט זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען, אוּנ דִי נַייֶע פָארְשְׁטֶעהֶער הָאבֶּען בֶּעשְׁלָאסֶען מֶען זָאלל הוּנְדֶערְט יָאהר כְּסֵדֶר נִיט לָאזֶען יוּדֶען זִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין שְׁטְרַאסְבּוּרְג.

בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט דָאס אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען דִי יוּדֶען פוּן וָוארְמְס אוּנ דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט אַ וואוהלֶען תֵּירוּץ, וַוייל דֶער קֵייזֶער קַארְל דֶער פִיעֶרְטֶער הָאט נָאךְ פְרִיהֶר אַוֶועקְגֶעשֶׁענְקְט דֶער שְׁטָאדְט אַללֶע יוּדֶען, אוּנ חָאטְשׁ עֶר הָאט מִיט דֶער מַתָּנָה גֶעמֵיינְט אַז נָאר דֶער מַס, וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט צָאהלֶען זָאלל גֶעהֶערֶען דֶער שְׁטָאדְט הָאט מֶען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ הֶיתֵּר אוּנ מֶען הָאט גֶעטַייטְשְׁט אַז מֶען מֶאג מִיט זֵיי טְהוּן וָואס מֶען ווִיל. דֶערְפַאר הָאבֶּען דִי פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶער שְׁטָאדְט בֶּעשְׁלָאסֶען מֶען זָאל דִי יוּדֶען פֶערְבְּרֶענֶען, נָאר אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען דֶערְפוּן גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען הָאבֶּען זֵיי בֶּעסֶער אַלַיין אָנְגֶעצוּנְדֶען זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּנ הָאבֶּען דָארְט גֶעעֶנְדִיגְט דָאס לֶעבֶּען, אַבִּי זֵיי זָאלֶען נִיט אוּמְקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם שׂוֹנְאִ'ס הַאנְד. דָאס אֵיינֶענֶע הָאבֶּען אוֹיךְ

געטהון די יודען פון אפענהיים אונ פראנקפורט אם מאין: טויזענדער פון זיי האבען זיך אלליין דאס לעבען גענומען אונ האבען ניט געוואלט אריינפאלען צום צורייצטען פאלק.

דעמאלט האט זיך אנגעהויבען א נייע צרה: עס האבען זיך געפונען פרומע קריסטען וואס האבען אויף זיך גענומען צו ליידען יסורים, גענומען אויף זיך אעניש אונ דערמיט אויסבעטען ביים רבונו של עולם ער זאל צונעהמען דעם גזר דין אונ די מגפה זאל אויפהערען. דאס יראת שמים פון די פרומע האט אבער מעהר ניט געטראגען נאר דארויף זיי זאלען ארומגעהן פון איין שטאדט צו דער אנדערער האלב נאקעט אונ זיך שלאגען מיט לעדערנע ריטענס אזוי שטארק, אז דאס בלוט זאל שפריצען; פון יושר אונ רחמנות אבער האבען זיי ניט געוואלט וויסען אונ האבען, פערקעהרט, פון זייער זייט אויך אונטערגעהיצט דאס פאלק אונ געשריגען אז מען דארף זיך נוקם זיין אין די יודען. מען קאן זיך פארשטעלען ווי אזוי די רוצחים זענען ביי זיך פעסט געווארען, ווען זיי האבען געזעהן אז אפילו די פרומע לויבען מענשענפרעסעריי אונ רציחה! זיי זענען באלד אנגעפאלען אויף דער גרויסער יודישער קהלה פון מאינץ, נאר דארט האבען די יודען ניט געוואלט זיך לאזען קוילען ווי שאף, דרייהונדערט פון זיי האבען דערטאפט כלי זיין אונ האבען דערהרג'ט צוויי הונדערט רוצחים; אז די קריסטען האבען דערזעהן אזא מעשה האבען זיי זיך אללע גענומען אויף די יודען, נאר גרינג איז עס זיי ניט אנגעקומען, די יודען האבען ארויסגעוויזען גענוג גבורה אונ האבען זיך געהאלטען עטליכע טאג: ביז זיי האבען אלליין ניט אנגעצונדען זייערע הייזער אונ זעכס טויזענד פון זיי זענען אומגעקומען. אין דעם איינענעם שאנ האט מען אויך אויסגעהרג'ט די יודען פון קעלן, וואס זייער צאהל איז געוועהן זעהר גרויס, ווייל אהין זענען זיך צונויפגעלאפען פיעל פערטריבענע פון אנדערע ערטער. צום אנהייב האבען זיך די יודען דארט אויך געפריווט צו וואהרען, נאר קיינער האט ניט געקאנט בעשטעהן נעגען דעםווילדען פאלק וואס אפילו די מלוכה איז ניט אים שטאנד געוועהן עס איינצוהאלטען.

אזוי האט מען זיך אבגערעכענט מיט די יודען אין דייטשלאנד אונ כמעט אין איין יאהר איז דארט איין יודישע קהלה ניט געבליבען. אין בייערן אונ שוואבען האט דאס פאלק אויך ניט געשוויגען אונ גאר ניך איז קיין זכר פון קיין יודען ניט געבליבען אין אוינסבורג, ווירצבורג, מינכען אונ נאך אנדערע שטאדט. אין נירנבערג האבען געוואהנט גרויסע יודישע עשירים

אוּנ אויף זֵיי הָאבֶּען בֶּעזָאנְדֶערְס גֶעשַׁארְפְט דִי צֵיין אַזֶעלְכֶע קְרִיסְטֶען, וָואס זֶענֶען זֵיי גֶענוּג גֶעלְד שׁוּלְדִיג גֶעוֶועהן. דֶער קֵייזֶער קַארָל דֶער פִיעְרְטֶער הָאט פָארְאוֹיסְגֶעזֶעהן אַז מֶען וֶועט אָנְפַאלֶען אוֹיף דִי רַייכֶע יוּדֶען כְּדֵי מֶען זָאל זִיךְ בֶּעפְרַייֶען פוּן דִי חוֹבוֹת אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר פְרִיהר גֶעלָאזְט זָאגֶען אַז עֶר וֶועט שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפֶען דִי שׁוּלְדִיגֶע; עֶס הָאט אָבֶּער קֵיין שׁוּם אַזְהָרָה נִיט גֶעהָאלְפֶען אוּנ דִי רוֹצְחִים הָאבֶּען אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט אוֹיף אַ פְרַייֶען פְּלַאץ גֶעשְׁטֶעלְט אַ שַׁייטֶערְהוֹיפֶען אוּנ דָארְט פַארְבְּרֶענְט דִי יוּדֶען. דָאס אֵייגֶענֶע הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעוָואלְט טְהוּן אִין רֶעגֶענְשְׁבּוּרְג, נָאר דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶענוּג אָרְדֶענְטְלִיכֶע אַיינְוָואהנֶער, וָואס הָאבֶּען כָּבוֹד גֶעלֶעגְט אוֹיף זֵייעֶר פָארְשְׁטֶעהֶער, בֶּערְטְהָאלְד עֶנָאלְטְשְׁפֶּעכְט, אוּנ הָאבֶּען אִיהם צוּגֶעשְׁוָוארֶען אַז זֵיי וֶועלֶען נִיט דֶערְלָאזֶען מֶען זָאל דִי יוּדֶען טְהוּן שְׁלֶעכְטְס. זֵיי הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעהַאלְטֶען דִי שְׁבוּעָה אוּנ דִי רֶעגֶענְשְׁבּוּרְגֶער יוּדֶען זֶענֶען נִצוֹל גֶעוָוארֶען פוּן דֶער צָרָה.

אַ שְׁטַארְק גְלִיק אִיז נָאר וָואס דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ נִיט אַרַיינְגֶעחַאפְּט אִין אַזֶעלְכֶע לֶאנְדֶער, ווִי אוּנְגַארְן אוּנ פָּאלֶען, וואוּ דֶער „שְׁוַוארְצֶער טוֹיט" הָאט אוֹיךְ פֶערְוִויסְט אַסַךְ שְׁטֶעדְט אוּנ וואוּ מֶען הָאט, מִן הַסְּתָם, גֶעהֶערְט וָואס מֶען טְהוּט צוּ לֵיעב דֶעם מִיט דִי יוּדֶען אִין דַייטְשְׁלַאנְד. דַארוֹיף זֶענֶען אָבֶּער גֶעוֶועהן פֶערְשִׁיעדֶענֶע סִבּוֹת: דֶער קֶאנִיג לוּדְוִויג פוּן אוּנְגַארְן הָאט אֲפִילוּ דֶעמָאלְט יָא אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען דִי יוּדֶען, נָאר נִיט דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶערֶעכֶענְט פַאר גִיפְט־מִישֶׁער; עֶר הָאט פָּשׁוּט נִיט גֶעוָואלְט הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ מֶענְשֶׁען פוּן אַ פְרֶעמְדֶער אֱמוּנָה. אִין פּוֹילֶען ווִידֶער הָאט דֶער קֶאנִיג קַאזִימִיר דֶער גְרוֹיסֶער דַוְקָא מְקָרֵב גֶעוֶועהן דִי יוּדֶען, פִיעל פוּן זֵיי הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלֶען אוּנ הָאט זֵיי אִים יָאהר 1354 גֶעשֶׁענְקְט אַלֶע רֶעכְטֶע. אַוַדַאי הָאט מֶען דָארְט גֶעלַאכְט פוּן אַזֶעלְכֶע נַארִישְׁקַייטֶען אוּנ קֵיינֶעם אִיז נָאר נִיט אַיינְגֶעפַאלֶען צוּ גְלוֹיבֶּען אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד אַ הוֹלַאַת אַרָאבְּצוּבְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט.

דִי צְווֵיי לֶאנְדֶער זֶענֶען טַאקִי אָבֶּער גֶעוֶועהן דִי אֵיינְצִיגֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט אָנְחַאפֶּען אִין דֶער נַארִישֶׁער בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג. וַוייטֶער אִיז אִין אֵייְרָאפַּא אֵיין ווִינְקֶעל נִיט גֶעוֶועהן וואוּ מֶען הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דִי יוּדֶען זֶענֶען שׁוּלְדִיג אוּנ זֶענֶען וֶוערְטְה מֶען זָאל זֵיי בְּרֶענֶען אוּנ בְּרָאטֶען. אִין בֶּעלְגְיֶען הָאבֶּען אוֹיךְ דִי יוּדֶען שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען, ווַייל דִי מַלְכָּה הָאט זִיךְ דֶעמָאלְט גֶעפוּנֶען אִין דִי הָאנְד פוּנ'ם הֶערְצָאג יָאהַאנְן דֶעם צְוַוייטֶען, וָואס

איז געוועהן צו שוואך אונ האט זיי ניט געקאנט בעשיצען. אין בריסעל האט געוואוהנט א יוד א עשר, וואס איז געוועהן א גרויסער חשוב ביים הערצאג אונ אז עס האבען זיך אנגעהויבען הארגען די הריגות האט דער הערצאג איהם צוגעזאגט אז ער וועט איהם מיט אללע זיינע ברידער אבהיטען; צום סוף האבען די רוצחים געבעטען דעם הערצאג׳ס זיהן ער זאל פועל׳ן ביים פאטער אז די מלוכה זאל זיך מאכען ניט וויסענדיג; עס איז זיי טאקי געראטהען אונ זיי האבען אין איין טאג אויסגעקוילעט מעהר פון פינף הונדערט יודען.

די יודען פון קאטאלאניען אונ אראגאניען האבען אפילו אנגעהויבען זוכען מיטעל אונ האבען אוועקגעשיקט שלוחים צו די קאניגע בעטען ביי זיי, זיי זאלען איינגעמען מיט די גייסטליכע זיך אננעהמען פאר זיי אונ ניט דערלאזען הרגנען טויזענדער נפשות צו ליעב פוסטע זאכען, עס איז אבער פון דעם נאר נישט געווארען, ווייל קיינער איז ניט געוועהן בכח איינצולעשען דעם פונק ווי מען קאן ניט איינהאלטען דעם שטראם וואסער ווען ער גיסט זיך אונ געהט ארויס פונ׳ם ברעג. ניט קיין שכל, ניט קיין ישר, ניט קיין התבוננות האט געקאנט פערלעשען דעם כעס פון די רוצחים, אונ וואס גרעסער דאס נאַ־רישקייט איז געוועהן — האט מען מעהר אין דעם געגלויבט. עס איז ניט געוועהן די זאך וואס מען זאל ניט אויסטראכטען אויף די יודען, אונ דאס פאלק זאל עס ניט האלטען פאר איין אמת, אונ עס איז נאר קיין וואונדער ניט וואס שפעטער מיט עטליכע יאהר האט דער איטאליענישער דיכטער דשיאוואני פיארענטיני בעשריבען א מעשה ווי א יוד האט געגעבען א קריסט געלד אויף א וועקסעל אונ האט דארט אנגעשריבען אז ווי באלד דער קריסט וועט איהם צו דער צייט ניט בעצאהלען דעם חוב האט ער דאס רעכט אויסצושניידען ביי איהם פון דער ברוסט א פונט פלייש. מיט דער אייגענער מעשה האט זיך אויך בענוצט, שפעטער מיט א פאר הונדערט יאהר דער בעריהמטער ענגלישער שרייבער ווילאם שעקספיר אין זיין טהעאטער שטיק „דער קויפמאנן פון וועני־געדיג", אונ דאס בעווייזט נ׳: מען האט דעמאלט די יודען געהאלטען פאר גרויסע אכזרים אונ אז מענשען האבען שטענדיג ליעב ארויפצולעגען אויף יענעם זייערע אייגענע חסרונות.

עס איז אבער מערקווירדיג ווי די שנאה, וואס איז געבויעט אויף נארישע זאכען האט קיין שום יסוד ניט אונ ווערט שנעל פערגעסען. קוים זענען אוועק־געגאנגען עטליכע יאהר נאך די הריגות וועגען דעם „שווארצען טויט" האט מען אין אללע שטאדט פון דייטשלאנד אנגעהויבען זוכען די אייגענע יודען.

וואס מען האט זיי ערשט ניט לאנג אויסגעקוילעט און ארויסגעטריבען, און עס האט זיך אויסגעוויזען אז אהן זיי איז זיך פשוט שווער צו בעגעהן. מען האט זיך גאר ניט געוואלט דערמאנען אין דער שבועה וואס מען האט געגעבען, אז פאר צוויי הונדערט יאהר זאל מען קיין איינציגען יודען ניט אריינלאזען, און אפילו דער עפיסקאפ פון אוינסבורג האט ביים קייזער קארל געבעטען ער זאל איהם ערלויבען האלטען יודען. בעזאנדערס האט זיך מיה געגעבען דער ארכיעפיסקאפ פון מאינץ גערלאך פאר די יודען, נאר זיין כונה איז פשוט געוועהן אריינצוחאפען די גרויסע הכנסה פונ'ם יודישען מס. די יודען זענען קיין נאראנים ניט געוועהן. זיי האבען גוט פערשטאנען אז ניט פאר גרויס ליעבשאפט בעט מען זיי צוריק, אז דאס פאלק טהוט עס צו ליעב דעם וואס אהן זיי ליידט דער מסחר און די גרויסע לייט דארפען זיי האבען מען זאל פון זיי שינדען די הויט. נאר קיין אנדער ברירה האבען זיי ניט געהאט, ווי אזוי זיי האבען זיך ניט איבערגעלעגט איז זיי אלץ אויסגעקומען גלייכער זיך אומצוקעהרען צו די אלטע ערטער, און דאריבער האבען זיי קיין ווארט ניט גערעדט, זיי האבען זיך ניט לאנג געלאזט בעטען און האבען בענוצט אללע כוחות זעהן געלד צו פערדיענען, כדי זיי זאלען האבען מיט וואס צו פערשטאפען די מיילער פון די, וואס האבען טאקי נאר ארויסגעקוקט אויף דער מטבע און האבען שפעטער געהאט אזוי פיעל ישר אז זיי האבען זיך ניט געשעמט צו בעשולדיגען די יודען דערפאר וואס געלד שפיעלט ביי זיי אזא ראללע און צו ליעב דער מטבע זענען זיי פערטיג אלדינג צו טהון.

אין פראנקרייך האט מען זיך אויך גיך ארומגעקוקט אז אהן די יודען ווערט דאס לאנד אללע מאל געפאלען, און אז דער קאניג יאהאנן האט נאך פערלארען די מלחמה מיט ענגלאנד און דער געלד־מאנגעל האט זיך גאר שטארק געלאזט פיהלען, האט זיך דער יונגער פרינץ קארל, וואס האט אין דער צייט, ווען דער פאטער איז געוועהן געפאנגען ביי די ענגלאנדער, געפיהרט די מלוכה, ענטשלאסען צוריק אריינגעהמען די יודען, זיי זאלען דער מדינה אריינגעבען א נייע חיות. א קלוגער יוד, מנשה דע וועזוא האט זיך גענומען צוריק צו־ברענגען פיעל יודען קיין פראנקרייך און דער קאניג יאהאנן האט אים יאהר 1360 ארויסגעלאזט א בעפעהל, אז ער לאזט דערוויל די יודען אריין אויף צוואנציג יאהר און ערלויבט זיי אומעדום צו וואהנען, קויפען הייזער און אפילו ערד. די הכנסה האט ער מן הסתם קודם כל, אין זין געהאט און האט געמאכט אז יעדער יוד, וואס בעזעצט זיך אין פראנקרייך, מוז באלד אנידערלעגען פיער־

צֶעהן גוּלְדֶען פַאר זִיךְ אוּנ אַ גוּלְדֶען פַאר יֶעדֶען נֶפֶשׁ וָואס גֶעהֶער צוּ זַיין מִשְׁפָּחָה אוּנ דֶערְנָאךְ מוּז מֶען אַללֶע יָאהר גֶעבֶּען מַס — פַאר זִיךְ זִיבֶּען גוּלְדֶען אוּנ פַאר דִי אִיבְּרִיגֶע נְפָשׁוֹת צוּ גוּלְדֶען. מִיט דֶעם גֶעלְד הָאבֶּען זַיי זִיךְ שׁוֹין אוֹיסְגֶעקוֹיפְט אִין גַאנְצֶען אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ שׁוֹין צוּ זַיי נִיט גֶעטָארְט מִישֶׁען. זַיי הָאבֶּען גֶעהַאט זַייעֶר אֵייגֶענֶעם שׁוֹפֵט וָואס הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר'ן הוֹיפְּט־פָּארְ־שְׁטֶעהֶער אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאבֶּען זַיי זִיךְ אַללֶע גֶעפוּנֶען אוּנְטֶער דֶעם שׁוּטְץ פוּן אַ קֶאנִיגְלִיכֶען פְּרִינְץ. אוֹיף אַללֶע מִשְׁפָּטִים, וָואס הָאט גֶעקֶאנְט פָּארְקוּמֶען צְוִוישֶׁען זַיי, זֶענֶען גֶעזֶעצְט גֶעוֶועהן צְווֵיי רַבָּנִים וָואס הָאבֶּען צוּ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בֶּעדַארְפְט צוּצִיהֶען פִיער בַּעֲלֵי בַּתִּים אוּנ זַיי אַללֶע אֵיינֶענֶעם הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס רֶעכְט אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען אַ פְּסַק. דִי מְלוּכָה הָאט זַיי בֶּעוָוארֶענְט זַיי זָאלֶען קָאנֶען גֶעטְרַיי אָבְּהִיטֶען זַייעֶר אֱמוּנָה, מֶען זָאל זַיי נִיט גֵייטְהֶען וִוי אַ מָאל גֶעהן אִין דִי קִירְכֶען אוּנ הֶערֶען דְרָשׁוֹת פוּן דִי גֵייסְטְלִיכֶע, דֶעם תַּלְמוּד זָאל מֶען מֶעהר נִיט בְּרֶענֶען, אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט זִי זַיי גֶעגֶעבֶּען גְרוֹיס פְּרַייהַייט וֶוענֶען פְּרָא־צֶענְט־גֶעהמֶען אוּנ גֶעלְד לַייהֶען אוֹיף מַשְׁכּוֹנוֹת אוּנ דָאס אִיז טַאקִי בַּיי אִיהר גֶעוֶועהן דֶער עִיקָר, וַוייל זַיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט זֶעהן דִי יוּדֶען זָאלֶען הָאבֶּען פוּן וַואנֶען צוּ צָאהלֶען דֶעם גְרוֹיסֶען מַס. אַוַדַאי הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶעפוּנֶען דִי תְּנָאִים גָאר נִיט שְׁלֶעכְט פַאר זִיךְ, אוּנ מְנַשֶּׁה דֶע וֶועזוֹא, וָואס הָאט דֶערְוַוייל בֶּעקוּמֶען בַּיי דֶער קְרוֹין אַ גְרוֹיסֶע שְׁטֶעללֶע אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ מַשְׁגִיחַ אִיבֶּער דֶעם יוּדִישֶׁען מַס, הָאט טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען פוּן וַוייט אוּנ פוּן נָאהֶענְט גֶעבְּרַאכְט קַיין פְּרַאנְקְרַייךְ.

דֶער שְׁוַואכֶער קֶאנִיג יָאהַאנְן הָאט אֲפִילוּ גָאר אִין גִיכֶע צַייטֶען קַיין וָוארְט נִיט גֶעהַאלְטֶען. פוּן אַללֶע זַייטֶען הָאט מֶען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלָאגֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען דִי דָאזִיגֶע וָואס זַייעֶר פַּרְנָסָה אִיז גֶע־שְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם וָואס דִי יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ וֶואלְוְולֶער גֶעלָאזְט בֶּע־צָאהלֶען פַאר זַייעֶר מִיה. קְרִיסְטְלִיכֶע דָאקְטוֹרִים הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט לַיידֶען וָואס דִי יוּדִישֶׁע דָאקְטוֹרִים גֶעהמֶען וֶועניגֶער אוּנ הֵיילֶען בֶּעסֶער; דִי קְרִיסְטְלִיכֶע רִיכְטֶער הָאט פֶערְדְרָאסֶען וָואס זַיי קֶאנֶען זִיךְ נִיט אַרַיינְמִישֶׁען אִין דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען אוּנ רַייסֶען גֶעלְד פוּן טוֹיט אוּנ פוּן לֶעבֶּעדִיג; דִי גֵייסְטְלִיכֶע וִוידֶער הָאט וֶועה גֶעטְהוּן דָאס הַארְץ וָואס זַיי הָאבֶּען נִיט גֶעקֶאנְט צְווִינְגֶען יוּדֶען זַיי זָאלֶען זִיךְ טוֹיפֶען. אָט דִי גַאנְצֶע חֶבְרָה הָאט זִיךְ גֶעקְלָאגְט פַאר'ן קֶאנִיג אַז מֶען קָאן פוּן דִי יוּדֶען נִיט אוֹיסְשְׁטֶעהן אוּנ הָאבֶּען גֶעפוּעֶלְט בַּיי אִיהם אַ בִּיסֶעל צוּ פֶערְ־קְלֵיינֶערְן זַייעֶרֶע רֶעכְטֶע. דֶער אִיבֶּערְשְׁלַאג הָאט אָבֶּער גָאר וֶועניג גֶעדוֹיעֶרְט,

ווייל באַלד האָט די מלוכה איבערגענומען יאָהאַנן׳ס זיהן, קאַרל דער פינפטע, אונ ער האָט ניט געוואָלט ליידען אַז מען זאָל איהם זאָגען אַ דעה. אַזוי ווי דאָס צוריקקומען פון די יודען קיין פראַנקרייך איז געשעהן נאָך זיין ווילען, ווען ער איז נאָך אַ פרינץ געוועהן, האָט ער בענוצט זיין גאַנצע קאָניגליכע מאַכט דאַרויף, אַז די יודען זאָלען קאָנען זיצען זיכער אין לאַנד, אונ דאַריבער האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בעפעהל מען זאָל ניט פאָלגען די גייסטליכע, וואָס רעדען צו די קריסטען זיי זאָלען ניט האַנדלען מיט די יודען, אונ האָט טאַקי דערביי בעפאָהלען זעהר שטרענג, אַז ווער עס וועט אַרויסווייזען זיין שׂנאה געגען די יודען, דער וועט שטרענג בעשטראָפט ווערען. אַזעלכע קלאָרע אונ שאַרפע רעד האָבען געהאַט אַ פעולה אויף׳ן פאָלק אונ די גאַנצע צייט, וואָס קאַרל האָט געהערשט, איז דער מצב פון די יודען אין פראַנקרייך געוועהן גאַנץ גוט.

די בעסערע לאַגע פון די פראַנצאָזישע אונ דייטשע יודען האָט זיך אָבער ניט אָנגעזעהן אויף זייער אינווענינגסטען מצב, אונ זייט מען האָט זיי אָנגעהויבען טרייבען אונ זיי זענען אין ערגיץ מיט׳ן לעבען ניט זיכער געוועהן איז צווישען זיי דאָס לערנען שטאַרק געפאַלען, אונ טאַקי אין דעם איינענעם פראַנקרייך וואו גאַנצע צוויי הונדערט יאָהר, פון רש״י ביז די לעצטע בעלי התוספות, האָט די תורה געבליהט, איז שווער געוועהן צו געפינען רבנים, ווען דער קאָניג קאַרל האָט זיי געדאַרפט אָבגעבען די גאַנצע מאַכט איבער די יודען. דער איינציגער גדול, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אונ מען האָט איהם אויפגענומען פאַר לאַנד־רב, ר׳ מתתיהו בן יוסף פּרוונסי, איז געוועהן אַ גרויסער חשוב ביי דער מלוכה אונ איהם האָט מען ערלויבט ניט צו טראָגען דעם יודישען צייכען אויף די קליידער. ער האָט געמוזט אין פּאַריז אָפּנען אַ ישיבה, וואָס זאָל קאָנען מגדל זיין רבנים. אין דייטשלאַנד האָט מען אויך היבשע עטליכע יאָהר געפיהלט אַ מאַנגעל אין רבנים אונ וואָס פאַר איין עם־הארץ עס האָט נאָר געוואָלט האָט זיך אָנגענומען דאָס רבנות אונ האָט גע־פּסקנ׳ט שאלות, נאָר דער בעריהמטער רב ר׳ מאיר בן ברוך הלוי פון וויען האָט אים יאָהר 1370 איינגעפיהרט, אַז יעדער וואָס וויל ווערען אַ רב מוז האָבען אַ סמיכה פון איין עלטערן רב אונ דאַרף אויך האָבען דעם טיטעל מורנו. איבעריגענס איז אין דייטשלאַנד אונ פראַנקרייך ניט נאָר די תורה פערגעסען געוואָרען, נאָר מען האָט אויך אויפגעהערט אָבצוהיטען אַ סך דינים אונ מנהגים וואָס מען האָט שוין ניט געדענקט; דאַריבער האָבען די רבנים אים יאָהר 1381 געמאַכט אַ גרויסע אסיפה אין מאַינץ אונ מען האָט בענייהט די תקנות וואָס מען

הָאט אַ מָאל גֶעהַאלְטֶען אִין דִי שְׁטֶאדְט שְׁפַּייעֶר, וָוארְמְס (וָוערְמַייזָא) אוּנ מַאיִנְץ אוּנ וָואס מֶען הָאט זַיי דֶערְפַאר גֶערוּפֶען תַּקָנוֹת שׁוּ״ם (דִי רָאשֵׁי תֵּיבוֹת פוּן דְרַייא שְׁטֶאדְט). דֶעמָאלְט הָאט מֶען בֶּעפְרַייהט פִיעל אַלְמָנוֹת אָהן קִינְדֶער, וָואס מֶען הָאט זֵייעֶרע מֶאנְנֶער דֶערְהַרְגֶ׳ט, פוּן חֲלִיצָה, אוּנ מֶען הָאט זַיי אוֹיךְ צוּגֶעלָאזְט צוּ נֶעהמֶען אַ חֵלֶק פוּן דֶער יְרוּשָׁה.

שְׁפַּאנְיֶען הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט, וָואס דֶער „שְׁוַוארְצֶער טוֹיט״ הָאט דָארְט אוֹיךְ גֶענוּג מֶענְשֶׁ׳ן צוּגֶעחַאפְּט, גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער מַעֲלָה: דֶער קֶאנִיג אַלְפָאנְסָא דֶער עֶלְפְטֶער פוּן קַאסְטִילְיֶען אִיז אַלֵיין גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער קְרַאנְקְהַייט, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז קֵיינֶעם נִיט אַיינְגֶעפַאלֶען צוּ זוּכֶען חֲטָאִים בַּיי דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים אִין דֶעם לַאנְד. אַז דִי מְלוּכָה אִיז נָאךְ אַלְפָאנְסָא׳ס טוֹיט אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין זוּהן דוֹן פֶּעדְרָא דֶעם גְרוֹיזַאמֶען (הָאַכְזָרִי), הָאבֶּען דִי יוּדֶען דֶערְגְרֵייכְט גָאר צוּ אַ הוֹיכֶער מַדְרֵגָה, וַוייל חָאטְשׁ דֶער נַייעֶר קֶאנִיג אִיז נִיט גֶעוֶועהן קֵיין נוּטֶער, הָאט עֶר בֶּעהַאנְדֶעלְט דִי יוּדֶען מִיט יוֹשֶׁר, אוּנ הָאט גֶעשֶׁאצְט זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען. אֵיינֶער פוּן זַיינֶע בֶּעסְטֶע חֲשׁוּבִים אִיז גֶעוֶועהן דֶער דִיכְטֶער שֵׁם טוֹב, אָדֶער סַנְטַב דִי־קַררְיָאן, וָואס פְּלֶעגְט נִיט אֵיין מָאל אִין זַיינֶע שֵׁיינֶע שְׁפַּאנִישֶׁע שִׁירִים אַרוֹיסְזָאגֶען דֶעם יוּנְגֶען מֶלֶךְ דֶעם רֵיינֶעם אֱמֶת אָהן חֲנִיפָה אוּנ אָהן מוֹרָא. אוֹיסֶער דֶעם הָאט דוֹן פֶּעדְרָא צוּ זִיךְ צוּגֶעצוֹיגֶען דִי בֶּעסְטֶע יוּדֶען, אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵיי, דוֹן שְׁמוּאֵל בֶּן מֵאִיר אַל־לֵוִי, פוּן דֶער בֶּערִיהמְטֶער מִשְׁפָּחָה אַבּוּלַאפְיָא הַלֵוִי, אִיז גֶעוֶועהן זַיין פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער אוּנ עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעהַאט דָאס גְרֶעסְטֶע צוּטְרוֹיעֶן. נִיט וֶועניגֶער כָּבוֹד הָאט עֶר אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַיין אַנְדֶער יוּדֶען, אַבְרָהָם אִבְּן צַרְצַל, וָואס אִיז גֶעוֶועהן בַּיי אִיהם לֵייבּ־דָאקְטָאר אוּנ פְלֶעגְט אִיהם אָפְט גֶעבֶּען אַ רֶעכְטֶע עֵצָה. אַ זֶעלְבֶע יוּדֶען הָאבֶּען לֵייכְט גֶעקָאנְט אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען דוֹן פֶּעדְרָא עֶר זָאל פְרַיינְדְלִיךְ קוּקֶען אוֹיף אַללֶע זֵייעֶרע בְּרִידֶער, אוּנ עֶס אִיז גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִיט וָואס עֶר הָאט אָבְּגֶעזָאגְט דִי קְרִיסְטֶען, וֶוען מֶען הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל דִי יוּדֶען נִיט עֶרלוֹיבֶּען צוּ הָאבֶּען זֵייעֶרע אֵייגֶענֶע שׁוֹפְטִים, אוּנ הָאט גֶעאֶנְטְפֶערְט, אַז דֶער הוֹב פוּן דֶער מְלוּכָה אִיז בֶּעזָאנְדֶערְס צוּ שִׁיצֶען שְׁוַואכֶע מֶענְשֶׁען אוּנ אַזוֹי וִוי דִי יוּדֶען זֶענֶען יְתוֹמִים מוּז מֶען זֵיי נָאךְ מֶעהר בֶּעוָוארֶענֶען וִוי אֵייגֶענֶע קִינְדֶער, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זֵיי, אוּמְגֶערְן אָדֶער מִיט כַּוָונָה, קֵיין רָעָה נִיט טְהוּן. פוּן דֶער קְלוּגֶער תְּשׁוּבָה זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶעם יוֹשֶׁר פוּנ׳ם קֶאנִיג אוּנ דִי חָכְמָה פוּן זַיינֶע יוּדִישֶׁע יוֹעֲצִים.

דון פעדרא'ס פאמיליען־לעבען איז ניט געוועהן שטענדיג גליקליך, אונ פון דעם איז אויך אבגעהאנגען די לאגע פון די יודען. דער קאניג האט געהאט שונאים צווישען די גרויסע לייט, וואס זענען ניט צופריעדען געוועהן פון זיין הנהגה, אונ האבען געקוקט קרום דארויף, וואס ער איז אזוי צוגעלאזט צום פראסטען פאלק; דערצו האבען נאך פערגרעסערט די שנאה זיינע שטיף־ברידער, וואס זענען ביי אלפאנסא'ן געבארען געווארען פון לעאנארא דע־גוזמאן, אונ בעזאנדערס האט נעגען איהם געארבייט דער פרינץ היינריך דע־טראסטאמארע, וואס האט גערעכענט אז איהם קומט די מלוכה. אז דון פעדרא האט בעדארפט חתונה האבען, האבען זיינע געגנער אזוי געדרייט אז ער האט געמוזט נעמען דאס ווארט דער טאכטער פונ'ם פראנצאזישען הערצאג פון בורבאן בלאנקא, חאטש ער האט ליעב געהאט איין אנדערע, די שיינע מאריא דע־פאדיללא, אונ האט שוין אפילו מיט איהר זיך פערלאבט. דון פעדרא איז אין די זאכען א ביסעל שוואך געוועהן, ער האט זיך עטליכע מאל אבגעזאגט פונ'ם שדוך, נאר בלאנקא וואס האט געוואלט זיין א קאניגין איז אליין געקומען קיין קאסטיליען אונ דער קאניג האט ניט געקאנט זיין אזוי גראב אונ האט געשטעלט א שטילע חופה. די געגנער האבען געמיינט אז די נייע קאניגין וועט בעקומען די גאנצע דעה, אונ ביסלעכווייס וועט זיי געראטהען די גאנצע מלוכה אריינצוכאפען אין זייערע האנד, נאר זיי האבען א טעות געהאט: צוויי טאג אין גאנצען האט דון פעדרא געוואהנט מיט בלאנקא'ן אונ האט זי באלד אוועק געווארפען. אין דער געשיכטע האט א שטארקע נגיעה געהאט דון שמואל אל־לוי, ווייל, ערשטענס האט ער ניך אנגעשמעקט אז בלאנקא האט זיך בעריהמט, אז יודען וועלען מעהר אין קאניגליכען הויף ניט זיין קיין נאהענטע מחותנים, אונ צווייטענס האט ער טאקי געהאלטען פון מאריא דע־פאדיללא פאר איהר גוטסקייט, אונ איז געוועהן איבערצייגט אז זי קאן דעם קאניג גליקליך מאכען. דעמאלט האבען זיך דעם קאניג'ס מקורבים צוטהיילט אויף צוויי צדדים, נאר דון פעדרא האט געוואוסט אז געטרייער פון אללע איז איהם דון שמואל אל־לוי אונ ער האט איהם, די שונאים אויף צו להכעיס, געמאכט פאר'ן ערשטען מיניסטער. באלד האט טאקי דון שמואל אל־לוי בעקומען די געלעגענהייט ארויסצוווייזען דעם קאניג ווי איבערגעבען ער איז איהם אונ ווי דאנקבאר אללע יודען זענען איהם פאר זיינע חסדים. דון פעדרא'ס שונאים האבען איהם פערנארט אין א פעסטונג מיט אללע זיינע יועצים, אונ דער יודישער מיניסטער איז אויך געוועהן צווישען זיי. דעם קאניג האבען זיי דארט געהאלטען

גֶעפַאנְגֶען אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע הָאט מֶען אוֹיסְגֶעקוֹילֶעט. נָאר אֵיין דוֹן שְׁמוּאֵל אַל־לֵוִי אִיז טַאקִי, עֶפִּיס נָאר דוּרְךְ אַ נֵס, גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען אוּנ עֶר הָאט נִיט גֶערוּהט בִּיז דֶער קֶאנִיג אִיז פְרַיי גֶעוָוארֶען. אַז עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶע מְרִידָה אִין קַאסְטִילְיֶען אוּנ דוֹן פֶּעדְרָא׳ס שְׁטִיף־בְּרִידֶער זֶענֶען אָפֶען גֶעגֶען אִיהם אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, הָאבֶּען דִי יוּדֶען גֶענוּג כֹּחַ גֶעהַאט צוּ בֶּעשִׁיצֶען דֶעם קֶאנִיג. דִי מוֹרְדִים הָאבֶּען זֶעהר גֶעוָואלְט פֶּערְהַאפֶּען דִי הוֹיפְּט שְׁטָאדְט טוֹלֶעדָא, אוּנ עֶס אִיז זֵיי טַאקִי גֶערָאטְהֶען אָבְּצוּנֶעהמֶען אֵיינֶע פוּן דִי וַוייטֶע גַאסֶען אוּנ דָארְט אָנְמַאכֶען אַ שְׁחִיטָה, וָואס כִּמְעַט צְוֶועלְף טוֹיזֶענד מֶענְשֶׁען זֶענֶען דֶערְבַּיי אוּמְגֶעקוּמֶען, נָאר אִינְוֶוענִיג אִין שְׁטָאדְט הָאבֶּען זֵיי דִי יוּדֶען נִיט אַרַיינְגֶעלָאזְט בִּיז עֶס אִיז צוּגֶעקוּמֶען חַיִל, אוּנ דוֹן פֶּעדְרָא אִיז שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע טֶאג. אִים שְׁטַאנְדֶע גֶעוֶועהן רוּהִיג אַרַיינְצוּפָאהרֶען קַיין טוֹלֶעדָא. דֶער קֶאנִיג הָאט גֶעזֶעהן אַז דָאס אַלְדִינְג הָאט עֶר נָאר דִי יוּדֶען צוּ פֶּערְדַאנְקֶען אוּנ דוֹן שְׁמוּאֵל אַל־לֵוִי אִיז בַּיי אִיהם גֶעוָוארֶען נָאךְ מֶעהר חָשׁוּב, בֶּעזָאנְדֶערְס נָאךְ דֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט זֶעהר אַ שֵׁיינֶע אָרְדְנוּנְג אִין דֶער הַכְנָסָה פוּן דֶער מְדִינָה, מֶען זָאל נִיט בֶּערַייסֶען דִי אַיינְוָואהנֶער אוּנ דִי מְלוּכָה זָאל פָּארְט נִיט הָאבֶּען קַיין מַאנְגֶעל אִין גֶעלְט.

אִין יֶענֶער צַייט הָאט דוֹן שְׁמוּאֵל אַל־לֵוִי, אוּנ מִיט אִיהם אוֹיךְ אַלֶע יוּדֶען פוּן קַאסְטִילְיֶען, דֶערְלַאנְגְט דָאס גְרֶעסְטֶע גְלִיק. דֶער יוּדִישֶׁער מִינִיסְטֶער אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶועהן קַיין גְרוֹיסֶער לַמְדָן, אוּנ דֶערְפַאר הָאט עֶר וֶוענִיג אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוֹיף לֶערְנֶען אוּנ הָאט זַיין גַאנְץ צְדָקָה פֶּערְוֶוענְדֶעט אוֹיף שׁוּלֶען בּוֹיעֶן. נָאךְ אַצוּנְד גֶעפִינְט זִיךְ אִין טוֹלֶעדָא אַ קִירְכֶע, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבּוֹיעט גֶעוָוארֶען פוּן אַ שׁוּל; אוֹיף דֶער מִזְרָח־וַואנְד קָאן מֶען נָאךְ לֵייעֶנֶען אַיין אוֹיסְגֶעקְרִיצְטֶען „מִי שֶׁבֵּרַךְ”, וואוּ דִי טוֹלֶעדָא׳ר קְהִלָּה „בֶּענְשְׁט דֶעם קֶאנִיג דוֹן פֶּעדְרָא אוּנ זַיין גֶעטְרַייעֶן יוֹעֵץ שְׁמוּאֵל בֶּן מֵאִיר הַלֵּוִי, אוּנ ווינְשְׁט אִיהם אַז אִין זַיינֶע יָאהרֶען זָאל נָאךְ בֶּענַייהט וֶוערֶען דֶער בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ עֶר זָאל זוֹכֶה זַיין דָארְט צְוִוישֶׁען דִי הֵיילִיגֶע לְוִיִּם גָאטְט דִינֶען”. דִי וֶוארְטֶער פוּן דֶעם „מִי שֶׁבֵּרַךְ” זֶענֶען נִיט גֶעוֶועהן קַיין גֶעוֶואהנְלִיכֶע בְּרָכָה: דֶעמָאלְט זֶענֶען דִי יוּדֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶער מַחֲשָׁבָה אַז אִין דֶעם יָאהר, וָואס מֶען הָאט גֶעאֶפֶענְט דִי שׁוּל אִין טוֹלֶעדָא, מוּז מָשִׁיחַ קוּמֶען, וַוייל אַזוֹי זֶענֶען אוֹיסְגֶעקוּמֶען דִי רֶעכְנוּנְגֶען פוּן אַלֶע מְקוּבָּלִים, חָאטְשׁ דֶער רַב פוּן בַּרְצֶלוֹנָה, ר׳ נִיסָן בֶּן רְאוּבֵן גִירוּנְדִי, וָואס אִיז מֶעהר בֶּעקַאנְט מִיט׳ן נָאמֶען רַ״ן, הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַז מֶען דַארְף זִיךְ נִיט פַארְדְרֶעהֶען דִי קָאפּ מִיט אַזֶעלְכֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת, וָואס קֶאנֶען שְׁלַאבֶּערִיג מַאכֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען וֶוען דִי בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט פְלִיהט אִיבֶּער אוּנ דִי גְאוּלָה קוּמְט נָאךְ נִיט. ווִי עֶס

ווייזט אוים, זענען אבער די יודען שטארק זיכער געוועהן אז די גוטע צייט איז נאהענט און האבען טאקי אויף דון שמואל געקוקט ווי אויף א מענשען, וואס אויף איהם איז געפאלען דער גורל צו בעפרייהען זייערע ברידער אין אללע ארטער, וואו זיי ליידען געביך אזוי פיעל צרות. צום אומגליק, האבען די יודען זייערע האפנונגען ניט בעהאלטען און די שונאים, בעזאנדערס די דאזיגע וואס האבען זיך שוין לאנג געמיהט אנצומאכען א פיינדשאפט צווישען קאניג און זיין מיניסטער, האבען זיך בענוצט דער מיט און האבען דון פעדרא פערשטעהן געגעבען אז די יודען האבען נאר א ווייטען קוק און אז זיי ווילען זייער בעפרייהונג אנהויבען טאקי פון קאסטיליען און אבבייסען די קרוין פון זיין קאפ אלליין. מען האט אויך דעם קאניג געזאגט אז דון שמואל הלוי איז זעהר רייך אז אין זיין פאלאץ געפינען זיך גאנצע אוצרות, וואס קאנען איהם צו נוטץ קומען ווען ער וועט וועלען איינפיהרען א יודישע מלוכה. צו האט זיך טאקי דון פעדרא דערשראקען פאר דער פאלשער מורא פון משיח׳ס צייטען, אדער ער האט פשוט געוואלט צונעהמען זיין מיניסטער׳ס געלד — איז שווער צו וויסען, נאר גאר פלוצלונג האט ער איהם געהייסען אריינווארפען אין תפיסה און צונעהמען זיין גאנץ פערמעגען, און אויסער דעם האט ער איהם געלאזט אנטהון ענוים קשים, ווייל ער האט איהם חושד געוועהן אז פיעל געלד און זילבער האט ער בעהאלטען. דון שמואל אל-לוי האט ניט געקאנט אויסשטעהן די אללע יסורים און איז ווי א קדוש געשטארבען. זיין טויט האט פון דעסטוועגען ניט ארויסגערופען קיין אונצופרידענהייט צווישען די יודען און דער מלוכה, און האט אויך ניט געפיהרט דערצו אז דער קאניג זאל אנדערן זיין מיינונג וועגען דעם יודישען פאלק. דון פעדרא האט נאך אלץ ביי זיך געהאט יודישע יועצים און האטש דער בעריהמטער דיכטער פון יענער צייט, דון פעדרא לאפעץ דע-איאלא, האט ניט אויפגעהערט צו שרייבען רעות אויף די יודען אז „זיי זויגען אויס דעם מארך ביי די קריסטען און פערבלאנדען זיי נאך די אויגען מיט זייערע חניפה", האבען זיינע ווארטער ביי איהם קיין ווערטה ניט געהאט. דאס האט נאך מעהר פערדראסען די שונאים, און אז דון פעדרא האט געהייסען פערניכטען די קאניגין בלאנקא האבען זיי ארויסגעלאזט א קול אז א יוד האט געבראכט דעם סם און האט עס געטהון פון נקמה דערפאר, וואס זי האט זיך פארגענומען די יודען ארויסטרייבען פון לאנד. די פערניכטונג פון דער קאניגין האט געגעבען דון פעדרא׳ס שטיף-ברודער, היינריך דע-טראסטאמארע, א מאגליכקייט ער זאל ווייטער געגען איהם ארויסשפרונגען און אצונד האט ער שוין

געקאנט רעכנען אויף דער הילף פונ'ם קאניג פון פראנקרייך און פון דעם פאפסט. וואס האט דון פעדרא'ן דערוויילע אריינגעווארפען אין חרם.

היינריך האט אויסגעטראכט און געשריען אז ניט נאר די געליעבטע פון זיין ברודער, מאריא דע פאדילא איז א יודיש קינד, נאר אז אפילו דון פעדרא אליין קומט פון דער מוטטער'ס זייט ארויס פון יודען. ער האט מאך אבער ניט אומזיסט געשריגען, ווייל די יודען האבען ערשט אין דער נויטה ארויסגעוויזען אז א טובה געדענקען זיי גוט און האבען דעם קאניג געשטיצט מיט זייער געלד און געשיצט מיט זייער בלוט, און חאטש היינריך האט געדונגען א גאנצע באנדע פון רוצחים און דער בעריהמטער גבור בערטראנד דו גועסקלין האט איהם געהאלפען, פון דעסטוועגען איז איהם זעהר שווער אנגעקומען אבצונעהמען דאס לאנד. צום אומגליק האט דון פעדרא, נאך דון שמואל הלוי'ס טויט, שוין ניט געהאט קיין רעכטען יועץ וואס זאל איהם ווייזען א וועג ווי ארום זיך אויסצודרעהען; די יודען האבען פאר איהם גענוג בלוט פערגאסען און האבען א לאנגע צייט זיך געהאלטען, נאר סוף כל סוף איז די הויפט שטאדט טאלעדא אריינגעפאלען צו היינריכ'ן אין די האנד אריין. די יודישע קהלה האט געמוזט פאר איהר עקשנות בעצאהלען שטראף א גאנצען מטמון געלד, און דון פעדרא איז געבליבען אין שיבילה. ער האט שוין גע־רעכענט גאר אין גאנצען צו אנטלויפען, נאר פלוצלונג איז איהם געקומען צו הילף פון ענגלאנד דער פרינץ פון וואלס, אדער ווי מען האט איהם דערמאלט גערופען דער שווארצער פרינץ, ווייל ער איז פון קאפ ביז פוס געגאנגען אנגעטהון אין אייזען, און גאר אין א קורצער צייט האט גאנץ שפאניען ווייטער בעגריסט דון פעדרא ווי א קאניג, און היינריך האט געמוזט אוועק. דאס גליק איז אבער געוועהן נאר אויף איין אויגענבליק: גאר גיך האט אויף איהם דער שווארצער פרינץ געווארפען איין אומ־חן און האט איהם געלאזט שטעהן אין מיטען, היינריך האט זיך דערווייל צוגערוקט מיט נאי חיל פון פראנקרייך און איז אריין קיין בורגאס. די איינוואהנער האבען איהם געעפענט די שטאדט, נאר די יודען האבען איהם ניט געוואלט אריינלאזען אין זייער גאס, ווייל זיי זענען געבליבען טריי דעם קאניג. אז עס האט אבער ניט געהאלפען און די יודען האבען זיך אויך געמוזט אונטערגעבען, האט זיי פון דעסטוועגען היינריך ערלויבט זיי זאלען בלייבען אין בורגאס, נאר ער האט אויף זיי ארויפגעלעגט א גרויסע געלד־שטראף. דערמאלט האבען זיך די קריסטען געפריוט און האבען גערעכענט אז זיי וועלען ביי היינריך'ן באלד פועל'ן ער זאל די יודען מעהר ניט

צוּלָאזֶען צוּ ַקיין שְׁטֶעלֶּען פוּן דֶער מְלוּכָה אוּנ ַקיינֶער פוּן זֵיי זָאל אֲפִילוּ נִיט טָארֶען דִיענֶען פַאר ַקיין לַייבּ-דָאקְטָאר; הֵיינְרִיךְ הָאט זֵיי אָבֶּער גֶעאֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר וִויל נִיט אוֹיפְטְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס ַקיין אֵיינְצִיגֶער קֶאנִיג פוּן ַקאסְטִילְיֶען הָאט עֶס נִיט גֶעטְהוּן, נָאר אַזוֹי פִיעל וֶועט עֶר זֵיי צוּ לִיעבּ טְהוּן וָואס עֶר אַלּלֵיין וֶועט בַּיי יוּדֶען ַקיין עֵצוֹת נִיט פְרֶעגֶען אוּנ וֶועט זֵיי נִיט גֶעבֶּען אַזַא מַאכְט וָואס זָאל קָאנֶען שָׁאדֶען דֶעם לַאנְד. אַזַא תְּשׁוּבָה הָאט הֵיינְרִיךְ גֶעמוּזְט גֶעבֶּען, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט צוּרֵייצֶען דִי יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען נָאךְ אַלְץ גֶעהַאלְטֶען מִיט דוֹן פֶּעדְרָא, אוּנ וָואס עֶר הָאט זֵיי זֶעהר גֶעוָואלְט אַרִיבֶּער שְׁלֶעפֶּען אוֹיף זַיין זַייט. דִי יוּדֶען הָאבֶּען אָבֶּער נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף הֵיינְרִיךְ'ס גוּטְסְקַייט אוּנ הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דוֹן פֶּעדְרָא, וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועהן שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ זֵיי אוּנ אַז עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּ פְרֶעמְדֶע הִילְף, פְרִיהֶר צוּם שְׁוַוארְצֶען פְּרִינְץ אוּנ דֶערְנָאךְ צוּם מַהֲמַדַנִישֶׁען קֶאנִיג פוּן גְרַאנַדַה, הָאט עֶר קוֹדֶם כָּל גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל גוּט בֶּעהַאנְדְלֶען דִי יוּדֶען. צוּם אוּמְגְלִיק, הָאט מֶען עֶס אִיהם צוּגֶעזָאגְט נָאר מִיט'ן מוֹיל אוּנ גֶעטְהוּן הָאט מֶען טַאקִי יוּדֶען צָרוֹת וִוי וַוייט מֶען הָאט נָאר גֶעקֶאנְט. אִין דֶער אֵייגֶענֶער צַייט וָואס טוֹיזֶענְדֶער יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין חַיִל פוּן דוֹן פֶּעדְרָא אוּנ הָאבֶּען מִיט גֶעטְרַיישַׁאפְט פֶערְגָאסֶען זֵייעֶר בְּלוּט אִינֵיינֶעם מִיט דִי גֶעדוּנְגֶענֶע עֶנְגְלֶאנְדֶער אוּנ מַחְמַדַנֶער, הָאט דֶער שְׁוַוארְצֶער פְּרִינְץ אַתֵּל גֶעמַאכְט פוּן גַאנְצֶע צְווֵיי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת פוּן וִוילַאדִיעָגָא אוּנ אַגוּאִילַאר אוּנ דֶער מַחְמַדַנִישֶׁער קֶאנִיג הָאט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט גֶעפַאנְגֶען דְרַיי הוּנְדֶערְט יוּדִישֶׁע מִשְׁפָּחוֹת פוּן יַאאֶין ַקיין גְרַאנַדַה. נָאךְ עֶרְגֶער הָאט זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועהן מִיט דִי יוּדֶען הֵיינְרִיךְ'ס מִיט הֶעלְפֶער דִי-גוּעֶסְקְלִין עֶר הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף זֵיי וִוי אוֹיף קְנֶעכְט וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעגֶען זֵייעֶר בַּעַל הַבַּיִת אוּנ הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַהֶיתֵּר זֵיי צוּ קוֹילֶען נָאר אָהְן אַ מִשְׁפָּט.

אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּדֶען גֶעפוּנֶען אִין אַ פַייעֶר אוֹיף בֵּיידֶע זַייטֶען אוּנ מֶעהר פוּן אַלֶּע הָאבֶּען גֶעלִיטֶען דִי יוּדֶען פוּן טָאלֶעדַא, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶע-הַאלְטֶען אַ לַאנְגֶע צַייט אוּנ הָאבֶּען הֵיינְרִיךְ'ן נִיט גֶעוָואלְט אַרַיינְלָאזֶען. אַז דִי לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנ דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעוָוארֶען גְרוֹיס, הָאבֶּען זֵיי גֶעגֶעסֶען לֶעדֶער אוּנ פַּארְמֶעט פוּן דִי סִפְרֵי תּוֹרוֹת אוּנ דָאס פְלֵיישׁ פוּן זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער אוּנ טוֹיזֶענְדֶער פוּן זֵיי זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען בִּיז הֵיינְרִיךְ הָאט אִין גַאנְצֶען נִיט גוֹבֵר גֶעוֶועהן זַיין בְּרוּדֶער, אִים יָאהר 1369 גֶעבֶּען מוֹנְטִיעֶל. דֶער סוֹף פוּן דוֹן פֶּעדְרָא אִיז גֶעוֶועהן שְׁרֶעקְלִיךְ: אַז בֵּיידֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען זִיךְ בֶּע-

געגענט, האט הײנריך געהאט די הַעֲזָה אויף איהם אָנצופאַלען מיט די װאָרטער: „װאוּ איז ערגיץ דאס יודעל, דער זוהן פון אַדיענסט-מויד, װאס רופט זיך קאניג פון קאסטיליען?“ דון פעדרא האט עס ניט געקאנט איבערטראַגען און האט אָנגעהויבען שלאָגען הײנריך'ן, נאר דו-גועסקלין איז באלד צוגעלאָפען און האט איהם אָבגעהאַקט דעם קאפ. אַז די בשורה פון זיין טויט איז אָנגעקומען צום פּאפּסט אורבאַן דעם פינפטען האט עס איהם שטארק געפרייט װאס מען האט געפּטר'ט אַזא געגנער פון דער קירכע און אַזא ליעבהאבער פון יודען און ער האט באלד געשיקט הײנריך'ן זיין ברכה צום טאג װאס ער האט אָנגעטהון די קרוין פון קאסטיליען.

װען די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו הײנריך'ן, זענען אין טולעדא געבליבען אין גאנצען עטליכע הונדערט יודען און זיי האבען זעהר געציטערט דער נייער קאניג זאל זיך מיט זיי ניט אָברעכענען פאר זייער געטריישאפט, װאס זיי האבען בעוויזען דון פעדרא. זייער מורא איז אָבער געװעהן נאר אומזיסט: הײנריך האט פערשטאנען אַז גראד דעמאלט, װען די מדינה איז געװעהן פערארעמט פון דער מלחמה און מען האט בעדארפט זוכען נייע מיטעל צו פערגראָסערן די הכנסה, װעט ער זיך אָהן יודען ניט קאנען בעגעהן. און דאריבער האט ער זיי דווקא בעהאנדעלט מיט יושר און האט אָפענטליך געזאגט אַז אויף אַזעלכע מענשען, װאס װארפען ניט אַװעק זייער קאניג ביז צו דער לעצטער מינוט, מאג מען זיך פערלאזען און זיי רעכנען פאר די עהרליכסטע און געטרייעסטע איינװאהנער. אַזוי האט זיך װייטער דאס ראדעל איבערגעדרעהט: דער איינענער הײנריך, װאס מען האט געמיינט אַז װען ער װעט בעקומען די מאכט װעט ער קיין זכר פון קיין יודען ניט לאזען, האט אויך אָנגעהויבען יודען געבען די בעסטע שטעללען און די גראסטע חשובים זענען ביי איהם געװעהן דון יוסף פּיגון און ר' שמואל אַבּרבּנאל. צו זיי האט ער געהאט אין גאנצען דאס צוטרויען און פלעגט ביי זיי פרעגען עצות.

הײנריך'ן איז אָבער לייכטער געװעהן זיך אויסצוגלייכען מיט די יודען װי מיט דעם פאלק, װאס האט ניט געקאנט פערגעסען װי פיעל בלוט עס איז פערגאסען געװאָרען אין דער מלחמה צװישען ביידע ברידער און האט גערעכענט אַז די יודען האבען אין דעם שולד, װייל װען ניט זיי װאלט די מלחמה אַזוי לאנג ניט געדויערט און עס װאלטען ניט געפאלען אַזוי פיעל קרבנות. דאריבער האבען די גרויסע לייט פון די קריסטען אָנגעהויבען פאדערן ביים קאניג ער זאל ביי די יודען צונעהמען פיעל רעכטע, ער זאל זיי ניט צו לאזען

צו קיין שום דיענסט בּיי דער קרוין, זיי זאלען מוזען זיצען אין בּעזונדערע גאסען ניט דארט וואו קריסטען וואהנען, אויף די קליידער זאלען זיי טראגען דעם שאנדליכען יודישען צייכען, בּייך אנטהון זיך זאלען זיי ניט טארען, אויף מויל־עזלען – ניט רייטען אונ מיט קיין קריכטליכע נאהמען זאלען זיי זיך ניט רופען, איז איהם שלעכט אויסגעפאלען פון בּיידע זייטען: מיט די יודען האט ער זעהר קיין חשק ניט געהאט צו זאטשעפּען אונ ער האט אבּער מורא געהאט אין גאנצען אבּזאגען די בּקשה פון די קריסטען; דערפאר איז ער געפאלען אויף א שׂכל אונ האט זיי צו ליעב געטהון נאר אויף צוויי זאכען – ער האט געהייסען די יודען זאלען טראגען א צייכען אויף די קליידער אונ זאלען זיך ניט רופען מיט קריסטליכע נאהמען. דאס זענען, דאכט זיך, געוועהן נאר קליינינקייטען וואס האבּען זיך נאר אנגעקעהרט צו דער הלבּשה אונ צו די נאהמען, די יודען זענען געבּליבּען אויף זייער פריהרינגען מעמד אונ קיינער האט זיי ניט געשטערט אין פרנסה, פון דעסטוועגען זענען זיי בּיי זיך שטארק אראבּגעפאלען, אונ עס האט זיך זיי אויסגעוויזען אז ערגער קאן גאר ניט זיין אונ אז אויך אויף זיי איז געפאלען דער גורל צו פערזוכען די איינענע צרות וואס זייערע איבּריגע בּרידער. ווייל זיי האבּען נוט געוואוסט אז קוים מאכט מען איין שריט געהט מען שוין ווייטער אונ ווייטער. אזוי איז טאקי אויך געשעהן מיט היינריך'ן: פלוצלונג האבּען זיך צו איהם שטארק צוגעלאזט די גייסטליכע, אונ געגען זיי האט ער ניט געקאנט בּעשטעהען, ווייל מיט זייער הילף איז ער ארויף אויפ'ן טהראן, אונ זיי האבּען איהם ארויפגעבּראכט דארויף, ער זאל ערלויבּען מען זאל מיט די יודען האבּען א אבּענטליכען וכוח וועגען רעליגיאן. אזוי האבּען צוויי געטויפטע יודען בּעקומען פונ'ם קאניג א ערלויבּניש ארומצופאהרען איבּער גאנץ קאסטיליען אונ אומעדום האבּען א וכוח מיט יודישע רבּנים אונ לומדים. אים יאהר 1375 האט מען אין אווילא געצוואונגען די גאנצע יודישע קהלה זי זאל זיך פערזאמלען אין א קירכע אונ איהר פארשטעהער, א דאקטאר ר' משה כהן דע טרדעסילס האט אויף זיך גענומען נעהמען די שווערע ארבּייט צו פארענטפערן פאר א גאנצען עולם פון קריסטען אונ מחמדנער די שאלות וואס דער געטויפטער יוד יאהאנעס פון וואלאדאליד האט איהם געפרעגט. שווער איז געוועהן די ארבּייט ניט איבּער די הארבּע קושיות וואס זענען פאר־געקומען, פארקעהרט, ר' משה כהן האט זיין געגנער בּאלד צושלאגען, אונ אז איין אנדער געטויפטער יוד האט זיך ארויסגעשטעלט אונ האט געוואלט אויס־ווייזען אז דער תלמוד איז שעדליך האט ער אויך גיך בּעוויזען דעם היפך; דאס

גאנצע שווערקייט איז בעשטאנען אין דעם וואס בײדע זייטען זענען ניט געוועהן גלייך: איין צד איז געוועהן גאר פריי, ער האט געמאגט רעדען וואס ער האט געוואלט אונ אפילו אויסטראכטען שקרים, דער אנדערער צד אבער האט זיך געמוזט היטען, ער האט ניט געטארט זאגען קיין איבריג ווארט, ווייל ער האט פריהער געוואוסט אז דער גאנצער וכוח איז מעהר ניט ווי א אנשטעל אונ מען וויל נאר אז סאי ווי סאי זאל ער אנבויגען דעם קאפ. ביי אזא לאגע האבען זיך די פאר יודישע לומדים, וועלכע האבען ביים אפענטליכען רעדען ניט געקאנט אין גאנצען ארויסזאגען זייערע מיינונגען, ענטשלאסען אנצושרייבען אויף לשון קודש בעזונדערע ספרים, כדי די יודען אליין זאלען פארשטעהן וואס צו ענטפערן אז מען וועט זיי עפעס פרעגען וועגען רעליגיאן. בעזאנדערס האט זיך אויסגע-צייכענט מיט זיינע וכוח-ספרים ר' שם טוב בן יצחק שפרוט פון טודעלא, וואס האט אין א גרויסער פערזאמלונג פון גייסטליכע א וכוח געהאט מיט'ן קארדינאל דון פעדרא די לונא, וואס איז שפעטער געווארען פאפסט אונ האט געהייסען בענעדיקט דער דרייצעהנטע.

אזעלכע ספרים, וואס זענען גרעסטענטהיילס געבויעט אויף פסוקים אונ זענען זעהר ווייט פון ריינער חקירה, האבען ניט געקאנט האבען עפיס ארעכטע פעולה אויף די שפאנישע יודען: די רבנים האבען מורא געהאט פאר חכמה ווי פאר סם, דאס לערנען פון תורה איז אללע מאל מעהר געפאלען אונ דאס פינס-טערניש האט זיך מיט יעדען טאג פערגרעסערט. נאר צוויי לומדים האבען אין יענער צייט געשפיעלט א ראללע: דאס זענען געוועהן ר' חסדאי קרשקש אונ ר' יצחק בן ששת, וועלכע האבען געלעבט אין אראגאניען, אונ אזוי ווי דארט איז די לאגע פון די יודען געוועהן בעסער איז זיי געראטהען פיעל צו טהון פאר זייערע ברידער אונ ניט דערלאזען אז דאס ליכט פון תורה, וואס האט שוין דעמאלט אין שפאניען קוים געצאנקט, זאל אין גאנצען פערלאשען ווערען. האטש יעדער פון זיי איז געגאנגען מיט איין אנדער דרך, איינער איז געוועהן א ליעבהאבער פון וויסענשאפט אונ דער אנדערער — א פייעריגער נעגנער, פון דעסטוועגען האט מען זיי געשאצט אפילו אין אנדערע אייראפעישע לאנדער אונ מען פלעגט זיך אפט ווענדען צו זיי מיט פראגען, וואס האבען געהאט א נגיעה צום לעבען פון כלל ישראל.

'חסדאי בן אברהם קרשקש איז געבארען געווארען אים יאהר 1840; פריהער האט ער א לאנגע צייט געוואהנט אין בארצעלונה אונ דערנאך איז ער געשטארבען אויפ'ן זיבעציגסטען יאהר. האטש ער איז געוועהן א גרויסער למדן,

הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען מִיט רַבָּנוּת אוּנ הָאט זִיךְ אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען. בֶּעזָאנְדֶערְס וַוייל עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען נָאהֶענְט צוּם קֶענִיג פוּן אַרָאגָאנְיֶען דוֹן זְשׁוּאַן דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוּנ אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶועהן אַ גַאנְצֶער בֶּן בַּיִת. ר׳ חִסְדָאִי הָאט זֶעהר לִיעב גֶעהַאט חָכְמָה אוּנ הָאט גֶעזוּכְט אַלֶע מִיטֶעל אוֹיסְצוּגְלַייכֶען חֲקִירָה מִיט תּוֹרָה, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט שָׁאדֶען צוּ אֶמֶת׳ע פְרוּמְקַייט. אַרוּם ר׳ חִסְדָאִי׳ן הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט פִיעל אָרֶעמֶע לַייט, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶועהן אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל צְדָקָה אוּנ אַז עֶר הָאט אוֹיף דֶער עֶלְטֶער דֶערְלֶעבְּט אַ טְרוֹיעֶרִיגֶע צַייט אוּנ דִי יוּדֶען פוּן שְׁפַּאנְיֶען אִיז שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן כְּלַל אוּנ הָאט בֶּענוּצְט זַיין גַאנְץ הַשְׁפָּעָה בַּיי דֶער מְלוּכָה אוּנ בַּיי אַלֶע גְרוֹיסֶע לַייט נָאר דַארוּף צוּ פֶערְלַייכְטֶערְן דִי צָרוֹת פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער.

שְׁטַארְק אֶהְנְלִיךְ אוֹיף ר׳ חִסְדָאִי׳ן מִיט׳ן גוּטֶען כַאַרַאקְטֶער, נָאר פּוּנְקְט דֶער הֵיפֶךְ אִין דִי מֵיינוּנְגֶען, אִיז גֶעוֶועהן ר׳ יִצְחָק בֶּן שֵׁשֶׁת בַּרְפַט, וָואס אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען אִים יָאהר 1336. אִין דֶער יוּגֶענְד הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט בַּיים זוּהן פוּן ר׳ שְׁלֹמֹה בֶּן אַדֶרֶת (רַשְׁבָּ״א), אוּנ הָאט פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעיַרְשֶׁ׳נְט אַ שִׂנְאָה צוּ וִויסֶענְשַׁאפְטֶען. עֶר אִיז נָאךְ גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער פוּנ׳ם רָא״שׁ אוּנ הָאט גֶעדְרוּנְגֶען אַז אַ עֶהְרְלִיכֶער יוּד דַארְף זִיךְ נָאר אָבְּגֶעבֶּען מִיט תּוֹרָה, אוּנ אֲפִילוּ אַז מֶען אִיז אַלְט מֶעהר פוּן דְרַייסִיג יָאהר טָאר מֶען זִיךְ קֵיין הֶיתֵּר נִיט מַאכֶען אוּנ זִיךְ נִיט אַרַיינְלָאזֶען אִין חֲקִירָה־סְפָרִים. אַזוֹי אִיז עֶר גֶעוֶועהן זֶעהר אַ וַוייכֶער מֶענְשׁ אוּנ הָאט לִיעב גֶעהַאט צוּ טְהוּן אַ טוֹבָה; נָאר דָארְט וואוּ עֶס פְלֶעגְט קוּמֶען צוּ זַאכֶען, וָואס עֶר הָאט זֵיי גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ חִלוּל הַשֵּׁם, אִיז עֶר גֶעוֶועהן זֵייעֶר שְׁטְרֶענְג, אֲפִילוּ אִיבֶּער אַ מִינְדֶסְטֶען מִנְהָג אָדֶער אַ טַייטְשׁ פוּן אַ פָּסוּק. אַז עֶס פְלֶעגְט זִיךְ אִיהם נָאר אוֹיסְוַוייזֶען אַז דִי אֱמוּנָה אִיז אַ סַכָּנָה, הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף יֶענֶעמְס כָּבוֹד אוּנ הָאט נִיט גֶערוּהט בִּיז מֶען הָאט אִיהם גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין אַז עֶר הָאט רֶעכְט. אִין זַיין צַייט הָאט דֶער אַלְטֶער רָב פוּן הוּעֶסְקַא אוּנ פַּאמְפֶּעלוּנַא, ר׳ חַיִים נַאלִיפַּא גֶעוָואלְט וֶוערֶען אַ מֵקִיל אִין אַ סַךְ עִנְיָנִים; עֶר הָאט חָלִילָה נִיט אָנְגֶערִירְט דִי יְסוֹדוֹת פוּן דֶער אֱמוּנָה, נָאר עֶר הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען אוֹיסְצוּבֶּעסֶערְן עֶטְלִיכֶע קְלֵיינִיגְקַייטֶען, כְּדֵי דֶעם עוֹלָם זָאל נִיט שְׁוֶוער זַיין אָבְּצוּהִיטֶען דֶעם עִיקָר אוּנ נִיט גֶעבֶּען קֵיין שְׁפַּיי אוֹיפ׳ן גַאנְצֶען, אַזוֹי וִוי עֶס טְהוּעֶן טַאקִי אָפְט דִי דָאזִיגֶע, וָואס הָאבֶּען אַלֵיין קֵיין שֵׂכֶל נִיט צוּ מַאכֶען אַ חִלוּק צְוִוישֶׁען רֶעכְטֶען אוּנ דֶעם אִיבְּרִיגֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז גֶעגֶען אִיהם ר׳ יִצְחָק אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען מִיט אַ שְׁרֶעק־

לִיכֶען כַּעַס אוּנ חָאטְשׁ ר׳ חַיִים נַאלִיפַּפַּא הָאט שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעהַאט פִּיעל אֶלְטֶערֶע תַּלְמִידִים פוּן ר׳ יִצְחָקְ׳ן, הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעמְט אוּנ הָאט אִיהם דֶערְוִויזֶען אַז עֶר קָאן מִיט דֶעם דֶרֶךְ אָנְמַאכֶען אַ גַאנְצֶע מַחֲלוֹקֶת. אַוַדַאי הָאט אִיהם דֶער אַלְטֶער רָב גֶעמוּזְט צוּ לִיעבּ טְהוּן אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִיל.

ווִי גְרוֹיס דִי נֶאהמֶען פוּן ר׳ חִסְדָאִי קְרֶשְׁקַשׁ אוּנ ר׳ יִצְחָק בֶּן שֵׁשֶׁת זֶענֶען שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעוֶועהן אוֹיף דֶער וֶועלְט — זֶעהט מֶען אַרוֹיס דֶערְפוּן וָואס אַז אִין פְרַאנְקְרַייךְ אִיז אַרוֹיס אַ קְרִיעג וֶועגֶען רַבָּנוּת אוּנ מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט אָנְקוּמֶען צוּ דִי גְדוֹלֵי הַדוֹר, אַז זֵיי זָאלֶען מַאכֶען עֶפִּיס אַ פְּשָׁרָה, אִיז בַּיי אַלֶע גֶעבְּלִיבֶּען מֶען זָאל גָאר פְרֶעגֶען דִי צְוֵויי אַרַאגָאנִישֶׁע לוֹמְדִים. דִי מַעֲשֶׂה אִיז גֶעוֶועהן אַזוֹי: פַאר׳ן פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַלֶע פְרַאנְצֶאזִישֶׁע יוּדֶען הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט ר׳ מְנַשֶּׁה דֶע־וֶועזוֹא, אוּנ לַאנְד רָב אִיז גֶעוֶועהן ר׳ מַתִּתְיָהוּ. נָאךְ זַייעֶר טוֹיט אָבֶּער אִיז גֶעוָוארֶען פָארְשְׁטֶעהֶער ר׳ מְנַשֶּׁה׳ס אַ זוּהן, ר׳ שְׁלֹמֹה דֶע־וֶועזוֹאַ אוּנ דָאס רַבָּנוּת אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּם אַלְטֶען רָב׳ס זוּהן ר׳ יוֹחָנָן, דֶער קֶאנִיג הָאט דַארוֹיף גֶעגֶעבֶּען זַיין הַסְכָּמָה. פִינְף יָאהר זֶענֶען אַזוֹי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, ר׳ יוֹחָנָן הָאט זַיין זַאךְ גֶעטְהוּן בִּשְׁלֵמוּת אוּנ דֶערְצוּ הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ גֶעאֶפֶענְט אַ גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה, פְלוּצְלוּנְג אִיז אָבֶּער אָנְגֶעקוּמֶען פוּן סַאוָואיֶען אֵיינֶער פוּן ר׳ מַתִּתְיָהוּ׳ס תַּלְמִידִים, ר׳ יְשַׁעְיָה אַסְטְרוּק בֶּן־אַבָּא מָרִי, אוּנ הָאט גֶעבְּרַאכְט אַ כְּתַב פוּנ׳ם דַייטְשֶׁען הוֹיפְּט־רָב, ר׳ מֵאִיר הַלֵּוִי פוּן וִויען, אַז נָאר עֶר הָאט דָאס רֶעכְט צוּ גֶעבֶּען אַ סְמִיכָה אוֹיף רַבָּנוּת, אוּנ וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ אָהן זַיין ווִילֶען אוֹיסְגֶעבֶּען פַאר אַ רָב מֶאג עֶר אִין חֵרֶם אַרַיינְגֶעלֶעגְט ווערען אוּנ אַלֶע חֲתוּנוֹת אוּנ גֶט׳ן וָואס גֶעשֶׁעהן דוּרְךְ אִיהם וֶוערֶען בָּטֵל וּמְבוּטָל. מִיט דֶער מַאכְט הָאט עֶר ר׳ יוֹחָנָן אָבְּגֶעזָאגְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין גַאנְץ פְרַאנְקְרַייךְ אַנִידֶערְצוּזֶעצֶען זַיינֶע רַבָּנִים, פוּן זַיינֶע קְרוֹבִים אוּנ נוּטֶע פְרַיינְד. דָאס הָאט פֶערְדְרָאסֶען דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע קְהִלּוֹת אוּנ אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט מִיט אַ קְלָאג צוּ ר׳ חִסְדָאִי קְרֶשְׁקַשׁ אוּנ ר׳ יִצְחָק בֶּן שֵׁשֶׁת. זֵיי הָאבֶּען גֶעפַּסְקְ׳ט אַז פְרֶעמְדֶע רַבָּנִים טָארֶען זִיךְ נִיט אַרַיינְמִישֶׁען אוּנ ר׳ יוֹחָנָן אִיז וַוייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען רָב, חָאטְשׁ לַאנְג הָאט דָאס רַבָּנוּת נִיט גֶעדוֹיעֶרְט, ווַייל נָאר גִיךְ הָאט זִיךְ דִי הַצְלָחָה אָבְּגֶעטְהוּן פוּן דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע יוּדֶען אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ פַאר זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען בִּיטֶערֶע טֶאג.

אוֹיךְ דִי וָואנְשָׁאל פוּן דִי שְׁפַּאנִישֶׁע יוּדֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְרוּהִיג בּוֹיגֶען פוּן אֵיין זַייט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער. דָאס גְלִיק, וָואס הָאט זֵיי הוּנְדֶערְטֶער יָאהרֶען טְרַיי גֶעדִינְט, הָאט זֵיי אָפְט מְשַׁנֶּה גֶעוֶועהן אוּנ אִין דֶער לוּפְט הָאט מֶען גֶעפִיהלְט עֶפִּיס אַ קִיהל ווִינְטֶעל. וָואס גֶעוִויטְהָט פֶּענְשֶׁען הָאבֶּען כָּאלְד

אַיינְגֶעזֶעהֶן אַז פְרִיהֶר אָדֶער שְׁפֶּעטֶער וֶועט דֶערְפוּן וֶוערֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְם־ווינְד אוּנ. עֶס וֶועט זַיי פוּן דֶער גֶעדִיכְטֶער חְמַארֶע אַרוֹיס אַ שְׁלַאנְג־רֶעגֶען. אַלֶע הָאבֶּען עֶס גֶעפִיהלְט, נִיכֶער פוּן אַלֶע הָאט עֶס אָנְגֶעשְׁרֶעקְט דֶער יוּדִישֶׁער אָרוּמְמַאנְן, וָואס אוֹיף אִיהם לִיעגְט אַיין עֶבִּיגֶער פַּחַד, אוּנ נָאךְ אֵיידֶער עֶס קוּמְט דִי צָרָה זֶעהט עֶר שׁוֹין פוּן וַייטֶענְס אוּנ וֵוייסְט אַז עֶר וֶועט מוּזֶען אוּנְטֶער־שְׁטֶעלֶען דִי פְּלֵייצֶעס צוּ חַאפֶּען קְלֶאפּ פַאר פְרֶעמְדֶע זִינְד; רוּהִיג הָאבֶּען זִיךְ נָאר גֶעלֶעבְּט דִי רַייכֶע מְיוּחָסִים, דִי בַּעֲלֵי גַאֲוָה׳נִיקֶעס, וָואס זֶענֶען כְּלוֹמֶר׳שְׁט גֶעוֶועהן דִי גְרֶעסְטֶע חֲשׁוּבִים בַּיי דִי קְרִיסְטֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעמֵיינְט, אַז דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז שׁוֹין זֵייעֶרֶע, אוּנ וָואס פוּן זֵיי הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אִין גַאנְצֶען דָאס אוּמְגְלִיק. מִיט זֵייעֶר גְרוֹיס לֶעבֶּען אוּנ גֶעלְד אוֹיסְבְּרֶענְגֶען, מִיט זֵייעֶרֶע טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער, מִיט זֵייעֶר רַייכֶע צִירוּנְג, מִיט זֵייעֶרֶע שֶׁאנֶע פֶערְד אוּנ קַארֶעטֶעס, הָאבֶּען זֵיי אוֹיפְגֶערִיסֶען דִי אוֹיגֶען פוּן דִי קְרִיסְטְלִיכֶע עֶדֶעלְלַייט; דִי קִנְאָה הָאט אוֹיסְגֶעאַרְבַּייט אַ שְׁטִילֶע שִׂנְאָה, וָואס אִיז נָאךְ גֶעפֶאהְרְלִיכֶער גֶעוֶועהן דֶערְמִיט, וָואס זִי אִיז גֶעוֶועהן בֶּעהַאלְטֶען, וָואס דֶער שׂוֹנֵא אִיז לְפָנִים גֶעוֶועהן מִיט׳ן יוּדִישֶׁען גְבִיר דֶער בֶּעסְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד אוּנ אִין הַארְצֶען הָאט עֶר אִיהם אוּנ זַיין גַאנְץ פָאלְק גֶעוָואלְט דֶערְטְרִינְקֶען אִין אַ לֶעפֶעל וַואסֶער. אוּמְזִיסְט הָאט דֶער מוּסָר־זָאגֶער פוּן יֶענֶער צַייט, ר׳ שְׁלֹמֹה אַלְעַמִי גֶעשְׁטְרָאפְט דֶעם עוֹלָם מִיט פַייעֶרִיגֶע וֶוערְטֶער: דִי וָואס הָאבֶּען עֶס בֶּעדַארְפְט הֶערֶען הָאבֶּען שׁוֹין גֶע־הַאט פֶערְשְׁטָאפְּטֶע אוֹיעֶרֶן אוּנ דֶער אֱמֶת הָאט שׁוֹין צוּ זֵיי זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט צוּ־שְׁלָאגֶען; זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט בֶּעסֶער זַיין פוּן זֵייעֶרֶע אֶלְטֶער־זֵיידֶעס, וָואס הָאבֶּען אַ מָאל, וֶוען דִי נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט, אוֹיךְ גֶעבְּרֶענְט אַ וֶועלְט אוּנ גֶעמֵיינְט אַז עֶבִּיג וֶועט אַזוֹי זַיין. בַּיי אַזֶעלְכֶע פֶערְדָארְבֶּענֶע מִדוֹת, הָאבֶּען דִי יוּדֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּענוּצֶען אוֹיף שְׁלֶעכְטֶס דִי מַאכְט, וָואס דִי מְלוּכָה הָאט זֵיי גֶעשֶׁענְקְט, אוּנ אַזוֹי וִוי אִין קַאסְטִילְיֶען, אַרַאגָאנְיֶען, וַואלֶענְסִיאַ אוּנ קַאטַאלָאנְיֶען הָאבֶּען דִי רַבָּנִים גֶעהַאט דָאס רֶעכְט אַרוֹיסְצוּגֶעבֶּען אַ מִשְׁפָּט אֲפִילוּ אוֹיף טוֹיט אוּנ נָאר בֶּעטֶען דַארוֹיף דִי חֲתִימָה פוּנ׳ם קֶענִיג, פְּלֶעגְט מֶען פָּשׁוּט טְהוּן רְצִיחוֹת אוּנ וִוי בַּאלְד עֶס הָאט זִיךְ נָאר גֶעפוּנֶען אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט זֵיי נִיט גֶעטוֹיגְט, הָאט מֶען אִיהם בַּאלְד גֶעבְּרַאכְט צוּם בֵּית דִין, מֶען הָאט נָאר מִיט אִיהם נִיט גֶעמַאכְט קַיין טַעֲנוֹת, נִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען פוּן זַיינְטְוֶועגֶען אֵיינֶע פוּן דִי „אַרְבַּע מִיתוֹת" אוּנ מִיט גֶעלְד הָאט מֶען אָבְּגֶעזוּכְט אַ וָועג צוּ בֶּעקוּמֶען דִי חֲתִימָה פוּנ׳ם קֶענִיג, וָואס פְּלֶעגְט הָאבֶּען צוּטְרוֹיעֶן צוּ דִי רַבָּנִים, אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גֶעחַתְמ׳ט יֶעדֶעס פַּאפִּיר, וָואס מֶען הָאט אִיהם צוּגֶעטְרָאגֶען.

אִיבֶּער אַזאַ מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לָאזֶען פִיהלֶען דִי אָפֶּענֶע אוּנ־צוּפְרִיעדֶענְהַייט פוּן דֶער מְלוּכָה אוּנ פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ, פִיעל יָאהרֶען שְׁפֶּעטֶער, גֶעעֶנְדִיגְט מִיט־דֶעם, וָואס מֶען הָאט דִי יוּדֶען לַחֲלוּטִין אַרוֹיס גֶעטְרִיבֶּען פוּן שְׁפַּאנְיֶען.

דִי רַבָּנִים אוּנ דִי גְבִירִים הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען אַ אוּם־חֵן אוֹיף יוֹסֵף פִּינוֹן פוּן סֶעווילַא אוּנ הָאטְשׁ עֶר אִיז גֶעוועֶהן זֶעהר בֶּעלִיעבְּט בַּיים קֶאנִיג פוּן קַאסְטִילְיֶען הֵיינְרִיךְ דֶעם צְוֵוייטֶען, הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעפִיהרְט אַזַא רְכִילוּת אַז מֶען הָאט אִיהם אַיינְגֶעזֶעצְט אִין תְּפִיסָה אוּנ מֶען הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אַ גְרוֹיסֶע גֶעלְד־שְׁטְרָאף. בַּאלְד הָאט זִיךְ אָבֶּער זַיין אוּמְשׁוּלְדִיגְקֵייט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אוּנ דֶערְפַאר אִיז עֶר בַּיים קֶאנִיג גֶעוָוארֶען נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶער חָשׁוּב אוּנ עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרוּם צוּ קוּקֶען אוֹיף דִי שְׁלֶעכְטֶע יוּדֶען, וָואס הָאבֶּען גֶערוֹדֵפְ'ט אֵיין אָרֶענְטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט. דָאס הָאט נָאךְ אָרְגֶער פֶערְדְרָאסֶען יוֹסֵף'ס שׂוֹנְאִים, אוּנ אַז דֶער אַלְטֶער קֶאנִיג אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִים יָאהר 1379 אוּנ זַיין זוּהן דוֹן זְשׁוּאַן דֶער עֶרְשְׁטֶע הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט קְרֶאנֶען אִין בּוּרְגָאס, הָאבֶּען זֵיי פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אַצוּנְד אִיז דִי בֶּעסְטֶע צַייט אוֹיסְצוּפִיהרֶען זֵייעֶר נְקָמָה. זֵיי הָאבֶּען יוֹסֵף פִּינוֹן אוּנְטֶער דִי אוֹיגֶען פֶערְמִשְׁפָּט וִוי אַ מוֹרֵד בְּמַלְכוּת, אוּנ אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז דֶער קֶאנִיג אִיז פֶערְטְרָאגֶען מִיט דֶער קְרֶאנוּנְג, זֶענֶען צוּ אִיהם עֶטְלִיכֶע בְּכָבוֹדֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען עֶר זָאל זֵיי עֶרְלוֹיבֶּען צוּ טֵייטְטֶען אַ שֶׁעדְלִיכֶען יוּדֶען וָואס דֶער בֵּית דִין הָאט גֶעפוּנֶען אַז עֶר פֶערְדִיענְט דֶעם טוֹיט. דֶער יוּנְגֶער קֶאנִיג הָאט נִיט אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט, קֵיין נָאהמֶען הָאט מֶען אִיהם נִיט גֶעזָאגְט אוּנ עֶר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען זַיין חֲתִימָה. קוֹים הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גֶעהַאט אִין דִי הַאנְד אַ בֶּעפֶעהל פוּנ'ם קֶאנִיג, הָאט זֵיי שׁוֹין דִי מְלוּכָה גֶעמוּזְט מִיט הֶעלְפֶען אוּנ נָאר אוּמְגֶערִיכְט אִיז מֶען אִין אַ פְּרִיה מָארְגֶען גֶעקוּמֶען אִין ר' יוֹסֵף'ס הוֹיז, וֶועלְכֶער הָאט פוּן קֵיין זַאךְ נִיט גֶעוואוּסְט, מֶען הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, מִיט אֵיין אוֹיסְרֶעד הָאט מֶען אִיהם אַרוֹיסְגֶענַארְט אוֹיף דֶער גַאס אוּנ דָארְט הָאט מֶען אִיהם דֶערְהַרְגֶ'עט. דֶער טוֹיט פוּן אַזַא גְרוֹיסֶען מֶענְשֶׁען, וָואס אִיז אַלֵיין גֶעוֶועהן אַ קָרוֹב לְמַלְכוּת, הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַ שְׁטַארְקֶען רַעַשׁ, אוּנ אַז דֶער קֶאנִיג אִיז גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען וִוי אַזוֹי מֶען הָאט בַּיי אִיהם אוֹיסְגֶענַארְט אַ חֲתִימָה אוּנ פּוּנְקְט אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער קְרֶאנוּנְג הָאט מֶען פֶערְגָאסֶען אוּמְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט פוּן אַ מֶענְשֶׁען, וָואס הָאט זַיין פָאטֶער אַזוֹי טְרַייא גֶעדִיענְט אוּנ אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר גֶעשֶׁעצְט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען, אִיז עֶר אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוֹיף אַלֶע יוּדֶען. עֶר הָאט בַּאלְד

צוּגֶענוּמֶען בַּיי דִי רַבָּנִים דָאס רֶעכְט צוּ מִשְׁפָּט'ן יוּדֶען דִינֵי נְפָשׁוֹת, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען טֵייטְטֶען דֶעם רָב וָואס הָאט אוּנטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען דֶעם מִשְׁפָּט, דִי יוּדֶען וָואס הָאבֶּען מְקַיֵים גֶעוֶועהן דֶעם פְּסַק אוּנ אֲפִילוּ דֶעם הוֹיפְּט־מַאנְן וָואס הָאט זֵיי גֶעהָאלְפֶען דֶערְצוּ אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ זַיין צוּ אִיז נִיט פָּארְגֶעקוּמֶען אַ פַאלְשְׁקַייט אוּנ מֶען הָאט דִי מְלוּכָה אָבְּגֶענַארְט. פוּן דֶעמָאלְט אָן זֶענֶען שׁוֹין דֶעם קֶענִיג'ס אוֹיעֶרְן אָפֶען גֶעוֶועהן פַאר אַללֶע מְסִירוֹת אוֹיף יוּדֶען אוּנ דִי קְרִיסְטְלִיכֶע אַנְוָואהנֶער פוּן שִׁיבִילַה הָאבֶּען נָאר אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט זֵיי זָאלֶען זִיךְ קֶאנֶען אָבְּרֶעכְנֶען מִיט דִי יוּדֶען פַאר'ן טוֹיט פוּן ר' יוֹסֵף פִּיגוֹן, וָואס אַללֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעקֶאנְט אוּנ לִיעבּ גֶעהַאט. פוּן יֶענֶער צַייט אָן הָאט אוֹיךְ דֶער קֶענִיג אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְקְלֵיינֶערְן דִי רֶעכְטֶע פוּן דִי יוּדֶען, אוּנ אוֹיסֶער דֶעם וָואס עֶר הָאט אָבְּגֶעזָאגְט פִּיעל יוּדֶען פוּן שְׁטֶעלֶען, הָאט עֶר נָאךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז יוּדֶען מִיט קְרִיסְטֶען זָאלֶען נִיט וָואהנֶען אִין אֵיין הוֹיז אוּנ אַז קְרִיסְטְלִיכֶע אַמֶען זָאלֶען נִיט מָארֶען זֵייגֶען קֵיין יוּדִישֶׁע קִינְדֶער.

דָאס מַזָל הָאט שׁוֹין אַזוֹי גֶעפִיהְרְט אַז דֶער קֶענִיג דוֹן זְשׁוּאַן הָאט גֶעמוּזְט וֶוערֶען אַ שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל, וַוייל צוּ לִיעבּ דִי יוּדִישֶׁע רַבָּנִים הָאט עֶר אָנְגֶעוָוארֶען דִי קְרוֹין פוּן פָּארְטוּגַאל. עֶס קוּמְט אֲפִילוּ פָאר אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ בַּיים גֶעדַאנְק אַז דָאס רַבָּנוּת הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אַ רָאללֶע אִין עִנְיָנִים פוּן מְלוּכָה, נָאר עֶס אִיז אָבֶּער פָּארְט אַזוֹי גֶעוֶועהן. גֶענוּמֶען הָאט זִיךְ עֶס דֶערְפוּן וָוייל דֶער קֶענִיג דוֹן זְשׁוּאַן הָאט צוּם צְוֵוייטֶען מָאל חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט דֶער פְּרִינְצֶעסִין בֶּ ע אַ טְ רִ י ץ, דֶער טָאכְטֶער פוּנ'ם פָּארְטוּגֶעזִישֶׁען קֶענִיג פֶ ע רְ נַ א נְ ד, אוּנ אַזוֹי וִוי פֶערְנַאנְד הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין קִינְדֶער זְכָרִים הָאט עֶר גֶעמַאכְט דֶעם אֵיידָעם פַאר זַיין יוֹרֵשׁ. אִין פָּארְטוּגַאל אִיז דִי יוּדֶען וָועהר גוּט גֶעוֶועהן, וַוייל דֶער קֶענִיג הָאט זֵיי גֶעלָאזְט לֶעבֶּען פְרַיי אוּנ זֶעלְבְּסְט שְׁטֶאנְדִיג, צוּ שַׁאפֶען אִיבֶּער אַללֶע הָאט מֶעהר נִיט גֶעהַאט נָאר אֵיין לַאנְד־רַב, וָואס פְלֶעגְט אַללֶע מִשְׁפָּטִים אַרוֹיסְגֶעבֶּען אִים נָאהמֶען פוּנ'ם מֶלֶךְ. אוּנְטֶער זַיין הַשְׁגָחָה זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען זִיבֶּען קְלֵיינֶערֶע רַבָּנִים, וָואס פְלֶעגֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז יֶעדֶע יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, וָואס הָאט גֶעהַאט אִיהר בֶּעזוּנְדֶערְן רָב, זָאל זִיךְ פִיהרֶען פַיין אוּנ אָרֶענְטְלִיךְ, אוּנ אַללֶע יָאהר פְּלֶעגְט דֶער לַאנְד־רָב מַאכֶען אַ נְסִיעָה אִיבֶּער דֶער מְדִינָה אוּנ בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם מַעֲמָד פוּן דִי יוּדֶען; בַּיים קֶענִיג פֶערְנַאנְד הָאבֶּען גֶעדִיעֶנְט צְוֵויי יוּדֶען: דוֹן דָוִד נֶגְרוֹ אִיז גֶעוֶועהן זַיין יוֹעֵץ אוּנ דוֹן יְהוּדָה אִיז גֶעוֶועהן פִינַאנְס־מִינִיסְטֶער, אַז דֶער קֶענִיג אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ זַיין אַלְמָנָה, דִי שְׁלַעכְטֶע לֶעאָנָארַא

האט דערווייל איבערגענומען די מלוכה האבען זיך איהר באלד פארגעשטעלט די גרעסטע לייט פון ליסאבאן אונ האבען זי געבעטען זי זאל מעהר ניט דערלאזען, אז יודען אונ סהמדנער זאלען דינען ביי דער קרוין. לעאנארא האט געאנטפערט אז זי האט שוין לאנג געוואלט ארויס פטר'ן די יודען, נאר ביי פערנאנד'ס לעבען האט זי עס ניט געקאנט פועל'ן. ביי זיך אין הארצען האט זי געוואוסט-אז אהן יודען וועט זי ניט קאנען אויסקומען, דערפאר האט זי נאר לפנים אבגעזאגט דון יהודה אונ דון דוד ניגרו פון זייערע שטעלען, אונ אויפ'ן רעכטען אמת האט זי אהן זיי נאר ניט געטהון. לאנג האלטען זיך האט זי אבער ניט געקאנט אונ אז איינער פון די פרינצען דון ושאאה האט געוואלט ווערען קאניג פון פארטוגאל אונ דאס פאלק האט געהאלטען מיט איהם אונ צו ליעב דעם איז געוואָרען א אינווענינסטער קריעג צווישען די אנוואהנער, האט זי געמוזט אוועק פון דער הויפט שטאדט אונ קומען צו איהר איידעם, צום קאניג פון קאסטיליען, אונ איהם קלאמערשט אבגעגעבען זיין ירושה. עס איז שוין ביי זיי ביידע כמעט אין גאנצען פערטיג געוואָרען דער פלאן מען זאל פון ביידע לאנדער מאכען איין שטארקע מלוכה, נאר פלוצלונג איז די זאך צו נישט געוואָרען איבער דאס רבנות. אז לעאנארא איז געקומען קיין קאסטיליען זענען מיט איהר אויך אהין געפאהרען איהרע געטרייע צוויי יודען דון יהודה אונ דון דוד נגרו. גראד אין דער צייט האט מען אין קאסטיליען בעדארפט מאכען א נייעם לאנד-רב, אונ לעאנארא האט זעהר געוואלט אז די שטעלע זאל בעקומען דון יהודה, וואס איהם האט זי מעהר ליעב געהאט. זי האט געבעטען דעם קאניג, נאר ער האט געמוזט צו ליעב טהון דער קאנינין בעאטריף, וואס האט מעהר געהאלטען פון דון דוד נגרו. דאס האט לעאנארא'ן שטארק פערדראסען אונ זי האט פון איין זייט אנגעהויבען טראכטען זי זאל בעסער שלום ווערען מיט דון ושאאה אונ פון דער אנדערער זייט האט זי געוואלט אנמאכען א מרידה אין קאסטיליען אונ' טיידטען דעם קאניג. דון יהודה האט איהר גע-געבען אללע עצות, נאר דון דוד נגרו איז דערפון געוואהר געוואָרען בא-צייטענס אונ האט דעם קאניג מציל געוועהן פון א סכנה. לעאנארא'ן האט מען איינגעזעצט אין תפיסה אונ דון יהודה'ן האט מען געוואלט הרגע'ן. נאר דון דוד האט זיך פארט אנגענומען פאר איהם אונ האט איהם אויסגעבעטען פונ'ם טויט. דער קאניג דון ושואן האט זיך נאך דעם געפריווט געהן מיט תקיפות אונ אבנעהמען פארטוגאל, נאר עס איז איהם ניט געראטהען אונ אזוי האט נר צו ליעב דעם רבנות פערלארען א רעכטע ירושה.

דִי קַאטָאלִישֶׁע גֵייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען דֶערְפִיהלְט אַז אַצוּנְד הָאבֶּען זֵיי אַ שָׁעָה הַכּשֵׁר אָנְצוּטְהוּן דִי יוּדֶען צָרוֹת אוּנ זֵיי זֶענֶען נִיט פוֹיל גֶעוֶועהן אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען זֵייעֶר אַכְזָרִיוּת, גְלַייךְ וִוי זֵיי וָואלְטֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף ווִילְדֶע חַיוֹת אוּנ נִיט אוֹיף מֶענְשֶׁען. אִים יָאהר 1389 הָאט אַ גֵייסְטְלִיכֶער אָנְגֶערֵייצְט דִי אַנְוָואהנֶער פוּן פְּרָאג אוּנ גָאר אִין אַ קוּרְצֶער צַייט הָאט מֶען אוֹיסְגֶעהַרְג'ט עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד יוּדֶען, פַארְבְּרֶענְט זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען, צוּרִיסֶען סִפְרֵי־תּוֹרוֹת אוּנ דֶער קֵייזֶער וֶוענְצֶעל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פוּן וַוייטֶען אוּנ הָאט גָאר נִיט גֶעקָאנְט הֶעלְפֶען. שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ פָּאר יָאהר הָאט דָאס אֵייגֶענֶע גֶעטְהוּן אִין סֶעבִילַא פֶערְרַאן מַארְטִינֶעץ, אַ גֵייסְטְלִיכֶער, וָואס זַיין נָאהמֶען שְׁפִּיעלְט אַ גְרוֹיסֶע רָאללֶע אִין דִי שְׁוַוארְצֶע בְּלֶעטְלֶעךְ פוּן דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע אִין שְׁפַּאנְיֶען. דָארְט אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן פְּרִישׁ דֶער טוֹיט פוּן ר' יוֹסֵף פִּיכוֹן, מֶען הָאט נָאךְ גֶעדֶענְקְט ווִי דִי יוּדֶען הָאבֶּען פֶערְפָּרֶעמְט דָאס לַאנְד דֶערְמִיט, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעשִׁיצְט דוֹן פֶּעדְרָא אוּנ דוּרְךְ דֶעם הָאט לֶאנְגֶער גֶעדוֹיעֶרְט דִי מִלְחָמָה צְווִישֶׁען בֵּיידֶע בְּרִידֶער, עֶס אִיז נָאךְ גֶעלֶעגֶען בַּיי אַלֶע אִין טַעַם דָאס גְרוֹיסְקַייט פוּן דִי יוּדִישֶׁע גְבִירִים, אוּנ דֶער פַּאר הָאט מַארְטִינֶעץ גֶעהַאט גֶענוּג מַאטֶערְיַאל אוּנְטֶערְצוּצִינְדֶען דֶעם עוֹלָם מִיט זַיינֶע דְרָשׁוֹת אוּנ הָאט אַזוֹי לַאנְג גֶעאַרְבַּייט בִּיז דָאס פָאלְק אִיז, דֶעם 15 מֶערְץ 1391 אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִי יוּדֶען מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע רְצִיחָה. דִי מְלוּכָה הָאט זִיךְ אָבֶּער אָנְגֶענוּמֶען אוּנ דָאס הָאט נָאךְ מֶעהר אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִי אוּנְצוּפְרִידֶענֶע אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁחִיטָה. דֶערְמָאלְט זֶענֶען בַּאלְד עֶטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע תּוֹשָׁבִים אַוֶועקְגֶעלָאפֶען צוּם קֶענִיג הֵיינְרִיךְ דֶעם דְרִיטֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהם פַארְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען אַז דִי פָּאלִיצְיֶע פוּן סֶעווִילַא אִיז צוּ שְׁוַואךְ אוּנ קָאן זִיךְ נִיט אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען גֶעגֶען דִי רוֹצְחִים. דֶער קֶענִיג הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז עֶס אִיז אַ חוֹב אוֹיף אַלֶע עֶדֶעלְלַייט צוּ בֶּעשִׁיצֶען דִי יוּדֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִיל. דָאס שְׁטִילְקַייט אִיז אָבֶּער נָאר גֶעוֶועהן אוֹיף אַ קוּרְצֶער צַייט: מַארְטִינֶעץ הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט אַרַיינְצוּלָאזֶען גִיפְט צְווִישֶׁען פָאלְק אוּנ פּוּנְקְט אִין דְרַיי חֳדָשִׁים אַרוּם הָאט זִיךְ דָאס פַייעֶר אַזוֹי צוּבְּרֶענְט אִין סֶעווִילֶע אַז עֶס אִיז שׁוֹין גָאר קֵיין מֶעגְלִיכְקַייט נִיט גֶעוֶועהן אָבְּצוּלֶעשֶׁען. מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער סֶעווִילַא'ר יוּדִישֶׁער קְהִלָּה וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען כִּמְעַט פוּן דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד יוּדֶען, פִיער טוֹיזֶענְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען וֶוען מֶען הָאט דִי יוּדִישֶׁע גַאס אָנְגֶעצוּנְדֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען, פִיעל וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער הָאט מֶען פֶערְקוֹיפְט אוּנ אַוֶועקְגֶעפִיהרְט אִין דִי וַוייטֶע לֶענְדֶער פַאר שְׁקְלַאוֶוען, דִי אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעטוֹיפְט אוּנ צְווַיי שׁוּלֶען פוּן סֶעווִילַא הָאט מֶען אִיבֶּערְגֶעמַאכְט פַאר

קירכען, פון דארט האט זיך דאס אומגליק צונאסען איבער גאנץ שפאניען אונ כמעט אין איין יאהר איז פון זיבציג קהלות קיין זכר ניט געבליבען. אין קארדאבה, וואו די יודען האבען ניט געוואלט אבטרעטען פון דער אמונה אונ קיין איינציגער האט זיך ניט ענטשלאסען איבערגעהן צום קריסטענטהום, האט זיך יודיש בלוט געגאסען ווי וואסער; דאס איינענע איז אויך געשעהן אין טולעדא, חאטש דארט האבען זיך פיעל געראטעוועט דורך דער טויפע. אין טולעדא איז אויך אומגעקומען דעם רא"ש'ס אאור-ענייקעל, ר' יהודה בן אשר, מיט זיין גאנצער משפחה; ער האט פריהער דערהרג'ט זיין פרוי מיט דער שווינער אונ דער נאך האט ער זיך אליין דאס לעבען גענומען. אז די קריסטען האבען זיך שוין צוהיצט, האבען זיי געוואלט מיט די מחמדנער אויך אזוי שאהן אונ עהרליך אברעכענען, נאר מען האט זיי דערמאנט אז אין גרנאדה געפינען זיך גענוג קריסטען אין ד. האנד פון די מחמדנער אונ מען טאר מיט זיי ניט אנהויבען; דערפאר האבען זיי שוין דעם גאנצען כעס אויסגעלאזט נאר צו די יודען.

חאטש קאסטיליען אונ אראגאניען זענען געוועהן אבגעטהיילט ווי צוויי בעזונדערע מלוכות, האט די קראפט פון שנאה אונ רציחה ניט געוואלט וויסען פון קיין גרעניץ אונ נאר ניך האבען זיך אין דער הויפטשטאדט וואלענסיא אויך אבגעזוכט בעלנים אויף יודיש לעבען אונ פערמעגען, אונ פון די פינף טויזענד יודען, וואס האבען דארט געוואהנט, איז קיין איינציגער ניט געבליבען אונ פון זייער גאנץ האב האט מען קיין פאדעם ניט איבערגעלאזט. פון וואַרט האט זיך דאס פייער אריבערגעהאפט אויף דעם אינזעל מאלארקא אונ מעהר פון דריי הונדערט יודען זענען געפאלען אין דער הויפטשטאדט פאלמא. אנגעהויבען האט זיך עס דארט פון אגעשלאג, וואס עס איז פארגעקומען צווישען איודען אונ עטליכע נאסען-יונגלעך, אונ אויסגעלאזט האט זיך עס מיט אשרעקליכער שחיטה אונ מען האט אויך דערהרג'ט דעם רב ר' אפרים גרונדי עין ווידל. שפעטער מיט דריי טאג פונקט אום שבת וועו עס איז גראד געפאלען אויך אקריסטליכער יום טוב, איז דאס פאלק אנגעפאלען אויך אויף די יודען פון ברצלונה, נאר די מלוכה האט זיי פארטגעשיצט אונ האט זיי בעהאלטען אין אפעסטונג. אז די רוצחים האבען אבער אנגעצונדען די פעסטונג, האבען פיעל פון זיי אליין זיך דאס לעבען גענומען אונ עלף טויזענד זענען געצוואונגען געוועהן איבערצוגעהן צום קריסטענטהום. דערמאלט איז אויך אומגעקומען דער בן יחיד פון ר' חסדאי קרשקש, וואס האט

גֶעוָאלְט דִי צַייט חֲתוּנָה הָאבֶּען. אַזוֹי אִיז אוֹיךְ גֶעוָוארֶען אַ סוֹף פוּן דִי יוּדִישֶׁע קְהִלּוֹת אִין לֶערִידַא אוּנ גֶערוֹנַא, פִיעל הָאט מֶען גֶעהַרְג'ט, אַ סַךְ הָאבֶּען זִיךְ גֶעטוֹיפְט, אוּנ נָאר וֶוענִיגֶע אִיז גֶערָאטְהֶען זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען אוּנ דֶערְנָאךְ אַנְטְלוֹיפֶען, חָאטְשׁ קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ עֶר קָאן רוּהִיג אֵיין קָאפּ אַנִידֶערְלֶעגֶען. גַאנְץ שְׁפַּאנְיֶען אִיז פוּל גֶעוֶועהן מִיט ווִילְדֶע צוּרֵייצְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען אָהן רַחֲמָנוּת גֶעקוֹילֶעט אוּנ גֶערַאבֶּעוֶועט, אוּנ דִי יוּדֶען זֶענֶען בַּיי זִיךְ אַזוֹי אַרָאבְּגֶעפַאלֶען אַז דִי אֵייגֶענֶע הֶעלְדֶען, וָואס הָאבֶּען, דַאכְט זִיךְ, עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג זִיךְ אַרֵיינְגֶעמִישְׁט אִין אַללֶע ווִיכְטִיגֶע שַׁאֲלוֹת פוּן דֶער מְלוּכָה אוּנ הָאבֶּען מִיט דֶער שְׁוֶוערְד אִין דֶער הַאנְד גֶעקָאנְט שִׁיצֶען אַ קֶאנִיג, הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען פַאר'ן רוֹישׁ פוּן אַ בְּלֶעטֶעל אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶעבְּלָאנְקֶעט מִיט מוֹרָא, ווִי אַ חַיָה, וָואס מֶען יָאגְט זִיא נָאךְ אוּנ זִי ווַייסְט נִיט פוּן ווֶועלְכֶער זַייט עֶס קָאן זִי טְרֶעפֶען אַ קוֹיל.

נָאר אִין אֵיין פָּארְטוּגַאל זֶענֶען דִי יוּדֶען אָבְּגֶעהִיט גֶעוֶועהן פוּן אַזֶעלְכֶע צָרוֹת, ווַייל דֶער קֶאנִיג דוֹן זְשָׁאֲעָה דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעוֶועהן זֶעהר בֶּעלִיעבְּט בַּיים פָאלְק אוּנ קֵיינֶעם אִיז גָאר דָארְט אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה נִיט גֶעקוּמֶען צוּ טְהוּן אַזֵיינֶע זַאכֶען, וָואס זָאלֶען זַיין גֶעגֶען ווִילֶען פוּן דֶער מְלוּכָה. דִי גַייסְטְלִיכֶע הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ דָארְט אוֹיךְ גֶעוָאלְט פְּרִיוֶוען מַאכֶען עֶפֶּעס אֵיין אוּמְגְלִיק, אוּנ אַ בִּיסֶעל הָאבֶּען זֵיי טַאקִי רֶעכְט גֶעהַאט: ווַייל פִיעל פוּן דִי דָאזִיגֶע יוּדֶען, וָואס זֶענֶען אִין שְׁפַּאנְיֶען גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוֶועהן לְפָנִים וֶוערֶען קְרִיסְטֶען זֶענֶען אַרִיבֶּער קַיין פָּארְטוּגַאל אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אֶפֶענְטְלִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען. אַוַדַאי הָאבֶּען דִי גֵייסְטְלִיכֶע גֶעפָאדֶערְט מֶען זָאל אַזֶעלְכֶע יוּדֶען בֶּעשְׁטְרָאפֶען. נָאר דֶער לַאנְד־רַב ר׳ מֹשֶׁה דִי נַאוַוארְרַא הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם קֶאנִיג אוּנ הָאט אִיהם דֶערְוִויזֶען אַז גֶעזִינְדִיגְט הָאבֶּען נִיט דִי יוּדֶען וָואס מֶען הָאט זֵיי גֶענֵייטְה צוּ דֶער טוֹיפֶע אוּנ אַצוּנְד ווִילֶען זֵיי נִיט נַארֶען דִי וֶועלְט. נָאר דִי וָואס הָאבֶּען זֵיי גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ, ווַייל דִי פֶּאפְּסְטֶע קְלֶעמֶענְטִי דֶער זֶעכְסְטֶער אוּנ בָּאנִיפַאצִיוּס דֶער נַיינְטֶער הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג אָנְגֶעזָאגְט אַז מֶען טָאר דִי יוּדֶען מִיט גֶעוַואלְד נִיט טוֹיפֶען. דֶער קֶאנִיג הָאט גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל דִי גֶעטוֹיפְטֶע יוּדֶען לָאזֶען פְרַיי אִיבֶּערְגֶעהן צוּרִיק צוּם יוּדֶענְטְהוּם, אוּנ אַחוּץ דֶעם הָאט עֶר גֶעלָאזְט דִי בֶּעפֶעהלֶע פוּן דִי פֶּאפְּסְטֶע פֶערְאֶפֶענְטְלִיכֶען אִין אַללֶע שְׁטֶעדְט, כְּדֵי דָאס פָאלְק אַלֵיין זָאל אַרוֹיסְזֶעהן אַז דִי הֵיילִיגֶע פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן דֶעם קִירְכֶע ווִילֶען נִיט לֵיידֶען מֶען זָאל אִיהר בְּרֶענְגֶען אַזֶעלְכֶע קָרְבָּנוֹת. קוֹים אִיז מֶען אִין שְׁפַּאנְיֶען דֶערְפוּן גֶעוָואהר

גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זִיךְ אַללֶע גֶעטוֹיפְטֶע פוּן דָארְט גֶעלָאזְט קַיין פָּארְטוּגַאל.

אִין פְרַאנקְרַייךְ הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ דֶעמָאלְט דִי יוּדֶען נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְדְרֶעהֶען פוּן דֶער צָרָה, אוּנ אַז דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט וְוִי אַזוֹי מֶען הָאט בֶּעהַאנְדֶעלְט זֵיי אִין שְׁפַּאנְיֶען זֶענֶען זֵיי דָארְט אוֹיךְ נִיט זִיכֶער גֶעוֶועהן מִיט'ן לֶעבֶּען. צוּ וָואס זִיךְ צוּ צוּטְשֶׁעפֶּען — אִיז גֶעוֶועהן גֶענוּג סִבּוֹת, וַוייל דִי יוּדֶען הָאט מֶען אֵייגֶענְטְלִיךְ אַרַיינְגֶעלָאזְט קַיין פְרַאנקְרַייךְ נָאר אוֹיף אַ בֶּעשְׁטִימְטֶער צַייט, אַללֶע מָאל פְלֶעגֶען זֵיי זִיךְ אָבְּבֶּעטֶען אוֹיף וַוייטֶער, קַיין עֶרְד הָאבֶּען זֵיי, בַּיי אַזַא אוֹפֶן, נִיט גֶעקָאנְט קוֹיפֶען אוּנ זֵייעֶרֶע אַללֶע בֶּעדֶארְפֶנִישֶׁען הָאבֶּען זֵיי גֶעצוֹיגֶען פוּן פְּרָאצֶענְט. אַוַדַאי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ מִיט אַזַא פַּרְנָסָה נִיט גֶעקָאנְט קוֹנֶה אַהֲבָה זַיין, אוּנ דָאס פָאלְק הָאט נָאר נִיט גֶעוָואלְט פַארְשְׁטֶעהֶן אַז זֵיי הָאבֶּען קַיין אַנְדֶער בְּרֵירָה נִיט אוּנ הָאבֶּען אוֹיף זֵיי גֶעקוּקְט וְוִי אוֹיף הוּיטשִׁינְדֶער. דֶערְצוּ הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נָאךְ אַ מַעֲשֶׂה, וָואס אַ רַייכֶער יוּד דֶענִים מַאשָׁאל הָאט זִיךְ גֶעטוֹיפְט אוּנ אִיז בַּאלְד פֶערְשְׁווּנְדֶען גֶעוָוארֶען. דֶער עוֹלָם הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טוּמְלֶען אוֹיף דִי יוּדֶען אוּנ שְׁרַייעֶן אַז זֵיי הָאבֶּען אִיהם דֶערְהַרְגֶ'ט אָדֶער אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט עֶרְגִיץ אִין אַ וַוייט לַאנְד. מֶען הָאט גֶעמַאכְט אֵיין אֲסִיפָה פוּן גֵייסְטְלִיכֶע אוּנ מֶען הָאט עֶטְלִיכֶע יוּדֶען פֶערְמִשְׁפָּט צוּם טוֹיט, נָאר דֶער סֶענַאט הָאט זֵיי גֶעשֶׁענְקְט דָאס לֶעבֶּען אוּנ הָאט זֵיי נָאר גֶעהֵייסֶען הַאלְטֶען אִין תְּפִיסָה, בִּיז דֶער פֶערְשְׁווּנְדֶענֶער דֶענִים מַאשָׁאל וֶועט נִיט צוּרִיקְקוּמֶען. מִיט דֶעם מִשְׁפָּט זֶענֶען אָבֶּער דִי יוּדֶען נָאךְ נִיט אָבְּגֶעקוּמֶען: דִי שׂוֹנְאִים הָאבֶּען עֶרְשְׁט רֶעכְט גֶעאֶפֶּענְט דִי מַיילֶער אוּנ הָאבֶּען דֶעם קֶאנִיג קַארְל דֶעם זֶעכְסְטֶען אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דַארוֹיף, עֶר זָאל דֶעם 17 סֶעפְּטֶעמְבֶּער 1394 אוּנְטֶערְשְׁרַייבֶּען אַ בֶּעפֶעהל אַז דִי יוּדֶען מוּזֶען אִין גַאנְצֶען אַרוֹיס פוּן פְרַאנְקְרַייךְ, אוּנ אַזוֹי וְוִי דִי צַייט, וָואס זֵיי הָאבֶּען נָאךְ גֶעהַאט רֶעכְט דָארְט צוּ בְּלַייבֶּען, ז"ן נָאךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר זֵיי אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט אַ גַאנְץ צֶעטֶעל פוּן צֵוּנוֹת. פּוּנְקְט אוּם יוֹם כִּפּוּר, וֶוען דִי יוּדֶען זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִי שׁוּלֶען פֶערְטְמַאכְט פוּנ'ם תַּעֲנִית, הָאט מֶען זֵיי אִיבֶּער גֶעגֶעבֶּען דֶעם קֶאנִיגִ'ס בֶּעפֶעהל. אוּנ נַיינְצִיג יָאהר נָאךְ דֶעם עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיסְטְרַייבֶּען הָאבֶּען זֵיי וַוייטֶער גֶעמוּזְט אָנְהוֹיבֶּען וַואנְדֶערְן אוּנ זוּכֶען זִיךְ אַ נַייעֶ הֵיים. אִיבְּרִיגֶענְס הָאט זֵיי קַארְל דֶער זֶעכְּסְטֶער אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען מֶעהר יֹשֶׁר וְוִי פִילִיפּ דֶער פִיעְרְטֶער אַמָאל: עֶר הָאט זֵיי גֶעגֶעבֶּען גֶענוּג צַייט זֵיי זָאלֶען קֶאנֶען אַיינְמָאנֶען זֵייעֶרֶע חוֹבוֹת, אוּנ דִי מְלוּכָה הָאט אַלְלֵיין אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז קֵיינֶער זָאל בַּיי זֵיי נִיט צוּנֶעהמֶען זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען. בִּיז צוּם יָאהר הָאבֶּען דִי יוּדֶען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען פְרַאנְקְרַייךְ,

נאָר אַז זיי וָועגען זיין געוועהן פון יענער זייט וָועגען זיי ערשט געוואָרען תּושב'ער און פיעל פריצים האָבען ניט געוואָלט אַוועקלאָזען די יודען פון זייערע שטאָדט, און אפילו דער פּאַפּסט אין אַביניאָן האָט פערלאַנגט, אַז דאָרט זאָלען בלייבען עטליכע יודישע משפּחות. די פראַנצאָזישע יודען האָבען זיך צושפּרייט איבער דייטשלאַנד און איטאַליען און האָבען זיך בעזאָנדער בעזעצט אין די שטאָדט אַסטי, פאָסאַנאַ און מאָנקאַלוואָ, נאָר קיין רוה האָבען זיי אין ערגיץ ניט געפונען, ווייל אין גאַנץ אייראָפּאַ איז כמעט ניט געוועהן איין ווינקעל, וואו דאס פייער פון שׂנאה האָט ניט געברענט און וואו די יודען זאָלען ניט געוועהן צוזאַמענגערינגעלט מיט רוצחים. עס איז מקוים געוואָרען דאס נביאות פון עמוס, וואָס האָט פאָראויס געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט פאר די יודען, ווען זיי וועלען אַנטלויפען פאר אַ לייב און עס וועט זיי אַקעגע-נקומען אַ בער, זיי וועלען זיך וואָללען אָנשפּאַרען אויף אַ וואַנד און פון וואַנד וועט איהם אַ ביס טהון אַ שלאַנג". דאס אומגליק איז נאָך אָבער גרעסער געוועהן, וואָס די אַללע לייבען, בערען און שלאַנגען זענען געוועהן אייגענע; כמעט אַללע צרות, וואָס די יודען האָבען געמוזט אויסשטעהן אין דעם פינפ-צעהנטען יאָהר הונדערט, האָבען זיך גענומען פון מסירות, וואָס געטויפטע יודען האָבען געגעבען אויף זייערע געוועזענע ברידער, און עס האָט זיך אָנגעהויבען די אַלטע קראַנקהייט וואָס ישעיה הנביא האָט זיי נאָך בעקלאָגט מיט די ווערטער: „מהרסיך ומחריביך ממך יצאו". דיינע צושטערער און פערוויסטער קומען טאַקי פון דיר אַרויס!

